## י. נ. שטיינבערג




# מאַריאַ ספּירידאָנאָװאַ

## (איר לעבן און קאַמף)

ייִדיש: י. ראַפּאַפּאָרט

1. באַנד

צװײטע אויפלאגע


פאַרלאַג ח. בושאזא, װאַרשע, 1937

## I.

# דאָס ברויזנדע יאָר 1905

דעם 16־טן יאַנואַר 1906, צוויי אַזייגער בייטאָג, האָט דאָס נײַנצניאָריקע מיידל מאַריאַ ספּירידאַנאָווא מיט אַ רעוואָלווער־שאָס דערמאָרדעט דעם גענעראַל לוזשענאָווסקי אויף דער באַן־סטאַציע באָריסאָגלעבסק.

איין רגע איז דער עולם באַהערשט געווען פון אימה און שווייגן. — דאַן איז די שטילע, פון סטעפּעס אַרומגערינגלטע סטאַ־ציע, פאַרהילכט געוואָרן דורך אַ הוראַגאַן פון קולות. אַ שאַרפער מיידל־געשריי האָט דורכגעשניטן די לופט. אויפן געשריי האָבן זיך אָפּגערופן צענדליקער ברילנדיקע, וואָיענדיקע, שעלטנדיקע שטימען. אויף די פרידלעכע מענטשן האָבן זיך געוואָרפן קאָזאַקן מיט אויפגעהויבענע הענט. איינם קנויל צונויפגעפלאָכטענע קער־פּערס האָט זיך געקרימט אַ מיידל־גוף. די קאָזאַקישע נאַהייקעס האָבן זיך בלוטדורשטיק איינגעשניטן אין אים. עס הויבט זיך אָן מאַריאַ ספּירידאַנאָוואַס מאַרטירעריש לעבן.

* * *

פאַרוואָס האָט ספּירידאַנאָווא גענומען אין איר האַנט דעם טויט־ברענגענדיקן כּלי־זין? ווער איז געווען ספּירידאָנאָווא און ווער — גענעראַל לוזשענאָווסקי? פאַרוואָס איז לוזשענאָווסקיס נאָמען מיט שאַנדע פאַרזונקען אין פאַרגעסנהייט, בעת דער נאָמען ספּירידאָנאָווא שטראַלט נאָך עד־היום מיט נישט קיין פאַר־טונקלטן גלאַנץ?

כּדי צו ענטפערן אויף דיזאָזיקע פראַגן מוזן מיר וואַרפן אַ שנעלן בליק אויף רוסלאַנד אין אָנהויב פון יאָר 1906. ספּירידאַ־נאָוואַס לעבנס־געשיכטע איז אין יענעם יאָר אויף אייביק פאַר־קניפּט געוואָרן מיט רוסלאַנדס וועלט־געשיכטלעכן גורל. און אַט

די פֿאַרבונדנקייט צווישן מענטש און פֿאָלק איז זייט דאַן — אין משך פֿון 25 יאָר — אויף קיין איין רגע נישט איבערגעריסן געוואָרן. פּונקט ווי ספּירידאָנאָווא איז מיט איר גאַנצן לעבן, טראַכטן און לײַדן געוואָרן אַ טייל פֿון דער רוסישער שטורמיש - פֿאַר־אויסשטרעבנדיקער געשיכטע, אַזוי האָבן זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין איר פּערזענלעכן לעבנס־גורל די שטורעמס פֿון דער רוסישער און ממילא אויך פֿון דער מענטשהייטס־געשיכטע. די באַקאַנטשאַפֿט מיט ספּירידאָנאָוואַס ביאָגראַפֿיע איז אַזוי גוט ווי אַ וואַנדערונג איבער רוסלאַנדס היסטאָרישע וועגן.

* * *

אין 1906 האָט איבער רוסלאַנד געהערשט אַ קאַלטער ווינטער. אייזיקע ווינטן, וויסטע שניי־סטעפּעס, גרויזאַם־דורכדרינגנדע קעלט. אויך פּאָליטיש און גייסטיק איז דאָס געווען פֿאַרן פֿאָלק אַ פֿאַר־צווייפֿלטער ווינטער, אויף די אַקסלען פֿון די צעקלאַפּטע מאַסן האָט דער צאַריזם, וואָס האָט פֿאַרשפּילט דעם קריג מיט יאַפּאַן, אָקאָרשט געהאַט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג איבערן פֿאָלק.

ווי שטאַרק עס האָט זיך געביטן דאָס בילד פֿונם לאַנד אין משך פֿון איין יאָר! 1905! — דאָס ווילד - צעברויזטע יאָר פֿון געוואַלטיקע האָפֿנונגען און ראָמאַנטישע טרוימען! עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע, אַלע וועלן זיי מקוים. און פֿאַרוואָס דען נישט? דער צאַריזם איז פֿאַרפּלאָנטערט געווען אין פֿאַטאַלן קריג מיט יאַ־פּאַן. מיט אַ יאָר צוריק איז ער אַרוים אין קאַמף מיט גלאָקנקלאַנג און הייליקע בילדער, צו צעקלאַפּן די „געלע יאַפּאַנער״. צום סוף איז ער באַלד אַליין צעשמעטערט געוואָרן אין שלאַכט. די קריגס־כראָניק האָט בסדר געמאָלדן דעם אויסגעשעפּטן פֿאָלק אַ מפּלה נאָך אַ מפּלה. דער קריג האָט געהאַט צוויי היסטאָריש - וויכטיקע רעזולטאַטן: יאַפּאַן האָט מיט איין קלאַפּ אַרײַנמאַרשירט אין דער ריי פֿון די גרויס־מאַכטן און רוסלאַנדס געהייליקטע אויטאָקראַטיע האָט באַקומען אַ טויט־קלאַפּ. דעם אימפּעריאַליסטישן אָדלער איז נישט געלונגען צו באַלעבן זיינע ווערלקנדיקע פֿליגל דורך נייעם קריגס־רום. איצט האָט ער געהאַט איין דאגה: אַרויסשלעפּן זיינע פֿליגל פֿון זומפּ פֿון דער בלוטיקער מפּלה. אָבער דאָס רוסישע מיליאָנען - פֿאָלק האָט באַקומען מוט צו קעמפֿן פֿאַר זיינע אייגענע

רעכט. איבערן גיגאנטישן לאנד האָבן זיך בריט און אומבאַזיג־באַר פאנאנדערגעגאָסן די קעמפנדע כוואַליעס פון אַלע קלאסן, אַלע שטאַנדן, אַלע פעלקער. פארפאָלגט פון די פוריען פון אומגליק־לעכן קריג, פנים אל פנים מיטן פאָלק, דעם געאייניקטן אין קאמף, — ווי אַזוי וועט דער צאַריזם קאָנען איבערלעבן דאָס יאָר 1905?

„געאייניקט אין קאמף” — איז א גוזמא. דאָס יאָר 1905 האָט זיך, אייגנטלעך, אָנגעהויבן גאַנץ אַנדערש. געווים, רוסלאַנד האָט שוין דאַן פארמאָגט זיינע גוט־אָרגאַניזירטע, מיט העראָאישן גייסט דורכגעגליטע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, וואָס האָבן זייט א האַלבן יאָרהונדערט כסדר אונטערגעגראָבן דעם רעזשים. אָבער די געוואַלטיקע מאַסן פון האָרעפּאַשנעם פאָלק האָבן נאָך שווייגנ־דיק געטראָגן דעם יאָך. די אָנגריפס־מאַכט פון די נייע אידייען איז נאָך אַלץ אויפגעהאַלטן געוואָרן דורך דער מאַכט פון די טראַ־דיציעס: קירכלעכע, ווירטשאַפטלעכע, פּאָליטישע. אַזוי אַרום איז מעגלעך געווען, אַז דעם 9־טן יאַנואַר 1905 זאָל זיך ציען איבער די פעטערבורגער גאַסן א טראַגישער טריאומף־צוג פון אַרבעטער, אונטער דער פירונג פונם פּאָפּ גאַפּאָן, צום צאַר.

מיט קירכנפענער און קייזער־פּאָרטרעטן, אונטערן געזאַנג פון קייזערלעכן הימן, באַגלייט פון פרויען און קינדער, האָט דאָס פּראָלעטאַרישע פאָלק מאַרשירט מיט א בעטל - פּראָצעסיע צום צאַר. אין יענעם זונטאָגטיקן פרימאָרגן האָבן זיך געזאַמלט הונ־דערט־טויזנטער מענטשן אין א פייערלעך - רעליגיעזער, קאָנצענ־טרירט־פרידלעכער שטימונג. אויף אומצאָליקע זאַמלפּלעצער, הויך איבערן ים פון יראת־הכבודיק האָרכנדע קעפּ, האָבן צום פאָלק גערעדט אומבאַקאַנטע, אומגעלערנטע רעדנער: „מיר וועלן דעם צאַר דערקלערן: פאָטערל, העלף אונז, דיינע קינדער. דו ווייסט נישט ווי מען שלאָגט און פייניקט אונז, ווי מיר הונגערן, ווי אומ־ווייסנד מיר זענען — ווי דאָס פי.” אויף אַנדערע פּלעצער האָבן באַיאָרנטע אַרבעטער אויפגעפאָדערט דאָס פאָלק: „איר ווייסט, ווהין מיר גייען, מיר גייען צום צאַר נאָך גערעכטיקייט. איז ער אונזער צאַר, האָט ער ליב דאָס פאָלק, — מוז ער אונז אויסהערן.

מיר האָבן אים געשיקט אַ בריוו דורכן מיניסטער; זאָל ער אַרויס־קומען צו אונז 2 אַ זייגער אויפן פּאַלאַץ־פּלאַץ. מיר וועלן אים איבערגעבן אונזער פּעטיציע. מיר גייען צו אים מיט אָפענע נשמות. עס קאָן נישט זיין, ער זאָל אונז נישט אויפנעמען, ער זאָל הייסן שיסן אויף אונז". אַ פּאַרכטיק ציטערן האָט אַרומגעכאַפּט די מאַסן; מען האָט זיך געגרייט צו אַ געמיינזאַמען טויט. אַ מיידל, וואָס איז געשטאַנען נעבן דעם רעדנער, האָט דערקלערט איר חברטע אין גרעסטער צערודערטקייט: „גיי, זאָג מיין מוטער, אַז איך גיי מיט. ס'איז מיר אַלץ איינס, אויב מען וועט מיך הרגענען. וואָס הייסט? איינע וועט מען טויטן, און די אַנדערע וועלן דערפון אַ נוץ האָבן? אַלע, אַלע מוזן מיטגיין."

וואָס איז געווען דער אינהאַלט פון יענער מיסטעריעזער פּעטיציע, וועלכע די מאַסן האָבן געטראָגן צום צאַר מיט גליענדער ליידנשאַפטלעכקייט? אין דער פּעטיציע איז געשטאַנען: „צאַר! מיר, אַרבעטער און איינוווינער פון פּעטערבורג, אונזערע פרויען, קינדער און היפלאָזע זקנים, קומען צו דיר, כּדי צו זוכן גערעכטיקייט און שוץ. מיר זענען אָרעם, אונטערדריקט, באַלאָדן מיט אומדערטרעגלעכער אַרבעט. מיר ווערן באַהאַנדלט ווי שקלאַפן, נישט ווי מענטשן. צאַר, עס איז איבער אונזערע כּוחות!.. האָבן מיר געוואָרפן די אַרבעט און דערקלערט אונזערע הערן: מיר וועלן פריער נישט צוטרעטן צו דער אַרבעט, ביז זיי וועלן נישט דערפילן אונזערע פאָדערונגען... די הערשאַפט פון די באַאַמטע האָט אונזער לאַנד דערפירט צום ראַנד פון חורבן, האָט אַרויפגעלייגט אויף אונז די משא פון שענדלעכן קריג. צאַר, איז דען דאָס אַלץ אין הסכּם מיט די געטלעכע געזעצן, דורך וועמעס גנאָד דו רעגירסט? דאָ, פאַר די ווענט פון דיין פּאַלאַץ, זוכן מיר די סאַמע לעצטע רעטונג. זאָג נישט אָפּ אין הילף דיין פאָלק, העלף אים אַראָפּצוואַרפן דעם אומדערטרעגלעכן יאָך פון די באַאַמטע. באַפויל, מען זאָל תיכּף צונויפרופן די פאָרשטייער פון אַלע קלאַסן, אַלע שטאַנדן, אויך פון די אַרבעטער!" נאָכן אויסרעכענען די פאָדערונגען צו דער מלוכה און צו דער אינדוסטריע האָט זיך די־דאָזיקע מערקווירדיקע פּעטיציע פאַרענדיקט מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „מיר האָבן מער נישט קיין איין אָרט, ווו מיר זאָלן זיך

קענען װענדן. מיר האָבן בלױז צװײ װעגן: אָדער צו פֿרײַהײט און גליק אָדער — אין טױט אַרײַן.״

מיט אַ טאָג פֿריער, װען דער פּאָפּ גאַפּאָן האָט מיט לײדנשאַפֿטלעכע רעדעס אױפֿגעפֿאָדערט די מאַסן צו דערדאָזיקער פּראָצעסיע, האָט ער זײ צוגעגרײט צו דער מעגלעכער מפּלה. נישט אײן רעדע האָט ער געשלאָסן מיט די װערטער: װער װײס, אפֿשר װעט דער צאַר זיך אָפּזאָגן אױפֿצונעמען און אױסצוהערן זײַן פֿאָלק — „אָבער דאַן האָבן מיר מער נישט קײן צאַר!״ — „דאַן האָבן מיר מער נישט קײן צאַר!״ האָט אָפּגעקלונגען דער װידערקול פֿון די מאַסן.

מיטן הײליקן גלױבן אין האַרצן זענען הונדערט טױזנטער אַרױס אין די גאַסן. אומעטום, אין אַלע עקן שטאָט, האָבן זײ אָנגעטראָפֿן מיליטער אין פֿולער קריגס־באַװאָפֿנונג. די מאַסן זענען צעשאָסן געװאָרן פֿון דער נאָענט. עס האָבן געקראַכט טױטנדיקע זאַלפֿן, די קאַװאַלעריע האָט בלוטיק צעשניטן די קאָמפּאַקטע מענטשן־מאַסן, צעהאַקט מיט די שװערדן, צעטרעטן מיט די פֿערדישע פּאָדקעװעס, נאָכגעיאָגט די אַנטלױפֿנדע. דער פּאַלאַץ־פּלאַץ — אַקאָרשט נאָך אַ װוּנדערבאַרער מאַגנעטישער צוציאָנגספּונקט פֿון גלױבן — איז פֿאַרפֿלײצט מיט בלוט. דער זונטאָגדיקער רײנער שנײ איז פּורפּור־רױט.

אין אײן מאָמענט האָט זיך געענדערט די שטימונג פֿון די צאָרנענדע, יאָמערנדע, װײנענדע מאַסן. אַ מײדל, טױטלעך־פֿאַרװוּנדעט, װערט אױפֿגעהױבן דורך אַרבעטער־הענט, זײ טראָגן זי פֿאַראױסן פֿאָלק און צענדליקער שטימען פֿליסטערן צו איר: „חברטע! שטאַרב רואיק, מיר װעלן נקמה נעמען פֿאַר דיר! פֿאַר יעדן טראָפּן פֿון דײַן בלוט װעלן מיר הונדערטפֿאַך אָפּצאָלן!״ הונדערטער מענטשן זענען געבליבן ליגן אױפֿן ברוק. אָבער טױזנטער אַרבעטער האָבן זיך אין יענעם אָװנט אומגעקערט אַהײם מיט געענדערטע הערצער און מוחות. „מיר האָבן נישט מער קײן צאַר!״ — דאָס איז געװען דער היסטאָרישער געװינס פֿון דאָזיקן טאָג אינם באַװוּסטזײַן פֿון פֿאָלק. אױף די בלוט־פֿאַרפֿלײצטע גאַסן פֿון פּעטערבורג זענען געבליבן ליגן נישט נאָר קערפּער פֿון מענטשן און שטיקלעך פֿון הײליקע בילדער: עס זענען דאָרט אױך געלעגן

די חורבות פון דער טויזנט־יאָריקער מאָנאַרכיע. דאָס פאָלק איז געוואָרן זעעוודיק. פון „הייליקן גלויבן" איז עס איבערגעגאַנגען צו „הייליקער נקמה" אין קאַמף.

* * *

מיט אומגעהויערער קראַפט האָט דער פאָלקס־אָ־גאַניזם רעאַגירט אויף דער בלוט־באָד אין דער צאַרן־שטאָט. אין הונדערטער שטעט האָבן די בירגער — אַרבעטער און סטודענטן אין דער ערשטער ריי — געגעבן אַ שטורמישן אויסדרוק זייער עמפּערונג. די רעוואָלוציע האָט אָנגעהויבן איר מאַרש. די פאַרשידנאַרטיקייט פון אירע אויסדרוק־פאָרמען איז געווען אויסערגעוויינלעך. אָן אויפהער זענען פאָרגעקומען איינער נאָכן צווייטן שטרייקן, מיטינגען, דעמאָנסטראַציעס מיט רויטע פענער און מרידה־לידער, באַוואָפנטע צוזאַמענשטויסן, אינדיווידועלע טעראָר־אַקטן. אַ ים אומלעגאַלע שריפטן און רעדעס האָט זיך אויסגעגאָסן איבערן אויפוואַכנדן פאָלק. אין דאָזיקן קאַמף זענען שטאַרק געוואָרן און געוואַקסן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען: די סאָציאַל־דעמאָקראַטן (מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס), די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן. יעדע שטאָט, יעדעס דאָרף, יעדע פּראָווינץ האָט אַריינגעבראַכט איר אייגענע פאַרב, איר אייגענעם טאָן אין דאָזיקן בונטאַרישן ברויזן פון אַ אוקינוס. די פּראָלעטאַריער פון באַקו, די פּויערים פון גרוזיע און צענטראַל־רוסלאַנד, די אַרבעטער פון וואַרשע און לאָדזש, די בירגער פון פינלאַנד, די לאַנדווירטשאַפטלעכע לוין־אַרבעטער פון ליפלאַנד, די האָרעפּאַשניקעס פון מאָסקווע, כאַרקאָוו, אָדעס האָבן — אַלע אויף זייער אופן — געשטרייקט, דעמאָנסטרירט, געבונטעוועט, געקעמפט, געליטן. דעם 20־טן יאַנואַר האָט די רעגירונג געשלאָסן אַלע הויכשולן אין פּעטערבורג, קיעוו, כאַרקאָוו, וואַרשע, קאַזאַן. אָבער דעם 7־טן פעברואַר האָבן די סטודענטן פון פּעטערבורגער אוניווערזיטעט באַשלאָסן איבערצורייסן דעם שטודיום ביז האַרבסט, „כּדי צו געבן דער סטודענטנשאַפט די מעגלעכקייט צו ווידמען איר גאַנצע ענערגיע דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף". און איבערן דאָזיקן אומגעהויערן בונט פון מיליאָנען, האָט פון איין עק לאַנד ביזן צווייטן געהילכט איין

איינציקער, עקשנותדיקער, אומבויגזאַמער קאַמפּרוף: „נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט!“

דעם 29־טן יאַנואַר האָט דער צאַר באַשטימט אַ קאָמיסיע פון סענאַטאָר שידלאָווסקי כּדי „תּיכּף פעסטצושטעלן די סיבות פון דער אומצופרידנהייט פון די פּעטערבורגער אַרבעטער און אויסצוגעפינען מיטלען אויף אָפּצושאַפן דיזאָזיקע סיבות“. אָבער דער ביוראָקראַטישער טריק האָט מער קיינעם נישט אָפּגענאַרט. די אַרבעטער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שיקן פאָרשטייער אין דער קאָמיסיע פון סענאַטאָר. שוין דעם 20־טן פעברואַר האָט מען זי געמוזט פאַנאַנדערלאָזן. דער רעזשים האָט זיך גענומען וואַקלען. פון איין זייט האָט ער געגעבן דעם אייזערנעם גענעראַל טרעפּאָוו דיקטאַטאָרישע פּאָליציי־פולמאַכטן, און פון דער צווייטער זייט איז אין קייזערלעכן הויף, אונטערן פאָרזיץ פון צאַר ניקאָלאַי גופא, פאָרגעקומען אַ באַראַטונג וועגן צונויפרופן אַ פאָלקס־פאַרטרעטונג. אויב אַזוי איז די שטים פון די מאַסן פון 9־טן יאַנואַר פאָרט דערהערט געוואָרן? ניין, די קייזערלעכע באַראַטונג האָט מסכּים געווען בלויז אויף אַ „געזעץ־באַראַטנדער“ דומע. דאָס האָט געהייסן: די גאַנצע רייד — פאַר די אונטערטאַנען, די גאַנצע מאַכט — פאַרן צאַר! די אַלערהעכסטע מתּנה איז קוויטירט געוואָרן מיט אַ פאַראַכטנדן פּראָטעסט. מיט איניקע וואָכן פריער האָט דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער קאַליאַעוו געטויט מיט אַ באָמבע אויפן מיטן גאַס אין מאָסקווע דעם מאָסקווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, דעם צאַרס פעטער, דעם גרויספירשט סערגיי. דער אַטענטאַט האָט אין די אויגן פון דער גאַנצער וועלט דערשיטערט דעם פּרעסטיזש פונם צאַרנהויז און פון דער אַלערהעכסטער, אומבאַרירלעכער ביוראָקראַטיע. קאַליאַעוו איז פאַרמשפּט און געהאָנגען געוואָרן, אָבער קאַליאַעווס נאָמען איז באַלד געוואָרן אַ סימבאָל פון דער רעוואָלוציע.

אין פעברואַר האָבן זיך אָנגעהויבן די פּויערים־אומרועןֿ, וואָס האָבן זיך געטראָגן מיט אַן עלעמענטאַרער קראַפט, ווי אַ לאַווינע, פון איין גובערניע אין דער צווייטער. אַ סך פּריצישע גיטער זענען אַוועק מיטן פייער, דער „רויטער האָן“ איז געשפּרונגען פון איין פּריצישן הויז צום צווייטן. איבער די גובערניעס

אַריאל, סאַראַטאָוו, קורסק, טשערניגאָוו, כאַרקאָוו, וואָראָניעזש, פּענזאַ, טאַמבאָוו און אַ סך אַנדערע שפּרייטן זיך אויס פּויערים־אויפשטאַנדן. נישט ווייניקער ווי 62 אויעזדן, 14 פּראָצענט פון רוסלאַנדס אַלע קרייזן, זענען אַרומגעכאַפּט געוואָרן דורך די פלאַמען פון אויפשטאַנד. מער ווי 60 טויזנט בקשות, אָנקלאַגעס, פאָדערונגען, אולטימאַטומס פון פויערים האָבן געשטראָמט אומאויפהערלעך צום אַלערהעכסטן נאָמען. לויטן באַפעל פון צאַר זענען אין אַפּריל געשאַפן געוואָרן ספּעציעלע קאָמיסיעס צו באַקעמפן די פויערים־אומרוען. ביים שיין פון די פויערישע שריפות האָבן זיך אָנגענומען מיט מוט אויך די ליבעראַלן, די דעמאָקראַטישע פּריצים און בירגער. אין מאָסקווע איז פאָרגעקומען אַ געהיימע פאַרזאַמלונג פון פאָרשטייער פון די זעמסטוואָ־זעלבסט־פאַרוואַלטונגען, כּדי צו אָרגאַניזירן דעם קאַמף פאַר אַ נייער מלוכה־אָרדנונג. אויך די מאַסן זענען אַלץ מער אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון דער לוסט צו אָרגאַניזירן זיך. אין אַפּריל איז דורך די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פאַרן קאָנספּיראַטיוון אַלרוסישן פאַרבאַנד פון די באַן־אַרבעטער, וועמען עס איז פאַרגעשטאַנען אַ גרויסע צוקונפט. אַ געהיימע קאָנפערענץ פון די פויערים פון מאָסקווער גובערניע — אונטער דער אָנפירונג פון די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן — האָט אין מאַי באַשלאָסן צו גרינדן אַ אַלרוסישן פויערים־פאַרבאַנד.

דער רעזשים האָט געזען מיט טויזנט שלאַנגען־בליקן, ווי די צעשטויבטע טיילכלעך פון געקנעכטעטן פאָלק שליסן זיך צונויף צו אַלץ האַרטערע און אַקטיווערע איינהייטן. דער רעזשים האָט געהאַלטן אין איין באַקומען קלעפּ אויפן יאַפּאַנישן קריגס־פראָנט; אין פעברואַר — דער צוזאַמענברוך פון קוראָפּאַטקינס אַרמיי ביי מוקדען, אין מאַי — דער צוזאַמענברוך פון רוסישן פלאָט ביי צוסימאַ. עס איז נויטיק געווען צו פירן וואָס זיגרייכער דעם קריג מיטן אייגענעם פאָלק. אויב דאָס צוקערלעקעכל פון אַ „געזעצבאַראַטנדיקער דומע" איז נישט גענוג געווען, וועט אפשר די בייטש אויסלערנען שכל. אַ פּאָגראָם אויף יידן אין זשיטאָמיר, אָרגאַניזירט דורך רעגירונגס־אַגענטן, אַרמעניער־פּאָגראָמען מיט דערויף־פאָלגנדיקע טאָטעריש־אַרמענישע שחיטות אין קאַוו־

קאַז, — דאָס האָט געדאַרפֿט געבן אַ פֿאָרגעשמאַק פֿון דער רעגירונגס נייע מאַכט־מיטלען. דער פּראָלעטאַרישער ערשטער מאַי איז אין יענעם יאָר געפֿייערט געוואָרן אין אַלע שטעט אַלס דורך דער רעוואָלוציע סאַנקציאָנירטער טאָג. אָבער פּאָליציי און זעלנער, קאָזאַקן און די „שוואַרצע מאה" זענען באַפֿאַלן די יום־טובֿדיקע מאַסן, האָבן געשלאָגן און געשאָסן אומעטום, אין וואַרשע און אָדעס, אין בריאַנסק און אין ביאַליסטאָק, אין מאָסקווע און אין באַלאַשאָוו, אין לאָדזש און אין איוואַנאָוואָ־וואָזנעסענסק, וווּ אַ צענוואָכנדיקער שטרייק — אָרגאַניזירט דורך די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, — איז פֿאַרענדיקט געוואָרן מיטן רוף: „ברויט אָדער בלייַ!"

דאָס ליבעראַלע בירגערטום, די ליבעראַלע אַריסטאָקראַטן און אינטעליגענטן, האָבן זיך באַמיט צו שאַפֿן אַ דאַמבע פֿאַרן דאָזיקן גרויזאַם־זיך־טראָגנדיקן שטראָם. זיי האָבן אויסגעפֿועלט, אַז דעם 6־טן יוני זאָל דער צאַר אויפֿנעמען אַ דעפּוטאַציע פֿון פֿאָרשטייער פֿון די שטעט און זעמסטוואָס. בראָש פֿון דער דעפּוטאַציע איז געשטאַנען און גערעדט דער הומאַניסטישער פֿילאָזאָף פֿירשט טרובעצקאָי; די ליבעראַלן זענען געגאַנגען צום צאַר מיט אַ אונטערטעניקער בקשה פּונקט אַזוי, ווי דאָס האָבן געפּרוווט טאָן דעם 9־טן יאַנואַר די פּעטערבורגער אַרבעטער. מער נישט, זיי האָט מען נישט צעשאָסן, מען האָט זיי געלאָזט אַריבערטרעטן די שוועל פֿון פּאַלאַץ. אין דער בקשה, וואָס זיי האָבן דערלאַנגט דעם צאַר, האָט מען געקאָנט לייענען פֿאָלגנדיקע ציטערדיקע ווערטער: „נאָכדעם ווי איר, מאַיעסטעט, האָט צוזאַמען מיט אייער גאַנצן פֿאָלק איינגעזען אַלע חסרונות פֿון פֿאַרהאַסטן און פֿאַטאַלן באַאַמטן־רעזשים, האָט איר אָנגעמערקט אַ גאַנצע רײ מיטלען אויף צו רעפֿאָרמירן אים. אָבער די דאָזיקע מיטלען זענען פֿאַרקריפּלט געוואָרן... מאַיעסטעט! כּל־זמן עס איז נאָך נישט שפּעט, גיט אַרויס אַ באַפֿעל, — כּדי צו ראַטעווען רוסלאַנד, — מען זאָל תּיכּף ומיד צונויפֿרופֿן די פֿאָלקס־פֿאַרטרעטער. לייגט נישט אָפּ, צאַר! אין דער שרעקלעכער שעה פֿון פֿאָלקס־אומגליק איז אייער אַחריות פֿאַר גאָט און רוסלאַנד געוואַלטיק!" דער צאַר ניקאָלאַי האָט געענטפֿערט לייטזעליק און רואיק: „צוזאַמען מיט אייך און

מיטן גאנצן פאָלק בין איך מיך מצער איבער דעם אומגליק פון קריג און די אינערלעכע אומרועז. וואַרפט אוועק אייערע ספקות: מיין ווילן, דער ווילן פון צאַר, צונויפצוזוקן די פאָרטרעטער פון פאָלק בלייבט אומדערשיטערלעך. און זאָל, ווי אין פריערע צייטן, הערשן אייניקייט צווישן דעם צאַר און רוסלאַנד. איך האָף, אַז איר וועט מיר העלפן ביי דערדאָזיקער אויפגאַבע.״

די דעפּוטאַציע איז אוועקגעגאַנגען מיט יראת־הכבוד. „מיר האָבן שוין איינמאָל אַ צאַר!״ — האָט פאַרביטערט דערקלערט דער פירשט טרובעצקאָי, ווען ער איז אַראָפּגעגאַנגען פון די פּרעכ־טיקע טרעפּ. די ליבעראַלע בירגער האָבן באַקומען דיזעלבע דער־קענטעניש, ווי די אַרבעטער דעם 9־טן יאַנואַר: מיר האָבן נישט מער קיין צאַר!

* * *

דעם צאַרס ווילן איז טאַקע באמת געבליבן „אומדערשיטער־לעך״. עס זענען נאָך נישט פאַרהילכט געוואָרן די טריט פון דער ליבעראַלער דעפּוטאַציע, און דער צאַר האָט שוין נאָמינירט דעם גענעראַל טרעפּאָוו אלס געהילף־מיניסטער מיט אויסעראָרדנט־לעכע פולמאַכטן. דיזאָזיקע פּאָליציי־דיקטאַטור האָט געהאַט אַר־בעט איבערן קאָפּ. די רעוואָלוציע האָט געפּליאַסטערט פאַר זיך אַלץ נייע און נייע וועגן. דעם 14־טן יוני האָט זי אַרומגעכאַפּט אַ גאַנץ נייע אַקטיווע מענטשנשיכט: דעם קייזערלעכן פלאָט. אויף דעם פּאַנצערשיף „פירשט פּאָטיאָמקין״ איז אויסגעבראָכן אַן אויפ־שטאַנד פון די מאַטראָזן. ווי אַזוי האָט מען אַרויסגעפירט אין קאַמף פאַר דעם צאַרס ערע גראָד די העלדישע מאַטראָזן־כּוחות! איצט האָבן זיי אַרונטערגענומען די צאַרישע סט.־אַנדרעי־פאָן און האָבן אויפגעהויבן אויף דעם „פּאָטיאָמקין״ די רויטע פאָן. די מורדישע מאַנשאַפט פון קריגס־שיף האָט אַריינגעשריגן אין לאַנד: „וועלן מיר דען אויך ווייטער בלייבן בלינדע תּלינים פון זיך גופא? וועלן מיר דען מיטן ערלעכן טויט נישט אַראָפּוואַרפן די קללה, וואָס ליגט אויף אונז, ווי אַ משׂא? מיר, מאַטראָזן פון „פּאָטיאָמ־קין״, האָבן באַשלאָסן אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם דאָזיקן שווערן יאָך פון זיין מערדער פון אייגענעם פאָלק. פון איצט אָן וועלן מיר נישט פאַרגיסן קיין איין טראָפּן אומשולדיק ברידער־בלוט!״

דיראַזיקע, נעכטן נאָך אומפּאַקאַנטע מאַטראָזן, האָבן זיך געפילט אַלס געוויילטע פאָרטרעטער פון זייער פאָלק, ווענדנדיק זיך מיט אַן אויפרוף „צו דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט". „מיר זענען נישט קיין מערדער פון אונזער פאָלק, נאָר זיינע פאַרטיידיקער. אונזער געמיינזאַמער לאָזונג איז: טויט אָדער פרייהייט פאַרן גאַנצן רוסישן פאָלק. מיר פאָדערן אומבאַדינגט אָפּצושטעלן די זינלאָזע בלוט־פאַרגיסונג אויף די ווייטע מאַנדזשורישע פעלדער. מיר פאָדערן צונויפצורופן די קאָנסטיטואַנטע. מיר זענען טיף איבערצייגט, אַז אונזער גרויסער קאַמף פאַר דער פרייהייט וועט אויפוועקן ביי אַלע ערלעכע און האָרעפּאַשנע בירגער פון אַלע לענדער און אַלע פעלקער אַ וואַרעם מיטגעפיל."

דעם „פּאָטיאָמקין" איז נישט באַשערט געווען קיין זיג. זיין דרייסטער אַרויסטריט איז נישט אונטערשטיצט געוואָרן דורך די אַנדערע קריגס־שיפן. צווישן די „פּאָטיאָמקין"־מאַטראָזן און די קאַמף־גרייטע אַרבעטער פון אָדעס איז געשטאַנען די נאָך נישט צעשטערטע רעגירונגס־וואַנט. אין אַ קוילן־זאַפּאַס, אָן פּראָוויאַנט, אַרבעטנדיק און קעמפנדיק אָן אויפהער, האָבן די מאַטראָזן אַרומ־געבלאָנדזשעט צוועלף טעג אויפן ים צווישן רוסלאַנד און רומעניע. זיי האָבן געמוזט קאַפּיטולירן אין פרעמדן רומעניע. אָבער רוסלאַנדס דאָזיקע ערשטע שווימענדיקע רעפּובליק, די דאָזיקע אונטער דער רויטער פאָן אַרומבלאָנדזשענדיקע פעסטונג, האָט דער רעוואָלוציע נעגעבן אַ מעכטיקן שטויס פאָראויס. אַרומגערינגלט מיטן יובל פון גאַנצן לאַנד, איז דער דאָזיקער „פליענדער רוס" געווען אַן אמתער סימבאָל פון פאָלק, וואָס הויבט אָן אויסצושטרעקן זיינע געפּענטע־טע גלידער: אומדערמידלעך, אַנטשלאָסן, און אין טיפסטן זין פון וואָרט — הומאַניטאַר.

די מפּלה פון „פּאָטיאָמקין" האָט נישט אָפּגעשטעלט די שטורם־באַוועגונג פון פאָלק. אין איר מאַיעסטעטישן ברויזן איז כמעט אינגאַנצן פאַרזונקען די שטימע פון דער אָפיציעלער מאַיעסטעט. זי האָט צוגעוואָרפן דעם פאָלק מתּנות, וואָס וואָלטן אין אַן אַנדער צייט געווען אַנטשיידנדיק; איצט זענען זיי פאַרזונקען אָן אַן אָפּ־קלאַנג אינעם שטורעם. דעם 6־טן אויגוסט איז פאַרעפנטלעכט גע־וואָרן דער פּראָדוקט פון לאַנגן און פחדנותדיקן אָפּוואַרטן: דאָס

געזעץ וועגן אַ „געזעץ־באַראַטנדיקער דומע", וועגן אַ פּאַרלאַמענט
מיט געבונדענע הענט און פיס. דעם 23־טן אויגוסט איז אין פּאָרטס־
מוט אונטערגעשריבן געוואָרן דער שלום־אָפּמאַך מיט יאַפּאַן. דער
שטערן פון געוועזענעם פינאַנץ־מיניסטער וויטטע, וועלכער האָט
געשלאָסן דעם ראַזיקן שלום, איז אויפגעגאַנגען אויפן הימל פון
דער מאָנאַרכיע. דער שטראָם פון דער רעוואָלוציע איז פאַרבייגע־
פלאָסן די דאָזיקע געשעענישן, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף זיי.
אין דער אָנוועזנהייט פון פאָרשטייער פון 22 גובערניעס איז ענד־
גילטיק געגרינדעט געוואָרן דער אַלרוסישער פויערים־פאַרבאַנד. זיין
פּראָגראַם? זי איז איינפאַך און גלייכצייטיק פאַרניכטנדיק. „די ערד
געהער צו קיינעם נישט." „די ערד געהער צו גאָט!" די ערד איז
ווי וואַסער און לופט—גאָטס מתנה!" „זי געהערט נאָר דעמיעניקן,
וועד עס באַאַרבעט זי מיט אייגענע הענט!" און די דאָזיקע פּשוטע
ווערטער ליגט דער טויט ־ אורטייל איבערן פּריוואַטום, איבערן
יונקערטום, איבערן צאַרנטום. אין צוועלף יאָר אַרום וועלן די דאָ־
זיקע ווערטער פירן די רעוואָלוציע צום זיג. אָבער שוין איצט, אין
1905, הענגען זיי איבערן רעזשים, ווי אַ דראָענדער שטורעם. די
כוואַליעס פון די שטרייקן הייבן זיך אַלץ העכער און העכער. דער
פאַרבאַנד פון די אייזנבאַנער נעמט אַרום אַלץ גרעסערע שיכטן
פון זיינע אַרבעטער; אין קורצן איז שוין דער רוסישער „אָפּגע־
שטאַנענער" פּראָלעטאַריאַט געאייניקט דורך די דאָזיקע אייזערנע
באַן־רעלסן. אין זיין פאַרלוירנקייט האָט דער רעזשים ערשט איצט
געגעבן די אוניווערזיטעטן אויטאָנאָמיע. די סטודענטן, וועלכע
האָבן געשוווירן איבערצורייסן זייער שטודיום ביז האַרבסט, הייבן
אָן ערשט רעכט צו קעמפן אין דאָזיקן האַרבסט. זייט דעם 16־טן
סעפּטעמבער עפענען זיי אומעטום ברייט די טויערן פון די הויכ־
שולן פאַרן פאָלק, כדי צו פאַרוואַנדלען זיי אין וואַרשטאַטן פון
פּאָליטישער דערציאונג. דורך די גאַסט־פריינטלעכע טויערן שטראָ־
מען טויזנטער, כדי אָט־אָ־דאָ צו פאַרענדיקן אין שנעלן טעמפּאָ
זייער זעלבסט־אָרגאַניזאַציע, — מיט דער הילף פון די סאָציאַליס־
טישע פּאַרטייען. מיט דעמזעלבן אייל־טעמפּאָ רייסן זיך צו אָרגאַ־
ניזאַציע די דעמאָקראַטיש ־ ראַדיקאַלע שיכטן פון די בירגער און
אינטעליגענטן. פון די טוצן איינצלנע פאַרבאַנדן וואַקסט אַרויס

דער „פאַרבאַנד פון די פאַרבאַנדן“. די אייליקייט איז פאַרשטענד־לעך: פון טאָג צו טאָג ווערט וווּלקאַנישער דער באָדן, אויף וועלכן רוסלאַנד שטייט. דאָס לאַנד איז אָנגעפילט מיט אויפריים־שטאָפן ביזן ראַנד. אַ צופעליקער פונק קאָן גענוג זיין, כּדי דאָס לאַנד זאָל אויפרייסן.

## II.

# דער צאַריזם אין קאַמף מ׳טן פאָלק

דער היסטאָרישער אויפריים איז געשען אין מאָסקווע. דעם 7־טן אָקטאָבער איז אויסגעבראָכן דער שטרייק פון די אייזנבאַן־אַרבעטער אויף דער ליניע מאָסקווע—קאַזאַן. ווי אַ פייער האָט זיך דער שטרייק איבערגעכאַפּט פון איין ליניע אויף דער צווייטער. דעם 10־טן זענען שוין געשטאַנען אַלע פּעטערבורגער באַנען. דעם 11־טן איז דאָ אויסגעבראָכן דער גענעראַל־שטרייק. אין קאַנצעלאַרישע קרייזן האָט זיך דער גענעראַל־שטרייק פאַרשפּרייט איבער אַלע פּראָווינצן, אויף אַלע אַרבעטס־געביטן, אויף אַלע לעבנס־ספערן. ס׳איז גענוג געווען אַ באַרירונג פון דער רעוואָלוציעס צויבערהאַנט, כּדי צו פּאַראַליזירן יעדע שאַפנדע שטעלע, אָפּצושטעלן יעדע פּלייסיקע אַרבעט. דעם 16־טן אָקטאָבער איז דאָס גאַנצע לאַנד אַרומגעכאַפּט געווען פון גענעראַל־שטרייק איז פאַרשטומט געוואָרן אין טיפסטער קאַמפס־געשפּאַנטקייט. עס האָט נישט פונקציאָנירט קיין איין פּאָסט, קיין איין טעלעגראַם איז נישט צוגעשטעלט געוואָרן. אין מייסטערהאַפטער דיסציפּלין זענען פאַרגליווערט געוואָרן די פאַבריקן, וואַרשטאַטן, קראָמען, בענק. באַן־אַרבעטער און פּאָסט־באַאַמטע, סטודענטן און שילער, דאָקטוירים און אַפּטייקער, זשורנאַליסטן און דרוקער־אַרבעטער, רעגירונגס־באַאַמטע און געמיינדע־פאַרשטייער, אַדוואָקאַטן און ריכטער, אינדוסטרי־אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, הויזדינער און דראָזשקאַזשעס — אַלע האָבן זיך באַטייליקט אין שטרייק. דאָס עלעקטרישע ליכט האָט נישט געברענט. די בענק האָבן אָפּגעשטעלט

זייערע אָפּעראַציעס. די בערזע־פּאַפּירן זענען נידעריס נעפאַלן. דורך אַ גראַנדיעזן אַקט פון אָפּשטעלן די אַרבעט האָט דאָס פאָלק געלײמט די מלוכה און די בירגערלעכע אָרדנונג. דורך דעם שטרייק פון די באַן־אַרבעטער איז די צאַרן־מלוכה פלוצלינג „צעבראָקלט“ געוואָרן, אָפּגעריסן פון צענטער, צעטיילט אויף זעלבשטענדיקע לעבעדיקע קערפּערס. אָן איינציקער לאָזונג האָט זיי אָבער אַלע ווידער פאַרבונדן צו אַ שטאַרקערער איינהייט; דער לאָזונג: „נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט!“ — אין יענע טעג, ווען די דעמאָנסטראַציעס האָבן אומעטום פאַרפלייצט די גאַסן, איז געבוירן געוואָרן דער ערשטער ראַט. פון אומפּאַרטייאישע פאָרשטייער פון די אַרבעטער פון גרויסע און קליינע באַטריבן, האָט זיך אויסגעבילדעט — אונטער דער פירונג פון די דריי סאָציאַליסטישע פאַרטייען — דער פּעטערבורגער „ראַט פון די אַרבעטער־דעפּוטאַטן“. געבאָרן פון די עלעמענטאַרע נויטווענדיקייטן פון קאַמף, וועט די דאָזיקע אינסטיטוציע אין אַ יאָרצענדליק אַרום ווערן דער צייכן פון אַ נייער וועלט־היסטאָרישער עפּאָכע.

פאַר די דאָזיקע געשעענישן איז דער צאַריזם געשטאַנען אַ פאַרלוירענער; ער האָט געמוזט קאַפּיטולירן. דעם 13־טן האָט נאָך גענעראַל טרעפּאָוו אַרויסגעגעבן זיין באַפעל קעגן פאָלק: „נישט שיסן מיט פּוסטע פּאַטראָנעס, נישט שפּאָרן קיין קוילן!“ אָבער שוין דעם 17־טן אָקטאָבער האָט אין דער שטילקייט פון גענעראַל - שטרייק געפּלאַצט דער מאַניפעסט פון צאַר. גראַף וויטטע, נאָמינירט אַלס פּרעמיער - מיניסטער, האָט אויסגעפועלט דעם מאַניפעסט, אין וועלכן עס זענען פייערלעך צוגעזאָגט געוואָרן וויטגייענדע פרייהייטן און אַ געזעצגעבערישע דומע. די אויטאָקראַטיע האָט אָנערקענט איר מפּלה. דאָס לאַנד האָט ווידער אויפגעוואַכט צום לעבן. די מאַסן האָבן זיך אומגעקערט צו זייער שטענדיקער אַרבעט. זיי האָבן געקאָנט אָפּאָטעמען אין באַוווסטזיין פון זיג.

יאָ, אָפּאָטעמען, — אָבער נישט אָפּגעבן זיך דעם בלינדן בטחון. ווייל באַלד, — שוין צומאָרגנס — האָט דער רעזשים אומגעדרייט צו זיי די בלוטיקע זייט פון זיין יאַנוס־קאָפּ.

בעת וויטע האָט פאַרעפנטלעכט דעם צאַרישן מאַניפעסט מיט די פּילדייטיקע ליבעראַלע ווערטער, האָט דער פּאָליציי־מיניסטער טרעפּאָוו הינטער זיין רוקן צוגעגרייט זייער איינזייטיקע יידן־פּאָגראָמען און פּאַטריאָטישע צאָרן־אויסברוכן פון די שוואַרצע מאות. די פּאָגראָמען זענען אויסגעבראָכן, ווי לויט א צייכן, אין 101 שטאָט. אַרויסגעפירט פון די פינסטערסטע פאַרברעכער־הײלן פון די שטעט, האָט דער ערב־רב דערפילט זיין אויפגאַבע אויפן בלוטיקסטן אופן. גאַנצע פינף טעג האָט געדויערט דער פּאָגראָם אין אָדעס, פיר טעג אין קיעוו, פינף טעג אין טאָמסק. אין אָדעס זענען דערמאָרדעט געוואָרן ביי טויזנט מענטשן, ביי 150 אין טאָמסק. נישט ווייניקער ווי 3000 הרוגים און 10 טויזנט פאַר־וווּנדעטע האָבן אָנגעצייכנט דעם וועג פון צאַרישן באַפרייאונגס־מאַניפעסט אין דער בלוטיקער וואָך פון 18־טן ביזן 24־טן אָקטאָבער. מאַניפעסטאַציעס פון די שוואַרצמאַהניקעס, באַפּוצט מיט פּאָרטרעטן פון צאַר און הייליקע בילדער, באַשיצט פון פּאָליציי און מיליטער, האָבן געמאָרדעט, פאַרקריפּלט, דערטרונקען, פאַר־ברענט אומצאָליקע אומשולדיקע מענטשן, וועלכע האָבן שוין גע־רעכנט, אַז זיי זענען פרייע בירגער. „איר האָט געוואָלט פרייהייט—האָט האָט איר זי!״ — האָבן די שאָדנפרײדיקע רעגירונגס־אָרגאַנען געגעבן אַלס ענטפער. דורכן לאַנד האָט זיך געטראָגן א געשריי פון שוידער און צאָרן. א פרייהייטס־מאַניפעסט, נאָס פון יידיש בלוט? די רעוואָלוציע האָט באַגריפן, אַז ביזן ענדגילטיקן זיג וועט זי נאָך מוזן דורכמאַכן ווייטערע און שווערערע קאַמפן.

דער אַרבעטער־ראַט פון פּעטערבורג האָט דער דאָזיקער אי־בערצייגונג געגעבן א באַרעדטן אויסדרוק. אין איניקע טעג נאָכן דערשיינען פון מאַניפעסט פון 17־טן אָקטאָבער, האָבן די „ידיעות פון פּעטערבורגער ראַט״ דערקלערט: „מען האָט אונז באַוויליקט א קאָנסטיטוציע, אָבער די זעלבסטהערשאַפט איז געבליבן. מען האָט אונז באַוויליקט א וויטטע, אָבער א טרעפּאָוו איז געבליבן. מען האָט אונז געגעבן אַלץ און — גאָרנישט. נישט דער פאַרברע־כערישער באַפעל „נישט שפּאָרן קיין קוילן!״ און נישט דער ליג־נערישער מאַניפעסט פון 17־טן אָקטאָבער זענען נישט בכוח צו ענדערן די טאַקטיק פון פּראָלעטאַריאַט. דאָס, וואָס עס קאָן נישט

דערגרייכן דער שטרייק, וועט דעראָבערט ווערן דורכן באוואָפנטן אויפשטאַנד!" עס האָט זיך אָנגעהויבן דער דראַמאַטישער דועל צווישן דער רעגירונג פון צאר און דעם פעטערבורגער ראַט, וואָס האָט זיך באַלד גענומען פילן אַלס נעבנרעגירונג. דער כאַראַקטער פון דער איינגעשטעלטער טאָפּל - הערשאַפט איז אפשר צום בעסטן געקומען צום אויסדרוק אין די אַדרעסן פון די אומצאָליקע טעלעגראַמעס, וואָס זענען אָנגעקומען קיין פעטערבורג פון אַלע עקן רוסלאַנד. דער דאָזיקער אַדרעס האָט בסדר אויסגעזען אַזוי: „פעטערבורג. ראַט פון אַרבעטער - דעפּוטאַטן. אַ קאָפּיע פאַרן פּרעמיער - מיניסטער וויטע, אַ קאָפּיע פאַרן קריגס-מיניסטער, יוסטיץ-מיניסטער, קאָמוניקאַציע - מיניסטער". דורך דירעקטער אַקציע האָט דער ראַט איינגעפירט אין אַלע פעטערבורגער אינדוסטרי - אונטערנעמונגען דעם אַכט-שעהדיקן אַרבעטס - טאָג. דאָס איז געווען דער ערשטער רעוואָלוציאָנערער אָנגריף אויף די סאָציאַלע פּריווילעגיעס פון קאַפּיטאַל. דעם 28-טן אָקטאָבער איז אונטערדריקט געוואָרן אין דער קראָנשטאַטער פעסטונג די מרידה פון די מאַטראָזן; די געפאַנגענע מורדים האָבן געזאָלט געשטעלט ווערן פאַר אַ קריגס-געריכט. אין גאַנץ פּוילן איז דערקלערט געוואָרן קריגס - צושטאַנד. אַלס פּראָטעסט קעגן די דאָזיקע ביידע געוואַלט - מיטלען, האָט דער ראַט פּראָקלאַמירט דעם גענעראַל-שטרייק. דער שטרייק, אין וועלכן עס איז באַזונדערס געקומען צום אויסדרוק די אַקטיוויטעט פון די פּאָסט- און טעלעגראַף-באַאַמטע, האָט געדויערט פון 2-טן ביזן 7-טן נאָוועמבער. דער ראַט האָט דורכגעפירט זיינע פאָדערונגען; די געפאַר פון דער תליה, וואָס האָט געשוועבט איבער קראָנשטאַט און פּוילן, איז דערווייל באַזייטיקט געוואָרן. דעם 26-טן איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין פלאָט פון שווארצן ים. דער נאַציאָנאַל - געשטימטער לייטענאַנט שמידט האָט זיך דערקלערט אַלס קאָמענדאַנט פון פלאָט און אויפן קרייסער „אָטשאַקאָוו" אויפגעהויבן די רויטע פאָן. אַזוי אַרום איז אָפּגעהיט געוואָרן די צוואה פון פאָנצערשיף „פּאָטיאָמקין". דאָס מאָל האָט די מרידה אַרומגעכאַפּט אויך די ליבעראַלע אָפיציר - קאַדרען. דער לייטענאַנט שמידט האָט אין טאָג פון אויפשטאַנד מיטגעטיילט דעם פאָלק: „היינט האָב איך אַרויס-

געשיקט צום צאַר פאָלגנדע דעפּעשע: היטנדיק הייליקע טרייהייט צום פאָלק, פאָדערט דער רומרייכער פלאָט פון שוואַרצן ים פון אייך, צאַר, די תּיכּפדיקע צונויפרופונג פון דער קאָנסטיטואַנטע און זאָגט זיך אָפּ צו פאָלגן אייערע מיניסטאָרן. — דער פלאָט־קאָמענדאַנט בירגער שמידט". — אויך דער דאָזיקער אויפשטאַנד איז בלוטיק אונטערדריקט געוואָרן; שמידט און אַ סך מאַטראָזן האָבן פאַר זייער מוט באַצאָלט מיט זייער קאָפּ. אָבער די מרידה־שע יווירונג אין דער אַרמיי און פלאָט איז נישט אויסגעלאָשן געוואָרן. אַלס ענטפער אויף די אָנפראַגעס פון אָן אַ צאָל זעלנער, וואָס מען דאַרף טאָן, — האָט דער ראַט פאַרעפנטלעכט אַן איינ־דייטיקן אויפרוף: „מיר, דער ראַט פון די אַרבעטער־דעפּוטאַטן, זאָגן אייך אין נאָמען פון אַלע פעטערבורגער פּראָלעטאַריער: גלייכע קייטן שמידן אונז צוזאַמען. נאָר די געאייניקטע באַמיאונגען פון פאָלק און אַרמיי וועלן די דאָזיקע קייטן צערייסן. דערצו איז נויטיק צו רייניקן דאָס לאַנד פון די צאַרישע תּפיסות און קריגס־געריכטן. ווער קאָן פאַרווירקלעכן די דאָזיקע גרויסע טאַט? נאָר דאָס אַרבעטער - פאָלק געמיינזאַם מיט דער ברידערלעכער אַרמיי!" דעם 2־טן דעצעמבער האָט דער ראַט פאַרעפנטלעכט (אין פאַרבינ־דונג מיט אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען) אין דער פּרעסע אַ „מאַניפעסט"; אין זיין פאָרנעם האָט ער געדאַרפט ווירקן ווי אַ צאַרישער מאַניפעסט. כּדי אַרויסצוציען ביים צאַריזם דעם פינאַנ־ציעלן באָדן פון אונטער די פיס, האָט ער זיך געווענדעט צו דער באַפעלקערונג מיטן רוף: אַרויסנעמען פון די שפּאָר־קאַסעס אַלע אָפּשפּאָרונגען און ביים באַקומען לוין פאָדערן דעם סכום אין גאָלד... דער פינאַנסיעלער באַנקראָט פון רעזשים זאָל אַזוי אַרום צואיילן זיין פּאָליטישן צוזאַמענבראָך. אָבער איצט איז דער כּמעט ווי פאַרצווייפלטער רעזשים געקומען צו זיך און זיך אָנגענומען מיט מוט. ביז איצט איז דער רעזשים געווען נישט אַזוי פיזיש געשלאָגן, ווי גייסטיק נידערגעשלאָגן. דער מעכטיקער צאַריזם, וואָס האָט זיך באַטראַכט אַלס אומבאַזיגבאַר, איז אין דאָזיקן יאָר באַ־זיגט געוואָרן אויפן שלאַכטפעלד און האָט אַליץ מער און מער פאַרלאָרן די מאַכט איבערן אייגענעם פאָלק. ער האָט פאַרלאָרן דעם גלויבן אין זיך, ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דער בלומרשטער

אַלמעכטיקייט פון דער רעוואָלוציע. ווען ער האָט אָבער דערהערט אויסקלינגען זיין צוועלפטע שעה, ווען ער האָט געניויער דערקענט און אויסגעמאָסטן די כּוחות פון דער רעוואָלוציע, ווען ער האָט אויפגעציילט דעם טריי - געבליבענעם חייל, — האָט ער זיך אַנט־שלאָסן איבערצוגיין צום אָנגריף. אַכט צייטונגען, וועלכע האָבן אָפּגעדרוקט דעם פינאַנס - מאַניפעסט, זענען באַשטראָפט געוואָרן. דעם 3־טן דעצעמבער איז דער פּעטערבורגער ראַט אַרעסטירט גע־וואָרן. דער צעשמעטערנדיקער קלאַפּ, וואָס איז דערוואַרט געוואָרן, אַלס רעאַקציע פון פאָלק, איז נישט געקומען. דער דריטער גענע־ראַל - שטרייק איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, ער איז שוין אָבער נישט געווען אַזוי גראַנדיעז ווי אין אָקטאָבער . דער לעצטער אויפרוף פון ראַט האָט אויפגעפאָדערט מיט פלאַמיקער לײדנשאַפט: „ביר־גער! פרייהייט אָדער שקלאַפעריי! שטייט אַלע אויף — אַרבעטער, פּויערים, אינטעליגענץ! לאָמיר אָפּשטעלן אין גאַנצן לאַנד די פּראָ־דוקציע, דעם האַנדל, דעם פאַרקער, און מיט געאייניקטער קראַפט פאַרניכטן די רעשטלעך פון דער אויטאָקראַטיע! זעלנער און מאַ־טראָזן! אינם בלוט פון פאָלק וועט איר דערטרינקען אייער איר גענע פרייהייט. פאָלגט נישט די קאָמאַנדירן, פאָלגט די שטימע פון פאָלק! נישטאָ אַזאַ מאַכט, וואָס קאָן עפּעס טאָן קעגן דער אַר־מיי, וואָס פאַרבינדט זיך מיטן פאָלק!"

אָבער די אַרמיי אַלס גאַנצעס האָט זיך נאָך טאָקע נישט גע־האָט פאַרבונדן מיטן פאָלק. דעם 9־טן דעצעמבער איז אין מאָס־קווע אויסגעבראָכן דער באַוואָפנטער אויפשטאַנד. דאָס איז געווען דער דריטער און לעצטער שפּיץ, וועלכן די רעוואָלוציע האָט דער־גרייכט נאָך יאַנואַר און אָקטאָבער 1905. דאָס פאָלק האָט זיך גע־כאַפּט פאַר דער שאַרפסטער פאָרם פון קאַמף. צען טעג נאָכאַנאַנד האָט זיך מאָסקווע געפונען אונטערן צייכן פון באַריקאַדעס. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן גענעראַל־שטרייק. דער שטורמישער שטראָם פון מיטינגען האָט אַריינגעצויגן די באַפעלקערונג, אויך געוויסע טיילן פון גאַרניזאָן. די רעגירונגס־מאַכט האָט פּראָוואָ־צירט. און גלייך זענען אויסגעבויט געוואָרן, ווי דורך אַ צויבער, די ערשטע באַריקאַדן. דעם 11־טן דעצעמבער איז מאָסקווע אַרומ־גענומען געוואָרן פון אַ געדיכטער באַריקאַדן - נעץ. נישט נאָר

די קאמף־אויסגעפּרוּווטע רעוואָלוציאָנערן און די „דרוזשיניקעס" (אומגעפער 1500, מייסטנס סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן) האָבן אויסגעבויט דידאָזיקע דרייסטע פעסטונגען פון דער רעוואָלוציע. די גאַנצע האָרעפּאַשנע באַפעלקערונג: דער קליינבירגער און דער אָנגעשטעלטער, די הויז־פרויען און די גאַסן־יונגען, אַלע האָבן מיט התמדה מיטגעבויט. די באַריקאַדן, געבויט פון ברעטער, פעסער, טעלעגראַף־סלופּעס און צוזאַמענגעשמידט דורך אייזיקעס וואַסער, זענען זיך פאַנאַנדערגעפאַלן אונטער די פיינטלעכע שאָסן.

אָבער דאָס קעמפנדע פאָלק האָט זיך בסדר פאַרייניקט הינטער זיי און אויפגעבויט נייע. די אוראַלטע שטאָט, די פעסטונג פון גאָטספאָרכטיקייט און טריקייט צום צאַר, האָט געגליט אין פייער. אין דער אַטמאָספער פון אַלגעמיינעם ענטוזיאַזם, האָט דער קאַמף עקשנותדיק געדויערט גאַנצענע טעג. דער רעזשים האָט זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען: אָבער זיין גורל איז נאָך היסטאָריש נישט געווען געחתמעט. פון פעטערבורג איז אָנגעקומען אַ גוואַרדיע־פּאָלק. דובאַסאָוו — דער גענעראַל - גובערנאַטאָר — האָט באַנוצט אַרטילעריע. דאָס מיליטער האָט באַקומען דעם בלוט־דורשטיקן באַפעל: „נישט נעמען קיין געפאַנגענע! האַנדלען אָן רחמנות!" און אין הסכם מיטן דאָזיקן באַפעל האָבן די זעלנער אונטערדריקט דעם אויפשטאַנד. מען האָט נישט געשפּאָרט קיין אכזריות, מען האָט זיך מיט גאַרנישט גערעכנט. דעם 17־טן דעצעמבער האָט אָפּגעברענט די לעצטע באַריקאַדע, אירע לעצטע פאַרביטערטע פאַרטיידיקער זענען אָפּגעטראָטן אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט. העכער טויזנט מענטשן, צווישן זיי 97 קינדער, זענען געטויט געוואָרן בלויז אין מאָסקווע.

מיט באַזונדערער קראַפט האָט די, פון זיג פאַרשכורטע, סאָלדאַטעסקע געווילדעוועט אויף די אייזנבאַן - סטאַציעס אין דער נאָענט פון מאָסקווע.

איצט האָט דער צאַריזם געקאָנט איבערגיין צום אָפענעם אָנגריף; באַפאַלן מיט אומגעהויערן צאָרן די שטעט, די אַרבעטערשאַפט, די אינטעליגענץ. מיט די בלוטיקסטע מיטלען האָט ער געוואָלט אָפּווישן פון פאָלקס־זכרון די חדשים פון זיין אומפאַרגעסלעכער שוואַכקייט און הילפלאָזיקייט. עס איז אוממעגלעך צו שיל־

דערן דאָס גרויזאַמע בילד פון זיין אָפּרעכענונג מיטן פאָלק. אָבער צום אַכזריותדיקסטן האָט דער רעזשים זיך אָפּגערעכנט מיטן בונטאַרישן דאָרף, מיטן האָרעפּאַשנעם פּויערטום. די שטאָט איז געווען זיין פּיינט, ווייל ער האָט אין איר געזען דער עיקר די פּאָליטישע פירערשאַפט פון דער רעוואָלוציע; אין דאָרף אָבער האָט ער פאַרלוירן זיין ווירטשאַפטלעכן באַזיס, זיין סאָציאַלע פּאָזיציע. דער רעזשים האָט דעריבער געמוזט מאַכן אין דאָרף אַ גרינדלעכע אָרדנונג, ווייזן די פּויערים אַ שוידערלעכן ביישפּיל. זייט דעם גענעראַל־שטרייק אין אָקטאָבער, זענען ווידער געשטיגן די כוואַליעס פון די פּויערים־אומרוען. יעדע באַוועגונג צו גערעכטיקייט און גלייכהייט האָט אין דאָרף זייט דאַן געהייסן „שטרייק”. אין נאָוועמבער איז אַ גרויסער טייל פון די צענטראַל - רוסישע און דרומדיקע פּראָווינצן געשטאַנען אין פלאַמען. עס זענען פאַרברענט און פאַרניכטעט געוואָרן ביי 2000 פּריצישע בנינים. דעם 19־טן נאָוועמבער איז שוין פאָרגעקומען דער צווייטער געהיימער קאָנגרעס פונם פּויערים־פאַרבאַנד, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן. די רעזאָלוציעס פון דאָזיקן קאָנגרעס האָבן די עלעמענטאַרע ווונשן פון פּויערטום אָנגעקליידט אין דער קאָנקרעטער פאָרם פון אַקציאָנס־פּראָגראַמען. „דער פאָלקס־עלנט, — האָט געזאָגט די הויפּט - רעזאָלוציע, — וואָס שטאַמט פון דער ערד־קנאַפּהייט, וועט נאָר דאַן נעמען אַ סוף, ווען די גאַנצע ערד וועט איבערגיין אין געמיינזאַמען באַזיץ פון פאָלק, מיטן תּנאַי, אַז נאָר דער זאָל געניסן פון דער ערד, ווער עס באַאַרבעט זי מיט זיין פאַמיליע, אָדער אין אַ קאָלעקטיוו.” „דער פּויערים פאַרבאַנד וועט זיך באַנוצן מיטן אַלגעמיינעם ערד־שטרייק, ד. ה. ער וועט נישט געבן די אַרבעטס - קראַפט פון פּויערטום. כדי צו אָרגאַניזירן דעם אַלגעמיינעם שטרייק, וועט זיך דער פאַרבאַנד פאַרשטענדיקן מיטן אַרבעטער־קלאַס.” עס איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס וועגן פולשטענדיקער אַלקאָהאָל־אַבסטינענץ. דער צאַריזם האָט איינגעזען, אַז ער וועט אינגיכן האָבן קעגן זיך אַ פאַראייניקטן פראָנט פון אַרבעטער און פּויערים. אונטערן לאָזונג: „ערד און פרייהייט!” האָט דער דאָזיקער פראָנט לייכט געקאָנט פאַרווירקלעכט ווערן. דער צאַריזם האָט געמוזט אין דער לעצטער שעה

צעשטויבן דעם פויערטום דורך קאָנצענטרירטע קלעפּ. דער אי־
נערן־מיניסטער דורנאָוואָ האָט צעשיקט צו די לאָקאַלע מאַכט־
אָרגאַנען אַ געהיימע אינסטרוקציע: „תיכּף־ומיד מיט געווער פאַר־
ניכטן די מורדים, אין פאַלן פון ווידערשטאַנד — פאַרברענען
זייערע וווינונגען. אַרעסטן דערגרייכן נישט אין דעם מאָמענט
זייער צוועק; פאַרמשפּטן הונדערטער און טויזנטער מענטשן איז
אוממעגלעך. עס איז נויטווענדיק, דאָס מיליטער זאָל דורכגעדרונ־
גען ווערן פון דידאָזיקע פאַרשריפטן." כּדי ווירקזאַמער אונטער־
צודריקן די דערפער, זענען אין די באַזונדערס געפערלעכע גובער־
ניעס געשיקט געוואָרן ספּעציעלע גענעראַל - אַדיוטאַנטן און
שטראָף־עקספּעדיציעס, פאַרזאָרגט מיט באַזונדערע פולמאַכטן און
דעם צוטרוי פון צאַר.

די אַכזריות פון די שטראָף - עקספּעדיציעס האָט נישט גע־
ווּוסט פון קיין גרענעץ. אין זייער שפּיץ זענען געשטעלט געוואָרן
גענעראַלן, וועלכע האָבן — אַליין פּריצים — פאַראייניקט אין זיך
סאָציאַלן קלאַסן־האַס מיט מיליטערישער דיסציפּלין. גענעראַל
רענענקאַמף אין סיביר, גענעראַל מעלער־סאַקאָמעלסקי און אָרלאָוו
אין די באַלטישע פּראָווינצן, גענעראַל זאַכאַראָוו אין סאַראַטאָוו,
גענעראַלן אין קאַווקאַז זענען געוואָרן די שרעק־סימבאָלן פון יע־
נער צייט. גראַף גראַבע, איינער פון די שטראָפנדע טייוואָלים פון
דער עקספּעדיציע פון אָרלאָוו, האָט געפירט אַ טאָג־בוך פון אירע
העלדישע מעשים. און ער האָט נאָטירט: „די קיין ליפלאַנד גע־
שיקטע אָפּטיילונגען האָבן אונטערדריקט די מרידה מיט פייער און
שווערד און צוריקגעשטעלט די אָרדנונג". פון גראַבעס אָפּטיילונג
האָט דערשאָסן 18 פּערזאָן, פאַרברענט 12 פּויערים־ווירטשאַפטן,
אָן אַ שיעור מענטשן צעשמיסן. די פּויערישע פעלדער זענען צע־
טראָטן געוואָרן, אָן אַ צאָל מענטשן האָט מען צעשמיסן, געפּיי־
ניקט; אָפיצירן, ווי דער באַראָן סיעווערס, האָבן זיך באַטראַכט
פאַר ווייכהאַרציק, ווען זיי פלעגן טויטן מיט זייערע רעוואָלווערן
די פאַרוווּנדעטע לעטן. 800 פּערזאָן זענען אין באַלטיקום עק־
זעקוטירט געוואָרן אין פאַרלויף פון 2 חדשים. שמיץ, פּרויען־
פאַרגוואַלטיקונג, עקזעקוציעס זענען געווען די איינציקע קאַמף־
מיטלען אויך אין קאַווקאַז, ווו צום סאָציאַלן האַס פון די שטראָף־

גענעראַלן האָט זיך נאָך צוגעמישט דער נאַציאָנאַלער צאָרן. וואָלקנס רויך איבער די פאַרברענטע דערפער, נאַקעטע מתים אויף די שליאַכן, הונגעריקע קראָען איבער די פאַרוויסטעטע פעלדער — דאָס איז געווען דער נצחון־וועג פון די צאַרישע שטראָף־עקספּע־דיציעס.

די מאַסן האָבן געמוזט שטום ווערן. זייער אָרט האָבן פאַר־נומען די אינדיווידועלע טעראָריסטן, וועלכע האָבן אויסגעפירט זייערע טאַטן אַלס נקמה־נעמער פאַרן פאָלק און אַלס בשורה־ברענגער פון דער נישט־איבערגעריסענער רעוואָלוציע. אין פאַר־שידענע עקן לאַנד זענען אָן אויפהער געפאַלן שאָסן פון דידאָזיקע טעראָריסטן. דעם 29־טן אָקטאָבער איז פון דער האַנט פון דער סאָציאַל - רעוואָלוציאָנערין יעזערסקאַיאַ געפאַלן דער גובערנאַ־טאָר פון מאָהילעוו קלינגענבערג. דעם 22־טן נאָוועמבער האָט די סאָציאַל - רעוואָלוציאָנערין ביצענקאָ דערשאָסן דעם גענעראַל זאַכאַראָוו, וועלכן דער צאַר האָט געשיקט אונטערדריקן די פּויערים־מרידות אין סאַראַטאָוו. דעם 15־טן דעצעמבער איז אין טאַמבאָוו דערשאָסן געוואָרן דער וויצע־גובערנאַטאָר באָגדאַנאָ־וויטש. דעם 17־טן האָט די סאָציאַל - רעוואָלוציאָנערין איזמאַי־לאָוויטש אויסגעפירט אַן אַטענטאַט אויפן פּאָליצמייסטער אין מינסק. די פּויערים - אומרועס האָבן זיך קוים געלאָזט באַרואיקן.

## III.

# טאַמבאָווער גובערניע אין פלאַמען

כדי צו באַקענען זיך מיט דידאָזיקע פּויערים־אומרועס, וועלן מיר זיך געניויער אָפּשטעלן אויף איין גובערניע. דאָס איז די גו־בערניע טאַמבאָוו, אין וועלכער מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ איז אויפ־געטרעטן און האָט אָנגעהויבן איר רעוואָלוציאָנערן לעבנס־וועג. די פּראָווינץ האָט פאַרנומען אַ באַזונדערן פּלאַץ אין דער בלוטיקער פּויערים־טראַגעדיע פון יענעם יאָר: לויט דעם פאַרנעם פון דער

באוועגונג און דער שטאַרקהייט פון די רעפּרעסיווע מיטלען, צוליב די באַרימטע טעראָריסטישע אַקטן.

2.787.000 פויערים האָט פאַרמאָגט דירדאָזיקע גובערניע. די פויערים האָט געהערט פון גאַנצן פּרוכטבאַרן באָדן פון דער פּראָווינץ נישט מער ווי 2.585.000 דעסיאַטין, ד. ה. אין דורכשניט וויניקער ווי א דעסיאַטין*) אויף א מענטשן. אָבער דער קליינער צאָל פּריצים האָט געהערט דער געוואַלטיקער שטח פון 4.634.000 דעסיאַטין. אומצאָליקע פויערים־פאַמיליעס פון 12—9 פּערזאָן האָבן פאַרמאָגט ערד, וואָס האָט געקאָנט גענוגן בלויז פאַר איין אַרבעטס־מענטשן. דאַקעגן זענען די פּריצישע לאַטיפונדיעס באַשטאַנען פון 5000 ביז 6000 דעסיאַטין. די פויערים־באַפעלקערונג האָט תמיד געפירט אַן אָרעם לעבן, אַן אומווירדיקס פאַר א מענטשן. זיי האָבן געצאָלט שטייערן דער מלוכה און שווערע צינזן די פּאַכט־הערן, זיי האָבן געצאָלט מיט קנעכטישן דינסט פאַר יעדן חסד פון פּריץ — פון באַרין. — אין די רוסישע שטעט האָט שוין געבליט די גרויס־אינדוסטרי מיט אַלע מאָדערנע פאָרמען פון טעכניק און ציוויליזאַציע; אין דאָרף אָבער האָט נאָך געהערשט דער פעאָדאַלער רעזשים מיט אַלע זיטן און מנהגים פון לייב־אייגנטום. די פויערים פון דערדאָזיקער גובערניע האָבן אין יענעם יאָר נאָך געליטן פון א ביטערער אומגערעטעניש. דאָס, וואָס זיי האָבן אַראָפּגעפירט פון זייערע פעלדער אין די שייערן, איז געווען ביז גאָר וויניק פאַר זייערע פאַמיליעס אין דעם נאָענטן האַרטן ווינטער. זיי האָבן אָבער גלייכצייטיק געזען, ווי די שייערן פון זייערע נאָענטע „שכנים", די פּריצים, פּלאַצן ממש פון שפע. עס זענען דאָרט געלעגן הונדערט־טויזנטער פוד תבואה, כדי אַרויסגעפירט צו ווערן אויפן אויסלאַנד־מאַרק. עמפּערונג און דאָס באַוווסטזיין פון אומרעכט האָט זיך געזאַמלט, נישט אין קיין קלענערע שפע, אין די הערצער פון די פויערים. די לײדנשאַפטלעכע בענקשאַפט נאָך ערד — וואָס איז „גאָטס ערד" — האָט זיי פאַרצערט. די רעוואָלוציע, דער גרויסער אָקטאָבער־שטרייק, דער ביישפּיל פון פויערטום אין די שכנותדיקע פּראָווינצן, האָט געגעבן דעם שטויס צו

*) 2400 קוואַדראַט־סאַזשען.

יענער מעכטיקער באַוועגונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די פּויערים פון טאַמבאָוו.

די באַוועגונג האָט זיך פאַרשפּרייט אין 11 קרייזן פון דער גובערניע. לויטן טעלעגראַפישן באַריכט פון טאַמבאָווער גובערנאַטאָר צום אינערן־מיניסטער פון 2־טן יאַנואַר 1906, האָבן 158 פּריצים געליטן פון די אומרוען, דער מאַטעריעלער שאָדן איז אָפּגעשאַצט געוואָרן אויף 2 א האַלבן מיליאָן רובל. די באַוועגונג האָט אַרומגעכאַפּט כּמעט די גאַנצע דאָרפישע באַפעלקערונג, אַפילו די דאָרף־מאַכט איז מיט איר מיטגעריסן געוואָרן. זי איז געווען עלעמענטאַר, כּמעט אָן שום אָרגאַניזירטער אָנפירונג. „אין דער פּויערים ־ פאַרזאַמלונג פון א דאָרף, למשל, האָט מען דעם 2־טן נאָוועמבער געזאַמלט געלט־מיטלען, כּדי צו געפינען א קלוגן מענטשן, וואָס זאָל פאַרשטיין זיי צו פירן.” די פּויערים־רעוואָלוציע אין טאַמבאָוו האָט פאַרמאָגט אייגנטימלעכע פאָרמען, וואָס האָבן אַרויפגעדריקט אויף איר א גאַנץ באַזונדערן סאָציאַלן און מענטשלעכן שטעמפּל. דאָ האָט מען קודם־כּל — און דער עיקר — אָנגעגריפן דעם אייגנטום פון די פּריצים. טויזנטער פּויערים, מענער און פרויען, האָבן אָדער צוגענומען פאַר זיך דאָס דאָזיקע אייגנטום אָדער עס פאַרניכטעט דורך פייער. דער „רויטער האָן” האָט געהערשט איבערן געוואַלטיקן שטח פון די אומרוען. מען האָט דאָ אָבער צוגענומען — און דאָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש! — כּמעט בלויז זאַפּאַסן תבואה און פּאַשע פאַר בהמות. ווייל די הונגערנדיקע פּויערים־מאַסן האָט קודם־כּל געפעלט דאָס טעגלעכע ברויט. אין משך פון דער באַוועגונג, אין וועלכער עס האָבן אָנטיילגענומען טויזנטער מיט דער גרעסטער אַקטיוויטעט און איבערצייגונגס־קראַפט, איז נישט פאָרגעקומען קיין איין פאַל פון דערמאָרדן אָדער אַפילו נאָר צעשלאָגן א פּריץ, די מיטגלידער פון זייערע פאַמיליעס אָדער זייערע אָנגעשטעלטע. די געהיימע אַרכיוון פון די העכסטע רעגירונגס־אָרגאַנען פון יענער צייט ליגן אָפן פאַר אונז: די אַקטן פון טאַמבאָווער קרייז־געריכט און פון טאַמבאָווער גובערנאַטאָרס קאַנצעלאַריע. אין דידאָזיקע אַלע אָפיציעלע דאָקומענטן געפינט זיך נישט קיין איינציק וואָרט וועגן א וואָסער־נישט־איז געוואַלט־אַקט פון די פּויערים קעגן דער פיזי־

שער פערזאָן פון זייערע סאָציאַלע פיינט. ווען די פויערים האָבן פאַרנומען דאָס גוט פון פירשט שאַכאָווסקאָי, האָבן זיי פרידלעך געוואָרנט די פריצים: „פאַרלאָזט שנעל דאָס אָרט... מיר הויבן באַלד אָן צו פאַרברענען!" די פויערים האָבן ליבערשט געוואָלט פאַרניכטן דאָס פריצישע אייגנטום אין פייער, איידער עס צונעמען פאַר זיך. הינטער דערדאָזיקער טאַקטיק האָט זיך פאַרשטעקט די פויערישע ביטערקייט: צווינגען די פריצים צו אַנטלויפן פון זייערע נעסטן און פאַרזיכערן זיך קעגן זייער צוריקקער. דאָס איז אויך געווען דער וועג אויף איבערצונעמען דאָס פריצישע ערד־אייגנטום. דער קאַמף פון די פויערים איז געווענדט געווען קעגן דעם אייגנ־טום, נישט קעגן די פערזאָנען. דאָס פאָלק איז אויך דאָ — ווי אומעטום אין לאַנד — געבליבן געטריי זיין הומאַנער נאַטור.

אָבער די פריצים, וואָס האָבן געציטערט פאַר זייער לעבן און פאַרמעגן, האָבן אַלאַרמירט אַלע מאַכט־אָרגאַנען אין לאַנד. זיי זע־נען אַנטלאָפן אין די שטעט און האָבן פאַרשאָטן דעם גובערנאַטאָר, די מיניסטאָרן, דעם צאַר מיט ליגנערישע גרויל־באַריכטן. זיי האָבן שנעל אויסגעפועלט אַן אָפּשרעקנדיקע שטראָף קעגן די ווידער־שפּעניקע פויערים. — מיר ווייסן שוין סאַראַ ברוטאַלע אויסראָ־טונגס־מיטלען דער מיניסטער דורנאָוואָ האָט פאַראָרדנט אַלע גו־בערנאַטאָרן אין רוסלאַנד. עס איז זיך נישט שווער פאָרצושטעלן, ווי אַזוי עס האָבן אָנגעווענדעט דידאָזיקע קאַמף־מיטלען די פאַ־נאַנדערגעגאַרטלטע תּלינים פון דער לאָקאַלער רעגירונגס־מאַכט. דעם 9־טן נאָוועמבער איז אין טאַמבאָווער גובערניע פּראָקלאַמירט געוואָרן קריגס־צושטאַנד. אַלע רעגירונגס־אָרגאַנען, אויך די יוס־טיץ־מאַכט, זענען אַרונטערגעפאַלן אונטערן רשות פון העכסטן מיליטערישן קאָמאַנדיר פון דערדאָזיקער פּראָווינץ. דער קאָמאַנ־דיר אויף צו פירן קריג קעגן אייגענעם פאָלק, איז געווען דער טאַמבאָווער גובערנאַטאָר, פאָן דער לאַוניץ, אַ מענטש, אין וועלכן עס האָבן זיך פאַראייניקט פערזענלעכע פּחדנות מיט אומאויס־ראָטבאַרן האַס קעגן די פויערים. מיט אומגעהויערער ענערגיע און אַכזריות איז ער צוגעטראָטן צו זיין אויפגאַבע. פאַר די באַזונדערע קרייזן האָט ער באַשטימט ספּעציעלע „שוץ־קאָמאַנדירן" און צו־געטיילט זיין מיליטער און קאָזאַקן. אין באָריסאָגלעבסקער קרייז

האָט ער געשיקט דעם ציוויל־גענעראַל לוזשענאָווסקי מיט די גרעסטע טעראָר־פולמאַכטן.

די שטראָף־עקספּעדיציעס האָבן געהאַט אויסגעאַרבעט אַ מין געמיינזאַמען אַרבעטס־מעטאָד, אַ מין פּייערלעכן צערעמאָניעל. ביים אָנקומען אין אַ דאָרף, וואָס איז פאַרמסרט געוואָרן אַלס בונטאַריש, פלעגן זיי צונויפפויקן אַ פּויערים־פאַרזאַמלונג און פאָדערן תיכף אויסצוגעבן די „רעדל־פירער". גלייכצייטיק איז אָן גרויסע מחזקות אויסגעפירט געוואָרן אַ שוידערלעכע עקזעקוציע — דאָס שמייסן. אויב די פאַרזאַמלונג פלעגט זיך אָפּזאָגן אויסצוגעבן די רעדל־פירער, אָדער אויב זי פלעגט אַרויסווייזן סימנים פון ווידערשטאַנד, — דאַן פלעגט מען געבן זאַלפּן דירעקט אין די פאַרזאַמלטע מאַסן. כדי שטאַרקער אָנצושרעקן, פלעגט מען אונטערצינדן דאָס דאָרף פון אַלע עקן, אָנגעהויבן פון די הייזער און שייערס ביים סאַמע דאָרף־ראַנד. די דערפער, וואָס האָבן באַקומען ידיעות פון דאָזיקן פעלדצוג, פלעגן פּרווון אָפּווענדן דעם צאָרן פון די באַשטראָפער דורך אַרויסווייזן הכנעה. די שווערבאַוואָפנטע ראָטע פלעגט אַריינרייטן אין איבערגעשראָקענעם דאָרף; זי פלעגט באַגעגנט ווערן דורך דער גאַנצער באַפעלקערונג אויף די קני. פאַר יעדער כאַטע זענען די פּויערים געשטאַנען אויף די קני און דערלאַנגט די געסט, אַלס מתנה, ברויט און זאַלץ. אָבער בלויז זעלטן פלעגט דאָס ראַטעווען די דאָרף־איינוווינער פון אַ עקזעקוציע, וואָס פלעגט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גיהנום. עס איז גענוג אויסצורעכענען די העלדישע מעשים בלויז פון איין־איינציקן לוזשענאָווסקי (— אַליין אַ פּריץ אין דער טאַמבאָווער גובערניע—) אין איין איינציקן קרייז פון דעראָזיקער גובערניע. בראש פון די שטראָף־טשאַטעס האָט ער פערזענלעך באַזוכט מער ווי זעכצן דערפער. די שילדערונג פון איניקע פון זיינע מעשים־תעתועים נעמען מיר אַרויס פון דער גרויסער רעדע, וואָס מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ האָט שפּעטער געהאַלטן פאַרן געריכט. „נאָך זיין אָפּפאָר האָבן די דאָזיקע אַלע דערפער פאָרגעשטעלט מיט זיך אַזאַ בילד פון פאַרוויסטונג, ווי מען איז דאָס געוווינט צו זען בלויז אין בולגאַרישע דערפער נאָך אַן איבערפאַל פון די טערקן. אין פאָוולאָדאַר זענען געטויט געוואָרן 10 מענטשן. שטשערבאַקאָוו,

דריי ברידער זייצעוו, דובראָווין און אַנדערע.

די פאַמיליע זייצעוו איז געווען ביכלת צו שיקן לערנען דעם יונגן פאַשאַ זייצעוו אין לערער־אינסטיטוט אין יעקאַטערינאָסלאַוו. דאָס איז געווען אַן ערלעכער, ריינער, ענטוזיאַסטישער בחור. זיינער אַ פריינט, אויך אַ פויער, אָסטראָוויטינאָוו, האָט געוווינט מיט אים אין זעלבן דאָרף. זיי ביידע זענען אַרויסגעטרעטן מיט ווערטער קעגן לוזשענאָווסקין, וועלכער האָט געענטפערט מיט אַ זאַלפּ. אויף די אומבאַהאָלפענע געשרייען פון די פויערים, — האָט מען זיי געפּייניקט. פיר טעג נאָכאַנאַנד האָט מען זיי געפּייניקט.

אַלעקסאַנדער דובראָווין, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, איז געפאָרן אין דאָרף אַריין. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן גרייפן נאָך היינט נישט אָן דירעקט דאָס פּריוואַט - אייגנטום; זיי האָבן אויך נישט אויפגע־פאָדערט די פויערים צוצונעמען די ערד און דעם אינווענטאַר. דובראָווין איז געקומען, כדי אָפּצוהאַלטן די פויערים פון פאַרברע־נען די פּריצישע גיטער, ווייל ער האָט געטראַכט און גערעדט ווי אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט: אין די־דאָזיקע פּריצישע בנינים וועלן אַמאָל איינגעאָרדנט ווערן פויערים־שולעס און שפּיטעלער. ער איז גע־גאַנגען צו די פויערים, כדי אַריינצוטראָגן אין זייער באַוועגונג פאַרשטאַנד און פלאַנמעסיקייט. מען האָט אים אַרעסטירט, נישט ווייסנדיק ווער ער איז. און אין משך פון פיר טעג האָט מען אים מערדערלעך פאַרפּייניקט. ווען עס איז שפּעטער זיינע קרובים גע־לונגען, אונטער דער מאַסקע פון צופעליקע רייזנדע, אים צו באַ־זוכן, האָבן זיי אים נישט דערקענט. אַנשטאַט דעם שלאַנקען, שיי־נעם בחור דובראָווין, איז געלעגן פאַר זיי אַ הויפן פלייש־שטיק־לעך, ביינער און בלוט. ער האָט שווער אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, געבעטן וואַסער — מען האָט עס אים נישט געגעבן. דאַן איז ער צוגעקראָכן צו דער אָפענער טיר און האָט געכאַפּט פרישע לופט. דער קאָזאַק אָבער האָט אַ געשריי געטאָן אויף אים: „וווהין, דו הונט!" — און אים פאַרטריבן מיט דער בייטש אין עק צימער...

אין פאַוולאָדאַר זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן אַרום 40 פּערזאָן. אין דאָרף בערעזאָווקאַ איז דער פויער קלעמאַנאָוו משוגע גע־וואָרן דורך די טאָרטורן. אין דאָרף פּעסקי זענען משוגע געוואָרן צוויי פויערים. אַ חוץ דעם דערשיסן, שמייסן און לאַנגזאַמע פאַר־

פייניקונגען צום טויט, האָט לוזשענאָווסקי פּראַקטיצירט אויך אַנדערע „באַרואיקנדיקע" מיטלען: דאָס פולשטענדיקע צערויבן דעם פויערישן גוטס און תּבואה, דאָס אונטערצייגדן די מורדישע דערפער פון צוויי זייטן און דאָס פאַרגוואַלטיקן פרויען. קומענדיק אין אַזאַ דאָרף, פלעגט לוזשענאָווסקי פאַראָרדנען צונויפצוטרייבן די פויערים און זיי אויסטאָן נאַקעט. ער גופא פלעגט אַוועקזיי[ן] רוען, עסן און טרינקען, בעת די פויערים פלעגן בלייבן ליגן אויף די קני אין שמוץ און שניי."

דער פּאָליציי - אָפיציר רישאָוו האָט זיך אין אַ אַנדער דאָרף דערלויבט פאָלגנדעס: „בעת מען האָט די פויערים געשמיסן, האָבן אַלע אַנדערע, — וועלכע מען האָט באַטראַכט פאַר ווייניקער שולדיק, — געמוזט די גאַנצע צייט שטיין אויף די קני אין גאַסן־שמוץ, נישט געקוקט אויפן קאַלטן וועטער. נאָכן ענדיקן דאָס שמייסן האָט זיי רישאָוו באַפוילן איינבויגן זיך צו דער ערד — און דער קאָזאַק וואַרלאַמאָוו האָט געריטן איבער די געבויגענע רוקנס פון די פויערים, שלאָגנדיק זיי מיט דער נאַהייקע אויף רעכטס און לינקס". מיט דידאָזיקע ווערטער האָט אין אַ יאָר אַרום דער באַשולדיקונגס־אַקט געשילדערט פאַרן געריכט די מעשים פונם פּריסטאַוו רישאָוו. — און לוזשענאָווסקי האָט טאָג־טעגלעך טעלעגראַפירט זיינע זיגערישע באַריכטן פון מלחמה־פּלאַץ. אַזוי, למשל, האָט ער דעם 6־טן נאָוועמבער אָפּגעגעבן אַ באַריכט דעם גובערנאַטאָר: „אין בערעזאָווקאַ האָט מען מיך באַגעגנט אויף די קני. האָבן צוגעזאָגט אַרויסצוגעבן די רעדל־פירער, דאָס צוגערויבטע גוטס. האָבן דערקלערט, אַז סטודענטן האָבן זיי אַראָפּגעפירט פון וועג. געטויטע — צוויי, פאַרוווּנדעטע — נישט באַקאַנט. מאָרגן באַרואיק איך סעמיאָנאָווקאַ." דער גובערנאַטאָר האָט געדאַנקט זיינע תּלינים אויך טעלעגראַפיש מיט פאָלגנדיקע גאָטס פאַרכטיקע ווערטער: „כ'בין נישט אימשטאַנד אויסצודריקן מיין גאַנצן פערזענלעכן דאַנק פאַר אייער ענערגישן האַנדלען. גאָט זאָל אייך העלפן! רעכנט זיך נישט מיט דער יוסטיץ־מאַכט. בעת אַ שריפה דאַרף מען לעשן. די אויספאָרשונג קומט דערנאָך. אַרעסטירט אָן קווענקלעניש ביים קלענסטן חשד. כ'שיק אייך דורך ספּעציעלע שליחים מתּנות: פון מיין פרוי צוויי שווערדן און פיר

פּאַקלען. פאַר די בראַווע זעלנער מיין דאַנק און צו רובל אַ מתּנה. גאָט זאָל אייך היטן!"

* * *

דאָס פּויערטום פון טאַמבאָוו איז געשטאַנען הילפלאָז און צעטומלט פאַר דעם גרויליקן צאַרן־אויסברוך פון צאַריזם. זיי האָבן נישט געקאָנט אָרגאַניזירן אַ זעלבסטפאַרטיידיקונג; זיי האָבן זיך ווידער געמוזט בויגן פאַר דער מאַכט פון שטאַרק־געוואָרענעם און נקמה־דורשטיקן פריץ. איז דען די געשעענעטע רעוואָלוציע באמת פאַרמשפּט געווען צו בלייבן אָן שום באַשיצער? עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס יאָר 1906, און דער הימל איז באַדעקט גע־וואָרן מיט פינסטערע וואָלקנס.

## IV.

## ספּירידאָנאָווא דערשיסט לושענאָווסקין

די יונגע מאַריאַ אַלעקסאַנדראָווגאַ ספּירידאַנאָווא איז אויס־געוואַקסן אין אַ איינפאַך, דורכשניטלעך - פאַרמעגלעך הויז אין דער שטאָט טאַמבאָוו. די דריי קינדער און די אַלטע מוטער האָבן צוזאַמען געבילדעט אַ צערטלעך - צונויפגעבונדענע פאַמיליע. מאַריאַ, אַ ליידנשאַפטלעך - אַקטיווע, ענטוזיאַסטישע נאַטור, אַ גוטע, אַ קלוגע, איז געווען דאָס עלטסטע קינד. זי איז געווען שיין און אין דער מיידל־גימנאַזיע איז זי נישט אָפּגעשטאַנען פון אירע חברטעס נישט אין לעבנס־לוסט און נישט אין מיידלשער קאָקעט־טעריע. די פאָטאָגראַפיעס פון איר פריער יוגנט פאַרמאָגן שטרענגע און באַחנטע שטריכן פון אַ זעלבסטזיכער יונג מיידל. אין דער־דאָזיקער איינפאַכער געשטאַלט איז נישטאָ גאָרנישט, וואָס זאָל לאָזן אָנען אַ איבערמענטשלעכע ענערגיע. ספּירידאַנאָווא פירט אַ לעבן פון טויזנטער רוסישע אינטעליגענטע יונגע מיידלעך. צו ניינצן יאָר באַזוכט זי קורסן פאַר באַרמהערציקע שוועסטער. איר באַרוף און איר ווייטערדיק לעבן זענען, ווי ס'שיינט, אָנגעצייכנט. זי איז אָבער אַ רוסין און דער קאַלענדאַר ווייזט דאָס יאָר 1905.

דאָס לאַנד געפינט זיך אין מיטן פון אַ רעוואָלוציע. אירע שטורמישע כוואַליעס האָבן דערגרייכט אויך טאַמבאָוו. אַלע ליבעראַלע, ראַדיקאַלע, יוגנטלעכע עלעמענטן אין דער שטאָט האָבן זיך אין דער אָדער אַן אַנדער פאָרם איבערגעענטפערט דער רעוואָלוציע. מען האָפט, אײנער דעם צווייטן שטויסט צו מעשים, מען באַגײסטערט זיך קעגנזייטיק. אין דערדאָזיקער שטילער פּראָווינץ־שטאָט הזרן זיך איבער אַלע גרויסע געשעענישן פון לאַנד, נאָר אין אַ מיניאַטור־פאָרם. אָבער די מענטשן לעבן זיי איבער מיט דערזעלבער באַגייסטערונג און מסירת־נפש, ווי אומעטום.

די כוואַליעס פון דער רעוואָלוציע האָבן אָנגעשלאָגן אויך אין מאַריאַס הארץ. אַלע פּריוואַט־אינטערעסן, פאַמיליע־פריידן, אינדיווידועלע לעבנס־צילן זענען פאַרבלאַסט געוואָרן לגבי דעם גרויסן געשעען. פאַר אירע אויגן האָט אויפגעטויכט ווי אַ פשוט־מעשהלע אַ ניי געוואַלטיק לעבן. אַלדאָס אײדעלע און דערהויבענע, וועגן וואָס זי האָט געלייענט אין די דיכטערישע ווערק פון נעקראַסאָוו, טאָלסטאָי, גאָרקי, אַנדרייעוו, וואָס זי האָט דורכגעפילט אין אירע טרוימען, — איז געוואָרן ווירקלעכקייט. כדי עס זאָל קאָנען אַנטשטיין אַ נייע הערלעכע וועלט, מוז זי מיטאַרבעטן, מיטקעמפן. מיט יוגנטלעכן ברען האָט זי דורכגעלעבט אַלע דראַמאַטישע פאַזן פון יאָר 1905. דער שוואַרצער 9־טער יאַנואַר האָט זי אָנגעפילט מיט גרויל. מיט אַנטציקונג הערט זי די ידיעות וועגן די אומאויפהערלעכע שטרייקן און מאַניפעסטאַציעס אין לאַנד. צו דער שטאָט דערגייען אַלץ מער און מער אומלעגאַלע סאָציאַליסטישע שריפטן. פיבערהאַפט לייענט מאַריאַ דידאָזיקע ווערק, די הייליקע בשורה פון פאָלק. די אומגעהויער שאַרפע און שטאָלצע שפּראַך פון די אומלעגאַלע שריפטן מאַכט העכער קלאַפּן איר האַרץ. דער אויפשטאַנד פון „פּאָטיאָמקין“, די מאַטראָזן, וואָס בלאָנדזשען אַרום אויפן ים, די מוטיקייט פונם לייטענאַנט שמידט, מיט זייער ליבע צום ליידנדן פאָלק, מיט זייער טויט־פאַראַכטנדיקן מסירת־נפש פאַר דער אידייע, — דאָס אַלץ באַצויבערט מאַריאַן. די געשפּאַנטע שטילקייט פון גרויסן אָקטאָבער - שטרייק האָט אַרומגעכאַפּט אויך טאַמבאָוו. דעם 18־טן אָקטאָבער זענען אויך דאָ פאָרגעקומען גאַסן־דעמאָנסטראַציעס. מען האָט געהאַלטן רעדעס, מען האָט געשריגן

„הורא" פאר דער פריוהייט. אויך ספּירידאָנאָוואַס פּיינע קליינע פיגור האָט זיך אויסגעמישט אין דער פּריידיק - צערודערטער מענטשנמאַסע, אויך זי האָט מאַרשירט הינטער די רויטע פענער. די אייגוווינער האָבן איינגיכן געמויזט טייער באַצאָלן פאַר זייערע רעוואָלוציאָנערע געפילס - אויסברוכן. לוזשענאָווסקי האָט דורך אַרעסטן, רעוויזיעס באַדראָט אַ האַלבע שטאָט. אָבער וואָס פאַרא באַדייטונג האָט איין שטאָט לגבי דער גרויסאַרטיקער פּאַנאָראַמע פון דער גאַנצער רעוואָלוציע! מאַריאַ הערט די אויפמונטערנדיקע ווערטער פון פּעטערבורגער ראַט, וואָס גיסן זיך פאַנאַנדער איבערן לאַנד ווי פייערדיקע לאַווע. זי לעבט גייסטיק דורך דעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד אין מאָסקווע, עס דאַכט זיך איר, אַז זי זעט דעם קאַמף פאַר די באַריקאַדן אויף די מאָסקווער גאַסן. זי לעבט איבער די גרויסע מפּלה פון דער רעוואָלוציע. דער מוראדיקבלוטיקער זיג פון דער רעאַקציע לאָזט זיך שפּירן אין דער ערגסטער פאָרם אויך אין ספּירידאָנאָוואַס גאָנטסטער נאָנט — אין טאַמבאָווער גובערניע.

מאַריאַ איז שוין מער קיין קינד נישט. דאָסדאָזיקע יאָר האָט אויסגעפאָרמירט איר באַוווסטזיין, האָט געשטאַלט אירע געפילן. זי פילט איר אייגענע אחריות פאַרן גורל פון די לײַדנדע מאַסן. זי מוז זיך אַרייננמישן אין לעבן פון לאַנד. זי האָט זיך שוין אַנטשלאָסן אין וועלכן פראָנט צו קעמפן. פון רוסלאַנדס צוויי גרויסע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען — דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער און דער סאָציאַל - רעוואָלוציאָנערער — האָט זי אויסגעוויילט די צווייטע. פאַרוואָס? פאַרוואָס וואַרפט זי אָפּ דעם מאַרקסיזם? — ווייל ער פּרעדיקט אַ ריין־פּראָלעטאַרישע, אַ אינדוסטריעל - פּראָלעטאַרישע טעאָריע. אמת, די שטאָט־אַרבעטער זענען רעוואָלוציאָנער, זיי טראָגן אויף זיך די עיקרדיקע לאַסט פון קאַמף. אָבער ווי גרויס איז דען זייער צאָל אין רוסלאַנד, וויפל שטעט זענען דאָ בכלל דאָ? זענען דען די האָרעפּאַשנע פּויערים בלויז אַ צוגאָב צום פּראָלעטאַריאַט, נאָר אַ וויבער טייג, פון וועלכן עס קאָן אויסגעקנאָטן ווערן אַ רעוואָלוציאָנערער קלאַס ערשט אין דער האַרטער פאַבריק - קנעכטשאַפט? די סאָציאַל - דעמאָקראַטן האָבן אפילו ליב אָנצורופן די פּויערים קלייןאייגנטימער, קליינבירגער. אפשר

געהערן גאָר דידאָזיקע שווער־אַרבעטנדע, אין נויט און הונגער־לעבנדע פּויערים, געפּלאָגט פון צאַר, באַאַמטע, פּאָפּעס, פּריצים, — געהערן זיי אפשר גאָר צו דער בורזשואַזיע?

מאַריאַ, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין אַ קליינשטאָטיש־פּויערישער סביבה, און האָט פון איר געשעפּט אירע ערשטע רעוואָלוציאָנערע אימפּולסן, האָט פאַר קיין פאַל נישט געקאָנט אַקצעפּטירן דידאָזיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע לערע. זי האָט געבענקט נאָך אַ באַוועגונג, אין וועלכער דער פּויער זאָל בילדן צוזאַמען מיטן שטאָט־אַרבעטער אַן איינהייטלעכן אַרבעטער־קלאַס. און דאָס איז געווען דער ציל פון דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. זי האָט נישט איינגעזען קיין שום סתירה צווישן די אינטערעסן פון דידאָזיקע ביידע קלאַסן־שיכטן. „ערד און פרייהייט!" — איז געווען זייער געמיינזאַמער לאָזונג. די סאָציאַליזאַציע פון ערד, צו וואָס עס האָט געשטרעבט די סאָצ.־רעוו. פּאַרטיי, איז אויך געווען דער ווונש פון רוסישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז מיט טויזנטער פעדעם פאַרבונדן געווען מיט זיין היימישן דאָרף. און צי דען קאָן מיט עפּעס שטערן די פּויערים די סאָציאַלע פרייהייט, צו וועלכער דער אַרבעטער שטרעבט? די ס. ר. ־ פּאַרטיי האָט דידאָזיקע ביידע קלאַסן־ברידער צוגעגעבן נאָך אַ דריטן ברודער — דעם גייסטיקן אַרבעטער, דעם האָרעפּאַשנעם אינטעליגענט. מאַריאַ האָט זיך גוט געפילט אין דערדאָזיקער סאָציאַלער דרייאייניקייט פון דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי.

אָבער נישט דאָס אַליין האָט ענדגילטיק באַשטימט איר אויסוואַל. אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טעאָריע האָט איר געפעלט דאָס, וואָס איז פאַר איר געווען דער עיקר: אַ לעבנס־אָנשויאונג, אַ פּערזענלעך־זיטלעכער אַחריות. אין דערדאָזיקער טעאָריע, וואָס וויל זיין מאַטעמאַטיש גענוי, איז אַלץ פון פאָראויס געציילט, געוווינן און געמאָסטן געוואָרן. די וועלט־געשיכטע און דאָס סאָציאַלע לעבן זענען איינגעפּאַסט אין אומפאַרענדערלעכע עקאָנאָמישע געזעצן; פאַר דאָס רעליגיעזע, דיכטערישע און שעפערישע בלייבט נישט איבער קיין אָרט אויפן דאָזיקן שאַכברעטל פון סאָציאַלע געזעצן. אין דער מאַרקסיסטישער וועלט זענען קלאַסן, מאַסן ־ אָרגאַניזאַציעס די איינציקע טרעגער פון דער מענטשלעכער

געשיכטע. ווי אָבער בלייבט דאָ די לעבעדיקע מענטשלעכע פערזענ־
לעכקייט, וואָס ווערט באַוועגט נישט נאָר דורך בלינדע ווירט־
שאַפטלעכע געזעצן, נאָר אויך דורך איר אינטימסטער בענקשאַפט
נאָך שיינקייט, גוטסקייט און אמת? ווי קומט אַהין דער בונטאַרי־
שער מענטש, וועלכער בויט בסדר אויף — להכעיס אַלע כחות פון
דער געשיכטע — אַ נייע, אומגעאַנטע, געהיימנישפולע וועלט?
און וואָס איז דען רעוואָלוציע — נישט די אַליין, וואָס שפּילט זיך
אָפּ אָביעקטיוו אין די געשעענישן, נאָר יענע, וואָס פאַרכאַפּט דעם
מענטשן, — אויב נישט קודם־כל אינדיווידועלעס העלדנטום? אין
דער ס.־ר.־פּאַרטיי האָט מאַריאַ געפונען אַ נאָענטן טאָן צו דידאָזיקע
געדאַנקען. דאָ איז געווען עפּעס מער ווי וויסנשאַפטלעכע ניכטער־
קייט, מער ווי נשמה ־ טרוקנקייט. סאָציאַליזם איז דאָ קודם־כל
געווען אַ בלוט־וואַרעמער ענין פון קאָנקרעטן, ליידנדן, גלייביקן
און קעמפנדן מענטשן. דאָ האָט מען נישט מורא געהאַט צו דער־
קלערן דעם סאָציאַליזם אַלס זיטלעכן ענדציל און לעבנס־פּראָגראַם.
און דאָ — אין דערדאָזיקער פּאַרטיי — איז דעריבער געווען פּלאַץ
פאַר יענע אינדיווידועלע העלדנטום פון די טעראָריסטן, וועלכעס
האָט באַגייסטערט גאַנץ רוסלאַנד.

דער טעראָר — זיינע מעשים און זיינע העלדן, — איז פאַר
מאַריאַס אויגן געשטאַנען אין באַצויבערנדן גלאַנץ. דעם רעוואָ־
לוציאָנערן טעראָר האָט געפירט אין די 70־ער יאָרן פון פאַריקן
יאָרהונדערט די רומרייכע פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״. זי האָט
דאַן צעטרייסלט די געביידע פון צאַריזם, זי האָט געהאַלטן גע־
שפּאַנט גאַנץ אייראָפּע. דער צאַריזם האָט יענע העלדן אומגעבראַכט
אויפן עשאַפאָט און אין די פעסטונגען. אָבער דער אָנדענק פון
אַזעלכע העראָאישע געשטאַלטן ווי סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ אָדער
וועראַ פיגנער, איז געבליבן לעבעדיק אין לאַנד. די העראָאישע
טראַדיציעס פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ האָט פונקט דאַן, סוף
1905, איבערגענומען אויף איר ערשטן געהיימען קאָנגרעס די
סאָצ.־רעוו.־פּאַרטיי. מאַריאַ האָט געקענט, פאַרגעטערט און ליב
געהאַט די קעמפער פון דער נייער, יונגער פּאַרטיי, וועלכע האָבן
מיט אַזאַ אומדערשראָקנקייט און פּשטות געבראַכט דער רעוואָ־
לוציע אַלס קרבן זייער לעבן. צווישן זיי איז געווען די דאַן שוין

לעגענדארע געשטאלט פון דער אלטער קאטערינא ברעשקאווס־ קאיא — דער „באבע פון דער רעוואלוציע". שוין אין יאר 1871 איז זי געשטאנען פארן צארישן געריכט אלס איינע פון די ערשטע פרויען. דאן — א לאנגע קייט פון פארפאלגונגען, ארעסטן, פאר־ שיקונגען. און יעדעס מאל קערט זי זיך ווידער אום אויף דער פריי, כדי אין עקשנותדיקער, קאנספיראטיווער ארבעט צו באגייסטערן און ארגאניזירן די מאסן. צווישן זיי איז דא די שטרענגע און גוטמוטיקע פירער־געשטאלט פון גריגארי גערשוני. ער האט — אין נייסטן פעריאד פון דער רוסישער געשיכטע — פארשאפט נייעם גלאנץ דעם טעראר, דעם פארבארגענעם שווערד פון דער רעוואלוציע. די ערשטע טעראריסטישע אקטן פון דער ס.־ר.־פארטיי און איר קאמף־ארגאניזאציע האט ארגאניזירט גערשוני. און ווען ער איז שפעטער געשטאנען פארן געריכט און רואיק געווארט אויפן טויט־אורטייל, האט ער געזאגט די איינפאכע ווערטער: „יעדער איינער, וואס באטראכט נישט דאס לעבן אלס אכסניה און זיינע מיטמענטשן אלס צימער־שכנים, מוז זיך אננעמען פאר דער מענטשהייט און זיך מקריב זיין פאר איר. אויך איך האב נאר דערפילט מיין פליכט." גערשוני האט געזאמלט ארום זיך אידעלע מענטשן, לויט זיין פארמאט. יעגאר סאזאנאוו איז געווען איינער פון זיי. דעם 15־טן יולי 1904 האט ער געטויט דורך א באמבע דעם אלמעכטיקן מיניסטער פלעווע. דידאזיקע טאט האט געצווונ־ גען דעם צאריזם צו גיין מיט נייע, „ליבעראלע" וועגן. אויף דער גאנצער וועלט האבן די פאליטיש ־ ראדיקאלע קרייזן געפייערט סאזאנאווס נאמען. סאזאנאוו אבער איז געבליבן ליגן אויף דער ערד א פארוואונדעטער. ער האט שפעטער געשריבן פון תפיסה צו זיינע פריינט: „נישט כבוד האט אונז צוגעצויגן. נאך א שרעקלעכן און פיינלעכן קאמף, בלויז אונטערן דרוק פון דער טרויעריקער גויטווענדיקייט, האבן מיר ארויסגעצויגן דעם שווערד." איוואן קאלאיעוו איז אויך געווען איינער פון דער גרופע העלדן. אין פעברואר 1905 האט ער דערהרגעט דעם גרויספירשט סערגיי. דאס רעוואלוציאנערע רוסלאנד האט דערקענט נישט נאר די פאליטישע באדייטונג פון דערדאזיקער טאט; עס האט אויך באוואונדערט קא־ ליאוועס מענטשלעכן ווערט. קאלאיעוו, „א לעגענדארע פארשמעל־

צונג פון קראַפט, צערטלעכקייט, שיינקייט און הייליקייט", האָט אויך אין משך פון זיין טעראָריסטישן אַקט נישט פאַרלאָרן די זיטלעכע אידייע. „נאָר דער־יעניקער האָט אַ רעכט אויף זיין אייגן און אויף פרעמדן לעבן, — האָט ער געזאָגט, — ווער עס קען דעם ווערט פון לעבן. דעריבער דאַרף זיך יעדער איינער שטרענג קאָנטראָלירן, איידער ער קלאַפט אָן אין דער טיר פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע: איז ער ראוי דערצו, איז ער געזונט, איז ער ריין? איידער מען גייט אַריין אין טעמפּל, טוט מען אויס די שיך". קאַלאַיעוו, וועלכער איז שוין איינמאָל געשטאַנען מיט דער באָמבע אין דער האַנט פאַר דעם גרויספירשטס קאָטש, האָט זיך דאַן צוריקגעצויגן פון אַטענטאַט, דערזעענדיק פלוצלינג אין דער קאָטש די פרוי און די קינדער פון גרויס־פירשט... נאָך אַ סך אַזעלכע פרויען און מענער האָט די ס.־ר.־פּאַרטיי געהאַט אין אירע רייען. מען וואָלט געדאַרפט דערמאָנען די ביידע יונגע טעכטער פון גענעראַל איזמאַילאָוויטש פון מינסק, וועלכע האָבן מקריב געווען פאַרן פאָלק זייער בליענד לעבן. די יינגסטע, קאַטיאַ איזמאַילאָוויטש, האָט אויפגעהויבן איר האַנט קעגן דעם תלין פון שוואַרץ־ים־פלאָט, טשוכנין, — און זי איז גלייך אויפן אָרט, לויט זיין באַפעל, דערשאָסן געוואָרן דורך מאַטראָזן. די עלטערע שוועסטער, אַלעקסאַנדראַ, האָט אויסגעפירט אַן אַטענטאַט אויפן מינסקער גובערנאַטאָר, מען האָט זי געכאַפט, געפייניקט, פאַרמשפט צום טויט, באַגנעדיקט — צו קאַטאָרגע. זי איז אומדערשיטערט טריי געבליבן איר גלויבן.

דידאָזיקע העלדן האָבן געלעבט אין מאַריאַס פאַנטאַזיע. זי האָט די אַלע רעוואָלוציע־קעמפער באַטראַכט אַלס אירע וועג־ווייזער, פריינט, לעבנס־חברים. די ליבע צום פאָלק, די קראַפט צו טאַט און די טיפע מענטשלעכקייט פון דידאָזיקע קעמפער האָבן געשטראַלט פאַר איר אַלס ביישפיל. איז זי אַריינגעטרעטן אין דער פּאַרטיי פון די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן.

* * *

עס זענען אָנגעקומען די ערשטע טעג פון יאַנואַר 1906. די רעאַקציע האָט געבושעוועט אין לאַנד ווי אַ צעברויזטע נאַטור־קראַפט. מיט אומגעצוימטער שנאה און אומשטילבאַרן נקמה־

דורשט האָט זי זיך געוואָרפֿן אויף די באַזיגטע פֿאָלקס־מאַסן. אין משך פֿון איין יאָר (פֿון 1905 ביז אַפּריל 1906) האָט דער צאַר־ריזם דערמאָרדעט העכער 14 טויזנט מענטשן, אומגעבראַכט לויט געריכט־אורטיילן ביי 1000, 7 טויזנט אַרעסטירט און פֿאַרשיקט. די נאַהייקע, איינגעוויקלט אין נאַציאָנאַלע בלוי־ווייס־רויטע פֿאַרבן, האָט געפּייניקט איבער די קעפּ פֿון די געבויגענע, טויט־דערשראָקענע מענטשן. דאָס פֿאָלק, וואָס האָט נאָך אַקאָרשט געשטרעבט צו די העכסטע צילן, וואָס האָט זעלבסטבאַוווסט געוואָלט נעמען זיין גורל אין די אייגענע הענט, איז ווידער איינגעשפּאַנט געוואָרן אין שקלאַפֿישן יאָך. דידאַזיקע דערנידעריקונג האָט דאָס פֿאָלק געשפּירט טאָפּלט־שטאַרק, ווייל עס האָט שוין געגלויבט צו זיין פֿריי, ווייל עס האָט אַקאָרשט באַוויזן וווּנדער פֿון העראָיזם, פֿאַרשטאַנד און איניציאַטיוו. די שוואַרצע מאות האָבן באַקומען פֿרייע הענט, דער צאַר האָט זיי אָפֿן פּראָטעזשירט. ער האָט אויפֿגענומען דעפּוטאַציעס פֿון זייערע פֿירער און זיי כּסדר דערמונטערט: „פֿאַראייניקט זיך, עכט־רוסישע מענטשן! איר זענט מיר נויטיק... איך וועל באַלוינען די טרייע!'' עס האָט זיך געדאַכט, אַז יעדעס ליכט, יעדע פֿרייד איז אויסגעלאָשן געוואָרן.

די רעאַקציע האָט שוין געבושעוועט אין מאַריאַס נאָנטסטער אומגעגנט, אין דער טאַמבאָווער גובערניע. טאָג־טעגלעך זענען צו איר דערגאַנגען די גרויל־ידיעות וועגן פּייניקן, שמייסן, מאָרדן די פּויערים. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט דער טריאומפֿירנדער מאַכט פֿון די לאַניצעס און לוזשענאָווסקיס: אין אַלע טיילן פֿון דער פּראָווינץ האָבן געברענט זייערע אָרעמע כאַטקעס און שייערס. דאָסדאָזיקע בייזע פֿייער האָט אָנגעצונדן מאַריאַס האַרץ. זי האָט מער קיין רו נישט געהאַט. זי האָט זיך געפֿילט מיטפֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַרן גורל פֿון פֿאָלק. עס האָט תּיכּף געמוזט עפּעס געשען, כּדי צו ווייזן די פֿאָלקס־מאַסן, אַז מען האָט זיי נישט פֿאַרלאָזן און פֿאַרראַטן. מצד דער ס.־ר.־פּאַרטיי האָט געמוזט קומען אַ רעוואָלוציאָנערער אַקט, וואָס זאָל — גראָד דאָ, אין גיהנום פֿון דער טאַמבאָווער גובערניע, — וואָרענען די רעגירונג, אויפֿמונטערן די האָרעפּאַשניקעס, דערמאָנען די סאָציאַליסטן אין זייער פֿליכט. דער תּליון פֿון די פּויערים — לוזשענאָווסקי — מוז מיט

זיין פאַרשאָלטן לעבן באַצאָלן פאַר די אומצאָליקע קרבנות. אָבער אויב די פּאַרטיי וועט אָננעמען דעמדראָזיקן באַשלוס, מוז זי פּער־זענלעך אויספירן דעם אורטייל: אַזוי איז געווען איר איבערציי־גונג. עס איז געקומען איר שעה צו ברענגען דעם קרבן פאַר דער רעוואָלוציע. אין אַ קורצער צייט איז די קליינע מאַריאַ אויסגע־וואַקסן צום רייפן שטאָלערנעם קעמפער — ספּירידאָנאָוואַ. די ס.ר.־אָרגאַניזאַציע פון טאַמבאָוו האָט איר באַפולמעכטיקט אויס־צופירן דעם אורטייל אויף לוזשענאָווסקין.

* * *

מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ האָט באַהאַלטן אין איר קלייד אַ רע־וואָלווער און גאַנצע צען טעג געזוכט אַ באַגעגעניש מיט לוזשע־נאָווסקין. ס'האָט געשיינט, אַז ער איז אומדערגרייכבאַר; ער האָט געאיילט פון איין סטאַציע צו דער צווייטער; ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ לייב־וואַך. ספּירידאָנאָוואַ האָט אָבער נישט נאָכגעלאָזט. זי איז אים נאָכגעגאַנגען ווי זיין שאָטן: געגעכטיקט אויף סטאַציעס, געביטן די צוגן, ביז זי האָט אים ענדלעך דערזען אויף דער באַן־סטאַציע באָריסאָגלעבסק. לוזשענאָווסקי איז אומ־פאָרזיכטיק אַרויסגעגאַנגען פון וואַגאָן. ער איז נישט אַרומגענומען געווען ווי געוויינלעך — פון אַ ענגער מחנה קאָזאַקן. עס האָט נישט געפעלט פון דאָזיקן מין, זיי זענען אָבער געשטאַנען נישט האַרט לעבן אים, נאָר געווען צעשפּרייט אויפן פּעראָן. זיי זענען באַשעפטיקט געווען מיט פאַנאַנדערטרייבן דעם עולם אין אַלע זייטן. האָבן זיי דעריבער נישט באַמערקט אין דער וואַגאָן ־ טיר די קליינע, פיינע געשטאַלט פון אַ גימנאַזיסטקע. ספּירידאָנאָוואַ האָט אויסגעשאָסן אויף לוזשענאָווסקין. ווען עס האָט זיך דערהערט דער ערשטער שאָס, איז זי אַראָפּגעלאָפן פון וואַגאָן און כסדר געביטן איר פלאַץ, כדי צו פאַרנעמען די בעסטע פּאָזיציעס. די שאָסן זענען געקומען איינער נאָכן צווייטן אַזוי אָפט און שנעל, אַז מען האָט נישט געקאָנט פעסטשטעלן, פונוואַנעט זיי קומען און צי עס שיסט איינער אָדער עטלעכע פּערזאָן.

אין ערשטן מאָמענט זענען אַלע ווי פאַרגליווערט געוואָרן און האָבן זיך פאַרלוירן. לוזשענאָווסקי איז געפאַלן אונטער דער לאַסט פון זיין שווערן קערפּער, וועלכער האָט נאָך אַרויסגעוויזן סימנים

פון לעבן, אויפן פּעראָן. קיינער פון די אַרומיקע קאָזאַקן און זשאַנדאַרן האָבן נישט געקאָנט באַגרייפן, וואָס דאָ איז געשען. אפשר האָט זיך געפונען צווישן דער לייב־וואַך אַ פּאַרדעטער, וואָס האָט געשאָסן?.. פּלוצלונג האָבן דייטלעך אָפּגעקלונגען אין דער אַלגעמיינער פאַרלוירנקייט די ווערטער: „דערשיסט מיך!" אַלע האָבן זיך אומגעדרייט אין דער ריכטונג פון דער שטימע און דערזען אַ קליינע גימנאַזיסטקע מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט, וועלכן זי האָט אויפגעהויבן צו איר שלייף, כּדי זיך צו טויטן.

דער קאָזאַק, וואָס איז געשטאַנען צום נאָנטסטן, האָט זי, מיט אַ קאָלבן־קלאַפּ איבערן קאָפּ, אומגעוואָרפן אויפן פּעראָן. פאַלנדיק האָט ספּירידאָנאָוואַ אַרויסגעלאָזן פון דער האַנט דעם רעוואָלווער. ווען זי איז שוין געלעגן אויף דער ערד, איז צו איר צוגעשפּרונגען דער קאָזאַקן־אָפיציר אַווראַמאָוו, האָט אָנגעכאַפּט איר צאָפּ, אים אַרומגעוויקלט אויף זיין האַנט און אויפגעהויבן דאָס מיידל אין דער לופט. מיט דער צווייטער האַנט האָט ער זי אַ פּאָר מאָל געשלאָגן איבערן קאָפּ מיט דער נאַהייקע. דערנאָך האָט ער מיט דער גאַנצער קראַפט אַ שלײַדער געטאָן אויף דער ערד איר דינעם קערפּער און אויסגעשריגן צו די קאָזאַקן: „שלאָגט זי! קאַטעוועט זי!.. אָן רחמנות!" ער גופא האָט זי תּיכּף גענומען שלאָגן מיט דער נאַהייקע און טרעטן מיט די פיס. דעמראָזיקן הילפלאָזן, קליינעם פרויען־קערפּער האָבן אַרומגערינגלט ברוטאַלע, גנאַוואָפּנטע מענטשן און זיך באַמיט איבערשטייגן איינער דעם צווייטן אין קלעפּ. דאָס אַלץ איז געשען עפנטלעך, אין דער קעגנוואַרט פון אַלע פּאַסאַזשירן, פון אַלע באַן־באַאַמטע, וועלכע זענען פאַרגליווערט געוואָרן אין גרויל, האַס און פאַראַכטונג. אַן אַנפירנדע ראָל ביי דערדאָזיקער חיהשער טאָרטור האָט געשפּילט אַווראַמאָוו, וועלכער איז געווען לוזשענאָווסקים לייב־וועכטער. ער האָט געשריגן ווי אַ באַנומענער, געזידלט און געשאָלטן און בּסדר באַפוילן די קאָזאַקן צו פאַרקאַטעווען דאָס מיידל, „פאַרשמייסן זי צום טויט!" די עדות האָבן שפּעטער דערציילט, אַז די קליינע פרוי האָט נישט אַרויסגעלאָזן קיין איינציקן געשריי, קיין קלאַנג פון רחמנות־בעטן.

פּלוצלונג האָט אַווראַמאָוו באַפוילן: „שלאָגט אַלע, וואָס גע־

פינען זיך דאָ!... אַלע אונטער דער בייטש!״ ווי צעווילדעוועט האָבן זיך די קאָזאַקן געוואָרפן אויפן אומשולדיקן עולם און אָנגעהויבן צו שלאָגן. אַן אַלטער מאַן, אַ פּאַסאַזשיר, איז זיי אַרונטערגעפאַלן אונטער די הענט. זיי האָבן אים געשלאָגן ביז בלוט מיט אַזאַ ווילדקייט, אַז זיינע האַרצרייסנדיקע געשרייען האָבן אָפּגעהילכט איבער דער גאַנצער סטאַציע. אַלע זענען זיך צעלאָפן און אויסבאַהאַלטן, טייל אין די וואַגאָנעס, טייל אין וואָקזאַל. די קאָזאַקן האָבן זיך אַזוי ווייניק צערעמאָניעט, אַז זיי האָבן אַפילו אויסגעמאַקלט די קאָנדוקטאָרן און אַ זשאַנדאַרם־אונטעראָפיציר. בעת דידאָזיקע געשעענישן האָט זיך דער פרידנס־ריכטער פון באָריסאַגלעבסק, הער קאָוואַלענקאָ, געפונען אויפן פּעראָן. צו ספּירידאָנאָוואַס פייניקונג און צום שלאָגן דעם עולם האָט ער זיך געמוזט צוקוקן פון אַ באַהעלטעניש. ווען ער איז שפּעטער געקומען אַהיים, זענען זיינע ערשטע ווערטער געווען: „מען האָט זי אַזוי מוראדיק געשלאָגן!״

איינציקע פון עולם, וואָס זענען געשטאַנען אין די וואַגאָן־טירן, האָבן פאַרזיכערט, אַז צו ספּירידאָנאָוואַס פייניקונג האָט געמאַכט אַ סוף דער זשאַנדאַרם ־ אָפיציר פון דער סטאַציע בעלאָנאָווסקי. ער האָט זיך אָנגענומען פאַר איר, ווייל זי קאָן נאָך שטאַרבן פון די קלעפּ און מען וועט דאַן נישט קאָנען פעסטשטעלן אירע מיטהעלפער. אויפגעהערט צו שלאָגן דעם עולם, האָבן די קאָזאַקן זיך אומגעקערט צו זייער אויף דער ערד אויסגעשטרעקטן קרבן און אים גענומען שלעפּן פאַר איין פוס צום אויסגאַנג. ווען מען האָט ספּירידאָנאָוואַן אַריינגעזעצט אין אַ דראָזשקע, איז זי געווען פולשטענדיק באַוווסטלאָז. נעבן איר האָט זיך געזעצט אַ קאָזאַקן־אָפיציר. מען האָט זי אַוועקגעפירט צום קרייז ־ נאַטשאַלניק. ווען מען האָט ספּירידאָנאָוואַן אַהינגעבראַכט, האָט זיך אין קאָרידאָר געפונען אַ הער. ער האָט געזען, ווי ספּירידאָנאָוואַ איז אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ און אויף דער אויבערשטער שטיגן־פּלאַטפאָרם געבליבן שטיין. איר פּנים האָט געברענט. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט און שווער געאָטעמט. זי איז געווען ביים פולן באַוווסטזיין. דער קאָזאַקן־אָפיציר, וואָס האָט זי אַהערגעבראַכט, האָט איר געפרעגט: „ווו איז אייער רעוואָלווער?״ זי

האָט געענטפערט, אַז ער איז איר אַרויסגעפאַלן פון די הענט, בעת מען האָט זי געשלאָגן אויף דער סטאַציע. „ווי רופט מען אייך?" — „איך בין נישט קיין היגע". דער אָפיציר האָט אויפגערעגט איבערגעחזרט: „ווי רופט מען אייך, איר הערט?" — „איך בין נישט קיין היגע, אַ טאַמבאָווערין" — האָט ספּירידאָנאָווא געענטפערט מיט מי, שוואַך־אָטעמענדיק. דאַן האָט זי דער אָפיציר עטלעכע מאָל געשלאָגן אין פּנים מיט דער גאַנצער קראַפט. — „פאַרוואָס שלאָגט איר מיך? שטעלט מיך פאָרן געריכט, דערשיסט מיך, אָבער שלאָגט מיך נישט!" אין דאָזיקן מאָמענט האָט דער אָפיציר באַמערקט, אַז עס זענען דאָ פּרעמיע און ער האָט באַפוילן די קאָזאַקן אַלע אַרויסצויאָגן. וואָס עס איז ווייטער געשען, איז געבליבן אומבאַקאַנט.

אייניקע מענטשן האָבן צוגעזען, ווי אַזוי מען האָט ספּירידאָנאָוואַן שפּעטער אַריבערגעפירט אין פּאָליציי - צירקל. אַווראַמאָוו איז געזעסן נעבן איר אין שליטן און איר אונטערגעשפּאַרט דעם רוקן. איר קאָפּ איז פאַרוואָרפן געווען אַהינטער. זי איז געזעסן אָן אַ הוט מיט אַ פאַרבלוטיקטן, צעשלאָגענעם פּנים און צעשויבערטע האָר. עס האָט געשנייט, עס האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט. ס'איז קענטיק געווען, אַז ספּירידאָנאָווא איז באַוווסטלאָז, ווייל איר דאַרער קערפּער איז דורך דעם נישט גלאַטן וועג געשליידערט געוואָרן אין שליטן הין און צוריק. דער שליטן איז געפאָרן צווישן פּאָליציי - באַאַמטע אין דראָזשקעס, קאָזאַקן זענען נאָכגעריטן. די פּראָצעסיע האָט זיך שטאַרק געאיילט.

אין פּאָליציי - צירקל איז ספּירידאָנאָווא פאַרבליבן פון 12 אַזייגער בייטאָג ביז 11 אַזייגער אין אָוונט. מען האָט זי אויסגעטון נאַקעט, פאַרשפּאַרט אין אַ נישט - געהייצטן צימער און זי איבערגעענטפערט אין די הענט פון צוויי מענער. דאָס זענען געווען אַווראַמאָוו און לוזשענאָווסקיס צווייטער לייב - וועכטער — דער פּריסטאַוו זשדאַנאָוו. די צוויי האָבן געדאַרפט נעמען ספּירידאָנאָוואַן אויפן ערשטן פאַרהער, דער עיקר אַרויספרעגן פון איר די נעמען פון די מיטהעלפער. זיי האָבן דעם פאַרהער פאַרוואַנדלט אין אַן אינקוויזיציע, וועלכע האָט אפילו אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד אַריבערגעשטיגן אַלע גרענעצן פון דער פאַנטאַזיע. דאָס,

וואָס עס איז געשען מיט ספּירידאָנאָוואַן אין דאָזיקן פּאָליציי־
צירקל, אין דער דאָזיקער טאָרטורן - קאַמער, ווו צוויי תּליונים
האָבן אין געהיים געפּייניקט דאָס האַלב - טויטע מיידל, כּדי אַרויס־
צופּרעסן פון איר כאָטש אַ קרעכץ אָדער בלויז אַ קלאַנג (און נישט
געקוקט אויף די ראַפינירטע פּייניקונגען איז זיי דאָס נישט געלונ־
גען), — וועגן דעם האָט קיין איין מענטש נישט געוווּסט. ספּירי־
דאָנאָוואַ גופא האָט וועגן אירע אוממענטשלעכע ליידן דערציילט
אין יענעם פּשוטן בריוו, וועלכער איז דערגאַנגען צו דער עפנט־
לעכקייט אויף אַ צופעליקן און גליקלעכן אופן. מיר וועלן באַלד
ברענגען ווערטלעך דעם בריוו, וואָס האָט טיף דערשיטערט גאַנץ
רוסלאַנד. דאָ וועלן מיר נאָר קורץ לאָזן קומען צום וואָרט צוויי
עדות, וועלכע האָבן בעת ספּירידאָנאָוואַס פּייניקונג געהאַט אַ דיר־
זשור אין זעלבן פּאָליציי - צירקל. איינער פון זיי — אַ פּאָליציי־
באַאַמטער — האָט שפּעטער דערציילט זיינע באַקאַנטע (און איז
דערפאַר אַרעסטירט געוואָרן אויף אַ וואָך): „מיך האָט דורכגע־
נומען דער פראָסט אַפילו אין מאַנטל, און זי איז געווען נאַקעט.
מען האָט זי אָנגעכאַפּט און אויפגעהויבן ביים צאָפּ, מען האָט
זי געשלאָגן אין דער לופטן מיט דער נאַהייקע און באַפוילן צו
שרייען. דאַן האָט מען זי געטראָטן מיט די פיס, ווידער אויפגע־
הויבן ביים צאָפּ און זי געשלאָגן מיט דער נאַהייקע". דער אַנדער
עדות האָט דערקלערט: „אַפילו איך, אַ קאָזאַק, האָב געציטערט
אויפן גאַנצן קערפּער ביים דערמאָנען זיך אין ספּירידאָנאָוואַס פּיי־
ניקונג אין פּאָליציי־צירקל." ער האָט נאָך צוגעגעבן, אַז אַווראַמאָוו,
פון וועלכן עס האָט געטראָגן פון שנאַפּס, ווי פון אַ פאַס, פלעגט
פון צייט צו צייט פאַרלאָזן די טאָרטורן - קאַמער און פאָרן צו
לוזשענאָווסקין, וועלכער איז געווען ביים פולן באַוווּסטזיין.

לוזשענאָווסקי, פאַרווונדעט אין אַ סך ערטער, איז געלעגן
אין הויז פון קרייז - נאַטשאַלניק, וועלכער האָט געוווינט אָן אויפ־
הער ביים בעט פון קראַנקן. יעדע פאַר שעה פלעגט זיך דאָ מעלדן
אַווראַמאָוו — און די דאָזיקע דריי מענער פלעגן זיך שושקען.
זייער שטימונג איז געווען פינסטער און געדריקט. גלייכצייטיק
איז אין שכנותדיקן צימער געדעקט געווען דער טיש. עס זענען
דאָרט געשטאַנען אַלערליי שנאַפּסן און ווײַנען. אַווראַמאָוו, וואָס

איז שוין פון פריער געווען שכּור, האָט גיריס געטרונקען איין גלאָז נאָכן צווייטן. דערנאָך פלעגט ער ווידער צוגיין צום קראַנקנס בעט, זיך אָנכאַפּן ביים קאָפּ און אויסרופן: „אַך, גאַווריִלאַ ניקאַ־לאַיעוויטש! וואָס האָסטו אָנגעמאַכט! ווי אַזוי האָט דאָס גאָר גע־קענט געשען!" פלעגט זיך אַריבערבויגן איבער אים און אַריינ־שעפּטשען לײדנשאַפטלעכע ווערטער... דאַן פלעגט ער פאַרשווינדן, צוריקקומען, טרינקען און קלאָגן: „איך בין אין אַלעם שולדיק... צוליב מיר קומט אום גאַווריִלאַ!... וואָלט זי נישט אויסגעשריגן „דערשיסט מיך!" און נישט געהאַט קיין רעוואָלווער אין דער־האַנט, וואָלט זי געקאָנט אַפילו אַוועקגיין, נישט ווערנדיק באַ־מערקט!"...

לוזשענאָווסקי איז נאָך אַלץ געווען ביים באַוווסטזיין, און איינמאָל האָבן זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט חרטה־ווערטער: „איך האָב טאַקע איבערגעכאַפּט די מאָס." פון דאַנען איז אַווראַמאָוו ווידער געפאָרן אין פּאָליציי־צירקל, כּדי דאָרט ווייטער צו פירן זיין גרויזאַמען „פאַרהער" פון דער ספּירידאָנאָווא. זי האָט נאָך דעמ־זעלבן טאָג געזאָלט אָפּטראַנספּאָרטירט ווערן אין זיין באַגלייטונג אין אַ טאַמבאָווער תּפיסה.

11 אַזייגער אין אָוונט, ווען מען האָט ספּירידאָנאָוואַן ענדלעך געוואָלט אַריבערפירן פון פּאָליציי־צירקל צו דער באַן, האָט זי זיך געפילט אַזוי שלעכט, אַז די פּאָליציי־פאַרוואַלטונג האָט גע־מוזט פאַראָרדנען דעם פעלדשער סימין, צו באַגלייטן ספּירידאָנאָ־וואַן אין צוג ביז דער באַן־סטאַציע „מערנאָווקאַ". סימין איז געווען אַן עדות, ווי ברוטאַל און ציניש אַווראַמאָוו האָט באַהאַנדלט ספּירידאָנאָוואַן. ווען סימין האָט דערזען ספּירידאָנאָוואַן אין וואַ־גאָן, איז זי געווען מוראדיק צעהורגט. איר פּנים האָט געהאַט בלויע בלוט־פלעקן און איז געווען אַרומגעבונדן. אויפן ערשטן בליק האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ספּירידאָנאָוואַס לינק אויג איז אינגאַנצן אויסגעהאַקט און דאָס רעכטע אַזוי פאַרשוואָלן, אַז עס איז געווען ווי בלינד. דאָס גאַנצע געזיכט האָט אויסגעזען ווי פאַרוואַנדלט אין אַ אויפגעשוואָלענע מאַסקע מיט בלויע שאָטנס. אין זעלבן וואַגאָן האָבן זיך געפונען דער פולשטענדיק שכּורער אַווראַמאָוו און קאָזאַקן. אַווראַמאָוו האָט כּסדר חוזק געמאַכט פון

איר. ער האָט אויסגעשטעלט צו איר זיין ברוסט און געשריגן: „שיס אויף מיר, שיס! האָסט דערמאָרדעט לוזשענאָווקסין, טויט־זשע אויך מיך!" דאַן ווידער האָט ער אויסגערופן מיט בייזן שאַדנפרייד: „האָסט פיין באַקומען פון אונז!... מיר, קאַזאַקן, זענען דאָ דערויף, כדי אייך צו הורגן!" ווען דער צוג האָט זיך אָבער דערנענטערט צו דער סטאַציע „טערנאָווקאַ", האָט זיך אווראַמאָוו אַלץ מער אויסגעניכטערט און געענדערט זיין אויפפירונג לגבי ספּירידאָנאָוואַן. ער איז געוואָרן אויפמערקזאַם, צערטלעך, זי אָנגערופן מיט ליבליכנס־נעמען. אינגיכן, אין „טערנאָווקאַ", איז דער פעלדשער אויסגעשטיגן, און וואָס ווייטער איז געשען, איז געבליבן אומבאַקאַנט. עס איז געוואָרן פיר אַזייגער ביינאַכט.

— — — — — — — — — — —

ווען אווראַמאָוו האָט זיך אומגעקערט פון טאַמבאָוו קיין באָריסאָגלעבסק, נאָכדעם ווי ער האָט די האַלב־טויטע ספּירידאָנאָוואַ איבערגעפירט אין תּפיסה, האָט ער אין צוג פאַרפירט אַ שמועס מיט אַ הער. אווראַמאָוו איז געווען זייער נידערגעשלאָגן און האָט דערציילט דעם הער, אַז עס איז מיט אים געשען אַן אומאַנגענעמע זאַך. ווען ער האָט ספּירידאָנאָוואַן געבראַכט אין תּפיסה, האָט זי אים רכילותדיק פאַרקלאָגט ביי דער פאַרוואַלטונג, אַז ער האָט זיך פּרעך אויפגעפירט לגבי איר און אפילו אויסגענוצט איר שוואַכקייט. אַזאַ רכילות קאָן באַפלעקן זיין גוטן נאָמען און די ערע פון אָפיצירן־מונדיר.

מיר וועלן איצט בעסער לאָזן ריידן מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַן גופא, כדי צו הערן צום ערשטן מאָל איר אייגענע שטימע.

### V.

## ספּירידאָנאָוואַס בריוו

טייערע חברים! לוזשענאָווסקי איז צום לעצטן מאָל געפאָרן מיט יענעם וועג. אין באָריסאָגלעבסק האָט ער געזאָלט איינשטייגן אינעם עקסטרא־צוג. האָט עס דאָרט געמוזט געשען. אויף איין באַן־

סטאַציע האָב איך געוואַרט אַ טאָג, אויף דער צווייטער אויך אַזוי לאַנג און אויף אַ דריטער — צוויי טעג. איינדערפרי, ווען דער צוג איז אָנגעקומען, האָב איך ארויסגעדרונגען פון דער אָנוועזנהייט פון קאָזאַקן, אַז לוזשענאָווסקי פאָרט. איך האָב געקויפט אַ בילעט צווייטע קלאַס, מיט דער כּוונה צו באַנוצן דעם שכנותדיקן וואַגאָן. געקליידט אַלס גימנאַזיסטקע, מיט אַ ראָזן, צופרידן פּנים, אַ רואיקע, האָב איך נישט ארויסגערופן קיין חשד. לוזשענאָווסקי איז אָבער נישט אַרויס אויפן פּעראָן.

ווען דער צוג איז אָנגעקומען אין באָריסאָגלעבסק, איז דער פּעראָן אָפּגעריייניקט געוואָרן דורך זשאַנדאַרן און קאָזאַקן. איצט בין איך אריין אין שכנותדיקן וואַגאָן און פון דער פּלאַטפאָרם אראָפּ, אויף אַ מרחק פון 12—13 טריט אויסגעשאָסן אין לוזשע־נאָווסקין, וועלכער איז געגאַנגען פארביי אַ געדיכטער קייט קאָ־זאַקן. היות איך בין געווען זייער רואיק, האָב איך נישט מורא געהאַט צו פאַרפעלן דעם ציל, הגם מען האָט געמוזט צילעווען איבער די אַקסלען פון אַ קאָזאַק. איך האָב געשאָסן אַזוי לאַנג, ווי ס'איז נאָר מעגלעך געווען. נאָכן ערשטן שאָס האָט זיך לוזשע־נאָווסקי איינגעבויגן, זיך געכאַפּט פאַרן בויך און אָנגעהויבן צו לויפן הין און צוריק איבערן פּעראָן. אין דאָזיקן אויגנבליק בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פון דער פּלאַטפאָרם אויפן פּעראָן, און האָב האַסטיק געשאָסן, בייטנדיק יעדעסמאָל דעם ציל, נאָך דריי מאָל. לויטן באַריכט פון באַגאַראַדיצקי, האָט לוזשענאָווסקי באַקו־מען פינף ווונדן, צוויי אין בויך, צוויי אין דער ברוסט און איינע אין אָרעם.

די לייב־וואַך, וואָס איז אין ערשטן מאָמענט צעטומלט גע־וואָרן, איז געקומען צו זיך; דער גאַנצער פּעראָן איז פול געוואָרן מיט קאָזאַקן; ס'האָבן זיך דערהערט געשרייען: „שלאָגט!.. שלאָגט און שיסט!" מען האָט אַרויסגעצויגן שווערדן. ווען איך האָב באַמערקט די בלאַנקנדיקע שווערדן, האָב איך געמיינט, אַז מיין סוף איז געקומען, און באַשלאָסן זיך נישט לאָזן פאַנגען לעבעדי־קערהייט. איך האָב אויפגעהויבן דעם רעוואָלווער צום שלייף. אינמיטן דער באַוועגונג איז אָבער מיין האַנט אַראָפּגעזונקען. און — באַטויבט דורך קלעפּ, בין איך שוין געלעגן אויף דער ערד.

„ווו איז אייער רעוואלווער?" — האב איך געהערט די שטים פון קאזאקן־אפיציר, וואס האט מיך האסטיק רעווידירט. קאלבן־קלעפ איבערן קאפ און קערפער האבן מיך אינגאנצן דערשיטערט. איך האב זיך באמיט א געשריי צו טון: „דערשיסט מיך!" דאס שלאגן האט נישט אויפגעהערט. איך האב פארדעקט דאס פנים מיט די הענט, אבער מיט די ביקסן־קאלבן האט מען די הענט אפגעריסן פון פנים, דאן האט מיך א קאזאקן־אפיציר אויפגעהויבן אין דער לופט בײם צאפ, וואס איז געווען ארומגעוויקלט ארום זיין ארעם, און מיט דער גאנצער קראפט מיך א שליידער געטון אויפן פעראן. איך בין געפאלן אין חלשות, מיינע הענט זענען אנמעכטיק אראפגעפאלן, — און ס'האט גענומען האגלען מיט קלעפ אויף פנים און קאפ. שפעטער האבן זיי מיך אראפגעשלעפט ביי די פיס פון די טרעפ. דער קאפ האט זיך געשלאגן אין די שטיגן: פארן צאפ האט מען מיך אריינגעשלעפט אין דער דראשקע.

אין עפעס א הויז האט מיך א קאזאקן־אפיציר אויסגעפרעגט... ווען איך בין געגאנגען צום אטענטאט האב איך ביי מיר געהאט אפגעמאכט, נישט אויסצובאהאלטן קיין איין מינוט מיין נאמען און דעם צוועק פון מיין טאט. איצט האב איך אבער געהאט פארגעסן מיין נאמען און כ'האב בלויז פאנטאזירט. מ'האט מיך ווידער געשלאגן אין פנים און אין דער ברוסט. אין פאליציי־צירקל האט מען מיך אויסגעטון, רעווידירט, און אריינגעזעצט אין א קאלטער צעלע מיט א שמוציקן און פייכטן שטיינערנעם דיל.

צוועלף אדער איינס א זייגער פארמיטאג זענען אריינגעקומען אין מיין צעלע דער פריסטאוו זשדאנאוו און דער קאזאקן־אפיציר. אין זייער געזעלשאפט בין איך פארבליבן, מיט קליינע הפסקות, ביז 11 א זייגער אין אוונט. זיי האבן מיך אויסגעפארשט און זענען געווען אזוי מייסטערהאפט אין פייניקן, אז אפילו איוואן דער גרויזאמער וואלט זיי געקאנט מקנא זיין דערין. מיט א פוס־שטויס האט מיך זשדאנאוו אוועקגעשליידערט אין ווינקל פון צימער, ווו דער קאזאקן ־ אפיציר האט געווארט אויף מיר.. דער דאזיקער האט זיך געשטעלט אויף מיין רוקן און מיך צוריקגעווארפן צו זשדאנאוו, וועלכער האט זיך דאן ווידער געשטעלט אויף מיין נאקן. זיי האבן מיר באפוילן זיך אויסצוטון נאקעט און פארבאטן צו הייצן

די אַזוי אויך איז - קאַלטע צעלע. זיי האָבן געשלאָגן מיין נאַקעטן קערפּער מיט דער נאַהייקע (זשדאַנאָוו), געמיין זיך געזידלט און גערעדט צו מיר: „נו, פּריילן (עס זענען געקומען זידל־ווערטער), האַלט נאָר אַ העצערישע רעדע"! אויף איין אויג האָב איך מער נישט געקאָנט זען, די רעכטע העלפט פונם פּנים איז געווען מורא־דיק צעשלאָגן. זיי האָבן דוקא געדריקט די דאָזיקע טייל און ביטערע געפרעגט: „עס טוט וויי, טייערע? זאָג אויס, ווער זענען דיינע חברים!".

איך האָב אָפּט פאַנטאַזירט, און ביים פאַרלירן דאָס באַוווסט־זיין פיינלעך מורא געהאַט איך זאָל עפּעס נישט האָבן פאַרראַטן. אָבער אין מיינע דערקלערונגען איז נישט געווען קיין שום עיקר־דיקס, אַ חוץ אומזין, ווייל איך האָב גערעדט פון היץ.

ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך אָנגערופן מיין נאָמען, דערקלערט, אַז איך בין סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערין און דערקלערונגען וועל איך געבן דעם אויספאָרשונגס - ריכטער, אַז איך שטאַמען פון טאַמבאָוו קאָנען באַשטעטיקן דער געהילף - פּראָקוראָר קאַמע־ניעוו און אַנדערע זשאַנדאַרן. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטורם פון עמפּערונג: זיי האָבן מיר איינציקווייז געריסן די האָר פון קאָפּ און כּסדר געפרעגט, ווו עס זענען די אַנדערע רעוואָלוציאָנערן. זיי האָבן פאַרלאָשן זייערע ברענענדיקע פּאַפּיראָסן אין מיין קערפּער און געשריגן: „שריי־זשע, דו נבֿלה!" כּדי אַרויסצופּרעסן ביי מיר געשרייען, האָבן זיי געקוועטשט די פוס־טריט פון מיינע „שיינע" פּיס — ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט — מיט די שטיוול, ווי מיט צוואַנגען, און געריטשעט: „שריי־זשע!" (עס זענען געקומען זידל־ווערטער) „גאַנצע דערפער האָבן ביי אונז געברילט, ווי קי, און דאָס דאָזיקע קליינע מיידל האָט קיין קלאַנג פון זיך נישט אַרויס־געגעבן, נישט דאָ און נישט אויפן פעראָן. נו, דו וועסט נאָך שרייען... מיר וועלן נאָך אָנקוועלן פון דיינע ליידן... מיר וועלן דיך אויף ביינאַכט איבערענטפערן די קאָזאַקן... — „ניין, האָט אווראַמאָוו געזאָגט, צווערשט מיר, דערנאָך — די קאָזאַקן" און די געמיינע אַרומנעמונג איז באַגלייט געווען פון באַפעל: „שריי!" אין משך פון דער גאַנצער טאָרטור אויפן פעראָן און שפּעטער אין

דער פּאָליציי האָב איך קיין איינציק מאָל נישט געשריגן. כ'האָב בלויז כּסדר געדעדט פון היץ.

11 א זייגער בין איך פאַרהערט געוואָרן דורכן אויספאָרשונגס־ריכטער. ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט איבערצוגעבן אין טאַמבאַוו דעם פּראָטאָקאָלירטן מאַטעריאַל, ווייל איך האָב די גאַנצע צייט גערעדט פון היץ. מען האָט מיך אַוועקגעפירט אין א עקסטרא־צוג קיין טאַמבאַוו. דער צוג פאָרט לאַנגזאַם. עס איז קאַלט, טונקל. די לופט איז געדיכט פון אַווראַמאַווס געמיינע קללות. ער האָט מיך שווידערלעך געזיידלט. מען פילט ממש דעם אָטעם פון טויט. אפילו די קאַזאַקן פילן זיך אומהיימלעך. „זינגט, יאַטן, פאַרוואָס זענט איר אַזוי טרויעריק?... זינגט, כּדי די דאָזיקע חזירים זאָלן פגרן ביי אונזער פרייד!" א ווילדע קוויטשעריי און פייפעריי. די ליידנשאַפטן פלאַקערן אויף, אויגן און ציין בליצן, דאָס ליד איז עקלדיק. איך רעד פון היץ: „וואַסער!" — נישטאָ קיין וואַסער. דער אָפיציר גייט מיט מיר אין וואַגאָן פון 2־טער קלאַס. ער איז שכור און צערטלעך; זיינע הענט נעמען מיך אַרום, קנעפּלען אויף דאָס קלייד; די שכורע ליפּן פליסטערן געמיין: סאַראַ סאַמעטן־ווייכע ברוסט, סאַראַ שיינער קערפּער"... עס פעלט מיר די קראַפט צו שטעלן א ווידערשטאַנד, אים אָפּצושטויסן. עס פעלט מיר די שטים, איך קאָן נישט שרייען, עס וואָלט אגב געווען אומזיסט. כ'וואָלט גערן צעשמעטערט דעם קאָפּ, אָבער אין וואָס? דער פאַרחיהשטער אויסוווּרף לאָזט מיך נישט אָפּ. מיט א האַרטן שטיוול גיט ער א קלאַפּ אויף מיינע צו־זאַמענגעפּרעסטע פיס, כּדי צו ברעכן זייער ווידערשטאַנד. איך רוף דעם פּריסטאַוו, יענער שלאָפט אָבער. אַריבערגעבויגן איבער מיך, גלעטנדיק מיין גאַמבע, פליסטערט צו מיר אַווראַמאַוו צערט־לעך: „פאַרוואָס קריצט איר אַזוי מיט די ציין? איר צעברעכט דאָך אייערע קליינע ציין".

כ'האָב די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, ווייל כ'האָב מורא געהאַט פאַר אַן ענדגילטיקער פאַרגוואַלטיקונג. פרימאָרגנס לייגט ער מיר פאַר בראָנפן־שאַקאַלאַד. ווען קיינער איז נישטאָ, גלעט ער מיך ווידער. פאַר טאַמבאַוו בין איך אויף א שעה איינגעשלאָפן. כ'האָב מיך אויפגעכאַפּט, פילנדיק אויף זיך ליגן דעם אָפיצירס האַנט. ער האָט מיך אָפּטראַנספּאָרטירט אין תּפיסה און כּסדר אי־

בערגעחזרט: „איר זעט, איך נעם אייך אַרוס״. אין טאַמבאָוו האָב איך ווידער געדרעדט פון היץ און בין שווער קראַנק געוואָרן.

מיינע דערקלערונגען זענען געווען פאָלגענדע: 1) יאָ, איך האָב געוואָלט טויטן לוזשענאָווסקין, לויט אַ פּאָריקן הסכם מיט א. אַ. וו.; 2) איך האָב דאָס געטון לויט אַ באַשלוס פון טאַמבאָווער קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן - רעוואָלוציאָנערן, ווייל לוזשענאָווסקי האָט אויף אַ פאַרברעכערישן אופן געשמיסן און אָן אַ שיעור געפּייניקט די פּויערים בעת די פּאָליטישע און אַגראַרישע אומרועז און נאָך זייער אַפּשלוס, ווייל לוזשענאָווסקי אַלס שוץ־קאָמאַנדיר פון באָריסאָגלעבסק, איז באַגאַנגען רויבערישע מעשים, ווייל ער האָט אין טאַמבאָוו אָרגאַניזירט די שוואַרצע מאה; איך האָב דאָס געטון אַלס ענטפער אויפן איינפירן קריגס־צושטאַנד אין טאַמבאָוו און די איבעריקע קרייזן. דער טאַמבאָווער קאָמיטעט פון דער ס.־ר.־פּאַרטיי האָט אַרויסגעטראָגן זיין אורטייל איבער לוזשענאָווסקין. אין פולן הסכם מיטן דאָזיקן אורטייל און אין פולן באַוווסטזיין פון מיין טאַט האָב איך גענומען אויף זיך אויסצופירן דעמדאָזיקן אורטייל.

די אויספאָרשונג איז פאַרענדיקט. ביז איצט בין איך שווער קראַנק, רייד אַ סך פון היץ. אויב מען וועט מיך טויטן, וועל איך שטאַרבן רואיק און מיט אַ גוטן געפיל אין האַרצן.

ספּירידאָנאָוואַ״.

דעדדאָזיקער בריוו, ווי ס'איז' קלאָר פון זיין אינהאַלט, איז באַשטימט געווען נישט פאַר דער עפנטלעכקייט, נאָר פאַר די נאָנטסטע חברים. אַ דאַנק אַ גליקלעכן צופאַל, איז ער אינגיכן באַקאַנט געוואָרן גאַנץ רוסלאַנד. די חברים, וועלכע האָבן אים געהיים באַקומען און זענען טיף דערשיטערט געווען פון זיין אינהאַלט, האָבן נישט געקאָנט רוען, ביז זיי האָבן אים נישט איבערגעגעבן דער עפנטלעכקייט פון לאַנד. דער שליח, וועלכן זיי האָבן געשיקט קיין מאָסקווע, צו פאַרעפנטלעכן דעמדאָזיקן בריוו אין אַ צייטונג, האָט נאַרנישט געקאָנט פועלן. אַלע פּראָגרעסיווע צייטונגען האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו דרוקן דעם בריוו — אויס מורא פאַר דער רעאַקציע. צופעליק איז דער בריוו אַריינגעפאַלן אין דער רעדאַקציע פון דער ליבעראַלער צייטונג „רוס״ (אין פּעטער־

בורג) און דאָ איז ער אָפּגעדרוקט געוואָרן. און רוסלאַנד האָט א געשריי געטון, ווי אַ פאַרוווּנדעטער ריז, ווען עס האָט זיך דער־ וווּסט וועגן ספּירידאָנאָוואַס שוידערלעכער טראַגעדיע. ווייל אַלץ, וואָס דאָסדאָזיקע רוסלאַנד האָט דורכגעליטן ביז איצט, איז קאָנ־ צענטרירט געווען אין ספּירידאָנאָוואַס גורל, וועלכע איז דריי־פאַך געשענדעט געוואָרן: אַלס מענטש, אַלס פרוי, אַלס רעוואָלוציאָנער. אין איין מאָמענט איז ספּירידאָנאָווא באַקאַנט געוואָרן אין גאַנצן לאַנד אַדאַנק איר בריוו, און וועלכן עס זענען פאַראייניקט געווען איבערמענטשלעכע פּיין, פּשוטע גרייטקייט צום גרעסטן קרבן, פאַ־ ליטישער פאַרשטאַנד און קינסטלערישע געשטאַלטונגס־קראַפט. דאָס פאָלק האָט דערקענט אין איר זיין אייגן, ליידנד קינד און האָט איר אַרויסגעוויזן אַ שפע ליבע און צערטלעכקייט. מאַריא אַלעקסאַנדראָוונאַ ספּירידאָנאָווא איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מאַרוסיאַ ספּירידאָנאָוואַ; גאָר אינגיכן איז דער ליבלינגס־נאָמען מאַרוסיאַ געוואָרן באַקאַנט און באַליבט.

דאָס גאַנצע לייד, וואָס האָט פאַרפולט דאָס האַרץ פון פאָלק, די גאַנצע ליבע צו די מענטשן־ברידער, די גאַנצע בענקשאַפט נאָך גליק און באַפרייאונג, האָבן די מאַסן פון איצט אָן פאַרבונדן מיט דער ליבלעכער, צאַרטער געשטאַלט פון מאַרוסיאַ. די עלטערן, די מוטערס האָבן אין מאַרוסיאַס מאַרטיריום געזען דעם האַרטן גורל פון זייערע אייגענע קינדער. דער יונגער קעמפנדער דור, די טויזנטער געפאַנגענע רעוואָלוציאָנערן פון אַלע פּאַרטייען און ריכטונגען האָבן באַוווּנדערט מאַרוסיאַס העלדישקייט. דאָסדאָזיקע מסירת־נפשדיקע, אומבויגזאַמע יונגע מיידל האָט אין אַלעמענס אויגן אויסגעזען ווי די פאַרקערפּערונג פון דער רעוואָלוציע. רירנ־ דיק איז געווען די באַציאונג צו ספּירידאָנאָוואַן מצד די פּויערים אין טאַמבאָווער גובערניע. נאָך פאַר איר אַטענטאַט האָבן זיי אָפּ־ געמאַכט אויף זייערע פאַרזאַמלונגען, אַז אויב עמיץ וועט זיי באַ־ פרייען פון פאַרהיהשטן לוזשענאָווסקי, וועלן זיי נעמען אויף זיך אויסצובעטן ביי גאָט מחילה פאַר דעראָזיקער זינד און די אחריות פאַר דער בלוט־פאַרגיסונג. זיי אַלע, די געקוועלטע, גע־ שמיסענע פּויערים האָבן זיך געוואָלט פאַרענטפערן פאַר גאָט!..
און ווען די פּויערים פון דאָרף „פּעסקי", וואָס ליגט נישט ווייט

פון באַריסאָגלעבסק, האָבן זיך דערוווּסט, אַז זייער פֿייניקער לו־ זשענאָווסקי איז געטויט געוואָרן, האָבן זיי אַרויסגעשיקט קיין באַריסאָגלעבסק דריי פּויערים, כּדי פֿעסטצושטעלן דעם נאָמען פֿון זייער דערלייזער. זיי האָבן אים געוואָלט אין זינען האָבן אין דער קירכע, און מתפּלל זיין פֿאַר אים. דער נאָמען מאַריאַ איז דאָרט זייט דאַן געפֿייערט געוואָרן. דאָס גאַנצע דאָרף האָט אים געקאָנט און לײדנשאַפֿטלעך מתפּלל געווען יעדעס מאָל, ווען דער גלח פֿלעגט פֿאַרזאָגן די תּפֿלה „פֿאַרן וווּיל פֿון דער לײדנדער־ מאַריאַ".

* * *

ספּירידאָנאָוואַ איז אַריבערגעפֿירט געוואָרן אין תּפֿיסה. דאָ האָט זי אײגנטלעך געראַטעוועט גע־ פֿינען רו און עלעמענטאַרן שוץ, ווי דאָס באַקומט יעדער פֿאַרברעכער. איר האָט מען אַנדערש באַהאַנדלט. דעם 4־טן פֿעברואַר — 17 טעג נאָכן אַטענטאַט — איז איר מוטער צום ערשטן מאָל דערלויבט געוואָרן צו באַזוכן איר טאָכטער אין תּפֿיסה. היות מאַריאַ איז געווען שטאַרק קראַנק און האָט נישט געקאָנט אויפֿשטיין, האָט מען די אַלטע מוטער אַרײַנגעפֿירט אין דער צעלע.

די מוטער האָט נישט געוווּסט, אַז איר טאָכטער איז קראַנק. די קלאַנגען וועגן פּײַניקן איר טאָכטער האָט זי נישט געוואָלט גלויבן. ווען מען האָט אָבער געעפֿנט די שווערע טיר פֿון דער צעלע, האָבן די מוטערישע אויגן דערזען אַ שרעקלעך בילד: אין אַ ווינקל פֿון צעלע, אויפֿן דיל, איז געלעגן איר מאַרוסיאַ! דער קאָפּ, באַדעקט מיט קאָמפּרעסן, איז אומבאַוועגלעך געלעגן אויפֿן קישן. אַ קאָמפּרעס אויך אויפֿן אויג. ביים אַרײַנקומען פֿון זשאַנ־ דאַרם - אָפֿיציר און פֿון תּפֿיסה - אויפֿזעער האָט זי זיך קיין ריר נישט געטון. די מוטער איז געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך ביי דער שוועל און האָט זיך נישט דערוועגט איבערצורייסן די קבֿר־ שטילקייט פֿון דאָזיקן אָרט. אַ גרויל האָט זי אַרומגעכאַפּט. פֿאַר־ וואָס ליגט זי אויפֿן דיל? פֿאַרוואָס איז איר קאָפּ באַדעקט מיט קאָמפּרעסן? זענען, הייסט עס, ריכטיק די קלאַנגען וועגן פּײַניקן איר טאָכטער! זייט איר אַרעסט זענען שוין פֿאַריבער 17 טעג... דאָס הייסט, אַז אין משך פֿון די אַלע טעג איז איר אומגליקלעך

קינד געלעגן אומבאוועגלעך און הילפלאָז אויפן דיל, נישט האָבנ־דיק קיין כוח אויפצוהויבן דעם קאָפּ פון קישן!..

די אומגליקלעכע מוטער האָט זיך שטיל - שטיל דערנענטערט צו איר טאָכטער. עס איז פאַריבער אַ מינוט פון שווייגן. דאַן האָט דער אָפיציר איבערגעריסן די שטילקייט — מיט הויכער שטים. —

— „מאַריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ! אייער מוטער איז געקומען צו אייך!"

מארוסיאַ האָט געעפנט די אויגן און געבעטן דער מוטער מיט אַ לייכטער קאָפּ־באַוועגונג זיך דערנענטערן צו איר. די אַלטע פרוי האָט זיך געזעצט אויפן דיל נעבן איר קינד, עס לאַנג אָנגעקוקט, נישט געוווּסט ווי אָנצוהויבן דעם געשפּרעך — און טרערן זענען גערונען איבער אירע באַקן. דער אָפיציר האָט זיך געשטעלט מיט די קני אויפן דיל און צווישן אַריינגעשטעקט די נאָז צווישן קאָפּ פון דער קראַנקער און דעם קאָפּ פון דער מוטער.

דער באַזוך האָט געדויערט 20 מינוט. די מוטער האָט נישט דערמאָנט מיט קיין איינציק וואָרט דאָס, וואָס האָט דערפירט מאַ־רוסיאַן, די געזונטע און קרעפטיקע פון קינדהייט אָן, צום דאָ־זיקן צושטאַנד. זי האָט געפילט, אַז אַזעלכע פראַגן וועלן נאָך מער אויפרעגן די קראַנקע נשמה. אויך די טאָכטער האָט וועגן דעם נישט גערעדט.

דאָס בלאַסע פּנים פון דער קראַנקער האָט עדות געזאָגט, ווי שטאַרק זי לײַדט. איין אויג איז געווען געשוואָלן, מיט אַ טונקל־רויטן סיניאַק פון אונטן; מיטן צווייטן קלאָרן אויג האָט זי מיט ליבע געקוקט אויף דער מוטער. מיטן פולן באַוווּסטזיין האָט זי זי אָנגעהויבן צו בארואיקן. זי האָט איינגעטענהט מיט איר נישט אַריינצופאַלן אין יאוש, נישט קווּעלן זיך מיטן געדאַנק, אַז איר טאָכטער וועט אויפגעהאַנגען ווערן פאַר דער באַגאַנגענער טאַט.

„מאַמע, איך וועל שטאַרבן מיט פרייד! — האָט זי גע־זאָגט — זיי נישט אומרואיק, זאָרג נישט וועגן מיר... האָסט נאָך פיר קינדער, זאָרג פאַר זיי!"

„אומדערטרעגלעך איז דער געדאַנק, וואָס איך האָב זיך נישט געקאָנט אַליין נעמען דאָס לעבן, וואָס די פייניקער האָבן מיך אַריינגעקריגן אַ לעבעדיקע"...

זי האָט גערעדט מיט א שוואכער שטים, פלעגט אָפט בלייבן שטיל, כדי צו שעפן כחות. דאן האָט זי דערמאָנט פארשידענע פאמיליע־אָנגעלעגנהייטן; זי האָט געבעטן באזונדערס צו זאָרגן, נאָך איר טויט, פארן ברודער קאָליא; זי האָט זיך געבעטן ביי דער מוטער צו טאָן. אַלצדינג, ער זאָל קאָנען ווייטער לערנען אין גימנאזיע, ווייל ער איז זייער א באגאבט בחורל.

ווען די 20 מינוט זענען פאָריבער, האָט זיך דער אָפיציר אויפגעהויבן פון די קני און דערקלערט אין קאלטן, אָפיציעלן טאָן, אז די צייט פון באזוך איז פאָריבער און די מוטער דארף פארלאָזן די צעלע. די אַלטע פרוי האָט געקושט דאָס פנים פון איר מארוסיא, זי גוט צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע און זיך אויפגעהויבן פון דיל. מארוסיא האָט קוים א שאָקל געטון מיטן קאָפּ — אזוי שוואך איז זי געווען. די מוטער איז פארשוווּנדן הינטער דער טיר.

אין דער צעלע איז אַריין א תפיסה־אויפזעערין.

* * *

מען וועט פרעגן דערשטוינט: פארוואָס איז מאריא ספירידאָנאָווא געלעגן אויפן דיל בעת דעם באזוך פון איר מוטער? פארוואָס נישט אויף דער נארע, אין א בעט? וואָסערע הייל־מעטאָדן האָט מען אָנגעווענדעט ביי איר? און צי דען איז זי די גאנצע צייט געלעגן אויפן דיל?

יאָ, די גאנצע צייט! די תפיסה ־ פארוואלטונג האָט שפּעטער געגעבן פאָלגנדע דערקלערונג: בעתן פיבער און די שווערע אָנפאלן פון היץ־רייד, פלעגט זי אָפט ארויספאלן פון בעט און בלייבן ליגן אין העמד אויפן קאלטן דיל. דערפון איז צו זען, אז צוערשט האָט מען איר געגעבן א בעט; היות אָבער ספירידאָנאָווא האָט נישט געהאט קיין קראנקנשוועסטער, וועלכע זאָל קאָנען ארומגיין ארום איר בעת דעם היץ־פיבער, און היות עס איז נישט מעגלעך געווען צו פארשאפן איר א בעט מיט א שאטקע, האָט די תפיסה־פארוואלטונג באשלאָסן אינגאנצן צו באזייטיקן די בעט און זי פארבייטן מיטן דיל. אין דער תפיסה האָט זי נישט באקומען קיין שום מעדיצינישע הילף, הגם זי איז געלעגן אין דער אָפּטיילונג פאר קראנקע. דער דאָקטאָר האָט געהאט אורלויב ביז מיטן

פעברואַר. זיין פּאָרטרעטער איז געווען בלויז אַ פעלדשער. אויב מען האָט זיך נישט געקימערט וועגן ספּירידאָנאָוואַס געזונט, האָט מען דערפאַר וואָס מער מי פאַרשווענדעט אויף שטרענגע באַוואַכונג. פאַר איר טיר איז געשטאַנען אַ ספּעציעלע וואַך, מיט דער אָפּטיילונג האָט פאַרוואַלטעט אַ ספּעציעלע אויפזעערין, איר עסן פלעגט אויפּרוּוומען בלויז אַ קרימינעלע אַרעסטאַנטקע. דאָס עסן, וואָס מען פלעגט איר געבן, איז געווען שוידערלעך. אין איר בריוו פון 19־טן פעברואַר, וועלכן מען האָט געפונען ביי איר שוועסטער יוליאַ בעת אַ הויז־רעוויזיע, האָט זי געשריבן: זי באַקומט מילך געמישט מיט וואַסער, און בוליאָן, וואָס האָט אַזאַ עקלהאַפטן ריח, אַז מען קאָן אים לחלוטין נישט עסן. מען האָט איר נישט דערלויבט צו באַקומען עסנוואַרג פון דרויסן, ווי דאָס האָט זיך פּראַקטיצירט ביי אַנדערע פּאָליטישע אַרעסטירטע.

מען מוז נאָך דערמאָנען, אַז פאַר געפינען דעמדאָזיקן בריוו האָט מען די שוועסטער יוליאַ ספּירידאָנאָוואַ גלייך אַרעסטירט און איינגעזעצט אין דער זעלבער תּפיסה. די פּאָליציי איז חושד געווען, אַז ספּירידאָנאָוואַס ערשטער בריוו, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער פּרעסע, איז איבערגעגעבן געוואָרן דורך יוליאַן, און אַז צווישן דידאָזיקע צוויי שוועסטער איז דאָ אַ פאַרבינדונג. כּדי צו צעשטערן די פאַרבינדונג און נישט דערלאָזן, אַז אויך דער צווייטער בריוו זאָל פאַרעפנטלעכט ווערן, איז באַשלאָסן געוואָרן אַריינצוזעצן אין תּפיסה אויך יוליאַן.

* * *

אין וואָסער צושטאַנד האָבן ספּירידאָנאָוואַן געפונען די אָפיציעלע מאַכט און די דאָקטוירים, ווען זי איז געבראַכט געוואָרן קיין טאַמבאָוו? אַן אַמטלעכער דאָקומענט, דער פּראָטאָקאָל פון תּפיסה ־ דאָקטאָר, דערציילט וועגן דעם. עס איז אוממעגלעך און אויך איבעריק איבערצוגעבן דאָ אַלע שוידערלעכע איינצלהייטן, וועלכע מען געפינט אין דאָזיקן זאַכלעכן פּראָטאָקאָל. „איין לונג האָט אַזאַ שטאַרקן בלוט־אויסגוס, אַז ספּירידאָנאָוואַ שפּייט כּסדר מיט בלוט. מען האָט איר געמוזט געבן מיטלען אויף איינצוהאַלטן דאָס בלוט. זי איז נישט געווען בכּוח צו באַוועגן זיך. זי איז געווען באַוווסטלאָז, גערעדט פון היץ וועגן צוג און וועגן

קאָזאַקן - אָפיציר. דאַן זענען געווען צייט - אָפּשניטן פון פּוילן באַוווסטזיין, ווען זי האָט זיך דערמאָנט אַלע פּרטים פון דאָס געשעענע, און דערציילט דעם דאָקטאָר וועגן גאַנצן פּיין, וואָס זי האָט געהאַט אויסצושטיין פון ביידע אָפיצירן. דערנאָך פלעגט זי ווידער נעמען רעדן פון היץ.״ דידאָזיקע צושטאַנדן פלעגן אָפּט אָפּבייטן איינע די צווייטע. בעת דעם ערשטן פאַרהער ביים אויס־אויספאָרשונגס - ריכטער אין טאַמבאָוו, האָט ספּירידאָנאָווא צו־ערשט געגעבן אירע דערקלערונגען ביים קלאָרן באַוווסטזיין, ביז זי איז צוגעקומען צו שילדערן לוזשענאָווסקיס דערמאָרדונג. דאַן האָט זי אָנגעהויבן רעדן פון היץ און דער פאַרהער איז איבער־געריסן געוואָרן. ווען זי האָט אָפּטער אָנגעהויבן צו זיין ביים באַוווסטזיין און גענומען באַגרייפן ווו זי געפינט זיך, פלעגט זי האָבן אָנפאַלן פון ישווידערלעכע האַלוצינאַציעס, וואָס האָבן זי נישט געלאָזן צורו. צום אָפּטסטן פלעגט זי האַלוצינירן פון קאָ־זאַקן־אָפיציר און דעם וואַגאָן, אין וועלכן זי איז געפאָרן קיין טאַמבאָוו. זי פלעגט אָנרופן דעם נאָמען פון דאָזיקן אָפיציר, אים צונויפבינדן מיט די פיזישע ליידן, וואָס קוועלן זי, און כסדר אי־בערחזרן: ,,צי דען האָב איך דאָס נישט אויסגעפירט?״ זי פלעגט שרייען, וואַרפן זיך אין בעט, וועלן אַנטלויפן, כדי זיך אויסצובאַ־האַלטן פונם פייניקער...

ספּירידאָנאָוואָס טראַגעדיע איז אַריינגעדרונגען אַלץ אין ברייטערע קרייזן פון דער געזעלשאַפט. די נעמען פון אירע ביידע פּיי־ניקער האָבן אַלע געהאַט אויף די ליפּן. די רעגירונג, וואָס האָט אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1906 געפייערט אירע בלוטיקע טריאומפן — האָט זיך געפילט באַאומרואיקט: ,,דאָס קריגס־מיניסטעריום האָט געבעטן דאָס אויסערן - מיניסטעריום נישט דערלאָזן פאַרעפנטלעכן פּריצייטיק די איינצלהייטן פון ספּירידאָ־נאָוואָס פייניקונג, כדי צו שיצן די צוויי באַשולדיקטע אָפיצירן פון אָנגריפן, אין פאַל ווען די באַשולדיקונג, וואָס ווערט אַרויסגע־רוקט קעגן זיי, זאָל זיך אַרויסווייזן אַלס פאַלש״*). די גרויסע פּעטערבורגער צייטונג, דער רעגירונגס - שרייַ ,,נאָוואָיע ווערעמיאַ״, האָט זיך באַמיט אויפצווייזן, אַז מען קאָן נישט שענקען קיין

---

*) ,,רוסקיאַ וועדאָמאָסטיי״ פון 25־טן פעברואַר 1906.

גלויבן ספּירידאָנאָוואַס בריוו, ווייל זי האָט אים דאָך געשריבן ביי נישט קיין קלאָרן באַוווסטזיין, בעתן היץ־פּיבער. דאַן האָט די ליבעראַלע צייטונג „רוס" געשיקט איר פאַראַנטוואָרטלעכן מיט־אַרבעטער וולאַדימיראָוו קיין טאַמבאָוו, כדי צו דערגיין דעם אמת. זיין אַרטיקל ־ סעריע אין „רוס" וועגן די שוידערלעכע פאַקטן, וועלכע ער האָט דאָרט פעסטגעשטעלט, האָבן דעם „פאַל ספּירידאָנאָוואַ" פאַרשאַפט די גרעסטע רעזאָנאַנס אין גאַנץ רוסלאַנד און אין אויסלאַנד*). וולאַדימיראָוו האָט געפונען די מעגלעכקייט געהיים צו שטעלן ספּירידאָנאָוואַן עטלעכע פראַגן בנוגע דער ריכטיקייט פון איר באַקאַנט־געוואָרענעם בריוו. אָנהויב מערץ האָט זי אים געענטפערט מיט אַ בריוו, וועלכן זי האָט דערלויבט צו פאַרעפנט־לעכן ערשט נאָך איר טויט. וולאַדימיראָוו האָט שפּעטער פאַר־עפנטלעכט, מיט ספּירידאָנאָוואַס דערלויבעניש, אויך דעמדאָזיקן בריוו.

# ספּירידאָנאָוואַס צווייטער בריוו

„פאַר דער „רוס". דעם בריוו וועגן די פּייניקונגען האָב איך געשריבן ביים קלאָרן באַוווסטזיין. געוויסע פּרטים פעלן דאָרט, ווייל כ'האָב מיך געמוזט זייער שטאַרק איילן.

איך האָב נישט דערמאָנט, אַז מען האָט מיך מיט פוס־קלעפּ געצוווּנגען אויפצוהויבן זיך, אַז מען האָט מיך געריסן ביי די שטיקלעך הויט, וואָס איז צעשונדן געוואָרן דורך די שמיץ מיט דער נאַהייקע, און געשריגן: „ווער זענען דיינע חברים?", אַז אַוור־ראַמאָוו און זשדאַנאָוו האָבן זיך געזעצט אויפן שמאָלן ביישטידל און מיך געפּרעסט צווישן זיך אַזוי, אַז איך האָב מיך געפילט ווי אין אַ אייזערנער עקלהאַפטער צוואַנג, דערביי איז נאָך דער קאָ־זאַקן־אָפיציר געווען „צערטלעך".

היות מיין גאַנץ פּנים, אַ חוץ אַ געוויסן טייל פון דער לינקער

---

*) דידאָזיקע אַרטיקל־סעריע איז אין יאָר 1906 דערשינען אַלס בוך, פון וועלכן מיר האָבן אויבן געשעפּט אַ סך פּרטים.

באָק און די פֿאָדערשטע ציין, איז געווען צעשלאָגן, האָבן זיי איצט געשלאָגן אויף דידאָזיקע גאַנצע שטעלן. האָבן מיר געפֿרעגט וועגן דער צאָל פֿון מײַנע געליבטע.

ווען איך האָב אָנגערופֿן צוויי נעמען, קאַמעניעוו און סעמיאָנאָוו, וועלכע קענען אידענטיפֿיצירן מײַן פּערזאָן, האָבן זיי אויסגעשריגן: „אַך, דאָס זענען אַלץ דײַנע געליבטע?" (ראָ זענען געקומען נישט - אָנשטענדיקע ווערטער).

איך בעט דאָס צו פֿאַרעפֿנטלעכן ערשט נאָך דעם 11־טן מערץ, נאָך מײַן טויט, ווײַל אַנישט וועט מען בײַ מיר ווידער צונעמען די מעגלעכקייט צו לאָזן הערן וועגן זיך מײַנע חברים.

נאָכן דערשײַנען פֿון יענעם בריוו אין די צײַטונגען, האָט מען באַפֿוילן דער וואַך מיך צו באַטראַכטן דורכן פֿענסטערל אין דער טיר אָן אויפֿהער און תּיכּף צו קלינגען, ווי נאָר איך הויב אָן צו שרײַבן, ווען די וואַך פֿלעגט מיך נישט קענען זען אַפֿילו אַן אויגנבליק, פֿלעגט זי יעדעס מאָל שלאָגן אַליאַרם.

דאָס גאַנצע לעבן איז געפֿלאָסן ווי אונטער אַ לאָמטערן. זײַט צוויי הדשים שלאָף איך אין די זאַכן.

ווען איך בין געווען שווער קראַנק, האָט מען צען טעג נישט גענומען אין אַכט די פֿאַראָרדנונגען פֿון דאָקטאָר. מײַן געזונט האָט זיך געבעסערט און איך האָב גענומען אויפֿשטיין בלויז אַדאַנק מײַן אומאויפֿהערלעכער אויטאָסוגעסטיע.

איצט לײַד איך פֿון העפּטיקע קאָפּווייטאָקן, מײַן זכּרון איז אָפּגעשוואַכט, איך האָב אַ סך פֿאַרגעסן און עס קומט מיר אָן שווער לאָגיש אויסצודריקן מײַנע געדאַנקען. די ברוסט טוט וויי, אַמאָל, באַזונדערס בײַ אויפֿרעגונגען, גיסט זיך מיר אַרויס בלוט פֿון האַלז. מיט איין אויג קאָן איך בלויז אויפֿנעמען ליכט־אונטערשיידן. איצט איז די באַהאַנדלונג מצד דער מאַכט זייער אַן אָנשטענדיקע; אַגב איז זי תּמיד געווען אַזאַ, ד. ה. זיי פֿלעגן נישט שרײַען אויף מיר, נישט פֿאַרשפּאַרן אין קאַרצער, נישט שלאָגן.

אָבער די וואַך מישט זיך יעדן אויגנבליק אַרײַן אין מײַן לעבן; מען פֿאַרווערט מיר צו זינגען, צו לאַכן, אַרומצוגיין איבערן צימער, איבערצושטעלן די לאָמפּ, זעצן זיך אויפֿן פֿענסטער און אַזוי ווײַטער.

איינמאָל, פאַרזונקען אין געדאַנקען, האָב איך מיך לאַנג פאַרגאַפט אויף איין פונקט; האָט זיך געעפנט דאָס פענסטערל אין דער טיר און די וואַך האָט אָנגעשריגן אויף מיר: „פאַרוואָס גאַפעסטו זיך אַזוי? הער אויף צו קוקן!" מיין שטימונג איז וווּנדערבאַר שיין: איך בין מונטער און וואַרט רואיק אויפן טויט, איך בין פריילעך און גליקלעך.

מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ.

מערץ, 1906, טאַמבאָוו.

## VI.

# קריגס-געריכט

די השדים פון דער רעאַקציאָנערער פּרעסע זענען אָבער נעכאַכט געוואָרן צונישט אויך פון אַ אַנדער זייט. ספּירידאָנאָוואַ האָט אינגיכן געזאָלט געשטעלט ווערן פאַר אַ קריגס - געריכט. אירע קרובים האָבן אָנגעטרויט איר פאַרטיידיקונג דעם באַקאַנטן מאָסקווער אַדוואָקאַט טעסלענקאָ. טעסלענקאָ האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו רעדן מיט ספּירידאָנאָוואַן צוויי מאָל צו עטלעכע שעה אונטער פיר אויגן. דאָס איז אייגנטלעך געווען דער ערשטער מענטש פון דער גרויסער פרייער וועלט, וואָס איז צו איר צוגעלאָזן געוואָרן. טעסלענקאָ, אַ מיושבדיקער, מעסיק - ליבעראַלער אַדוואָקאַט, איז געווען טיף דערשיטערט ביים אָנבליק פונם העראָאישן מיידל און ביים אויסהערן די טראַגעדיע פון רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד, וואָס איז אין איר פאַרקערפּערט געוואָרן. דאָס דאָזיקע מיידל, וואָס האָט אומדערשראָקן געקוקט דעם טויט - אורטייל אין די אויגן, האָט שרעקלעך געציטערט, ווען זי האָט נאָכאַמאָל געמוזט דערציילן טעסלענקאָן וועגן דער גהינומדיקער נסיעה פון באָריסאָגלעבסק קיין טאַמבאָוו. טעסלענקאָ האָט באַקומען איר מינדלעכע באַשטעטיקונג פון יענעם בריוו.

דאָס שוין באַקאַנטע בילד פון איר געפּייניקט ווערן אין פּאָליציי-צירקל, האָט זי דאָס מאָל דערגאַנצט מיט נאָך אַ גרויליקן

פּרט: „אין משך פון יענע שעהן איז מערערע מאָל געשען פּאָלגנ־דעס: זי פלעגט ליגן א צעשלאָגענע און געקוועלטע אין די רו־פּויזעס, ווען די תּליינים פלעגן זיך אָפּרוען, און פלוצלינג באַ־מערקן, ווי די טיר עפנט זיך שטיל און צוויי רויב־חיות דערנענ־טערן זיך צו איר מיט אויסגעבויגענע רוקנס אויף די שפּיץ פינ־גער... — און אָט ווארפן זיי זיך שוין אויף איר און גיבן איר צו פארשטיין מיט נאהייקע־שמייץ, אז דאָס רויב בלייבט נאָך אין זייערע ציין"...

דער דערשיטערטער טעסלענקאָ האָט ארויסגעטראָגן בלויז איין־איינציקן אייגדרוק: אין די באריכטן איז אוממעגלעך ווייטער צו ספקן.

* * *

דעם 9־טן מערץ האָבן ספּירידאָנאָוואן ווידער געדאַרפט באַ־זוכן איר מוטער און די ברידער - שוועסטער. זיי האָבן זיך גע־טראָפן אין דערזעלבער צעלע, ביי דיזעלבע באדינגונגען. ביי איר געלעגער איז בלויז צוגעקומען, צוליב עפּעס א סיבה, א שיסל מיט אייז. די ברידער - שוועסטער האָבן געפונען, אז מאַרוסיאַ האָט א געשוואָלן פּנים, בלייך ווי וואַקס. אויף די באַקן — אומנאַטיר לעכע רויטקייט, אונטער די אויגן גרויסע פלעקן, ווי געצייכנט מיט קויל. מאַרוסיאַ איז געווען זייער פריילעך און ליבלעך. צוערשט האָט זי אויסגעדריקט דעם ווונש, מען זאָל אפּעלירן גלייך נאָכן פּראָצעס. שפּעטער אָבער האָט זי באַשלאָסן, אז עס איז בעסער אָפּצוזאָגן זיך פון דער אַפּעלאַציע. דאָס איז בעסער פאַר דער אידייע: „מיין טויט איז לטובת דעם גליק פון פאָלק, פאַר וועלכן איך האָב מיך מקריב געווען".

אין יענע פאַסיאָנס - טעג האָט זיך ספּירידאָנאָוואַס מוטער געווענדעט צו דער עפנטלעכקייט. זי האָט גערעדט נישט נאָר אין איר אייגענעם נאָמען: אוממצאָליקע מוטערס אין רוסלאַנד האָבן גערעדט דורך איר. „צו אייך, רוסישע מוטערס, ווענד איך זיך! אייך בעט איך צו באַגרייפן מיין קומער, מיין פּיין! גאַנץ רוסלאַנד האָט געהערט פון מיין אומגליקלעכער טאָכטער. דרינגט אריין אין מיין נשמה, גיט נאָר א טראַכט, ווי אומדערטרעגלעך דאָס איז, צו וויסן וועגן דער פּיין און שענדונג פון אייגענעם קינד און נישט

זיין בכוח אים צו העלפן. ווי אומדערטרעגלעך דאָס איז צוצוזען, ווי דאָס ליבסטע לעבן ווערט אויסגעלאָשן און דערביי נישט קענען פאַרלייכטערן זיינע ליידן, נאָר אדרבה וויסן, אַז דידאָזיקע זענען בלויז אַ פאָרשטופּע צו דער עקזעקוציע.

איר אַלע מוטערס, וואָס קינדער זענען אייך געשטאָרבן, — איר האָט כאָטש געהאַט דעם טרייסט צו קאָנען אַרומגיין אַרום זיי, צו לינדערן זייער טויט־פּיין דורך קושן... איך אָבער? — און מיין קינד?.. זי וועט שטאַרבן איינזאַם, מיט די שרעקלעכע דערינערונגען וועגן דאָס איבערגעלעבטע אין תּפיסה, צווישן שונאים, אָן אַ וואַרים וואָרט פון דער מוטער.

ווען זי וואָלט אפילו געווען שולדיק, וואָלט זי דען געמוזט דורכמאַכן יענעם דערנערוועג, זי, וואָס האָט אָפּגעגעבן איר יונג לעבן?

איר, מוטערס פון דערוואַקסענע טעכטער, גיט נאָר אַ טראַכט, סאַראַ שענדונג, סאַראַ מאָראַלישע טאָרטורן זי האָט געהאַט אויסצושטיין פון די צוויי פאַרברעכער, און זאָגט, צי דאַרף זי נאָך שטאַרבן? האָט זי דען נאָך נישט אָפּגעקומען פאַר איר זינד?

מאַרוסיאַס מוטער

אַלעקסאַנדראַ ספּירידאָנאָוואַ".

* * *

עס האָט זיך דערנענטערט דער טאָג, ווען ספּירידאָנאָוואַ האָט געדאַרפט דערשיינען פאַרן געריכט. נישט געקוקט אויף איר פּיזישער שוואַכקייט און די אומאויפהערלעכע אָנפאַלן, איז די קראַפט פון איר גייסט און ווילן געבליבן אומגעמינערט. דידאָזיקע גייסטיקע כּחות זענען אַלע קאָנצענטרירט געווען אויף דעם טאָג פון געריכט. ספּירידאָנאָוואַ האָט פון אים דערוואַרט דריי זאַכן. זי האָט זיך צוגעגרייט צום ערשטן מאָל צו דערקלערן עפנטלעך, פאַר די ריכטער, איר סאָציאַליסטישן אני־מאמין. זי האָט געוואָלט פאַר די פאָרשטייער פון פאַרהאַסטן רעזשים פאַרטיידיקן די רעכט פון אונטערדריקטן פאָלק. זי האָט אָבער אויך דערוואַרט פון דעם טאָג איר טויט - אורטייל, צו וועלכן זי האָט זיך געגרייט פון ערשטן טאָג אָן.

פון תּמיד אָן האָבן די רוסישע רעוואָלוציאָנערע טעראָריסטן

געשטרעבט דערצו — אויסצוקויפן די זינד פון אַטענטאַט דורך מקריב זיין דאָס אייגענע לעבן. זיי האָבן געוואָלט פאַרניכטן די צאַריסטישע אונטערדריקער, זיי האָבן אָבער קיינמאָל נישט פאַר־געסן, אַז זיי האָבן געטויט אַ מענטשן. אַ סך האָבן באַטראַכט פאַר זייער מאָראַלישן חוב אויסצוקויפן זייער טאַט מיט דעם אייגענעם טויט. קאַליאַיעוו, דער מערדער פון גרויספירשט סערגיי, האָט ממש געבענקט נאָכן אייגענעם טויט. „איך טראַכט אָפט — האָט ער גע־שריבן צו זיינע פריינט — וועגן לעצטן אויגנבליק; איך וואָלט גערן גלייך אויפן אָרט אומגעקומען. דאָס איז אַ גליק, וואָס מען דאַרף מקנא זיין. עס איז אָבער דאָ נאָך אַ גרעסער גליק: דער טויט אויפן עשאַפאָט. צווישן דער טאַט און דעם עשאַפאָט ליגט אַ גאַנצע אייביקייט. אפשר דאָס העכסטע פאַרן מענטשן. בלויז דאָ דערקענט מען, פילט מען די גאַנצע קראַפט און שיינקייט פון דער אידייע. גיין צו דער טאַט און שפעטער צום עשאַפאָט — עס איז ווי מען זאָל צוויי מאָל אָפּגעבן דאָס לעבן".

מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ האָט געהערט צו דעם מין טעראָריסטן. אויפן פּעראָן פון באָריסאָגלעבסק האָט זי געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט דורך איר געשריי: „דערשיסט מיך!" דעם טויט האָט זי פּסדר דערוואַרט בעת דער טאָרטור דורך די אָפּי־צירן. די צוויי חדשים, וועלכע זי האָט פאַרבראַכט אין תּפיסה, זענען פאַר איר געוואָרן יענע אייביקייט צווישן טאַט און עשאַפאָט, וועגן וועלכער קאַליאַיעוו האָט גערעדט. זי האָט אָנגענומען אַלע לידן, וועלכע זענען איר נאָך באַשערט געווען, האָט זיי צונויפגע־בונדן מיט דער גרויסקייט און שיינקייט פון דער אידייע און רואיק געוואַרט אויפן סוף. אין טאָג פון געריכט האָט זי געוואָלט דורכמאַכן איר לעצטן לעבנס־גאַנג. דער אורטייל זאָל איר פירן צו איר העכסטן טריאומף.

ספּירידאָנאָוואַ האָט פיבערהאַפט געאַרבעט אויף צוגרייטן די רעדע, וועלכע זי האָט געוואָלט האַלטן פאַרן געריכט. זי האָט די רעדע אויפגעשריבן מיט די גרעסטע שוועריקייטן, ווייל מען האָט זי ביז גאָר שאַרף באַוואַכט, מען האָט זי קיין אויגנבליק נישט געלאָזן מיט זיך אַליין. מען האָט נאָכגעפאָלגט איר יעדע באַווע־גונג. ווען זי פלעגט זיך אוועקשטעלן הינטער דער טיר און די וואַך

פּלעגט זי נישט קענען זען דורכן פענסטערל, פּלעגט זי שרייען אויף איר, אַליאַרמירן די העכערע מאַכט. די וואַך האָט געהאַט אַ באַפעל תּיכּף צוווּיסן צוגעבן די העכערע מאַכט יעדעס מאָל, ווען ספּירידאָנאָוואַ שרייבט עפּעס אָדער ווען זי נעמט אַפילו אין דער האַנט בלויז דעם בלײַשטיפט. דאָקעגן פּלעגט די וואַך בלײַבן רואיק, ווען ספּירידאָנאָוואַ פּלעגט באַקומען אַ בלוטשטורץ אָדער באַוווּסטלאָז אומפאַלן אויפן דיל נאָך אַ העפטיקן הוסט־אָנפאַל.

נישט געקוקט אויף דער שטרענגער באַוואַכונג, איז ספּירידאָנאָוואַן געלונגען אויפצושרײַבן איר גאַנצע רעדע. דעם מאַנוסקריפּט האָט זי באַהאַלטן אין אַ ווײַסן ברויט און אַזוי אַרום אים אויסגעהיט פאַר פרעמדע בליקן. ווי גרויס איז אָבער געווען איר שרעק, ווען די טריאומפירנדע אויפזעערין האָט איינמאָל אַנטדעקט די באַהעלטעניש און קאָנפיסקירט דעם ווײַסן ברויט צוזאַמען מיט דער רעדע. דער פאַרלוסט איז פאַר מאַריאַן געווען אַ שווערער קלאַפּ און איר געזונט - צושטאַנד האָט זיך ווידער פאַרערגערט. דעם געדאַנק, וועלכן זי האָט אויסגעטראָגן אין לאַנגער פּײַן, האָט מען צוגענומען בײַ איר.

אָבער ספּירידאָנאָוואַ איז אויך אין תּפיסה נישט פאַרלאָזן געוואָרן. די גאַנצע טאַמבאָווער תּפיסה האָט אָנטייל גענומען אין איר „מאַרוסיאַס" לעבן און לײַדן. קיין שום תּפיסה אין דער וועלט קאָן נישט אָפּגעשלאָסן ווערן פון דרויסנדיקן לעבן — בפרט אין אַ רעוואָלוציע־צײַט. די תּסדר אַרײַנשטראָמענדיקע מאַסן געפאַנגענע האָבן אויך אין דער טאַמבאָווער תּפיסה אַרײַנגעבראַכט הייסן אָטעם פון דער רעוואָלוציע. נישט געקוקט אויף די שטיינערנע ווענט, די געוועלבטע צעלן־סופיטן, די אײַזערנע פענסטער־גראַטעס, — האָט די תּפיסה געפירט אַ אינטענסיוו געמיינזאַם לעבן. די לעבעדיקע שטימען פון די אײַנגעמויערטע זענען דורכגעדרונגען צואַנאַנדער דורך אַלע זוענט, פענסטער, סופיטן. און אויך מאַרוסיאַ איז אַרומגענומען געוואָרן דורכן דאָזיקן געהיימען קרײַז פון האַרציקע ווערטער, בליקן, באַרירונגען. פון אַלע צעלן האָבן געשטראָמט צו איר ווערטער פון ליבע און באַוווּנדערונג, פון דערמוטיקונג און טרייסט. זי האָט זיך געפילט ווי אַרײַנגענומען אין אַ גרויסער ברידערלעכער פאַמיליע. יעדעס וואָרט אירס

איז גיריק אויפגעכאפט געווארן דורך אירע חברים אין פיין. יעדע ווענדונג אין איר גורל איז פאר אלעמען געווען ווי אן אייגענע איבערלעבונג. און ווען מען האט זי געפירט צום פראצעס, איז די גאנצע תפיסה אויפגעציטערט געווארן פון די טענער פון רעוואלוציאנערן מארש - ליד און פון טרויער - ליד. אלע חברים האבן איר מיטגעגעבן אין וועג זייערע לעצטע גרוסן, דעם אויסדרוק פון זייער באגייסטערונג און יראת־הכבוד.

* * *

דעם 12־טן מערץ, נאכדעם ווי ספירידאנאווא איז געהאט געקומען צו זיך פון די טארטורן, האט מען זי געשטעלט פאר א קריגס - געריכט. 11 א זייגער אינדערפרי האט מען זי געפירט דורך די גאסן פון טאמבאוו. ס'איז געווען א הערלעכער פרילינגדיקער מארגן. אויף די גאסן זענען געווען א סך מענטשן, אנדערע האבן געוואלט זען און באגריסן ספירידאנאווען. זי גופא איז געווען פריילעך, האט געשמייכלט און באגריסט מיט קאפ־באוועגונגען די באקאנטע. „זי איז געווען בלאס, בלויז רויטע פלעקן האבן אומהיימלעך געברענט אויף אירע באקן. די טונקעלע רייפן אונטער די אויגן האבן צוגעגעבן איר פנים א באגייסטערטן, מיסטעריעזן אויסדרוק. די גרויסע אויגן האבן ארויסגעלויכטן ווי פון א שווארצן אפגרונט, זיי האבן געלויכטן מיט א וווּנדערבארן איבערערדישן גלאנץ. די דאזיקע אויגן האבן שוין געשפירט די נאנטקייט פון טויט". אזוי שילדערט זי איינער, וואס האט זי דעמאלט געזען.

די עפנטלעכקייט איז געווען אויסגעשלאסן פון פראצעס. אחוץ דורכן אדוואקאט טעסלענקא, האט ספירידאנאווא נאך געזאלט פארטיידיקט ווערן — לויט דער באשטימונג פון געריכט — דורך א יונגן קאזאקן - אפיציר, דעם מיליטערישן יוריסט פיליפאנאוו. לעבן דידאזיקע הערן האט ספירידאנאווא געפונען אין פוסטן געריכטס - זאל בלויז איר מוטער און איינע פון אירע שוועסטער. די מוטער אבער האט גאר גיך פארלאזן וויינענדיק דעם זאל... בלויז צוויי עדות זענען ארויסגעטראטן: דער קרייזנאטשעלניק פון באריסאגלעבסק און דער דאקטאר, וואס האט באהאנדלט לושענאווסקין. די געריכטס - פארהאנדלונגען זענען

פארענדיקט געוואָרן אין איין זיצונג, וואָס האָט געדויערט בלויז 3 און א האַלבע שעה. נאָכן פאָרלייענען דעם באַשולדיקונגס־אַקט, האָט ספּירידאָנאָווא אָפּגעגעבן אירע דערקלערונגען. אין ערשטן אויגנבליק האָט זי זיך שטאַרק פאַרהוסט, און איר נאָזטיכל האָט זיך פאַרפאַרבט מיט בלוט. דאַן האָט זי צונויפגענומען איר גאַנצע קראַפט און דערציילט אויספירלעך די פּרטים פון איר טאַט און די מאָטיוון, וואָס האָבן זי דערצו באַוווּיגן. איר האַלטונג איז געווען נאַטירלעך. אירע דערקלערונגען האָט זי געגעבן אין א לעבעדיקער בילדרייכער פאָרם. זי האָט אָפט געלאַכט. איינער פון די אַנוועזנדיקע הערן האָט שפּעטער מיט שטוינונג דערציילט, סאָראַ מונטערע, האָפענונגספולע שטימונג עס האָט געהערשט אין דאָזיקן פּראָצעס, וואָס האָט זיך דאָך געמוזט פארענדיקן מיט א טויט־אורטייל. אַדאַנק ספּירידאַנאָוואַס באַצויבערנדיקער דערשיינונג האָט דאָ נישט געהערשט קיין טויט־שרעק. אָפט פלעגט זיך אויסדאַכטן, אַז מען געפינט זיך אין א פאָלקס־פאַרזאַמלונג, וווּ ספּירידאַנאָוואַ איז די רעדנערין. דער פאָרזיצער פון טריבונאַל האָט זי געהאַלטן אין איין פרעגן, צי זי קאָן ווייטער רעדן, ווייל, הוסטנדיק, האָט זי פאַרלוירן א סך בלוט. זי האָט אָבער אָפּגעגעבן אירע דערקלערונגען ביזן סוף, געשילדערט די געשעענישן אַזוי איבערציינגדיק און אויפריכטיק, אַז סיי דער פּראָקוראָר, סיי דער פאַרטיידיקער האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון עדות־פאַרהער. עס איז בלויז אויסגעפרעגט געוואָרן דער תּפיסה־דאָקטאָר, וועלכער האָט דערקלערט פאָלגנדעס וועגן איר געזונט: „ביי ספּירידאָנאָוואַן האָט זיך אַנטוויקלט לונגען־טובערקולאָז אין א שווערער פאָרם; זי ליידט פון העפטיקע בלוט־שטורצן. די זע־קראַפט איז אָפּגעשוואַכט — איין אויג נעמט אויף בלויז ליכט־עמפינדונגען. דאָס געהער איז אָפּגעשוואַכט... אויך דער זכּרון — זי האָט פולשטענדיק פאַרגעסן די פראַנצויזישע שפּראַך, וואָס זי האָט פאַר דעם גוט באַהערשט. זי ליידט פון שטאַרקע קאָפּ־ווייטאָקן".

מיר ווילן איצט איבערגיין צו ספּירידאָנאָוואַס דערקלערונגען, כּדי זי צו דערקענען נישט נאָר אַלס רעוואָלוציאָנערע קעמפערין, אַלס גלייענדע סאָציאַליסטקע, נאָר אויך אַלס ווייטבליקנדע פּאָליטיקערין. שוין די דאָזיקע רעדע איז ווערט אויפצו־

היטן פאר דער געשיכטע. „יאָ — האָט זי געזאָגט, — איך האָב דערמאָרדעט לוזשענאָווסקין, און איך וויל אָפּגעבן דערצו א דערקלערונג. איך בין א מיטגליד פון דער סאָציאַל - רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי; מיין טאַט איז א רעזולטאַט פון די אידייען, אין וועלכע מיין פּאַרטיי, און איך אַלס איר מיטגליד, גלויבן, און פון יענע באַדינגונגען פון רוסישן לעבן, ביי וועלכע דידאָזיקע אידייען מוזן זיך פאַרווירקלעכן.

די אומצופרידנקייט פון פאָלק מיט דער הערשנדער אָרדנונג האָט אָנגענומען די אַנטשיידנדע פאָרם פון רעוואָלוציע, ד. ה. די פאָרם פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד דער מלוכה - מאַכט, אַטענטאַטן אויף רעגירונגס - באַאַמטע און אָפענע גאַסן - קאַמפן מיטן מיליטער. די רעגירונג האָט געפּרוווט אָנווענדן די געוויינלעכע מעטאָדע צו באַרואיקן די פאָלקס־כוואַליעס: קוילן, באַגנעטן, האַרמאַטן. דאָס האָט נישט געהאָלפן, און דעריבער האָט מען צוגעטראַכט דעם פרייהייטס - מאַניפעסט. גלייכצייטיק מיטן דאָזיקן מאַניפעסט האָט מען דערפונדן דעם גייסטרייכן מיטל אַרויסצורופן אויסברוכן פון די „פאָלקס־געפילן" אין פאָרם פון רעאַקציאָנערע פּאָגראָמען. זעלבסטפאַרשטענדלעך, דער מאַניפעסט איז געווען א פּרוכט פון געשיקטער סטראַטעגיע, א געלונגענער טאַקטישער טריט... (דאָ האָט דער פּראָקוראָר איבערגעריסן די רעדע, אָבער דער פּאָרזיצער האָט ספּירידאָנאָוואַן ווייטער דערלויבט צו רעדן)... און נישט מער.

ווי נאָר די ביוראָקראַטיע האָט איינגעזען, אז מען קאָן צוריקנעמען דעם דאָזיקן מאַניפעסט, האָט זי אים צוריקגענומען און זיך אומגעקערט אויפן געוויינטן, איר האַרצן נאָענטן וועג פון רעפּרעסיעס. די גרויל־מעשים פון דער רעאַקציע קענען גאָר נישט פאַרגליכן ווערן מיט די פריערדיקע. אין משך פון 2—3 חדשים זענען דורך טויט־אורטיילן אומגעבראַכט געוואָרן ביי 200 מענטשן. די רעבעלישע אינטעליגענץ איז איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסות, אָפּאָזיציאָנעלע פאַראייגען זענען פאַרבאָטן געוואָרן, די פּרעסע ווערט אונטערדריקט. א געשיקטע שפּיאָנאַזש - אָרגאַניזאַציע האָט זיך באַמיט צו ליימען די טעטיקייט פון אַזעלכע פאַראיינען. די ביוראָקראַטיע האָט געשאַפן באַדינגונגען, וואָס לאָזן

נישט דורכדרינגען די שטים פון דער פאָלקס־אומצופרידנקייט ביז דער העכסטער מלוכה ־ מאכט. זי האָט פארשטאַנען ארויסצורופן דעם איינדרוק, אז דאָס לאַנד האָט פלומרשט דערגרייכט דעם גרעסטן וווילשטאַנד. באַזונדערס גלאַנצפול איז געווען די טעטי־קייט פון דער ביוראָקראַטיע ביים אונטערדריקן די פויערים־אומ־רוען; זי וואָלט געדאַרפט אריינגעשריבן ווערן מיט גאָלדענע אותיות אין איר געשיכטע. איך וויל נישט רעדן וועגן דער באַ־שטראָפונג פון די פויערים אין א סך גובערניעס אָדער אין דער טאַמבאָווער אליין. איך וועל באַטראַכטן בלויז איין קרייז און אין דעם לעצטן בלויז איין בלוטיקן תלין, לוזשענאָווסקין".

דאַן איז ספּירידאָנאָווא צוגעטרעטן צו שילדערן לוזשענאָוו־סקיס העלדן־מעשים אין העכער 18 דערפער, וועלכע האָבן „נאָך זיין אָפּפאָר פאָרגעשטעלט מיט זיך אזא בילד פון פאַרוויסטונג, ווי מען איז דאָס געווינט צו זען בלויז אין בולגאַרישע דערפער נאָך אן איבערפאַל פון די טערקן". זי האָט דערציילט וועגן דער טראַגעדיע פון די צום טויט פאַרפּייניקטע זייצעווס און דובראָווין*), און די דאָזיקע טייל פון איר רעדע האָט זי פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „די זיג־טראָפייען, וועלכע לוזשענאָווסקי האָט מיטגע־נומען פון זיינע טריאומף־צוגן און זיי געלייגט דער ביוראָקראַטיע צו די פיס, זענען געווען דערמאָרדעטע און רואינירטע פויערים, פאַרגעוואַלטיקטע פרויען און צעשלאָגענע קינדער".

„אויך אלס שוץ־קאָמאַנדיר פון דער שטאָט באָריסאָגלעבסק— האָט ספּירידאָנאָווא ווייטער אָנגעקלאָגט — האָט לוזשענאָווסקי צו פאַרצייכענען גלאַנצפולע אויפטוען. דאָס איז געווען א שטילע שטאָט, קיין אָפּאָזיציעס זענען דאָרט נישט געווען. דעם 18־טן אָקטאָבער איז דאָרט פאָרגעקומען א פרידיקע מאַניפעסטאַציע, מען האָט געהאַלטן רעדעס, מען האָט אויסגעדריקט פלאַמיקע האָפענונ־גען. לוזשענאָווסקי האָט געלאָזט אַרעסטירן די דאָזיקע אַלע רעד־נער — עס האָט אויסגעוויזן, אז מער האָט ער שוין אין באָריסאָ־גלעבסק נישט צו טאָן. אָבער פלוצלונג האָט ער אָנגעהויבן צו ארעסטירן מענטשן אויף רעכטס און אויף לינקס, נישט נאָר לויט

---

*) זע אויבן.

אָנוויזונגען פון דער פּאָליציי אָדער מוסרים, נאָר גאַנץ פּשוט לויטן אייגענעם איינזען, לויטן קאַפּריז פון אַ שכּור. לוזשעניאָווסקיס אויספאָרשן די אַרעסטירטע האָט באַדראָט זייער לעבן; זיין באַהאַנדלען זייערע קרובים איז געווען אָן אַ מאָס ברוטאַל און באַליידיקנדיק. ער האָט געדראָט צו אַרעסטירן גאַנץ באָריסאָגלעבסק. ער האָט זיך באַרימט בעת די מיטאָגן, וואָס דאָס טעראָריזירטע סוחרטום האָט געגעבן לכּבוד אים, אַז ער האָט אייגנהענטיק געטויט זעקס פּויערים. וועגן שמייסן איז גאָר נישט נויטיק געווען צו רעדן, פּונקט ווי דער פּויער פּאַרמאָגט נישט קיין מענטשןערע, פּונקט ווי ער וואָלט נישט געווען אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי מיר, וועלכע שפּירן אַ קלאַפּ אין פּנים אַלס אַ באַליידיקונג, וואָס איז שווערער ווי דער טויט.

איך וויל נישט רעדן וועגן לוזשעניאָווסקין אַלס גייסטיקן אינספּיראַטאָר און באַגרינדער פון אַזאַ שענדלעכער דערשיינונג אין רוסישן לעבן, ווי דאָס איז די שוואַרצע מאה: אַלע קענען דאָס גאַנץ גוט. לוזשעניאָווסקי איז אַזוי אַרום באַטראַכט געוואָרן דורך דעם טאַמבאָווער קאָמיטעט פון דער סאָצ. רעוו. פּאַרטיי און דורך מיר, אַלס אַ מיטגליד, ווי די פאַרקערפּערונג פון אומרעכט, פון הפקרות, פון געוואַלט, ווי אַ טיפּישער אויסדרוק פון אַלע שטריכן פון דער אויטאָקראַטיע. ער האָט שנעל געקלעטערט איבער די שטיגן פון דער רעגירנדער מאַכט, עס האָט שוין געגלאַנצט פאַר אים די מאָנטע פּערספּעקטיוו פון אַ אַלמעכטיקער דיקטאַטור אין רוסלאַנדס מערב־געביט אָדער ערגעץ אַנדערש, ווו זיין אומגעצוימטע נאַטור וואָלט געקאָנט האָבן פאַר זיך פרייען רוים. ער איז אַלץ מער געוואָרן אַ וויכטיקער זייל פון יענעם צוואַנג ־ בנין, אין וועלכן דאָס פאָלק שטיקט זיך. ער איז געווען אַן אונטערדריקער פון פאָלק און אויף קיין אַנדער אופן, ווי נאָר דורך טויט, האָט מען אים נישט געקאָנט צוימען.

דער טאַמבאָווער קאָמיטעט פון דער סאָצ. רעוו. פּאַרטיי, ווי אויך די גאַנצע פּאַרטיי שטעלן זיך אַלס אויפגאַבע, צו פּאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די האָרעפּאַשנע מאַסן, זייער גליק און זייער ערע. די פּאַרטיי שטרעבט דערצו, צו שאַפן אַזעלכע פּאָליטישע און

ווירטשאפטלעכע באדינגונגען, אונטער וועלכע דאס פאלק זאל קאָ־ נען פרייהייטלעך מארשירן צום סאָציאליזם, צום פּלאנמעסיקן אָרגאניזירן די קאָלעקטיווע ארבעט פארן קאָלעקטיוון וויל, צו א געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, אין וועלכער די גרויסע ווערטער — ברידערלעכקייט, גלייכהייט, פרייהייט פון מענטשן — זאָל ווערן ווירקלעכקייט, און נישט בלייבן בלויז א טרוים. אין נאָמען פון מענטשלעכער חשיבות, פון אכטונג צו דער פערזענלעכקייט, צו אמת און גערעכטיקייט, האָבן דער טאמבאָווער קאָמיטעט און איך ארויסגעטראָגן א טויט־אורטייל אויף לוזשענאָווסקין. אין פולן באוווסטזיין פון דער באדייטונג פון מיין באשלוס, האָב איך גע־ נומען אויף זיך אויסצופירן דעם אורטייל, ווייל מיין האַרץ איז צעריסן געווען פון פיין, ווייל עס איז געווען א שאנדע ווייטער צו לעבן, הערנדיק וועגן דעם גרויל און דער דעמאָראליזאציע, וואס הערשן אין די נשמות פון די פויערים נאָך לוזשענאָווסקיס טאַרטורן. און ווען איך האָב באגעגנט פויערים, וואס זענען משוגע געוואָרן דורך די פייניקונגען, ווען איך האָב געזען די מטורפע אַלטע מוטער, וועמעס פופצן־יאָריקע, בילד־שיינע טאָכטער האָט זיך געוואָרפן אין וואסער נאָכן פארגוואלטיקט ווערן דורך די קאָ־ זאקן, — דאַן האָט מיך קיין שום מאכט פון גיהנום, קיין שום פערספּעקטיוו פון שווידערלעכסטער פיין נישט געקאָנט אָפּהאלטן פון פארווירקלעכן מיין באשלוס. אמת, די נקמה פון פּאָליציי־ אישן רעזשים איז געשטאנען אויף דער הויך פון זיינע טראדיציעס. מיט דער גאנצער לאסט פון איר מיליטעריש־פּאָליצייאישער אָרגא־ ניזאציע האָט זיך די ביוראָקראטיע ארויפגעוואָרפן אויף מיינע אַקסלען און מיך דערדריקט. הגם טאָרטורן זענען פאָרמעל אָפּגע־ שאפט, האָט מען זיי דאָך אָנגעווענדט ביי מיר. אַלץ, וואָס איך האָב געשריבן אין מיין בריוו, איז אמת. מען האָט מיך געפייניקט אויף א ראפינירטן אופן, מען האָט חוזק געמאכט פון מיר, מען האָט באלײדיקט אַלע מיינע געפילן. מען האָט מיך געשלאָגן אין פנים — און צי באגרייפט איר דען, מיינע הערן ריכטער, וואָס עס באטייט פאר א מענטשן דיזאָזיקע באליידיקונג? בעסער אכט מאָל שטארבן, איידער אויסצושטיין זי! איך חזר נאָכאמאָל אי־ בער: נישט געקוקט אויף אַלע גרוילן פון דאָס דורכגעלעבטע, בין

איך גליקלעך אַרויסצוטרעטן צום שוץ פון פאָלק און צו שטאַרבן פאַרן פאָלק".

דער איינדרוק פון ספּירידאָנאָוואַס דערקלערונג איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז דאָס געריכט — ווי שוין געזאָגט — האָט מוותּר געווען אויפן עדות־פאַרהער. דער פּראָצעס איז אַריינגעטראָטן אין זיין לעצטער פאַזע. דער מיליטערישער פּראָקוראָר האָט אַנדערש נישט געקאָנט האַנדלען: לויטן קריגס־געזעץ האָט ער געמוזט פאָדערן ספּירידאָנאָוואַס קאָפּ. אָבער פון דער רעדע פונם אָפּיציעלן פאַרטיידיקער, דעם אָפיציר פילימאָנאָוו, האָט מען אַרויסגעהערט דעם איינדרוק, וואָס ספּירידאָנאָוואַס טאַט האָט געמאַכט אַפילו אין דער מיליטערישער קאַסטע. איך מוז — האָט ער געזאָגט אין זיין קורצער רעדע — אויסדריקן אַ געדאַנק, וואָס מאַטערט מיך פון סאַמע אָנהויב פון דאָזיקן פּראָצעס. פון איין זייט זע איך אַ פּייערלעכן קאָלעגיום הויכע אָפיצירן, — וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף אַן אויסעראָרדנטלעכן פּראָצעס, כּדי צו פאַרמשפּטן לויט די קריגס־געזעצן אַ פּאָליטישע פאַרברעכערין. פון דער צווייטער זייט זע איך אַ שוואַך, געפּייניקט, נאָך נישט פולי־אָריק מיידל, כּמעט אַ קינד, באַדראָט פון אַ געזעץ־פּאַראַגראַף, וואָס קען בלויז — טויט־שטראָף. פון איין זייט האָב איך געהערט די באַשולדיקונגס־רעדע, וואָס פאָדערט האַרט און קאַלטבלוטיק די שטראָף. פון דער צווייטער זייט קלינגט נאָך אין מיינע אויערן דער גליענד־אויפריכטיקער באַריכט פון דאָזיקן וווּנדערבאַרן מיידל מיטן היציקן קאָפּ און פלאַמיקער פאַנטאַזיע, וואָס איז פול מיט זיסע אָבער נישט פאַר־ווירקלעכבאַרע טרוימען וועגן גליק פון פאָלק, וואָס איז אַלעמען טייער. מיר האָבן אַלע מיט דערשיטערונג און גרויל געהערט פון ספּירידאָנאָוואַן וועגן די גאָטלאָזע און אוממענטשלעכע פּייניקונ־גען, וואָס זי האָט געהאַט אויסצושטיין בעת איר אַרעסט. און מיר האָבן אויך געהערט פון מעדיצינישן זאַך־פאַרשטענדיקן, אַז דער יונגער אָרגאַניזם איז פאַרכאַפּט פון אַ שווערער קראַנקהייט, וואָס איז באַזונדערס געפערלעך אין צאַרטן עלטער פון דער אָנגע־קלאָגטער.

מיינע הערן ריכטער! פּונקט ווי איר בין איך אויך אויסגע־וואַקסן אין אַ מיליטערישער סביבה, ווו מען ווידמעט דאָס לעבן

אויסשליסלעך דעם קריג. מיר אַלע זענען דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון קוקן דעם טויט מוטיק און אָפן אין די אויגן און אין אַ נויט־פאַל אויך אַנדערע צו טויטן. אָבער איך ווייס, פונקט אַזוי קלאָר ווי איר, אַז די האַנט פון אַ קריגער, אַן ערנמאַן, וועט אפילו אין פייער פון שלאַכט זיך נישט הויבן אויף אַ פרוי. דעריבער קוק איך מיט אומרו און שרעק אין אייערע פּנימער, כּדי אַרויס־צולייענען פון זיי אייערע כּוונות. איך האָף, אַז איר וועט געפינען אַ לעגאַלן אויסוועג פון אייער שווערער, פיינלעכער לאַגע. אייער געוויסן, אָבער אויך דאָס געזעץ, וועלן אייך אָנווייזן דעם אויס־וועג. איך אָבער ווענד זיך צו אייך, מיינע וואָפנברידער, און בעט אייך רחמים: פאַרגעסט נישט ביים אַרויסטראָגן דעם אורטייל, אַז זעלנער טויטן נישט קיין פרויען".

דערנאָך האָט געהאַלטן זיין פאַרטיידיקונגס־רעדע דער אַדוואָ־קאַט טעסלענקאָ. אין צאַריסטישן רוסלאַנד האָבן רעדעס פון פּאָלי־טישע פאַרטיידיקער — ווי פּאָליטישע פּראָצעסן בכלל — געביל־דעט אַ גליד אין באַפרייאונגס־קאַמף פון פאָלק. די פאַרטיידיקער פון סאַזאָנאָוו, פון קאַליאַיעוו, פון גערשוני, פון ערשטן אַר־בעטער־ראַט, — זיי אַלע האָבן זיך געפונען אין זעלבן קאַמף־פראָנט, ווי די רעוואָלוציאָנערן, וועלכע זיי האָבן פאַרטיידיקט. און די „פאַרטיידיקער" זענען אַליין עפּעס, אין די הונדערטער געריכט־זאַלן, איבערגעגאַנגען צום אָנגריף קעגן רעזשים. ווי אָפט זענען דאָ פאַרביטן געוואָרן די ראָלן, אַזוי אַז מען האָט נישט געוווּסט, ווער וועמען עס משפּט אין די דאָזיקע טריבונאַלן. טעסלענקאָ האָט ווייטער געפירט די רומרייכע טראַדיציע פון דידאָזיקע אַדוואָקאַטן, דורך זיין רעדע פאַר ספּירידאָנאָוואַ.

„מיינע הערן ריכטער! — האָט ער געזאָגט, — מען פאָדערט פון אייך, אַז איר זאָלט אַרויסטראָגן אַ טויט־אורטייל. פרעגט אָבער אייער געוויסן טיפער, אומבארחמנותדיק, דורכדרינגענדיק! צי גע־פינט איר אין אים אויף אַן אמת יענע העכסטע מאָס פון עמפּע־רונג קעגן דער אָנגעקלאָגטער, אָן וועלכער איר קאָנט זי נישט פאַר־אורטיילן צום טויט? יעדער טויט־אורטייל עמפּפערט ביזן גרונט דאָס גערעכטיקייטס־געפיל פון רוסישן פאָלק. די שרעקלעכע אויפ־גאַבע פון אַרויסטראָגן טויט־אורטיילן האָט מען אַרויפגעלייגט

אויף די קריגס־געריכטן. איז דען אָבער דאָס געריכט בלויז אַ מאַשין, וואָס שטעמפּלט די אָנגעקלאָגטע מעכאַניש מיט שטראָף־אורטיילן? איך קאָן דאָס נישט גלויבן. געריכט איז קודם כּל דאָס טיפע זאָנ־דירן פון מענטשלעכן געוויסן, און צום דאָזיקן געוויסן ווענד איך זיך איצט. באַטראַכט די טאַט פון אָנגעקלאָגטן אין זיין ליכט — און איר וועט גלייך דערבליקן נישט די איינזאַמע ספּירידאָנאָוואַ, וואָס האָט דערמאָרדעט אַ לוזשענאָווסקי...

ניין, איר וועט דערבליקן דאָס גאַנצע געמאַטערטע רוסלאַנד, הונדערטער ספּירידאָנאָוואַס און טויזנטער לוזשענאָווסקים; און גלייכצייטיק וועט איר דערבליקן דאָס פאַרזעעניש, וואָס פּייניקט אונז. שוין עטלעכע יאָר ווי מיר לעבן אין אַ בלוטיקן נעפּל. אַלע גרויסע דערגרייכונגען פון דער מענטשהייט, — דאַמף, עלעקטרי־ציטעט, טעלעגראַף, טעלעפאָן, דרוקעריי־קונסט, — האָבן זיך ווי פאַראייניקט, כּדי אונז צו קוועלן מיט באַריכטן פון אַלע עקן פון אונזער פאָטערלאַנד. וואַרפט אַ בליק אין דער היינטיקער צייטונג. איז זי געדרוקט מיט פאַרב, אָדער אפשר מיט דעם בלוט פון די צום טויט־פאַרשמיסענע און געפּייניקטע? צו דען שפּירט מען נישט פון יעדער שורה טרערן, געשרייען, הילפרופן?

עס זענען אָבער דאָ מענטשן, ווי די ספּירידאָנאָוואַ, וואָס פילן זיך באַשפּריצט פון דאָזיקן ברודער־בלוט, וואָס האָבן געזען די לײדן פונם פאָלק און האָבן אַריינגעלייגט זייערע פינגער אין זיינע וואונדן. און גראָד די דאָזיקע מענטשן זאָלן שטאַרבן, ווייל זיי האָבן פאַרוואַנדלט אין טאַט דאָס געפיל פון עמפּערונג, וואָס האָט אונז אַלע אַרומגעכאַפּט, ווייל זיי זענען גרייט אויסצוקויפן די לײדן פונם פאָלק מיט זייער אייגענעם לעבן?

דערדאָזיקער פאַל פאַרמאָגט אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס שליסט אַפילו אויס דעם געדאַנק פון אַ שטראָף ־ אורטייל. איך שטיי פאַר אייך אַ צעטומלטער און איך ווייס נישט, וואָס איך זאָל טאָן: פאַרטיידיקן ספּירידאָנאָוואַן, אָדער, פאַר־קערט, פאָדערן פאַר איר שוץ און שטראָף. איך ווייס נישט, וואָס איר מוזט טאָן: באַשטראָפן ספּירידאָנאָוואַן, אָדער זי ראַטעווען.

איר האָט אויסגעהערט דעם דערשיטערנדיקן באַריכט פון דער אָנגעקלאָגטער איבער אירע אוממענטשלעכע לײדן. איר האָט נישט

געספּקט אין דער אמתדיקייט פון יעדן וואָרט אירן. און ווי איז דען מעגלעך צו ספקן דערין? די פייניקער האָבן דאָך יעדן קלאַפּ, יעדע פּייניקונג אַריינגעטראָגן אין פּראָטאָקאָל, וואָס איז געשריבן געוואָרן אויף איר קערפּער און וועלכן דער דאָקטאָר האָט דאָס איבערגעלייענט. די פּייניקונג האָט געדויערט 12 שעה נאָכאַנאַנד, זי האָט אָבער קיינעם נישט פאַרראַטן, זי האָט קיין איין געשריי נישט געשריגן.

דאָס איז אייגנטלעך נישט געווען קיין פּייניקונג, כּדי אַרויס־צוקריגן די נעמען פון ספּירידאָנאָוואַס מיטשולדיקע. דאָס איז געווען אַ סך ראַפינירטערס. פּייניקונג איז פיזישע ליידן. דאָ אָבער איז אויך געווען אַ גרענעצלאָזע דערנידעריקונג, אַ חוזק־טרייבן איבער די הייליקסטע געפילן פון אַ ריינעם מיידל. איך קען נישט קיין איינציקן מענטשן, וואָס וואָלט נישט אויפגעציטערט געוואָרן פון עמפּערונג און גרויל, ביים אויסהערן די שווידערלעכע דערציי־לונגען פון ספּירידאָנאָוואַס ליידן.

איילט זיך צו באַשיצן מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַן! טרעט קיינעם נישט אָפּ דעם כּבוד צו ראַטעווען דאָסדאָזיקע מיידל! רייסט זי אַרויס פון די נעגל פון טויט! — פאַר אייך געפינט זיך נישט נאָר די דערנידעריקטע, געשענדעטע און קראַנקע ספּירידאָנאָוואַ, פאַר אייך געפינט זיך דאָס ליידנדע און געשענדעטע רוסלאַנד. אויב איר וועט טויטן ספּירידאָנאָוואַן, וועט דאָס גאַנצע לאַנד אויפציי־טערן פאַר ווייטאָק און שווידער. עס מוז געמאַכט ווערן אַ סוף צו דערדאָזיקער פאַרביטערונג. אייך איז אפשר באַשערט דאָס גליק, אַרויסצורייידן דאָס וואָרט פון אויסלייזונג".

מיט דער דאָזיקער רעדע פון ליבעראַלן פאַרטיידיקער האָט זיך פאַרענדיקט די פאַרהאַנדלונג. ספּירידאָנאָוואַ האָט נאָך באַקומען „דאָס לעצטע וואָרט פון אַ אָנגעקלאָגטן". עס איז געווען קורץ און דערהויבן. „מיינע הערן ריכטער! גיט אַ קוק אַרום זיך, ווו זעט איר פריידיקע פּנימער פון צופרידענע און גליקלעכע מענטשן? נישטאָ אַזעלכע! אַפילו ביי יענע, וואָס קענען איצט טריאומפירן, לאָזט זיך באַמערקן טרויער. זיי ווייסן, אַז זייער טריאומף וועט זיך באַלד ענדיקן, ווייל אַלע אונטערדריקטע און געפייניקטע וועלן אויפהערן צו זיפצן און וועלן געפינען אַן אויסוועג. איך פאַרלאָז

דאָס דאָזיקע לעבן. איר קענט מיך טויטן, ווען עס וואָלט מעגלעך געווען — פילפאַך טויטן, איר קענט צוטראַכטן די ערגסטע שטראָפן, אָבער איר קענט קיין האָר נישט צוגעבן צו דעם, וואָס איך האָב שוין איבערגעטראָגן.

פאַרן טויט האָב איך קיין מורא נישט. אויך דורכן טויט קאָנט איר נישט צורויבן ביי מיר דעם גלויבן, אַז עס וועט קומען פאַרן פאָלק אַ צייט פון גליק און פרייהייט, אַז אין פאָלקסלעבן וועלן פאַרווירקלעכט ווערן אמת און גערעכטיקייט, אַז די אידייען פון ברידערלעכקייט און פרייהייט וועלן דאַן נישט זיין קיין פוס־טער קלאַנג, נאָר רעאַליטעט. אָ, עס לוינט אָפּצוגעבן פאַר דעם דאָס לעבן. איך האָב געענדיקט״.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָט דאָס קריגס־געריכט פאַרמשפּט ספּירידאָנאָוואַן צום טויט דורך הענגען. נעמענדיק אָבער אין באַ־טראַכט איינציקע מילדערנדע אומשטענדן, האָט דאָס געריכט פאַר־געלייגט צו פאַרוואַנדלען די טויט־שטראָף אין קאַטאָרגע. דער אור־טייל האָט געדאַרפט איבערגעשיקט ווערן צום קאָמאַנדיר פון מאָסק־ווער מיליטערישן קרייז, ער זאָל אים באַשטעטיקן.

ספּירידאָנאָוואַ האָט רואיק אויסגעהערט דעם טויט־אורטייל. איבער איר פּנים איז פאַרביי אַ שמייכל. איר גאַנץ וועזן איז באַ־לויכטן געוואָרן מיטן באַוווסטזיין פון אַ מאָראַלישן נצחון. דאָס ליכט פון דאָזיקן באַוווסטזיין, פון אַן אינערלעכער פרייד האָט זי אויך באַהעלט, ווען זי איז צוריק אָפּגעטראַנספּאָרטירט געוואָרן אין תפיסה. מען האָט זי ווידער געפירט איבער די גאַסן פון דער שטאָט, אויף וועלכע עס האָבן שפּאַצירט אין דאָזיקן פרילינגס־טאָג גרוי־סע מחנות מענטשן. די ידיעה וועגן געריכטס־אורטייל: „טויט דורך הענגען״ האָט זיך שוין געהאַט פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט, ווי אַ שריפה. אַלע האָבן געוווּסט, אַז מען פירט שוין איצט ספּירידאָ־נאָוואַן אַלס אַ „צום טויט פאַרמשפּטע״. זי האָט, ווי פריער, מונטער געקוקט אויף דעם גוט־געקליידעטן שפּאַצירנדיקן עולם. זי האָט פריינטלעך געשמייכלט, ווי אויף דעם וועג צום געריכט, זי האָט לעבנסווירדיק צוגעווונקען די באַקאַנטע, וואָס אירע אויגן האָבן באַגעגנט. איר פּנים האָט מיט גאָרנישט עדות געזאָגט, אַז זי איז איבערגעענטפערט געוואָרן דעם טויט.

## VII.

# פראָטעסט אין אייראָפּע

נאָך דער געריכטס־פאַרהאַנדלונג האָט ספּירידאָנאָוואַ באַזוכט אין תפיסה איר שוועסטער יעווגעניאַ. בעתן באַזוך האָט מאַריאַ גערעדט וועגן דעם, אַז איר טויט איז אומאָפּווענדבאַר, אַז נאָך דעם אַלעם, וואָס זי האָט איבערגעלעבט, וויל זי שטאַרבן. זי האָט זיך אַזוי צוגעגרייט צום טויט, אַז זי קאָן זיך שוין גאָר נישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי זי וועט קאָנען ווייטער לעבן. אויך איר געזונט איז אַזוי ווייט רואינירט, אַז זי קאָן נישט דערוואַרטן קיין לאַנג און גליק־לעך לעבן. יעווגעניאַ האָט זיך באַמיט אָפּצווענדן איר שוועסטער פון די טרויעריקע געדאַנקען, ווידער אויפוועקן אין איר די לוסט צום לעבן. זי האָט איר ליידנשאַפטלעך געפּרוווט אויפווייזן, אַז איר לעבן איז נויטיק דעם פאָלק, אַז איר יוגנטלעכע קראַפט וועט פרוכט־באַר זיין פאַרן נייעם לעבן, וואָס הויבט זיך אָן דורכצוברעכן אַ וועג, אַז איר געזונט־צושטאַנד וועט זיך גיך פאַרבעסערן. עס איז געווען אַן אומגליק, ווען מאַריאַ האָט אָנגעהויבן צוצוהערן זיך און זי איז ווי דערשראָקן געוואָרן. אַזוי ווייט זענען אירע געדאַנ־קען געווען פון דער מעגלעכקייט צו לעבן. ספּירידאָנאָוואַס חברים, וואָס האָבן מיט זאָרג נאָכגעפאָלגט יעדע מינוט פון איר לעבן, האָבן איצט, נאָך דעם פאַרעפנטלעכטן אורטייל, באַקומען האָפנונג ארויסצורייסן זי פון טויט. זיי האָבן זיך אָבער געשראָקן, אַז ספּי־רידאָנאָוואַ אַליין וועט מער נישט לייגן קיין שום ווערט אויפן לעבן, און ביי אַ צוזאַמענשטויס מיט דער מאַכט וועט זי עס ווידער ליכט שטעלן אין קאָן. זיי האָבן זי דעריבער פאַרוואָרפן מיט בריוו, אויפפאָדערונגען און באַפעלן: אומבאַדינגט זיך שוינען. פון דער־דאָזיקער קאָנספּיראַטיווער קאָרעספּאָנדענץ איז אונז פאַרבליבן אַ פעקל ספּירידאָנאָוואַס ענטפער־בריוו. עס איז צו שטוינען, ווי ווייט דאָס פערזענלעכע „איך" פון צום טויט־פאַרמשפּטן מענטשן טרעט צוריק הינטער דער אידייע. זי פאָדערט פאַר זיך דאָס רעכט אָפּ־צוהיטן איר רעוואָלוציאָנערע ווירדע, און גלייכצייטיק איז זי גרע־ניצלאָז טריי די ווונטשן פון איר פּאַרטיי. אָבער תמיד שטייט פאַר

איר די וויזיע פון דער העכסטער זיטלעכער אויטאָריטעט: דער רעוואָלוציע. „ליבע חברים! — האָט זי געשריבן, — צומאָל פאַרברענג איך אַ גאַנצע נאַכט אָן שלאָף. אָבער אַזוי פיל איך זיך זייער מונטער און איך ווייס נישט ווי אָפּצורעאַגירן די ענערגיע, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט ביי דער דאָזיקער אומטעטיקייט.

איך טרוים וועגן דעם, ווי אַזוי איך וועל הענגען. דער דאָזיקער ווונש ווערט אין מיר זייער שטאַרק און איך האָב מורא, אַז איך וועל זיך גופא נישט קענען באַהערשן, ווען די אויטאָקראַטיע וועט מיך באַגנעדיקן. איך וויל נישט איר גנאָד... מיין טויט שיינט מיר צו זיין געזעלשאַפטלעך אַזוי ווערטפול, אַז יעדע גנאָד מצד דער רעגירונג וועל איך שפּירן אַלס נקמה, אַלס אַ נייעם חוזק.

אויב די עקזעקוציע איבער מיך וועט נישט אַזוי שנעל אויסגעפירט ווערן, וועל איך מיך באַמיען אייך נוצלעך צו זיין דורך ווערבירן אידייען־חברים. איך וואָלט זייער וועלן וויסן, ווי אַזוי דאָס זעט אויס אין טאַמבאָוו, צי איר באַזאָרגט מיט ביכער די פויערים, וואָס זיצן פאַרשפּאַרט אין דער ספּעציעלער תפיסה. טוט עס! עס איז נויטוועדיק, כּדי זיי זאָלן אַרויסגיין פון אַרעסט אַלס סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, אָדער אַלס סימפּאַטיקער.

איך קוש אַלע אַלטע חברים און דריק די נייע די האַנט. שיקט מיר קאַרטלעך מיט אייער האַנטשריפט, — דאָס וועט מיר פאַרשאַפן פרייד.

אייער מאַרוסיאַ.

פּ. ס. די באַהאַנדלונג איז גוט. געזונט־צושטאַנד: פיבער, אַ הוסט, קאָפּ־ווייטאָק".

ספּירידאָנאָוואַ ווייס אָבער, ווי איר פּרייַנט אויף דער פריי ציטערן פאַר איר לעבן, און זי איילט זיך זיי צו באַרואיקן. „איך האָב פאַרגעסן אייך נאָך עפּעס צו זאָגן: דאָס אָנגעהערן צו דער ס.־ר.־פּאַרטיי באַדייט פאַר מיר נישט נאָר אומבאַדינגט אַנערקענען איר פּראָגראַם און איר טאַקטיק, נאָר מערער נאָך. לויט מיין מיינונג באַדייט עס — ווידמען דער פאַרווירקלעכונג פון די פּאַרטיי־אידייען דאָס אייגענע לעבן, יעדן געדאַנק און יעדן געפיל; דאָס באַדייט, — נישט פאַרמאָגן גאָרנישט מחוץ די אינטערעסן און די אידעאַלן פון דער פּאַרטיי; דאָס באַדייט, — אויסנוצן יעדן אויגנ־

בליק פון לעבן אזוי, אז די זאך זאל דערפון געווינען. ביי מיין דאזיקער איינשטעלונג האב איך נישט קיין רעכט צו האבן פערזענלעך א דעה אויף מיין לעבן. דעריבער ווארף איך עס אונטער אייער באשלוס, ווייל די קאמפעטענץ פון דער געמיינשאפט איז גרעסער פאר דער קאמפעטענץ פונם יחיד ביים אפשאצן די אינטערעסן פון דער זאך.

איך חזר איבער: איך ווארף זיך אונטער.

מארוסיא".

ספירידאנאווא וויל זיך אונטערווארפן, אבער וואס זאל זי טון, אויב זי וועט שטיין פאר א נייעם אטענטאט אויף איר מענטשלעכער חשיבות?

צו די פריינט אין דער שטאט איז דערגאנגען א באאומרואיקנדיקע ידיעה וועגן איר צושטאנד. זיי פרעגן אן אין א אומלעגאלן בריוו: שטייט איר ווידער פאר א געפאר? און זי ענטפערט זיי פול מיט ליבע און קאמפראמיסלאזיקייט: „עס פארדריסט מיר זייער שטארק, וואס עס איז אין דער שטאט באקאנט געווארן, אז איך בין געוועזן טרויעריק, אז כ'האב נישט געגעסן און כ'בין נישט געשלאפן, און דאס האט געשאפן א גרונט פאר פארשידענע קלאנגען. דאס אלץ איז דאך געווען מיינע א „פערזענלעכע" זאך און קיינער האט זיך דערין נישט געדארפט אריינמישן. דאס פיזישע קראנק־ווערן האט מיך געהאלפן גובר צו זיין יענע שרעקלעכע געדאנקען, וואס האבן מיך אזוי געפייניקט.

פאר מיין באוווסטזיין איז דערשינען א גאנצע רייע דערמארדעטע חברים און האבן מיר ווי געמאכט פארווורפן, וואס איך בין געבליבן לעבן דורך דער „גנאד" פון דער אויטאקראטיע. פאר מיר איז דערשינען זשראנאוו מיט אן אויפגעהויבענער בייטש, און מיין נשמה האט אויפגעציטערט פאר דער שוידערלעכער פארוואונדונג פון דער מענטשלעכער חשיבות, פאר דער שענדונג פון מיין „איך", וואס איך בין געצוווּנגען געווען אויסצושטיין.

צייטנווייז פלעגט זיך מיר אויסדוכטן, אז איך פיל ווי אווראמאוו נעמט מיך געמיין ארום, און כ'פלעג וועלן שטעלן א ווידערשטאנד און קרעכצן. וואלט איך געזונט געווען, וואלט איך זיך נישט געלאזט אראפזינקען צו אזא שוואכקייט. איך בין אבער

געוועזן פיזיש קראנק, די טעמפעראטור פלעגט אמאל שטייגן ביז 40 גראד און כ'פלעג פארלירן דאס באוואוסטזיין.

איצט האב איך מיך אליין גובר געווען, און איך קאן אייך, מיינע גוטע פריינט, זאגן: דאס וועט מער נישט פאסירן. נאר ביי דער איבערחזרונג פון יענע געשעענישן, וואלט עס ווידער געקאנט געשען.

טעפלענקא האט מיר געזאגט: „נאכדעם, וואס עס איז געשען מיט אווראמאוו און זשדאנאוו, גלויב איך נישט, אז עמיצער וועט זיך נאך דערוועגן צו האנדלען, ווי זיי''. אבער אויב דאס זאל זיך פארט איבערחזרן, דאן מוזט איר, חברים, אנערקענען פאר מיר דאס רעכט — אין נאמען פון דער מענטשלעכער חשיבות, — צו באגיין אזא נארישקייט, ווי דאס איז דער זעלבסטמארד פון א רעוואלוציאנער.

איר וועט, פריינט מיינע, מסכים זיין, אז עס וואלט נישט גוט געווען, ווען טרעגער פון דער אידייע זאלן זיין מענטשן, וועלכע... מער זאג איך קיין ווארט נישט!... איר מוזט מיר פארשטיין, און איך דערווארט ענטפער און אייער באשלוס. איך בעט אייך אבער צו נעמען אין באטראכט, אז פאר א פערזענלעכקייט איז נישטא עפעס שווערלעכערעס, ווי דאס שלאגן איר טרעגער אין פנים, אדער מיט דער בייטש. נעמט אין באטראכט, אז דאס לעבן-בלייבן איז אפטמאל א סך א גרעסערער קרבן פאר דער „זאך'', ווי דאס שטארבן פאר איר דערפאלג.

איך וועל זיך אונטערווארפן אייער אנטשיידונג. איך וועל געפינען אין זיך קראפט, כדי איבערצולעבן א צווייטע עפאפייע לויטן מוסטער פון באריסאגלעבסק, — אויב איר וועט באשליסן: בלייבן לעבן. אבער נעמט אין אכט מיינע ארגומענטן.

מארוסיא''.

די חברים האבן געשפירט די זעלישע נויט, וואס האט ארויס-גערעדט פון ספירידאנאוואס בריוו. זיי האבן זיך אבער נישט גע-לאזט אראפפירן פון וועג, זיי האבן געוואלט פארטרייבן פון מא-רוסיאס באוואוסטזיין יעדן געדאנק וועגן טויט. זיי האבן איר אריבערגעשיקט דעם אומבאדינגטן באפעל צו לעבן. און זיי האבן באלד דערהאלטן איר ענטגילטיקן ענטפער, מיט וועלכן עס ווערט

געשלאָסן די דאָזיקע װוּנדערבאַרע קאָרעספּאָנדענץ פון רעוואָלו־ציאָנערן. „די מיינונג פון מיינע חבֿרים איז אַזאַ: איך מוז איצט פאַרגעסן זשדאַנאָוון מיט װוראָמאָװן און אין דער צוקונפט זיין געדולדיקער, ווען עס וועלן זיך אָנהייבן די באַליידיקונגען, וואָס זענען אומפאַרמיידלעך ביי אַ קאַטאָרזשאַנקע.

איר וואָלט מיר וועלן מיטגעבן אין וועג אַריין מער קראַפט און מוט, כּדי איך זאָל קאָנען אויסהאַלטן אַלע פּרוּוונגען פון גורל.

דאָס איז נישט נייטיק!

איך קאָן אַזויפיל איבערטראָגן, איך האָב קיין מורא נישט פאַר קיין שום פּיין און נויט. איך וועל יעדעס מאָל זאָגן: „און דאָך!... מיר האָבן פאָרט מנצח געווען". און דער דאָזיקער געדאַנק וועט מיר זיין אַ פּאַנצער.

זאָל מען מיך שלאָגן, זאָל מען מיר צווינגען איבערצוטראָגן הונגער, קעלט און שווערע אַרבעט, — דאָס איז גאָרנישט. בלויז איינס וועל איך נישט קאָנען אַריבערטראָגן, — אַ פּאַטש אין פּנים. ווען עס געשען, דאַן האָב איך מורא, אַז איך וועל דעמדאָזיקן טאָג נישט איבערלעבן. פאַרגעסט דאָס נישט... און זייט מוחל!

איך בין איבערצייגט, איר וועט מוחל זיין און באַגרייפן, ווען איך וועל נישט בלייבן לעבן נאָך אַ געמיינעם געוואַלט־אַקט.

פאַר אַלע אַנדערע פאַלן פון דערנידעריקונג, פון נויט, פון טויטנדיקן לאַנגווייל וועל איך פאַרמאָגן בלויז אַ געפיל פון פאַר־אַכטונג.

האָט נישט קיין זאָרג וועגן מיר.

צו דען ווייסט איר נישט, אַז איך געהער צו די־יעניקע, וועל־כע לאַכן אויפן קרייץ? איך האָב געלאַכט, ווען איך האָב פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין אונטער קאָלבן־קלעפּ; איך האָב געלאַכט, ווען איך האָב אויסגעהערט דעם טויט־אורטייל, — איך וועל לאַכן אויך אין דער קאַטאָרגע.

מען ליידט דאָך פאַר אַן אידייע, און די אידייע איז אַזוי הערלעך, אַזוי דערהויבן, אַז אַלע פּערזענלעכע געפילן ווערן בלאַס לגבי איר.

זייט געזונט אָדער צום ווידערזען, מיינע ליבסטע פריינט.

איך וועל זיין פריילעך, מוטיק, גליקלעך, איך וועל האַלטן

הויך דעם קאָפּ, ביז די כוואַליעס וועלן אים נישט פאַרגיסן, ווי טורגעניעוו האָט געזאָגט. די צוקונפט שרעקט מיך נישט: זי איז מיר נישט וויכטיק, — וויכטיקער איז דער טריאומף פון דער אידייע. מאַרוסיאַ''.

אַז מען לייענט ספּירידאָנאָוואַס דאָזיקע בריוו, ווייס מען באמת נישט, ווער פון די ביידע קאָרעספּאָנדירנדע האָט אין אַנדערן צד אויפגעוועקט מער רעוואָלוציאָנערן מוט און גלויבן אין לעבן; ספּירידאָנאָוואַ, וואָס האָט זיך געגרייט צום טויט, אָדער אירע פריינט, וואָס האָבן זי אויפגעפאָדערט צו לעבן. אין דער צום־טויט־פאַרמשפּטער איז געקומען צום אויסדרוק אַ לעבנסקראַפט און אַ טרייקייט דער אידייע, וואָס זייער גלייכן באַגעגנט מען זעלטן.

* * *

בעת אין דער טאַמבאָווער תּפיסה איז געפירט געוואָרן די־דאָזיקע געהיימע קאָרעספּאָנדענץ און ספּירידאָנאָוואַ האָט געוואַרט מען זאָל אויספירן דעם טויט־אורטייל, האָט די פּאָליטישע עפנטלעכקייט פון רוסלאַנד און אויסלאַנד אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר איר לעבן. די פרעסע האָט אָן אויפהער דערמאָנט וועגן די ,,מילדערנדע אומשטענדן'', וועלכע אפילו דאָס קריגס־געריכט האָט אָנערקענט, און האָט געפאָדערט פון דער העכסטער אינסטאַנץ באַגנעדיקונג. ,,יעדנפאַלס קאָן די עקזעקוציע נישט אויסגעפירט ווערן פאַר פּראָצעס פון אַווראַמאָוו און זשדאַנאָוו, אויף וועלכן ספּירידאָנאָוואַ מוז דערשיינען אַלס עדות''. אויך מיטן דאָזיקן יורידישן אַרגומענט האָט די פרעסע געפּרוווט ווירקן. דער ,,אַלרוסישער פאַרבאַנד פאַר פרויען־גלייכבאַרעכטיקונג, אָנגעפירט פון ליבעראַל־דעמאָקראַטישע דאַמען, איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ מוטיקן אויפרוף. ,,צי האָט די וועלט אַמאָל שוין געהערט וועגן אַזאַ פרויען־גורל, ווי ספּירידאָנאָוואַס?... די רוסישע רעגירונג, וואָס פילט אָן די לעצטע צייט מיט אַזאַ התמדה די רייען פון די מאַרטירער פון דער רוסישער פרייהייט מיט נייע נעמען, האָט איצט צוגעגעבן אַ אומשעצבאַרן נאָמען, — מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַס. דאָס דאָזיקע מיידל האָט נישט געוואָלט, האָט נישט געקאָנט לעבן, אויב דאָס לעבן זאָל זיין אַ טריאומף פון יענער הפקרות - געוואַלט, וועמעס פאַרטרעטער עס איז געווען לוזשענאָווסקי. זיינע קרבנות האָבן געפאָדערט פאַרגעל-

טונג. און געהאַרכזאַם די האַזיקע שטימען, אין באַוווסטזיין פון דער געזעכטיקייט פון איר מיסיע, האָט ספּירידאָנאָוואַ געטויט לוזשעַנאָווסקין. פאַר אונזערע אויגן בליט זיך פאַנאַנדער די געשטאַלט פון דאָזיקן יונגן מיידל און ווערט אומווילקירלעך פאַרשמאָלצן מיטן געוואַלדיקן בילד פון רוסלאַנד, וואָס איז אַפילו דערנידעריקט און בלוט־באַפלעקט, אָבער שטאַרק ווי פריער, שטאָלץ און גליקלעך, — גליקלעך דורך דער גרייטקייט פון אירע קינדער צו לעבן און צו שטאַרבן פאַר דער גרויסער אידייע פון דער גערעכטער געזעלשאַפט אין דער צוקונפט״.

דער פאַל ספּירידאָנאָוואַ איז באַקאַנט געוואָרן אין אויסלאַנד און האָט אויפגערודערט די עפנטלעכע מיינונג. אין אייראָפּאַ פון 25 יאָר צוריק האָט נאָך עקזיסטירט עפּעס אַזוינס ווי אַן „עפנטלעך געוויסן״, וואָס האָט זיך אין אַ געוויסן זין דערהויבן איבער די אָפענע קלאַסן ־ פראַנטן. ליבעראַל־דעמאָקראַטישע ביהגער, ראַדיקאַלע אינטעליגענטן, סאָציאַליסטישע אַרבעטער האָבן דאַן — פאַרן וועלט־קריג, — נאָך געהאַט די מעגלעכקייט אויסצובילדן אַן איינהייטלעכן פראָנט קעגן רעאַקציע און באַרבאַריי. יערנפאַלס זענען זיי אַלע געשטאַנען געאייניקט קעגן דעם רוסישן צאַריזם. אין איטאַליע האָבן גרויסע פּראָלעטאַרישע קרייזן געשפּירט ספּירידאָנאָוואַס מאַרטיריום ווי זייערס אַ פּערזענלעכע זאַך. יונגנטער און פרויען־גרופּן האָבן זיך אָנגערופן אויף ספּירידאָנאָוואַס נאָמען. אין פראַנקרייך האָט זיך געבילדעט אַ פּראָטעסט־קאָמיטעט קעגן טויט־אורטייל איבער ספּירידאָנאָוואַ, אין וועלכן עס זענען געווען פאַרטראָטן די בעסטע פאַרשטייער פון פּראָגרעסיוון פראַנקרייך (דיכטער און געלערנטע, פּאָליטיקער און זשורנאַליסטן). עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צווישן די פרויען לטובת ספּירידאָנאָוואַן, נאָכדעם ווי עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן אויפרוף צו די פראַנצויזישע פרויען. זיי האָבן צוגעגרייט אַ פּעטיציע צו דער רוסישער רעגירונג, וווּ זיי האָבן געפאָדערט באַגנעדיקן ספּירידאָנאָוואַן. אין דער פראַנצויזישער פּרעסע איז דערשינען אַ מאַסע בריוו מיט סאָלידאַריטעט־דערקלערונגען פון פראַנקרייך, בעלגיע, פּאָרטוגאַל, ענגלאַנד. מען האָט שטורמיש געפאָדערט, ספּירידאָנאָוואַ זאָל בלייבן לעבן. אין דער שפּיץ פון דער פּראָטעסט־באַוועגונג זענען

געשטאַנען די באַקאַנטע שריפטשטעלער וויקטאָר און פּאָל מאַרגע־ריט. געאָרג בראַנדעס האָט געשריבן: „שטעלט צו אויך מיין נאָמען צו די יעניקע, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן דעם ווירדיקן און נויט־װענדיקן פּראָטעסט קעגן די תּליינים פון מאַריאַ ספּירידאָנאָװאַ. אין דער גייסטער געשיכטע איז נישטאָ אַ פאַקט, וואָס זאָל אַזוי מוזן גע־שטעמפּלט ווערן דורך דער אייראָפּעישער עפנטלעכער מיינונג. ווי דער גורל פון דער דאָזיקער אומגליקלעכער העלדין".

פּאַריזער סטודענטן האָבן געמאַכט פאָלגנדן פאָרשלאַג: „מאַר־יאַ ספּירידאָנאָוואַס מאַרטיריום האָט צו לאַנג געדויערט. אויב דאָס געזעץ וועט זיין אַזוי געמיין ארויפצולייגן אויף איר נאָך אַ שטראָף, דאַרף עס זיין בלויז די פאַרשיקונג. מיר בעטן ספּירידאָנאָװאַ; זי זאָל, — סיי אַלס באַגנעדיקטע, סיי אַלס פאַרשיקטע, — פאַרלאָזן רוסלאַנדס באָדן און פירן דאָ מיט אונז אַ לעבן פון אַרבעט און אומאָפּהענגיקייט. דאָס איז סימפּאַטיע און פריינטשאַפט, וואָס פאַר־האַרטעווען ווידער צו שטאָל געקוועלטע נשמות און גרייטן זיי צו צו נייע קאַמפן".

די דאָזיקע גרויסע פּראָטעסט־קאַמפּאַניע האָט אַזוי אַרום נישט נאָר געפּרוווט ראַטעווען ספּירידאָנאָוואַס לעבן; זי האָט גלייכצייטיק אויך מיטגעהאָלפן צו רעוואָלוציאָנירן אייראָפּע. אַזאַ אַקציע איז אויך געווען אין ספּירידאָנאָוואַס גייסט.

די פּראָטעסטן אין אייגענעם לאַנד און אין אויסלאַנד זענען נישט געבליבן אָן השפּעה אויפן צאַריזם. ער האָט זיך נישט גע־קאָנט אַנטשליסן אויסצופירן דעם טויט־אורטייל. קודם־כּל האָבן אים אָפּגעהאַלטן פון דער עקזעקוציע אַלגעמיינע סיבות פון דער פּאָלי־טישער לאַגע. די בלוטיקע אונטערדריקונג פון דער רעוואָלוציע איז ווייטער געפירט געוואָרן אויך אין אָנהויב 1906. אויף בײדע זייטן זענען געפאַלן אומצאָליקע קרבנות. די רעגירונג, אירע שטראָף־עקס־פּעדיציעס, אירע קריגס־געריכטן, האָבן געצוווּנגען די מאַסן צו שווייגן. אָבער דאָסדאָזיקע שווייגן איז פאַר קיין פאַל נישט געווען קיין שלום־אָפּמאַך. אַלע קלאַסן און שיכטן פון פאָלק זענען געבליבן ביי זייער שטאַרקער שנאה צום רעזשים. דער צאַר איז מער נישט געווען זיכער מיט זיין הערשאַפט, און די פּריצים — מיט זייערע לאַטי־פונדיעס. דער רעגירונג איז געגאַנגען אין לעבן צו שפּאַלטן רעמ־

דאָזיקן געשלאָסענעם פראָנט פון די קעגנער. דער מיטל דערצו האָט געזאָלט זיין די מלוכה־דומע. אויף דעם בלוטיק־צעאַקערטן באָדן דורך טרעפּאָוו און דורנאָוואָ, האָט געדאַרפט אויסוואַקסן די „געזעצגעבערישע" דומע פון וויטע. דאָס פאָלק, איינגעשראָקן דורך דער ביטש, האָט געדאַרפט באַקומען פון די הענט פון חסדיקן צאַר זיין „קאָנסטיטוציע". עס וועט לאַנג נישט דויערן, און פון דאָזיקן ביטערן שפּיל מיטן קאָנסטיטוציאָנאַליזם וועט גאָרנישט אַרויסקומען. אָבער איצט, אין די ערשטע חדשים פון 1906, האָבן זיך אומעטום — אין צאַרישן הויף, אָבער אויך אין לאַנד — פאַרשפּרייט האָפענונגען אויף אַ נייער צוקונפט, וואָס דרימלט אין שויס פון דער דומע. די בירגערלעכע ליבעראַלן האָבן געהאָפט, אַז אַ דאַנק דעם גלאַנצפולן פּאַרלאַמענטאַרישן וואָרט און דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּרעסטיזש פון דער דומע וועט זיי געלינגען אויף אַ פרידלעכן אופן צו שאַפן אַ נייע אָרדנונג. די יונקער און פירשטן האָבן געהאָפט, אַז דורך פּאַרלאַמענטאַרישע אונטערהאַנדלונגען מיט די פּויערישע דומע־דעפּוטאַטן וועלן זיי זיך ראַטעווען פון דער עקספּראָפּריאַציע פון זייער באָדן. די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס זענען, נאָכן קורצן פרייהייט־פרילינג, ווידער געוואָרן אומלעגאַל, האָבן דערקלערט אַ באָיקאָט דער צאַריסטישער דומע. אָבער די־דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען האָבן געזען, ווי די פאָלקסמאַסן שטראָמען פּאָרט צו די וואַל־אורנעס, צו זייער ערשטן שיינבאַר־פרייען פּאָליטישן אַקט. עס איז געווען קלאָר, אַז אין און אַרום דער דומע וועט זיך אָפּשפּילן אַ נייע פאַזע פון דער רעוואָלוציע. די סאָציאַליסטן פון אַלע ריכטונגען האָבן דעריבער געהאַלטן פאַר וויכטיק, אַז די מאַסן זאָלן אויף דער אייגענער הויט איבערלעבן די ערשטע דערפאַרונגען און אַנטוישונגען פון בירגערלעכן פּאַרלאַמענטאַריזם. און דאַן וועט ווידער קומען צום דירעקטן צוזאַמענשטויס צווישן פאָלק און רעזשים. אָבער ביז צו יענער שעה זענען די רעוואָלוציאָנערן געבליבן שטיין מיטן גרייטן געווער, אָפּוואַרטנדיק מיט שפּאַנונג די פּאַרלאַמענטאַרישע געשעענישן. די רעגירונג האָט געמאַכט פיבערהאַפטע אָנשטרענגונגען צו שאַפן פון געהיימנישפולן פאָלק אַ הכנעהדיקע פּאַטריאַכאַל־פּויערישע דומע. און כדי דאָסדאָזיקע פאָלק נישט צו פיל צו רייצן אין דער וואַל־

צייט, האָט דער אינערן־מיניסטער דורנאָוואָ פאַנאַנדערהגעשיקט אַ נייעם געהיימען צירקולאַר: „די גובערנאַטאָרן ווערן אויפמערקזאַם געמאַכט, צו באַנוצן זיך וואָס וויי̇ניקער מיט וואָפן ביים אונטער־דריקן די אומרוען". איבערן גאַנצן לאַנד איז געלעגן אַן אַלגעמיינע שפּאַנונג פון דערוואַרטונג.

עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך, פאַר וואָס די רעגירונג האָט אין דער דאָזיקער צייט אָפּגעשלעפּט די עקזעקוציע פון ספּירידאָנאָוואַ. זי האָט זיך נישט געקאָנט אַנטשליסן אוועקצולייגן אויף דער שוועל פון דער אַלגעמיין־דערוואַרטער דומע ספּירידאָנאָוואַס טויטן קערפּער. זי האָט זיך אויך דערפאַר נישט געקאָנט אַנטשליסן דערצו, ווייל מיט ספּירידאָנאָוואַס נאָמען זענען פאַרבונדן געווען די נעמען פון ביידע פאַרשאָלטענע אָפיצירן, וואָס האָבן זיך אַליין און אויך דאָס צאַרישע רעזשים אַרויסגעשטעלט אדם־נאַקעט פאַר דער גאַנצער וועלט. און אויך דאָס: זייט 1881, ווען עס איז געהאָנגען געוואָרן סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ, האָט מען אין רוסלאַנד איבער קיין איין פרוי נישט אויסגעפירט קיין טויט־אורטייל... דאַקעגן האָט די רעגירונג געקאָנט פערלענגערן דאָס מאַרטיריום פון איר געפאַנגענעם שוּנאַ ביז אין דער אומענדלעכ־קייט אַריין. ספּירידאָנאָוואַ איז פאַרמשפּט געוואָרן וואָכנלאַנג צו וואַרטן אויף דער ענדגילטיקער אַנטשיידונג פון איר גורל אין פולשטענדיקער אומזיכערקייט און אָפּגעשלאָסנקייט פון דער וועלט. זעכצן טעג האָט זי געשוועבט צווישן לעבן און טויט. יעדער גע־רויש, יעדע באַוועגונג אין תּפיסה ־ קאָרידאָר האָט איר דערמאָנט די נאָענטקייט פון תּלין. זי האָט געוווּסט, אַז די עקזעקוציעס קומען מייסטנס פאָר אין די פריע מאָרגן־שעהן. דעריבער האָבן זיך אירע נעכט פאַרוואַנדלט אין שלאָפלאָזע דערוואַרטונגען אויף דער לעצ־טער שעה. ווי אָפט האָט זי אין העכסטער שפּאַנונג געהערט, ווי עס דערנענטערן זיך צו איר טיר שריט, און ס'האָט זיך איר שוין געדאַכט, אַז זי זעט די אייזיקע פּנימער פון די טויט ־ באַאַמטע,— און אַנשטאָט דעם פלעגט זי גאָר דערזען די ליבע פּנימער פון דער מוטער אָדער פון די שוועסטער. די דאָזיקע שווערע איבערגענג פון איין נשמה ־ צושטאַנד אין צווייטן, פון שווערן ערנסט פון טויט־דערוואַרטונג צו דער אומגעצוימטער פריי̇ד פון ווידערזען

אירע ליבע, — האבן ספירידאָנאָוואַ נאָך מער אָפּגעשוואַכט. ערשט אין 16 טעג אַרום האָט ער איר מודיע געווען, אַז די טויט־שטראָף ווערט איר פאַרביטן אויף לעבנלאַנגער קאַטאָרגע.

דער דאָזיקער „חסד" פון רעזשים האָט ביי ספירידאָנאָוואַ נישט אַרויסגערופן קיין פרייד. אין אַ קורצן בריוו צו אירע פריינט האָט זי געשריבן: „מיין טויט האָט מיר געשיינט צו זיין אַזוי גע־זעלשאַפטלעך - ווערטפול און איך האָב אַזוי שטאַרק געוואַרט אויף אים, אַז דאָס אנולירן דעם אורטייל און זיין פאַרוואַנדלונג אין לעבנלאַנגער קאַטאָרגע האָבן געווירקט אויף מיר זייער שלעכט: איך פיל זיך נישט גוט...

איך וועל נאָך גיין ווייטער — עס איז מיר שווער! איך האָב אַזוי שטאַרק פיינט די אויטאָקראַטיע, אַז איך וויל פון איר קיין חסד נישט אָננעמען".

מ. ס.

אָבער דאָס געשעענע איז נישט מעגלעך געווען צו ענדערן. פאַר ספירידאָנאָוואַ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע לעבנס־פאַזע. זי האָט איצט געזאָלט אָפּטראַנספּאָרטירט ווערן אין איינער פון די סיבירער קאַטאָרגע - תפיסות. אויפן וועג אַהינצו האָט זי געמוזט דורכגיין דורך דער באַרימטער בוטירקי־תפיסה.

## VIII.

# אין בוטירקי־געפענגעניש

„בוטירקי" איז נישט געווען קיין אייגנטלעכע טורמע, אין וועלכער פּאָליטישע אַרעסטאַנטן זיצן אָפּ זייערע פּיליאַריקע שטראָפן. „בוטירקי" איז געווען די גרעסטע רוסישע טראַנס־פּאָרט־תפיסה, אַ צענטראַלע, דורך וועלכער עס האָבן געמוזט דורכ־גיין אַלע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע די אָכראַנע האָט פאַראורטיילט אויף פאַרשיקונג. טויזנטער רעוואָלוציאָנערן פון אַלע עקן גרויסן לאַנד פלעגן געבראַכט ווערן מיט עטאַפּ אין „בוטירקי", פון וואַנען מען פלעגט זיי, — נאָך אַ קורצן אויפהאַלט, — פאַר־שיקן קיין סיביר, טורקעסטאַן און אין די פּאָלאַר־געגנטן. אין די

פרילינג ־ חדשים פון 1906 איז דידאָזיקע תּפיסה געווען איבערגע־
פולט. אַלע קלאַסן, נאַציעס און שיכטן, וואָס זענען געווען אַרומ־
געכאַפּט פון אויפשטאַנד, זענען פאַרטראָטן געווען צווישן די
ווענט פון „בוטירקי". די דומע האָט זיך געעפנט און דאָס האָט
נאָך פאַרגרעסערט די אומזיכערקייט פון דער רעגירונג. די אומזי־
כערקייט האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין די תּפיסה ־ קאַנצעלאַריעס
און תּפיסה ־ הויפן. די רעוואָלוציע, וואָס איז אָפּי־
ציעל און פאָרמעל שוין געווען דערשטיקט, האָט ווייטער
געפירט איר רעבעליש לעבן אין די תּפיסות. איז טאַקע
קיין ווונדער נישט, וואָס „בוטירקי" איז געוואָרן אַ רעוואָלוציאָ־
נערער מקום ־ מקלט, אַ צענטראַלע, ווו די קעמפער פון גאַנץ
רוסלאַנד האָבן זיך באַגעגנט און זיך קעגנזייטיק דערמוטיקט.

„וועמען האָט דען דידאָזיקע באַוווינטסטע אכסניה פון דער
וועלט נישט אויפגענומען אין יענע טעג? זאַרגלאָזע יונגע אַרבע־
טער און סטודענטן מיט די היטלען איבער אַן אויער האָבן אומ־
דערמידלעך געקלעטערט אויף אַלע פּלויטן, האָבן מיט שטורם
גענומען אַפילו דעם פינסטערן פוגאַטשאָוו ־ טורעם, ווו עס זענען
געזעסן די „פינף", האָבן געשריגן און געגריסט, באַגייסטערט
מאַרשירט אין גרויסע גרופּן איבערן לאַנגן הויף, האָבן אויפגע־
הויבן פענער און געזונגען אויפן קול רעוואָלוציאָנערע לידער.
דערנאָך פלעגן זיי אַוועקגיין אין די סיבירישע וויסטעס, קיין נאַרים
אָדער טורוכאַנסק, מיט אומצעשטערבאַרער איראָניע אין האַרצן
און אין די לאַכנדע אויגן, מיט הויך־קלינגענדע אָפּשייד־אויס־
געשרייען: „הברים, צום ווידערזען אין פרייען רוסלאַנד!" דיזעלבע
שמייכלען, דיזעלבע האָפענונגען האָבן באַלויכטן די פּנימער אויך
פון יענע, וואָס הינטער די קראַטעס, וועלכע פלעגן זיך זעגענען
מיט די אַוועקגייענדע... געלאַסן און שווייגנדיק פלעגן דאָ אַרומ־
שפּרייזן אין בונטע לייוונטענע העמדער בערדיקע פּויערים, וועלכע
זענען אַוועקגעריסן געוואָרן אין דער תּפיסה גלייך פון אַקער. אין
זייערע אויגן לייכט זיך דאָ גיריק ־ שווייגנדע נייגיריקייט, דאָ
דענקנדע, ווי געהיימניספולע קאָנצענטראַציע. קיין שום באַגריסונג
איז נישט געווען אַזוי רירנד, ווי זייער שווייגנדע, טיפע פאַרניי־
גונג... עס פלעגן דאָ דערשיינען אויף אַן אויגנבליק באַאמטע, באַ־

יאָטע מענער פון אומבאַקאַנטן באַרוף, גוט - געגערטע בירגער, אַפילו גייסטלעכע. איבערן הויף האָבן מאַרשירט גאַנצע מחנות קאַווקאַזער. מיט זייערע ווילדע גאָרגל - שטימען האָבן זיי געזונגען די „קאַווקאַזער מאַרסעליעזע״, און פון הינטער די קראַטעס האָבן זיי אָפּגעענטפערט שטורמישע בראַוואָ - אויסרופן און בראַוואָ־פּאַטשערייען. און ווי אַלע האָבן דאָס שטאָלצירט מיטן קאָזאַקן־אָפיציר, וואָס האָט זיך געפונען צווישן די געפאַנגענע! די מאַסע האָט דעם יונגן, שלאַנקן און אייגנאַרטיק - געקליידעטן אָפיציר איינגעשלאָסן אין אירע רייען און טריאומפירנדיק אַרומגעמאַר־שירט מיט אים מיט געזאַנג איבערן הויף. און מיט אַמאָל אַ טויב־שטומער אַרבעטער. „איר זעט, חברים, פאַר פּראָפּאַגאַנדע אין דער פאַבריק ווערט ער פאַרשיקט קיין אַרכאַנגעלסק. לאָזט אים דער־ציילן, מיט וואָס ער האָט זיך פאַרזינדיקט!״ און דער עולם טרעט אָפּ צוריק, כּדי אַרויסצורוקן פאָראויס אַ עלטערן באַשיידענעם מענטשן. דער טויב־שטומער זשעסטיקולירט ענערגיש און אויס־דרוקספול ביי אַן אַלגעמיינער שטילקייט אַרום. די פאַנטאַזיע פון די געריריטע צוהערער האָט דערגאַנצט די זשעסטן פון דעם חבר, וואָס איז באַליידיקט דורך דער נאַטור... גוטמוטיק און פּחדנותדיק קוקן זיך צו צו דעם אַלעם די זשאַנדאַרן און תּפיסה־אויפזעער. אין יענע טעג האָבן זיך ביידע קעמפנדע לאַגערן — רעגירונג און פאָלק — קעגנזייטיק געגאַרט אויף אַ מערקווירדיקן אופן. די רע־גירונג האָט געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ מאַכט, פון אַ זיגער, וואָס נעמט נקמה דורך פאַרשיקונג און קאַטאָרגע פון זיין נאָך שטאַרקן שונא. דאָס פאָלק ווידער האָט זיך געהאַלטן אַזוי, ווי עס וואָלט געצוווּנגען געווען זיך אונטערצוואַרפן דעם צייטווייליק־זיגנדן קעגנער. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי שפּילן ביידע צווישן זיך״.

דידאָזיקע לעבנס - געטרייע שילדערונג שטאַמט פון דער פּאָליטישער קאַטאָרזשאַנקע איזמאַילאָוויטש, וועגן וועלכער מיר וועלן נאָך שפּעטער אַ סך הערן. ווייל אין שטראָם פון די אַדמיניס־טראַטיווו - פאַרמשפּטע, וואָס האָט געפלאָסן דורך „בוטירקי״, זענען איינגיכן אַריינגעגאָסן געוואָרן אויך די אויף קאַטאָרגע־פאַר־משפּטע רעוואָלוציאָנערן. צוערשט זענען עס געווען יענע „פינף״,

די באַרימטע סאָציאַל ־ רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן באַניט און פֿאַרווירקלעכט דעם טעראָר. צווישן זיי האָבן זיך געפֿונען די צוויי העלדן־געשטאַלטן — גערשוני און סאַזאָנאָוו. נאָך אַ יאָרנלאַנגן אַרעסט אין דער טרויעריק־באַרימטער שליסלבורגער פֿעסטונג, האָבן זיי איצט געזאָלט פֿאַרשיקט ווערן (דאָס איז געווען אַ קאָנ־צעסיע מצד דער רעגירונג!) אין אַ „פֿרייע" סיבירישע קאַטאָרגע־תפֿיסה. דיזאָזיקע שרעקלעכסטע פֿיינט פֿון רעזשים זענען אויך אין בוטירקי אָפּגעשלאָסן געווען פֿון אַלעמען: זיי זענען געזעסן אין געהיימניספֿולן אומצוטריטלעכן פּוגאַטשאָוו ־ טורעם. די מאַסע אַנדערע רעוואָלוציאָנערן האָט שטאָלצירט מיט דעם, וואָס זיי גע־פֿינען זיך אין דער נאָענט פֿון יענע פֿינף שליסלבורגער. אינגיכן זענען דאָ אויך קאָנצענטרירט געוואָרן די אין יענער צייט נאָך זעלטענע פֿרויען, וואָס זענען אין פֿאַרשיידענע פּראָווינצן פֿון לאַנד פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף קאַטאָרגע פֿאַר טעראָריסטישע אַקטן. מען האָט אַהער געבראַכט די קינדיש־אויסזעענדע רעבעקאַ פּיאַלקאַ, וועלכע מען האָט אַרעסטירט אין אַ אָדעסער לאַבאָראַטאָריע ביים אויסאַרבעטן באָמבעס. לעבן דער ווילנסשטאַרקער, זעלבשטענ־דיקער פּיאַלקאַ האָט זיך געפֿונען די לעבנסלוסטיקע, האַרציקע, אַלעמען מיטפֿילנדע, וויסנסדורשטיקע מאַניאַ שקאָלניק. זי האָט אויסגעפֿירט אַ באָמבנאַטענטאַט קעגן דעם גובערנאַטאָר פֿון טשער־ניגאָוו. מען האָט געבראַכט יעזערסקאַיאַ, וועלכע האָט דערשאָסן דעם גובערנאַטאָר פֿון מאָהילעוו, און אַנאַסטאַסיאַ ביצענקאָ, וועלכע האָט געטויט דעם אַלמעכטיקן פּויערים ־ תּלין, דעם גענע־ראַל זאַכאַראָוו, וועלכן דער צאַר אַליין האָט באַשטימט. לעבן דער זיטלעך אומקאָמפּראָמיסלעך ־ שטרענגער ביצענקאָ, וועלכע האָט נישט געוואָלט דולדן, אַז די „פּערזאָן זאָל פֿאַרשטעלן די זאַך" אין דער מינדסטער מאָס, האָט אויפֿגעטויכט די מילדע גע־שטאַלט פֿון איזמאַילאָוויטש. אַלעקסאַנדראַ איזמאַילאָוויטש, וואָס איז שפּעטער געוואָרן ספּירידאָנאָוואַס פֿריינדין און מיטקעמפֿערין אויפֿן גאַנצן לעבן, איז געקומען פֿון מינסק. דאָסדאָזיקע יונגע מיידל איז געווען די טאָכטער פֿון אַ גענעראַל, וועלכער האָט דאַן געקעמפֿט קעגן די יאַפּאַנער אין די רייען פֿון דער צאַרישער אַרמיי. דעם 14טן יאַנואַר 1906 האָט זי אָנטיילגענומען אין אַטענטאַט

קעגן דעם גובערנאַטאָר און דעם פּאָליצמייסטער פון מינסק. נאָכן ארעסט האָט מען זי געפּייניקט, געשטעלט פאַר א קריגס־געריכט, פאַראורטיילט צום טויט דורך הענגען און „באַגנעדיקט" צו לעבנסלענגלעכער תּפיסה. בעתן פּראָצעס האָט זי פלוצלינג באַמערקט, אַז אין זאַל, איבער די קעפּ פון די אָנגעקלאָגטע הענגט דאָס בילד פון איר פאָטער. דער אַרטילעריע - גענעראַל האָט שטרענג צוגעהערט, ווי מען לייענט פאַר זיין טאָכטער דעם אורטייל. ווען איזמאַילאָוויטש איז געבראַכט געוואָרן אין בוטירקי, האָט זי געטראָגן אַ צווייפאַכע פּיין. איר יינגערער שוועסטער איז נאָר וואָס דערשאָסן געוואָרן, אָן אַ געריכט, ביים אַטענטאַט־פּרווו קעגן אַדמיראַל פון שוואַרצים־פלאָט טשוכנין. איר האַרץ אָבער איז ווי ביז איצט ווייטער פול געווען מיט אומדערשיטערלעכער טרייהייט צו דער אידייע. אַ באַזונדער צערטלעכקייט האָט זי שוין דאַן פאַרבונדן מיט מאַרוסיאַן, וועמעס גורל זי האָט זעליש מיטגעלעבט נאָך אין מינסקער תּפיסה. אין בוטירקי האָבן זיי זיך פערזענלעך באַקענט.

ספּירידאָנאָוואַ איז געבראַכט געוואָרן געהיים סוף מאַי. נאָכדעם ווי מען האָט גערשונין און זיינע חברים שוין געהאַט אָפּגעטראַנספּאָרטירט קיין סיביר, האָט מען ספּירידאָנאָוואַן פאַרשפּאַרט אין פּוגאַטשאָוו־טורעם. די ידיעה וועגן איר אָנקום איז דורך אַלע געפאַנגענע אויפגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג. מען האָט געוווסט, אַז ספּירידאָנאָוואַס בײדע פּייניקער לעבן שוין נישט. דעם 1־טן אַפּריל איז דורך סאָציאַל - רעוואָלוציאָנערן געטויט געוואָרן אויף דער גאַס אַווראַמאָוו און דעם 4־טן מאַי — זשדאַנאָוו. מאַרוסיאַס געשטאַלט איז נאָך מער פאַרוואַקסן געוואָרן מיט די שטורעמס פון דער רעוואָלוציע. די אַטמאָספער צווישן די געפאַנגענע אין בוטירקי איז געוואָרן נאָך ערנסטער, פייערלעכער, האַרציקער. די פעליזיקע ווענט פונם פּוגאַטשאָוו - טורעם זענען געשווענקט געוואָרן דורך כוואַליעס באַוווּנדערונג, יראת־הכּבֿוד, ליבע. מען האָט געשטורעמט די געהיימניספול - איזאָלירטע פעסטונג נאָך מיט מער ענערגיע ווי ביי גערשונין. נישט זעענדיק ספּירידאָנאָוואַן, זענען דאָך די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן געשטאַנען מיט איר אין אַ שטענדיקער פאַרבינדונג. דאָס בעסטע, וואָס יעדער

פון זיי האָט באַקומען פון דרויסן — סיי ביכער, סיי עסנוואַרג, — האָט מען גלייך זיך באַמיט אַריבערצושיקן ספּירידאָנאָוואַן. די תּפיסה־אויפזעער האָבן זי געקוועלט, כּסדר רעווידירט איר צעלע, צוגענומען ביי איר ביכער און זאַכן. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן: אין אַ שעה אַרום איז זי שוין ווידער פאַרוואָרפן געווען מיט מתנות. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ אינטענסיווע צעטל־פּאָסט צווישן איר און די איבעריקע קאַטאָרזשניקעס. די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ האָט געפירט איזמאַילאָוויטש. „זי האָט אונז געשריבן, — האָט זי שפּעטער דערציילט, — אויף נעבעכדיקע קליינע פּאַפּירלעך. זי האָט אונז נאָך נישט געקאָנט, אָבער אירע קורצע צעטעלעך האָבן אויסגעשטראָמט אַן אוממערקלעכע וואַרעמקייט. מיר האָבן געמיינט, אַז עס איז איר שווער צו זיין אַליין. אָבער ווען איינע פון אונז האָט געוואָלט אויספּועלן, מען זאָל אויך זי אַריבערפירן אין טורעם, האָט מאַרוסיאַ געבעטן דאָס נישט טאָן: זי האָט געוואָלט בלייבן מיט זיך אַליין. בלויז איינמאָל איז אונז געלונגען צו דערזען זי דורכן שליסל־לאָך פון איר הויף־טירל און אַפילו דריקן איר די האַנט דורך אַ שמאָלער טיר־שפּאַלט. איך האָב דערזען בלויז אויגן, וואָס האָבן געשיינט אויסצופילן אַ האַלבן פּנים, און איך האָב געפילט איר קליין, כּמעט קינדיש הענטעלע".

איידער מיר פאַרענדיקן דעמדאָזיקן אָפּשניט פון סיפּירידאָנאָוואַס לעבן, מוזן מיר דערציילן וועגן אַ בריוו־וועקסל, וואָס געהערט אפשר צום שענסטן און דערהויבנסטן פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער געשיכטע. דאָס איז דער בריוו, וועלכן גערשוני מיט זיינע חברים האָבן געשיקט אין מערץ פון פּוגאַטשאָוו־טורעם צו ספּירידאָנאָוואַן, בעת זי האָט נאָך געלעבט אונטערן שווערד פונם טויט־אורטייל, און ספּירידאָנאָוואַס ענטפער. גערשוני און סאַזאָנאָוו זענען גליקלעך געווען פונם העלדנטום פונם יונגן דור, פון מאַרוסיאַן. זיי האָבן אָבער אויך געוווסט וועגן די דערנידערונגען און מאַטערנישן, וואָס דערוואַרטן דאָס יונגע מיידל אין תּפיסה. און אין זייער שרייבן האָבן זיי זיך באַמיט צוצוגעבן איר

האָפנונג און לעבנסלוסט. לאָמיר הערן די שטים פון דידאָזיקע מענטשן, וועלכע זענען געווען מער ווי פּאַרטיי־חברים*).

## געדשוני צו ספּירידאָנאָוואַן

„אונזער ליבע און מוטיקע חברטע! שוין זייט לאַנג ווילן מיר שרייבן צו אייך, — אָבער ביז איצט האָבן מיר דאָס נישט געטון. די צייט איז קורץ. ווער ווייס וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג וועט אונז ברענגען?.. מוז מען זיך צואיילן. אָבער ווי אַזוי און וואָס שרייבן? פּונוואַנעט זאָל מען נעמען ווערטער אויף אויסצודריקן די געפילן, וואָס האָבן אונז דורכגעברענט, ווי אַ בלייַ, דעם מח און דאָס האַרץ, ווען מיר האָבן וועגן אייך געהערט? אַלץ איז אַזוי ווילד, אַזוי קאָשמאַריק! מיר וואָלטן געזאָגט, אַז דאָס אַלץ איז פֿאַנטאַזיע, אַ העסלעכער חלום, ווען מיר וואָלטן, לײדער, נישט געוווּסט, אַז אויף דער ערד־פּלאַנעט געפינט זיך אַ פון די געטער פאַרשאָלטן אָרט, וואָס הייסט רוסלאַנד, און אַ ווילד משוגעת, וואָס הייסט צאַרישע זעלבסטהערשאַפט. אָבער פון דער־דאָזיקער פינסטערניש און פון דאָזיקן גרויל לייכט צו אונז אַנטקעגן אייער וואָגערישע און מוטיקע געשטאַלט. חברטע! מיר ווילן נישט פאַרוווּנדן אייער גרענעצלאָזן פּיין דורך אויסדריקן אונזער מיטגעפיל און אונזער אויפגעבראַכטקייט. אַלס סאָציאַליסטין־רעוואָלוציאָנערין, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך אַלע פּיינען פונם שאַפנדיקן פֿאָלק, וואָס האָט גענומען אויף זיך אויסצופירן דעם אורטייל איבער דעם פּייניקער פון די טאַמבאָווער פּויערים און מקריב געווען דאָס אייגענע לעבן פאַרן ווויל פון פֿאָלק, — וועט איר זיכער נישט שטעלן אייער ליידן העכער פון די ליידן פון די יעניקע, וועמעס הייליקער זאַך איר האָט זיך איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן. און אויב די ידיעה וועגן די פּייניקונגען, וואָס איר

---

*) דערדאָזיקער בריוו־ווּעקסל איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער ס.־ר.־טאָגצייטונג „מיסליי (געדאַנק), (נומער 14 פון 5־טן יולי, 1906).

האָט געליטן, האָט דערשיטערט נישט נאָר גאַנץ רוסלאַנד, נאָר אויך אייראָפּע, איז דאָס דערפאַר, ווייל אין אייער גורל האָט זיך קאָנצענטרירט און אָפּגעשפּיגלט, ווי אין אַ ברענפּונקט, דער גורל פון צוויי וועלטן: פון צאַרישן רעזשים און פון האָרעפּאַשנעם רוסלאַנד. מען האָט אייך שוין פאַרגליכן מיטן געפּייניקטן רוסלאַנד, — און איר זענט אָן ספק זיין סימבאָל. אָבער נישט נאָר דער סימבאָל פון געקוועלטן לאַנד, וואָס בלוטיקט אונטער די שטיוול פון די שוואַרצע קאָזאַקן. איר זענט אויך דער סימבאָל פונם יונגטלעכן, רעבעלישן, קעמפנדן, מוטיקן און מסירת־נפשדיקן רוסלאַנד. דע־רין ליגט די גרויסקייט, די שיינקייט פון אייער געשטאַלט, וואָס איז אונז טייער.

ליבסטע פריינדין! אייערע פּיינען זענען אומגעהויער. מיר קאָנען בלויז בויגן דעם קאָפּ מיט יראת־הכבוד פאַר זיי. אָבער מיט נאָך מער שטאָלץ און ליבע פאַרנייגן מיר זיך פאַר אייער באַ־צויבערנדיקן מוט, פאַר אייער פעסטקייט און אומבויגזאַמען גלויבן, פאַר דער אַלמעכטיקייט פון דער אידייע, וואָס באַגייס־טערט אייך און וואָס שענקט אייך, דער יונגער און שוואַכער, אַזאַ גיגאַנטישע קראַפט! דעריבער טראַכטן מיר אויך מיט שטאָלי־צער פרייד וועגן דער רויטער פאָן, אונטער וועלכער איר זענט אויסגעוואַקסן, און געוואָרן שטאַרק און קאַמפגרייט. אומגעהויער זענען אייערע ליידן, אָבער אומגעהויער איז אויך דער זיג, וועלכן איר האָט דערגרייכט. דער אוממענטשלעך־גרויזאַמער איבער־פאַל אויף אייך האָט אַרויסגעטראָגן אויף דער העכסטער הויך — כדי אַלע זאָלן זיי זען — צוויי סימבאָלישע געשטאַלטן, און ער האָט זיי אַזוי בלענדנדיק־העל באַלויכטן, אַז ביידע זענען זיי דערשינען פאַר דער דערשטוינטער וועלט אין זייערע וועזנט־לעכסטע און כאַראַקטעריסטישסטע שטריכן. און איבער די דאָזיקע געשטאַלטן טראָגט זיך — ווי אַ שטורעמגלאָק — אַ וואָרנענדיקע שטים: זעט אַלע! אויף איין זייט מענטשן און מעשים, אַרויסגע־רופן דורכן רעזשים פון צאַר, און אויף דער אַנדערער זייט מענטשן און מעשים, געבוירן דורך דעם דינסט ביי דער אידייע פון די האָרעפּאַשניקעס! ווייַלט אויס, מיט וועמען איר ווילט גיין!.

וואָס־זשע איז דער וווּנדער, אויב אַלע נאָך נישט האָפּנוּנגס־לאָז ־ פאַרלאָרענע האָבן זיך מיט שרעק און עקל אָפּגעווענדעט פון דעם איין לאַגער און האָבן זיך פאַרנייגט מיט ליבע און יראת־הכבוד פאַרן צווייטן! אין דאָזיקן באַוווּסטזיין פון אייער גרויסן זיג, אין שטאָלצן געפיל פון גליק, וואָס אייך איז געלונגען נישט נאָר צו וואַרפן אייער לעבן אויף דעם מזבח פון דער רעוואָלוציע, נאָר אויך מוטיק אויסצוהאַלטן אַלע טאָרטורן, וואָס משוגעת און פאַרברעכן קאָנען צוטראַכטן, — וועט איר, חברטע, געפינען רו און באַפרידיקונג, דידאָזיקע רו און באַפרידיקונג וועט ביי אייך נישט צורויבן אויך די צוקונפט, ווי זי זאָל נישט אויסזען.

אויב אייך זאָל דערוואַרטן דאָס צאַרישע שאַפאָט, דידאָזיקע לעצטע רומפולע טריבונע פון אַ רעוואָלוציאָנער, ווייסן מיר: איר וועט מיט פרייד און מוט אַרויפגיין אויף איר, איר וועט דורך אייער טויט אַריינפלעכטן אינם מאַרטירער ־ קראַנץ פון די פריי־הייטסקעמפער נאָך אַ לאָרבערבלאַט. איר מעגט שטאַרבן — איר האָט געגנוג אויפגעטון. עס קאָן אָבער זיין, אַז עס דערוואַרט אייך עפּעס פיל שווערערס ווי דער טויט. אָ! עס איז קיין שום ספק נישטאָ: אונזער רעגירונג, באַרוישט פון בלוט, וואָלט מיט פאַרגע־ניגן אויך אייער בלוט טראָפּנווייז אויסגעטרונקען. זי וועט זיך עס אָבער נישט דערוועגן צו טון. מען וועט אייך מן הסתם שענקען דאָס לעבן. און דאַן, חברטע, מוזט איר פאַרווירקלעכן אייער לעצטע גרויסע טאַט: לעבן! יאָ, ליבסטע פריינדין! דאָס זענען נישט קיין פוסטע רייד, ווען מיר זאָגן: אַ גרויסע טאַט. ווייל מיר פרעגן זיך כסדר: זענען דען נאָך דאָ גענוג מענטשלעכע כחות, כדי אויסצוהאַלטן דאָסדאָזיקע לעבן? און ווען עס זאָל שטיין פאַר אונז אַ איינפאַכע פראַגע, וואָלטן מיר אָן קווענקלעניש גלייך געזאָגט: דאָס איז אוממעגלעך! אָבער איר... אייער גייסט, געשטאַלט אינם שמעלצטיגל פון ליבע און האַס, האָט דאָך שוין מעגלעך גע־מאַכט דאָס אוממעגלעכע. מיר שטאָלצירן מיט אייך און גלויבן: איר וועט געפינען די כחות, איר מוזט זיי געפינען! באַרעכנט נאָר: איר מוזט אָדער שטאַרבן אויפן עשאַפאָט פון דעם תלינס האַנט אָדער ווייטער לעבן פריידיק און מונטער, אַרומגערינגלט מיט דער ליבע פונם אַרבעטנדיקן קלאַס. מיר דאַרפן אייך נישט דער־

מאָנען, אַז מיטן מאָמענט, ווען איר זענט אַריינגעטרעטן אין דער פּאַרטיי, האָט איר צוגעזאָגט אייער לעבן דעם פֿאָלק, און אויב דעמדראָזיקן פֿאָלק וועט געלינגען אַרויסצורייסן אייך פֿון דעם תּלינס הענט, דאַן מוזט איר לעבן. איר מוזט לעבן, ווייל די רעגירונג פֿאַרלאַנגט אייער טויט, אָבער זי דערוועגט זיך נישט אייך צו טויטן. איר מוזט לעבן, ווייל יעדער טאָג, יעדע מינוט פֿון אייער לעבן איז אַ פֿאָרוואורף און אַ דראָאונג פֿאַר יענער רויבער־באַנדע, וואָס רופֿט זיך: צאַרישע רעגירונג. איר מוזט לעבן, ווייל יעדער טאָג, יעדע מינוט פֿון אייער לעבן וועט זיין אַ טרייסט און אַ דערמוטיקונג פֿאַר דער דענקנדער און האָרעפּאַשנער מענטשהייט. אומפֿאַרגעסלעכע פֿריינדין! אויב עס איז אייך באַשערט צו שטאַרבן, בענטשן מיר אייך צום טויט. אויב עס דערוואַרט אייך אָבער דאָס לעבן, טאָ נעמט עס אָן, ווי עס פּאַסט פֿאַר אייך, וואָס האָט אַזוי הויך געהאַלטן די רעוואָלוציאָנערע פֿאָן. מיר ווען אייך פֿריידיק באַגריסן אויפֿן שוועל פֿון לעבן. דאַן וועט איר אַריינגיין אין אונזער פֿאַמיליע אין קאַטאָרגע־תּפֿיסה אין אַקאַטוי, — וווּ איר וועט געפֿינען ברידערלעכע ליבע און האַרציקן מיטגעפֿיל אין אַזאַ מאָס, אַז אייערע וווּנדן וועלן געהיילט ווערן.

מיר נעמען אייך אַרום, אונזער שטאָלץ, מיט דער גאַנצער קראַפֿט פֿון אונזער פֿריידיקער אַכטונג און ליבע. זייט מוטיק, צי איר וועט מוזן לעבן אָדער שטאַרבן.

ג. גערשוני
פּ. קאַרפּאָוויטש
ס. סיקאָרסקי
יעגאָר סאַזאָנאָוו

מאָסקווע, פּוגאַטשאָוו־טורעם, מערץ, 1906.

## ספּירידאָנאָוואַ צו גערשונין

ליבע חברים! ווען איך האָב געלייענט אייער בריוו, וואָס איז פֿול מיט אַזויפֿיל ליבע צו מיר און מיט באַוווּנדערונג פֿאַר מיין טאַט, בין איך באַהערשט געווען מיט איין געפֿיל. איך בין נישט

ווערט דידאָזיקע ליבע און באַוווּנדערונג. מײַנע ליבע, איך האָב דאָך געטאָן נאָר דאָס, וואָס יעדער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער האָט געמוזט טאָן. צי מוז דען נישט דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער ווערן אַ טעראָריסט אין אַזעלכע סיטואַציעס, וואָס ווערן געשאַפֿן דורך דער לאַגע? מוז ער דען נישט בלײַבן שטום אונטער די קלעפּ פֿון די תּלינים? מוז ער דען נישט ווײַטער פֿירן דעם קאַמף קעגן די פֿאָלקסנפֿײַנט, אַפֿילו בעת ער ווערט דורך זיי געשליידערט צו דער ערד? און צולעצט, צי מוז ער דען נישט פֿאַראַכטן דעם טויט און אָפּגעבן מיט פֿרייד זײַן לעבן פֿאַרן גליק און דער ערע פֿון פֿאָלק? דאָס אַלץ מוז טאָן אַן עכטער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער; איך בין אַזאַ געווען, און נאָר דערין באַשטייט מײַן פֿאַרדינסט. דער געדאַנק, אַז איך מעג איצט מיט רעכט אָנרופֿן מיטן נאָמען „חברים״ אײַך אַלע, וואָס איר זענט פֿאַר מיר תּמיד געווען מוסטערן פֿון קעמפֿער און מענטשן, — דערדאָזיקער געדאַנק פֿילט מיך אָן מיט פֿרייד. דער געדאַנק, אַז דאָס לאַנד באַפֿרייט זיך פֿון די קייטן דורך אַ מאַכטפֿולן קאַמף און אַז מיר איז באַשערט געווען אָנטיילצונעמען אין דאָזיקן קאַמף, — דערדאָזיקער געדאַנק פֿילט מיך אָן מיט גליק.

שווידערלעכע שאָטנס פֿון דאָס פֿאַרגאַנגענע רינגלען מיך אַרום ווי פֿינסטערע געשפּענסטער און דראָען מיך צו דערשטיקן. אָבער, ליבע פֿרײַנט, אומצעשטערבאַר לעבט אין מיר דער גלויבן אין דער צוקונפֿט, און איך וועל זיך באַמיִען צו דערלעבן אונזער געמיינזאַמע באַפֿרײַאונג. אפשר וועל איך נאָך אַמאָל דערלעבן די פֿרייד אַרומצונעמען אײַך אַלעמען אין דער פֿרײַהייט און באַגריסן אײַך אַלס פֿרײַע בירגער. ווי גליקלעך מיר זענען, חברים! מיר וועלן דערלעבן צו זען די רעזולטאַטן פֿון אונזער קאַמף, פֿון אונזערע לײַדן. אַ סך, אַ סך אומפֿאַרגעסלעכע פֿרײַנט זענען באַרויבט געוואָרן פֿון דעם גליק. זיי זענען טויט, און די פֿרײַהייט אַפֿילו איז נישט בכּח זיי מחיה מתים צו זײַן. מיר אָבער וועלן אויפֿשטיין תּחית המתים צו אַ פֿרײַ לעבן; אונז איז באַשערט צו זען אָנשטאָט דעם פֿאַרקנעכטעטן פֿויער — דעם פֿרײַען מאַן, צו הערן זײַן פֿרײַעם ליד. איז לאָמיר זיך פֿרייען, מײַנע ליבע, און לאָמיר דערוואַרטן די צוקונפֿט מונטער, אָן שרעק. איך נעם אײַך אַלע אַרום,

איך קוש אייך אַלעמען צערטלעך אין דער האָפנונג אייך אַמאָל צו זען אין דער פרייהייט.

אייער מאַרוסיאַ׳׳.

* * *

ספּירידאָנאָוואַס האָפנונג צו באַגריסן אַמאָל דידאָזיקע חברים אין דער פרייהייט, איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן; קיינער פון זיי האָט נישט דערלעבט די רעוואָלוציע פון 1917. מען לאָזט אַרויס פון די הענט דידאָזיקע בריוו און מען זאָגט צו זיך: וואָס פאַר אַ מענטשן זענען עס געווען, וואָס זענען געגאַנגען אויף קאַטאָרגע אויף אַ סך יאָרן פון פּיין און מאַטערניש! וואָס האָט זיי די רעאַקציע געקאָנט טון, און ווי שטאַרק עס איז אין זיי פאַרוואָרצלט געווען די רעוואָלוציע!

דערדאָזיקער בריוו־וועקסל דערמאָנט אין יענע בריוו, וואָס ספּירידאָנאָווא האָט זיך דורכגעשריבן מיט די חברים פון טאַמבאָוו. מער נישט, דאָ קומען צום אויסדרוק מיט נאָך מער קראַפט די וועזנטלעכסטע שטריכן פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן. זעלטן באַגעגנט מען אין מענטשלעכע דאָקומענטן אַזאַ פאַרזינקען פונם יחיד אין דער געמיינשאַפט, אַזאַ רעליגיעזע איבערגעגעבנקייט אַ אידייע, אַזאַ קענגזייטיקע טיפע ליבע פון מענטשן אויפן יסוד פון אַ אידייע. אין איבערגעשפּאַנטער לײדנשאַפט און פאַרערונג שרייבן גערשוני און זיינע חברים; אין שטילע באַשיידנקייט ווענדט מאַרוסיאַ אָפּ די באַוווּנדערונג פון זיך אויף דער הייליקער זאַך. אָבער אַלע געהערן זיי צוזאַמען. ס׳איז קיין ספק נישטאָ: דידאָזיקע בריוו פון די חברים האָבן אַלץ מער און מער פאַריאָגט פון ספּירידאָנאָוואַן די געדאַנקען וועגן טויט. זיי האָבן באַנייט אין איר די בענקשאַפט און די פרייד צום לעבן. די יובלענדיקע ווערטער פון איר ענטפער־בריוו זאָגן עדות דערויף. איצט האָט זי געקאָנט אַרויסטרעטן אַ געטרייסטע אויף איר וועג קיין סיביר.

עס איז געווען סוף יולי, דער 21־טער. אין דאָזיקן וואַרעמען אָוונט זענען די קאַטאָרזשניקעס ווי תמיד געזעסן אויף די פענסטער - ביישטיידלעך, כדי צו שעפּן פרישע לופט. „עס איז אויסגעבראָכן אַ זומער - שטורעם. פון מאָל צו מאָל האָט אויפגעבליצט אַ בליץ, האָט דומפּ געקראַכט אַ דונער. מיר האָבן אַזוי שטאַרק

ליב געהאַט — דערציילט איזמאַילאָוויטש — צו קוקן דורך די קראַטעם אויפֿן נאַכטלעכן שטורעם. וואָס מעכטיקער עס האָט געקראַכט דער דונער, געצוקט דער בליץ, געגאָסן דער רעגן, אַלץ פֿריילעכער איז אונדז געוואָרן. מען האָט געשריגן, געזונגען, געלאַכט, מען האָט אַרויסגעשטעקט די הענט דורך די קראַטעם אונטער דעם גאָס־רעגן. אונדזערע שטימען פֿלעגן באַלד פֿאַרזונקען ווערן אינם ליאַרעם פֿון די פֿריי־געוואָרענע עלעמענטן. אָבער דער שטורעם האָט אונדז געבראַכט דעם שוווּנג און די רחבות פֿון דער פֿרייהייט, און מיר האָבן געיובלט ווי ביים אָנקום פֿון אַ יום־טוב. אויך אין דאָזיקן אָוונט האָבן מיר דערוואַרט דעם שטורעם, און פּלוצלונג האָבן מיר דערהערט דעם באַפֿעלנדיקן רוף: „איזמאַילאָוויטש, שקאָלניק, פּיאַלקאַ, יעזערסקאַיאַ! פּאַקט איין אייערע זאַכן, אין אַ האַלבער שעה אַרום פֿאָרט איר אָפּ!" — און ווער נאָך?

— ביצענקאָ און ספּירידאָנאָוואַ...

עס איז אונדז געווען אַ שאָד צו פֿאַרלאָזן דעם דאָזיקן חברישן אָרט, אָוועקוואַנדערן אין דער ווייט. אין משך פֿון אַ פֿיבערהאַפֿטער האַלבער שעה האָבן מיר אויפֿגעזוכט אונדזערע ביכער און זאַכן, זענען מיר אַרומגעלאָפֿן איבער אַלע צעלן פֿון די דריי שטאָק און זיך געזעגנט. און ווען מיר זענען אַרויסגעקומען מיט אונדזערע פּעקלעך אויפֿן תּפֿיסה־הויף, זענען מיר געבליבן שטיין דערשטוינטע. אַלע פֿענסטער פֿון די מענער־ און פֿרויען־צעלן זענען יום־טובדיק געווען אילומינירט דורך די לאָמפּן, וואָס זענען אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויף די בײַשטידלעך. פֿון אייניקע פֿענסטער פֿליט אַרויס אָנגעצונדן פּאַפּיר. אַלע פֿענסטער רוישן — געזעגענען זיך מיט אונדז. מיר געפֿינען זיך שוין פֿון לאַנג אין דער תּפֿיסה־קאַנצעלאַריע, וווּ עס ווערט אויסגעבילדעט דער עטאַפּ־טראַנספּאָרט, אָבער פֿון די אילומינירטע צעלן הערן מיר נאָך אַלץ זינגען די רעוואָלוציאָנערע כאָרן. די שטימען זייערע ווערן שוין אָבער פֿאַרטויבט דורך דעם אָנלויפֿנדיקן ווירבלווינט און דונער־קראַכן.

מיר זענען געשטאַנען אין דער אומפֿריינטלעכער קאַנצעלאַריע און זיך געקריגט מיטן עלטסטן. פּלוצלונג האָט זיך אין הינ־

טערגרונט געעפנט אַן אײזערנע פֿאַרקראַטעװעטע טיר און עס איז דערשינען אַ קלײנע, דינע פֿרױען־פֿיגור, מיט אַ װײסן טיכל אױפֿן קאָפּ. ספּירידאָנאָװאַ! — האָט מיר אַ פֿליסטער געטון שקאָל־ניק און זיך אַ ריס געטון פֿאָראױס.

אױך איך האָב אינסטינקטיװ געמאַכט עטלעכע שריט אין איר ריכטונג און פּונקט אַזױ אינסטינקטיװ האָב איך צוריקגע־טרעטן. העלע אױגן, אַרומגעזױמט מיט שװאַרצע רינגען, צװײ גרעל־רױטע פֿלעקן אױף די באַקן, פֿעסט־צונױפֿגעפּרעסטע ליפּן, — און אין גאַנצן פּנים, באַזונדערס אין די אױגן, װאָס האָבן אַװעקגעקוקט איבער אונז, אַ קאַלטע אומבאַגרײַפֿלעכע פֿרעמדקײט. זי האָט אונז באַגריסט, געענטפֿערט אױף פֿראַגן פֿון דער באַגלײט־װאַך און דאָס אַלץ געטון אין אַ גלײַכמעסיקן קילן טאָן, דורך די צונױפֿגעקװעטשטע צײן, נישט באַװעגנדיק מיטן קאָפּ, מיט אױגן פֿאַרלאָרענע אין רױם. קײן אײן פּונק לעבן האָט נישט געלױכטן אין דידאָזיקע אומבאַװעגלעכע אױגן מיט די צו־זאַמענגעבױגענע ברעמען. און דאָך זענען די אױגן נישט געװען טױט, — עס האָט געשײַנט, אַז אַ גרױס געהײמניש איז אין זײ באַגראָבן...

מען האָט אונז אַלע זעקס אַרײַנגעזעצט אין אַ װאָגן מיט צװײ זשאַנדאַרמען. עס איז דאָרט געװען אומדערטרעגלעך טונקל און שטיקנדיק. מיר זענען אָפּגעפֿאָרן, און פֿון אַלע זײַטן פֿון װאָגן האָבן אָפּגעהילכט די פּאָדקאָװעס פֿון דער דראַגונער־װאַך."

* * *

ספּירידאָנאָװאַס רײזע אין סיבירער קאַטאָרגע איז פֿאַרװאַנדלט געװאָרן אין אַ טריאומף־צוג. ס'איז געשען עפּעס אומדערװאַרטע־טעס. צום ערשטן מאָל נאָכן אַטענטאַט איז ספּירידאָנאָװאַ געקומען אין אומגמיטלבאַרער באַרירונג מיט גרױסע פֿאָלקס־מאַסן. עס האָט געשײַנט, אַז אַלע שיכטן פֿון רוסלאַנדס האָרעפּאַשנער באַפֿעלקערונג האָבן געבילדעט אַ שפּאַליר אױף איר װעג און פֿאַרשאָטן ספּירי־דאָנאָװאַן מיט באַװײַזן פֿון ליבע, דאַנקבאַרקײט און פֿאַרערונג. אַזױ אַרום איז דער דאָזיקער טראַנספּאָרט פֿון די קאַטאָרזשאַנקעס פֿאַרװאַנדלט געװאָרן נישט נאָר אין אַ טריאומף פֿאַר ספּירידאָנאָ־װאַן, נאָר אױך אין אַ נײַעם באַװײַז פֿאַר דער אומדערמידלעכער

קראַפט פון דער רעוואָלוציע. די שילדערונג פון דער דאָזיקער רייזע האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דער באַשיידענער איזמאַילאָוויטש, וועלכע האָט זיך פון איצט אָן באַטראַכט בלויז אַלס מאַרוסיאַס אַ באַגלייטערין.

## דער טריאומף־צוג קיין סיביר

„אין די ערשטע טעג פון אונזער רייזע זענען מיר באַגעגנט געוואָרן אויף די סטאַציעס בלויז דורך קליינע גרופּן. מען האָט נאָך נישט געוואוסט וועגן אונזער טראַנספּאָרט. שפּעטער האָבן פּריוואַט־לעכע פּאַסאַזשירן צו וויסן געטון וועגן אונז דורך טעלעגראַמעס — און אונזער וועג האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אמתן טריאומף־צוג. עס האָט אויסגעזען, ווי מיר, ביי וועמען מען האָט צוגענומען אַלע בירגערלעכע רעכט, וועלכע ווערן טראַנספּאָרטירט אויף קאַטאָרגע אונטער פּאָליציי־באַגלייטונג, — מאַכן דורך דעם גאַנצן לאַנגן וועג פון מאָסקווע ביז סרעטענסק פּריוויליק, כדי אָפּצוהאַלטן מאַסן־פאַרזאַמלונגען און דורכצופירן אַ קאָנטראָל איבער די רעוואָלוציאָנערע כּוחות. די דאָזיקע קאָנטראָל האָט גע־בראַכט גלענצנדע, אומפּאָראויסגעזעענע רעזולטאַטן.

די ערשטע גרויסע „מאַסן־פאַרזאַמלונג" איז פאָרגעקומען אין סיזראַן. ביים אָנקומען פון אונזער צוג האָט זיך דאָרט געפונען אַ גרויסער טראַנספּאָרט רעזערוו־זעלנער, וועלכע האָבן זיך צו־ריקגעקערט פון וויטן מזרח אהיים. זיי האָבן זיך מאַסנווייז גע־שטופּט צווישן זייער צוג און אונזערן. זיי האָבן אונז אויסגעהערט, אויסגעפרעגט, אונז געגעבן אין ליאַרעמדיקן כאָר צושטימענדיקע ענטפערס. די פּרוון פון די אָפיצירן פאַנאַנדערצוטרייבן די זעל־נער, זענען באַגעגנט געוואָרן מיט פאַרשטיקטער וואָרטשעניש; די וואַנט איז געבליבן שטיין פאַר אונזערע פענסטער. מיר האָבן אָנ־געהויבן פון דעם, וואָס מיר האָבן אָנגערופן אונזערע נעמען און דערקלערט, פאַרוואָס יעדע פון אונז גייט אויף קאַטאָרגע. די פּאָפּולערסטע טאַט איז פאַר זיי געווען די דערמאָרדונג פון גענע־ראַל סאַראַכאָוו. דעריבער האָבן זיי באַגעגנט ביצענקאָ מיט אַ הור־

רא, וואָס האָט נישט געוואָלט קיין סוף נעמען... ספּירידאָנאָווא און ביצענקא האָבן גערעדט, געבעטן צו דערציילן אין דער היים דאָס גאַנצע שלעכטס און אומרעכט, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אין קריג, צו עפענען די אויגן ביי אַלע זייערע בלינדע לאַנדסלייט, צו מאַרשירן אַקסל ביי אַקסל מיט די קעמפער פאַר „ערד און פריי־הייט" פאַרן גאַנצן פאָלק. ווען אונזער צוג האָט זיך, אין צוויי שעה אַרום, אָפּגעטיילט פונם ים זעלנער־שינעלן, איז שוין געווען טונ־קעלער אָוונט. ספּירידאָנאָווא האָט זיך צוגעדריקט צו דער פענ־סטער־קראַטע און אויסגערופן צו זיי ווי הויך זי האָט נאָר גע־קאָנט:

— חברים זעלנער, שיסט נישט אויף אייערע פּויערים־ברי־דער!

פון טיפן טונקל זענען געקומען אומריטמישע, אומאויפהער־לעכע ענטפערס, פון וועלכע מען האָט אַרויסגעפילט אַזאַ מעכטיקע קראַפט, אַז דאָס האַרץ האָט אונז אָנגעהויבן שטאַרקער קלאַפּן פאַר פרייד ביים געדאַנק, אַז די, וואָס ענטפערן אַזוי, וועלן זיך איצט פאַרשפּרייטן איבער דאָס גרויסע רוסלאַנד און וועלן ברענגען אין די פאַרוואָרפנסטע עקן דעם האַס צום רעזשים און דעם גלויבן אין דער צוקונפט.

אָבער דאָס, וואָס איז געשען אין קורגאַן, האָט אונז דערשי־טערט דורך זיין גרויסאַרטיקייט. נאָך פאַרן אַריינפאָר אויף דער סטאַציע האָבן מיר געזען, ווי פון אַלע אייזנבאַן־וואַרשטאַטן זענען שנעל אָנגעלאָפן פאַררויכערטע אַרבעטער, און פאָכנדיק מיט די היטלען, געלאָפן צו אונזער וואַגאָן מיט באַגריסונגס־געשרייען.

— שטיי!... בלייב שטיין!... — האָבן זיי געשריגן צום לאָ־קאָמאָטיוו־פירער. געהאָרכנדיק זייער באַפעל, איז אונזער וואַגאָן געבליבן שטיין נאָך פאַר דעם באַנהויף.

זיי האָבן זיך צונויפגעקנוילט, אַ שוואַרצע מענטשן־מחנה מיט פאַרשאַרצטע אַרבל, מיט צעקנעפּלטע קאָלנערס. מיט לויכטנדיע אויגן אין די פון סאַדזשע שוואַרצע פנימער האָבן זיי אַלע געפאָ־כעט אין דער לופט מיט די פאַרפעצטע היטלען.

— ספּירידאָנאָווא!... ספּירידאָנאָווא!... זאָל לעבן ספּירידאָ־נאָווא!... אַ גרוס ספּירידאָנאָוואַן!... אונזערע קומען!.. — האָט זיך

פלוצלונג דערהערט פון שטימען ־ ליאַרעם אַ יונגע העלע שטים.

און אַלע קעפּ האָבן זיך אַ ווענד געטון אין איין ריכטונג. פון דאָרט האָט זיך דערנענטערט עפּעס גרויסעס, טונקלעס, איבער דאָס דאָזיקע טונקעלע האָט זיך געוויגט אין דער לופט און גע־גלאַנצט אין דער זון עפּעס... שוין נענטער... אַלץ נענטער...

און אָט איז עס שוין דאָ נעבן אונז, ווי דונער־קלעפּ פאַלן די קלאַנגען פון דער מאַרסעליעזע, עס פלאַטערן די רויטע פענער. פייערלעך און לאַנגזאַם דערקייקלט זיך אַ גרויסע, בונטע מענטשן־מאַסע... אפשר טויזנט פערזאָן, אפשר צוויי טויזנט.

איצט קאָן מען שוין לעזן די אויפשריפטן אויף די פענער: „זאָלן לעבן די חברים ־ סאָציאַל ־ דעמאָקראַטן אין דער דומע!"... „אין קאַמף וועסטו דערווערבן דיין רעכט!"... באַגריסונגען פאַר ספּירידאָנאָוואַן, און ענלעכע.

מען איז געבליבן שטיין, ריטמיש ווי איין פערזאָן.

— ספּירידאָנאָווא... אַ גרוס דער חברטע און קעמפּערין ספּי־רידאָנאָווא...

עס הויבט זיך אָן אַ גראַנדיעזער מיטינג. איין רעדע בייט אָפּ די צווייטע. ספּירידאָנאָווא האָט גערעדט, ווי תּמיד, וואונדערבאַר לייכט, איינפאַך, שיין און שטאַרק, — אָן דער מינדסטער אויפרע־גונג אין דער שטים, אָן דער מינדסטער זוכעניש נאָך ווערטער.

עס האָבן גערעדט סאָציאַל ־ דעמאָקראַטן (סאָציאַל־רעוואָלו־ציאָנערן זענען דאָן אין סיביר געווען ווייניקער פּאַרטראָטן). זיי האָבן גערעדט אויפגערעגט און ליידנשאַפטלעך... ווי תּמיד, האָט מען אַריינגעשטופּט אין אונזער וואַגאָן ־ פענסטער אומצאָליקע שעכטלעך מיט צוקערלעך, מאַראַנצן, צוקער־געבעקס. אין משך פון גאַנצן וועג זענען מיר אָפּגעשאָטן געוואָרן מיט זיסקייטן, צייטונ־גען, בלומען, געלט — פון קופּערנע צוויי ־ קאָפּיקע ־ מטבעות ביז גאָלדענע פינפרובלדיקע. וויפל מאָל האָבן מיר אויף די סטאַציעס דערקלערט די באַגריסנדע מחנות, אַז מיר נויטיקן זיך נישט אין געלט, אַז מיר — די זעקס — דאַרפן גאָרנישט האָבן. די היטלען מיט די נדבות האָבן פונדעסטוועגן געוואַנדערט פון האַנט צו האַנט און פלעגן יעדעס מאָל פולע איבערגעגעבן ווערן דעם עלטסטן.

— אויב נישט אייך, וועט עס צונוץ קומען די איבעריקע חב־רים אין קאטאָרגע...

אָפטמאָל איז געווען אזוי קאָמיש. דער צוג שטעלט זיך ערגעצווו אָפּ אויף א פּאָר שעה און מען פרעגט אונז, צי מיר נויטיקן זיך נישט אין עפּעס פון דער שטאָט. מיר דערקלערן, למשל, אז מיר דאַרפן האָבן א פלעשעלע טינט אָדער א טעפעלע. א דאַנק אונזער דערפאַרונג באַטאָנען מיר אויסדריקלעך, אז מיר ווילן האָבן בלויז איין עקזעמפלאַר פון די דאָזיקע זאכן. אָבער עס העלפט נישט, מען ברענגט אונז זעקס טעפּעלעך, זעקס פלעשלעך טינט, זעקס פּעקעלעך פּאָדים.

די מאַניפעסטאַציע אין קורגאַן האָט וואַרשיינלעך שטאַרק באַאומרואיקט די מאַכט. מען האָט פּרובירט אָפּצוטשעפּען אונזער וואַגאָן פון צוג פאַרן אָנקום אויף א גרויסער סטאַציע, כּדי אים שפּעטער באַזונדער פאַרבייטרייבן די סטאַציע. אָבער גלייך דער ערשטער פּרווו פון דעם מין איז דורכגעפאַלן. מ'האָט אָפּגעשטעלט אונזער וואַגאָן אכט וויאָרסט פאַר אָ מ ס ק. א חוץ דער שטענדיקער וואַך פון צוועלף זעלנער, זענען אומדערוואַרט דערשינען נאָך צוועלף, באַוואָפנט מיט ביקסן. אין א קורצער צייט ארום האָבן מיר זיך גענומען באַוועגן לויטן מוסטער פון א „צאַרישן צוג'' (אזוי האָבן מיר אין שפּאַס אָנגערופן אונזער רייזע, ביי וועלכער אונזער אָפּגעטשעפּעטער וואַגאָן פלעגט מיט א ספּעציעלן לאָקאָמאָטיוו דורכלויפן די סטאַציע ווי א בליץ). די וואַך האָט דערקלערט, אז די אָמסקער אַרבעטער האָבן טעלעגראַפיש „געפאָדערט'' מען זאָל אונז תּיכּף ברענגען אויף דער הויפּטסטאַציע.

— ווער ווייס, וואָס אין אָמסק וועט נאָך פאָרקומען! מ'זאָגט, עס זענען דאָרט פאַרזאַמלט פּאָלקסמאַסן... מען וועט אייך פּרווון באַפרייען...

אין דער שטים פון דער וואַך האָט זיך געהערט אומרואיקייט.

די קלאַנגען וועגן אונזער פאָרשטייענדער באַפרייאונג מיט געוואַלט פלעגן זיך פאַרשפּרייטן פאַרן אָנקום אויף יעדער גרעסערער סטאַציע. אָבער אַלס באַפרייער פלעגט מען יעדעס מאָל אָנגעבן אַנדערע: אין אָמסק — די אַרבעטער, אין קראַסנאָיאַרסק —

די זעלנער, אין טשיטא אָבער — גאָר די קאָזאַקן פונם באַיקאַל־נעביט.

ווען אונזער „צאַרישער צוג" איז מיט פולער געשווינדקייט אָנגעקומען קיין אָמסק, איז דאָרט געשטאַנען אַ מענטשן־מחנה פון מינדעסטנס פינף טויזנט פּערזאָן. דאָס איז מער נישט געווען יענע ריטמישע אָרגאַניזירטקייט, וואָס האָט אונז דערשטוינט אין קורגאַן. און זי האָט גאָרנישט געקאָנט זיין ביים שרעקלעך אויפגערעגטן טויזנט־קעפּיקן המון, וואָס איז געווען אויסער זיך פון לאַנגן וואַרטן און פון די אונטערהאַנדלונגען מיט דער זשאַנדאַרמעריע וועגן אָראָפּברענגען אונזער וואַגאָן. מען האָט געפאָדערט ביי אונזער וואַך, זי זאָל אונז דערלויבן אַרויסגיין אויף דער פּלאַטפאָרם. די פאָדערונג איז נאָכגעגעבן געוואָרן. איינע נאָך דער אַנדערער זענען מיר אַרויסגעגאַנגען אויף דער פּלאַטפאָרם פון וואַגאָן, מיר האָבן געענטפערט אויף די באַגריסונגען, אָנגערופן אונזערע נעמען און דערקלערט אונזער אָנגעהעריקייט צו דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. דאַן האָט מען אונז אַלע אַרויסגערופן און געמאַכט אַ פאָטאָגראַפיש בילד. מיר — אויף די טרעפּלעך פון וואַגאָן, נעבן אונז דער וואַך־עלטסטער, און פאַר אונז, כמעט אויסגעמישט מיט אונז, די באַגייסטערטע מענטשן־מחנה, גרייט יעדע רגע אונז אַרויסצורייסן פון די הענט פון דער דערשראָקענער וואַך און אויסבאַהאַלטן הינטער די צוזאַמענגעשלאָסענע רייען פון המון. אָבער וואָס וועט דאַן געשען מיט דער דאָזיקער מחנה, אפילו ווען עס זאָל געלינגען אונז צו באַפרייען?

מען האָט אונז שפּעטער דערציילט, אַז נאָנט פון דער סטאַציע איז געשטאַנען גרייט מיליטער אויפן פאַל, ווען מען זאָל אונז האָבן באַפרייט. אונזער וואַך־עלטסטער, אַן איבערצייגטער מאָנאַרכיסט, אָבער אַ דזשענטלמען, האָט געזאָגט צו אונז: — ווען איר וואָלט פאַרשווונדן געוואָרן אין המון, וואָלט איך מיך גלייך אויפן אָרט דערשאָסן.

דאָס פאָטאָגראַפישע בילד, וואָס איז דאַן אויפגענומען געוואָרן, איז שפּעטער שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן אין רוסלאַנד. אָבער דער וואַך־עלטסטער, דער אָפיציר, וואָס איז געשטאַנען

אויפן דאָזיקן בילד נעבן דעם טרעפּל פון וואַגאָן, איז דערפאַר באַזייטיקט געוואָרן פון זיין אמט.

דער צוג האָט געראַרפּט אַפּגיין, אָבער די מענטשן־מחנה — די זיגערין — האָט נישט דערלאָזן דערצו און כּסדר גערעדט מיט אונז. ענדלעך האָט זיך דער וואך־עלטסטער געווענדט צו אונז מיט דער בקשה צו זאָגן „יענע״, זיי זאָלן אונז אָפּלאָזן, זיי זאָלן נישט אויפהאַלטן אַ גאַנצן צוג. אָבער אויך אונזער בקשה אונז „צו באַפרייען״, איז נישט גלייך דערפילט געוואָרן. ענדלעך האָט מען אונז געפאָלגט, אָבער די אויפרודערונג איז נישט קלענער געוואָרן. פאַרקערט, זי איז כּסדר גרעסער געוואָרן. מען האָט אָפּ־געטשעפּעט דעם וואַגאָן און אים געפירט מיט די הענט. מיר האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם און מיט מי איבערגערעדט די פריינט ווי־דער צוצוטשעפּען דעם וואַגאָן. דאַן האָט דער המון באַפוילן דעם לאָקאָמאָטיוו־פירער צו פאָרן שריט ביי שריט. אַ טייל פון המון האָבן באַגלייט דעם וואַגאָן צו־פוס, זענען געזעסן אויפן דאַך מיט פענער, געשטאַנען אויף דער וואַגאָן־פּלאַטפאָרם. אַזוי האָט גע־דויערט ביז דער ערשטער סטאַציע 8—10 ווי־אָרסט ווייטער.

נאָך אויף דער סטאַציע האָט אונז עמיץ פון המון דערלאַנגט אַ פּיצל פּאַפּיר מיט דער בקשה צו געבן אַ פאַקסימיליע. איצט אָבער האָבן זיך געשטרעקט צו אונז צענטליקער הענט מיט פּאַ־פּיר: „שרייבט אויף, כ׳בעט אייך... שרייבט אויף... שרייבט...״

באַזונדערס אָפט האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט הענט פונם וואַגאָן־דאַך. איך דערמאָן מיך אינם אויסגעריסטן פּנים פון אַ פּראָלעטאַ־ריש בחור׳ל, וואָס האָט זיך כּסדר אַריבערגעהאַנגען פון דאַך, גע־שטרעקט צו אונז זיינע פאַררויבערטע הענט מיט אומצאָליקע פּאַפּירלעך און געשריגן מיט אַ הייזעריק־געוואָרענער שטים: „שוועסטערס, שרייבט אויף... שוועסטער — נאָך, נאָך״... יעדע פון אונז שרייבט אויף דעם נאָמען און דעם אַטענטאַט, אין וועלכן מיר האָבן אָנטיילגענומען. אייניקע פון אונז זענען געזעסן מיט אויסגעקרימטע רוקנס און האָבן כּסדר געשריבן אַזאַ מין קורצע פּראָקלאַמאַציעס.

איך געדענק אַ הויכוויקסיקן, בערדיקן אַלטן מאַן אין אַן אויבערהעמד און גרויסע שטיוול. די גאַנצע 8—10 ווי־אָרסט איז



ספירידאָנאָוואַ מיט אירע חברטעס אויפן
וועג אין קאַטאָרגע



לאַוויטש אין 1906, נאָכן אַטענ־
ט אויף קורלאָוון אין מינסק



גערשוני מיט זיינע חברים אויף קאַטאָרגע

ער געלאָפן נעבן אונזער וואַגאָן אָן אַ היטל, מיט גראָע האָר, וואָס האָבן געפלאַטערט אין ווינט, און כּסדר געהויבן דאָ איין אייניקל און דאָ דאָס צווייטע, פון 7—8 יאָר, וועלכע האָבן געריסן פעלד־בלומען, און זיי אונדז דערלאַנגט: — כ׳בעט אייך, טייערע, נעמט צו די בלימעלעך פון מיינע אייניקלעך... זאָלן זיי אַ גאַנץ לעבן געדענקען, פאַר וועמען זיי האָבן געריסן די בלומען...

ענדלעך האָבן זיך אַלע געזעגנט מיט אונדז, און מיר זענען געבליבן אַליין אין וואַגאָן, וואָס איז געווען פאַרשטעלט און פאַרהאָנגען מיט קרענץ, גירליאַנדן, בוקעטן בלומען, — טויט־מידע פון די פינף־זעקס שעה אומאויפהערלעכע דעמאָנסטראַציעס. די מאַכט, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַר אונזער טראַנס־פּאָרט, איז בולט געווען דערשראָקן איבער דעם, וואָס עס איז געשען אין קורגאַן, און באַזונדערס אין אָמסק. יעדנפאַלס האָבן זיי איצט אָנגעווענדט זייער מאַכט און ביטערקייט אין דער פולער מאָס. זיי פלעגן אונזער וואַגאָן אומבאַדינגט אָפּטשעפּען פאַר גרע־סערע סטאַציעס און שיקן, צו פאַרשטאַרקן אונזער וואַך, נישט אַ טוץ, נאָר אַ ראָטע זעלנער מיט אַן אָפיציר בראָש. פון אירקוטסק אָבער ביז סרעטענסק האָט אונדז באַגלייט אַ ראָטע זעלנער אין צוג, אַזוי, אַז דער „צאַרישער צוג" איז שוין איצט באַשטאַנען פון דריי וואַגאָנעס. אויף די סטאַציעס, ווו די זעלנער פלעגן אַרומ־רינגלען אונזער וואַגאָן, פלעגן מיר כּסדר ריידן מיט זיי און פירן מיט התמדה פּראָפּאַגאַנדע. דאָס איז געווען די סיבה, פאַרוואָס מען פלעגט זיי אַזוי אָפט בייטן. אויף די סטאַציעס פלעגט די מאַכט פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען, אַז מיר זענען שוין פאַרביי־געפאָרן. דער עולם פלעגט גלויבן, זיך פאַנאַנדערגיין, — און אין אַ פאָר שעה אַרום פלעגן מיר פאַרבייפליען די ליידיקע סטאַציע אין אַן אייל־טעמפּאָ. צום בעסטן איז דאָס דער מאַכט געלונגען אין טשיטאַ, פאַר וועלכער זי האָט זיך באַזונדערס געשראָקן. בלויז איין איינציק יונג מיידל, אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערין, האָט אונדז דאָרט אויפגענומען. מיט אַ האַסטיק־אויפגערעגטער שטים האָט זי אונדז בלויז באַוויזן צו זאָגן — דער צוג איז געווען אין פולן גאַנג — אַז מען האָט אונדז דערוואַרט מיט אַ טאָג פריער און דער עולם, אַן אָפּגעוואַרטער, האָט געמוזט אַוועקגיין מיט גאָר־

נישט. אָבער די כיטרעקייט פלעגט זיי נישט תמיד געלינגען. אָפט־מאָל פלעגט זיך דער המון נישט לאָזן אָפנאַרן און בלייבן האַרמ־נעקיק צוזאַמען. דער צוג פלעגט פאַרבייפליען משוגענערווייז אָן אָפּהאַלט, אָבער אונזער וואַגאָן פלעגט אַראָפּ פון די רעלסן. דאָס ערשטע מאָל זענען מיר דערשראָקן געוואָרן פון אומדערוואַרטעטן שטאַרקן שטויס און פון פּלוצלונגען שטיין־בלייבן פון צוג. אָבער אַרום אונז זענען אַרומגעלאָפן באַגייסטערטע, שמייכלענדיקע אַר־בעטער און האָבן געשריגן צו אונז:

— שרעקט זיך נישט, חברים, אַלץ איז אין בעסטער אָרד־נונג...

אַן אויפרודערנדיקער קבלת־פּנים האָט אונז דערוואַרט אין קראַסנאָיאַרסק. מען האָט אונז געלאָזט שטיין 15—20 מינוט. אַ גרויסע מענטשן־מאַסע, צוזאַמענגעדריקט דורך זעלנער און זשאַנדאַרן, האָט זיך צו אונז דורכגעשלאָגן מיט מי און מאַטער־ניש, אַ פאַרשטיקט־אויפגערעגטע. די זעלנער האָבן געבילדעט אַ קייט האַרט פאַר אונזער וואַגאָן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן רעדעס... אָבער וואָס פאַרא רעדעס!...

אָט זע איך אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער מיט אַ בלאַסן גע־קוועלטן פּנים און מיט טיף־ליגנדיקע ברענענדיקע אויגן. ער האָט גערעדט מיט היץ, נערוועז, מיט איינגעהאַלטענע טרערן אין קול. אינמיטן האָט ער פאַרלאָרן די הערשאַפט איבער זיך און אויסגע־בראָכן אין אַ הויך שלוכצן. מיט דער גרעסטער ווילנס־אָנשטרע־גונג האָט ער אונטערדריקט דעם אויסברוך פון געפיל און פאַר־ענדיקט מיט אַ ליידנשאַפטלעכער אויפפאָדערונג צום קאַמף. אַרום און אַרום האָב איך אָבער געזען אַ סך, אַ סך אַזעלכע ברענענדיקע אויגן. פון אַלע זייטן האָט מען געהערט אַ שלוכצעריי...

אָט האָט מען דעם המון אָפּגעשטופּט און דער צוג האָט גע־נומען פאָרן. און דאָ איז געשען דאָס שרעקלעכע. דער המון האָט דורכגעריסן די קייט און איז אונז נאָכגעלאָפן מיט הויכע געשריי־ען. נעבן אונזער וואַגאָן זענען געלאָפן אייניקע אַרבעטער מיט טויט־בלאַסע פּנימער, מיט האַס אין די אויגן. זיי זענען געלאָפן מיט קראַמפּהאַפט־געבייילטע פויסטן, האָבן געוואָרפן שטיינער

אין לאָקאָמאָטיוו און געשריגן צום מאַשיניסט מיט צונויפגעפּרעס־טער שטים פון גרימצאָרן:

— שטיי, דו אויסוואורף!... שטעל אָפּ דעם צוג... דו הונט!...

צוזאַמען מיט דעם המון לויפן די זעלנער מיט טעמפּע חיהשע בנימער... אָט האָבן זיי מיט דער גאַנצער קראַפט דערלאַנגט אַ זעץ מיט דער ביקס־קאָלבע אַן אַרבעטער, כּמעט נאָך אַ יינגל... דאָרט שלאָגט מען נאָך איינעם און נאָך איינעם... און פּלוצלונג ווערן די צאָרנגעשרייען און די קללות פון המון דורכגעריסן דורך אַ הויך, האַרט קראַכערייַ... מען שיסט... מען האָט אפשר דערשאָסן איינעם פון די דאָזיקע אין גרימצאָרן אַריינגעפאַלענע...

דרויסן שלאָגן זיי מיט קאָלבעס, מען האָגלט, ווי ס׳שיינט, מיט קוילן. ס׳איז אונז געווען פּיינלעך צו זיין אָפּגעטיילט דורך די באַקראַטעטע ווענט פון וואַגאָן און מוזן צוזען מאַכטלאָז די דאָזי־קע ווילדע שחיטה.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מען האָט נישט גע־שאָסן; דאָס האָבן געפּלאַצט די פּעטאַרדעס, וואָס די אַרבעטער האָבן אונטערגעלייגט אונטערן צוג, כּדי אים אָפּצושטעלן. דער לאָקאָמאָטיוו־פירער איז אָבער געווען אַרומגערינגלט פון באַ־וואָפנטע זעלנער, מען האָט אים געדראָט צו דערשיסן, אויב ער וועט נישט פירן גוט דעם צוג. פון קראַסנאָיאַרסק אָן האָט מען שוין אויף אַלע גרויסע סטאַציעס אַזוי געהאַנדלט.

ב׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אַטשינסק. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט בײַנאַכט פון אַ באַוועגונג און אַ ליאַרעם אין וואַגאָן. ס׳איז געווען איינס אַזייגער. אונזער וואַך איז אַרומגעלאָפן אויפ־געריגט אַהין און אַהער. עמיץ פון איר האָט מיר אין אײַלעניש אַ זאָג געטון:

— אַלעקסאַנדראַ אַדאָלפאָוונאַ, זייט געזונט! מען בײַט אונז דאָ. די וואַך פון אַטשינסק קומט אויף אונזער אָרט! אינגאַנצן אומגעריכט!...

ביסלעכווייז דערוואַכן אַלע איבעריקע. מיר געזעגענען זיך טרויעריק מיט די יאַטן. אין משך פון לאַנגן וועג פון מאָסקווע האָבן מיר זיך צוגעוווינט צו זיי.

פּלוצלונג צווינגט אונז עפּעס ווי אַן עלעקטרישער פונק אומ־

צודרייען זיך צו די פענסטער, איינצוהאלטן דעם אָטעם.

וואָס איז דאָס?... עפּעס ענלעכס האָבן מיר נאָך נישט געהערט, דאָס איז נישט קיין געזאַנג... עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי עמיץ זאָל קלאָגן מיט דער גאַנצער קראַפט פון א טרויער, וואָס וועט זיך קיינמאָל נישט אויסהיילן... אָבער אין דאָזיקן קלאָגן הערן מיר נישט קיין שום יאָמערנדיקס, דערדריקנדיקס, נאָר בלויז די דערהויבנדיקע שיינקייט און קראַפט פון טרויער.

„אומשטערבלעכע קרבנות...״

— — — — — — — — — —

צענטליקער מאָל האָב איך שוין געהערט דאָס דאָזיקע ליד. אָבער קיינמאָל נאָך איז אין אים נישט געווען אַזאַ האַרצרייסנדיק געוויין און גלייכצייטיק אַזאַ טיפע טראַגישע שיינקייט ווי די, וואָס האָט אונז איצט מעכטיק מיטגעריסן און אונז פאַרטראָגן הויך איבער דער ערד, אין דער ממשלה פון גרויסן ליידן.

אויפן שלעכט - באַלויכטענעם פעראָן זענען געשטאַנען פאַר אונזער וואַגאָן ביי א פופצן מענטשן און האָבן געזונגען. זיי האָבן געזונגען, און מיר, צוגעטוליעט צו די קראַטעס, האָבן געהערט. אַזוי האָט עס אויסגעזען אויסערלעך. אין דער אמתן האָבן אין יענעם אויגנבליק נישט עקזיסטירט באַזונדער נישט יענע מענטשן און נישט מיר זעקס, מיט אונזערע פאַרשיידענע, אפשר אומבאַדייטנדע איבערלעבונגען, געפילן, שטימונגען... עס איז פאַרבליבן נאָר דאָס, וואָס עס טרייבט דעם מענטשן פון תמיד אָן צום דערהויבנדיקן און שיינעם, וואָס עס פאַרברענט מיטן וואָרצל, ווי א בלענדנדיקער בליץ, אַלדאָס געמיינע און חיהשע אין זיין נשמה, וואָס עס דערהויבט אים, אויף די פליגלען פון עקסטאַז, אין יענע רעגיאָנען, ווו עס עקזיסטירן נישט קיין קליינע איינצל־איכס, נאָר בלויז דאָס איינע גרויסע און געמיינזאַמע. און אָט־אָ־דאָס שטראַלנדיקע האָט זיך אויסגעגאָסן פון אונזער געמיינזאַמער ברוסט אין די טרויערפולע און דערביי וווּנדערשיינע קלאַנגען.

דאָן האָבן די מענטשן גערעדט און זייערע ווערטער זענען געווען ווי זייער ליד, פול מיט טיפן טרויער. זיי האָבן זיך מיט אונז געזעגנט, ווי זיי זאָלן אונז באַגלייטן צו א טונקעלן אָפּגרונט, פון וועלכן עס איז נישטאָ קיין צוריק. זיי האָבן גערעדט מיט שטי־

לע פאַרשטיקטע שטימען און ווײלנווײז פאַרדעקט מיט זייערע הענט די אויגן. פון דעם דאָזיקן קינדישן זשעסט און פון זייערע שטימען איז געווען צו פילן, ווי שטאַרק זייער נשמה האָט געוויינט.

אויף אַ סטאַציע פאַר אירקוטסק זענען מיר געבליבן שטיין במעט אַ גאַנצן טאָג, אַרומגערינגלט פון אַ ראָטע זעלנער. בין־השמשות־צייט איז געקומען פון דער שטאָט אַ קליינע גרופּע יונגע מענטשן. היות זיי זענען געווען נישט גרויס אין צאָל, און גלייכצייטיק במעט אַלע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, האָט אונזער טרעפונג באַקומען דעם כאַראַקטער פון אַן ענגן פריינטשאַפטלעכן קרייז, וואָס האָט איינגעאָרדנט אַ פּיקניק אין וואַלד ביי אַ באַן.

מיר זענען געשטאַנען ביי די פענסטער פון וואַגאָן, זיי פאַר אונז. מיר האָבן געשמועסט, געזונגען, זיי אין כאָר און ביטצענקאָ סאָלאָ. זיי האָבן איר אויסגעלערנט דאָס ליד: „ווילדעוועט, טיראַנען, טרייבט חוזק פון אונז!”... זיי זענען געווען מוראדיק דורשטיק נאָך זייער לאַנגן מאַרש אין דער חמימה, און מיר האָבן זיי אַרויסגעשיקט דורך דער וואַך אַ קאַלטן עמער וואַסער און פלעשער לימאָנאַדע, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. אין איין אויגנבליק איז אַלץ געווען אויסגעליידיקט. מיר האָבן זיי מכבד געווען מיט פוטערברויטן און צוקערלעך. די דאָזיקע האַלבע פון גאַסטפריינטלעכע באַלעבאַטעס, צו וועלכער מיר זענען נישט געווען געוווינט אונטערוועגס, האָט אונז פאַרשאַפט פרייד, פונקט ווי די געסט און דער וואַך.

אייניקע מאָל האָבן די אייזנבאַן־אַרבעטער פון די גרעסערע סטאַציעס געבילדעט צוגן און זענען געפאָרן נאָך אונז אָדער אַנטקעגן. זיי האָבן בכלל אָפט אויסגענוצט זייער מאַכט אין אייזנבאַן־פאַרקער. דאַן, ווען מען האָט נאָך נישט געהאַט באַוואַכט די לאָקאָמאָטיוו־פירער מיט באַוואָפנטע זעלנער, פלעגן זיי אונז אָפט פרעגן אויף די סטאַציעס, צי מיר ווילן, זיי זאָלן אָנפירן אונזער צוג. איך דערמאָן זיך אין דער סטאַציע סימאַ. אַרום און אַרום שטיל און וויסט. פלוצלונג דער פייף פון אַ לאָקאָמאָטיוו. אַ שנעל־אָנקומענדיקער צוג בלייבט האַסטיק שטיין... און פלוצלונג איז פאַרשוווּנדן די שטילקייט פון וועלדל. ווי אַרויסגעצויבערט פון דער

ערד, שטייט פאַר אונזערע פענסטער אַ גרופּע אויפגערעגטע פרייליק־געשטימטע אַרבעטער.

— אַ גרוס מאַריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ! אַ גרוס אַלע חברים!...

— מיר זענען שליחים פון די אַרבעטער פון דער סטאַציע סימאַ... מיר זענען הונדערט פערזאָן... מירן גענומען דעם צוג...

זיי פאַלן איינער דעם צווייטן אַריין אין די רייד. די לאַכנדיקע אויגן שטראַלן. זיי דערציילן ווי אַזוי זיי האָבן גענומען אַ גאַנצן צוג און זענען אַוועקגעפאָרן די זשאַנדאַרן אונטער דער נאָז. מיט אַ זאָרגלאָזן געלעכטער ריידן זיי וועגן דעם, אַז צוריקוועגס וועט מען זיי אַרעסטירן. זיי ריידן וועגן רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע אין סימאַ. איינער פון זיי האַלט אַ באַגריסונגס־רעדע. מאַרוסיאַ ענטפערט אים און מוז כּסדר האַלטן נאָך אַ רעדע און נאָך אַ רעדע. אין אַ קלאָרער איינפאַכער שפּראַך וויקלט זי פאַר זיי פאַנאַנדער די פּראָגראַם פון דער ס.־ר.־פּאַרטיי, וועגן סאָציאַליזירן די ערד. מיט גיריקער אויפמערקזאַמקייט הערן זיי זיך צו צו אירע ווערטער. „מיר האָבן ביז איצט גאָרנישט געהערט וועגן דער דאָזיקער פּראָגראַם", — הערט מען איינצלנע שטימען. מאַרוסיאַ ענדיקט. דער סאָציאַל־דעמאָקראַט, וואָס האָט געהאַלטן די באַגריסונגס־רעדע, פאַרבינדט די לאָזונגען פון די ביידע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אויף אַ וויציקן אופן:

— אַלזאָ, פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט אייך בדי אין קאַמף צו דערווערבן אייערע רעכט!...

זיי זענען אַוועק, פּונקט אַזוי טומלדיק און לוסטיק, ווי זיי זענען געקומען. אין אייניקע טעג שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט דעם סוף פון דאָזיקן קבלת־פּנים. ווי נאָר זיי זענען אָנגעקומען אויף דער סטאַציע סימאַ, האָט זיי אויפגענומען אַן אַנטקעגנפאָרנדיקער צוג מיט זעלנער. מען האָט זיי אַלע אַרעסטירט. ווען די איבעריקע אייזנבאַן־אַרבעטער האָבן זיך דערוווּסט וועגן אַרעסט פון זייערע דעלעגאַטן, זענען זיי אַלע אַוועק צו דער תּפֿיסה, פאָדערן צו באַפרייען זייערע פאַרשטייער.

— מיר זענען פּונקט אַזוי שולדיק, ווי זיי, מיר האָבן זיי געשיקט...

די פאָדערונג איז ענדלעך נאָכגעגעבן געוואָרן. די באַפרייער

און די באפרייטע האבן אויף צוריקוועגס איינגעאָרדנט אן אמתע דעמאָנסטראַציע.

* * *

דאָס איז געווען די צייט פון גרויסן ענטוזיאַזם און פלאַמענ־דיקע האָפנונגען. מען איז נאָך באַרוישט געווען פון זיג אין די אָקטאָבער ־ טעג. ס'האָט זיך געדאַכט, אז ערשט נעכטן נאָך זענען געמאַכט געוואָרן באַריקאַדן אין רעבעלישן מאָסקווע. די העלדן־מעשים פון די קאָזאַקן, פון די גענעראַלן רענענקאַמף און מעלער־סאַקאָמעלסקי האָבן געשיינט צו זיין איינצל ־ עפּיזאָדן אויפן אַל־געמיינעם הינטערגרונט פון די פריידיקע דערוואַרטונגען. ווען מיר זענען דורכגעפאָרן דעם באַיקאַל ־ געביט, האָבן מיר אויף יעדער סטאַציע באַקומען אַ טרויעריקן באַריכט. דאָ האָט מעלער־סאַקאָ־מעלסקי געלאָזט דערשיסן פיר מענטשן... דאָ זענען געטויט גע־וואָרן צוויי טעלעגראַף ־ באַאַמטע... דאָ פינף מענטשן... און אַזוי אומעטום. — אין דאָזיקן באַיקאַל ־ געביט זענען שוין מער נישט פאָרגעקומען לכבוד אונז אַזעלכע דעמאָנסטראַטיווע קבלת־פּנימס, ווי פריער, אָבער אויך דאָ איז נישט געווען צו מערקן קיין שפּור פון פחדנותדיקער מידקייט, אונטערטעניקייט, אַפּאַטיע. ביים אויס־רעכענען די נעמען פון די דערשאָסענע חברים, האָבן אונזערע פריינט דורך דער בליציקייט פון די אויגן, דורך איינדרוקספולע זשעסטן, דורך קורצע, ביים פאָרן פון צוג צוגעוואָרפענע זאַצן, ווי געזאָגט: „מיר וועלן ווייטער קעמפן... און טאַקע גאָר איצט“.

פאַרוואָס אַזאַ קבלת ־ פּנים פאַר ספּירידאָנאָוואַן? ווייל ספּי־רידאָנאָוואַ איז פאַר זיי געווען דער טעראָריסט, וואָס האָט דער־קלערט אַן אומאויפהערלעכן קאַמף קעגן אַלץ, וואָס לאָזט נישט אָטעמען און וואַקסן דאָס אויפוואַכנדיקע פאָלק, און גלייכצייטיק אַ מאַרטירערין פאַרן דאָזיקן פאָלק. אַלס טעראָריסט איז זי געגאַנ־גען אין איין רייע מיט יענע, וועלכע האָבן מיט זייערע קערפּערס געוואָלט פלאַסטערן דעם וועג פאָראויס, און זי האָט געטראָגן אין איר ברוסט יענע נייע קראַפט, וואָס אפילו אין דער דאָזיקער צייט פון אַלגעמיינער באַגייסטערונג, האָט זי אויסגעזען שרעקלעך און אומפאַרשטענדלעך פאַר צוויי דריטל פון פאָלק. ווייט נישט אַלע־מען איז געווען פאַרשטענדלעך דער פייערדיקער צאָרן פון טעראָ־

ריסט, וואָס הויבט זיין האַנט „פּאָרט קעגן אַ מענטשן". אָבער די ליידן זענען אַלעמען געווען פאַרשטענדלעך. ווען די דאָזיקע ליידן וואָלט געהאַט אויסצושטיין אַ שוואַכער מענטש, וואָלט עס אַרויסגערופן בלויז יענץ גרויסע מיטליידגעפיל, וואָס געפינט זיך אויף דער גרענעץ פון ליבע, וואָס גייט אפילו לייכט איבער אין ליבע. ווען די דאָזיקע ליידן זענען אָבער געווען פאַרבונדן מיט דער קראַפט און דער מאַכטפולער שיינקייט פון גייסט, האָבן זיי געמוזט אַרויסרופן אַ ים מיט באַגייסטערונג און פאַרגעטערונג.

אונז, די איבעריקע, האָט מען נישט געקענט. אין געוויסע ערטער האָט מען בלויז געהערט, אַז עס פּאָרט יענע פרוי, וואָס האָט געטויט דעם גענעראַל סאַכאַראָוו. אָבער אויך דאָן האָט די נישט - אינפאָרמירטע מאַסע פאַרבונדן דעם דאָזיקן אַטענטאַט מיט דעם איר באַקאַנטן נאָמען ספּירידאָנאָווא. דעם דאָזיקן נאָמען האָבן אַלע געקענט. ער איז געווען אַ פאָן, וואָס פאַראייניקט אַרום זיך די אַלע, וואָס ברענען אין הייליקער מרידה, — סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, סאָציאַל - דעמאָקראַטן, ליבעראַלן, פּאַרטיילאָזע מענטשן. זי האָט מער נישט געהערט איר פּאַרטיי, — זי האָט געהערט צו די אַלע, וואָס האָבן זי געטראָגן אין האַרצן, ווי די פאָן פון זייער פּראָטעסט.

איך האָב פּרובירט שילדערן דעם קבלת־פּנים אין די איינצלנע ערטער. איך בין אָבער נישט בכוח צו באַשרייבן די גרויסקייט, די שטורמישע ליידנשאַפטלעכקייט פונם עקסטאַז, מיט וועלכן מען האָט זי באַגריסט, עס פעלן מיר דערצו די ווערטער. אויף יעדער סטאַציע, אין יעדער צייט פון טאָג און נאַכט — אַ באַגייסטערונג פון דער מענטשן־מאַסע ביז צו זעלבסט־פאַרגעסנקייט. די פרייד צו זען זי, די ליבע צו איר אַלס צו זייער פאָן, האָבן די דאָזיקע צען־ אָדער הונדערט־טויזנטע אַזוי שטאַרק אויסגעפילט, אַז זיי האָבן זיך באַגאָסן מיט טרערן פון אַנטציקונג, און אָפטמאָל אויסגעבראָכן אין שטורמישער שלוכצעריי. זיי האָבן נישט געוווסט, ווי אַזוי זיי זאָלן אויסדריקן דאָס, וואָס ברענט און ברויזט אין זיי, און זיי האָבן זי באַוואָרפן מיט בלומען. אַרבעטער אין צעריסענע קליידער האָבן געשטרעקט צו די וואַגאָן - פענסטער פון אויפרעגונג ציטערנדיקע הענט מיט קופּערנע מטבעות. פּויערטע

וואָס האָבן פאַרקויפט מילך אויף די סטאַציעס, האָבן איבערגע־
געבן דער וואָך טעפּ מיט מילך: „נעם עס, ליבער, פאַר זיי, פאַר
די פּרייזנס". דאַמען האָבן אַראָפּגענומען פון זיך רינגען, עלטערע
הערן זייערע זייגערס. איך דערמאָן מיך אַ מאַטראָס אויף קוליעס,
וואָס איז צוריקגעקומען פון קריגס־געביט, און וואָס האָט אונז
ליידנשאַפטלעך געבעטן, ווי אַ נדבה, מיר זאָלן נעמען ביי אים אַ
קופּערנע מטבעה און עטלעכע פּאַפּיראָסן. אַ מנישקע האָט גע־
בראַכט אַ וווּנדערבאַרן בוקעט פעלד־בלומען מיט דער אויפשריפט:
„דער מאַרטירערין, דער ליבער, פון די מנישקעס פון נ. קלויסטער".
אויף דער גאַנצער שטרעקע פון מאָסקווע ביז סרעטענסק זע־
נען געווען בלויז צוויי טרויעריקע איינדרוקן. אין סיסראַן, ווו עס
איז פאָרגעקומען אונזער ערשטע „מאַסן־פאַרזאַמלונג" מיט די
רעוואָלוציאָנערן, האָט אַן עלטערע דאַמע, אַ פריצטע אָדער אַ סוחרס
אַ פרוי, אויסגערופן אין טאָן פון פיינטלעכער איראָניע: „אַך, אַך,
העלדינס! פאַר דער וועלט - געשיכטע!"... און נאָך אַמאָל איז
עפּעס געשען אויף אַ קליינער סטאַציע ערגיצווו אין סיביר. אַ באַ־
יאָרנטער אַרבעטער מיט אַ פינסטער פּנים, וואָס איז געשטאַנען
פאַר אונזערע פענסטער צווישן דער באַגייסטערט - גריסנדיקער
מחנה, האָט פּלוצלונג מיט פיינטשאַפט אויסגערופן: „הענגען
וואָלט מען זיי געדאַרפט!"... עס האָבן זיך אַ שטרעק געטון צו
אים הענט פון אַלע זייטן און אין איין מאָמענט האָט מען אים
אַרויסגעשטויסן פון המון.
צוויי פיינטלעכע געשטאַלטן צווישן צענטויזנטער אַנדערע.

* * *

אין ווייטן קרייז איז פאַרביי אונזערע פענסטער געלאָפן דאָס
העלע זאַפטיקע גרין פון די פעלדער און וועלדער, די שאַרפע פאַר־
בויגונגען פון די טייכן, וואָס האָבן דאָ געגלאַנצט אין דער זון, דאָ
זיך פאַרבאָרגן הינטער די לאָקיקע ראַנדן פון די קוסטיקע בערג־
לעך. און דאַן האָט זיך דאָס בילד פּלוצלונג געענדערט. פאַר די
פענסטער באַווייזט זיך אַ באַוועגלעכער ים קעפּ, — אַלע פּנימער
געווענדט אין איין ריכטונג, אַלע אויגן ברענען מיט איין פייער,
אין אַלע שטימען קלינגט אַ געמיינזאַם געפיל. אַזוי אין דרויסן...
אָבער אינעווייניק אין וואַגאָן - שטייג — דער סמאָליקער גערוך

פון די סאָסנע־ און בעריאָזע־צווייגן, וואָס באַצירן דעם וואַגאָן, און מיר זעקס, פאַרבונדן דורך איין אידייע, אַנטקעגנגייענדיק דורך איין וועג אַ געמיינזאַמען ציל.

דאָ אין וואַגאָן, נאָכדעם ווי מאַרוסיאַ האָט זיך דערהאָלט פון דער שוועריקייט פון ערשטן צונויפקום, האָט זי זיך דערנענטערט צו אונז פריינטלעך, רואיק, צערטלעך, אָפנהאַרציק. צי האָבן מיר דערוווידערט אירע דאָזיקע געפילן?... מאַרוסיאַ פלעגט צוגיין צום פענסטער בייטאָג און ביינאַכט, אויפן ערשטן רוף פון די באַגעגענענדיקע. זי, וואָס איז געלעגן אין משך פון דער רייזע, פלעגט דערביי יעדעס מאָל אויפלעבן. פיבער, בלוט־שפייען, נערוועזע צוקונגען פון פּנים, — קיין שום זאַך פלעגט זי נישט אָפּהאַלטן, זי פלעגט גיין צו די רופנדע. פאַרשטעלנדיק מיט דער טוך דעם צוקנדיקן טייל פּנים, אויסשפייענדיק דאָס בלוט אומבאַמערקט אין אַ נאָז־טיכל, פלעגט זי מיט זיי שמועסן, שמייכלען, ענטפערן אויף זייערע אומצאָליקע פראַגעס. און אין איר שטימע פלעגט קלינגען דאָ הייסע לײדנשאַפט, דאָ — שטילע צערטלעכקייט.

מיר האָבן געזען, אַז נאָך יעדער פון די דאָזיקע באַגריסונגען, ברענען נאָך געפערלעכער אויף אירע באַקן די צוויי רויטע פלעקן, אַז אירע נאָזטיכלעך ווערן טונקל באַפאַרבט מיט בלוט, אַז איר האַלב פּנים שפּרינגט אין צוקונגען, אַז זי מוז בלייבן ליגן אומ־באַוועגלעך. מיר האָבן אָבער אויך געזען, וואָס פאַראַ אומגעהויערע ליבע, וואָס פאַראַ פלאַקער עס האָט געברענט אין אירע אויגן, — און מיר האָבן נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן: זאָלן מיר זי לאָזן ריידן מיט יענע, אָדער עס ליגט אויף אונז די פליכט צו היטן איר געזונט?

מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זי איז אין כעס, ווען מיר שטעלן זיך אומגערן ביי די פענסטער און מיר ראָטן איר אָפּ אויפצושטיין ביינאַכט און גיין צו די באַגריסנדיקע. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זי רייסט זיך אַזוי צו יענע, פאַרוואָס זי איז זיך מוסר־נפש פאַר זיי. געפערלעכע געדאַנקען האָבן אויפגעטויכט אין אונז. די פאַרערונג פון די מאַסן, די דאָזיקע לײדנשאַפטלעכע פאַרגעטערונג איז אפשר אַ נויטווענדיקע לעבנס־ספּערע פאַר איר... ווי דער פרימאָרגן־נעפּל פאַרשווינדט פאַר דעם

ערשטן שטראַל פֿון דער אויפֿגייענדיקער זון, אַזוי הײלן זיך די לײדן פֿון איר נשמה בײַם אָנבליק פֿון דער מענטשן־מאַסע.

מיר האָבן נאָך דאַן נישט געקענט אונזער מאַרוסיאַ. מיר האָבן נישט געוווּסט, אַז אין איר דינסט צו דער אידייע ווײַסט זי אַרויס מיט אומרחמנותדיקער האַרטקייט אַלדאָס פּערזענלעכע און איז עס מקריב דערדאַזיקער מיט פֿײַנלעכער פֿרייד. זי וואָלט עס באַטראַכט אַלס פֿאַרראַט לגבי דער אידייע, ווען איר פּערזענלעכעס זאָל זיגן איבער דאָס דאָזיקע גרויסע און געמײנזאַמע. מיט אומגעהויערער ליבע צו די אומדרייסטע און דערנידעריקטע פּויערים, צו אַלע אונטערדריקטע און געטרעטענע איז זי געגאַנגען צום אַטענטאַט. צוויי געפֿילן האָבן געציטערט אין איר, בעת זי האָט זיך געפֿונען אין די שמוציקע הענט פֿון די חיות מיט מענטשלעכע פּנימער: אַ גרויל פֿאַר דעם, אַז דער מענטש קאָן זײַן אַזאַ, ווי דידאָזיקע, און אַ ליבע צו יענע, פֿאַר וועמען זי האָט זיך מקריב געווען, אַ ליבע, וואָס איז איבערגעגאַנגען אין דעם זעלבן עקסטאַז, מיט וועלכן די קריסטלעכע מאַרטירער פֿלעגן אַמאָל שטאַרבן אויף די שײַטערהויפֿנס. די נשמה האָט געציטערט פֿון שרעק פֿאַר דער בעסטיע אין מענטשן, אָבער אָט קומען שוין אויף הימנען פֿון ליבע צום מענטשן, הימנען, וואָס באַזינגען יעדע פּײַן. און דידאָזיקע ליבע, דערפֿאַר וואָס זי איז געווען אַזוי אַקטיוו, האָט אויך איצט געפֿאָדערט פֿון מאַרוסיאַן נישט אויסצובאַהאַלטן זיך פֿאַר די מאַסן, נאָר זיי אַנטקעגנקומען, אויפֿנעמען אַלע בליקן, וואָס זענען פֿול מיט ליבע און יראת־הכּבֿוד. זי האָט זיך נישט געטאָרט אויסבאַהאַלטן פֿון דידאָזיקע בליקן, זי האָט נישט געטאָרט אויסמײַדן די אָפּטמאָל טאַקטלאָזע, שמערצלעכע פֿראַגן. און מאַרוסיאַ האָט אַלץ אַריבערגעטראָגן. זי האָט מקבל באַהבה געווען די פּײַן און האָט זיי אַנטקעגנגעטראָגן דעם הייסן גלויבן אין דער ליכטיקער צוקונפֿט. זי האָט אָבער געפֿילט, אַז מיר פֿאַרשטייען זי נישט. זי האָט געזען מיט וואָסערע נישט־פֿאַרשטייענדיקע, אַפֿילו פֿײַנטלעכע אויגן מיר קוקן אָפּטמאָל אויף איר. זי פֿלעגט אַמאָל הערן אונזערע צו הויכע שמועסן וועגן איר און אין אַזעלכע פֿאַלן פֿלעגט זי שרײַבן צו אונדז: „רעדט שטילער... איך הער אַלץ". מיר זענען געווען גרויזאַם אין אונזער נישט

פארשטיין, און דידאזיקע גרויזאמקייט האט פאריאגט מארוסיאס פרייגטלעכקייט, איר קינדישע פשטות און צערטלעכקייט. עס זענען נישטא קיין ווערטער, וואס זאלן קענען שילדערן די שווערע דראמע, אין וועלכער מיר זענען געווען תלינים, וואס האבן צעקלאפט מא־רוסיאס נאאיוון גלויבן אין מענטשן, תלינים פון אומוויסנהייט, ווייל מיר האבן נישט פארשטאנען דאס, וואס איז פאר איר געווען א הייליקטום.

אין סרעטענסק, דער לעצטער אייזנבאן־סטאציע, האבן מיר פארבראכט פינף טעג. דא האבן מיר זיך ענדלעך דערוווסט, אז מען וויל אונז פירן אין דער קאטארגע־תפיסה פון אקאטוי, און אז אויך גערשוני מיט די חברים געפינען זיך דארט. מיר האבן אלץ מער און מער פארגעסן, אז מיר גייען אויף קאטארגע. איז אונז דאך פארגעשטאנען צו טרעפן זיך מיט חברים, וועלכע מיר האבן אפילו פערזענלעך נישט געקאנט, אבער מיר האבן זיי שוין זייער ליב געהאט. מען האט אונז איבערגעגעבן א טעלעגראם פון אקאטוי: זיי פרייען זיך שוין מיט אונזער אנקום.

די אינטעליגענץ פון סרעטענסק האט אונז כסדר באזוכט און ארומגערינגלט מיט דער ליבלעכסטער אויפמערקזאמקייט. ווען מיר האבן געמוזט זיך לאזן אין לעצטן עטאפ פון אונזער וועג, האבן זיי אונז מיטגעגעבן צוויי גרויסע טאראנטאסן. דאס גאנצע קליינע סרעטענסק איז ארויס אויף דער גאס, ווען די פארמבולדיקע וועגנס האבן פייערלעך גערירט פון ארט, באגלייט פון א מחנה זעלנער. מען האט געפאכעט מיט היטלען, טיכער, יעדן אויגנבליק האט מען אונז איבערגעגעבן דורך דער וואך אנאנאס־פושקעס, בלומען, צוקערלעך, געלט. קיין ארבעטער זענען דא נישט געווען. מייסטנס זענען דאס געווען סאלידע בירגער, עלעגאנטע דאמען, גימנאזיסטן. א פאר סטאציעס וויטער האט דער אפיציר פאר־לאזן אונזער וואך. אן אפיציר האבן מיר זיך געפילט א סך פרייער. מיר האבן אין פולער פרייהייט געקאנט געניסן די ווילדע גרויס־ארטיקייט פון די אומצאליקע בערג־שפיצן און פון די בליענדע סטעפעס. די רייזע פלעגט זיך אנהויבן טעגלעך צווישן 5-6 אזייגער אינדערפרי. ארום האלבן טאג פלעגט מען מאכן אן אפרו אין ערגיץ א דארף, מייסטנס לעם א טייך. דא פלעגן מיר קענען דריי

שעה וואַלגערן זיך אין גראָז, באָדן זיך, מאַכן פייער און אויפ־קאָכן טיי. די וואָך פליגט אונז אָן מורא לאָזן ווייט אוועקגיין. וואָרום וווהין וואָלטן מיר געקאָנט פאַרשווינדן אָן הילף פון דרויסן, אָן פערד, נישט קענענדיק דעם וועג?

מאַרוסיאַ איז געווען זייער שווער צו פאַרבריינגען גאַנצענע טעג אין דעם אומבאַקוועמען וואָגן, אונטער די גליענדע זון־שטראַלן. זי האָט זיך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, נישט באַקלאָגט. שווייגנדיק און אומבאַוועגלעך פלעגט זי ליגן אַקעגן מיר, ווען איך פלעג זיך אויפזעצן, און בלויז לויט אירע פעסט־צונויפגעפרעסטע ליפּן און צונויפגעצויגענע ברעמען האָט מען דערקענט, ווי ווי עס טוט איר דער גאַנצער קערפּער.

אַקאַטוי איז געוואָרן אַלץ נענטער און נענטער. מיר האָבן זיך אויסגעמאָלט יענע געגנט, די לאַגע פון דער תּפיסה, דאָס לעבן הינטער יענע ווענט. מיר האָבן זיך געטוישט מיט אונזערע פאַנ־טאַזיעס. פון לעצטן אָפּרו־אָרט איז די געגנט געוואָרן נישט שיין, לאַנגווייליק... אַ וויסטער סטעפּ און נידעריקע גאָלע באַרג־שפּיצן. אומצופרידן האָבן מיר געלאַכט איבער אונזערע טרוימען. אייניקע וויאָרסט פאַר אַקאַטוי האָבן מיר שוין באַגעגנט אַ מאַן און אַ פרוי, אָן ספק אינטעליגענטן, וועלכע זענען געפאָרן אין אַ קליינעם וואָגן. ווען זיי זענען געווען לעבן אונז, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, אונז אויפמערקזאַם באַטראַכט, שווייגנדיק אונז באַגריסט און פלוצלונג האַסטיק זיך אומגעדרייט און שנעל אַוועקגעפלויגן קיין אַקאַטוי. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען און פאַנאַנדערגעלאַכט זיך איבער דערדאָזיקער אומדערוואַרטער באַגעגעניש. דאַן איז געקו־מען דאָס דאָרף אַקאַטוי, ' מיר האָבן געהאַט בלויז נאָך צוויי וויאָרסט ביז דער תּפיסה. צוויי טרייסטלאָזע רייען כאַטעס, וואָס האָבן זיך מיט דער הינטער־וואַנט געגרעניצט מיט די בערגלעך, אינמיטן אַ ברייטער שטיין־וועג, וואָס פירט באַרג אַרויף, וועלכן די מידע פערד איז שווער געווען צו נעמען, און איבער דעם אַלעם אַן אומבּרחמנותדיק ברענענדע זון. די כאַטעס זענען כּמעט אַלע געווען פעסט און סאָליד, נישט ענלעך צו די וואַקלדיקע כאַטעס פון צענטראַל־רוסישן דאָרף. אָבער דאָס פעלן פון יעדן מין גרינס און די אַבסאָלוטע מענטשנלאָזיקייט אויף די גאַסן — אויך קינדער־

האָט מען נישט געזען — האָבן צוגעגעבן דעמדראָזיק דאָרף אַ טרייסטלאָזן אויסגעשטאָרבענעם אויסזען. גיכן האָבן מיר געקוקט פאָראויס. אינגאַנצן אומדערוואַרט, ווי דורך אַ צויבער, איז אויפגעשוווּמען פאַר אונז מיט אַ מאָל אַקאַטוי. גלייך פאַר אונז אַ קירכע, אינגאַנצן איינגעהילט אינם גרינס פון ביימער. מיר האָט געריסן די אויגן די אומגעוויינטע רויטלעכע פאַרב פון די בעלקעס. דאָס גרינס איז געווען זייער שיין אויפן רויטלעכן הינטערגרונט. די יונגע בעריאָזעס האָבן געשטראַלט אין דער זון, און גראָז האָבן בונט שימערירט בלומען. פון ביידע זייטן מיט געדיכטע וועלדער באַדעקטע בערג, וואָס ווערן פאַרשווּנדן אין ווייטן הינטערגרונט פון געהיימנישפולן בלאָלעכן נעפּל.

— דאָרט איז די טורמע! — ווייזט אונז אָן די וואַך, וואָס רינגלט אַרום פּיערלעך אונזערע וואָגנס מיט די ביקסן אויף די אַקסלען.

די ווייסע, נישט גאָר הויכע ווענט טײלן זיך שאַרף אויס פון דעם גרינעם טאָל און די גרינע בערג. מיר שטייען בײַם טויער, דאָ האָט אונז אַרומגעכאַפּט אַ לעבעדיקע רוישיקע כוואַליע, מיטגעריסן מיט זיך, באַטויבט מיט באַגריסונגס־אויסרופן און רעוואָלוציאָנערע לידער, באַשאָטן מיט בלומען... ווי אין שלאָף. מיט ברייט־צעעפנטע, נישט פאַרשטייענדיקע אויגן האָבן מיר געקוקט אויף אַ הילצערנער וואַנט, וואָס איז געווען באַצירט מיט בלומען און פאַרזען מיט אַ גרויסער אויפשריפט: „זייט באַגריסט, ליבע חברים“! די וואַנט האָט זיך פאַנאַנדערגעטײלט און מיר האָבן זיך שוין געפונען אין אַ קליינעם הויף צווישן אייניקע טוץ מענער, פרויען, קינדער. זיי האָבן עפּעס געשריגן צו אונז, זיי האָבן געלאַכט מיטן גאַנצן מויל, זיי האָבן געזונגען. פון פאָרנט — די קינדער, — קליין, אָפּגעבערענט, אין העלע העמדלעך און קליידלעך, — האָבן אויך געזונגען און געוואָרפן אונז בלומען. אַרום און אַרום, אין אַלע פיר זייטן פון הויף, ביימער, גירלאַנדעס, פענער, אויפשריפטן אָן אַ שיעור: „זאָל לעבן דער סאָציאַליזם“! „אין קאַמף וועסטו דערוואַרבן דײַן רעכט“! „זאָל לעבן די ס.־ר.־פּאַרטיי“! אין איין עק פון הויף, וואָס איז באַזונדערס שטאַרק באַצירט געווען מיט גרינס און בלומען האָט מען געזען אויף אַ לייוונט

אונזערע זעקס נעמען; און איבער זיי די ווערטער: „די געפאלע־נע — רום... די לעבעדיקע — פרייהייט"!!...

זעלבסטפארשטענדלעך, אין ערשטן מאמענט, ווען מיר זענען געשטאנען באטויבט און בארוישט אויפן הויף, האבן מיר דאס אלץ נישט געקאנט דערקענען. מיר האבן דערקענט ערשט שפעטער, ווען מיר זענען אביסל געקומען צו זיך. מיר זענען גע־שטאנען אונטער די קלאנגען פון דער מארסעליעזע אין א בלומענ־רעגן, פארלארן, צעטומלט. איך האב נישט געוווסט, וווהין איך זאל ווענדן מיין נאז, וואס איז געווען אפגעשיילט פון דער זון, מיינע שטויביקע, בארוויסע פיס. דאס אלץ האט אזוי שלעכט גע־פאסט צום גרויסארטיקן קבלת־פנים. ווען מיר זענען אביסל גע־קומען צו זיך, האבן מיר אנגעהויבן צו זוכן אין דער מענטשנ־מאסע באקאנטע פנימער. זיי זענען נישט געשטאנען אין פראנט. איך האב קוים געפונען אין סאמע סוף פון דער מאסע גער־שונין און דאן סאזאנאוון. זיי זענען צוגעקומען צו אונז, ווען דאס געזאנג האט אויפגעהערט, און מיר האבן זיך צעקושט. מען האט אונז דורכגעפירט צו אונזערע וווין־צעלעס: א ספעציעלער קארידאר און פינף קליינע צימערלעך. דאס אלץ איז געווען באצירט מיט אויסגעהאקטע בעריאזעס און פענער.

דער מאן און די פרוי, וועמען מיר האבן באגעגנט עטלעכע וויארסט פאר אקאטוי, האבן זיך ארויסגעשטעלט אלס דער קא־טארזשאן קלארק און זיין פרוי. די קאטארגע־קאמונע האט זיי ארויסגעשיקט, כדי אנצומעלדן וועגן אונזער אנקום, דערביי איז זיי שטרענג פארבאטן געווארן צו ריידן מיט אונז. האבן דען מיר, וואס זענען געפארן צו דער תפיסה, געקאנט האבן אזא געדאנק ביי אונזער צוזאמענטרעף מיט זיי?

דער דאזיקער טאג איז פארגאנגען, ווי א חלום. דאמען (פרוי־ען פון די קאטארזשאנעס, ווי מיר האבן זיך שפעטער דערוווסט) האבן אונז געפירט אין באד, דאן האבן זיי אונז געגעבן מיטאג, פאטאגראפירט. גערשוני האט אונז געפירט דורך אלע צעלן פון דער תפיסה און אונז פארגעשטעלט אלע חברים. דאן האבן מיר אלע צוזאמען געטרונקען טיי אין זעלבן הויף, ביי לאנגע, מיט בלומען באצירטע טישן. דער תפיסה־דירעקטאר איז געקומען

צו אונז מיט א וויזיט. ער האָט געמאַכט א רעווערענס, געדריקט אונז די הענט און געהאַלטן אין איין פרעגן, צי עס וועט אונז זיין באַקוועם אין די צימערלעך".

* * *

אזוי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס עלף - יאָריקע קאַטאָרגע - לעבן פון ספּירידאָנאָווא. עס איז אָבער נישט געווען קיין אידיליע, נאָר א גלגולתא.

## I.

# קאַטאָרגע־יאָרן 1917—1906

אין דער טיפסטער טיף פון רוסישן אזיע, בלויז צען קילאָמעטער פון דער מאָנגאָלישער גרענעץ, זענען געשטאַנען די סיבירישע קאַטאָרגע־תּפיסות פון צאַריזם. 5—6 טויזנט קילאָמעטער פון די לאַנד־צענטרען, 300 קילאָמעטער פון אן אייזנבאַן־ליניע, האָבן זיך געשפּרייט צווישן די וויסטע סיבירישע בערגלעך זיבן תּפיסות. זיי האָבן געבילדעט א דורכאויסיקע קאַטאָרגע־געגנט, יענע שוידערלעכע געגנט, וואָס איז אריבער אין דער געשיכטע אלס די קאַטאָרגע פון נערטשינסק. געוויס, דער צאַריזם האָט געשאַפן פאַר זיינע קעגנער און פיינט אן אומגעהייערע צאָל שטראָף־צענטרען. אין די קאַטאָרגע־תּפיסות פון אָריאָל און אַלעקסאַנדראָווסק, פון פּסקאָוו און סמאָלענסק, אין די אייז־מדבריות פון סיביר און ביים אמור — אומעטום האָט מען געפּייניקט, געשענדעט און געקרייציקט גאַנצע גענעראַציעס רוסישע פרייהייטס־קעמפער. אָבער די קאַטאָרגע פון נערטשינסק איז פון די דאָזיקע אלע ערטער פון מענטשלעכן מאַרטיריום געווען די אוממענטשלעכסטע, די גרויזאַמסטע — גלייכצייטיק אָבער אויך אן עדות פון דערהויבנסטן העלדנטום און גייסטיקן אדל. גלייכצייטיק: קינצייכן פון צאַריזם און אָרעאָל פון דער רעוואָלוציע.

כמעט א יאָרהונדערט לאַנג האָט די אויטאָקראַטיע טראַנספּאָרטירט אין דאָזיקן עמק־הבכא נישט נאָר די שווערסטע קרימינעלע פאַרברעכער, כדי זיי זאָלן אין די אונטערערדישע זילבער־ און גאָלד־גרובנס שווער אַרבעטן און שטאַרבן. זייט 1825 האָט מען אַהער טראַנספּאָרטירט אויך די געפאַנגענע פון דער ערשטער גרויסער מאַסן־באַוועגונג קעגן די צאַרן — פון דעקאַבריסטן־

אויפשטאַנד. ניקאָלאַי דעם 1־טן איז אין יענעם יאָר געלונגען צו אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד, אומצוברענגען אויפן עשאַפאָט די פינף הויפט־פירער און די איבעריקע צו פאַרשיקן אויף קאַטאָר־גע, געשמידטע אין קייטן. די דעקאַבריסטן זענען געווען פאַרשטייער פון דער העכערער רוסישער אַריסטאָקראַטיע און פון אָפיצירן־קאָרפּוס. אָבער אין זייער ליבעראַלן קאַמף, וואָס האָט זיך גענערט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָבן זיי אַרויסגעוויזן שוין דאַן יענע אַלע שטריכן פון העראָאיזם און מענטשנטום, וואָס זע־נען שפּעטער געוואָרן כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע גענעראַציעס פון די רוסישע קעמפער. די דעקאַבריסטן זענען באַגלייט געוואָרן אין דער סיבירער וויסטע דורך זייערע יונגע פרויען, די פירשטינס וואָלקאָנסקאַיאַ, טרובעצקאַיאַ, מוראַוויאָוואַ און אַנדערע, וועלכע דער דיכטער פּושקין האָט באַזונגען. „ווען מען האָט אַריינגעפירט וואָלקאָנסקאַיאַן צו איר מאַן אין דער ענגער צעלע, האָט זי זיך נישט געוואָרפן אים אַרומצונעמען, נאָר נידערגעקניט פאַר אים און געקושט די קייטן אויף זיינע פיס. דאָס איז נישט געווען ליבע צו איר מאַן, נאָר רירנדער יראת־הכבוד פאַר די ליידן, וואָס אַ מענטש האָט גענומען אויף זיך פאַר אַ הייליקן ציל". וועראַ פיגנער — די העלדין פון שפּעטערדיקן סאָציאַליסטישן קאַמף — האָט געשריבן די דאָזיקע ווערטער און נאָך מער דערציילט וועגן אָט די וווּנדער־באַרע פרויען, וואָס זענען געשטאַנען ביי דער וויג פון דער רוסי־שער רעוואָלוציע. „אַ טוץ פרויען, טיף באַפרייַנדעט, זענען גע־וואָרן דער מקור פון יעדער אַרט ליכטיקייט, וואָס האָט נאָר גע־קאָנט אויפשיינען אין אַ תּפיסה; זיי האָבן געטראָגן גלייך מיט די אַרעסטאַנטן אַלע לאַסטן, וואָס דער גורל האָט אויף זיי אַרויפגע־ליינט. דורך זייער טעטיקייט אָבער — לטובת זייערע מענער און די קרימינעלע פאַרברעכער — האָבן זיי געשאַפן אַ הויכן אידעאַל פאַר אַלע פּאָליטישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן שפּעטער עקזיסטירט אונטערן צאַריזם".

אין 1831 זענען אין דער דאָזיקער קאַטאָרגע געקומען די גע־פאַנגענע קעמפער פון פּוילישן אויפשטאַנד. זיי זענען באַגעגנט געוואָרן מיט די פאָלזאַנדע ווערטער: „אויב איר וועט אויך דאָ פּרווון מורד זיין, דאַן דערוואַרט אייך נישט די קויל אָדער דע־

שטריק, נאָר די רוט, מיט וועלכער איך וועל אייך פאַרשמייסן צום טויט!" אין די 70—80־ער יאָרן זענען אַרויף אויף דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער בינע די נאַראָדניקעס, די ערשטע אינטעלעקטועלע און קליינבירגערלעכע שיכטן, וועלכע האָבן פאַנאַדערגעוויקלט די פאָן פון סאָציאַליזם און דערשיטערט דעם צאַריזם. אומצאָליקע זענען געטויט געוואָרן, פאַרטריבן געוואָרן, איינגעמויערט געוואָרן אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, — און אַ געוויסע צאָל אומבויגזאַמע זענען פאַריאָגט געוואָרן אין דער קאַטאָרגע פון נערטשינסק. דאָ — אין דער קאַרא־תּפֿיסה — האָט זיך אָפּגעשפּילט אין יאָר 1889 די מוראַדיקע דראַמע פון די פיר פרויען. נאַדעזשדאַ זיגידאַ — אַ יונגע באַגייסטערטע סאָציאַליסטין — האָט געפּאַטשט דעם תּפֿיסה־דירעקטאָר, און דערפאַר האָט מען זי געשמיסן אַ נאַקעטע. דעמזעלבן טאָג איז זיגידאַ באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך גיפט; דריי אַנדערע רעוואָלוציאָנערינס האָבן גלייך נאָכגעטון איר ביישפּיל און זיך געסמט. אויך 16 סאָציאַליסטן פון דער מענער־תּפֿיסה האָבן זיך געסמט אַלס פּראָטעסט קעגן שמייסן. צוויי פון זיי האָבן פאַרלאָרן דאָס לעבן; זיי האָבן אויסגעקעמפט די באַזייטיקונג פונעם שמייס־פּאַראַגראַף.

די רעגירונג האָט אָבער נישט געוואָלט נאָכגעבן. אין 1890 האָט זי איינגעפירט אַ רעזשים פאַר די קאַטאָרגע־אַרעסטאַנטן אין געביט פון נערטשינסק, וואָס איז חל געווען אויך אויף די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. איניקע פּאַראַגראַפן וועלן גענוגן, כּדי צו געבן אַ פאָרשטעלונג וועגן גהינום, וועלכער איז געשאַפן געוואָרן פון מענטשן פאַר מענטשן. מען האָט איינגעפירט אַן אונטערשייד צווישן לעבנסלענגלעכע קאַטאָרזשניקעס און אַזעלכע, וועלכע זענען פאַרמשפּט אויף אַ צייט פון 8 ביז 12 יאָר. די ערשטע האָבן געמוזט טראָגן פוס־ און האַנט־קייטן, די צווייטע — בלויז פוס־קייטן. פרויען האָבן געטראָגן קייטן פון קלענערער וואָג. „יעדער אַרעסטאַנט איז פאַרפליכטעט צו דערפילן אַלע באַפעלן פון די תּפֿיסה־באַאַמטע אָן ווידערשפּרוך און וואָרטשעניש... ביים דערשיינען פון די העכערע באַאַמטע אין דער צעלע, מוזן די אַרעסטאַנטן אויפשטיין פון זייערע פּלעצער און זיך אויסשטעלן אין אַ ריי. ביי דער קאָמאַנדע: „אַכטונג!" „אַראָפּנעמען די היטלען!"—

מוזן אַלע אַנטבלויזן די קעפּ. אויף דער באַגריסונג פון דער מאַכט מוז געענטפערט ווערן מיליטעריש מיט „אייער הויכגעבוירנקייט". „פאַר עובר זיין אויף די פאַרשריפטן און פאַר פאַרברעכנס, ווערן די אַרעסטאַנטן באַשטראָפט מיט ריטער, נישט מער ווי הונדערט שמיץ". נאָך אַ געוויסער צאָל יאָרן קאָנען די אַרעסטאַנטן — אויב זיי האָבן באַוויזן זייער בעסערונג דורך געהאָרכזאַמקייט, ריינלעכקייט און אַרבעטזאַמקייט — אַריבערגעפירט ווערן אין דער קאַטעגאָריע פון די זיך - בעסערנדיקע. די דאָזיקע טראָגן שוין נישט קיין קייטן. פאַר זינדיקן קאָנען פאַרלענגערט ווערן די שטראָפן, וועלכע דאָס געריכט האָט באַשטימט...

זייט עס איז איינגעפירט געוואָרן דער דאָזיקער רעזשים, האָט אויף קיין איין אויגנבליק — ביז די לעצטע טעג פון צאַרישן רעזשים — נישט גערוט דער קאַמף צווישן די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן און דער תּפיסה - פאַרוואַלטונג. די אַרעסטאַנטן זענען געווען גרייט זיך אונטערצוּוואַרפן די שטראָף - באַשטימונגען בנוגע קליידונג, דערנערונג, וווינונג, זיי זענען געווען גרייט צו נעמען אויף זיך די ליידן פון שלעפּן די קייטן, די נויטן פון פאַרשיקונג. זיי האָבן אָבער אָפּגעוואָרפן מיט דער גרעסטער אַנטשיידנקייט יעדע אַרט הכנעה און מאָראַלישע הפקרות. דער תּפיסה - רעזשים האָט זיי געוואָלט אויסגלייכן מיט די קרימינעלע פאַרברעכער, איינפירן צווישן זיי אַ מיליטערישע דיסציפּלין. דערביי האָבן געדאַרפט דינען די באַפעלן „אַכטונג! אויפשטיין! די היטלען אַראָפּנעמען!"; מיטן דאָזיקן צוועק האָבן די באַאַמטע כּסדר פּרובירט צו דוצן די רעוואָלוציאָנערן. אויפן דאָזיקן גרונט האָבן זיך צעפלאַקערט די גרויליקסטע קאָנפליקטן. זייט 1900 האָט זיך די קאַטאָרגע אַלץ מער און מער דעמאָקראַטיזירט. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט אין לאַנד אַרומגענומען נישט נאָר איינצלנע קעמפער פון די אַריסטאָקראַטישע אָדער אינטעליגענטע קרייזן, נאָר די מאַסן פון פּראָלעטאַריאַט, פון פּויערטום, פון דער אַרמיי. די וויסטע תּפיסות פון נערטשינסק האָבן זיך אַלץ מער באַפעלקערט מיט די קרבנות פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אַלץ שאַרפער איז געוואָרן דער קאַמף קעגן דער קאַטאָרגע־טיראַניע.

דאָס איז געווען אַ טראַגישער קאַמף! אויף איין זייט זענען

געשטאנענע מענטשן, ביי וועמען מען האט צוגערויבט זייערע רעכט, וועלכע האבן געהאט קענען זיך אלע פוחות פון דער נאטור און פון דער מלוכה. מען האט זיי פארטריבן אין אן אומגעזונטע, פייכטע, זומפיקע געגנט, ווו זיי זענען געפייניקט געווארן דורך דעם שארפן פראסט פון סיבירישן ווינטער. אין זייערע הילצערנע גע־ביידעס האט מען קיינמאל נישט געזען די זון, ס'האט דארט גע־הערשט אן אייביקע קעלט, פון וועלכער זיי האבן געציטערט. זייערע צעלן זענען תמיד געווען אזוי פול, אז זיי האבן קיינמאל נישט געאטעמט מיט ריינער לופט, קיינמאל זיך נישט געקאנט באפרייען פון שמוץ. דער געשטאנק פון דער כלי, וואס איז געשטעלט גע־ווארן אין דער צעלע, איז געווען אומדערטרעגלעך. די ארעסטאנטן האבן געטראגן קליידונג פון דיקן, גרויען שטאף, וואס איז פון זיי עקלדיק אראפגעהאנגען, זייערע קעפ זענען געווען שענדלעך רא־זירט. די דאזיקע קליידונג — גרויע הויזן, גרויע יאפן, גרויע רונ־דע היטעלעך, אומגעלומפערטע פויערים־שיך — האט געדארפט שוין אויסערלעך דערנידעריקן די רעוואלוציאנערן, זיי שטעמפלען אלס פארשטויסענע. אויף די פיס און הענט פון מענטשן האבן געקלונגען קייטן. א, דער דאזיקער קלאנג פון די רוסישע קאטארגע־קייטן! דעם אומהיימלעכן קלאנג פלעגט מען הערן אויף די אומ־ענדלעכע עטאפ־וועגן, ווו די ארעסטאנטן פלעגן וואנדערן צו דער קאטארגע הונדערטער ווייארסט אין שניי און ווינט, אונטער הוזק און קלעפ פון דער מיליטערישער וואך. מען האט דעם קלאנג געהערט פון די תפיסה־צעלן און תפיסה־הויפן, ווו די ארעס־טאנטן פלעגן פראצעווען, קלאגן און רוען, ווו זיי פלעגן אמאל טאנצן און זינגען אונטערן ריטם פון קייטן־געקלאנג. דער ווידער־קול פון דאזיקן קלאנג האט זיך געהערט ווי אן אומאויפהערלעך זיפצן איבער די קעפ, האט זיך געטראגן ווי אן אלץ־באהערשנדיג מאכט איבערן פאלק, וואס איז געווען פארזונקען אין גרויל און שקלאפעריי. גלאקן־קלאנג און קייטן־קלאנג — וואס נאך האט דער פרומער צאריזם נויטיק געהאט צו זיין פארהערלעכונג?

אלע מעגלעכע קראנקהייטן — באזונדערס טובערקולאז און סקארבוט — האבן געווילדעוועט אין די תפיסה־צעלן. דער רע־וואלטאט פון הונגער־לעבן און הונגער־שטרייקן האט געמוזט

זיין אַ סיסטעמאַטישע אָנטקרעפטיקונג און דעגענערירונג פון אָר־
גאַניזם. וואָרום פון וואָסער מעדיצינישער הילף האָבן דען גענאָסן
די פאַרשטויסענע? דערצו איז נאָך צוגעקומען די פ אַ ר ל אָ ז נ ־
ק י י ט פון געפאַנגענעם מענטשן. אָפּגעשניטן פון פאַמיליע און
היימלאַנד, פון דער גאַנצער וועלט, איזאָלירט פון יעדער אַרט
פרייער געזעלשאַפט, אפילו פון דער אייזנבאַן אָפּגעטיילט דורך
הונדערטער קילאָמעטער, האָבן זיי זיך גופא פאַרגעקומען ווי פאַר־
לאָרענע. האָט דען דאָס געפיל פון פאַרלאָזנקייט נישט געמוזט
אַרויסרופן אין זיי דעם באַוווסטזיין פון פולשטענדיקער שוצלאָזי־
קייט? די דאָזיקע מענטשן זענען אויף טויט און לעבן אויסגעלי־
פערט געווען דער מאַכט און דעם ווילקיר פון די קאַטאָרגע־
הערשער. ווייל אין זייער רשות איז געווען די מאַכט פון אויס־
הונגערן און דערנידעריקן, פון שמייסן און שלאָגן. וואָס האָט אַ
גרופּע הונגעריקע, פון קעלט ציטערנדיקע, מיט קייטן קלינגנדיקע,
פון דער וועלט פאַרלאָזענע מענטשן געקאָנט אויפטאָן קעגן די
קאַטאָרגע־באַאַמטע, באַוואָפנטע מיט געזעצן, וואָפן און בייטשן?
יאָ, דער אַנדערער לאַגער איז געווען באַוואָפנט מיט אַלע מיט־
לען פון מלוכה־געוואַלט און פערזענלעכער גרויזאַמקייט. אין אַ
מין קינסטלעכן אָפּקלייב האָט די רעגירונג קאָנצענטרירט די ערג־
סטע און אוממענטשלעכסטע עלעמענטן פון איר באַאַמטנטום אויף
פּאָסטנס פון דער תּפיסה־פאַרוואַלטונג, פון העכסטן ביזן נידע־
ריקסטן. אויף זייער זייט איז געווען די מאַכט פון געווער, פול־
שטענדיקע שטראָפלאָזיקייט, געזיכערטער שוץ מצד די צענטראַל־
אַמטן אין פעטערבורג, אַבסאָלוטע איזאָלירטקייט פון די אַרעס־
טאַנטן. איינער פון די תּפיסה־דירעקטאָרן — גאַלאָווקין —
האָט דערקלערט אין 1912 בעת אַ מאַסן־אויסשטאַרבונג פון די
רעוואָלוציאָנערן: „אייער זאַך איז — שטאַרבן, אונזער זאַך —
מקבר זיין”. ווי אַזוי האָבן די פאַרקנעכטעטע קאַטאָרזשניקעס, די
„מלוכה־פאַרברעכער” געקאָנט אַנטקעגנשטעלן זיך דער דאָזיקער
אָרגאַניזירטער בעסטיע?
און דאָך האָבן זיי זיך איר אַנטקעגנגעשטעלט און געפירט
דעם טראַגישן קאַמף. אויב אויף דער זייט פון דער תּפיסה־מאַכט
איז געשטאַנען די „עליטע” פון די האַרצלאָזע און דינסט־בלינדע

פייניקער און סאַדיסטן, איז אויף דער זייט פון די רעוואָלוציאָנערן געווען די אמתע עליטע פון מוטיקן, העלדישן און אידיי - באַגייסטערטן רוסלאַנד. די העלדן פון באַפרייאונגס-קאַמף, וועלכע האָבן נישט געענדיקט זייער לעבן אויפן עשאַפאָט, זענען קאָנצענטרירט געווען הינטער די קאַטאָרגע-מויערן פון נערטשינסק. און אויב זיי האָבן נישט פאַרמאָגט קיין פיזישע אָדער באַוואָפנטע מאַכט, זענען זיי אָבער געשטאַנען ווי אַן אומצעשטערבאַרע מויער פון אידעאַליזם, מסירת - נפש, חברישקייט און מאָראַלישער גרויסקייט. אזוי אַרום זענען אין וויסטן סיביר געשטאַנען איינע קעגן דער צווייטער צוויי וועלטן, פאַרקערפּערט אין זייערע שאַרפסטע פאַרשטייער. דאָ — די תּלינים אין נאָמען פון געזעץ, די באַראָדולינס, די קאָוואַליאָווס, די וויסאָצקיס, די גאַלאָווקינס; דאָרט — די „פאַרברעכער" קעגן געזעץ אין נאָמען פון דער אידייע: די גערשונים, די סאַזאָנאָווס, די ספּירידאָנאָוואַס, די פּראָשיאַנס. און אזוי אַרום איז די פּאָליטישע קאַטאָרגע - תּפיסה געוואָרן פאַרן יונגען רוסלאַנד נישט נאָר אַן אָרט, וווּ עס איז גענאָסן אומשולדיק בלוט, וווּ עס זענען פאַרגאָסן געוואָרן הילפלאָזע טרערן, וווּ זיפצן און קרעכצן זענען געשטיגן צום הימל; קאַטאָרגע איז אויך געוואָרן דער סימבאָל פון העלדישן מוט, וואָס ווערט קיינמאָל נישט געבראָכן אין די רעוואָלוציאָנערן, וואָס דאַרף צוגעבן פייער די פאַרבליבענע אויף דער פריי. און אפילו דער קייטנקלאַנג האָט באַקומען אַן אַנדער טאָן: ער האָט געקלונגען מיטן אומצעשטערבאַרן שטאָלץ און דער ווירדע פון רעוואָלוציע.

II.

## די מענטשן און דאָס לעבן אין קאַטאָרגע

דאָס יאָר 1905 האָט שוין געהאַט אַריינגעצויגן אין רעוואָלוציאָנערן שטורם מיליאָניקע מאַסן. דעריבער זענען אויך די קרבנות און די באַזיינטע קעמפער געווען אין מאַסן. וואָס מער עס איז דעם צאַריזם געלונגען צו באַהערשן די פאָלקס - מרידה פון 6—1905,

אלץ אפטער און צאלרייכער זענען געווארן די טראנספארטן ארעסטאנטן, וואס זענען געגאנגען אויף קאטארגע. סאציאליסטן פון פארשידענע פארטייען, פראלעטאריער פון די באוואפנטע צוזאמענשטויסן, פויערים פון די אגראר־אומרועון, זעלנער און מאטראזן פון די מיליטער־אויפשטאנדן, — זיי אלע האט מען איצט מאסנווייז געשיקט אויף קאטארגע. אזוי ארום איז די קאטארגע פון נערטשינסק געווארן א מאסן־אינסטיטוציע. אין אירע תפיסות — אקאטוי, גארני־זערענטוי, אלגאטשי, קוטאמארא — האבן זיך ארומגעדרייט טויזנטער יונגע, מוטיקע, קאמף־אויסגעפרוווטע, נאר־וואס פון דער רעוואלוציע אפגעריסענע מענטשן. זיי האבן מיטגעבראכט מיט זיך דעם שטאלץ, דעם צארן, די העזהדיקע דרייסטקייט פון קעמפער, וואס געפינען זיך נאך, ווי ס׳שיינט, אין סאמע מיט פון דער נצחונדיקער באוועגונג. קאטארגע האט פאר זיי באדייט נישט מער ווי אן אויסערלעכע ענדערונג פון גרויסן היסטארישן דועל: פריער האבן זיי אים הערלעך געפירט אין גאנצן לאנד, און איצט — אין די ענגע ווענט פון די תפיסות. דעריבער האט זיך דא אפגעשפיגלט, ווי אין א מיקראקאסמאס, דער קאמף פון דער רעוואלוציע מיטן צאריזם: דא זענען דאך פארטראטן געווען די בעסטע עלעמענטן פון רוסלאנדס אלע קעמפנדע פראווינצן. און לויטן רעזשים אין די קאטארגע־תפיסות פלעגט מען קאנען דערקענען די וואקלונגען פון פאלקס אפענעם קאמף מיטן צאריזם מחוץ די תפיסה־ווענט.

מיר ווייסן שוין, אז די אויטאקראטיע איז אין יאר 1906 נאך ווייט נישט זיכער געווען מיט איר ענדגילטיקן זיג. די אומזיכערקייט אירע האט זיך אריבערגעטראגן אויך אין די תפיסות. אויף דער האלטונג פון די תפיסה־באאמטע. אזוי ארום האט געהערשט א האלב־ליבעראלער רעזשים אין בוטירקי, אין מאסקווע, אזוי ארום איז מעגלעך געווען, אז ספירידאנאווא מיט אירע באגלייטערינס זאלן האבן אזא פייערלעכן קבלת־פנים אין אקאטוי. אין דערדאזיקער ערשטער קאטארגע־תפיסה זענען זיי פארבליבן ביז פעברואר 1907, העכער א האלב יאר. דא האט ספירידאנאווא ענדלעך געקאנט אויסרוען און היילן איר צעטרייסלטן ארגאניזם. אין יענער צייט איז דידאזיקע תפיסה

געווען — ווי ספּירידאָנאָווא האָט שפּעטער געשריבן — ניי־ כער אַן „אַכסניה“, אַ קלוב מיט „רעפּובליקאַנישער אָרדנונג“.

אין דער אַקאַטויער טורמע זענען דאַן ציטוויייליק קאָנצענ־ טרירט געווען אַלע פּאָליטישע קאַטאָרגע־אַרעסטאַנטן, העכער 100 פּערזאָן. פון די אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטן איז די מערהייט געווען סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן. צווישן זיי האָבן געהאַט אַ באַזונדערע השפּעה גערשוני און סאַזאָנאָוו. דעם גרעסטן טייל אָבער האָבן געבילדעט פּאַרטיילאָזע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געשטאַמט פון דער אַנאָנימער מאַסע. על־פּי־רוב זענען דאָס גע־ ווען אָנטיילנעמער פון באַרימטן סיבירישן אייזנבאַן־שטרייק, וואָס האָט אין אייניקע שטעט געפירט צו דער מאַכט־פאַרכאַפּונג מצד די ראַדיקאַלן. אַ סך, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט אין דערדאָ־ זיקער ליידנשאַפטלעכער מאַסן־באַוועגונג, זענען גלייך אויס־ געראָטן געוואָרן מצד די שטראָף־גענעראַלן. די איבעריקע זענען אַריינגעפאַלן אויף לעבנסלענגלעכער געפאַנגענשאַפט אין אַקאַטוי. צווישן די אַרעסטאַנטן האָט געהערשט אַ האַרמאָנישע, געהויבענע, כמעט יום־טובדיקע שטימונג. עס איז דאָרט געווען אַ פריי לעבן, — דערציילט ספּירידאָנאָווא. — מען האָט נישט געטראָגן קיין קייטן, מען איז נישט געווען פאַרשפּאַרט אין די צעלן. מען פלעגט אויף ערנוואָרט דערלויבן גאַנצע גרופּעס גיין שפּאַצירן אין וואַלד אויף אַ גאַנצן טאָג. צוויי ווייאָרסט פון דער תּפיסה האָבן אינם דאָרף אַקאַטוי געלעבט אַ פּאָר טוץ משפּחות פון די אַרעסטאַנטן: פרויען, קינדער מיט פולער הויז־ווירטשאַפט. די פּאַטערס און מענער פלעגן אָפט איבערנעכטיקן ביי זייערע פאַ־ מיליעס. אויך אין תּפיסה פלעגן קומען און פאַרבלייבן אויף אַ גאַנצן טאָג קינדער, פרויען און מוטערס, זיי פלעגן זיך אַרומ־ דרייען אין הויף און אין די צעלן, ווי גלייכבאַרעכטיקטע מיט־ גלידער פון אַ גרויסער קאָמונע. די וואַך פלעגט זיך באַווייזן פון צייט צו צייט בלויז כּדי צו רעגיסטרירן. צווישן די שטיינערנע ווענט פון דער קאַטאָרגע האָבן די געפאַנגענע גענאָסן פולשטענ־ דיקע אויטאָנאָמיע.

אין אַקאַטוי — און שפּעטער אויך אין גאָרני־זערענטוי — זענען די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן אָרגאַניזירט געווען אין אַ

קאָמונע. אַלץ, וואָס דער יחיד האָט פאַרמאָגט, איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן אַלעמען גלייך: געלט און פּראָדוקטן, וואָס די חברים פלעגן באַקומען צוגעשיקט פון פריינט און קרובים. קיי־נער איז נישט באַטראַכט געוואָרן אַלס אייגנטימער פון די באַ־קומענע זאַכן. אויך דער, וואָס פלעגט פערזענלעך גאָרנישט באַ־קומען צוגעשיקט, האָט געהאַט דאָס גלייכע רעכט ווי אַלע מיט־גלידער פון דער קאָמונע. אָט די מאַטעריעלע פאַרבונדנקייט האָט געפירט צו גייסטיקער און זעלישער פאַרבונדנקייט. עס האָט גע־הערשט צווישן זיי אַן אַטמאָספער פון ברידערלעכקייט, פון גע־מיינזאַמען קאַמף קעגן אויטאָקראַטיע און פאַר סאָציאַליזם, פון געמיינזאַמע אַקציעס קעגן דער תּפיסה־מאַכט. אין דערדאָזיקער קאָמונע, וואָס האָט טריי געצויגן דעם פּאָדים פון דער פּאָליטי־שער קאַטאָרגע, איז פאַרווערט געווען — אונטער דער שטראָף אויסגעשלאָסן צו ווערן — צו שיקן באַגנעדיקונגס־בקשות צו דער רעגירונג. א הויכער מאָראַלישער רעגולאַמין האָט שטרענג רעגולירט אויך דעם פערזענלעכן לעבנסשטייגער פון די חברים. שכרות און קאָרטנשפּיל, געשלעגן און זנות איז געווען פאַר־באָטן; יעדער, וואָס האָט עובר געווען דערויף, איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער קאָמונע. פאַר דער גייסטיקער אויסבילדונג פון די קאָמונע־מיטגלידער האָט געזאָרגט א גאַנצע ריי בילדונגס־אַנשטאַלטן, א ביבליאָטעק, א שולע, — אָנגעפירט דורך חברים. אזוי למשל, האָבן איזמאַילאָוויטש, יעזערסקאַיאַ, סאַזאָנאָוו גע־האַלטן לעקציעס איבער אַלגעמיינע געביטן פון וויסנשאַפט פאַר די זעלנער, מאַטראָזן און אַרבעטער. פּראָשיאַן האָט געהאַלטן לעקציעס איבער נאַטורוויסנשאַפט. גערשוני — איבער דער גע־שיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד. באַ־זונדערס הויך האָט מען געשעצט גערשונים פאָרלעזונגען. די גאַנצע תּפיסה פלעגט זיי קומען הערן, אפילו אייניקע פון די אויפזעער און פון דער תּפיסה־דירעקציע פלעגן זיך באַשיידן האַלטן אין די ווינקלען פון דער פאָרלעזונגס־צעלע, כּדי זיי צו הערן. אין די אָוונטן פלעגט מען אימפּראָוויזירן ביי די אויסער־לעכע שטיגן א וווּנדערבאַרן כאָר. אייניקע סאָליסטן האָבן פאַר־מאָגט שטימען פון גרויסער קראַפט. דאָס ליד פלעגט זיך טראָגן

איבער די גרינע בערגלעך, וואָס האָבן אַרומגערינגלט די ווייסע ווענט פון דריי זייטן. באַזונדערס מעכטיק האָט געקלונגען אין יענער סביבה דער הימן „טעראָר, טעראָר, טעראָר, אייך טיראַנען!‘‘ דער קאָנצערט פלעגט מייסטנס געשלאָסן ווערן מיטן דאָזיקן הימן אָדער מיטן „אינטערנאַציאָנאַל‘‘. ווען די פּאָסט פלעגט קומען, פלעגט מען די צייטונגען פון דער גאַנצער תּפיסה לייענען צוזאַמען. איינער פלעגט פאָרלייענען, און די לופט אַרום פלעגט הילכן פון אויסרופן, צווישנרופן, געלעכטער. אמת, אַזעלכע צייטונגען ווי דאַן, ווערן געבאָרן זעלטן אין אַ יאָרהונדערט. טאַלענט, פייער פון דרייסטער רעדע, פאַרשיידנאַרטיקייט פון אַרגומענטן, ערנסט פון טעמעס, טראָציקייט, פרעדיק — דאָס אַלץ איז געווען איינמאָליק. בלויז דאָסדאָזיקע יאָר האָבן מיר געהאַט אין אונזער רשות צייטונגען. שפּעטער האָבן מיר זיי געזען ערשט אין יאָר 1917. און ווי נעבעכדיק זענען זיי מיר פאָרגעקומען אין פאַרגלייך מיט די אַלאַרם - צייטונגען פון די יאָרן 1905—6‘‘. (ספּירידאָנאָוואַ).

א באַזונדער פּראָבלעם, אָבער אויך אַ גרויסע דערגרייכונג, איז געווען די סיסטעמאַטישע גייסטיקע און מאָראַלישע דערציאונג פון די פּאַרטיילאָזע חברים פון דער גרויסער מאַסע. די אַטמאָספער פון דער פּאָליטישער קאַטאָרגע האָט פאַר זיי אָפטמאָל באַדייט אַ וועזנטלעכע ענדערונג פון זייער גאַנצן לעבנסשטייגער. אין אירע פראַגמענטאַרישע דערינערונגען האָט ספּירידאָנאָוואַ מיט פיינער מענטשן־פריינטלעכקייט געשילדערט דעם נשמה ־ צושטאַנד פון דידאָזיקע חברים אין נויט. „די אַרבעטער און פּויערים, די זעלנער און מאַטראָזן פון דער מאַסע זענען בעתן רעוואָלוציאָנערן אויפשוווּנג שטאַרק און העלדיש און גרייט צום טויט, ווי העלדן. זיי גיבן זיך אָפּ דער זאַך מיט לייב און לעבן, זייער האַרץ פלאַמט אין גליק פון קאַמף און גלויבן אין דער גאָלדענער צוקונפט. קיין שום זאַך קאָן נישט זיין הייליקער, מעכטיקער און העררלעכער ווי די רעוואָלוציאָנערע מאַסע, וואָס הויבט אויף אַ מרידה פאַר אירע רעכט, פאַר אַ סאָציאַלן אידעאַל, וואָס זי באַגרייפט אינסטינקטמעסיק אָדער מיטן קלאָרן באַוווּסטזיין. אָבער נאָכדעם ווי די מורדישע כוואַליעס האָבן זיך

באַרואיקט, נאָכדעם ווי מען האָט מיט געוואַלט אַ סוף געמאַכט צום גייסטיקן אויפשוווּנג פון די מאַסן מיט אירע קאָלעקטיווע פריידן און ליידן, — איז געקומען דאָס אינדיווידועלע אָפּקומען פאַר דער רעוואָלוציע ביי די צעשטויבטע מוחדים, ביי יעדן פאַר זיך און פאַר אַלע. די דאָזיקע מאַסנמענטשן, וואָס זענען פריער שטאַרק געווען אַלס רעפּרעזענטאַנטן פון דער גאַנצער רעבעלישער עלעמענטאַר־קראַפט, האָבן איצט, — אַרויסגעריסן פון זייער קלאַס, פון קעמפנדיקן קאָלעקטיוו, — אָפּט פאַרלאָרן זייער מוט אַלס יחידים, זיי האָבן מיט מי געקאָנט טראָגן אויף זייערע אַקסלען די לאַסט פון דער רעגירונגס־שטראָף. די רעוואָלוציע איז זיי איצט פאָרגעקומען ווי אַ קורצער יום־טוב אין זייער האַרט לעבן, אַ יום־טוב, פאַר וועלכן זיי מוזן טייער באַצאָלן, און דערצו זענען זיי נישט געווען אַזוי גוט צוגעגרייט דורך דעם פריערדיקן רעוואָלוציאָנערן קאַמף, ווי מיר פּאַרטיי־סאָציאַליסטן.

און דאָך איז אין קאַטאָרגע־לעבן גאָר שטרענג אויפגעהיט געוואָרן: אַ מינימום חברישקייט, מאָראַלישע ריינקייט, פאַרטיידיקונג פון דער מענטשלעכער חשיבות קעגן דעם תּפיסה־דרוק. דער מינימום פון חברישקייט איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אָבער דאָס אָפּהיטן די זעלבסט־חשיבות האָט באַזירט אויף אַן אומגעשריבענעם אָבער אייביקן סטאַטוט. סאַזאָנאָוו און זעלנער, למשל, וואָס האָבן איבערגענומען אינגאַנצן זיינע סאָציאַל־פּאָליטישע אָנשויאונגען, האָבן אים דערקלערט, אַז עס איז זיי „שווער אַריינצוטרעטן אין זיין פּאַרטיי, ווייל זי פאַרווערט צו שכּורן, צו שפּילן אין קאָרטן. נואפן". די מוטיקע און סימפּאַטישע יונגע בחורים זענען שטיין געבליבן פאַר די דאָזיקע שטערונגען. דער דאָזיקער מאָראַליזם האָט געפאָדערט פון זיי פולשטענדיק אויפצוגעבן אַלע געוווינהייטן און פאַרגעניגנס פון זייער סביבה, האָט פאַרלאַנגט אַ פּלוצלונגע פאַרוואַנדלונג פון זייער פּערזענלעכקייט. דער אומגעשריבענער תּפיסה־סטאַטוט האָט פאַרבאָטן אָנצוגעבן באַגנעדיקונגס־בקשות, צו לאָזן שלאָגן אָן פּראָטעסט זיך און די חברים, צו זינגען דעם רוסישן הימן און קירכן־לידער, צו זיין פאַמיליער מיט די באַאַמטע אָדער אָננעמען

פון זיי פאַר זיך אַליין פּריווילעגיעס. דערדאָזיקער מאָראַל־פּאָליטישער מינימום האָט זיך איינגעשטעלט נישט אָן רייבונגען און ליידן פאַר געוויסע מענטשן, וועלכע האָבן דערין איינגעזען גייע קייטן. און עס איז טאַקע דערין זיכער געווען אַ געוויסע אונטערדריקונג פון דעם מענטשן. פון דער צווייטער זייט ווידער איז אוממעגלעך געווען מותּר צו זיין אויפן דאָזיקן מאָראַליזם. ווייל שכרות, קאָרטנשפּיל, שלעגערייען און זנות באַדייטן אין תּפיסה עפּעס אַנדערש, ווי אויף דער פריי. דאָרט ווערט דאָס אַלץ פאַרפלייצט און אויפגעלייזט אין דער שפע פון איינדרוקן, דורך דער פאַרשיידנאַרטיקייט און דער ברייטקייט פון לעבן; אין תּפיסה אָבער איז אַלץ שווער, פאַרדאָרבן און פאַרשאָלטן. נישט נאָר אַ געוויסער קאָדעקס פון מאָראַל און דער סאָציאַלער אידעאַל האָבן געפאָדערט דעמדאָזיקן אַרט אַסקעטיזם. דער זעלבסטדערהאַלטונגס־אינסטינקט פון קאָלעקטיוו און פון יעדן גליד זיינעם האָט געפאָדערט דעמדאָזיקן ריגאָריזם, אויב מען קאָן בכלל אָנרופן אַזוי דידאָזיקע פּרימיטיווע געבאָטן. די מערהייט חברים האָט גאָר באַלד געגומען איינזען נישט נאָר דעם מאָראַלישן רייץ פון אַזאַ מין ריינעם לעבן, נאָר אויך זיין דירעקטן נוצן, ווייל די תּפיסה־פאַרוואַלטונג האָט זייער אָפט גע־שוינט אונזער חשיבות פּראָפּאָרציאָנעל צו אונזער לעבנס־שטייגער אין דער קאַטאָרגע־קאָמונע.

צו דעם איז צוגעקומען נאָך עפּעס, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות נישט נאָר צו די פּאַרטיילאַזע. יעדע תּפיסה איז אַ מאַר־טיריום. ווער קען דען אונטער איר דרוק בלייבן געזונט און נאָרמאַל? אַ סך פון די געפאַנגענע האָט מען צוערשט געהאַט פאַרמשפּט צום טויט און דערנאָך באַגנעדיקט. זיי אַלע האָבן נאָך דער באַגנעדיקונג נויטיק געהאַט חדשים, כּדי צו קומען צו זיך. פאַר די, וועלכע האָבן זיך געגרייט צום טויט און געגנוי גע־ווּסט פאַרוואָס זיי וועלן שטאַרבן, איז דער צושטאַנד פאַר דער אויספירונג פון אורטייל פול געווען מיט איבערערדישן צויבער. זיי דערמאָנען זיך אין אים תּמיד, ווי אין ליכטיקסטן און גליק־לעכסטן לעבנס־מאָמענט, ווען דאָס געפיל פון צייט איז פאַר־שוונדן געווען, ווען מען האָט געשפּירט די טיפסטע איינזאַמ־

קייט און גלייכצייטיק אַן אומדערהערטע, ביז איצט אומגעאַנטע פֿאַרבונדנקייט מיט יעדן מענטשן־קינד און מיט דער גאַנצער וועלט. דאָסדאָזיקע שוועבן צווישן לעבן און טויט גופא קאָן שוין, נאַטירלעך, נישט באַטראַכט ווערן אַלס נאָרמאַלער צו־שטאַנד, און דער צוריקקער צום לעבן פֿלעגט אָפֿט איינגאַנצן דערשיטערן די נערוון־סיסטעם. אָבער ביי די־יעניקע, וואָס פֿלעגן דידאָזיקע צווישנצייט איבערלעבן אַנדערש, וואָס זענען פּשוט נישט געווען „צוגעגרייט" און גאָרנישט געטראַכט וועגן צו־גרייטן זיך, נאָר וואָלטן פּשוט אַוועקגעשטעלט געוואָרן צום וועגטל, — ביי דידאָזיקע איז די דערשיטערונג נאָך געווען גע־וואַלטיקער. דידאָזיקע אַלע, וואָס האָבן זיך ווי צוריקגעקערט פֿון יענער וועלט, האָבן באַזונדערס שווער געליטן.

דערצו איז צוגעקומען נאָך עפּעס. פֿאַרן האַנט־אַרבעטער, וואָס באַשעפֿטיקט זיך וויינִיק מיט גייסטיקע זאַכן, איז די תּפֿיסה טאָפּלט שווער, ווייל עס פֿעלט אים פּשוט דער פּראָצעס פֿון לעבן. דערדאָזיקער פּראָצעס איז אין תּפֿיסה אַזוי פֿאַרקריפּלט און נעבעכדיק, אַז מען קאָן אים קוים אָנרופֿן מיטן נאָמען „לעבן". און דאָ הויבט זיך אָן די ספּעציפֿישע נויט: מען בענקט נאָך פֿיזישער אַרבעט. אָבער נישט אַלע תּפֿיסות האָבן געזאָרגט דערפֿאַר; יעדנפֿאַלס פֿלעגט מען פֿון דער פֿיזישער אַרבעט אויס־שליסן די פּאָליטישע, מען האָט גערעכנט, אַז זיי וועלן אַנטלויפֿן, און מען האָט מורא געהאַט זיי זאָלן זיך באַשעפֿטיקן מחוץ די תּפֿיסה־ווענט. די אַרבעטן אָבער, וואָס מען האָט געקאָנט אויספֿירן אין דער טורמע גופֿא, זענען געווען קנאַפּ און לאַנג־ווייליק. צענדליקער אַרעסטאַנטן זענען צוליב מאַנגל אין אַרבעט קראַנק געוואָרן. שפּעטער, אין די יאָרן 1909—10, ווען אייניקע חברים פֿון די זעלנער און מאַטראָזן איז געלונגען צוצוקריגן זיך צו דער שווערער קאַטאָרגע־אַרבעט אין די גאָלד־גרובן, האָבן זיי געשריבן גליק־באַשטראַלטע בריוו. דאָרט האָבן זיי זיך באמת געפֿונען אויף דער פֿרייער לופֿט, נישט אין ענגע, מיט אויפֿזיכט איבערגעפֿילטע, הויפֿן; דאָרט האָבן זיי טאַקע אויסגע־פֿירט אַ צוואַנגס־אַרבעט, אָבער דערפֿאַר אַ צוועקמעסיקע. זיי האָבן געקאָנט עפּעס פֿאַרדינען אויך פֿאַר זיך און אַביסל באַ־

פריִען זיך פון דעם קאַטאָרגע־עסן. קאַטאָרגע פאַרבונדן מיט אַרבעט איז לייכטער געווען איבערצוטראָגן, ווי אָן אַרבעט: זי האָט אויפגעהיט דעם מענטשן פון פיזישער צעפאַלונג. אָבער ווי ווייניקע עס האָבן געהאַט אַזאַ אַרבעט!

די גייסטיקע אַרבעט און ביכער האָבן געוויזן אַ וועג. נישט נאָר פאַר אינטעליגענטן. אַ אינטעליגענט אין העכערן זינען קאָן זיין אויך דער מענטש מיט מאָזאַליקע הענט, דער אַנאַלפאַבעט און אומוויסנדער, אויב ער טראָגט נאָר אַ פלאַמענדיקע בענקשאַפט נאָך וויסן און אַ גערעכטן לעבן. איך האָב געהאַט דאָס גליק צו דערקענען און ליב צו קריגן אין דער קאַטאָרגע אַ סך אַזעלכע חברים פון דער מאַסע, אינטעליגענטן אין בעסטן זינען פון דאָזיקן וואָרט. זיי האָבן געלערנט מיט ליידנשאַפט, זיי האָבן פאַרוואַנדלט די נאַכט אין טאָג, כּדי אין פולשטענדיקער רו צו קאָנען לעזן און שטודירן, עס האָט זיי אויסגעצערט די פיין פון אויפגעוואַכטן דענקען און די אָנשטרענגונגען פון אומדיסציפּלינירטן מח, זיי זענען גייסטיק געוואַקסן פאַר אונזערע אויגן. דידאָזיקע האָבן ווייניקער געפילט דעם דרוק, די ציוויליזאַציע פון דער קאַטאָרגע".

אָט אַזוי האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן די קאַטאָרגע־ווענט אומצאָליקע מענטשן מיט אַלע זייערע אינדיווידועלע ווונטשן און טרוימען, שוואַכקייטן און פאָראורטיילן, ליידן און העלדישע שטריכן. די תּפיסה־הערן וואָלטן די שוואַכערע און מוטלאָזערע געקאָנט איינצלנערהייט צעברעכן און באַהערשן, אָבער די קאָמונע האָט פאַרבונדן אַלע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן דורך דער מאָראַלישער און פּאָליטישער דיסציפּלין צו אַן אומדערשיטערלעכן קאָלעקטיוו.

* * *

אין יענער צייט זענען מעגלעך געוואָרן פּרוּוון צו אַנטלויפן. דאָס באַרימטסטע אַנטלויפן פון דער אַקאַטוי־תּפיסה איז געלונגען גערשונין

## III.

# ג. גערשוניס אַנטלויפן פון קאַטאָרגע

גריגאָרי גערשוני איז געווען איינער פון די העלסטע קעפ און פלאַמיקסטע הערצער פון דער רעוואָלוציע. ער האָט גע־שטאַמט פון אַ פאַרמעגלעכער יידישער פאַמיליע, שטודירט באַק־טעריאָלאָגיע, געלעבט אין מינסק. צוערשט איז ער טעטיק געווען מיט גרויס דערפאָלג אויסשליסלעך אין לעגאַלע קולטור־אָרגאַני־זאַציעס. בלויז ביי געוויסע געלעגנהייטן פלעגט ער העלפן רעוואָ־לוציאָנערן אין זייער אַרבעט. ער האָט אָבער איינגיכן איינגעזען, אַז פאַרבלייבנדיק אויפן באָדן פון לעגאַליטעט, קאָן מען אונטערן צאַריזם „געבן דעם פאָלק בלויז דעם אַלף־בית". ער האָט אָבער געוואָלט דערפילן זיין פליכט לגבי דעם פאָלק אָן צביעות און קאָמפּראָמיסן, און דעריבער איז ער אַריבער אין רעוואָלוציאָנערן לאַגער. „עס איז מיר קלאָר געוואָרן", — האָט ער שפּעטער דער־קלערט פאַרן געריכט — „אַז אַ רעזשים, ביי וועלכן דער גורל פון 130 מיליאָנען מענטשן איז פולשטענדיק אָפּהענגיק פון קאַפּריזן פון דער רעגירונגס־מאַכט, טאָר נישט אונטערשטיצט ווערן אפילו פאַסיוו דורך אַ ערלעכן בירגער. איך האָב זיך אָפּגע־קערט פון מיין מאַטעריעלן וווילשטאַנד, פון מיין אויסערלעך גוט־פונקציאָנירנדער קולטור־טעטיקייט, פון מיינע פערזענלעכע פאַרבינדונגען און פריינטשאַפטן — מיט איין וואָרט פון דעם אַלעם, וואָס מיר רופן אָן „פערזענלעכער גליק", און אין דער אמתן איז עס גליק אויפן חשבון פון אַנדערע. איך האָב דאָס אַלץ אוועקגעוואָרפן און בין אַריבער צו יענע, וועלכע באַזירן זייער טעטיקייט בלויז אויף איין ציל — דער וויל פונם כלל. די אימפּעראַטיווע שטים פון אונזער עמפּערטן געוויסן און די חרפּה האָבן אונז געצוווּנגען אַזוי צו האַנדלען".

גערשוני האָט געהאָלפן צו פאָרמירן די ס.־ר. פּאַרטיי,

ער האָט אויך אויסגעבויט איר טעראָריסטישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. אין די יאָרן 1902 און 1903 האָט דער צאַריזם שמערצלעך דערשפּירט די קלעפּ פון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע: עס זענען דורך איר געטויט געוואָרן איינער נאָכן צווייטן אַ מיניסטער און צוויי גובערנאַטאָרן. דורך אַ פּאַרראַט איז דער געהיימער פּאָליטישער פּאָליציי געלונגען צו כאַפּן גערשונין, דעם שעף פון געהיימען פּאָלקס־טעראָר. אין 1904 איז גערשוני געשטעלט געוואָרן פאַרן קריגס־טריבונאַל. „איך ווייס, — האָט ער דערקלערט זיינע פיינט: די ריכטער און צושויער, — אַז דער וועג פון דאַנען פירט צו דער תליה... דאָס, וואָס וועט פאַר מיר, אַלס פּערזאָן, קלינגען ווי אַ טויט־גלאָק, וועט פאַר דער זאַך פון פרייהייט, פאַר וועלכער מיר האָבן געקעמפט, פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שטורעמגלאָק, וואָס וועט צעברעכן די אַרומיקע שטילקייט... זיגער וועלן הייַנט בלייבן די, אויף וועמעס זייט עס זענען די סימפּאַטיעס פון פאָלק, און באַזיגטע — יענע, וועמען עס גילטן די קללות פון פאָלק!"

די ריכטער האָבן גערשונין פאַרמשפּט צום טויט, אָבער איינער פון זיי האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אויסגערופן: „דאָס איז אַ מאַן!"

דער טויט־אורטייל איז גערשונין פאַרביטן געוואָרן אויף לעבנסלענגלעכער תּפיסה. דער שטורם פון 1905 האָט גערשונין אַרויסגעריסן פון דער שליסלבורגער פעסטונג און אים פאַרטריבן אין דער סיבירער קאַטאָרגע. אין אַקאַטוי איז גערשוני געווען דער אַלגעמיין־אָנערקענטער פירער פון די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. אין די גרויע קליידער פון אַ קאַטאָרזשניק איז ער געבליבן דערזעלבער באַצויבערנדיקער מענטש מיט אומגעהויערן האַס קעגן דער טיראַניע און אירע תּליינים — און צערטלעכער ליבע צו די עקספּלואַטירטע. אַזעלכע מענער ווי ער האָבן געבילדעט די ווינקלשטיינער פון דער קאַטאָרגע־קאָמונע. ספּירידאָנאָווא האָט געגעבן אַ בילד פון זיין וועזן, וואָס ווייזט אויף אַ סך געמיינזאַמע שטריכן מיט אירן.

דער ערשטער איינדרוק פון גריגאָרי אַנדרעיעוויטש איז געווען — די אָנוועזנהייט פון אַ זייער גרויסער קראַפט. אויסער-

לעך האָט ער אויסגעזען צו זיין אַ גאַנץ געוויינלעכער מענטש מיט אַ רואיקן גוטן פּנים, אַ שלאַנקער פיגור, אַ קלאָרער שטימע און בליצנדן הומאָר. אָבער שוין מיטן בליק פון זיינע אויגן פלעגט ער פאַנגען מענטשן. זיינע בלוי־גרויע אויגן, וואָס האָבן געגלאָצט מיט גרויסער שיינקייט, זענען געווען ווונדערבאַר. זיי האָבן געטרייסט, געגלעט, געצונדן.

איך געדענק קלאָר זיינע הערלעכע פאָרלעזונגען אָדער רעדעס אויף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די אַרעסטאַנטן... עס איז אינטערעסאַנט געווען צוצוהערן זיינע אונטערהאַנדלונגען מיט דער תּפיסה ־ פאַרוואַלטונג: זי פלעגט ווערן אומדרייסט, האַלטן זיך פאַר אים ווי פאַר אַ עלטסטן, אונטערוואַרפן זיך זיין היפּנאָטישן ווילן. איך געדענק זיינע אומענדלעכע שמועסן מיט די חברים, וועמען ער פלעגט, איינצלנערהייט און געמיינזאַם, זיך באַמיען איבערצוגעבן דעם מאַקסימום פון זיין וויסן, דערפאַרונג און גוטסקייט.

נישט געקוקט אויף זיין גרויסער נערוועזיטעט און עמפּינדלעכקייט, פלעגט ער קיינמאָל נישט פאַרלירן זיין רואיקייט און געדולדיקייט. ער האָט געמאַכט צוויי פּרוּוון צו אַנטלויפן פון דער קאַטאָרגע, אָבער זיי זענען אים נישט געלונגען. דעם ערשטן מאָל האָט ער געזאָלט גיין מיט אַ פּאָר חברים צו דער מעטעאָראָלאָגישער סטאַציע אויף יענער זייט תּפיסה־טויער. דאָרט, אין איינזאַמען וואַלד, האָבן זיי געזאָלט באַפאַלן די וואַך, בינדן זיי, פאַרשטאָפּן די מיילער מיט טיכלעך (גערשוני האָט שטרענג פאַרבאָטן צו פאַרוווּנדן די וואַך אַפילו אויף דאָס מינדעסטע), און אַזוי לאַנג אויפהאַלטן זיי אין וואַלד, ביז גערשוני וועט פאַרשווינדן אויף דעם פון פריער צוגעגרייטן פערד. צוויי מאָל האָט גערשוני פאַרלאָזן די טורמע, צוויי מאָל האָבן אויף אים געוואַרט אין וואַלד די חברים, וואָס זענען געקומען פון דער שטאָט טשיטאַ מיט פערד, און ביידע מאָל האָבן זיי פאַרפאַסט דעם ריכטיקן אויגנבליק. דעם לעצטן מאָל האָט גערשוני מיט אַלע מיטלען געפּרוּווט אָפּשלעפּן דעם צוריקקער אין דער תּפיסה אַריין, ער איז אַרומגעלאָפן איבערן וואַלד, כּדי צו זוכן די פריינט, ער האָט אָפּגעווענדט די אויפמערקזאַמקייט פון דער וואַך דורך

שמועסן. ער האָט געזוכט, געמאַכט אַ טומל, אויפֿן קול געלאַכט, כּדי צו ווייסן צו טון וועגן זיך, — אָבער עס איז נישט געקומען קיין ענטפֿער. און פּלוצלונג האָבן מיר געזען, ווי אונזער גערשוני גייט ווידער אַריין אין תּפֿיסה־טויער, געבויגן אונטער דער משׂא פֿון אַ גרויסן בוים, מיט אַ שמייכלענדיקן געזיכט, וואָס איז רויט פֿון אָנשטרענגונג. שפּעטער, ווען דער תּפֿיסה־רעזשים האָט זיך געענדערט, האָט גערשוני מער נישט געטאָרט פֿאַרלאָזן דעם הויף, און דערדאָזיקער שפּאַציר איז געווען דער לעצטער. זיין פּנים אָבער איז געבליבן אַזוי רויִק און די שטים אַזוי אומגעבראָכן, אַז אַפֿילו מיר, וואָס האָבן געוווּסט וועגן דעם געפּלאַנטן אַנטלויפֿן, האָבן נישט תּיכּף באַגריפֿן דעם פֿולשטענדיקן דורכפֿאַל. בלויז ווען ער פּלעגט זיך באַגעגענען מיט אומגערעכטיקייט און מענטשלעכער שלעכטסקייט, פּלעגט ער פֿאַרלירן זיין רויִקייט.

איך געפֿין נישט קיין פּאַסיקע ווערטער, כּדי אים צו שילדערן. ער איז נישט געווען קיין מענטש פֿון אונזער צייט, דערייבער פֿאַרמאָגט אונזער ווערטערבוך ווייניק ווערטער אויף צו שילדערן אים. ער איז געווען אַ שטיק לעבן. אין אים איז אפֿשר געווען, ווי אין לעבן גופֿא, אויך די פֿעיִקייט צו זינד. איך ווייס נישט... אָבער עס איז געווען אין אים אַזאַ שוווּנג, אַזאַ רחבות, אַ גייסטיקע מאַכט, וואָס קען נישט די אייגענע גרענעצן. פֿריער, ווען מען האָט זיך נאָך נישט געשעמט צו באַנוצן די ביבלישע שפּראַך, וואָלט מען גראָד אין איר געקאָנט גוט באַשרייבן גערשונין. ער האָט געשיינט צו שטאַמען פֿון יענער ביבלישער צייט, נאָר אין אַ מאָדערנער קולטור־געשטאַלט. עס האָט געשיינט, אַז ער קאָנצענטרירט אין זיך דאָס שענסטע, וואָס די ייִדישע נאַציע באַזיצט אין איר גייסטיקן אוצר: דאָס געפֿיל פֿון פֿליכט, דאָס געפֿיל פֿון גערעכטיקייט, וואָס רייסט זיך צו פֿאַרקערפּערונג, דאָס געפֿיל פֿון ליבע, — קאָנטראָלירט דורכן באַוווּסטזיין..."

גערשוני און זיינע פֿריינט האָבן אויף קיין איין אויגנבליק נישט אויפֿגעגעבן דעם געדאַנק וועגן אַנטלויפֿן. צום בעסטן האָט דאָס אַנטלויפֿן פֿון אַקאַטוי געקאָנט געלינגען אין פֿרילינג. דערצו האָט מען געזאָלט אויסגראָבן אונטערערדישע גענג, וואָס זאָלן פֿירן פֿון דער צעלע ביז הינטער די תּפֿיסה־ווענט. דידאָזיקע

פּרוּוון זענען אָבער תּמיד אַנטדעקט געוואָרן דורכן פּאַריאַט פון די קרימינעלע פאַרברעכער. באַזונדערס פיל פּיין האָט פאַר־שאַפט דער איינפאַל פון אַ גראַנדיעזן אונטערערדישן גאַנג, וועלכן מען האָט אָנגעהויבן אויסגראָבן גראָד אום ווינטער. טאָג און נאַכט האָט מען געגראָבן ביי שווידערלעכע באַדינגונגען, אין געפרוירענעם באָדן, וואָס איז געווען האַרט, ווי שטיין. מען האָט געאַרבעט מיט דלאָטעס, מיט אַ זאַגד, מיט פייער־אייזן; די פייל איז כסדר געווען טעטיק, ווייל יעדער אינסטרומענט פלעגט באַלד טעמפּ ווערן. די דורכגעבויערטע שטעלן פלעגט מען אָנוואַרעמען דורך אַ גליענד ־ אָנגעברענטן געוויכט. די צעגלימטע געוויכטער פלעגן גיין אַהין און צוריק פון בויערער צום אויסגאַנג־היטער, פון דאָרט פלעגט מען אים שנעל אַריינוואַרפן אין אויוון און אַ פייער־רויטן צוריקשיקן אין אַ עמער. די בויערער פלעגן זיך כסדר טוישן, ווייל אין לאָך פלעגט מען קענען אַרבעטן בלויז אַ קורצע צייט. די גאַנצע צעלע האָט געאַרבעט אָן אויפהער, טאָג ווי נאַכט, לויט אַ שטרענגער אַרבעטס־טיילונג.

איינמאָל איז געשען פאָלגנדעס: איינער פון די וויכטיקע קרי־מינעלע פאַרברעכער, וואָס זענען חשוד געווען אין שפּיאָנאַזש, איז אומגעריכט אַריינגעקומען און האָט באַמערקט, ווי מען קריכט אַרונטער אונטערן דיל. מען האָט אים מער נישט אַרויס־געלאָזן פון דער צעלע, מען האָט אים געצוווּנגען צו וווינען אין איר. ער איז געווען ווי אַרעסטירט. אינגיכן איז אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז ער איז געווען אַן אמתער שפּיאָן, וועלכער האָט מיט גרויס געשיקטקייט געזוכט די געלעגנהייט מודיע צו זיין די באַ־אמטע. דאָס איז אים נישט געלונגען. ביינאַכט פלעגט זיצן לעבן אים אַ חבר און האַלטן וואַך. מיד ווערנדיק, פלעגט ער אויפוועקן דעם נאָנטסטן, און אַזוי טעג און וואָכן. איינמאָל איז צו אים געקומען פון ווייט זיין פרוי. מען האָט דערקלערט, אַז ער איז קראַנק, און אָנשטאָט אים איז געגאַנגען צום באַזוך אַ צווייטער, איינער פון די בויערער.

מיר אַלע האָבן געלעבט אין אַ צושטאַנד פון אוממעגלעכער פּיין. דער אונטערערדישער גאַנג האָט זיך געצויגן אויף מערערע קלאַפטער; ביי אַלע, וואָס האָבן געאַרבעט אין דאָזיקן לאַנגן,

ענגן סבר, האָט געפּלאָסן דאָס בלוט פון נאָז און האַלז. אַלע אין דערדאָזיקער צעלע זענען געוואָרן מאָגער און שוואַך, די אויגן האָבן געגלאַנצט פון פיבער. מען האָט אָבער נישט אויפגע־הערט צו שפּילן כיטרע די קאָמעדיע פון אַ רעגולערן תּפיסה־לעבן. אויך דער שפּיאָן איז געוואָרן מאָגערער. ער האָט קיין וואָרט נישט גערעדט. אָבער בײַ דער קאָנטראָל, בײַם אַרײַנקומען פון די תּפיסה - אויפזעער, פלעגן זײַנע אויגן ברענען, ווי בײַ אַ וואָלף. ער האָט זיך אָבער נישט דערוועגט אַ געשריי צו טון, ווײַל ער האָט פאַרשטאַנען, אַז בײַם ערשטן וואָרט וועט ער גע־טויט ווערן. צוויי אַנאַרכיסטן, הערלעכע יאַטן, לעבעדיק ווי קוועקזילבער און האַרט ווי שטאָל, פלעגן זיך בײַ דער קאָנטראָל אויסשטעלן אין איין ריי מיט אים, פון רעכטס און פון לינקס.

ענדלעך האָט דער טונעל דערגרייכט ביז יענער זייט פון די תּפיסה - ווענט. מיט פאַרקלעמטע הערצער האָבן מיר געוואַרט אויף דעם גליקלעכן סוף, און פלוצלונג איז ער אײַנגעפאַלן. די בויערער, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אינסטרומענטן אויף צו קאָנטראָלירן, האָבן אים געגראָבן צו נאָענט פון דער אויבער־פלאַך. דער וואַך־זעלנער אויף יענער זייט תּפיסה - וואַנט האָט צופעליק אַרויפגעטרעטן אויף דערדאָזיקער דינער שיכט און איז אַרײַנגעפאַלן אין גרוב. מען האָט אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג, און אַלץ איז אויפגעדעקט געוואָרן. די גרויע תּפיסה־אויפזעער האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ: עפּעס אַזוינס האָבן זיי נאָך נישט געזען. אין יענער געגנט פלעגט מען ווינטער־צײַט געוויינלעך אָפּ־שטעלן אַלע אויסגראָב - אַרבעטן. דער דאָזיקער וווּנדערבאַרער אונטערערדישער קאָרידאָר, אונטערגעהאַלטן פון ברעטער און האָלץ־שייטלען, האָט זיי אויסגעזען ווי אַ צויבער־ווערק".

* * *

כּדי דורכצופירן געגרשונים אַנטלויפן, איז מען געפאַלן אויף אַ גאַנץ אַנדער פּלאַן: מען זאָל אים אַרויספירן פון דער תּפיסה בײַם טראַנספּאָרט פון געגנשטאַנדן. אָבער ווי אַזוי מאַכט מען דאָס?

הינטער די ווענט פון דער אײַנגעטלעכער טורמע, אין אַ באַ־זונדער הויז, האָט זיך געפונען די קאַנצעלאַריע. אין הויף פון

יענעם הויז האָט זיך געפונען א קעלער, ווו מען האָט געהאַלטן די לעבנסמיטלען פאַר די אַרעסטאַנטן. היות דעם גרעסטן טייל פון די לעבנס־מיטלען פלעגן די אַרעסטאַנטן גופא צוגרייטן, פלעגן זיי אָפט באַזוכן דעמדאָזיקן קעלער, על־פי־רוב אין דער באַגלייטונג פון דער וואַך. אויף ווינטער האָבן די אַרעסטאַנטן צוגעגרייט זויערן קרויט, עס אַריינגעטון אין א פאַס און געדאַרפט אַראָפּטראָגן פון דער תפיסה אין קעלער. איז די אויפגאַבע געווען אַזא: אַריינצוטאָן גערשונין אין פאַס צוזאַמען מיטן זויערן קרויט און אַפּטראַנספּאָרטירן אין קעלער, פון וואַנעט מען וועט נאָך פריער דורכפירן א טונעל, וואָס פירט דירעקט צו דער גאַס.

אין עטלעכע טעג אַרום איז שוין דער טונעל געווען פאַרטיק. די לאָך אין דעם קעלער - דיל, וואָס וועט פירן אין טונעל אַריין, האָט געמוזט דורכגעבויערט ווערן אין דער נאַכט פאַרן אַנטלויפן. א פאַס פון א מעטער די הויך און דריי פערטל מעטער די ברייט, איז געשטאַנען גרייט, אָנגעפילט מיט זויערן קרויט. מען האָט געוואַרט אויף א סיגנאַל פון דרויסן, כדי אַריינצופאַקן גערשונין אין דער פאַס. איינדערפרי האָט מען באַקומען דעם סיגנאַל: „אַלץ איז אין אָרדנונג". ענדלעך! מען האָט געמוזט אַרויספירן די פאַס פון דער תפיסה שפּעטסטנס אַרום האַלב אַכט.

„אין צימער, ווו מען האָט מיך געדאַרפט איינפּאַקן, — האָט גערשוני געשריבן, — איז אַלץ געווען צוגעגרייט. כדי די אויפזעער זאָלן אָבער נישט באַמערקן מיין אָנוועזנהייט, האָב איך ביי איינעם פון זיי געבעטן עטלעכע באַגלייט - זעלנער און איך האָב געבראַכט האַלץ צו הייצן אונזער אויוון. דעם עלטערן וואַך - זעלנער האָט איך געגעבן א בוך צום לייענען און אָפּגע־רעדט מיט אים, ער זאָל מיר מאָרגן שיקן דעם שניידער. דאַן בין איך אַוועק אין צימער, ווו ביי דער טיר איז געשטאַנען אויף דער וואַך איינער פון אונזעריקע". די פאַס איז געווען קליין, זי האָט גערשונין געגרייכט קוים ביזן גאַרטל. כדי ער זאָל דאָרט נישט דערשטיקט ווערן, האָט מען אים מיטגעגעבן זייער ווייניק זאַכן, בלויז קליידונג, וואָס ער האָט געמוזט אָנטאָן ביים אַנט־לויפן פון קעלער. איבער זיין קאָפּ האָט מען אַוועקגעלייגט א גרויס שטיק לעדער, און דערויף נאַסן זויערן קרויט. היות דאָס

ביסל לופט אין דער פאס איז פארסמט געווען מיט קוילנזויער־גאז, האט מען אין דעם דעק געמאכט צוויי לעכער, אריינגעטאן אין זיי צוויי גומענע רערן, איינעם צום אטעמען, דעם צווייטן צום ארויסאטעמען די לופט. אויף צו פארשטארקן די הארי־טעטיקייט, האט מען אים מיטגעגעבן א קליין אפטייקל פון עטער, וויין און אייז־וואסער.

„איך בין אריינגעקראכן אין דער פאס, זיך צוזאמענגעדרייט ווי א שלאנג. איינער פון די חברים דריקט מיר ברידערלעך די האנט, א צווייטער קושט מיך אייליק אין קאפ. מען שפרייט אויס איבער מיר דאס שטיק לעדער, עס ווערט טונקל. פלוצלונג דערמאנט מען זיך: גיט אהער דעם טעלער! דאס איז געווען אזא מין אייזערן היטל, וואס זאל מיך באשיצן אויפן פאל, ווען דער וואך־זעלנער זאל אוים נייגיר וועלן אריינשטעכן זיין באגנעט אין דער פאס. דער טעלער איז ארויפגעטאן און פלוצלונג ברעכט אויס א שרעקלעכער גערויש. דאס רוישט דאס זויערע קרויט, וועלכן מען טוט אריין. די קאלטע עקלהאפטע פליסיקייט רינט פון אלע זייטן. גאר גיך בין איך דורכגענעצט ביז די שפיץ פינ־גער. מיין גאנצע אויפמערקזאמקייט האב איך צוגעווענדט די אטעמונגס ־ רערלעך. איך האב מיך באמיט צו האלטן זיי אין ארדנונג, כדי נישט צו פארבייטן זייערע פונקציעס... און מיט־אמאל הער איך א מונטערן אויסרוף:

— יאטן, לאמיר ארופטראגן די פאס אין קעלער! ווער וויל העלפן? מיר ברויכן זיבן פערזאן!"

עס האט זיך אנגעהויבן דער צווייטער און ווינטיקסטער אקט.

„איך האב נישט געפילט, ווי מען האט די פאס אויפגעהויבן, ארויסגעשלעפט פון צימער און ארויפגעשטעלט אויפן וואגן. איך האב בלויז געהערט דעם געשריי פון מיינע פריינט: „העי, עפנט דעם טויער!" מיט ליארם האט מען אונז דורכגעלאזן דורכן טויער. דרויסן זענען געשטאנען ביי א 20 וואך־זעלנער. מיינע באגלייטער זענען שטיינגעבליבן, די זעלנער פירן צווישן זיך אונטערהאנדלונגען. דערנאך, פלוצלונג — א פייף פונם עלטסטן און דער יובל ־ געשריי פון די חברים, וואס איז נאר מיר פאר־

שטענדלעך: יאַטן, פֿלינק צו דער אַרבעט! אַ פּאָר אויגנבליקן, דער טויער בלייבט פֿון הינטן, איך בין אין קעלער".

דער דריטער אַקט — דאָס אַרויסגיין פֿון דער פּאַס. דער קעלער איז באַשטאַנען פֿון צוויי רוימען. אין דעם אויבערשטן האָט מען געהאַלטן די לעבנסמיטלען, דער אונטערשטער איז געווען אַ קליין, טונקל צימערל, ענלעך צו אַן אייז־קעלער, וואָס זעלטן ווער עס פֿלעגט אַריינגיין אַהין. דעריבער איז די פּאַס מיט גרויסע שוועריקייטן אַראָפּגעלאָזן געוואָרן אין אונטערשטן רוים. „דאָס לאָך פֿון קעלער איז געווען שמאָל. זיבן חברים, דערצו נאָך זעלנער, האָבן זיך אָנגעאַרבעט ביים אַרונטערלאָזן די פּאַס. די פּאַס האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעקאָלערט, אַזוי אַז איך האָב געמוזט שטיין כמעט אויפֿן קאָפּ. מיטאַמאָל האָב איך פֿון דער הויך דערהערט אַ מין סאַפּען, די פּאַס האָט זיך מיט רעש אַרונטערגעקאָלערט, באַקומען אַ מוראדיקן קלאַפּ, אַז זי האָט געשיינט צעשמעטערט צו ווערן. ניין, די פּאַס איז געבליבן שטיין גאַנץ. די אָטעמונגס־רערלעך אין אָרדנונג. איך וואַרט אויפֿן סיגנאַל פֿון די פֿריינט; דורך דריי קלעפּ אויף דער פּאַס גיבן זיי מיר צוּוויסן, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג. איך שפּיר נאָך, ווי אַ פֿריינטס האַנט דריקט צום גרוס דעם קרויט איבער מיין קאָפּ. און דאַן דער אָפּקלאַנג פֿון די זיך־דערווייטערנדיקע טריט, דער הויכער קלאַנג פֿון פֿאַרשליסן און אַלץ בלייבט שטיל.

איצט דאַרף איך אַרויסגיין פֿון דער פּאַס. איינער פֿון אונזערע, וואָס איז באַהאַלטן געווען אין טונעל, האָט מיר געדאַרפֿט דערין העלפֿן אין פֿאַל, ווען איך וואָלט פֿאַרלאָרן דעם באַוווּסטזיין צוליב דער שטיקנדער לופֿט אין דער פּאַס. דאָס ליאַרעמדיקע פֿאַרשליסן די קעלער־טיר האָט אים געדאַרפֿט דינען אַלס סיגנאַל. איך האָב אָבער געהאַט ביי זיך אַ מעסער, כּדי ביי דער ערשטער מעגלעכקייט אַליין קענען צעשניידן דאָס לעדער איבער מיין קאָפּ און געבוירן ווערן אָן דער הילף פֿון אַ אַקושערקע. איך בין געווען ביים קלאָרן פֿאַרשטאַנד; איך האָב געוווּסט, וואָס איך דאַרף טאָן, איך האָב אָבער בשום אופֿן נישט געקאָנט באַוועגן מיט אַ האַנט. מיט די לעצטע כּוחות האָב איך זיך באַמיט דורכצושטעכן דאָס לעדער מיטן מעסער. איך פּרוּוו שניידן דאָס

לעדער אין פֿאַרשידענע שטעלן, די קאַלטע קרויט־זויערקייט ריזלט איבער מיר, אַ גרויסע שטיק קרויט פֿאַלט אויף מיין קאָפּ און רייסט מיר אַרויס אַ רערל פֿון מויל. איך שפּיר, אַז עס שווינדלט מיר אין קאָפּ. עס קאָן פּאַסירן אַ גרויס אומגליק. איך וויל פּטור ווערן פֿונם אייזערנעם טעלער, וואָס לאָזט מיר נישט אַרויסקריכן דורכן צעשניטענעם לעדער. איך קאָן נישט באַוועגן מיט קיין האַנט, אָבער מיטן געפּאַנצערטן קאָפּ געלינגט מיר נישט נאָר דורכצורייסן דאָס לעדער, נאָר אויך צו צעברעכן אין שטיקער די ווענט פֿון מיין פֿאַס.

מיין דאָזיקע צווייטע געבורט איז, ווייזט אויס, געווען אַנדערש ווי די ערשטע. איך שריי נישט, נאָר באַמי זיך נישט צו שטערן די שטילקייט. מיט הנאה אָטעם איך אַריין די פֿייכטע, קאַלטע לופֿט, איך נעם אַרויס דעם ווייַן מיטן עסער און קוק זיך אַרום מיט נייגיר, ווי אַ ניי־געבוירן קינד. ס'איז שטאַרק פֿינסטער. אָבער איך הער פּאָרזיכטיקע טריט. אָט הענגען שוין אַראָפּ פֿון אויבערשטן רוים אַ פּאָר פֿיס. אַ פֿריינט אָדער אַ פֿיינט? אַ שטים פֿליסטערט צו מיר: דאָס בין איך. מיין אַקושערקע האָט זיך פֿאַרשפּעטיקט, דעריבער באַגעגנט זי דאָס ניי־געבוירענע קינד מיט מעסער און ווייַן. מיר נעמען אַרויס פֿון דער פֿאַס די קליידער, דאָס היטל, דורכגענעצט פֿון קרויט. עטלעכע שפּרונגען און מיר געפֿינען זיך אויבן ביים טונעל. איך זע פֿאַר זיך אַ שמאָלע לאָך, דורך וועלכער עס שימערט דורך דער דורכגעבראָכענער פֿונדאַמענט. אַ ציטער כאַפּט מיך אַרום. ווי אַזוי וועל איך דורכקריכן די דאָזיקע לאָך? און דאָ בין איך באַגאַנגען אַ גרויסן פֿעלער. איך האָב געדאַרפֿט קריכן דורכן טונעל, ליגנדיק אויפֿן רוקן. אָנשטאָט דעם ליג איך זיך אויף דער ברוסט. איך קריך דורך דעם 20־שריטיקן רוים און פֿרעס מיך צונויף. ס'איז געווען אַ מאָמענט, ווען איך האָב זיך נישט געקאָנט באַוועגן נישט פֿאָראויס און נישט צוריק. מיט גרויס מי האָב איך זיך דורכגעקוועטשט אויף דעם נויטיקן פּלאַץ. איך האָב אַ קוק געטאָן אויפֿן זייגער. ס'איז געווען אָנהויב 9. הייסט דאָס, אַז די גאַנצע רייזע פֿון דער תּפֿיסה ביז אַהער האָט געדויערט אַ האַלבע שעה, און מיר האָט זי זיך אויסגעוויזן ווי אַן אייביקייט.

איך זע פאר זיך דעם צעבראכענעם פונדאמענט. מען זעט א טייל פון הויף, ווו עס ווײנען 'אלע תפיסה ־ באאמטע. מען הערט שטימען פון אלע עקן. איצט מוזן מיר זייער אויפמערקזאם אויפ־פאסן אויף די סיגנאלן. די ערשטע סיגנאלן 'זאגן בסדר: דער פלאץ איז נאך נישט פריי, בלייבן ליגן! איך הויב אן אויסצו־שטרעקן מיין קערפער, צו ברענגען אין 'ארדענונג מיינע קליידער, מיטן נאז־טיכל ווייש איך אפ דאס בלוט פון פנים און הענט, וואס זענען צעקראצט געווארן דורך די טשוועקעס פון דער פאס. מיר הערן טריט. מיר זעען לעדער־שטיוול. ווען דער דאזיקער וואך־פאסטן וואלט געווארפן בלויז א בליק אונטער זיינע 'פיס, וואלט ער באקומען א שיינעם לוין פאר זיין געפינס. דער סיגנאל ווארנט בסדר: בלייבן ליגן! פלוצלונג א קינדער־געשריי: „האלט אים! האלט אים!'' אייניקע סעקונדן שפעטער לויפט אריין אין אונזער לאך א הינטעלע. די קינדער פון א תפיסה־וועכטער יאגן זיך נאך אים. דאס הינטל בלייבט שטיין, קוקט אונז פארוואונדערט אן. וואס טוט מען? מיר גלאצן אויף דעם מיט שפאנונג, מיר ווילן אים איבערשרעקן מיט אונזער בליק. עס געשעעט א וואונדער. דאס הינטל קוקט, קוקט, ציט מיטן נעזל און... לויפט רואיק ארוים. דער סיג־נאל: בלייבן ליגן! ווידער טריט. עמיץ גייט פארביי, טראגט עמערס. איצט מוזן מיר ווארטן, ביז ער וועט צוריקקומען מיטן וואסער. אין מוח בליצט אויף א שרעקלעכער געדאנק: אויף צוריקוועגס וועט ער דאך טראגן פולע עמערס וואסער, וועט ער דאך האלטן טיף אראפגעבויגן דעם קאפ, וועט ער מוזן דערזען דעם צעבראָ־כענעם פונדאמענט. אלץ שיינט צו זיין פארלוירן, מיר וועלן מער נישט דערבליקן די פרייע וועלט... מיר הערן ווידער די טריט פונם וואסער־טרעגער, מיר זעען שוין די עמערס. ער דערנענטערט זיך צו אונזער לאך, ער שטעלט אוועק די עמערס אויף דר'ערד, דאס הארץ ציטערט אויף אין מיר... אבער גאט אליין האט אונז דאס מאל געוואלט באשיצן. דער וואסערטרעגער האט זיך טאקע אראפ־געבויגן טיף ביז דר'ערד, אבער, זייט מוחל, מיטן הינטן צו אונז. אבער דער סיגנאל: בלייבן ליגן! איך גיב א קוק אויפן זייגער. גאט מיינער! עס זענען אריבער נישט מער ווי 20 מינוט.

פלוצלונג, איך גלויב נישט מיינע אייגענע אויגן. איך זע דײטי

לעך א נייעם סיגנאל: אלץ איז אין אָרדענונג, מאַרש פֿאָראויס! ווי קעץ שפּרינגען מיר אַרויס פֿונם לאָך און מיר גייען איבערן הויף מיט געמאָסטענע טריט. מיין „אַקושערקע" גייט מיט אַן אַנדער וועג, כּדי צו דערגרייכן דאָס אָרט, וווּ זי מוז נעמען פֿאַר מיר געלט, א פּאַס און א רעוואָלווער. איך שפּאַן און האָב דאָס געפֿיל פֿון א מענטשן, וואָס ווערט באַשאָסן פֿון ביידע זייטן. איך באַמי מיך נישט אַרויסצואווייזן קיין אויפֿרעגונג, אָבער איך ווער פֿאַרצערט פֿון א ווונטש א קוק צו טון פֿון הינטן. א גליקלעכער געדאַנק: „איך מאַך שניי - קוילן, צום דאָזיקן צוועק בויג איך מיך אַראָפּ, בליק אין אַלע זייטן און גיי ווייטער. ווייסער בלענדנדער שניי. א הערלעכער קלאָרער מאָרגן, רעכטס — קליינע הייזלעך פֿול מיט זעלנער און וועכטער. פֿון הינטן אויפֿן באַרג די רעגירונגס־געביידע, וואָס קוקט מיט אירע 20 פֿענסטער־אויגן. אומגעפֿער 10 מינוט מוז איך אָפּן גיין פֿאַרביי זיי. קיינער באַמערקט מיך נישט, דאַן וואַש איך אָפּ דאָס פּנים מיט שניי, ווייש דערמיט אָפּ די בלוט־פֿלעקן, כ'שלינג גיריק דעם קאַלטן, ריינעם שניי.

„איך בין שוין האַלב פֿריי. אויף דעם אָפּגערעדטן אָרט טרעף איך זיך מיט דער „אַקושערקע". מיר באַטראַכטן דאָס בליזין, מיר באַהאַלטן דאָס געלט און שפּאַנען מונטער ווייטער.. מיר האָבן געמוזט גיין צופֿוס עטלעכע ווייאָרסט, אַרויפֿשטייגן אויף בערג, דורכשניידן טאָלן, כּדי צו געפֿינען אויף א באַשטימטן פּלאַץ פֿערד און וואָגן. איך האָב נישט געשפּירט קיין קעלט, אָבער דאָס האַרץ האָט שרעקלעך וויי געטון. כ'האָב קוים געקאָנט אָטעמען.מיר האָבן זיך געמוזט אײַלן, ווייל כּל־זמן מיר געפֿינען זיך נישט אויף יענער זייט בערג, וועט מען אונז לייכט קאָנען כאַפּן לויט די שפּורן אין שניי. מיך האָט געפּייניקט דער געדאַנק: צי וועט דער וואָגן זיין גרייט? שוין דאָס פֿינפֿטע מאָל אין משך פֿון צוויי חדשים ווי ער וואַרט אונז אָפּ. פֿיר מאָל האָט ער געוואַרט אומזיסט. צוויי ווייאָרסט פֿון באַשטימטן אָרט האָבן מיר באַקומען א סיגנאַל, און אין א קוסט האָט אויפֿגעטויכט א מענטש. מיר האָבן אים געזאָגט די פּאַראָלן, ער האָט א שאָקל געטון צו אונז מיטן קאָפּ. איך האָב שנעל אָפּגעוואַשן מיין פּנים אין טייכל,

איבערגעגעבן גריסן פאר מיינע תפיסה־חברים, ארומגענומען מיין פריינט, זיך אריינגעזעצט אין וואגן און — מארש״!

דער וואגן איז געפארן אין שנעלן טעמפא. די אויפגאבע באשטייט אין דעם, נישט אנצוטרעפן קיין שום מענטשן פון אקאטוי אדער פון דער אומגעגנט. נישטא קיין אפרו־סטאציעס, ווייל מען מוז אויסנוצן די צייט, ביז די תפיסה־באאמטע וועלן אנטדעקן גערשונים פארשווינדן ווערן. מיר האבן שוין אונטער זיך 50 וויארסט. עס רוקט זיך אן די פינסטערע סיבירער נאכט. ס׳איז דער 13־טער אקטאבער 1906. דער הימל איז באדעקט מיט שווארצע וואלקנס, א שארפער אייזיקער ווינט פארשיט דעם וועג מיט שניי. עס ברעכט אויס א זאווערוכע. די רייזנדע פארלירן דעם וועג. ס׳איז דריי אזייגער ביינאכט. „מיר שפאנען אויס די פערד, נעמען דאס געווער אין דער האנט און האלטן וואך. דער ווינט ברויזט, די ביימער קרעכצן און מיינע געדאנקען טראגן מיך דא צו אקאטוי, דא צום וויטן רוסלאנד. א שארפע קעלט דורכדרינגט מיין קערפער, די קליידער זענען דורכגענעצט פונם קרויט ביז צום העמד״.

דער מארגן קומט אן און די רייזנדע איבערצייגן זיך, אז זיי האבן ריכטיק געהאנדלט. זיי האבן די אויבערהאנט איבער דער מעגלעכער פארפאלגונג. די געפאר דראט זיי איצט פון פארנט, פונם שטעטל, צו וועלכן זיי דערנענטערן זיך. אויב מען האט שוין דארט דעם טעלעגראפישן באפעל, איז דער וועג זיכער פארשפארט. גערשוני וויל אריינקומען אין דערדאזיקער שטאט ערשט בין־השמשות־צייט. מיט שטארקן פיבער פירט דער פורמאן אריין גערשונין אין א הויז, פון וואנען ער נעמט שפעטער אונטער זיין ווייטערע רייזע צו מזרח צו, מיט דער הילף פון א פריינט. דער פריינט פירט אוועק גערשונין, א פארקליידעטן אלס בעטלער, צו דער באן און שטופט אים אריין אין א וואגאן, וואס פארט קיין וויטן מזרח. א זשאנדארם גיט גערשונין א פאר קלעפ, ווייל ער שטופט זיך מיט זיינע טראנטעס צווישן די פיינע הערן. „ווער וואלט דאס געגלויבט, אז א פעסטער קלאפ פון א רוסישן זשאנדאר זאל קאנען פארשאפן א רעוואלוציאנער אזויפיל נחת־רוח״, שרייבט גערשוני. די פינפטאגיקע רייזע איז גליקלעך פאריבער.

פון דער ענד־סטאַציע איז גערשוני געפֿאָרן מיט אַ שיף קיין יאַפּאַן. „ענדלעך פֿריי! — האָט גערשוני אויסגערופֿן אין נאַגאַסאַקי, — פֿרייהייט כּדי צו קעמפֿן, קעמפֿן פֿאַר דער פֿרייהייט"!

די דאָזיקע דרייסטע רייזע אין דעם קרויט־פֿאַס, מיט איר מאַנגל אין לופֿט, די רייזע פֿון הונדערטער ווערסט אין נאַסע קליידער ביי הויכער טעמפּעראַטור האָט אונטערגעגראָבן גערשונים געזונט, און געפֿירט צו זיין פּריצייטיקן טויט.

.IV

## ספּירידאָנאָווא ווערט אוועקגעשיקט

די גאַנצע קאַטאָרגע איז געווען צופֿרידן, וואָס גערשונים אַנטלויפֿן איז געלונגען, אָבער די פּאָליטישע לאַגע אין לאַנד האָט גאָר איינגיכן אַריינגעבראַכט אַ גרויסע ענדערונג אינם לעבן פֿון די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. עס איז געווען סוף 1906 און דער צאַריזם האָט מאָביליזירט זיינע כּחות צו נייע אָנגריפֿן. די מלוכה־דומע, וועלכע האָט געזאָלט איינשטילן די כוואַליעס פֿון דער פֿאָלקס־באַוועגונג, האָט פֿאַרקערט נאָך צוגעגאָסן בוימאייל אין פֿייער. פֿאַנאַנדערגעטריבן דורכן צאַר, האָבן זיך די דעפּוטאַטן צונויפֿגעקליבן אין דעם פֿינישן שטעטל וויבאָרג און אַרויסגעלאָזן אַן אויפֿרוף צום פֿאָלק נישט צו געבן קיין זעלנער, נישט צו צאָלן קיין שטייערן. די טעראָריסטישע באַוועגונג האָט זיך כּסדר פֿאַנאַנדערגעוואַקסן, און דעם 12־טן אויגוסט האָבן די סאָציאַליסטן־רעוואָ. מאַקסימאַליסטן אויסגעפֿירט אַ טעראָר־אַקט, וואָס איז ביז דאַן נישט געהערט געוואָרן אין דער געשיכטע פֿון טעראָר: זיי האָבן אויפֿגעריסן אין דער לופֿט די ווילע פֿונם פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין. אָבער סיי דער אויפֿרוף פֿון די מורדישע דעפּוטאַטן, סיי די מאַטראָזן־אויפֿשטאַנדן, סיי די טעראָר־אַקטן האָבן נישט געפֿונען קיין אָפּקלאַנג אין די ברייטע מאַסן, און די רעגירונג איז נאָך מיט מער חוצפּה צוגעטראָטן צו דערשטיקן די רעזערוון פֿון דער רעוואָלוציע. צו די דאָזיקע רע־

ערוון געהערן די תפיסות און די קאטארגע, ווו עס לעבט ווייטער אומדערשיטערט דער גייסט פון מרידה. און די רעגירונג האט באשלאסן צו לאזן זיי פילן איר שווערע נקמה־האנט. צוערשט האט די דאזיקע האנט דערשפירט אקאטוי, וואס האט געמוזט באשטראפט ווערן פאר גערשונים געלונגענעם אנטלויפן.

אנהויב 1907 זענען באזייטיקט געווארן פון זייערע אמטן די אלטע קאטארגע־פארוואלטערס און די נייע האבן באקומען די פארארדנונג געהארכזאם צו מאכן די פאליטישע ארעסטאנטן. עס האט געדארפט פארווירקלעכט ווערן אין לעבן דער אלטער קאטארגע־רעזשים, וואס זעט פאר די גלייכשטעלונג פון די פאליטישע מיט די קרימינעלע פארברעכער.

אין דער שפיץ פון דער אקאטוי־טורמע איז אוועקגעשטעלט געווארן דער דירעקטאר זובקאווסקי, אויף צו פארשטארקן די תפיסה־וואך איז געשיקט געווארן א ראטע זעלנער. די פרויען און קינדער פון די ארעסטאנטן, וואס האבן געלעבט נאנט פון דער תפיסה, זענען אין 24 שעה ארויסגעשיקט געווארן פון חאזיקן געביט, אלץ, וואס מען האט געבראכט פאר די ארעסטאנטן, איז שטרענג רעווידירט געווארן. אין די צעלעס זענען סיסטעמאטיש פארגעקומען רעוויזיעס. די באציונגען צווישן די ארעסטאנטן און דער דירעקציע זענען פון טאג צו טאג געווארן אלץ פארשארפטער. אבער דאס איז געווען בלויז דער אנהויב. דעם 6־טן יאנואר האט דער מיליטערישער גובערנאטאר געשיקט א באפעל צום דירעקטאר פון דער נערטשינסקער קאטארגע מען זאל צונעמען ביי די ארעסטאנטן זייער געלט, זייער אייגענע קיך, זייער רעכט איינצוקויפן אליין עסנווארג; מען זאל זיי אנטון ארעסטאנטן־קליידער, מען זאל צונעמען ביי זיי זייער אייגענע בעט־צייג, אלע זאלן לויטן געזעץ געשמידט ווערן אין קייטן; אלע ארעסטאנטינס, וואס געפינען זיך אין אקאטוי, זאלן תיכף אריבערגעפירט ווערן אין דער מאל־צעוו־תפיסה וואס איז באשטימט ספעציעל פאר זיי. דערמיט האט מען געמיינט ספירידאנאווא און אירע מיטקעמפעריננס. די־דאזיקע אלע פאראָרדנונגען האבן געדארפט אויסגעפירט ווערן ביזן 15 פעברואר.

עס איז כאראקטעריסטיש, אז אפילו דער דירעקטאר זובקאוו־

סקי האָט זיך נישט געקאָנט אַנטשליסן אויסצופירן די פאַראָרדנונג בנוגע די פרויען. ער האָט נישט געקאָנט פועלן ביי זיך צו שיקן די 6 פרויען, וואָס איינע פון זיי זענען שווער קראַנק געווען, אויף אַ 200־קילאָמעטער־רייזע אין אייזיקן פראָסט. ער האָט אָבער באַקומען פאָלגנדע טעלעגראַמע פון זיין שעף: „די נייע אינ־סטרוקציעס אומברחמנותדיק אויספירן. אַלע מענער און פרויען שמידן אין קייטן. אין פאַל פון אַקטיוון ווידערשטאַנד שיסן אויף די אַרעסטאַנטן ביז דער פולשטענדיקער אונטערדריקונג פון די אומרוען. אומבאַדינגט איינהאַלטן דעם טערמין פון איבערפירן אַלע פרויען אין דער מאַלצעוו־תפיסה. קראַנקהייטס־דערקלערונגען נישט נעמען אין אַכט. איר טראָגט די אחריות פאַר יעדע פאַר־שלעפונג. אַ סוף צו דער צאַרטקייט לגבי די אַקאַטויער, וואָס לעבן דאָרט אומגעזעצלעך צוליב דער שוואַכקייט פון דער פאַרוואַלטונג. ווער עס האָט שוואַכע נערוון זאָל אַוועקגיין".

ביי די אַרעסטאַנטן האָט געהערשט אַ שרעקלעכע אויפרעגונג. זיי האָבן דערין איינגעזען אַן אַטענטאַט אויף אַלע זייערע רעכט. חוץ דעם האָבן זיך צווישן די פרויען געפונען די קראַנקע ספּירי־דאָנאָוואַ און שקאָלניק, פאַר וועלכע אַזאַ רייזע איז פאַרבונדן געווען מיט לעבנס־געפאַר. די חברים האָבן באַשלאָסן נישט דערלאָזן אַוועקצופירן די דאָזיקע צוויי. „נישט געקוקט אויף מיין ענערגישן ווידערשטאַנד — האָט שפּעטער געשריבן ספּירידאָנאָוואַ, — איז דאָך אָנגענומען געוואָרן דער דאָזיקער פאַטאַלער באַשלוס פאַרן לעבן און זיכערקייט פון 150 חברים. מען האָט אָפּגעשמועסט אַנטקעגנצושטעלן זיך מיט געוואַלט, פאַרבאַריקאַדירן זיך אין אז. וו.".

דעם 12 פעברואַר האָט זובקאָווסקי אַריבערגעפירט קיין מאַל־צעוו פיר פרויען. אין אַ אויפגערעגטער טעלעגראַמע האָט ער מיט־געטיילט דעם קאַטאָרגע־שעף: „אָפּגעטראַנספּאָרטירט פיר פרויען. ספּירידאָנאָוואַ און שקאָלניק קראַנק, זאָגן זיך אָפּ מיטצופאָרן, כ'קאָן נישט אויספירן דעם באַפעל צוליב מאַנגל אין קליידונג. כ'בעט באַשטימען מיין נאָכפאָלגער, ווען איך קען איבערגעבן די תפיסה".

דעמזעלבן טאָג איז אָראָפּגעקומען קיין אַקאַטוי אַ דאָקטוירים־

קאָמיסיע, געשיקט פון קאָטאָרגע־דירעקטאָר. זי האָט אונטערזוכט ספּירידאָנאָוואַן און שקאָלניקן און דערקלערט, אַז די ביידע ווידער־שפּעניקע זענען נישט טראַנספּאָרטפּעיק. דידאָזיקע צייגניש וואָלט געגוג געווען פאַר יעדע אַרט קרימינאַל־פאַרברעכער. אָבער שוין אויף צומאָרגנס ביינאַכט איז אין פּרויען־קאָרידאָר דערשינען באַראָדולין, דער דירעקטאָר פון דער שכנותדיקער תּפיסה פון אַלגאַטשי, אַ געמיינער יונג, וואָס האָט גענומען אויף זיך אויסצופירן די געפערלעכע פאַראָרדנונג. לאָמיר לאָזן דערציילן וועגן דער־דאָזיקער נאַכט ספּירידאָנאָוואַן גופא:

„אין דער שפּיץ פון אַ גאַנצער באַנדע וואַך־זעלנער האָט זיך באַראָדולין אַריינגעריסן אין אונזער קאָרידאָר און אָנגעקלאַפּט אין דער איינצל־צעלע, ווו מאַניע שקאָלניק און איך זענען שוין געלעגן אין בעט. מיר האָבן געפאָדערט מען זאָל צו אונז אַרויס־רופן קאַרפּאָוויטשן און סאַזאָנאָוון. נאָך אַ קורצער אַמפּעריי האָט באַראָדולין נאָכגעגעבן. די נאַכטיקע ברוטאַליטעט פון פּלוצלינגן איבערפאַל, די דראָאונג צו טראַנספּאָרטירן אפילו נישט אָנגעטוערנערהייט, אפילו איינגעוויקלט אין קאָלדרעס, די דראָאונג תּיכּף צו באַנוצן געווער, דער באַוווסטזיין פון דער פולשטענדיקער שוצלאָזיקייט פון דער פרויען־אָפּטיילונג ביי איר אָפּגעשלאָסנקייט פון די מענער, — דאָס אַלץ האָט פולשטענדיק דערדריקט קאַרפּאָוויטשן און סאַזאָנאָוון. זיי האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון מענטשן, וועלכע מען האָט באַטויבט מיט אַ קלאַפּ פון אַ טעמפּן אינסטרומענט איבערן קאָפּ. איך האָב גערעדט אָן אויפהער, איך האָב זיך באַמיט צו איבערצייגן, ווי זינלאָז עס איז דער פּראָטעסט אין אונזער לאַגע, איך האָב זיך געבעטן רחמים מען זאָל אונז באַפרייען פונם אָנגענומענעם באַשלוס, כ׳האָב גע־בעטן אונז רייזנצוואַשן לגבי די חברים פאַר אונזער נישט האַלטן זיך אין אים. מיר האָבן געוואָלט אויסמיידן אַ בלוטפאַרגיסונג צוליב אונזערטוועגן.

סאַזאָנאָוו האָט געקוקט און געשוויגן אַזוי אומהיימלעך, אַז קאַרפּאָוויטש האָט זיך גענומען שרעקן פאַר אים. ער האָט אויס־געשריגן: „פאַרוואָס שוויגסטו? רייד, אַנטשלים זיך״! סאַזאָנאָוו האָט לאַנגזאַם אויסגעדרייט צו אונז זיין אַש־גרויעם פּנים, אָן

געזאָגט צו אונז, קוים באַוועגנדיק די ליפּן: „וואָס איז דאָ צו זאָגן? זי איז גערעכט".

ווען קאַרפּאָוויטש איז אַרוים אין קאָרידאָר צו ריידן מיט באַראָדולינען, איז סאַזאָנאָוו געבליבן אין אונזער צעלע צוצו־האַלטן די טיר, ווייל באַראָדולין האָט כּסדר געמאַכט פּרוּוון אַריינ־צודרייגען אין איר. בעתן איילקן אָנטון זיך, האָבן מיר געוואָלט אָפּשמועסן מיט אים פאַרשידענע זאַכן, אָבער זיין ריטערלעכע צניעות האָט צונישט געמאַכט אונזערע אַלע פּרוּוון. און ווען די שליטנס האָבן אונז אַוועקגעפירט פון אַקאַטוי, איז אונז נאָך גע־שטאַנען פאַר די אויגן זיין מאָגערע, אַביסל איינגעבויגענע הויכע געשטאַלט, זיין נישט בלאַס, נאָר גרוי פּנים מיט די פּלוצלונג איינגעפאַלענע שטריכן און די געשלאָסענע אויגן.

ווען מען האָט אונז אַרום פיר אינדערפרי געבראַכט אויף דער ערשטער צווישן־סטאַציע, וווּ עס האָבן איבערגענעכטיקט די פיר אָפּגעטראַנספּאָרטירטע חברטעס, האָבן מיר געפונען פאַר־שטענדעניש פאַר אונזער האַנדלונג. קיין איינע האָט נישט פראָ־טעסטירט, אָבער אַלע האָבן געשוויגן, איבערלעבנדיק אין זיך מיט טרויער דאָס געשעענע. איינע פון זיי — יעזוערסקאַיאַ, — האָט אין דער נאַכט געוואָלט באַגיין זעלבסטמאָרד, אָבער אַ חברטע איז געלונגען זי אָפּצוהאַלטן דערפון.

V.

## סאַזאָנאָווס פּרווו צו באַגיין זעלבסטמאָרד

אין איניקע טעג אַרום האָט סאַזאָנאָוו געשריבן צו זיין מוטער:

„צומאָרגנס נאָך דער דאָזיקער שרעקלעכער נאַכט איז געקומען נאָך אַ שרעקלעכער טאָג. באַראָדולין האָט אָנגעהויבן דורכצופירן זיינע רעפאָרמען. די תּפיסה איז פול געוואָרן מיט באַוואָפנטע זעלנער, מען האָט געהערט ווי באַראָדולין האָט זיי דערקלערט: „זייט קאַלטבלוטיק און שיסט ביים קלענסטן פּראָטעסט... טרעפט

נאָר נישט די תּפיסה־אויפזעער״. אין דער אָנוועזנהייט פון אונ־
זער פאָרשטייער האָט ער זיך געשפּילט מיט דעם רעוואָלווער אין
געזאָגט: „מיין ספּעציאַליטעט איז צו לאַקירן די תּפיסה. איך ווייס,
אַז מען קאָן מיך טויטן. איך האָב אָבער קיין מורא נישט, כ׳וועל
שפּרייזן איבער אייערע טויטע גופים״... דידאָזיקע דעמאָנסטראַ־
ציע פון ברוטאַלער געוואַלט, דורכגעפירט אויף אַזאַ פייערלעכן
אופן, איז געווען אייגנטלעך איבעריק. וואָרום וואָס באַדייט פאַר
מענטשן, ביי וועלכע מען האָט צוגערויבט ספּירידאָנאָוואַן, צו
טראָגן קייטן אויף די פיס? איצט זענען מיר געשמידט אין קייטן,
אָנגעטון אין אַרעסטאַנטן־קליידער, איינגעשלאָסן אין די צעלן.
גאַנצע פינף טעג האָט ביי אונז געוויילט דערדאָזיקער שטראָף־
דירעקטאָר, מיר האָבן אָבער אַזויפיל איבערגעלעבט, ווי עס וואָלטן
שוין פאַרגאַנגען יאָרן. נאָכן ברענגען די תּפיסה אין „אָרדנונג״,
האָט אונז נעכטן באָראָדולין פאַרלאָזן״.

די אויפרעגונג, וואָס די שאַרפע ענדערונג פון רעזשים האָט
אַרויסגערופן, איז נישט שוואַכער געוואָרן. די קאַטאָרגע־פּאַרוואַל־
טונג האָט באַשלאָסן אַריבערצופירן פון אַקאַטוי אין דער אַלגאַ־
טשי־תּפיסה, אין באָראָדולינס קעניגרייך, פּופּצן באַזונדערס „אומ־
רואיקע״ אַרעסטאַנטן. צווישן דידאָזיקע פּופּצן האָט זיך געפונען
אויך סאַזאָנאָוו, וועמען באָראָדולין האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך
געשוואָרן פּייניקן. די דראַמע איז נאָך נישט געווען פאַרענ־
דיקט, עס איז נאָך פאָרגעשטאַנען ערגערס.

* * *

אין דער נאַכט אויפן דריטן מערץ האָט מען סאַזאָנאָוון און
חברים געבראַכט קיין אַלגאַטשי. סאַזאָנאָוו איז געווען איבער־
צייגט, אַז אַ בלוטיקער צוזאַמענשטוים איז אומפאַרמיידלעך. צו־
מאָרגנס, — דערציילט ער אין אַ בריוו צו ספּירידאָנאָוואַן און די
איבעריקע חברטעס אין דער מאַלצעוו־תּפיסה, — האָבן מיר זיך
באַקענט מיט די חברים, וועלכע זענען געווען בכח שלום צו מאַכן
מיט באָראָדולינען. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס זיי האָבן
זיך געלאָזט אַראָפּדריקן צום ניוואָ פון קרימינעלע פאַרברעכער,
זיי לאָזן זיך דוצן, קאָמאַנדעווען מיט זיך, ווי מיט זעלנער, זיי
נעמען אַראָפּ אונטערטעניק די היטלען, שטעלן זיך אויף אַכטונג...

זייער דערנידעריקונג צווינגט אונז נאָך מער צום פּראָטעסט, כּדי צו דערהאַלטן די חשיבות פון פּאָליטישן ארעסטאַנט. דער קאָנ־פליקט איז אומפאַרמיידלעך. מען דאַרף אים וואָס פריער לי־קווידירן".

לאַנג האָט מען נישט געדאַרפט וואַרטן. באָראָדולין האָט באַ־פוילן אָנצוטון די ניי־געקומענע אין ארעסטאַנטן־קליידער און אָפּ־צוראַזירן זיי די קעפּ, לויטן תּפיסה־מנהג, אַפילו מען זאָל דערביי דאַרפן אָנווענדן געוואַלט. די רעוואָלוציאָנערן האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נאָר דער אָנהויב פון אַ גאַנצער רייע געוואַלט־אַקטן, און האָבן דעריבער באַשלאָסן נישט נאָכצוגעבן גלייך אין אָנהויב. דאָס, וואָס עס איז נאָכדעם געקומען, האָט סאַזאָנאָוו גופא גע־שילדערט אין אַ בריוו צום באַרימטן רוסישן דיכטער מעלשין, וועלכער איז פאַר צוואַנציק יאָרן אָפּגעקומען זיין שטראָף אַלס רע־וואָלוציאָנער אין דער זעלבער קאַטאָרגע.

„טיף אין דער נאַכט האָט מען אונז איינצלווייז געפירט אין קאַנצעלאַריע אונטער אַ שטאַרקער שמירה. דאָרט איז אַלץ געווען פייערלעך: אַ גרעלע באַלויכטונג, די אָנוועזנהייט פון אַלע תּפיסה־באַאַמטע, ביי די טירן — אַ וואַך. „די היטלען אַראָפּ! די היטלען אַראָפּרייסן! אויסטון! אויסטון מוטער־נאַקעט! ראַזירט זיי אָפּ מיט געוואַלט"! — האָט אָן אויפהער זיך געלאָזט הערן די קאָ־מאַנדאָ־שטים פון באָראָדולין, וועלכער פלעגט זיך דאָ באַווייזן פון שכנותדיקן צימער, דאָ ווידער זיך אויסבאַהאַלטן דאָרטן, הינטער אַ וואַנט באַגנעטן. די פּראָטעסטירנדיקע פלעגט מען כאַפּן, אַראָפּ־רייסן ביי זיי די גאַנצע קליידונג און וועש און אָפּראַזירן זייערע קעפּ. די ערשטע צוויי, באַזונדערס שטילמאַנען (אַ סאָציאַל־רעוואָ־לוציאָנערן יידישן ארבעטער), האָט מען שרעקלעך צעשלאָגן מיט ביקסן־קאָלבעס. באָראָדולין האָט נישט אויפגעהערט צו שרייען: „מיט דער קאָלבע איבערן קאָפּ! — איך וועל אייך ווייך מאַכן! דאָ איז נישט אַקאַטוי! אייערע ביינער אַפילו וועלן פאַרשווינדן"! דאָס אַלץ איז געשען נישט געהיים, נאָר אין אַ פייערלעכער אַט־מאָספער, פאַר די אויגן פון אַ צאָלרייכן עולם. ארום האַלבע נאַכט האָבן מיר זיך ווידער אַלע געפונען אין אַ צעלע און לויט פאַר־שיידענע באַריכטן האָבן מיר געקאָנט קאָנסטרואירן דעם פולן

בילד פון פארברעכן, וואָס איז קעגן אונז באַגאַנגען געוואָרן... עס איז געווען קלאָר: עס שטייט אונז נאָך פאָר אַ לאַנגער שווערער וועג...

היות עס איז געווען קלאָר, אַז באַראָדולין זוכט אַן אויס־רייד, כּדי אונז צו קוועלן, און היות ער קאָן זייער לייכט געפינען אַזעלכע אויסריידן, — האָבן מיר באַשלאָסן נישט מאַכן קיין שום קאָנצעסיעס דער דיסציפּלין און דעם תּפיסה־רעזשים. מיר האָבן באַשלאָסן נישט אויסצופירן מיליטעריש־געגעבענע באַפעלן, נישט אָפּרופן זיך אויף דוצן און נישט אַראָפּנעמען די היטלען". דאָ רייסט סאַזאָנאָוו איבער, אפשר כּדי נישט צו דאַרפן רעדן וועגן זיך. אָבער אין אַ בריוו צו ספּירידאָנאָוואַן, וואָס איז נישט געווען באַשטימט פאַר דער עפנטלעכקייט, האָט ער געשילדערט די שווי־דערלעכע נאַכט: „מיר זענען געזעסן און האָבן געוואַרט. טיילוויז, כּדי צו דערהאַלטן די שטימונג, טיילוויז אויך צו להכעיס, האָט מען אָנגעהויבן זינגען. דאָס איז געווען שוין איינמאָל אַ געזאַנג: עפּעס שרעקלעכערס האָב איך מיין לעבן לאַנג נישט געהערט! כ'האָב נישט געוווּסט, וווּהין אַנטלויפט מען פאַר אים. איך האָב באַהאַלטן מיין נאָז אין דער נאַרע. די חברים האָבן מיך געצוווּנ־גען אויפצושטיין: „לאָזט נישט אַראָפּ דעם קאָפּ! איר שרעקט אָן מיט אייער שטימונג"! איך בין אויפגעשטאַנען און גענומען אַרומשפּאַצירן: די פּיס האָבן זיך געוואַקלט און געציטערט... ווי צופרידן בין איך געווען, ווען דערדאָזיקער געזאַנג האָט ענדלעך אויפגעהערט: מען האָט זיך געזעצט שרייבן געזעגענונגס־בריוו. איך האָב נישט געשפּירט קיין מורא, נאָר אַן אומענדלעכע פאַר־צווייפלונג, וואָס איך מוז שטאַרבן מיט אַזאַ עלנטן טויט. דער צער פאַר יענע, וואָס וועלן שפּעטער טרויערן איבער מיר, האָט אַרויסגערופן אין מיר אַ מין שאַנד־געפיל. ביינאַכט האָט מען לויט דער ריי נאָך געהאַלטן וואַך. עס איז געווען טיפע נאַכט, ווען איך בין געלעגן שלאָפלאָז. אין משך פון טאָג איז אין מיר רייף גע־וואָרן אַ באַשלוס: וואָס מער איך האָב געטראַכט וועגן אים, אַלץ מער האָט ער אויסגעזען אין מיינע אויגן אַלס דער ווירדיקסטער אויסוועג פון דער לאַגע. עס וועט אינגיכן קומען צו מאַסן־צע־שלאָגונגען, אפשר אויך שמיץ... אפשר אַ לאַנגזאַמע פּייניקונג, אַז

איבערחזרונג פון דער סצענע פון נעכטיקן קבלת־פנים... דורך מיין פרייוויליקן טויט קאן איך נאך ראטעווען די אנדערע... דאס איז נישט פחדנות, נאר דאס צוועקמעסיקסטע, וואס איך האב געקאנט טון. און איך האב איינגענומען דעם מארפיום, וועלכן איך האב מיטגענומען פון אקצטוי: אבער דער, וואס האט מיר אים געגעבן, האט מיר אפגעטון א שפיצל: די דאזע איז געווען צו קליין. איך בין איינגעשלאפן, כדי שפעטער צו דערוואכן מיט שרעקלעכע קאפ־שמערצן און ברעכן. דאס לעצטע, וואס איך האב נאך פארמאגט, איז פארלוירן געגאנגען".

עס זענען פאריבער עטלעכע טעג אין דערדאזיקער שרעקלע־כער שטימונג. „דאס זענען געווען טעג פון פארמשפטע, וואס ווארטן אויף דער עקזעקוציע. יעדן טאג, יעדע שעה, יעדע מינוט ביים האלטן וואך אין דער נאכט, האבן מיר געמיינט, אט קומט באלד דער תלין, כדי ענדגילטיק מאכן א סוף מיט אונז. דעם ה־טן מערץ איז ער טאקע געקומען... דער חבר ריבניקאוו האט בא־געגנט באראדולינען אין קארידאר, נישט אראפגענומען דאס היטל פאר אים און איז דערפאר אפגעפירט געווארן אין דער פינסטע־רער צעלע. מיר האבן געהאט א גרונד אנצונעמען, אז מען וועט אים דארט שלאגן אדער טאן נאך ערגערס. דעריבער האבן מיר ארויסגעפאדערט באראדולינען און געדראט אויפצוברעכן די טיר, אויב ער וועט נישט קומען. באראדולין איז געקומען אין בא־גלייטונג פון זעלנער. עס איז געפאלן די קאמאנדע: „אכטונג, אויפשטיין"! נישט אויפהויבנדיק זיך, האבן מיר דערקלערט: „מיר וועלן נישט אויפשטיין. גיט אונז צוריק דעם חבר, אדער פירט אונז אלעמען אפ אין דער פינסטערער צעלע, ווייל ריבניקאוו איז נישט שולדיקער פאר אונז". „שווייגט! איך נעם וועמען איך וויל. נעמט אט די, — האט באראדולין א געשריי געטון, אנווייזנ־דיק אויף צוויי חברים, וואס זענען געזעסן ביי א זייט. די זעלנער האבן שוין געוואלט נעמען די באשטימטע קרבנות, אבער מיר האבן זיי א כאפ געטון און נישט אפגעלאזן. „מיט די ביקסן־קאל־בעס איבער די קעפ"! — האט באראדולין געברילט. ס'איז גע־קומען צו א געשלעג. „ריטער אהער"! — האט באראדולין בא־פוילן, און שוין זענען געבראכט געווארן קנוטן. מיר האבן זיך

צוזאַמענגעקנוילט, אָנגענומען זיך פאַר די הענט און געבילדעט א געשלאָסענע קייט... די זעלנער זענען אונז ווידער באַפאַלן; פאַרהיהשט, מיט אויסגעשטשירעטע ציין האָבן זיי אונז גענומען שלאָגן מיט די קאָלבעס. באַלד זענען שוין דריי חברים געלעגן אויף דער ערד. איינער האָט געהאַט א ווונד אין קאָפּ, דעם צווייטנס פּנים איז געווען באַפלעקט מיט בלוט, דער דריטער האָט געקרעכצט כּמעט אָן באַוווסטזיין, האַלטנדיק זיך ביי דער ברוסט. די זעלנער האָבן איינעם פון אונז פאַרשלעפּט אין דער פינסטערער צעלע, און איצט זענען זיי געשטאַנען פאַר אונז, באַטראַכטנדיק די פּרוכט פון זייער זיג. פון אונטער זייערע רוקנס האָט אַרויסגעקוקט באַראַדולין... עס איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים דאָסמאָל אָפּגעהאַלטן אויסצופירן די עקזעקוציע איבער אונז. ער האָט בלויז באַפוילן צוצונעמען ביי אונז דאָס בעטצייג, נישט געבן אונז קיין וואַרים עסן, נישט פירן אויף שפּאַציר, אַריינצושטעלן דעם שמוץ־עמער (די „פּאַראַשאַ'') אין דער צעלע אויף א גאַנצן טאָג''. סאַזאָנאָוו האָט פאַרענדיקט זיין בריוו צו מעלשינען מיט פאָלגנדע ווערטער: „איצט איז אַלץ מעגלעך... אונזער איינציקער אויסוועג איז — אין לעצטן אויגנבליק צווינגען דעם תּלין אונז צו טויטן... מיר זענען רואיק מיט יעדער רו, מיט וועלכער דער פאַרמשפּטער דערוואַרט זיין טויט. אָבער שטאַרבן מיטן טויט פון אַן אַקטיוון קעמפער איז א גאַנץ אַנדער זאַך, ווי צו פאַלן אַלס קרבן פון הפקרות פון א נישטיקן באַראַדולין''.

באַראַדולין האָט אָבער איינגעזען, אַז ער איז שוין צו ווייט אַוועק. נאָך דעם 5־טן מערץ האָט ער אויסגעמיטן צו קומען אין תּפיסה. גאָר גיך האָט ער באַפוילן ווידער אַרויסצוגעבן די אַרעסטאַנטן בעטצייג און וואַרים עסן. ער האָט זיך באַמיט איינצושטעלן מיט די אַרעסטאַנטן אַנדערע באַציאונגען.

דערווייל זענען אָבער דערגאַנגען קיין פּעטערבורג די גרויליידיעות וועגן די געשעענישן אין אַלגאַטשי. א גאַנצער חודש איז פאַרגאַנגען ביז די עפנטלעכקייט האָט זיך דערוווסט וועגן זיי. ערשט דעם 5־טן אַפּריל האָט דער סאָצ.־רעוואָלוציאָנערער דומע־דעפּוטאַט אוספּענסקי באַקומען א טעלעגראַם וועגן די געשעענישן. די טעלעגראַמע איז געוואָרן דער אויסגאַנגס־פּונקט פאַר דעם באַרימטן

ענערגישן אָנגריף פֿון די סאָצ.־רעוו. און סאָצ.־דעמאָקראַטן קעגן דער רעגירונג אין דער 2־טער דומע. אוספּענסקי האָט פֿאַרגעלייענט פֿון דער טריבונע אויסצוגן פֿון סאַזאָנאָווס בריוו. דאָס באַקאַנט־געוואָרענע פֿאַרברעכן פֿון אַלגאַטשי האָט אין לאַנד אַרויסגערופֿן אַ טיפֿע רעוואָלוציאָנערע ווירקונג. שוין דעם 28־טן מאַי האָט די סאָצ.־רעוואָלוציאָנערין שטשוקינאַ געטויט דעם קאַטאָרגע־דירעקטאָר מעטוס אין דער שטאָט טשיטאַ. דאָס איז געווען אַ וואָרנונג פֿאַר דער גאַנצער תּפֿיסה־ביוראָקראַטיע אין סיביר.

גאָראָדולין האָט פֿאַרשטאַנען די וואָרנונג. ער האָט געפּרוווט אָפּצודינגען זיין לעבן ביי די דורך אים נאָרוואָס געפּייניקטע רעוואָלוציאָנערן. גאָר אינגיכן איז פֿאָרגעקומען אַ כאַראַקטעריסטישער שמועס צווישן אים און סאַזאָנאָוון, וועלכן ער האָט איינגעלאַדן צו זיך אין קאַנצעלאַריע. גאָראָדולין האָט אים געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז זייער לעבן איז מחוץ פֿון יעדער געפֿאַר. — „איר קענט מיך נישט. ווען מיר וועלן לענגער לעבן צוזאַמען, וועט איר זיך איבערצייגן, אַז איך בין ווייט נישט קיין חיה. און פֿאַרוואָס טראָגט איר קעגן מיר אַזאַ האַס? איך דערפֿיל דאָך גאָר, וואָס מען באַפֿעלט מיר. איך ווייס, אַז מען וועט מיך טויטן. איך האָב קיין מורא נישט, ס׳וואָלט אָבער געווען אינטערעסאַנט צו וויסן, פֿאַרוואָס? —

— „איר ווייסט עס פּונקט ווי גאַנץ רוסלאַנד", — האָט סאַזאָנאָוו געענטפֿערט.

דאַן האָט גאָראָדולין גענומען בעטן סאַזאָנאָוון, ער זאָל שרייבן אויפֿן באַשטימטן אָרט, מען זאָל אים וואָס שנעלער טויטן! „דאָס פּיינלעכסטע איז, — האָט ער געזאָגט — צו וואַרטן. זאָל דאָס בעסער געשען שנעלער. שרייבט דעם בריוו, איך גיב אייך מיין וואָרט, אַז איך וועל אים אָפּשיקן". סאַזאָנאָוו האָט אים דערויף אָנגעוויזן, אַז שוין דערדאָזיקער שמועס באַווייזט, אַז ער גופֿא פֿילט זיך שולדיק און איז ווערט דעם טויט. „איז הייסט עס צייט צו באַשטעלן אַ טרומנע און גראָבן אַ קבר הינטערן בערגל"? — האָט זיך גאָראָדולין געווענדעט מיט אַ נעבעכדיקן שמייכל צו די תּפֿיסה־אויפֿזעער.

## VI.

# שטראָף פֿאַר אַלגאַטשי

אינגיכן נאָכן אויבנגעבראַכטן טראַגישן שמועס, האָט מען אויף באַראָדולינען געמאַכט אַן אַטענטאַט אין אירקוטסק; ער איז אַרויס גאַנץ. ער האָט גענומען אורלויב און אַוועקגעפֿאָרן קיין פּסקאָוו, אויפֿן צווייטן עק רוסלאַנד. דאָ האָט ער זיך געוואָלט שיצן פֿאַר די טעראָריסטן. אָבער ער האָט זיך נישט אַרויסגעדרייט פֿון זיין געחתמעטן גורל. סוף אויגוסט 1907 זענען די טעראָריסטן אָנגעקומען קיין פּסקאָוו. פֿאַרן אַטענטאַט האָבן זיי אויסגעוויילט יענע שעה, ווען באַראָדולין האָט געמאַכט זיינע געזעגנונגס־וויזיטן, ווייל זיין אורלויב האָט זיך געהאַלטן ביים ענדיקן. אין מאָמענט, ווען באַראָדולין האָט פֿאַרלאָזן דאָס הויז פֿון פּסקאָווער תּפֿיסה־דירעקטאָר און זיין קאַטש איז געפֿאָרן לענגאויס דער גאַס, איז אים אַנטקעגנגעלאָפֿן אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער און האָט אָנגעכאַפּט דעם פֿערד ביים צוים. דער קוטשער, וואָס האָט גאָרנישט הושד געווען, האָט אַ געשריי געטון צו אים: „לאָז אָפּ, מאַך נישט קיין שטיק"! אין זעלבן אויגנבליק איז אַ צווייטער טעראָריסט אַרויפֿגעשפּרונגען אויפֿן טרעפּל פֿון קאַטש און האָט געטויט באַראָדולינען אויפֿן אָרט מיט איין שאָס. בעתן נאָכיאָגן די טעראָריסטן, האָט מען איינעם געכאַפּט. ער האָט נישט געלייקנט זיין טאַט, אַלס מאָטיוו האָט ער אָנגעגעבן: די גרויזאַמע באַהאַנדלונג פֿון די אַרעסטאַנטן אין נערטשינסקער קאַטאָרגע. ער איז פֿאַרמשפּט געוואָרן צום טויט; אין אַ טאָג אַרום האָט מען אים אויפֿגעהאָנגען.

די דראַמע פֿון אַלגאַטשי האָט געפֿאָדערט נאָך אַ קרבן־חטאת. נאָך משיטאַ איז די ריי געקומען אויף פּסקאָוו, נאָך פּסקאָוו — אויף פּעטערבורג. דעם 15־טן אָקטאָבער פֿון זעלבן יאָר איז אין אויפֿנאַם־צימער פֿון דער צענטראַלער תּפֿיסה־פֿאַרוואַלטונג אַרייַנ־ געקומען אַ יונגע פֿרוי עלעגאַנט געקליידעט און שטאַרק פֿאַרפֿי־

מירט. די פרוי האָט רואיק דערקלערט, אַז זי וויל רעדן פּערזענלעך מיטן דירעקטאָר פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג מאַקסימאָווסקי.

דידראָזיקע 21־יאָריקע טאַליאַ ראַגאָזיניקאָוואַ האָט געהאַט הינטער זיך אַ שלאָפלאָזע נאַכט. זי האָט געשריבן אירע געזעגענונגס־בריוו. זי האָט אויפגענייט אַ ביוסט־האַלטער און אים אָנגעפילט מיט דרייצן פונט דינאַמיט. אויפן וועג צום פאַרוואַלטונגס־בנין האָט זי אויסגעקליבן יענע גאַסן, וווּ זי האָט געקאָנט געפינען צום מערסטן קינדער. אין עטלעכע שעה אַרום האָט זי דערשאָסן מאַקסימאָווסקין אויף טויט. אין דעם אַנטשטאַנענעם טומל האָט זי נישט געמאַכט קיין פּרווו צו אַנטלויפן. „פאַרוואָס האָט איר געטויט דעמדראָזיקן גוטן מענטשן״? — האָט מען זי געפרעגט. „פאַרוואָס האָט ער פאַראָרדנט קערפּער־שטראָף פאַר די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן״? האָט זי געענטפערט... מען האָט זי אַריינגעפירט אין אַ צימער, וווּ מען האָט אַריינגערופן פרויען, כּדי דורכצופירן ביי איר אַ פּערזענלעכע רעוויזיע. ראַגאָזיניקאָוואַ האָט אויסגעשריגן צו זיי אין גרעסטער אויפרעגונג: „היט זיך! איר וועט צעריסן ווערן אויף שטיקער! האָט רחמנות אויף די, וואָס וויינען דאָ״!

דאַן האָט מען גערופן אַן אַרטילעריע־אָפיציר. ראַגאָזיניקאָוואַ האָט לײַדנשאַפטלעך פּראָטעסטירט קעגן דעדראָזיקער רעוויזיע, ווייל זי האָט געהאָפט אַריבערגעפירט צו ווערן אין בנין פון דער „אָכראַנאַ״, וווּ זי האָט געוואָלט אויפרייסן דידאָזיקע פאַרהאַסטע געביידע מיט זיך צוזאַמען. איצט האָט זי געזען, ווי איר פּלאַן ווערט צעשטערט. מען האָט זי אומגעוואָרפן, אויסגעטון נאַקעט, געפונען אויף איר לייב די שוואַרצע שנורן פון די דעטאָנאַטאָרס און 13 פונט דינאַמיט. אין אַ טאָג אַרום איז זי געשטאַנען פאַרן קריגס־געריכט, פאַר וועלכן זי האָט קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט. אין צוויי טעג אַרום האָט מען זי געפירט צו דער עקזעקוציע. די זעלנער, וואָס האָבן זי באַגלייט, האָבן דערציילט, אַז ראַגאָזיניקאָוואַ איז געווען מיט זיי האַרציק און דעם גאַנצן וועג האָט זי געזונגען. זי האָט געבעטן דעם אַמטירנדיקן אָפיציר אָפּצוהאַלטן די עקזעקוציע ביזן זונאויפגאַנג. אָבער די אָנטיילנעמער פון דעדראָזיקער צערעמאָניע האָבן זיך געפילט אַזוי פיינלעך פון דעם

יונגן מיידלס אומבאגרייפלעכער פרייד, אז זיי האָבן זיך געאײַלט אַ סוף צו מאַכן צום דאָזיקן לעבן. מען האָט זי אויפגעהאָנגען פאַרן זונאויפגאַנג. אין אַ קורצער צייט נאָכדעם איז יענער אָפיציר אַוועק אין דעמיסיע.

דאָגאָזיניקאָוואַס לעצטע ווערטער צו אירע קרובים זענען גע־ווען: „איך זאָג אייך, אַז איך שפּיר נישט קיין מורא... דער טויט איז פאַר זיך אַליין גאָרנישט. שרעקלעך איז צו שטאַרבן, ווען מען האָט נישט פאַרווירקלעכט אין לעבן דאָס אַלץ, וואָס מען האָט געקאָנט טון... נאָר די העכסטע פליכט האָט מיר געצוווּנגען צו גיין מיין וועג. ניין, אויך די פליכט נישט, נאָר די ליבע, אַ גרויסע ליבע צו די מענטשן. ווי שיין עס איז ליב צו האָבן מענטשן"!

אָט אַזוי זענען פאַרקניפּט געווען רעוואָלוציע און רעאַקציע, וועלכע זענען געשטאַנען קעגנאיבער אין טויטלעכן קאַמף. אָט אויף אַזאַ אופן זענען די פּראַכט־פּאַלאַצן פון דער צאַרישער רע־גירונג פאַרבונדן געווען אונטערערדיש מיט די קאַטאָרגע־הײלן. און פּונקט ווי ערדציטערנישן לאָזן זיך שפּירן אין ווייט־ליגנדיקע געגנטן, אַזוי זענען אויך פּילבאַר געוואָרן אין פּעטערבורג די פאַרברעכן פון אַלגאַטשי, וואָס ליגט טויזנטער קילאָמעטער פון איר.

* * *

נאָך באָראָדולינס פאַרשווינדן פון אַלגאַטשי, האָבן די אַר״עס־טאַנטן אַביסל פריי אָפּגעאָטעמט. אָבער לאַנג האָט דאָס נישט גע־דויערט. איזמאַילאָוו, דער נייער תּפיסה־דירעקטאָר, איז געווען אַ מאָנ־סטרום פון אַ גאַנץ באַזונדערן מין. הערדאָזיקער קאָזאַקן־אָפיציר האָט זיך אַפילו געקליגט אַריבערצושטייגן זיין פאָרגייער. „איצט האָט זיך שוין מער נישט געהאַנדלט וועגן אויספירן די פאַראָרדנונגען פון די העכערע שטעלן, אויך נישט וועגן דער פּלאַנמעסיקער פאַרווירק־לעכונג פון יעדן בוכשטאַב פון תּפיסה־רעזשים, נאָר וועגן דעם ווילדן שטראָם פון אומגעצוימטער קאָזאַקישער ווילקיר, וואָס האַנדלט לויטן פּרינציפּ — איך בין געוואַלט און קאָן אַלץ טון". סאַזאָנאָווס דאָזיקע ווערטער גיבן אַ ריכטיק בילד פון דער פאַר־זעניש. איזמאַילאָוו איז באַזונדערס געגאַנגען אין דעם צו צע־שמעטערן די ווירדע פון רעוואָלוציאָנער, צו צווינגען אים צום

אפענעם הכנעהדיקן געהארכזאם: ער האט אזוי לאנג געפייניקט די ארעסטאנטן, ביז ער האט דערגרייכט, אז ביי זיין דערשיינען אין דער צעלע און „באגריסן", פלעגן זיי אים קוקן אין סאמע אויג אריין. „מען קאן קענען אים נישט קעמפן, ווי קענען א נאטור־עלע־מענט, — האט שפעטער געשריבן סאזאנאוו. — מען קאן זיך אים אדער אונטערווארפן און ווערן א קנעכט פון זיינע קאפריזן, אדער... שטארבן".

די לאגע פון די פאליטישע ארעסטאנטן איז געווארן אונטער איזמאילאווס טיראניע אזוי אומדערטרעגלעך, אז דעם 25־טן יולי האבן זיי באשלאסן צו דערקלערן א הונגער־שטרייק, הגם זיי האבן נישט געהאט די קלענסטע האפענונג אויף דערפאלג. סאזאנאוו און די אנדערע האבן געשיקט צו איזמאילאוון פאלגנדע דערקלערונג:

„מען האט אונז שוין געשלאגן מיט ביקסן־קאלבעס; מען האט אונז געדראט צו שמייסן; איצט דערווארטן מיר בלויז דעם טויט. מיר האבן זיך אנטשלאסן מער נישט אנצונעמען קיין עסן און אזוי לאנג הונגערן, ביז מען וועט אונז לאזן לעבן אין דער־טרעגלעכע באדינגונגען, אדער ביז דער טויט וועט אונז באפרייען פון דער געוואלט פון אונזערע פייניקער".

אזוי ארום איז דער דאזיקער הונגער־שטרייק אין גרונט גע־נומען געווען א גרייטשאפט צו זעלבסטמארד. אבער אומדערווואר־טעט פאר די ארעסטאנטן האט דער דאזיקער הונגער־שטרייק גע־האט דערפאלג נאכן זיבעטן טאג. סאזאנאווס נאמען האט אין מערץ ד. י. צו שטארק געהאט אויפגערודערט דאס לאנד, די הע־כערע מאכט זאל קאנען באגאטעליזירן דעם הונגער־שטרייק, וועלכן ער האט דערקלערט. איזמאילאוו איז צייטווייליק באזייטיקט גע־ווארן פון זיין אמט. דאס לעבן פון סאזאנאוו און זיינע חברים איז געראטעוועט געווארן. אין אויגוסט האט מען סאזאנאוון ארי־בערגעפירט פון אלגאטשי קיין גארני־זערענטוי. פאר אים און אלע, וואס זענען דא אריבערגעפירט געווארן, איז געקומען א לייכטערע צייט.

אבער אין א חודש ארום איז איזמאילאוו ווידער אומגעקערט געווארן אויף זיין אמט. די לאגע פון די אלגאטשיער פאליטישע

ארעסטאנטן איז אונטער דער מאכט פון טריאומפירנדן און נקמה־דורשטיקן טיראן געוואָרן אזוי אומדערטרעגלעך, אַז זיי האָבן „גע־טרוימט וועגן טויט, ווי וועגן אַ רעטער". מיר וועלן נאָך וועגן איזמאילאָוון הערן. דאָס מארטיריום פון דער קאטאָרגע האָט נישט אויפגעהערט אויף קיין איין אויגנבליק. אויב עס פלעגט שוואכער ווערן אין איין תפיסה פון נערטשינסק, פלעגט עס דערפאר נאָך מיט מער גרויזאמקייט אויפפלאמען אין אַן אַנדערער.

פון די קאטאָרזשניקעס וועלן מיר איצט איבערגיין צו די קאטאָרזשאנקעס, וועלכע זענען אין פעברואר 1907 אַפּגעטראנס־פּאָרטירט געוואָרן אין אַ אייזיקער נאכט אין מאלצעווער פרויען־תפיסה.

# VII.

## די פרויען־קאַטאָרגע אין מאַלצעוו

די פרויען קאטאָרגע אין מאלצעוו איז געווען אַ גרוי איינ־שטאָקיק הילצערן הויז, לאַנג ווי אַ יאַשטשעריקע. קרומע ווענט, צעבראָכענע טרעפּ, נישט קיין גלייכמעסיקע פענסטער. דריי צעלן פאַר די קרימינעלע פאַרברעכערינס, דריי — פאַר די פּאָליטישע. די צעלן זענען געווען ענג, די ווענט העסלעך, די פענסטער, מיט די שוואַרצע קרומע ראַמען און פאַרזשאַווערטע קראַטעס, עקלהאַפט, די הילצערנע בעטן, — פון פאַרשידענער גרויס. דידאַזיקע שיל־דערונג פון דער שוין ריין־אויסערלעך אָפּשטויסנדער תפיסה גיט אירינאַ קאַכאָווסקאַיאַ, איינע פון די שענסטע געשטאַלטן צווישן די רוסישע רעוואָלוציאָנערינס. און דאָך האָבן די רעוואָלוציאָנע־רינס אויך אין דידאַזיקע גרויליקע באַדינגונגען פאַרשטאַנען צו פירן אַ ווירדיקן און גייסטיק־פּרוכטבאַרן לעבן.

איבער יעדן בעט האָבן די ארעסטאַנטינס אויפגעהאָנגען זעלבסט־אויסגעאַרבעטע פּאָליצקעס אויף ביכער; לעבן יעדן בעט איז געשטאַנען אַ קליין געפלאָכטן פוס־בענקעלע. זיצנדיק אויפן דאַזיקן פוס־בענקעלע, האָבן די ארעסטאַנטינס געקאָנט ארבעטן

אויף די בעטן, וואָס פלעגן פאַרוואַנדלט ווערן, מיט דער הילף פון עטלעכע ברעטער, אין שרייבטישן. די מיטאָגן פלעגט מען עסן קיים לאַנגן צעלן־טיש; צוליב מאַנגל אין געפעס, פלעגט מען עסן גרופנווייז פון איין זופּ־שיסל. דאָס עסן איז געווען קנאַפּ און אָרים. יעדן מיטאָק די זעלבע קאַרטאָפל־זופּ. צום אָוונט־ברויט האָט מען יאָרן לאַנג געגעבן גרעטשענע קאַשע, אָדער אַ „בלויע גריץ" (בלוי איז זי געווען פון אייזערנעם קעסל). פון ברויט פלעגן די אַרעסטאַנטינס מאַכן זייער פיינע סוכאַרעס, אַלס ערזאַץ פאַר צוקער־געבעקס. פעריאָדן פון הונגער פלעגן אָפּגעביטן ווערן דורך קורצע זאַטקייט־פּויזעס, ווען פון דרויסן פלעגן אָנקומען פּאַקעטן מיט עסנוואַרג אָדער געוויסע סחורות — פאַר דער דערלויבטער סומע פון 4 רובל 20 קאָפּיקעס אַ חודש. פאַר קראַנקע פלעגט מען אַמאָל קויפן מילך, פּוטער, פלייש. „אין דער ערשטער צייט איז שווער געווען אויסצוהאַלטן, — האָט געשריבן קאַכאָווסקאַיאַ, — אָבער שפּעטער האָט מען זיך צוגעוווינט. און אָפטמאָל, ווען די ווענט זענען געווען אויסגעקאַלכט, דער דיל אויסגעוואַשן און איבערן בעט צוקאָפּנס איז געהאָנגען אַ פאַרביק פּאָסט־קאַרטל, האָבן מיר זיך דאָ געפילט אפילו געמיטלעך".

דער צאַריזם האָט געוואָלט פאַראורטיילן די ספּירידאָנאָוואַס, די איזמאַילאָוויטשס, די קאַכאָווסקאַיאַס צו פירן אַ נאָנישן שאָטן־לעבן אין אַ פּאָליטישן קלויסטער, אָבער זיי האָבן פאַרוואַנדלט זייערע קלויסטער־צעלן אין ערטער פון לעבעדיקסטן גייסטיקן לעבן. איינע פון די ייִנגסטע פּאָליטישע אַרעסטאַנטינס, קאַכאָווסקאַיאַ, האָט געגעבן אַ וווּנדערבאַר בילד פון דאָזיקן אַקטיוו־פאַרגייסטיקטן לעבן. קיין שום היסטאָריקער וועט נישט קענען געפינען קיין לעבעדיקערע און עכטערע ווערטער אויף באַשרייבן דעמדאָזיקן פּרויעןקאָלעקטיוו, ווו יעדע געשטאַלט האָט זיך פאַרוועבט מיטן כּלל און דאָך אויפגעהיט איר מענטשלעכע אייגנאַר־טיקייט.

„די גאַנצע וועלט איז איינגעשלאָסן אין אונזערע פיר ווענט, די הויכע שטיינערנע ווענט, די שטאַרקע וואַך הינטער זיי, די אומענדלעכע בערג אַרום און אַרום, די דריי הונדערט ווייאָרסט פון אַן אייזנבאַן, — דאָס אַלץ זענען ערוב, אַז מיר וועלן נישט

אנטלויפן. אזוי אַרום מוזן מיר אונזער דאָזיקע וועלט פאַרוואַנדלען אין אַ גרויסע און אינהאַלטסרייכע. דאָס פעלן פון דער נאַטור, פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, פון פּאָליטישן קאַמף מוז מען זען קאָמפּענסירן דורך עפּעס גלייכוועדטיקס. אַנישט וועסטו זיך אומקערן אויף דער פריי אַלס גייסטיקער קריפּל. די דאָזיקע קאָמפּענסאַציע קאָן מען דאָ באַקומען בלויז דורך דער געמיינשאַפט פון די חברים און דער וועלט פון די ביכער. און ביידע זענען פאַר אונז געווען אין משך פון אַ סך יאָרן אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון לעבן, זאָרגן און פריידן...

...דאַן פלעגט קומען דער ווינטער מיט זיין ביטערער קעלט. די געביידע איז געווען פּראָסטיק. וואַסער, אויסגעגאָסן אויפן דיל, פלעגט תיכף געפרוירן ווערן. אייז איז געהאָנגען אויף די ווענט, געלעגן אונטער די בעטן. די אויוונס האָבן שלעכט געוואַרימט. ס'האָט געפעלט קליידונג. מיר פלעגן שרעקלעך געפרוירן ווערן דורך די נעכט און בייטאָג; בלויז דורך טיי פלעגן מיר זיך דערוואַרימען און דורך אַרומלויפן אין הויף בעתן שפּאַציר ביי פערציק גראַד פּראָסט. אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס אפילו די געדאַנקען אין קאָפּ פלעגן קאַלט ווערן, האָבן דאָך אַלע שטודירט מיט התמדה: אין דער בעט אונטער דער דעקע, אויף די פוס־בענקעלעך פאַר דער בעט, אָדער אין אייז־קאַלטן קאָרידאָר, וואָס פלעגט זיך פון סאַמע אינדערפרי פאַרוואַנדלען אין אַ מין שולע.

אין אַ ווינקל פּרעפּאַרירט אונזער אַנאַטאָמיע־שילערין אַ טויב, וואָס ווער ווייס פון וואַנעט זי האָט זיך גענומען. לעם איר שטודירט אַ צווייטע די אַסירישע אַלטערטימער, פאַרגלייכנדיק ראָגאָזינאָס ווערק מיט די ביבלישע טעקסטן. אַביסל ווייטער ווערט איבערגעזעצט „זשאַן קריסטאָף", ווערן געלייזט מאַטעמאַטישע אויפגאַבן, ווערט געשריבן אַ דיקטאַנט, ווערן געלעזן גרופּנווייז ביכער פון טיילאָר, נוימייער, דאַרווין. די גרופּן ענדערן זיך. די שטודיען זענען סיסטעמאַטיש, די שעהן — שטרענג אויסגערעכנט. דאָס דויערט ביז מיטאָג, וואָס ווערט געגעסן שטייענדיק, אין גרוים איילעניש. ער פאַרשאַפט סיי ווי נישט קיין הנאה. דאַן אַ ווילד־איילעקער שפּאַציר אין קליינעם הויף, און ווידער שטודיען



די מאַלצעווער פרויען־תפיסה



גאָרני־זערענטוי. סטאָלערײַ־װאַרשטאַט

ביז אָונט־ברויט. נאָך דער אָונט־קאָנטראָל דורך די אויפזעער ווערט די צעלע אָפּגעשלאָסן אויף א גאַנצע נאַכט. די שטרענגע „קאָנסטיטוציע", וואָס מיר אַליין האָבן געשאַפן, פאָדערט אן אבסאָלוטן שווייגן. יעדע איינע פאַרטיפט זיך אין איר זאַך, מען הערט בלויז דעם גערויש פון די בוך־בלעטער און דעם סקריפּ פון די פעדערס.

קאָנצענטרירטע, איינגעוויקלטע געשטאַלטן ארום טיש, א גאַפּט־לאָמפּ אינדערמיט. די שעהן פאַרגייען. ביסלעכווייז ווערט קלענער דער קרייז לעזערינס. צוזאַמענגעקנוילט, — צוליב וואַרימקייט, — איינגעוויקלט אין א געמיינזאַמער קאָלדרע, זיצן צוויי מענטשן איבער הערצענען*). פליסטערן איז פאַרבאָטן, — די איבעריקע שלאָפן. כּדי אויסצוטוישן די געדאַנקען, מוז מען זיך איבערשרייבן. דער גרויסער בויגן פאַפּיר ווערט באַדעקט מיט זאַצן פון א לאַנגן שמועס. אינדרויסן איז א פראָסט, די בעלקעס קנאַקן, דער אָטעם־דאַמף שטייגט אין דער לופט. עס איז שרעקלעך ארויסצושטעקן די אָנגעוואַרימטע האַנט פון דער קאָלדרע, אָבער דער קאָפּ ארבעט אזוי גוט. אזוי פיל געדאַנקען פלאַמען אויף און שטראָמען אנטקעגן אויף יעדער זייט פון הערצענס ווידוי, — און עס איז א מחיה אויסצוטוישן דיזאָזיקע געדאַנקען מיט א חבר, וואָס איז פונקט ווי דו אָנגערעגט און באַגייסטערט... אין דיזאָזיקע טויט־שטילע אויגנבליקן, ווען דו רייסט זיך אָפּ פונם לייענען, פילסטו מיט אויסערגעוויינלעכער פּרעציזקייט דעם רוים, וואָס טיילט דיך אָפּ פון דער לעבעדיקער וועלט. די קבר־שטילקייט פון די בערג־שפּיצן, וואָס זענען צוזאַמענגעשמידט פון פראָסט, פון די סטעפּעס, פון די טאַיגאַס, — די גאַנצע שוידערלעכע איזאָלירונג פון אונזער מיקראָסקאָפּישער וועלט. דאָס אויפגערעגטע דענקען זויגט איין אין זיך דעם גאַנצן מענטשן, — און ווען דו קומסט ענדלעך צו זיך, ווייזט דער זייגער פיר. צומאָרגנס, — די ערשטע אומקלאָרע דערינערונג ווענן עפּעס שיינס, וואָס איז נעכטן געווען: „אך יאָ, הערצען"... און

*) אַלעקסאַנדער הערצען — איינער פון די שעפער פון רוסישן נאַראָדנישן סאָציאַליזם.

שפּעטער, אָונטציִיט, — דער פּאָרגענוס: „היינט ביינאַכט, — הערצען". אָן ספק: בלויז אַרעסטאַנטן אין אַ פולשטענדיק אָפּגעשלאָסענער תּפיסה קענען דעם אמתן ווערט פון אַ בוך.

די ביכער זענען געווען דער הויפּט אינהאַלט פון לעבן, זיין רעכטפאַרטיקונג, זיין זין און ציל. מיר פלעגן זיי באַקומען אין אַ געגנוגנדער צאָל פון דרויסן, פון פריינט און קרובים, פון ביכער־פאַרלאַגן. אַזוי אַרום האָבן מיר אָנגעזאַמלט אַ סיסטעמאַטישע און ווערטפולע ביבליאָטעק, אַרום 700—800 ביכער, איבער פאַרשיידענע געביטן פון וויסן. אַ חוץ נאַטורוויסנשאַפט, איז די מערצאָל געווען איבער פילאָזאָפיע און געשיכטע; עס האָבן כמעט ווי געפעלט פּאָליטישע און עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן, וואָס זענען שטרענג פאַרווערט געווען דורך די תּפיסה־כּללים. אין דידאַזיקע ווערק האָט זיך געעפנט פאַר אונז אַ נייע געוואַלטיקע וועלט פון אידייען, עס זענען אַנטוויקלט און באַגרינדעט געוואָרן פּרינציפּן, וואָס זענען געשטאַנען אין סתירה צו אונזער געדאַנקענגאַנג, עס זענען געשטעלט געוואָרן אומלייזבאַרע פראַגן. עס איז אונז קלאָר געוואָרן די נויטווענדיקייט צו רעווידירן אונזערע גאַנצע גייסטיקע כּלי־זין, דורכטראַכטן נאָכאַמאָל אַלע אונזערע פּרינציפּן, אויסבויען זאָרגעוודיק דעם פונדאַמענט פון אונזער וועלטאַנשויאונג. ווייל מיר אַלע זענען יונגערהייט אַריינגעטראָטן אין דער רעוואָלוציע, די כוואַליעס פון דער באַוועגונג האָבן פאַרכאַפּט אונזער געפיל. אין אונזער קורצן לעבן אויף דער פריי האָבן מיר זיך צוזאַמענגעמייסטערט איילעק טעאָריעס, כּדי זיי תּיכּף פּראַקטיש אָנצווווענדן. צו אונזער כּבוד דאַרף געזאָגט ווערן, אַז מיר האָבן טיף געשפּירט אונזער נישט־צוגעגרייטקייט. זוכנדיק קלאָרקייט, האָבן מיר ערלעך שטודירט די גאַנצע אַרטילעריע פון אונזערע אידעאָלאָגישע קעגנער".

די צווייטע העלפט פון אונזער וועלט האָבן געבילדעט אונזערע אייגענע קעגנזייטיקע באַציאונגען. אין דער תּפיסה־צעלע האָט מען געמוזט פּראַקטיש לייזן די פּראָבלעם פון „יחיד און געזעלשאַפט". די געמיינזאַמע צעלע, דער צוואַנג צו געפינען זיך תּמיד אין געזעלשאַפט פון מענטשן, צו לעבן לויט אַ תּפיסה־רעגולאַמין, צו רעדן און שווייגן נישט ווען עס ווילט זיך, נאָר ווען דאָס דער־

לויבט די „קאָנסטיטוציע", וואָס די צעלע האָט אָנגענומען לויט א געמיינזאַמען באַשלוס, דאָס נישט קענען פריי אויסלאָדן די שטימונגען, דאָס באַצווינגען צוליב אַנדערע די אומשולדיקסטע באַדערפענישן, — דאָס אַלץ פלעגט אַמאָל דערוועקן פּראָטעסט־געפילן אין אַקטיווערע נאַטורן. מיט דער צייט איז אָבער געוואַקסן די קעגנזייטיקע צופּאַסונגס־פעאיקייט און די באַציאונגען פון איינ־צלנעם צום קאָלעקטיוו זענען געוואָרן אַלץ האַרמאָנישער. דאָס איז געשען דערפאַר, ווייל דאָס תּפיסה־לעבן האָט אונז אַלע מער אָדער ווייניקער גלייך אַריינגעבראַכט אין דער שטימונג פון שווייגזאַמ־קייט און קאָנצענטרירטקייט. בפרט, אַז דער שטן פון נשמה־גריב־לעניש פלעגט אונטערוואַרפן אַ שאַרפער קריטיק יעדן טריט, אפילו דעם איינפאַכסטן און נאַטירלעכסטן, פון די חברים.

— פאַרוואָס, — פלעגט מען זיך פרעגן, — מוז איך אומ־באַדינגט געבן אַ ריין העמד דער ניי־אָנגעקומענער חברטע? און אַז איך וויל דאָס נישט טון? וואָס, אייגנטלעך, איז ערלעכער: געבן, ווען דו ווילסט נישט, אָדער נישט געבן?

אָדער מען פלעגט זיך פרעגן: — דו העלפסט מיר ביי דער אַרבעט, טרעסט מיר אָפּ דיין שטיקל ברויט, — דו מיינסט, אַז דו טוסט עפּעס גוטס?.. אפשר זענען דאָ דערביי רעשטלעך פון צביעותדיקער פילאַנטראָפּיע, וואָס דערנידעריקט מיך, רעשטלעך פון אַ פאַרלאַנג אויסצונעמען ביי אַנדערע און אין די אייגענע אויגן? פאַרוואָס האָסטו נישט דערלויבט דעם אַנדערן צו טון דאָס זעלבע פאַר דיר? האַלסט זיך, הייסט עס, פאַר שטאַרקער, העבער?

יעדעס אינדיווידועלע העלדנטום, יעדע גרויסע טאַט פלעגט ווערן געפּרוווט אויף איר ריינקייט. צי זענען אין זיי נישט פאַראַן קיין עלעמענטן פון פיינער אייטלקייט, פון עפּעס אַ פּערזענלעכן, זאָל זיין אפילו אומבאַוווּסטזיניקן מאָטיוו? קיין איין גרויסער נאָמען, קיין שום אַנערקענטער אויטאָריטעט האָט נישט אויסגע־מיטן דעמדאָזיקן פיינלעכן אַנאַליז. דאַביי האָט מען איבערגע־לעבט געוויסע דראַמעס און אַנטוישונגען, מען האָט אַרויסגע־טראָגן אומפּאָרזיכטיקע אורטיילן. אין דעם אַלעם איז געקומען צום אויסדרוק די יונגטלעכע טראַציקייט, די לײדנשאַפטלעכקייט ביים

זוכן די אבסאָלוטע עטישע ריינקייט, אָבער, פון דער צווייטער
זייט, אויך אַ קראַנקהאַפטע זעלבסטגריבלעניש, אַרויסגערופן דורך
דעם איזאָלאַציע - לעבן. דורכדעם איז טאַקע אָפטמאָל אָפּגעטויט
געוואָרן די אוממיטלבאַרקייט, דערפאַר אָבער איז קיין פּלאַץ נישט
געווען אין אונזער קאָמונע פאַר וואולגאַרקייט, זעלבסטצופרידנקייט,
צביעות. אַ קאָרעקטיוו צום דאָזיקן גאַנצן ראַציאָנאַליזם וואָלט
געקאָנט זיין פיזישע אַרבעט, אָבער אחוץ אונזער זעלבסטבאַדינונג,
האָבן מיר זי נישט געהאַט.
דער מענטשלעכער אינטערעס צואַנאַנדער איז ביי אונז קיינ־
מאָל נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. די אַרעסטאַנטינס האָבן גע־
שטאַמט פון גאַנץ פאַרשידענע סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע און פאַר־
טיי־קרייזן. די מערהייט אין אונזער צעלע האָבן געבילדעט, — ווי
אין דער גאַנצער צאַרישער קאַטאָרגע, — די סאָציאַל־רעוואָלוציאָ־
נערן. סאָציאַל־דעמאָקראַטן זענען פאַר דער גאַנצער צייט געווען
10—9, און אַנאַרכיסטן צוויי מאָל אַזויפיל. פּאָליטישע פראַגן,
וואָס האָבן געקאָנט אַרויסרופן ביי אונז אַמפּערייען, זענען נישט
באַהאַנדלט געוואָרן. אָבער אויך די פאַרשיידנקייט פון אונזער
סאָציאַלן אָפּשטאַם איז נישט געקומען צום אויסדרוק. די געמיינ־
זאַמע סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע האָט ניוועלירט אַלע קאָמונע־
מיטגלידער. אַלע שפּורן פון אַריסטאָקראַטישע געוווינהייטן זענען
פולשטענדיק פאַרשוווּנדן. דאָס לעבן לויט די פּרינציפּן פון פול־
שטענדיקער סאָציאַליזאַציע פון אונזער אייגנטום האָט נישט
געשאַפן קיין באָדן פאַר וועלכער ס'איז פערזענלעכער געקרענקט־
קייט. די זעלבע סאָציאַליזאַציע איז אויך דורכגעפירט געוואָרן
אין געביט פון גייסטיקן פאַרמעגן. געמיינזאַמער באַזיץ זענען גע־
וואָרן נישט נאָר די ביכער, נאָר אויך די קענטעניש, וואָס זענען
אויף דער פריי נישט פאַרטיילט געוואָרן צווישן אונז אין אַ גליי־
כער מאָס. יענע, וועלכע האָבן געהאַט דאָס גליק צו דערוואָרבן
מער וויסן, האָבן אָפּגעגעבן דעם גרעסטן טייל פון זייער צייט
אויף לערנען אַנדערע. דידאָזיקע אַבסאָלוטע פאַרניכטונג פון אַלע
סאָציאַלע באַריערן, וואָס טיילן אָפּ מענטשן אויף דער פריי, האָט
צוגעגרייט דעם באָדן פאַר באַזונדערס פרייַנטשאַפטלעכע באַצי־
אונגען. בלויז אדאַנק דער קאַטאָרגע איז אַ סך פון אונז געלונגען

צו דערהוויסן זיך נישט נאָר דעם ווערט פון בוך, נאָר דער עיקר— וואָס איין מענטש קאָן געבן דעם צווייטן.

פּונקט ווי די דאָרניקע קוסטעס אין מדבר לערנען זיך אויס אַרויסצוזויגן די נויטיקע פייכטקייט פון דעם זאַמד אונטער די שטיינער, אַזוי געלינגט דעם מענטשן, וואָס שמאַכט אין דער תפיסה, צו געפינען שיינקייט און האַרמאָניע דאָרט, וווּ זיי זענען אומבאַמערקבאַר פאַרן פרייען און זאַטן גליק. סאַראַ סך פרייד עס פלעגן אונדז אָפּט געבן איינפאַכע בילדלעך, מיט וויפל הנאה מיר פלעגן אויסאַרבעטן פּאַפּיר־בלומען, ווי וווּנדערבאַר מעלאָדיש האָט אונדז אויסגעזען דער קלאַנג פון אַ באַרירטער סטרונע פון אונדזער פּשוטער ציטרע. ווען עס פלעגט אָבער דערגיין צו אונדז עפּעס באמת שיינס — עכטע בלומען, עכטע מוזיק, אַ קינסטלערי־שע גראַוויור, — פלעגט עס ווירקן אויף אונדז דערשיטערנדיק, שמערצלעך ביז גאָר.

נאָך דעם אומענדלעכן ווינטער פלעגט קומען דער שטורמישער טראַנסבאַיקאַלישער פרילינג, מיט זיינע ווינטן, מיט זיינע ריזלענ־דיקע שטראָמען, וואָס פליסן אַראָפּ פון די בערג. שטעקסט אַרויס גערויש פון פאַלנדן וואַסער. שפּעטער הויבן אָן די פויערים צו
גערויש פון פלאַנדן וואַסער. שפּעטער הויבן אָן די פויערים צו
פאַרברענען דאָס פאַראיאָריקע גראָז, כּדי דאָס נייע זאָל בעסער וואַקסן. דאַן פליסן עפּעקטפולע פייער־טייכלעך איבער די בערג, די לופט פילט זיך אָן מיט אַראָמאַטישן רויך. אַזוי דרינגט דאָך אַריין צו אונדז די נאַטור, וואָס איז פון אונדז אָפּגעטיילט דורך ווענט, און דורך קלאַנגען, פאַרבן, ריחות דערציילט זי אונדז פון אַלעם, וואָס קומט פאָר אין סטעפּ און טאַיגאַ״...

דאָס דאָזיקע פאַרביק ־ געשילדערטע לעבן אַנטשפּרעכט נישט נאָר קאַכאָווסקאַיאַס דערינערונגען. כּמעט אַלע פּאָליטישע קאַ־טאָרזשניקעס האָבן באַהאַלטן אַ דאַנקבאַרע דערינערונג וועגן יענער צייט אין דער מאַלצעוו ־ תּפיסה. די גרויסע מענטשלעכע און רע־וואָלוציאָנערע באַדייטונג פון די דאָזיקע קאַטאָרגע ־ פרויען — און פון מאַריאַ ספּירידאָנאָווואַ אין דער ערשטער ריי — איז באַ־שטאַנען אין דעם, וואָס אפילו אין דער קאַטאָרגע האָבן זיי זיך קיין

רן נישט פאַרגונען. זיי האָבן נישט געררוט אויף די לאַרבערן פון זייער רום און ליידן. גרויסגעשליידערט פון היציקן געפעכט אין דער תפיסה אריין, האָבן זיי פאַרשטאַנען גרינגלעך צו קאָנטראָלירן זייער גייסטיקן וואָפן. עס איז פאַר זיי ווייניק געווען צו רעווידירן קאָנקרעטע פּאָליטישע און טאַקטישע פראַגן; זיי האָבן געשטרעבט אויסצופאָרשן די אַבסאָלוטע פאַר־הנחות פון זייער קאַמף. „קלאַסן־אינטערעסן" איז פאַר זיי נישט געווען יענער אַליינהערשערישער באַגריף, וואָס שליסט אויס אַלע מעגלעכע פּראָבלעמען פון דער געשיכטע און פילאָזאָפיע. ווייל גראָד די אינטערעסן — אָדער דער היסטאָרישער אינטערעס — פון דאָזיקן האַרעפּאַשנעם און געפייניקטן קלאַס דאַרפן געבראַכט ווערן אין האַרמאָניע מיט די שענסטע און איידלסטע געדאַנקען פון דער מענטשהייט. די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערינס, וועלכע האָבן זיך געפילט נישט נאָר אַלס דינערינס פון פּאָלק, נאָר אויך אַלס זיינע קינדער און שוועסטער, האָבן געוואָלט נאָך מער פאַרטיפן, פאַרגייסטיקן און פאַרשענער'ן דעם קאַמף פאַר זייער געמיינזאַמער זאַך; יעדער גרויסער געדאַנק, אפילו ווען ער קומט פון די קעגנער, יעדע העראָאישע טאַט, וואָס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דער מענטשהייטס־געשיכטע, זאָל דינען דער אידייע פון דער מענטשלעכער באַפרייאונג.

אַזוי־אַרום האָבן די פרויען אין דער מאַלצעוו־תפיסה אויס־געבילדעט אַ קאָמונע, וואָס האָט פאַרבונדן אין אַ איינהייט נישט נאָר דאָס מאַטעריעלע און דאָס גייסטיקע לעבן, נאָר האָט אויך געשאַפן אַ זעלישע און עטישע געמיינשאַפט. די קאָמונע האָט געזוכט עכטע ליבע צום לעבן, צו דער נאַטור, צו מענטשן און צו אידייען. די קאָמונע איז מער נישט געווען קיין תפיסה־צעלע; זי איז געווען אַ שפּראָצל פון דער צוקונפט־געזעלשאַפט. די זיט־לעכע קאָנפליקטן און דאָס זוכן לייזונגען האָבן געשטאַלט די־דאָזיקע געפאַנגענע אין עטישן זינען אויף אייביק. שפּעטער, בעת דער גרויסער רעוואָלוציע, איז דאָס פרוכטבאַר געקומען צום אויסדרוק.

## VIII.

# ספּירידאָנאָווקע — דאָס האַרץ פון דער פרויען־קאַמונע

אַט אַזוי איז געפלאָסן דאָס לעבן אין מאַלצעוו אַ חודש נאָך אַ חודש, אַ יאָר נאָך אַ יאָר: פון 1907 ביז 1911. מען האָט זיך פאַרגראָבן אין גייסטיקן לעבן און געוואַרט אויף נייעס. אַ פּריידיקע אויפרודערונג פלעגט אַריינפליסן אין תּפיסה צוזאַמען מיט די ניי־געבראַכטע רעוואָלוציאָנערינס: זיי פלעגן ברענגען מיט זיך די לעצטע נייסן פון אַלגעמיינעם און רעוואָלוציאָנערן לעבן אין געהיימנישפולן דרויסן. אַ צערודערונג פלעגט אַריינברענגען יעדעס מאָל אויך דער באַזוך פון די העכערע תּפיסה־באַאַמטע, וואָס פלעגן קומען אויף וויזיטאַציע. אין אַזאַ פאַל פלעגט דער „ליבעראַלער" רעזשים אויף אַ וויילע מוזן באַהאַלטן ווערן: מען פלעגט אָנטון די אָפיציעלע קאַטאָרגע־קליידונג און קייטן. יעדער בריוו, וואָס איינע פון די חברטעס פלעגט באַקומען, פלעגט ווערן אַן איבערלעבונג פאַר אַלע איבעריקע. אַזוי אַרום האָט מען אָנטיילגענומען אין די ליידן און פריידן אויך פון די פאַמיליעס פון די חברטעס. אָפטמאָל פלעגן אָנקומען פון דרויסן פּאַקעטן, און די עלטסטע פון דער קאָמונע פלעגן פאַרטיילן די געשאַנקען מיט דער גרעסטער גענויקייט. מען האָט זיך געפרייט מיט יעדן זונשטראַל און מען האָט באַאַרבעט מיט ליבע און לעבן דעם מיקראָסקאָפּישן בלומענגאָרטן, וואָס האָט זיך מיט צרות אָנגענומען אויפן שטייניקן תּפיסה־הויף. פון צייט צו צייט פלעגט מען פאַרכאַפּט הערן די לידער, וואָס אַ חברטע פלעגט זינגען בין־השמשות־צייט אין פוסטן אייזיקן קאָרידאָר.

אויך קראַנקהייטן — טובערקולאָז, סקאָרבוט, גלידערים־און נערוון־ליידן — פלעגן איבעררייסן די מאָנאָטאָניע פון לעבן. שווער קראַנק איז געווען ספּירידאָנאָווקע. עס זענען געווען צייטן, ווען זי פלעגט ריידן פון היץ און ליגן גאַנצע טעג אָן באַוווּסטזיין. בלויז זעלטן פלעגט קומען דער דאָקטאָר פון שכנותדיקן

גאָרני־זערענטוי. דער דאָקטאָר פון דער פּרויען־קאַטאָרגע איז געווען אַ חברטע, די פעלדשערין סאַראַ דאַנציג. אַליין אַ קרבן פון אַ טויטלעכער קראַנקהייט, איז זי מיט ליב און לעבן געווען איבערגעגעבן די נויטן און לײדן פון די אַנדערע. אַליין נאָך יונג, האָט זי אַלעמענס לעבן דערוואַרימט מיט איר מוטערלעכער אומאייגננוציקייט און צערטלעכער זאָרג. וועגן איר אייגענער קראַנקהייט — פון וועלכער זי איז געשטאָרבן אינגיכן נאָכן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע, — האָט זי געשוויגן.

אין דעצעמבער 1907 איז אומדערוואַרט — אין שייכות מיט ספּירידאָנאָוואַס קראַנקהייט — אויסגעבראָכן אַ שטורעם. איר צושטאַנד איז געוואָרן אַזוי ערנסט, אַז זי האָט תיכף געמוזט אַריבערגעפירט ווערן אין שפּיטאָל פון גאָרני־זערענטוי. „מאַריאַ גייט אוים ווי אַ ליכט — האָט סאַזאָנאָוו געשריבן צו זיין פאָטער, — דער פּאַטאָלער סוף דערנענטערט זיך מיט יעדן טאָג. זיי ווילן איר טויט, זיי פּראָוואָצירן אים באַוווסטזיניק: זייט איי־ניקע חדשים פאַרשלעפּט מען מיט אַלערליי אויסריידן מאַרוסיאַס אַריבערפירן אין שפּיטאָל. אַך, ווי גערן זיי, פון אויבן, וואָלטן געטויט ספּירידאָנאָוואַן! מען שטעלט מאַרוסיאַן פאַר אַ אַלטער־נאַטיווע: מען וועט זי איבערפירן אין שפּיטאָל צוזאַמען מיט איר נאָנטסטער חברטע איזמאַילאָוויטש, וואָס נאָר זי אַליין קאָן העלפן דער קראַנקער, אָבער מיטן תנאי, מען זאָל באַזייטיקן פון שפּיטאָל צוויי אַנדערע חברטעס (יעזערסקאַיאַ און דאָראַ קאַפּלאַן). פאַרשטייט זיך, אַז מאַרוסיאַ וועט אויפן דאָזיקן באַדינג נישט איינגיין, זי וועט ליבערשט קרענקען אין דער מאַלצעוו־תפיסה, וואָס איז פאַר איר דער טויט... אָבער מיר, צי קאָנען מיר גלייכ־גילטיק צוקוקן זיך צום דאָזיקן מאָרד, וואָס ווערט באַגאַנגען איבער דער אונז אומענדלעך טייערער מאַרוסיאַ, וואָס מענטשן זענען מיט פרייד געגאַנגען אויפן עשאַפאָט, אבי נקמה צו נעמען פאַר אירע לײדן?... ניין, מיר האָבן קיין רעכט נישט צו בלייבן „צושויער" פון דער דראַמע, וואָס שפּילט זיך אָפּ פאַר אונזערע אויגן. אונזערע הענט זענען טאַקע אין קייטן, אָבער אויב מיר זענען מאַכטלאָז זי אַקטיוו צו פאַרטיידיקן, קענען מיר דאָך צו־זאַמען מיט איר שטאַרבן".

אונטער דער פירונג פון פראַשיאַן און סאַזאָנאָוו איז אויסגעבראָכן א הונגער - שטרייק צווישן די אַרעסטאַנטן פון זערענטוי. דער קאַטאָרגע - דירעקטאָר האָט זיך אַנטשלאָסן אויף אייגענער אחריות אַריבערצופירן ספּירידאָנאָוואַן אין שפּיטאָל. אָבער די העכערע מאַכט איז טשיטאַ איז עמפּערט געווען קעגן דערדאָזיקער נאָכגיביקייט און האָט שוין אויפן צווייטן טאָג טעלעגראַפיש פאַראָרדנט: „ספּירידאָנאָוואַן און יעזערסקאַיאַן צו־ריקפירן קיין מאַלצעוו אומאָפּהענגיק פון זייער געזונט־צושטאַנד״.

צווישן די אַרעסטאַנטן איז אויסגעבראָכן א שטורם. זאָל מען נאָכאַמאָל דערקלערן א הונגער־שטרייק? פּראָשיאַן און די איבעריקע האָבן אָבער נישט געוואָלט אַריינשלעפּן אין פּראָטעסט־שטרייק די גרויסע צאָל געפאַנגענע, און זיי האָבן אָנגענומען א באַשלוס צו באַגיין א מאַסן־זעלבסטמאָרד אַלס צייכן פון פּראָטעסט. סאַזאָנאָוו, סידאָרטשוק און נאָך א 15 חברים האָבן באַשלאָסן אָנטיילצונעמען אין דאָזיקן זעלבסטמאָרד. ספּירידאָנאָווא האָט זיך דערוווּסט וועגן דאָזיקן פּלאַן. עס זענען געבליבן בלויז עטלעכע שעה ביז איר אָפּפאָר קיין מאַלצעוו. ספּירידאָנאָווא האָט שפּעטער געשריבן: „איך האָב געמוזט פאַרצווייפלט אויסקויפן זייער אייגן לעבן ביי זיי גופא. מיט יעדן פון זיי האָט מען גע־מוזט רעדן, שטרייטן, ביי יעדן זיך בעטן רחמים, יעדן דראָען און ענדלעך אויסקעמפן דעם צוזאָג, אַז די ווילדע כוונה וועט נישט פאַרווירקלעכט ווערן. צום מערסטן האָב איך געמוזט פאַר־וועגדן צייט און קראַפט ביי פּראָשיאַנען. ביי זיין אומגלויבלעכער עקשנות, קאַווקאַזישער העפטיקייט, מיסטעריהאַפטער דיאַלעקטיק, האָט מען אים נישט געקאָנט איבעררעדן. עס איז אייגנטלעך געווען א וווּנדער, וואָס איך האָב אים געקאָנט צווינגען אויפצוגעבן דעם־דאָזיקן פּלאַן״.

ספּירידאָנאָווא איז צוריק אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער מאַלצעוו־תפיסה. אין א יאָר אַרום האָט סאַזאָנאָוו געשריבן וועגן איר צו זיין כלה: „מיר לעבן איבער שווערע מאָמענטן. אין מאַרוסיאַס צושטאַנד איז פאָרגעקומען א שאַרפער קער צום ערגערן. צום בלוטשפּייען און פיבער, איז איצט צוגעקומען הארצקלאַפּן, שרעקלעכע קאָפּ־שמערצן, אָפטמאָל באַוווּסטלאָזי־

קייט. מיט שרעק אַנט מען דאָס ערגסטע, קומט אָבער אַ קליינע פאַרבעסערונג, און שוין צינדט אָן די האָפנונג איר פריידיק פייער".

אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט האָבן די מאַלצעוו-אַרעס־טאַנטינס געשענקט די פאַרוואָרלאָזטע קינדער פון די קרימינעלע פאַרברעכערינס. אויפן דאָזיקן געביט האָט זיך אויסגעצייכנט אַלעקסאַנדראַ איזמאַילאָוויטש. „אין דער פאַרשטיקטער לופט פון די צעלן, באַשאָטן מיט אומפלויט, אייביק געשלאָגן, אָפט שוין אַלס דריי־יאָריקע זיטלעך-פאַרדאַרבן, — האָבן זיך די דאָזיקע קינדער געראַיעט אונטער די נאַרעס... עס איז וויכטיק געווען, אַרויסצונעמען דאָס דאָזיקע קליינוואַרג אויף דער פרישער לופט, געבן זיי אַ מענטשלעך אויסזען, באַשעפטיקן זיי און די עלטערע לערנען לעזן און שרייבן. זומער-צייט פלעגט איזמאַילאָוויטש זיך אַרומיאָגן אין דער היץ פון פריען מאָרגן ביז דער אָוונט־קאָנטראָל — פאַרברענט פון דער זון, מיט קורץ־געשוירענע האָר, אין עפּעס אַ פאָרהיסטאָרישן דיקן קלייד — נאָך דער דאָזיקער האַלב־נאַקעטער געזעלשאַפט. ווינטער־צייט איז געווען ערגער. פונדעסטוועגן האָט עקזיסטירט אַזאַ מין קינדערהיים און אַ שולע און ווען עס האָט זיך געלאָזן — פלעגט מען די קינדער דערנערן. אין משך פון יאָר פלעגט געלינגען צו אָרגאַניזירן פאַר זיי טעאַ־טער־פאָרשטעלונגען". אַזוי דערציילט קאָכאָווסקאַיאַ מיט אַנט־ציקונג וועגן איזמאַילאָוויטש.

מיט דער מענער־תּפיסה אין גאָרני־זערענטוי, וואָס איז ווייט געווען בלויז פינף ווערסט, האָט מען, מיט דער הילף פון די קרימינעלע פאַרברעכער, געפירט אַ רעגולערע קאָרעספּאָנדענץ. באַזונדערס לעבהאַפט און אינהאַלטסרייך איז געווען די קאָרעס־פּאָנדענץ פון ספּירידאָנאָוואַ מיט סאַזאָנאָוון. זיי האָבן באַ־האַנדלט אין די בריוו פּראָבלעמען פון סאָציאַלן און אינדיווי־דועלן לעבן, ליטעראַרישע נייסן, אָבער באַזונדערס די פיינלעכע פראַגן פון דער קאַמף־טאַקטיק אין דער תּפיסה און פון באַשיצן די שוואַכע. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די דאָזיקע בריוו זענען באַהויכט מיט דער ספּעציפישער העראָאיש-מאָראַלישער אַט־מאָספער פון דער מאַלצעוו-קאָמונע. די קאָרעספּאָנדענץ האָט

אָנגעהאַלטן ביז נאָוועמבער 1910, ווען עס איז געשען די קאַטאַסטראָפע.

די מאַלצעוו - אַרעסטאַנטינס האָבן אין זייער „געמיטלעכן" תּפֿיסה־לעבן אויף קיין איין מאָמענט נישט פֿאַרגעסן די רעוואָלוציע. זיי האָבן געלויערט אויף יעדע געלעגנהייט צו אַנטלויפֿן, זיי האָבן צוגעגרייט אין מיפּולער אַרבעט אַזאַ געלעגנהייט. פֿון זייערע מאָגערע געלט־הכנסות, פֿלעגן זיי סיסטעמאַטיש אָראָפּנעמען אַ געוויסן טייל אויף אַ פֿאָנד, וואָס זאָל דינען אַ עווענטועלן אַנטלויפֿן. אין פֿרילינג 1910 האָבן זיי געהאַט אַ גרויסן שאַנס. אָן הילף פֿון דרויסן איז אוממעגלעך געווען צו אַנטלויפֿן. איז געקומען פֿון דרויסן אַ פֿעאיקער חבר, אַרקאַדי ספּעראַנסקי, כּדי צוצוגרייטן ספּירידאָנאָוואַס אַנטלויפֿן. אין דערדאָזיקער פֿאַרשווערונג איז אַריינגעצויגן געוואָרן אַ תּפֿיסה - אויפֿזעערין, אויף וועמענס אַדרעס מען האָט געזאָלט שיקן דאָס געלט און אַלץ וואָס נויטיק. דער פּלאַן איז געווען אַזאַ: בעת די טאָכטער פֿון דער אויפֿזעערין וועט זיך באָדן אין דער תּפֿיסה־באָד, זאָל ספּירידאָנאָוואַ אָנטאָן דעם פּעלץ פֿונם דאָזיקן מיידל און אָנשטאָט איר פֿאַרלאָזן די באָד. מחוץ די תּפֿיסה־ווענט האָט זי ספּעראַנסקי געזאָלט אָפּוואַרטן מיט אַן איינגענעם קאָטש. עס וואָלט אַפֿילו מעגלעך געווען אויסצובאַהאַלטן עטלעכע טעג דעם פֿאַקט פֿון ספּירידאָנאָוואַס אַנטלויפֿן, ווייל זי פֿלעגט אָפֿט זיין קראַנק און די אויפֿזעער פֿלעגן זי דאַן נישט באַאומרואיקן און נישט אַריינגיין אין איר צעלע. די אונטערנעמונג איז אָבער דורכגעפֿאַלן. די תּפֿיסה - פֿאַרוואַלטונג האָט צופֿעליק געעפֿנט, ביים ט־עפֿנדער אויפֿזעערין. מען האָט געפֿונען געלט, אַ רעוואָלווער און אַ דאָזע גיפֿט. די חשודע אויפֿזעערין איז גלייך באַזייטיקט געוואָרן. פֿון פּלאַן איז גאָרנישט געוואָרן.

אָט אַזוי האָט געלעבט די וווּנדערבאַרע פֿרויען־קאָמונע פֿון דער סיבירער תּפֿיסה. אַ קאָמונע, צוזאַמענגעפּלאָכטן פֿון מענטשלעכער צאַרטקייט און שטרענגסטן פֿליכט־געפֿיל, פֿון טיפֿסטער לעבנסלוסט און מסירת־נפֿשדיקער איבערגעגעבנקייט דער אידייע, פֿון ערלעכן זוכן דעם אמת און אומגעבראָכענער קאַמף־קראַפֿט. דאָס איז געווען אַ זעלטענע שוועסטערשאַפֿט, וועלכע מען קאָן

אויך באַצייכנענען אלס קאַמפּשוועסטערנשאַפט. יעדע איינע, וואָס איז אַריינגעטראָטן אין דערדאָזיקער קאָמונע, האָט מיטגעבראַכט אַן אוצר פון מענטשלעכע און העראָאישע ווערטן. אָבער עס איז קיין שום ספק נישטאָ, אַז יעדע פון זיי איז אויסגעוואַקסן און האָט זיך צעבליט גייסטיק און זעליש אין דערדאָזיקער קאָמונע, אַז זיי האָבן פון דער קאַטאָרגע מיטגענומען מער, ווי זיי האָבן אַהין געבראַכט. אַ סך פון זיי, און באַזונדערס ספּירידאָנאָוואַ, וועלן מיר שפּעטער זען ווירקן אין דער גרויסער רעוואָלוציע. אָבער מיר קענען שוין איצט דערקענען זייער גייסטיקע, ליטע־ראַרישע און קינסטלערישע באַדייטונג. אין די קאַטאָרגע ־ דערי־נערונגען פון ספּירידאָנאָוואַ, איזמאַילאָוויטש, קאַכאָווסקאַיאַ, וועלכע מיר האָבן שוין אַזוי אָפט ציטירט, זעען מיר, זייער לויכטנדיקע פּערזענלעכקייט.

## .IX

## די שוועסטער איזמאַילאָוויטש

„איך האָב ליב געהאַט דאָס לעבן אין אַלע זיינע פאָר־מען, פון דער שטראַלנדער אידייע ביז צום גרינעם וואַלד, וואָס דרעמלט איבערן טייך".

(א. איזמאַילאָוויטש).

אַלעקסאַנדראַ און יעקאַטערינאַ איזמאַילאָוויטש זענען געווען טעכטער פון אַ קאַרפּוס ־ גענעראַל אין מינסק. שוין צוויי יאָר ווי ער האָט אָנטיילגענומען אין רוסיש ־ יאַפּאַנישן קריג. זיינע טעכ־טער זענען טעטיק געווען אויף אַ געביט, וואָס האָט די מינדעסטע שייכות נישט געהאַט צו פּאַטריאָטיזם און טריהייט צום צאַר. זיי זענען געווען אַקטיווע מיטגלידער פון דער סאָציאַל ־ רעוואָלוציאָ־נערער פּאַרטיי. אונטערן דאַך פון גענעראַל איזמאַילאָוויטש האָבן דערוויל געלעבט נעבנאַנאַנדער צוויי רוסלאַנדס.

דאָס הויז פּאַרמאָגט צוויי איינגענג. איין איינגאַנג ווערט

תמיד באוואכט פון א מיליטערישן דינער. דא דערשיינען חשובע געסט, מיליטער-לייט, הויכע באאמטע און גייסטלעכע. זיי ווערן אויפגענומען דורך דעם גענעראלס מוטער און זי פירט זיי אוועק אין א קאבינעט, ווו די ווענט זענען באצירט מיט אלטע וואפן און פארטרעטן פון צאר. דער צווייטער איינגאנג ווערט געעפנט דורך א פשוט דינסט-מיידל. דא זענען די באזוכער פון א גאנץ אנדערן מין: ארבעטער, אינטעליגענטן, רעוואלוציאנערן מיט פנימער פון פארשווערער. דיביידע באזוכער-שטראמען קומען זיך קיינמאל נישט צונויף אין דאזיקן הויז.

ביידע שוועסטער זעען אויס זייער פארשידן. אלעקסאנדרא, די עלטערע, איז קליין, מאגער, ענלעך צו א דארף-לערערין. די קליידונג אלט-מאדיש, פארקנעפלט ביז צום האלז. יעקאטערינא, דאקעגן, איז גרויס, שלאנק, ענלעך צו א דרייסטער רייטערין. אויך איר קליידונג איז העל און לעבנסלוסטיק. אלעקסאנדרא, — סא-ניא, — איז שווייגעוודיק, מייסטנס שטרענג און ערנסט. יעקא-טערינא, — קאטיא, — מונטער, זארגלאז, גרייט צו יעדער ארט שטיפעריי. א פריינט פון דאזיקן הויז דערציילט, ווי אזוי קאטיא האט איינמאל אפילו אין א ערנסטער לאגע נישט איינגעצוימט איר כאראקטער. קאטיא גייט איבער דער הויפט-גאס פון דער שטאט מיט איר האנט-טאש, וואס איז פול אנגעשטאפט מיט אומלעגאלער ליטעראטור און רעוואלווערן. עס איז א שפעטער הארבסט-טאג. זי שטויסט זיך פלוצלונג אן מיטן פוס אין א צע-ייסענעם פרויען-קאלאש. גלייכצייטיק באמערקט זי אויף דער גאס א גלענצנדע קאוואלקאדע: א צענטליק באוואפנטע פאלי-ציסטן, אין זייער שפיץ דער וויצע-גובערנאטאר. קאטיא קאן זיך נישט איינהאלטן צו טרייבן שפאס מיט די ארדנונג-היטער. זי גיט א קלאפ מיט איר שוך-שפיץ אין קאלאש און ווארפט אים אין דער הויך איבער די קעפ פון די רייטער. דערשראקן, צעטויפ-געקרימט פליען די פאטערלאנד-העלדן אין גאלאפ. עס קאן דאך זיין א באמבע! אן אלארם. די סוחרים, וואס זעען, ווי דער וויצע-גובערנאטאר מיט די פאליציסטן פליען, פארמאכן זייערע קראמען. שפאצירער און דורכגייער זוכן באהעלטענישן אין די טויערן. קאטיאן אבער גייט די גאנצע זאך נישט אן און זי גייט זיך רויק

ווייטער, בעת איר טאַש איז אָנגעפּראַפּט... סאָניאַ האַלט פאַר איר א מוסר - רעדע: דאָס גייט שוין איבער יעדע גרענעץ! אַזאַ שפּיל! „סאָניאַ, פאַרגיב מיר!... כ'וועל עס מער נישט טאָן. דער טייוול האָט מיר אָנגערעדט"... די שוועסטער האָבן זיך האַריציק ליב און דינען ביידע מיט דעמזעלבן מסירת - נפש אַ לעבנס - אידייע.

די פּאָליטישע פּאָליציי אין מינסק האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך באַלד דערשמעקט וועגן דער אַקטיוויטעט פון די אַריסטאָקראַטישע מיידלעך. פאַר זייער הויז שטייען שטענדיק וואַכן, אַכטונג צו געבן. רעוואָלוציאָנערן ווייסן וועגן דעם און מיידן דאָס הויז. אויך די שוועסטער טראָגן אַריבער זייער טעטיקייט אין פּראָלעטאַרישע שטאָט - קוואַרטאַלן. איז נויטיק, פאַרשטעלן זיי זיך אַלס חזרים - הענדלערינס, טוען אָן פאַרפּעצטע קליידער, פאַרבינדן די קעפּ מיט וואָלענע טיכער און שפּרינגען אַריבער דעם פּלויט פון הינטערשטן הויף. איינמאָל אָבער קומט די אומפאַרמיידלעכע שעה. אין טיפער נאַכט ווערט קאַטיאַ אַרעסטירט דורך די זשאַנדאַרן.

עס איז יאַנואַר 1906. דער גובערנאַטאָר פון מינסק, גענעראַל קורלאָוו, האָט אויף זיך דאָס פאַרברעכן פון צעשיסן די פאָלקס - דעמאָנסטראַציע. די סאָציאַל - רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי האָט אָנגענומען דעם באַשלוס, איבערצוגיין אין מינסק צו אַן אינטענסיווערער טעטיקייט. די שוועסטער איזמאַילאָוויטש האָבן איבערגענומען וויכטיקע אויפגאַבעס. יעקאַטערינאַ אָבער זיצט אין תפיסה. שטעלט מען זיך דעריבער צוויי אויפגאַבעס: באַפרייען קאַטיאַן און צוגרייטן דעם אַטענטאַט אויף קורלאָוון. צום דאָזיקן צוועק ציען זיך אַריין אַלעקסאַנדראַ איזמאַילאָוויטש און חבר פּוליכאָוו אין אַ בוידעם - שטיבל אַלס „מאַן און פרוי". די דאָזיקע טונקעלע וווינונג ליגט פּונקט קעגנאיבער דעם גובערנאַטאָרס פּאַלאַץ. דורך זייערע פענסטערלעך באַאָבאַכטעט פּוליכאָוו אָן אויפהער די מאַרשרוטן, די זעלטענע אַרויספאָרן פון קורלאָוון. אינצווישן גרייט איזמאַילאָוויטש ענערגיש צו דאָס אַנטלויפן פון איר שוועסטער. דאָס איז נישט קיין אוממעגלעכע זאַך.

די פרויען - תפיסה איז געלעגן אין דער פאָרשטאָט פון מינסק. דאָס איז געווען אַ זייער אומסאָלידע אינסטיטוציע: וויי-

ניק אויפזעער ,א הילצערנער פּלויט, פון דרויסן קיין שום וואַך. בעת די שפּאַצירן פון די אַרעסטאַנטן, דרייט זיך אויך אַלעק־סאַנדראַ אַרום איבערן אין שכנות ־ ליגנדיקן הויף פון עפּעס אַ סחורות ־ לאַגער. עס איז איר געלונגען דורכן פּלויט אָפּצושמועסן מיט דער שוועסטער וועגן איר אַנטלויפן. אין אַ באַשטימטער שעה, אוגט ־ צייט, זאָל קאַטיאַ אַרויסגיין מיט אַ חברטע אויפן תּפיסה־הויף, כלומרשט אָנצופּלומפּן וואַסער. ביי אַ גינסטיקער סיטואַ־ציע—בלויז איין אויפזעער אויפן הויף—זאָלן זיי אָנהויבן שפּילן אין שניי ־ קוילן און דערביי עפּעס הויך זאָגן וועגן די שניי ־ קוילן. די חברים, וואָס וועלן אין דרויסן הערן די אָפּגערעדטע פראַזע, וועלן אָנקלינגען אין טויער. אויף דער פראַגע פון אויפ־זעער וועלן זיי ענטפערן: „איבערצוגעבן אַרעסטאַנטן". אין אַ מרחק פון פינף מינוטן גאַנג וועט שטיין אָנגעגרייט אַ שליטן.

אַזוי איז טאַקע געשען. פינף חברים, פאַרקלײדט אַלס זעל־נער, האָבן דורכגעפירט די זאַך. אַלעקסאַנדראַ גופא איז געזעסן אין שליטן. דער אויפזעער, וואָס האָט יענעם טאָג געהאַט דיזשור, איז געווען זייער אַ שטאַרקער בחור. די פינף באַפרייאונגס־זעלנער האָבן דעריבער געזוכט מיטלען, ווי אַזוי זיי זאָלן אים אומוואַרפן און בינדן נישט באַנוצנדיק קיין געווער און נישט געבנדיק אים קיין מעגלעכקייט צו שרייען. די חברים אָבער זענען כמעט אַלע געווען יונג, אומדערפאַרן, — און עס איז גלאַט נישט אָפּגעגאַנגען... זיצנדיק אין געשפּאַנטער דערוואַרטונג אין שליטן האָט זי פּלוצ־לונג דערהערט אַ שאָס. וואָס איז געשען?.. ווער שיסט אויף וועמען?.. דורכגעפאַלן?... אין אייניקע מינוט אַרום איז פון געסלע אַרויס אַ הויפן מענטשן און געאיילט צום שליטן. צווישן זיי איז געווען אויך קאַטיאַ. אַלע זענען אויפגערעגט, נערוועז און פריי־לעך, אַחוץ קאַטיאַן. זי איז אומצופרידן: צו וואָס שיסן? פינף זענען געווען קעגן איינעם... ער איז אומגעפאַלן נאָך אַ קאַמף אויף דער ערד, און דאָך האָבן זיי געגעבן אַ שאָס. איר פרייד איז צוליבן אומנויטיקן קרבן פאַרטונקלט געוואָרן. אָבער קיין צייט אויף נאָכצוטראַכטן איז נישט געווען. קאַטיאַ איז געשווינד אַוועק־געפירט געוואָרן אין אַ וווינונג, מען האָט זי איבערגעטון, אויס־באַהאַלטן. אין אייניקע טעג אַרום האָט מען זי געבראַכט אין

דער קאָנספּיראַטיווער דירה פון פּוליכאָוו. קיין בעסטרע האָט מען נישט געפונען.

צען טעג האָט זי דאָ פאַרבראַכט אין ליבנדיקן קרייז פון דער שוועסטער און פריינט. אָפטמאָל פלעגט זי זיצן זאָרגלאָז אויפן בעט און דערציילן וועגן אירע באַאָבאַכטונגען אין דער תפיסה. ס'איז אָבער געקומען דער טאָג, ווען מען האָט זיך געמוזט שיידן. קאַטיאַ האָט געדאַרפט פאַרלאָזן די שטאָט אין א „טראָיקאָ" מיט גאַלאַנטע אָפיצירן. מען האָט זי אויסגעפּוצט: די בלאַסע קאַטיאַ האָט מען אויסגעשמינקעוועט, געמאַכט איר לאָקן, באַצירט. זי איז געווען אומצופרידן, זי האָט זיך געשעמט מיט איר אויסזען, גע־איילט מיטן אָפּפאָרן. מען האָט זיך געזעגנט, זיך האַרציק צעקושט, געזאָגט זיך „צום ווידערזען"!... מען האָט זיך שוין מער נישט געזען.

אין צוויי וואָכן שפּעטער איז געמאַכט געוואָרן דער אַטענ־טאַט גאָר נאָנט פון דער קאָנספּיראַטיווער וווינונג — אויפן פּלאַץ צווישן גובערנאַטאָרישן פּאַלאַץ און דער קאַטעדראַלע. פּוליכאָוו האָט געוואָרפן א באָמבע צו די פיס פון קורלאָוון, וועלכער איז אַרומגערינגלט געווען דורך זשאַנדאַרמען. איזמאַילאָוויטש האָט אָפּ־געגעבן א שאָס אויפן פּאָליצמייסטער, וואָס איז געשטאַנען דער־לעבן. אָבער די באָמבע איז געפאַלן אין א שניי־הויפן און האָט נישט אויפגעריסן, און די קויל איז פאַרבייגעפלויגן. מען האָט זיי ביידע אַרעסטירט, שרעקלעך צעשלאָגן און אָפּגעפירט אין תפיסה. וועגן איר ווייטערדיק לעבן און וועגן אירע מיטקעמפער האָט אַלעקסאַנדראַ איזמאַילאָוויטש שפּעטער אַליין דערציילט.

„ווי א גרויזאַמען קאָשמאַר האָבן מיר איבערגעלעבט די צוויי טעג נאָכן אַטענטאַט אין דער פינסטערער צעלע פון פּאָליציי־צירקל, ווו ליכט איז אַריינגעדרונגען — בלויז דורך א קליינטשיקן טיר־פענסטערל. קלעפּ, אויסטון ביזן העמד דורך א צענדליק פרע־כע און רויע פּאָליציסטן, חוזק, שפּייען אין פנים... כסדר זענען געקומען מענטשן מיך אידענטיפיצירן. מען פלעגט מיך באַלויכטן מיט א שוועבעלע. מען פלעגט זען א געשוואָלן פנים מיט אַן אונ־טערגעהאַקטן אויג, מיט גערונען בלוט אויף א סך שטעלן... וואַ־סיאַ (פּוליכאָוו) האָט זיך געפונען אין א דערלעבנדיקער צעלע. איך

האָב צונויפגענומען מײַנע אַלע ידיעות אין תּפֿיסה־אלף־בית און אָנגעהויבן אַ שמועס דורך קלאַפּן אין דער וואַנט. איך האָב זיך דערוווּסט: ער איז צעהורגט געוואָרן מער פֿאַר מיר, ער האָט גאָר־נישט געקאָנט ליגן.

אין אַ שפּעטן אָוונט האָט מען אונדז אַפּטראַנספּאָרטירט אין תּפֿיסה. עס איז געווען טונקל, אַ נאַסער שניי איז געפֿאַלן. מען האָט אונדז געפֿירט אינמיטן גאַס, אונטער אַ שטאַרקער וואַך פֿון פּאָליציסטן און זעלנער. דער צוג איז באַלויכטן געוואָרן דורך פֿאַקלען... די מילדע לופֿט פֿון דער אָדליגע האָט אָנגענעם געגלעט נאָכן אויפֿהאַלטן זיך אין דער שטיקנדער פּאָליצײ־צעלע. איבער אונדז האָט זיך גרויס אויסגעשפּרייט דער הימל, באַלויכטן פֿון די פֿאַקלען האָבן די שנייערלעך געשימערירט און ליבלעך זיך געלייגט אויפֿן דערהיצטן פּנים.

מיר זענען אַרײַנגעקומען אין תּפֿיסה־הויף, איך האָב זיך געזעגנט מיט פּוליכאָוון. מען האָט מיך אַרײַנגעפֿירט אין מײַן נײַעם וווין־אָרט. די פֿענסטער פֿון דער תּפֿיסה זענען געווען באַלויכטן, פֿון זיי איז דערגאַנגען צו מיר אַן אומאויפֿהערלעכער שטימען־גערויש. אין דאָזיקן שטימען־גערויש האָב איך דערשפּירט עפּעס קרובהשעם און ליבלעכעס, וואָס איז אַזוי קענטזעצלעך צו יענע מענטשן־חיות, אַז מײַן גאַנצע נשמה האָט אַ ציטער געטון און אַנטקעגנגעפֿלויגן די חברים אין פֿײַן. דער משוגע־ווילדער געדאַנק, וואָס איז אין מיר אַרײַנגעקלאַפּט געוואָרן דורך קאָלבן, שטיוול און שפּײַעכץ, אַז נישטאָ מער אין דער וועלט קיין גײַסטיק־קרובהשע מענטשן צו מיר, אַז אַלע חברים, מיט וועלכע איך בין געגאַנגען אויף איין וועג צו איין ציל, זענען בלויז אַ קראַנקע פֿאַנטאַזיע, אַז אַרום־און־אַרום זענען בלויז פֿאַראַן ווילדע חיות מיט מענטשלעכע פּנימער, — דער דאָזיקער ווילד־משוגענער געדאַנק איז מיט איינמאָל אָפּגעשליידערט געוואָרן. ער איז פֿאַרביטן געוואָרן דורך אַ שטורעם פֿון הייסן גלויבן, לײַדנשאַפֿטלעכער ליבע און אומגעצוימטער פֿרייד. איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן די דאָזיקע רגע. איך שטעל זי אַוועק אין איין ריי מיט יענע טעג און שעהן, ווען איך האָב געוואַרט אויף דער עקזעקוציע. איך דערמאָן זיך: איך האָב

אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו אַלע לויכטנדע פענסטער און ברייט און קלאָר געלאַכט צו זיי.

דאָ אין תּפיסה זיצט אויך קאַרל, איינער פון אונזערע פירנדע חברים. די ערשטע צייט בין איך מייסטנס אַליין, שעהן פאַרגייען אין אַבסאָלוטער שטילקייט. די שטילקייט ווירקט אויף מיר אַזוי גוט. איך ליג אַ האַלב־וואַכע אויפן בעט פאַרן אָפּגעקילטן אויוון און טראַכט וועגן אַלעם מעגלעכן. בין־השמשות. די שטילקייט און דער בין־השמשות ווערן פאַרשמאָלצן צו אַ מעלאָדיע פון אומענדלעכער רו... אין עטלעכע טעג אַרום קלאַפּט צו מיר קאַרל דורכן סופיט, אַז איצט וועט ער שוין ווינען איבער מיין צעלע, אַז מיר קענען איצט יעדן אָוונט שמועסן אומגעשטערט. און אַזוי איז עס. יעדן אָוונט רוק איך צו דעם טיש צו דער וואַנט, פאַרדעק דאָס פענסטער מיט מיין גאַרדעראָב, באַוואָפן זיך מיט אַ האָלצשפּענדל, קלעטער אַרויף אויפן טיש, — און דאָס קלאַפּן הויבט זיך אָן. שעהן פאַרגייען אין אינטערעסאַנטע שמועסן, דערינערונגען.

איך געדענק גאָר גוט דעם אָוונט פון 29 יאַנואַר. איך האָב צוגערופן קאַרלען און אים דערציילט וועגן מיין שטימונג. איך ווייס נישט פאַרוואָס, איך בין געווען אַזוי טרויעריק יענעם טאָג. נאָך יעדן וואָרט מיינעם גיט ער דורך אַ קורצן קלאַפּ אַ צייכן, אַז ער האָט פאַרשטאַנען. ווען איך האָב פאַרענדיקט, האָט ער אויסגעקלאַפּט צו מיר:

— טשוכנין איז שווער פאַרוווּנדעט!... מיין מאַרך איז דורכגעשניטן געוואָרן ווי דורך אַן עלעקטרישן פונק. אַ הייסע כוואַליע פרייד האָט מיך אַנגעפילט. איך האָב דאָך געוווּסט, וו ע ר עס האָט פאַרוווּנדעט דעם אַדמיראַל טשוכנין, דעם הויפּט־קאָמאַנדיר און תּלין פון די מאַטראָזן פונם 'שוואַרציאַם־פלאָט. זי איז געווען פאַר מיר מער ווי אַ שוועסטער, זי איז געווען מיין נאָנטסטער חבר, דער געליבטסטער פריינט. איך האָב מיט דער גאַנצער קראַפט אויסגעפויקט אַ „הוראַ".

— אין דער צייטונג שטייט אַזוי, — האָט קאַרל ווייטער אויסגעקלאַפּט, — אַ יונגע דאַמע, וואָס האָט זיך אויסגעגעבן אַלס טאָכטער פון אַ לייטענאַנט, איז געקומען צו טשוכנינען מיט אַ בקשה וועגן עמעריטור. בעת טשוכנין האָט געלייענט, האָט זי

דריי מאָל געשאָסן אין אים. ער איז אַרונטערגעקראָכן אונטערן טיש, זי האָט אים דאָרט נאָכגעשאָסן...

א פויזע. מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם בין איך געזעסן פאַר דער וואַנט און געוואַרט. די פויזע דויערט. — ווייטער, — קלאַפּ איך אויס אויפגערעגט.

— נאָך די שאָסן איז זי אַרויס פון קאַבינעט...

דאַן איז געקומען א שנעל, אומאָפּגעטיילט קלאַפּן. איך האָב עס נישט פאַרשטאַנען און אַלס צייכן געשוויגן געקומען פויקן. אויבן האָט מען געשוויגן. איך האָב בלויז געהערט ווי מען רוקט עפּעס אַהין און צוריק און שווערע טריט. איך בין אויפגעבראַכט געוואָרן. וואָס וויל ער, אויספּרובירן מיין געדולד?

— ווייטער...

— איך האָב אַלץ געזאָגט.

איך ווער אַלץ מער אויפגערעגט.

— וואָס הערט זיך מיט איר?

— איך האָב עס געזאָגט.

א פויזע. און דאַן א לאַנגזאַם, שווער, בייז־באַשוורהדיק קלאַפּן. אַזוי שלאָגט מען זיכער צו דעם דעקל פון א טרומנע.

— זי איז נישטאָ...

ווי דורכן שלאָף האָב איך געהערט דעם פאַלן פון א שטעקן און ווידער טריט. און איך באַקלער: וואָס הייסט — נישטאָ? פאַרוואָס נישטאָ?...

די וואַנט האָט געשוויגן און איך האָב זי נאָך אַלץ שאַרף אָנגעקוקט, פונקט ווי זי וואָלט מיר געקאָנט דערקלערן, וואָס הייסט „נישטאָ". לאַנג בין איך געזעסן און געוואַרט אויף עפּעס. ענדלעך האָב איך שטיל אָנגעקלאַפּט:

— וואָס איז מיט איר געשען?

— טשוכנין האָט באַפוילן זי דערשיסן. מען האָט זי אַרויס־געפירט אין הויף און דערשאָסן.

א לאַנג, פּייניקנד שווייגן... אויבן זיכער פונקט ווי ביי מיר. דער איינפאַכער, קלאָרער, געוויינלעכער באַגריף „דאָ" קעמפט מיטן שרעקלעכן, פרעמדן, ווילד־אומבאַגרייפלעכן „נישטאָ". מיט שאַרפע צוואַנגען, ביי א גוואַלטיקן ווייטאָק, קלעמט זיך איין דאָס

דאָזיקע „נישטאָ" אין מאַרך, אין די אויערן קלינגט נאָך איר לוס־טיק לאַכן, פאַר די אויגן שטייט איר געשטאַלט. יונג, לעבנספרייִדיק, מיט לאַכנדיקע אויגן... און דאָס ווילדע „זי איז נישטאָ" ווערט אָוועקגעשליידערט מיט גרימצאָרן. אָוועקגעשליידערט, כּדי תּיכּף צוריקצוקערן און זיך ווידער איינצוקלעמען אין קאָפּ מיט נייער פּיין. דער ווילדער קאַמף דויערט לאַנג, כּמעט די גאַנצע נאַכט. אַזוי איז זיכער געווען אויך אויבן, איבער מיר".

מיט צוויי טעג צוריק איז אין סעבאַסטאָפּאָל געשען פאָלגנ־דעס. יעקאַטערינאַ איזמאַילאָוויטש איז אָנגעקומען אין דער שטאָט און פאַרנומען אַ צימער אין איינעם פון די בעסטע האָטעלן אַלס טאָכטער פון אַ גענעראַל. זי האָט געוואָלט אויספועלן אַן אַודיענץ ביים אַדמיראַל טשוכנין, דערלאַנגען אים אַ בקשה וועגן אַ עמע־ריטור - ענין און דערביי אים דערשיסן. צום דאָזיקן צוועק האָט זי באַשטעלט געשמאַקפולע וויזיטקאַרטעס אויף אַ פרעמדן נאָמען. זי איז אויפגענומען געוואָרן דורך טשוכנינען אונטער פיר אויגן, געזעסן קעגנאיבער אים אַזוי, אַז בלויז אַ שרייב־טיש האָט זיי פאַנאַנדערגעטיילט. בעתן איבערגעבן איר ענין, האָט זי אָנגעהויבן אַרויסציען פון אונטערן קלייד דעם רעוואָלווער. טשוכנין האָט באַמערקט אירע באַוועגונגען, ער איז געוואָרן אומרואיק און אויפגע־שטאַנען. אין דאָזיקן אויגנבליק האָט זי אַרויסגעצויגן דעם רע־וואָלווער און אויסגעשאָסן. ער איז לייכט פאַרוווּנדעט געוואָרן און אַרונטערגעקראָכן, כּדי זיך צו ראַטעווען, אונטערן טיש, און גע־רופן הילף. עס זענען אַריינגעלאָפן דער אַדיוטאַנט און די וואַך, געכאַפּט די איזמאַילאָוויטש און זי תּיכּף אַרויסגעפירט אין וועס־טיבול פון פּאַלאַץ.

די פּרוּוו פון פאַרוווּנדעטן, וועלכע מען האָט אַראָפּגעבראַכט, האָט אָנגעהויבן היסטעריש שרייען: „טויט זי, דערשיסט זי!" דער אַדיוטאַנט האָט אויסגעוויילט פון דער וואַך פיר מאַטראָזן מיט ביקסן, אַרויסגעפירט די איזמאַילאָוויטש אויפן הויף, גע־שטעלט זי צו דער וואַנט נעבן מיסטקאַסטן און באַפוילן די מאַ־טראָזן צו שיסן. ווען מען האָט זי געוואָלט צובינדן צום לאַמטערן־סלופּ, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען, האָט זי געבעטן, מען זאָל דאָס נישט טון. באַלד האָבן די שכנים געהערט אַ זאַלפּ און גלייכ־

צייטיק דעם טויט־געשריי פון א פרוי. מען פארזיכערט, אז זי האט נאך באוויזן א געשריי צו טון צו די מאטראזן: זי שטארבט פאר זיי, זי האט געוואלט נקמה נעמען פאר זייערע בלוטיקע אונטער־דריקונגען. „חברים, איך האב דערפילט מיין פליכט, דערשיסט מיך, אבער פייניקט מיך נישט!”.

ערשט אויפן צווייטן טאג, ארום פינף אזייגער אינדערפרי, איז איזמאילאוויטשעס טויטער קערפער אפגעפירט געווארן אויפן בית־עולם אין א פשוטער טרומנע, אין א משא־וואגן.

טשוכנין האט זיך שנעל אויסגעהיילט פון זיין וווּנד און זיך אומגעקערט אויף זיין אמט*).

„דעמזעלבן אוונט — דערציילט ווייטער איזמאילאוויטש — האט מיר קארל צוגעשיקט די צייטונג און א בריוו. דער בריוו איז פול געווען מיט צער, פארצווייפלונג און קללות, — בלינדע, משוגענע קללות, וואס נאר דאס מויל פון א מענטשן, א מטורפן פון פיין, קאן זיי ארויסברענגען. ער האט געשריבן: „צו וואס האט זי נויטיק געהאט דעם טויט?... וועמען איז נויטיק איך טויט?... איז דען טשוכנין, זענען דען טויזנטער טשוכנינס ווערט זי, די איינציקע, הערלעכע, שטראלנדע?”... איך האב געפילט, אז איך וואלט נישט געקאנט שטעלן אזא פראגע „צו וואס און וועמען איז נויטיק איר טויט?”. איך וועל אויך אים נישט דער־לויבן דיזאזיקע פראגע, אים, וואס איז מתפלל צום זעלבן גאט, וואס זי, וואס האט געאטעמט מיט דערזעלבער לופט, ווי זי. איך קאן אים נישט דערלויבן צו באליידיקן אירע לעצטע רגעס, אירע לעצטע געדאנקען וועגן צוועק פון איר שטארבן. און איך האב אים געשיקט א לאנגן בריוו. דער קאפ האט מיר געברענט בעתן שרייבן, מיין נשמה האט געציטערט, און די טרערן, וואס האבן זיך פלוצלונג גענומען גיסן, האבן געשטערט צו שרייבן. אבער וואס לענגער איך האב געשריבן, אלץ לייכטער איז מיר געווארן אויפן הארצן. א טיפע פרייד פאר איר, וואס האט געוווסט צו־

---

*) פונקט אין זעקס חדשים ארום איז טשוכנין געפאלן פון דער האנט פון סאצ.־רעוו. מאטראז אקימאוו, וואס האט געדינט אין זיין וואז.

וואָס זי האָט געלעבט און איז געשטאָרבן; די גליק־עמפּינדונג בײַם געראַנק וועגן יענער שטראַלנדער פרייד, מיט וועלכער זי איז געשטאָרבן; דער שטאָלץ מיט איר, דער שטאַרקער און שטאָל־צער, — דאָס אַלץ האָט מיך פאַרפּלייצט ווי אַ מעכטיקער שטראָם און אַרויסגערופן בײַ מיר נישט אַ בריוו, נאָר אַ טריאומפירנדן הימן פאַר איר און מײַן גאָט און דעם גאָט פון קאַרל. איך האָב געפאָדערט פון אים צוריקצונעמען אַלע זײַנע קללות און דערקענען דאָס גליק און די שיינקייט פון איר טויט.

מיר ביידע, קאַרל און איך, האָבן אומענדלעך ליב געהאַט קאַטיאַן, ביידע האָבן מיר געבענקט נאָך איר, ביידע האָבן מיר נישט געוואָלט און נישט געקאָנט באַגרייפן, אַז זי איז מער נישטאָ. די אָוונט־שעהן פון איבערקלאַפּן זיך זענען געווען אונזער איינ־ציקער טרייסט. נאָך מער: זיי זענען אונז געוואָרן נויטיק, ווי לופט. ווי אָרימע מענטשן זייערע לעצטע ברעקלעך, אַזוי האָבן מיר אויסגעזוכט און געטיילט מיטאַנאַנדער די קלענסטע דעטאַלן פון קאַטיאַס לעצטע לעבנס־טעג... איך דערמאָן מיך, סאַראַ שווערן אײַנדרוק עס האָבן געמאַכט אויף מיר די פּאָר שורות כראָניק אין „רוס״: „ווי מיר דערוויסן זיך, איז ספּירידאָנאָווע, וועלכע האָט געשאָסן אויף לוזשענאָווסקין, געשטאָרבן אין טאַמבאָווער תּפיסה אין רעזולטאַט פון די פּייניקונגען״. דאָס זענען געווען די לעצטע צײַטונגס־שורות וועגן מאַרוסיאַן, נאָך דער טעלעגראַמע וועגן איר אַטענטאַט. דיזאָזיקע שורות זענען געווען שרעקלעך. איך האָב אָנגעקלאַפּט צו קאַרלען, ווי שרעקלעכער עס איז דער־דאָזיקער טויט פאַר קאַטיאַס, וועלכע איז דערשאָסן געוואָרן גלייך אויפן אָרט. קאַרל איז מסכּים געווען מיט מיר. אויך אונזער־ע קעגנזײַטיקע באַציונגען זענען קלאָר געוואָרן אין יענע טעג.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָב איך געהערט הויכע שטימען פאַר מײַן פענסטער. איך בין צוגעגאַנגען און דערזען דאָס טעמפּע פּנים פון אַ פּרעך־שמייכלענדיקן אויפזעער. ער האָט געשריגן:

— באַלד וועסטו באַקומען דײַן שטראָף, דו הונט. אין פינף טעג אַרום וועט מען דיך אויפהענגען.

איך האָב באַגריפן, אַז איצט דערנענטערט זיך צו מיר יענץ גרויסע און ערנסטע, וועגן וואָס איך האָב אַזוי אָפט געטראַכט

אינדערשטיל. די פינף טעג זענען פאַרגאַנגען. מען האָט מיך נישט געהאַנגען. איך האָב נאָך אַלץ געלעבט שטיל און רואיק. שפּאַצירן האָט מען מיך מיט וואַסיאַן נישט געפירט. קורלאַוו זאָל דאָס האָבן פאַראָרדנט, צוליב מורא מיר זאָלן נישט אַנטלויפן. די חברים האָבן אונז צוגערעדט פאָדערן דעם שפּאַציר, און האָבן געוואָלט אונטערשטיצן די דאָזיקע פאָדערונג דורך אַ הונגער־שטרייק. איך אָבער האָב קאַרלען געבעטן רחמים לאָזן דאָס צורו. נישט נאָר צוליב דעם, ווייל עס וואָלט געווען אַן אומזין צו לאָזן הונגערן העכער הונדערט חברים צוליב אונזער שפּאַצירן־גיין; איך האָב אויך נישט געוואָלט שטערן די רו פון מיין נשמה דורך וועלכעס'איז אַן איבעררייסונגען. עס זענען מיר פאַרגעקומען אַזוי קליינלעך אַלע פּראָטעסטן וועגן באַקוועמלעכקייטן פון אויסערלעכן לעבן, בעת עס האָט געווונקען צו מיר אַזאַ גרויסע אויפגאַבע. וואַסיאַ איז מסכים געווען מיט מיר און האָט געשריבן, אַז אים איז גוט אויפן האַרצן, ער וואַרט אויפן משפּט ווי אויף אַ יום־טוב.

דער טערמין פון געריכט איז באַקאַנט געוואָרן: דער 16 פעברואַר. איך האָב באַקומען דעם באַשולדיקונגס־אַקט, די פאַר־טיידיקער האָבן מיך באַזוכט. אַן אָוונט ערב דעם געריכט האָב איך געשמועסט מיט קאַרלען... מיר האָבן גערעדט וועגן דעם, אַז מיר האָבן זיך האַרציק ליב, אַז אונזער ליבע איז לעגענדאַר־שיין. מיר האָבן צוזאַמען זיך דערמאָנט, ווי זי איז בהדרגהדיק געוואַקסן. געבוירן, אָבער נישט געבראָכן פון שווערן שמערץ — קאַטיאַס טויט — האָבן מיר זיך אומדרייסט דערנענטערט צואַנאַנדער און געזוכט שטיצע איינער ביים צווייטן. מיר האָבן געמוזט רעדן וועגן קאַטיאַן, וועלכע מיר האָבן ביידע ליב געהאַט. מיר האָבן צוזאַמען געליטן, מיר האָבן איינער ביים צווייטן געפונען טרייסט, אויס־שטרעקנדיק — יעדער צום צווייטן — הענט פול מיט צערטלע־כער פריינטשאַפט. ביינאַכט, ווען אַלץ אין תפיסה שלאָפט, און נאָר די וואַך הינטער דער מויער שפּרייזט אַרום, פלעגן מיר קו־מען, אָפּגעטיילט בלויז דורך אַן אומדורכדרינגלעכן סופית, זיך נענטערן איינער צום צווייטן און עפענען אונזערע הערצער. אויף דער פריי, וו עס האָבן אונז נישט פאַראַדערגעשיידט נישט קיין ווענט און נישט קיין קראַטעס, זענען מיר זיך פאַרביינגעגאַנגען

גלייכגילטיק. דאָ האָט אונז מער קיין שום זאַך נישט געקאָנט פאַנאַנדערשיידן. אין דער שטילקייט פון די קלאַנגלאָזע נעכט האָט אויפגעבליט דאָס צוויבער־מעשהלע פון אונזער ליבע.

ווי מיר האָבן זיך אויסגעלאַכט פון דער וואַנט! אויפגעבויט, כּדי אונז צו פאַנאַנדערטיילן, האָט זי אונז פאַרייניקט. עס האָט זיך געוועגדט אין אונזער ווילן, דידאָזיקע קאַלטע און טויטע וואַנט זאָל אויפלעבן, ווי באַרירט דורך אַ צויבער־שטעקעלע. די שטיינער פלעגן זיך פאַרוואַנדלען אין קלאַנגען... אָבער אַמאָל פלעגן מיר פאַרשילטן די וואַנט. מען האָט זיך אַזוי פיל צו זאָגן. מען ווערט אַמאָל פלוצלונג פול מיט אַ ים געדאַנקען און געפילן, און די וואַנט שטייט אַזוי שווער, לאַנגזאַם און קאַלט, ווי זי זאָל חוזק מאַכן פון אונז. ס'וואָלט זיך וועלן שטיל רעדן... אַריינקוקן דעם פריינט אין אויג אַריין, אויפכאַפן דעם שווייגנדיקן בליק, דאָס קלאַנגלאָזע שמייכלען. זי שטייט אָבער און לאַכט פון אונז. ווי שטאַרק מיר פלעגן זי דאַן האַסן! מיר פלעגן זיך דעם קאָפּ צעברעכן, כּדי צו פאַרבייטן דאָס קלאַפּן. מיר פלעגן פעסט צוליגן צו דער וואַנט איינער דאָס מויל, דער אַנדערער — דעם אויער, פלעגן דייטלעך און הויך אַרויסברענגען אַ פּאָר ווערטער, למשל: „ווי שפּעט איז איצט?״ די ווענט פלעגן איבערגעבן דעם קלאַנג פון אונזערע שטימען, און מיר פלעגן זיך פרייען, ווי קינדער. אָבער ווי אָרים דאָס איז געווען... אין דער נאַכט פאַר מיין געריכט האָבן מיר אַזוי גערעדט ביז 2 אַזייגער. 9 האָב איך שוין געדאַרפט געבראַכט ווערן אין טריבונאַל.

* * *

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון אַ גערויש. כ'האָב געעפנט די אויגן — פינסטערע נאַכט. דער שלאָס אין דער טיר קנאַקט הויך. אַ באַפעלנדע מענער־שטימע:

— טוט זיך שנעל אָן... מיר וואַרטן...

עס איז פיר ביינאַכט. מען האָט מיך געבראַכט אין דער תפיסה־קאַנצעלאַריע, מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין הינטערשטן צימער. עס פאַרגייט אַ שעה, שטיל טיק־טאַקעט דער זייגער. העל לייכט דער לאָמפּ. דער שלאָף איז אַוועקגעטון פון מיר, ער ווערט פאַרביטן דורך אַ דערהויבנדיקן צושטאַנד. אַזאַ געפיל פלעג איך

האָבן אלס קינד, ווען מיר פלעגן מיט קלאַפנדע הערצלעך זיצן אין קינדער־צימער און וואַרטן, — אַט רופט מען אונז, מען עפנט די טיר פון זאַל, און אין בלענדנדיקער פּראַכט דערשיינט פאַר אונז דער שטראַלנדיקער ווייַנאַכט־בוים.

א באַוועגונג, שווערע טריט, טעמפּער גערויש. מען פירט מיך אויף דער גאַס. דער שליטן פליט אין דער נאַכט, א וואַנט קאָזאַקן גאַלאָפּירט אַרום אונז. מיר געפינען זיך שוין אין בנין פון די אַרטילעריע - אָפיצירן: דאָ וועט פאָרקומען דאָס געריכט. אין פאַר־דער־צימער זע איך וואַסיאַן. זיין פּנים ווערט באַלויכטן דורך א פרייַדיק שמייכלען... עס פאַרגייען זעקס שעה ביז מען רופט אונז, ענדלעך, אין זאַל אריין. אין גרויסן זאַל, באַצירט מיט בילדער פון וויכטיקע פערזאָנען, טרעף איך מיין שוועסטער מאַניא. נעבן איר אַן אַלטער מיט טרויעריקע אויגן. „מיין פאָטער" — פּליס־טערט צו מיר וואַסיא. מאַניא שמייכלט צו מיר, אָבער מען זעט אויף איר, ווי שווער עס דריקט זי דער טויט פון איין שוועסטער און דער וואַרשיינלעכער טויט פון דער צווייטער.

צווישן די עדות איז געווען אויך קורלאָוו. ווי געליבטע רייסן זיך צו א באַגעגעניש, אַזוי ליידנשאַפטלעך פלעגן מיר דאַן וואַרטן אויף זיין אַרויספאָרן. גאַנצע טעג פלעגן מיר באַאָבאַכטן זיינע פאַראַדנע שטיגן, אומבאַמערקט דורך אים און זיין וואַך. איצט איז ער געשטאַנען דריי טריט פון אונז. מיר זענען געווען זיינע אַרעסטאַנטן, ער — דער זיגער. אַזוי איז דאָס געווען פון פיזישן שטאַנדפּונקט, נישט אָבער פון פסיכאָלאָגישן... ווען ער האָט, נאָך זיין עדות ־ זאָגן, זיך אומגעדרייט, כּדי צו פאַרלאָזן דעם זאַל, האָט ער אייניקע טריט געמוזט דורכגיין האַרט פאַרביי אונז. מיר האָבן אים געקוקט גלייך אין די אויגן אריין. ער איז אָבער גע־גאַנגען, האַרטנעקיק אויסבאַהאַלטנדיק פאַר אונז די אויגן. און פּלוצלונג, ווי ער וואָלט נישט געקאָנט אויסהאַלטן אונזער בליק— האָבן זיך אונזערע אויגן באַגעגנט. דאָס איז געווען בלויז אַן אויגנבליק, מוראדיק קורץ און וואַרשיינלעך באַמערקט נאָר דורך אונז דריי. ער האָט א קוק געטון און זיינע אויגן האָבן גענומען אַרומלויפן. דער דאָזיקער אויגנבליק איז געווען געווען פאַר אונז: מיר האָבן אין זיינע אויגן געזען דעם אויסדרוק פון חיהשעה

שרעק, און א נעבעכדיקע פארלוירנקייט. ניין, ער איז נישט געװען קיין זיגער!

איך האב זיך צוגעהערט צום גאנג פון פראצעס, זיך ארומגעקוקט, — און פלוצלונג בין איך פארשטארט געװארן פון פארװונדערונג. דאס איז געװען א איראניע פון גורל. אויף דער װאנט איבער אונזערע שטולן איז געהאנגען דער פארטרעט פון מיין פאטער, דער קאמאנדיר פון ארטילעריע - קארפוס אין מינסק. פון דער װאנט אראפ האט ער שטרענג צוגעהערט, װי מען פארטיקט אויס פאר זיין טאכטער דעם פאראויסבאשטימטן אורטייל.

מען האט דערקלערט א פויזע, מען האט אונז געגעבן מיטאג. אונז ביידע האט באהערשט א װוּנדערבארע שטימונג. מיר האבן צוזאמען געלאכט אין א מין פרייד, מיט װעלכער קליינע קינדער שמייכלען מסתמא צו דער זון און צו די פייגל. מיר האבן מער נישט געשפירט קיין האס, נישט צו יענעם, װאס האט זיך נישט געקאנט װידערשטעלן אונזער בליק, נישט צו קיין שום אנדערן אויף דער װעלט. דאס איז דאך אלץ געװען אזוי נישטיק, דאס איז דאך אלץ געבליבן פון הינטן. פאר אונז אבער איז געװען די זון, אזא שטראלנדיקע און װוּנדערבארע זון, אז דאס הארץ איז אונז שיר נישט צעשפרונגען געװארן פאר פרייד. דידאזיקע זון איז געװען אונזער אידייע. זי האט שוין פון פריער געלעבט אין אונז, אבער תמיד, בלויז אין א מין אבסטראקטן צושטאנד. איצט איז זי געשטאנען פאר אונז, אין אונז. מיר זענען געװארן מיט איר — איינס. װאסיא און איך האבן נישט נויטיק געהאט צו רעדן װעגן דעם. אן װערטער — דורכן שמייכל, דורכן גלאנץ פון די אויגן, האבן מיר זיך פארשטאנען...

...איװאן פוליכאװ, פארן פארברעכן דעם און דעם, — לויט די פאראגראפן די און די — טויט - שטראף דורך הענגען.

...אלעקסאנדרא איזמאילאװיטש, פארן פארברעכן דעם און דעם, לויט די פאראגראפן די און די — טויט - שטראף דורך הענגען.

— פירט אפ די אנגעקלאגטע!...

מיט דידאזיקע װערטער האט זיך פארענדיקט דאס געריכט. די ביז איצט טעמפע, גלייכגילטיקע פנימער פון די װאך-זעלנער

און אָפּיצירן, פאַרביי וועלכע מען פירט אונז ווידער דורך, האָבן זיך פאַרוואַנדלט. זיי קוקן אויף אונז מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט, און אין זייערע אויגן איז דאָ עפּעס אַזוינס, ווי שרעק, מיטלייד, אַכטונג. ווען מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען מאַניאַן, האָט זי ווידער אַ שמייכל געטאָן צו מיר און געזאָגט:

—אומזין! זיי וועלן נישט אויפהענגען!

...אירע ווערטער זענען געווען ריריק, אָבער געבן האָבן זיי אונז גאָרנישט געקאָנט. מיר, די אָרעמע און עלנטע אין די אויגן פון די אַלע, וואָס האָבן געקוקט אויף אונז מיט פאַרשטאַרטן שרעק (האָט מען דאָך צוגענומען ביי אונז אונזער לעצט פאַרמעגן, דאָס לעבן!), האָבן זיך געפילט רייכער פאַר זיי אַלע... מיר האָבן פאַרמאָגט דאָס, וואָס זיי אַלע האָט געפעלט — אונזער זון.

אין דער תּפיסה - קאַנצעלאַריע האָב איך זיך געזעגנט מיט וואַסיאַן.

— אינטערעסאַנט, ווען זיי וועלן אונז אויפהענגען — האָט ער געזאָגט אין רואיקער פאַרטראַכטקייט. — ווייסט איר, סאָניאַ, ווען איך וועל שטאַרבן, וועלן מיינע לעצטע געדאַנקען געהערן אייך און קאַטיאַן .איר האָט קיין אַנונג נישט, ווי שטאַרק איך האָב אייך ביידע ליב געהאַט...

דאָס איז מער נישט געווען דער געוויינלעכער וואַסיאַ, דער אומדרייסטער, וואָס האָט געקאָנט רעדן וועגן פּאַרטיי - אַרבעט, וועגן אַ שיין געדיכט, וועגן קאַנטס פילאָזאָפיע, וועגן אַלדאָס מעגלעכע, נאָר נישט וועגן זיינע געפילן. איצט האָבן גערעדט נישט נאָר זיינע אויגן, — עס האָבן גערעדט זיינע הענט, וואָס האָבן פעסט געדריקט מיינע, עס האָבן גערעדט זיינע הענט, וואָס האָבן זיך געפרעסט צו מיינע... דער אויפזעער האָט אים שוין געאיילט צו דער צעלע, ער אָבער האָט נאָך אַלץ געפליסטערט:

— סאָניאַ, ליבע סאָניאַ, לעבט ווייטער... מיר איז גוט...

מען האָט אים אָפּגעפירט. איך האָב אים שוין מער קיינמאָל נישט געזען.

איך האָב זיך אומגעקערט אין מיין צעלע, וועגן אַלעם דערציילט קאַרלען. די טעג זענען ווייטער געפלאָסן. אַזוי איז דאָס באמת געווען. די טעג זענען געפלאָסן, ווי דער אָפּגרונט-טיפער

שטראָם פליסט רואיק און קראַפּטפּול אונטער דער זון, וואָס שטראַלט אויפן בלויען יום־טוב־הימל.

דאָס זענען געווען אמתע יום־טוב־טעג. אין דער נשמה, אין די געדאַנקען איז נישט געווען קיין שום קליינלעכס, שמוציקס, וואָכעדיקס. כ׳האָב בסדר געשפּירט אַ שמייכל אויף מײַנע ליפּן. אפילו אין שלאָף האָט עס מיך נישט פאַרלאָזן. אויסערלעך איז דאָס לעבן געווען איינטאָניק, ווי תמיד. די אַרעסטאַנטן האָבן שפּאַצירט אין הויף, און איך האָב געשמועסט מיט זיי דורכן פענסטער. ווי פריער פלעג איך אָפּרעדן מיט קאַרלען האַלבע נעכט. עס איז אָבער געוואַקסן אין מיר דאָס באַוווסטזיין, אַז עס בלייבט נישט קיין צייט, אַז מען מוז זיך צואיילן. אַלץ, וואָס איך האָב פריער געטאָן און געטראַכט, איז איצט, אין ליכט פון דאָזיקן באַוווסטזיין, הונדערט מאָל קלאָרער, דורכזיכטיקער, קראַפטפולער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז מײַן נערוון־סיסטעם האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אַנדערע, פײַנערע, פון אַ העכערן גראַד. איך האָב געשפּירט אַ וווּנדערבאַרע, אומגעוויינלעכע ליבע צו אַלע חברים, צו אַלע מענטשן, צו דער גאַנצער וועלט. די זון, דער בלויער הימל, די שפּיצן בוימער, וואָס טיילן זיך אויס אַזוי שאַרף אויפן נאַכטיקן הימל, — נאָך קיינמאָל האָבן זיי נישט געהאַט פאַר מיר אַזאַ באַדייטונג. אַ ליבע און אַ שטילע אָנטציקונג האָבן באַהערשט מײַן שטימונג. זיי זענען פאַרבונדן געווען מיט אַ טרויעריקייט, אָבער מיט אַ אייגנטימלעך־זאָרגלאָזער און מילדער טרויעריקייט. די דאָזיקע בוימער וועלן אין פרילינג ווידער גרין ווערן, זיי וועלן לעבן — האָב איך געטראַכט, — איך אָבער וועל זיי מער נישט זען. עס איז געווען טרויעריק מער נישט זען זייער בליען, מוזן זיי מיטנעמען אַלס טויטע. איך וואָלט אַזוי געוואָלט וויסן, ווער עס וועט זיגן, ווי דער זיג וועט אויסזען. איך צווייפל קיין איין איינציקן אויגנבליק נישט, אַז די מאַסן וועלן זיגן. אויף זייער זייט איז אַלץ — די געזעצן פון דער אַנטוויקלונג, די נישט־פאַרברויכטע קראַפט, דאָס אויפריכטיקע דענקען, דער העל־ברענענדיקער גלויבן. אָבער עס ווילט זיך אַזוי מיטלעבן דעם דאָזיקן זיג כאָטש איין רגע...

...קאַרל האָט נישט געגלויבט, אַז מען וועט מיך הענגען

„רעד זיך נישט איין צו זיין א צווייטע פעראָווסקאַיאַ*), — האָט ער פּרובירט צו שפּאַסן. — דאָס וועט נישט געשען. דו בלייבסט לעבן...

און אין איינעם אַ אָוונט האָט מעכטיק און פּיבערהאַפט גע־נומען דונערן איבער מיין קאָפּ. די קלעפּ וואַקסן אין צאָל, אין אינטענסיווקייט. דער סופיט וועט באַלד איינפאַלן. — „ביסטו עס, קאַרל?"

— איך, איך, איך...

— ביסט משוגע געוואָרן... קלאַפּ שטילער...

ער הערט נישט אויף.

— יאָ, איך בין משוגע פון פרייד... דו וועסט לעבן! —

— עס חלומט דיר —

— ניין, דער אויפזעער האָט עס אָקאָרשט געזאָגט. דו באַ־קומסט תּפיסה... זיכער.

צומאָרגנס האָבן מיך באַזוכט די שוועסטערס. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט: איינע פון זיי איז געפאָרן קיין ווילנע, צום אַר־מיי־קאָמאַנדיר, כּדי צו דערלאַנגען אַ בקשה פאַר מיר. ווי נאָר זי האָט זיך צוריקגעקערט, האָט זי שוין געהאַט די ידיעה: די טויט־שטראָף איז פאַרביטן אויף תּפיסה. זי האָט עס מיר דערציילט אומדרייסט, געבעטן זיי מוחל צו זיין, צו באַגרייפן.

...דאָס איז געווען דאָס ערשטע שטיקל בלאָטע, וואָס האָט מיך גרויזאַם פאַרטריבן פון מיין צויבער־וועלט, — הגם נישט אינגאַנצן. איך האָב געפונען אין זיך גענוג פיזישע קראַפט, כּדי אָפּצוטיילן מיין איך פון מיין שוועסטערס טאַט... איך האָב גע־מיינט, אַז קאַטיאַס טויט און דאָס, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אין די טעג פון מיין געריכט, וועלן זי שטאַרק מאַכן. די ווירק־לעכקייט האָט מיך אויסגעלאַכט. זיי האָבן מיך אומבאַוווסטער־הייט אָפּגענאַרט. עס איז שמערצלעך געווען איינצוזען, אַז זיי זענען נאָך נישט אויסגעוואַקסן.

---

*) סאָפיאַ פעראָווסקאַיאַ איז אין 1881 אויפגעהאַנגען גע־וואָרן אין פעטערבורג פאַרן אַטענטאַט אויפן צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן.

דער באַגריף „טויט" איז אָפּגעביטן געוואָרן דורכן באַגריף „לעבן". אין די ערשטע מינוטן האָב איך קוים אײנגעזען דעם אונטערשייד צווישן זיי. ווייל תמיד ביים פאָרשטעלן זיך דעם טויט, האָב איך אייגנטלעך געטראַכט וועגן לעבן. דער טויט האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט אַלס לעצטע רגע פון לעבן, אַלס יענע אינטענסיווסטע, אומגעהויער שאַרף־דערקענטע רגעס, אין וועלכע עס קאָנדענסירט זיך, ווי אין אַ ברענפּונקט, אַלדאָס ביזאַהער איבערגעלעבטעס און באַגריפענעס. דאָס איז דאָך אָבער געווען דער אַפּאָטעאָז פון לעבן... קאַטיאַ איז געשטאָרבן, פאַר מיר אָבער איז זי נישט געווען טויט, איך האָב זי געזען אַזוי, ווי זי איז געשטאַנען פאַר די קוילן, איך האָב איבערגעלעבט פאַר איר יענע גרויסע, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אין אירע לעצטע אויגנבליקן. אַזוי איז דער טויט אויך פאַר מיר געשטאַנען נישט אָפּשרעקנדיק.

איך בין אָבער געבליבן ביים לעבן און איך האָב עס געבענטשט. איך האָב געבענטשט די בוימער, וואָס וועלן זיך פאַנאַנדערבליען און איך וועל זיי אָנקוקן; איך האָב געבענטשט די הייסע זון, וואָס וועט מיך ווידער גלעטן, די נשמות פון די מענטשן, וועלכע איך וועל נאָך באַגעגענען; איך האָב געבענטשט אונזער זון, וואָס וועט מיר ווייטער לייכטן, ווי ביזאַהער...

* * *

עס איז געווען אַ זוניקער ווינטער־טאָג קעגן אָוונט... איך האָב אַרומגעשפּרייזט אין מיין צעלע און צוגעהערט זיך צו מיינע געדאַנקען. פּלוצלונג האָט דורכגעשניטן די שטילקייט אַ הויכע באַקאַנטע שטימע. דאָס איז געווען וואַסיאַ.

— חברים, אַקאָרשט האָט מיר מיין פאָטער מיטגעטיילט, אַז מיין טויט־אורטייל איז באַשטעטיקט געוואָרן.

נישט מער. עס האָט געשיינט, די שטילקייט האָט איבערגעחזרט די לעצטע פיר פּאַטאַלע ווערטער. אַזוי דייטלעך און שאַרף האָבן זיי זיך אייביקווייז איינגעשניטן אין דער אייזיקער לופט. מיט איין־ניקע טעג צוריק האָט נאָך קאַרל פיבערהאַפט צוגעגרייט וואַסיאַס אַנטלויפן. דורך אַ לאָך אין סופיט האָט ער געזאָלט אַריינדרינגען אין אַ צעלע פון די קרימינאַל־פאַרברעכער און פון דאָרט — פאַרקליידט אַלס קרימינעלער — אַנטלויפן. דער סופיט

איז שוין געווען דורכגעבראָכן. וואַסיאַ האָט בלויז געדראַפּט אַרויפֿ־שטייגן. אָבער גראָד אין דאָזיקן מאָמענט איז אַרייַנגעקומען אַן אויפֿזעער, — און אַלץ איז געווען פֿאַרלאָרן.

דורך דריי וועגט האָב איך געשמועסט מיט וואַסיאַן. קאַרל האָט מיר איבערגעגעבן זיין קוים — פֿון ווייטן — הערבאַרן קלאַפּן. וואַסיאַ האָט גערעדט, ווי ער גרייט זיך אויפֿצונעמען דעם טויט, ווי שטאַרק און גליקלעך ער איז. זיין לעצט קלאַפּן האָט דער מינסקער קאָמיטעט פֿון די סאָצ. ־ רעוו. פֿאַרעפֿנטלעכט אַלס פֿלוג־בלאַט.

וואַסיאַ האָט אויסגעקלאַפּט:

— „אין אַ ברענענדן הויז ציילט מען נישט די צעבראָכענע שויבן — האָט דערקלערט מיניסטער דורנאָוואָ. — איך בין נאָר איינע פֿון די דאָזיקע שויבן אינם פּילשטאָקיקן בנין פֿון צאַריזם און קאַפּיטאַליזם. גוט, אָבער איך בין גליקלעך, וואָס, כּל זמן איך האָב געלעבט, האָט אויך דורך דער דאָזיקער שויב אַרייַנגעדרונגען אין בנין אַ שיין, זאָל זיין אַז אַ טריבע. דער בנין ברענט אָבער... מעג מיין לעבן זיך היינט ענדיקן, — אָבער דורך די צעבראָכענע שויבן — האָף איך — וועט אַרייַנדרינגען דער שטורעמווינט, ער וועט נאָך העלער פֿאַנאַנדערבלאָזן דעם הייסן פֿלאַם, און דער דורכגעפֿוילטער בנין וועט סוף ־ כּל ־ סוף איינפֿאַלן... איך פֿיל מיך גליקלעך. איך שווער אייך, איך זאָג נישט קיין ליגן. זייט געזונט...“

קאַרל האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי עס איז אים אומגעריכט געלונגען צו האָבן מיט וואַסיאַן אַן אימפּראָוויזירטן צוזאַמענטרעף. דאָס איז געווען אין מאָמענט, ווען מען האָט וואַסיאַן געפֿירט פֿון דער קאַנצעלאַריע, נאָכן באַזוך פֿון זיין פֿאָטער. אַלע צעלן זענען ביים דאָזיקן פֿאַרבייגיין אָפּגעשלאָסן געוואָרן.

— מיך אָבער איז באַפֿאַלן אַ משוגעת. איך האָב אָנגעהויבן צו טראַסקען אין דער טיר און פֿאָדערן, מען זאָל זי עפֿענען. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען האָב איך געצוואונגען דעם אויפֿזעער אויפֿצועפֿענען די טיר. און דאָ האָט מען דורכגעפֿירט וואַסיאַן, נאָכדעם ווי ער האָט אויפֿן הויף אויסגעשריגן וועגן טויט־אורטייל. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר, אַרויפֿגעלייגט זיין האַנט אויף מיין

אקסל, מיר אריינגעקוקט אויג אין אויג, געשמייכלט מיט זיין נאנצן וועזן און געזאָגט צו מיר: „ווי שיין עס איז, ברודער קאַרלושאַ”... דער אויפזעער, וואָס האָט אים באַגלייט, איז געשטאַנען ביי אַ זייט, האָט גאָרנישט געזאָגט. ווי דאַנקבאַר איך בין אים געווען. אַזוי זענען מיר געשטאַנען צוזאַמען ביי אַ צוויי מינוט. וואָסיאַ האָט געזאָגט, מען האָט אים צוגעזאָגט צו געבן אַ זעאונג מיט דיר. — ער האָט כּסדר געשמייכלט. מיר האָבן זיך פעסט צעקושט, און ער איז פאַרשוווּנדן...

* * *

איך קאָן נישט באַגרייפן, ווי אַזוי מיר, קאַרל און איך, זענען געווען אַזוי אומזיניק איבערצייגט, אַז מען וועט נאָך וואָסיאַן נישט צונעמען פון אונז די דאָזיקע נאַכט. ווי תּמיד, האָבן מיר זיך שפּעט געלייגט שלאָפן. די דערוואַכונג איז געווען שרעקלעך. עס האָט מיך אויפגעוועקט אַן אומאויפהערלעך קרעכצן און שלוכצען. אַ שטאָק־פינסטערע נאַכט, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די נאַכט גופא, די ווענט, די קראַטעס, די פינסטערניש קרעכצן און שרייען ווילד. מיר איז תּיכּף אַלץ קלאָר געוואָרן. פון אַלגעמיינעם שרעק - כאַאָס און פון די היסטערישע פרויען - געשרייען האָבן זיך אויסגעטיילט אויסטערלישע, אָפּגעריסענע אויסגעשרייען פון די מענער. עס איז נישט געווען צו פאַרשטיין, צי זיי טיילן איינער דעם צווייטן מיט די גרויליקע דעטאַלן פון מענטשן־רויב, אָדער זיי שליידערן ווילדע קללות אין דער נאַכט. אין ברויזנדן אויסברוך פון צאָרן און פאַרצווייפלונג. אין די דאָזיקע אָפּגעריסענע געשרייען איז ביז פיין דייטלעך געקומען צום אויסדרוק דער גרויליקער באַוווסטזיין פון אייגענער אָנמעכטיקייט גראָד דאַן, ווען דאָס האַרץ פּלאַצט שיר פון פייערדיקער שנאה, ווען די נשמה איז גרייט אין לעצטער אָנשטרענגונג נישט דערלאָזן צום שענדלעכן, און זי קאָן גאָרנישט העלפן.

איך געדענק, איך האָב נישט געהאַט קיין טרערן, איך האָב בלויז געציטערט אויפן גאַנצן קערפּער, ווי אין העפטיקן פיבער. די נשמה אָבער איז געווען ווי פאַרשטיינערט.

צומאָרגנס האָב איך געפרעגט דעם אויפזעער:

— אויפגעהאָנגען פוליכאָוון?

שוויגנדיק האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

באַלד נאָך דער מאָרגן ־ קאָנטראָל האָבן די מענער אָנגעהויבן פּייערלעך און טרויעריק צו זינגען דעם טרויער ־ מאַרש: „אומשטערבלעכע קרבנות"... ערשט דאַן איז פאַרשוווּנדן מיין פאַרשטייגערונג, די טרערן האָבן זיך אַ גאָס געטאָן פון די אויגן.

זיי האָבן געזונגען דאָס ליד ביזן סוף און האָבן איבערגעחזרט דעם שלום: „זייט געזעגנט, איר ברידער, איר האָט ערלעך"... אַ סך, אַ סך מאָל האָבן זיי איבערגעחזרט דאָס דאָזיקע „זייט געזעגנט". מען האָט אויפן קול געהאַלטן אַ פּלאַמיקע רעדע. פּלוצלונג האָט דאָס טרויער ־ ליד גענומען קלינגען ערגיץ־ווייט, הינטערן תּפיסה־בנין. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט: פאַר דער תּפיסה האָט זיך פאַרזאַמלט אַ מענטשן ־ מחנה, די חברים האָבן אַרויסגעהאָנגען פון די פענסטער שוואַרצע פענער... זיי האָבן געזונגען און די טויטע זענען געקומען צו מיר, שטראַלנדיק אין פרישער לעבעדיקייט.

אָט שטייט וואַסיאַ, דער אומדרייסטער, דער שוויגנדיקער, דער אויפריכטיקער. נאָר אונטער פיר אויגן ווערט ער באַרעדעוודיק. דאַן רעדט ער לאַנג און אַ סך. ער ברענגט זעלטן אַרויס אין פאַרטיקער פאָרם זיין געדאַנק; כמעט תּמיד ווייזט ער אים אין זיין אַנטוויקלונג, פון מאָמענט פון זיין געבורט ביז זיין אויפבליען אין פולער באַשטימטקייט. דערין ליגט אַ געוויסע אויפריכטיקייט... זיין מוטער איז פרי געשטאָרבן, זיין פאָטער האָט אַ צווייטן מאָל חתונה געהאַט. אין דער פאַרטאָפּלטער פאַמיליע איז וואַסיאַ געווען דער עלטסטער און איינזאַמסטער... שוין אין די פריסטע שול־יאָרן האָט ער געמוזט געבן לעקציעס. אינגיכן האָט ער שוין געלעבט אָפּגעזונדערט פון דער פאַמיליע. דער צופאַל האָט אים צונויפגעפירט מיט אַן אַלטן רעוואָלוציאָנער. יענער האָט אים געעפנט די אויגן, פון אַ פּאַטריאָט איז ער געוואָרן סאָציאַליסט. ער טרוימט וועגן אוניווערזיטעט. ער איז פאַר אים אַ טעמפּל פון וויסנשאַפט, אין וועלכן מען קאָן אַריינקומען בלויז מיט אַן אָפּגערעקטן קאָפּ און אַ ריין האַרץ. ער טרעט אַריין אין פעטערבורגער אוניווערזיטעט. ער לעבט איבער אַ ביטערע אַנטוישונג. אין פּעטערבורג לעבט ער אין שרעקלעכער נויט. ער נעכטיקט אין די

גערטנער, ווו די פּאָליציסטן יאָגן אים אַראָפּ פון די בענק, אָדער אין נאַכט - אַזיל. די טעג פאַרברענגט ער אין דער מלוכה־ביב־ליאָטעק... אין פעטערבורג איז ער אויך געזעסן די ערשטע אַכט חדשים אין תּפיסה. מיט פאַרגעניגן פלעגט ער זיך דערמאָנען אין דער תּפיסה - ביבליאָטעק.

— עס איז אַ שאָד געווען זי צו פאַרלאָזן, איך האָב נישט באַוויזן צו ענדיקן מאַרקס „קאַפּיטאַל״... אַזוי איז שוין ביי אונז— נאָר אין תּפיסה שטודירט מען...

מען האָט אים אָפּטראַנספּאָרטירט אין זיין היימשטאָט מינסק. דאָ האָט ער ווידער געגעבן לעקציעס, פאַרדינט לפּי־ערך אַ סך — 60 רובל — און אָפּגעגעבן כּמעט דאָס גאַנצע געלט, פּונקט ווי זיין פריִער צייט, דער סאָצ. - רעוו. פּאַרטיי. דאָ האָב איך זיך באַקענט מיט אים.

איך געדענק: אין אַ ווינטער - נאַכט האָבן מיר זיך פון ער־גיץ אומגעקערט, און ווי תּמיד אונטער פיר אויגן, האָט ער זיך פריי אַראָפּגערעדט פון האַרצן.

— איך קאָן זיך נישט באַטראַכטן אַלס פּאַרטיי - מיטגליד. איך אָנערקען דעם טעראָר טעאָרעטיש, איך ספק אָבער, צי איך גופא וואָלט געקאָנט ווערן אַ טעראָריסט.

ער האָט דאָס גערעדט מיט שמערצלעכער אויפריכטיקייט. די סתּירה צווישן טעאָריע און פּראַקטיק האָט אים זייער שטאַרק גע־פּייניקט.

— איך קאָן מיר נישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי איך טויט אַ מענטשן. איך קאָן נישט אַנדערש, איך מוז זען אין געטויטן אַ מענטשן. אַ מענטש איז דאָך אָבער אַזוי באַדייטנדיק. אפשר וועל איך מיט דער צייט דאָס גובר זיין... איך ווייס נישט... איצט אָבער בין איך נישט קיין טעראָריסט.

זייט דאַן זענען פאַרגאַנגען צוויי יאָר. וואַסיאַ איז אַרויסגע־טראָטן קעגן קורלאָוון.

* * *

עס איז געקומען דער טאָג, וועלכן איך האָב נישט געוואָלט, פאַר וועלכן איך האָב מיך געשראָקן. מען האָט מיר מיטגעטיילט, אַז היינט אָוונט פירט מען מיך אָפּ קיין מאָסקווע. איך מוז מיך

שיידן פון קאַרלען, אָפּרייסן זיך פון אַלץ, וואָס מיר איז געוואָרן ליב און טייער. מען וועט ערגיץ־ווו מוזן וואַנדערן, אַליין מיט די אייגענע געדאַנקען און איבערלעבונגען, וועלכע מען וועט שוין נישט קאָנען טיילן מיטן ליבסטן מענטשן. עס איז אונז ביידע געווען שווער. מיר האָבן דעם תּפיסה־דירעקטאָר געבעטן צו געבן אונז אַ זעאונג. קיין ענטפער האָבן מיר נישט געהאַט.

אין דער קאַנצעלאַריע, וואָס איז פול געווען מיט רייזע־פּיבער, בין איך צום לעצטן מאָל געזעסן מיט די שוועסטער. מען איז נער־וועז. איך פרעג דעם פאַרבייגייענדיקן דירעקטאָר, פאַרוואָס ער דערלויבט מיר נישט קיין זעאונג מיט קאַרלען. ער מורמלט עפּעס אונטער די וואָנסעס און שמייכלט. פּלוצלונג עפנט זיך די טיר, און איך גלויב נישט מיינע אייגענע אויגן: פאַר מיר שטייט קאַרל. זיינע אויגן ברענען, זיין תּמיד בלאַס פּנים איז באַדעקט מיט אַ רויטקייט... מיר האָבן ביידע אַזוי ליידנשאַפטלעך געוואַרט אויפן דאָזיקן מאָמענט, און איצט געפינען מיר נישט קיין ווערטער, ווי מיר וואָלטן געקאָגט בלויז די שפּראַך פון דער וואַנט.

אויסטערליש. הונדערטער מאָלן האָבן מיר זיך באַגעגנט אין דער פריי, גלייכגילטיק זיך געדריקט די האַנט, זיך אָנגעקוקט. איצט האָבן מיר זיך געטראָפן נאָך אַ לאַנגן איבעררייס. און אַלץ איז אַנדערש. מיר זענען געוואָרן פריינט. מיר האָבן צוזאַמען איבערגעלעבט אַ ים פּיין און גליק, אַזוייפיל, אַז עס פעלן אונז איצט ווערטער. מיר קוקן זיך שווייגנדיק אָן און שמייכלען צוליב וועד־ווייס וואָסער סיבה.

דער אויפזעער נעמט אַרויס פון אַ זאַק קליידונג פאַר מיר... איך טו אָן די נייע זאַכן מיטן קאַטאָרגע־סימן אויפן רוקן. די לאַסט פון די דאָזיקע אַלע זאַכן האָט מיר שווער געמאַכט צו באַוועגן הענט און פיס. אויף דער גאַס גיי איך שוין אַרויס אַ געענ־דערטע... קייטן קלינגען פון אַלע זייטן, די וועגענער הויבן זיך אָן באַוועגן. און פּלוצלונג איז דאָס קייטן־געקלאַנג, דער רעדער־גערויש, די פיס־טופּעריי פון דער אומצאָליקער וואַך פאַרזונקען אין אַ הויכן, פילשטימיקן געשריי.

— די פּאָליטישע פון תּפיסה געזעגענען זיך מיט אייך, דערקלערט מיר אַ וואַך־זעלנער.

און לאַנג נאָך הערן מיר פון הינטן די געזעגנונגס־געשרייען און דעם כאָר־געזאַנג פון דער מאַרסעליעזע. איך קאָן נאָך לאַנג נישט אָפּווענדן מיין פּנים פון בנין, וואָס איז געבליבן הינטער אונז. צי האָט שוין אַמאָל עמיצער גענומען אָפּשייד פון אַ תּפיסה מיט אַזאַ וואַרימען, כּמעט צערטלעכן געפיל, ווי איך?...

אויפן פּעראָן — אַ מענטשן־מחנה, צוזאַמענגעדריקט דורך פּאָליציי־ווענט, צווישן זיי, קוים צו מערקן, מיינע שוועסטער. מיט מי קלעטער איך אַרויף אין וואַגאָן, דריי מיך אויס און שריי אַריין לוסטיק אין המון: „צום ווידערזען, אינגיכן קערן מיר זיך אום!" די וואַך אין וואַגאָן איז גאָר פריינטלעך...

— אָי, איז דאָס אַ שאָד, וואָס אייער באַמבע האָט נישט אויפגעריסן! — הער איך פּלוצלונג.

איך קוק אויפן רעדנדיקן: אַ וואַך־זעלנער מיט אַ פריינטלעך פּנים און קלוגע גרויע אויגן. ער רעדט ווייטער: — מיין חבר איז דאָן געווען אויפן פּלאַץ. ער איז פאַרביגעגאַנגען די באָמבע. ער וואָלט זי געריסן אַ שטויס געטאָן מיטן שווערד, כּדי זי זאָל אויפרייסן.

אויך די אַנדערע פון דער וואַך זענען גוט. איך האָב אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. אָפטמאָל האָב איך געהאַט די אילוזיע, אַז איך געפין מיך צווישן פּראָלעטאַרישע חברים. דער בלאַנקער שווערד פונם וואַך־זעלנער ביי דער טיר, די עפּאָלעטן פון די איבעריקע האָבן מיך צוריקגעבראַכט צו דער ווירקלעכקייט און אַרויסגערופן ביי מיר אַ פריידיקן שמייכל. איך האָב דערוואַרט צו געפינען טעמפּע חיות, און געפונען האָב איך — חברים.

מיר קומען אָן אין מאָסקווע. — „קערט זיך אינגיכן אום פריי!" — האָט אונז געזאָגט די דאָזיקע וואַך און געדריקט אונז די הענט.

אין מאָסקווער בוטירקי־תּפיסה האָט איזמאַילאָוויטש געפונען אַ געוויסע זעלישע רואיקייט. די איבערמענטשלעכע שפּאַנונג פון די לעצטע וואָכן האָט נאָכגעלאָזן. דאָ האָט זי זיך געטראָפן מיט די איבעריקע, אויף קאַטאָרגע פאַרמשפּטע פרויען. דאָ איז זי געקומען אין באַרירונג מיט גערשוני. גלייך אין די ערשטע טעג, ווען איזמאַילאָוויטש האָט זיך נאָך געפילט פרעמד אין דער גע־

וואָלטיקער בוטירקי ־ אכסניה, האָט זי באַקומען פון גערשונין דאָס ערשטע בריוועלע. „עס איז געווען דורכגעגליט מיט אַזאַ וואַרימען געפיל, עס האָט אַזוי גוט גערעדט וועגן אונזער אַלעמענס טיפסטער קרובהשאַפט, אַז איך האָב מיך איין מאָמענט געפילט פונקט ווי דאָרט, אין מינסקער טורעם־צעלע". דאָ האָט זי זיך באַקענט מיט מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ.

זי האָט געמוזט איבערלעבן נאָך אַ שווערע סצענע, אײדער זי האָט אָנגעהויבן איר לאַנגן וועג קיין סיביר. עס האָט זי באַזוכט איר פאָטער, וועלכער האָט זיך ערשט איצט געהאַט אומגעקערט פון שלאַכט־פעלד. „מען האָט אים דערלויבט אַ לאַנגן באַזוך, מען האָט אונז געלאָזן אין אַ לײדיקן צימער. ער איז געווען זייער טרויעריק און שטאַרק איבערראַשט פון מיין לעבנספרײדיקער שטימונג. ער האָט געפרעגט וועגן קאַטיאַן. ער האָט גאָרנישט געוווסט, אָבער געהאַט אַ חשד און איז נאָנט געווען צום אמת. איך האָב אים דעם אמת נישט געזאָגט, ווייל די דאָזיקע אָפּעראַציע האָבן די שוועסטערס גענומען אויף זיך. אין אײניקע טעג אַרום האָט ער זיך דערוווּסט... ער איז אַוועק אין קריג, און הינטער זיין רוקן האָט אים דער בירגערקריג אַוועקגערויבט צוויי קינדער — אײנס איז געווען טויט, דאָס צווייטע — אין געפענגעניש"...

באַלד דערנאָך איז געקומען די גרויסע רייזע, דער טריאומף־צוג צו דער קאַטאָרגע, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט צוזאַמען מיט ספּירידאָנאָוואַן. מיר האָבן שוין פריער געהערט איר אײגענע שילדערונג. איצט קענען מיר זי אויך אין איר פּיל־יאָריקן לעבן אין דער מאַלצעוו ־ תפיסה. מען קאָן זיך זי אַנדערש נישט פאָרשטעלן, ווי אַרומגערינגלט פון די קינדער פון קרימינעלע פאַרברעכער.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אָבער נישט דערשטוינלעך, וואָס אַלעקסאַנדראַ איזמאַילאָוויטש איז געוואָרן די בעסטע חברטע פון מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ. זייער פאַרגאַנגענהייט האָט זיי צונויפגעפירט פון צוויי פאַרשידענע עקן רוסלאַנד, די קאַטאָרגע האָט זיי טיף פאַרבונדן. זיי וועלן אומצעטײלבאַר מאַרשירן אויך אין דער רעוואָלוציע און אין דעם מאַרטירערטום פון דער צוקונפט.

X.

# גארני-זערענטוי

פון מאלצעווער פרויען - קאלעקטיוו וועלן מיר ווידער זיך אומקערן צו דער מענער-קאטארגע. אין 1907 איז גארני-זערענטוי געווארן די צענטראלע תפיסה פון דער נערטשינסקער קאטארגע. דא איז קאנצענטרירט געווען די גרעסטע צאל קרימינעלע קאטארזשניקעס, אהער האט מען געבראכט די גרעסטע צאל פאליטישע, — נאך דער דראמע אין אלגאטשי. דעם 15-טן נאוועמבער 1908 האבן זיך געפונען אין אלע 6 תפיסות 2629 ארעסטאנטן אויף דער אלגעמיינער צאל 1584 פלעצער. לויט די איינצלנע תפיסות האבן זיך די צאלן פארטיילט אזוי: אין אקאטוי אויף 84 פלעצער 120 ארעסטאנטן; אין אלגאטשי אויף 300 פלעצער 685 ארעסטאנטן; אין גארני-זערענטוי אויף 300 פלעצער 899 ארעסטאנטן. גארני-זערענטוי איז פארבליבן אין זכרון פון די רוסישע רעוואלוציאנערן אלס „גלגולתא פון רוסישן פאלק".

די תפיסה איז געבויט געווען פון שטיינער. אין גארני-זערענטוי האט זיך געפונען דער שפיטאל פאר דער גאנצער קאטארגע. דא האט זיך אויך געפונען די רעזידענץ פון דעם הויפט-דירעקטאר פון דער גאנצער קאטארגע. פאליטישע ארעסטאנטן זענען דארט צו יענער צייט געווען ביי 100, פון זיי זענען 40 געזעסן אין איין צעלע. זעלבסטפארשטענדלעך, אז דא האט געהערשט, ווי אומעטום, דער אפיציעלער רעזשים. מען האט געטראגן די קאטארגע-קליידונג: גרויע רעקלעך, גרויע, גראבע הויזן, גרויסע עסלעכע, קייטלעכדיקע היטלעך. די דערנערונג איז געווען אזא, אז מען איז תמיד געווען האלב-הונגעריק. א גריץ, טיי, ראזאווע ברויט און 4—3 שטיקלעך צוקער א טאג. צום רויכערן — מאכארקע. פון צייט צו צייט פלעגט מען דעם ארעסטאנט דערלויבן צו קויפן געוויסע זאכן, אבער נישט מער ווי אין ווערט פון דריי

רובל א חודש. אויך דידאָזיקע סומע האָט מען שפּעטער פאַר־קלענערט ביז 1.50 א חודש. אָבער אפילו די סומע פון 1.50 האָט נישט יעדער ארעסטאַנט פאַרמאָגט, אזוי אַז מען האָט זיך געמוזט טרייסטן מיט גייסטיקער נאַרונג. „א גוטע גייסטיקע נאַרונג העלפט צו פאַרגעסן דעם מאַנגל אין פיזישער דערנערונג".

ביי אַזעלכע דערנערונגס־באַדינגונגען איז קיין וואונדער נישט, אַז אין גאָרני־זערענטוי זענען פאַרשפּרייט געווען אַלערליי קראַנקהייטן. אויך די איבערפולטע צעלן האָבן געהאַט א צע־שטערנדיקע ווירקונג. נישט נאָר אויף דער פיזישער געזונטקייט, נאָר אויך אויף די גייסטיקע אַרבעטסמעגלעכקייטן. סאַזאָנאָוו, וועל־כער האָט געלעבט צוזאַמען מיט פערציק חברים אין איין צעלע, האָט געשילדערט די לאַגע אין קלאָרע ווערטער. „דאָס איינציקע, צו וואָס איך וועל זיך קיינמאָל נישט צוגעוווינען, איז די סך מענטשן און דער שטענדיקער ליאַרעם, וואָס קומט דערפון. מיר שלאָפן זייט ביי זייט, אויסגעלייגט אין איין רייע אויף די נאַרעס. עס דאַכט זיך, אַז די צעלן זענען שוין איבערגעפּאַקט, און דאָך צעציען זיי זיך יעדע וואָך ווי א גומענער באַל ביים אויפבלאָזן. רוסלאַנד ווערט נישט מיד צוצושיקן אונז אַלץ נייע און נייע חברים. ווער איז דאָ דען נישט פאַרטראָטן? מען באַגעגנט דאָ אַזעלכע גוטע מענטשן, אַז מען פאַרבינדט זיך מיט זיי אין ברי־דערלעכער ליבע. אָבער אַמאָל טרעפט אויך דאָס פאַרקערטע. דאָס איז אומפאַרמיידלעך אין א מענטשנמאַסע.

שטעלט זיך פאָר אונזער צעלע: 10 טריט אין דער ברייט און 13 אין דער לענג; נישט קיין סך העכער ווי צוויי מעטער; פיר גרויסע פענסטער. לענגאויס אַלע פיר ווענט נאַרעס, פול באַדעקט מיט בעטגעוואַנט. איבער דער גאַנצער לענג פון צימער א טיש, וואָס איז ביים עסן באַזעצט מיט די צימער־באַוווינער, ווי מיט פליגן. אָבער אויך אַזוי איז ער קיינמאָל נישט פריי. יעדעס שטיקל פּלאַץ, וואָס איז נענטער צום לאָמפּ, ווערט דעראָבערט מיט שטורם. דער ליאַרעם, וואָס פילט אָן די צעלע אין משך פון גאַנצן טאָג, לאָזט אַרבעטן בלויז אין די ווייניקע שעהן פון שפּעטן אוונט און פון פרימאָרגן"...

„איך באַוואונדער אונזערע לייט: ווענט, געפאַנגענשאַפט,

יעדער האָט דרויסן אַ טייערע נשמה, וואָס שמאַכט נאָך איִם, מען דערנערט זיך עקלהאַפט, — און דאָך איז דאָס אַ לוסטיקע חברה, פאַרמאָגן אין זיך אַזוי פיל פרישקייט און קראַפט, אַז באַטראַכטנ־דיק דאָס, גלויבט מען נאָך מער אין דער צוקונפט. דיינע אייגענע ליידן פאַרזינקען אינם ים פון געמיינזאַמען ליידן, ווען דו גיסט אַ טראַכט, אַז זיי אַלע, דיינע חברים, ליידן פונקט ווי דו. ווען איך זאָלט וויסן, ווי שיין עס איז צו פילן זיך אַלס מיילכל פון אַ גרויסן גאַנצן, נישט באַזיצן קיין שום אייגנטום: נישט נאָר קיין שום מאַטעריעלן אייגנטום, געלט, ברויט, נאָר אויך קיין שום געפיל פון דער אייגענער אָפגעזונדערטקייט, ווען אויך צער און פרייד איז געמיינזאַם! וואָלט איר דאָס געוועזן ביכולת צו באַ־גרייפן און פילן, וואָלט איר געוווּסט אָנטדעקן דאָס געהיימניש, וואָס מאַכט אונז אַזוי אויסהאַלטעוודיק און פריש, אַזוי ווייניק עמפינדלעך פאַר דאָס אַלץ, וואָס מען רופט אָן אויף דער פרײַ „פערזענלעכע ליידן".

אין גאָרני־זערענטוי האָבן די פּאָליטישע אין יענע יאָרן גע־האַט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געמאַכט דאָס לעבן דערטרעגלעך: זיי האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו פירן אין די ראַמען פון דער קאַטאָרגע אַן אייגן לעבן. זיי האָבן דאָ אויסגעבויט אַ קאָמונע. וואָס זיי האָבן שוין געהאַט אין אַקאַטוי. דאָס איז געווען אַ גלייכהייט אין אָרעמקייט, עס איז אָבער געווען אַן אַלגעמיינע גלייכהייט.

געוויס, אויך דאָ פלעגן אָפטמאָל אַנטשטיין סכסוכים צווישן די חברים. די קעגנזאַצן צווישן די פּאַרטיי ־ מיטגלידער און די פּאַרטיילאָזע, צווישן אַרבעטער און אינטעליגענטן פלעגן זיך אויך דאָ לאָזן שפירן, ווי אויף דער פרײַ. און דאָך זענען דידאָזיקע אַלע קעגנזאַצן און סתירות אויסגעגלעט געוואָרן דורך עפּעס, וואָס האָט געהאַט איין־איינציקן נאָמען: קאָמונע. מען איז דאָ גע־צוואונגען געווען דורך די אומשטענדן צו דער קאָלעקטיווער חברישקייט, אָבער דאָ האָט מען אויך דערקענט איר מענטשלעכן און סאָציאַליסטישן ווערט. אַ דאַנק דער קאָמונע איז אויך גע־שטיגן די באַדייטונג פון דער גייסטיקער אַרבעט און פון שטו־דיום, מיט וועלכן די חברים האָבן זיך פאַרנומען. אין זערענטוי

זענען פארטראטן געווען אלע רעוואלוציאנערע ריכטונגען. די פארטיי־מיטגלידער זענען ארגאניזירט געווען אין פראקציעס. יעדע פארטיי האט דא אפגעהאלטן אירע קורסן, דורכגעפירט רעפעראטן, וועלכע זי האט באטראכט פאר וויכטיק. דורכדעם איז געשאפן געווארן א פארשיידנארטיק פאליטיש און גייסטיק לעבן. יעדע געשעעניש אין רוסלאנד אדער אין אויסלאנד — צי אויפן געביט פון פאליטיק, פון סאציאלן קאמף, אדער ליטעראטור — האט דא געקאנט פארשיידנארטיק באלויכטן און קאמענטירט ווערן. אלע זענען דא פארמשפט געווען אויף פאסיווקייט, אבער די אומצעשטערבארע אקטיווקייט איז געקומען צום אויסדרוק אין ליידנשאפטלעכן איבערלעבן און אפרעאגירן די געשעענישן פון דער גרויסער וועלט. מען האט געהערט צו פארשיידענע פראקציעס, אבער דאס געמיינזאמע ביי אלעמען איז געווען די טרייקייט צו דער רעוואלוציאנערער אידייע בכלל.

מיט באזונדערער התמדה האט מען שטודירט אלגעמיינע וויסנשאפטן. מען האט געבילדעט אומגעבילדעטע מאסנמענטשן; פאליטיש־אומבאוווסטזיניקע האבן זיך אנטוויקלט צו אידייען־האפט־אריענטירטע פערזאנען. ביי דער שפע פון גייסט, פליים און לעבנסלוסט זענען פארשלונגען געווארן גאנצע ביבליאטעקן. מען האט אויך געטאן זעלבשטענדיקע שעפערישע ארבעט. אין מערערע תפיסה־ צייטשריפטן איז געקומען צום אויסדרוק דאס ערנסטע און שפילערישע דענקען, דאס קינסטלערישע ווארט און די צייכענונג. עס איז נישט געווען קיין צופאל, וואס מענטשן האבן דידאזיקע תפיסה גערופן „זערענטויער אוניווערזיטעט".

געוויס, דא האט נישט געקאנט הערשן יענע אינטימקייט און נאנטקייט צווישן מענטשן, וואס האט אויסגעצייכנט די פרויען־קאמונע פון מאלצעוו. דערצו איז גארני־זערענטוי געווען א צו גרויסער קאלעקטיוו. אבער די פארשידנארטיקע פילקייט פון מענטשן, כאראקטערן, טעמפעראמענטן האט געשאפן דערפאר א ברייטערע באזע פאר דער אנטוויקלונג פון קאמונאלן צוזאמענלעבן. עס איז געווען א ברייט־פארצווייגטע און זיכערע געמיינשאפט, אין וועלכער עס זענען געוואקסן און האבן אויפגעבליט

איינצלנע פּערזאָנען און פּריינטשאַפטן פון קלענערע גרופּעס חברים. אין גאָרני־זערענטוי זענען געקומען צו דערשיינונג א גרויסע ריי מענער, וואָס מוזן פאררעכנט ווערן צו די איידלסטע געשטאַלטן פון דער מענטשהייט. עס איז נאָך אוממעגלעך צו געבן א געטריי בילד פון דידאָזיקע אַלע מענער, וואָס האָבן נישט נאָר געפירט א פּערזענלעך העראָאיש לעבן, נאָר האָבן ארויפגע־דריקט א העראָישן שטעמפּל אויך אויף זייער צייט, זייער לאַנד און זייער פאָלק. האָבן דאָך דידאָזיקע מענער פאַרקערפּערט נישט נאָר זיך אליין, נאָר גלייכצייטיק אויך יענע מיליאָניקע אַנאָנימע פאָלקס־שיכטן פון די אַרבעטער, פּויערים, אינטעליגענטן, פון וועמעס מיט די רעוואָלוציאָנערן זענען געקומען. זיי האָבן געהערט צו אַלע נאַציעס פון רוסלאַנד. מיר האָבן זיך באַקענט מיטן יידן גערשוני; גייסטיק פאַרקרובהט זענען אויך געווען דער אוקראַינער סידאַרטשוק, דער אַרמעניער פּראָשיאַן, די רוסן קאַרפּאָוויטש און סאַזאַנאָוו. דאָס קעמפנדע רוסלאַנד איז פאַרטראָטן געווען אין זיינע אַלע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פאַרבן אין גאָרני־זערענטוי.

## XI.

# יעגאָר סאַזאַנאָוו

די שענסטע פיגור צווישן די מענער פון גאָרני־זערענטויער קאַטאָרגע איז געווען סאַזאַנאָוו, וואָס האָט געטויט דעם אַלמעכ־טיקן מיניסטער פּלעווע. דער היסטאָריש־באַדייטונגספולער אַטענ־טאַט, וואָס ער האָט אויסגעפירט, זיין דערשטוינלעכע מאָראַלישע פּערזענלעכקייט, זיין אומדערהערט טראַגישער טויט, — דאָס אַלץ מאַכט פון סאַזאַנאָוון איינע פון די איידלסטע און העלדישסטע געשטאַלטן פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. א דאַנק דעם סאָציאַליזם האָבן אין רוסלאַנד געקאָנט אויפקומען אַזעלכע מענטשן און קעמפער, ווי א סאַזאַנאָוו, אָבער אויך נאָר א דאַנק אַזעלכע מענטשן, ווי סאַזאַנאָוו, — וואָס האָבן מיט זייער לעבן און טויט געדינט דער אומבאַצווינגלעכער שיינקייט פון דער

אידייע, — האָט דער סאָציאַליזם אין רוסלאַנד געקאָנט ווערן אַ וועלט - היסטאָרישע מאַכט. דער 31־יאָריקער סאַזאָנאָוו איז אַי־בערגעגאַנגען אין דער געשיכטע אַלס אַ רעאַליטעט און אַ לעגענדע, וואָס וועלן נאָך אָנפילן מיט זייער גייסט גאַנצע גענעראַציעס פון רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד. ווייל זייער זעלטן קאָנצענטרירט די גע־שיכטע אין איין מענטשן אַזוי פיל ליבע און אַקטיוויטעט, העלדיש־קייט און אמת - זוכעניש.

יעגאָר סאַזאָנאָוו איז אין 1879 געבוירן געוואָרן אין דער פאַמיליע פון אַ אוראַלער פויער, וואָס האָט געהערט צו אַ אַפּיקור־סישער סעקטע. דער ענערגישער פאָטער האָט זיך גענומען צום וואַלד - מסחר, וואָס האָט אים רייך געמאַכט, און אים פאַרשאַפט אַ בכבודיקע פּאָזיציע אין דער שטאָט אופאַ. גייסטיק איז ער געווען אַ מענטש פון עכט־קאָנסערוואַטיווער טענדענץ, טריי דער רעליגיע און דעם צאַריזם. אין פאָטערס פנים איז געקומען קלאָר צום אויס־דרוק אַ האַרטע רעליגיעזיטעט, אַן אומבויגזאַמער פליכט־באַוווסט־זיין. אַנדערש איז געווען די מוטער. זי האָט געהערט צום זעלבן לעבנסקרייז, ווי איר מאַן, זי איז געווען אַ פשוטע אומגעבילדעטע פרוי, אָבער זי איז געווען גוט און צאַרט. איר דאָזיקע ליבע צו מענטשן און אַנדערע לעבעדיקע באַשעפענישן האָט זי אַריבער־געטראָגן אויף איר זון יעגאָר. עס איז קיין וווּנדער נישט, וואָס ער האָט דערווידערט מיט אַזאַ אינטענסיווקייט איר ליבע. אין זיי־נע בריוו פון דער קאַטאָרגע צו דער מוטער, קלינגט אונדז וווּנדער־באַר אַנטקעגן דער שיר־השירים פון זונישער ליבע.

קיין שום זאַך האָט נישט פאָראויסגעזאָגט, אַז יעגאָר וועט ווערן אַ רעוואָלוציאָנער. „דער גייסט, מיט וועלכן איך בין געווען דורכגעדרונגען, כל זמן איך האָב געלעבט אינגאַנצן אונטער דער השפעה פון דער פאַמיליע, איז אין דער העכסטער מדרגה פיינט־לעך געווען צום גייסט פון פראָטעסט, פון אומצופרידנקייט מיט דער רוסישער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג. צאַרישע פּאָרטרעטן באַ־צירן צוגלייך מיט הייליקע בילדער די צימערן אין הויז פון מיין פאָטער" — האָט סאַזאָנאָוו געשריבן אין זיין „ווידוי". אַפילו שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען סטודענט פון מאָסקווער אוני־ווערזיטעט, איז ער נאָך געשטאַנען ווייט פון דער רעוואָלוציאָנע־ער

באַוועגונג. אמת, אונטערן איינפלוס פון דער רוסישער ליטעראַטור, האָט ער באַשלאָסן צו שטודירן מעדיצין, כּדי צו ווערן אַ „דאָקטאָר פאַר אָרימע", „אָבער אין משך פון ערשטן יאָר פון מיין שטודירן, — האָט ער ווייטער געשריבן, — האָב איך נישט געטראַכט וועגן קיין שום רעוואָלוציעס און געהאַט צו זיי אַ גלייכגילטיקע, אייגנטלעך אַ נעגאַטיווע באַציאונג". אין יאָר 1901 נעמט ער אַנטייל אין די סטודענטן־אומרוען, ווערט אַרעסטירט און איינגעשפּאַרט אין דער בוטירקי־תּפיסה. דאָ לייענט ער צום ערשטן מאָל די אומלעגאַלע ליטעראַטור פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און ווערט באַלד אַן איבערצייגטער סאָציאַליסט. ער ווערט אויסגעשלאָסן פון דער אוניווערזיטעט און פאַרשיקט אין זיין היימשטאָט.

עס הויבט זיך אָן פאַר אים דער געוויינלעכער וועג פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן. ער טרעט אַריין אין דער ס.־ר. פּאַרטיי; פּאָליציי שפּיאָנירט אים נאָך און מאַכט ביי אים רעוויזיעס; מען אַרעסטירט אים ווידער. נאָך אַנדערטהאַלבן יאָר אַרעסט, ווערט ער דעפּאָרטירט אויף 5 יאָר קיין מזרח־סיביר. אין אויגוסט 1903 אַנטלויפט ער פון דאָרט קיין אויסלאַנד. אין דער שווייץ וויל ער זיך פאַרנעמען מיט וויסנשאַפטלעכע שטודיען. אין ערשטן בריוו, וועלכן ער שיקט פון זשענעוו צו די עלטערן, שילדערט ער פאַר זיי זיינע פּלענער. „ליבער פאָטער און ליבע מוטער! הערט מיך אויס, פאַרשטייט מיך און, אויב מעגלעך, פאַרגיט מיר! איך וויל זייער פירן אַ מענטשלעך לעבן און איך האָב באַשלאָסן צו זוכן אַ ניי לעבן, אַנשטאָט צו פאַרשווענדן אומזיסט - אומנישט פינף יאָר אין דער וויסטעניש, אין הונגער, קעלט און גייסטיקער פינסטערניש. איך האָף, אַז איך וועל דאָסדאָזיקע נייע לעבן געפינען. דאָ שטייען אָפן פאַר מיר: די אוניווערזיטעטן, אייראָפּעאישע וויסנשאַפט, ליטעראַטור אויף אַלע געביטן פון וויסן. דאָ קאָן איך זיך רואיק ווידמען דער וויסנשאַפט און ענדלעך פאַרווירקלעכן יענע טרוימען, וועלכע האָבן מיך אַמאָל געלאָקט אין אונזער רוסישער אוניווערזיטעט, וועלכע זענען שוין אָבער פאַרוועלקט און פאַרניכטעט געוואָרן אין שפּראַץ. אין 3־4 יאָר אַרום וועל איך זיין דאָקטאָר. נישט קיין שלעכטע פּערספּעקטיוו, וואָס"?

אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט רואיק ווידמען דעם שטודיום. די לײדן פון פאָלק האָבן אים נישט געלאָזט רוען. אין ווילנע האָט מען געשמיסן אַרבעטער, אין כאַרקאָוו — פּויערים; אין סמאָלענסק האָט מען געשאָסן אויף פּראָלעטאַריער. „ווען איך בין אַנטלאָפן פון סיביר, — האָט סאַזאָנאָוו שפּעטער געשריבן אין זיין „ווידוי״, — האָב איך זיך געפילט, ווי הינטער מיין רוקן שטייען בלוטיקע געשפּענסטער, וואָס לאָזן מיר נישט רוען נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט: דו מוזט, דו מוזט אַרויסטרעטן קעגן פּלעווען! ווען איך האָב זיך דערוווּסט, וואָס די מיניסטאָרן טוען אָפּ אין רוסלאַנד, האָב איך נישט געשפּירט קיין רעכט צו לעבן אין ווילשטאַנד און רו. אַ פרידלעכע טעטיקייט איז פאַר מיר פּערזענלעך געוואָרן אומ־מעגלעך״.

פּלעווע, דער אַלמעכטיקער מיניסטער, איז געווען דער גע־האַסטסטער מאַן אין צאַרישן רוסלאַנד. נאָך אין די צייטן פון די ערשטע קעמפער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״, האָט ער זיך אויסגעצייכנט אַלס ביטערער און גרויזאַמער פאַרפאָלגער. אַ דאַנק זיין ענערגיע, וויטבליקיקייט און בילדונג איז ער אַלץ מער און מער געוואָרן דער אומבאַשטריטענער קראַפטצענטער פון רעזשים. דער־שיסונגען און פאַרקנעכטונג פון האָרעפּאַשניקעס, דער מוראדיקער קישינעווער פּאָגראָם האָבן באַלויכטן זיין אומאויפהערלעך־נצחונ־דיקן וועג. אין יאָר 1904 האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אַלץ ליגט צו די פיס פון דאָזיקן פּאָליציי־מיניסטער. עס איז געווען פאַרשטענד־לעך, אַז די טעראָריסטישע אַקטיוויקייט פון דער ס.־ר. פּאַרטיי האָט זיך געווענדט קעגן פּלעווען. סאַזאָנאָוו איז אַריינגעטראָטן אין דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון דערדאָזיקער פּאַרטיי.

מיט אַ שווער האַרץ האָט סאַזאָנאָוו אָנגענומען דעמדאָזיקן באַשלוס. דער בלוטיקער קאַמף פאַר דער אידייע איז אים פיזיש און מאָראַליש געווען דערווידער. אין אויפגערודערטע ווערטער האָט ער אין אַ בריוו צו די עלטערן געשילדערט זיין זעלישן צושטאַנד נאָכן אַטענטאַט. „איך בין באַגאַנגען די גרעסטע זינד, וואָס אַ מענטש קאָן נאָר באַגיין: איך האָב זיך באַפלעקט מיט בלוט. בין איך דען באַשאַפן געוואָרן צו פאַרגיסן בלוט? אין מיינע יונגע טרוימען האָב איך געשטרעבט צו פרידלעכער אַרבעט פאַרן וווי־

פון די אומגליקלעכע מענטשן. און דאָ האָט זיך פלוצלונג געשטעלט פאַר מיר אַ מוראַדיקע אויפגאַבע, און כ'האָב זי נישט געקאָנט אַראָפּוואַרפן פון מײַנע אַקסלען: איך האָב זי געמוזט דערפילן. נישט דער רום האָט אונז געצויגן צו זיך. נאָך שווערע פּיַין און קאַמפן, בלויז אונטערן דרוק פון דער טרויעריקער נויטווענדיקייט האָבן מיר גענומען אין דער האַנט דאָס שווערד, וואָס נישט מיר האָבן עס אויפגעהויבן אַלס ערשטע".

אונטער אַ פאַלשן נאָמען האָט זיך סאַזאָנאָוו אומגעקערט קיין רוסלאַנד. עס איז געווען אַ שווערע אויפגאַבע צו כאַפּן פּלעווען. דער דאָזיקער שעף פון דער אָכראַנע, וואָס האָט געהאַט דערפאַרונג פון צענטליקער יאָרן קאַמף מיט דער רעוואָלוציע, האָט געשאַפן אַרום זײַן אייגענער פּערזאָן אַ ספּעציעלע שמירה פון אַגענטן. אומ־צאָליקע טעג האָבן די טעראָריסטן אים נאָכשפּיאָנירט אויף די גאַסן פון פּעטערבורג, אין דער פאַרשיידנסטער פאַרקליידונג. היות פּלעווע פלעגט פאָרן איבער די פּעטערבורגער גאַסן מיט אַ ווילדן געאייל, האָט סאַזאָנאָוו פאָרגעלייגט, אַז ער וועט זיך וואַרפן מיט אַ באָמבע אונטער די פיס פון די צעיאָגטע פערד. דורכדעם וועט די קאָטש אָפּגעשטעלט ווערן און די איבעריקע חברים וועלן קענען אויספירן דעם אַטענטאַט דירעקט קעגן דעם מיניסטער. אָבער סאַ־זאָנאָווס מסירת־נפשדיקער פאָרשלאָג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך זײַנע דערשיטערטע חברים. דעם 8 יולי פון 1904 האָבן די רעוואָלוציאָנערן געהאַט באַזעצט דעם וועג, מיט וועלכן פּלעווע פלעגט פאָרן, אָבער זיי האָבן געמוזט אַוועקגיין פון דאָרט, נישט אויספירנדיק זייער אויפגאַבע. דעם 15־טן יולי איז דער אַטענטאַט אויסגעפירט געוואָרן. אין דער אוניפאָרם פון אַן אײַזנבאַן־באַאַמטן, האָט סאַזאָנאָוו פאַרנומען זײַן פּאָסטן בײַ אַ וואָקזאַל. די ווייטערע געשעענישן האָט ער שפּעטער געשילדערט אין זײַן באַרימטן בריוו צו די חברים.

„אויפן גאַנצן וועג צום וואָקזאַל איז פאַנאַנדערגעשטעלט גע־ווען די געוויינלעכע וואַך: רייטער און פּוס־פּאָליציי, אַגענטן אין אַלע מעגלעכע פאָרמען, פאַרקליידט דאָ אַלס בעטלער, דאָ אַלס פיינע הערן, איינע זענען געשטאַנען אין פּאַרטראַכטער פּאָזע פון מענטשן, וואָס זענען פאַרזונקען אין הימלישע טרוימען, אַנדערע

האָבן שפּאַצירט אַהין און אַהער אַריסטאָקראַטיש לאַנגזאַם. אָבער אויף אַלע זייערע פּנימער האָט געשטראַלט דער קין־צייכן, זיי האָבן אַלע געהאַט גיריקע, סודותדיקע, אַרומבלאָנדזשענדיקע בליקן. איך האָב מיט גרויס מי געמוזט זיך דורכקריגן דורך דערדאָזיקער וואַנט פון דער וואַך, אונטער דער געפאַר צו באַקומען יעדן אויגנבליק אַ שטויס און פּריציייטיק אויפגעריסן צו ווערן אינדערלופטן...

דער מיניסטערישער קאָטש איז געפלויגן ווי אַ פייל. איך בין אים שנעל אַנטקעגנגעגאַנגען, כדי אָפּצושליסן אים דעם וועג. איך האָב געזען, ווי פלעווע ענדערט שנעל אין קאָטש זיין לאַגע, ווי ער בויגט זיך אָן פאָראויס און דריקט זיך צו צו דער שויב. איך האָב זיך פאַרמאַכעוועט מיט מיין באָמבע און זי אַ שליידער געטון קעגן דער שויב. וואָס עס איז דערנאָך געשען, האָב איך נישט געזען, נישט געהערט, — אַלץ איז פאַרשוווּנדן פון מיין באַוווּסטזיין. אָבער שוין אין נאָנטסטן אויגנבליק האָט זיך דער באַוווּסטזיין אומגעקערט צו מיר. איך בין געלעגן אויפן ברוק. דער ערשטער געדאַנק איז געווען דערשטוינטקייט, וואָס איך לעב נאָך. איך האָב זיך געוואָלט אויפהויבן, אָבער נישט געשפּירט מיין קערפּער: ווי מיר וואָלט גאָרנישט איבערגעבליבן אַחוץ דענקען. איך האָב ליידנשאַפטלעך געוואָלט דערגיין די רעזולטאַטן, האָב איך זיך ווי ס'איז אָנגעשפּאַרט אויפן עלנבויגן און זיך אומגעקוקט. דורך דעם נעפּל האָב איך געזען ליגן אַ רויטן גענעראַלישן מאַנטל און נאָך עפּעס, — אָבער נישט קיין קאָטש און נישט קיין פערד. לויט ווי עדות זאָגן, זאָל איך האָבן אויסגערופן: „זאָל לעבן די פריַיהייט"! נישט ווייסנדיק ווי שווער איך בין פאַרווונדעט, האָב איך געהאַט דעם פאַרלאַנג נישט לאָזן זיך נעמען אין געפאַנגענשאַפט דורכן שונא. „איך וועל דאָך רעדן פון היץ, — איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק. — שוין בעסער אַ כאַראַקירי לויטן יאַפּאַנישן שטייגער, איידער די שמוציקע הענט פון די זשאַנדאַרן." איך האָב געפּרווט אַרויסנעמען פון קעשענע דעם רעוואָלווער, אָבער די הענט האָבן מיר נישט געדינט. דערווייל איז אויף מיין געשריי אָנגעלאָפן דער אַגענט־ראָוועריסט, וואָס פלעגט תמיד באַגלייטן פלעוועס קאָטש. ער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף מיר און מיר צוגעדריקט מיט זיין קערפּער. און דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די געוויינלעכע סצענע

אין אזעלכע פאלן. דערדאזיקער ערשטער האט מיך אנגעהויבן שלאגן, עס זענען צוגעקומען אנדערע און האבן מיך באארבעט אויף אלערליי אופנים מיט פויסטן, מיט די פיס, מיט רעוואלווער־העגטלעך. איך אבער האב נישט געפילט קיין שום ווייטאק און קיין שום קרענקונג, מיר איז געווען אלץ איינס. אין טריאומף פון זיג, אין דער רו פון נאנטן טויט איז אלץ פארזונקען. איך האב געהערט געשרייען: „ווי איז נאך א באמבע"? איך האב געהאלטן פאר איבעריק, אז בעת דעם שלאגן זאל מיין רעוואלווער נאך אויסשיסן און צופעליק עמיצן פארוואונדן, און איך האב דערקלערט: „לאזט מיך צורו! נישטא מער קיין באמבעס, נעמט צו דעם רעוואלווער פון דער קעשענע". — דאן האבן זיי באשלאסן מיך אוועקצוטראגן פון דער גאס. מען האט מיך אנגעכאפט ביי די פיס און אזוי געשלעפט, אז דער קאפ האט זיך געקלאפט אין ברוק. מען האט מיך ארויפגעשלעפט אויף א דריטן שטאק, אין א האטעל־צימער. מען האט מיך א שליידער געטון אויפן נאקעטן דיל, אראפגעריסן די קליידער און ווידער מיך געשלאגן מיט פארקריצטע ציין. ווי לאנג איך בין דארט געלעגן א נאקעטער, ווייס איך נישט. איך בין געווען כמעט אן באוואוסטזיין. בלויז ווי דורך א נעפל האב איך געזען, אז דאס צימער איז פול מיט פאליציי, יוסטיץ־באאמטע. עמיץ האט אנגעטאפט מיין קאפ און דערקלערט: „ער וועט לעבן, אבער שלאגן איז געפערלעך". מען האט מיך אריבערגעפירט אין שפיטאל און איך בין געקומען צום באוואוסטזיין אויפן אפעראציע־טיש, ווען מען האט מיר ארייגעשטעקט אין דער קעל א רערל, כדי אויסצורייניקן דעם מאגן פון דער פארגיפטונג, אין וועלכער מען האט מיר חושד געווען. דאן האט מען מיך איינגעשלעפערט מיט כלאראפארם, ארויסגעצויגן פון מיר די רעשטלעך פון דער באמבע און אפגעשניטן צוויי פינגער פון פוס... אין ערשטן אויגנבליק נאך דער דערוואכונג פון דער אפעראציע האב איך שרעקלעך געוואלט טרינקען. איך האב געבעטן א טרונק און אלס ענטפער האב איך געהערט אויסטערלישע, ווי פון ווייט קלינגנדיקע שטימען (איך האב נאך נישט געוווסט, אז איך בין געווארן טויב): „ווי איז אייער נאמען"? — „גיט מיר צו טרינקען" — האב איך געענטפערט. און ווידער דיזעלבע שטימע: „זאגט דעם נאמען,

וועל איך אייך געבן". — „ווער זענט איר"? — האָב איך גע־
פרעגט. — „די קראַנקן־שוועסטער". „גאָט מיינער, אַ שוועסטער!
אַ חרפּה! וואָלט זי בעסער געפּאָרן אויפן פּראָנט, אײדער מאַכן אַ
פּאַרהער"! מען האָט מיר געגעבן טרינקען. אַ פרישע שטים האָט
זיך געלאָזט הערן (אויף מיין קאָפּ איז געווען אַ באַנדאַזש): „איך
בין דער אויספאָרשונגס־ריכטער. איר ווערט באַשולדיקט אין דער־
מאָרדן דעם מיניסטער פּלעווע. זאָגט, ווי איז אייער נאָמען און
וואָס זענען געווען אייערע מאָטיוון". איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו
זאָגן מיין נאָמען און בלויז דערקלערט, אַז איך בין אַ מיטגליד
פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון דער ס.־ר. פּאַרטיי.

דער פּאַרהער האָט לאַנג געדויערט און מיך פולשטענדיק אָפּ־
געשוואַכט. צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען מיך אַריבערגעפירט
אין שפּיטאָל פון דער קרעסטי־תּפיסה. אויף מיינע אויגן איז גע־
לעגן דער באַנדאַזש. עמיץ האָט זיך איבער מיך אַריבערגעבויגן
און געפרעגט מיט פריינטלעכער שטים, ווי איך פיל מיך. „איך
בין דער דאָקטאָר, — האָט ער דערקלערט, — מיר וואַרטן איר
זאָלט זיך אויפכאַפּן. איצט קאָן איך אייך זאָגן: איר האָט פּאַנ־
טאַזירט, אָנגערופן נעמען. אייער באָמבע האָט אַ סך געטויט און
פאַרוואונדעט. באַזונדערס איז שרעקלעך, וואָס אויך אַ פינף־יאָריק
מיידעלע איז געטויט געוואָרן". איך האָב אַ געשריי געטון און
אָנגעכאַפּט דעם „דאָקטאָר" ביי דער האַנט. דידאָזיקע טאָרטור
האָט נישט אויפגעהערט. דאָס איז געווען איבער מיינע כּחות. איך
האָב באַקומען אַ היסטערישן אָנפאַל. איך האָב פון זיך אַוועקגע־
יאָגט דעם „דאָקטאָר", איך האָב געבעטן רחמים נישט מאַכן פון
מיר קיין פאַררעטער און ווידער פאַרלוירן דעם באַוווסט־
זיין. נאָך מיין קומען צום באַוווסטזיין איז ער ווי־
דער דערשינען. איך האָב אים נישט געלאָזן רעדן. „גייט
תּיכּף אַוועק, אַנישט וועל איך שרייען. איר זענט נישט קיין דאָק־
טאָר, איר זענט אַן אויספאָרשונגס־ריכטער, אָדער אַ פּאָליציי־
אַגענט". דאַן איז ער פאַרשוווּנדן און זיין אָרט האָט פאַרנומען אַן
אמתער דאָקטאָר, אַ פעלדשער פון תּפיסה. ער איז צו מיר געווען
זייער אויפמערקזאַם, האָט געלינדערט מיינע פיזישע ווייטאָקן.
אָבער אויך ער האָט געפירט אַ שמועס. ער האָט מיר פאַרזיכערט,

אַז אַחוץ אונז בּיידע איז קיינער נישטאָ אין דער צעלע, אַז איך האָב אַ סך געהערט פון היץ, אַז די פּאָליציי באַזיצט באַוויזן... איך האָב זיך געפונען אין אַ מוראדיקער לאַגע פון אומוויסנהייט, פון הילפלאָזיקייט. די פיזישע ליידן פון די ווונדן זענען געווען אַ גאָרנישט מיט אַ נישט אין פאַרגלייך מיט דעם מאָראַלישן גהינום, אין וועלכן איך האָב מיך געפונען. עס האָט מיך געדריקט דער געדאַנק, אַז בעת די היץ - רייד האָב איך גאָט ווייס וואָס אָנגעפּלוידערט. איך האָב געבעטן אויף זיך דעם טויט, איך האָב געבענקט נאָכן גליק, וואָס איז געווען אַזוי נאָנט פון מיר און וואָס האָט מיך אַזוי גרויזאַם אָפּגענאַרט. בעסער וואָלט איך גאָר נישט געבוירן געוואָרן, איידער צו שענדן און פאַרדאַרבן די גרויסע זאַך, פאַרראַטן די חברים, אָפּנאַרן זייער גלויבן אין מיר"...

טעג נאָכאַנאַנד האָט דער קראַנקער סאַזאָנאָוו געלעבט אין דאָזיקן זעלישן צושטאַנד. זיין נשמה איז געשליידערט געוואָרן ווי אין כּף הקלע צווישן קעגנזעצלעכע געפילן. ער איז געווען שטאָלץ און גליקלעך פון זיין געלונגענער טאַט, ער האָט געדאַנקט זיינע פריינט דערפאַר, וואָס זיי האָבן אים „געגעבן די מעגלעכקייט איבערצולעבן אַ מאָראַלישע באַפרידיקונג, וואָס קיין שום זאַך אויף דער וועלט קאָן זיך נישט פאַרגלייכן מיט איר". גלייכצייטיק אָבער האָט ער שרעקלעך מורא געהאַט פאַר זיין אייגענער פיזישער שוואַכקייט, פאַר דער געפאַר צו ווערן אומווירדיק אויף אַ וואָסער נישט איז אופן דער גרויסער זאַך.

אין דער צייט, וואָס סאַזאָנאָוו האָט זיך געפייניקט אין זיין קראַנקנצעלע, האָט איבער רוסלאַנד און דער גאַנצער וועלט געהילכט דער ווידערקול פון זיין טעראָריסטישער טאַט. אויב איין אַקט פון רעוואָלוציאָנערער אַקטיוויטעט קאָן בכלל אַרויסרופן אַ געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, דאַרף מען זאָגן: פּלעוועס באַזייטיקונג איז געווען אַזאַ־אַ אַקט. ער האָט באַזייטיקט די גרעסטע שטערונג, וואָס האָט זיך געפונען אויפן וועג צום רעוואָלוציאָנערן יאָר 1905. דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך געפילט ווי באַפרייט פון אַ קאָשמאַר. נישט נאָר די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי איז געווען גליקלעך (איר פּרעסטיזש איז מיט איין מאָל אומגעהויער אויסגעוואַקסן אין לאַנד און אין אויסלאַנד); אויך די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע

באַוועגונג, וואָס האָט בכלל געהאַט אַ נעגאַטיווע שטעלונג צום אינדיווידועלן טעראָר, האָט געשריבן מיט באַגייסטערונג וועגן דער גרויסער געשעעניש. „דער פּראָלעטאַריאַט וועט מיט אַ געפיל פון אוממיטלבאַרער באַפרידיקונג אויפנעמען די ידיעה, אַז די באָמבע פון אַ רעוואָלוציאָנער האָט געטויט דעם מענטשן, וואָס טראָגט די אחריות פאַרן בלוט פון פילע טויזנטער פּראָלעטאַריער און פאַר די פיזישע און מאָראַלישע לײדן פון אַ סך אַקטיווע פרייהייטס־קעמפער''. נישט נאָר סאָציאַליסטן, — אויך ליבעראַלן האָבן געפייערט סאַזאָנאָווס טאַט; אפילו פרידלעכע, פון יעדער פּאָליטיק וויטשטייענדע בירגער האָבן זי באַגריסט. זעלטן ווען האָט אַ רעוואָלוציאָנערער אַקט אַזוי אַנטשפּראָכן דער שטים פון פאָלק, ווי דער־דאָזיקער. דער צאַריזם האָט פאַרשטאַנען דעם־דאָזיקן ווונק פון דער געשיכטע: ער האָט איינגעפעדימט אַ נייעם פער־יאָד פון רעגירן, דעם אַזוי־גערופענעם „פרילינג''. אַנשטאָט פּלעווען איז אינערן־מיניסטער געוואָרן אַ קוואַזי־ליבעראַלער מלוכה־מאַן, פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי. די געבונדענע כּחות פון פאָלק האָבן באַקומען אַ גרעסערע באַוועגונגס־פרייהייט. און באַלד איז אָנגע־קומען דאָס היסטאָרישע שטורעם־יאָר 1905.

דריטהאַלבן חדשים איז סאַזאָנאָוו געלעגן אין בעט אומבאַ־וועגלעך, אומבאַהאָלפן, ווי אַ קינד. ערשט אויפן פערטן חודש האָט ער געקאָנט אויפשטיין און זיך באַוועגן מיט דער הילף פון אַ קוליע. דעם 30 נאָוועמבער איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס. דער באַרימטער ליבעראַלער אַדוואָקאַט, קאַראַבטשעווסקי, האָט אין זיי־נעם אַ זאַץ אויסגעדריקט די שטימונג פון גאַנצן אונטערדריקטן לאַנד. „אייער באָמבע איז אָנגעפילט געווען נישט מיט דינאַמיט, נאָר מיט לײדן און פּיין פון פאָלק. וואַרפנדיק די באָמבע קעגן די מאַכטהאָבער, האָט איר געוואָלט פאַרניכטן דעם קאָשמאַר, וואָס האָט צונויפגעדריקט די ברוסט פון פאָלק''. דער אורטייל פון גע־ריכט איז דאָס מאָל געווען מילד. סאַזאָנאָוו איז פאַרמשפּט געוואָרן בלויז אויף לעבנסלענגלעכער תּפיסה. אין דער איינגעטרעטענער פרילינג־אַטמאָספער פון לאַנד, האָט דער רעזשים נישט געקאָנט אַרויסטראָגן קיין טויט־אורטייל.

אין דער קאַטאָרגע איז סאַזאָנאָוו געוואָרן דער באַליבטסטער

און געשאכטעטסטער נאָך גערשונין. די וווּנדערבאַרע פּערזענלעכקייט פון דאַזיקן מענטשן טרעט אַרויס פאַר אונדז אין איר גאַנצער ליבטיקייט פון ספּירידאָנאָוואַס שילדערונג און פון זײַנע אייגענע בריוו. ספּירידאָנאָווא איז אינערלעך געווען אַזוי שטאַרק פאַרבונדן און באַפרײַנדעט מיט סאַזאָנאָוון, אַז זי איז אפשר די איינציקע, וואָס האָט אים געקאָנט שילדערן אין טיפסטער נשמה־קרובהשאַפט. „קיינער פון אונדז האָט סאַזאָנאָוון נישט געקאָנט פון פריער. מיר האָבן אים אָבער תיכּף דערקענט: ער האָט געצויגן אויף זיך אונדזער אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. סאַזאָנאָווס פּנים און קאָפּ האָט מען נישט געקאָנט באַצייכענען אַלס שיין. און דאָך איז אַלץ געווען שיין אין דאַזיקן מאָגערן צאַרטן פּנים, אין דאַזיקן קאָפּ, וואָס איז באַדעקט געווען מיט בראָנזענע געקרייזלטע האָר, אין דאַזיקן הויכן שטערן, וואָס האָט געשטראַלט איבער די אויגן מיט זײַן ווייסקייט און זײַנע שאַרפע קאַנטן, אין דאַזיקן וווּנדערבאַרן בליק פון די גאָלד־ברוינע אויגן אונטער די געדיכטע ברעמען, אין דעם אויסבויג פון מויל, וואָס איז געווען אַזוי מילד און ווייטאָקלעך, אין דער געשפּאַנט זיך־איינהאָרכנדיקער קאָפּ־האַלטונג. נאָך דער עקספּלאָזיע ביים אַטענטאַט, איז סאַזאָנאָוו געבליבן היפּש טויבלעך. ער פלעגט ביי אונדז אָפט אַרויסרופן געלעכטער דורך זײַן טויביקייט אָדער אומגעשיקטקייט, דורך זײַן אויסטערלישער שעמעוודיקייט און דער נאַיוויטעט פון זײַנע זשעסטן. אין זײַן געזיכט האָט באַזונדערס באַצויבערט דער אויסדרוק. ער האָט געהאַט דאָס פּנים פון אַ מענטשן, וואָס האָט זיך באַפרייט פון יעדער אַרט לעבנס - שמוץ, פון שלעכטסקייט, פון קליינלעכער כּבוד־גייציקייט און קליינלעכן טרויער. און תּמיד, תּמיד איז געלעגן אויף זײַן פּנים דער שטעמפּל פון אַ מענטשן, וואָס איז פאַרמשפּט צום טויט, תּמיד פלעגט פלוצלונג אַרומכאַפּן אַן אומרואיקייט און אַ טרויער, ווען מען פלעגט זיך צוקוקן צו זײַן פאַרטראַכטקייט און זײַן שמייכל.

די מענטשלעכע הענט האָט אָפּטמאָל פּונקט אַזויפיל אויסדרוק, ווי דאָס פּנים. און זײַנע הענט זענען געווען אומגעוויינלעך. אויך אויף זיי איז ווי געלעגן דער שטעמפּל פון פאַרמשפּט זײַן. מען האָט געמעגט זיין ווי אויפגערעגט, מען האָט געמעגט זיין

פול מיט די פאַרביטערטסטע געפילן, איז געווען אַריינצוקוקן אין דאָזיקן שטילן פּנים, אין דאָזיקן צאַרטן שמייכל, אין די דאָזיקע קלאָרע פֿריינטלעכע אויגן, עס זאָל באַלד ווערן ליכט און שטיל. דאָס פלעגט אַמאָל מאַכן דעם איינדרוק פון אַ היפּנאָז.

הגם סאַזאָנאָוו איז נישט געווען קיין מאָראַל־פּרעדיקער, איז דאָך זיין מאָראַלישער איינפלוס אויף זיין סביבה געווען אומגעהויער גרויס. עס איז פאַר אַלעמען געווען אַ פרייד צו אונטערוואַרפן זיך זיין גוטסקייט און ליבע. די ברוטאַלע תפיסה־אויפזעער, וואָס זייערע הענט זענען געוווינט צו שלאָגן אַרעסטאַנטן, וואָס זייערע הערצער זענען פאַרזשאַווערט פון צוקוקן זיך צו פרעמדע ליידן, האָבן אַרויסגעוויזן צו אים דעם גרעסטן דרך־ארץ. דער דירעקטאָר פלעגט אָנגעכמורעט אויפפאָדערן די אַרעסטאַנטן: —

— כ'בעט אייך, שיקט אונטערהאַנדלען ווען איר ווילט, נאָר נישט סאַזאָנאָוון.

ער האָט דאָס געזאָגט, ווייל ביי אַ שמועס מיט יעגאָרן פלעגט אין אים גופא דערוואַכן אַלדאָס בעסערע — און דער דאָזיקער שקלאַפן־האַלטער פלעגט קעגן זיין אייגענעם ווילן מוזן מאַכן קאָנצעסיעס, וואָס אַ מינוט פריער וואָלטן זיי אים אויסגעזען אַלס אוממעגלעך.

ווען ער פלעגט זיך אָנטרעפן אויף שלעכטסקייט, מענטשלעכער העסלעכקייט אָדער גרויזאַמקייט, פלעגט ער דערפון ליידן פיזיש, ער פלעגט נישט קאָנען באַגרייפן, ווי אַזוי איז מעגלעך דאָס שלעכטע אין מענטשן. די שטרענגקייט און ריינקייט פון די זיטן, וואָס איז געוואָרן זיין צווייטע נאַטור דורך דער דערציאונג פון דער טראַדיציע־טרייער פאַמיליע פון אַלטגלויביקע סעקטירער, זענען געמילדערט געוואָרן דורך זיין פאַרזיכטיקייט אין באַציאונגען צו מענטשן. אין זיינע באַציאונגען צו פרויען און אַלטע לייט איז געווען עפּעס אַלטמאָדישעס און ריטערלעכס.

— מיר שיינט, — האָט ער איינמאָל געזאָגט צו מיר, — אַז אויף מענטשן מוז מען אַכטונג געבן, ווי אויף קראַנקע, אָדער קינדער.

אין אַקאַטויער תפיסה, אין דער ביבליאָטעק־צעלע, וווּ סאַזאָנאָוו איז געווען ביבליאָטעקאַר, פלעגט מען פון מאָל צו מאָל זען

אַ פֿײַנע פֿרויען־געשטאַלט, וואָס פֿירט אַ זאַכלעכן שמועס מיט געו־שונג. דאָס איז געווען סאַזאָנאָוס כּלה, מאַריאַ פּראָקאָפּיעוואַ, וואָס האָט דאַן, אין דער ערשטער צײַט, געהאַט אַ פֿרײַען צוטריט אין דער תּפֿיסה, אַלס קרובֿה, וואָס איז געקומען צום באַזוך. אין יע־נאָרס יוגנט איז זי געווען זײַן האַרציקער פֿרײַנט. די באַציאונגען פֿון די דאָזיקע צוויי מענטשן האָבן געקאָנט בילדן די טעמע פֿון אַ העכלעכער פּאָעמע. דאָס דאָזיקע מיידל, מיט די גרויסע, שטראַלענ־דיקע גרוי־גרינע אויגן, מיטן שטרענגן בליק, מיטן דורכזיכטיקן פֿײַנעם בלאַסן פּנים און די גאָלדענע צעפּ, — דאָס דאָזיקע צאַרטע, ווי פֿונעם ליכט פֿון איר זעלע דורכגעשטראַלט און גלײַכצײַטיק שטרענג־ערנסט מיידל, האָט אויף אונדז אַלע געמאַכט אַ טיפֿן אײַנ־דרוק. זי האָט האַרמאָנירט מיט יעגאָרן אָן דעם מינדעסטן דיסאָנאַנס. יעגאָר האָט געקוקט אויף איר פֿון זײַן ווינקל מיט דער־שטוינט־ליבנדע אויגן און האָט זיך בלויז זעלטן דערלויבט צו זײַן מיט איר צוזאַמען.

— איך טרעט אָפּ מיט אַכטונג אין אַ זײַט, האָט ער מיר דערקלערט און מרמז געווען דערויף, אַז „מאַ" (אַזוי האָבן די חבֿרים גערופֿן סאַזאָנאָווס כּלה) איז דאָך געקומען קיין אַקאַטוי, כּדי צוצוגרייטן גערשונים אַנטלויפֿן.

פּראָקאָפּיעוואַ איז אין 1908 אַרעסטירט און דעפּאַרטירט געוואָרן, אונטער דער באַשולדיקונג פֿון אומדירעקטן אָנטייל אין אַ פֿאַרשווערונג קעגן לעבן פֿונעם צאַר. פֿון דער פֿאַרשיקונג איז זי אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד, פֿונוואַנען זי האָט געפֿירט אַ רעגולערן, אינטענסיוון בריוו־וועקסל מיט יעגאָרן. אירע בריוו, — בריוו פֿון אַ באַדײַטנדן און קלוגן מענטשן, האָבן אַרײַנגעטראָגן אַ סך אָפּ־פֿרישונג אין יעגאָרס קאַטאָרגע־לעבן. שטאַרק און פֿעסט אין איר גלויבן און אין איר ליבע, האָט זי געלעבט מיט דער האָפֿענונג פֿון זײַן באַלדיקער באַפֿרײַאונג און פֿון באַגעגענען זיך מיט אים. אַ יאָר פֿון סאַזאָנאָווס אַקטיווער קאַמפּס־טעטיקייט, זעקס יאָר פֿון זײַן קאַטאָרגע, — זיבן לאַנגע יאָר האָט זי געוואַרט אויף אים, געפֿלאַמט אין העלער ריינסטער ליבע צו אים, ווי אַ ליכט פֿאַר גאָט.

מיט נישט קיין קלענערער בענקשאַפֿט און ליבע האָט געוואַרט

אויף יעגאָרן זיין מוטער. אייניקע פון אונז האָבן זי געזען: די אַלטע פרוי האָט אויסגעזען שטרענג, ווי אַ מנישקע; איר קאָפּ איז באַדעקט געווען מיט אַ טיכל, ווען זי האָט, מיט אַ טרויעריקן פּנים און טיפע אויגן, באַזוכט איר זון אין בוטירקי־תּפיסה. איר גאַנץ לעבן האָט זיך קאָנצענטרירט אין די אויגן, ווען זי האָט אויף אים געקוקט. זי האָט עס אים געמאַכט פאַר גוט און אמת־זוכנדיק, זי האָט אים דערצויגן צום „אומגיין מיט גאָט", זי האָט אים געלערנט, אַז אַ לעבעדיק וועזן טאָר מען נישט פאַרשאַפן דעם מינדסטן שמערץ. און ווען ער איז אויסגעוואַקסן און האָט אומעטום דערוועקט באַוווּנדערונג און פרייד, — ווי האָט זי געמוזט ליב האָבן איר זון און ציטערן פאַר זיין לעבן!... יעגאָר האָט געפילט איר בענקשאַפט און אומרואיקייט פאַר אים, און האָט דעריבער אויסגענוצט די געלעגנהייט צו שיקן איר ידיעות וועגן זיך. ער האָט געשריבן, אַז דאָס קאַטאָרגע־לעבן איז אַזוי געמיטלעך, ער האָט זי פריילעך געמאַכט, זי געטרייסט און שטענדיק אויפמערקזאַם געמאַכט אויף זייער קומענדיקן צוזאַמענזיין.

יעגאָר האָט פאַרמאָגט אַ זעלטענע אייגנשאַפט, וואָס איז זייער זעלטן ביי רוסן: ער האָט זיך געקאָנט שטעלן אויפן שטאַנדפּונקט פון צווייטן, אים פולשטענדיק באַגרייפן און די פיין פון פרעמדע געדאַנקען אַזוי שטאַרק איבערלעבן, ווי די אייגענע. דעריבער איז אַפילו די ליידנשאַפטלעכסטע דיסקוסיע מיט אים קיין־מאָל נישט איבערגעגאַנגען אין קריגעריי אָדער פּראַקציאָנעלער אַמפּעריי. יעדער שטרייט מיט אים איז געווען בלויז אַ געמיינזאַם זוכן די בעסטע לייזונג פון דער פראַגע.

יעגאָר האָט געזוכט פּאָסטולאַטן פון אמת נישט נאָר אין די סאָציאַלע, נאָר אויך אין די פּערזענלעכע מענטשן־באַציאונגען. ווי אָפט האָט ער גערעדט וועגן דער גוטווענדיקייט פון אַ רעפאָרם אין דער ערשטער צעלע פון דער געזעלשאַפט, — אין דער פאַמיליע. „מיר שיינט, אַז אָן אַ רעפאָרם פון די אינטימסטע באַציאונגען צווישן די מענטשן, וועט מען מיט די מענטשן גאָר נישט קאָנען מאַכן"

XII.

# דער טויט פון יעגאָר סאַזאָנאָוו

סוף 1910 האָט גאַרני־זערענטוי געוואָרט אויף וויסאָצקין, טשעמאַדאַנאָוו, דער תּפיסה־דירעקטאָר, וועלכן וויסאָצקי האָט געראַפט פאַרביטן, האָט געשילדערט סאַזאָנאָווס שטימונג אין דערדאָזיקער צייט. „קורץ פאַר וויסאָצקיס קומען, בין איך איינמאָל אַרײַן אין סאַזאָנאָווס צעלע. סאַזאָנאָוו איז געווען באַליבט ביי אַלע אַרעסטאַנטן און די גאַנצע פאַרוואַלטונג האָט געהאַט דרך־ארץ פאַר אים. ביים אַרײַנקומען פון די מאַכט־פאַרשטייער אין זיין צעלע, פלעגט ער תּמיד שטיין אויף די פיס און קוקן אויפן אַרײַנקומענדיקן מיט אַן אַנטוואָפּענענדיקן רואיקן בליק. דאָסמאָל איז ער געווען אויפגערעגט, אין זיינע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט נערוועזיטעט און קעגן זיין געוווינהייט האָט ער אַרומגעשפּאַצירט אין זיין צעלע אַהין און אַהער.

— וואָס איז מיט אייך, סאַזאָנאָוו? — האָב איך געפרעגט, אַ דערשטוינטער.

— צו ווייסט איר, אַז די טעג קומט צופאָרן דער נייער דירעקטאָר? — האָט ער געענטפערט מיט אַ פראַגע. — און צי ווייסט איר, אַז דאָס איז איינער פון די ווילדסטע פּייניקער אין רוסלאַנד?

— יאָ, דאָס זענען דאָך אָבער נאָר קלאַנגען, צוואָס זיך אויפרעגן אַפריער?

— פאַר אונז זענען דאָס נישט קיין קלאַנגען, — האָט סאַזאָנאָוו דערקלערט, — זיין קומען וועט אַרויסרופן אין דער תּפיסה די שווערסטע געשעענישן.

— אָבער נישט פאַר אייך, סאַזאָנאָוו. עס בלייבט אייך אָפּ־צוזיצן נאָך דריי חדשים. אייער לאַגע אַלס אַרעסטאַנט אין אַן איינצל־צעלע און אייער גאַנצע אויפפירונג זיכערן אייך פון יעדן

צוזאַמענשטויס. די דריי חדשים וועלן שנעל פאַריבערגיין, — האָב איך אים געוואָלט באַרואיקן.

סאַזאָנאָוו האָט געשמייכלט: „איר מיינט, אַז די רעגירונג וועט מיך אַזוי פשוט אַרויסלאָזן פון דאַנען? צי מיינט איר נישט, אַז די באַשטימונג פון נייעם דירעקטאָר הענגט צוזאַמען מיט מיין געענדיקטן שטראָף־טערמין? איך גלויב נישט, אַז איך זאָל דער־לעבן די פרייהייט".

דערדאָזיקער געדאַנק איז מיר פאָרגעקומען אומזיניק.

סאַזאָנאָוו איז געווען באַרעכטיקט אַזוי צו טראַכטן, ווייל די רעאַקציאָנערע פרעסע האָט אויף קיין איין מאָמענט נישט פאַר־געסן אין אים. פאַר דער הערשנדער אויטאָקראַטיע איז סאַזאָנאָוו געווען איינער פון די פאַרהאַסטסטע רעוואָלוציאָנערן. ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער טערמין, ווען סאַזאָנאָוו האָט געדאַרפט פאַרלאָזן די קאַטאָרגע און ווערן פאַרשיקט, האָט יענע פרעסע פאַרשאָטן די רעגירונג מיט אַרטיקלען וועגן דער „אויסגעלאַסנ־קייט פון דער נערטשינסקער קאַטאָרגע, וועגן דער אומדערלאָזבאַ־רער מילדקייט צו סאַזאָנאָוון" א.אַ.וו.

אייניקע טעג פאַר וויסאָצקיס קומען, האָט אַ גרופּע חברים באַשלאָסן צו טוישן דעם נייעם תּלין ביי דער ערשטער געלעגנהייט. אַ דאַנק טשעמאַדאַנאָוון איז אין זערענטוי געשאַפן געוואָרן די ערשטע אַרבעטס־מעגלעכקייט: אַ סטאָלעריי. די חברים פון דאָזיקן וואַרשטאַט האָבן באַקומען אין דער האַנט עטלעכע שווערע שטיקלעך געצייג, אויך אַ רעוואָלווער. דידאָזיקע צוגריי־טונגען האָבן אַביסל באַרואיקט די אויסערסט אויפגערעגטע אַרעס־טאַנטן. סאַזאָנאָוו איז געווען קעגן אַזאַ אַטענטאַט צווישן די תּפיסה־ווענט: ער האָט געוווסט סאַראַ מאַסן־אומגליק דאָס וועט ברענגען נאָך זיך. ער האָט אָפּגערעדט און דערקלערט: „וואַרט צו, אפריער וועל איך אויספּרובירן מיין מיטל".

די אומדערוואַרטע אַריינמישונג פון אַ גוט־מײנענדיקן מענטשן האָט צעשטערט דעמדאָזיקן פּלאַן. טשעמאַדאַנאָוו האָט זיך באַמיט מיט אַלע מיטלען אויסצומיידן אַ צוזאַמענשטויס פון נייעם דירעקטאָר מיט די אַרעסטאַנטן. מיטן דאָזיקן צוועק האָט ער זיך באַמיט, פאַרן פאַרלאָזן דעם פּאָסטן, אַריבערצופירן די פירנ־

דע פערזענלעכקייטן פון זערענטווי אין א שכנותדיקער קאטאָרגע־תפיסה. דאָס איז אים געלונגען אויף פאָלגנדיקן אופן: קאָוואַלעוו, דער דירעקטאָר פון דער קוטאַמאַרא־תפיסה, איז געווען ביי אים צוגאַסט. טשעמאָדאַנאָוו האָט באַמערקט, מיט וואָסער גיריקער נייגיריקייט קאָוואַליאָוו באַטראַכט דאָס נייע מעבל אין זיין אַר־בעטס ־ צימער. דאָס זענען געווען די ערשטע אויסאַרבעטונגען פון דער תפיסה־סטאָלעריי.

— א שאָד, — האָט געזאָגט טשעמאָדאַנאָוו, — וואָס די־דאָזיקע פיינע סטאָלעריי וועט אינגיכן אונטערגיין.

— יאָ, — האָט קאָוואַלעוו געענטפערט מיט היץ, — אויב די קלאַנגען וועגן וויסאָצקין זאָלן זיין אמת, וועט אַזוי געשען.

— און וואָס וועט איר זאָגן דערויף, מיר זאָלן די בעסטע מייסטער אַריבערפירן צו אייך?

— איך האָב גאָרנישט דאַקעגן.

טשעמאָדאַנאָוו האָט שנעל צונויפגעשטעלט א רשימה פון 15—10 פערזאָן, ווו ער האָט אַריינגעשריבן נישט נאָר די מייס־טער, נאָר אַלע באַזונדערס אקטיווע און געפערלעכע רעוואָלוציאָ־נערן. אויך סאַזאָנאָוון האָט ער געוואָלט אַריינטראָגן אין דער־דאָזיקער רשימה, אָבער... דער דירעקטאָר פון דער נערטשינסקער קאטאָרגע (זאַבעללאָ) האָט נישט דערלויבט. „אויב מען וועט סאַ־זאָנאָוון אַריבערפירן, וועלן דאָס באַלד באַמערקן די שעפן אין טשיטאַ: פאַרוואָס און ווי אַזוי“?

פון די אַריינגעטראָגענע אין דער רשימה האָבן א סך נישט געוואָלט אַריבערגיין אויפן נייעם אָרט, באַזונדערס יאַקאָוולעוו נישט. ער איז געווען דער עלטסטער פון דער קאָמונע און ער האָט אַלס ערשטער געמוזט זיך אונטערשטעלן דעם דראָענדן קלאַפ. „אָבער איך קאָן דאָך נישט פאַרלאָזן די חברים אין אַזאַ מאָמענט“.

— נו, איר פאַרלאָזט זיי נישט, איר וואַרפט זיך בלויז אונ־טער דער געוואַלט, — האָט טשעמאַדאַנאָוו זיך באַמיט אים צו באַרואיקן.

דער הומאַנער אָפיציר (וואָס האָט, אגב, קיין אנונג נישט געהאַט וועגן דעם אַטענטאַט־פּלאַן פון די אַרעסטאַנטן), האָט נישט געראַטעוועט פון דער קאַטאַסטראָפע נישט סאַזאָנאָוון און

נישט די אַנדערע. דעם 21 נאָוועמבער איז די גרופּע אַרעסטאַנטן איבערגעפאָרן קיין קוטאַמאַראַ. דעמזעלבן אָוונט איז אָנגעקומען וויטאָצקי.

* * *

וויסאָצקי האָט מיטגעבראַכט „זיינע" דורך אים גופא אויס־דרעסירטע תּפיסה־אויפזעער. די געפאַר פון קערפּערלעכער שטראָף האָט זיך דערנענטערט. די אַרעסטאַנטן האָבן אָנגענומען דעם באַשלוס, צו ענטפערן אויף דער ערשטער שאַרפער אַטאַקע מיטן אייגענעם טויט. זיי האָבן זיך גענומען באַזאָרגן מיט פאַרשידענע גיפטן. אויך סאַזאָנאָוו האָט געמאַכט זיינע לעצטע צוגרייטונגען. דעם 23־טן נאָוועמבער האָט ער געשריבן דריי געזעגענונגס־בריוו: צו די עלטערן, צום ברודער און צו דער כּלה. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן קיין פּעטערבורג און סאַראַטאָוו טעלעגראַמעס מיט אַ פאַרשטעלטן טעקסט, אויב איינער פון די פּאָליטישע וועט קערפּערלעך באַשטראָפט ווערן. נישט געקוקט אויף די־דאָזיקע אַלע ראַדיקאַלע מיטלען האָבן די אַרעסטאַנטן באַשלאָסן אָנצווווענדן אַלע כּחות, כּדי אויסצומיידן אַ קאָנפליקט. מען האָט באַשלאָסן צו זיין קאָרעקט און פאָרזיכטיק. סאַזאָנאָוו האָט אין דאָזיקן פּרט געגעבן דעם ערשטן ביישפּיל. ער האָט זיך געלאָזט אָפּראַזירן דעם קאָפּ און זיין אַרעסטאַנטן־קליידונג האָט נישט געקאָנט אַרויסרופן דעם מינדסטן פאָרוווּרף.

אָבער דעם 24 נאָוועמבער האָט דער העכסטער תּפיסה־אויפזעער מאַקאַראָוו מיטגעטיילט די אַרעסטאַנטן, אַז וויסאָצקי וועט צונויפגעמאָרגנס איבערנעמען די תּפיסה־פאַרוואַלטונג און אַז ער האָט אַרויסגעשיקט זיינע צוויי תּלינים צו ברענגען צוויי פורן מיט ריטער. דעם 25־טן האָט זיך אָנגעהויבן די צערעמאָניע פון איבערגעבן די תּפיסה פון טשעמאָדאַנאָוו צו וויסאָצקין. אין דער שטורם־געלאָדענער אַטמאָספער איז ענדלעך דערשינען וויסאָצקי. „אַלע זענען געווען געשפּאַנט, — האָט שפּעטער געשריבן טשעמאָדאַנאָוו, — אויך וויסאָצקי. ביי אים איז דאָס אָבער געווען די אויפרעגונג פון יעגער פאַר דעם לאַנג אויסגעבענקטן שאָס קעגן אַ געווינטן רויב. מיט אַ שאַרפער שטים זענען געפאַלן נערוועזע ווערטער. אַלע פּאָליטישע זענען אַראָפּגעקומען מיט די אייזערנע

טרעפּ און זיך אויסגעשטעלט אין רייען פאַרן טיש.

— אַקימאָוו, — רופט אויס דער תּפיסה־שרייבער. דער אויס־גערופענער מאַכט מיט אַ פינסטערן בליק אַ טריט פאָראויס און קוקט וויסאָצקין געשפּאַנט אין די אויגן אַריין.

— פאַרוואָס ביסטו פאַראורטיילט געוואָרן?

דאָס דאָזיקע דו האָט געקלונגען שאַרף און פּראָוואָצירנדיק.

— אויף דו ענטפער איך נישט, — קלינגט אָפּ אַקימאָווס אויפגערעגטע שטים.

— וואַרפט אים אַריין אין דער טונקעלער צעלע! — גיט וויסאָצקי שאַרף דעם באַפעל, וואָס ווערט תּיכּף אויסגעפירט.

— אָראַנאָוו! — רופט אויס דער שרייבער.

— ווי הייסטו? — קלינגט פעסט וויסאָצקיס פראַגע.

— כ'בעט מיך נישט צו דוצן, — ענטפערט אָראַנאָוו פּונקט אַזוי הויך און בייז, דערשיטערט פון דער סצענע מיט אַקימאָוון.

— אויך דעם דאָזיקן אָפּפירן! — איז וויסאָצקי אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ.

ער האָט געמאַכט צוויי טריט צו די אַרעסטאַנטן און זיי באַפאַלן מיט אַן אָפיציעלער, פון פריער צוגעגרייטער רעדע.

— איך קען נישט קיין פּאָליטישע און קרימינעלע... אַלע גלייך... איך וועל וויסן ווי אייך צו צווינגען... איך וועל זיך פאַר קיין שום זאַך נישט אָפּשטעלן...

אָבער די רעדע האָט נישט געהאַט די ווירקונג, אויף וועלכער ער האָט געהאָפט. די צערעמאָניע איז ווייטער געפירט געוואָרן אין זעלבן טאָן".

נאָכדעם ווי מען האָט שוין געהאַט אָפּגעפירט די אַרעסטאַנטן אין דער פינסטערער צעלע, איז וויסאָצקי אַריין אין דער גרויסער צעלע פון די פּאָליטישע. עס פאַלט די קאָמאַנדע: „אויפשטיין!" אַלע בלייבן זיצן. וויסאָצקי באַפעלט זיי אויפצושטעלן מיט געוואַלט. עס העלפט נישט. דאַן דראָט ער מיט ריטער. דערווייל אָבער באַשטראָפט ער אַלע מיטן טונקעלן צימער. גלייך נאָך וויסאָצקיס פאַרלאָזן די צעלע איז דאָרט דערקלערט געוואָרן אַ הונגער־שטרייק. וויסאָצקי איז דערווייל אַוועק אין די איינצל־צעלעס. סאַזאָנאָוו

האָט אים אויפגענומען שווייגנדיק, אָבער שטייענדיק, די האַנט אויפן רוקן.

— פאַרוואָס עפּעס די האַנט פון הינטן? — האָט וויסאָצקי געפרעגט. זי דאַרף אָראָפּהענגען! סאַזאָנאָוו האָט אַראָפּגעלאָזן די האַנט.

— אויפן דאָזיקן אָרט וועל איך קערפּערלעך באַשטראָפן, — האָט וויסאָצקי צוגעגעבן.

— איך האָב איבערגעלעבט מעטוסן און באַראַדולינען, — האָט סאַזאָנאָוו רואיק געענטפערט. וויסאָצקי איז אַרויסגעגאַנגען.

דעם 27־טן איז געשען דאָס אומגליק. אין דער טונקעלער צעלע, וווּ עס זענען פאַרשפּאַרט געווען די פּאָליטישע, האָט מען אַריינגעשיקט אַ קרימינעלן ער זאָל שפּיאָנירן. די אַרעסטאַנטן האָבן געשטעלט די פאָדערונג, מען זאָל זיי באַפרייען פון זיין געזעל־שאַפט. דאַן איז דערשינען וויסאָצקי און האָט באַפוילן קערפּערלעך צו באַשטראָפן דעם סאָציאַל ־ רעוואָלוציאָנער מיכאַילאָוו, אַלס אָנ־פירער. מיכאַילאָוו האָט גלייך איינגענומען סטריכנין, דאַן מאָר־פיום. אָבער היות די ווירקונג פון דידאָזיקע גיפטן ווייזט זיך ערשט אַרויס אין אַ צייט אַרום, האָט ער נאָך געגומען ביי אַ חבר סאַלפּעטער ־ זויער. און ווי נאָר די תּפיסה ־ אויפזעער האָבן גע־עפנט די טיר פון דער צעלע, כּדי אים צו נעמען, האָט ער אויסגע־טרונקען די סאַלפּעטער ־ זויער און איז אומגעפאַלן אָן באַוווסט־זיין. אין שפּיטאָל, וווּ מען האָט אים גלייך אָפּגעפירט, האָבן זיך אין זיין מאָגן געעפנט ווונדן...

דעמזעלבן טאָג האָט מען געגעבן 30 שמיץ דעם אַרעסטאַנט סלאָמיאַנסקי. אַ צעבלוטיקטן האָט מען אים אָפּגעפירט אין שפּי־טאָל. אויך דער אַרעסטאַנט פּעטראָוו האָט באַקומען 35 שמיץ. עס איז אָנגעקומען די נאַכט אויפן 28־טן נאָוועמבער. סאַזאָנאָוו האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך געגוי געוווּסט, וואָס עס קומט פאָר אין דער תּפיסה. אַ טייל חברים האָט באַשלאָסן איבערצוגיין פון הונגער־שטרייק צום זעלבסטמאָרד. צוויי פון זיי, פּוכאַלסקי (אַ מיטגליד פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי) און מאַס־לאָוו (סאָציאַל ־ רעוואָלוציאָנער), האָבן זיך אויפגעשניטן די אָדערן אויף די הענט. סאַזאָנאָוו האָט אָנגענומען דעם באַשלוס אַריינצו־

מישן זיך אין די געשעענישן. „יעגאָר איז געווען טיף באַזאָרגט, וואָס ער האָט „פאַרזאַמט", וואָס ער האָט זיך נישט געפּעדערט. ער האָט דאָך זיינע פריינט קאַטעגאָריש פאַרבאָטן צו באַגיין זעלבסטמאָרד פאַר אים. ער האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז עס איז „שפּאָרזאַמער", בנוגע דעם פאַרלוסט פון לעבן און ענערגיע אָנצוהויבן מיט זיין לעבן. ווען מען האָט געעפנט די טיר פון זיין צעלע צו דער אָוונט - קאָנטראָל, איז ער צוגעלאָפן צום טיר-פענסטערל פון די חברים און האָט געזאָגט צו זיי מיט אַ שטילן שמייכל: „זייט געזונט, ברידער!" נישט אַלע האָבן תיכּף באַגריפן, וואָס דאָס באַדייט.

דאַן האָט סאַזאָנאָוו געשריבן זיין געזעגענונגס - בריוו צו די חברים.

„חברים! היינטיקע נאַכט וועל איך פּרוּוון אַ סוף מאַכן צו מיין לעבן. אויב וועמעס נישט איז טויט איז אומשטאַנד אָפּצו-שטעלן ווייטערדיקע קרבנות, איז דאָס קודם-כּל מיינער. דעריבער מוז איך שטאַרבן. איך פיל דאָס מיט מיין גאַנצן האַרצן; דאָס, וואָס איך האָב זיך נישט געפּעדערט פאַר די צוויי היינט געשטאָר-בענע, איז אַן אומדערטרעגלעכע פּיין. איך בעט רחמים ביי די חברים, זיי זאָלן מיר נישט נאָכטאָן און נישט זוכן אַזוי שנעל דעם טויט. וואָלט נישט געווען די קליינע האָפענונג, אַז מיין טויט קאָן פאַרקלענערן דעם פּרייז, וואָס דער מולך פאָדערט, וואָלט איך אומבאַדינגט געוועזט בלייבן מיט אייך, חברים, כּדי צוזאַמען צו לעבן און צו קעמפן. אָבער וואַרטן נאָך אַ טאָג, הייסט אפשר זען נייע קרבנות. אַ האַרציקן גרוס די פריינט און אַ גוטע נאַכט!

יעגאָר".

ביי דער אָוונט - קאָנטראָל איז סאַזאָנאָוו געווען שווייגעוודיק. דערנאָך איז ער געבליבן אַליין. ווער ווייס, וואָס ער האָט איבער-געלעבט אין די דאָזיקע לעצטע שעהן! סאַזאָנאָוו האָט נישט גע-וואָלט שטאַרבן. אמת, דאָס לעצטע יאָר פון זיין קאַטאָרגע-לעבן איז פול געווען מיט טרויער. עס זענען געווען ציטן, ווען ער פלעגט גאַנצענע טעג ליגן אַ שווייגעוודיקער אויף דער נאַרע, מיט ברענענדיקע אויגן פון זעלישן ווייטאָק. זיין פריינט, דעם אַרבעטער פּראָלאָוו, האָט ער איינמאָל אָנגעוויזן אויף דער שיינער לאַנד-

שאַפט פון טראַנסבאַיקאַלער האַרבסט, און געזאָגט: „איך האָב ליב דעם האַרבסט, אפשר דערפאַר, ווייל איך לעב אים איבער אין דער נשמה". דאָס זענען אָבער געווען בלויז שטימונגען, אין דער טיפסטער טיפעניש פון זיין נשמה איז ער געווען פעסט, גרייט צו לעבן און קעמפן. ער האָט מיט זיינע אַלע פיבער'ן גע־שטרעבט צו פרייהייט. דעם 28־טן יאַנואַר 1911 האָט ער געזאָלט פאַרלאָזן די ווענט פון דער קאַטאָרגע. אויף דער פריי האָט געוואַרט אויף אים די מוטער, וועלכער ער האָט יאָרנלאַנג צוגעזאָגט צו פאַרגעלטן מיט זיין ליבע אירע ליידן. עס האָט געוואַרט אויף אים די כלה, מיט וועלכער ער האָט פאַרבונדן זיין פּערזענלעך גליק. ער האָט קלאָר געוואוסט, סאַראַ טויט־קלאַפּ ער דערלאַנגט דורך זיין טויט זיין מוטער, זיין מאַ, זיין איינציקן ברודער. אויף דער פריי האָט געוואַרט אויף אים די פּאַרטיי, וועלכע ער האָט געוואָלט מאָ־ביליזירן צום קאַמף. ער האָט אפילו געשטעלט פאַר זיך אַ ספּעַ־ציעלע אויפגאַבע: ער וועט אַנטוויקלען אַ געשטייגערטע אַקטיווי־טעט, כדי צו באַשיצן די חברים, וואָס שמאַכטן אין די תפיסות... סאַזאַנאָוו אָבער האָט זיך נישט געלאָזט לענקען דורך דיזאָזיקע אַלע מאָטיוון. פאַר אים זענען אוממיטלבאַר געשטאַנען די גע־קוועלטע פּנימער פון די געשענדעטע מענטשן, ער האָט זיי גע־מוזט אוממיטלבאַר באַשיצן מיט זיין קערפּער. דעריבער האָט ער נישט געוואוסט פון קיין ספיקות.

עס איז געווען טיף אין דער נאָוועמבער־נאַכט, נאָך דריי אַ זייגער. ער האָט איינגענומען מאָרפיום, אויסגעלאָשן דאָס לעמפּל און זיך געלייגט שלאָפן.

פיר אזייגער האָט מען געביטן די וואַך. ווען די באַטרעפנדע תפיסה־אויפזעער זענען פאַרביי די איינצל־צעלעס, האָבן זיי באַמערקט ביי סאַזאַנאָוון דעם אויסגעלאָשענעם לעמפּל. ווען זיי האָבן אים אַ רוף געטאָן, האָבן זיי געהערט אַ שוואַך כאָרכלען און הוסטן. זיי האָבן אַלאַרמירט אַ העכערן באַאַמטן, וועלכער האָט געעפנט די טיר און געפונען סאַזאַנאָוון אַ גוססן. דער אַראָפּגע־בראַכטער פעלדשער האָט תיכף פאַראָרדנט אַוועקצופירן סאַזאַ־נאָוון, מיט דער הילף פון עטלעכע קרימינעלע, אין שפּיטאָל. ערשט האַלב זעקס אזייגער אינדערפרי איז אַראָפּגעקומען דאָקטאָר קרו־

קאָווסקי; ביז זיין קומען האָט מען סאַזאָנאָוון קיין שום הילף נישט געגעבן. ווען מען האָט וויסאָצקין מודיע געווען ביינאַכט וועגן דאָזיקן זעלבסטמאָרד, זאָל ער האָבן געענטפערט: „וואָס איז דאָס אַזוינס? זעלבסטמאָרדן ביטאָג, זעלבסטמאָרדן ביינאַכט. און מיר זאָלן נאָך זאָרגן פאַר זיי? זאָגט דעם פעלדשער, אַז נישט ער, און נישט קיין אַנדערע זאָלן נישט געבן קיין הילף ביינאַכט, — דערוויף איז געגוג דער טאָג".

סאַזאָנאָוון האָט מען נאָך געקאָנט ראַטעווען אין יענער נאַכט. אין אָפיציעלן פּראָטאָקאָל פונם תפיסה - דאָקטאָר קרוקאָווסקי איז געשטאַנען: „רעכטצייטיקע מעדיצינישע הילף וואָלט זיכער נאָך געקאָנט ראַטעווען סאַזאָנאָווס לעבן". סאַזאָנאָוו איז געשטאָרבן לאַנגזאַם, נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט. 7 אַזייגער איז זיין לעבן אויסגעלאָשן געוואָרן. „דער גרויסער שטערן האָט געשטראַלט אין דער קלאָרער ווייסקייט, אינם קראַנץ פון די גאָלדיק - שימערנדיקע האָר, — האָט געשריבן ספּירידאָנאָווא. — אויף זיין פּנים האָט געשוועבט דער אויסדרוק פון אַזאַ רו און שטילקייט, פון אַזאַ אומענדלעכער ליבע, אַז די ברוטאַלע, נאָר־וואָס נאָך מיט ריטער פאַכענדיקע אויפזעער, האָבן, קוקנדיק אויפן דערמאָרדעטן, געוויינט און זיך געצלמט".

* * *

כמעט גלייכצייטיק מיט סאַזאָנאָוון זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד די סאָציאַל - רעוואָלוציאָנערן קונעני, קאָרעשקאָוו און אָדינצאָוו. נאָכדעם ווי דאָקטאָר קרוקאָווסקי האָט ערב געווען, אַז מער וועלן נישט אָנגעווענדעט ווערן קיין קערפּער - שטראָפן, האָבן דיזאָזיקע אַלע אַרעסטאַנטן געגומען קעגנגיפט. דעם 28-טן נאָוועמבער האָט נאָך דער אויבנדערמאָנטער פּעטראָוו געפּרוווט באַגיין זעלבסטמאָרד: ער האָט זיך באַגאָסן מיט נאַפט און זיך אונטערגעצונדן. די אָנגעלאָפענע וואַך האָט אויסגעלאָשן דאָס פייער און אים אָפּגעפירט אין שפּיטאָל.

דעמזעלבן טאָג איז סאַזאָנאָוו געהיים באַגראָבן געוואָרן.

## XIII.

# דער פּראָטעסט-שטורעם אין לאַנד

סאַזאָנאָווס טויט האָט אַרויסגערופן אַ טיפע דערשיטערונג אין אַלע טיילן לאַנד: אין די העכסטע רעגירונגס - קרייזן פּונקט אַזוי, ווי אין פאָלק. אין פּעטערבורג האָט מען צוערשט נישט געוואָלט גלייבן אין סאַזאָנאָווס טויט. ווען דער פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט האָט דעם 30-טן נאָוועמבער באַקומען אַ ידיעה וועגן געשענעם, האָט ער דרינגנד טעלעגראַפירט קיין גאָרני-זערענטוי: „צום קאַטאָרגע - דירעקטאָר. נערטשינסק: כ'בעט טעלעגראַפיש מעלדן פאַרן באַריכט צום מיניסטער, צי אַרעסטאַנט סאַזאָנאָוו איזווירקלעך טויט. אויב יאָ, טאָ ווען, פון וואָס". ערשט נאָך דער באַשטעטיקונג האָט דער פּאָליציי - דעפּאַרטאַמענט מודיע געווען דעם פּרעמיער - מיניסטער סטאָליפּין און די עפנטלעכקייט.

ווי האָט אָבער אויסגעזען דידאָזיקע עפנטלעכע מעלדונג? ווי ס'איז געווען צו דערוואַרטן, פּחדנותדיק און ליגנעריש. „אין משך פון דער צווייטער העלפט פון דאָזיקן יאָר, — איז דאָרט געשטאַנען, — זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס גרייטן צו דאָס אַנטלויפן פון פּאָליטישע אַרעסטאַנטן פון נערטשינסקער קאַטאָרגע. אַזוי, למשל, איז אָנגעקומען אויף סאַזאָנאָווס נאָמען אַ פּאַקעט מיט אַ לערנבוך פון פיזיק, וואָס אין זיין איינבונד האָט זיך געפונען 500 רובל פּאַפּיר-געלט. די אויספאָרשונג האָט אויפגעדעקט, אַז דאָס דאָזיקע געלט איז באַשטימט געווען צו אָרגאַניזירן דאָס אַנטלויפן פון מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ... אויך איז אַנטדעקט געוואָרן דער גיפט טיאָקאָל, וואָס איז אין אַ גרויסן קוואַנטום געשיקט געוואָרן קיין זערענטוי. דער גיפט איז, ווי עס שיינט, באַשטימט געווען צו פאַרגיפטן די וואַך און אָרגאַניזירן דאָס אַנטלויפן". באַלד נאָך דידאָזיקע ווערטער איז געקומען אַ לאַקאָנישע מיטטיילונג וועגן זעלבסטמאָרד פון 7 און סאַזאָנאָווס טויט.

די ליגנערישקייט פון דאָזיקן דאָקומענט איז באַלד קלאָר גע־
וואָרן פאַר אַלעמען. די רעגירונג האָט דאָ געוואָלט קאָנסטרואירן
אַ נישט - עקזיסטירנדן צוזאַמענהאַנג צווישן סאַזאָנאָווס טויט און
עפּעס פּרווון צו אַנטלויפן. אָבער נישט סאַזאָנאָוו האָט געדאַרפט
אַנטלויפן צוויי חדשים פאַר דער באַפרייאונג און נישט טיאָקאָל
איז אַ גיפט.

אָבער אויב די רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן דעם־דאָזיקן קאָמו־
ניקאַט אַזוי שנעל און אַזוי אומגעלומפּערט, איז זי דערצו געצוווּנ־
גען געווען, ווייל שוין דעם 29־טן נאָוועמבער איז די גאַנצע רוסי־
שע עפנטלעכקייט אַלאַרמירט געוואָרן — פון זערענטוי גופא —
וועגן דעם אומגעהייערן פאַרברעכן. טעלעגראַמעס זענען אָנגעקומען
צו די קרובים און די ראַדיקאַלע דומע־דעפּוטאַטן. דעמזעלבן טאָג
נאָך האָבן זיי אַריינגעטראָגן אַ דרינגנדע אינטערפּעלאַציע צו דער
רעגירונג, וועלכע האָט געפונען אַ פולשטענדיקע אונטערשטיצונג
אויף דער רעכטער זייט פון דאָזיקן „פאַרלאַמענט". מאַרקאָוו דער
2־טער, דער פאָרשטייער פון די מאָנאַרכיסטישע יונקער, האָט גע־
געבן אַ קלאָרן אויסדרוק זייערע געפילן. „דאָ ווערט, — איך ווייס
נישט צו וואָס, — גערעדט וועגן סאַזאָנאָווס טויט. ווער איז דער־
דאָזיקער סאַזאָנאָוו? דער מערדער פון פלעווע. עס טוט מיר לייד
און איך בין טיף געקרענקט, וואָס דער מערדער פון דאָזיקן בעסטן
מלוכה - מאַן איז בשעתו נישט אויפגעהאָנגען געוואָרן. וואָס ער
איז איצט געשטאָרבן, פרייט מיך בלויז. גאָט צו דאַנקען, וואָס דער
מערדער איז טויט, אַ שאָד נאָר, וואָס ער האָט בכלל געלעבט." די־
דאָזיקע שמוציקע ווערטער זענען באַגלייט געוואָרן — ווי עס
האָט מיטגעטיילט מיט עמפּערונג אַ זייער מעסיקע צייטונג —
דורך דער ברילעריי און שטורמישער בראַוואָ - פּאַטשעריי פון
יענער העלפט דומע, וואָס אַ דריטל פון איר זענען געווען גייסט־
לעכע.

די אינטערפּעלאַציע איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. אָבער די פּראָ־
טעסט - באַוועגונג האָט שוין מאַרשירט איבערן לאַנד. די ליבע־
ראַלע פּרעסע האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געשטעמפּלט אויפן
שאַרפסטן אופן דאָס פאַרברעכן. דער היסטאָרישער צופאַל האָט
געוואָלט, דאָס גראָד דעם 20־טן נאָוועמבער איז געשטאָרבן

טאָלסטאָי. די אויפרעגונג — נישט נאָר די מאָראַלישע, נאָר אויך די פּאָליטישע — וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע פאָלק פון אויבן ביז אונטן ביי דער ידיעה פון טאָלסטאָיס טויט, איז געווען גרויס. דיראָזיקע אויפרעגונג איז געוואָרן שטורמיש, ווען עס האָט געפּלאַצט אין לאַנד די ידיעה וועגן סאַזאָנאָווס טראַגישן טויט. דאָס געוויסן פון גרויסע פאָלקס־שיכטן איז פּלוצלונג אויפגעטרייסלט געוואָרן. טאָלסטאָי, דער פּרעדיקער פון פולשטענדיקער געוואַלטלאָזיקייט, און סאַזאָנאָוו, דער פאָרשטייער פון רעוואָלוציאָנערער געוואַלט־באַנוצונג, — עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי שטייען ביידע אויף די קעגנזעצלעכע פּאָלן פון דער אידייען־וועלט. און דאָך האָבן די מאַסן געפילט, אַז דיזאָזיקע ביידע געשטאַלטן זענען באַוועגט געוואָרן דורך אַ געמיינזאַמע, טיפער־גייענדע מאָראַלישע אידייע: איינעם האָט זי געשטויסן צו אַ געוואַלדיקן דיכטערישן שאַפן, דעם צווייטן — צו העראָאישער פּערזענלעכער טאַט און זעלבסטאָפּפערונג. און אַזוי אַרום איז מעגלעך געוואָרן, אַז צוויי קאַמפרופן האָבן גלייכצייטיק זיך דערהערט אין ביידנס נאָמען: ,,נידער מיט טויט־שטראָף!’’ — ,,נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט’’.

סוף נאָוועמבער האָבן זיך אָנגעהויבן די ,,אומרוען’’ צווישן דער סטודענטנשאַפט אין פּעטערבורג און מאָסקווע אין שייכות מיט טאָלסטאָיס טויט. צאָלרייכע שטורמישע פאַרזאַמלונגען אין אוניווערזיטעט און די אַנדערע הויכשולן. די פּראָטעסטן זענען באַלד אַריבער אויפן גאַס. איבער דער הויפּטגאַס פון פּעטערבורג האָט זיך באַוועגט אַ דעמאָנסטראַציע פון אייניקע טויזנט סטודענטן מיט דעם דרייסטן לאָזונג: ,,נידער מיט דער טויט־שטראָף!’’ די רעגירונג האָט אומרואיק אָנגעשטעלט דאָס אויער. אין די ערשטע דעצעמבער־טעג האָט זיך די באַוועגונג פאַרוואַנדלט אין אַ סאַזאָנאָוו־באַוועגונג. עס איז גענוג בלויז איין שילדערונג פון אַ סך. ,,איינס אַזייגער איז אין דער אוניווערזיטעט געעפנט געוואָרן די פאַרזאַמלונג פון קרוב 2000 סטודענטן. דאָס פּרעזידיום האָט דערקלערט, אַז אויפן סדר־היום שטייט איין־איינציקע פראַגע: דער טויט פונם חבר סאַזאָנאָוו אין שייכות מיט די פּייניקונגען אין די תּפיסות. צוערשט איז זיין אָנדענק באַערט געוואָרן דורך אויפ־

הויבן זיך פון די ערטער. צוויי רעדנער האָבן געשילדערט סאָזאָ־נאָווס פערזענלעכקייט, געלויבט זיין העלדישקייט אינם שקלאַפיש־שווייגעוודיקן לאַנד, אויפגעפאָדערט צום קאַמף. אויפגערעגטע, ברענענדע קעפּ האָבן אויסגעהערט די ליידנשאַפטלעכע רעדנער. עס זענען פאַרביי קוים 20 מינוט און פּאָליציי — גרויע מאַנטלען, באַגנעטן — דערשיינט שוין אין אומגעהויער גרויסן זאַל. אויף דער פאָדערונג זיך פאַנאַנדערצוגיין, ענטפערן די סטודענטן מיט שווייגן און בלייבן אויף זייערע ערטער. די פּאָליציי הויבט זיי אָן צו פאַרטרייבן מיט געוואַלט. עס האַגלט מיט פויסט - קלעפּ, מיט ביקסן־קאָלבעס. מען שטימט אָפּ און מען נעמט אָן אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע. דאָס פּרעזידיום פאַרשווינדט אין דער מענטשן־מחנה. דאָס רעוואָלוציאָנערע ליד נעמט קלינגען פון טויזנט העלזער. אָן אַלגעמיינע געשלעגעריי, אַרעסטן, געשרייען. געענדיקט". אַזוי איז צוגעגאַנגען אין פּעטערבורגס אַלע הויכשולן. אומעטום ווערט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע: „אַלס פּראָטעסט קעגן פּייניקן די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן אין זערענטוי און וואָלאָגדאַ, שליסן מיר זיך אָן אין טרויער - שטרייק פון אַלע הויכשולן דעם 9—7 דעצעמבער". 30.000 סטודענטן האָבן אין יענע טעג געשטרייקט אין פּעטער־בורג. דאָסזעלבע איז געווען אין מאָסקווע און אין אַ ריי פּראָווינץ־שטעט.

אַרבעטער האָבן ווייניק אָנטיילגענומען אין דערדאָזיקער באַ־וועגונג: די רעאַקציע און די ווירטשאַפטלעכע נויט האָבן זיי צו־שטאַרק געדריקט. אָבער איינציקע טיילן פון דער אַרבעטערשאַפט האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער דעמאָנסטראַציע. דאָס זענען געווען די ערשטע סימפּטאָמען פון דער וואַכנדער אַקטיוויטעט, זייט דריי יאָר פּאָליטישן שווייגן. געוויס, מען האָט דאָס נישט געקאָנט פאַר־גלייכן מיטן גראַנדיעזן שטורעם פון יענע יאָרן, אָבער דידאָזיקע טרויער־ און פּראָטעסט - טעג האָבן פּלוצלונג געוויזן, אַז די רע־וואָלוציע איז נישט טויט. אמת, אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין לאַנד זענען געווען צעקלאַפּט, זיי האָבן געקענט אויסדריקן זייער שטורמישן פּראָטעסט קעגן סאַזאָנאָווס טויט דער עיקר אין אויסלאַנד, אין דער עמיגראַציע, אָבער דערפאַר טאַקע האָט געהאַט אַ גאַר גרויסע באַדייטונג די עלעמענטאַרע פּראָטעסט - באַוועגונג

אין יענע טעג פון אוואנגארד פון דער רוסישער אינטעליגענץ און פון די ארבעטער. די רעגירונג האט גוט פארשטאנען דידאזיקע, אין די מאסן פאראנקערטע שטימונג. סטודענטן זענען פאריאגט געווארן פון די הויכשולן, מען האט זיי ארעסטירט, פארשיקט קיין סיביר. איי־ניקע הויכשולן זענען געשלאסן געווארן. די רעפרעסיעס האבן אין יאנואר 1911 ארויסגערופן א נייע מעכטיקע כוואליע פון דער באוועגונג. די שטימונג פון דער שטודירנדיקער יוגנט איז געווען אזוי איינהייטלעך, אז די שטרייק - באשלוסן פלעגן דורך די טויזנטקעפיקע פארזאמלונגען אנגענומען ווערן אן דעבאטן. „יעדער ארט אומרוען איז בעסער פאר דער איצטיקער רו", — דערדאזיקער אויסדרוק האט ריכטיק כאראקטעריזירט די לאגע. „מיר וועלן אין דער צוקונפט ברענגען נאך מער קרבנות — האט געזאגט אין א אומלעגאלער פראקלאמאציע דער קאמף־קאמיטעט פון פעטערבורגער אוניווערזיטעט, — אבער מיר ווייסן, אז מיר האבן שוין איבערגעשראקן די רעאקציע, אז די זיגער פון היינט זעען שוין פאר זיך דעם געשפענסט פון דער מארגנדיקער מאסן־באוועגונג". ביי 4000 סטודענטן זענען אויסגעשלאסן געווארן פון די אוניווערזיטעטן. אין מאסקווע זענען צום פראטעסט צוגעשטא־נען די ליבעראלע פראפעסארן. גלייכצייטיק מיטן רעקטאר פון מאסקווער אוניווערזיטעט, האבן דעמיסיאנירט 50 פראפעסארן. ביסלעכווייז האט זיך די באוועגונג גענומען אויסברייטערן. פונקען זענען אריבערגעשפרונגען פון די הויכשולן אין די טריבע, שווײ־געוודיקע קווארטאלן פון פראלעטאריאט. אין דער ארבעטער־באַ־וועגונג האט זיך געלאזט שפירן אן אויפלעבונג. אפילו אין דער שטאקפינסטערער דומע איז פארשארפט געווארן דער קאמף קעגן סטאליפינס דיקטאטור...

אזוי ארום האט סאזאנאוו טויט ארויסגערופן אין לאנד אן ערנסטע באוועגונג. ער איז געפאלן אין קאמף פארן כבוד פון זיינע קאטארגע - חברים. מיט זיין מארטירער - טויט האט ער גע־דינט דער רעוואלוציע, פונקט ווי מיט זיין לעבן. צי איז אבער דערדאזיקער קרבן נישט געווען צו גרויס?

* * *

ווי שמערצלעך האבן געמוזט איבערלעבן סאזאנאוום טויט

זיינע נאָנטסטע קרובים! „מיינע ליבסטע און טייערסטע, מיין אומ־גליקלעכער פּאַפּאַ און מיין מוטערל! — האָט סאַזאַנאָוו געשריבן צו די עלטערן. — דעמדאָזיקן צעטל שרייב איך אייך אין אַ זייער שווערן מאָמענט, ווען עס ווערט געלייזט פאַר אונז די פראַגע וועגן לעבן און טויט. עס איז מיר שרעקלעך צו דערלאַנגען אייך דעמדאָזיקן שווערסטן קלאַפּ, אָבער איך קאָן נישט אַנדערש. פּונקט ווי איר האָט פאַר זעקסיאָרן פאַרשטאַנען מיין טאַט דורך אייער גרענעצלאָזער ליבע, אַזוי וועט איר מיך אויך איצט פאַרשטיין... וועגן אייך אָבער וועל איך טראַכטן אין דער לעצטער שעה מיט דאַנקבאַרקייט און ליבע. איר ווייסט דאָך, מיינע פיינט האָבן מיך אויף קיין איין מינוט נישט פאַרגעסן, און עס איז נישטאָ קיין שום דערשטוינלעכעס אין דעם, וואָס זיי נעמען אָפּ ביי מיר אויף דער שוועל פון פריהייט דאָס לעבן, וועלכעס זיי האָבן מיר גע־לאָזן נישט פון גנאָד, נאָר פון נויטווענדיקייט. אָבער צו וואָס ריידן וועגן פיינט אין אַ מאָמענט, וואָס מוז געהערן דורך און דורך מיינע געליבטע.

זייט געזונט, מיינע געפּייניקטע, און בענטשט מיך אין טויט, אויב עס וועט מוזן געשען. מיטן גלויבן, אַז איר וועט מיך קיינמאָל נישט פאַרלאָזן, וועל איך איבערגיין אין דער וועלט, וווּ עס איז נישטאָ קיין צער און זיפצן. איך קוש אייך מיטן לעצטן קוש, פול בענקשאַפט און ליבע, און פאַרנויג מיך טיף פאַר אייך.

ביז אין קבר אייער

יעגאָר".

דאָס איינציקע, וואָס די אַלטע עלטערן האָבן נאָך געקאָנט פאַרלאַנגען, איז די דערלויבעניש אַריבערצופירן דעם קערפּער פון זייער זון אין דער היימשטאָט. סאַזאָנאָווס פאָטער האָט זיך געווענ־דעט צו די מיניסטאָרן פון אינערן און יוסטיץ מיט פאָלגנדער דערשיטערנדער טעלעגראַם: „דעם 28־טן נאָוועמבער איז אין דער קאַטאָרגע ־ תפיסה אין זערענטוי געשטאָרבן מיין זון, יעגאָר סאַ־זאָנאָוו. כ'בעט געהאָרכזאַם די דערלויבעניש אַריבערצופירן זיין קערפּער קיין אופאַ, כדי אים קובר צו זיין לויטן קריסטלעכן ברויך. בלויז אייער דערלויבעניש צו באַגראָבן די רעשטלעך פון אונזער

זון אין הײמלאַנד לױטן אַלטגלױביקן ברױך פֿון אונזערע אבות, קאָן טרײסטן די פֿון שמערץ נידערגעשלאָגענע עלטערן.״
סטאָליפּינס ענטפֿער איז געװען נאָך קירצער:
„דער אינערן־מיניסטער האָט נישט געפֿונען פֿאַר מעגלעך צו באַפֿרידיקן די בקשה פֿון אײער טעלעגראַם פֿון 15־טן דעצעמבער״.
די תּפֿיסה־פֿאַרװאַלטונג האָט אָנגענומען מיטלען, צו האַלטן געהײם סאַזאָנאָװס קבֿר. נאָך דער רעװאָלוציע אין 1917 האָט מען געמוזט דורכמאַכן אַ לאַנגע רײזע, כּדי אַראָפּצוברענגען אַ פֿרײערדיקן תּפֿיסה־אױפֿזעער. נאָכדעם װי ער האָט באַרעכנט די ריכטונג און אױסגעמאָסטן דעם באָדן מיט די פֿיס, איז געפֿונען געװאָרן דער קערפּער. אין פֿײערלעכן טרױער איז דער קערפּער געבראַכט געװאָרן קײן אופֿא דורך סאַזאָנאָװס פֿרײנט, פּראָלאָװ, װעלכן „ער האָט ליב געהאַט װי זײַן אײגענעם זון״. די אַלטע מוטער, װאָס האָט זיך מיט יאָרן צוריק געגרײט צו באַגעגענען דעם באַפֿרײטן יעגאָר, האָט אים איצט געמוזט אױפֿנעמען אַלס מת. „זי האָט באַגעגנט איר זון בײַם קבֿר פּונקט אַזױ שטרענג און דערהױבן אין איר שטומען צער, װי דאַן, װען זי האָט אים געזען אַ לעבעדיקן אין קײטן, צװישן שטײנערנע װענט. יעדעס יאָר, אין טאָג פֿון יעגאָרס טױט, זאַמלט זי צונױף אַלע ברעקלעך פֿון איר פֿרײערן װױלשטאַנד, שטעלט אױס לאַנגע טישן אין איר הױז, און שפּײַזט יעדן אָרעמען, הונגעריקן און דאַכלאָזן, װאָס קומט צו איר. אָבער אױך אַ קײלעכדיקן יאָר איז די טיר פֿון איר הױז אָפֿן פֿאַר יעדן, װאָס נױטיקט זיך אין איר הילף. אין הױז הערשט צער און שטילקײט, װי עס װאָלט דאָ נאָך געלעגן דער נישט אָפּגעקילטער קערפּער, — די פֿאַרגײענדע יאָרן ברענגען קײן טרײסט נישט״. אַזױ שילדערט ספּירידאָנאָװאַ סאַזאָנאָװס מוטער.

## צו דער ליבסטער

„אין אײניקע טעג אַרום װעל איך שױן אפֿשר נישט עקזיסטירן. אונזער צױבער־מעשׂהלע איז נישט פֿאַרװירקלעכט געװאָרן.

איך ווייס, ווי דאָס וועט אויף דיר ווירקן. אָבער עס איז אפשר בעסער אַזוי פאַר אונז ביידן. איך וואָלט געוועזט קומען אויף דער פריי מיט אַ צעריסן האַרץ און וואָלט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט דיר ווידמען איננאַנצן. איך ווייס אַפילו נישט, צי איך וואָלט איצט פעיק געווען צו געניסן די פריידיקע זייט פון לעבן; צו פיל איז דאָ איבערגעלעבט געוואָרן. די שאָטנס פון די לײַדנדע פריינט וואָלטן תּמיד פאַרדעקט פון מיר מיינע גליקלעכע פריינט. מיר איז פאַרהאַסט דער בלויזער געדאַנק, אַז איך וואָלט פעיק געווען אָפּצוגעבן זיך דער פרייד אויף איין מאָמענט און פאַרגעסן דאָס דאָזיקע. איך וואָלט דיך אומגליקלעך געמאַכט דורך מיין טרויעריקער און געבראָכענער ליבע. דעריבער האָב איך אין לעצטן יאָר אָנגעהויבן מורא צו האָבן פאַר דער באַפרייאונג. אָבער נישט די־דאָזיקע שרעק צווינגט מיך צום דאָזיקן לעצטן אַנטשלוס: מען קאָן לעבן אויך אָן פרייד, אין קאַמף, אין וועלכן איך גלויב נאָך ווי פריער... מיין האַרצנס־געליבטע, ווי שטאַרק איך האָב דיך אָפּגענאַרט! עס איז שווין, ווייזט אויס, מיין גורל, תּמיד אָפּצונאַרן. שטאַרבנדיק וועל איך דיך בענטשן ווי די ליכטיקסטע פרייד, וואָס איז באַשערט געווען מיין מיט פרייד אַזוי אָרעמען לעבן. דו, מיין טייערע, לעב, לעב ווייטער. וועגן מיר טראַכט אָבער, ווי וועגן אַ חלום, וואָס איז אַמאָל געווען און האָט נישט געקאָנט פאַרווירקלעכט ווערן. הלוואי זאָל דער דאָזיקער טרוים נישט פאַרפינסטערן פאַר דיר די ווירקלעכקייט.

איך נעם דיך אַרום און איך קוש דיר מיט מיין גאַנצער אומפאַרבראַכטער, אָבער געפייניקטער ליבע. דערדאָזיקער קוש איז אַלץ, וואָס איך וויל מיטנעמען מיט זיך, אָבער ער זאָל נישט מיטנעמען דיין לעבן.

דיינער אויף אייביק

יעגאָריי.

סאַזאָנאָווס דאָזיקער בריוו צו פראָקאָפּיעוואַן איז נישט אָנגעקומען צו איר, פונקט ווי זיינע געזעגענונגס־בריוו צו די עלטערן און צום איינציקן ברודער זענען צו די דאָזיקע נישט אָנגעקומען. די דריי בריוו זענען דורך אַ פאַרראַט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די זשאַנדאַרן, וועלכע האָבן געשיקט אַ קאָפּיע פון זיי

צום פּאָליציי ־ דעפּאַרטאַמענט אין פּעטערבורג. ערשט נאָך דער רעוואָלוציע זענען זיי דאָרט אַנטדעקט געוואָרן. פּראָקאָפּיעווא האָט סאַזאָנאָווס לעצטן בריוו נישט געליִיענט, אָבער ער וואָלט זי סיי ווי נישט געטרייסט... נאָכדעם ווי זי איז אין 1909 געפאָרן קיין רוסלאַנד מיט א גרופּע טעראָריסטן, האָט זי זיך אומגעקערט אין 1910 קיין אויסלאַנד. אירע בריוו פון דאָזיקן יאָר צו סאַזאָנאָוון זענען געווען א יובלענדיקער הימן צו דער באַלדיקער באַגעגעניש מיט אים, צו זייער געמיינזאַמער ארבעט אין ליבע און פרייהייט. איצט איז געקומען דער לעצטער טויט־קלאַפּ. דריי יאָר איז זי נאָך געווען לונגענקראַנק, ביז זי איז אין 1913 אויסגעגאַנגען אין שטילן טרויער. סאַזאָנאָווס לעצטער קוש האָט פאַרט „מיטגענומען איר לעבן".

* * *

די טראַגעדיע פון 27־טן נאָוועמבער האָט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געפונען דעם ביטערסטן אָפּקלאַנג אין די תּפיסות פון נערטשינסקער קאַטאָרגע. אַן אויסערגעוויינלעכע נערוועזיטעט האָט ארומגעכאַפּט אויך די קאַטאָרגע ־ פאַרוואַלטונג. אין זערענטוי האָט זיך אַנגעקליבן א מאַסע טעלעגראַפישע אָנפראַגעס פון דער העכערער פאַרוואַלטונגס־ און יוסטיץ ־ מאַכט. דער קאַטאָרגע־דירעקטאָר האָט זיך אָנגענומען מיט מוט קעגן וויסאָצקין און פאַראָרדנט מער נישט אָנצווענדן קיין קערפּער ־ שטראָפן. דאָס וויכטיקסטע איז געווען, וואָס מען האָט די זערענטויער פּאָליטישע ארעסטאַנטן ארויסגעריסן פון וויסאָצקיס מאַכט, און זיי פאַרטיילט גרופּנווייז איבער די איבעריקע נערטשינסקער ־ תּפיסות, אין קוטאָמאַראַ, אַלגאַטשי א. אז וו.

ווען די ידיעה פון סאַזאָנאָווס טויט איז אָנגעקומען אין דער מאַלצעווער פרויען ־ תּפיסה, איז ספּירידאָנאָווא ווידער שווער קראַנק געוואָרן. נאָך דעם 27־טן האָבן די חברטעס באַקומען סאַזאָנאָווס קורצן אויפגערודערטן געזעגענונגס ־ בריוו. זיי האָבן נאָך געהאָפט אויף אַן אויסוועג. דעם 28־טן איז די האָפנונג פאַרשוונדן. „אונזער ערשטער געדאַנק, — האָט געשריבן קאַכאָווסקאַיאַ, — איז געווען: פּראָטעסט, מאַסנזעלבסטמאָרד. אָבער נאָך סאַזאָנאָווס קרבן, וואָס האָט תּיכף אָפּגעשטעלט די פּייניקונגען,

וואָלט אונזער אַקט געווען פּראַקטיש צוועקלאָז און ער וואָלט בלויז פאַרגרעסערט די רשימה פון די פון קאַמפּס־פעלער פאַר־שוואונדענע רעגירונגס - פּיינט. ווען אונזערע א יונגע חברטע האָט גענומען ריידן וועגן דעם, אַז עס וואָלט געווען א חרפּה ווייטער צו לעבן נאָך יענער טראַגעדיע, האָט איר איינע פון די עלטערע געענטפערט מיט פאַרוואורף: „א שיינעם דענקמאָל וואָלטן מיר אויפגעשטעלט פאַר יענע דורך דערדאָזיקער פרישער העקאַ־טאָמבע".

מיר דערקענען אין דידאָזיקע ווערטער מאַריא ספּירידאָנאָוואַס שטאַנדפּונקט. זי האָט אים פאַרטיידיקט מיט דערזעלבער שטרענג־קייט, ווי סאַזאָנאָוו זיינעם. די מאַלצעוו - פרויען האָבן נישט נאָכ־געטון סאַזאָנאָווס ביישפּיל, האָבן אָפּער איינגעשלאָסן אין זייער האַרצן זיין בילד, כּדי אין זיין גייסט צו לעבן און צו ווירקן שפּע־טער, פּנים אל פּנים מיט די מאַסן.

מיט טיפסטן יראת - הכּבוד איז ספּירידאָנאָוואַ געשטאַנען פאַר דעם קרבן פונם איידלסטן מענטשן, וואָס די רעוואָלוציע האָט אַרויסגעגעבן. וועגן אים, וועגן דער נאַציאָנאַלער און גייסטיקער אָפּשטאַמונג פון אַזעלכע מענטשן האָט זי אפשר געזאָגט דאָס וויכ־טיקסטע.

פונוואַנעט האָט סאַזאָנאָוו געשעפּט די קראַפט צו זיין לעבן און טויט? „אין די פינסטערע געדיכטעניש פון די אוראַל־וועל־דער, אויף די אומדורכדרינגלעכע שטעגן פון רוסישן וואַלד - ים און אויף די גרענעצלאָזע סטעפּעס, וווּ עס האָבן יאָר־צענדליקער־לאַנג געוואַנדערט, זיך אויסבאַהאַלטן, אומגעקומען פון הונגער, קעלט, היץ און דאַכלאָזיקייט טויזנטער און אָבערטויזנטער גאָט־אמת־ און גערעכטיקייטס - זוכער, — אין דידאָזיקע געדיכטענישן און סטעפּעס האָט זיך זיכער צונויפגעזאַמלט און קאָנצענטרירט א רעליגיעזע בענקשאַפט אָן א גלייכן, א געוואַלדיקע מעכטיקע און געשפּאַנטע גייסטיקע ענערגיע. דידאָזיקע רעליגיעזע ענערגיע איז געקומען צום אויסדרוק אין יעגאָרן, באַלויכטנדיק און דערוואַרע־מענדיק אַלץ וואָס אַרום. יעגאָר איז דער טיפּישסטער און בעסטער זון פון זיין לאַנד און זיין פאָלק. דאָס רוסישע פאָלק האָט גע־לעבט אין די נעגל פון דער גרויזאַמער ווירקלעכקייט, און כּל־זמן

עס האָט נישט געאַנט די וועגן פון דער רעוואָלוציע אָדער עס איז אפשר נישט באַפרידיקט געוואָרן דורך זיי, — האָט עס געזוכט באַפרייאונג בלויז אינם דענקען און אין לעבנסשטייגער. אַזוי איז געווען אין משך פון דריטהאַלבן — דריי יאָרהונדערטן. די סעק־טעס, די ראַסקאָלניקעס, די אַטעאיסטן, די דוכאָבאָרן, — דאָס אַלץ איז געווען דער לאַנגער און שווערער ליידנסוועג פון דער פאָלקס־נשמה צום אמת. דערהדאָזיקער וועג האָט געשטאַרקט און געשטאַלט די גייסטיקע קראַפט פון די פריערדיקע אמת־זוכער אין פערזענלעכן און סאָציאַלן לעבן, און אויך פון די רעוואָלוציאָנערן, זייערע נאָכפאָלגער. דערהדאָזיקער וועג האָט אַרויסגעבראַכט זייער פעסטקייט און אומקאָמפּראָמיסלעכקייט, — און אויך דאָס אָפּ־זאָגן זיך פון צווייטן אוראַלטן רוסישן עלעמענט: די הכנעה... פונם לאָזן זיך פאַרבּרענען לעבעדיקערהייט ביים פאַרטיידיקן דעם אייגענעם גלויבן, פונם דורכליידן אַלערליי ענויים, פונם פרומען גזירים - לעבן אין וועלדער און היילן, איז די פאָלקס - ענערגיע געקומען דורך אירע טרענער און פאַרשטייער צום העראָאישן, רע־וואָלוציאָנערן קאַמף פאַר דער מענטשהייט.

„מאַמאַ! — האָט סאַזאָנאָוו געשריבן, — זיי מתפלל פאַר יענע, וואָס קעמפן, זיי מתפלל, אַז זייער האַנט זאָל זיין שטאַרק און צילזיכערע".

אין דידאָזיקע ווערטער וועגן סאַזאָנאָוו, האָט ספּירידאָנאָווא אומבאַוווסטזיניק גערעדט אויך וועגן זיך.

* * *

אויך דאָס לעבן פון די פרויען האָט זיך געענדערט. די העכערע מאַכט האָט באַשלאָסן זיי אַלע אַריבערצופירן פון מאַל־צעוו צוריק קיין אַקאַטוי. לויטן געזעץ האָט ספּירידאָנאָווא אין 1911 געדאַרפט פאַרלאָזן די טורמע און אַריינקומען אין דער אַזוי־גערופענער „פרייער תפיסה". דערפון איז אָבער, אפילו אין די שפּעטערדיקע יאָרן, גאָרנישט געוואָרן. די רעאַקציאָנערע פרעסע, וואָס האָט געהעצט קעגן סאַזאָנאָוו אין בלינדן האַס, פלעגט אין איין אָטעם מיט זיינעם דערמאָנען אויך ספּירידאָנאָוואַס נאָמען. אַזעלכע פאַרברעכער ווי סאַזאָנאָוו און ספּירידאָנאָווא דאַרף מען נישט אַרויסלאָזן אויף דער פריי! — דידאָזיקע פאָדערונג איז

געווען מאַסנגעבנד פאַר דער קאַטאָרגע - פאַרוואַלטונג. דעם 27־טן אַפּריל 1911 זענען קיין אַקאַטוי אַפּגעשיקט געוואָרן 28 פרויען. דער וועג האָט געדויערט פיר טעג. בעתן דאָזיקן טראַנספּאָרט האָט ספּירידאָנאָווא געהאַפּט צו אַנטלויפן. אָבער די פון דרויסן צוגע־זאָגטע הילף איז נישט געקומען צו דער ריכטיקער צייט. און אויף דער לעצטער עטאַפּ־סטאַציע, 17 קילאָמעטער פאַר אַקאַטוי, האָט ספּירידאָנאָווא געמוזט אַרויסוואַרפן דעם רעוואָלווער, וואָס זי האָט געהאַט ביי זיך.

די פרויען האָבן ווידער אַריבערגעטרעטן די שוועל פון דער פינסטערער אַקאַטוי - געביידע אויף אַ לאַנגע צייט: נישט ווייני־קער ווי אויף זעקס יאָר. דירעקטאָר פון דערדאָזיקער תּפיסה איז געווען איינער אַ שמאַטשענקאָ. זייט 3 מיט אַ האַלב יאָר האָט ער דאָ אומבּרחמנותדיק געהערשט איבער די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. די גאַנצע צייט זענען זיי דאָ געזעסן אָן ביכער, אָן שרייב־מאַ־טעריאַל, אָן בריוו־וועקסל מיט די קרובים. אַכט חדשים האָבן די אַרעסטאַנטן נישט געהאַט קיין שפּאַצירן. אָבער פאַר די פּאָליטישע אַרעסטאַנטינס וועט דידאָזיקע נייע היים ברענגען אַ עיקרדיקע ענדערונג. זיי וועלן דאָ פאַרלירן געוויסע פרייהייטן, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט אין מאַלצעוו, דערפאַר אָבער לאָזט זיי דאָ די מעגלעכקייט פון שטענדיקער פיזישער אַרבעט.

* * *

די טראַגעדיע סאַזאָנאָוו איז געווען פאַרענדיקט, אָבער די פאַרשיידענע העכערע באַאַמטע פון דער פּאָליציי־ און קאַטאָרגע־פאַרוואַלטונג האָבן זיך געפונען אין צושטאַנד פון פּאַנישער שרעק. זיי האָבן נאָך געדענקט דעם גורל פון באָראָדולין און מעטוס, און דערוואַרט די כּשר־פאַרדינטע שטראָף. די ס.־ר.־פּאַרטיי איז געווען אין טיפסטן טרויער צוליב סאַזאָנאָווס טויט. די פּאַרטיי איז גע־ווען צעשלאָגן דורך דער ־רעאַקציע, אָבער דאָך האָט זי געלאָזט פון זיך הערן. אין איר אויסלענדישן אָרגאַן („זנאַמיאַ טרודאַ") האָט זי אומצווייידייטיק דערקלערט צום ס.־ר. פונם הספּד נאָך סאַ־זאָנאָוון: „אין דער שוואַכער לעגאַלער פּרעסע און אין דער נאָך ערגערער דומע לאָזן זיך מערקן פון צייט צו צייט באַמיאונגען אויפצוהויבן די שטים קעגן די פאַרברעכנס פון דער רעגירונג.

עס איז שוין אָבער לאַנג צייט צו ריידן מיט דערדאָזיקער רעגירונג אין אַן אַנדערער, אין אַ מעטאַלענער שפּראַך, וואָס נאָר זי איז פֿאַר איר פֿאַרשטענדלעך און איבערצייגנדיק..." די הערן האָבן זיך געשראָקן, אַז פֿון אַלע עקן רוסלאַנד וועלן נעמען שטראָמען נקמה - נעמער פֿאַרן געשעענעם פֿאַרברעכן. דער קאַטאָרגע - דירעקטאָר האָט כּסדר באַקומען אויפֿפֿאָדערונגען פֿון די העכערע אַמטן, ווי צום שאַרפֿסטן אַכטונג געבן אויף דער יעגנט און אויף אַלע צוגעקומענע פּערזאָנען, אַפֿילו אויף די אין מניכישער קליידונג. די אָכראַנע פֿון טשיטאַ האָט דעם 10־טן דעצעמבער 1910 מיטן גאַנצן ערנסט מודיע געווען דעם דירעקטאָר פֿון דער קאַטאָרגע: קיין גאַרני־זערענטוי וועט באַלד קומען סאַזאָנאָווס מוטער; עס איז מעגלעך די צורויבונג פֿון זיין קערפּער; מען זאָל שטערן אירע באַגעגענישן מיט די באַטרעפֿנדע פּערזאָנען...

וויסאָצקי איז געבליבן אויף זיין אַמט. די ריטער האָט מען אַרויסגעריסן פֿון זיין האַנט, אָבער ער האָט נאָך געהאַט גענוג געלעגנהייט צו ווילדעווען איבער די אַרעסטאַנטן. עס איז אים נאָך אָבער באַשערט געווען צו דערשפּירן אויף זיך די האַנט פֿון דער רעוואָלוציע. דעם 18־טן אויגוסט 1911 האָט דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער לאַגונאָף אויסגעפֿירט אַן אַטענטאַט אויף וויסאָצקין. וויסאָצקי איז פֿאַרוווּנדעט געוואָרן אין דער ברוסט, אָבער נישט שווער.

לאַגונאָף איז געווען אַ מענטש מיט גרויסע נאַטורוויסנשאַפֿטלעכער בילדונג. אין זיין זעלטן - אויפֿריכטיקן ווידוי, וואָס ער האָט געשריבן פֿאַר זיין טאַט, האָט ער באַגרינדעט זיין איבערגאַנג פֿון דער וויסנשאַפֿט צו דער רעוואָלוציע. „די רוסישע ווירקלעכקייט — האָט ער געשריבן, — האָט פֿאַרמאָגט די פֿעיקייט צו ווירקן ביז גאָר אַפֿילו אויף אַזעלכע נשמות, וואָס זענען באַהערשט פֿון עגאָאיסטישע מאָטיוון. אויך אויף מיר האָט זי געווירקט אין אַ גענוגנדיקער מאָס. באַזונדערס שאַרפֿע שפּורן האָבן איבערגעלאָזן אין מיין נשמה די איבערלעבונגען פֿונם יאָר 1905 און דער ליידנסוועג פֿון מאַריאַ ספּירידאָנאָווא. אין צער און פֿאַרצווייפֿלונג האָב איך דאַן אַ נדר געטון צו ענדערן מיין לעבן". ווען לאַגונאָף, וואָס האָט אין 1910 געלעבט אין פֿאַרשיקונג, האָט געהערט וועגן

סאזאנאָווס טויט, האָט ער גענומען אויף זיך אויסצופירן דעם אַטענטאַט און האָט זיך געשטעלט אין רשות פון דער סיבירער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. דאָס קריגסגעריכט האָט אים פאַרמשפּט צום טויט, וואָס איז פאַרביטן געוואָרן אויף 20 יאָר קאַטאָרגע.

וויסאָצקי איז נאָכן אַטענטאַט אָפּגערופן געוואָרן פון זערענטוי; ער האָט באַקומען דעם פּאָסטן פון תּפיסה ־ דירעקטאָר אין וולאַדיוואָסטאָק. נאָך דער מערץ ־ רעוואָלוציע פון 1917 איז ער דאָרט אַרעסטירט, באַפרייט און ווידער אַרעסטירט געוואָרן. אויפן וועג קיין מאָסקווע אין 1918 איז ער דערקענט געוואָרן אין צוג דורך זיינע פריערע קרימינאַל ־ אַרעסטאַנטן, ער האָט זיך דערשראָקן און זיך אויפגעהאָנגען אין דער אוביקאַציע.

## XIV.

# דער קוטאַמאַרער גהינום

ספּירידאָנאָווא און אירע חברטעס האָבן איצט יאָרנלאַנג געלעבט אין אַקאַטוי אונטער שטרענגערע באַדינגונגען, ווי אין מאַלצעוו, אָבער זיי האָבן דאָ געפונען אַ נייעם אינהאַלט פאַר זייער געשמידט לעבן. זיי האָבן מער נישט געדאַרפט אָפּגעבן זיך איינציק און אַליין דער גייסטיקער אַרבעט; זיי האָבן אין אַקאַטוי געקאָנט זיך באַשעפטיקן מיט פיזישער אַרבעט. דאָס איז מער נישט געווען די פיזישע אַרבעט פאַרן פערזענלעכן געברויך, נאָר אַ סיסטעמאַטישע פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונג אין אַ בוכבינדעריי. דאָ איז די אַרעסטאַנטינס געלונגען צו פאַרבינדן אויף אַ נייעם צוועקמעסיקן אופן פיזישע און גייסטיקע אַרבעט, דורכצופירן אויף אַ פאַרברייטערטן באַזיס דעם סאָציאַליסטישן פּרינציפּ פון צוזאַמענלעבן: פון יעדן לויט זיין קראַפט, יעדן לויט זיינע באַדערפענישן. דאָס וואָלטן געקאָנט ווערן יאָרן פון פשוטן, אינהאַלטספולן, רויִקן לעבן. אָבער פונוואַנעט האָבן די אַקאַטויערינס געקאָנט שעפּן זעלישע רו, בעת אין אַלע שכנותדיקע מענער־תּפיסות האָט געווילדעוועט די בעסטיע? פון אַלע זייטן איז צו זיי אַריינגעדרונגען

דאָס דערשטיקטע קרעכצן פון די געשלאָגענע און דערנידעריקטע. יעדע תּפֿיסה האָט געהאַט אַ פֿאַרוואַלטער, וואָס האָט געפּייניקט די אַרעסטאַנטן אויף זיין אייגענעם שטייגער. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געפּייניקט צוליב קריכעריי פֿאַר דער העכערער מאַכט; אַזעלכע, וואָס האָבן געפּייניקט צוליב האַס און מוראַ; און עס זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן באַפֿרידיקט זייערע ברוטאַלע און סאַדיסטישע אינסטינקטן. באַזונדערס האָבן געליטן אין דידאָזיקע יאָרן די אַרעסטאַנטן פון קוטאָמאַראַ.

די תּפֿיסה פון קוטאַמאַרא האָט געהאַט אַ פֿאַרוואַלטער, וואָס האָט צוגעטראַכט און אויסגעפֿירט זיינע אייגענע תּליִנישע מעטאָדן. טיף אין דער נאַכט פֿלעגט ער זיך אַריינרייסן אין דער שפּיץ פון באַוואָפֿנטע מענטשן אין די גרויסע צעלן און דאָרט דורכפֿירן אַ מאַסן - עקזעקוציע. די צום טויט - דערשראָקענע אַרעסטאַנטן פֿלעגן פֿאַלן אונטער די קאָלבעס, אין דער פֿינסטערניש זיך אָנשטויסן אין די ווענט, שרייען פון שרעק און משוגעת. ער פֿלעגט אַרויסיאָגן די האַלב - נאַקעטע אַרעסטאַנטן אויפֿן הויף אין אַ פֿערציק־גראַדיקן פֿראָסט, און פֿלעגט זיי דאָרט שלאָגן. מיט אָפּגעפֿרוירענע גלידער פֿלעגן זיך די אומגליקלעכע אומקערן אין זייערע צעלן, ווו קראַנקע זענען געלעגן צוזאַמען מיט געזונטע און פֿלעגן אויסשטאַרבן טוצנווייז.

[ז]בער דערדאָזיקער פֿאַרוואַלטער קאָוואַלעוו איז נישט געווען דאָס לעצטע וואָרט אין דער פּיין־געשיכטע פון קוטאַמאַראַ. „איר וועט מיר נאָך דערמאָנען און באַדויערן מיין אָוועקגיין" — האָט ער געזאָגט די אַרעסטאַנטן. נאָך דעם באַזוך פון אַ העכערן באַאַמטן פון פּעטערבורג (נאָך יעדן אַזאַ באַזוך פֿלעגן תּמיד קומען קאַטאַסטראָפֿעס) איז קאָוואַלעוו פֿאַרביטן געוואָרן דורך אַן אַנדערן, וואָס האָט פֿאַרשריבן זיין נאָמען מיט בלוטיקע אותיות אין דער קאַטאָרגע־כראָניק. דאָס איז געווען גאָלאָווקין. ער איז געקומען מיט אַ פּאַטיקער אויפֿגאַבע: דורכצופֿירן פֿאַר יעדן פּרייז די „אינסטרוקציע" פון דער הויפּט־תּפֿיסה־פֿאַרוואַלטונג. די אינסטרוקציע האָט פֿאַרלאַנגט בלויז איינס: אַראָפּצודריקן די פּאָליטישע אויפֿן ניוואָ פון די קרימינעלע. עס האָט, אַזוי אַרום, געמוזט קומען צו אַ נייער טראַגעדיע. אין די אַנדערטהאַלבן יאָר נאָך סאַזאָנאָווס טויט, איז די

רעגירונג געקומען צו זיך און האָט ווידער באַשלאָסן צו באַצווינגען אירע אייביקע פיינט.

אָנהויב יולי איז גאַלאָווקין אָנגעקומען אין קוטאַמאַרע. שוין דעם 10 יולי האָבן די אַרעסטאַנטן דערקלערט א הונגער־שטרייק, ווייל גאַלאָווקין האָט איינגעפירט א ברוטאַלע און שענדלעכע באַהאַנדלונג. דער דראַזיקער שטרייק האָט געדויערט ניין טעג; אונטער דעם דרוק פון קאַטאָרגע ־ דירעקטאָר אויף גאַלאָווקינען האָט דער שטרייק פאַרבעסערט די לאַגע. אָבער דער מיליטער־גובערנאַטאָר קיאַשקאָ האָט אויף דער מיטטיילונג דערפון געענטפערט מיט א צאָרנדיקער טעלעגראַמע: „אויב די אַרעסטאַנטן ווילן נישט עסן, איז דאָס זייער פּריוואַט ־ זאַך. תּפיסה איז נישט קיין מושב־זקנים. איך בעט נישט צאַצקען זיך מיט די אויסגערופענע פּאָליטישע; זיי זענען פונקט אַזעלכע קאַטאָרגע־אַרעסטאַנטן, ווי אַלע''. איצט האָט גאַלאָווקין געהאַט פרייע הענט; ער האָט בלויז געלויערט אויפן פּאַסיקן מאָמענט. אָנהויב אויגוסט האָט ער ביי די אַרעסטאַנטן צוגענומען ביכער, שרייב־מאַטעריאַל, וועש, זייף, טאַבאַק און געשיר. אַלע קראַנקע זענען באַהאַנדלט געוואָרן גלייך מיט די געזונטע. אפילו פון די קייטן האָט מען זיי נישט באַפרייט, נישט געקוקט אויף דער פאַראָרדנונג פונם דאָקטאָר. די אַטמאָספער איז געוואָרן אָנגעגליט. דעם 17 אויגוסט איז געקומען צו א וואָרט־צוזאַמענשטויס מיטן סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער בריליאָן. אויף גאַלאָווקינס באַפעל, האָט בריליאָן באַקומען 35 שמיץ.

אַלס ענטפער דערויף האָבן אַלע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן דערקלערט א הונגער־שטרייק. אין דער נאַכט אויפן 18־טן אויגוסט זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד די סאָציאַל ־ רעוואָלוציאָנערן מאַסלאָוו, לעיבאַזאָן, ריטשקאָוו און דער פּוילישער סאָציאַליסט פּוכאַלסקי. די ערשטע 2 און פּוכאַלסקי האָבן זיך פאַרגיפטעט, ריטשקאָוו האָט זיך איבערגעשניטן די אָדערן. מאַסלאָוו און פּוכאַלסקי זענען געווען די זעלבע, וואָס זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין זערענטוי צוזאַמען מיט סאַזאָנאָוון. דער הונגער־שטרייק האָט איצט געדויערט מיט דער פאַרשטאַרקטער קראַפט פון פאַרצווייפלונג. די שטרייקנדע האָבן נישט געשטעלט קיין פאָדערונגען; דער איצטיקער ציל פון הונגער־שטרייק איז געווען א סוף מאַכן צום לעבן. זיי האָבן דאָס

געהאַפּט צו דערגרייכן, ווייל גאַלאָווקין האָט דערקלערט: „אייער זאַך איז — שטאַרבן, אונזערע — אייך באַגראָבן". אַזוי זענען פאַרגאַנגען צוויי וואָכן פון לאַנגזאַמען שטאַרבן. אָבער אויפן פופצנטן טאָג פון הונגער־שטרייק האָבן די רעוואָלוציאָנערן זיך דער־וווּסט, אַז די העכערע מאַכט האָט באַפוילן דעם דאָקטאָר קינסטלעך צו דערנערן די אַרעסטאַנטן. דורכדעם איז דער טויט געוואָרן אומ־מעגלעך, און דער הונגער־שטרייק — זינלאָז. די אַרעסטאַנטן האָבן דעריבער דעם 1־טן סעפּטעמבער איבערגעריסן דעם שטרייק, האָבן אָבער דערקלערט, אַז זיי וועלן זיך נישט אונטערוואַרפן דעם נייעם רעזשים. אויף וואָס האָבן זיי געקאָנט האָפן?

פון יענער בימערער צייט האָט געגעבן אַ דערשיטערנדיקע שיל־דערונג דער יונגער ס.־ר. מאַקסימאַליסט זשוקאָווסקי זשוק. גראָד אין 15־טן טאָג פון הונגער־שטרייק איז ער אָנגעקומען אין קוטאַ־מאַראַ. „ווען איך בין אַריינגעקומען אין דער צעלע פון די הונ־גערנדיקע, האָט מיך באַגעגנט אַ מתים־גערוך. ווי טויטע זענען גע־לעגן מאָגערע מענטשן אויף די נאַרעס. זיי האָבן זיך קוים באַוועגט און בלויז לויטן פיבערנדיקן גלאַנץ פון זייערע אויגן האָט מען געקאָנט דערקענען, אַז דאָס זענען לעבעדיקע מענטשן... אויפן טיש זענען געלעגן הויפנס ברויט און פלייש, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון שטרייק. דאָס אַלץ, פאַרטריקנט און פוילנדיק, איז איצט געבראַכט געוואָרן אין דער צעלע. אייניקע האָבן לאַנגזאַם געקייט דאָס ברויט, קוים באַוועגנדיק מיט די ליפּן".

מען האָט נאָך געהאַט די האָפנונג אויף דער אַריינמישונג פון דער העכערער מאַכט. דעם 13־טן סעפּטעמבער איז קיין קוטאַמאַראַ געקומען די דאָזיקע מאַכט אין דער פּערזאָן פון מיליטערישן גובער־נאַטאָר קיאַשקאָ, וועלכער האָט געזאָגט וועגן זיך: „איך בין נישט קיין גענעראַל, וועלכן מען הענגט; איך בין אַ גענעראַל, וואָס הענגט אַנדערע". „אַרום עלף אַזייגער אינדערפרי, — האָט זשוקאָווסקי דערציילט, — האָט מען אונז אַרויסגעפירט אין תּפיסה־הויף און אויסגעשטעלט אין רייען. קעגנאיבער אונז, כּדי אונז אָנצושרעקן, האָבן זיך אויסגעשטעלט אין נייע אוניפאָרמען די וואַך־זעלנער... באַלד איז דערשינען קיאַשקאָ מיט אַ גרויסער סוויטע און אַן ערנ־

וואָך. אַן אַ קאָמאַנדראַ און אַן אַ באַגריסונג איז ער טיף צוגעטרעטן צום „שמועס".

— איך — טראַנסבאַיקאַלישער מיליטער־גובערנאַטאָר — בין געקומען אַהער אין דער קאַטאָרגע, כּדי פּערזענלעך צו זען, וואָס דאָ קומט פאָר. עס זענען צו מיר דערגאַנגען קלאַנגען, אַז איר, פּאָליטישע, פירט זיך אויף זייער נישט אַנשטענדיק. איר פאָלגט נישט אייער מאַכט, ענטפערט נישט אויף „דו", איר וואַלגערט זיך אויף די נאַרעס, ווי „יונגלעך"... „איך וויל נישט מער הערן דאָס וואָרט „פּאָליטישע"!... איך קען בלויז טרייע אונטערטעניקע און אומטריע אונטערטעניקע. איר זענט פיינט פון דער מלוכה און איר מוזט פאָלגן. זעט, דאָ שטייען זעלנער, טרייע פאַרטיידיקער פון טראָן און פאָטערלאַנד, — און זיי וועלן נישט פּראָטעסטירן, ווען מען באַגריסט זיי.

און ער האָט זיי מיליטעריש באַגריסט, באַקומען דעם געהעריקן לופטצערייסנדיקן ענטפער און האָט זיך געווענדט מיטן זעלבן מיליטערישן גרוס צו די רעוואָלוציאָנערן. ער האָט נישט באַקומען קיין ענטפער. דער שטורם איז אויסגעבראָכן.

דער גענעראַל האָט פּלוצלונג געענדערט זיין פאָטערלעכן טאָן און דערקלערט, אונטערשטרייכנדיק שאַרף יעדעס וואָרט:

— מיט חזירים האַנדלט מען חזיריש! הער דירעקטאָר, הערט מיין באַפעל! איך נעם צו ביי דיזאָזיקע אַלע געזעצלעכע פּריווילעגיעס. די לעבנסלענגלעכע פאַרלענגער איך די שטראָף־צייט אויף צוויי יאָר, די קורץ טערמיניקע — אויף איין יאָר!

דאַן האָט ער שאַרף אָנגעקוקט אונזערע פיס, באַמערקט, אַז אייניקע טראָגן שטיוול און האָבן נישט קיין קייטן.

— אַהאַ, איך זע, אַז אייניקע טראָגן נישט קיין קייטן און גייען אַפילו אין שטיוול! קייטן אויף די הענט און פיס פון דיזאָזיקע אויסוואָרפן! אויס ביכער, אויס קאָרעספּאָנדענץ, אויס שפּאַצירן! און יאָגט זיי אַלע אַריין אין די צעלן פון די קרימינעלע פאַרברעכער!

בעת דער אָונטער־קאָנטראָל האָט גאַלאָווקין דערקלערט, אַז דער גובערנאַטאָר האָט אים געגעבן די גרעסטע פולמאַכטן און אַז ער, גאַלאָווקין, וועט זיך נישט אָפּשטעלן אויך פאַר דער קערפּער־שטראָף.

„איך ראָט אייך צו באַטראַכטן די לאַגע און אונטערוואַרפן זיך, —

האָט ער פאַרענדיקט, — מאָרגן וועט איר מיר געבן אייער תשובה". ער איז אַוועק און מיר האָבן געשוויגן.

עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן די זעלבסטמאָרדן. אין דער נאַכט פון 15־טן האָט זיך קיריליאָוו פאַרסמט. דער דאָזיקער מוטיקער מאַטראָז פון שוואַרצן פלאָט האָט דורכגעמאַכט אַ גאַנצע רײ קאַטאָרגע־תפיסות, וווּ ער האָט געקעמפט מיט די בלוטיקע הינט פון רעזשים פאַר זײַן מענטשלעכער חשיבות. מער האָט ער קיין כּחות נישט געהאַט און אײַנגענומען מאָרפּיום. דער גיפט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס נישט ווירקזאַם. האָט ער צונויפגענומען אײַנגענומען סטריכנין. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגזאַמע גסיסה: ער האָט זיך געדרייט אין קראַמפּן, זיך געקרימט פון ווייטאָג און שטיל געקרעכצט, כּדי די וועכטער זאָלן נישט דערהערן. די חברים האָבן געמוזט צוקוקן זיך צו דיזאָזיקע לײַדן און שווײַגן. ער איז געשטאָרבן אויפן וועג צום שפּיטאָל, נישט קומענדיק צום באַוווּסטזײַן.

דיזאָזיקע נאַכט האָט קיינער אין אונזער צעלע נישט צוגעמאַכט קיין אויג. מיר האָבן זיך געמוזט אַנטשליסן, צי מיר ווילן זיך אונטערוואַרפן גאַלאָוקינען. די מערהייט האָט דאָס באַשלאָסן צו טאָן. בלויז דרײַ האָבן זיך אָפּגעזאָגט. זיי האָבן געפאָדערט אַ הונגער־שטרייק ביזן טויט. באַזונדערס אומבויגזאַם איז געווען אַליאָשקער. דער דאָזיקער קליינער, מאָגערער, לונגנקראַנקער מענטש האָט פאַרמאָגט אַ מעכטיקע נשמה און אַ שטאָלענעם ווילן. ער איז געווען אַ זון פון אַ רב און האָט געקעמפט אין אָדעס אַלס אַנאַרכיסט־קאָמוניסט. אַן אומגעצוימטער רעבעל, האָט זיך אַליאָשקער נישט אונטערגעוואָרפן קיין שום תפיסה־רעזשים צוליב פּרינציפּיעלע טעמים. „יעדער טריט פון אַ רעוואָלוציאָנער מוז זײַן קאַמף", — האָט ער לײַדנשאַפטלעך אַרגומענטירט*). נאָכדעם, ווי די מערהייט חברים האָבן באַשלאָסן, זיך אונטערצוגעבן, האָט אַליאָשקער, מיט דער אונטערשטיצונג פון סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער וואַסיליעוו, דערקלערט, אַז ער הויבט אָן אַ הונגער־שטרייק. אונז, דער מערהייט,

---

*) עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אַליאָשקער איז נאָך זײַן באַפרייאונג דורך דער רעוואָלוציע אין 1917, אַוועק **צו די** טאָלסטאָיאַנער.

איז געווען אומגעהייער שווער אָנצונעמען דעמדראָזיקן באַשלוס, דעם נאָנטסטן אָוונט איז פאַר אונז געשטאַנען דער טריאומפירנדער גאַלאָוויקין. ער האָט אונז באַגריסט מיליטעריש. אין צעריסענעם כאָר האָבן מיר געענטפערט אויפן דאָזיקן „גרוס".

— נו, פאַרן ערשטן מאָל איז דאָס גאַנץ גוט! זינגט די תּפילה!

די ברוטאַלע געוואַלט האָט געזיגט. וואַסיליעוו און אַליאָשקער זענען אַריינגעזעצט געוואָרן אין אַ איינצל־צעלע. דעם 17־טן סעפּ־טעמבער איז דער אַלטער און קראַנקער וואַסיליעוו באַשטראָפט גע־וואָרן מיט 35 שמיץ אין גאַלאָוויקינס אָנוועזנהייט. וואַסיליעוו האָט נאָכאַמאָל דערקלערט אַ הונגער־שטרייק און דעם 22־טן סעפּטעמ־בער האָט ער זיך פאַרסמט מיט סטריכנין. אַליאָשקער האָט געזאָלט קערפּערלעך באַשטראָפט ווערן דעמזעלבן טאָג, וואָס וואַסיליעוו. אָבער אַפילו דער ברוטאַלער פעלדשער האָט דערקלערט, אַז ער וועט די באַשטראָפונג נישט אויסהאַלטן. די תּפיסה־אויפזעער האָבן אים דאַן צעשלאָגן ביז באַוווּסטלאָזיקייט מיט די פויסטן און ביקסן־קאָל־בעס. אין ערשטן טאָג פון זיין הונגער־שטרייק האָט מען אים אַרי־בערגעפירט אין זערעגנטוייער שפּיטאָל.

די טראַגעדיע פון קוטאַמאַראַ האָט געהאַט אַלס רעזולטאַט אַן אַמטלעכע אויספאָרשונג: זעקס פּאָליטישע אַרעסטאַנטן האָבן זיך דאָך גענומען דאָס לעבן. אָבער לויטן באַשלוס פון טשיטאַער קריגס־געריכט איז די אויספאָרשונג אָפּגעשטעלט געוואָרן. גאַלאָוויקין האָט טאַקע נישט באַקומען קיין אָרדער, אָבער ער האָט געקאָנט שטאָל־צירן מיט זיין זיג. זיין בריוו פון 17־טן סעפּטעמבער צום טשיטאַער תּפיסה־אינספּעקטאָר זאָגט עדות דערויף. „הער אינספּעקטאָר! אויב מעגלעך, בעט ביים עקסעלענץ נישט אָפּצונעמען ביי מיר די פּאָלי־טישע, ביז איך וועל זיי אַלע אונטערוואַרפן דעם תּפיסה־רעזשים. מיר, וואָס כ'האָב געהאַט אַזוי פיל עגמת נפש, וואָלט שטאַרק ווי געטאָן, איך זאָל זיי דאַרפן אַרויסלאָזן אָן אַ פולשטענדיקן זיג איבער זיי. הער אינספּעקטאָר, זייט נישט אומרואיק וועגן מיינע מיטלען, איך בין זייער פאָרזיכטיק".

קוטאָמאַראַ איז פולשטענדיק צעטראָטן און פאַרקנעכטעט גע־וואָרן. עס איז אַנטשטאַנען אַ לאַנגער פּעריאָד פון שטראָפלאָזע דערנידעריקונגען, קלעפּ און קערפּער־שטראָפן, וואָס האָט געדויערט

ביז 1914, ווען גאַלאָווקין איז אַוועק אין קריג. ערשט אין 1925
איז גאַלאָווקין דערקענט געוואָרן אין סיביר, אונטער אַ פאַלשן נאָ־
מען. מען האָט אים אַרעסטירט און לויטן אורטייל פון מאָסקווער
טריבונאַל איז ער אין 1926 דערשאָסן געוואָרן.

*
*   *

ספּירידאָנאָוואַ און די איבעריקע האָבן נישט געקאָנט געפינען
אין אַקאַטוי קיין „זעלישע רו‟, בעת אין די שכנותדיקע תּפיסות
זענען געלעגן מתים און עס האָבן געווילדעוועט גאַלאָווקינס. זיי
האָבן פאַרשטשעמעט די ציין, דערשטיקט זייערע געפילן און זיך
באַמיט צו דערהאַלטן זיך דורך אַרבעט. אין דערדאָזיקער פינסטע־
רער צייט איז ספּירידאָנאָוואַ געווען, נאָך מער ווי פריער, דער מאָ־
ראַלישער שטיצפּונקט פאַר די הונדערטער לײדנדע און דערנידע־
ריקטע אַרעסטאַנטן. דער אַקאַטוי, אין וועלכן זיי האָבן איצט פאַר־
בראַכט זייערע יאָרן, איז געווען פאַרשידן פון אַקאַטוי אין יאָר
1906. עס האָט געפעלט יענע לעבנסלוסטיקע אַטמאָספער, בעת גער־
שוני און סאַזאָנאָוו האָבן נאָך געווירקט, בעת די רעוואָלוציע האָט
געשיינט צו זיין זיגעריש אַפילו אויף דער שוועל פון דער תּפיסה.
די אַרעסטאַנטן האָבן מיט מאַטערניש געשלעפּט די אומדערטרעג־
לעכע לאַסט פון זייער מאַרטירערטום. עס איז נישט געווען צו פאַר־
מיידן, אַז דאָ און דאָרט, ביי דעם אָדער יענעם חבר זאָלן זיך ווייזן
סימנים פון גייסטיקער צעפאַלונג. איינציקע זענען געוואָרן טויט־מיד
און דער גיפט פון מוטלאָזיקייט איז אַריינגעדרונגען אין זייער
קעמפנדער נשמה. איניקע פון זיי האָבן נאָך בעת די קאַטאָרגע־יאָרן
פאַרלאָזן די רעוואָלוציאָנערע רייען און זיך געשטעלט אין אַ זייט.
אַנדערע האָבן אונטער די שווערע קלעפּ פון דער רעאַקציע גענומען
צווייפלען אין וויכטיקע פּונקטן פון זייער רעוואָלוציאָנערער וועלט־
אָנשויאונג. דידאָזיקע אידעאָלאָגישע ספקות פלעגן אין דער שווע־
רער קאַטאָרגע־אַטמאָספער אָננעמען אַ באַזונדערס שמערצלעכע
פאָרם. עס איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט אויסצופּרובירן די דאָ־
זיקע ספקות אין רעאַלן לעבנס־פּראָצעס. און דידאָזיקע רעוואָלוציאָ־
נערן האָבן טאָפּלט געליטן. עס זענען געווען אַרעסטאַנטן, וואָס
זענען נישט בכח געווען אָפּצוהיטן דעם שטרענגן לעבנס־שטייגער
פון דער רעוואָלוציאָנערער תּפיסה־קאָנסטיטוציע לאַנגע יאָרן. די

בלוטיקע דערנידעריקונגען פון הויבן, די טרייסטלאָזיקייט פון דער לאַגע, דאָס שטענדיקע וואַרטן אויף קאַטאַסטראָפעס האָבן זיי גע־בראַכט דערצו צו זוכן פאַרגעסונג אין אַלקאָהאָל, קאָרטן־שפּיל און ענלעכעס. די גרעניץ צווישן דיזאַזיקע און די קרימינעלע פלעגט אָפּ־געווישט ווערן. און עס זענען אויך געווען אַרעסטאַנטן, וואָס כּדי פאַרזענלעך צו ראַטעווען זיך פון גהינום, פלעגן זיי זיך אָפּזונדערן פון די חברים, קומען אין באַרירונג מיט די תּפיסה־באַאַמטע און צום סוף דערלאַנגען באַגנעדיקונגס־בקשות.

ספּירידאָנאָווא האָט געקענט דיזאַזיקע פאַרשיידנאַרטיקע שטי־מונגען פון אירע ליידנס־חברים. באַזונדערס האָט זי זיך געזאָרגט פאַרן גייסטיקן גורל פון די אומצאָליקע פּשוטע, פּאַרטיילאָזע מענטשן פונם האָרעפּאַשנעם פאָלק, פון יענע אַלע זעלנער, מאַטראָזן, פּויערים און אַרבעטער, וואָס האָבן בלויז בהדרגה געקאָנט פאַר־עסטיקן זייער רעוואָלוציאָנערן באַוווסטזיין און זייער מענטשלעכע חשיבות. דיזאַזיקע אַלע מענטשן האָבן נויטיק געהאַט — אין די שעהן פון שוואַכקייט און ספקות — אַ זעלישן, מאָראַלישן, אידעאָלאָגישן שטיצפּונקט. און אָט־דער שטיצפּונקט איז פאַר זיי גע־ווען ספּירידאָנאָווא, די אין אַקאַטוי פאַרמויערטע מאַרוסיאַ, זי איז פאַר זיי געווען די שטרענגע מאָנערין פון פליכטן לגבי חברים, לגבי דער אידייע, לגבי דער רעוואָלוציע. אָבער מאַרוסיאַ איז פאַר זיי געווען גלייכצייטיק אַ טיף־ליבנדע שוועסטער, וואָס האָט פאַר אַלע זייערע מעשים געהאַט פאַרשטענדעניש און מחילה. אַפילו פאַר יענע, וועלכע האָבן געבעטן באַגנעדיקונג. „עס איז אוממעגלעך, — האָט זי געשריבן, — צו וואַרפן אַ שטיין אין יענע אַרעסטירטע חברים, וועלכע זענען אין זייער מוטלאָזיקייט דערגאַנגען ביזן שענד־לעכן סוף, — ביז צום דערלאַנגען אַ באַגנעדיקונגס־בקשה. דער־דאָזיקער מאָראַלישער באַנקראָט קאָן נישט גערעכט־פאַרטיקט ווע־ן פאַרן געריכט פון רעוואָלוציאָנערן געוויסן און לגבי אַזוי פיל חברים, וואָס זענען צום טויט פאַרפייניקט געוואָרן פאַר זייער פעסטקייט. אָבער דערדאָזיקער באַנקראָט האָט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַ מיל־דערנדע דערקלערונג. מען דאַרף זיך בלויז פאָרשטעלן, וואָס די רע־גירונג האָט אַלץ געטון מיט די קאַטאָרגע־אַרעסטאַנטן פון 1907 ביז 1917..., כּדי תּיכּף צו פאַרלירן די זיכערקייט אין די אייגענע

כּחות און אויפהערן צו פאַרלאַנגען געדולד פון די יעניקע, וועלכע באַזיצן אפשר וויניקער קראַפט, האָבן אָבער מער געליטן. אדרבה, מען מוז באַוווּנדערן דעם קעגנזאַץ: די שוויַיגעוודיקע פיל־יאָריקע פּיין פון הונדערטער הילפלאָזע און האָפנונגסלאָזע מענטשן, וואָס האָבן געטראָגן זייער קרייץ ביזן סוף״.

ספּירידאָנאָווא, וואָס פילט אַזוי, האָט געקאָנט ווערן דער מעכטיקסטער שטיצפּונקט פון דער קאַטאָרגע. ווי סאַזאָנאָוו דורך זיין טויט, איז ספּירידאָנאָווא פאַר די דאָזיקע אַלע געווען אַ טרייסט, אַ שטיצע און אַ האָפענונג.

## XV.

# די קאַטאָרגע אין קריג

זייט סוף 1910 האָט זיך אין רוסלאַנד געלאָזט מערקן אַ אַלץ טיפערע ענדערונג אין די געזעלשאַפטלעכע שטימונגען. די געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין שייכות מיט טאָלסטאָיס און סאַזאָנאָווס טויט, זענען געווען דער בולטסטער סימפּטאָם פאַרן ניי־אָנקומענדיקן פּעריאָד. די ווונדן, וואָס די רעאַקציע האָט געמאַכט דעם פאָלק, האָבן זיך גענומען פאַרהיילן, — און נייע כּחות האָבן זיך געריסן צום קאַמף. דער רעזשים האָט ווייטער געפירט זיין פּאָליטיק פון אָפּחוזקן פון אַלע רעכט און פרייהייטן פון די בירגער, פון שאַרפן נאַציאָנאַליזם, פון קריגערישן אימפּעריאַליזם. אין די יאָרן 1911 ביז 1917 האָט דער צאַריזם געהאַט אויף זיין זייט, ווי פריער, די שוואַרצע, די רעכטע, די מעסיקע שיכטן פון פאָלק, אָבער אין די דאָזיקע יאָרן האָבן זיך געזאַמלט, און כּסדר געלאָזט הערן פון זיך אויף אַ שטורמישן אופן, די האָרעפּאַשנע און רעוואָלוציאָנערע קלאַסן פון לאַנד. אין די יאָרן 1911, 1912, 1913, 1914 האָבן די קאַטאָרגע־אַרעסטאַנטן געהערט דעם ווייטן אָפּקלאַנג פון די רוסישע געשעענישן: סטאָליפּינס דערמאָרדונג, די מאַסן־שחיטה אין די לענאַער גאָלד־גרובן, די מאַסן־דעמאָנסטראַציעס פון די אַרבעטער אין די שטעט. אויף די אַלע געשעענישן האָבן די אַרעסטאַנטן גע־

קאַנט רעאַגירן בלויז מיט פלאַמענדע געפילן פון עקל, פון עמפּערונג אָדער פון באַגייסטערונג: פון די געשעענישן גופא זענען זיי געווען אויסגעשלאָסן.

דאַן איז געקומען דער קריג, די בלוטיקע מפּלות פון רוסלאַנד, דער כּסדר וואַקסנדער אויפבּרויז פון די אָפּגענאַרטע מאַסן. די שטורעמס, וואָס האָבן אויפגעטרייסלט דאָס לאַנד, האָבן באַקומען אַן אַקטיוון אָפּקלאַנג אויך אין דער קאַטאָרגע. זייט דעם אויסבּרוך פון קריג האָבן ספּירידאָנאָווא מיט אירע פריינט געפילט, אַז מיטן נייעם גורל פון דער וועלט איז פאַרבונדן אויך רוסלאַנדס גורל, אַז אויך זייער פּערזענלעכער גורל וועט דורכמאַכן אַ ווענדפּונקט. דורכן פאַרקראַטיקטן פענסטער האָבן זיי געקוקט אויפן בלוטיקן מבול, וואָס האָט פאַרפלייצט די מענטשהייט, און האָבן זיך געפילט אינערלעך טיף־פאַרבונדן מיטן וועלט־געשעען.

דער רעזשים אין די תּפיסות האָט זיך געהאַט פאַרענדערט. די ערגסטע תּלינים זענען אַוועק אויפן פראָנט. זאָרגנדיק פאַר אַ וואָס־שנעלערער באַוואָפנונג פון דער אַרמיי, האָט זיך די רעגירונג געווענדט אויך צו די תּפיסות. די אַרעסטאַנטן זענען צוגעצויגן געוואָרן צו דער אַרבעט פאַרן פראָנט. די תּפיסה־פאַרוואַלטערס האָבן געוואָלט ווייזן די העכערע אינסטאַנצן, אַז זייערע אַרעסטאַנטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר גאָר נוצלעך דעם פאָטערלאַנד. די שטרענגקייט און דער פאַרפאָלגונגס־סאַדיזם זענען דורכדעם אָפּגעשוואַכט געוואָרן. עס איז שפּעטער דערגאַנגען דערצו, אַז צוליבן צוועק פון פּאַטריאָטישע געלט־זאַמלונגען זענען די אַרעסטאַנטן אויפגעטראָטן אַלס מוזיקער און אַרטיסטן פאַר דער בעסערער געזעלשאַפט אין זערענטוי. בעת זיי האָבן פּראָדוצירט קונסט אויף דער בינע, איז זייער וואַך געשטאַנען הינטער די קוליסן.

אויך די אַקאַטויערינס איז געווען לייכטער. אין דער שטילקייט פון זייערע וואַרשטאַטן האָבן זיי מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זיך צוגעהערט צו דער קריגס־טראַגעדיע פון דרויסן. גלייכצייטיק האָט געגריפט אין זיי די פּאָליטישע שטעלונג צום וועלט־קריג, צום גורל פון קריג־פירנדן רוסלאַנד, צו די סאָציאַלע רעזולטאַטן פון דער גרויסער מאַסן־שחיטה. די שטעלונג צו די אַלע געשעענישן איז ביי די קאַטאָרגע־חברים נישט געווען איינהייטלעך, אַדרבה, זי האָט אָפּ־

געשפּיגלט די שאַרפע מיינונגס־פאַרשידנקייטן אינם סאָציאַליסטישן לאַגער אויף דער פּריי. אויך דאָ איז איין טייל סאָציאַליסטן געווען געשטימט פּאַטריאָטיש, דער צווייטער — רעוואָלוציאָנער. איינע זענען געווען מעסיק אין דער פראַגע פון פאָטערלאַנד־פאַרטיידיקונג, די אַנדערע, — עקסטרעם־ראַדיקאַל. די אידעאָלאָגישע קאַמפן האָבן צווישן די תפיסה־וועגט געמוזט אָננעמען אַ באַזונדערס שאַרפע פאָרם. די קעגנער פלעגן אַמאָל שרייען צו די פאָטערלאַנד־פאַרטיידיקער: „איר זענט אַזוי, כדי צו דערנענטערן אייער באַפרייאונג פון דער תפיסה״! און די דאָזיקע פלעגן פאָרוואַרפן די פאָטערלאַנד־פאַרניינער: „איר זענט אַזוי, ווייל איר לאָזט זיך לעקן דורכן האַס קעגן די תפיסה־תלינים״! די דאָזיקע קאַמפן האָבן אָבער נישט צעשטערט די אַלגעמיינע חברישקייט. די אַקטיווער פרויען האָבן גענומען אַ טעטיקן אָנטייל אין דער אָנטשטייענדיקער דעבאַטע. זיי האָבן אין די אַלע יאָרן נישט געהאַט קיין ריכטיקע פאַרבינדונג מיט די חברים פון דרויסן, אָבער זיי זענען באַקאַנט געווען מיט די קאַמפן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויפן דאָזיקן געביט, אויך די שטימען פון ציממערוואַלד זענען דערגאַנגען צו זיי. ספּירידאָנאָווע האָט זיך געשטעלט אויף אַ ראַדיקאַל־אומקאָמפּראָמיסלעכן שטאַנדפּונקט. אין דאָזיקן וועלט־קריג וועט ערגיץ נישט פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון אַ פאָטערלאַנד, נאָר די אַפּעטיטן פון קאַפּיטאַל און פון דער מלוכה. צום ווייניקסטן האָט דאָס רוסישע האַרעפּאַשנע פאָלק אָן אינטערעס צו פאַרטיידיקן דאָס צאַרישע פאָטערלאַנד. ספּירידאָנאָווע מיט אירע מיטקעמפער, וואָס האָבן געקאַנט דאָס דאָזיקע אָפיציעלע רוסלאַנד נישט נאָר פון זיינע זשעסטן אויף די פּאַרלאַמענטאַרישע און דיפּלאָמאַטישע בינעס, נאָר האָבן עס דערקענט פון דער נאָנטסטער נאָנט אין זיין גאַנצער סאָציאַלער ברוטאַלקייט און פּאָליטישער ליגנערישקייט, — האָבן נישט געהאַט דעם מינדעסטן סענטימענט פאַר די „וועלט־היסטאָרישע׳ און „נאַציאָנאַלע״ אויפגאַבן פון דאָזיקן רוסלאַנד. דער דאָזיקער קריג מוז זיך ענדיקן מיט אַ רעוואָלוציע, דער צאַריזם מוז צעשטערט ווערן. ספּירידאָנאָווע אָבער האָט דערקענט נאָך מער: די רעוואָלוציע, וואָס וועט קומען, דאַרף נישט בלייבן שטעקן אין איר אָנהויב. זי מוז זיין נישט עפּעס אַנדערש, ווי סאָציאַלע מרידה פון די עקספּלואַטירטע מאַסן,

י מוז קודם כּל אין רוסלאַנד ווערן אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע... עס איז נישט געווען קיין צופאַל, וואָס דידאָזיקע געדאַנקענגענג האָבן געקאָנט באַהערשן ספּירידאָנאָוואַן מיט אירע פריינט. זיי האָבן אין די קאַטאָרגע־יאָרן געמוזט איבערלעבן אַזויפיל מענטשלעכע פּיין, זיי האָבן אויך די לײדן פון פאָלק אויפגענומען אין זיך אַזוי קאָנצענטרירט און טיף, אַז זיי האָבן געמוזט בענקען נאָר נאָך דער־פולער גאולה פון דער ליידנדער מענטשהייט. זיי האָבן אין די קאַטאָרגע־יאָרן געזען אַזויפיל רעוואָלוציאָנערן הערא־איזם און מסירת־נפש אויך ביי די אומבאַקאַנטע פּאַרטיילאָזע מאַסן־מענטשן, אַז זיי האָבן נישט געספקט אין דער פעאיקייט פון די מאַסן צו מאַכן די גרויסע רעוואָלוציע. דעריבער האָט זיי פאַרגעשוועבט נישט נאָר די מפּלה פון צאַריזם; זיי האָבן אויך נישט געוואָלט, אַז דאָס יאָרהונדערטן־לאַנג געפּייניקטע פאָלק זאָל אין דער היסטאָרישער שעה פון באַפרייאונג מאַכן אַ בונד מיטן בירגערטום, מיט די מעסיקע, און דורכדעם בלייבן שטיין אויפן האַלבן וועג פון ליבעראַלע און בירגערלעכע רעפאָרמען. זיי האָבן זיך צוגעגרייט צו דער־שעה פון דעם גרויסן איבערקער. און אינצווישן האָבן זיי פיבערהאַפט געקוקט אויף דער ווייטער פּאַנאָראַמע פון די געשעענישן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אויף די שלאַכט־פעלדער און אין די שטעט.

עס איז געקומען דאָס יאָר 1917. די רעוואָלוציע איז טאַקע אויסגעבראָכן.

## .XVI

# די באַפרייאונג

ערשט דעם 3־טן מערץ 1917 איז אין דער נערטשינסקער קאַ־טאָרגע געקומען די אויסלייזנדע ידיעה פון פּעטערבורג, אונטער־געשריבן פון רעוואָלוציאָנערן יוסטיץ־מיניסטער קערענסקי. אַלע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, אָן אויסנאַם, האָבן גלייך געזאָלט באַפרייט ווערן. און דאָך איז דער אַרטיקער מאַכט געלונגען צו געבן דעם לעצטן שלאַנגען־ביס אירע טויט־פיינט שוין אין דער רעוואָלוציע־

ציִט. אין מאַכטלאָזן נקמה־געפיל האָבן זיי נאָך געפּרוּווט אָפּשלעפּן די באַפרייאונג פון די רעוואָלוציאָנערן. זשוקאָווסקי־זשוק, וועלבן מיר קענען שוין פון קוטאַמאַרא, האָט איבערגעלעבט אין זערענטוי־דיראַזיקע פייערלעכע טעג פון דערלייזונג אין זייער גאַנצער פיין און זייער גאַנצן יובל, און ער האָט זיי צום שענסטן געשילדערט. דאָס, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, איז געווען טיפּיש פאַר צענטויזנטער באַפרייטע אין אַלע תּפיסות און פּייניקונגס־פּלעצער פון גרויסן רוסלאַנד.

„דאָס איז געווען וווּנדערבאַר, ווי אין אַ טרוים, ווי אין אַ צויבער־מעשהלע. מיר זענען פריי געוואָרן. נישט לויט אַ מאַניפעסט פון צאַר, אָדער לויט אַן אוקאַז פון דער רעגירונג, נישט אויפן סמך פון אַ פּאַראַגראַף פון געזעצבוך, — נאָר אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע, וואָס וואַרפט אום טראָנען און פאַרניכטעט שקלאַפעריי!...

מיר, אַרעסטאַנטן, האָבן תּמיד געלעבט מיט דער האָפענונג אויף דער צוקונפט. און דאָך איז עס געווען אַן אומדערוואַרט גליק, ווען צווישן די ווענט פון דער תּפיסה האָט אָפּגעקלונגען דאָס צויבער־וואָרט „רעוואָלוציע".

עס איז געווען דער 3־טער מערץ, אַ טאָג, וואָס האָט זיך מיט גאָרנישט נישט אונטערשיידט פון הונדערטער אַנדערע וואָכנטעג. קאָנטראָל, קייטנגעקלאַנג, זידלעריי פון אויפזעער און וועכטער, ווי תּמיד. אין אונזער צעלע, וואָס איז גלייכצייטיק געווען בוכבינדעריי, זענען מיר געווען זאַלבעזיבנט. נאָכן אָרימען מיטאָג, האָבן מיר זיך צוגעשפּאַרט און זענען איינגעדרימלט. פּלוצלונג וועקט אונז אויף די באַגייסטערטע, פאַרכלינעטע שטים פון מיכלין.

— שטייט אויף, איר טיוול־קינדער!... אין רוסלאַנד רעוואָלוציע... ערשט אַ טעלעגראַם באַקומען... אַמנעסטיע, פרייהייט... און דערשטיקט פון יובל, איז ער אַוועקגעלאָפן מיט דער בשורה צו די אַנדערע צעלן.

די אויפגערודערטע שטים, די מאַגישע ווערטער וועגן רעוואָלוציע האָבן געמאַכט אַן אומגעהייערן איינדרוק אויף אַלע... דער שלאָף איז אין איין מאָמענט פאַרשוווּנדן. ווי געריירטע האָבן מיר זיך אַלאָז געטון צו דער טיר. איך אַליין בין געבליבן ליגן אויף

מיין פלאַץ... מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אונטערן דרוק פון די אַר־בעטער־אומרוען, וועט דער צאַר ווידער אָפּטון אַ שפּיצל. ער וועט אַרויסלאָזן אַזאַ מין מאַניפעסט, ווי אין יאָר 1905, צוזאָגן אַ ביסל פרייהייט, באַפרייען אַ טייל פון די נישט געפאַלענע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. מיר אָבער, די לאַנגטערמיניקע אַרעסטאַנטן, די טעראָריסטן און ענלעכע, וועלן ווייטער דאָ מוזן בלייבן...

מיינע געדאַנקען זענען איבערגעריסן געוואָרן דורכן פלוצלונגן דערשיינען פון צוויי אַנדערע חברים. שטראַלנדע, טיף־אויפגערעגטע האָבן זיי מיך אַרומגערינגלט מיט געשרייען און קושן און אַראָפּגעשלעפּט פון דער נאַרע. — שטיי אויף! אויף דער פריי געשעט באמת אומדערהערטעס... זע נאָר די טעלעגראַמע צו מיכלין!

באמת, אַ טעלעגראַמע פון טשיטאַ, דער הויפּט־שטאָט פון דער פּראָווינץ: „כ'באַגריס ליבע חברים מיט דער פרייהייט. כ'קוש אײַך דערוואַרט אַלע".

מיכלין איז גערופן געוואָרן צום תּפֿיסה־פאַרוואַלטער און יענער האָט אים געזאָגט, אַז דער אינהאַלט פון דער טעלעגראַם איז אַזוי חשוד, אַז ער טראַכט וועגן אַ פּרוּוו צו אַנטלויפן. דאָס איז אָבער געווען ליגן. די תּפֿיסה־פאַרוואַלטונג האָט שוין דאַן געוווּסט וועגן אַלע געשעענישן אין צענטער. נאָך קורצע אונטערהאַנדלונגען האָט דער פאַרוואַלטער מסכּים געווען צו לאָזן אַרויסשיקן אַ טעלעגראַפישע אָנפראַגע פון אונזער זייט. דערווייל איז די ידיעה וועגן אונזער טעלעגראַמע אַריינגעדרונגען, מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ, אין דער הויפּט־געבײַדע, וווּ עס זענען געזעסן די קרימינעלע. דער אומגעהייערער בײַנשטאָק איז אויפגערודערט געוואָרן, ער האָט געליאַרעמט, ווי משוגע. צווישן די קרימינעלע האָבן זיך אויך געפונען אַ סך פּאָליטישע, ווי אויך מאַטראָסן און זעלנער, וואָס זענען פאַרמשפּט געוואָרן בײַ באַוואָפנטע אויפשטאַנדן. מען האָט געשפּירט: נאָך איין מאָמענט און עס ברעכט אויס אַ בונט — די וואַך האָט זיך איבערגעשראָקן. די מאַכט האָט געשלאָגן אַלאַרם און אָנגענומען פאַרזיכטס־מיטלען.

די נאַכט איז צוגעפאַלן. קיינער האָט נישט צוגעמאַכט מיט קיין אויג. ענדלעך, אַרום 11 אַזייגער בײַנאַכט, איז אָנגעקומען די טעלעגראַמע: „אין רוסלאַנד רעוואָלוציע. ניקאָלאַי אָפּגעדאַנקט. גע־

בילדעט ארבעטער־ראטן מיט טשכעאידזען בראש. סערענסקי יוס־טיץ־מיניסטער. מען דערוואַרט אַמנעסטיע". איצט האָט אויך מיך ארומגעכאפּט אַ ספּאָנטאַנער יובל־געפיל. לויט דער פּאראָרדנונג פונם טשיטאַער פּראָקוראָר האָט מען צומאַרגנס אָנגעהויבן באַפרייען צו־ערשט די קורצטערמיניקע פּאָליטישע. זיי האָבן שנעל צונויפגע־זאַמלט זייערע זאַכן און זענען אַוועק נישט געזעגנענדיק זיך. זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז אויך אונז וועט מען באַלד באַפריי־ען. ס'איז אָבער נישט געווען אַזוי. אין תּפיסה האָט געהערשט אַן אומאויפהערלעכער ליאַרם. די נערוון פון די פאַרבליבענע זענען געשפּאַנט געווען ביז דער לעצטער גרעניץ פון מעגלעכקייט. אַ סך האָבן זיך געפונען אויפן ראַנד פון משוגעת, אַרײַנפאַלנדיק פון האָפנונג אין פאַרצווייפלונג. מיר האָבן איבערגעלעבט אַ שווערע זעלישע דראַמע... ווייסן, אַז דעם צאַר האָט מען אַראָפּגעוואָרפן, אַז די זשאַנדאַרן זענען זיך פאַנאַנדערגעלאָפן, אַז די מאַכט ליגט אין די הענט פון פאָלק, און די פרייהייט דאַך דערוואַרטן, ווי אַ געשאַנק, פון נעכטיקן תּלין, דעם פּראָקוראָר פון טשיטאַ, — וואָס קאָן נאָך זיין טראַגישער פאַר אַ רעוואָלוציאָנער!

אַ כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד פון דאָזיקן טאָג. גאַנץ פרי האָט מען פון דער הויפּט־געביידע, פון דער צעלע פון די לעבנסלענג־לעכע, אַרויסגענומען צוויי אַרעסטאַנטן, זעלנער. מען האָט זיי געבראַכט אין דער שמידעריי, מען האָט אַראָפּגענומען פון זייערע הענט און פיס די קייטן, מען האָט זיי געגעבן דאָקומענטן, נייע שטיוול און מאַנטלען — און מען האָט זיי אַרויסגעלאָזן אין דער פרייער וועלט. די אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן פאַרבראַכט צען יאָר הינטער טונקעלע ווענט, האָבן פאַרלוירן דעם קאָפּ אין דער־דאָזיקער פרייהייט, זענען געווען בלינד ווי די קרעט אויף דער זון. הילפ־לאָזע און פאַרווילדעטע האָבן זיי זיך אַרומגעבלאָנקעט אין דאָרף, האָבן אַרומגעקרייזט די תּפיסה־וואַנט און זיך צוריקגעקערט צום תּפיסה־טויער. ערשט, ווען זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אין דער ליאַרעמדיקער מחנה פּאָליטישע, האָבן זיי באַקומען מוט.

דעם 5־טן מערץ דריי אַזייגער נאָכמיטאָג האָט מען מיך באַ־פרייט און נאָך עטלעכע טעראָריסטן. ווי מערקווירדיק: דער דראַנג צו פרייהייט איז פּלוצלונג פאַרביטן געוואָרן אויף אַפּאַטיע און פאַר־

שטיינערטקייט. ווי איז דאָס געשען? אפשר דערפאַר, ווייל מיינע סאַמע נאָנטסטע פריינט זשראַנאָוו און רייזנער זענען דאָ נאָך פאַרבליבן? איך האָב אויף זיי געקוקט מיט טרערן, און דאָס האַרץ איז מיר צעריסן געוואָרן פון ווייטאָק. רייזנער האָט איבערגעריסן דאָס שווייגן. ער האָט זיך מיר געוואָרפן אויפן האַלדז, מיך געקושט און געפּליסטערט מיט טרערן: „גיי שנעל! דאָס, וואָס דו כאָטש ווערסט פריי, מאַכט אונדז לייכטער דעם געמיט... פאַרגעסט אונדז נישט, ווען די פרייהייט וועט אין אונדז פאַרגעסן"... מיר גייען צו דער טיר, מיר הערן די געזעגענונגס־ווערטער פון הינטן, ס'איז שרעקלעך.

נאָך דעמזעלבן אָוונט שיקן מיר אַ לאַנגע, קאָלעקטיווע טעלעגראַמע צו טשכעאידזען און קערענסקין; מיר פאָדערן צו באַפרייען אַלע חברים. ערשט אין איניקע טעג נאָך אונדזער אָפּפאָרן פון זערענטוי האָב איך באַגריפן, ווי אומחבריש מיר האָבן געהאַנדלט. מיר האָבן זיך נישט געדאַרפט לאָזן באַרוישן דורכן פרייהייטס־יובל, מיר האָבן נישט געטאָרט גיין אָן יענע, מיט וועלכע מיר האָבן זיך געפילט אין גייסטיקער קרובהשאַפט, וועלכע זענען אונדז נענטער ווי לייבלעכע ברידער, און וועלכע די צאַרישע באַאַמטע האָבן נאָך אַלץ באַטראַכט אַלס קרימינעלע. אָדער פאָדערן צו באַפרייען אַלעמען, אָדער אָפּזאָגן זיך פונעם גנאָד, — דאָס איז געווען אונדזער פליכט. די פרייען פון אַקאַטוי האָבן זיך ארויסגעוויזן אַלס בעסער פאַר אונדז...

אויפן וועג קיין סרעטענסק האָבן מיר אויף אַ סטאַציע געטראָפן דריי זייער וויכטיקע הערן. ווען זיי האָבן אויסגעטון די פוטערס, האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַז איינער איז דער פּראָקוראָר, דער צווייטער דער געריכטס־פאָרזיצער פון טשיטאַ. זיי האָבן געדריקט מיין האַנט און אָנגעקניפּט אַ זייער ליבנסווירדיקן שמועס. ווער וואָלט דאָס געגלויבט, אַז די־דאָזיקע פריינטלעכע הערן האָבן פאַרשיקט אויף קאַטאָרגע צענדליקער רעוואָלוציאָנערן. איצט האָב איך געהאַט פאַר זיך עכטע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן דעם אָנהויב פון באַפרייאונג באַגריסט מיט אַזאַ באַגייסטערונג, פונקט ווי זיי, — און נישט איך, — זענען באַפרייט געוואָרן. דער דריטער הער, וואָס האָט אין אַ ווינקל פלייסיק שטודירט אַ בוך, איז געווען

א באַזיצער פון א גאָלדגרובן. ער האָט פּונקט געלייענט בלאָס „געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע"... די הערן האָבן אונז נישט צורו געלאָזט. דער געריכטס־פּאַרזיצער האָט אונז געזונגען לויב־הימנען, גערעדט ראַדיקאַל, דערציילט מיט באַגייסטערונג וועגן גוואַלטיקע איינדרוקן, וואָס די באַגעגעניש מיט די פּאָליטישע קאַטאָרגע־פרויען האָט געמאַכט אויף אים. באַזונדערס איז ער געווען באַגייסטערט פון מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ און האָט אונז ענדלעך דערציילט, אַז ער האָט לכּבֿוד איר פאַרפאַסט א געדיכט, וואָס איז שוין אָפּגעדריקט געוואָרן אין א טשיטאַער צייטונג. ער האָט תּיכּף אַרויסגעשלעפּט פון זיין באַאַמטן־פּאָרטפעל עקזעמפּליאַרן פון דאָזיקן געדיכט און עס אונז פייערלעך דערלאַנגט.

אין סרעטענסק, דער ערשטער גרויסער שטאָט, וווּהין מיר זענען אָנגעקומען נאָך דער קאַטאָרגע, איז באַשטימט געווען אויפן 10 מערץ א פּאַראַד און א הזכּרה פאַר די געפאַלענע פרייהייטס־קעמפער. א פיל טויזנט קעפּיקער המון מיט רויטע שלייפן אויף דער ברוסט האָט אויסגעפילט דעם פּלאַץ. אונז, די ערנגעסט, האָט מען אַוועקגעזעצט לעבן דער טריבונע אויף הויכע ערנפּלעצער. אין אונזערע גרויע רעקלעך און מאַנטלען האָבן מיר, ווי ס'האָט געשיינט, געשטערט דאָס יום־טובֿדיקע בילד פון פּלאַץ. די הזכּרה האָט זיך אָנגעהויבן, דער גייסטלעכער האָט אויפן קול אַרויסגערעדט תּפילה־ווערטער, די שטימען פון קירכן־כאָר האָבן מונטער געקלונגען אין דער פרילינגס־לופט. אַלע האָבן געהאַט א פייערלעכע און פרידיקע שטימונג. דער געמיינזאַמער געדאַנק וועגן פרייהייט האָט פאַרבונדן דידאָזיקע אומגעהייערע מענטשן־מחנה אין איין געפיל פון ענטוזיאַזם.

אָט רעדט אַרויס דער גייסטלעכער די ווערטער: „אַן אייביקער אָנדענק יענע, וואָס זענען געפאַלן אין קאַמף פאַר דער פרייהייט". דער המון האָט א ציטער געטון. די פייערלעכקייט און די רו זענען פאַרשוווּנדן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז א מעכטיקער שטראָם פון טרערן און שמערץ האָט דורכגעשניטן דעם המון. זיפצן, קרעכצן, א הויך געוויין, — און איניקע מינוטן האָט דער מענטשן־ים געציטערט פון טרערן. די שטימונג פון די מאַסן האָט אויך אונז אַרומגעכאַפּט. טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אונזערע אויגן, מיר

האָבן זיך מיט זיי נישט געשעמט... די דאָזיקע כוואַליע פֿון מענטשלעכן געוויין איז פלוצלונג פאַרזונקען אין דער מוזיק פון אָנגעהויבענעם פּאַראַד. שטראַלנדיק פון פרייד האָבן די זעלנער און קאַזאַקן געשווירן טרייקייט דער רעוואָלוציע".

„דעם זעלבן אָוונט זענען מיר אָפּגעפאָרן ווייטער. טויזנטער האָבן אונז באַגלייט צו אונזער וואַגאָן, וואָס איז באַצירט געווען מיט רויטע פענער און בענדער. אונטער די קלאַנגען פון דער מאַרסעליעזע האָט אונזער צוג פאַרלאָזן די סטאַציע. אומצאָליקע הענט, טיכלעך און היטלען האָבן געפאָכעט אין דער לופט צום געזעגענונגס - גרוס. אַזוי איז געווען אויף אַלע סטאַציעס. אומעטום האָט מען פון פאָראויס געוווסט, אַז עס פאָרן אַמנעסטירטע רעוואָלוציאָנערן, אומעטום האָט אונז די גאַנצע באַפעלקערונג באַגעגנט מיט ליכטיקער פרייד. ווען מיר זענען אין עטלעכע טעג אַרום אָנגעקומען קיין טשיטאַ, האָבן אונז מקבל פּנים געווען גוואַלטיקע מענטשן־מחנות מיט מיליטערישע מוזיק־קאַפּעלעס. די גאַסן פון טשיטאַ מיט דעם נישט־געוווינטן ליאַרעם און רויש האָבן אונז באַטויבט. ס'האָט זיך אונז געדאַכט, אַז פון אַ וויסטע זענען מיר אַריינגעפאַלן אין אַ פילמיליאָניקער שטאָט. אין צוויי טעג אַרום איז קיין זערענטוי אָנגעקומען די פאַראָרדנונג וועגן אַמנעסטירן די קרימינעלע. די תּפיסה־געביידעס פון זערענטוי זענען תּיכּף פּוסט געוואָרן, די קאַטאָרגע האָט פּאַקטיש אויפגעהערט צו עקזיסטירן".

זשוקאָווסקי שליסט זיינע דערינערונגען פון יענע טעג מיט אַן עפּיזאָד, וואָס ווייזט מיט דערשטוינלעכער קלאָרקייט דאָס קאָמפּליצירטע פּנים פון דער נאָר וואָס זיך־אָנהויבנדיקער רעוואָלוציע. מענטשלעכע ברוטאַלקייט האָט זיך צונויפגעשטויסן מיט רעוואָלוציאָנערן הומאַניזם. גראָד די אַרעסטאַנטן האָבן שוין אין יענע טעג געוווּסט צו פאַרטיידיקן די פאָן פון הומאַניזם מיט מוט און איבערצייגונג. ווי אָפט וועלן מיר נאָך באַגעגענען דערמאָזיקן טיפן קאָנפליקט אין דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע!

„אין איינעם פון די לעצטע טעג פון חודש מערץ, בין איך מיט די חברים געגאַנגען צום וואָקזאַל, כּדי צוצוזען, ווי פּוייערן קרימינעלע גייען פרייוויליק אויפן פראָנט. גראָד איז פון סרעטענסק אָנגעקומען אַ צוג. פלוצלונג האָב איך דערזען פאַר זיך די פיגור

פון לעצטן קאטאָרגע־פּאַרוואַלטער, דעם הויכן קאַפּיטאַן יעפּטין. אָבער אין וואָסער צושטאַנד איך האָב אים געזען! בלאַס, מיט אויגן פול טויט, פּיין און שרעק, מיט אַ ציטערנדיקער — פון אויפרעגונג — קינבאַק, אינגאַנצן אַ באַשפּיגענער. ער האָט געשיינט צו קומען פון גהינום. הילפלאָז און נעבעכדיק, מיט צוויי וואַליזעס אין די הענט, ענג־אַרומגערינגלט פון דער זערענטויער וואַך, איז ער אויך פאַר מיר אָפּגעטרעטן הינטערווײַלעכץ, דערוואַרטנדיק, ווי ס'שיינט, אויך פון מיר אַ שפּיי און אַ קלאַפּ. ווען ער איז אַרויפגעקומען אויפן פּעראָן, איז ער אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אַ טויזנטקעפּיקן המון אַמנעסטירטע קרימינעלע, הונדערטער הענט האָבן זיך געשטרעקט אים שלאָגן, און דאָס שפּײַעכץ האָט געשפּריצט פון אַלע זייטן, ווי אַ רעגן, אין זיין פעטן פּנים און אין זיין גרויער באָרד.

דאָס דאָזיקע בילד האָט מיך צעטומלט. פאַר מיר זענען אויפגעקומען די סצענעס פון יעפּטינס ווילדער וויליקיר איבער די אַרעסטאַנטן, די הונדערטער צעשלאָגענע, די קרעכצן און דאָס רחמים־בעטן פון די געפּייניקטע, די גרוילן פון אַלגאַטשי, וווּ ער האָט מענטשן פאַרפּייניקט צום טויט אין די אייז־קאַלטע־צעלעס, — דאָס אַלץ האָט אויפגעפלאַמט אין מיין זכּרון און געשריגן נאָך נקמה. דער געדאַנק צוצוגיין צו אים, אַ שפּיי טון אין זיין פּנים מיט מיין גאַנצן האַס, אַ קלאַפּ טאָן אין דאָזיקן ברוטאַלן פּנים, — האָט מיך באַרוישט. ווי פאַרנעפּלט, האָב איך גענומען גיין צו אים. עס האָט זיך אויפגעכאַפּט אין מיר די חיה, פּלוצלונג אָבער האָט מיך באַהערשט אַן אַנדער געפיל, און מיין האַנט איז הילפלאָז אַראָפּגעזונקען. וואַקלענדיק זיך האָב איך מיך אַרויסגעשטופּט פון המון.

אינצווישן איז דער דאָזיקער המון אַלץ געוואָקסן. דער ליאַרעם איז געוואָרן אַלץ דראָענדיקער, און דער לופט האָט געשמעקט מיט בלוט. אַ לינטש־יוסטיץ איז געווען אומפאַרמיידלעך, ווייל אויך די וואַך, וואָס האָט אַרומגערינגלט יעפּטינען, איז גלייכגילטיק געווען צו זיין גורל.

— ווי אַזוי האָסטו מיר צעפּאַסקודזשעט מיין רוקן? — שרייט אַ מאָגערער טובערקולאָזער מענטש.

— מיר האסטו געהייסן געבן הונדערט שמיץ, ווען איך האב נישט געקאנט קומען צו דער ארבעט צוליב קראנק־זיין, — ברילט א צווייטער.

— פארוואס האסטו מיך געפייניקט, דו פארשאלטענער? — קרעכצט א דריטער.

— געשמיסן, — געפייניקט, — געמאטערט —

— אפגעחוזקט! — ווי אויפן גרויסן יום־הדין האבן געדונערט די אנקלאגעס, און בלויז איין קרעכצנדיקע פראגע האט געקלונגען איבערלופטן: „פארוואס"?

און מיטאמאל הער איך א קלארע פרויען־שטים, פול מיט עמפערונג: „זשוקאווסקי, פארוואס שטייט איר ווי א קלאץ? איר שעמט זיך נישט? זעט איר דען נישט, אז דא קומט באלד פאר א לינטש־יוסטיץ? לאמיר נישט דערלאזן"!

ווי אין חלום זע איך פאר זיך די פאליטישע ארעסטאנטין טערענטיעווא. זי טרייסלט מיך פעסט פארן אקסל און שלעפט מיך צוריק אין המון אריין. אבער יעפטינס גרויזאמקייט איז ווידער אויפגעקומען פאר מיינע אויגן. איך בין שטיין געבליבן.

— נאדעזשדא אנדרעיעוונא, איך גיי נישט... איך האב אים צוערשט אליין אויך געוואלט פאטשן, כ'האב מיך אבער באַ־הערשט... איך קאן סיי ווי זיין לעבן נישט ראטעווען, — האב איך געפליסטערט.

— שעמט זיך! — האב איך שוין געהערט טערענטיעוואס שטים פונדערווייטנס.

ווען איך בין געקומען צו זיך, האב איך געזען, ווי טערענ־טיעווא מיט צוויי חברים (איינער פון וועלכע — רייזנער — האט אין יאר 1912 באקומען אין זערענטוי 50 שמיץ און האט געפרווט זיך נעמען דאס לעבן) דרינגען אריין אין המון און פרווון אפ־האלטן די פארחיהשטע מענטשן פון דער לינטש־יוסטיץ... די ענערגיע פון א פרוי, די אויפגערעגטע שטים, וואס האט אפעלירט צו די בעסטע מענטשלעכע געפילן, האבן די מענטשן אויסגעניכ־טערט. יעפטין איז געראטעוועט געווארן, מען האט אים שנעל

אַפּטראַנספּאָרטירט אין תּפיסה. די מאַסן זענען זיך לאַנגזאַם פאַנאַנדערגעגאַנגען".

* * *

נאַדעזשדאַ טערענטיעוואַ איז געווען איינע פון די אַקאַטויעריגס, וואָס זענען אין יענע טעג באַפרייט געוואָרן צוזאַמען מיט ספּירידאָנאָוואַן. אויך דידאָזיקע באַפרייאונג איז נישט פאָרגעקומען אַזוי פּשוט. ווען מען האָט מיטגעטיילט די פרויען, אַז זיי זענען פריי און קאָנען פאַרלאָזן די תּפיסה, האָבן זיי זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט פון דער פרייהייט, ווייל דער פּראָקוראָר האָט צוויי זייערע חברטעס קוואַליפיצירט אַלס קרימינעלע און זיך אָפּגעזאָגט זיי צו באַפרייען. אַלע, פון ספּירידאָנאָוואַן ביז טערענטיעוואַן, האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר די צוויי חברטעס, און זענען פאַרבליבן נאָך דריי טעג אין תּפיסה, ביז זיי האָבן אויסגעקעמפט זייער געמיינזאַמע באַפרייאונג.

ספּירידאָנאָוואַ האָט איצט דורכגעמאַכט אויף צוריק אין טריאומפצוג דעמזעלבן וועג, מיט וועלכן זי איז פאַר עלף יאָרן געפאָרן קיין אַקאַטוי. זי איז אָנגעקומען קיין טשיטאַ, ווו די יובלענדיקע באַפעלקערונג האָט זי גלייך אויסגעוויילט אַלס בירגערמייסטער. זי האָט געמוזט נאָכקומען דעם ווונש פון דער באַפעלקערונג און פאַרבלייבן דאָ מערערע וואָכן. איר ערשטע טאַט, אַלס פירערין פון באַפרייטן פאָלק, איז באַשטאַנען אין אַרויסגעבן אַ באַפעל, אויפצורייסן די תּפיסה פון טשיטאַ.

דאַן איז זי אָפּגעפאָרן קיין רוסלאַנד, וווהין עס האָט זי גערופן, מיט טויזנט צינגער, די רעוואָלוציע. זי איז מער נישט געווען די צוואַנציק־יאָריקע מאַרוסיאַ, וואָס האָט אַלס צאַרט, אומדערפאַרן מיידל געבראַכט דער רעוואָלוציע איר ערשטן קרבן. איצט, נאָך עלף יאָר אויפגעסמען אין זיך די טיפסטע איבערמענטשלעכע פּיין, האָט זי זיך צוריקגעקערט אַ גערייפטע אין לאַנגיאָריקער פּאָליטישער און מאָראַלישער דערציאונג. זי איז געפאָרן אין צענטר פון דער רעוואָלוציע מיט אַ טיף־דורכגעטראַכטער, מאַקסימאַליסטישער, עטיש־באַגרינדעטער פּראָגראַם. זי האָט זיך דערביי געפילט אַרומגערינגלט פון די גרויסע שאָטנס פון גערשוני.

סאזאנאוו און אנדערע געפאלענע העלדן. דאס באוווסטזיין פון דער פליכט לגבי די הארעפאשניקעס און פון איר אייגענער קראפט, האבן אין איר געשאפן דאס גרויסע געפיל פון אחריות און אקטיוויטעט. אויף דער ארענע פון דער רעוואלוציע איז איצט ארויף נישט מארוסיא, נאר מאריא אלעקסאנדראוונא ספירידא־נאווא.

# אינהאַלט:

## באַנד I.

### טייל 1: דער אַטענטאַט און דאָס מאַרטירערטום:



### טייל 2: די רוסישע קאַטאָרגע

י. נ. שטיינבערג

# מאַריאַ ספּירידאָנאָווא
## (איר לעבן און קאַמף)

יידיש: י. ראַפּאַפּאָרט

II. באַנד

צווייטע אויפלאגע

פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1937

„געבענטשט זאָלן זײַן יענע מינוטן, שעהן און חדשים, אין משך פון וועלכע דאָס זעעוודיק־געוואָרענע פאָלק האָט אין אויסברוך פון הייליקן ענטוזיאַזם זעלבשטענדיק אַראָפּגע־וואָרפן זײַנע קייטן און דעם דרוק פון זײַנע עקספּלואַטאַטאָרסיי.

(מ. ספּירידאָנאָוואַ אויפן קאָנגרעס פון די פּראָפּ־פאַרײַנען אין פּעטראָגראַד, דעם 10־טן יאַנואַר 1918).



# דער שטורעם ברעכט אויס

די רעוואָלוציע איז אַראָפּגעפאַלן אויפן רוסישן פאָלק ווי אַ קאָסמישער ווונדער. עס האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן, אַז דער מעכטיקער געבײַ פון צאַריזם, וואָס האָט יאָרהונדערטן לאַנג אויסגעהאַלטן אַלע שטורעמס, איז פּלוצלינג אײַנגעפאַלן. די מרידה האָט זיך אָנגעהויבן בײַ די ברויט־רייען פון די אַרבעטער־פרויען אין פּעטראָגראַד; דערנאָך זענען געקומען מערטאָגיקע אַרבעטער־שטרייקן; אויף די גאַסן זענען פאָרגעקומען אומבאַדייטנדע שיסע־רייען מיט פּאָליציי און קאָזאַקן, און מיטאַמאָל — די רעוואָלוציע איז דאָ, אַ טריאומפירנדע, אַ שטראַלנדע פון גליק, אַן אומבאַזיג־באַרע. דאָס, וואָס אין 1905 און שפּעטער איז געווען בלויז ציל און בענקשאַפט, בלויז קאַמף און קרבנות, איז אין פעברואַר 1917, אין משך פון שעהן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צווײַפערהאַפטערווירקלעכקייט. אַלץ, וואָס האָט מיט אײַזערנע צוואַנגען געשטיקט דאָס פאָלק: אַרמיי און קייזערלעכע גוואַרדיע, פּאָליציי און קאָזאַקן, דאָס העכערע און נידעריקערע באַאַמטנטום, — איז פאַרשוווּנדן פון דער לעבנס־אויבערפלאַך.

אײַנגאַנצן מיט אייניקע טעג צוריק, ווען דער פּאָרזיצער פון

דומע, דער גרויסגרונטבאזיצער ראָדזיאַנקאָ, האָט אָנגעפֿרעגט טע־לעפאָניש אין צאַרישן הויף, האָט ער באַקומען אַלס תשובה: אויפֿ־לייזן די דומע. די דומע איז שוין גרייט געווען צו פאָלגן, האָט זיך אָבער אריינגעמישט די קעמפנדע גאַס. דער וואָלינער פּולק האָט שוין מאַרשירט צום טאַווּרישן פּאַלאַץ, אונטערצושטיצן די מרידה. וואָס האָט דאָ די דומע געקאָנט טאָן? זי האָט געמוזט שאַפֿן אַ רע־וואָלוציאָנערן קאָמיטעט, ראָדזיאַנקאָ איז געוואָרן פֿאָרזיצער, ער האָט אויפֿגעפאָדערט די ארמיי־פירער צו סאָלידאַריטעט. דער־לעצטער צאַר איילט אין קייזערלעכן צוג קיין פּעטראָגראַד, אָבער די האַנט פון דער רעוואָלוציע האַלט אָפּ דעם צוג. די פירער פון די מאָנאַרכיסטן אין דער דומע פאָרן צום צאַר, צווינגען אים אָפּצו־זאָגן זיך פון טראָן. דער געפאַלענער הערשער פון לאַנד ווערט אי־בערגעגעבן אין די הענט פון יוסטיץ - מיניסטער קערענסקי. אין טאַווּרישן פּאַלאַץ — ווו עס איז נאָך נאָרוואָס געווען דער זיץ פון דער רעגירונג, ווערן געבראַכט די אַרעסטירטע צאַרטרײַער מיני־סטאָרן. און האַרט נעבן דומע - קאָמיטעט באַזעצט זיך דער ערש־טער אַ ר ב ע ט ע ר - ר אַ ט.

ווי אַלץ האָט זיך געביטן!

דער הייליקער פּלאַץ פאַרן ווינטער - פּאַלאַץ, אויף וועלכן טויזנטער זענען דעם 9־טן יאַנואַר געפאַלן אויף די קני פאַרן צאַר אין קנעכטישער טרייקייט, איז מער נישט געווען קיין הייליקטום. די פּאַראַדנע גאַסן פון דער קייזערלעכער פּראַכט־שטאָט, וואָס אַר־בעטער - דעמאָנסטראַציעס האָבן געקאָנט מאַרשירן איבער זיי בלויז פאַרן פּרייז פון בלוטיקע קרבנות, זענען מיט איין מאָל גע־וואָרן אָפן פאַר יעדן איינעם. נישטאָ מער קיין צענזור און תּפיסות, נישטאָ קיין מאכט און קיין געהאָרכזאַמקייט! דאָס טראַציקע רע־וואָלוציע - ליד קלינגט אומגעשטערט אין די גאַסן, די רויטע פּע־נער פלאַטערן אין דער לופט מיטן באַוווסטזיין פון נצחון. דאָס אַרבעטער - רעקל, דער זעלנער - שינעל, דאָס בונטע קאָפּ - טיכל פון דער אַרבעטער - פרוי באַהערשן די גאַס. די נעמען פון די אַרעסטירטע רעוואָלוציאָנערן זענען אויף אַלעמענס ליפּן. אַ תּיכּף־דיקע אַמנעסטיע וועט זיי אַלע צוריקברענגען אויף זייערע קאַמף־

פלעצער אלס טריאומפאטארן. אפילו די קירכן־גלאָקן גיבן זייער ברכה דעם אומפארמיידלעכן.

און די פּאָליטישע און סאָציאַלע פראגן פון לאנד? עס האָט זיך געדראכט, אז זיי וועלן שוין פון זיך אליין געלייזט ווערן. ווייל אין די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע האָט זיך גארנישט געהאנדלט וועגן פּאָליטיש - סאָציאַלע פּראָבלעמען. די מיליאָנען אונטערטאנען אין שטאָט און דארף און אין די אָקאָפּעס זענען גליקלעך מיט זייער מאָראַלישער דערלייזונג, מיט זייער ענדגילטיקער באפרייאונג פון גייסטיקן דרוק און דערנידעריקונג. אָט דאָס באגליקנדיקע באוווסטזיין, וואָס איז אזא זעלטנהייט אין דער וועלט - געשיכטע, האָט ארומגעכאפּט די מענטשן פון אלע קלאסן, פון אלע שטאנדן, פון אלע נאציעס. כוואַליעס פון אומגעצוימטער פרייד האָבן זיך פאנאנדערגעגאָסן פון פּעטראָגראד אין די פּראָווינצן, אין די פּאַרוואָרפנסטע דערפער און סטעפּעס. פון דער דאָזיקער פרייד איז ביי די מאסן אויסגעוואקסן דאָס געפיל פון אלגעמיינער פארבונדנקייט און פארברידערונג. עס האָט געשיינט, אז דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאנד איז געוואָרן אן אייניק פאלק.

דאָס האָט זיך נאָר געדאכט אזוי. ווען די גליקלעכע יורשים פון צארישן רעזשים האָבן אָנגעהויבן אויסצופּאקן די צארישע ירושה, האָבן זיי גלייך באמערקט, אז זיי געפינען זיך אין פארשידענע, נאָכמער: פיינטלעכע לאגערן. אין די יאָרצענטליקער פון קאמף האָט זיי געאייניקט דער דעוויז: „נידער מיטן צאר!" אין די פּליטער־טעג פון איבעראשנדן זיג, האָבן זיי זיך פאראייניקט אינעם יובל־אויסגעשריי: נישטאָ מער קיין צאר!... אָבער דער ערשטער וואָכנטאָג פון דער רעוואָלוציע האָט זיי געוויזן, אז הינטער דער בשותפותדיקער איינמאָליקער איבערלעבעניש פון באפרייט ווערן, ליגן די שארפסטע קעגנזאצן ביים באשטימען דעם אינהאַלט פון דער פרייהייט. דאָס רעוואָלוציאָנערע לאנד האָט זיך געשפּאָלטן אין צוויי, אפילו אין דריי קלאסן־פיינטלעכע לאגערן.

דער קריג איז געווען יענער היסטאָרישער פאקטאָר, וואָס האָט אויפגעשטעלט די ערשטע קלאסן־באריקאדע אין רוסישן פאָלק. פאר די בירגערלעכע קלאסן האָט די רעוואָלוציע קודם כל באדייט: א באפרייטער וועג צו פירן בעסער דעם קריג. רעוואָלוציע האָט פאר זיי

באַדייט נישט אַזוי באַפרייט פֿאָלק, ווי באַפרייטע אַרמיי. דאָס אומ־ פֿעיקע און קאָרומפּירטע באַאַמטנטום פֿון צאַר האָט געזאָלט פֿאַר־ ביטן ווערן דורך אַ ערלעכן, מאָדערנעם אַפּאַראַט פֿון אַ ליבעראַלן רעזשים. אַזאַ רעזשים וועט באַלעבן די אַרמיי מיט פּאַטריאָטיזם און ווידער איינרייען רוסלאַנד אין דער „פֿאַמיליע“ פֿון די גרויס־ מאַכטן. דער קריג וועט אויך צוימען און מילדערן די דערוואַכנדע סאָציאַלע ווונטשן פֿון די מאַסן. דאָס בירגערטום האָט פֿאַרמאָגט אַן אייגן פּאָליטיש־סאָציאַלן ווונטש־בילד. אין דער נייער מלוכה — אַלץ איינס, צי דאָס וועט זיין אַ רעפּובליק אָדער אַ קאָנסטיטוציאָ־ נעלע מאָנאַרכיע — זאָלן די מאַסן באַקומען דאָס רעכט אויף אַרויס־ זאָגן זייערע מיינונגען, אויף אַ פּאַרלאַמענט; דאַקעגן זאָל ביי דער בורזשואַזיע פֿאַרבלייבן דאָס רעכט אויף אָנפֿירן מיט דער מלוכה, אויף דער מאַכט. נעבן דאָזיקן פּאָליטישן אידעאַל, האָט פֿאַרנומען אַ ווירדיק אָרט אַ קרובֿהשערווירטשאַפֿטלעכער אידעאַל פֿאַרן באַפרייטן רוסלאַנד. אויפֿן רעוואָלוציאָנערן באָדן דאַרף אויפֿגעבויט ווערן אַ פֿעסטער בנין פֿון אייראָפּעישן קאַפּיטאַליזם; נאָכן פֿאַרענ־ דיקטן קריג האָבן געוווּנקען אַ געוואַלטיקער אינערלעכער מאַרק, פֿרעמדע קאָלאָניזאַציע־געביטן, וועלט־ווירטשאַפֿטלעכע קאָמבינאַ־ ציעס. דער פּראָלעטאַריאַט וועט זיך אין רוסלאַנד אונטערוואַרפֿן דערדאָזיקער עקספּלואַטאַציע־סיסטעם, ווי אומעטום. אַלס קאָמפּענ־ סאַציע וואָלט ער באַקומען אַ סאָציאַלע געזעצגעבונג, מען וואָלט אים אין געוויסע גרענעצן צוגעלאָזן צו דער „ציוויליזאַציע“. די גרויסע גרונט־באַזיצער האָבן זיך געגרייט צו באַקומען פֿון דער מלוכה אַ „יושרדיקע“ אַנטשעדיקונג ביי דער אומפֿאַרמיידלעכער עקספּראָפּריאַציע פֿון זייערע ערד־שטחים; די דאָזיקע אַנטשעדיקונג האָבן זיי געוואָלט אַריינגיסן אַלס גאָלדענעם שטראָם אין דער קאַפּי־ טאַליסטישער אַנטוויקלונג פֿונם לאַנד. אַלזאָ: אַ מלוכה מיט מיליאָ־ נען קליין־פּויערים, מיט אַ סאָציאַל־קאָרומפּירטן פּראָלעטאַריאַט, מיט די ערלעכסטע פּערספּעקטיוון רייך צו ווערן, מיט אַ מאַכט־ לאָזן פּאַרלאַמענט און מיט אַ ליאַרעמדיקער אויסערן־פּאָליטיק, — אָט דאָס איז געווען דער פּאָליטיש־ווירטשאַפֿטלעכער אידעאַל פֿון רוסישן בירגערטום אויף צומאָרגנס נאָכן אָראָפּוואַרפֿן דעם צאַ־ ריזם. דאָס דאָזיקע בירגערטום איז תּיכּף געוואָרן אַן אָפּן רעאַקציאָ־

נערער עלעמענט אין דער רעוואָלוציע. אין דער שפּיץ פון די דאָזיקע שיכטן האָבן זיך געשטעלט דער פירשט לוואָוו (ליבעראַלער גוט־באַזיצער), א. גוטשקאָוו (ליבעראַלער אינדוסטריעלער), פּראָפעסאָר מיליוקאָוו (גייסטיקער פירער פון ליבעראַלן בירגערטום). מיליוקאָוו האָט צום בעסטן סימבאָליזירט די קאַרדינאַלע פאַרוואַנדלונג פון בירגער אינם פייער פון דער רעוואָלוציע. דעמזעלבן טאָג, וואָס דער צאַרישער טראָן איז צעבראָכן געוואָרן, איז מיליוקאָוו ארויסגעטרעטן פאַרן רעוואָלוציאָנער־באַגייסטערטן פאָלק אין טאַורישן פּאַלאַץ און אויפגעפאָדערט... אויפצוריכטן דעם טראָן פון אַלעקסיי ניקאָלאַיעוויטש. מיליוקאָוו, וואָס איז געוואָרן אויסערן־מיניסטער, האָט אויך איבערגענומען פון צאַריזם אַלע זיינע אימפּעריאַליסטישע גלוסטונגען — אויף קאָנסטאַנטינאָפּאָל, דאַרדאַנעלן א. א. וו.

צי זענען דאָס אויך געווען די אידעאַלן פון די פאָלקס־מאַסן, פון די אַרבעטער און פויערים? זיי האָבן געטראָגן אין האַרצן און אין באַוווסטזיין פּונקט דאָס פאַרקערטע פון יענע קאַפּיטאַליסטישע ווונטש־בילדער. עס האָט זיך געהאַנדלט נישט אַזוי וועגן גענוי פאָרמולירטע פּראָגראַמען, נאָר וועגן דעם לאַווינע־אַרטיקן אויסברוך פון פאָלקס־טרוימען, וואָס זענען רייף געוואָרן אין דורות פון פּיין און דערנידערונג. ס'איז געקומען צום אויסדרוק די גליענדע בענקשאַפט נאָך מענטשלעכן רעכט, נאָך באַפרייטער מענטשלעכער אַרבעט, נאָך באַפרייטער און ערלעך־פאַרטיילטער ערד. די אַלע פאָדערונגען זענען פאַר די מאַסן געווען מער ווי בלויזע פּאָליטישע אוןווירטשאַפטלעכע פּאָסטולאַטן; זיי זענען געווען פאַר זיי, קודם כל, דער אויסגאַנג פון א שמוציקער שקלאַפן־עקזיסטענץ און דער איינגאַנג אין א ניי, גערעכט מענטשן־לעבן, די ערד, וואָס די פויערים האָבן זי געוואָלט באַפרייען, זאָל מער נישט זיין קיין פּריוואַט־אייגנטום; ניין, זי, — „וואָס געהער קיינעם נישט", — זאָל זיין א קוואַל פון פּרייזיקן און קאָלעקטיוון שאַפן. אין דער דאָזיקער ערד איז פאַרן רוסישן פויער לעגן נישט נאָר זיין גאַנצע עשירות און אַרבעט, נאָר אויך דער גאַנצער פּלאַן פון זיין פּערזענלעכן און סאָציאַלן לעבן, זיין רעליגיע און זיין קולטור. די אין משך פון יאָרהונדערטער אומגעשטילטע בענקשאַפט נאָך א ריין לעבן האָט זיך

איבערגעטראָגן אויף די שטאָטישע אַרבעטער, וואָס זענען על־פּי־רוב געבליבן טיף פאַרבונדן מיטן פריערישן דאָרף.

אויך דער שטאָט־פּראָלעטאַריער — דער אָרגאַניזירטער אין סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און דער אומאָרגאַניזירטער — האָט געשטרעבט, אין די קאַמפן פון דער צאַרישער צייט, נאָך עפּעס מער, ווי בלויזע פּאָליטישע פרייהייט און סאָציאַלע גערעכטיקייט. ער האָט אומקלאָר געטרוימט פון אַ נייער געזעלשאַפט, וווּ עס וועט מער נישט עקזיסטירן קיין שקלאַפעריי און קיין אומגערעכטיקייט. זיין ברודער און פאָטער אין דאָרף האָבן זיך אַקאָרשט אינגאַנצן באַפרייט פון „באַרין", וואָס האָט זיי עקספּלואַטירט ווירטשאַפטלעך, פּאָליטיש און גייסטיק. פאַרוואָס־זשע זאָל אויך דער אינדוסטריי־אַרבעטער נישט שטרעבן צו באַפרייען זיך פון זיין אייגענעם „באַרין", דעם פאַבריקאַנט? ענדגילטיקע באַפרייאונג און אַ גערעכט לעבן פאַרן קלענסטן פאָלקס־מענטשן, אָט וואָס די מאַסן האָבן געפאָדערט. אָבער די דאָזיקע מאַקסימאַליסטישע פּראָגראַם האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ מויער פון פייער און בלוט, אויפן קריג. די רעוואָלוציע איז דערייבער געוואָרן פאַר די מאַסן קודם כל דער אינסטרומענט, וואָס דאַרף מאַכן אַ שנעלן סוף צו דער פעלקער־שחיטה. די מאַסן האָבן קיינמאָל נישט באַגריפן דעם זין פון דאָזיקן פעלקער־מאָרד, וואָס איז געווען דער ברוטאַלסטער פיינט פון זייערע אַלע באַפרייונגס־טרוימען. די ליידן פון קריג האָבן מיט אַ באַזונדערער קראַפט אונטערגעשטראָכן, פאַרשאַרפט און געהייליקט די בענקשאַפט פון די מאַסן נאָך דערלייזונג. דער שלום איז געוואָרן פאַר זיי יענער איינציקער געבענטשטער טויער, דורך וועלכן זיי מוזן דורכגיין, כּדי צו דערגרייכן פרייהייט, ערד, אַרבעט. דאָס פאָלק איז געווען באַוואָפנט. דידאָזיקע וואָפן האָט עס מער נישט געוואָלט באַנוצן קעגן „נאַציאָנאַלן שונא", נאָר פאַר זיין סאָציאַלער באַפרייאונג. עס האָבן אויך עקזיסטירט די דערצו נויטיקע פּאָליטישע אָרגאַנען — די ראַטן פון די אַרבעטער־ זעלנער־ און פויערים־דעפּוטאַטן. אין דידאָזיקע ראַטן — די סאָוויעטן — זענען געווען פאַרטראָטן נאָר דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק, קיין שום בירגערטום, קיין שום קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסן.

צוויי פּראָגראַמען, וואָס זענען היפּקוויט איינע פון דער צווייטער! איינע וויל עפענען אַ נייַ קאַפּיטל אין דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה־אַנטוויקלונג, נאָך אַ זיגעריש פאַרענדיקטן קריג; די צווייטע וויל געפינען דעם וועג צו אַ סאָציאַליסטישער איבערקערעניש אין לאַנד, נאָך דער רעוואָלוציאָנערער ליקווידאַציע פון קריג. אין דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג וועט קומען צום אויסדרוק די פּראָגראַם פון דער רעאַקציע; אין די ראַטן — די פּראָגראַם פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די מאַסן, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אין די ראַטן, האָבן נאָך נישט געהאַט קיין אָנערקענטע פירער; די באָלשעוויקעס, די לינקע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, די אַנאַרכיסטן, זענען ערשט שפּעטער אַרויפגעטרעטן אויף דער אַרענע פון דער רעוואָלוציע. אָבער די געוואַלטיקע שטויס־קראַפט פון די דאָזיקע אַנאָנימע מאַסן האָט געשאַנקען דער רעוואָלוציע יענעם הוראַגאַן־אַרטיקן כאַראַקטער, וואָס האָט זי תיכּף אַריבערגעטראָגן איבער די גרענעצן פון אַ מיושבדיקער מלוכה־איבערקערעניש.

פאַרוואָס־זשע האָבן די דאָזיקע מאַסן נישט אַרויסגערידקט זייער שטעמפּל אויף די געשעענישן? ווייל נישט תּמיד גייט די געשיכטע מיט איינפאַכע וועגן. ווייל צווישן רעאַקציע און רעוואָלוציע האָט זיך פאַרקליבן אַ דריטער היסטאָרישער עלעמענט: דער רעפאָרמיזם. די אינטערעסן פון די האָרעפאַשניקעס האָבן צוערשט פאַרטראָטן די סאָציאַליסטן פון מעסיקע ריכטונגען: די סאָציאַל־דעמאָקראַטן (מענשעוויקעס) און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן. דאָס אַרבעטס־פאָלק האָט זיי די ערשטע געפונען אויפן פּאָסטן, עס האָט געזען, ווי זיי בויען אויס די ראַטן, און אין עלעמענטאַרן געפיל פון צוטרוי האָט עס זיי געגעבן זיינע פולמאַכטן. די מעסיקע סאָציאַליסטן זענען געשטאַנען פּנים־אל־פּנים מיט די גאַלאָפּירנדיקע געשעענישן און האָבן געפילט אין זייער ברוסט צוויי נשמות. זיי האָבן געוואָלט פאַרן אַרבעטער־קלאַס אַ פּאָליטישע דעמאָקראַטיע, דעם וואָס־גרעסטן וווילשטאַנד אויפן סאָציאַלן געביט, אַ בכּבֿודיקן שלום אין דער אויסערן־פּאָליטיק. זיי האָבן אָבער באַטראַכט פאַר אוממעגלעך אַריבערצוטרעטן די גרענעצן פון אַ בירגערלעך־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. דער קאַפּיטאַליזם, לויט זיין אייראָפּעישן און אַמעריקאַנער מוסטער, איז פאַר זיי געווען אַן אַבסאָלוט געזעץ.

מען טאָר ניִשט אָפּוואַרפן די הילף פון רוסישן בירגערטום. דאָס פאָלק דאַרף ניִשט וואַרפן אויפן וואָגשאָל דעם כּמות פון זיין דערדריקנדיקער מערהייט און די קוואַליטעט פון זיינע אומגעהויערע ליידן, ווייל ער קאָן דערמיט אָפּשטויסן די בירגערלעכע קלאַסן. אָבער ניִשט נאָר מיט דער רוסישער בורזשואַזיע האָבן זיך גערעכנט די מעסיקע סאָציאַליסטן: אויך דער געדאַנק וועגן די הערשנדע קלאַסן פון דער אַנטאַנט האָבן באַשטימט זייערע פּאָליטישע פּלענער. רוסלאַנד האָט דאָך געפירט דעם קריג „אין בונד מיט די מערב־דעמאָקראַטיעס“. די מלוכהמעניש געשטימטע רעפאָרמיסטן האָבן באַטראַכט פאַר זייער פליכט צו בלייבן טריי די אָפּמאַכן, וואָס דער צאַריזם האָט געשלאָסן מיט די מערב־מלוכות. זיי זענען אַזוי אַרום געווען איינגעקלעמט צווישן צוויי קאָאַליציעס מיטן קאַפּיטאַל: פון פאָטערלענדיש־רוסישן און פון אויסלענדישן אויפן קריגס־פעלד.

דאָס האָט פאַר די מעסיקע סאָציאַליסטן געשאַפן אַ טראַגישע לאַגע. זיי האָבן געוואָלט זיין די פאַרמיטלער צווישן סאָציאַלער רעוואָלוציע און סאָציאַלער רעאַקציע, — און דאָס האָט זיי אומפאַרמיידלעך געפירט אויף דער זייט פון די קאָנסערוואַטיווע כּוחות. זיי האָבן זיך באַגייסטערט מיט די לאָזונגען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע: פרייהייט, פאָטערלאַנד, נאַציע, רעפובליק, דעמאָקראַטיע, — און האָבן ניִשט באַמערקט, אַז די דאָזיקע ווערטער זענען געוואָרן פילדייטיק אין דער ברענענדיקער לופט פון דער רעוואָלוציע אין 20־טן יאָרהונדערט. די פּאָליטישע טאַקטיק פון די ניכטער־דענקענדע רעפאָרמיסטן איז געוואָרן קאָמפּליצירט און פאַרפּלאָנטערט. זיי האָבן די אָפיציעלע רעגירונגס־מאַכט איבערגעגעבן אין די הענט פון די בירגערלעך־ליבעראַלע פּאַרטייען. אַלס פאַרטרעטער פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע—אַלס „ערובניק פון פאָלק“ — האָבן זיי צווישן צען בירגערלעכע מיניסטאָרן אַריינגעזעצט קערענסקין אַלס יוסטיץ־מיניסטער. קערענסקי איז, אגב, געווען דער טיפּישער פאָרשטייער פון די רעפאָרמיסטן, וואָס האָבן געוואָלט פאַראייניקן פאָטערלאַנד מיט אינטערנאַציאָנאַל, רעפובליק מיט ראַטן, קאַפּיטאַליזם מיט סאָציאַלער מאַכט פון די אַרבעטנדיקע. קערענסקי, דער אויסגעשפּראָכענער אינטעליגענט, איז

געווען פֿאָלקס־פֿרײַנטלעך און פּאַטריאָטיש געשטימט, מלוכה־מעניש און פּאַטערלענדיש: די דאָזיקע קעגנזאַצן האָט ער פֿאַרקניפּט אין אַ וועלט־אַנשויונג אויפֿן יסוד פֿון פֿאַרשוווּמענע באַגריפֿן פֿון „ליבע און באַרעמהאַרציקייט". קערענסקי וועט גאַנץ גיך מוזן איבערלעבן די שווערסטע קלעפּ.

די רעגירונג — אין די הענט פֿון מיליוקאָוו, לוואָוו און גוטשקאָוו. די מאַסן — אין די ראַטן, ווו די מאַיאָריטעט געהער די רעפֿאָרמיסטן. זיי זענען דאָ נישט די איינציקע וואָרט־פֿירער. שוין אין די ערשטע טעג האָט זיך געלאָזט הערן די נאָך אומזיכערע שטים פֿון די ראַדיקאַלן. בעת דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער טוער זענזינאָוו האָט געפֿאָדערט ווײַטער צו פֿירן דעם קריג, האָט דער ווײַניק־באַקאַנטער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער אַלעקסאַנדראָוויטש קלאָר דערקלערט: „נידער מיטן קריג! זאָל לעבן די אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציע!" אָבער די דאָזיקע שטימען זענען געבליבן פֿאַראיינצלט אין רעפֿאָרמיסטישן כאָר. לויט זיי האָבן די ראַטן נישט געדאַרפֿט רעגירן, נאָר קאָנטראָלירן, נישט פֿאַרבײַטן די געזעצלעכע רעגירונג, נאָר אונטערשטיצן זי מיט דער הילף פֿון די מאַסן. די ראַטן דאַרפֿן אויפֿנעמען אין זיך די כוואַליעס פֿון פּראָלעטאַרישן שטורעם און זיי דאַן איינצוימען, צופּאַסן צו דער בירגערלעכער רעוואָלוציע. די געצוימטע ראַטן דאַרפֿן — אַלס פֿאַרקערפּערער פֿון סאָציאַלער רעפֿאָרם — שטיין אינדערמיט צווישן דער רעגירונג, וואָס מוז שטרעבן צו רעאַקציע, און די אונטערדרישע כוחות פֿון דער רעוואָלוציע, וואָס גרייטן זיך צו דער צוקונפֿט.

פֿאַרוואָס האָבן די מאַסן געוויילט און פֿאַרטראָגן אַזעלכע ראַטן? ווײַל די מעסיקע סאָציאַליסטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַזעלכע ערשט אין שפּעטערדיקן לויף פֿון דער רעוואָלוציע, ווײַל די סאָציאַליסטן פֿון אַלע ריכטונגען זענען באַקאַנט געווען די מאַסן אַלס ראַדיקאַלע קעמפֿער קעגן צאַריזם און קאַפּיטאַליזם. די מאַסן זענען צום ערשטן מאָל אַרויפֿגעטראָטן אויף דער אַרענע פֿון דער געשיכטע. זיי זענען אָנגעלאָדן געווען מיט אויפֿרייס־שטאָף פֿון נאָך קיינמאָל־נישט־געאַנטער קראַפֿט, זיי האָבן אָבער נישט פֿאַרמאָגט קיין שום היסטאָרישע דערפֿאַרונגען. זיי האָבן זיך אָנגעטרויט די סאָציאַליסטן, וועלכע זיי האָבן געקענט און ליב געהאַט אַלס רע־

וואָלוציאָנערן און מערטירער פון זייער פּראָלעטאַרישער זאַך. אַגב, די וועגן, וואָס די רעפאָרמיסטן האָבן פאָרגעשלאָגן, האָבן געשיינט צו זיין די פּראַקטישסטע און איינפאַכסטע. עס איז כאַראַקטעריס־טיש, אַז אין יענער ערשטער צייט פון דער רעוואָלוציע, איז די אָפיציעלע ליניע פון די ראַטן געשטיצט געוואָרן אויך דורך סטאַ־לינען און קאַמענעוו, די באָלשעוויסטישע פירער. דעריבער איז דער אויטאָריטעט פון פּעטראָגראַדער ראַט געווען אייזן־פעסט אין באַוווּסטזיין פון רוסישן אַרבעטס־פאָלק. און קערענסקי האָט גע־שטראַלט אין אָרעאָל פון געליבטסטן פירער פון די מאַסן.

## II

## דער ערשטער קאָנפליקט

דער וואולקאַנישער באָדן פון דער רעוואָלוציע איז גאָר אינגיכן אויפגעטרייסלט געוואָרן דורך די שאַרפסטע קאָנפליקטן. די רעגי־רונג האָט פאַרקערפּערט די אָפיציעלע מאַכט; זי האָט גערעדט אין נאָמען פון דער נאַציע צו די מאַסן, צו דער אַרמיי, צום אויסלאַנד, אָבער פאַקטיש איז די מאַכט געלעגן אין די הענט פון פּעטראָגראַ־דער ראַט. כּדי צו פאַרמיידן אַ טאָפּל־הערשאַפט, האָט מען געשאַפן אַ „קאָנטאַקט־קאָמיסיע", וווּ עס זענען געזעסן פאָרשטייער פון דער רעגירונג און פון די ראַטן. די ראַטן־פאָרשטייער האָבן אויסגעאיבט אַ דרוק אויף די מענער פון דער בירגערלעכער רעגי־רונג, אָבער זיי גופא האָבן זיך אויך געפונען אונטערן דרוק פון די מיניסטאָרן. דיראָזיקע לעצטע האָבן געהאַט אין זייער רשות די סודות פון דער מלוכה־פאַרוואַלטונג, האָבן געהאַט אין האַנט אַלע פאַרבינדונגען מיט די באַזיצנדע קלאַסן אין לאַנד און די אויסלענדישע מאַכטן. די ראַטן־פאָרשטייער האָבן אויסגעקעמפט ביי דער רעגירונג געוויסע פאָדערונגען פון די מאַסן, אָבער דאָך זענען זיי אַליין מער און מער אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון דער רעגירונגס־אידעאָלאָגיע. אַנשטאָט צו טראָגן די אחריות לגבי דעם רעוואָלוציאָנערן פאָלק, האָבן זיי זיך איצט געשפּירט

פאראנטוואָרטלעך פארן לאנד און פאר דער נאציע. די נאציע האָט בלומרשט געוואָלט זיין א ברייטערער באזיס פאר דער רעוואָלוציע; אינדערעמתן איז זי געוואָרן די פלאטפאָרם פון די באזיצנדע קלאסן.

די מאסן האָבן דורכגעשטראָכן די קונציקע רעכענונגען פון די צענטראל־אָרגאנען: זיי האָבן אויסגענוצט די טאפל־הערשאפט פאר זיך. זיי האָבן פאקטיש פארמאגט די מאכט און זענען לחלוטין נישט געניגט געווען אָפצוטרעטן זי עמיצן. דער צאַריזם איז מיט שטורעם אויסגעקערט געוואָרן, און פון די גאסן פון אומגעהייער גרויסן לאנד איז פארשוונדן אפילו דער לעצטער פאָליציאנט. די פראָוויזאָרישע רעגירונג האָט אריינגעזעצט אירע קאָמיסאָרן אין די שטעט און פראָווינצן. דידאָזיקע אָרגאנען האָבן אָבער גאָרנישט געקאָנט מאכן אָן דער הילף און אונטערשטיצונג פון די ראטן, וואָס נאָר זיי האָבן די מאסן אנערקענט אין דער פולער מאָס. די מאסן האָבן זיך סטיכיש צוזאמענגעשלאָסן אין קאמף־פארבאנדן, וואָס האָבן זיך געווענדט מיט זייערע שפיצן קעגן די באזיצנדע קלאסן. די פויערים האָבן זיך געגרייט — האָבנדיק אין זינען „לאנד און פרייהייט" — איבערצונעמען דעם באָדן פון די גוטבאזיצער; זיי האָבן זיך אָבער אנגעשטויסן אויף פאָרוואלטונגס־אָרגאנען, וואָס האָבן קודם כל געזאָרגט פאר „רו און אָרדנונג". די ארבעטער האָבן זיך באפרייט פון די אוממענטשלעכע ליידן פון דער קנעכטישער ארבעט, אָבער די פאבריקן זענען געבליבן קאפיטאליסטיש און די פאבריק־באלעבאטים — די זעלבע. נאָך מער: צוליב מורא פאר דער אָנקומענדיקער „אנארכיע" אין לאנד, האָבן די קאפיטאליסטן אָנגענומען די ערשטע שריט צו פארשמעלערן די פראָדוקציע. די פאָלקס־מאסן האָבן נאָך אלץ געלעבט אינם רויש פון דער כאָך קיינמאָל נישט געזאָסענער פרייהייט. אָבער אין די פרייד־געפילן האָט זיך אלץ מער צוגעמישט די אומרואיקייט פאר דער צוקונפט. באזונדערס איז געלעגן זאָרג און טרויער איבער די טויזנט־קילאָמעטערדיקע פראָנטן פון דער ארמיי.

מיליאָנען זעלנער האָבן אויפגענומען די בשורה וועגן רעוואָלוציע מיט א צווייפאכן יובל. דידאָזיקע בשורה האָט זיי צוגעזאָגט נישט נאָר סאָציאלע דערלייזונג, נאָר אויך רעטונג פון זייער לעבן. דער בנין פון דער ארמיי האָט געמוזט פאנאנדערפאלן, דער יראת־

הכבוד פאַר די מיליטערישע שפּיצן האָט זיך געמוזט אַ וואַקל טון. די רוסישע אָפיצירן זענען פון תמיד אָן געווען פאַר די זעלנער עפּעס מער ווי מיליטערישע עלטסטע, — זיי זענען פאַר זיי געווען אויך פאָרשטייער פון הערשנדן קלאַס. דער זעלנער האָט איצט אָפּגעוואָרפן די מיליטערישע דיסציפּלין צוליב מענטשלעכע און סאָציאַלע מאָטיוון: ער האָט פיינט געהאַט די קריגס־מלאכה און אירע מייסטער. אפילו דער קריגס־מיניסטער גוטשקאָוו האָט זיך גערעכנט מיט דערדאָזיקער שטימונג: ער האָט געוואָלט צוריק אויפריכטן די דיסציפּלין און די קאַמף־גרייטקייט אויף אַ נייעם אויפן. ער האָט דערלויבט גרינדן זעלנער־קאָמיטעטן, ער האָט אנערקענט די פּאָליטישע רעכט פון די זעלנער. דאָס האָט נישט געהאָלפן... „די רוסישע אַרמיי האָט אויפגעהערט צו קעמפן, — האָט שפּעטער געשריבן קערענסקי, — ווייל די זעלנער האָבן אויפגעהערט צו פאָלגן און די אָפיצירן האָבן פאַרלוירן די פעאיקייט צו באַפעלן". וואָס איז דען דער וווּנדער? די זעלנער האָבן שטורמיש געפאָדערט אַ דין־וחשבון וועגן די צילן פון קריג. די אַלטע צילן פון קייזערלעכן פאָטערלאַנד זענען זיי נישט אָנגעגאַנגען. דאָס וואָרט, אויף וועלכן די מענטשן אין די אָקאָפּעס און זייערע פאַמיליעס האָבן געוואַרט מיט בענקשאַפט, איז געווען: „שלום". דער עלעמענטאַרער ווילן צום לעבן האָט דאָמינירט איבער אַלץ. ווער האָט געקאָנט באַפרידיקן דעמדאָזיקן ווילן, פאַרוואַנדלען די אומפאַרשטענדלעכע „קריגס־צילן" אין צילן פון שלום? דאָס איז קודם כל געווען אין דער מאַכט פונם אויסערן־מיניסטער מיליוקאָוו, אָבער גראָד ער האָט דערפירט צום ערשטן אָפענעם קאָנפליקט אין דער רעוואָלוציע.

* * *

דעם 14־טן מערץ האָט דער פּעטראָגראַדער ראַט אין אַ פייערלעכער זיצונג אַרויסגעלאָזן זיין באַרימט־געוואָרענעם אויפרוף: „צו די פעלקער פון דער וועלט". „חברים, פּראָלעטאַריער און האָרעפּאַשניקעס פון אַלע לענדער! — איז געשטאַנען אין דאָזיקן דאָקומענט. — מיר, רוסישע אַרבעטער און זעלנער, ברענגען אייך די בשורה וועגן אַ גרויסער געשעעניש. די רוסישע דעמאָקראַטיע האָט צעשמעטערט דעם הונדערט־יאָריקן דעספּאָטיזם פון צאַר... מיר דערקלערן, אַז עס איז געקומען די צייט אָנצוהייבן דעם אנטשיי־

דענעם קאַמף קעגן די דעראָבערונגס־פּלענער פון די רעגירונגען פון אַלע לענדער. עס איז צייט, אַז די פעלקער זאָלן נעמען אין זייערע אייגענע הענט די פראַגע וועגן מלחמה און שלום... אין באַוווסטזיין פון איר רעוואָלוציאָנערער מאַכט, דערקלערט די רוסישע דעמאָקראַטיע, אַז זי וועט זיך אַנטקעגנשטעלן מיט אַלע מיטלען דער דעראָבערונגס־פּאָליטיק פון אירע אייגענע הערשנדע קלאַסן און זי פאָדערט אויף די פעלקער פון אייראָפּע צו געמיינזאַמע אַנטשלאָסענע אַקציעס פאַרן שלום". „מיר וועלן פאַרטיידיקן אונזער פרייהייט קעגן אַלע רעאַקציאָנערע אָנגריפן פון אינעווייניק און פון דרויסן. די רוסישע רעוואָלוציע וועט נישט צוריקטרעטן פאַר די באַגנעטן פון די דעראָבערער, זי וועט זיך נישט לאָזן צעטרעטן לער וועגדונג צום דייטשן פּראָלעטאַריאַט, האָט דער מאַניפעסט פאַרענדיקט מיט אַ ווענדונג צו דער גאַנצער וועלט: „אַרבעטנדיקע פון אַלע לענדער! מיר שטרעקן אויס צו אייך די ברודער־האַנט צו אינטערנאַציאָנאַלער אייניקייט איבער די בערג ברידערלעכע מתים, איבער די טייכן בלוט און טרערן, וואָס זענען אומשולדיק פאַרגאָסן געוואָרן, איבער די זייד־רויכערנדיקע חורבות פון שטעט און דערפער, איבער די פאַרניכטעטע אוצרות פון דער קולטור!".

אונטער אומאויפהערלעכע יובל־געשרייען האָבן טויזנטער דעפּוטאַטן אויפגעהויבן די הענט פאַרן דאָזיקן אויפרוף, באַגייסטערט געזונגען דעם אינטערנאַציאָנאַל, געפילט דעם דופק פון דער געפייניקטער און אייניהייטלעכער מענטשן־פאַמיליע. דאָס דאָזיקע געפיל און די האָפענונג אויף אַ באַלדיקן סוף פון קריג האָבן זיי אַריינגעטראָגן אין די מאַסן. אין נאַיווער גלויביקייט האָבן איצט די מאַסן געוואַרט אויף אַנטשיידנדע געשעענישן און מעשים. צי וועט דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט תיכף מאַכן אַ רעוואָלוציע, „ווי מיר האָבן דאָס געטון?" צי וועט די רעגירונג מאַכן דעם אויפרוף פאַר איר אייגענער פּראָגראַם, נאָכדעם ווי דאָס פאָלק האָט געלאָזט הערן זיין שטים? — די האָפענונגען זענען אַנטוישט געוואָרן. די אויסערן־פּאָליטיק איז געלעגן אין מיליוקאָווס הענט. ער האָט גוט באַגריפן דעם זין פונם ראַטן־מאַניפעסט; ער האָט דערקענט אין אים די לאָזונגען פון צימערוואַלד: אַ שלום אָן אַנעק־

סיעס און קאָנטריבוציעס, זעלבסטבאַשטימונגס - רעכט פאַר די נאַציעס. דאָס האָט ער אָפן אָפּגעוואָרפן אין נאָמען פון „רוסלאַנדס" אימפעריאַליסטישע אינטערעסן. ביי דער פייערלעכער אויפנאַמע פון די אַמבאַסאַדאָרן האָט ער דערקלערט: „די פּראָוויזאָרישע רע-גירונג איז באַזעלט פון די זעלבע אַספּיראַציעס, דורכגעדרונגען פון דערזעלבער אויפפאַסונג פון די קריגס-אויפגאַבן, ווי אונזערע פאַרבינדעטע פעלקער".

דעם 23 מערץ האָט דאָס פאָלק געבראַכט צו קבורה אויפן מאַרס-פעלד אין פּעטראָגראַד די קרבנות פון דער רעוואָלוציע. די טרויער-צערעמאָניע איז גלייכצייטיק געווען אַ גראַנדיעזער באַווייז פאַר די אומאויסשעפּלעכע קראַפט-קוועלן פון דער רעוואָלוציע. „ווי דורך אַ וווּנדער האָט אַ מיליאָן מענטשן מיט אומצאָליקע פע-נער און מוזיק-קאַפּעליעס, פון פריעסטן מאָרגן ביז שפּעט אין אָוונט מאַרשירט דורכן מאַרס-פעלד און באַגלייט די קערפּערס פון די געפאַלענע חברים צום מאַסן-קבר. דאָס איז נישט געווען קיין לויה, נאָר אַ גרויסער, גראַנדיעזער פאָלקס-טריאומף, וועגן וועלכן אַלע אָנטיילנעמער האָבן אויף אייביק באַהאַלטן אין זכרון אַ דאַנק-באַרע דערינערונג". אַלע באַגייסטערטע באַריכטן זאָגן דאָס זעל-בע, ביים דאָזיקן פאָלק וועט מען מער נישט פועלן צו גראָבן אויף די שלאַכט-פעלדער נייע מאַסן-קברים.

דאָס פאָלק האָט געוואַרט אויף דער דעקלאַראַציע פון זיין רע-גירונג וועגן די „קריגס-צילן". דעם 27-טן איז דערשינען די דע-קלאַראַציע, אַ רעזולטאַט פון טאַקטישע קאָמפּראָמיסן. „ די פּראָ-וויזאָרישע רעגירונג האַלט פאַר איר חוב צו דערקלערן, אַז דאָס פרייע רוסלאַנד האָט נישט קיין כוונה צו באַהערשן אַנדערע פעל-קער אָדער דעראָבערן מיט געוואַלט פרעמדע געביטן... אָבער דאָס רוסישע פאָלק וועט נישט דולדן, אַז זיין פאָטערלאַנד זאָל אַרויס-גיין פון גרויסן קאַמף אַ דערנידעריקטס און אַ דערשיטערטס אין זיינע לעבנס-כּוחות". די אַנטאַנטע, צערודערט דורכן מאַניפעסט פון די ראַטן, האָט זיך באַרואיקט דורך די קיל-ניכטערע זאַצן פון דער אָפיציעלער רעגירונגס-דערקלערונג. און דעם 18-טן אַפּ-ריל האָט מיליוקאָוו געשיקט אַ נאָטע צו די פאַרבינדעטע. דאָ איז שוין קלאָר געזאָגט געוואָרן: „דער צוזאַמענבראָך פון אַלטן רע-

זשים האָט נישט אָפּגעשוואַכט רוסלאַנד, פאַרקערט, דער נאַציאָנאַ־לער ווילן צו פירן דעם וועלט־קריג ביזן סוף ווערט נאָך שטאַרקער. פעסט איבערצייגט אינם זיגרייכן אויסגאַנג פון איצטיקן קריג, איז די רעגירונג אויך איבערצייגט, אַז די פאַרבינדעטע דעמאָקראַ־טיעס וועלן געפינען מיטלען צו דערגרייכן די נויטיקע גאַראַנטיעס און סאַנקציעס, כּדי אין דער צוקונפט אויסצומיידן די איבער־חזרונג פון בלוטיקע קאָנפליקטן".

איצט איז אויסגעבראָכן דער שטורם. די „דערקלערונג" פון דער רעגירונג, וואָס מיליוקאָוו האָט געשיקט דער אַנטאַנט, איז געשטאַנען אין פולער סתּירה צום גייסט און זינען פון דער פרידנס־פּאָליטיק פון די מאַסן. אָבער איידער דער ראַט האָט נאָך געזאָגט אַ וואָרט וועגן דער צווייִדייטיקער שפּיל פון דער רעגירונג, זענען די מאַסן גופא דערשינען אויף דער אַרענע אין ספּאָנטאַנעם צאָרן־אויס־ברוך. פאַרן מאַריאינסקי־פּאַלאַץ, דעם זיצאָרט פון דער רעגירונג, איז דעם 20 אַפּריל דערשינען אין פולער באַוואָפנונג דער פינישער גוואַרדיע - פולק. די זעלנער האָבן געטראָגן רויטע פענער און טראַנספּאַראַנטן, וואָס האָבן געפאָדערט מיליוקאָוום תּיכּפדיקע דעמיסיע. די אויפרעגונג האָט אַרומגעכאַפּט אויך אַנדערע פולקן און פאַבריקן. אין פאַנצער - אויטאָס זענען אַרומגעפלויגן דורך די גאַסן אַרבעטער־ און זעלנער - גרופּן. „נידער מיט מיליוקאָוו, מיט גוטשקאָוו!" — האָט מען אומעטום געהערט. קיין שום פּאַר־טיי האָט די מאַסן נישט גערופן אויף דער גאַס. לענין, וועלכער איז אָנגעקומען קיין פּעטראָגראַד דעם 3־טן אַפּריל, האָט פאַר זיינע טעזן נישט געפונען קיין פאַרשטענדעניש ביי זיינע נאָענטסטע פריינט. די דעמאָנסטראַציעס פון דאָזיקן טאָג און פון צומאָרגנס זענען געווען סטיכיש און באַזעלט פון עכט - רעוואָלוציאָנער־ן פרידנס־געפיל.

מיליוקאָוו איז נישט געווען איינזאַם: גראָד אין די דאָזיקע טעג האָט זיך באַוויזן אויך דער אַנדערער סאָציאַלער פּראָנט. אָפי־צירן, סטודענטן, בירגער זענען אויפגעטרעטן אין אייגענע דעמאָנ־סטראַציעס „פאַר דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג, פאַר מיליוקאָוו!". דעם 21 אַפּריל זענען שוין אויסגעבראָכן קאַמפן צווישן די פיינט־לעכע דעמאָנסטראַציעס, עס זענען געפאַלן די ערשטע שאָסן. דער

קאָמאַנדיר פון פעטראָגראַדער מיליטערישן ראַיאָן, גענעראַל קאָרגילאָוו, האָט פאַראָרדנט אַראָפּצובּרענגען רעגירונגס־טרייען מיליטער אויפן פּאַלאַץ־פּלאַץ. ער האָט זיך אויך באַמיט — אומזיסט! — אַראָפּצובּרענגען אַרטילעריע.

דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט, מיט אַ פעסטער האַנט, דער ראַט. ער האָט זיך געווענדעט צו די זעלנער פון גאַרניזאָן מיט אַ קורצן אויפרוף: „אָן דער אויפפאָדערונג פונם ראַט גייט נישט אַרויס אויף דער גאַס מיט וואָפן אין דער האַנט. נאָר דער ראַט האָט דאָס רעכט אײַך צו באַפעלן". דער גאַנצער גאַרניזאָן האָט מיט פרייד זיך אונטערגעוואָרפן דעם אויפרוף פונם העכסטן רעוואָלוציע־אָרגאַן. דער גאַנג פון די געשעענישן איז געוואָרן אומפאַרמײַדלעך. מיליוקאָוו איז אַרויסגעטרעטן פון דער רעגירונג, גוטשקאָוו האָט אים נאָכגעטאָן. גענעראַל קאָרנילאָוו, וואָס האָט אײַנגעזען זײַן אָנמעכטיקייט, האָט זיך געלאָזט אַריבערטראָגן אויפן פראָנט. די צוויי שטורמישע טעג האָבן געשאַפן אַ נײַע לאַגע אין דער רעוואָלוציע: דער פעריאָד פון קעגנזײַטיקן צוטרוי איז געווען פאַרענדיקט. דער פייערדיקער פונק פון בירגער־קריג האָט זיך באַוויזן אויף דער גאַס. די האָרעפּאַשנע מאַסן זענען גרייט געווען אַליין זיך אַרײַנצומישן אין דער וועלטגעשיכטע, אויב די פירער וועלן פאַרנאַכלעסיקן זייערע פליכטן. אויך די ביז איצט אָנגעשראָקענע בירגערלעכע קלאַסן זענען אַרויסגעטראָטן אַלס זעלבשטענדיקער פראָנט. אַרום מיליוקאָוון מיט זײַנע חברים האָט זיך געזאַמלט די אינדוסטרי און דאָס גרויססוחרטום, די פאָרשטייער פון די בירגערלעך־ליבעראַלע זעמסטוואָס, די העכערע שיכטן פונם אָפיצירן־קאָרפּוס. דאָס זענען אַלץ געווען קרייזן, וואָס מיט אייניקע חדשים צוריק זענען זיי נאָך געשטאַנען אין געשלאָסענעם קאַמף־פראָנט קעגן צאַריזם.

## III

# קערענסקי דער פירער

די רעגירונג איז געווען צעקלאַפּט. דאָס בירגערטום האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'מוז דירעקט צובינדן צו דער רעגירונג די פירנדיקע

עלעמענטן פון דער ראטן־דעמאקראטיע. ביז איצט איז דאס געווען „קאנטאקט", „קאנטראל", „אונטערשטיצונג", וואס איז באצירט געווען מיט באדינגונגען — „אויף אזויפיל, אויף וויפל". איצט האט געזאלט קומען אן אמתע קאאליציע־רעגירונג. דורך דעם וועלן די סאציאליסטן באלאסטעט ווערן מיט די אויפגאבן פון מלוכה און קריג, און עס וועט באזייטיקט ווערן די אריינמישונג פון די ראטן און פון דער גאס. די סאציאליסטן האבן מורא גע־האט פארן געשפענסט פון קאאליציע: די מאסן וועלן דאן פא־דערן פון זיי אוממעגלעכעס. די מאסן אבער האבן געשטויסן דער־צו: עס האט זיך זיי געדאכט, אז די קאאליציע איז דער אנהויב פון „גאנצער ארבעט".

קערענסקי איז ביז דאן געווען דער איינציקער איבערצייג־טער פארבינדונגס־אפיציר צווישן רעגירונג און ראט. ביים אויס־געבראכענעם קריזיס איז ער געווען טיף דערשיטערט. ער האט שטורמיש געפאדערט די קאאליציע. אויף דער קאנפערענץ פון ארמיי־דעלעגאטן, האט ער פארצווייפלט אויסגערופן: „זאל דען דאס באפרייטע רוסלאנד זיין בלויז א לאנד פון מורדישע שקלאפן? א שאד וואס כ'בין נישט געשטארבן מיט צוויי חדשים צוריק אין דער ערשטער שעה פון דער רעוואלוציע! דאן וואלט איך געקאנט אוועקגיין פון דער וועלט מיטן גלויבן אין אונזער פעיקייט צו רע־גירן אונזער לאנד אן בייטשן און קליקעס". די קאאליציע איז צושטאנד געקומען דעם 6־טן מאי. ביידע פירנדיקע ראטן־פאר־טייען, די מענשעוויקעס און די סאציאל־רעוואלוציאנערן, האבן געשיקט אין דער נייער רעגירונג, אונטערן פארזיץ פון פירשט לוואוו, זייערע פראמינענטע פארשטייער. צו די אכט בירגערלעכע מיניסטארן זענען צוגעקומען זעקס סאציאליסטן, צווישן זיי קע־רענסקי, צערעטעלי, טשערנאוו. צערעטעלי איז געווען די פאפו־לערסטע פערזאן צווישן די מענשעוויקעס, טשערנאוו — דער אומ־באשטריטענער פירער פון דער סאציאל־רעוואלוציאנערער פאר־טיי. ער איז געווארן לאנדווירטשאפט־מיניסטער. די שווערסטע אויפגאבע איז ארויפגעלייגט געווארן אויף קערענסקין: קריגס־און פלאט־מיניסטעריום.

צי האט אבער די נייע רעגירונג געהאט א נייע פראגראם?

דער אַנטשיידנדיקער פונקט וועגן דער אויסערן־פּאָליטיק האָט גע־
זאָגט פאָלגנדעס: „די רעגירונג שטעלט זיך פאַר אַן אויפגאַבע,
ווי ווייט מעגלעך תּיכּף דערפירן צו אַן אַלגעמיינעם שלום, אַ שלום
אָן אַנעקסיעס א. א. וו. די דעמאָקראַטיזירונג און פאַרשטאַרקונג
פון דער מיליטערישער קאַמף־קראַפט פון דער אַרמיי — סיי ביי
ווי ווייט מעגלעך תּיכּף דערפירן צו אַן אַלגעמיינעם שלום, אַ שלום
דעפענסיווע, סיי ביי אָפענסיווע אַקציעס — וועלן זיין די וויכ־
טיקסטע אויפגאַבן פון דער רעגירונג".

אַלזאָ, די קאָאַליציע־רעגירונג האָט צוגעגרייט נישט אַזוי דעם שלום, ווי אַ קריגס־אָפענסיווע. וואָס פאַרא באַדייטונג האָבן שוין געקאָנט האָבן די הבטחות פון דער קאָאַליציע אין סאָציאַלע און פּאָליטישע פראַגן, ווען אין מיטן פון איר פּראָגראַם איז ברייט געווען אָפן די בלוטיקע ווונד פון קריג? די בורזשואַזיע האָט צו־ליב אַ סך סיבות נויטיק געהאַט אַ אָפענסיווע פון דער רוסישער אַרמיי. זי האָט געהאָפט, אַז שפּעטער, ביים פאַרטיילן דעם קריגס־רויב, וועט זי קאָנען אַרויסטרעטן אַלס אַנטיילנעמער אין זיג; זי האָט אויך געהאָפט, אַז דורך אַ לענגערן קריג וועט זי אָפּלענקען דאָס פאָלק פון זיינע אייגענע אויפגאַבן. דאָס איז געווען אַן אי־לוזיע, ווייל גראָד די מאַסן האָבן אויף דער אייגענער הויט גע־שפּירט די ריכטיקייט פונם דאָן פאַרשפּרייטן ווערטל: „אָדער די רעוואָלוציע וועט אויפפרעסן דעם קריג, אָדער דער קריג — די רעוואָלוציע".

דעם רוסישן מיליטערישן פראָנט האָט מען כּמעט נישט גע־קאָנט באַוועגן אַנצוהייבן אַן אָפענסיווע. דער פראָנט האָט פּאַק־טיש געשאַפן פאַר זיך אַ וואָפנשטילשטאַנד. כּדי ער זאָל אַרויס־טרעטן מיט קריגערישע טאַטן, איז נויטיק געווען אַ ספּעציעלע קראַפט. קערענסקי איז געווען די לעצטע קאָרט, וועלכע די רו־סישע בורזשואַזיע און די הינטער איר שטייענדע אַנטאַנטע־דיפּלאָ־מאַטיע האָט געקאָנט אויסשפּילן. קערענסקין האָבן אונטערשטיצט די פירער פון פּעטראָגראַדער ראַט. „חברים — האָבן זיי זיך גע־ווענדט דעם 2־טן מאַי מיט אַן אויפרוף צו דער אַרמיי, — איר שטייט איצט אין די אַקאָפּעס צו שיצן די רוסישע פרייהייט. וואַרפט נישט אָפּ די אָפענסיווע, וועלכע די מיליטערישע לאַגע

גאָן נויטיק האָבן!" קערענסקי איז אַרויסגעפאָרן אויפן פראָנט. ער איז אויפגעטראָטן אין דער שפּיץ פון די רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן, ער האָט זיך געלאָזט איינוויקלען אין רויטע פענער, געשליידערט ליידנשאַפטלעכע פּאַטריאָטישע ווערטער אין די פינסטער־האַרצנדיקע מאַסן. ער האָט באַשווירן די זעלנער אין נאָמען פון פאָטערלאַנד־פרייהייט, פון ערד, פון די נאָענטסטע דורות. פאָראויס צום קאַמף פאַר פרייהייט! איך רוף אייך נישט צו קיין יום־טוב, נאָר צום טויט!" — אָט דאָס איז געווען דער קערן פון אַלע זיינע צאָלרייכע רעדעס. אין זיינע דערינערונגען דערציילט ער אַ דערשיטערנדיקע סצענע פון צפון־פראָנט: „דער קאָמאַנדיר פון דער 11־טער אַרמיי האָט מיר דערציילט וועגן אַ זעלנער, וועלכער האָט, דורך זיין אַגיטאַציע, דעמאָראַליזירט אַ גאַנצן פּאָלק. מיר זענען אַוועק אין באַטרעפנדן אָקאָפּ און האָבן פאַרפירט אַ שמועס. מידע, פינסטערע פּנימער האָבן אונז אַרומגערינגלט. דער קליינער זעלנער, דער אַגיטאַטאָר, איז געשטאַנען אין אַ זייט. זיינע חברים האָבן אים אָבער געשטופּט פאָרויס. „איצט מוזטו דאָס זאָגן דעם מיניסטער גופא!". און דאָ האָט דער קליינער זעלנער געזאָגט בלויז פאָלגענדעס: — „איר זאָגט, אַז מיר מוזן קעמפן, כדי די פּויערים זאָלן בלייבן ביי דער ערד. אָבער וואָס וועל איך האָבן פון דער ערד, ווען איך וועל געהרגעט ווערן?".

„דאַן האָב איך זיך געווענדעט צום קאָמאַנדיר און געזאָגט: „גענעראַל! שיקט תּיכּף אַוועק דעמאָביליזירן זעלנער. זאָל ער אַוועקפאָרן אין זיין דאָרף. לאָזט וויסן זיינע שכנים און פריינט, אַז די רוסישע רעוואָלוציע דאַרף נישט האָבן קיין פּחדנים!"

„מיין ענטפער האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק, דער קליינער זעלנער איז געשטאַנען אַ ציטערנדיקער, שטום און בלייך. דאַן איז ער געפאַלן אין טיפן חלשות... באַלד נאָכדעם האָבן מיר זיינע אָפיצירן געבעטן, איך זאָל צוריקציִען מיין באַפעל. זיין געמיט האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט; זיין פליכט־באַוווסטזיין איז געוואָרן אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע".

קערענסקי — און די גאַנצע רעפאָרמיסטישע דעמאָקראַטיע — האָט נישט באַגריפן די צייכנס פון דער צייט. מען האָט

נישט געקאָנט פּרעדיקן דעם טויט, בעת מיליאָניקע מאַסן האָבן געבענקט נאָך לעבן. לאַנד־פּאַרטיידיקונג האָט מער נישט געקאָנט זיין קיין טרייבנדיקער כּוח, בעת די מאַסן האָבן מיט באַגייסטערונג געטראַכט וועגן לאַנד־פּאַרטיילונג. די אָפּענסיווע האָט געמוזט ווערן אַ קאַטאַסטראָפע.

* * *

ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען, אַז הינטער דערדאָזיקער קאַאַליציע־פּראָגראַם זאָל שטיין אויך די סאָצ.־רעוו. פּאַרטיי? אַ פּאַרטיי פון די גערשונים, סאַזאָנאָווס, פון מאַריאַ ספּירידאָנאָווא, — ווי אַזוי האָט זי זיך געקאָנט שטעלן הינטער אַ קריג־פירנדע, סאָציאַל־צוויי־זייטיקע רעגירונג?

דער גורל פון דערדאָזיקער העראָישער פּאַרטיי איז געווען באַזונדערס טראַגיש. די רעוואָלוציע איז אַ היסטאָרישער עקזאַמען פאַר אַלע סאָציאַלע אָרגאַניזאַציעס. דער אמתער כאַראַקטער פון יעדן סאָציאַלן אינסטיטוט קומט אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין דורך אַלע אויסערלעכע הילעס, ווי נאָר עס קומט אין באַרירונג מיטן פייער פון רעוואָלוציע. דאָס איז אויך געשען מיט דער סאָצ.־רעוו. פּאַרטיי. זי איז אַרויסגעטראָטן פון דער אומלעגאַלקייט מיט די גרעסטע אויסזיכטן אויף דערפאָלג אויף דער אָפענער אַרענע פון דער רעוואָלוציע. דורך איר גרויסאַרטיקער אַגראַר־פּראָגראַם — סאָציאַליזירן די ערד — האָט זי באַקומען די זיבערסטע אָנהענגער אין דאָרף. אויך גרויסע טיילן פון אינדוסטרי־פּראָלעטאַריאַט זענען געגאַנגען אונטער אירע פענער. די־דאָזיקע פּאַרטיי איז אַנטקעגנגעקומען די אינטערעסן פון רוסלאַנדס אַלע פעלקער דורך איר פאָדערונג צו גרינדן אַ פעדעראַטיווע רעפּובליק. נישט נאָר דורך דער פּראָגראַם; דורך די קעמפנדע מיטגלידער אירע האָט זי דערוואָרבן די באַוווּנדערונג און אַכטונג פון די מאַסן. די נעמען פון די טעראָריסטן, וועלכע האָבן געקעמפט אַ מסירת־נפשדיקן קאַמף קעגן צאַרישן מאָנסטר, האָבן אַרומגעהילט די פּאַרטיי מיט אַן אומפאַרגלייכלעכן מאָראַלישן צויבער. די „באָבע” (ברעשקאָווסקאַיאַ, די באָבע פון דער רעוואָלוציע), ווערא פיגנער, מאַריאַ ספּירידאָנאָווא, איוואַן קאַלאַיעוו, יעגאָר סאַזאָנאָוו און אַנדערע אומצאָליקע נעמען האָבן געשטראַלט

אין דאנקבארן זכרון פון פאָלק. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַזאַ פּאַרטיי איז ווי באַשאַפן געוואָרן צו זיין די פירעריין אין דער רוסישער רעוואָלוציע. אין די ערשטע חדשים האָבן זיך געזאַמלט אַרום איר מיט פרייִדיקער באַגייסטערונג גוואַלטיקע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. גאַנצע ראַטעס און דערפער פלעגן זיך אָנשליסן אין איר. ביי די מוניציפּאַליטעט - וואַלן האָט זי געהאַט אַ ריזיקן דערפאָלג אויך ביי די קליינבירגערלעכע שיכטן.

אָבער אין משך פון דער צייט האָט זיך אַלץ בולטער אַרויסגעשטעלט, דאָס די ס.־ר.־פּאַרטיי טיילט זיך אָפּ פון די ווונשן פון די מאַסן. פאַרוואָרצלט אין די טיפעניש פון פאָלק, איז זי אָבער אין אירע שפּיצן געוואָרן מלוכה - דערהאַלטנדיק און מטושטש. אין דער גורל - פראַגע וועגן קריג, האָבן זיך אַרויסגעוויזן סימנים פון דעגענעראַציע. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען?

ווייל די רעוואָלוציע האָט אויפגעדעקט דעם סתירהדיקן כאַראַקטער פון דער פּאַרטיי. עס האָבן זיך אויסגעשיילט צוויי שיכטן רעוואָלוציאָנערן. פּאָליטישע און סאָציאַלע. פאַר די ערשטע איז די הויפּט - אויפגאַבע באַשטאַנען אין אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם, אויפשטעלן אַ דעמאָקראַטישע מלוכה - אָרדענונג. געוויס, אויך זיי זענען געשטאַנען אויפן באָדן פון סאָציאַליזם, פון סאָציאַליזירן די ערד. אָבער נאָכן פאַלן פון צאַריזם האָט זיי פאַרגעשוועבט — לויטן אייראָפּעישן מוסטער — נישט קיין סאָציאַלע רעוואָלוציע, נאָר אַ רואיקע סאָציאַלע אַנטוויקלונג. פאַר די סאָציאַלע רעוואָלוציאָנערן, דאַקעגן איז דאָס אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם געווען בלויז דער ערשטער עטאַפּ אויפן וועג צו דער סאָציאַלער איבערקערעניש. ביי די ערשטע איז דער רעוואָלוציאָנערער דראַנג אָפּגעשטאָרבן מיטן לעצטן אָטעמצוג פון צאַריזם, ביי די צווייטע האָט ער ערשט איצט גענומען ווירקן מיט אַ פאַרגרעסערטער קראַפט. פאַר די פּאָליטישע רעוואָלוציאָנערן איז אין מיטלפּונקט פון זייערע זאָרגן געשטאַנען דאָס פאָטערלאַנד, די נאַציע, די מלוכה, וועלכע מען מוז פאַרטיידיקן אין דער ניי־געבאָרענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. פאַר די סאָציאַלע רעוואָלוציאָנערן איז אין צענטר פון קאַמף געשטאַנען דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק, דער אינטערנאַציאָנאַל, דער סאָציאַליזם. ביידע טיילן פון דער ס.־ר.־

פּאַרטיי האָבן זיך געמעגט האָבן א געמיינזאַמע פּראָגראַם; די בּרענענדיקע פראַגע פון קריג האָט געמוזט אַריינטראָגן א שאַרפן פּירוד. בּראַש פון דער פּאַרטיי זענען געשטאַנען די מעסיקע אָדער וואַקלדיקע פירער. די מאַסן, וואָס האָבן געשטראָמט אין דער־דאָזיקער פּאַרטיי, זענען אויך געווען פון צוויי מינים: איין מין, די קליינבירגער, זענען געקומען א דאַנק דער פּאַטריאָטישער און אָפּאָרטוניסטישער פּאָליטיק פון די ס.־ר.־פירער; דער צווייטער מין, די האָרעפּאַשניקעס, זענען צוגעשטאַנען א דאַנק די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע עיקרים פון דער פּאַרטיי. עס איז געווען אומ־פאַרמיידלעך, עס זאָל זיך אויסבּילדן א לינקער פליגל פון דער פּאַרטיי. זיינע ערשטע סימנים האָבן זיך אַרויסגעוויזן שוין אין די ערשטע זיצונגען פון פּעטראָגראַדער ראַט (אַלעקסאַנדראָוויטש). די לינקע האָבן באַקעמפט די קריגס־פּאָליטיק, דעם אַריינטריט פון די ס.־ר. אין דער קאָאַליציע־רעגירונג. זייער מיסיע האָבן זיי דערפילט ערשט שפּעטער; אין מאַי 1917 האָט מען נאָך געקוקט אויף זיי פון אויבּן אַראָפּ, פּונקט ווי אויף די באָלשעוויקעס, ווי אויף אַלץ, וואָס איז געווען ראַדיקאַל אין לאַנד.

* * *

דאָס פּנים פון דער ס.־ר.־פּאַרטיי איז אָפּגעדעקט געוואָרן אין דאָזיקן מאַי אויפן אַלרוסישן פּויערים־קאָנגרעס אין פּעטראָגראַד. נאָכן פּראָלעטאַריאַט און דער אַרמיי, איז אויך דאָס פּויערטום אַרויסגעטראָטן אין פאָדערגרונט פון דער רעוואָלוציע. עס זענען זיך צונויפגעקומען 1115 פּויערים־דעפּוטאַטן פון אַלע געגנטן אין לאַנד, פון אַלע טיילן אַרמיי און פלאָט, כּדי אין א חודש אָנגעשטרענגטער אַרבּעט צו לייגן די פונדאַמענטן פאַר א נייער סאָציאַלער געמיינשאַפט. אונטערן צאַריזם זענען די פּויערים געווען צעבּרעקלט אין דעם אומגעהייערן מענטשן־אָקעאַן פון 130 מיליאָן.

ערשט דאָ, אויף זייער ערשטן אָפענעם קאָנגרעס, האָבן זיי זיך דערפילט אַלס אמתע קראַפט פון לאַנד און דער רעוואָלוציע. זיי זענען זיך צוזאַמענגעקומען פון צענטויזנטער רוסישע דערפער, האָבן זיך געטוישט מיט די דערפאַרונגען פון די צוויי וואונדער־באַרע חדשים און פעסטגעשטעלט: אומעטום דאָס גלייכע בּילד.

אומעטום שטייט דאָס פּויערטום אין איינהייטלעכן פראָנט קעגן די נוטפּאַזיצער; אומעטום איז פאַרשוווּנדן דער פאַרהאַסטער געזעץ פון סטאָליפּינען (פון 1906: צעשטערונג פון דער ערד־געמיינ־שאַפט!). די פּויערים, וואָס זענען געוואָרן זעלבשטענדיק אין די פריערע יאָרן מיט דער הילף פון צאַר, האָבן זיך איצט, אונטערן דרוק פון דאָרף, געמוזט אומקערן צו דער ערד־געמיינשאַפט. דע־לעגאַטן האָבן מיטגעבראַכט קלאָרע באַשלוסן, וועלכע זיי האָבן געוואָלט דערהויבן צו דער מדרגה פון געזעצן.

אָבער אין דער גליענדער אַטמאָספער פון פּעטראָגראַד, האָבן זיי צוערשט געמוזט באַהאַנדלען פּאָליטישע פראַגן. די סאָציאַליס־טישע מיניסטאָרן האָבן זיך פאַר זיי פאַרגעשטעלט. די פּויערים־דעלעגאַטן האָבן געטון דאָסזעלבע, וואָס די אַרבעטער: זיי האָבן גוטגעהייסן דאָס געשעענע. „מיר באַטראַכטן די מיניסטאָרן־סאָציאַליסטן אַלס אונזערע פאַרשטייער אין דער רעגירונג, און ביזן צונויפרוף פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג דאַרפן זיי זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די ראַטן". 800 קעגן 17 האָבן זיך געהויבן פאַר דער רעזאָלוציע, 17 דעלעגאַטן האָבן געשטימט קעגן, די פירער פון די ראַטן האָבן זיך באַמיט צו געווינען דעם פּויערים־קאָנגרעס פאַר א נאָך וויכטיקערער רעזאָלוציע. זיי האָבן געוואָלט, אַז די פּויערים זאָלן אויפפאָדערן דעם זעלנער - פראָנט צו אַקטי־וויטעט. כּדי צו מאַכן דעם קריג אָננעמבאַר, האָט מען אים דאָ פאַרבונדן מיטן בּרענענדיקסטן וווּנש פון דאָרף: מיט דער ערד. דער אָפיציעלער רעפערענט האָט געשלאָסן זיין רעדע מיט פּאַטע־טישע ווערטער: „איך וויל, חברים, אַז די רעפּוטירטע זאָלן פון דאַנען אַוועק אויפן פראָנט, זיי זאָלן איבערגעבן דער אַרמיי און־זער גרוס און בענטשן זי צו קריגערישער טאַט. זאָל יעדע מילי־טער־אָפּטיילונג מאַרשירן אונטער דער רויטער פאָן פונם פּויערים־קאָנגרעס, כּדי אונזער בּרכה זאָל איר לייכטער מאַכן דאָס שטאַרבן. און ווען דער קריג וועט פאַרענדיקט ווערן דורך א גע־רעכטן שלום, דאַן וועלן מיר אַלע, מיט אָפּגעדעקטע קעפּ, מיט יראת־הכּבוד און פרייִדיקע הערצער, אַריינגיין אין טעמפּל פון דער מוטער־ערד".

עס האָבן נישט געפעלט אויפן קאָנגרעס קיין וואָרנענדיקע

שטימען. קאַמקאָוו, דער לינקער סאָצ.־רעוו., איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע, אויך באַלשעוויקעס. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. די פויערים האָבן געהאַט צוטרוי צו די קאָנגרעס־פירער, וועלכע זענען זיי באַקאַנט געווען פון דער צארישער צייט. זיי זענען גע־ווען דורכגעדרונגען מיטן ווילן צו שלום, צו אינטערנאַציאָנאַלער ברידערלעכקייט. זיי האָבן אָבער געמיינט, אַז דער איינציקער וועג צו שלום פירט דורך דער לעצטער אָנשטרענגונג אין קריג.

זיי האָבן געטרויט די ס.־ר.־פירער אויך צוליב דעם, ווייל זיי זענען פאַרבונדן געווען צווישן זיך אין דער הויפט־פראַגע פון פאַרטיילן די ערד. די טעג, ווען מען האָט באַהאַנדלט די־דאָזיקע פראַגע, זענען געווען די דערהויבנדיקסטע אויפן קאָנגרעס. דאָס איז געווען די גרויסע איבערלעבעניש פון אַ יאָרהונדערטן־לאַנג געקנעכטעטן קלאַס. דאָס, וואָס איז אין 1905 געבליבן אַן אומ־באַפרידיקטער ווונש, האָט איצט געזאָלט ווערן ווירקלעכקייט פאַר אַלע אַרבעטס ־ ברידער. די גרויסע ליניע — די סאָציאַלי־זירונג — איז געווען פעסטגעשטעלט: אין צענדליקער פויערים־קאָנגרעסן אין דער פּראָווינץ, אין טויזנטער רעזאָלוציעס. אָט איז איינע פון זיי, אָנגענומען דעם 10־טן אַפּריל אין וואָראָניעזש.

1) די גאַנצע ערד (פון דער מלוכה, פון דער קירכע, פון די גוטסבאַזיצער) גייט איבער אין די הענט פון פאָלק.

2) דאָס פּריוואַט ־ אייגנטום אויף ערד ווערט אָפּגעשאַפט.

3) די ערד ווערט געשטעלט אין רשות פון יענע, וואָס וועלן זי פערזענלעך באַאַרבעטן.

4) די ערד ווערט אָפּגענומען ביי די אייגנטימער אָן שום אנטשעדיקונג.

דיזעלבע באַשלוסן — אומעטום. דעם 25־טן מאַי איז ביי דער גרעסטער באַגייסטערונג אָנגענומען געוואָרן אַ אַנטשפּרעכנ־דער באַשלוס אויך דורכן אַלרוסישן פויערטום. אָבער אויך אין דער פראַגע וועגן ערד האָבן זיך געלאָזט מערקן אויפן קאָנגרעס געפערלעכע צייכנס. די דעלעגאַטן האָבן באַטראַכט די נאָר־וואָס אָנגענומענע רעזאָלוציעס אַלס געזעצן. זיי האָבן זיך געגרייט אָנ־צונעמען די ערשטע אַנטשיידנדיקע שריט אויף צו עקספּראָפּרי־ירן די ערד. די קאָנגרעס ־ שפּיצן זענען אָבער מיט דער גרעס־

טער קראפט ארויסגעטראָטן קעגן דידאָזיקע ווונשן פון דער מאַסע. זיי האָבן געוואָרנט קעגן „אַנאַרכיע‟, געפאָדערט, מען זאָל רואיק אָפּוואַרטן די נאַציאָנאַל - פאַרזאַמלונג. די דעלעגאַטן האָבן דאָס צוגעזאָגט. צי וועלן זיי אָבער לאַנג קאָנען האַלטן זייער צוזאָג?

דער קאָנגרעס האָט געגעבן דעם פּויערטום א שטענדיקע אָרגאַניזאַציע; ער האָט געשאַפן דעם אַלרוסישן ראַט פון פּויערים-דעלעגאַטן. דעררדאָזיקער צענטראַלער ראַט האָט פאַרנומען אַ פּלאַץ נעבן דעם אַרבעטער- און זעלנער - ראַט אין פּעטראָגראַד. אַלס פירער זענען אין פּויערים - ראַט געוויילט געוואָרן די מע-סיקע ס.אָצ.-רעוו.

דער ערשטער פּויערים - פּאַרלאַמענט האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פייערלעכן אַקאָרד. מיט רעוואָלוציאָנערע פענער און לי-דער האָבן אַלע דעפּוטאַטן מאַרשירט צום מאַרס-פעלד, כּדי צו באַזוכן די קברים פון די געפאַלענע פאַר דער פרייהייט. „פון די פּויערים - העצער זינגט אַרויס אַ טרויער - ליד. אויפן רויטן זאַמד פון מאַרס - פעלד פאַלן שטראָמען טרערן. די נשמות זענען פול מיט ליבע און דאַנקבאַרקייט צו יענע, וועלכע האָבן זיך מקריב געווען פאַרן פאָלק. דער ראַט פון רוסלאַנדס פּויערים-דעפּוטאַטן פאַלט אויף די קני און שווערט אָן ווערטער פאַר די הייליקע קברים, אויפצובויען א „נייע צוקונפט. ווייגט נישט אויף זיי, — רופט אויס דער פאָרשטייער פונם וואָלגאַ-געביט. — מיר ווייזן זיי אַרויס די גרעסטע דאַנקבאַרקייט דערמיט, וואָס מיר פאַרווירקלעכן די אידעאַלן, פאַר וועלכע זיי האָבן באַצאָלט מיט זייער בלוט!‟ די פּויערים האָבן זיך צוגעהערט צו דידאָזיקע ווער-טער מיט הייליקן ערנסט.

## .IV

## ספּירידאָנאָווא דערשיינט אין מאָסקווע

מאַריאַ ספּירידאָנאָווא האָט זיך געאיילט צום פּאַרטיי-קאָנ-גרעס, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין מאָסקווע, אין די לעצטע

טעג פון מאי. די ערשטע דריי חדשים פון דער רעוואָלוציע האָט זי פאַרבראַכט אין טשיטאַ, דעם פריערן צענטער פון קאַטאָרגע־געביט. זי האָט דאָרט געמוזט פאַרבלייבן צוליב דער פאָדערונג פון דער גאַנצער האָרעפּאַשנער באַפעלקערונג פון טראַנסבאַיקאַליע. אָבער, הגם פונוווייטנס, האָט זי מיט אַלע אירע חושים איבערגעלעבט די שטורמישע עטאַפּן פון דער רעוואָלוציע, איר צופלוס און אָפּפלוס. באַזונדערס איז איר געגאַנגען וועגן גורל פון דער סאָצ.־רעוו. פּאַרטיי. זי האָט געזען די געפערלעכע שפּאַלטן, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין בנין פון איר פּאַרטיי. זי האָט זיך אַנטשלאָסן געשטעלט אויף דער זייט פון די לינקע. צי וועט געלינגען צו דערהאַלטן אַלס גאַנצעס דידאָזיקע פּאַרטיי, וועלכע די האָרעפּאַשניקעס האָבן געשאַפן פאַר זיך אין אומגלויבלעכער פּיין? צי וועט די רעוואָלוציע נישט פאַרלירן איר חשיבות, צי וועלן דער וועלט־שלום און די ערד־סאָציאַליזאַציע נישט בלייבן קיין אילוזיע, אויב דידאָזיקע פּאַרטיי וועט פאַרלאָזן איר אויסגעפּרוווטן קאַמף־וועג? ספּירידאָנאָווא האָט ליב געהאַט און פאַרערט די נעמען, וואָס זענען איצט געווען אויף אַלעמענס ליפּן: די „באַבושקאַ" און פיגנער, טשערנאָוו און גאָץ. צי זענען זיי אָבער אַלע געבליבן די זעלבע, ווי זיי לעבן נאָך פון פריער אין איר פאַנטאַזיע? צי וועט ספּירידאָנאָווא קאָנען האָבן אַ וואָסער נישט איז איינפלוס? געוויס, זי ווייס, אַז מען שעצט זי אין דער פּאַרטיי און אין לאַנד, אַז מען האָט נישט פאַרגעסן אירע ליידן און איר פאַרגאַנגענהייט. אָבער איצט טראַכט זי צום ווייניקסטן וועגן דער פאַרגאַנגענהייט; זי וויל ווירקן אין דער ברויזנדער קעגנוואַרט פאַר דער צוקונפט. ספּירידאָנאָווא איז פול געווען מיט זאָרגן אויפן וועג פון טשיטאַ קיין מאָסקווע. זי איז געפאָרן צוזאַמען מיט אַלעקסאַנדראַ איזמאַילאָוויטש, קאַכאָווסקאַיאַ, ביטצענקאָ. צום פּאַרטיי־קאָנגרעס איז געפאָרן אַ געשלאָסענע גרופּע גלייכדענקנדע קאַטאָרגע־חברטעס.

דער סאָציאַל - רעוואָלוציאָנערער קאָנגרעס האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַן אויסערגעוויינלעך בילד. נישט אָפט געפינט מען אין דער געשיכטע אַ פּאַרטיי, וואָס זאָל האָבן געבראַכט אַזוי פיל בלוט־קרבנות פון אירע קעמפער, ווי דידאָזיקע. אומצאָליקע

מיטגלידער אירע זענען אומגעקומען פאַר זייערע אידעאַלן אויפֿן עשאַפאָט און אין קאַטאָרגע, אין פאַרשיקונגס - ערטער און תפיסות. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דידאָזיקע פּאַרטיי איז פול־שטענדיק פאַרטיליקט פון רוסלאַנדס פּאָליטישן לעבן. די צאַרישע פּאָליציי האָט אָפיציעל געמאָלדן דער העכערער מאַכט: „די פּאַרטיי פון די ס. אָצ.־רעוו. עקזיסטירט נישט מער". עס איז אָבער גענוג געווען דער ערשטער באַלעבנדער שטראָם פון דער רעוואָ־לוציע, כדי זי זאָל פלוצלונג אויפלעבן אין אומגעאַנטער קראַפט. איצט זענען געזעסן אין קאָנגרעס - זאָל הונדערטער דעלעגאַטן פון אַלע טיילן לאַנד, מענער און פרויען, פון וועלכע דער גרעס־טער טייל זענען געווען העלדן און קרבנות אינם אומפאַרגלייכ־לעכן קאַמף. עס זענען דאָ געזעסן גרויבערדיקע פּיאָנערן און וועטעראַנען פון רוסישן סאָציאַליזם, וואָס האָבן פאַרקערפּערט מיט זיך אַ האַלבן יאָרהונדערט פון זיין אַנטוויקלונג. נעבן זיי די יונגע קעמפנדע גענעראַציע, אין אַרבעטער - בלוזעס און זעלנער - שי־נעלן, גרייט צו נייע שטורעמס. די דעלעגאַטן זענען באַהערשט געווען פון שטאָלצער פרייד: צום ערשטן מאָל קאָנען זיי אָפּהאַלטן אַ לעגאַלן קאָנגרעס אין צענטר פון לאַנד. די פרייד איז פאַרמישט געווען מיט אַ זאָרג: צי וועט די פּאַרטיי קאָנען אויסהאַלטן דעם גרויסן היסטאָרישן עקזאַמען.

די זאָרג איז געווען באַרעכטיקט, ווייל אויפן קאָנגרעס האָבן טאַקע געקעמפט פאַרשידענע לאַגערס. אַלע פראַגן זענען געשטאַ־נען אין שאָטן פון דער קריגס־פראַגע. טעג נאָכאַנאַנד האָב גע־פירט אַ קאַמף די רעכטע, די לינקע און די וואַקלדיקע. די רעכטע האָבן דערקלערט:

„עס איז נישטאָ כמעט קיין איין סאָציאַליסט, וואָס זאָל אָפּ־לייקענען, אַז אַלע קריגס־פירנדע מלוכות האָבן פאַר זיך אימפּעריאַ־ליסטישע צילן. די רוסישע רעוואָלוציע טרעט אויף אַלס מאַכט, וואָס קעמפט ערלעך פאַרן אַלגעמיינעם שלום. הייסט עס, אַז די רוסישע אַרמיי מוז פאַרטיידיקן די רעוואָלוציע, כדי נישט דער־לאָזן, עס זאָל צעטרעטן ווערן דער מקור פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט".

אויף דעם האָבן געענטפערט די לינקע.

„חברים, אויב דער קריג איז טאַקע אימפּעריאַליסטיש, ליגט אויף אונז דער חוב אַ סוף מאַכן אויף אַ רעוואָלוציאָנערן אופן מיט דער גאַנצער אידעאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע פון קריג. וואָ־סערע פּריהייטס־לאָזונגען מיר זאָלן נישט האָבן פּראָקלאַמירט אַלס רעוואָלוציע, בלייבט אָבער דער פאַקט, אַז מיר פירן פאָרט אַ אימפּעריאַליסטישן קריג. ווייל מיר זענען באַטייליקט אין אַ אימפּעריאַליסטישער קאָאַליציע. מיר וואַרפן אָפּ די פראַזע, לויט וועלכער מיר פאַרטיידיקן כלומרשט בלויז די רעוואָלוציע″.

נו גוט, טאָ וואָס־זשע שלאָגט איר פאָר? — האָבן די רעכטע ווידער געפרעגט.

„מיר געפינען זיך אין אַ באַשטימטן צושטאַנד, אין צו־שטאַנד פון קריג. אַן אָרגאַניזירטע אַרמיי מוז זיין אַקטיוו. אין באַשטימטע פּאָליטישע גרעניצן איז אַן אָפענסיווע אַ מיטל אויס־צוקעמפן אַ שלום אין אונזער גייסט″.

ניין, דאָס איז נישט קיין מיטל! — האָבן די לינקע גע־טענהט. „די רעוואָלוציע איז געבוירן געוואָרן פון בלוט, און זי וויל מער קיין בלוט נישט פאַרגיסן. עס זענען דאָ פּשוטע מענטש־לעכע געפילן, וואָס מען דאַרף זיי נישט אָפּטיילן פון די פּאַרטיי־פּאָליטישע צילן. אָבער פרעדיקן שלום־לאָזונגען אין לאַנד און אַרויסטרעטן מיט וואָפן קעגן אויסן — וואָס קאָן דען מער שטעלן אין סכנה דעם מאָראַלישן ווערט פון דער רעוואָלוציע? די מלו־כות, וואָס האָבן דאָס גליק צו זיין אונזערע פאַרבינדעטע, מוזן מיר צווינגען אָנצונעמען אונזערע שלום־לאָזונגען. כל־זמן זיי ווילן דאָס נישט, טאָר נישט פאַרגאָסן ווערן קיין איינציקער טראָפּן בלוט″.

די רעכטע האָבן נישט נאָכגעגעבן: „דער שלום קאָן אויס־געקעמפט ווערן בלויז דורך אינטערנאַציאָנאַלע אַקציעס. מען מוז געווינען די פאַרבינדעטע רעגירונגען פאַר אונזערע פּלענער, מען מוז מאָביליזירן די האַרעפּאַשניקעס פון זייערע לענדער. דידאָזיקע אויפגאַבן פאָדערן צייט. אינצווישן מוז פעסט געהאַלטן ווערן דער מיליטערישער פראָנט″.

— ריכטיק, אינטערנאַציאָנאַלע אַקציעס! — האָבן די לינקע באַגייסטערט אויסגערופן. „וואָס אָבער הייסט אינטערנאַציאָנאַל?

עס איז דאָ צווישן אונז אַ לאַגער, וואָס וואָלט, באַוווסטזיניק צי אומבאַוווסטזיניק, געוואָלט איינהאַלטן די רוסישע רעוואָלוציע אין די נאַציאָנאַלע ראַמען. דורכדעם ווערט אָוועקגערויבט ביי דער רעוואָלוציע איר וועלטפּולסטער, שטראַלנדיקסטער אינהאַלט. מיר האָבן פאַרפליכטונגען נישט לגבי די פאַרבינדעטע מלוכות, נאָר לגבי די בלוטנדיקע פּראָלעטאַריער פון דער וועלט. מיר ווילן אַ פרידן, וואָס באַפרייט די גאַנצע מענטשהייט. די רוסישע רעוואָלוציע דאַרף ווערן די בריק צו דער סאָציאַליסטישער איבערקערעניש פון דער וועלט, זי דאַרף פאַנאַנדערבלאָזן די וועלט־שריפה״.

אזוי האָבן געקעמפט צווישן זיך די צוויי לאַגערן פאַר עפּעס גרעסערס, ווי דער קריג. עס זענען געשטאַנען קעגנאַנאַנדער אינטערנאַציאָנאַליסטן און פּאַטריאָטן, סאָציאַלע און פּאָליטישע רעוואָלוציאָנערן. מיט 190 שטימען קעגן 33 איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדע רעזאָלוציע פון די רעכטע: „כּל־זמן דערהאַזיקער קריג דויערט, אַנערקענט דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד די נויטיקייט פון אַ סטראַטעגישן איינהייטס־פראָנט מיט די פאַרבינדעטע. די אַרמיי מוז אויסגעבויט ווערן צו אַ מאַכט, וואָס איז פעיק צו אַקטיווע אַקציעס״.

דעם 31־טן מאַי איז אויפן קאָנגרעס דערשינען מאַריאַ ספּירידאָנאָווא. זי איז באַגייסטערט אויפגענומען געוואָרן דורך די דעלעגאַטן. דער גרייז־גרויער פאַרזיצער רוסאַנאָוו האָט באַגריסט ספּירידאָנאָוואַן מיט אירע חברטעס: „חברים, צווישן אונז געפינען זיך היינט ספּירידאָנאָווא, ביטצענקאָ, קאַכאָווסקאַיאַ. מיר פאַרמאָגן אַ סך העלדישע געשטאַלטן אין אונזער פּאַרטיי. אָבער די פּערזאָנען, וועמעס נעמען איך האָב אַקאָרשט אויסגערעכנט, געהערן צו די ליכטנדיקסטע און איידלסטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע. זיי געהערן צו די־יעניקע, וועגן וועלכע דער ענגלישער סאָציאַליסט וויליאַם מאָררים האָט געזאָגט: „ווען מען באַטראַכט די רוסישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן אויסגעקעמפט אומשטערבלעכקייט נאָך ביים לעבן, קוועלט אָן אין אונז דאָס האַרץ״. די קראַפט פון די דאָזיקע מענטשן באַשטייט נישט נאָר דערין, וואָס זיי זענען געווען טעראָריסטן. זייער שטראַפנדיקע

האנט האָט זיך אויפגעהויבן קעגן די טיראַנען בלויז דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך געפילט סאָלידאַריש מיט די אַרבעטער און פויערים, מיט אַלע געפייניקטע פון דער מענטשהייט... איך דריק אויס די געפילן פון גאַנצן קאָנגרעס, ווען איך לאַד איין די־ דאָזיקע חברים, וועלכע קומען פון דער סיבירער קאַטאָרגע, אָנ־ טיילצונעמען אין אונזער אַרבעט און נעמען אַ פּלאַץ ביים פּרע־ זידיום־טיש". ווען די אָוואַציעס, וואָס זענען אויסגעבראָכן נאָכן פּאַרזיצערס ווערטער, זענען שטיל געוואָרן, האָט דער פּאָרזיצע־ אויסגערופן: „נאָכן דאָזיקן ספּאָנטאַנעם ענטוזיאַזם, נאָך דער יום־טובדיקער שטימונג, וואָס האָט אונז אַלע אַרומגעכאַפּט, לאָמיר ווידער צוטרעטן צו דער אַרבעט. גרויס זענען די אַקטן פון העראָיזם, גרויס איז אויך די טעגלעכע רעוואָלוציאָנערע אַר־ בעט, וואָס פילט אויס דאָס לעבן פון יעדן איינעם פון אונז".

ספּירידאָנאָווא איז טיף גערירט געווען פון ברידערלעכן קבלת־פּנים. זי האָט אָבער נישט פאַרשוויגן, אַז זי שטעלט זיך אויף דער זייט פון די לינקע. זי האָט געהאַלטן אַ רעדע, וואָס האָט געגליט מיט לײדנשאַפטלעכער ליבע צו דער פּאַרטיי און צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די דאָזיקע רעדע וועלן מיר דאָ איבער־ געבן וואָרט ביי וואָרט.

## די רעדע פון מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ

די רוסישע רעוואָלוציע, וואָס שפּילט זיך אָפּ אויפן פּאָן פון דער וועלט ־ קאַטאַסטראָפע פון קריג, איז אַזאַ קאָמפּליצירטע דערשיינונג, אַז יעדע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי מוז רעכנען מיט דער גרעסטער שטרענגקייט איר אָפיציעלע פּראָגראַם. מיר שטייען פאַר אומגעאַנטע נייע פּראָבלעמען און סיטואַציעס, וועלכע מען קאָן מער נישט מעסטן מיט די פריערע מאַסשטאַבן.

די פּראָגראַם פון יעדער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי באַשטייט, נאַטירלעך, פון צוויי טיילן. איין טייל ברענגט צום אויסדרוק דעם

ענדציל, דער צווייטער אַנטהאַלט די פּראַקטישע קעגנוואַרטס־אויפֿגאַבן. דער ענדציל, דער אידעאַל איז די סיבה פֿונם איבּיקן, אומגעזעטיקטן שטרעבן. ערשט דער אידעאַל פֿאַרוואַנדלט די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי אין אַ דורך און דורך דינאַמישער קראַפֿט. אַפֿילו די דערגרייכונגען פֿונם ענדציל שטעלט נישט קיין גרענעצן דערדאָזיקער פֿאָראויס־שטרעבנדער קראַפֿט. ווייל אויך דער אידעאַל איז נישט עפּעס אַבּסאָלוטעס, נישט קיין ענדפּונקט, ווו עס אַנטשטייט רו און פֿרייע צייט. אין איצטיקן מאָמענט איז פֿאַר אונז די פֿירנדיקע אידייע — דער סאָציאַליזם.

אַלע אַקטן פֿון דער סאָצ.־רעוו. פּאַרטיי האָבּן געטראָגן אויף זיך דעם שטעמפּל פֿון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. פֿאַר דער רעוואָלוציע האָט די דאָזיקע פּאַרטיי פֿאַרקערפּערט אין זיך אין דער גרעסטער מאָס דאָס דינאַמישע אין דער געשיכטע, און אַלס אַזאַ מוז זי לעבּן אויך ווייטער, אויבּ זי וויל נישט באַגיין קיין פּאָליטישן און מאָראַלישן זעלבּסטמאָרד. מיר זענען אַריינגעטראָטן אין דער עפּאָכע פֿון היסטאָרישן שאַפֿן. און אַלע אַקציעס פֿון דער פּאַרטיי מוזן אויסשטראַלן פֿון זיך דאָס ליכט פֿון סאָציאַליזם, פֿון דערדאָזיקער גרעסטער זיטלעכער מאַכט. דעריבּער דאַרף זיך אונזער פּראָגראַם נישט צופּאַסן צו די באַדינגונגען פֿון צייט און רוים; אין קעגנטייל: יעדע ווירקלעכקייט מוז זיך דערהויבּן צו דער הויך פֿון דערדאָזיקער פּראָגראַם.

געוויס, אויך אַלס רעוואָלוציאָנערן און מענטשן פֿון דער צוקונפֿט זעען מיר איין, אַז עס מוזן זיין איבּערגאַנגס־שטופֿן צו דערדאָזיקער צוקונפֿט. דעריבּער מוזן אויך די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אַרויסרוקן — אין הסכּם מיט דער צייט און מיטן לאַנד — אַ געוויסן טייל פֿון זייערע פֿאָדערונגען אין פֿאָדערגרונט, אַלס די וויכטיקסטע. אָבּער אויך די דאָזיקע מינימאַלע פֿאָדערונגען מוזן זיין אין פֿולער האַרמאָניע מיט דער מאַקסימאַלער פּראָגראַם פֿון סאָציאַליזם. דערמיט אונטערשיידן מיר זיך דאָך פֿון די מענשעוויקעס, וואָס אונזערע פֿאָדערונגען ווילן אויפֿרייסן די ראַמען פֿון דער איצטיקער ווירטשאַפֿטלעכער אָרדענונג. אין אַ שפּעטערער צוקונפֿט וואָלטן מיר געקענט מיטאַרבּעטן מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן ביים אויפֿבּוי פֿון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט.

מיר קענען אָבער נישט אויסקעמפן צוזאַמען מיט זיי דעם סאָציאַליזם. זייער מח איז טרייסטלאָז פאַרשטאָפּט דורך דער מאַרקסיסטישער דאָגמע, זייער געוויסן לאָזט צו אַן אָפּאָרטוניזם, וואָס איז אומדערהערט אין דער געשיכטע פון יונגע פּאַרטייען. נישט געקוקט אויף דער היסטאָרישער לאַגע פאַרשפּאַרן זיי מיט אייגענע הענט דעם וועג פאַר דעם ברייט זיך פאַנאַנדערגיסנדיקן פאָלקס־שטראָם, וואָס האָט שוין לאַנג איבערגעפליצט אַלע ווענט און מויערן פון אַ בירגערלעכער רעוואָלוציע.

היינט פּאַקטירן מיט דער בורזשואַזיע? אָבער ווער האָט דען ביז איצט צוגעשטעלט דער רוסישער בורזשואַזיע איר קאַמף־אַפּאַראַט, אויב נישט דער צאַריזם? איז דער צאַריזם געפאַלן, זענען מיט אים אויך געפאַלן די זיילן פון בירגערטום. דער וועג צו דער מאַכט איז געוואָרן אָפן פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס, ווי נאָך קיינמאָל נישט אין דער וועלט־געשיכטע. זענען מיטאַמאָל געקומען דידאָזיקע אומדערוואַרטע כּחות, וועלכע לאַטען אין גרויס איילעניש די בירגערלעכע אָרדענונג, קלייען זי צונויף און שפּאַרן זי אונטער. אַזוי, למשל, אַרבעטן זיי מיט די באַגריפן: קריג, היימלאַנד, פאָטערלאַנד, מלוכה; אַזוי, למשל, וואַרפן זיי אַלץ אונטער די אינטערעסן פון דער לאַנד־פאַרטיידיקונג, און זיי דערוועגן אַליין די רעוואָלוציע. מען פירט ווייטער דעם קריג ביי דיזעלבע באַדינגונגען, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן דורכן ווילן פון צאַר און פון די הערשנדע קלאַסן. מען קאָן נישט לייקענען: דידאָזיקע רומרייכע טאַקטיק פאַרמאָגט קאָנסעקווענץ און האַרמאָניע.

אָבער איך פרעג אייך: וואָס האָבן מיר, די פּאַרטיי פון די סאָצ.־רעוו., צו טון מיט דעם אַלעם? אויך מיר זאָלן דינען די טאַקטישע פּרינציפּן פון די מענשעוויקעס? מיר זאָלן צוזאַמען מיט זיי אויסבילדן די איינהייטלעכע שטימע פון די ראַטן?

די סאָצ.־רעוו. פּאַרטיי מאַרשירט אין דער שפּיץ פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ביים פאַרווירקלעכן איר פּראָגראַם רייסט זי אויף איינעם פון די מעכטיקסטע פונדאַמענטן פון דער היינטיקער אָרדענונג — דאָס ערד־אייגנטום; צעשטערט זי איינעם פון די הייליקסטע פּרינציפּן פון דערהאָזיקער וועלט — דאָס

פריוואַט ־ אייגנטום. זי איז דער אָפענער שונא פון די הערשנדע קלאַסן נישט אין דער צוקונפט, נאָר אין דער קעגנוואַרט, אין אירע אומוויטלבאַרע אויפגאַבן. טאָ זאָל ־ זשע דידאַזיקע פאַרטיי שטיין מיט אַן אָפגעדעקטן פנים פאַר דערדאָזיקער וועלט! אָבער וואָס טוט זי? זי דערלויבט זיך טאַקטישע מעטאָדן, וואָס זענען נישט נאָר נישט געהייליקט דורך די פרינציפן פון אונזער פראָגראַם, נאָר זיי פאַרניכטן ממש איר לאָגישן און מאָראַלישן ווערט.

קאָאַליציע מיטן בירגערטום, דאָס אייביקע לאַווירן אין דער רעגירונגס ־ פראַגע — דאָס אַלץ זענען נישטיקע פעלערן אין פאַרגלייך מיט יענע גרויסע חטאים לגבי דער רעוואָלוציע און אונזער פראָגראַם, וואָס ווערן טאָג־טעגלעך באַגאַנגען. דער שלום הערט אויף צו זיין דער דעוויז פון טאָג. די סאָציאַליסטישע וועלט־קאָנפערענץ ווערט אויפגעפאַסט אַלס פאַרטיי־זאַך, און נישט אַלס די וויכטיקסטע פאָלקס־זאַך, נאָכמער: אַלס זאַך פון אַלע פעלקער פון דער וועלט. די פאַרטיידיקונג פון דער מלוכה ווערט אַ זעלבסטצוועק און ווערט דורכגעפירט אַלס טייל פון דער פראַנצויזיש־ענגלישער פאַרטיידיקונג.

ווי אַנדערש עס איז געווען אונזער רעוואָלוציע! איר קלאַנג איז געווען קלאָר און ריין, אירע לידער האָבן געקלונגען ווי זילבער. מען האָט אָפגעשאַפט טויט־שטראָף, מען האָט ארויסגעלאָזן אַן אויפרוף צו אַלע האָרעפּאַשניקעס פון דער וועלט. די שעפערישע קראַפט פונם רעוואָלוציאָנערן פאָלק, וואָס גלויבט אין זיך, איז אויסגעוואָקסן. און אַזוי אַרום וואָלטן מיר געזיגט. מען וואָלט זיך אָבער נישט געטאָרט אָפּקערן פונם ריינעם וועג פון פאָלקסשאַפן און אַרויפגיין אויפן שמוציקן שטעג פון בירגערלעכן אויפבוי.

די געשיכטע האָט נאָך קיינמאָל נישט געגעבן אַ סאָציאַליסטישער פאַרטיי אַזויפיל שאַנסן צו פאַרווירקלעכן אירע ברענענדיקסטע טרוימען, ווי אונז אין דערדאָזיקער רעוואָלוציע. די גאַנצע סאָציאַלע ווירקלעכקייט טרייבט אונז פשוט צו אַן איבערקערעניש אויף דער גאַנצער ליניע פון מענטש־עקספּלואַטאַציע. די צענטראַלע אַקס פון דער בירגערלעכער ווירטשאַפט, דאָס

עלעמענטארע געזעץ פון אנבאט און נאכפרעג, גייט צו גרונט ביי דער בייזוויליקער שפיל פון די איינצל־שפעקוליאנטן און דער צעשטערונג פון דער וועלט־ווירטשאפט. מיט די כחות פון מלוכה און פאלק וועלן מוזן ארגאניזירט ווערן אויפסניי די פראדוקציע, דער אויסטויש און די פארטיילונג. אבער דידאזיקע אומדערהערט־קאמפליצירטע אויפגאבע פונם נייעם אויפבוי קאן דאך נישט אי־בערגעגעבן ווערן דער בורזשואזיע. מען קאן זיך דאך גארנישט פארשטעלן, אז דאס רוסישע ארבעטס־פאלק וועט אפגעבן זיינע כחות פארן אויפבוי פון א ארדענונג, וואס וועט ווידעראמאל איבערגעבן אין די הענט פון א הייפל פינאנסיסטן און קאפיטא־ליסטן דעם ארבעטס־ריווח פון מיליאנען מענטשן. דאס פאלק וויים דעם אמת, עס האט שוין באגריפן די סודות פון די נייע לעבנס־פארמען, וואס מען דארף שאפן. ראטן, באטריבס־קאמי־טעטן, א מאסע רעוואלוציאנערע ארגאניזאציעס גרייטן צו יענע ברייטע קאנאלן, ווו עס וועלן נעמען פליסן די וואסערן פון דער נייער פאלקס־ווירטשאפט.

דער קריג און די צעטרייסלונג פון דער וועלט צווינגען אונז ווידער אויפצוריכטן דעם אינטערנאציאנאל, אלס יענע אומגע־הייער אקטיווע קראפט, וואס זי אליין איז בארופן צו לייזן די פראגע פון קריג און שלום, איבערצוהאקן דעם טראגישן קנופ. דאס מערב־אייראפעישע לעבן שאפט שוין אין זיינע טיפענישן דידאזיקע וועלט־ארגאניזאציע, עס ברענגט פון זיך ארוים כסדר נייע אימפולסן פון א באוועגונג, וואס קאן טראגן בלויז דעם כאראקטער פון דער רוסישער רעוואלוציע. און ווען עס וועט אמאל קומען די רעוואלוציע פון די פעלקער, — דאן וועט זי אונטערציען דעם לעצטן סך־הכל, זי וועט חתמענען דעם גורל פון דער אלטער ציוויליזאציע. זי וועט באדייטן דעם אנפאנג פון א נייער, גוואלטיקער און הערלעכער קולטור, וואס איז געבארן גע־ווארן פאר דער גאנצער וועלט אין אומגעהייערע לײדן.

דא, אויף דידאזיקע אלע וויטאקלעכע סטאציעס פון רו־סישן קאמף און פון וועלט־קאמף, איז אונזער פלאץ, דער פלאץ פון די סאצ.־רעוו., געווען אנגעצייכנט. דערדאזיקער פלאץ ווערט באשטימט דורכן ליכט פון אונזער אידייע: אומבויגזאם אונטער

דער פּאַן פון רעוואָלוציע און סאָציאַליזם, תּמיד פאַר דעם פאָלק, מיטן פאָלק, דורכן פאָלק.

* * *

נאָך אַזאַ רעדע האָט ספּירידאָנאָווע אויפגעהערט צו געהערן דער גאַנצער פּאַרטיי: זי איז פון איצט אָן באַטראַכט געוואָרן אַלס פאַרשטייערין פון אַ פראַקציע. אַ פראַקציע - קעמפערין באַגליימן אַנדערע געפילן, ווי דער פּאַרטיי - הייליקער. ביי די וואַלן צום צענטראַל - קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אויך ספּירידאָנאָוואַס קאַנדידאַטור. די פירנדע שיכט פון דער פּאַרטיי האָט איר קאַנדידאַטור אָפּגעוואָרפן; זי איז נישט געוויילט געוואָרן. עס איז געווען כאַראַקטעריסטיש: אויך קערענסקי, די פּאַרערטע פּערזאָן פון די מעסיקע, איז נישט געוויילט געוואָרן. פון פראָנט איז ער אָנגעקומען קיין מאָסקווע. אונטערן יובל פון אַ טויזנטקעפּיקער מאַסע, באַשאָטן מיט בלומען פון בירגערלעכע דאַמען, האָט זיך זיין אויטאָ באַוועגט פון וואָקזאַל. אָבער אויפן קאָנגרעס פון זיין פּאָליטישער פּאַרטיי, האָבן אים די לינקע אָפּן אויסגעדריקט אומצוטרוי. קערענסקיס נייער אַרמיי-באַפעל, וואָס האָט געדראָט די „דעזערטירן" מיט דער שווערסטער שטראָף, האָבן אָפּגענומען ביי אים די סימפּאַטיעס פון גרעסטן טייל קאָנגרעס. ער, וואָס האָט פאַרנומען דעם העכסטן אַמט אין דער מלוכה, איז נישט אַריינגעגאַנגען אין דער העכסטער אינסטאַנץ פון זיין פּאַרטיי.

ספּירידאָנאָווע האָט פאַרלאָזן דעם קאָנגרעס מיט אַ שווערער געמיט. זי האָט מיטן גאַנצן וועזן ליב געהאַט דיזאָזיקע פּאַרטיי, און זי האָט געזען, ווי די ערשטע שניטן פון דער שפּאַלטונג צעטיילן די פּאַרטיי. זי איז אַריבערגעפאָרן קיין פּעטראָגראַד, כּדי דאָרט, אין צענטער פון דער רעוואָלוציע, זיך ווידמען דער פּראָפּאַגאַנדע. דער פּאַרטיי - צענטער האָט זי איזאָלירט אין אַ קרייז פון אַכטונג און קילער דערווייטערטקייט. אין פּויערים - ראַט האָט מען זי געשטויסן צו פּאַסיווקייט. אָבער די לינקע סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער פון פּעטראָגראַד, האָבן זי אויסגעוויילט אין אַרבעטער - ראַט. איר צייט וועט קומען ערשט שפּעטער.

# V.

# די אַפּענסיווע

זייט עס איז געשלאָסן געוואָרן די קאָאַליציע, זענען פאַרגאַנגען מערערע וואָכן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס שטייען הינטער איר גרויסע שיכטן פון פאָלק. עס האָבן געגעבן אויף איר זייער צושטימונג: דער פּעטראָגראַדער ראַט, דער פּויערים־קאָנגרעס, די ס.־ר. פּאַרטיי. און דאָך האָט אין לאַנד געהערשט די גרעסטע אומרואיקייט. די אַרבעטער זענען געווען אומצופרידן אין די פאַבריקן. זיי האָבן אַלץ מער געליטן פון דערנערונגס־מאַנגל און יקרות. זיי האָבן אַרויסגעשטעלט לוין־פאָדערונגען, האָבן געפאָדערט אַ קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע. זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויפן האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד פון די אונטערנעמער. זיי האָבן איינגעפירט אַ סאַבאָטאַזש־סיסטעם, זיי האָבן אַרויסגעצויגן פון די אונטערנעמונגען דאָס געלט און די רוי־מאַטעריאַלן. די באַציאונגען האָבן זיך אַזוי צוגעשפּיצט, אַז דער האַנדלס־ און אינדוסטרי־מיניסטער קאָנאָוואַלאָוו איז אַרויסגעטרעטן פון דער קאָאַליציע־רעגירונג. דערביי איז קאָנאָוואַלאָוו געווען איינער פון די ווייניקע בירגערלעכע פּאָליטיקער, וואָס האָבן געמיינט ערנסט מיט דער רעוואָלוציע.

אויך די פּויערים זענען געווען אומצופרידן. זייערע פאָרשטייער האָבן אַפילו מבטיח געווען, נישט אונטערצונעמען ביז דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג קיין שום אַקציעס אויף אייגענער האַנט. זיי זענען אָבער זיכער געווען, אַז די רעגירונג, באַזונדערס טשערנאָוו — דער „פּויערים־מיניסטער" — וועלן פון אייגענער איניציאַטיוו אַלץ טון, כּדי צו זיכערן זייערע סאָציאַלע רעכט. נאָך דעם 21־טן אַפּריל זענען אין גאַנצן לאַנד באַשטימט געוואָרן ערד־קאָמיטעטן „כּדי צוצוגרייטן די אַגראַר־רעפאָרם". האָבן דען די היזיקע קאָמיטעטן נישט געדאַרפט איבערנעמען די פאַרוואַלטונג פון אַלע גיטער? האָט מען דען נישט געדאַרפט פאַרווערן די גוטסבאַזיצער אַלערליי טראַנזאַקציעס מיט זייער ערד, וואָס געהער דאָך דעם פאָלק? די ווירקלעכקייט האָט אויסגעזען גאַנץ אַנ־

דערש. די גוטסבאזיצער האבן געקאנט טון מיט זייער ערד אלץ, וואס זיי האבן געוואלט, און די קאמיסארן פון דער רעגירונג האבן זיי באשיצט. עס האבן זיך אנגעהויבן פויערים - אומרועז, וואס האבן אלץ מער און מער אנגענומען דעם כאראקטער פון מאסנבאוועגונגען. דאן האט דער פרעמיער - מיניסטער פירשט לוואוו געשיקט צו די קאמיסארן די איינציקע אינסטרוקציע: אנ־ געמען ענערגישע מיטלען צו באקעמפן די „אנארכיע" אין די דערפער. טשערנאוו האט גארנישט געקאנט דורכפירן אין דער רעגירונג לטובת די פויערים. ווען עס איז אים שפעטער עפעס געלונגען אין דאזיקן פרט, האט דאס געפירט דערצו, אז נישט קיין קלענערער ווי פירשט לוואוו האט זיך אנגעגעבן אין דעמיסיע.

אבער די פויערים, די ארבעטער, דער קלייגער פאלקס־מענטש האבן זיך געפילט אפגענארט אויך אין זייער האפענונג אויף שלום. עס איז גארנישט געשען, כדי צו פארענדיקן דעם קריג! אמת, דער פעטראגראדער ראט האט באשלאסן צונויפצורופן אין שטאקהאלם א אינטערנאציאנאלע סאציאליסטן - קאנפערענץ, כדי אנצוהויבן א שלום - באוועגונג. אבער די פארבינדעטע רעגירונגען האבן אפילו נישט בדעה געהאט צו לאזן פארן אהין „זייערע" סאציאליסטן: זיי האבן זיי נישט ארויסגעגעבן קיין פעסער. דאקעגן האט פראנקרייך פראקלאמירט אין א פארלאמענט - באַ־ שלוס, אז זי וועט נישט מותר זיין נישט אויף אנעקסיע און נישט אויף קאנטריבוציעס, אז זי וועט פירן דעם קריג ביזן ענד־ גילטיקן נצחון. איצט האט געדארפט קומען א לײדנשאפטלעכע דיפלאמאטישע אפענסיווע מצד דער רוסישער רעוואלוציאנערער דעמאקראטיע. די צייט איז געווען א גינסטיקע: גאנץ אייראפע האט זיך געפונען אונטערן איינדרוק פון פייערדיקן רוסישן אויפ־ רוף פאר פרייהייט און שלום. אין פראנקרייך איז דורך דער ארמיי געגאנגען א כוואליע פון אומרועז. אין איטאליע זענען אויסגע־ בראכן פאלקס - אומרועז, אין דייטשלאנד האט דער רייכסטאג אנגענומען שלום - רעזאלוציעס. אבער דער נייער אויסערן־מיניס־ טער טערעשטשענקא, וואס האט ווייטער געפירט אין א דיפלאמא־ טישער פארם מיליוקאווס אימפעריאליסטישע פאליטיק, האט גאר־ נישט געטון. פארקערט: מען האט אונטערגענומען א מיליטערישע

אָפּענסיווע. אַנהויב יוני האָט אין פּעטראָגראַד אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען דער ערשטער קאָנגרעס פון די אַרבעטער־ און זעלנער־ראַטן פון גאַנצן לאַנד. ער האָט געדאַרפט שאַפן אַ נייעם אָרגאַן צו פאַרטרעטן דאָס פּראָלעטאַרישע רוסלאַנד; דעם אָרט פון פּעטראָגראַדער ראַט זאָל פאַרנעמען אַ צענטראַלער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון די ראַטן. די מעסיקע האָבן אויך דאָ געהאַט די מערהייט. ווידער האָבן זיי אָנגענומען רעגירונגס ־ פריינטלעכע רעזאָלוציעס. דאָס האָט פאַר קערענסקין באַדייט אַ פולמאַכט פאַר אַן אָפּענסיווע אויפן פראָנט.

אָבער דערדאָזיקער קאָנגרעס האָט אויך באַוויזן, אַז די קראַפט פון די לינקע וואַקסט אין לאַנד פון טאָג צו טאָג. די מעסיקע האָבן פאַרמאָגט די מאַכט פון אַ מערהייט שטימען, די לינקע — די קראַפט פון אַרגומענטן און די וואַקסנדע השפעה אין לאַנד. נעבן דער באָלשעוויסטישער פראַקציע, אָנגעפירט דורך לענין און טראָצקי, איז דאָ אָפן אַרויסגעטראָטן אַ געשלאָסענע פראַקציע פון לינקע סאָציאַל ־ רעוואָלוציאָנערן. זיי האָבן ביידע געפאָדערט, אַז די מלוכה־מאַכט זאָל איבערגיין אין די הענט פון אַלרוסישן ראַט פון אַרבעטער־ פויערים־ און זעלנער־דעפּוטאַטן. ווען די מעסיקע פירער האָבן באַטאָנט, אַז עס וועט זיך נישט געפינען קיין איין סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס זאָל איבערנעמען די רעגירונג, האָט לענין דערקלערט: זיין פּאַרטיי איז דערצו גרייט אין יעדן מאָמענט. די רעאַלע באַדייטונג פון די לינקע האָט אין יענע טעג געפונען אַ שטורמישן אויסדרוק אויף די פּעטערבורגער גאַסן. דעם 10־טן יוני האָבן די באָלשעוויקעס גערופן דעם פּראָלעטאַריאַט צו אַ דעמאָנסטראַציע; דער קאָנגרעס (ד. ה. זיינע פירער) האָט זי פאַרבאָטן, ווייל זי האָט געדאַרפט אַרויסטרעטן קעגן זיי. ער האָט באַשטימט אַן אייגענע דעמאָנסטראַציע אויפן 18־טן יוני. דער לאָזונג איז געווען: „איינהייט פון די רעוואָלוציאָנערע כחות". אַנשטאָט דעם האָבן די מאַסן דעמאָנסטרירט מיט זייערע אייגענע לאָזונגען: „נידער מיט דער אָפּענסיווע!", „נידער מיט די קאַפּיטאַליסטישע מיניסטאָרן!", „די גאַנצע מאַכט — די ראַטן!" די קאָאַליציע ־ טרייע סאָציאַליסטן האָבן פּלוצלונג דערזען פאַר זיך צאָרנדיקע און מורדישע מאַסן, וואָס גייען זייער



אייגענעם וועג. דער קאָנגרעס האָט טאַקע פּאַרטראַטן אַלע רוסישע ראַטן, אָבער די פּראָלעטאַריער און ראַטן פון פּעטראָגראַד האָבן מאַרשירט אין דער שפּיץ פון דער רעוואָלוציע. זייער שטים, וואָס איז תּמיד געווען די פירנדע, האָט איצט געררופן: „די גאַנצע מאַכט — די ראַטן!״

און פּונקט דעמאָלט, דעם 18־טן יוני האָט קערענסקי געגעבן דעם סיגנאַל צו דער אָפענסיווע. צו דער רעגירונג האָט ער טעלעגראַפירט: „היינט איז דער גרויסער יום־טוב פון דער רעוואָלוציע. די רוסישע רעוואָלוציאָנערע אַרמיי איז מיט גרעסטער באַגייסטערונג אַריבער אין אָנגריף״. אונטער רויטע פענער מיט לויכטנדע אויפשריפטן „פאַר ערד און פרייהייט״, האָבן די זעלנער מאַרשירט אין שלאַכט אַריין. די רעוואָלוציאָנערע מאַסן אין לאַנד זענען באַטויבט געווען, ווי פון אַ שטאַרקן קלאַפּ. ס׳האָט זיך זיי נישט געגלויבט, אַז דער קריג און די אָפענסיווע וועלן אַזוי שנעל ווידער אויפלעבן. מען איז פאַרשטאַרט געוואָרן אין פּיבערנדיקער דערוואַרטונג. מען האָט מורא געהאַט פאַר יעדן אויסגאַנג פון נייעם מאַכט־קאַמף. דער נייער אָנהויב פון קריג איז געווען אַ מעכטיקער קלאַפּ פאַר אַלע שלום־באַמיאונגען. איצט זענען די דייטשישע אַרבעטער ווידער אַרונטערגעפאַלן אונטער דער מאַכט פון זייערע הערשער, די פּראָלעטאַריער פון די פאַרבינדעטע לענדער זענען ווידער איינגעשפּאַנט געוואָרן אין וואָגן פון זייער אימפּעריאַליזם. בלויז איין שיכט אין לאַנד האָט באַטראַכט די אָפענסיווע אַלס זייער טריאומף: דאָס איז געווען די רוסישע בורזשואַזיע.

די ערשטע ידיעות פון פראָנט זענען געווען גינסטיקע. דער שטורם פון די רוסישע פּולקן האָט געשיינט צו זיין אומווידערשטייטלעך. נאָך אַ רייע טייל־דערפאָלגן, האָט די אַרמיי איבערגעלעבט אַ טריאומף: זי האָט פאַרנומען די שטעט גאַליטש און קאַלושטש. דער פּאַטריאָטישער טייל פון דער באַפעלקערונג איז געווען באַגייסטערט. דער רעוואָלוציאָנערער טייל האָט דורכגעלעבט טיפע זאָרג און טרויער. פּלוצלונג, דעם 30־טן יוני, איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אויפן פראָנט. דער מאַרש פאָראויס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן, ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש אויף

צוריק. די פראָנט - באַריכטן האָבן שוין געקלונגען גאַנץ אַנדערש. וואָס איז געשען? די זעלנער האָבן מער נישט געוואָלט, דער גייסט פון אָפענסיווע, וואָס איז קינסטלעך אַרויסגערופן געוואָרן צום לעבן דורך אַ גוואַלטיקן זעלישן דרוק, איז אויסגעלאָשן געוואָרן. ווי נאָר די פיינטלעכע אַרמייען האָבן אַרויסגעוויזן אַ ערנסטן ווידערשטאַנד, זענען די זעלנער אָפּגעקילט געוואָרן און האָבן דערקלערט: ניין! זיי האָבן פאַרלאָזן די פּאָזיציעס, געפאָדערט אויפקלערונגען.

צי איז דאָס געווען אַ צופאַל אָדער די השפּעה פון בייזע גייסטער? ניין, דאָס איז געווען אַ נאַטירלעכע רעאַקציע. אין די דאָזיקע צוועלף אָפענסיוו־טעג, האָט זיך פאַר זיי ווידער אַנטפּלעקט דער וועלט־קריג אין זיין גאַנצער גרויליקער געשטאַלט. דאָס האָט זיך צוריקגעקערט דער אַלטער, פאַרשאָלטענער רעזשים. ווידער קריגערישע טוגנט, ווידער שאָוויניסטישער האַס לגבי דעם „שונא“, ווידער אייזערנע דיסציפּלין פון דער אַרמיי, ווידער די הערשאַפט פונם „באַרין“ און אָפיציר איבערן פּשוטן מענטשן. ווי אַזוי האָט זיך דאָס אַלץ געקאָנט פאַרבינדן מיטן ליידנשאַפטלעכן דראַנג צו לעבן און פרייהייט, וואָס די רעוואָלוציע האָט אויפגעוועקט? די אָפענסיווע האָט ביים ערשטן בלוטיקן ווידערשטאַנד פון קעגנער געמוזט זיך אָפּשטעלן, כּדי באַלד פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ פאַרניכטנדיקער קאַטאַסטראָפע.

* * *

גלייכצייטיק מיט דער ענדערונג אויפן פראָנט, איז אין פעטראָגראַד אויפגעטריסן געוואָרן די קאָאַליציע־רעגירונג. די איניציאַטיוו איז געקומען מצד מיליוקאָווס פירנדער ליבעראַלער פּאַרטיי — די קאַדעטן. דעם 2־טן יולי האָבן אירע מיניסטאָרן דערקלערט, אַז זיי טרעטן אַרויס פון דער רעגירונג. זיי האָבן שוין פון לאַנג געוואָלט פאַרלאָזן די קאָאַליציע, ווייל זי האָט נישט באַזייטיקט די טאָפּל־הערשאַפט אין דער רעוואָלוציע. די דאָזיקע טאָפּל־הערשאַפט איז בלויז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער רעגירונג גופא. די מעסיקע ראַט־סאָציאַליסטן האָבן טאַקע געטרוימט וועגן אַ פּאָליטישער צוזאַמענאַרבעט, אָבער אינדעראמתן האָט זיך די קאָאַליציע פאַרוואַנדלט אין אַן אומאויפהערלעכן קלאַסנקאַמף ביים

גרינעם רעגירונגס־טיש. די ראַט־מיניסטאָרן האָבן בסדר געשטעלט סאָציאַלע פאָרשלאָגן, און די בירגערלעכע מיניסטאָרן — נאַציאָנאַלע. די ביידע פּאַרטנער האָבן זיך קעגנזייטיק אָפּגעשוואַכט, אָבער די סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן זענען אומשטאַנד געווען צו מאַכן אַ שטאַרקן דרוק. הינטער זיי זענען געשטאַנען די ראַטן. פאַר וואָס האָבן די ליבעראַלן אויפגעריסן די רעגירונג פּונקט איצט? ווייל זיי האָבן באַקומען ידיעות וועגן באַלדיקן צוזאַמענברוך אויפן פראָנט. זיי האָבן נישט געוואָלט טראָגן די אחריות, זיי האָבן אפשר אויך געוואָלט פאַרגרעסערן די אָנקומענדיקע צעטומלעניש דורך אַ פּלוצלונגן רעגירונגס־קריזיס.

און דאָ איז געשען פאָלגנדעס: דעם 3 יולי זענען פאָרגעקומען זיצונגען פון די עקזעקוטיוועס פונם ארבעטער־ראַט און פון פויערים־ראַט, כדי צו נעמען שטעלונג צום פרישן רעגירונגס־קריזיס. אָבער פּונקט ווי דעם 21 אַפּריל, האָבן זיך אויך איצט אריינגעמישט אין די געשעענישן די מאַסן. באַדייטנדע טיילן פון פעטראָגראַדער גאַרניזאָן זענען אַרויס, באַוואָפנטע, אויף די גאַסן, זיי האָבן צוגעצויגן צו זיך גרויסע פּראָלעטאַרישע שיכטן. שפּעט אין אָוונט האָבן זיך צו זיי אָנגעשלאָסן די 30 טויזנט ארבעטער פונם גרעסטן פּוטילאָוו־באַטריב. די מאַסן האָבן מאַרשירט צום טאַווּרישן פּאַלאַץ, דעם זיץ־אָרט פון די ראַטן. זיי האָבן געטראָגן פענער מיטן איינציקן אויסגעשריי: „די גאַנצע מאַכט — די ראַטן”! דאָס איז נישט געווען קיין באָלשעוויסטישער אויפשטאַנד; די באָלשעוויקעס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אים נאָך זיין אויסברוך. דאָס איז געווען אַ סטיכישער אויפשטאַנד פון די מאַסן, וואָס האָבן זיך געפילט פאַרראַטן. די קריגס־אָפּעראַציעס האָבן נישט געבראַכט קיין אויסזיכט אויף שלום. אויפן פראָנט האָט געזאָלט אָפּטראַנספּאָרטירט ווערן פריש מיליטער. די אַלגעמיינע לאַגע אין לאַנד איז ערגער געוואָרן מיט יעדן טאָג. און איצט האָבן נאָך די „מיניסטאָרן ־ קאַפּיטאַליסטן”, די קריגס ־ העצער, אַוועקגעוואָרפן די רעגירונג. צי וועט ענדלעך דאָס פאָלק אַליין נישט נעמען זיין גורל אין די אייגענע הענט? די גאַנצע מאַכט — די ראַטן, — און אַן איינהייטלעכע סאָציאַליסטישע רעגירונג!

די מאַסן האָבן ארומגערינגלט דעם טאַווּרישן פּאַלאַץ, פאַר־

שטייער פון די פולקן און פון די באטריבן זענען אריין אין אויספיר־קאמיטעט מיט זייער איינציקער פארדערונג. זיי האבן באגענגט טויבע אויערן. „א שטאט טיילט זיך אפ פון גאנצן לאנד, פון דער ארמיי. די רעוואלוציאנערע דעמאקראטיע האט אקארשט מאניפעסטירט איר ווילן אויפן אלרוסישן קאנגרעס, — איצט וויל דאס רעוואלוציאנערע פאלק פון פעטראגראד אויפצווינגען איר זיין ווילן מיט וואפן אין די הענט"! דאס איז געווען דער גרונדטאן פון די פירער־רעדעס, דאס האט באדייט, אז זיי שטייען ווייטער אויפן פרינציפ פון קאאליציע. דער אויפשטאנד האט אויפן צווייטן טאג אנגענומען א גרעסערן פארנעם. לאסט־אויטאס, באזעצט מיט באוואפנטע זעלנער און ארבעטער, זענען שנעל ארומגעלאפן איבער דער שטאט. פון קראנשטאט זענען אראפגעקומען מאטראזן אין פולער באוואפענונג, כדי צו געבן דער באוועגונג א קרעפטיקן שטויס פאראויס. די פעטראפאוולאווער פעסטונג איז באזעצט געווארן. די גאנצע שטאט איז ארומגעכאפט געווען פון אויפשטאנד. אויך טונקעלע עלעמענטן האבן זיך אויסגעמישט צווישן די מאסן, געפרווט צוגעבן זייער מארש א קאנטער־רעוואלוציאנערע באפארבונג. אבער דאס ארבעטער־פאלק האט זיך געזאמלט און ווידער דעמאנסטרירט אין געדיכטע מאסן פארן טאווריטשן פאלאץ. די לופט איז פארקלונגען געווארן פון שטורמישע אויסרופן: „די מאכט — די ראטן"! „נידער מיטן קריג"! די מאטראזן האבן אין זייער גרימצארן באדראט אויף דעם ראטן־מיניסטער טשערנאוו. אבער די עקזעקוטיווע — הגם „אונטער דער לופע פון רעוואלווער און דעם באגנעט ביי דער ברוסט" — האט נישט נאכגעגעבן. זי האט — פונקט ווי די רעגירונג, — ארויסגערופן טריַיע מיליטער־טיילן און זיך געשטעלט אונטער זייער שוץ. עס איז געקומען צו שיסערייען, עס זענען געפאלן הונדערטער קרבנות. די מורדים האבן געזען די כחות, וואס זענען ארויסגעטראטן קעגן זיי. אויך די באלשעוויקעס האבן נישט געוואלט ווייטער פירן די באוועגונג אין איר איצטיקן סטאדיום, — און די מאסן זענען אפגעטראטן.

עס האט אויפגעבליצט א היסטארישער פאראלעל. דעם 9 יאנואר 1905 זענען די ארבעטער געגאנגען צו זייער העכסטע

פּאָליטישער אויטאָריטעט, כּדי איר צו שטעלן נישט אָננעמבאַרע פאָדערונגען. די אַרבעטער פון די פּוטילאָוו־באַטריבן דערקלערן אין אַ פּשוט־געשריבענעם בריוו „צו אַלע בירגער" זייערע כּוונות. „אין די היזיקע טעג, דעם 3־טן און 4־טן יולי, זענען מיר געגאַנגען מיט דיינע הערצער פון טרייע זין פון דער רעוואָלוציע; מיר האָבן נישט מאַרשירט קעגן ראַט, נאָר כּדי אים אונטערצושטיצן. דערי־בער איז אויף אונזערע פענער געווען אָנגעשריבן: „די גאַנצע מאַכט די ראַטן"..... די טראַגיק פון דער לאַגע איז באַשטאַנען דערין, וואָס די היזיקע ראַט־אויטאָריטעט, וועמען די מורדים האָבן אָנגעבאָטן די מאַכט, האָט זי פּרינציפּיעל נישט געוואָלט אָננעמען. ערשט שפּעטערע ראַטן וועלן ווערן דורכגעדרונגען מיט דער ראַטן־אידייע. —

די באַוועגונג איז געבראָכן געוואָרן. דעם 5־טן יולי האָט די רעגירונג פאַרעפנטלעכט מאַטעריאַל וועגן לעניגס פּלומרשטער פאַר־בינדונג מיטן דייטשישן גענעראַל־שטאַב. דאָס האָט אריינגעבראַכט אַ נייעם טאָן אין קאַמף קעגן אויפשטאַנד. מען האָט אים דער־קלערט אַלס באָלשעוויסטישן און מען האָט די באָלשעוויקעס דער־קלערט אַלס מלוכה־פאַררעטער און דייטשישע אַגענטן. איצט האָט מען געקאָנט אונטערנעמען די שאַרפסטע פּאָליטישע אָפענסיווע קעגן די ראַדיקאַלן.

די קראָנשטאַטער מאַטראָזן האָבן אָפּמאַרשירט, די זעלנער און אַרבעטער האָבן זיך אומגעקערט אַנטוישט און פאַרביטערט. די פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג איז פאַרלאָזן געוואָרן דורך די מור־דים, דערביי האָט זיי דער פירנדער באָלשעוויק סטאַלין איינ־גערעדט: „חברים! מיר מאַרשירן מיטן לאָזונג „די גאַנצע מאַכט — די ראַטן", מיר ווילן דאָך נישט פירן קיין קאַמף קעגן ראַט". אַ סך רעוואָלוציאָנערן זענען אַרעסטירט געוואָרן; אַ חוץ באָל־שעוויקעס, אויך לינקע סאָציאַל־רעוו. צווישן די לעצטע פּראָשיאַן, וועלכער האָט אין העלסינגפאָרס געפירט אַ ברייטע אַגיטאַציע צווישן די מאַטראָזן פון באַלטישן פלאָט. אַלע מיליטער־אָפּטיילונ־גען, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די געשעענישן פון יענע טעג, זענען פאַנאַנדערגעלאָזן געוואָרן. די קאָנטררעוואָלוציאָנערע עלע־מענטן האָבן געהאַלטן, אַז איצט איז געקומען זייער צייט. מחנות

אָפּיצירן, סטודענטן, קאָזאַקן האָבן באַהערשט די גאַסן, געזוכט ביי די דורכגייער וואָפן און „באָלשעוויזם", זענען באַגאַנגען גוואַלדטאַטן.

זייער מוט איז נאָך געשטיגן אַ דאַנק די מוראַדיקע ידיעות פון מלחמה־פּלאַץ. דעם 6 יולי האָבן די דייטשן דורכגעריסן דעם רוסישן פראָנט ביי זלאָטשעוו. די רוסישע אַרמיי איז אין פּאַניק געלאָפן פון פראָנט. טאָג־טעגלעך זענען אָנגעקומען איוב־בשורות. די אַנטלויפנדע אַרמיי איז מער נישט מעגלעך געווען אויפצו־האַלטן. טיילן פון דער אויפגעלייזטער אַרמיי זענען באַגאַנגען מאַסן־גוואַלדטאַטן קעגן דער באַפעלקערונג. אין קאַלושטש האָבן זיי איינגעאָרדנט אַ בלוטיקן פּאָגראָם אויף יידן. די גאַנצע שמוץ פון קריג איז אַרויס אויף דער אויבערפלאַך. די אָפיציעלע ראַטן־פירער האָט אַרומגעכאַפּט אַ פּאַניק.

סאַווינקאָוו, דער אַמאָליקער סאָצ.־רעוו. טעראָריסט, האָט גע־שיקט צו קערענסקין אַ היסטערישע טעלעגראַם. „מיר, קאָמיסאַרן פון דרום־מערב־פראָנט, האָבן באַוועגט די אַרמיי צו אַן אָפענ־סיווע... די העלדן זענען געפאַלן אין קאַמף, און די אַרמיי, נאָכ־טוענדיק זייער ביישפּיל, האָט מוטיק געקעמפט. איצט זענען זיי נישטאָ, און די אַרמיי אַנטלויפט. עס איז נישטאָ קיין ברירה: טויט־שטראָף פאַר יענע, וועלכע ווילן נישט ריזיקירן מיט זייער לעבן פאַרן פאָטערלאַנד, פאַר ערד און פרייהייט". דעם 12 יולי האָט די רעגירונג פאַרעפנטלעכט אַ דעקרעט: „עס ווערט ווידער איינגעפירט טויט־שטראָף פאַר מיליטער־לייט בעתן קריג. עס ווערן געשאַפן קריגס־רעוואָלוציאָנערע טריבונאַלן פון זעלנער און אָפי־צירן".

די רעוואָלוציע האָט באַקומען אַ מוראַדיקן קלאַפּ. די אָפּשאַ־פונג פון טויט־שטראָף — דער שרעק פון צאַריזם — האָט זי באַטראַכט פאַר איינעם פון אירע גרעסטע אויפטוען. איצט איז שוין פאַר דער רעאַקציע מער נישט געווען קיין גרעניץ. מען האָט איינגעפירט אַ צענזור, מען האָט געקאָנט אָפּשטעלן צייטונגען, פאַרבאָטן פאַרזאַמלונגען, אַרעסטירן אָן גאַראַנטיעס. די רעאַקציע האָט באַקומען מוט. צווישן די מאַסן האָט זיך אָנגעהויבן אַ גיפ־טיקע שאָוויניסטישע העצע קעגן יידן, קעגן די ראַטן, קעגן די

סאָציאַליסטן בכלל. עס האָט אַפילו אויפגעטויכט דער געשפּענסט פון דער מאָנאַרכיע.

וואָס האָט אין יענע טעג געטאָן די ראַט־עקזעקוטיווע? זי האָט זיך געפונען אין די נעגל פון פּאַניק. זי האָט געזידלט די באָלשעוויקעס אַלס די „שולדיקע" אין כאַאָס און געציטערט פאַרן אָנגריף פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע. זי, וואָס האָט אַקאָרשט גערופן צו אַ מיליטערישער אָפענסיווע, האָט עפנטלעך דערקלערט, אַז זי געפינט זיך אין אַ פּאָליטישן דעפענסיווע־צושטאַנד. „רוסלאַנד שטייט פאַר אַ מיליטער־דיקטאַטור, מיר מוזן אַרויסרייסן פון איר האַנט דעם באַגנעט". טאָ וואָס - זשע זאָל מען טאָן? אפשר קאָנצענטרירן די מאַכט פון דער רעוואָלוציע אין איר עיקר־דיקסטן אָרגאַן, אין ראַט? ס'הויבט זיך נישט אָן! „דאָס קאָן דערגרייכט ווערן בלויז דורך פּראָקלאַמירן די רעגירונג אַלס רעטונגס־קאָמיטעט. מיר מוזן איר געבן אומבאַשרענקטע פולמאַכטן, כדי זי זאָל קאָנען אויסראָטן די אַנאַרכיע פון לינקס און די קאָנטער־רעוואָלוציע פון רעכטס". און דאָס איז טאַקע געשען אין דער נאַכט אויפן 10־טן יולי.

ווער איז געווען די רעגירונג, לטובת וועלכער דער ראַט האָט מוותר געווען אויף זיין מאַכט־פּאָזיציע? צו דען איז זי נישט צעקלאַפּט געוואָרן דעם 2 יולי? דער ראַט האָט זיך באַזייטיקט לטובת קערענסקין, וועלכער איז געוואָרן פּרעמיער־מיניסטער. אַלס דיקטאַטאָר האָט ער געקאָנט אין פולער אומאָפּהענגיקייט אויסקלייבן זיינע מיניסטאָרן, ער איז מער נישט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן ראַט. די פּראָגראַם? אָרדנונג אין לאַנד און אויפן פראָנט, קאָאַליציע מיט דער בורזשואַזיע. פופצן טעג נאָכאַנאַנד האָט זיך קערענסקי געיאָגט נאָך דער דאָזיקער קאָאַליציע. די קאַדעטן, די קאַמף־פּאַרטיי פון בירגערטום, האָט מער נישט געוואָלט. מען האָט געמוזט געפינען נאָכגיביקע בירגערלעכע מיניסטאָרן. מען האָט זיי אויסגעפונען ערשט דעם 25 יולי; עס איז צושטאַנדגעקומען אַן אומאָפּהענגיקע רעגירונג, וואָס איז אין דער ווירקלעכקייט דורך און דורך געווען אָפּהענגיק פון בירגערטום, פון דער גענעראַליטעט, פון דער אַנטאַנט־דיפּלאָמאַטיע. דעם 18 יולי האָט קערענסקי באַשטימט אַלס העכסטן אַרמיי־קאָמאַנדיר דעם גענעראַל קאָרני־

כאָוו — דעמזועלבן גענעראַל, וועלכער האָט נאָך דעם 21 אַפּריל געוואָלט אַרויסרופן אַרטילעריע קעגן פּעטראָגראַדער פאָלק. צו די פאַרבינדעטע מלוכות איז אַוועק אַן אונטערטעניקע נאָטע: „לאַנד און אַרמיי, וואָס טרעטן אַריין אין פערטן קריגס־יאָר, וועלן מאַכן אַלע צוגרייטונגען פאַר דער ווייטערדיקער קאַמפּאַניע". וועגן שלום־אַקציעס האָט מען שוין מער נישט גערעדט.

## VI.

# די רעוואָלוציע דערוואַכט

די ברייטע האַרעפּאַשנע מאַסן זענען פאַרשטויסן געוואָרן אין אַ פּאָליטישן און זעלישן דעפּענסיווע - צושטאַנד. אַ טיפער ערנסט האָט באַהערשט סיי די מעסיקע, סיי די ראַדיקאַלע. די מעסיק־געשטימטע מאַסן, וואָס זענען גרופּירט געווען ביי די מענשעוויקעס און די רעכטע ס.ר.־ן, זענען געווען אַנטוישט און נידערגעשלאָגן. די ראַדיקאַלע מאַסן זענען געווען פאַרביטערט. נאָך די יולי־געשעענישן האָבן זיי זיך געפילט ווי אַרויסגעשטויסן פון די ראַטן. זיי האָבן געזען: דער צוזאַמענברוך אויפן פראָנט האָט נישט געפירט צום דערוואַכן פון רעוואָלוציאָנערן באַוווסטזיין, נאָר צו דער פאַרשטאַרקונג פון דער מיליטער־מאַכט. מיט טויט־שטראָף, צענזור, אַרעסטן איז די רעגירונג באַפאַלן זיי, די אמתע טרעגער פון דער רעוואָלוציע. אין דיזאָזיקע טעג איז רייף געוואָרן די קאַמף־געמיינשאַפט צווישן די באָלשעוויקעס און דעם לינקן פליגל פון די ס.־ר. צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס און אָן זיי, האָבן איצט די לינקע ס.־ר. געפירט דעם קאַמף קעגן רעאַקציע, קריג, טויט־שטראָף, און פאַר די ראַטן. אין דעראָזיקער צייט פון ווילדער העצע קעגן „באָלשעוויזם", האָבן זיך די פירער פון די לינקע ס. ר. מיטן גרעסטן מוט איינגעשטעלט פאַר די פאַרפאָלגטע, פאַר די אידייען פון די יולי־טעג. באַזונדערס האָט ספּירידאָנאָווא געשטעמפּלט אין פּעטראָגראַדער ראַט די רעאַקציע און פאַרטיידיקט די רעכט פון די באָלשעוויקעס.

דער תהום צווישן די לינקע און רעכטע ס.־ר.־ן איז געוואָרן אַלץ טיפער. די לינקע איז אַלץ שווערער געוואָרן אונטערצוואַרפן זיך דער אָפיציעלער פּאַרטיי־דיסציפּלין. דאָס אחריות־געפיל לגבי די מאַסן האָט זיי אַלץ מער דערווייטערט פון דער פּאַרטיי. דריי פירער האָבן אויסגעבויט די נייע באַוועגונג פון די לינקע ס.־ר.־ן. דער ערשטער איז געווען מאַרק נאַטאַנסאָן, דער ווייסבערדיקער פּאַטריאַרך פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. שוין אין די 70־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט ער געגרינדעט יענעם קרייז רעוואָלוציאָנערן, פון וועלכן עס האָבן זיך שפּעטער אַנטוויקלט די באַרימטע קאַמף־באַוועגונגען פון די נאַראָדניקעס און „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". פון דאָזיקן קרייז, וואָס האָט פאַרלאַנגט פון זיינע מיטגלידער אַ הויכן מאָראַלישן ניוואָ צוגלייך מיט רעוואָלוציאָנערער אַקטיוויטעט, זענען אַרויסגעגאַנגען טשייקאָווסקי, סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ, פּיאָטר קראָפּאָטקין און ענלעכע מענטשן. מען האָט אָנגעהויבן מיט שאַפן, לויט אַ דורכגעטראַכטן סאָציאַליסטישן פּלאַן, קליינע ביבליאָטעקן, וועלכע מען האָט פאַרשפּרייט אין די פאַרוואָרפנסטע עקן פון רוסלאַנד און אַזוי אַרום אָנגעשטעקט די יוגנט מיט מורדישע אידייען. אין יאָר 1872 איז נאַטאַנסאָן פאַר דעדאָזיקער טעטיקייט אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. אין דריי יאָר אַרום איז ער צוריקגעקומען, האָט ווידער אויפגעבויט אַ פּאָליטישע קאַמף־באַוועגונג, האָט אָרגאַניזירט דאָס צושטעלן אומלעגאַלע ליטעראַטור פון אויסלאַנד. דאָס דרייסטע אַוועקרויבן דעם פירשט קראָפּאָטקין פון תפיסה־שפּיטאָל, ווי אויך די ערשטע רעוואָלוציאָנערע גאַסן־דעמאָנסטראַציע אין פּעטערבורג אין יאָר 1876, — זענען אָרגאַניזירט געוואָרן דורכן „נאַטאַנסאָן־קרייז". דאַן זענען פאַר נאַטאַנסאָנען געקומען דריי יאָר אַרעסט און צען יאָר פאַרשיקונג. אין די 90־ער יאָרן האָט ער ווידער געמאַכט פּרוּוון פון רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, איז ווידער פאַרשיקט געוואָרן, האָט ווידער געמוזט דורכליידן אַ יאָרצענדליק געצוווּנגענער פּאַסיווקייט. אין אָנהויב פון יאָרהונדערט געפינט זיך נאַטאַנסאָן אין פירנדיקן קרייז פון דער ס.אָצ.־רעוו. פּאַרטיי, בעתן קריג געהערט ער צו די איבערצייגטע

קריגס־באַקעמפער, אין דער רעוואָלוציע שטייט ער — דער עלטסטער פון אַלע — אין יונגן ראַדיקאַלן פליגל.

באַריס קאַמקאָוו האָט געהערט צום יינגערן דור סאָצ.־רעוו., דאָך האָט ער צו 35 יאָר שוין געהאַט דורכגעמאַכט אַ שטורמיש לעבן. אַלס גימנאַזיסט האָט ער אָנגעהויבן זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אין קישיניעוו. אין 1905 נעמט ער אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער רעוואָלוציע, ער איז איינער פון די אָנפירער פון גענעראַלשטרייק אין זיין היימשטאָט. פאָליציי־פאַרפאָלגונגען פאַרטרייבן אים אין 1907 אין דער האַפן־ און אינדוסטרי־שטאָט ניקאָלאַיעוו, ווו ער נעמט איבער די אָנפירונג פון דער ס. ר. באַוועגונג. פּראָוואָקאַטאָרן גיבן אים איבער אין די הענט פון דער זשאַנדאַרמעריע, וועלכער פאַרשיקט אים קיין סיביר. פון קראַסנאָיאַרסק מוז ער גיין צופוס 22 טעג אין שרעקלעכע פרעסט. איידער ער דערגרייכט דעם לעצטן עטאַפּ־פּונקט, געלינגט אים מיט לעבנסגעפאַר צו אַנטלויפן. מיט אויסטערלישע שוועריקייטן אַנטלויפט ער דורך אָדעס קיין דייטשלאַנד, ענדיקט אין היידעלבערג דעם אוניווערזיטעט. ער טאָר נישט צוריקקומען קיין רוסלאַנד, אָבער אין שליחות פון דער פּאַרטיי פאָרט ער כסדר קאָנספּיראַטיוו קיין פּעטערבורג. ביים אויסברוך פון וועלט־קריג, געפינט ער זיך אין אויסלאַנד. קאַמקאָוו שליסט זיך אָן אין אינטערנאַציאָנאַלן פליגל פון דער פּאַרטיי און פירט אַ האַרטנעקיקן קאַמף קעגן קריג. ווי נאָר עס ברעכט אויס די רעוואָלוציע, איילט ער קיין פּעטראָגראַד, ווו ער רעפּרעזענטירט מיט קראַפט און איבערצייגונג די ראַדיקאַלע ליניע. עס איז אים באַשערט אויפצונעמען דעם קאַמף, אין נאָמען פון די מאַסן, קעגן דער אַלטער פאַרדינסטפולער און רומרייכער פּאַרטיי־גוואַרדיע.

אָבער די גאַנצע שוועריקייט פון דאָזיקן קאַמף האָט זיך געלייגט אויף די אַקסלען פון מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ. אויב נאַטאַנסאָן איז געווען די לעבעדיקע טראַדיציע פון סאָציאַליסטישן קאַמף, אויב קאַמקאָוו איז געווען דער טעאָרעטיקער, רעדנער און שריפטשטעלער פון די לינקע — איז ספּירידאָנאָוואַ גלייך געוואָרן די ליידנשאַפטלעכע, טרייבנדע קראַפט פון דער באַוועגונג. ספּירידאָנאָוואַ האָט אויסגעזען זייער באַשיידן. זי האָט געטראָגן אַ

טונקל־בלוי קלייד, פאַרקנעפּלט ביז צום האַלז, אירע האָר זענען געווען איינגעלייגט, ווי ביי אַ מיידעלע, אין צעפּ, ווען נישט דער שמאָלער, ווייסער זוים אויפן קראַגן פון איר קלייד, וואָלט מען זי געקאָנט אָננעמען פאַר אַ מנישקע. אָבער אין איר וועזן איז געלעגן אַ זעלישע קראַפט, וואָס האָט באַצויבערט און באַצוווּנגען מענטשן, באַזונדערס האָרעפּאַשניקעס. עס איז מעגלעך, אַז דיזאָזיקע קראַפט איז געפלאָסן פון איר מאַרטירערישער פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט נאָך ווייבּרירט אין איר גאַנצער פיגור. עס איז מעגלעך, אַז זי האָט צוגעצויגן די מאַסן דורך דער טיפקייט פון פאַרשטענדעניש, פון איר ליבע און זאָרג פאַר זיי. עס איז אויך מעגלעך, אַז די מאַסן האָט צוגעצויגן דער היסטאָרישער אמת פון די אידייען, וואָס זי האָט געפּרעדיקט. יעדנפאַלס האָבן דיזאָזיקע אַלע מאָמענטן געווירקט, ספּירידאָנאָוואַ זאָל ווערן איינער פון די דערפאָלגרייכסטע רעדנער פאַר די אַרבעטער און זעלנער אין פּעטראָגראַד. אין די פינסטערע וואָכן, וואָס זענען געקומען נאָך די יולי־געשעענישן, איז איר ראָל געוואָרן נאָך גרעסער. זי האָט אויפגעריסן די מאַסן צו נייער אַקטיווקייט, זי האָט עלאָקווענט געשילדערט די אומפאַרמיידלעכע סאָציאַליסטישע צוקונפט. זי האָט געאיילט פון איין פאָלקס־פאַרזאַמלונג צו דער צווייטער, פון קאַזאַרמע אין פאַבריק, פון פאַבריק אין קאַזאַרמע. אומעטום, סיי פון דער רעדנער־טריבונע, סיי אין דער שטילער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט, האָט זי געפורעמט די לינקע ס.־ר.־פּאַרטיי, און דערמיט אויך די רעוואָלוציע.

נאָכן מאָסקווער פּאַרטיי־קאָנגרעס זענען אירע רעדעס דער עיקר פול געווען מיט ליבע און מילדקייט צו די עקספּלואַטירטע. איצט, נאָך דער מיליטערישער אָפענסיווע און נאָך די יולי־טעג, איז זי פול געווען מיט צאָרן. די זעלבע האַרציקע טענער אין אירע ווענדונגען צו די אַרבעטער, אָבער גלייכצייטיק שטאָלערנע, צאָרנדיקע טענער צו דער „רעגירונג״, צו דער „מלוכה״, צו דער אייגענער פּאַרטיי. דיזאָזיקע באַגריפן פון מלוכה און פאָטערלאַנד און רעגירונגס־מאַכט, וואָס זענען אַזוי פאַרהאַסט געווען אין אַלטן רעזשים, — זיי זאָלן ווידער אויפשטיין תחית־המתים? אָט דאָס זאָל הייסן רעוואָלוציע? רעוואָלוציאָנערן ווידער אין די

תּפיסות? פּראָשיאַן, דער מוטיקער קעמפער פון צוויי קאַטאָרגעס, ווידער היינטער קראַטעס? און די טויט־שטראָף, דער מאַכט־מיטל פון צאַריזם, ווידער איינגעפירט אין באַפרייטן לאַנד צום שרעק פון פאָלק?

די טויט־שטראָף, „דידאַזיקע שאַנדע פון דער רוסישער רע־וואָלוציע", האָט ספּירידאָנאָווא איבערגעלעבט באַזונדערס שמערצ־לעך. ערשט מיט פינף חדשים צוריק איז זי באַפרייט געוואָרן פון קאַטאָרגע־רעזשים, פון טויט־שטראָף, פון די תּליינים. ספּירידאָנאָ־ווא האָט אויסגעדריקט אירע געפילן אין א לײדנשאַפטלעכן אַר־טיקל. ער האָט געהייסן: „עקזעקוציעי".

„דאָס, וואָס אַרעסטן ווערן געמאַכט דורך דעם מיליטערישן שפּיאָנאַזש־דינסט, וואָס באַשטייט כּמעט דורכאויס פון פריערע אַגענטן, דאָס, וואָס נישט ביים אַרעסט און נישט אין דער תּפיסה ווערן נישט אָפּגעהיט די מינדסטע קאָנסטיטוציע־גאַראַנטיעס, דאָס, וואָס די אויספאָרשונג און דאָס געריכט ווערן געפירט דורך די דינער פון אַלטן רעזשים, — דאָס אַלץ פילט אָן די נשמה נישט מיט עמפּערונג, נאָר מיט חרפּה.

„ווען די באַריכטן פון די תּפיסות אין רעוואָלוציאָנערן רוס־לאַנד ווערן באַזונדערס פאַרבנרייך, ווען די רעוויזיע ביי א רע־וואָלוציאָנער ווערט באַגלייט דורך דראַמאַטישע מאָמענטן, — דאַן נעמט אָן א פאַרלאַנג זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר חרפּה. באַ־זונדערס שעמט מען זיך דערפאַר, ווייל פּונקט ווי אין דער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע, איז די דאָזיקע רעאַקציע „קעגן לינקס" א נאַקעטער פּאָליטישער קאַמף פון צוויי פיינטלעכע פּאַרטייען. אין האַזאַרד־לײדנשאַפט שפּילט איין פּאַרטיי וואַ באַנק און מיטן זעלבן גרימצאָרן קומט דער ענטפער מצד דער צווייטער. ווער־וועמען?

„די פּאַרטיי, וואָס האָט ציטווייליק געזיגט, איז נישט אויס־קלייבעריש אין קאַמף; זי באַנוצט אַלע אַדמיניסטראַטיווע און יוסטיץ־מאַכט־מיטלען פון דער אַלטער, דורכן פאָלק פאַרשאָלטע־נער מלוכה. און מאָרגן וועלן אפשר פּונקט אַזוי האַנדלען די היינטיקע באַזיגטע, אויב דאָס פּאָליטישע גליק וועט זיי ברענגען צו דער מאַכט. די דעמאָקראַטיע, וואָס נעמט צו הילף דידאָזיקע אומווירדיקע קאַמף־מיטלען, שמירט פאַר זיך מיט זיי איינענע

**חענט קיטן, זי פלעכט דעם שטריק צו דער פעטליע פארן אייגענעם האלז.**

אויב די דעמאקראטיע האלט פאר נויטיק ציטוויליק צו איזאלירן דעם שונא, מוז עס זיין בלויז איזאלאציע, אבער נישט קיין געפאנגענשאפט אין די אלטע פעסטונגען, מיט אייזערנע קראטעס, מיט דער טיפער באליידיקונג פארן רעוואלוציאנער. די ווענט פון דידאזיקע צארישע תפיסות זענען דאך דורכגעדרונגען מיט שטראף און נקמה. אלץ איז דאך אין זיי איינגעארדנט, כדי אומברחמנותדיק זיך נוקם צו זיין, חיהש צו פייניקן, מייסטער האפט צו דערשטיקן... דער קאמף, אפילו דאס פעסטשטעלן פאליטישע פעלערן און פארברעכנס, וואלטן געקאנט פארקומען אויפן באזיס פון קעגנזייטיקער אכטונג.

„אבער די טראגישע און שענדלעכע קרוינונג פון אלע פאליטישע פעלערן, די מאראלישע דעגענעראציע פון דער רעוואלוציע, איז דער דעקרעט וועגן טויט־שטראף. עס איז נישטא קיין מעגלעכקייט זי צו רעכטפארטיקן. די טויטשטראף איז אן שום אפעלאציע רעכט פארמשפט דורך דער גאנצער קראפט פון דער פאלקס־עמפערונג, דורך דער גאנצער אויטאריטעט פון דער וויסנשאפט, דורך דער פראקטישער אומטויגלעכקייט פון האזיקן עקלדיקן עקספערימענט. וועגן דעם איז שוין בשעתו אלץ געזאגט געווארן. און שטייענדיק פאר די אומצאליקע געטויטע מערטירער פון צאריזם, פון וועלט־קאפיטאליזם, פון קריגס־אימפעריאליזם, — זענען אלע ווערטער אנמעכטיק.

„צווישן אונז זענען דא מענטשן, וואס האבן איבערגעלעבט די פרייד פון ווארטן אויף דער טויט־שטראף, אויפן טויט פאר דער אידייע, פארן פאלק, דורך דער האנט פון די פאלקס־פיינט. פאר דידאזיקע מענטשן איז די איצטיקע יוסטיץ־קאמפאניע, — געשטיצט דורכן ווילן און דער דולדונג פון דער דעמאקראטיע, — א לעסטערונג.

„ איך וואלט וועלן, די סאציאליסטישע מיניסטארן זאלן מיך טויטן" — שרייבט צו מיר א מענטש מיט אזא ריינער נשמה, דאס יעדעס קינד באטראכט אים אלס זיינס א פריינט, א מענטש, וואס האט פארבראכט אין דער קאטארגע מער ווי עלף יאר און

דורכגעמאַכט אַלץ, וואָס אַ טעראָריסט אין רוסלאַנד פלעגט מוזן אויסשטיין. „און נאָך איינס וואָלט איך וועלן — שרייבט זי מיר, — זיי זאָלן טויטן אויך דיך".

דאָס איז נישט קיין איינצל־שטימע פון יענע, וועלכע האָבן אויסגעטראָגן און געהיט די אידייע אין יאָרן פון אומענדלעכער געדולד. דאָס איז דער געשריי, וואָס רייסט זיך אַרויס פון אַ סך, אַ סך הערצער פון די טרייסטע קעמפער פון דער רעוואָלוציע. „וווהין גייט מען איצט, וווהין?" — פרעגט אַ צווייטע.

„אַ רעוואָלוציע, וואָס פרוווט זיך ראַטעווען אויף אַזאַ אופן, פרעסט זיך מאָראַליש אויף.

„ווייל די הויפּט־קראַפט פון דער רעוואָלוציע ליגט אין איר גייסטיקער הויך, אין איר זיטלעכן יסוד. פאַרלענדן די דאָזיקע קראַפט איז געפערלעכער ווי דער פאַרלוסט פון פמותדיקע רעוואָלוציאָנערע כוחות; דאָס פירט צו דעגענעראַציע און אונטערגאַנג.

„און אויב דער רעוואָלוציע איז באַשערט אונטערצוגיין, טאָ זאָל זי אינם קראַכן פון איר פאַלן, אין דער טראַגעדיע פון איר אונטערגאַנג אויך אונז מיטרייסן. בעסער אונטערגיין מיט איר, איידער זיצן אין תפיסות און אויסשטיין עקלדיקע אויספאָרשונגען. בעסער שטאַרבן איידער אויסשטיין די דאָזיקע שאַנדע און דעמיראָזיקן שפּאָט, וואָס זענען אומדערטרעגלעך, ווען זיי דעקן זיך צו מיטן נאָמען פון פאָלק, פון געליבטן, פאַרגעטערטן פאָלק, וואָס צו דינען אים האָבן מיר געווידמעט דאָס לעבן, און מיר וועלן ווידמען דאָס רעשט ביסל לעבן... טאָ טויט־זשע!.. מאָריטורי טע סאַליוטאַנט".

דערדאָזיקער אַרטיקל איז דערשינען אין דער נייער צייטשריפט „אונזער וועג", וואָס ספּירידאָנאָוואַ האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן לויטן אויפטראַג פון לינקן פליגל. זי האָט געשליידערט אין פּנים פון די מאַכטהאָבער פון ליבעראַלן רעזשים ווערטער פון צאָרן, פאַראַכטונג און ווייטאָג. האָט זי דען געקאָנט פאָראויסזען, אַז אַקוראַט אין אַ יאָר אַרום וועט זי מוזן שליידערן די זעלבע ברענענדיקע ווערטער קעגן די מאַכטהאָבער פון אַ סאָציאַליסטיש רוסלאַנד?

די לינקע ס. ר.־ן האָבן אינגיכן געהאַט אַ געלעגנהייט צו

מאכן א שטארקערן אנגריף אויף דער פארטיי. דעם 6־טן אויגוסט איז זיך צוזאמענגעקומען אין פעטראגראד דער פארטיי־טאג. פון דער פיינטלעכקייט און הארציקייט פונם מאי־קאנגרעס איז שוין קיין שפור נישט פארבליבן. מען איז זיך צונויפגעקומען ווי קעגנער.

א סימבאלישע סצענע האט גרעל באלויכטן דעם זין פון דאזיקן באדייטנדיקן פארטיי־טאג. די „באבע פון דער רוסישער רעוואלוציע", ברעשקאווסקאיא, איז געקומען אויף דער קאנפערענץ. מיט וואס פארא יובל וואלט מען זי, די גרייז־גרויע פירערין פון דער פארטיי, געוועזט אויפנעמען מיט א פאר חדשים פריער! איצט האט זיך קיין האנט נישט אויפגעהויבן זי צו באגריסן. מיט קילער העפלעכקייט האט מען זיך צוגעקוקט, ווי זי באוועגט זיך שווער צום פרעזידיום־טיש, צו האלטן איר באגריסונגס־רעדע. אין א רואיקער, אבער ביז גאר שארפער פארם, איז זי ארויסגעטרעטן קעגן די לינקע „פארדארבער" פון דער פארטיי. מיט פאראכטונג האט זי גערעדט וועגן די אינטערנאציאנאליסטן, וועלכע פירן אונטערהאנדלונגען מיטן שונא (דייטשלאנד), אדער גיבן אים הילף". זי ווייס נישט — האט זי מיט צארן דערקלערט — צי זי וועט פארבלייבן אין אזא פארטיי. ביי א פיינלעכן שווייגן פון דער גאנצער פארזאמלונג, האט זי תיכף פארלאזן די קאנפערענץ.

די לינקע אבער האבן זיך נישט געלאזט באאיינפלוסן פון דאזיקן גייסטיקן קלאפ. די באבע איז אוועק, איר איניקל — ספירידאנאווא — וועט ווייטער פירן די זאך פון דער רעוואלוציע. זיי זענען געשטאנען איינמיטן פון א אפענסיווע. זיי זענען געקומען מיט א קלארער פראגראם. „מער נישט דעבאטירן וועגן די „קריגסצילן", נאר תיכף שליסן א וואפנשטילשטאנד אויף אלע קריגספראנטן! תיכף אפשאפן, אן שום באווארעניש, די טויט־שטראף!

אין לאנד ווערן ארעסטירט הונדערטער רעוואלוציאנערע פויערים, מיטגלידער פון די ערד־קאמיטעטן. זיי ווילן זיך מער נישט ריכטן לויט די געזעצן פון צאריזם און פון די פריצים, זיי באפן אליין רעוואלוציאנערן רעכט. א סאצ.־רעוו. אינערן־מיניס־

מער האָט געגעבן זיין הסכם צו דידאָזיקע אַרעסטן. אין די פאַב־ריקן ווערט אַלץ מער פאַרטיפט דער סאָציאַלער קאַמף; די אונטער־נעמער ברייטערן אויס דעם סאַבאָטאַזש, דערקלערן לאָקאַוטן. דעריבער האָבן די לינקע פּראָקלאַמירט די פאָדערונגען:

תיכף איבערגעבן די גאַנצע ערד די ערד־קאָמיטעטן!

איינפירן די קאָנטראָל פון די אַרבעטער איבער דער פּראָ־דוקציע!

געוויס, דידאָזיקע פאָדערונגען האָבן באַדייט דעם סוף פון דער קערענסקי־רעגירונג, דעם איבערגאַנג פון דער מאַכט צו די ראַטן. די רעכטע האָבן דערויף געהאַט בלויז איין ענטפער: ניין! ניין! ניין! מען דאַרף גאַרניסט ענדערן, מען קאָן בלויז „ווירקן" אויף דער רעגירונג. אומוואַרפן די סיסטעם, הייסט אַרויסרופן אַ כאַאָס. „ווו — האָבן די אַלטע געשריגן צו די יונגע — וועט איר נעמען פירער פאַר די איבערקערערישע אויפגאַבן? אַלע טאַ־לענטן און ענערגיעס, וואָס רוסלאַנד האָט פאַרמאָגט, האָט עס שוין פאַרברויכט אין די רעוואָלוציע־רעגירונגען פון דאָזיקן איין יאָר"! די יונגע האָבן געלאַכט: „דאָס פאָלק וועט אַרויסברענגען פון זיינע טיפענישן נייע שטראַלנדע טאַלאַנטן, געוואַלטיקע אָנאָ־נימע ענערגיעס"!

די גרעסטע שפּאַנונג האָט געהערשט ביים קאַמף אַרום טויט־שטראָף. די לינקע האָבן געפאָדערט זי תיכף אָפּשאַפן. די רעכטע האָבן געשריבן אין זייער רעזאָלוציע: אָפּשאַפן „ביי דער ערשטער מעגלעכקייט". אין טיפער אויפרעגונג ווערט די רעזאָלוציע אָפּ־געשטימט; די רעכטע האָבן אַ קליינע מערהייט. ספּירידאָנאָוואַ שילדערט דעם דאָזיקן מאָמענט: „ווען זיי האָבן באַקומען די מער־הייט, איז געוואָרן אויסטערליש שטיל אין שטיקנדיק־הייסן צימער. עמפּערונג, ווייטאָג און עכטער צער האָט אָנגעפילט די נשמה פון די אַלע, וואָס האָבן הויך פּראָטעסטירט קעגן טויט־שטראָף, קעגן תפיסות און קייטן, קעגן דער צוזאַמענאַרבעט מיטן בירגערטום, קעגן דער צווייידייטיקער פּאָליטיק אין קאַמף פאַרן שלום. זיי אַלע האָבן איצט געהאַט דעם פאַרלאַנג אַוועקצוגיין, נישט בלייבן מער צוזאַמען. אַוועקצוגיין און מיטנעמען די רומרייכע פענער, וואָס זענען ביז איצט באַגאָסן געוואָרן בלויז מיט אונזער אייגן בלוט,

וואָס זענען באַשמוצט געוועז בלויז דורך די רכילות פון די שונאים, אָבער נישט דורך אונזערע פעלערן און פאַרברעכנס. אָוועקצוגיין צום פאָלק, פון וועלכן מיר שטאַמען, און אָפּזאָגן זיך פון דער רעגירונגס־פּאַרטיי"...

אָבער די לינקע האָבן נישט איבערגעריסן מיט דער פּאַרטיי, נאָך שווערע געוויסן־קאַמפן האָבן זיי אָנגענומען זייערע באַשלוסן. גאַטאַנסאָן, ספּירידאָנאָוואַ און קאַמקאָוו האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אַ שפּאַלטונג. פאַרוואָס? ווייל עס איז אומענדלעך שווער געווען צו פאַרלאָזן אַ קאַמף־געמיינשאַפט, מיט וועלכער מען איז פאַרקניפּט געווען דורך מעשים און הייליקסטע דערינערונגען. אָבער נישט נאָר צוליב דעם אַליין. די לינקע האָבן געהאַט די האָפנונג צו דעראָבערן אין דער פּאַרטיי די העגעמאָניע. זיי האָבן געוואָלט דערהאַלטן די פּאַרטיי פון די סאָצ.־רעוו. אויך צוליב אַ באַזונדערער סיבה. די פירונג פון דער רעוואָלוציע איז אַלץ מער איבערגעגאַנגען אין די הענט פון באָלשעוויזם, פון וועלכן די לינקע ס.־ר.־ן האָבן זיך געפילט זייער ווייט וועלט־אָנשוילעך. די פּאָלי־טיש־טאַקטישע נאָנטקייט פון די־דאָזיקע צוויי רעוואָלוציע־שטראָמען, דאַרף נישט פאַרבלענדן אין דאָזיקן פּרט. דער וווּלגאַר־מאַ־טעריאַליסטישער, ענגהאַרציק־ פּראָלעטאַרישער, דעמאַגאָגישער אופן פון דער באָלשעוויסטישער פּראָפּאַגאַנדע, איז די לינקע ס.־ר.־ן געווען דערווידער. זיי האָבן געשטרעבט דערצו, אַרויסצוראַטעווען אויך אין דער נייער רעוואָלוציע־פאַזע די מאָראַלישע קוואַלי־טעטן, די ריינקייט פון דער טאַקטיק פון דער אַלטער ס. ר.־פּאַרטיי. ספּירידאָנאָוואַ האָט מיט אַ באַזונדערער שטרענגקייט באַטאָנט דעמדאָזיקן אונטערשייד.

ביי דער אַנטשיידענער אָפּשטימונג זענען זיך אַנטקעגנגע־שטאַנען צוויי קעגנזעצלעכע רעזאָלוציעס. די רעכטע האָבן באַקו־מען 54 שטימען, די לינקע—35. דאָס איז געווען אַ זיג פון די לינקע: זיי זענען געוואָרן אַ כח. זיי האָבן אויסגעקעמפט, אַז זייער רעזאָ־לוציע, אַלס רעזאָלוציע פון דער מינדערהייט, זאָל אָפּגעדרוקט ווערן אין אָפיציעלן פּאַרטיי־אָרגאַן אויפן גלייכן אָרט ווי די מערהייט־רעזאָלוציע. דאָס האָט די לינקע געגעבן די מעגלעכקייט פון איצט אָן אָפּן צו זאַמלען די פּאַרטיי - קאַדערס אַרום זייער פּלאַטפאָרם.

דערדאָזיקער זיג האָט באַדייט, אַז אַ גרויסער טייל פֿון די מאַסן, וואָס שטייען הינטער דער ס.־ר. פּאַרטיי, זענען אַרויף אויף דער ליניע פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די פּירערשאַפֿט, די מיניסטאָרן האָבן עס נישט באַגריפֿן. זיי ווען עס מערקן ערשט אין צוויי וואָכן אַרום. עס האָט זיך אָנגעטראָגן אַ נייער שטורעם.

* * *

דערדאָזיקער שטורעם איז געקומען פֿון אַ אומדערוואַרטער זייט. קערענסקיס דיקטאַטור איז געוואָרן געווען, ווי באַקאַנט, קעגן לינקס. די ראַטן זענען אָפּגעשטופּט געוואָרן אין אַ זייט, די רעאַקציאָנערן האָבן באַקומען די מאַכט אין די הענט. קערענסקי האָט אָבער געשטרעבט אונטערצומויערן זיין אין דער לופֿט שוועבנדע רעגירונג. מיטן אויגוסט האָט ער צונויפֿגערופֿן אין מאָסקווע אַ „מלוכה־באַראַטונג“, אויף וועלכער עס האָבן געזאָלט זיין פֿאַרטראָטן „אַלע לעבעדיקע כּוחות פֿון לאַנד“, — ווי קערענסקי האָט זיך אויסגעדריקט. אָבער די נאַציאָנאַל־פֿאַרזאַמלונג, וואָס וואָלט אין יענער צייט געווען די איינציק־מאָסגעבנדע פֿאָלקס־פֿאַרטרעטונג, איז נישט צונויפֿגערופֿן געוואָרן. נאַציאָנאַל־פֿאַרזאַמלונג! (קאָנסטיטואַנטע) — איז געווען דאָס גרויסע וואָרט פֿון די מאַסן זייט ערשטן טאָג פֿון דער רעוואָלוציע. אָבער די נאַציאָנאַל־פֿאַרזאַמלונג האָט געהאַט אַ מערקווירדיקן מזל אין די דאָזיקע זעקס חדשים. די בירגערלעכע קלאַסן האָבן געהאַט אַ באַרעכטיקטע שרעק פֿאַר די רעוואָלוציאָנערע באַשלוסן פֿון דאָזיקן פֿאָלקס־פּאַרלאַמענט. זיי זענען פֿאַראינטערעסירט געווען זי אָפּצולייגן ביזן אלף השישי, אָפּוואַרפֿנדיק אינצווישן אַלע רעפֿאָרמען „ביז צום צונויפֿרופֿן די נאַציאָנאַל־פֿאַרזאַמלונג“. די מעסיקע סאָציאַליסטן האָבן אָפּגעלייגט די צונויפֿרופֿונג צוליב בעסערע סיבות: זיי האָבן געוואָלט צונויפֿרופֿן די נאַציאָנאַל־פֿאַרזאַמלונג אויפֿן דעמאָקראַטישסטן אופֿן. מיטן דאָזיקן צוועק האָט מען געבילדעט אַ קאָמיסיע פֿון געלערנטע און פֿאַנאַטישע יוריסטן, וועלכע האָבן געלאָזט פֿאַרגיין וואָכן און חדשים. די געשעענישן האָבן געשריגן נאָך שנעלע באַשלוסן; די רעגירונג האָט אָפּגעלייגט דעם טערמין אויף סעפּטעמבער, און דערנאָך — אויף נאָוועמבער.

אין מאָסקווע האָט זיך געזאָלט צונויפֿקומען אַ ערזאַץ פֿאַר

דער נאַציאָנאַל ־ פאַרזאַמלונג, אַ טויזנטקעפּיקע, בונט ־ צונויפגע־ שטעלטע „מלוכה ־ באַראַטונג". די רעאַקציאָנערע שיכטן פון דער בורזשואַזיע, פון די ערדבאַזיצער, פון דער אַרמיי זענען געווען שטאַרק פאַרטראָטן. די פּאָליטישע לופט איז פול געווען מיט קלאַנ־ גען וועגן מורדישע אַקציעס פון דער הויפּט־קוואַרטיר און פון גע־ נעראַל קאָרנילאָוו, וועלכער האָט אָקאָרשט געהאַט געשטעלט אַן אולטימאַטום קערענסקין: „איינפירן טויט־שטראָף אויך הינטערן פראָנט, צוריקשטעלן די אָפּיצירישע מאַכט אין דער אַרמיי, מילי־ טאַריזירן די אייזנבאַנען און באַטריבן". קערענסקי האָט באַגריפן די געפאַר און איז אַרויסגעטראָטן אין מאָסקווע אַלס שטאַרקער מאַן. „די רעגירונג וועט נישט דולדן קיין שום אולטימאַטומס!" — האָט ער דערקלערט מיט אַ דראָאונג צו די רעכטע פון דער פייער־ לעכער פאַרזאַמלונג. און ווענדנדיק זיך צו די ראַדיקאַלע לינקע, האָט ער געדראָט: „אַלע, וואָס האָבן ווען נישט איז געפּרוווט אויפהויבן אַ באַוואָפנטע האַנט קעגן דער העכסטער מאַכט, זאָלן וויסן, אַז אַזעלכע פּרוון וועלן דערדריקט ווערן מיט אייזן און בלוט!" די ווערטער האָבן נישט אָפּגעהאַלטן דעם גאַנג פון די געשעענישן.

דער גענעראַליסימוס האָט זיך פאַרמאָסטן צו אַ קלאַפּ. ער האָט דערצו באַנוצט אָדער אפשר פּראָוואָצירט די נייע מפּלה אויפן פראָנט. דעם 21־טן אויגוסט האָבן די דייטשן דורכגעריסן דעם ריגער פראָנט און פאַרנומען ריגע. די מיליטערישע געפאַר האָט זיך דערנענטערט צו פּעטראָגראַד. אַ נייער פּאַניק ־ אויסברוך, וואָס איז נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן דורך די איבערשרעקנדיקע קריגס־ באַריכטן פון דער הויפּט־קוואַרטיר. די קאַמפן זענען פאָרגעשטעלט געוואָרן אַלס פּאַנישער אַנטלויפן פון דער גאַנצער אַרמיי. דאָס איז געווען אַ ליגן; ווייל אויפן פראָנט, וו עס איז נישט פאָרגעקו־ מען קיין רוסישע אָפּענסיווע, האָבן די זעלנער געשטעלט אַ מילי־ טערישן ווידערשטאַנד. אָבער די רעאַקציע האָט נויטיק געהאַט דעם ליגן, כּדי געפאַנגען צו נעמען די רעגירונג מיט שטורעם. דעם 26־טן אויגוסט האָט גענעראַל קאָרנילאָוו אָפן זיך צעבונטעוועט קעגן דער קערענסקי ־ רעגירונג. ער האָט זיך געווענדעט צום פאָלק מיט אַ אויפרייצנדיקן אויפרוף: „איך, גענעראַל קאָרנילאָוו, דער־

קלער: די פּראָוויזאָרישע רעגירונג אַרבעט — אונטערן דרוק פון די באָלשעוויסטישע ראַטן — אין פולן הסכם מיט די פּלענער פון דייטשישן גענעראַל־שטאַב. זי טויט די אַרמיי און טרייסלט פאַר נאַנדער דאָס לאַנד. דער באַוווסטזיין פון אומפאַרמיידלעכן אונ־טערגאַנג פון לאַנד באַפעלט מיר, אויפצופאָדערן אַלע רוסישע מע־נער צו ראַטעווען דאָס שטאַרבנדיקע פאָטערלאַנד״. הינטער קאָרנילאָוון, וואָס האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו דער דיקטאַ־טור, זענען געשטאַנען די שפּיצן פון רוסישן בירגערטום, די קאַ־דעטישע פּאַרטיי, די אַמבאַסאַדאָרן פון דער אַנטאַנט.

די פאַרשווערונג האָט אָבער געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג: זי האָט מיט איין קלאַפּ פאַריינגערט די רעוואָלוציע. קערענסקי האָט אין זיין נויט געקאָנט אַפּעלירן בלויז צו די אַרבעטער־מאַסן, צו די ראַטן. ער האָט זיך געווענדעט צו זיי מיט קרעפטיקע ווער־טער נאָך הילף. דאָס איז געווען איבעריק: די מאַסן זענען שוין געווען אויפן פּלאַץ. ווי עלעקטריזירט, האָט זיך דאָס אַרבעטס־פאָלק אַ הויב געטון אין אַלע טיילן פון גוואַלטיקן לאַנד. באַגייס־טערונג און גרייטקייט צום טויט האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט, ווי אין די אומפאַרגעסלעכע ערשטלינג־טעג פון דער רעוואָלוציע. מען האָט געוווסט: אין קאָן שטייט אַלץ.

די ראַדיקאַלע פּראָלעטאַרישע שיכטן, וועלכע מען האָט נאָך די יולי־געשעענישן אַנטוואָפנט, האָבן איצט באַקומען פון דער רעגירונג געווער. די ראַטן, אָנגעפירט דורך די מעסיקע, האָבן אויפגעוואַכט: זיי האָבן געשאַפן אין פּעטראָגראַד דעם „קאַמף־קאָמיטעט קעגן קאָנטר־רעוואָלוציע״. די באָלשעוויקעס און די לינקע ס.־ר.־ן האָבן זיך אָן באַוואָרענישן געשטעלט אין רשות פון די ראַטן. די גענעראַלן האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ געאייניקטן פראָנט פון דער רעוואָלוציע. קאָרנילאָוו האָט נישט נאָר אַרויסגעגעבן מאַניפעסטן: ער האָט אויך געשיקט פון דער הויפּט־קוואַרטיר מיליטער קעגן „פאָטערלאַנדסלאָזן״ פּעטראָגראַד. דאָס זענען געווען געקליבענע מיליטער־טיילן, קאַווקאַזישע „ווילדע דיוויזיעס״, אונטער דער פירונג פון קלאַסן־באַוווסטזיניקע רעאַק־ציאָנערע אָפיצירן. און זיי האָבן זיך אָנגעשלאָגן אויף גראַניט. די באַנען האָבן נישט פונקציאָנירט, די אייזנבאַן־שינעס זענען פאַ־

נאַנדערגעשרויפט געוואָרן, די דיוויזיעס זענען געבליבן שטיין אויף די וועגן, פאַר די טויערן פון פּעטראָגראַד. די עמיסאַרן פון די ראַטן, אַרבעטער און זעלנער, זענען זיי אַנטקעגנגעפאָרן. זיי האָבן אויפגעדעקט פאַר די „ווילדע" און אָרדענונגס־טרייע דעם אמת וועגן זייער פעלדצוג. די קאָרנילאָוו־זעלנער האָבן דערקענט דעם סאָציאַלן אמת און זענען אַריבער אין לאַגער פון דער רעוואָלוציע. די פאַרשווערונג איז צעריסן געוואָרן ווי שפּינוועבס.

די פּאָליטישע לאַגע איז פון דעם מאָמענט אָן געוועזן פולשטענדיק פאַרענדערט. קאָרנילאָוו אַרעסטירט אין דער הויפּטקוואַרטיר; קערענסקי אָנגעוויזן אויף די ראַטן אין פּעטראָגראַד, — דאָס האָט געשאַפן אַ גאַנץ נײַ בילד פון די סאָציאַלע כּחות. די רעוואָלוציע איז מער נישט געווענדעט געווען קעגן לינקס, נאָר קעגן רעכטס. די צייט פון קאָאַלירן און לאַווירן איז פאַרבײַ, ווי ס'האָט געשיינט, אויך פאַר די מעסיקע. דעם 2־טן סעפּטעמבער האָט די רעגירונג פּראָקלאַמירט רוסלאַנד אַלס דעמאָקראַטישע רעפּובליק. די לינקע רעוואָלוציאָנערן זענען באַפרייט געוואָרן פון די תּפיסות. דער אויטאָריטעט פון די לינקע איז געשטיגן מיט פּטיכישער קראַפט. אין פּעטראָגראַדער ראַט זענען די באָלשעוויקעס געוואָרן אַלץ מער און מער מאַסגעבנדיק. די נײַע וואַלן פון ראַט אין קראָנשטאַט, דער פעסטונג פון דער רעוואָלוציע, האָבן זיך פאַרענדיקט אַזוי: 100 באָלשעוויקעס, 75 לינקע ס.־ר.־ן. די פּעטראָגראַדער אָרגאַניזאַציע פון די ס.־ר.־ן, וואָס האָט פאַרטראָטן 45.000 אַרבעטער, איז אויף איר קאָנפערענץ פון 10־טן סעפּטעמבער אַריבער אין לאַגער פון די לינקע.

דאָ איז ספּירידאָנאָווא צום ערשטן מאָל אָפן אַרויסגעטראָטן פאַר די פּאַרטיי־מאַסן קעגן דעם ביזאַיצטיקן פּאַרטיי־פירער טשערנאָוו. „די פּאָליטיק פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג — האָט זי דערקלערט: — האָט באַפלעקט אונזער פּאַרטיי, און חבר טשערנאָוו, דער מיטגליד פון דערדאָזיקער רעגירונג, האָט פאַרקריפּלט אונזער פּראָגראַם. מען וויל איצט צונויפרופן אַ נײַע מלוכה־באַראַטונג; איך דערוואַרט זי מיט אומרו און אומצוטרוי. וועט זי איבערגעבן די ערד די ערד־קאָמיטעטן? וועט זי אײַנפירן אַ קאָנטראָל איבער דער אינדוסטריע? אויב יאָ, דאַן שטיצן מיר זי אונטער.

אויב נישט — וועלן מיר אויפשטיין קעגן איר מיט וואפן אין דער האַנט!" טשערנאָוו האָט געזען, ווי ער פאַרלירט זיין ביז־איצט אומבאַשטריטענעם איינפלוס אויף דער יונגער קעמפער־גענעראַציע. ער האָט ספּירידאָנאָווען צוגעוואָרפן ביטערע ווערטער: „איניקע גלויבן, אַז זיי האָבן געפונען אַ נייעם וועג. זיי זענען גרייט אומצוקומען אויפן דרייסטן וועג פון דאָס אוממעגלעכע. חברטע ספּירידאָנאָווא האָפט זיך אָן עצה צו געבן מיט אַלע געפאַרן. איך וועל נישט אַריינטרעטן אין איר דיקטאַטור־מיניסטעריום!" אין ווייטערדיקן לויף פון דער רעוואָלוציע וועלן טשערנאָוו און ספּירידאָנאָווא אַלץ מער שטיין אין קאַמף קעגנאַנאַנדער...

די קאָנפערענץ האָט מיט 83 שטימען קעגן 7 אָנגענומען ספּירידאָנאָוואַס רעזאָלוציע. — „די צענטראַלע מלוכה־מאַכט מוז זיין איינהייטלעך - סאָציאַליסטיש, פאַראַנטוואָרטלעך בלויז פאַר די צענטראַל - אָרגאַנען פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע. תיכף צונויפרופן דעם קאָנגרעס פון די אַרבעטער־ און פויערים־דעפּוטאַטן". גלייכצייטיק זענען ספּירידאָנאָווא מיט קאַמקאָוון געווילט געוואָרן אין דער שפּיץ פון פּעטראָגראַדער פּאַרטיי־קאָמיטעט, אין דער רעדאַקציע פון דער טאָג־צייטונג „זנאַמיאַ טרודאַ" און אַלס קאַנדידאַטן צו דער נאַציאָנאַל - פאַרזאַמלונג. ספּירידאָנאָווא איז חוצדעם געווען מיטגליד פון פּעטראָגראַדער ראַט און פון דער צענטראַל - עקזעקוטיווע פון פויערים - ראַט. סאַראַ געוואַלטיקע אַרבעטס - לאַסט און פּאָליטישע אחריות עס איז געלעגן אויף אירע אַקסלען!

די מאַסן, געשטאַרקט אין זייער זעלבסטבאַוווסטזיין, האָבן געשטויסן צו אַנטשיידנדע מעשים. אָבער פון אָנהויב איז גאָרנישט געשען. דער פאַנאַנדערפאַל פון דער מלוכה־מאַכט האָט געפירט בלויז צו אינערלעכע אומגרופּירונגען. אָנשטאָט קאָרנילאָוון האָבן די מיניסטאָרן באַשטימט אַלס העכסטן אַרמיי־אָנפירער קערענסקין. וואָס מער טיטולן קערענסקי האָט פאַרמאָגט, אַלץ מאַכטלאָזער און איינזאַמער איז ער געוואָרן. אַ צאַרישער גענעראַל האָט געדאַרפט זיין קערענסקיס מיליטערישער ראַטגעבער. טערעשטשענקאָ, מיליוקאָווס אַ שילער, איז נאָך אַלץ געווען אויסערן־מיניסטער. ווי אַזוי?

צי וועט די רעגירונגס־מאכט בלייבן אומגעענדערט? און וואס זאגט דערצו די צענטראל־עקזעקוטיווע פון די ראטן?

זי האט זיך ווידער געוואקלט. „אין דער רעגירונג קאן קיין ארט נישט זיין פאר יענע, וואס זענען פארבונדן געווען מיט קארני־לאוו, קיין ברעקל פלאץ פאר דער קאדעטישער פארטיי, — האבן דערקלערט די מעסיקע פירער. — אבער די קאאליציע־אידיי מוז אפגעהיט ווערן". — ניין! — האט אויף דעם דערווידערט דער פעטראגראדער ראט, וואס האט גלייכצייטיק אנגענומען א רעזא־לוציע פון די באלשעוויקעס, — נישט נאר די קאדעטן און בירגער מוזן באזייטיקט ווערן; עס מוז אויפהערן די גאנצע פאליטיק פון פאקטירן און קאאלירן, וואס האט מעגלעך געמאכט די פארשווע־רונג קעגן דער רעוואלוציע. דער אויסוועג איז — א רעגירונג פון פארשטייער פון רעוואלוציאנערן פראלעטאריאט און פויערטום. די נאציאנאל־פארזאמלונג מוז תיכף צונויפגערופן ווערן". אזוי האט געזאגט אויך דער מאסקווער און דער גרויסער פראווינץ־ראט. די צענטראל־עקזעקוטיווע האט זיך פאררופן אויף אירע פולמאכטן פון גאנצן לאנד. דאס איינציקע, וואס עס איז איר און קערענסקין איינגעפאלן, איז געווען דאס צונויפרופן א „דעמאקראטישע בא־ראטונג". נישט נאציאנאל־פארזאמלונג, די צענטראל־אידייע פון דער דעמאקראטיע, נישט ראטן־קאנגרעס, די בענקשאפט פון דער רעוואלוציע, נאר ווידער אן ערזאץ פון א פאלקס־פארלאמענט. דאס מאל האבן אין דער באראטונג נישט געזאלט אנטיילנעמען קיין פארשטייער פון דער בורזשואזיע, פון די פריצים, פון דער גענע־ראליטעט. עס האבן געזאלט קומען פארשטייער פון די ראטן, אבער אויך פון די מוניציפאליטעטן, פון די קאאפעראטיוון און ענלעכע ארגאניזאציעס. די אנטשיידנדיקע צאל שטימען האבן באקומען נישט די ראטן, נאר די אנדערע, די מלוכה־דערהאלטנדע, קאמונאלע און ווירטשאפטלעכע ארגאניזאציעס. אמת, אויך זיי האבן פאר־טראטן מיליאנען ווילער און מיטגלידער, אבער זיי זענען געווילט געווארן מיט חדשים צוריק. אין דער רעוואלוציע איז א חודש ווי א יאר, און אין דער נאך־קארנילאוו־צייט זענען די מאסן געווען א סך ראדיקאלער, ווי זייערע דאזיקע פארטרעטער. וואס־זשע האט אזא באראטונג געקאנט דערגרייכן?

די דאָזיקע באַראַטונג איז געווען אַ תהו־ובהו פון מיינונגען, אינטערעסן, טעמפּעראַמענטן. אַכט טעג נאָכאַנאַנד, ביזן 22־טן סעפּטעמבער, האָט מען זיך באַראַטן, געדונגען, און געשאַכערט וועגן דער איינציקער פראַגע: מיט אָדער אָן דער בורזשואַזיע? די דעמאָקראַטן און די מעסיקע האָבן געשריגן מיט שוים אויף די ליפּן: קאָאַליציע! צערעטעלי, דער אָנפירנדער סאָציאַל־דעמאָקראַט, האָט זיך פאַרגאַלאָפּירט און אַרויסגעזאָגט פאָלגנדן אַפאָריזם: „קאָאַליציע איז די נשמה פון דער רעוואָלוציע!" „קאָאַליציע מיט די קאַדעטן, מיט די דראָט־ציער פון קאָרנילאָוון? אויסגעשלאָסן!" — האָבן געשריגן די וואַקלדיקע, די צעטומלטע. „קאָאַליציע נאָר מיט מיושב־דיקע, ערלעכע רעפּובליקאַנישע בורזשואַזע מיניסטאָרן!" — „קיין שום קאָאַליציע!" — האָבן אַנטשידן דערקלערט די באָלשעוויקעס און די לינקע ס.־ר.־ן. לענין האָט פון זיין אומלעגאַלער באַהעלטעניש געמאַכט אַן ענערגישן אָנגריף. ער האָט געפאָדערט פון די פירער פון זיין פּאַרטיי אַ תּיכּפדיקן אויפשטאַנד, מען זאָל אַרומרינגלען דעם קאָנגרעס, איבערנעמען די מאַכט. „נאָכדעם ווי די באָלשעווי־קעס האָבן דעראָבערט אַ מערהייט אין די ביידע הויפּט־ראַטן, דאַרפן און מוזן זיי נעמען די מלוכה־מאַכט אין זייערע הענט".

די טעג פאַרגייען אין האַרטנעקיקע פיינטלעכע קאַמפן. דאָן דערשיינט קערענסקי אין פּרעזידיום פון קאָנגרעס און אין דער אָנ־וועזנהייט פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־פירער גיט ער אָפּ אַ דערקלערונג. „אויב עס זאָלן זיך דאָ געפינען פּערזאָנען, וואָס נעמען אויף זיך צו בילדן אַן איינהייטלעכע סאָציאַליסטישע רעגירונג, גאַ־ראַנטיר איך, אַז די פּראָוויזאָרישע רעגירונג וועט פון איר זייט נישט מאַכן קיין שום שטערונגען. גיט מיר רעכטצייטיק צו וויסן וועגן אייער באַשלוס, און די מאַכט וועט איבערגעגעבן ווערן אַזאַ נייער רעגירונג אָן שום שוועריקייטן". „באַלד נאָכדעם האָב איך פאַרלאָזן די זיצונג, — האָט שפּעטער געשריבן קערענסקי. — דעמזעלבן טאָג האָט מען מיר מיטגעטיילט, אַז אין פּרעזידיום פון קאָנגרעס האָט זיך נישט געפונען קיין איין פּאַרטיי, גרופּע אָדער פּערזענ־לעכקייט, וואָס זאָל וועלן נעמען אויף זיך די אחריות פאַר אַ ריין־סאָציאַליסטישן מיניסטאָרן־קאַבינעט". די באָלשעוויקעס האָבן נישט געפאָלגט לענינס עצה; זיי האָבן אפשר בעסער געוואָלט אַ

קאָאַליציע - קאַבינעט פון אַלע סאָציאַליסטן, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די ראַטן. אָבער אַזאַ מין קאָנצענטראַציע פון דער מלוכה - מאַכט ביי די סאָציאַליסטן האָבן אָפּגעוואָרפן די רעפאָרמיסטן. די ס.־ר.. פאַרטיי, וואָס איז איצט געשטאַנען פאַר איר אַנטשיידענער שעה, וואָס וואָלט געקאָנט פירן די נייע פאַזע פון דער רעוואָלוציע — ווען זי וואָלט געהאַט גענוג היסטאָרישן מוט, — אויף איר אייגענעם, נישט באָלשעוויסטישן שטייגער, — די דאָזיקע פאַרטיי האָט באַנקראָטירט. זי איז געשפּאָלטן געווען אין דריי טיילן. איר רעכטער פליגל האָט געהאַט חשק צו קאָאַליציע, איר פירער טשערנאָוו האָט זיך געפונען צווישן די וואַקלדיקע, איר לינקער אַוואַנגאַרד האָט שטורמיש געפאָדערט אַ סאָציאַליסטן - רעגירונג. די לינקע ס.־ר. האָבן אויפן דאָזיקן קאָנגרעס שוין געבילדעט איך אייגענעם, פון דער פאַרטיי אָפּגעטיילטן לאַגער.

אין נאָמען פון דאָזיקן לאַגער איז ספּירידאָנאָוואַ אַרויסגעטראָטן מיט אַ ליידנשאַפטלעכער רעדע קעגן טשערנאָוון. „וואָס האָט געגעבן די קאָאַליציע? — בלויז קאָרנילאָוון, לאָקאַוטן קעגן די אַרבעטער, סאַבאָטאַזש פון די ערד־געזעצן. ווען איר, פויערים־ברידער, שטימען פאַר אַ קאָאַליציע, דאַן וועט איר שטימען קעגן ערד!... קיין פּריצים זענען מער נישטאָ, זיי ווערן דערדריקט דורכן פויערם באַוווסטזיין, אַז די ערד איז זיינע. האָט זיך אָבער דער קאַפּיטאַל אַ שטעל געטאָן צום שוץ פון די פּריצים... די קאָאַליציע האָט קיין שום שעפערישעס נישט געגעבן. אַלץ, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן, איז דעראָבערט געוואָרן אין קאַמף... מען דראָט אונז מיטן סאַבאָטאַזש פון די שונאים, אויב די מאַכט וועט ליגן אין אונזערע הענט. און היינט זענען מיר דען נישט איינזאַם? ווו זענען דען אונזערע פריינט? אויב די שיכטן פון די געבילדעטע וועלן זיך אָפּזאָגן צו דינען דעם פאָלק, וועלן זיי האָבן קעגן זיך דאָס גאַנצע רעוואָלוציאָנערע פאָלק. זייער וויסן, דעם פייער פון זייער האַרץ, דעם פלאַם פון זייער באַוווסטזיין, אַלץ מוזן זיי ווידמען דעם פאָלק, קיינמאָל נישט — דעם קאַפּיטאַל. בלויז דער גלויבן אין זיך, אין די אייגענע כוחות, קאָן ראַטעווען דאָס פאָלק. די קאָאַליציע וועט טויטן דעם דאָזיקן גייסט, אייך אַלעמען. זאָל לעבן די גרויסע רעוואָלוציע!" זי האָט פאַרלאָזן די טריבונע אונטער אַ שטורמישער

אוואציע און אויסגעשרייען „זאָל לעבן מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ!"
אָבער נישט טראָצקי און קאַמעניעוו, נישט ספּירידאָנאָוואַ און קאַמקאָוו האָבן נישט געהאַט קיין מערהייט פאַר זיך. און די מלוכה־מאַכט איז ווידער געבליבן „ליגן אין שטויב". ביים אָפּשטימען די פראַגע וועגן אַ נייער קאָאַליציע האָבן 766 געשטימט פאַר, אָבער 688 קעגן. און ווער זאָל ווידער פירן די דאָזיקע קאָאַליציע, אויב נישט דער פון דער השגחה אויסגעוויילטער מאַן קערענסקי? און ער האָט דאָס טאַקע באַוויזן. דער צעטומלטער קאָנגרעס האָט געבוירן אַ קאַבינעט, וואָס איז באַשטאַנען פון קאָדעטנאַרטיקע בורזשואַ־מיניסטאָרן און סאָציאַליסטן פון צווייטן סאָרט; אַ רעגירונג, וואָס קיינער האָט זי נישט געשטיצט, וואָס איז פאַראורטיילט געווען צו אַ שאָטן ־ עקזיסטענץ. דאָס גרויסע פאָלק איז געזעסן פעסט אין זיינע ראַטן ־ צעלטן און האָט אָן אינטערעס געקוקט אויפן מיניסטאָרן ־ שאָטן אין ווינטער ־ פּאַלאַץ. דאָס לעבן פון די מאַסן איז איצט פאַרגעקומען אומאָפּהענגיק און קעגן דער העכערער מאַכט. דער רוף פון די מאַסן איז פון איצט אָן געווען: אַ ר אַ ט ן ־ ק אָ נ ג ר ע ס! דעם דאָזיקן רוף האָט מען מער נישט געקאָנט דערשטיקן. און דער ראַטן־קאָנגרעס האָט אוממפאַרמיידלעך געפירט צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

* * *

די לעצטע קערענסקי ־ רעגירונג האָט זיך געפּרוּווט שטיצן — ביז דער נאַציאָנאַל ־ פאַרזאַמלונג — אויף אַ קערפּערשאַפט, וואָס האָט געהייסן: „ראַט פון דער רעפּובליק" אָדער פאַרלאַמענט. אַ הויז פאָרשטייער פון די דעמאָקראַטישע פאָלקס ־ שיכטן, זענען דאָ געזעסן די מיליוקאָוון, די ריאַבושינסקיס, די אַלעקסעיעוון: פאָרשטייער פון דער אינדוסטרי, פון דער גענעראַליטעט, פון דער קאָדעטישער פּאַרטיי. די טעטיקייט פון דער דאָזיקער קערפּערשאַפט האָט זיך אָפּגעשפּילט לויט אַלע כּללים פון פּאַרלאַמענטאַרישער קונסט. דאָס איז אָבער געווען אַ שאָטן ־ עקזיסטענץ. דער פּאָרפּאַרלאַמענט האָט נישט געהאַט קיין שום באַציאונגען צום לעבן פון פאָלק. עס איז געווען סימבאָליש, וואָס ער האָט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען אין מאַריאַינסקי פּאַלאַץ, דעם זיץ־אָרט פון אַמאָליקן צאַרישן מלוכה ־ ראַט. גאַנצע דורות פון עלטער־שוואַכע

שטאָט ־ רעאַקציאָנערע שררות פון דער מאָנאַרכיע זענען געזעסן אין דאָזיקן גרויסאַרטיקן פּאַלאַץ. און עלטער־שוואַכקייט האָט אויסגעצייכנט אויך דעם דאָזיקן ראַט פון דער רעפּובליק. ער האָט מער נישט געקאָנט ווירקן אויפן גאַנג פון לעבן. בעת דער „ראַט פון דער רעפּובליק" האָט זיך פאַרנומען מיט פּאַפּירן און רעזאָלוציעס, האָט דאָס לאַנד געציטערט פון אומאויפהערלעכע רעוואָלוציאָנערע אויפטרייסלונגען. דער קריזיס פון דער ווירטשאַפט, פון דערנערונג, פון דער אינדוסטרי, פון טראַנספּאָרט איז אַלץ טיפער געוואָרן. קיין איינציקע פּראָבלעם איז נישט געלייזט געוואָרן. די פאַרביטערטקייט פון די מאַסן, די קנאַפּקייט פון שפּייזמיטלען און דער יקרות האָבן געפירט צו סטיכישע בלוטיקע צאָרן־אויסברוכן. די פּויערים זענען אויפגערעגט געווען אין דער העכסטער שטופע צוליב די אַרעסטן פון די ערד־קאָמיטעטן. א כוואַליע אַגראַר ־ אומרוען האָט שוין געהאַט דערשיטערט צענטליקער גובערניעס. די געפאַר איז געוואָרן אַזוי אַקטועל, אַז די טאַמבאָווער, וואָראָנעזשער, קורסקער, סאַראַטאָווער גובערניעס האָבן די לאָקאַלע ראַטן — מיטן אָנטייל פון די רעגירונגס ־ קאָמיסאַרן און יוסטיץ ־ אָרגאַנען געמוזט פּראָקלאַמירן: תּיכף איבערגעבן די גאַנצע ערד און אפילו דעם אינווענטאַר אין רשות פון די ערד־קאָמיטעטן. די פּראָלעטאַריער האָבן זיך געפילט באַדראָט דורך די אינטריגעס פון די אונטערנעמער, וואָס האָבן געשלאָסן די באַטריבן. עס איז אויסגעבראָכן א קאָנפליקט צווישן דער רעגירונג און די אייזנבאַן ־ אַרבעטער; נאָר דורך דער אויטאָריטעט פון די ראַטן — און נישט פון דער רעגירונג — איז אויסגעמיטן געוואָרן אַן אייזנבאַן־שטרייק. די אַרמיי האָט געזען פאַר זיך א נייע ווינטער ־ קאַמפּאַניע, — נאָך אַכט חדשים וואַרטן.

אינמיטן דאָזיקן ליידן פון די מאַסן און אָנקומענדיקן כאַאָס, זענען די לינקע געוואָרן שטאַרקער פון טאָג צו טאָג. זיי האָבן אַנטוויקלט א גראַנדיעזע, ליידנשאַפטלעכע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מאַסן. הונדערטער מיטינגען, קורסן, שמועסן, אויפרופן האָבן אָפּגעביטן איינס דאָס צווייטע. אין דאָזיקן פּראָפּאַגאַנדע ־ שטורעם האָט ספּירידאָנאָווא, מיט איר קאַטאָרגע ־ חברטע קאַכאָווסקאַיאַ, גענומען אַן אומדערמידלעכן אָנטייל.

דעם 25־טן סעפּטעמבער איז טראָצקי געוויילט געוואָרן אַלס פּאַרזיצער פון פּעטראָגראַדער ראַט. דאָס איז געווען אַ געשעעניש פון גרעסטער באַדייטונג. דורכדעם איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון די באָלשעוויקעס און פון די לינקע ס.־ר.ן דער אַקטיווסטער אָרגאַן פון פּראָלעטאַריאַט און פון גאַרניזאָן פון דער רעוואָלוציע ־ מעטראָפּאָליע. די פריערדיקע אָפּגעטער פון דאָזיקן ראַט — צערעטעלי, טשכעאידזע, גאָץ — האָבן זיך געמוזט צוריקציען אין דער אַלרוסישער צענטראַל ־ עקזעקוטיווע פון די ראַטן. די דאָזיקע צענטראַלע האָט זיך טאַקע געשטיצט אויפן 1־טן ראַטן ־ קאָנגרעס פון לאַנד, אָבער וואָס פאַרא באַטרעף האָבן געהאַט אירע קאָנסטיטוציאָנעלע פולמאַכטן אַקעגן דעם אַקטיוון פּעטראָגראַדער ראַט, וואָס איז אויף אַן אמת געווען פאַרן לאַנד אַ פירער און וועגווייזער? בפרט, אַז די דאָזיקע פולמאַכטן זענען געשטעלט געוואָרן אונטער אַ פראַגע־צייכן: דעם 20־טן אָקטאָבער האָט זיך געדאַרפט צונויפקומען דער 2־טער ראַטן ־ קאָנגרעס.

דער ניי ־ געוויילטער פּעטראָגראַדער ראַט האָט דערקלערט אַנטשידן: „מיר וועלן נישט אונטערשטיצן די רעגירונג פון בירגערלעכער אַלמעכטיקייט און קאָנטר ־ רעוואָלוציאָנערער געוואַלט. ערשט דער אַלרוסישער ראַטן ־ קאָנגרעס וועט שאַפן די עכט־רעוואָלוציאָנערע מלוכה ־ מאַכט". אַ דעלעגאַציע פון דער אַרמיי פון רומענישן פראָנט איז געקומען אין ראַט דעם 9־טן אָקטאָבער און האָט דערקלערט: די זעלנער פאָדערן אַ תיכפדיקן שלום און די מלוכה ־ מאַכט זאָל איבערגיין אין די הענט פון די ראַטן, — אויב נישט וועט די אַרמיי אַליין שליסן וואָפנשטילשטאַנד און אַוועקלייגן די וואָפן.

די לאַגע אויפן פראָנט איז געוואָרן אַלץ געפערלעכער. די דייטשישע חילות האָבן פּלאַנמעסיק אויסגעברייטערט זייער דערפאָלג ביי ריגע. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פאַר די ים־צוגענג צו פּעטראָגראַד. די מאַטראָזן פון באַלטישן פלאָט, די פאָרקעמפער פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, האָבן געשטעלט אַ העראָאישן ווידערשטאַנד. זיי האָבן אָבער פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט שטיצן די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון דער בירגערלעכער מלוכה און פון דער קערענסקי ־ רעגירונג. זייער ווילן האָט באַסו־

מען אַן אויסדרוק אין אַן אויפרוף, וואָס איז דורכגעגליט פון רעוואָלוציאָנערן עקסטאַז. מיט דער הילף פון ראַדיאָ האָבן זיי זיך דעם 5־טן אָקטאָבער געווענדעט צו די אונטערדריקטע פון אַלע לענדער. „אונזער פלאָט גייט אונטער אין אומגליכן קאַמף. קיין איינע פון אונזערע שיפן וועט נישט פרוון אויסצומײַדן דעם פײַער. מיר וועלן שיצן דעם צוגאַנג צו פּעטראָגראַד. אָבער מיר טוען דאָס נ י ש ט אויפן באַפעל פון נעבעכדיקן רוסישן באָנאַפּאַרט (קערענסקי), וועלכער הערשט בלויז אַ דאַנק דער געדולדיקייט פון דער רעוואָלוציע. מיר טוען דאָס נ י ש ט אין נאָמען פון די אָפּמאַכן פון אונזער רעגירונג מיט די פאַרבינדעטע. מיר דערפילן דעם העכסטן געבאָט פון אונזער רעוואָלוציאָנערן באַוווסטזיין. דער קאַמף, וועלכן מיר פירן קעגן אונזערע היימישע רויבער, גיט אונז דאָס הייליקע רעכט אויך איך, פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, אויפצופאָדערן אויפצושטיין קעגן אייערע אונטערדריקער. אין דער שעה, ווען די כוואַליעס פון באַלטישן ים ווערן באַפאַרבט מיטן בלוט פון אונזערע ברידער, הייבן מיר אויף אונזער שטים. זאָל לעבן דער ערלעכער שלום און דער סאָציאַליזם!" די דאָזיקע מאַטראָזן האָבן געקעמפט און זענען געפאַלן פאַר אַ נייער רעוואָלוציע.

די מפּלה איז נישט מעגלעך געווען אויפצוהאַלטן. ווי אין אויגוסט האָט די רעגירנדע קרייזן אַרומגעכאַפּט אַ פּאַניק. עס זענען אויפגעקומען קלאַנגען, אַז די רעגירונג וויל פאַרלאָזן פּעטראָגראַד. זאָל דאָס הייסן, אַז די רעאַקציע וויל אָפּגעבן אין די הענט פון אימפּעריאַליסטישן שונא „די רויטע הויפּטשטאָט"? די פּראָלעטאַרישע שטאָט איז אויפגערודערט געוואָרן; די אויפרעגונג האָט דערגרייכט דעם קולמינאַציע ־ פונקט, ווען מען האָט זיך דערוווסט, אַז די אָנפירונג פון צפון ־ פראָנט האָט געפאָדערט, מען זאָל אַריבערפירן דעם פּעטראָגראַדער גאַרניזאָן אויפן פראָנט. דאָס אַלץ האָבן געשיינט צו זיין מאַכינאַציעס פון די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע כּוחות. דער פּעטראָגראַדער ראַט האָט מער נישט געהאַט קיין צוטרוי צו דער רעגירונג און דער העכסטער אַרמיי־אָנפירונג. ער האָט דעריבער דעם 12־טן אָקטאָבער באַשלאָסן צו בילדן אַן אייגענעם קריגס ־ רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט, וואָס זאָל איבערנעמען

די פארטיידיקונג פון פעטראגראד. אין דאזיקן קאמיטעט זענען אריין בלויז באלשעוויקעס און לינקע ס.ר.ן: טראצקי, דזשער־זשינסקי, יאפע, ספירידאנאווא און אירע חברים. דער דאזיקער קאמיטעט איז געווארן דער ארגאן צו פארטיידיקן דעם אויפשטאנד.

די געשעענישן האבן זיך געטראגן מיט א קינא־שנעלקייט. אין אלע עקן רוסלאנד זענען פארגעקומען געגנט־קאנפערענצן פון די ראטן, כדי צו וויילן דעלעגאטן צום 2־טן ראטן־קאנגרעס. די מערהייט דעלעגאטן האבן באקומען געבונדענע מאנדאטן: „די גאנצע מאכט — די ראטן!" א באזונדערע באדייטונג האט געהאט די ראטן־קאנפערענץ פון צפון־געביט. זי האט ארומגענומען די קאמף־גרייטע ארבעטער־ זעלנער־ און מאטראזן־ראטן פון פעטראגראד, קראנשטאט, פינלאנד, עסטלאנד. אין איר אייזערנעם רינג האבן זיך געפונען די רעגירונג, דער גענעראל־שטאב, די צענטראל־עקזעקוטיווע. די דאזיקע צפון־קאנפערענץ האט מער נישט געהאט קיין ספקות: אויף צוויי דריטל איז זי באשטאנען פון באלשעוויקעס, אויף איין דריטל — פון לינקע ס.ר.ן. די רעזאלוציע האט געזאגט: „די מלוכה־מאכט זאל תיכף איבערגיין צו די ראטן! די צייט פון ווערטער איז פארביי!" הינטער דער רעזאלוציע האט זיך אויסבאהאלטן א גענוי־דורכגעטראכטע פראגראם פון אן אויפשטאנד אין דער גאר נאנטסטער צייט. אין צוויי וואכן ארום וועלן די מאטראזן פון קראנשטאט, רעוואל, העלסינג־פארס אויספירן די דאזיקע פראגראם פונקט נאך פונקט.

דעם 19־טן אקטאבער האט דער מאסקווער ראט אנגענומען באשלוסן, וואס האבן געהאט א שייכות מיטן הייליקן סאציאלן געביט פון מלוכה־לעבן. אין צוזאמענהאנג מיט די שווערע קלאסן־קאמפן אין דער מאסקווער אינדוסטרי, האט דער ראט באשלאסן: די קאפיטאליסטן רופן ארויס לאקאוטן, ארבעטסלאזיקייט. דער ראט דעקרעטירט צו באפרידיקן די פאדערונגען פון די ארבעטער; ער פאדערט אויף די פראפאריינען, צו פארווירקלעכן דעם דאזיקן דעקרעט דורך דירעקטע אקציעס אין די באטריבן; ער ווארנט די קאפיטאליסטן, וואס סאבאטירן די פראדוקציע, פאר דער געפאר ארעסטירט צו ווערן דורך די ראטן". דא איז א ראט צום ערשטן מאל ארויסגעטרעטן אלס רעגירנדע מאכט. אבער די אנטשיידנדיקע

שלאַכט איז פאָרגעקומען אין פּעטראָגראַד. עס איז אַנטשטאַנען אַ קאָנפליקט צווישן קריגס - רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט מיט דער אָפיציעלער מיליטער - אינסטאַנץ פון דער רעגירונג. דעם 22־טן אָקטאָבער האָט דער דאָזיקער קאָמיטעט באַשטימט זיינע קאָמיסאַרן פאַר אַלע פּעטראָגראַדער מיליטער - פאָרמאַציעס. דער ציל איז געווען קלאָר: דער גאַרניזאָן זאָל אויך פאָרמעל באַפרייט ווערן פון אונטער דער באַפעלבאַרקייט פון דער רעגירונג. גלייכצייטיק האָט דער קאָמיטעט פאַרעפנטלעכט אַ פּראָקלאַמאַציע צו דער פּעטראָגראַדער באַפעלקערונג: „כּדי צו פאַרטיידיקן די רעוואָלוציע האָבן מיר באַשטימט קאָמיסאַרן פאַר אַלע מיליטער־טיילן אין די וויכטיקסטע פונקטן פון דער הויפּט - שטאָט און אומגעגנט. אַלע באַפעלן און פאַראָרדנונגען פון דער רעגירונג דאַרפן אויסגעפירט ווערן ערשט נאָך זייער באַשטעטיקונג מצד די דאָזיקע קאָמיסאַרן. די קאָמיסאַרן, אַלס פאַרטרעטער פון די ראַטן, זענען אומבאַרירלעך”. דורכדעם איז באַזייטיקט געוואָרן די אָפיציעלע מלוכה. קערענסקי האָט גוט פאַרשטאַנען דידאָזיקע קריג - דערקלערונג און אָנגעהויבן די קעגנאַקציע. אין דער נאַכט אויפן 24־טן אָקטאָבער, האָט די רעגירונג באַשלאָסן פאַנאַנדערצולאָזן דעם קריגס - רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט, אַרעסטירן זיינע מיטגלידער, מאָביליזירן דאָס רעגירונגס - טרייע מיליטער, באַזונדערס די קאָזאַקן. צומאָרגנס איז קערענסקי דערשינען אין „ראַט פון דער רעפּובליק” און האָט געפאָדערט פון אים אַ פאַרטרויאונגס־וואָטום און אומבאַשרענקטע פולמאַכטן אונטערצודריקן די מרידה. און עס איז געשעען דאָס אוממעגלעכע: אַפילו דידאָזיקע קערפּערשאַפט האָט אים קיין פולמאַכטן נישט געגעבן. שפּעט אין אָוונט פון 24־טן אָקטאָבער האָבן אים אויפגעזוכט אין ווינטער־פּאַלאַץ די באַנקראָטירטע פירער פון די מעסיקע, דאַן און גאָץ, כּדי אים אויפצוצווינגען די לעצטע פאַרצווייפלטע עצה. די רעגירונג זאָל נאָך אין משך פון דער נאַכט באַקאַנטמאַכן דורך פּלאַקאַטן אויף די הייזער, אַז זי האָט געפאָדערט ביי די פאַרבינדעטע אַ תּיכּפדיקן וואָפנשטילשטאַנד, אַז זי האָט טעלעגראַפיש פאַראָרדנט איבערצוגעבן די גאַנצע ערד אין רשות פון די ערד־קאָמיטעטן, אַז זי וועט אינגיכן צונויפרופן די נאַציאָנאַל - פאַרזאַמלונג. קערענסקי האָט

דאָס אָפּגעוואָרפן. עס וואָלט אָבער סיי ווי געווען צו שפּעט דורכ־צופירן דידאָזיקע פּאָרשלאָגן.

ווייל גראָד אין דער נאַכט אויפן 25־טן אָקטאָבער איז דער קריגס ־ רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט צוגעטרעטן צו אַ אַנטשיידנ־דער אַקציע. דער סמאָלני־אינסטיטוט, דער זיץ פון פּעטראָגראַדער ראַט, האָט געבּרענט אין רעוואָלוציאָנערן פיבער. הונדערטער באַ־וואָפנטע קוריערן זענען אַרומגעפלויגן איבער דער שטאָט און סביבה מיט באַפעלן פון סמאָלני און באַריכטן צום סמאָלני. טויזנטער אַרבעטער פון דער „רויטער גוואַרדיע" האָבן באַקומען וואָפן. דערדאָזיקער וואַרשטאַט פון אויפשטאַנד, אַרומגערינגלט פון פּאַנצער ־ אויטאָס און קוילנוואַרפערס, האָט זיך געגרייט אַרויסצוטרעטן קעגן ווינטער ־ פּאַלאַץ. די פּעטראָפּאַוולאָווער פעס־טונג איז געווונען געוואָרן פאַרן אויפשטאַנד. דער קרייצער „אַווראָראַ" איז, קעגן ווילן פון דער רעגירונג, געבליבן אין פּעטראָ־גראַד. פון קראָנשטאַט איז אָנגעקומען איין מאַטראָזן ־ פּאָרמאַציע נאָך דער צווייטער. אין געשפּאַנטער קאַמף ־ גרייטקייט זענען די אַרבעטער און זעלנער געשטאַנען אין די קאַזאַרמעס. צווישן די מאַסן האָט געהערשט אַן ערנסטע שטימונג, פול גלויבן און רו. די מאַסן, וואָס האָבן זיך אין דערדאָזיקער נאַכט געגרייט צום קאַמף אויף לעבן און טויט, האָבן דאָס נישט געטון פון איבער־שוימענדער יוגנטלעכער היציקייט, פון ווילד ־ טראַציקער רעוואָ־לוציאָנערער אומגעדולדיקייט. זיי האָבן אין די פאַרגאַנגענע אַכט חדשים דורכגעמאַכט אַ שווערע פּאָליטישע שולע, זיי האָבן זייערע פּראָבלעמען געניי דורכגעטראַכט הונדערטער מאָל. און זיי האָבן אָנגענומען דעם לעצטן באַשלוס: עס מוז אַנדערש ווערן! אין די הייליקע ווערטער: „די גאַנצע מאַכט — די ראַטן!" האָט פאַר זיי געשטראַלט די נייע, נאָך קיינמאָל נישט געוועזענע וועלט פון שלום, פון גלייכהייט, פון פרייד. לענין און טראָצקי, ספּירידאָ־נאָווא און קאַמקאָוו, וועלכע האָבן זיי געבראַכט די בשורה וועגן דערדאָזיקער צוקונפטיקער וועלט, זענען פאַר זיי געוואָרן די גע־הייליקטע און געליבטע פירער. מיט קיין שום מאַכט אין דער וועלט האָט מען נישט געקאָנט באַזיגן דידאָזיקע מאַסן, וואָס

האָבן זיך איצט געגרייט צום שטורעם אין ערנסטער רו און אין באַוווסטזיין פון דער אייגענער קראַפט.

אין דער נאַכט זענען פּלאַנמעסיק און כמעט אָן ווידערשטאַנד באַזעצט געוואָרן די וואָקזאַלן, די עלעקטרישע סטאַציע, די טעלעפאָן ־ צענטראַלע, די מלוכה ־ באַנק. דעם 25־טן אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן די אומקרייזונג פון ווינטער ־ פּאַלאַץ. אַלע באַמיאונגען פון דער רעגירונג צונויפצונעמען גענוגנדיקע מיליטערישע כחות צו פּאַרטיידיקן איר לעצטן שטיצפּונקט, זענען צונישט געוואָרן. דער גאַרניזאָן האָט זיך אָפּגעזאָגט, אפילו די קאָזאַקן־פּולקן האָבן זיך דערקלערט פאַר „נייטראַל". בלויז עטלעכע אָפיציר ־ שולעס האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פון אונטערגייענדיקן רעזשים. דאַן האָט זיך קערענסקי אַנטשלאָסן צו פאָרן פּערזענלעך אויפן צפון ־ פראָנט, כדי אַראָפּצוברענגען טריי מיליטער. ער איז פאַרשוווּנדן אין אויטאָ, און מער האָט ער שוין פּעטראָגראַד נישט אָנגעזען. די פּראָוויזאָרישע רעגירונג איז געבליבן געפאַנגען אין פּאַלאַץ. די האַרמאַטן פון דער פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג און פונעם קרייצער „אַווראָראַ" זענען אָנגעשטעלט געווען אויפן פּאַלאַץ. ווען די רעגירונג האָט נישט געענטפערט אויפן אולטימאַטום פונעם קריגס ־ רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט, האָט מען אָנגעהויבן צו באַשיסן דעם ווינטער ־ פּאַלאַץ. די שאָסן האָבן געטראָפן אין ציל, די רייען פון די פּאַרטיידיקער זענען שיטערלעכער געוואָרן מיט יעדער שעה. שפּעט בייַנאַכט זענען די רויטגוואַרדיסטן און זעלנער אַריינגעדרונגען אין פּאַלאַץ, האָבן אַרעסטירט די רעגירונג און זי אָפּגעפירט, אונטער יובל־געשרייען פון די מאַסן, אין דער פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג. אויף דער פעסטונג איז אַרויסגעהאָנגען געוואָרן די רויטע פאָן פון זיג. דאָס איז געווען דער זיג פון דער אָקטאָבער ־ רעוואָלוציע. זי איז פאַרענדיקט געוואָרן גליקלעכער און שנעלער, ווי מען האָט זיך גערעכנט. דאָס איז מעגלעך געווען דערפאַר, ווייל די קערענסקי ־ מלוכה איז צעפוילט געווען דורך איר אינערלעכער פאַלשקייט, ווייל די מאַסן האָבן זיך אָפּגעקערט פון איר, נאָך איידער זי איז פאַנאַנדערגעפאַלן. דעם 25־טן אָקטאָבער איז בלויז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער אורטייל פון דער געשיכטע.

## VII.

# די אקטאבער-רעוואלוציע אין אנהייב

אין דיזעלבע שעהן, ווען די בירגערליכע דעמאָקראַטיע האָט געגוססט, איז זיך צונויפגעקומען דער לאַנג-געגאַרטער 2-טער קאָנגרעס פון די אַרבעטער- און זעלנער - ראַטן. ער איז באַשטאַנען פון 250 באָלשעוויקעס, 159 סאָצ.רעוו., 60 מענשעוויקעס. די מערהייט סאָצ.-רעוו. איז געווען אַ לינקע. איבערן גוואַלטיקן זיי-צונגס-זאַל פון סמאָלני איז געלעגן דער שטעמפּל פון גאַנצן גאַסן-קאַמף. וואך-פּאָסטנס, אַ סך דעלעגאַטן — מיט געווער, מיט בלאַנקע באַגנעטן, בלאַסע פּנימער, שוויים-טריפנדע שטערנס, פול פייער, ענערגיע, וואַגעניש. אַ געפיל פון טריאומף און באַגייסטערטן גלויבן. אַ נייע וועלט האָט אויפגעטויכט אין אָנצוטאַפּנדיקע פאָרמען. עס איז מער קיין ספק נישט געווען: פון דאָ, פון דאָזיקן זאַל וועט אויסגעקעמפט ווערן דער זיג איבער אַלע שטעט, פראָנטן, דערפער, איבער דער גאַנצער וועלט.

דאַן — דער פאָרשטייער פון דער אַלטער צענטראַל - עקזעקוטיווע — האָט געעפנט דעם קאָנגרעס. מען האָט געוויילט אַ פּרעזידיום: 14 באָלשעוויקעס, 7 לינקע ס.-ר.-ן. די רעפאָרמיסטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן אין פּרעזידיום פון קאָנגרעס. זיי טרעטן אָפּ; זייערע פּלעצער פאַרנעמען טראָצקי, קאַמענעוו, זינאָוויעוו, לונאַטשאַרסקי (פאַר די באָלשעוויקעס), ספּירידאָנאָווא, קאַמקאָוו, קאַרעלין, קאָכאָווסקאַיאַ (פאַר די לינקע ס.-ר.-ן). די מעסיקע פאָדערן מען זאָל תיכּף אָפּשטעלן דעם גאַסן-קאַמף. — „מיר קענען נישט אָנטיילנעמען אין די באַראַטונגען, בעת עס ווערט צעשאָסן דער ווינטער - פּאַלאַץ, ווו עס זענען פאַרשפּאַרט אונזערע חברים-מיניסטאָרן“, — האָבן זיי דערקלערט אין גרעסטן גרימצאָרן. פון ווייטן האָט זיך דערטראָגן האַרמאַטן - קראַכערייַ. מאַרטאָוו, דער פירער פון די לינקע סאָציאַל - דעמאָקראַטן, האָט געפאָדערט אַ באַראַטונג וועגן אַ פרידלעכער לייזונג פון קריזיס. „דער בירגערקריג האָט זיך שוין אָנגעהויבן“, — האָט ער אויסגערופן. עס איז נישט דערגאַנגען צו קיין אונטערהאַנדלונגען.

ביידע פּאַרטייען פון די מעסיקע האָבן דערקלערט, אַז זיי רייסן איבער מיטן קאָנגרעס. אין נאָמען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט גערעדט כינטשוק*): „די מיליטערישע פאַרשווערונג איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די באָלשעוויקעס אין נאָמען פון ראַט הינטערן רוקן פון אַלע אַנדערע ראַט־פּאַרטייען. דאָס פאַרכאַפּן די מאַכט דורך דעם פּעטראָגראַדער ראַט ערב דעם ראַטנקאָנגרעס, איז אַ קלאַפּ פאַר דער ראַטנסיסטעם. די פאַרשווערונג וואַרפט אַריין דאָס לאַנד אין בירגערקריג, באַדראָט עס מיט אַ מיליטערישער קאַטאַסטראָפע און קאָנטררעוואָלוציע. מיר וואַרפן אָפּ יעדע אחריות און פאַרלאָזן דעם קאָנגרעס.“ טעמפּע קלאַנגען פון האַרמאַטן־שאָסן פלעגן איבעררייסן די צאָרנדיקע ווערטער פון די רעדנער. „דאָס, וואָס עס איז געשען, — האָבן דערקלערט אויך די רעכטע ס.־ר.־ן, — איז אַ פאַרברעכן קעגן פאָטערלאַנד און רעוואָלוציע. מיר פאָדערן אויף אַלע רעוואָלוציאָנערע כּחות פון לאַנד צו אָרגאַניזירן זיך און שטיין אויף דער וואַך, כּדי ביי דער קומענדיקער קאַטאַסטראָפע צו נעמען דעם גורל פון לאַנד אין זייערע הענט. מיר פאַרלאָזן דעמדאָזיקן קאָנגרעס“. אונטער אַ אומבאַשרייבלעכן ליאַרעם, עמפּערונגס - אויסגעשרייען און איראָנישע אויסרופן האָבן אַלע מעסיקע פאַרלאָזן דעם זאַל.

דאָס איז געווען דער שאַרפער שניט דורך די מאַסן. די מעסיקע האָבן זיך אָפּגעטיילט נישט נאָר פון קאָנגרעס, נאָר בּכלל פון דער ראַדיקאַלער רעוואָלוציע. די לינקע ס.־ר. האָבן דערקלערט, אונטער יובל - אויסגעשרייען פון דער פאַרזאַמלונג, אַז זיי בלייבן אויפן קאָנגרעס. דידאָזיקע דערקלערונג איז געקומען נאָך אַ האַרטן, פאַרביסענעם קאַמף אין דער ס.־ר.־פראַקציע פון קאָנגרעס. 169 לינקע האָבן געשטימט קעגן עטלעכע צענדליק רעכטע, וועלכע האָבן געפאָדערט, אין נאָמען פון דער גאַנצער פּאַרטיי, דיסציפּלין און באָיקאָט פון קאָנגרעס. די לעצטע פעדים פון אַ יאָר־צענדליק־לאַנגער קאַמף־געמיינשאַפט זענען דאָ איבערגעריסן געוואָרן אונטער האַרמאַטן - קראַכעריי פון דער נייער וועלט - געשיכטלעכער

---

*) שפּעטער איז ער אַריבערגעגאַנגען צו די באָלשעוויקעס. איצט איז ער אַמבאַסאַדאָר פון ראַטנפאַרבאַנד אין דייטשלאַנד.

עפּאָכע. צום שוץ פון די פּאַרטיי־עיקרים האָבן די לינקע ס.־ר. איבערגעריסן מיט דער פּאַרטיי - אָנפירונג, כּדי זיך אָנצושליסן אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

צו די דערהויבנדיקסטע מאָמענטן פון קאָנגרעס האָט גע־הערט לעניס דערשיינען אויפן קאָנגרעס פון זיין אומלעגאַלער באַהעלטעניש. פאַר לענינען איז אָנגעקומען דער אַנטשיידנדיקער מאָמענט פון זיין לעבן. אויפן אויסברוך פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, אויפן מאָמענט פון איבערנעמען די מאַכט האָט ער געוואַרט און געאַרבעט לאַנגע יאָרן: אין יאָר 1903, ווען ער האָט געשפּאָלטן די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, 1905, ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע, אין די זיבן יאָר פון דער פינסטערסטער רעאַקציע, זייט 1914, ווען דער וועלט־קריג איז אויסגעבראָכן, 1917 — מיטן ערשטן קלאַפּ פון דער צווייטער רעוואָלוציע. איצט איז ער געווען ביים ציל און ער האָט געציטערט אין טריאומפירנדער אויפגערודערטקייט. אין דער באַ־גייסטערטער און יובלענדער מחנה דעלעגאַטן האָט ער געשליידערט די זאַצן פון זיין אָקציאָנס - פּראָגראַם. „די אַרבעטער און פּויע־רים־רעוואָלוציע, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן תּמיד גערעדט וועגן איר נויטווענדיקייט, איז דורכגעפירט... מיר וועלן איצט האָבן אַ ראַטנרעגירונג, אַן אייגענעם מאַכט - אָרגאַן אָן אָנטייל פון יע־דער אַרט בורזשואַזיע... אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד הייבט זיך איצט אָן אַ נייע עפּאָכע. דיזאָזיקע דריטע רוסישע רעוואָלוציע מוז, אין איר ענד - רעזולטאַט, פירן צום זיג פון סאָציאַליזם... מיר מוזן תּיכּף צוטרעטן צו בויען אין רוסלאַנד די פּראָלעטאַרישע מלוכה. זאָל לעבן די וועלט - רעוואָלוציע!"

דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען צוויי עיקרדיקע דעקרעטן. איינער פון זיי האָט באַשטימט: די ראַטנרעגירונג וועט זיך תּיכּף ווענדן צו אַלע קריגפירנדע רעגירונגען מיט דער פאָדערונג צו שליסן וואָפנשטילשטאַנד און אַ דעמאָקראַטישן שלום. דער צוויי־טער דעקרעט האָט אויפגעהויבן די ערד - פראַגע. לענין האָט דערצו נישט אויסגעאַרבעט קיין אייגענע פּראָגראַם: ער האָט איינ־פאַך אויסגעשטרעקט די האַנט צו דער ס.־ר.־פּראָגראַם. דיזאָזיקע פּראָגראַם פון סאָציאַליזירן די ערד — קריסטאַליזירט אויף די

אומצאָליקע פויערים־קאָנגרעסן — איז געלעגן אומבאַנוצט אויפן טיש פון דער צענטראַלער פויערים־עקזעקוטיווע. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט זי געזאָלט פאַרוואַנדלען אין ווירקלעכקייט. דער קאָנגרעס האָט אָפּגעשאַפט די טויט־שטראָף אויפן פראָנט און פּראָקלאַמירט רוסלאַנד אַלס רעפּובליק פון אַרבעטער־, פויערים־ און זעלנער־ראַטן. אַ ראַט פון פאָלקס־קאָמיסאַרן איז געוויילט געוואָרן אַלס ראַטנרעגירונג, וואָס זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער נייער צענטראַל־עקזעקוטיווע. דער ערשטער קאָמיסאַרן־ראַט איז באַשטאַנען דורכאויס פון באָלשעוויקעס, לענין איז געווען פאָרזיצער, טראָצקי — זיין אויסערן־קאָמיסאַר.

די פירער פון אָקטאָבער־אויפשטאַנד האָבן אויף קיין איין מאָמענט נישט געלאָזט איזאָלירן פּעטראָגראַד פון לאַנד און פון פראָנט. מען האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז די מעסיקע וועלן אַנטוויקלען אַ פיבערהאַפטע קעגן־אַקציע. און שוין דעם 25־טן אָקטאָבער זענען געשיקט געוואָרן ראַדיאָ־באַריכטן אין אַלע עקן לאַנד. פּעטראָגראַד האָט מיטגעטיילט, אַז קערענסקיס רעגירונג איז אַראָפּגעזעצט, די מאַכט זאָלן אומעטום איבערנעמען די ראַטן. דער פונק פון אויפשטאַנד האָט אומעטום אָנגעצונדן, ווייל אַלץ איז שוין לאַנג געווען גרייט דערצו. די הויפּט־קוואַרטיר און די איינצלנע העכסטע קאָמאַנדירן פון די פראָנט־אַרמייען האָבן געפּרוווט אַנטקעגנשטעלן זיך. ס'איז אָבער געווען אומזיסט, און די 12־טע אַרמיי, וואָס איז געווען אַמנאָנטסטן צו פּעטראָגראַד, האָט דערקלערט טריישאַפט דער ראַטנמאַכט. דער אויפשטאַנד איז נאָך אָבער נישט געווען געזיכערט. אין פּעטראָגראַד האָבן זיך אַלע קעגן־קרעפטן פאַראייניקט אין דעם „רעטונגס־קאָמיטעט“, אָנגעפירט דורך די רעפאָרמיסטן. דעם 29־טן אָקטאָבער איז אויסגעבראָכן אַ פוטש פון די אָפיציר־שילער. זיי האָבן באַזעצט די טעלעפאָן־צענטראַלע, אַרויסגעפירט אַרטילעריע. מען האָט זיי איינס־צוויי צעקלאַפּט. ערנסטער איז געווען קערענסקיס מאַרש מיט „רעגירונגס־טרייע“ חילות אויף פּעטראָגראַד. מיט גרויס מי האָט ער צונויפגעשאַרט אייניקע קלענערע מיליטער־טיילן, מייסטנס קאָזאַקן, און האָט זיי געפירט, ווי פאַר צוויי חדשים צוריק קאָרנילאָוו, קעגן צענטרום. דעם קריגס־

רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט איז דאָסמאָל געווען לייכטער צו ברענגען די מאַרשירנדע זעלנער צום פאַרשטאַנד. קערענסקין אָבער איז געווען טעכניש שווערער, ווייל דער קאָמאַנדאָ־אַפּאַראַט איז כמעט אינגאַנצן געווען צעבראָכן. איייניקע טעג נאָכאַנאַנד האָבן געדויערט די שלאַכטן פאַר די צוגענג צו פּעטראָגראַד. זיי זענען געווען פאַר קערענסקין אויסזיכטלאָז: די אָפיצירן האָבן אים מער נישט געוואָלט אָנערקענען, די זעלנער האָבן נישט געוואָלט אָנערקענען די אָפיצירן. די פּראָפּאַגאַנדע פון פּעטראָגראַד האָט צעשטערט זייער גלויבן און די מיליטערישע דיסציפּלין. אויך ביי זיי האָט געזיגט די רעוואָלוציע. קערענסקי האָט געמוזט אַנטלויפן, כדי זיי זאָלן אים נישט אויסליפערן. דער מאַרש איז פאַרענדיקט געווען.

אין מאָסקווע האָט געדויערט דער באַוואָפנטער גאַסן־קאַמף אַ גאַנצע וואָך. דער גאַרניזאָן, דער פּראָלעטאַריאַט, דער קליינער פאָלק ־ מענטש זענען געשטאַנען אויף דער זייט פון די ראַטן, אָבער די מיליטער ־ שפּיצן, די אָפיציר ־ שולן, די שטאָט ־ דומע, אונטער דער פירונג פון די ס.־ר.־ן, זענען אַרויס־געטרעטן קעגן זיי. רוסלאַנד האָט זיך געשפּאָלטן אין צוויי קלאַסן־לאַגערן. און עס איז געווען כאַראַקטעריסטיש, וואָס איןביידע לאַגערן האָבן פאַרנומען אָנפירנדיקע ערטער פאַרשטייער פון דער ס.־ר.־פּאַרטיי. אין קערענסקיס נאַציאָנאַל ־ רעוואָלוציאָנערן לאַגער האָט געקעמפט רודנעוו, מאָסקווער שטאָט ־ פּרעזידענט, אין לינקן סאָציאַל ־ רעוואָלוציאָנערן לאַגער — דער מוטיקער סאַבלין. דער קרעמל האָט דעם ערשטן געדינט אַלס וואָפנלאַגער און שטיצפּונקט. אַרטילעריע האָט באַשאָסן די שטאָט, קירכן און הייזער זענען באַשעדיקט געוואָרן, מענטשן זענען געפאַלן טויט אויף די גאַסן — פּונקט ווי מיט 12 יאָר צוריק. אָבער דעם גע־שיכטלעכן דערפאָלג פון דער ראַטנאידייע האָט מען נישט גע־קאָנט אָפּהאַלטן. דער מאָסקווער ראַט האָט געצוואונגען זיינע קעג־נער זיך אונטערצוגעבן. דורכדעם איז די אָקטאָבער ־ רעוואָלוציע באַפעסטיקט געוואָרן אין גאַנצן לאַנד. זי האָט געזיגט אויף דער גאַנצער ליניע מיליטעריש און טעכניש.

דער ראַט פון די פאָלקס ־ קאָמיסאַרן האָט זיך געווענדעט

— דורך טראַצקין — צו אַלע קריגפירנדע מלוכות מיט אַן אויפֿ־פאָדערונג צום שלום און תיכּפֿדיקן וואַפֿנשטילשטאַנד. דעם רוסישן פראָנט האָט מען געגעבן אָנווייזונגען אָנצוקניפּן מיט דער פיינט־לעכער אויבערקאָמאַנדאַ וואָפֿנשטילשטאַנד ־ אונטערהאַנדלונגען. די אַנטאַנט ־ מלוכות האָבן מיט פּראַכטונג נישט געגעבן קיין ענטפער. נאָר דייטשלאַנד און אירע וואַסאַלן האָבן זיך דערקלערט גרייט צו פירן אונטערהאַנדלונגען. דאָס האָט נישט אַנטשפּראָכן דעם ווילן פון דער רעוואָלוציע, דאָך איז עס געווען אַ טריט פאָר־אויס. דאָס אויסגעבענקטע וואָרט „שלום" האָט געשטראַלט אויפן האָריזאָנט.

* * *

די רעוואָלוציע האָט אַלץ פעסטער באַהערשט פעטראָגראַד. דאָס אַלטע שטייט אומעטום נעבן נייעם, אָבער דאָס נייע באַ־הערשט אַלץ מער דאָס בילד. איבער דער גאַס פאָרט אַ שווער־סאַפּענדיקער טראַמוויי, אויף וועלכן עס הענגען זיך אַן פון אַלע זייטן מחנות מענטשן. אָט שטייט אַן אומענדלעכע רייע פרויען, וועלכע ציטערן פון פראָסט און וואַרטן אויף שפּייז ־ פראָדוקטן. עלעגאַנט ־ געקלײדעטע דאַמען, אָפיצירן, בירגער גליטשן זיך דורך. אויף די ווענט אָפּגעריסענע שטיקער פּראָקלאַמאַציעס, אויפרופן, וואָרנונגען. „ראַטעוועט דאָס פאָטערלאַנד!" „די רע־וואָלוציע איז פאַרראַטן!" די פּאַפּיר ־ לענטעס זענען פאַרקלעפּט מיט רויטע פּלאַקאַטן פונם ראַט פון די פאָלקס ־ קאָמיסאַרן, פון קריג ־ רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט. „חברים־זעלנער! שטייט אויף דער וואַך! די זאַך פון דער פרייהייט ליגט אין אייערע הענט!"

די גאַס שפּיצט אַן די אויערן. עס מאַרשירט אַן אָפּטיילונג פון דער רויטער גוואַרדיע. אַלטע, יונגע פּנימער, פעטראָגראַדער פּראָלעטן, מיט ביקסן אויף די פּלייצעס, מיט פוטערנע היטלעך אויפן קאָפּ. זיי זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל" מיט דער פולער ברוסט. דאָס איז נישט קיין פאַראַד ־ מאַרש, עס איז אַ רעוואָ־לוציע ־ ליד. יעדעס וואָרט אַ אַני ־ מאמין, יעדער קלאַנג — אַ שבועה. יאָ, דעם אינטערנאַציאָנאַל! דאָס רוסישע פאָלק פאַר־לאַנגט ברויט, פרייהייט און שלום. אָבער נישט נאָר פאַר זיך אַליין, דער רוסישער שלום זאָל ווערן אַ וועלט ־ שלום פאַר אַלע

פעלקער, וואָס לײדן און בלוטיקן! די רויטע גוואַרדיע פאַרשווינדט און נאָך לאַנג ציטערן אין דער אײזיקער לופט די רעבעלישע טענער: שלום! ברויט! פרײהײט!

די פריע ווינטער - נאַכט הילט אײן די פּיבערדיק - אָטעמדיקע גאַס. אַ שאָס גיט אומהײמלעך אַ קנאַל. וואָס איז געשען? שיסן פּראָוואָקאַטאָרן, קאָנטר - רעוואָלוציאָנערן? די שטאָט איז פול מיט בלוטיקן האַס; די באַזיגטע קעגנער זענען פול מיט עמפערונג און פײנטשאַפט. זײ שמידן אין פינסטערניש פאַרשווערונגען... דעזערטערן, פּראָוואָקאַטאָרן רויבן אויס די ווינקלערס. דער קריגס־רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט וועט נישט דערלויבן צו דערטרינקען אינם וויין פון די רײכע די פרײהײט פון פאָלק. באַוואָפנטע גרופּעס פון סמאָלני - אינסטיטוט קומען אָן אין אײלטעמפּאָ. זײ יאָגן פאַנאַנדער די וויין־רויבער, גיבן אָפּשרעק־שאָסן; זײ צעהאַקן די וויין - פעסער, די פלעשער, און דער וויין פליסט אין רינשטאָקן. שפּורע מענטשן בויגן זיך איבערן שטראָם...

אויף די גאַסן - ראָגן פלאַקערן שײטער - הויפנס. מאַטראָזן און זעלנער שטײען אויף דער וואַך. די שטאָט, וואָס שלאָפט איצט אומרואיק, פאַרבאַרגט אין זיך אומגעהויערע סכּנות. נישט נאָר די מאָנאַרכיסטן, די אַדעליקע, די קאַרנילאָוו - אָפיצירן זענען שונאים; איצט זענען שונאים אויך די אַנדערע הערן, די רעפּובליקאַנער, די דעמאָקראַטן. דאָס פאָלק איז אַלײן — זאָגן זיך די וואַך - פּאָסטנס — מוז מען זײן טאָפּלט וואַכזאַם!.. זײערע הערצער זענען פול מיט גלויבן און מוט.

* * *

די אָקטאָבער - רעוואָלוציע האָט געזיגט, זי האָט נאָך אָבער נישט געהאַט די אָנערקענטע פירערשאַפט. די רעגירונג, וואָס איז געבילדעט געוואָרן אויפן 2־טן ראַטנקאָנגרעס, איז מער געווען אַ באָלשעוויסטישע פּאַרטײ - הערשאַפט, ווי אַ ראַטנרעגירונג. די אויפגאַבן, וואָס זענען געשטאַנען פאַר איר, זענען געווען אומגעהויער. אָבער די פּאָליטישע באַזע פון דערדאָזיקער פּאַרטײ־רעגירונג איז געווען שמאָל און וואַקלדיק. עס איז נויטיק געווען צו באַזײטיקן יעדע מעגלעכקײט פון אַ שפּעטערדיקן בירגער־קריג

אין די האָרעפּאַשנע מאַסן גופֿא. עס האָט צוריק געמוזט אויפֿקומען די אידייע פֿון אַ „אײנהייטלעכן סאָציאַליסטישן פֿראָנט" אויף דער נײַ־געשאַפֿענער באַזע. דאָס האָבן געפֿאָדערט די לינקע ס.־ר.־ן, די לינקע סאָצ.־דעמ., אויך אַ באַדײַטנדער טייל פֿון די באָלשעוויקעס (קאַמענעװ, זינאָװיעװ, ריקאָװ). צאָלרייכע רעזאָלוציעס פֿון די באַטריבן, פֿון פֿראָנט, פֿון די שיפֿן האָבן ענערגיש געפֿאָדערט דאָסזעלבע. דער פֿאַריין פֿון די אײַזנבאַן־אַרבעטער האָט אויסגעפֿועלט (דורך דער דראָאונג פֿון אַ גענעראַל־שטרייק) מען זאָל אָנקניפּן אונטערהאַנדלונגען מיט די מעסיקע סאָציאַליסטן. זיי האָבן געדויערט אַ סך טעג און נעכט, זיי האָבן נישט געבראַכט קיין רעזולטאַט. די פֿאַרמיטלער־ראָל בײַ די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען האָבן גענומען אויף זיך די לינקע ס.־ר.־ן. אַלע זייערע באַמיאונגען האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ווידערשטאַנד: פֿון איין זײַט מצד לענינען און טראָצקין, פֿון דער צווייטער זײַט מצד די מענשעוויקעס און די רעכטע ס.־ר־ן.

לענין האָט נישט געוואָלט קיין פֿאַרבינדונג מיט די אַנדערע סאָציאַליסטן; ער האָט געוואָלט אַ פּאַרטיי־ און פּערזאָנען־דיקטאַטור. לענין האָט שוין געפֿירט אַ פּאָליטיק פֿון טעראָר אין פּעטראָגראַד. מאַסן־אַרעסטן, פֿאַרבאָט פֿון קעגנערישע פֿאַרזאַמלונגען, אונטערדריקונג פֿון דער אַנדערש־דענקענדיקער פּרעסע. דער־ראָזיקער טעראָר איז געווען אַ קינדער־שפּיל אין פֿאַרגלייך מיטן רויטן טעראָר, וואָס איז אויסגעבראָכן שפּעטער. אָבער די ברוטאַליטעט פֿון די נײַע מאַכט־האָבער האָט פֿאַנאַנדערגעבלאָזן נײַע פֿײַנטשאַפֿט. דעם 4־טן נאָוועמבער האָט די באָלשעוויסטישע פֿראַקציע פֿון דער צענטראַלער ראַט־עקזעקוטיווע דורכגעפֿירט אַ דעקרעט, וואָס האָט פֿאַראָרדנט, אַז „אַלע נישט־דעמאָקראַטישע צײַטונגען מוזן געשלאָסן ווערן אויפֿן גאַנצן שטח פֿון דער רוסישער רעפּובליק". די פֿראַקציע פֿון די לינקע ס.־ר.־ן האָט דערויף דערקלערט: „די אָקאָרשט אָנגענומענע רעזאָלוציע איז אַ קלאָרער אויסדרוק פֿון אַ סיסטעם פֿון פּאָליטישן טעראָר. מיר וואַרפֿן אָפּ יעדע אחריות פֿאַר דער דאָזיקער סיסטעם, וואָס איז שעדלעך פֿאַר דער רעוואָלוציע, און מיר רופֿן אָפּ פֿון זייער אָנפֿירנדיקע פּאָסטנס אַלע אונזערע פֿאַרטרעטער אין קריגס־רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט.

מיר פאַרבלייבן בלויז אין דער ראַט־עקזעקוטיווע, כּדי צו פּאַרטיי־דיקן די אינטערעסן פון די אַרבעטער און פּויערים". גלייכצייטיק איז אויסגעבראָכן אַ מרידה אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי גופא. אַלס פּראָטעסט קעגן דער התחלה פון טעראָר און לענינס מאַנעוור קעגן אַ איינהייטס־פראָנט, זענען ארויסגעטרעטן פון דער רעגירונג און פון צענטראַל־קאָמיטעט אָנפירנדיקע באָלשעוויקעס, ווי קאַמענעוו, זינאָוויעוו, ריקאָוו, לונאַטשאַרסקי און אַנדערע. זיי האָבן דערקלערט: „מיר האַלטן פאַר נויטווענדיק צו בילדן אַ סאָציאַליסטישע רעגירונג פון אַלע ראַט־פּאַרטייען". לענין האָט זיך אָבער נישט אָפּגעזאָגט פון זיין טעראָר־ליניע. דורכ־דעם האָט ער געהאָלפן די רעפאָרמיסטן, וואָס האָבן פון זייער זייט אויפגעריסן די אונטערהאַנדלונגען דורך זינלאָזע און מאַסלאָזע פאָדערונגען צו די זיגער פון דער אָקטאָבער־איבערקערעניש. אין יענע טעג, ווען קערענסקי איז נאָך געשטאַנען פאַר די טויערן פון פּעטראָגראַד אין דער שפּיץ פון אייניקע מיליטער־אָפּטיילונגען, האָבן די מענשעוויקעס און רעכטע ס.־ר.־ן געפאָדערט צו אַנטוואָ־פענען דעם פּעטראָגראַדער פּראָלעטאַריאַט, אָפּצוגעבן די וואָפן דער שטאָט־דומע, אַריינצולאָזן קערענסקין אין שטאָט!.. מען האָט דאָס אָפּגעוואָרפן און אָנשטאָט דעם האָט מען באַלד געהערט אַנדערע פאָדערונגען: די רעפאָרמיסטן זענען גרייט צו בילדן אַ סאָציאַליסטישע איינהייטס־רעגירונג, אָבער אָן לענינס און טראָצקיס אָנטייל. דאָס איז געווען זינלאָז. די לינקע ס.־ר.־ן האָבן געפאָדערט מען זאָל זיך איניקן אויף דער פאָלגנדער פּראָגראַם: ראַטן, דעקרעטן וועגן שלום און ערד, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן דורכן 2־טן ראַטנקאָנגרעס. די מעסיקע האָבן אָפּגעוואָרפן אַלץ, וואָס עס איז געשאַפן געוואָרן אַדאַנק דער „באָלשעוויסטישער וואַנטורע". „דיראָזיקע פּראָגראַם איז דאָך אָבער נישט קיין פּלאַטפאָרם פון אַ פּאַרטיי; דאָס איז די פּלאַטפאָרם פון דער געשיכטע — האָבן געשריגן צו זיי די לינקע ס.־ר.־ן. די מע־סיקע זענען געווען האַרטנעקיק. אין די פאַרגאַנגענע חדשים זענען זיי גרייט געווען אויף אַלערליי קאָאַליציעס מיטן בורזשואַזיע, זיי האָבן זיך אָבער געוועהרט מיט הענט און פיס קעגן אַ קאָאַליציע מיטן אַרבעטס־פאָלק. זיי האָבן געהאָלפן לענינען צונישט צו מאַכן

דעם לעצטן פּרוּוו צו פֿאַרייניקן די האָרעפּאַשניקעס פֿון אַלע ריכ־טונגען.

איצט האָבן די לינקע ס.־ר.־ן באַשלאָסן נאָכצוקומען לעניִנס אוּמאויפהערלעכע אויפפאָדערונגען אַריינצוטרעטן אין דער ראַטן־רעגירונג. דעם 6־טן נאָוועמבער האָט דער פּעטראָגראַדער ראַט אָנגענומען פֿאָלגנדע רעזאָלוציע: „מיר פֿאָדערן איבערצורייסן די אונטערהאַנדלונגען מיט די מענשעוויקעס און רעכטע ס.־ר.־ן; גלייכצייטיק פֿאָדערן מיר אויף די לינקע ס.־ר.־ן, אָנצושליסן זיך אַנטשיידן אין דער רעוואָלוציע און אַריינטרעטן אין דער ראַטן־רעגירונג". דער רעדנער פֿון די באָלשעוויקעס האָט דערצו דער־קלערט: „איר האָט די אַרבעטער ־ מאַסן געפֿירט אין קאַמף, איצט מוזט איר איבערנעמען די אחריות, אַריינטרעטן אינם ראַט פֿון די פֿאָלקס־קאָמיסאַרן און דורכדעם פֿאַרזיכערן דעם זיג". א קאָא־ליציע פֿון די לינקע ס.־ר.־ן מיט די באָלשעוויקעס איז געוואָרן א היסטאָרישע נויטווענדיקייט. אָבער זיי האָבן מורא געהאַט פֿאַר א צו אייליקן באַשלוס. זיי זענען ערשט דאָ נישט לאַנג, — אין שטורם פֿון סאָציאַלע שלאַכטן, — געוואָרן א זעלבשטענדיקע קראַפֿט. זעלטן האָט די רעוואָלוציע ־ געשיכטע אַוועקגעשטעלט א יונגע באַוועגונג אויף אַזאַ אחריותדיקער פּאָזיציע. די לינקע ס.־ר.־ן האָבן איינגעזען די געפֿאַר פֿון זייער תּיכּפֿדיקן שפּרונג צו דער רעגירונגס־מאַכט. בפֿרט אַז עס האַנדלט זיך וועגן א קאָא־ליציע מיט די באָלשעוויקעס. באָלשעוויזם איז געווען נישט נאָר א פּאָליטישע טעאָריע און פּאַרטרעטונג פֿון די אַרבעטער, ער איז אויך געווען א ספּעציפֿישער זעלישער טיפּ. און א 20־יאָריקע פּאָליטישע קאַמף־מעטאָדע. די לינקע ס.־ר.־ן האָבן געשטרעבט צו אַן אומבאַגרענעצטער הערשאַפֿט פֿונם אַרבעטס ־ פֿאָלק איבער זיך אַליין. די באָלשעוויקעס האָבן געשטרעבט צו דער דיקטאַטור פֿון זייער פּאַרטיי. די לינקע ס.־ר.־ן האָבן געוואָלט ראַטן־פּאַרטייען, די באָלשעוויקעס — פּאַרטיי־ראַטן. די לינקע ס.־ר.־ן האָבן גע־אַנט דעמראָזיקן עיקרדיקן אונטערשייד, זיי האָבן געקענט די אומהיימלעכע דערפֿאַרונג אין פּאַרטיי־ און פֿראַקציע ־ קאַמפֿן, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אָנגעזאַמלט. דעריבער האָבן זיי זיך נישט געאײַלט אין דער רעגירונג, האָבן זיי אָבער אויך נישט

אויסגעמיטן. זיי האָבן געהערט נישט זיך אַליין, זיי זענען געווען פאַרטרעטער פון גרויסע אַרבעטער - מאַסן, וואָס האָבן דורך זיי געבראַכט צום אויסדרוק זייער רעוואָלוציאָנערן, אָבער נישט־באָלשעוויסטישן לעבנס־ווילן. די לינקע ס.־ר.־ן האָבן געשפּירט די גאַנץ־באַזונדערע אויפגאַבע, וואָס די געשיכטע האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט. זיי זענען פול געווען מיט יוגנטלעכער קראַפט, זיי האָבן געגלויבט אין ענטוזיאַסטישן גלויבן אין געניוס פון דער רע־וואָלוציע, אין טיפן אמת און דער טיפער גערעכטיקייט פון די מאַסן. אָבער פאַרן אַריינטרעטן אין דער ראַטנרעגירונג, האָבן זיך די לינקע ס.־ר.־ן באַמיט אין נאָוועמבער צו שאַפן צוויי וויכטיקע פאַקטן. ערשטנס: פאַרוואַנדלען זיך פון אַ לויזער באַוועגונג אין אַ פעסט־געבונדענער פּאַרטיי; צווייטנס: זיך דירעקט פאַרבינדן מיטן קלאַס פון האַרעפּאַשנעם פּויערטום, וואָס זיין אַגראַר־פּראָג־ראַם האָבן זיי געוואָלט פאַרווירקלעכן.

## VIII.

# ספּירידאָנאָוואַ אין קאַמף

דער אויפבוי פון דער לינקער סאָציאַל - רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי איז שנעל געלונגען. אַ קאָנגרעס האָט געזאָלט צוזאַמענ־שמידן איר פּראָגראַם און איר טאַקטיק צו אַן איינהייט. צו־ערשט האָט מען אָבער געמוזט דורכפירן די שמערצלעכע אָפּעראַציע פון אָפּטיילן זיך פון דער מוטער - פּאַרטיי. באַלד נאָכן אויסברוך פון דער אָקטאָבער - רעוואָלוציע האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט אויסגעשלאָסן די גאַנצע אָרגאַניזאַציע פון פּעטראָגראַד און די פראַקציע פון די לינקע ס.־ר.־ן אויפן 2־טן ראַטנקאָנגרעס פאַר זייער אָנטייל אין דער איבערקערעניש. אויף אַזאַ אופן האָט זיך די פּאַרטיי באַפרייט פון ספּירידאָנאָוואַן, נאַטאַנסאָנען, קאַמ־קאָוון, פּראָשיאַנען און די איבעריקע לינקע אויפן פּאַרטיי־קאָנגרעס, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן אין נאָוועמבער אין פּעטראָגראַד. די וויניקע לינקע פון דער פּראָווינץ, וואָס האָבן זיך אַריינ־

געשמוגלט אויפן קאָנגרעס, האָבן זיך געפונען פאַר א וואַנט פון הונדערטער פיינט. זיי האָבן געשטעלט די פאָדערונג: די אויסגעשלאָסענע זאָלן קאָנען קעמפן פאַר זייערע אָנשויאונגען פאַרן פאָרום פון דער גאַנצער פאַרטיי. א גרימצאָרנדיקער „ניין!" איז געווען דער ענטפער פון קאָנגרעס. דאַן האָט א פאָרשטייער פון די לינקע געבעטן א וואָרט צו א דערקלערונג. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס וועט זיין אַן אָפּשייד פון קאָנגרעס און פון דער פאַרטיי. אין א טויטער שטילקייט האָט ער פאָרגעלייענט פון דער טריבונע שניידנדיקע, האַרטע ווערטער. „מיר, דער לינקער פליגל פון דער פאַרטיי, דערקלערט פאַר דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע פאָלגנדעס: די פירנדע קרייזן פון אונזער פאַרטיי האָבן אין משך פון די אַכט רעוואָלוציע־חדשים געפירט א פאַרברעכערישע פאָליטיק, א פאָליטיק פון פאַקטירן מיט דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע... די קעגנזאַצן צווישן ראַדיקאַלן און בירגערלעך ־ רעפאָרמיסטישן פליגל פון אונזער פאַרטיי האָבן זיך אויף אַזוי פיל פאַרשאַרפט, אַז בעת דער אָקטאָבער־איבערקערעניש האָבן זיי אָנגענומען די אומדערהערטע פאָרמען פון א באַוואָפנטן קאַמף אויף פאַרשידענע זייטן פון דער באַריקאַדע... מיר דערקלערן דעמאָזיקן קאָנגרעס אַלס געפעלשט; בלויז די אָרגאַניזאַציע פון די לינקע אָנערקענען מיר פון איצט אָן אַלס די אמתע פאַרטיי פון די סאָציאַליסטן ־ רעוואָלוציאָנערן". אונטער וויסטע געשרייען און זלזולים האָט דער רעדנער מיט א גרופע געטרייע פאַרלאָזן דעם זאַל. עס איז צעריסן געוואָרן א קייט, וואָס אירע רינגען וועט מען שוין קיינמאָל נישט קענען צוזאַמענשמידן. די לינקע האָבן איבערגעלעבט מיט דער גרעסטער טיפקייט די טראַגיק פון דער שפּאַלטונג, אָבער די רעוואָלוציע איז ביי זיי געשטאַנען העכער, ווי די פאַרטיי. אין דאָזיקן 26־טן נאָוועמבער זענען די לינקע געבוירן געוואָרן אַלס זעלבשטענדיקע קראַפט.

אין דיזעלבע טעג האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף איר 1־טן אַלרוסישן קאָנגרעס אין פעטראָגראַד די פאַרטיי פון די לינקע סאָצ.־רעוו. פריי פון באַלאַסט פון די הריקנדיקע פאַרטיי־פאַראורטיילן און פראַקציע ־ קאַמפן, האָט זי פאָרמולירט איר אייגענעם וועג. מען האָט אָנגענומען באַשלוסן וועגן די גרויסע פראַגן פון

דער רעוואָלוציע, אָבער דאָס ווײַכטיקסטע בײַ דער גרינדונג פֿון דער פּאַרטײַ איז געווען: געבן איר אַ וועלט־אָנשויִלעכן יסוד. ספּירידאָנאָוואַ האָט דאָס געטון אין אַ ווונדערבאַר־קלאָרער רעדע, וווּ עס איז אין פֿאָראויס אָנגעצייכנט געווען די גאַנצע אַנטוויקלונג פֿון דער פּאַרטײַ.

„פֿרײַנט! מיר זענען נישט קיין יונגע פּאַרטײַ, מיר האָבן רומרײַכע פֿאָרגייער נאָך פֿון די 60־ער און 70־ער יאָרן פֿון פֿאַריקן יאָרהונדערט. די קאַמף־געמיינשאַפֿט „זעמליאַ אי וואָליאַ" האָט זיך נאָך אין די 70־ער יאָרן אָנגערופֿן „סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן". איז אויב מיר פֿאַרמאָגן אַזאַ געשיכטע, טאָ לאָמיר זיך דערמאָנען אויף וועלכן פּרינציפּ זי איז געווען אויפֿגעבויט. דאָס איז געווען דער פּרינציפּ פֿון העכסטער מאָראַל. אַלץ, וואָס די קעמפֿער פֿון יענער צײַט האָבן געטון, איז באַלויכטן געווען מיטן ריינעם ליכט פֿון דער אידייע. דער גרינדער פֿון איר סאַמע ערשטן קרײַז — נאַטאַנסאָן — געפֿינט זיך אין אונזער מיט. אַלע מיטגלידער זענען פֿאַראייניקט געווען דורך ליבע, דורך גלויבן אין ליכטיקן אידעאַל, דורך איין פּלאַן און איין פּײַן.

דערמאָנט זיך נאָר אויך אין די ערשטע יאָרן פֿון אונזער ס.־ר.־פּאַרטײַ, אין דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, אין סאַזאָנאָוון און קאַליאַעוון. ווי אידעאַליסטיש זײַ זענען אַלע געווען, מיט וואָסער ענטוזיאַזם זײַ זענען אַרויף אויפֿן עשאַפֿאָט! איצט איז אַלץ אַנדערש געוואָרן, מיר האָבן אויפֿגעהערט צו זײַן אַ געאייניקטע משפּחה. עפּעס פֿרעמדס איז אַרײַנגעפֿלאָסן אין דער פּאַרטײַ. זי איז געוואָרן אַ מלוכה־פּאַרטײַ.

דאָס דאַרף נישט הייסן, אַז מיר זענען מוותּר אויף דער פּאַרטײַ ־ פֿאָרם. מיר שטייען אָבער פֿאַר נײַע אויפֿגאַבן און צילן. מיר זענען אַרײַנגעטרעטן אין אַ נײַער פֿאַזע פֿון דער געשיכטע, פֿון פֿאַרביטערטן קלאַסנקאַמף. מיר האָבן אָבער פֿאַרגעסן אין אונזערע געמיינזאַמע קעגנער — די קאַפּיטאַליסטן און פּריצים — און מיר קעמפֿן מיט דער גרעסטער פֿאַרביטערטקייט קעגן אונזערע חברים, פֿאַר וועלכע אַ סך פֿון אונז זענען אַמאָל געשטאַנען מיט יראת־הכּבוד. אָבער פֿרײַנט! גראָד אין דערדאָזיקער צײַט פֿון

סאַמע שאַרפסטן קאַמף, ליגט אויף אונז, לינקע סאָצ.־רעוו. דער חוב צו רייניקן די אַטמאָספער, ווידער אָנצושעפן אידעאַליזם פון יענעם אוצר, וואָס עס האָבן אונז איבערגעלאָזן בירושה די ניזיליקע קעמפער פון דער פאַרגאַנגענהייט. מיר מוזן אָפן אַרויס־טרעטן מיט יענעם אומפאַרגעסלעכן אמת, וואָס קוועלט אַרויס פון אונזער פּראָגראַם.

אונזער ענדציל איז די מענטשלעכע פערזענלעכקייט. מיר שטרעבן נישט נאָר דערצו, אַז אַלע מענטשן זאָלן זיין זאַט. אונ־זער ציל גרייכט אַ סך ווייטער. מיר שטרעבן דערצו, אַז אין דאָ־זיקן מאַטעריעלן קאַמף זאָל טריאומפירן און מאָראַליש דערהויבן ווערן דעם מענטשנס פערזענלעכקייט. אין יעדן פון אונז, דער־צויגענע אין הונדערט־יאָריקער סאָציאַלער אומגליקלעכקייט, זענען טיף פאַראַנקערט די האַס־געפילן. מיר האַסן זיך קעגנזייטיק, מיר האַסן די אונטערדריקער. אונזער אויפגאַבע באַשטייט אָבער אין רעגולירן דעמדאָזיקן האַס, פאַרוואַנדלען אים אין קאַמף קעגן אַ סיסטעם. עס קומט אָן פאַר אונז אַ זייער שווערע צייט; עס וועלן אונז שלאָגן און נישט פאַרשטיין פרעמדע און אייגענע. מיר מוזן אָבער זיגן, ווייל הינטער אונז שטייט דער אמת. דערדאָזיקער אמת באַשטייט אין צוויי זאַצן: קאַמף קעגן די אונטערדריקער, כדי צו באַפרייען די האָרעפּאַשניקעס.

דעמדאָזיקן איינפאַכן אמת האָבן נישט באַגריפן אונזערע חברים פון רעכטס. זיי האָבן אויפגעהויבן זייער לעסטערנדיקע האַנט קעגן העכסטן פולשטענדיקסטן אויסדרוק פונם פאָלקס־ווילן — די ראַטן.

אין דידאָזיקע ראַטן איז קאָנצענטרירט דאָס סאָציאַלע לעבן; מיט דער הילף פון געוויינלעכן פּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף קאָנען מיר נישט אויסקעמפן דעם סאָציאַליזם. די פיליאָריקע דערפאַרונג פון מערב ־ אייראָפּע האָט באַוויזן, אַז אויפן פרידלעכן וועג פון אָפּשטימען און רעפּרעזענטירן דערגרייכט מען נישט דעמדאָזיקן ציל. דאָס האָבן די רעפאָרמיסטן קיינמאָל נישט באַגריפן. זיי האָבן די אַרבעטער נישט געלאָזן דורכדענקען די רעוואָלוציאָנערע אי־דייע ביזן סוף, זיי האָבן שטענדיק ברוטאַל דערשטיקט דעם גע־

זונטן קלאַסן־אינסטינקט. דעריבער איז די רעוואָלוציע אומגעקומען, דעריבער האָט די בורזשואַזיע געפאַנגענגענומען אַלע אירע קעגנער מיט געליימטע הענט.

איצט דאַרפן די לינקע ס.־ר. פאַרווירקלעכן די יידאָזיקע סאָציאַלע אויפגאַבן. איר מוזט תיכּף דורכפירן די סאָציאַליזאַציע פון דער ערד. אָבער דערביי מוזט איר געדענקען, אַז איר זענט סאָציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן. איר מוזט אַריינברענגען אין אייער אַרבעט די אמת־זוכעניש. דאַן וועט אונז געלינגען אַריינצוגיסן אין דעראָזיקער אָפּטמאַל סטיכישער באַוועגונג דעם לעבעדיקן שטראָם פון רעליגיעזער ליידנשאַפט, מיט וועלכן די רעוואָלוציע לעבט און אָטעמט, דורך וועלכן זי מיידט אויס אַלע בלויז צעשטערערישע אויסברוכן. הינטער די באָלשעוויקעס שטייען היינט מאַסן, דאָס איז אָבער אַ צייטווייליקע דערשיינונג. צייטווייליק דערפאַר, ווייל עס פעלט דאָרט די אינערלעכע באַגייסטערונג, די רעליגיעזע מסירת־נפשדיקייט. אַלץ אָטעמט דאָרט מיט האַס און פאַרביטערונג. דיזאָזיקע געפילן, אַרויסגערופן דורך עגאָאיסטישע מאָטיוון, זענען גוט אין דער צייט פון פאַרביטערטע קאַמפן און באַריקאַדעס. אָבער אין דער צווייטער סטאַדיע פון קאַמף, ווען עס איז נויטיק אָן אָרגאַנישע אַרבעט, ווען עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ ניי לעבן אויפן יסוד פון ליבע און אַלטרואיזם,— וועלן די באָלשעוויקעס באַנקראָטירן. מיר אָבער, וואָס היטן אָפּ די צוואה פון אונזערע קעמפער, מוזן תמיד אין זינען האָבן דעם צווייטן סטאַדיום פון קאַמף.

פריינט! מיר געפינען זיך אין קריג, און קריג איז אַנטווערטונג פון אַלע גייסטיקע און מאָראַלישע ווערטן, אומצוטרוי לגבי אַלץ, וואָס ריין און שיין. מיר, סאָצ.־רעוו., זענען מחויב ווידער אויפבויען אויף די חורבות פון דער פאַרגאַנגענהייט אַלע ווערטן, וואָס דער קריג האָט צעשטערט. עס האַנדלט זיך פאַר אונז נישט אין דער פּאָליטישער, אין דערווירטשאַפטלעכער, נאָר אויך אין דער מאָראַלישער באַפרייאונג. אַנישט, וועלן מיר פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ריין־פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, ווי דאָס איז געשען מיט אונזער אַלטער פאַרטיי. יעדער פון אונז האָט איבערגעלעבט אַ גרויסע טראַגעדיע ביי דער אַנטוישונג אין אונזערע חברים פון

רעכטס, וואָס זייערע נעמען זענען פאַר אייניקע פון אונז געווען במעט ווי הייליק.

איך בין נאָך געווען אַ קינד, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל זיך באַקענט מיט אונזער פּאַרטיי. זינט יענער צייט האָב איך געלעבט נאָר מיט די געפילן און געדאַנקען, וועלכע עס האָבן אונז געגעבן אונזערע לערער. אין די שעהן פון איינזאַמקייט און פאַרצווייפלונג אין ווייטן סיביר, האָב איך אָפט געפונען אַ טרייסט אין מיינע דערינערונגען, אין דעם, וואָס איך בין נישט אַליין, אַז אונזערע אַלטע שטייען אויף אונזער זייט. מיט ציטערנישט האָב איך גע־וואַרט אויף דער באַגעגעניש מיט אונזער צענטראַל ־ קאָמיטעט, ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון פאַרשיקונג. סאַראַ יראת־הכבוד, סאַראַ אַנטציקונג פאַר זייערע נעמען! און נאָך מיין צוריקקער האָב איך זיך ביסלעכווייז איבערצייגט, אין וואָס פאַר אַ ביטערן טעות איך האָב געלעבט. עס איז מיר שווער, חברים, דערציילן אייך, ווי מוראדיק עס איז פאַר מיר די דאָזיקע איבערלעבעניש. ענדלעך האָב איך באַגריפן, אַז אַלץ איז געענדיקט, מיר מוזן זיך שיידן.

די ס. ר. פּאַרטיי איז אומגעקומען, ווייל זי איז געוואָרן אַ פּאָליטישע מלוכה־פּאַרטיי. אויך מיר טאָרן נישט פאַרמאַכן די אויגן אויף דער דאָזיקער גרויסער געפאַר. אין דער ערשטער ריי זענען מיר אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי; ערשט דערנאָך, ווען נויטיק, אַ פּאָליטישע. קיינמאָל נישט, אין קיין שום פאַזע פון אונזער קאַמף, טאָרן מיר נישט פאַקטירן מיט דער בורזשואַזיע. מיר גע־פינען זיך אויף דער שוועל פון אַ געוואַלטיקער סאָציאַלער באַ־וועגונג. פון דאָזיקן שטאַנדפּונקט מוזן מיר באַטראַכטן די באָל־שעוויקעס. זייערע ברוטאַלע מעשים מעגן אונז זיין פרעמד, דאָך האַלטן מיר אָן מיט זיי אַ ענגן קאָנטאַקט, ווייל עס מארשירן הינטער זיי מאַסן, וואָס זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן פון שטיל־שטאַנד. עס איז דער מינדסטער ספק נישטאָ, אַז עס ווערט רייף די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע און זי וועט אַ ליאַדע מינוט אויפ־פלאַקערן. דער קאַפּיטאַליזם האָט ביי אונז באַקומען אַ טויט־קלאַפּ. אין מערב־אייראָפּע זענען דאָ אַלע מאַטעריעלע באַדינגונגען פאַרן סאָציאַליזם, עס פעלט דאָרט אָבער די באַגייסטערטע אידע־אָלאָגיע, וואָס ווירקט ביי אונז אין לאַנד אַזוי טיף. דער זיג וועט

געהערן די האָרעפּאַשנע מאַסן, ווייל נאָך קיינמאָל זענען נישט אריינגעצויגן געוואָרן אין קאַמף אַזעלכע געוואַלטיקע מאַסן. דער זיג וועט אָבער נאָר דאַן זיין אַ געזיכערטער, ווען ער וועט געפירט ווערן אונטער דער פאָן פון אינטערנאַציאָנאַל. אָבער אויף דער דאָזיקער פאָן מוזן אויפגעשריבן ווערן אויך די ווערטער ליבע, ברידערלעכקייט, צוטרוי. ווען מיר זיך שטעלן אונטער דער דאָזיקער פאָן, דאַן, חברים, וועלן מיר זיין אומבאַזיגבאַר".

די באַדייטונג פון ספּירידאָנאָוואַס רעדע איז באַשטאַנען דער עיקר אין דעם, וואָס זי האָט אונטערגעשטראָכן דעם צווייפראָנט־קאַמף פון די לינקע ס.־ר. און דורכדעם זייער אייגן פּנים. די לינקע ס.־ר. פּ. איז אַרויסגעטראָטן אויף דער אַרענע פון דער רעוואָלוציע נישט נאָר אַלס קאַמף־קראַפט קעגן די יעניקע, וואָס האָבן קאַפּיטולירט פאַר דער בירגערלעך־נאַציאָנאַלער מלוכה. זיי האָבן זיך דערקענט אַלס זעלבשטענדיקע קראַפט אויך קעגן באָלשעוויזם, וועלכער האָט פאַרניכטעט יענע מלוכה אין נאָמען פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. נישט געקוקט אָדער אַ דאַנק זייער איינהייטס־פראָנט מיטן באָלשעוויזם, האָט ספּירידאָנאָוואַ נביאיש דערקענט זיין אַנטוויקלונג און געוואָרנט פאַר אים אירע חברים. דאָס איז געשען אין גלאַנץ־פּעריאָד פון באָלשעוויזם, אין אייניקע וואָכן נאָכן אָקטאָבער־זיג, אייניקע וואָכן פאַרן אַריינטריט פון די ל. ס. ר. אין דער ראַטן־רעגירונג. ספּירידאָנאָוואַ האָט זיך נישט געלאָזט פאַרבלענדן פון דאָזיקן גלאַנץ; זי האָט דאָך געטראַכט וועגן „צווייטן סטאַדיום" פון די סאָציאַליסטישע שלאַכטן, וועגן אויפבוי פון דער נייער וועלט. און ווי וויכטיק עס איז געווען, וואָס בעת דער זיגרייכער רעוואָלוציע, ווען אַזוי פיל איז געשטעלט געווען אויף דאָס, דערפאָלג און מאַכט, האָבן זיכער אָפּגעקלונגען אירע ווערטער וועגן ליבע! אין דער דאָזיקער רעדע איז קאָנצענטרירט געווען די רומרייכע פאַרגאַנגענהייט פון דער ס. ר. פּאַרטיי און פון ספּירידאָנאָוואַן גופא, זי האָט אָבער אויך אַנטהאַלטן די גרויסע און טראַגישע צוקונפט פון ספּירידאָנאָוואַ און פון איר נייער פּאַרטיי.

אין גייסט פון דער דאָזיקער וועלט־אַנשויאונג זענען רעדאַגירט געווען אַלע עיקרדיקע רעזאָלוציעס וועגן אינטערנאַציאָנאַל,

וועגן פּאָליטישן אויפבוי פון אַ ראַטן־רעפּובליק, וועגן סאָציאַ־ ליסטישן איבערבוי פון דערווירטשאַפט. אינטערנאַציאָנאַל האָט פאַר די לינקע ס. ר. באַדייט נישט קיין אָרגאַניזאַציע פון אינטער־ נאַציאָנאַלע סענטימענטן און סאָלידאַריטעט - געפילן, נאָר אומ־ מיטלבאַרע רעוואָלוציאָנערע אַקציע אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַס־ שטאַב. דער קאַמף פאַרן וועלט־שלום, וואָס האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן אין בריסק, האָט פאַרויסגעזעצט און גלייכציטיק צו־ געגרייט די וועלט־רעוואָלוציע. אַלע רעזאָלוציעס וועגן פּאָליטיק און ווירטשאַפט האָט מען געקאָנט קאָנצענטרירן אַרום דעם דעוויז פון די סאָצ.־רעוו.: „ערד און פרייהייט!" מער נישט, וואָס דער־ דאָזיקער דעוויז האָט באַקומען אַ טיפערן אינהאַלט דורך דעם פאַרנעם פון דער רעוואָלוציע.

„ערד" באַדייט סאָציאַליזאַציע פון דער ערד. נישטאָ מער קיין אייגנטום - רעכט; די ערד קאָן באַנוצט ווערן בלויז פּערזענלעך; קאָלעקטיווע אַרבעט אין דער לאַנדווירטשאַפט, — אָט דאָס הייסט סאָציאַליזאַציע. לאַנדווירטשאַפט איז דער יסוד פון רוסלאַנדס ווירטשאַפט; פּויערים זענען דער מענטשלעכער יסוד פון פאָלק. געלינגט די סאָציאַליזאַציע אין דאָרף, דאַן איז געזיכערט די ראַדי־ קאַלע ענדערונג אויך פון דער גאַנצער שטאָט־ווירטשאַפט. דאַן ערשט שטעלט זיך די אויפגאַבע: סאָציאַליזאַציע פון דער אינ־ דוסטרי. צוערשט אַרבעטער - קאָנטראָל, דאַן קומט דאָס איבער־ נעמען די אינדוסטרי דורך די פּראָדוצענטן.

„פרייהייט" באַדייט סאָציאַליזאַציע פון דער פרייהייט. פונקט ווי די ווירטשאַפט דאַרף זיך געפינען אין רשות בלויז פון אַר־ בעטנדע, אַזוי דאַרף זיי געהערן די הערשאַפט אויך אויפן פּאָלי־ טישן געביט. קעגן אַלע סיסטעמען פון דער בירגערלעכער דעמאָ־ קראַטיע, דאַרף אויסגעבויט ווערן דער בנין פון דער אַרבעטס־ דעמאָקראַטיע, פון דער ראַטן־דעמאָקראַטיע. נאָר די האָרעפּאַשני־ קעס, אָבער טאַקע באמת אַלע האָרעפּאַשניקעס דאַרפן באַשטי־ מען בעת דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. ראַטן־ דיקטאַטור פון אַרבעטס - פאָלק קעגן דער אַלטער וועלט פון עקספּלואַטאַציע, אָבער קיינמאָל נישט — פּאַרטיי־דיקטאַטור קעגן דער נייער וועלט פון די עקספּלואַטירטע! דעריבער האָט דער קאָנ־

גרעס אָנגענומען אַ באַשלוס: „די דיקטאַטור פון דער דעמאָקראַטיע, וואָס איז אין דער רעפּובליק רוסלאַנד אַ דיקטאַטור פון דער גרויסער מערהייט פון איר באַפעלקערונג, שטעלט זיך נישט אַפּ פאַר אָנווענדן רעפּרעסיעס קעגן די אָנגריפן פון די רעוואָלוציע־פיינט; זי באַנוצט אָבער נישט קיין סיסטעם פון טעראָר און וואַרפט אים אָפּ אַלס אַ וועג, וואָס דעזאָרגאַניזירט די הערשאַפט פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע. די דאָזיקע רעזאָלוציע האָט באַשטימט דעם שפּעטערדיקן לעבנס־וועג פון די ל. ס. ר.

דער קאָנגרעס איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַ פייערלעכן אַקאָרד. עס איז געווען דער 28 נאָוועמבער שפּעט ביינאַכט, אין זאַל האָט געהערשט האַלב־טונקלקייט. מען האָט געוואַרט אויף ספּירידאָנאָוואַס שלוס־וואָרט. זי איז געקומען אַ מויט־מידע פון איינעם פון די שטורמישע זיצונגען פון פויערים־קאָנגרעס. פון אַ אַטמאָספער, וואָס איז געווען דורכגעזאַפּט מיט פיינטשאַפט, האָט זי זיך אומגעקערט צו די חברים, כדי זיי צו געבן מוט און ליבע. זי האָט דערמאָנט מיט שטילע ערנסטע ווערטער אַ טויטן, וואָס איז פאַר אַלעמען געווען הייליק.

„איך וויל דערמאָנען, אַז היינט איז דער יאָרצייט פון יעגאָר סאַזאָנאָוו. מיר, וועלכע האָבן אים געקענט, קאָנען דערקלערן: ער וואָלט איצט געווען מיט אונז. ער איז געווען דער בעסטער חבר און מענטש. איך גלויב, אַז די מענטשהייט האָט געלעבט, געקעמפט, זיך געפּייניקט, — כדי אַרויסצוגעבן אַמאָל, פאַר דער אייגענער רעכטפאַרטיקונג, אַ יעגאָר סאַזאָנאָוו. עס איז אויף אים געלעגן דער שטעמפּל פון אַ אומבאַגרייפלעכער שטילקייט. ער האָט געלעבט צווישן אונז אין אָקאַטוי, צווישן געוויינלעכע מענטשן, ווי אַן אומשולדיקע טויב. זיין זיטלעכע קראַפט איז געווען אַזוי אומגעהיימער גרויס, אַז ער האָט זי ווי אויסגעשטראַלט פון זיך. יעדער איינער איז אין זיין אָנוועזנהייט געוואָרן בעסער.

די דאָזיקע אומגעהייערע זיטלעכע קראַפט פעלט אונז גראָד איצט, ווען דער קריג האָט געגעבן אַ מעכטיקן קלאַפּ די גייסטיקע ווערטן. סאַראַ קראַפט פון זעלישער געלייטערטקייט וואָלט יעגאָר געוועזט אַריינברענגען איצט! זיין אָנדענקען זאָל אונז לויכטן ביים שלוס פון דאָזיקן קאָנגרעס".

סאַזאָנאָוו האָט נישט אומזיסט דורכגעליטן די מוראדיקע פּיין אין יענער נאַכט אויפן 28־טן נאָוועמבער. איצט, אין זעקס יאָר אַרום, האָט זיין פּיין געקרעפטיקט די יונגע רעוואָלוציאָנערע פּאַר־טיי. די דאָזיקע פּאַרטיי איז גרייט געווען צו פירן די מאַסן צו זייער באַפרייאונג אין סאַזאָנאָווס גייסט: מיט רעוואָלוציאָנערן מוט און זיטלעכער אחריות.

* * *

דער קאָנגרעס איז פאַרענדיקט, די פּאַרטיי ל. ס. ר. האָט זיך געשאַפן גייסטיקן וואָפן פאַרן ווייטערדיקן קאַמף. איר צווייטע אויפגאַבע איז געווען זיך פעסט צו פאַרבינדן מיטן פויערטום. אויפן פויערים־קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין די נאָוועמבער־טעג, איז צושטאַנד געקומען די דאָזיקע פאַרבינדונג. אָבער ערשט נאָך אַ נייעם שווערן קאַמף, וועלכן ספּירידאָנאָוואַ אַליין האָט געמוזט אויסקעמפן. באַלד נאָך דער קאָנסטיטואירונג פון דער ראַטן־באָלשעוויסטישער רעגירונג, האָט זיך געלאָזט הערן דער רוף צום רעוואָלוציאָנערן פויערטום. אויך לענין האָט געוווסט, ווי אומזיכער עס איז פאַר זיין רעגירונג אַ ריין־פּראָלעטאַרישע באַזע אין רוסלאַנד. אָבער די אַלטע צענטראַל־עקזעקוטיווע פון די פויערים־ראַטן, אָנגעפירט דורך די רעכטע ס.־ר., האָט זיך נישט געאיילט צונויפצורופן אַ קאָנגרעס. פיינטלעך געשטימט צום ראַטן־רעזשים, האָט זי זיך באַמיט צו שאַפן אַ סטאַטוטנמעסיקן קאָנגרעס, וואָס זאָל זיין פאַר איר באַקוועם. אָבער די פויערים פון די אָקאָפּעס און פון די דערפער האָבן אין יענער ברענענדער צייט נישט געוואָלט וואַרטן אויף סטאַטוטן. דעריבער איז זיך שוין דעם 9־טן נאָוועמ־בער צונויפגעקומען אין אייל־ענייש אַן „אויסעראָרדנטלעכער" פויערים־קאָנגרעס. פון די 300 דעלעגאַטן האָבן די ל. ס. ר. געהאַט אַ ריזיקע מערהייט. אַלס פאָרזיצערין איז אויסגעוויילט געוואָרן ספּירידאָנאָוואַ. די רעכטע האָבן איר אָנגעזאָגט אַן אומבארחמנותדיקן קאַמף. איר ערשטע זאָרג איז געווען: פאַרמיידן אַ שפּאַלטונג פון פויערים־קלאַס, דערהאַלטן אים אַלס גאַנצעס פאַר דער רעוואָלוציע. מיט דער הילף פון דאָזיקן קאָנגרעס האָט זי געפּרוווט צווינגען צום לעצטן מאָל די רעכטע ס. ר. אַריינצוטרעטן אין אַ איינהייט־לעכער סאָציאַליסטן־רעגירונג. אין יענע טעג האָט מען זיך נאָך

באַמיט אויסצובילדן אַזאַ רעגירונג. „מיר דאַרפן נישט וואַרטן
אויף אַ סטאַטוטנמעסיקן קאָנגרעס ביזן 30־טן נאָוועמבער, — האָט
ספּירידאָנאָווא ערקלערט. — דאַן קאָן שוין זיין צו שפּעט. עס איז
נויטיק, אַז דאָס פּויערטום זאָל זאָגן זיין מיינונג וועגן בילדן אַ
איינהייטלעך־רעגירונג פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. דאָס
לאַנד וויל נישט לעבן אונטער אַ אויסשליסלעך־באָלשעוויסטישן
רעזשים, עס ברייטערט זיך אויס אַ בירגער־קריג, עס כאַפּט אונז
אַרום אַ ווירטשאַפטלעכער כאַאָס, צוליבן סאַבאָטאַזש פון די קענ־
נער. נאָר דאָס פּויערטום קאָן דאָ עפּעס ענדערן". אין דאָזיקן גייסט
איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע מיט 175 שטימען קעגן 22:
„עס ווערט געבילדעט אַ רעגירונג, וואָס באַשטייט פון אַלע סאָ־
ציאַליסטישע פּאַרטייען. איר פּראָגראַם איז די פּראָגראַם פון
צווייטן ראַטן־קאָנגרעס. אויב וועלכער נישט איז סאָציאַליסטישע
פּאַרטיי זאָגט זיך אָפּ, דאַן בילדן די רעגירונג יענע פּאַרטייען, וואָס
אָנערקענען די ראַטנפּראָגראַם. דער פּויערים־קאָנגרעס שיקט זיינע
פאָרשטייער אין דער עקזעקוטיווע פון די אַרבעטער־ראַטן". די
רעכטע ס. ר. האָבן זיך באַצויגן נעגאַטיוו צו דער רעזאָלוציע: זיי
האָבן נישט געוואָלט קיין קאָאַליציע מיטן „באָלשעוויזם". אַלס
פּראָטעסט האָבן זיי פאַרלאָזן דעם קאָנגרעס. דאָס האָט אָבער נישט
אָפּגעהאַלטן די פאַרבינדונג פון די פּויערים מיט די רעוואָלוציאָ־
נערע פּראָלעטאַריער. 108 מיטגלידער פון דער נייער פּראָוויזאָרי־
שער פּויערים־עקזעקוטיווע האָבן זיך געזאָלט פאַראייניקן מיט דער
אַרבעטער־עקזעקוטיווע אין אַ צענטראַלער ראַטן־איינהייט. די
דאָזיקע פאַראייניקונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינער פון די
דערהויבנסטע געשעענישן פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אויפן
15־טן נאָוועמבער איז באַשטימט געוואָרן די ערשטע געמיינזאַמע
זיצונג פון די ביידע עקזעקוטיוועס. דער גאַנצער „אויסעראָרדנט־
לעכער פּויערים־קאָנגרעס" איז אַוועק אין סמאָלני־אינסטיטוט,
דעם הייליקן אָרט פון דער רעוואָלוציע. די קאָנגרעס־מיטגלידער
האָבן זיך באַוועגט לאַנגזאַם דורך די פּעטראָגראַדער גאַסן אין
אַ פייערלעכן צוג, מיט פלאַטערנדע רעוואָלוציאָנערע פענער, זינ־
גענדיק די מאַרסעלעזע. אין דער שפּיץ פון צוג — גרויע פּויערים
מיט באַגייסטערט־ליכטנדיקע אויגן.

אלס פאָרזיצענדע פון פויערים־קאָנגרעס האָט ספּירידאָנאָווא געהאַלטן אַ פייערדיקע באַגריסונגס־רעדע:

„צי באַגרייפט איר, חברים, סאַראַ גרויסע געשעעניש מיר לעבן איצט איבער? עס ווערט געלייגט דער גרונדשטיין פאַרן צוקונפטיקן הערלעכן בנין — דער אייניקייט פון אַלע האָרעפּאַשניקעס. דער ברידערלעכער בונד פון רוסלאַנדס אַרבעטער און פויערים וועט צוזאַמענשמידן די אַרבעטנדע מאַסן פון אַלע לענדער, וועט ווערן אַ מאַכטפולער פאַקטאָר ביים בילדן דעם אינטערנאַציאָנאַל. דאָס דאָזיקע פרעמדע וואָרט מוז נאָענט ווערן יעדן אַרבעטנדן, יעדן עקספּלואַטירטן, ווייל עס באַדייט: אינטערנאַציאָנאַלער בונד פון אַלע, דורכן קאַפּיטאַליסטישן יאָך אונטערדריקטע.

די גאַנצע לאַגע טרייבט אונז צו דערדאָזיקער פאַרברידערונג; אָן איר וועט זיך קיינער נישט קאָנען באַפרייען. דער פויער מוז וויסן, אַז אויב ער וועט זיך נישט פאַרבינדן מיטן רוסישן אַרבעטער, מיטן פראַנצויזישן, ענגלישן, דייטשן אַרבעטער און פויערים, וועט ער נישט פאַרווירקלעכן זיינע טיפסטע פאַרלאַנגען. די קאַפּיטאַליסטן פון דער גאַנצער וועלט שטעלן זיך אַנטקעגן אונזער אויפשטאַנד. אַן אייזערנער רינג פון קלאַסן־פיינטשאַפט נעמט אַרום די רעוואָלוציע. ווען מיר קעמפן אויף די ערד, שלאָגן מיר דורכדעם די בענק, דעם רוסישן, דעם אינטערנאַציאָנאַלן פינאַנס־קאַפּיטאַל. מיר קענען נישט איין־אַליין באַזיגן דעם פאַראייניקטן ווידערשטאַנד פון קאַפּיטאַל. עס וועט אים באַזיגן די וועלט־איינהייט פון די האָרעפּאַשניקעס. נישט געקוקט אויף דער גאַנצער מענטשן־העצע, נישט געקוקט אויפן גאַנצן גיפט פון שאָוויניזם, וואָס זענען אַריינגעדרונגען אין די הערצער פון די שאַפנדע, וועט דאָך די אידייע פון אינטערנאַציאָנאַל טריאומפירן״!

„קיינמאָל האָט נאָך די באַפרייאונגס־באַוועגונג נישט אַרומגעכאַפּט אַזעלכע ברייטע מאַסן... דער אויפשטאַנד איז געוואַלטיק, אומבאַזיגבאַר. אַן אומגעהייערער האַס ברויזט אין אונז קעגן אַלע אונטערדריקער. אָבער דער דאָזיקער האַס באַגייסטערט אונז צו די גרעסטע קרבנות, ווייל גלייכצייטיק מיטן האַס קעגן די אונטערדריקער, פלאַקערט אויף אין אונז מיט הייסע פלאַמען די ליבע צו די אונטערדריקטע

מיר מוזן פון זיך אראפווארפן די לעצטע רעשטלעך פון שקלאַפישן רעזשים. דער האַס און די פיינטשאַפט מוזן פאַרטריבן ווערן פון אונזער מיט, כּדי זיי צו ווענדן בלויז קעגן די פיינט. עס מוזן געפלעגט ווערן קעגנזייטיקע אכטונג, טאָלעראַנץ צו די מיינונגען פון די קאַמף־חברים. מיר מוזן ווערן איידעלער, ריינער, אויפריכטיקער, כּדי קיינער זאָל זיך נישט דערוועגן צו זאָגן, אַז אונזער אויפשטאַנד טראָגט אין זיך בלויז פיינטשאַפט און שלעכטסקייט. אומבאַמערקט דורך אונז, וואַקסט שוין אַרויס אויף די חורבות פון דער אַלטער צעפאַלנדיקער געזעלשאַפט די נייע געמיינשאַפט פון אמת און ליבע, אומבאַמערקט דערנענטערט זיך צו אונז די ממשלה פון אינטערנאַציאָנאַל. באַוועגט דורך די כּחות פון אמת און ליבע, ברענגען די ראַטן פאַר אַלע לענדער דעם שלום. זאָל לעבן דער פאַראייניקטער ראַט פון די אַרבעטער־ פויערים־ און זעלנער־דעפּוטאַטן״!

ספּירידאָנאָוואַס רעדע איז אויפגענומען געוואָרן מיט אומגעהייערע אָוואַציעס. די דאָזיקע רעדע איז געווען אומגעווינלעך אויף אַ פילטויזנטקעפּיקער פּאָליטישער פאַרזאַמלונג. אירע ווערטער האָבן געקלונגען ווי זיטלעכע געבאָטן, הגם זי האָט זיך באַנוצט מיט פּאָליטישע באַגריפן און רעדנס־אַרטן. און דאָס רעוואָלוציאָנערע פאָלק האָט די דאָזיקע גליענדע ווערטער אויפגענומען מיט פאַרשטענדעניש און אָוואַציעס! דאָס איז געווען דער טריאומף פון ספּירידאָנאָוואַס לעבן, אפשר איר גליקלעכסטער טאָג. איר טאַט אין באַריסאָגלעבסק, אירע ליידן אין דער קאַטאָרגע, איר פּיין בעת דער רעוואָלוציע — אַלץ, אַלץ איז דורך דער באַגייסטערונג פון די אַרבעטער און פויערים באַלוינט געוואָרן. און וואָס עס זאָל שפּעטער מיט ספּירידאָנאָוואַן נישט געשען אין דער רעוואָלוציע, — דעם דאָזיקן טאָג, וואָס איז די גרויסע געשעעניש פון איר לעבן, וועט זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

דער רירנדסטער מאָמענט פון דער געמיינזאַמער זיצונג איז געווען די רעדע פון גרייז־גרויען פויער סטאַשקאָוו. אונטער אויסגעשרייען „זאָל לעבן דאָס דאָרף!״ האָט דער זקן אָנגעהויבן צו ריידן. „היינט, ווען מיר זענען אַהער אַוועק, בין איך נישט געגאַנגען, איך בין געפלויגן. איך בין נישט אימשטאַנד צו שילדערן די

דאָזיקע גרויסע פרייד. איך האָב געפילט: צום קנעכטישן לעבן איז געקומען א סוף, די טויערן פון גהינם זענען איינגעזונקען און דאָס ליכט טריאומפירט".

עס איז אָנגענומען געוואָרן א רעזאָלוציע, וואָס האָט באַשטעטיקט די דעקרעטן וועגן שלום, וועגן פאַרטיילן די ערד, וועגן קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע. לויט ספּירידאָנאָוואס פאָרשלאָג איז באַשטימט געוואָרן א קאָמיסיע (מיט סטאַלינען און קאַמקאָוון אַלס מיטגלידער), כּדי אויסצואַרבעטן אַן אויפרוף צו די פעלקער מיט אַן אויפפאָדערונג צו א וועלטשלום.

עס איז געווען אַן אומפאַרגעסלעכער טאָג.

## IX.

# די פּויערים שטורעמס

דער פּויערים־קאָנגרעס האָט זיך צוריקגעקערט צו זיינע אַרבעטן. בעת די דעבאַטן אַרום דער אַגראַר־פראַגע, איז פּלוצלינג דערשינען א פאָרשטייער פון דער רעגירונג. „חברים, — האָט ער דערקלערט, — אָקאָרשט ווערט מיטגעטיילט פון סמאָלני, אַז אונזערע חילות האָבן אויף אַלע פראָנטן געשלאָסן וואָפנשטילשטאַנד".

דאָן איז געשען אומבאַשרייבלעכעס. אין ערשטן אויגנבליק,— א טויטע שטילקייט, דערנאָך — שטורמישע, ברויזנדע, אומאויפהערלעכע בראַוואָ־פּאַטשערייען. די דעלעגאַטן הייבן זיך אויף פון זייערע פּלעצער און אַפּלאָדירן שטייענדיק. אין אַלגעמיינעם יובל הערן זיך אויסרופן: „זאָל לעבן דער שלום!" „זאָל לעבן דער אינטערנאַציאָנאַל!" עס איז נויטיק די גרעסטע זעלבסטבאַהערשונג, די פאַרזאַמלונג זאָל זיך באַרואיקן. אמת, עס איז נישט אַלץ דערגרייכט. די שלום־אונטערהאַנדלונגען וועלן דערווייל מוזן געפירט ווערן בלויז מיט די צענטראַל־מלוכות. און די צענטראַל־מלוכות זענען פאַרטראָטן בלויז דורך גענעראַלן און קאַפּיטאַליסטן. אָבער דאָך איז געמאַכט געוואָרן א מעכטיקער טריט פאָרויס! די מאַסן,—

זאָל זיין, אַז דערוויל בלויז פון איין לאַנד, — זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פונם בלוט־ים!

נאָך דער גרויסער פאַרברידערונגס־סצענע אין סמאָלני, האָבן די ל. ס. ר. באַשלאָסן אַריינצוטרעטן אין דער רעגירונג. אַלס פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר לאַנדווירטשאַפט האָבן זיי אַרויסגעשטעלט זייער חבר קאַלעגאַיעוו, וועלכן דער פויערים־קאָנגרעס האָט באַשטעטיקט. זיי האָבן געשיקט פאַרטרעטער אויך אין די אַנדערע פאָלקס - קאָמיסאַריאַטן. אין דער דעלעגאַציע, וואָס איז געפאָרן קיין בריסק פירן די שלום־אונטערהאַנדלונגען, האָבן זיי געשיקט צוויי פערזאָן. איינע פון זיי איז געווען אַנאַסטאַסיאַ ביטצענקאָ, ספּירידאָנאָוואַס קאַטאָרגע־חברטע, זי איז געווען די ערשטע פרוי, וואָס האָט אָנטיילגענומען אין אַ אינטערנאַציאָנאַלער דיפּלאָמאַטישער קאָנפערענץ. די ל. ס. ר. האָבן דערמיט גענומען אויף זיך די אחריות פאַר איינער פון די וויכטיקסטע פראַגן פון דער רעוואָלוציע: קאַמף פאַר שלום. זיי האָבן נאָך אָבער נישט געבילדעט קיין קאָאַליציע־רעגירונג מיט די באָלשעוויקעס: זיי האָבן דאָס ערשט געוואָלט טאָן נאָכן פאַרענדיקטן צווייטן פויערים־קאָנגרעס, ווען עס וועט שוין זיין אויסקריסטאַליזירט דער ווילן פון דאָזיקן קלאַס.

דערדאָזיקער סטאַטוטנמעסיקער צווייטער פויערים - קאָנגרעס האָט געדאַרפט אינגיכן זיך צונויפקומען. אָבער די רעכטע ס. ר. האָבן געוווסט, אַז אויפן דאָזיקן קאָנגרעס וועלן זיי מוזן פאַרטיידיקן זייער לעצטע סאָציאַלע פּאָזיציע, און זיי האָבן אַנטוויקלט אַ קאַמפּאַניע פול האַס און פיינטשאַפט. ספּירידאָנאָוואַ איז טאָג און נעכט געשטאַנען אויף איר פּאָרזיצער־פּאָסטן און איבערגעלעבט די גאַנצע ביטערקייט פון די טרויעריקע ברודער־קאַמפן. אירע געפילן האָבן באַקומען אַ באַרעדעוודיקן אויסדרוק אין אַ אַרטיקל אין „זנאַמיאַ טרודאַ", זי האָט אים אַ נאָמען געגעבן „וועגן פּאָליטישן קאַמף":

„דערשטוינלעך, נאָכמער: דערשרעקנדיק איז דער טאָן פון די קעגנערישע פאַרטיי־צייטונגען. עס ווערן באַנוצט אַלע מיטלען און שפּיצלעך פון דער בולוואַר־פּרעסע; מען זאָגט ליגן, מען אינסוניאירט און מען העצט, מען פירט אַ ברודער־קאַמף, כּדי צו פאַרטיפן

דעם רים אין סאָציאַליסטישן פראָנט. מען שטעלט זיך אפילו נישט אָפּ אַנטקעגנצושטעלן יידישע נעמען די פּויערים־נעמען. דאָס דאַרף הייסן: „וואָס גייט זיי אָן דאָס פּויערטום און זיינע פאָדערונגען!" איז דען מעגלעך, באמת מעגלעך מען זאָל אַזוי טיף לאָזן זינקען דעם גרונטכאַראַקטער פון דער רוסישער אינטעליגענץ, פון רוסישן רעוואָלוציאָנערן גייסט אפילו אין צושטאַנד פון דער העכסטער פּאָלעמישער פאַרביטערטקייט?

יאָ, אויב איר ווילט, קענען מיר אויפנעמען דעם קאַמף פאַר יעדן פון דידאָזיקע נעמען. מיר ווילן נעמען אַ וועלכן נישט איז נאָמען, וועלכן איר באַמיט זיך צו דיסקרעדיטירן, און דורכבלעטערן די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט פון באַטרעפנדן מענטשן. דאַן וועט דאָס פּויערטום זען, ווי יעדער פון דידאָזיקע מענטשן האָט געקעמפט פאַר אים, און סאַראַ ערלעכע סאָציאַליסטן. זיי זענען אַלע געווען אין לעבן און אין קאַמף".

ספּירידאָנאָווא ווייסט, וואָס עס האָט אַרויסגערופן דעם צאָרן פון די קעגנער: דער אויסעראָרדנטלעכער קאָנגרעס.

„אָבער דער דאָזיקער קאָנגרעס איז נישט געפעלשט געוואָרן, די דאָזיקע פּויערים זענען עכט און נישט פאַרקליידט; די באַשלוסן, די מאַנדאַטן, וועלכע זיי האָבן מיטגעבראַכט, זאָגן עדות אויף עכטע פאָדערונגען און נויטן; אין די רעדעס פון די פּויערים־דעלעגאַטן קלינגט דאָס עכטע ליידן פון די פּויערים, עכטער פּיין און עכטע מידקייט פון זעלנער... די רעכטע ס. ר. האָבן לאַנג געפירט דאָס פּויערטום, און עס איז נישט די שולד פון די ל. ס. ר., וואָס דאָס פּויערטום גייט איצט איבער צו זיי. דער פּאָליטישער און סאָציאַלער באַנקראָט פון די רעכטע ווערט אַ פאַקט. און זיי לאָזן אויס זייער מאַכטלאָזע קרענקונג צו די פריערע חברים. אָבער עס איז אַלץ איינס... איר קענט אונז פאַרפאָלגן, פאַרשפּרייטן אינסינוציעס, אויסשליסן... די מאַסן בלייבן מיט אונז... ווייל דער אמת איז מיט אונז... דאָס איז דער אמת פון דער ביז אין די טיפענישן אויפגערודערטער קלאַסן־רעוואָלוציע... די „מאַכט פון די ראַטן" איז די גרויסע געשעעניש נישט נאָר פון אַ סאָציאַל־פּאָליטישער, נאָר אויך פון אַ מאָראַלישער קאַטעגאָריע. — עס איז גענוג צו זען די פּנימער פון די, „וואָס נעמען אין די הענט די מאַכט", עס

איז געגנוג צו הערן זייערע רעדעס, — און דאָס האַרץ הויבט שטאַרקער אָן צו קלאַפּן פאַר פרייד. און דאַן פאַלט אָפּ אַלדאָס אומווירדיקע"...

„דורך די ראַטן וועט פאַראייניקט דער קלאַס אַלס אַזעלכער, עס וועלן צעשטערט די פאַרטיי־ווענט, — און במילא אויך די זעלישע מויערן, — נאָס דער ענגער פּראַקציע־גייסט האָט אויפגעבויט. מען מוז אָבער שנעל און אינגאַנצן אונטערטויכן אין דער דאָזיקער נייער שאַפונגס־אַרבעט... דאַן וועט די אַטמאָספער ריינער, דורכזיכטיק אין צייכן פון סאָציאַל - רעוואָלוציאָנערע אידייען".

פון דאָזיקן אַרטיקל האָט נישט אַרויסגעקלונגען קיין איינציק וואָרט פון שפּאָט אָדער ווער רעדט פון שאָדנפרייד אויפן חשבון פון קעגנער, בלויז שמערץ איבער דער פאַרלאָרענער חברשאַפט, בלויז טיפע באַגייסטערונג איבער דער אויפגייענדער וועלט פון גערעכטיקייט. אָבער אויך דער דאָזיקער רוף איז פאַרקלונגען אָן רעזולטאַט אין דער פיינטלעכער אַטמאָספער. דער צווייטער פויערים־קאָנגרעס — מיט זיינע 500 דעלעגאַטן — איז געעפנט געוואָרן אין שטורעם פון העפטיקסטע לײדנשאַפטן. די אַגלעמיינע פּאָליטישע לאַגע האָט זיך, זייט דעם אָנהויב פון אויסעראָרדנטלעכן פויערים־קאָנגרעס, געענדערט. דאַמאָלט האָבן די לינקע געקעמפט פאַר אַ איינהייטס־רעגירונג מיט די רעכטע. דורך אַ געמיינזאַמער סאָציאַליסטישער רעגירונג האָבן די לינקע זיך גלייך צוגעבונדן צו דער ראַטן־רעפּובליק דעם פויערים־קלאַס אַלס גאַנצעס. איצט איז די לאַגע געוואָרן אַנדערש: דער ראַטן־רעזשים האָט זיך, אין משך פון די עטלעכע וואָכן, פאַרפעסטיקט אין לאַנד. דער אָרגאַניזירטער סאַבאָטאַזש פון גאַנצן באַאַמטנטום האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר אָנמעכטיק.

אין בריסק זענען שוין געפירט געוואָרן די פרידנס־אונטערהאַנדלונגען. די רעכטע האָבן אַלץ מער אויפגעהערט צו זיין לעבנס־נויטווענדיק פאַר דער נייער אָרדנונג. די פּראָלעטאַרישע און פויערים - שיכטן, וואָס זענען געשטאַנען הינטער זיי, האָט מען איצט געקאָנט געווינען אויך אָן זיי. אויך די אָקאָרשט דורכגעפירטע שפּאַלטונג פון דער ס. ר.־פּאַרטיי האָט אָנגעגליט ביז גאָר

די אַטמאָספער אויפן קאָנגרעס. די ביידע פראַקציעס האָבן צווישן זיך געפירט אַ דערבאַרמונגסלאָזן קאַמף פאַרן פויערטום. דערפון נעמט זיך די גרענעצלאָזע פאַרביטערונג אויפן קאָנגרעס, זיין דראַמאַטישער פאַרלויף.

אויפן פאָדיום פון הויפּט־זאַל פון דער שטאָט־דומע באַווייזט זיך דאָס פרעזידענט פונם אָקאָרשט פאַרענדיקטן אויסעראָרדנטלעכן קאָנגרעס. דער האַס פון די רעכטע ס. ר. קאָנצענטרירט זיך קעגן ספּירידאָנאָוואַן. פון זייערע רייען קומען פּראָטעסט־אויסרופן. די לינקע פאַרטויבן זיי מיט בראַוואָ־פּאַטשערייען. ספּירידאָנאָוואַ עפנט דעם קאָנגרעס, פאָדערט אויף צו וויילן דעם קאָנגרעס־פאָרזיצער. „טשערנאָוו"! — פּראָקלאַמירן די רעכטע, „ספּירידאָנאָוואַ"! — רופן אויס די לינקע. אין ליידנשאַפטלעכער שפּאַנונג ווערן צוויי מאָל דורכגעפירט די וואַלן. ספּירידאָנאָוואַ ווערט אויסגעוויילט מיט 269 שטימען קעגן 230. שוין צום צווייטן מאָל ווערט זי געוויילט דורך די מאַסן אַנשטאַט טשערנאָוון. מיט איינציקע חדשים צוריק אין דער פּאַרטיי, איצט — אין פּויערים־קאָנגרעס. טשערנאָוו האָט באַצייכנט ספּירידאָנאָוואַן, צוליב איר ראַדיקאַליזם און איר קרבנות־גרייטקייט, אַלס גלגולתא־מענטש, אַלס סאָציאַל־גלגולתא־מענטש. טשערנאָוו האָט דורך דער דאָזיקער באַצייכנונג געוואָלט מרמז זיין אויף דעם אירדעאַלן כאַראַקטער פון ספּירידאָנאָוואַס טעטיקייט. אָבער דאָס ליידנדע און דאָס קעמפנדע פויערטום האָט אין איר געזען זיין בעסטן פאָרשטייער. דאָס מאַרטיריום פון איר לעבן איז געווידמעט געווען די דאָזיקע האָרעפּאַשנע מאַסן, 1906 איז זי געווען דאָס געליבטע קינד פון דאָזיקן פאָלק. איצט איז זי אויפגעטראָטן אַלס מייסטערין און מוטער פון רעוואָלוציאָנערן פויערטום.

ספּירידאָנאָוואַ האָט געמוזט האַלטן די באַגריסונגס־רעדע. עס איז איר שווער געווען צו רעדן פאַר אַ געשפּאָלטענעם פויערים־קאָנגרעס. איר פלאַמיקע רעדע האָט, אפשר צום ערשטן מאָל געהאַט אַ פערזענלעכע נאָטע. „ליידער מוז מען פאַרצייכענען די דיסהאַרמאָניע פון דאָזיקן קאָנגרעס" — האָט זי אָנגעהויבן. — „אָבער גראָד דערפאַר מיין איך, אַז אין דעם מאָמענט, ווען אויף אונז זענען געווענדעט די טריאומפירנדע בליקן פון דער קאָנטר־

רעוואָלוציע, איז אונזער חוב צו געפינען אַ געמיינזאַמען וועג. „אַלע האָרעפּאַשנע פּויערים האָבן געמיינזאַמע אינטערעסן... די הענט פון די פּויערים האָבן זיך שוין מער ווי איינמאָל אויסגע־שטרעקט צו דער מאַכט. יעדעסמאָל זענען זיי אָבער ברוטאַל צו־ריקגעשטויסן געוואָרן. איצט איז די סאָציאַלע מאַכט דערגרייכ־באַר־נאָענט פאַרן פאָלק ווי נאָך קיינמאָל נישט. עס איז אָבער נישט גענוג איבערצונעמען די מאַכט, מען מוז זי אויך באַפעסטיקן. טאָ לאָמיר־זשע דערקלערן הויך, אַז אַלע, פריינט און פיינט, זאָלן הערן, אַז קיין שום קראַפט אין דער וועלט וועט מער נישט אַרויסרייסן די מאַכט פון די האָרעפּאַשנע הענט, אַז פאַר זיי עקזיסטירט בלויז די מאַכט פון די ראַטן!..."

פּויערים־ברידער! פאַרלאָזט אייך די ראַטן, דאַן וועט איר מיט אייגענע הענט שמידן די קייט, וואָס וועט ווי אַ טויט־פּעטליע אַרומ־כאַפּן אייער האַלז". די לינקע האָבן באַגלייט די רעדע מיט בראַ־וואָס, די רעכטע האָבן זי אויסגעהערט מיט וואָרטשעריי און שווערן שווייגן. אָבער ווען ספּירידאָנאָווא האָט אויפגערעקט פאַר זיי די פאַרטיי־שפּאַלטונג, האָבן זיך די רעכטע מער נישט געקאָנט איינ־האַלטן. „מיר, לינקע סאָצ.־רעוו., ווערן געהעצט און באַשמוצט מצד די רעכטע סאָציאַליסטן. אָבער אויב זיי זידלען אונז און רעדן אויס אַזוי פיל באַליידיקונגען פאַר אונזער פּויערים - אויער, טאָ זאָלט איר דאָ, אויפן דאָזיקן קאָנגרעס, דערגיין דעם גאַנצן אמת. דעם אמת, וואָס ברענט אין אונזער האַרצן, אינם האַרצן פון די ל. ס. ר. און פון די באָלשעוויקעס".

פּראָטעסטן און ליאַרעם אויף די בענק פון די רעכטע האָבן זי איבערגעריסן. דאַן איז איר רעדע געוואָרן פערזענלעך: „מיין פריערע טעטיקייט איז אייך באַקאַנט, און מיט שטאָלץ וויל איך אייך נאָכאַמאָל דערקלערן: איך בין נאָך אויך היינט גרייט מקריב צו זיין פאַרן גליק פון פאָלק יעדן טראָפּן פון מיין בלוט, יעדן טאָג פון מיין לעבן. חברים, איך פיל מיך פריי פון שולד לגבי דעם רוסישן פאָלק".

נאָך די דאָזיקע אומדערוואַרטע ווערטער האָט אין זאַל גע־הערשט שטילקייט. דאַן האָט זיך ספּירידאָנאָווא צוריקגעקערט צו די ברענענדיקע טאָג־פראַגן. „די חברים רעכטע ס. ר. האָבן זיך

אפגעקערט און מיטגענומען זייער דערבאַרונג, זייער וויסן. אָבער דאָס פאָלק האָט גענומען די הערשאַפט אין זיין האַנט, און איך פאָדער, אַז אַלע, וואָס האָבן עס ליב, זאָלן אים ווידמען זייערע קענטעניש, אַז אַלע סאָציאַליסטישע כחות, וואָס ווילן נישט, דאָס פאָלק זאָל צעשמעטערט ווערן אין די שטרויכלונגען, זאָלן שנעל אים קומען צו הילף!".

אין בראַוואָ־שטורעם פון די דעלעגאַטן פאַרזינקען די פּראָ־טעסט־אויסרופן פון די קעגנער. די לאַגערן בלייבן צעשפּאָלטן. אין אַ פאַרביטערטער שטימונג ווײַלט מען אַ פּרעזידיום פון 12 רעכטע ס. ר., 16 ל. ס. ר. און 4 באָלשעוויקעס; מען באַשטימט דעם סדר־היום. יעדע שטימען־ציילונג מוז איבערגעחזרט ווערן. יעדער אַקט פון פאָרזיצער ווערט באַאורטיילט, פאַראורטיילט, אָדער אויפגענומען מיט יובל־געשרייען. די רעדנער רייסט מען מער איבער, ווי מען הערט זיי אויס. אַזוי ציט זיך טעג נאָכאַנאַנד. די אַלטע צענטראַל־עקזע־קוטיווע גיט אָפּ דעם באַריכט, ער קלינגט לעכערלעך אינם שיין פון די נייע געשעענישן. אַפילו די רעכטע קענען אים נישט נעמען אונטער זייער שוץ. די ל. ס. ר. שטעמפּלען די שוואַכקייט, די פּהדנות, דעם פאַרראַט פון דער אַלטער עקזעקוטיווע. טשערנאָוו פּרוווט געווינען די דעלעגאַטן פאַר זיין „מיטשבדיקער" פּאָליטיק דורך אַ פּרינציפּלעכער רעדע. אומזיסטע טרחה: פאַרן ראַדיקאַלן פליגל פון דאָזיקן פּויערים־קאָנגרעס האָט ער שוין פאַרלוירן זיין פּרעסטיזש. דער יונגער באָלשעוויק וואָלאָדאַרסקי שליידערט אין זאַל אויפרייצנדיקע ווערטער. אַפילו די האַסער פון רעכטס צווינגט ער אויסצוהערן אים: „אויף דער פראַגע, וואָס מען זאָל טון מיט לענינען, האָט מיליוקאָוו מיט חדשים צוריק געענטפערט: אַרעס־טירן, אַרעסטירן, אַרעסטירן! איצט וועלן מיר ענטפערן אונזערע פיינט אין זעלבן טאָן: אַרעסטירן, אַרעסטירן, אַרעסטירן"!

אינטערעס האָט אַרויסגערופן די גרויסע פראַגע פון דער גאָר נאָענטער צוקונפט: ראַטן, אָדער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג? די רעכ־טע איגנאָרירן די ראַטן ־ רעגירונג, ווייל גאָר אינגיכן דאַרף זיך דאָך צונויפקומען די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. אין איר האָבן די רעכטע ס. ר. אַ מערהייט. די דאָזיקע פאַטאַלע פראַגע הענגט ווי

א וואַלקן איבערן קאָנגרעס. זי ווערט אוועקגעשטעלט מיט זעלנע־רישער רויקייט פון אַן אַרמיי־פאַרשטייער.

שמעלעוויטש, דער דעלעגאַט פון דער 12־טער אַרמיי, באַקומט דאָס וואָרט אויסער דער ריי. ווי תמיד אין אַ געשפּאַלטענעם זאַל, האָבן זיך ביידע לאַגערן איינגעזויגן אין פּנים פון אומבאַקאַנטן מאַן, כּדי אַרויסצולייענען ווער ער איז: אַ פריינט צי אַ פיינט. דער זעלנער לייגט אַוועק די שווערע פוטערנע היטל אויפן פּרעזידיום־טיש און פאַרנייגט זיך פאַרן זאַל. „70.000 מענער פון די אָקאָפּעס — האָט ער אָנגעהויבן, — וועלכע שטאַרבן פון הונגער, קעלט, סקאָרבוט, האָבן אונז געשיקט אַהער, כּדי איבערצוגעבן זייער הייסן גרוס דעם האָרעפּאַשנעם פאָיערטום. מיר זענען געקומען, כּדי אייך צו זאָגן, אַז עס מוז געמאַכט ווערן אַ סוף צו דער פּאָליטיק פון פּאַקטירן מיט דער בורזשואַזיע. איצט, ווען דאָס לאַנד האָט זיך געשפּאָלטן אין צוויי לאַגערן — דעם לאַגער פון די פּריצים און דעם לאַגער פון מורדישן אַרבעטס־פאָלק, — שטייען מיר, חברים, מיטן פאָלק — ביז צום סוף"! די דאָזיקע אַריינפירן־ווערטער ווערן נאָך אויפ־גענומען מיט אַן אַלגעמיינעם בראַוואָ. אָבער דער רעדנער גייט באַלד אַריבער צו דער ברענענדער ווונד פון דער פּאָליטיק. „מיר קומען, חברים, כּדי אייך צו גראַטולירן צו דער נאַציאָנאַל־פאַר־זאַמלונג"! ביי דער רעכטער העלפט פון קאָנגרעס ברעכט אויס אַ טריאומפירנדע בראַוואָ־פאַטשעריי. די לינקע העלפט שפּרינגט אויף און וואַרפט אין זאַל די באַגייסטערטע אויפרופן: „די גאַנצע מאַכט — די ראַטן"! דאָס פּרעזידיום בלייבט פולקאָם רואיק. דער פאָר־שטייער פון דער אַרמיי רעדט ווייטער און דערקלערט פלוצלונג דעם שטיל־געוואָרענעם זאַל: „חברים! די 12־טע אַרמיי זאָגט, אַז די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג מוז זיך פאַראייניקן מיט די ראַטן. מיר זענען איבערצייגט, אַז די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג וועט זיך נישט דערוועגן אַרויסצוטרעטן קעגן די אינטערעסן פון אַרבעטנדן פאָלק". די טיף־אויפריכטיקע רעדע האָט געמאַכט אויפן קאָנגרעס אַ שטאַרקן איינדרוק.

אין אַ טאָג אַרום נאָך דער רעדע פונם פראָנט־זעלנער, איז די פּראָבלעם: ראַטן אָדער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, ווידער גע־שטעלט געוואָרן פאַרן קאָנגרעס אין אַ שאַרפערער פאָרם. די רע־

נירונג האָט פאַרעפנטלעכט אַ דעקרעט — אונטערגעשריבן דורך לענינען און טראָצקין, — לויט וועלכן די פירער פון דער קאַדעטישער פאַרטיי דאַרפן אַרעסטירט ווערן. הינטער דעמדאָזיקן געזעץ קעגן די ,,פיינט פון פאָלק'' האָט זיך אָבער אויסבאַהאַלטן אַן אַטענטאַט פון די באָלשעוויקעס קעגן דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. דאָס איז געווען דער ערשטער שריט צו דעציימירן די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. די ל. ס. ר. האָבן אין דער צענטראַלער ראַט־עקזעקוטיווע פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ מין אומווירדיקער פּאָליטיק. מען דאַרף פאַרפאָלגן די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן, מען דאַרף אָבער דערביי נישט אַרונטעררייסן די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג דורך הינטערוועגן. דעמזעלבן שטאַנדפּונקט האָבן די ל. ס. ר. פאַרטראָטן אויך אויפן פּויערים־קאָנגרעס. דאָס איז אָבער פאַר די רעכטע געווען ווייניק: זיי האָבן געוואָלט אויסנוצן די געלעגנהייט, כּדי אַרויפצופירן דעם קאָנגרעס אויף זייער פּאָליטישער פּלאַטפאָרם: פאַר יעדן פּרייז פאַר דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג און קעגן די ראַטן. זיי האָבן אויפגעהויבן אַ פאַרביטערטע דעבאַטע.

אין דער דאָזיקער דעבאַטע האָט זיך אַריינגעמישט לענין. ,,די נאַציאָנאַל - פאַרזאַמלונג קען פאַרלייכטערן דעם זיג פון דער רעוואָלוציע איבערן קאַפּיטאַל, איבער די געלט־זעק. מען דאַרף אָבער נישט פאַרוואַנדלען אַ נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג אין אַ אָפּגאָט, פאַר וועלכן דאָס פאָלק מוז בויגן דעם קאָפּ. די עכטסטע דעמאָקראַטיע אין דער וועלט זענען די ראַטן''. און דאָ האָט לענין אַרויסגעזאָגט אַ פאַרבליפנדן געדאַנק, וואָס זיין עכטקייט וועט זיך ערשט אַרויסווייזן אין די שפּעטערדיקע טעראָר־יאָרן. ,,אין ראַטן־רעזשים וועט מען מער נישט דאַרפן מאַכן קיין רעוואָלוציעס קעגן דער רעגירונג: דורך אַן איינפאַכער אָפּשטימונג וועט די ראַטן־עקזעקוטיווע תּמיד קענען ענדערן דעם באַשטאַנד פון דעם ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן. אַזוי אַרום וועלן אין דער דאָזיקער עכטער רעפּובליק פאָרקומען רעוואָלוציעס אָן אַ רעוואָלוציע''.... טשערנאָוו האָט געפאָדערט מען זאָל אָנערקענען די אומבאַגרעניצטע סוווערעניטעט פון דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. קאָלעגאַיעוו, דער רעדנער פון די ל. ס. ר., האָט געפאָדערט, די דאָזיקע אינסטיטוציע זאָל נישט זיין אַנטיפּאָדיש צום ראַטנרעזשים.

צווישן די פויערים האָט געהערשט אַ צעטומלעניש. עס האָט זיי געקוועלט די פראַגע, ווי אַזוי מען וואָלט געקאָנט פאַריייניקן די שווין-ווירקנדע ראַטן מיט דער קומענדיקער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג. דאָס, וואָס דער רעדנער פון דער 12-טער אַרמיי האָט געזאָגט, איז געווען אויך זייער אידייע. אַפילו צווישן די רעכטע זענען אַ סך געווען צוגעבונדן צו די ראַטן. סאָציאַל און אין זייער בענקשאַפט נאָך שלום זענען זיי מייסטנס געשטאַנען אויף דער ליניע פון די ראַטן. פּאָליטיש אָבער זענען די רעכטע געשטאַנען הינטער זייערע פירער, הינטער דער נאַציאָנאַל - פאַרזאַמלונג, וואָס נאָר וואָס האָבן זיי זי געוויילט, וואָס איז געווען פאַר זיי רעוואָלוציאָנערע טראַדיציע. הונדערטער דעלעגאַטן מיט קלאָרע קינדעראוויגן האָבן פיבערהאַפט געזוכט די ריכטיקע לייזונג; וואָכנלאַנג האָבן זיי זיך געקוועלט מיט אַלע פּראָבלעמען פון דער רעוואָלוציע. די פויערים האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט און כּסדר געוואָנדט זייערע בליקן אויף דער קליינער פרוי אין לאַנגן בלויען מנישקע-קלייד, מיט די טיפע שוואַרצע רענדער אונטער די אויגן. ספּירידאָנאָוואַ האָט דידאָזיקע אַלע טעג און נעכט אויסגעהאַלטן אויף איר פּאָסטן. דאָ איז זי געשטאַנען אויפן פאָרזיצער-פּלאַץ, באַגייסטערנדיק און רופנדיק צו רו, דאָ האָט זי זיך אויסגעמישט מיטן אויפגערעגטן עולם אין די קאָרידאָרן. זי האָט באַרואיקט די שטריטנדע ברידער, פאַרלאַנגט פון זיי מיושבדיקייט דאָ מיט מילדקייט, דאָ מיט שטרענגקייט, אָבער עס האָט זיך גאָרנישט געלאָזט מאַכן. אַ רעזאָלוציע, וואָס זאָל אָרגאַניש פאַרבינדן די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג און די ראַטן, איז נישט מעגלעך געווען. פאַר די לינקע וואָלט דאָס באַדײַט מאַכן אַ גוואַלטיקן טריט צוריק, אָפּזאָגן זיך פון די דערגרייכונגען פון דער ראַטן-רעוואָלוציע. עס קאָנען נישט עקזיסטירן צוויי סווערענע אָרגאַנען פון דער רעוואָלוציע. דעריבער האָבן צווישן זיך געקעמפט אויפן קאָנגרעס צוויי רעזאָלוציעס. די אָפּשטימונג האָט געדויערט אַן אַ שיעור לאַנג, און דער זיג איז געווען אויף דער זייט פון די רעכטע: זייער רעזאָלוציע האָט באַקומען מיט 47 שטימען מער! דאָס איז געווען אַ דערפאָלג פון די אָפענע ראַטן-פיינט. די לינקע

האָבן געמוזט צוריקגעווינען די פאַרלוירענע פּאָזיציע. זיי האָבן באַשלאָסן צו לענקען די אויפמערקזאַמקייט פון קאָנגרעס אויף אַן אַנדער געביט, אויף וועלכן די ראַטן האָבן געהאַט אויפצווייזן אומצווייפלהאַפטע אויפטוען.

טראָצקי איז דערשינען אויף דער טריבונע, כּדי אָפּצוגעבן אַ באַריכט וועגן גאַנג פון די שלום־אונטערהאַנדלונגען. די רעכטע ברעכן אויס מיט אַ פּראָטעסט־שטורעם. „נידער! נידער מיט טראָצקין"! — הילכט דורכן זאַל. די לינקע, די מערהייט פון פּרעזידיום, טראָצקי גייען אַוועק אין פּראַקציע־צימער פון די ל.ס.ר. באַלד זענען אַהין געקומען אַ טייל פון די רעכטע פּראָנט־דעלע־גאַטן: עס האַנדלט זיך דאָך וועגן שלום. טראָצקי ווערט אויסגע־הערט מיט לײַדנשאַפטלעכן אינטערעס: „אונזערע דעלעגאַטן רייִדן אין בריסק ניִשט ווי קיין פאָרשטייער פון אַ געשלאָגן לאַנד. עס איז מעגלעך, אַז אויך די אַנטאַנט־מלוכות זאָלן אָנטיילנעמען אין די אונטערהאַנדלונגען. מיר שטייען ערב אַן ערלעכן דעמאָקראַטישן שלום". מיט באַגייסטערונג ווערט פאָרגעלייענט אַ רעזאָלוציע: „דער 2־טער פּויערים־קאָנגרעס אונטערשטיצט די שלום - פּאָליטיק פון דער ראַטן־רעגירונג. דער פּויערים־קאָנגרעס פאָדערט אויף די זעלנער, פּויערים, אַרבעטער פון פראַנקרייך, ענגלאַנד, איטאַליע גובר צו זיין דעם ווידערשטאַנד פון זייערע היימישע אימפּעריאַ־ליסטן און אויפצווינגען דעם אָנטייל פון זייערע לענדער אין די שלום - אונטערהאַנדלונגען. דער פּויערים - קאָנגרעס באַשליסט צו איבערזעצן די דאָזיקע רעזאָלוציע אין דער דייטשער, פראַנצויזי־שער, ענגלישער, רומענישער און אַנדערע שפּראַכן און זי באַקאַנט מאַכן ביי אַלע קריגפירנדע און נייטראַלע פעלקער. זאָל לעבן די ברידערלעכקייט פון די האָרעפּאַשניקעס פון אַלע לענדער"!

די דאָזיקע רעזאָלוציע וועט זיכער אָנגענומען ווערן דורכן אויסעראָרדנטלעכן קאָנגרעס, אָבער ספּירידאָנאָווא לייגט פאָר זי אָפּצושטימען אויפן אַלגעמיינעם קאָנגרעס, כּדי „אויך יענע, וועל־כע גייען נאָך מיט די רעכטע סאָציאַליסטן, זאָלן זיך קאָנען פאַרייני־קן מיט די לינקע אין דער דאָזיקער פראַגע". אָבער גראָד דאָס ווילן נישט די רעכטע, זיי ווילן אויסנוצן זייער פרייערדיקן אָפּשטי־מונגס־דערפאָלג. זיי פאָדערן צו וויילן אַ ניי פּרעזידיום. 332 שטי־

מען פאר, 362—האלטן זיך אפ פון שטימען. די רעכטע דערקלערן, אז די זיצונג איז פאר זיי געענדיקט און פארלאזן דעם קאנגרעס. דאס איז געשען דעם 4־טן דעצעמבער, 6 וואכן נאך יענעם טאג, ווען די רעכטע סאציאליסטן האבן פארלאזן דעם 2־טן ראטן־קאנגרעס. זיי האבן זיך פאר די דאזיקע וואכן ניט געענדערט, זיי זענען געבליבן ביי זייער שנאה צו דער נייער עפאכע פון דער רע־וואלוציע.

צומארגנס האט ספירידאנאווא געעפנט די זיצונג מיטן גליענדן ווילן צוריקצושטעלן דעם איינהייטס־פראנט פון ארבעטנ־דיקן פויערטום. „צי איז נישט סקאנדאליעז, וואס גראד די ערשטע טריט אויפן וועג צום שלום האבן די פירער פון די רעכ־טע אויסגענוצט אלס אויסרייד, כדי דורכצופירן די שפאלטונג? די מיטגלידער פון אונזער שלום־דעלעגאציע אין בריסק פאדערן די „ברכה" פון פויערים־קאנגרעס צו זייער ארבעט. די אונטער־שטיצונג מצד דעם רוסישן פויערטום וועט הייבן די אויטארי־טעט פון דער דעלעגאציע אין לאנד און ביי די קעגנער. שלום — דאס איז פאר דער רעוואלוציע א פראגע פון לעבן און טויט". מען שיקט א דעלעגאציע צו דער אפגעשפאלטענער קאנגרעס־העלפט, כדי זי צוצוציען צו דער דעבאטע איבער טראצקיס באַ־ריכט. די רעכטע ענטפערן דורך זייערע פארלאמענטארן מיט א רייע „פאדערונגען", וואס זאלן וועזנטלעך ענדערן דעם כאראק־טער פון קאנגרעס. די פארלאמענטארן גייען אוועק, די לינקע בלייבן אליין, די שלום־רעזאלוציע ווערט אפגעשטימט: 387. מען באשליסט דורכצופירן א נאמענטלעכע אפשטימונג, ווייט פון ליארעמדיקן זיצונגס־זאל, כדי יעדער דעלעגאט זאל אננעמען א באשלוס אין יחידות מיט זיין געוויסן. באלד וואקסט די צאל שטימען אויף 424. אלזא, דער קאנגרעס האט א לינקע מער־הייט. דריי דעלעגאטן פון קאנגרעס ווערן געשיקט קיין בריסק צו די שלום־אונטערהאנדלונגען.

די רעוואלוציאנערע פויערים זענען טויט־מיד פון צעפרעסנ־דיקן פראקציע־קאמף. זיי פאדערן צו פארענדיקן די זיצונגען און ווילן א נייע פויערים - עקזעקוטיווע. עס ווערט געמאכט דער לעצטער פרווו צוצוציען די רעכטע צו די וואלן. „זאל דאס לאנד

זען — דערקלערט ספּירידאָנאָווא, — אַז נישט מיר טראָגן די שולד פאַר דער שפּאַלטונג פון פּויערטום". ווידער קומען פאַרלאַנגען פון יענעם לאַגער, ווידער ווערן געשטעלט אולטימאַטומס: „די גאַנצע מאַכט מוז געהערן דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג"... דער קאָנגרעס וויל נישט הערן קיין אולטימאַטומס. די פּאַרלאַמענטאַרן גיבן אָפּ די לעצטע דערקלערונג: „אַ געמיינזאַמע שפּראַך איז נישט געפונען געוואָרן... מיר וועלן אַרבעטן באַזונדער". אומגעהויערע אויפרעגונג אין זאַל. פון אַלע זייטן פאַלן אויסגעשרייען: מיר טרויען אייך נישט!"... די רעכטע פאַרלאָזן צום לעצטן מאָל דעם פּויערים־קאָנגרעס. ספּירידאָנאָווא אונטערדריקט איר ווייטאָק און לייגט פאָר איבערצוגיין צום סדר־היום...

די שפּאַלטונג פון פּויערים־קאָנגרעס איז געווען דער ענדגילטיקער ריס צווישן די קעמפנדע לאַגערן אין דער דעמאָקראַטיע. די דאָזיקע שפּאַלטונג האָט שוין פון פאָראויס געוואָרפן איר שאָטן אויף דער נאָנטער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. לענין האָט שוין לאַנג געוואָלט די דאָזיקע שפּאַלטונג; ספּירידאָנאָווא האָט געקעמפט ביז דער לעצטער מעגלעכקייט פאַר דער איינהייט פון דאָזיקן קלאַס. זי האָט זיך אָבער איצט איבערצייגט, אַז דעם פּויערים־קלאַס מוז מען און מען קען איצט געווינען נישט מיט, נאָר אָן, קעגן און איבער די רעכטע ס. ר., ווייל די מערהייט פּויערים שטייט אויפן זייט פון די ראַטן. דער קאָנגרעס האָט אויסגעוויילט אַ אַלרוסישע לינקע עקזעקוטיווע פון די פּויערים ־ראַטן, מיט ספּירידאָנאָוואַן בראש. דער קאָנגרעס האָט זיך געווענדט צום פּויערטום, צו דער אַרמיי און צום פלאָט מיט אַן אויפרוף, וואָס האָט זיך שאַרף אָפּגערעכנט מיט די רעכטע. דער קאָנגרעס האָט אָרגאַניזירט אַ זעלבסטבאַוווסטן, רעוואָלוציאָנערן ראַטנפּויערטום.

אין לעצטן טאָג פון קאָנגרעס האָט מען אין פּעטראָגראַד געפייערט דעם „יום־טוב פון וואַפנשטילשטאַנד". אין נאָמען פון פּויערים־קאָנגרעס איז אַרויסגעטראָטן ספּירידאָנאָווא. „וואָפנשטילשטאַנד איז נאָך נישט קיין שלום, ער האָט אָבער געמאַכט אַ גוואַלטיקן דורכבּרוך אין ברודערמערדערישן קריג... ווען די אַרמיי באַפרייט זיך אפילו נאָר אויף איין מאָמענט פונם קריג־קאָשמאַר, דאַן רוט זיך אויס די נשמה פונם זעלנער. די רו פון וואָפנשטיל־

שטאנד מאכט פסיכאלאגיש אוממעגלעך ווייטער צו פירן דעם זיג... איצט ווילן מיר, אז די ארמייען פון דער גאנצער וועלט זאלן גיין מיטן זעלבן וועג״. ספירידאנאוואס ווערטער זענען פארזונקען אין דער יובלענדיקער אוואציע פון די מאסן. אויך איר שמערץ פון די לעצטע טעג איז פארזונקען אין דאזיקן יובל. מיט פרייהייט־לייכטנדע אויגן איז זי ווייטער געגאנגען איר וועג.

## X.

# די נאציאנאל־פארזאמלונג

די לינקע סאצ.־רעוו. זענען אריינגעטראטן אין דער רעגירונג פון די פאלקס־קאמיסארן. זיי האבן געהאט מיינונגס־פארשידנקייטן מיט די באלשעוויקעס, זיי האבן אבער געגלויבט, אז זיי וועלן זיך צום בעסטן לאזן אויסגלייכן אין דער רעגירונג גופא. די לאגע פון דער רעוואלוציע האט אומבאדינגט נויטיק געהאט דעם צופלוס פון נייע כחות אויף אנצופירן מיט דער רעוואלוציע־פאליטיק. דאס אריינטרעטן פון די ל. ס. ר. אין דער רעגירונג איז געווען אזא מין קאאליציע פון די ביידע פירנדע ארבעטס־קלאסן און פון ביידע וועלט־אנשויאונגען פון רוסישן ראדיקאלן סאציאליזם. נאך אזוי פיל אומגליקלעכע קערענסקי־קאאליציעס — די ערשטע ארגאנישע קאאליציע, וואס באזירט אויפן ראטנווילן. צו די עלף באלשעוויסטישע פאלקס־קאמיסארן זענען צוגעקומען 7 פון די ל. ס. ר. די באדייטונג פון די דאזיקע זיבן איז באשטאנען נישט אין די אמטן, וואס זיי האבן פארנומען, נאר אין די דורך זיי פארטראטענע סאציאל־פאליטישע כוחות. פראשיאן, למשל, וואס האט פארנומען דעם באשיידנסטן אמט פון אלע (פאסט און טעלעגראף), האט פונדעסטוועגן געהאט א גרויסן איינפלוס אויף דער רעגירונג. ספירידאנאווא און קאמקאוו זענען נישט אריין אין דער רעגירונג; זיי האבן זיך געוואלט ווידמען דעם פארטיי־אויסבוי, זי אפצוהיטן פון א מלוכה־דערהאלטנדער פארשטיינערונג. חוצדעם האט ספירידאנאווא געטראגן אויף זיך א מאסע פליכטן, זי איז

געוועזן פארזיצער פון דער צענטראל־עקזעקוטיווע פון די פויערים־ראטן; זי איז געווען מיטגליד פון דער צענטראל־עקזעקוטיווע פון די ארבעטער־ראטן; רעדאקציע־מיטגליד פון דער פארטיי־צייטונג; און אנפירנדער מיטגליד פון צענטראל־קאמיטעט פון די ל. ס. ר.. עס איז געווען צו שטוינען, ווי אזוי איין מענטש קאן אויספירן אזויפיל פונקציעס אויף די פארשידנסטע געביטן. אבער אין יענער פלאמיקער עפאכע איז קיין שום ארבעט נישט געווען שווער און קיין שום ציל — אוממעגלעך. די באלשעוויקעס, די ל.ס.ר., די מאקסימאליסטן און אנארכיסטן זענען פארכאפט געווען פון א שעפערישן שווונג, וואס האט זיי געגעבן אומגעווינלעכע כחות.

די פאלקס־קאמיסארן האבן געהאט א סך ארבעט. פון אלע זייטן האט געהאגלט אויף זיי מיט אן א שיעור אויפגאבן. די זארג פאר דער דערנערונג פון די שטעט איז פון טאג צו טאג געווארן שווערער. דער גאנצער אפאראט פון מלוכה־ און שטאט־באאמטנטום האט זיך געפונען אין צושטאנד פון אפענער מרידה. די באאמטע, וואס האבן נישט געשטרייקט, האבן סאבאטירט אויף אלערליי אופנים; לערער, דאקטוירים, אינזשיניערן, באנק־באאמטע — אלע. ווען די רעגירונג האט געוואלט ארויסנעמען פון דער מלוכה־באנק די ערשטע סומען, האט זי אנגעטראפן אויף א ווידערשטאנד. א פיערלעכער צוג פון רויטגווארדייער האט מיט מוזיק באזעצט די באנק און געצוווגען די דירעקטארן ארבעטן. אינמיטן דעם מאסנאנטלויפן פון די באאמטע, האט געמוזט אויסגעבויט ווערן א נייער ארבעטס־אפאראט פון אונטערפארייענע מענטשן פון די [illegible] סאציאליסטישן. די דאזיקע נייע מענטשן האבן געדארפט אויספירן ביז איצט אומגעאנטע אויפגאבן. רעקרעטן וועגן א גערעכטער אויפמאנונג פון דירעקטע שטייערן אדער וועגן א מאראטאריום אויף דירה־געלט, האבן געהערט צו די איינפאכסטע. עס זענען אבער פארגעשטאנען נאך שווערערע אויפגאבן: אריבערפירן די אינדוסטרי פון דער פיבערהאפטער ארבעט פאר קריגס־צוועקן צו נישט־ווייניקער פיבערהאפטער שלום־ארבעט. די טעכנישע אומשטעלונג האט געדארפט פארקומען גלייכצייטיק מיט א סאציאלער איבערקערעניש. דער פראלעטאריאט האט געשטעלט די אינדוסטרי אונטער זיין קאנטראל. פאר די באטריב־קאמיטעטן

האָבן זיך מיטאמאָל געשטעלט אַלע שווערע פּראָבלעמען פון דער פּראָדוקציע, וואָס ביז איצט האָבן זיי תמיד געלייזט די אונטערנעמער אַליין. דערביי האָט אין די באַטריבן אַלץ געפעלט: רוי־מאַטעריאַלן, געלט, ברענמאַטעריאַל, גוטער ווילן פון די אינזשינירן און אונטערנעמער. קענטעניש און דערפאַרונג האָבן געמוזט פאַרביטן ווערן דורך באַגייסטערונג, אימפּראָוויזאַציע, געזונטן מענטשן - פאַרשטאַנד, סאָציאַליסטישע דרייסטקייט. געוויסע באַטריבן און אַקציען־געזעלשאַפטן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד דער אַרבעטער־קאָנטראָל; די רעגירונג האָט זיי נאַציאָנאַליזירט. לויט לענינס פאָרשלאָג איז געשאַפן געוואָרן אַ „ראַט פאַר פאָלקס־ווירטשאַפט”. ער האָט געדאַרפט צוגרייטן די רעגולירונג פון גאַנצן ווירטשאַפטלעכן פּראָצעס פון לאַנד. ער איז געווען דער עקשטער אָרגאַן פון דער פּלאַנווירטשאַפט, וואָס איז נויטווענדיק פאַרן סאָציאַליזם. אַ וויכטיקער שריט איז געווען די נאַציאָנאַליזאַציע פון די בענק. אַלע ביכער פון אַלע בענק האָבן געדאַרפט רעווידירט ווערן; דאָס געלד, וואָס געפינט זיך אין זיי, האָט געדאַרפט קאָנפיסקירט ווערן לטובת דעם געלד־פאָנד פון דער מלוכה. רויטגווארדייער האָבן באַזעצט די בענק. דער דאָזיקער דעקרעט האָט באַדייט אַ בולטע פאַרניכטונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אייגנטום־אָרדנונג. אַ פרישער דעקרעט האָט פולשטענדיק אַנולירט אַלע אויסלענדישע הלוואות פון דער רוסישער מלוכה, וואָס זענען געשלאָסן געוואָרן דורך די רעגירונגען פון פריצים און קאַפּיטאַליסטן. דאָס האָט באַדייט אַ דרייסטן איבערפאַל אויך אויפן אויסלענדישן קאַפּיטאַליסטישן רעכט. דער פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר לאַנדווירטשאַפט האָט אַכטונג געגעבן, אַז אין אַלע עקן לאַנד זאָלן איבערגיין אין רשות פון די ערד־קאָמיטעטן און פּויערים־ראַטן אַלע ערד־שטחים, די וועלדער, דער לעבעדיקער און טויטער אינווענטאַר. דערביי האָט מען אַכטונג געגעבן, אַז די ווערטפולע ערד־שטחים און גיטער זאָלן מער נישט באַשעדיקט ווערן: זיי געהערן דאָך פון איצט אָן דעם פאָלק. דער קאָמיסאַר פאַר שטאָט־פאַרוואַלטונגען האָט אָנגעזאָגט די סאָציאַליזאַציע אויך פון שטאָטישן גרונד־פאַרמעגן און פאַרבאָטן אַלע טראַנזאַקציעס אויפן דאָזיקן געביט. דעקרעטן, פאַראָרדנונגען, באַפעלן, פאַרבאָטן, אויפרופן

האָבן פאַרפלייצט דאָס לאַנד, כּדי צו רעגולירן די לוין־צייט־ און פאַרזיכערונגס־פראַגן פון די פאַרשידנסטע פּראָלעטאַרישע גרופן.

מען קאָן נישט לייקענען: אין לאַנד הערשט אַ גרויסע צע־טומלעניש אויפן געביט פון רעכטס־באַגריפן. די טאָפּלטע אויפ־לייזונג פון די זיכערקייטס־אָרגאַנען אין פאַרלויף פון אַ יאָר, פּירט צו אַן אומרעגולירטער, אָפּטמאָל גרויזאַמער לינטש־יוסטיץ פון פאָלק. איבערן לאַנד גיסט זיך פאַנאַדער אַ כוואַליע אַרעסטן. דער פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר יוסטיץ האָט אַ סך צו טון, כּדי צו באַרו־איקן די דאָזיקע כוואַליעס. ווען דער יוסטיץ־קאָמיסאַר פון די ל. ס. ר. האָט געדאַרפט איבערנעמען זיין אַמט, האָט דער אַלטער נאַטאַנסאָן דערקלערט: דורכן דאָזיקן אַמט ווילן מיר פאַרשפּרייטן צווישן די מאַסן סאָציאַליסטישע גערעכטיקייט. דער קאָמיסאַר גופא האָט דערקלערט אין אַ פּראָגראַם־אַרטיקל: „מיר וועלן פירן אַ קאַמף קעגן די פאַרביסענע פיינט פון פרייהייט. אָבער נישט מיט נקמה און שטראָף, נײַ״ מיט האַרטע שטראָפן און טיפע ווונדן קעמפט די רעוואָלוציע קעגן דידאָזיקע פיינט. זי וויל בלויז זיי מאַכן אומשעדלעך, אָפּשוואַכן זיי און איזאָלירן". דאָס הייסט — תּפיסות. צי דען זענען תּפיסות נישט קיין טעראָר?... ספּירי־דאָנאָוואַ איז דערשינען ביים יוסטיץ - קאָמיסאַר און געפאָדערט, אַז די גאַנצע תּפיסה־סיסטעם (פאַר די פּאָליטישע קעגנער) זאָל איבערגעגעבן ווערן אין רשות פון די פרייערע רעוואָלוציאָנערע קאַטאָרזשאַנקעס. די דאָזיקע פרויען, וואָס האָבן זיך פערזענלעך באַקענט, אין משך פון אומצאָליקע יאָרן, מיט דער פּיין פון תּפיסה, וועלן נישט דערלאָזן, אַז זי זאָל ווערן אַ פּיין פאַר די ראַטנקעגנער. דער יוסטיץ־קאָמיסאַר איז מסכּים געווען, אָבער די רעוואָלוציאָנערינס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו ווערן תּפיסה־וועכטער פון דער מלוכה אין דער טריאומפצייט פון פאָלק. בלויז איינע פון זיי, די גוטע טערענטיעוואַ, וואָס האָט שוין געראַטעוועט פון לינטש - יוסטיץ אַ קאָטאָרגע־דירעקטאָר אין סיביר, האָט גענומען אויף זיך צו באַזוכן די אַרעסטאַנטן פון דער ראַטנמאַכט און אויסהערן זייערע פאַרלאַנגען. ס'איז אָבער גענוג געווען איין באַ־זוך אירער אין דער פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג, ווו עס זענען גע־ועסן אַרעסטירט די צאַרישע שררות און רעכטס־סאָציאַליסטישע

פּאָליטיקער, אַז אויך זי זאָל זיך אָפּזאָגן פון דערדאָזיקער טעטיקייט. דער יוסטיץ־קאָמיסאַר האָט געמוזט שאַפן אַן אנדער מין קאָנטראָל איבער די תּפיסות. ער האָט זיי איבערגעגעבן דער באַמת הומאַנער אַפּוטרופּסות פון אַרבעטער־קאָמיסיעס.

אומדערוואַרט זענען פאַר דער ראַטן־רעגירונג אַנטשטאַנען שווערע זאָרגן מצד רוסלאַנדס פעלקער. דאָס פּראָבלעם פינלאַנד איז געלייזט געוואָרן אָן שוועריקייטן: די ראַטנרעגירונג האָט פאַרעפנטלעכט אַ דעקרעט, וואָס האָט אַנערקענט פינלאַנדס אומאָפּהענגיקייט. אָבער די אוקראַינע? די באַציאונגען צו דער דעמאָקראַטישער ראַדאַ־רעגירונג, וואָס האָט געזאָלט שאַפן אַן אומאָפּהענגיקע אוקראַינישע רעגירונג, זענען געוואָרן קאָמפּליצירט, און טאַקע אינגיכן פיינטלעך. ווייל אין דאָנער קאָזאַקן־געביט האָט אויפגעפלאַקערט דער פלאַם פון קאָנטר־רעוואָלוציע. דאָרט האָט זיך געזאַמלט קאָרנילאָווס מיליטער, פול מיט האַס און גרייט צום קאַמף. זיי האָבן זיך צוגעגרייט צום מאַרש אויף פּעטראָגראַד און מאָסקווע. די ראַטנרעגירונג האָט געמוזט אַרויסטרעטן קעגן זיי אַקטיוו, איידער זיי זענען נאָך געוואָרן אַ מאַכט. אָבער די אוקראַינער ראַדאַ האָט די קאַמף־אָפּטיילונגען נישט דורכגעלאָזן דורך איר געביט, זיי אַנטוואָפנט און דערקלערט איר נייטראַליטעט. קיעוו, דער זיצאָרט פון דער ראַדאַ, האָט אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן פּעטראָגראַד, דעם זיצאָרט פון דער „רוסישער" רעגירונג. דעם גרויסן איינהייטלעכן סאָציאַלן קאַמף פון די ראַטן האָט פּלוצלונג געגנערט געדראָען די געפאַר פון נאַציאָנאַלע קאַמפן. עס איז געווען אַ געפאַר לאָזן קומען צום וואָרט די נאַציאָנאַלע לײדנשאַפטן, אָבער נאָך אַ גרעסערע געפאַר איז געווען צו לאָזן עקזיסטירן אין דאָנגעביט דעם מקור פון קאָנטר־רעוואָלוציע. לענין און טראָצקי האָבן די ראַדאַ־פירער געשטעלט אַן אולטימאַטום. פּראָשיאַן איז אין שליחות פון דער רעגירונג געפאָרן קיין קיעוו, כּדי פרידלעך צו לייזן דעם קאָנפליקט. אוקראַינע איז געווען רוסלאַנדס שפּייז־קאַמער, און דער רעוואָלוציע האָט געדראָט — הונגער.

וואָס איז גלייכצייטיק פאָרגעקומען אין בריסק? די שלום־אונטערהאַנדלונגען האָבן פון אָנהויב געבראַכט דער רוסישער רעוואָלוציע אַ גרויסן דערפאָלג. די פאָרשטייער פון דייטשלאַנד און

פון די איבעריקע צענטראַל־מלוכות האָבן זיך דערקלערט גרייט צו אָנערקענען די שלום־פּרינציפּן פון דער רעוואָלוציע אַלס באַזע פאַר די אונטערהאַנדלונגען. דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק פון פּעטראָגראַד האָט דעם דאָזיקן דערפאָלג געפייערט מיט אַ גרויסאַרטיקער דעמאָנסטראַציע. הונדערט־טויזנטער האָבן אָנגעפילט די גאַסן. רויטע פענער, וואָס האָבן אָנגעזאָגט „שלום פאַר דער גאַנצער וועלט״!, האָבן געראָשט איבער די קעפּ. אָבער אין צוויי טעג אַרום האָבן די דיפּלאָמאַטישע קענער אין בריסק געעפנט זייערע קאָרטן. די שלום־פאָרמולן פון דער רעוואָלוציע האָבן זיי אָנגעפילט מיט זייער אימפּעריאַליסטישן אינהאַלט. „זעלבסט־באַשטימונגס־רעכט פון די פעלקער״? אַוודאי, אָבער אין די פּראָווינצן פּוילן, ליטע, קורלאַנד, ליפלאַנד האָבן שוין די פעלקער געזאָגט זייער וואָרט. דערביי זענען די דאָזיקע אַלע פּראָווינצן אָקופּירט געווען דורך דייטשיש מיליטער. די ראַטן האָבן נישט געקאָנט מסכּים זיין אויף אַזאַ לייזונג פון דער פראַגע. דעם 19־טן דעצעמבער האָט די ראַטן־עקזעקוטיווע אָנגענומען אַ באַשלוס, צו פירן ווייטער דעם קאַמף פאַר שלום אָן קאָמפּראָמיסן. עס האָט אַפילו אויפגעבליצט דער געדאַנק וועגן אַ נייעם באַוואָפנטן קאַמף. אַליין וואָלט געקאָנט אויסזען אַנדערש, ווען די איבעריקע קריג־פירנדע מלוכות וואָלטן געצוווּנגען געוואָרן דורך זייערע פעלקער, צו זעצן זיך צום אונטערהאַנדלונגס־טיש. זיי האָבן נישט געלאָזט הערן וועגן זיך, אָבער די רוסישע מאַסן האָבן געגלייבט אין דער באַלדיקער הילף פון די דייטשע, פראַנצויזישע און ענגלישע ברידער.

אָבער די גרעסטע זאָרג פון אַלע איז געווען די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. זי האָט זיך געדאַרפט צונויפקומען דעם 5־טן יאַנואַר; עס איז פאַרגעשטאַנען אַ מוראדיקער צוזאַמענשטויס פון צוויי פּרעטענדענטן אויף דער העכסטער מאַכט. די רעכטע ס. ר. האָבן פאַרלאַנגט, אַז די ראַטן זאָלן זיך אָן שום באַוואָרענישן אונטערוואַרפן דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. די באָלשעוויקעס האָבן אָנגעוויזן אויף דער רעכטער ס. ר. מערהייט פון דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג און געפאָדערט מען זאָל זי אינגאַנצן אָפּראַמען פון וועג. די לינקע ס. ר. האָבן דערקלערט, אַז די פאַרשפּעטיקטע נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, וואָס איז אַ סווערען בלויז לויטן פאָר־

מאַל־דעמאָקראַטישן רעכט, געפינט בײַ איר צונויפקום אַ סוּוערען פון דרייסטער און דערפאָלגרייכער סאָציאַלער טאַט. זי מוז זיך צופּאַסן צו דער נייער לאַגע, אויב מען וויל פאַרמיידן אַ פאַרניכטנדיקן קאַמף. די לינקע ס. ר. האָבן געוואָלט געבן דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג דעמדאָזיקן היסטאָרישן שאַנס.

די שפּאַלטונג האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה דעם 5־טן יאַנואַר 1918. די ראַטנרעגירונג האָט דערוואַרט באַוואָפנטע דעמאָנסטראַציעס מצד די רעכטע סאָציאַליסטן. אין פּעטראָגראַד איז פּראָקלאַמירט געוואָרן קריגס־צושטאַנד; מען האָט פאַרבאָטן אַלע דעמאָנסטראַציעס. די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג איז זיך צונויפגעקומען אין טאַווּרישן פּאַלאַץ, דעם פריערן זיצאָרט פון דער צאַרישער מלוכה־דומע. איצט האָט זיך דאָ געדאַרפט אָפּשפּילן דער לעצטער אַקט פון דער טראַגעדיע פון דער דעמאָקראַטיע. עס איז דאָ געווען פאַרטראָטן די עליטע פון רוסלאַנדס אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. פולע הונדערט יאָר האָבן די פּאַרטייען, אַפּאַרטאַלן און קעמפער פון די דאָזיקע פּאַרטייען געבענקט נאָכן דאָזיקן פייערלעכן טאָג. איצט זענען די רעכטע און לינקע אָנהענגער פון דער איינער סאָציאַליסטישער אידייע געשטאַנען קעגנאַנאַנדער ווי שונאים. אַלע זאַלן און דורכגענג פון פּאַלאַץ זענען פול געווען מיט באַגנעטן און קוילן־וואַרפער. די גאַלעריעס זענען פול געווען מיט אַ לײַדנשאַפטלעך־געשפּאַנטן עולם.

קעגן דעם ווילן פון די רעכטע האָט די זיצונג געעפנט דער פאָרזיצער פון דער ראַטן־עקזעקוטיווע. ער האָט פאָרגעלייענט אַ פייערלעכע דעקלאַראַציע, וואָס די צוויי פירנדע ראַט־פּאַרטייען האָבן מיט אַן אָוונט פריער אויסגעאַרבעט. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט פּראָקלאַמירט אויפן שוועל פון 19־טן יאָרהונדערט אַ דעקלאַראַציע פון מענטשן־ און בירגער־רעכט. די רוסישע אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט איצט פּראָקלאַמירט אין דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג די סאָציאַלע רעכט פון אַרבעטנדן און עקספּלואַטירטן פאָלק: „רוסלאַנד ווערט דערקלערט אַלס ראַטן־רעפּובליק... די ערד ווערט סאָציאַליזירט... די אַרבעטער־קאָנטראָל, די נאַציאָנאַליזאַציע פון די באַנק ווערט באַשטעטיקט... די שלום - פּאָליטיק ווערט אָנערקענט". הינטער דער פּראָגראַם שטייט די גאַנצע מאַכט פון

אַרבעטס־פֿאָלק. די העכסטע פֿילן זייער גורל־שעה. וועלן זיי אָננעמען די דעקלאַראַציע אַלס באַזע, דאַן איז דער פֿאַטאַלער צוזאַמענשטויס אויסגעמיטן, דער וועג צו אויסאײנונג — אָפֿן. וועלן זיי אָפּוואַרפֿן די דעקלאַראַציע, דאַן איז דער קאָנפֿליקט אומפֿאַרמיידלעך און זיינע פֿאָלגן — נישט פֿאָראויסצוזען.

מען וויילט דעם פֿאָרזיצער פֿון דער נאַציאָנאַל־פֿאַרזאַמלונג. טשערנאָוו האָט קאַנדידירט פֿון די רעכטע, ספּירידאָנאָוואַ — פֿון די באָלשעוויקעס און לינקע ס. ר. דער דאָזיקער קעגנזאַץ איז סימבאָליש: טשערנאָוו איז רעוואָלוציאָנערע טראַדיציע, פֿאַרגאַנגענהייט; ספּירידאָנאָוואַ איז רעוואָלוציאָנערער שווונג, וואַגעניש, רוף צו דער צוקונפֿט. דער רעזולטאַט פֿון די וואַלן איז פֿאָלגנדער: טשערנאָוו — 244 שטימען; ספּירידאָנאָוואַ — 153. די רעכטע האָבן די אַפּיציעלע מערהייט. ווי וועט זיין זייער שטעלונג צו דער ראַטן־דעקלאַראַציע? אָננעמען, אָפּוואַרפֿן? זיי קלייבן אויס אַ דריטן וועג: זיי איגנאָרירן די דעקלאַראַציע. לענין זיצט אויף דער מיניסטאָרן־באַנק, הערט זיך נישט צו צו די דעבאַטן, פֿאַרדעקט דאָס פּנים מיט אַ צייטונג. ספּירידאָנאָוואַ קוועלט זיך אין דער מיט שינאה אָנגעזאַפּטער לופֿט. אַ שטראָם רעדעס, דערקלערונגען און פֿאָרשלאָגן גיסט זיך אין דער זיצונג. דאַן פֿאָדערן די באָלשעוויקעס מען זאָל אָפּשטימען זייער פֿאָרשלאָג: באַהאַנדלען די ראַטן־דעקלאַראַציע. אָפּגעשטימט, אָפּגעוואָרפֿן. די באָלשעוויקעס פֿאַרלאָזן די זיצונג. די פֿנימער פֿון דער וואַך ווערן פֿינסטערער, די אויסגעשרייען פֿון די גאַלעריעס — חראָענדיקער. די ל. ס. ר. לייגן פֿאָר צו אַקצעפּטירן יענעם פּונקט פֿון דער דעקלאַראַציע, וואָס האָט אַ שייכות צו דער שלום־פּאָליטיק פֿון די ראַטן. די רעכטע וואַרפֿן אויך דאָס אָפּ, זיי ווילן אַ שאַרפֿע אַנטשיידונג. דאַן פֿאַרלאָזן דעם זאַל אויך די לינקע ס. ר. אין דער נאַציאָנאַל־פֿאַרזאַמלונג, וואָס איז געשטעמפּלט פֿון טויט, בלייבן איבער בלויז די רעכטע. טשערנאָוו פֿירט די זיצונג און שטימט אָפּ, איין אייל־טעמפּאָ, איין פּראָבלעם נאָך דער צווייטער. עס איז די פֿינפֿטע מאָרגן־שעה. אַ מאַטראָז, דער אַנאַרכיסט זשעלעזניאַקאָוו, גייט צו צו טשערנאָוון און בעט אים צו שליסן די זיצונג.

— ווער זענט איר? — פֿרעגט טשערנאָוו.

— איך בין אָנפירער פון דער וואַך אין טאַוורישן פּאַלאַץ. מיר זענען טויט־מיד.

— די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג וועט זיך פאַנאַנדערגיין נאָר דאַן, ווען עס וועט אָנגעווענדעט ווערן געוואַלט..

טשערנאָוו שטימט נאָך איילעקער אָפּ געזעצן און שליסט די זיצונג.

— די נאָענטסטע זיצונג — דעם 6־טן יאַנואַר 5 אַזייגער נאָכמיטאָג.

די נאָענטסטע זיצונג איז שוין נישט פאָרגעקומען. צומאָרגנס האָט די ראַטן־עקזעקוטיווע אויפגעלייזט די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג.

ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען, אַז אַ נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, וואָס באַשטייט פון סאָציאַליסטן, זאָל פאַרשווינדן פון דער פאָליטישער אַרענע אָן מינדסטן קאַמף? האָט זי דען נישט געהאַט אויף זיך דעם היסטאָרישן אָרעאָל פון פילע רעוואָלוציאָנערע גענעראַציעס? געוויס! אָבער דער אָרעאָל פון דער אַקטיוו־ווירקנדער רעוואָלוציע איז געווען שטאַרקער. פאַר די מאַסן איז קיינמאָל נישט געווען וויכטיק אַ באַשטימטע מלוכהש־רעכטלעכע פאָרם פון זייער באַפרייאונג; זיי איז געגאַנגען אין דער סאָציאַלער און גייסטיקער באַפרייאונג גופא. די ראַטן זענען געוואָרן פאַר זיי קאַמפס־אינסטרומענטן פון דער דאָזיקער באַפרייאונג, אין די ראַטן האָט געקאָנט קומען צום אויסדרוק זייער שעפערישע ענערגיע. די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג האָט אויסגעזען ווי די פאַרקערפּערונג פון „נעכטיקן טאָג" פון דער רעוואָלוציע. און צוזאַמען מיט די פאַקטאָרן פון דאָזיקן נעכטיקן טאָג איז זי אָפּגעגעבן געוואָרן אין אַרכיוו פון דער געשיכטע. דער דעקרעט פון דער ראַטן־עקזעקוטיווע האָט דערקלערט: „דער אַלטער בירגערלעכער פאַרלאַמענטאַריזם איז אַן אָפּגעלעבטע זאַך. נישט אַל־נאַציאָנאַלע, נאָר קלאַסן־אינסטיטוציעס גובר צו זיין דעם ווידערשטאַנד פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן און צו לייגן די פונדאַמענטן פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. דעריבער באַשליסן די ראַטן: „די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג ווערט פאַנאַנדערגעלאָזט". דער דאָזיקער אַקט האָט פאַרענדיקט די לעצטע באַציאונגען צווישן דער מעסיקער און דער ראַדיקאַלער דעמאָקראַטיע.

דעם 10־טן יאנואר זענען אין פעטראגראד געעפנט געווארן צוויי גרויסע ראטן־קאנגרעסן: דער דריטער ארבעטער־ און זעלנער־קאנגרעס און דער דריטער פויערים־קאנגרעס. צום ערשטן מאל האבן זיי זיך פאראייניקט — נישט נאר אין א פייערלעך־דעקלאראטיווער פארם — אין אן איינהייטלעכן קאנגרעס. די 900 פארשטייער פון פראלעטאריאט און פון דער ארמיי, די 600 פארשטייער פון פויערטום, וואס זענען זיך צונויפגעקומען אין טאווריטשן פאלאץ, האבן זיך געפילט אלס אמתע נאציאנאל־פארזאמלונג פון לאנד, אלס „נאציאנאל ־ פארזאמלונג פון ארבעטער־פאלקי״. די נייע געזעלשאפטס ־ פרינציפן, וואס זענען ביז איצט פראקלאמירט געווארן, האבן איצט געדארפט פארוואנדלט ווערן אין אומענדערלעכע געזעצן פון דער רעוואלוציע. אלס ערן־מיטגלידער זענען געוויילט געווארן: לענין, טראצקי, ספירידאנאווא, קארל ליבקנעכט, פרידריך אדלער. דער קאנגרעס איז געשטאנען אונטערן צייכן פון „האנטדרוק צווישן לענין און ספירידאנאווא״. די דאזיקע סאלידאריטעט האט באדייט די צוזאמענארבעט פון רוסלאנדס צוויי פירנדע קלאסן.

לענין איז אויפגענומען געווארן מיט שטורמישע אוואציעס. ער האט זיך שארף אפגערעכנט מיט די רעכטע סאציאליסטן, וואס זענען, אין א קליינער צאל, געווען אין זאל. „איר ווילט דעמאקראטיע, בעת זי איז אין דער אמתן א כסדרדיקער אפשפאטן, א נשמה־לאזע אונטערדריקונג פון ארבעטס ־ פאלק מצד דער בורזשואזיע״. דאן איז ער אריבער צו די לינקע ס. ר. „איצט, ווען עס איז געקומען די צייט צו פארווירקלעכן דעם סאציאליזם, האבן די פויערים איינגעזען, אז די פארטיי, וואס פארטרעט צום בעסטן זייערע שטרעבונגען און אינטערעסן, איז די פארטיי פון די לינקע ס. ר. מיר האבן דעריבער געשלאסן א בונד מיט די ל. ס. ר. דער דאזיקער בונד האט א פעסטן באזיס, און ער ווערט שטארקער נישט נאר מיט יעדן טאג, נאר מיט יעדער שעה״. דעם העכסטן פונקט פון באגייסטערונג האט דער קאנגרעס דערגרייכט, ווען עס האבן אריינמארשירט הונדערטער פויערים ־ דעלעגאטן. ווען די שטורמישע אוואציעס זענען שטיל געווארן און די פויערים האבן פארנומען זייערע פלעצער אין געמיינזאמען פארלאמענט, איז ספירי־

ראַטאָוואַ אַרויף אויף דער טריבונע. דער טויזנטקעפּיקער עולם האָט זיך אַ הויב געטון אין ספּאָנטאַנער באַגייסטערונג און זי אויפגענומען מיט אָוואַציעס. זי האָט אָנגעהויבן צו ריידן:

„אין נאָמען פון דריטן אַלרוסישן פויערים־קאָנגרעס בין איך באַפולמעכטיקט אייך צו דערקלערן, אַז די פויערים זענען געקומען אַהער, כּדי צו אַרבעטן צוזאַמען מיט אייך... נאָך קיינמאָל זענען נישט געשטאַנען פאַר אונז צילן פון אַזאַ קאָלאָסאַלער באַדייטונג און פון אַזאַ אומגעהייערער שווערקייט. אָבער אַ האָרעפּאַשנע פאָלק האָט נאָך אויך קיינמאָל נישט באַגעגנט מיט אַזאַ דרייסטקייט די לויערנדע סכּנות און זיך אַ הויב געטון קעגן זיינע אייביקע אונטערדריקער... די געשעענישן יאָגן זיך מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז זיי לאָזן הינטער זיך געוויסע פֿלומרשט־אומדערשיטערלעכע סיסטעמען און פּאָליטישע טעאָריעס. מיר טרעטן אַריין אין אַ נייער תּקופֿה פון דער געשיכטע, ווו די פראַגן, וואָס שטייען פאַר אונז, קאָן מען נישט מער מעסטן מיט די אַלטע מאָסן. אָט איז, למשל, די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, וואָס איז נאָך דאָ נישט לאַנג געווען אַ רעוואָלוציאָנערער לאָזונג. ערשט לעצטנס... האָבן מיר דערקענט, אַז דורך לאַנגע רעוואָלוציעס, אומענדלעכע דעבאַטן, קאָמפּליצירטע אָפּשטימונגען אין די פּאַרלאַמענטן קאָן מען נישט לייזן די בלוטיקסטע פראַגן פון פאָלק. נישט פּאַרלאַמענטן, נאָר דאָס פאָלק אַליין, אוממיטלבאַר, קאָן דורכפירן די סאָציאַלע באַפרייאונג פון די מענטשן. און ווען די דאָזיקע דערקענטעניש האָט זיך אין אונז פאַרפעסטיקט, האָבן מיר געמוזט זוכן פאַרן ווילן פון פאָלק אַנדערע וועגן. חברים, איר קענט די דאָזיקע וועגן זייט 1905, דאָס זענען די ראַטן פון אַרבעטער־ זעלנער־ און פויערים־דעפּוטאַטן!"

„אונזער פויערים־קאָנגרעס, וואָס פאַראייניקט זיך איצט מיט אייך, האָט אַ באַדינג, אַ פאָדערונג, אַ בקשה צו אייך: דער דאָזיקער קאָנגרעס פון די אַרבעטער, זעלנער און פויערים זאָל זיך נישט פאַנאַנדערגיין, ביז ער וועט נישט סאַנקציאָנירן דאָס געזעץ וועגן דער סאָציאַליזאַציע פון דער ערד. דאָס זאָל זיין אייער ערשטער געזעץ!"

די אָוואַציעס ווילן קיין סוף נישט נעמען. די רעדנערין ענ־

דיקט איר רעדע. אירע לעצטע ווערטער געהערן שוין נישט דעם רוסישן פּויערטום, דער רוסישער רעוואָלוציע; זיי געהערן דער גאַנצער לײַדנדער מענטשהייט:

,,פון דער ריכטונג, וואָס מיר ווילן געבן דעם ווייטערדיקן גאַנג פון דער רעוואָלוציע, פון דעם אויסזען פון אונזער ווייטערדיקן קאַמף, הענגט אָפּ דער גורל און דאָס לעבן פון די האַרעפּאַשניקעס פון דער גאַנצער וועלט. האַנדלדיק דאָס אין זינען, ווילן מיר אַר־בעטן, קעמפן און אפשר שטאַרבן — אין נאָמען פון איטערנאַציאָ־נאַלער ברידערלעכקייט. זאָל לעבן די ברידערלעכקייט פון אַלע פעלקער און נאַציעס!''

* * *

דער סאָלידאַרישער בונד פון די אַרבעטנדע קלאַסן איז אויך געקומען צום אויסדרוק אין דער האַרמאָנישער באַהאַנדלונג פון דער ערד־סאָציאַליזאַציע. לענין און דער באָלשעוויזם האָבן אַ לעבן־לאַנג באַקעמפט צוליב אידעאָלאָגישע טעמים די דאָזיקע אי־דייע פון די ס.אַצ.־רעוו. זיי האָבן נישט געגלייבט, אַז פאַר דער לאַנדווירטשאַפט זאָל מעגלעך זיין אַן אַנדער וועג צום סאָציאַליזם, אַ חוץ דעם פּראָלעטאַרישן און פאַבריק־מעסיקן. זיי האָבן אָבער אַקצעפּטירט די פרעמדע פּראָגראַם, ווייל זיי האָבן געזען, אַז הינ־טער איר שטייט דאָס גאַנצע פּויערטום. כמעט איינשטימיק האָט דער פאַריניקטער קאָנגרעס דעקרעטירט דעם ,,גרונטגעזעץ פון דער ערד'', וואָס האָט מיט זיך געעפנט דאָס קאַפּיטל פון דער גרעסטער אַגראַר ־ איבערקערעניש פון דער וועלט ־ געשיכטע. אָבער דער קאָנגרעס האָט געקאָנט אָננעמען בלויז די ערשטע ניינצן עיקרים פונם סאָציאַליזאַציע ־ געזעץ; די דעטאַלירטע אויסאַרבעטונג פון דאָזיקן קאָמפּליצירטן ווערק האָט ער געמוזט איבערלאָזן פאַר אַן אַנדער אָרגאַן. ווער איז געווען דער דאָזיקער אָרגאַן, ווי אַזוי האָט ער דערפילט די דאָזיקע אויפגאַבע?

אַזאַ גרויס סאָציאַל געזעץ, ווי די סאָציאַליזאַציע פון דער ערד אין רוסלאַנד, איז זעלטן אין דער געשיכטע אויסגעאַרבעט גע־וואָרן דורך אַזאַ קאָלעקטיוון שאַפן פון אונטן. דער גאַנצער פּויע־רים ־ קאָנגרעס איז פאַרבליבן אין פּעטראָגראַד צוויי וואָכן צוזאַ־מען און איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיטן גלייכצייטיקן קאָנ־

גרעס פון די פאַרשטייער פון אַלע ערד־קאָמיטעטן אין לאַנד. די דאָזיקע אומגעפער 1000 מענטשן האָבן זיך פאַרטיילט אין 26 קאָמיסיעס, צו 30—40 פערזאָן אין יעדער. עס האָבן אויסגעפעלט אינטעליגענטן, וויסנשאַפטלעכע פאַכמענער, אַנפירער. די פויערים אַליין זענען אין געשפאַנטער אַרבעט טאָג ווי נאַכט געזעסן איבערן קאָמפּליצירטן מעכאַניזם פון די געזעץ - פּאַראַגראַפן. און דאָס דאָזיקע פאָלק האָט אָן אויפהער קאָריגירט, פאַרבעסערט, געענדערט דאָס אים פאָרגעלייגטע געזעץ אין סאָציאַליסטישן גייסט. די טרייבנדע קראַפט אין די דאָזיקע וואָכן איז געווען די אומדערמידלעכע פאָרזיצערין, ספּירידאָנאָווא. דאָס געזעץ גופא איז געוואָרן פאָרגעלייענט, דערקלערט, פאַרטיידיקט דורכן יונגן מאַיאָראָף, געהילף פון לאַנדווירטשאַפטס - קאָמיסאַר. איליא מאַיאָראָף, אַ יונגער פויער מיט פרייטלעכע אויגן און אַ קינדישן שמייכל, האָט געשטאַמט פון דער ראַדיקאַל - געשטימטער גובערניע קאַזאַן. ער האָט געבראַכט אין דער רעוואָלוציע אַ סך מער ווי פערזענלעכן מוט און פויערים־האַס קעגן די פריצים. דער דאָזיקער געבילדעטער מענטש מיט דער פיינער זעלישער אָרגאַניזאַציע און דעם שטאָלענעם ווילן, איז געווען אַ ווונדערבאַרע דערשיינונג צווישן די פויערים - רעוואָלוציאָנערן: פאַרליבט אינם דאָרף און אין דער ערד, לויט זיין גאַנצן וועזן אַן עכט־רוסישע, נאַציאָנאַל - פּראַוואָרצלטע נאַטור. דערביי קיין שום שפור פון פויערישן פּראָווינציאַליזם אָדער קליינלעכן מלוכה - פּאַטריאָטיזם. פאַר מאַיאָראָפן איז דער פויער געווען פונקט ווי דער פּראָלעטאַריער — אין געוויסן זין נאָך מער פאַרן לעצטן — דער טרעגער פון רעוואָלוציאָנערן, סאָציאַלן און מאָראַלישן אמת. לענין און דער פּראָלעטאַריאַט זענען פאַר אים געווען גלייכווערטיקע פאַרבינדעטע אויפן וועג צו דער סאָציאַלער באַפרייאונג. ער איז אָבער נישט גענייגט געווען צו לאָזן זיך פירן בלויז דורכן באָלשעוויזם אַליין. ער וועט עס גאָר אינגיכן באַווייזן דורך קרבנותפולע קאַמפן.

די באַרבעטונג פונם אגראַר - געזעץ האָט עדות געזאָגט וועגן דער קראַפט און דער אחריותדיקייט פונם קאָלעקטיוון שאַפן. די פויערים - דעלעגאַטן האָבן קריטיקירט אפילו דעם געזעץ־פּראָיעקט פון די ל. ס. ר. און האָבן פון אים אויסגעמעקט יעדע מעגלעכקייט

פון א פריוואט - קאפיטאליסטישער אידייע. דער פאראגראף I האט פראקלאמירט: „אלע ארטן פון פריוואט - אייגנטום אויף ערד ווערן פון איצט אָן אָפּגעשאפט אויף אייביק אין די גרעניצן פון דער רוסישער פעדעראטיווער ראטן - רעפּובליק“. דער דאָזיקער טעקסט איז פאר די דעלעגאטן נישט גענוג געווען, זיי האָבן געפאָדערט מען זאָל אויסמעקן דאָס וואָרט „פריוואט“ פון דעם אייגנטום־באגריף. ווייל אויך דאָס מלוכה־ אָדער געמיינדע־אייגנטום אויף ערד מוז אָפּגעשאפט ווערן; די ערד קאָן זיין בלויז כלל־אייגנטום... און אזוי כסדר. אויף אזא אופן איז צושטאנדגעקומען דאָס באריממטע געזעץ, וואָס מיט יעדן פון זיינע קורצע פאראגראפן האָט עס אויפגעשטעלט א נייע וועלט. דאָס איז געווען יענער „שווארצער איבערטייל“ פון באָדן, יענע סאָציאלע גערעכטיקייט, וועגן וועלכער עס האָבן געטרוימט גענעראציעס רוסישע פויערים. די באפרייאונג פון דער ערד דארף פירן צו דער באפרייאונג פון דעם גאנצן מין מענטש אויף דער ערד. דאָס דאָזיקע אגראר־געזעץ וועט נישט נאָר פלאסטערן דעם וועג פארן סאָציאליזם אין דאָרף, נאָר ער וועט אויך אונטערמויערן און מעגלעך מאכן דעם סאָציאליזם פונם שטאָט־פּראָלעטאריאט.

די דעלעגאטן האָבן נישט פארלאָזן פעטראָגראד, ביז זייער געזעץ איז נישט באשטעטיקט געוואָרן דורך דער ראטן־עקזעקוטיווע. דעם 27־טן יאנואר איז פארגעקומען דער דאָזיקער אקט אין א פייערלעך - ערנסטער זיצונג. ספּירידאָנאָווא האָט אָפּגעגעבן א באריכט וועגן גאנג פון דער ארבעט און פארענדיקט מיט די ווערטער: „דעקרעטירנדיק איצט דאָס דאָזיקע געזעץ, שטעלט איר אויף א נייע אגראר־אָרדנונג, וואָס רוט אויף גערעכטע, סאָציאליסטישע יסודות. איר וועט קאָנען אויסרופן נישט נאָר: „ זאָל לעבן די ערד - סאָציאליזאציע“, נאָר אויך: „זאָל לעבן דער סאָציאליזם!“ „קיין שום דעבאטן!... אָפּשטימען... אָפּשטימען!...“ א וואלד הענט האָט זיך אויפגעהויבן אין אומבאשרייבלעכן יובל. די דעלעגאטן האָבן נאָך אלץ נישט פארלאָזן פעטראָגראד, ביז זיי האָבן נישט געהאט אין זייער האנט דעם געדרוקטן געזעץ. ספּירידאָנאָווא האָט פאראָרדנט, עס זאָל אין דער קירצסטער צייט אָפּגעדרוקט ווערן. צוויי דרוקערייען האָבן געארבעט א גאנצן טאָג, און

מען האָט זיי איבערגעגעבן די בראַשור מיטן געזעץ. איצט זענען זיי אַלע אַוועק איבערן לאַנד, כּדי אומעטום אָנצוזאָגן די בשורה וועגן ענדגילטיקן רעכט אויף ערד, אויף אַרבעט, אויף לעבן.

* * *

מיר מוזן צוריקקערן צום III ראַטן־קאָנגרעס. ער האָט נישט נאָר געשאַפן דאָס אַגראַר־געזעץ,—ער האָט אויך געגעבן די ענדגילטיקע פאָרם דער פּאָליטישער געביידע פון דער ראַטן־מלוכה. סטאַלין האָט אַריינגעטראָגן די רעזאָלוציע. רוסלאַנד איז דערקלערט געוואָרן אַלס סאָציאַליסטישע ראַטן־רעפּובליק, וואָס „איז אויפגעבויט אויפן יסוד פון פריוווילינקן בונד פון די פעלקער, אַלס אַ פעדעראַציע פון ראַטן־רעפּובליקן פון די דאָזיקע פעלקער". איז דען מעגלעך, עס זאָל האָבן דערקלערט געוואָרן אַ פעדעראַציע? האָט זיך דען רוסלאַנד נישט געפונען אין צושטאַנד פון בירגער־קריג, איז דען אין אוקראַינע נישט פאָרגעקומען קיין מרידה, האָט זיך דען דער קאָזאַקישער דאָן נישט געשטעלט אין פראָנט קעגן פעטראָגראַד? יאָ, עס האָט געהערשט בירגער־קריג, — און טאַקע דערפאַר האָט דער ראַטן־קאָנגרעס צוגעזאָגט אַלע נאַציעס פון דער מלוכה זעלבסטבאַשטימונגס ־ רעכט. דורך דער פעדעראַציע האָט ער זיי שטאַרקער געוואָלט צובינדן צו די סאָציאַליסטישע צילן פון דער רעוואָלוציע. גראָד אין יענע טעג האָט דער קאָנגרעס פריידיק איבערגעלעבט די אַנטשטייאונג פון דער ערשטער שכנותדיקער ראַטן־רעפּובליק. פינלאַנד, וואָס איר פרייהייט איז אָקאָרשט אָנערקענט געוואָרן דורך דער ראַטן־רעגירונג, האָט אַראָפּגעוואָרפן איר בירגערלעכע רעגירונג און איז אַרויפגעטראָטן אויפן וועג פון דער רוסישער רעוואָלוציע. אויב אין פינלאַנד איז מעגלעך געווען די דאָזיקע ענדערונג, טאָ פאַרוואָס נישט אויך ביי די אַנדערע פעלקער פון פריערן רוסלאַנד?

אַ שווערע פּאָליטישע לאַסט זענען געווען די אונטערהאַנדלונגען אין בריסק. די שליחים פון די אימפּעריאַליסטישע צענטראַל־מלוכות האָבן געפאָדערט אַן ענטפער. דאָס, וואָס זיי האָבן געפאָדערט, אַז געווען אַ פאַרשטעלטע אַנעקסיע פון די ראַנד־מלוכות. טראָצקי האָט אויפן קאָנגרעס געשילדערט די לאַגע מיט דער גאַנצער אָפנקייט. וואָס זאָל מען טאָן? פירן אַ קריג, אַ סעפּאַראַטן

קריג (אן דער פארבינדונג מיט דער אנטאנט)? דאס איז געווען אויסגעשלאסן. זאל מען שליסן מיט דייטשלאנד א סעפאראטן שלום? דאס וואלט געווען א קלאפ פאר דער פראגראם פון דער רעוואלוציע; דאס וואלט אריינגעבראכט א צעמישעניש צווישן די פראלעטאריער פון אלע לענדער. הייסט עס, אז נישט קיין קריג און נישט קיין שלום. די קראפט, וואס וואלט געקאנט צוריקהאלטן די האנט פון די אימפעריאליסטן, איז געלעגן ביים ,,פיינטלעכן פראלעטאריאט’’. צי וועט ער ווערן אקטיוו אין קריטישן מאמענט? און פלוצלונג זענען געקומען די באגליקנדע ידיעות: מרידות אין עסטרייך, אין אונגארן, אין דייטשלאנד, גענעראל־שטרייקן אין ווין, אין בודאפעשט. דאס פאלק הונגערט, בענקט נאך שלום מיט רוסלאנד. אויך אין בערלין — אמוניציע־שטרייק פון די ארבעטער. אין האמבורג, אין קיל, אין נירנבערג. אינם ראטן־לאנד האבן אויפגעבליט נייע געוואלטיקע האפנונגען. עס האט געשיינט, אז מען שטייט אויפן שוועל פון דער וועלט־רעוואלוציע. די רוסישע שלום־דעלעגאציע איז מיט די דאזיקע האפנונגען ווידער געפארן קיין בריסק.

אויפן דאזיקן קאנגרעס איז ספירידאנאווא באשערט געווען איבערצולעבן אן אומדערווארטע פרייד. ווען דער פארזיצער פון קאנגרעס, דער באלשעוויק סווערדלאוו, האט געעפנט די זיצונג פון 16 יאנואר, האט ער פארגעשלאגן דער פארזאמלונג צו באגריסן מאריא ספירידאנאווא. עס איז געווארן 12 יאר, זינט די האנט פון דער יוגנטלעכער רעוואלוציאנערין האט זיך אויפגעהויבן קעגן אונטערדריקער פון פאלק. ווען ספירידאנאווא איז ארויף אויף דער טריבונע, כדי צו זאגן א פאר דאנק־ווערטער, האבן די ווענט געציטערט פון די שטורמישע אוואציעס. ,,יענע יארן — האט זי געזאגט, — האבן ארויסגעבראכט א סך אזעלכע מענטשן, ווי איך. עס איז בלויז א צופאל, וואס איך בין דא אריינגעפאלן אין ברענפונקט פון געזעלשאפטלעכן אינטערעס. טויטנדיק די דינער פון צאר ניקאלאי, האבן מיר דערפילט בלויז אונזער חוב, חברים! עס איז א גרויס גליק, א טיפע פרייד, צו דינען דעם פאלק, וואס האט זיך געקווילט לאנגע, אומענדלעך לאנגע יארן אונטערן יאך פון שקלאפעריי... אייער לויב נעם איך אן מיט דער גרעסטער באשיידנ־

קייט און טראָגט עס אַרויף אויפן חשבון פון יענע אידייען, אין וועמענס דינסט מיר שטייען, די אידייען פון קאַמף פאַרן שאַפנדן פאָלק און דער אינטערנאַציאָנאַלער ברידערלעכקייט. „נישט מיר, נאָר דיין נאָמען!‟ ספּירידאָנאָווא פאַרנייגט זיך טיף פאַר דער פאַרזאַמלונג, וואָס באַגריסט זי שטייענדיקערהייט און קאָן זיך לאַנג נישט באַרואיקן, א דערשיטערטע.

די זעלבע ווערטער — וועגן גרויסן גליק צו דינען דעם קאַמף מיטן צאַריזם, איז ספּירידאָנאָווא באַוווּנדערט געוואָרן דורך קריגס־געריכט אין טאַמבאָוו. זייט יענער צייט האָט זיך א סך געענדערט אין דער פּאָליטישער אַטמאָספערע פון לאַנד. דאַן, בעתן אַלע שיכטן פון רוסישן, צו פרייהייט שטרעבנדיקן פאָלק; איצט, ווען דער קאַמף איז געגאַנגען קעגן קאַפּיטאַליזם, האָבן זי די בירגערלעכע און ליבעראַלע שיכטן פאַרפאָלגט מיט האַס און שפּאָט, אלס „משוגענע פאַנאַטיקערין‟. ספּירידאָנאָווא איז זיך אָבער געבליבן טריי; זי וועט זיך בלייבן טריי אויך אין א יאָר אַרום, ווען עס וועט זיך אָנהויבן איר נייע טראַגעדיע.

.XI

## קאַמף פאַרן שלום

די רעוואָלוציע איז ווייטער געגאַנגען מיט איר שטורמישן גאַנג. אויף אַלע געביטן פון מלוכהשן, ווירטשאַפטלעכן און גייסטיקן לעבן זענען איינגעפאַלן די דורכגעפוילטע בנינים. די לופט האָט אָפּגעהילכט פון די מונטערע האַמער־קלעפּ אין אַלע עקן לאַנד. די ראַטן־רעגירונג פון אויבן, די לאָקאַלע ראַטן, אומצאָליקע קאָלעקטיוון און איינצלנע גרופּעס אין שטאָט און דאָרף, אין אַרמיי און פלאָט האָבן צעשטערט און אָפּגעשאַפט, רעפאָרמירט און רעוואָלוציאָניזירט אַלץ, וואָס האָט נאָר א שייכות צום מענטשלעכן לעבן. די רעגירונג און די מאַסן זענען געשטאַנען אין אומענדלעכן רוים פון רעוואָלוציאָנערן לאַנד מיטן גלויבן, אז איצט איז „אַלץ מעגלעך‟ געוואָרן, אז זיי פאַרמאָגן די אומבאַשרענקטע

פריהייט אויפצובויען דאָס הערלעכסטע לעבן פון די מענטשן. אַלץ, וואָס וויסנשאַפט און קולטור האָבן ווען עס איז געשאַפן, דער גאַנצער אמת און די גאַנצע גערעכטיקייט, וואָס דער מענטשלעכער געניום האָט ווען עס איז דערגרייכט און אויסגעטרוימט, — אַלץ האָט געדאַרפט פאַרווירקלעכט ווערן תיכף־ומיד, גלייך אויפן אָרט, אויף אייביק, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. דער גרויסער רוסישער דיכטער, אַלעקסאַנדער בלאָק, איז מיטגעריסן געוואָרן דורכן דאָזיקן ווילדן וויכער פון דער געשיכטע. ער האָט זיך שאַרף אָפּגעגרעניצט פון די יאָמערנדיקע און שעלטנדיקע קינסטלער פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט און אויפגעפאָדערט „צוצוהערן זיך צו דער מוזיק פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט דורכגעריסן די לופט מיט אירע הונער־קלאַנגען”. מיט אומגעצוימטער פרייד האָט ער געשריבן דאָס, וואָס האָט אַלעמען באַזעלט.

„אַלץ אַנדערש מאַכן. אַזוי איינאָרדענען, אַז אַלץ זאָל באַנייט ווערן, אַז אונזער ליגנעריש, שמוציק, לאַנגווייליק, העסלעך לעבן, זאָל ווערן גערעכט, ריין, פריידיק און שיין”.

* * *

דאָס פאָלק אין פעטראָגראַד האָט געהונגערט. עס האָט באַקומען אויף די ברויט־קאַרטן נישט מער ווי אַ פערטל פונט פראָ נפש. די אייזנבאַנען, די לעבנסמיטל־אַמטן האָבן פונקציאָנירט מיט די גרעסטע שוועריקייטן. אָבער גלייכצייטיק איז פעטראָגראַד פאַרפלייצט געווען מיט קאָנגרעסן, קאָנפערענצן, באַראַטונגען פון גאַנץ רוסלאַנד: דער אַלרוסישער קאָנגרעס פון די פּראָפאַריינען, דער קאָנגרעס פון די ערד־קאָמיטעטן, אַ קאָנגרעס פון די שפּייז־קאָמיטעטן, אַ קאָנפערענץ פאַר דעמאָביליזירן די אינדוסטרי; באַראַטונגען פון אַרמיי־קאָמיטעטן און מאַטראָזן־אָרגאַניזאַציעס, ערשטער קאָנגרעס פון רעוואָלוציאָנערע קאָזאַקן. די דאָזיקע מאַסן־באַראַטונגען האָבן דערלידיקט נישט נאָר לויפנדע ענינים, — זיי האָבן ראַדיקאַל איבערגעבויט די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען געשטאַנען אין זייער רשות. עס איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די פאַבריק־קאָמיטעטן פון גאַנץ פעטראָגראַד. זייט דעם 1־טן יאַנואַר האָבן די פאַבריקן מער נישט באַקומען קיין קריגס־באַשטעלונגען; עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרבעטסלאָזיקייט, די אונטערנעמער

האָבן נישט געזאָרגט פאַר די באַטריבן. די ראַטן־רעגירונג האָט נאַציאָנאַליזירט אַלץ מער גרויס־באַטריבן, אויך די פּוטילאָווער. די פּראָלעטאַרישע פאַבריק־קאָמיטעטן האָבן קאָנטראָלירט, רעגולירט, אָנגעפירט די פּראָדוקציע. פריער האָבן זיי דאָס געטון יעדער באַזונדער אין זייער באַטריב צוליב נויט, איצט האָבן זיי דאָס געוואָלט טון צוזאַמען, לויט אַן איינהייטלעכן פּלאַן. אין די אַלטע קאַפּיטאַליסטישע פאַבריקן האָבן זיי אויסגעבויט אַ נייע דיסציפּלין, נייע אַרבעטס־ציילן.

לונאַטשאַרסקי, דער פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר בילדונג, האָט פאַרעפנטלעכט דעם דעקרעט וועגן דער נייער שול־אָרדנונג. אַלע קייטן פון דער אַמאָליקער שול זענען אַראָפּגעפאַלן. מען האָט אָפּגעשאַפט די אויפזיכט איבער די לערער און שילער. די שילער האָבן באַקומען זעלבסטפאַרוואַלטונגס־רעכט, די עלטערן זענען צוגעצויגן געוואָרן צו אַקטיווער מיטאַרבעט, מען האָט געלייגט די פונדאַמענטן פאַר אַן אַרבעטס־שולע. די האַרעפּאַשניקעס האָבן באַקומען דעם פרייסטן און אומזיסטן צוטריט צו בילדונג. דורך אַ דעקרעט איז די קירכע אָפּגעטיילט געוואָרן פון דער מלוכה, און די שולע פון דער קירכע. דאָס גאַנצע אייגנטום פון די רעליגיעזע פאַרבאַנדן איז דערקלערט געוואָרן אַלס פאָלקס־אייגנטום. דאָס גאַנצע יוסטיץ־וועזן איז רעוואָלוציאָניזירט געוואָרן. דורך אַ ריי דעקרעטן זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן אַלע געריכטס־, אינטערזוכונגס־ און אַדוואָקאַטור־אינסטיטוטן, אָנגעהויבן פון דער אונטערשטער צעלע — דעם פרידנס־געריכט, ביז צו דער העכסטער אינסטאַנץ — דעם סענאַט. אויף זייער אָרט — אַ פּיראַמידע פון נייע אָרגאַנען, געפירט דורך פאָלקס־מענטשן, דורכן רעוואָלוציאָנערן באַוווסטזיין. דער יסוד — אַ פאָלקס־געריכט פאַר ציווילע און שטראָף־ענינים, וואָס באַשטייט פון געוויילטע אַרבעטער, זעלנער, פּויערים. זיי קענען טאַקע נישט קיין ציוויל־ און שטראָף־קאָדעקסן פון דער צאַריש־פעאָדאַלער און בירגערלעך־קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע. אָבער לויט אַ דעקרעט דאַרפן זיי זיך שטיצן אויף זייער „סאָציאַליסטישן געוויסן“. נישטאָ קיין בעסערער מקור פון גערעכטיקייט, פון גערעכטער מילדקייט און שטרענגקייט אין דער ניי־אויפקומענדיקער סאָציאַלער וועלט, ווי דאָס האַרץ און דער פאַרשטאַנד פון אַרבעטנדן און לײַדנדן פאָלקס־מענטשן. נישט קיין

פראָקוראָרן און נישט קיין אדוואָקאטן אלס אָפּגעשלאָסענע קאסטע, וואָס דארפן לויטן בארוף בלויז באַשולדיקן אָדער נאָר פאַרטיידיקן! אויך פון פובליקום אין געריכטס־זאַל דארפן יעדעס מאָל אנטיילנעמען אין פראָצעס איין אָנקלאָגער און איין פאַרטיידיקער. פון פאָלקס־געריכט בויט זיך אויס פון אונטן די גאַנצע געריכטס־אָרגאַניזאַציע. די פאָלקס־געריכטן וויילן די העכערע, די העכערע — די העכסטע. פאַר פאַרברעכנס קעגן דער רעוואָלוציע איז קאָמפּעטענט דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל. דער נאָמען איז אַנטליען געוואָרן בײַ דער פראַנצויזישער טעראָר־עפּאָכע, אָבער דער טריבונאַל איז נישט געווען קיין אָרגאַן פון קלאַסן־האַס און סאָציאַלער נקמה. ער האָט געהאַט אַלס באַזע אַ פעסטע יוסטיץ־קאָנסטיטוציע, און זיינע ערשטע פּראָלעטאַרישע פּאָרזיצער זענען געווען אַ בײַשפּיל פון רעוואָלוציאָנערער אחריות און הומאַנישקייט גראָד לגבי דעם קלאַסן־קעגנער. פאַר אַלע יונגטלעכע ביז 17 יאָר זענען בכלל אָפּגעשאַפט געוואָרן געריכטן און תפיסה־שטראָפן. זייער אָרט האָבן פאַרנומען „קאָמיסיעס פאַר מינדעריאָריקע", וואָס זענען באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון יוסטיץ, פאָלקסבילדונג און סאָציאַלער אויפזיכט (צווישן זיי אַ דאָקטאָר).

די אַרמיי איז דורך אַ דעקרעט פון 30־טן יאַנואַר אויפגעלייזט געוואָרן אין אירע אַלע פאָרמאַציעס. אויף איר אָרט איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער אויפבוי פון אַ רויטער אַרבעטער־ און פּויערים־אַרמיי. די נײַע באַוואָפנטע מאַכט פון די ראַטן האָט געזאָלט זײַן אַ פּריוויליקע, וואָס זאָל „באַשטיין פון די באַוואוסטזיניקסטע און אָרגאַניזירטסטע עלעמענטן פון די האָרעפּאַשנע קלאַסן". אין דער רויטער אַרמיי קאָן אַרײַנטרעטן יעדער איינער, וואָס איז גרייט מקריב צו זײַן זיינע כוחות און זײַן לעבן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די דעראָבערונגען פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע". אויך דער פלאָט איז דערקלערט געוואָרן אַלס אויפגעלייזט. זײַן אָרט האָט געדאַרפט פאַרנעמען אַ נײַער סאָציאַליסטישער רויטער פלאָט.

אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט האָט אַנטוויקלט די פּויערים־עקזעקוטיווע. נאָכן דריטן ראַטן־קאָנגרעס איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער „פּויערים־סעקציע" פון דער געמיינזאַמער צענ־

טראַל־עקזעקוטיווע פון די אַרבעטער־ און פּויערים־ראַטן. אין דער
שפּיץ פון דער פּויערים־סעקציע איז געשטאַנען ספּירידאָנאָווא. די
פּויערים פון די צאָלרייכע רוסישע דערפער האָבן געפאָדערט תּי־
כּפדיקע ענטפערס וועגן ערד־פאַרטיילונג, וועגן דראָענדיקן הונ־
גער, וועגן באַהאַנדלען פי, וועגן באַצאָלן די פאָלקס־לערער, וועגן
פּענסיעס פאַר זעלנער־פרויען, וועגן אומגעזעצלעכן רופן אין מי־
ליטער. מען האָט שטורמיש געפאָדערט ליטעראַטור, בילדונג. די
פּויערים פון אַטקאַרסק (סאַראַטאָווער גובערניע) האָבן געשריבן:
„מיר פאַרשטייען, אַז אין איצטיקער צייט פון אַלגעמיינעם אויפ־
בוי, מוזן אויך מיר אַריינמויערן אונזער ציגל אין צוקונפטיקן
בניין פון דער רעפּובליק. אָבער, חברים, מיר זענען בלינד, מיר
פאָלגן נישט נאָך די געשעענישן, וואָס יאָגן איינע די צווייטע מיט
דער שנעלקייט פון אַ בליץ. מיר בעטן אייך, העלפט אונז צו ווערן
זעעוודיק, אַראָפּצורייסן פון אונזערע אויגן די בינדע, מיט וועל־
כער די פאַרברעכערישע ראָמאַנאָור־צאַרן האָבן אונז פאַרבונדן.
מיר, רוסישע מענטשן, האָבן פון תּמיד אָן געשטרעבט צו ביל־
דונג. אונזער גרויסע רעוואָלוציע האָט אונז געעפנט די טיר צו
איר. שיקט אונז צייטונגען און רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, ווייל
אַז נישט איז דאָס לעבן פון דאָרף טויט". די סעקציע האָט אַרויס־
געגעבן אַ טעגלעכע צייטונג — „די שטימע פון האָרעפּאַשנעם
פּויערטום". זי האָט אָבער נישט געקאָנט שטילן דעם גייסטיקן
הונגער פון אויפגעוואַכטן דאָרף. הונדערטער אַגיטאַטאָרן זענען
געשיקט געוואָרן איבערן לאַנד, אָבער עס האָבן תּמיד געפעלט
מענטשן, וואָס זאָלן קאָנען באַדינען און אָרגאַניזירן אַלע דער־
פער. נאָכן אָננעמען דעם סאָציאַליזאַציע־געזעץ, האָט די סעקציע
עס געוואָלט דורכפירן פּלאַנמעסיק אין אַלע פּראָווינצן פון לאַנד,
לויט די פאַרשידנסטע באַדינגונגען פון קלימאַט, ערד, מענטשן־
מאַטעריאַל. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאָדערן ביי דער רעגי־
רונג 15 מיליאָן רובל אויף צו אָרגאַניזירן אַ אינסטרוקטאָרן־נעץ.
הונדערטער באַגייסטערטע מענטשן האָבן געשטראָמט אויף די־
דאָזיקע קורסן. ווער זענען געווען די דאָזיקע אינסטרוקטאָרן, דאָרף־
קאָרעספּאָנדענטן, אַגיטאַטאָרן, פּויערים־רעוואָלוציאָנערן? אפשר
מענטשן מיט קלינגענדיקע נעמען, „פּירער" מיט אַן אָפּגעשטעמ־

פעלטער פאַרגאַנגענהייט און... כּבוד־גייציקע אַספּיראַציעס? ניין, דאָס זענען געווען אַנאָנימע מענער פון פויערטום, פּונקט ווי די איבערקערערישע אַרבעט אין די פאַבריק־באַטריבן איז אויסגע־טראָגן געוואָרן דורכן אַנאָנימען, פון דער מאַסע אויפּטויכנדיקן פּראָלעטאַריער. אַנאָנימקייט איז בכלל געווען דער סימן מובהק פון דער רעוואָלוציע, נישט געקוקט אויף איינציקע, איבער די מאַסן שטראַלנדע נעמען. דאָס איז נישט געווען די עפּאָכע פון לענין, טראָצקי אָדער ספּירידאָנאָוואַ; ס'איז געווען די עפּאָכע פון קאָ־לעקטיווין העלדנטום. די שטיינערנע „מאַסע" פון די מענטשן־באַ־שעפענישן, וואָס האָבן ביז דאַן געבילדעט דעם פונדאַמענט פון דער געשיכטע, האָט דערוואַכט צום באַוועגלעכן לעבן פון אַ קאָ־לעקטיוו. פון דער דאָזיקער קאָלעקטיווער מאַסע האָבן אויפגע־טויכט הונדערטער און טויזנטער אומבאַקאַנטע מענער און פרויען, וואָס זענען גלייכצייטיק געווען פירער און געפירטע.

דער רעוואָלוציע איז אָבער נישט באַשערט געווען אָפּצוגעבן זיך בלויז מיט שעפערישער אַרבעט. זי האָט געמוזט האַלטן אין דער האַנט גלייכצייטיק דעם רידל און דאָס שווערד. אין לאַנד האָט געווילדעוועט דער בירגער־קריג און האָט מיט זיין בייז־בשו־רהדיקן פייער ארומגעכאַפּט אַלע נייע פּראָווינצן. אין שווערן קאַמף קעגן דער ווייסער גוואַרדיע איז געשטאַנען דאָס סאָציאַליסטישע פינלאַנד. ביים דאַן האָט זיך קאָנסטיטואירט די גרויס - רוסישע קאָנטר־רעוואָלוציע. די גענעראַלן קאָרנילאָוו און אַלעקסעיעוו האָבן אָנגעפירט מיט איר; די פּאָליטיקער מיליוקאָוו און ראָדזיאַנקאָ האָבן איר געגעבן די פּראָגראַם. אין אוקראַינע איז די ראַטן־מאַכט אויפגעשטיגן פון כאַרקאָוו און האָט אין פאַרביטערטן קאַמף דער־אָבערט ביי דער נאַציאָנאַליסטישער ראַדאַ שטאָט נאָך שטאָט, ביז זי האָט זיך באַזעצט אין קיעוו. אין אָרענבורג האָט די רעוואָ־לוציע געקעמפט קעגן די קאָזאַקן פון גענעראַל דוטאָוו, אין בע־סאַראַביע — קעגן די מאָנאַרכיסטישע רומענער. דאָס איז נאָך ווייט נישט געווען קיין בירגער־קריג אין יענעם פאָרנעם און מיט יענע מיליטעריש־אויסגעבילדעטע פאָרמאַציעס, ווי שפּעטער אין די יאָרן 1919-21. אָבער דידאָזיקע אַלע קאַמפן זענען געווען מבש־רים פון יענעם גרויסן בירגער־קריג, און פעטראָגראַדער רויט־

גוואַרדייער און מאַטראָזן זענען כּסדר געגאַנגען צו דיראָזיקע אַלע פראָנטן. די ציישונגען זענען פול געווען מיט קריג־כראָניק.

מייסטנס האָט געזיגט אין דיראָזיקע קאַמפן די רעוואָלוציע. אָבער די קאַמפן האָבן באַנייט אָדער נישט געלאָזט פאַרשווינדן געוויסע זייטן און פאַרשטעלונגען, וואָס זענען אייגן געווען דעם אָקאָרשט־פאַרענדיקטן אימפּעריאַליסטישן קריג. געוויסע שטריכן פון ברוטאַליטעט זענען אַריינגעדרונגען אין דער רעוואָלוציע, בעת די מאַסן האָבן געשטרעבט צו אַ טעטיקייט, וואָס איז פול מיט הומאַניסטישן גייסט. און נאָך עפּעס איז געווען, וואָס האָט אָפּגעלענקט די רעוואָלוציע פון איר וועג: דער אָנהויב פון טעראָר. אַ טייל פון דער מאַסע איז באַגאַנגען אַקטן פון לינטש־יוסטיץ: נישט אומעטום איז די מענטשלעכע בעסטיע צעשמאָלצן געוואָרן אין פייער פון דער רעוואָלוציע.[1] די גנבים און רויבער האָבן ווייטער געפירט זייער אַרבעט אין דער אַלגעמיינער צערודערונג, די זיכערקייטס־אָרגאַנען האָבן נאָך נישט געזיכערט קיין זיכערקייט. מען האָט געליטן הונגער און נויט. און כּסדר האָט אַ רויבער פלעגט דערוואַכן די בעסטיע אין גאַס־המון... אָבער טעראָריסטישע פּאָליטישע שטימונגען זענען אַרויסגערופן און געפלעגט געוואָרן פון אויבן, דורך דער באָלשעוויסטישער פּראָפּאַגאַנדע אין וואָרט און שריפט. דאָ איז קאָנטיק געווען דער אונטערשייד צווישן די באָלשעוויקעס און די לינקע ס. ר. פאַר די ל. ס. ר. איז די אָנווענדונג פון געוואַלט געווען אַ אומפאַרמיידלעכער וואָפן, וואָס מוז באַנוצט ווערן מיט דער גרעסטער סאָציאַליסטישער פאַרזיכט, — טאַקע דערפאַר, ווייל דאָס איז אַ שאַרף געווער. די געוואַלט פירט אומפאַרמיידלעך צו אַ פאַרביטערונג צווישן די קלאַסן, אַ פאַרביטערונג, וואָס מוז אינגיכן נעמען ווירקן אויך אין די פּראָלעטאַרישע קלאַסן. סאָציאַלע רעוואָלוציע איז טריאומף פון דאָס מענטשלעכע איבער דער קלאַסן־געזעלשאַפט, דעריבער קאָן זי נישט דערלאָזן, אַז רעוואָלוציאָנערע געוואַלט זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין האַספּולן טעראָר. פאַר די באָלשעוויקעס אָבער איז געוואַלט געווען אַ סיסטעמאַטישער מעטאָד פון סאָציאַליסטישן קאַמף, — אַ מעטאָדע, וואָס איז גוט אויף צוצוגעבן פייער דעם פּראָלעטאַריאַט און אים רעוואָלוציאָנער „טיכטיק מאַכן". קלאַסן־

קאַמף איז אין דער רעוואָלוציע קלאַסן־קריג; די דערפאָלגרייכע
דורכפירונג פונם קלאַסן־קריג פאָדערט צו אונטערדריקן יעדע אַל־
געמיין־מענטשלעכע סקרופולן. ערשט אין בירגער־קריג באַגרייפט
דער אַרבעטער פולשטענדיק זיין היסטאָרישע אויפגאַבע. ער דאַרף
פירן נישט נאָר אַ רעוואָלוציאָנערן מאַסן־קאַמף קעגן די קאַפּיטאַ־
ליסטישע אינסטיטוציעס, נאָר אויך אַ טעראָריסטישן קאַמף קעגן
די פּערזאָנען־פאָרשטייער פון די דאָזיקע אינסטיטוציעס.

דער דאָזיקער אונטערשייד צווישן די בײדע פּאַרטייען האָט די
ערשטע צייט נישט געפירט צו קיין קאָנפליקטן. אין וויכטיקע
פאַלן פון אָנווענדן געוואַלט זענען זיי געווען אייניק. אַ טאָג נאָכן
פאַנאַנדערלאָזן די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט אַ באַנדע מאַט־
ראָזן דערמאָרדעט אויף אַ געמיינעם אופן צוויי פריערע ליבעראַלע
מיניסטאָרן פון דער קערענסקי־רעגירונג*). טיף עמפּערט האָט דער
צענטראַל־קאָמיטעט פון די לינקע ס. ר. דערקלערט: „מיר פּראָ־
טעסטירן ווי צום שאַרפסטן קעגן אַקט פון ווילדער לינטש־ יוס־
טיץ איבער פּאָליטישע קעגנער פון דער רעוואָלוציע. אַלע, וואָס
דינען דעם סאָציאַליזם, דאַרפן אויפנעמען דעם קאַמף קעגן די־
דאָזיקע שונאים פון דער רעוואָלוציע, וואָס גראָבן אונטער די
מאָראַלישע גרויסקייט פון דער סאָציאַלער איבערקערעניש!".

נישט אַנדערש האָט געשריבן די באָלשעוויסטישע „פּראַווּ־
דאַ": „מען קאָן סאָציאָלאָגיש דערקלערן אַזעלכע עקלהאַפטע
פאַקטן, אָבער דאָס געוויסן פון רעוואָלוציאָנער איז נישט אימ־
שטאַנד זיי צו רעכטפאַרטיקן. אַ ריינע זאַך פאָדערט ריינע מיט־
לען. דער פּראָלעטאַריאַט קאָן זיך נישט אָפּרעכענען מיט זיינע
פיינט דורך פאַרניכטן איינצלנע פּערזאָנען, ווי דאָס טוען די
קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן". לעניין און אַלע רעגירונגס־אָרגאַנען
האָבן אָנגענומען אַלע מיטלען כּדי צו כאַפּן און משפּטן די פאַר־
ברעכער.

אויף אַ זיצונג פון דער ראַטן־רעגירונג אין פעברואַר 1918,
האָט אַ פאָרשטייער פון דער פויערים־עקזעקוטיווע אויפגעהויבן די

---

*) פאַרגלייך וועגן דעם אין מחברס בוך: „זכרונות פון אַ
פאָלקס־קאָמיסאַר". פאַרלאַג ה. בזשאָזאַ.

פראַגע וועגן צאַר. די צאַרישע פאַמיליע איז דאַן אינטערנירט געווען אין דער סיבירער שטאָט טאָבאָלסק. דער פאָרשלאָג־געבער האָט געפאָדערט, מען זאָל תּיכף ברענגען דעם צאַר קיין פּעטראָגראַד און שטעלן אים פאַר א רעוואָלוציאָנערן געריכט. „עס איז נישטאָ — האָט ער דערקלערט — קיין בעסער מיטל אויסצומיידן אויף שטענדיק די צוריקשטעלונג פון א מאָנאַרכיע, ווי דורך אָוועקזעצן די מאָנאַרכיע אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, אויפדעקן אַלע ווונדן פון אַראָפּגעוואָרפענעם רעזשים און שטעמפּלען זיי מיט שאַנדע אויף אייביק". מאַריאַ ספּירידאָנאָווא איז אויף דערהאָזיקער זיצונג געווען פאָרזיצערין פון דער פּויערים־סעקציע. זי איז ענערגיש אַרויסגעטרעטן קעגן פאָרשלאָג. זי האָט געווּסט, אַז א צאַרן־פּראָצעס ווערט געמאַכט בלויז מיטן צוועק צו וואַרפן צו די פיס פון המון דעם קאָפּ פון פריערן אויטאָקראַט. א סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע דאַרף נישט און האָט נישט נויטיק נאָכצוטאָן די ביישפּילן פון דער בירגערלעכער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. ספּירידאָנאָווא האָט געווּסט, אַז עס איז אַפילו ספקדיק, צי די צאַרן־פאַמיליע וואָלט אויפן וועג קיין פּעטראָגראַד געבליבן לעבן: אומעטום וואָלט איר געדראָט א לינטש־יוסטיץ. דאָס דאָזיקע בלוטיקע שוי־שפּיל האָט ספּירידאָנאָווא געוואָלט איינשפּאָרן איר פאָלק. די פאָלקס־קאָמיסאַרן פון די ל. ס. ר. זענען מיט איר איינשטימיק געווען. אַלע בליקן האָבן זיך געווענדעט צו לענינען, וועמעס מיינונג עס איז געווען מאָסגעבנדיק פאַר די באָלשעוויסטישע פאָלקס־קאָמיסאַרן... און אויך לענין האָט אָפּגעוואָרפן דעם טראַנספּאָרט פון צאַר קיין פּעטראָגראַד. — עס איז איצט נישט די ריכטיקע צייט — האָט ער געזאָגט, — די מאַסן האָבן צו טון א סך אַנדערע זאַכן... עס וואָלט אָבער נויטיק געווען, תּיכף צוטרעטן זאַמלען מאַטעריאַלן פאַר א שפּעטערדיקן פּראָצעס. דעם יוסטיץ־קאָמיסאַר דאַרף איבערגעגעבן ווערן די דאָזיקע צוגרייטונגס־אַרבעט פאַרן רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל...— ספּירידאָנאָווא האָט געשמייכלט. לענין האָט נאַטירלעך אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג צוליב פּאָליטישע טעמים, און דורך איבערגעבן דער יוסטיץ צו „זאַמלען מאַטעריאַלן" האָט ער די זאַך געוואָלט באַגראָבן. ספּירידאָנאָווא איז געווען צופרידן וואָס אין

דערדאָזיקער פראַגע איז אַזוי ליכט דערגרייכט געוואָרן אַ אייניקייט.

אָבער פרינציפּיעל האָבן די באָלשעוויקעס געהאַט אַן אַנדער באַציִונג צום טעראָר, ווי די ל.ס. ר. זיי האָבן אויך נישט געלאָזן דורכפירן ביזן סוף דעם קאַמף קעגן די מערהדער פון די צוויי מיניסטאָרן. זייער פרעסע האָט נאָך ווי פריער דעמאַגאָגיש געהעצט קעגן אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע קעגנער. די רעדעס, וואָס לענין האָט געהאַלטן פאַר די רויט־גוואַרדייער, וואָס פלעגן גיין צו די פראָנטן פון בירגער־קריג, זענען געווען אַ פאַרהערלעכונג פון קלאַסן־האַס און סאָציאַלער סקרופּוללאָזיקייט. דעם 14־טן פעברואַר האָט דער פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר יוסטיץ געשיקט אַ טעלעגראַם צו די פראָווינץ־ראַטן: „נעמענדיק אין באַטראַכט די פאַרפעסטיקטקייט פון דער ראַטן־מאַכט, איז, לויט אונזער מיינונג, געקומען די צייט, ווען עס קענען אָפּגעשטעלט ווערן די סיסטעמאַטישע רעפּרעסיעס קעגן פערזאָנען, אינסטיטוציעס און פרעסע. די אונטערדריקונג אָדער פאַרמיידונג פון קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אַקציעס דאַרף געשען אין די ראַמען פון רעוואָלוציאָנערער רעכטלעכקייט. די האַנדלונג מעג זיין שנעל און אַנטשלאָסן, אָבער זי זאָל קומען מצד דעם רעוואָלוציאָנערן געריכט. די רעוואָלוציע איז שטרענג צו אירע אַקטיווע פיינט, אָבער גרויסמוטיק צו די געפאַלענע און באַזיגטע. קיינער זאָל נישט האָבן דעם מוט צו זאָגן, אַז אויפן שטח פון דער ראַטן־רעפּובליק הערשט נישט קיין סאָציאַליסטישע גערעכטיקייט". דידאָזיקע טעלעגראַם האָט נישט נושא־חן געווען ביי די פירנדע באָלשעוויקעס. מער ווי די יוסטיץ און די טריבונאַלן, איז זיי געווען צום האַרצן די „אויסעראָרדנטלעכע קאָמיסיע צו באַקעמפן די קאָנטער־רעוואָלוציע", וואָס איז איינגיכן טרויעריק באַרימט געוואָרן אַלס טשעקאַ. אין איר שפּיץ האָט זיך געשטעלט דזשערזשינסקי, איינע פון די כאַראַקטעריסטישסטע פיגורן פון באָלשעוויזם. אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס איז דורכגעגאַנגען דעם גיהנום פון קאַטאָרגע און האָט מיטגעבראַכט אין דער רעוואָלוציע אַן אומאויסלעשלעכן האַס קעגן די קלאַסן־פיינט. „מיר דאַרפן נישט קיין יוסטיץ, נאָר אָפּרעכענען זיך!" — איז געווען זיין דעוויז. צווישן דזשערזשינסקין — לענינס טעראָריסטישן

אָרעם — און דער ראַטן־יוסטיץ האָט געמוזט אויסברעכן אַ קאַמף, כּדי צו מילדערן די שאַרפקייט פון טשעקאַ פון אינעווייניק, האָבן די ל. ס. ר. געשיקט אייניקע אחריותדיקע חברים אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע.

* * *

ידי רעוואָלוציע האָט זיך מעכטיק געכוואַליעט צווישן סאָציאַליסטישן אויפבוי און צעשטערערישן בירגערקריג. אָבער אַלע זאָרגן און פריידן פון די מאַסן זענען געשטאַנען אין שאָטן פון דער גרעסטער זאָרג: די שלום־אונטערהאַנדלונגען אין בריסק. נאָך דעם 3־טן ראַטנקאָנגרעס האָט די רוסישע דעלעגאַציע אָפּגעוואָרפן די באַדינגונגען פון די צענטראַל־מלוכות. די רעוואָלוציאָנערע ידיעות פון דייטשלאַנד און עסטרייך האָבן באַפליגלט דעם גלויבן פון די ראַטנפאָרשטייער אין דער אינטערווענץ פון „פיינטלעכן" פּראָלעטאַריאַט. אָבער גראָד דידאָזיקע ערנסטע רעוואָלוציאָנערע קאָנוווּלסיעס פון דייטשישן פּראָלעטאַריאַט האָבן געטריבן די הערשנדע כּוחות פון דייטשלאַנד וואָס שנעלער אַ סוף צו מאַכן צו ראַטנרוסלאַנדס שלום־פּראָפּאַגאַנדע. מיט דער הילף פון רעפּאָרמיסטישן פירער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (עבערט!) איז דער רעגירונג געלונגען צו באַהערשן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. און איצט האָבן זיי נאָך מיט אַ גרעסערער קראַפט געפאָדערט אַן ענטפער אין בריסק. דעם 10־טן פעברואַר האָבן די רוסן געגעבן זייער רעוואָלוציאָנערן ענטפער: „אין נאָמען פון ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן טיילט מיט רוסלאַנדס ראַטן־רעגירונג אַלע רעגירונגען און פעלקער פון די מיט אונז קריג־פירנדע, פאַרבינדעטע און נייטראַלע לענדער, אַז רוסלאַנד זאָגט זיך אָפּ אונטערצושרייבן אַן אַנעקסיאָניסטישן שלום, אַז עס דערקלערט גלייכצייטיק אַלס פאַרענדיקט דעם קריג מיט דייטשלאַנד, עסטרייך, אונגאַרן, טערקיי און בולגאַריע. דאָס רוסישע מיליטער באַקומט גלייכצייטיק דעם באַפעל פון פולשטענדיקער דעמאָביליזאַציע אויף אַלע פראָנטן". די דאָזיקע אומדערוואַרטעטע פאָרמול — נישט קיין קריג און נישט קיין שלום! — האָט אַרויסגערופן אַ צעטומלעניש ביי אַלע דיפּלאָמאַטן און קריגס־פירער פון בירגערלעכן אייראָפּע; זי איז אָבער באַגריפן און אקצעפּטירט גע־

וואָרן אין איר טיפסטן אינהאַלט דורך די מאַסן פון ראַטן־רוס־לאַנד. „קריג" וואָלט געווען פאַרראַט לגבי זיך גופא, אַזאַ שלום וואָלט געווען פאַרראַט לגבי די פעלקער פון דער ערד.

אָבער די דעלעגאַציע פון דער אוקראַאינישער ראַדאַ־רעגירונג האָט געשלאָסן מיט די צענטראַל־מלוכות אַ סעפּאַראַטן שלום. די דאָזיקע רעגירונג האָט שוין נישט געהאַט אונטער זיך דאָס אוקראַאינישע פאָלק, זי איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן דורך די ראַטן. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט די צענטראַל־מלוכות זי צו אָנערקענען, זי צו לעגאַליזירן דורך שליסן שלום מיט איר. זיי האָבן איצט געקאָנט אַרויספירן פון אוקראַאינע ברויט און רוישטאָפן...

דאָס רוסישע פאָלק האָט זיך געפונען אונטערן איינדרוק פון די צווייבער־ווערטער פון 10 פעברואַר. עס האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם און זיך געפרעגט: איז דער קריג באמת פאַרענדיקט?... דעם 14־טן פעברואַר האָט די דייטשע אַרמיי־פירונג געגעבן אַן אויפקלערונג: דער וואָפנשטילשטאַנד איז געענדיקט, פון 18־טן געפינט זיך דייטשלאַנד ווידער אין קריגס־צושטאַנד מיט רוסלאַנד... דער קלאַפּ איז געווען געוואַלטיק. די מאַסן זענען געווען טיף באַלייִדיקט, עמפּערט, דערצאָרנט. „וועלן איצט דייטשע זעלנער אַנגריפן אויפן באַפעל פון זייערע הארן? וועט דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט צולאָזן דאָס דאָזיקע פאַרברעכן?". איצט איז לענין געוואָרן אַקטיוו. ער האָט געפאָדערט אין פאַרטיי און אין דער רעגירונג, מען זאָל תּיכף שליסן שלום. ער איז שוין לאַנג געווען אַ קעגנער פון טראָצקיס רעוואָלוציאָנערער דיפּלאָמאַטיע, פון דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי און פון די ל. ס. ר. איצט האָט ער אָנגעוויזן אויף דער געפאַר פון צוזאַמענברוך און געפאָדערט אַ סוף מאַכן צו יענער דיפּלאָמאַטיע, און שליסן אַ סעפּאַראַטן שלום. אויך ספּירידאָנאָוואַ האָט זיך איצט געשטעלט אויפן זעלבן שטאַנדפּונקט. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען? איז ער דען נישט געווען אין פולער סתירה צו איר אייגענער פאַרטיי, צו איר גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע?

אין ספּירידאַנאָוואַס נשמה איז געווען אַ טראַגישע סתירה. געוויס, דאָס, וואָס דער ראַטנפאַרבאַנד מוז זיך בויגן פאַרן אימפּע־

ריאַליזם און לאָזן אויף הפקר די פעלקער פון די ראַנד־מלוכות, איז געשטאַנען אין סתירה צו איר גאַנצער פּרינציפּיעלער שטעלונג צום סאָציאַליזם און צום אינטערנאַציאָנאַל. איר שטאַלצע קעמפער־נאַטור האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די וועלט־רעוואָלוציע מוז אין רוסלאַנד אָפּטרעטן פּאָזיציעס. אָבער איר טיפע, שמערצלעכע ליבע צום האַרעפּאַשנעם פאָלק האָט איר אויפגעצוווּנגען אָננעמען אַ באַשלוס, וואָס איז אין סתירה צו איר נאַטור. צי וועט דאָס דאָזיקע פאָלק זיין אימשטאַנד — נאָך אַזוי פיל לײַדן פון צאַרישן קריג, נאָך אַזוי פיל הבטחות פון דער רעוואָלוציע, — צו נעמען אויף זיך אַ נײַע לײַדנסצײַט אויס טרײַשאַפט צו די גרויסע פּרינציפּן פון אינטערנאַציאָנאַלן דעמאָקראַטישן שלום? צי איז נישט קיין חוב אַוועקצולייגן אויף אַ צייט די דאָזיקע פּרינציפּן, כּדי צו ראַטעווען די רעוואָלוציע גופא? די פאַרווירקלעכונג פון גראַנדיעזן פּראָגראַם פון דער ערד־סאָציאַליזאַציע? ספּירידאָנאָוואַ איז געניינט געווען צו אַ תּיכּפדיקן שלום פאַר יעדן פּרייז.

די דייטשע אַרמיי־פאַרוואַלטונג האָט געהאַלטן וואָרט. דעם 18־טן פעברואַר האָט זי אָנגעהויבן איר מאַרש אין ראַטנלאַנד. זי האָט נישט אָנגעטראָפן אויף קיין שום ווידערשטאַנד. אָט שטייען זיי שוין אויף דער ליניע פון פּסקאָוו, ד. ה. אויף דער ליניע פון פּעטראָגראַד. אין שפּעטער נאַכט איז זיך צונויפגעקומען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די באָלשעוויקעס, כּדי צו נעמען שטעלונג צו דער נײַער פּראָגע. לענין האָט פאָרגעלייגט אָפּשיקן תּיכּף אַ ראַדיאָטעלעגראַם צו דער דייטשער רעגירונג, און דערקלערן די גרייטקייט צו אַ תּיכּפדיקן שלום. לענין האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע, אָבער מיט 7 שטימען קעגן 6 האָט ער אויסגעפירט זײַנס. די באָלשעוויקעס האָט באַהערשט אַ נערוועזע, אויפגערודערטע שטימונג, בלויז לענין האָט געשיינט רואיק צו באַאורטיילן די לאַגע און די שאַרפע ווענדונג אין דער רעוואָלוציע. איצט האָט געדאַרפט פאָרקומען אַ געמיינזאַמע זיצונג מיטן צענטראַל־קאָמיטעט פון די ל. ס. ר. דער רעגירונגס־באַשלוס איז געווען אָפּהענגיק פון זייערע שטימען. פון די 15 מיטגלידער פון קאָמיטעט פון די ל. ס. ר., האָט מען געקאָנט צונויפברענגען אין דער נאַכט בלויז

זיבן. צווישן זיי איז אויך געווען ספּירידאָנאָווא. עס האָט זיך אַנט־וויקלט אַ קורצע אָבער טיף־דראַמאַטישע דעבאַטע *). פון די 7 קאָמיטעט־מיטגלידער פון די ל. ס. ר. האָבן זיך 4 אַרויסגעזאָגט פאַר דער טעלעגראַם. צווישן זיי אויך ספּירידאָנאָווא. דערמיט איז צושטאַנד געקומען אַ „איינינקונג" פון ביידע פּאַרטייען און אַ רעגירונגס־באַשלוס. די זעלבע נאַכט איז די טעלעגראַמע אַוועק קיין בערלין. דאָס איז געווען די ערשטע און שמערצלעכסטע קאַפּיטולאַציע פון ראַטנפאַרבאַנד.

צו מאָרגנס איז אויסגעבראָכן אַ שטורם אין די פירנדע פּאַרטייען פון דער ראַטנעקזעקוטיווע. נישט נאָר די לינקע ס. ר. האָבן אָפּגעוואָרפן די קאַפּיטולאַציע, נאָר אויך גרויסע טיילן פון די באָלשעוויקעס. טראָצקי האָט דעמיסיאָנירט אַלס פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר אויסערלעכער פּאָליטיק. די דייטשן האָבן נישט געגעבן קיין ענטפער אויף דער שלום־טעלעגראַם. מער נאָך: זיי האָבן ווייטער מאַרשירט טיף אין לאַנד. אויך די שטאָט מינסק איז אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט, עס איז געווען קלאָר: זיי פאַרפאָלגן מער נישט קיין מיליטערישע צוועקן, נאָר צוועקן פון פּאָליטישער און סאָציאַלער רעאַקציע. איז דאָך געשטאַנען אין אַ פּראָקלאַמאַציע פון דייטשישן העכסטן קאָמאַנדיר אויפן מערב־פראָנט: „פון מזרח דראָט איצט אַ נייע סכנה: די מאָראַלישע אָנשטעקונג". דער קאַמף האָט זיך נישט געלאָזט פאַרמיידן. דעם 21 האָט די ראַטנרעגירונג צוזאַמען מיט לענינען פאַרעפנטלעכט אַ מאַניפעסט צום פּראָלעטאַריאַט: „דאָס סאָציאַליסטישע פאָטערלאַנד אין סכנה!" „אַלע ראַטן מוזן פאַרטיידיקן יעדע פּאָזיציע ביזן לעצטן טראָפּן בלוט"... דורכן אויפגערודערטן פּראָלעטאַריאַט פון דער הויפּט־שטאָט איז אַדורך אַ קאַמף־רוף: „חברים, צום געווער!" אין גאַנצן לאַנד האָבן זיך געבילדעט פרייוויליקע מיליטער־פאָרמאַציעס. דער פּעטראָגראַדער־ראַט האָט אויסגעוויילט אַ „קאָמיטעט פאַר רעוואָלוציאָנערער פאַרטיידיקונג", אין וועלכן אויך ספּירידאָנאָווא איז אַריין. מיט דער גרעסטער שפּאַנונג האָט מען געקוקט אין דער צוקונפט.

*) גענויער זע מיין בוך: „זכרונות פון אַ פאָלקס־קאָמיסאַר", קאַפּיטל: „ברעסק־ליטאָווסקי", פאַרלאַג: ח. בזשאָזאַ.

אזוי זענען פארגאנגען פיר אומענדלעכע טעג. ערשט דעם 23־טן האבן די דייטשן געגעבן דעם ענטפער. דאס איז געווען א אולטימאטום, וואס זיינע פאדערונגען האבן איבערגעשטיגן דאס ערגסטע, אויף וואס מען האט זיך געקאנט ריכטן. די פראווינצן, וועגן וועמעס זעלבסטבאשטימונגס־רעכט עס איז אנגעגאנגען דער דיפלאמאטישער קאמף אין בריסק, דארפן ווערן אפגעריסן פון רוסלאנד. רוסלאנד זאל זיך אפזאגן פון יעדע אריינמישונג אין די אינערלעכע אנגעלעגנהייטן פון די דאזיקע געביטן. ליפלאנד, עסטלאנד, אוקראינע און פינלאנד דארפן תיכף אפגערייניקט ווערן פון רוסישן מיליטער און דער רויטער גווארדיע און באזעצט ווערן דורך דייטשער פאליציי. ,,תיכפדיקע דעמאביליזאציע נישט נאר פון דער רוסישער ארמיי, נאר אויך פון אלע פארמאציעס, וואס די איצטיקע רעגירונג האט געשאפן". קאנטריבוציעס דארפן געצאלט ווערן, ארצן דארפן ארויסגעפירט ווערן פון רוסלאנד אן צאל. און ענדלעך: ,,רוסלאנד פארפליכטעט זיך אפצושטעלן יעדע ארט פראפאגאנדע קעגן די צענטראל־מלוכות און זייערע מלוכה־ארגאנען". דער אולטימאטום דארף אנגענומען ווערן אין משך פון 48 שעה... מען קאן זיך פארשטעלן די אויפרעגונג פון די רעוואלוציאנערע מאסן. אלע האבן געזען דאס שארפע מעסער, וואס האט א בליץ געטון איבערן קאפ פון דער רעוואלוציע. אבער לענין האט געשטעלט זיין צענטראל־קאמיטעט פאר א צווייטן אולטימאטום: ער האט געדראט צו פארלאזן זיינע חברים. ,,אויב די פאליטיק פון דער רעוואלוציאנערער פראזע וועט נישט אויפהערן, טרעט איך ארויס פון דער רעגירונג און פון צענטראל־קאמיטעט". די פירנדע באלשעוויקעס האבן אנגענומען ביידע אולטימאטומס. די ענדגילטיקע דעבאטע האט אבער געדארפט פארקומען אין דער ראטנעקסזעקוטיווע. פון די באלשעוויקעס האט געדארפט רעדן איינער פאר און איינער קעגן; דאס זעלבע מצד די לינקע ס. ר. דער באלשעוויק ראדעק איז געווען דער ניין־זאגער, לענין — דער יא־זאגער. ,,אז מען האט נישט קיין ארמיי — האט לענין דערקלערט, — איז א פארברעכערישע לייכטזיניקייט נישט וועלן אונטערשרייבן אן עקלדיקן שלום־אפמאך. עס זענען דא אין דער געשיכטע פאלן, ווען מען האט אונטערגעשריבן שווערערע און שענדליכערע שלום־אפמאכן, ווי

דער פון בריסק. און דאָס האָט נישט געמינערט דעם פּרעסטיזש פון דער מלוכה־מאַכט, דאָס האָט נישט פאַרניכטעט נישט די מאַכט און נישט דאָס פאָלק". לענין האָט כסדר אַרויסגערוקט אין פאָרערגרונט די דערהאַלטונג פון דער ראַטנמאַכט אַלס אַזעלכער. „אַ ראַטנמאַכט אונטער דער געוואַלט פון אימפּעריאַליזם? — האָט מיט עמפּערונג געפרעגט דער רעדנער פון די לינקע ס. ר. — קאַמקאָוו. „דאָס אָננעמען אַזאַ שלום איז אַ מאָראַלישע און פיזישע מפּלה פון דער רעוואָלוציע, זי מאַכט אוממעגלעך איר ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע עקזיסטענץ... אַלע פעדים, וואָס פאַרבינדן די ראַטנרעפּובליק מיטן וועלט־פּראָלעטאַריאַט, ווערן צעריסן. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג קעגן קריג און קאַפּיטאַל, וואָס הויבט אָן צו רייפן אומעטום, וועלן מיר דערשטיקן מיט אייגענע הענט...דעם סאָציאַלן פיינד — צי אין לאַנד, צי אין אויסלאַנד — מוז דערקלערט ווערן אַן אָפענער קריג. נישט קריג, ווי עס פירן אים מלוכות מיט צוואַנג־אַרמייען, נאָר אויפשטאַנד פון די מאַסן אין פּאַרטיזאַנישע מחנות, אין פריוויליקן מסירת־נפש. זאָלן די אימפּעריאַליסטן באַזעצן פּעטראָגראַד, מאָסקווע, — דאָ אויפן באָדן פון דער רעוואָלוציע, וועלן זיי געפינען זייער קבר"... איצט האָט געדאַרפט ריידן אַ יאָ־זאָגער מצד די ל ס. ר. קיינער האָט זיך נישט געמעלדעט. „ספּירידאָנאָווא!" — האָט מען אויסגערופן פון דער לענין־פראַקציע. ספּירידאָנאָווא האָט זיך נישט געמעלדעט. עס איז איר געווען שווער אַרויסצוטרעטן קעגן דער גרויסער מערהייט פון איר פּאַרטיי. קעגן איר פּערזענלעכער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער איינשטעלונג. אין דער דאָזיקער פראַגע פון קריג און שלום האָט זי זיך זייט דאַן געהאַלטן אין אַ זייט.

מיט שטומער, ליידנשאַפטלעכער אויפמערקזאַמקייט האָבן די הונדערטער ראַט־דעפּוטאַטן, אויסגעפּרוּווטע רעוואָלוציאָנערן נאָכגעפאָלגט די לעצטע מאָמענטן פון דער דעבאַטע. ביי דער אָפּשטימונג האָבן זיך 116 אַרויסגעזאָגט פאַר, 85 קעגן, 26 באָלשעוויקעס האָבן זיך אָפּגעהאַלטן. אַלזאָ: מען נעמט אָן דעם דייטשן אולטימאַטום. דער ענטפער איז אַוועקגעשיקט געוואָרן. אַ דעלעגאַציע קיין בריסק אויך.

אָבער עס האָט נאָך אַלץ נישט געהאָלפן. צומאָרגנס איז אָנגע־

קומען א איוב־בשורה: די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט פּסקאָוו. אַלזאָ: דער דייטשער מיליטאַריזם באַוועגט זיך צו פּעטראָגראַד... פּעטראָגראַד איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן דורך אַ באַגייסטערונג, אַ צאָרן און אַ דרייסטקייט אָן אַ גלייכן. דער פלאַם פון אויפשטאַנד האָט געפלאַקערט ווי אין די טעג פון קאָרנילאָוון, ווי אין יענער וואָך, ווען קערענסקי האָט געפירט זיין קאָזאַקן־מיליטער קעגן דער שטאָט פון דער רעוואָלוציע. ווי דאַמאָלט, איז עס אויך איצט נישט געווען קיין נאַציאָנאַלער קריג, נאָר סאָציאַלער בירגער־קריג קעגן די אונטערדריקער פון די ראַטן. אַלע סאָציאַליסטישע ריכטונגען זענען געשטאַנען אין אַ געשלאָסענעם פראָנט.

אין דער נאַכט אויפן 25־טן האָט מען געשלאָגן אַליאַרם. „דערקלערט תיכּף די אַלגעמיינע מאָביליזירונג פון אַלע אַרבעטער און אַרבעטערינס, וואָס זענען פאַר די ראַטן! שיקט אַלע אין סמאָלני!... צו דער אַרבעט, חברים! רעוואָלוציע אין געפאַר!”... די סירענעס פון די פאַבריקן האָבן גענומען פייפן. די פּראָלעטאַרישע קאַזאַרמעס האָבן אויפגעוואַכט אין נאַכטיקער באַלויכטונג. פון אַלע עקן שטאָט איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־וואַנדערונג פון אַרבעטער צום סמאָלני... זעכציק טויזנט מאַן האָבן זיך פרייוויליק געשטעלט אין דינסט פון דער רעוואָלוציע אין איין נאַכט. אין איין שטאָט...די פאָרמאַציעס האָבן אין די פאָלגנדע טעג אָפּמאַרשירט אין אַלע ריכטונגען. פּעטראָגראַדס ביישפּיל האָבן נאָכגעטון מאָסקווע און אַנדערע שטעט. איינער דעם אַנדערן האָט געוואָלט איבעריאָגן אין העראָישער גרייטקייט זיך מקריב צו זיין. גלייכצייטיק האָט מען אין פּעטראָגראַד פאַרקלענערט די ברויטפּאָרציע ביז אַ אַכטל פונט אַ טאָג. מען האָט דאָס גענומען פאַר ליב.

ערשט דעם 3־טן מערץ איז געקומען די דערלייזונג: דער שלום איז דאָ! די באָלשעוויסטישע דעלעגאַציע האָט אונטערגעשריבן דעם שלום־אָפּמאַך, וואָס דייטשלאַנד האָט דיקטירט.

דער שלום־אָפּמאַך האָט געמוזט ראַטיפיצירט ווערן אין משך פון צוויי וואָכן. צום דאָזיקן צוועק האָט מען צונויפגערופן אַן אויסעראָרדנטלעכן ראַטן־קאָנגרעס קיין מאָסקווע, ווו עס האָט זיך בכלל איבערגעטראָגן דער צענטר פון דער רעוואָלוציע; פּעטראָ־

גראַד האָט זיך צו שטאַרק געפונען אונטער מיליטערישער געפאַר. דאָס אַריבערפירן די ראַטן־רעגירונג און די צענטראַל־עקזעקוטיווע קיין מאָסקווע, אין אַלטן צאַרישן קרעמל, האָט געהאַט אין זיך אַ באַזונדערן היסטאָרישן רייץ: דער מקום קדוש פון דער אַלטער מאָנאַרכיסטישער און קירכלעכער מלוכה וועט ווערן אַ מקום קדוש פון רעוואָלוציאָנערן וועלט – סאָציאַליזם! דער טורם־זייגער פון קרעמל, וואָס פלעגט מיט אַזאַ קונסט אויסשפּילן דאָס קירכנליד „קאָל סלאַווען", האָט פּלוצלינג גענומען שפּילן דעם אינטערנאַציאָנאַל.

אינצווישן האָט ווייטער געדויערט דער שאַרפער מיינונגס־קאַמף וועגן שלום. דער קאַמף אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי איז באַזייטיקט געוואָרן דורך אַ אייליק־צונויפגערופענעם פּאַרטיי־קאָנגרעס. לענין איז אַרויס אַלס זיגער. אויך דער קלאַסן־שונא האָט נישט גערוט: ער האָט אויסגעשפּרייט זיין הערשאַפט איבער די טעריטאָריעס פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אין דער אוקראַינע האָט דאָס דייטש־עסטרייכישע מיליטער געהאָלפן די אַראָפּגעוואָרפענע ראַדע צו ווערן צוריק די רעגירונג. מען האָט זיך געגרייט אָפּצושניידן דעם אונטערטעניקן דרום פון סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן צפון. רומעניען האָט מאַרשירט קעגן אָדעס, אין פינלאַנד האָבן זיך געזאַמלט די רעאַקציאָנערע כחות צו אַן אָפענסיווע. די שפּעטערדיקע געשעענישן האָבן שוין פאַראויס געוואָרפן זייערע שאָטנס.

דער פערטער ראַטן־קאָנגרעס איז געעפנט געוואָרן מיטן אָנטייל פון 1100 דעפּוטאַטן. עס האָט געשוועבט איבער אים אַ ספּעציפישע טראַגיק. דאָס איז געווען אַ מאַכטפולע פאַרזאַמלונג פון די רעוואָלוציאָנערע כחות פון לאַנד. זי האָט אויסגעשטראָמט פון זיך אַ געוואַלטיקן קראַפט־באַוווסטזיין. דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט ווילסאָן, וועלכער האָט, אַלס איינציקער פון די קאַפּיטאַליסטישע מאַכט־האָבער, טעלעגראַפיש באַגריסט דעם קאָנגרעס, האָט וואַרשיינלעך געשפּירט די קראַפט פון רעוואָלוציאָנערן לאַנד. און דערדאָזיקער קאָנגרעס האָט זיך גלייכצייטיק געגרייט צו באַשטעטיקן אַן אַקט פון קאַפּיטולאַציע. די ל. ס. ר. האָבן ליידנשאַפטלעך פאַרטיידיקט זייער שטאַנדפּונקט. לענין האָט אויף אַלע מאָטיוון געהאַט

איין ענטפער: אַן אַטעמפּויזע. „מיר קענען מיט זיכערקייט זאָגן: נאָך דעם דריי יאָריקן פּיינפולן קריג איז יעדע וואָך פון אָפּכאַפּן דעם אָטעם דער גרעסטער ווויל. איך בין איבערצייגט, אין יעדער פויערים־פאַרזאַמלונג וועלן 9/10 פון אַלע פויערים דערקלערן דאָס זעלבע". ביי דער אָפּשטימונג האָט די רעזאָלוציע פון די באָלשעוויקעס באַקומען 724 שטימען, פון די ל. ס. ר. — 276, אָנגעהאַלטן האָבן זיך 118.

אין דאָזיקן גוואַלטיקן קאַמף פון רעוואָלוציאָנערע אידייען האָט אַנטשידן דאָס דאָרף. לעניִן, דער וואָרט־פירער פון פּראָלעטאַריאַט, האָט צום בעסטן אויסגעדריקט די מיינונג פון פויערטום. דאָ איז ער — צום לעצטן מאָל! — געווען אין הסכּם מיט ספּירידאָנאָוואַן. ביידע האָבן צום טיפסטן געפילט די שטימונג פון די האָרעפּאַשנע מאַסן אין יענעם היסטאָרישן אויגנבליק. צי וועט זיי די אַנטוויקלונג געבן גערעכט שוין אין די נאָענטסטע וואָכן?...

דער דראַמאַטישער פאַרלויף פון קאָנגרעס האָט זיך נישט פאַרענדיקט מיטן אָננעמען די רעזאָלוציע. די פּאַרטיי פון די ל.ס.ר. האָט דערקלערט, אַז זי טרעט אַרויס פון דער צענטראַלער ראַטן־רעגירונג. „די ראַטיפיקאַציע פון שלום־אָפּמאַך — האָט געזאָגט זייער דערקלערונג — באַטראַכטן מיר אַלס אָפּזאָג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין רוסלאַנד, אַלס קאַפּיטולאַציע פאַרן וועלט־אימפּעריאַליזם. די פּאַרטיי ל. ס. ר. דערקלערט פאַרן גאַנצן אַרבעטנדן פאָלק, אַז זי פילט זיך פריי בנוגע אויספירן דעם שלום־אָפּמאַך. די פּאַרטיי רופט דעריבער אָפּ אירע פאָרשטייער פונם ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן. דער קאָנגרעס איז געווען טיף אויפגערודערט פון דער ניי־געשאַפענער לאַגע. ער האָט דערפילט דעם ערשטן ריס אין דעם ביז־איצט פעסט־געשמידטן פראָנט פון אָקטאָבער־רעוואָלוציאָנערן. אָבער די ל.ס.ר. האָבן נישט געקאָנט פאַרבלייבן אין דער רעגירונג, אויף וויפל זיי האָבן זיך געגרייט צו פירן ווייטער דעם קאַמף קעגן דער מאַרשירנדער סאָציאַלער רעאַקציע. זיי האָבן מוותּר געווען אויף די העכסטע אַמטן אין דער רעגירונג, כּדי זיך צו פאַראַנקערן נאָך פעסטער אין די ראַטן. די רעגירונג איז געגאַנגען מיט פּאָליטיש־דיפּלאָמאַטישע פאַרפלאָנטערטע וועגן, האָבן די ל.ס.ר. געוואָלט נאָך מער

פארבלייבן אונטן, צווישן די פאלקס־מאסן. אין דער נייער געפער־לעכער לאגע האט מען געמוזט זען צו פלעגן, אין און דורך די ראטן, די שעפערישע ארבעט פון די מאסן אויפן סאציאלן, ווירט־שאפטלעכן, גייסטיקן געביט. ווייל פאר דער רעוואלוציע איז אנ־געקומען אן אויסערסט שווערע צייט.

## .XII

## די אטעמפויזע

לעגין האט צוגערעדט אונטערצושרייבן דעם שלום פון בריסק, כדי צו געווינען פאר דער רעוואלוציע א אטעמפויזע. די רעוואָ־לוציע האט אבער נישט באקומען קיין אטעמפויזע. אויפן סמך פון דאזיקן שלום האט דאס דייטשע און עסטרייכישע מיליטער געגומען ארומרינגלען און דערשטיקן די ראטנרעפובליק פון אלע זייטן. קודם־כל איז די אוקראינע געווארן דער אויפמארש־געביט פון דייטשן מיליטאריזם. די צענטראל־מלוכות האבן אין בריסק גע־שלאסן א שלום־אפמאך מיט די פארשטייער פון דער בירגערלעך־נאציאנאלער ראדע־רעגירונג. די דאזיקע ראדע איז שוין דאן גע־האט ארויפגעווארפן געווארן דורך די זיגרייכע ראטן פון אוקראינע, און דערפאר טאקע האבן זי די צענטראל־מלוכות שטארק געשטיצט. די ראדע, וואס איז געווען איזאלירט פון די מאסן, האט זיך צו־ריקגעקערט אין איר פאטערלאנד אויף די באגנעטן פון דייטשן מי־ליטער. דאס איז געווען א דרייפאכער מארש: צוערשט האבן מאר־שירט די היידאמאקעס אין זייערע נאציאנאלע פארבן, הינטער זיי די אייזערנע קאהארטעס פון די דייטשן, און הינטער די דאזיקע די גוטבאזיצער און קאפיטאליסטן פון אוקראינע, סאפענדיק פון נקמה־דורשט און צארן. די דייטשן האבן געבראכט נישט נאר דער ראדע א נאציאנאלע באפרייאונג פון „רוסלאנד”, — אויך די פריער הערשנדע שיכטן פון אוקראינע האבן זיי געבראכט א סאציאלע באפרייאונג.

דאס איז געווען א טראגישער צוג, וואס האט זיך באוועגט

דורך דער אוקראַינע מיט וואָפֿנגעוואַלט. צאָלרייכע שטעט און דערפער זענען אַריינגעפֿאַלן דעם סאָציאַלן פֿיינט אין די הענט. די אוקראַיִנישע ראַטן זענען נישט אימשטאַנד געווען צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. זיי זענען איבערגעלאָזן געוואָרן אויפֿן אייגענעם באַראָט: לויטן שלום־אָפּמאַך האָט זיך דאָס מעכטיקע ראַטן־רוסלאַנד נישט געטאָרט אַריינמישן אין די אינערלעכע ענינים פֿון אוקראַינע. די אימפּראָוויזירטע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס פֿון אוקראַיִנישע פּויערים און אַרבעטער זענען אָפּגעטראָטן פֿאַרן פֿיינט שריט נאָך שריט. די אוקראַיִניש־דייטשישע מיליטער־פֿאָרמאַציעס האָבן מאַרשירט דורכן לאַנד אומאָפּוועגדבאַר ווי דער גורל. כּדי צו ראַטעווען דעם דאָנעצער קוילן־ראַיאָן, די קוילן־קאַמער פֿון גאַנץ רוסלאַנד, פֿאַר דער אינוואַזיע, האָבן די ראַטן פּראָקלאַמירט אַ זעלבשטענדיקע דאָנעצער רעפּובליק מיט כאַרקאָוו אַלס הויפּט־שטאָט. די דאָזיקע מלוכה האָט זיך דערקלערט אַלס נייטראַל אין דעם באַשטייענדיקן קריג. עס האָט גאָרנישט געהאָלפֿן, אויך כאַרקאָוו איז באַזעצט געוואָרן.

באַלד האָט דאָס „באַפֿרייאונגס־מיליטער" אַריינגעמאַרשירט קיין קרים. עס זענען באַזעצט געוואָרן מעליטאָפּאָל, סעוואַסטאָפּאָל, פֿעאָדאָסיאַ. אויף וועלכן סמך, — האָט מען נישט געוווסט. מען האָט געוואָלט פּאַראַליזירן דעם פֿלאָט פֿון שוואַרצן ים. די רעוואָלוציאָנערע מאַטראָזן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד דעם אימפּעריאַליסטישן מאַכט־ווילן. איין טייל פֿון די קאַמף־שיפֿן האָבן זיי, אין טרויערנדער פֿאַרצווייפֿלונג, פֿאַרטרונקען אין ים, און דעם צווייטן אַריבערגעפֿירט אין די קאַווקאַזער האַפֿנס. דאָס פֿרעמדע מיליטער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויך אין צפֿון. זיי האָבן שוין באַזעצט טעריטאָריעס פֿון גרויסרוסלאַנד און זיך באַוועגט אין דער ריכטונג צו דער שטאָט קורסק. די מאָסקווער רעגירונג האָט פֿאַרשאָטן בערלין מיט פּראָטעסט־נאָטעס קעגן אַריבערטרעטן אַלע מעגלעכע און אוממעגלעכע גרעניצן פֿון אוקראַינע. בערלין האָט אויף זיי קיין אַכט נישט געלייגט: די גרעניצן פֿון אוקראַינע זענען נאָך נישט געווען פֿעסטגעשטעלט. אינצווישן איז אָנגעגאַנגען אַ מיליטעריש־רעגולירטע אויסרויבונג פֿון די באַזעצטע געביטן. ביי די פּויערים האָט מען צוגענומען דאָס ברויט און דאָס

פיך פון די פאבריקן האט מען ארויסגעפירט צוקער, קוילן, מעל. טויזנטער וואגאנעס מיט וואפן און אמוניציע זענען אוועקגעפירט געווארן קיין דייטשלאנד און עסטרייך פאר די צוועקן פון אימפעריאליסטישן קריג. יעדן ווידערשטאנד פון די פויערים און ארבעטער האט דאס מיליטער און די הײדא געבראכן אן רחמנות. בלינים האבן אנגעווארפן אויף די דערפער א שרעק, און די צוריקגעקערטע פריצים האבן אנגעהויבן אפצושאפן די ערד־סאציאליזאציע.

ראטנרוסלאנד האט מיט א בלוטנדיק הארץ געמוזט צוזען פאסיוו די דאזיקע טראגעדיע. דער זיגרייכער מיליטאריזם האט אומגעשטערט מארשירט איבער דער ארענע פון דער רעוואלוציע. ער איז אויך מער נישט געשטערט געווארן דורך די מורדישע כחות פון זיין אייגענעם לאנד. זייט דעם בריסקער שלום האט דער דייטשער מיליטאריזם ווידער באקומען די אויבערהאנט איבערן דייטשן פראלעטאריאט. ער האט אים געוויזן דעם זיג פון זיין אימפעריאליסטישער ארמיי אין מזרח, ער האט אים ווידער געקאנט אנשפארענען צום „לעצטן” אפענסיווע־קאמף קעגן די מערב־מלוכות. די רוסישע רעוואלוציע האט אליין באשרענקט איר באגייסטערנדיקע ווירקונג דורך דעם, וואס זי האט קאפיטולירט פאר דער מאכט, וואס האט געהערשט אין דייטשלאנד. די גרויסע טעג פון בערלינער אמוניציע־שטרייק אין יאנואר זענען שוין געלעגן פון הינטן, די זעלנער־נשמה האט ווידער אויפגעוואכט, און די דייטשן האבן אין אפריל אנגעהויבן די אפענסיווע אויפן מערב־פראנט. די פראנצויזישע, ענגלישע, אמעריקאנישע זעלנער ווידער האבן זיך ווילויס אונטערגעווארפן זייערע אימפעריאליסטן דערפאר, ווייל זיי האבן געהאט פאר די אויגן דעם בריסקער שלום. די רוסישע רעוואלוציע האט מער נישט געשיינט צו זיין די פארקעמפערין פון אינטערנאציאנאלן שלום. דעריבער האט ווידער געקאנט ווילדעווען אויפן פראנט דער בלוטיקסטער קאמף. די קאנסעקווענצן פון דערדאזיקער נייער לאגע וועלן זיך מוזן ארויסווייזן ביים אויסברוך פון דער דייטשער רעוואלוציע אין נאוועמבער.

דייטשלאנד האט זיך פארמאסטן צוריקצושטעלן אומעטום די סאציאלע „ארדנונג”. נאך אוקראינע, איז די ריי געקומען אויף

פֿינלאַנד. פֿינלאַנדס סאָציאַליסטישע אַרבעטער־רעגירונג האָט געפֿירט אַ באַוואָפֿנטן קאַמף מיט אירע בירגערלעכע קעגנער. און די דאָזיקע האָבן גערופֿן צו הילף די מאַכטפֿולע דייטשע אַרמיי, וואָס האָט געטון איר אַרבעט בשלימות: זי האָט צעשמעטערט דעם גאַנצן בנין פֿון סאָציאַליסטישן פֿינלאַנד. די נקמה פֿון די צו דער מאַכט צוריקגעקערטע בירגערלעכע שיכטן איז געווען גרויזאַם און באַרבאַריש, ווי זעלטן אין דער געשיכטע. פֿיל טויזנטער פּראָלעטאַריער און פּויערים האָבן בלוטיק באַצאָלט פֿאַר זייער דרייסטן פּרוּוו אויפֿצוריכטן אַ נייע געמיינשאַפֿט. דערביי האָבן זיי נישט געהאַט אויף זייער געוויסן קיין שום העלדנטאַטן פֿון טעראָר און סאָציאַלער נקמה; זיי האָבן באַצאָלט פֿאַר זייער אומשטערבלעכן מענטשלעכן מוט און אידעאַליזם. און האָטנרוסלאַנד? עס האָט ווידער געמוזט פּאַסיוו צוקוקן זיך צו דער גסיסה פֿון באַפֿריינדעטן אַרבעטער־פֿאָלק, וואָס האָט גערעכנט אויף זײַן הילף. עס האָט בלויז באַוויזן אַריבערצוראַטעווען די קריגס־שיפֿן פֿון זײַן באַלטישן פֿלאָט פֿון העלסינגפֿאָרס קיין קראָנשטאַט. העלפֿן די קעמפֿנדע אין נאָמען פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער סאָלידאַריטעט האָט עס נישט געטאָרט: מען איז געבונדן געווען דורכן בריסקער שלום. אַזוי אַרום האָט געקאָנט טריאומפֿירן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פֿון דער רעאַקציע. קעגנאיבער פּעטראָגראַד האָט זיך אויפֿגעריכט אַ ניי פֿינלאַנד מיט אַ פֿאַרצערט פּנים פֿון קלאַסן־שנאה. פּעטראָגראַד האָט זיך ווידער געמוזט נעמען צו דער שווערער אַרבעט פֿון זעלבסטפֿאַרטיידיקונג.

דאָס איז געווען אַ מערקווירדיקע אַטמאָספֿערע פֿאַר דער רעוואָלוציע. ווו מען האָט נאָר געוואָרפֿן אַ בליק אין לאַנד — אומעטום געהאַגנענע און דערשאָסענע, זיך רויכערנדיקע דערפֿער, צעשטערטע אײַזנבאַן־וואַלן. אין אַרמעניען האָבן די טערקן געקוילעט טויזנטער מענטשן. לויטן בריסקער אָפּמאַך האָט מען זיי געדאַרפֿט אָפּטרעטן די פּראָווינצן קאַרס און באַטום. דאָס רוסישע מיליטער, וואָס אויפֿן דאָזיקן קאַווקאַזער פֿראָנט איז עס קיינמאָל נישט געשלאָגן געוואָרן, האָט געמוזט פּאַסיוו צוקוקן. רומעניע האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און אַנעקסירט בעסאַראַביע. אַנשטאָט צו סאָציאַליזירן די ערד, האָבן די בעסאַראַבער פּויערים

געשלאָסן קאָנטשאַפט מיט די אַרכירעאַקציאָנערע רומענישע באָ־יאַרן. אין ווייטן מזרח האָט זיך פּלוצלונג געמאָלדן יאַפּאַן, רוס־לאַנדס „אַקאָרשטיקער" פאַרבינדעטער אין וועלט־קריג. יאַפּאַן האָט באַזעצט וולאַדיוואָסטאָק; צווישן די אימפּעריאַליסטן האָט זיך פאַרקניפּט אַ טונקל אינטריגע־שפּיל פאַר סיביר. יאַפּאַנס דאָ־זיקן קריגערישן שריט האָט מען אויסגעטייטשט אַלס אָנהויב פון אַ אַנטאַנט־קריג קעגן רוסלאַנד. די ראַטן־צייטונגען זענען פול געווען מיט מיליטערישע באַריכטן פון אַלע עקן לאַנד. — עס איז געווען קלאָר: די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות האָבן געשטרעבט אַרומצורינגלען דאָס רעוואָלוציאָנערע „גרויס־רוסלאַנד"; אָפּשניידן עס פון דער אוקראַינישער ברויטקאַמער, פון די דאָנעצער קוילן, צעברעכן עס דורך אַן אומאויפהערלעכן זעלישן דרוק. די ראַטן־רעגירונג האָט געשיקט פּראָטעסטן, אָנקלאַגעס אין אַלע ריכטונגען, די מיינסטע קיין בערלין. בערלין אָבער האָט פון זיין זייט באָמבאַר־דירט מאָסקווע מיט אומצאָליקע נאָטעס, אין וועלכע זי האָט פאַר־לאַנגט, געדראָט און — אויסגעפירט אירס. דידאָזיקע נאָטעס־שפּיל האָט כסדר אויסגעאיבט אַ דרוק אויף דער לענין־רעגירונג. און זי האָט נישט געלאָזט צוטרעטן צו אַ ברייטער סאָציאַליסטי־שער אַרבעט.

* * *

און דאָך האָט זיך דער סאָציאַליסטישער אויפבוי־פּראָצעס אינגאַנצן נישט אָפּגעשטעלט. אומעטום זענען טעטיק געווען מעכ־טיקע פאָלקס־כּחות. דאָס דאָרף האָט מיט יעדן טאָג פאַרענדערט זיין פּנים. פון הונדערטער באַריכטן וועט אונז גענוגן בלויז איי־נער: „דעם 2 אַפּריל איז דער קרייז ניקאָלאַיעוו (סאַמאַרער גוב.) פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס סאָציאַליסטישע אַרבעטס־קאָמונע. פון דעם מאָמענט אָן איז דאָס פּריוואַט־אייגנטום אויף ערד און וועל־דער אָפּגעשאַפט. דאָס זעלבע אויף הייזער און האַנדלס־אונטער־נעמונגען, וואָס ווערן באַדינט דורך פרעמדער אַרבעטס־קראַפט. דער פּריוואַט־האַנדל ווערט אָפּגעשאַפט, סיידן די געשעפטן האָבן אַ הכנסה פון 3500 רובל. עס ווערט איינגעפירט אַלגעמיינע אַר־בעטס־פליכט. פערזאָנען, וואָס וויכן אויס די אַרבעט, ווערן באַ־טראַכט אַלס שונאים פון פאָלק. עס ווערט איינגעפירט אַ קאָנסום־

קאָמונע. עס ווערט פאַרבאָטן אַריינצופירן לוקסוס־אַרטיקלען. עס ווערט געגרינדעט אַ קרייזבאַנק פון דער סאָציאַליסטישער קאָמונע. אַלע פקדונות פון 6500 רובל און העכער ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ צוואַנג־הלוואה אויף 20 יאָר. אַלע אַנדערע קרעדיט־אַנשטאַלטן ווערן אָפּטיילונגען פון דער איינציקער באַנק פון דער קאָמונע".
געוויס, נישט יעדע אינסטיטוציע אין דאָזיקן פּראָווינץ־קרייז איז געוואָרן אַזוי לעבנס־פעיק, ווי עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן. אָבער דער גייסט, וואָס האָט געפירט צו איר שאַפונג, איז געווען סאָציאַליסטיש. דער דאָזיקער גייסט האָט געבלאָזן מיט גרויסער קראַפט אין אַלע עקן לאַנד.

כאַראַקטעריסטיש פאַרן דאָזיקן גייסט איז געווען דער גרויס־אַרטיקער פּראָצעס פון פאַרטיילן די ערד. ווי גרויס איז דערין געווען דער אָנטייל פון דער צענטראַלער רעגירונג, ווי אַזוי האָט דאָס פאָלק זיך אַן עצה געטון מיט דער דאָזיקער געוואַלטיקער פּראָבלעם? אַלס עדות פון יענער צייט זאָל דינען אַ שרייבער, וואָס איז אַליין געווען אַן עקספּראָפּריאירטער פּריץ און האָט געהערט צום קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן לאַגער. דער דאָזיקער קלאַסן־פיינט האָט אין פינף יאָר אַרום, אין דער עמיגראַציע, געגעבן פאָלגנדיק געטריי בילד פון יענער צייט. „די גאַנצע אַגראַר־רעוואָלוציע איז געלייזט געוואָרן צווישן אָקטאָבער 1917 און מאַי 1918, בעת די צענטראַלע ראַטנרעגירונג האָט נאָך נישט געהאַט אַריינגעדרונגען אין דאָרף. דאָס איז געווען אין פולן זין פון וואָרט אַ סטיכישער פּראָצעס, אַרויסגערופן דורך דער טיפסטער רעוואָלוציאָנערער לײדנשאַפט. קיין שום סאָציאַלע רעוואָלוציע אין דער וועלט איז נישט דורכגעפירט געוואָרן אַזוי פרידלעך און אומבלוטיק, ווי די רוסישע; זי איז אַרויסגעטראָטן קעגן אייגנטום, נישט קעגן פערזאָנען. מען דאַרף נישט זיין קיין פאָלקסטימלער־אידעאַליסט, כדי עס צו פאַרזיכערן. אַפּריל 1918 איז געווען אַ חודש פון וווּנדערבאַרע מעטאַמאָרפאָזעס. פינף טעג נאָכאַנאַנד האָט געהערשט אין די פעלדער פון אונזער געגנט אַ גרויסער ליאַרעם. דאָס איז אָבער נישט געקומען פון קריגערייען, נאָר עס איז פאָרגעקומען די גיגאַנטישע ערד־פאַרטיילונג. די דערפער האָבן זי פאַרטיילט צווישן זיך, די קליינאייגנטימער און פאַרמעגלעכע פויערים האָבן זיך אָן

ווידערשטאַנד געלאָזט רואינירן, אָפּטרעטנדיק זייער ערד די קינדער־רייכע פאַמיליעס. אין אַ וואָך אַרום זענען זיי שוין אַלע אַרויס באַאַרבעטן די פעלדער; דער פאַרטיילונגס־פּראָצעס איז געווען פאַרענדיקט. מען האָט געהאַט דעם איינדרוק פון אַ וווּנדער. די מערקווירדיקע שנעלקייט, די פרידלעכקייט און די רעלאַטיווע גערעכטיקייט, מיט וועלכער דער דאָזיקער פּראָצעס איז דורכגעפירט געוואָרן, האָבן מיך איבערצייגט אין אַ געוויסן זין. דער דאָזיקער רואיקער פאַרלויף פון דער ערד־פאַרטיילונג איז געווען נישט נאָר אַ רעזולטאַט פון דער שוואַכקייט פון דער באַזיצנדער מינדערהייט, נאָר פון דער אַלגעמיינער אַבסאָלוטער איבערצייגטקייט אין דער גערעכטיקייט פון דער פאַרטיילונג. ווען איך האָב שפּעטער געשמועסט מיט די פּויערים, וואָס האָבן פאַרלוירן ביים דאָזיקן פּראָצעס, איז דער ענטפער געווען פאָלגנדער: — מיין פערזענלעכער אומגליק קאָן נישט צונישט מאַכן די גערעכטע זאַך. מען האָט געגלויבט, אַז צווישן די פּויערים מוז אויסברעכן דער בירגער־קריג, ווייל אָן דער צענטראַלער רעגירונג וועלן זיי נישט קענען דורכפירן די פאַרטיילונג. דאָס פאָלק האָט אָבער אויפן יסוד פון זיינע דערפאַרונגען מיט דער „אָבשטשינאַ’’ (ערד־געמיינשאַפט) אַליין געלייזט די היסטאָרישע אויפגאַבע’’. דאָס דאָזיקע גראַנדיעזע בילד פון מיליאָנען פּויערים, וואָס פירן דורך די גרעסטע אַגראַר־רעוואָלוציע, נישט פאַרגיסנדיק דערביי קיין ים בלוט, איז געווען כאַראַקטעריסטיש כמעט פאַר גאַנץ רוסלאַנד. דער נייער סאָציאַלער רעכטס־באַוווסטזיין האָט אַרומגעכאַפּט די גרויס־פּויערישע שיכטן.

דורך אַ באַשלוס פון דער צענטראַל־עקזעקוטיווע פון די ראַטן זענען געגרינדעט געוואָרן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון. דאָס זענען נאָך נישט געווען די קאָנסום־קאָמונעס, וואָס נעמען אַרום צוואַנגאַרטיק די גאַנצע באַפעלקערונג, זיי זענען אָבער צוגענגלעך געווען פאַר די אָרעמסטע פון פאָלק. דער מיטגלידס־אָפּצאָל האָט נישט געטאָרט זיין העכער פון 50 קאָפּיקעס. די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוו־פאָרמען האָבן געדאַרפט בילדן דעם איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליסטישן איבערגאַנגס־אַפּאַראַט צום סאָציאַליסטישן פאַרטיילונגס־אַמט, וואָס אַרבעט אָן געלט און רווחים.

דאָס פּאַרטייקן די פּראָדוקטן אין לאַנד, באַזונדערס דער סחורות־אויסטויש מיטן דאָרף, איז געווען די שווערסטע פּראָבלעם פון דער רעוואָלוציע. די ראַטן־רעפּובליק האָט געוואָלט אַריינגעמען אין אירע הענט די לעבנס־פּראָצעסן פון דער סחורות־צירקולאַציע, אָבער די שוועריקייטן זענען געלעגן סיי אין דאָרף, סיי אין דער אינדוסטרי. רוסלאַנד, וואָס פלעגט פאַרן קריג פאַרקויפן אין אויסלאַנד 500—600 מיליאָן פּוד תבואה, האָט איצט צירקולאַציע, אָבער די שוועריקייטן זענען געלעגן סיי אין דאָרף, איבערגעלעבט אַ שרעקלעכן מאַנגל אין תבואה. דער פאָרשטייער פון דער רעגירונג האָט דעם 8־טן אַפּריל אָפּגעגעבן אַ טרויעריקן באַריכט אין דער צענטראַל־עקזעקוטיווע. „אוקראַינע עקזיסטירט מער נישט פאַר אונז אַלס קוועלע פון תבואה. עס בלייבן האָפענונגען אויף מערב־סיביר און צפון־קאַווקאַז. זייערע רעסורסן זענען געוואַלטיק: 150 און 75 מיליאָן פּוד. דאָ אָבער שטעלט אונז אין סכנה די צעשטערונג פון טראַנספּאָרט. די אייזנבאַנען פירן צו זייער ווייניק, בעת אַפילו די הונגער־פּראָציעס פון לאַנד מוזן אויסמאַכן 35 מיליאָן פּוד". כדי צו באַקומען תבואה פון די פּויערים־ווירטשאַפטן אין די ווייטע און נאָנטע פּראָווינצן, וואָלט מען זיי געדאַרפט ליפערן די נויטווענדיקסטע אינדוסטרי־פּראָדוקטן: שטאָפן, לעדער, מעטאַלן, לאַנדווירטשאַפטלעכן אינווענטאַר. אָבער די זאַפּאַסן פון דער אינדוסטרי זענען געווען נישט אומבאַגרענעצט, די אַרבעט אין די אינדוסטרי־באַטריבן איז צוליב אַ סך סיבות געווען צעטרייסלט, און צושטעלן די פּראָדוקטן אין דער פּראָווינץ איז געווען אויסערסט שווער. די רעגירונג האָט דעריבער געפּרוווט אָרגאַניזירן דעם שווערן סחורות־אויסטויש צווישן דאָרף און שטאָט דורך אַ ברייט־פאַרטראַכטן פּלאַן.

עס האָבן געדאַרפט רעגולירט ווערן די מלוכה־פינאַנסן. זוכנדיק געלט־מיטלען פאַר זייערע אומצאָליקע אויפגאַבן, האָבן די לאָקאַלע ראַטן איינגעפירט די פאַרשידנסטע שטייערן. ווען זיי פלעגן נישט קלעקן, פלעגט מען אַרויפלייגן אויף די פאַרמעגלעכע קלאַסן ווילקירלעכע געלט־קאָנטריבוציעס. די רעגירונג איז אַרויסגעטרעטן קעגן דאָזיקן כאַאָטישן צושטאַנד, וואָס האָט געדראָט צו צעשטערן די סובסטאַנץ גופא פון דער פאָלקסווירטשאַפט. — דער העכס־

טער ראַט פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט האָט אַלץ מער פאַרברייטערט די קאָנטראָל איבער דער אינדוסטריע, איז אַלץ טיפער אַריינגעדרונגען אין די איינצלנע אינדוסטריע־צווייגן, כדי צו באַהערשן זייער פּראָדוקציע. די גרעסטע טאַט פון יענער צייט איז געווען די נאַציאָנאַליזאַציע פונם אויסערלעכן האַנדל. דערדאַזיקער דעקרעט האָט איינגעצוימט דעם אויסלענדישן קאַפּיטאַל; ער איז געווען אַ סיסטעמאַטישער טריט ווייטער נאָך די דעקרעטן וועגן אַנולירן די חובות און נאַציאָנאַליזירן די בענק. דאָס איז געווען אַ וויכטיקער אויפטו פאַרן אויפבוי פון אַ פּלאַנווירטשאַפט.

„גיט אונז ביכער, צייטונגען, שולעס, לערער"! — איז געווען דער איינשטימיקער געשריי פון די רוסישע מאַסן, וואָס האָט זיך געטראָגן איבערן לאַנד. אַלע בילדונגס־קוואַלן פון פאָלק האָבן הונדערט מאָל, טויזנט מאָל געמוזט פאַרגרעסערט ווערן, כדי צו שטילן דעם גוואַלטיקן הונגער נאָך בילדונג, קונסט, שיינקייט. די מיטלען זענען געווען קנאַפּ; אין ערשטן ראַטן־בודזשעט איז באַשטימט געווען פאַר פאָלקס־בילדונג אַ מיליאַרד מיט 200 מיליאָן רובל. „דידאָזיקע סומע — האָט לונאַטשאַרסקי דערקלערט, — מאַכט נאָך נישט אויס אַפילו אַ צענטל פון גאַנצן מלוכה־בודזשעט. זי איז אָבער אַ גוואַלטיקער זיג אין פאַרגלייך מיטן פאַריקן יאָר, ווען די מלוכה האָט באַשטימט נאָר 240 מיליאָן. מיר וועלן צוערשט נעמען אין באַטראַכט די באַדערפענישן פון די פאָלקס־שולעס און דאָרפס־לערער. מיר וועלן שאַפן שולעס, וווּ עס וועט געפלעגט די ליבע צו אַרבעט און דער סאָציאַליסטישער גייסט".

אָבער אינמיטן דידאָזיקע אַלע שעפערישע אַרבעטן, האָבן זיך באַוויזן סימנים פון געפערלעכע טענדענצן. די לענין־רעגירונג, באַפרייט פון דער דירעקטער קאָנטראָל פון די ל. ס. ר., איז ביסלעכווייז אַרויף אויפן וועג פון אַריסטאָקראַטישן צענטראַליזם. סיי אידעאיש, סיי פּראַקטיש איז דאָס געווען דער קערנזאַץ פון ראַטן־סיסטעם. די נייע טענדענץ האָט זיך קודם כל אַרויסגעוויזן אויפן געביט פון די אייזנבאַנען. דער קריג און די בירגער־קאַמפן האָבן גרינטלעך צעשטערט דעמדאָזיקן וויכטיקסטן פאַרקערס־מיטל; דער מאַנגל אין שפּייז און דער אויפבוי פון דער ווירט־

שאַפט האָבן געפאָדערט די שנעלסטע רעגולירונג פון באַן־פאַר־
קער. די רעגירונג האָט נישט געפונען קיין בעסערן מיטל ווי איינ־
צופירן דורך אַ דעקרעט אַ שטרענג־צענטראַליסטישע פאַרוואַלטונג
פון די אייזנבאַנען. אין דער שפּיץ איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן
אַ פּערזאָן מיט אומבאַשרענקטע פולמאַכטן, פּערזאָנען מיט די
זעלבע פולמאַכטן — אין שפּיץ פון די לאָקאַלע פאַרוואַלטונגען.
דורכדעם איז דורכגעשטראָכן געוואָרן דער קאָלעגיאַלער אַרבעטס־
פּרינציפּ און די זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די אייזנבאַן־אַרבעטער.
די ל. ס. ר. און אַפילו אַ טייל באָלשעוויקעס פונם פאַריין פון די
אייזנבאַן ־ אַרבעטער האָבן פּראָטעסטירט קעגן פּאַרטוואַלטיקן די
ראַטן־אידייע. דאָס איז אָבער געווען נאָר אַן אָנהויב. אינגיכן איז
געקומען אַ דעקרעט וועגן דער אָנפירונג פון באַלטישן פלאָט: די
קאָמאַנדירן און קאָמיסאַרן פון פלאָט זאָלן מער נישט געוויילט
ווערן דעמאָקראַטיש, נאָר באַשטימט ווערן פון אויבן. העכסטער
קאָמאַנדיר איז געוואָרן אַן אַדמיראַל פון צאַרישן פלאָט, און ער
האָט אַליין געדאַרפט אויסוויילן זיינע געהילפן. דורך אַזעלכע נאָ־
מינירונגען האָט געמוזט אַנטשטיין די סכנה פון קאָנטער־רעוואָלו־
ציע. נאָכן פלאָט איז געקומען די אַרמיי. דורך אַ דעקרעט איז איינ־
געפירט געוואָרן די פליכט פון מיליטערישער אויסבילדונג פאַר־
אַלע אַרבעטער און פויערים צווישן 18 און 40 יאָר. אין פאַרלויף
פון 8 וואָכן האָבן זיי 2 מאָל אַ טאָג געדאַרפט דורכפירן מיליטע־
רישע איבונגען און דאַן אַריינגעטראָגן ווערן אין די רשימות אַלס
מיליטער־פליכטיקע. „ווער עס דרייט זיך אַרויס פון דער מיליטערי־
שער פליכט, ווערט צוגעצויגן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט".

דאָס איז געווען די אמתע, אָפיציעלע אַרמיי, וואָס מען האָט
געוואָלט אויפבויען. טראָצקי, וואָס איז אינצווישן געוואָרן מילי־
טער־קאָמיסאַר, האָט דערקלערט: „אונזער ראַטנרעפּובליק נויטיקט
זיך אין אַ גוט־אָרגאַניזירטער אַרמיי". אָבער אַזאַ רעגולערע
אַרמיי, געבויט לויטן אימפּעריאַליסטישן מוסטער, איז געווען דער
אָנהויב פון מיליטאַריזם. די ל. ס. ר. האָבן געשטרעבט צו אַ
גאַנץ אַנדערער פאָרם פון באַוואָפנטער מאַכט. נישט קיין צוואַנגס־
זעלנער און קאַזאַרמעס, נישט קיין זעלנער־דיסציפּלין און מיליטע־
רישע ראַנגען, נישט קיין אוניפאָרמען און אָרדענס! פרייוויליקע

זאלן זיך צונויפזאמלען, און פרייהייטלעך זאלן זיך אויסבויען די פארמאציעס פון די סאציאליסטישע מאסן. (געוויילטע קאמאנדירן, קאנטראל פון אונטן, גייסט פון געמיינשאפט!) ווייל זייער קאמפקראפט באשטייט נישט אזוי אין טעכנישן און פיזישן איבערגעוויכט איבער דעם קלאסנפיינט און זיינע חיילות, ווי אין גייסטיקן און מאראלישן איבערגעוויכט. א „ריכטיקע" ארמיי אבער האט געמוזט פלאסטערן דעם וועג צום אלטן טיפ פון דער מאכטפולער צענטראליסטישער מלוכה, וואס וואלט צוערשט און דער עיקר פארטיידיקט איר אייגענע מאכט.

דער מלוכה־צענטראליזם האט זיך אויסגעברייטערט, זיך פארבונדן אינגיכן מיט א נייער טענדענץ. די שווער־אינדוסטרי האט זיך געפונען אין א פאטאלער לאגע. די ארבעטס־דיסציפלין איז אפגעשוואכט געווארן, דאס זעלבע — די פראדוקטיוויקייט פון דער ארבעט, דער צוזאמענהאנג צווישן די פיזישע און טעכנישע ארבעטס־כחות איז געווען צעשטערט. לענין האט אנגעהויבן רעדן וועגן א „זאכלעכער פארבינדונג" מיט די בירגערלעכע ספעציאליסטן און באטריבס־פארוואלטער. אין דאזיקן נייעם קער האט מען דערזען נישט נאר דעם פארלאנג נוצבאר צו מאכן פארן סאציאליסטישן אויפבוי די טעכנישע כחות פון קאפיטאליזם, נאר דעם אויפקומענדיקן אומצוטרוי לגבי דער פראלעטארישער איניציאטיוו. דער פראלעטאריער, וואס האט דעראבערט די מלוכה־מאכט און די אינדוסטרי, איז סאציאל ווי דעגראדירט געווארן. געוויס, דער ארבעטער — ווי דער פויער — האט זיך אין יענער שטורמישער צייט צו אפט געלאזט ריכטן פון זיינע פערזענלעכע, לאקאלע אדער בארופלעכע אינטערעסן. צי דארף מען אים אבער דערפאר אוועקשטופן פון דער אינדוסטרי־אנפירונג, אפנעמען ביי אים די פרייד פון פרייער ארבעט, און אוועקשטעלן איבער אים נייע הערן און מייסטער? אין דער פרעסע פון די ראטן־פארטייען האט זיך פאנאנדערגעפלאקערט וועגן דעם א העפטיקע דעבאטע. — אויך אין געביט פון ערד־סאציאליזאציע האט מען אנגעהויבן שפירן שטערונגען. אין קאמיסאריאט פאר לאנדווירטשאפט האט מען צוגעגרייט זעקס־וואכנטלעכע קורסן פאר 500 צוהערער, וואס זאלן געשיקט ווערן אין די גובערניעס אלס פראפאגאנדיסטן פון אגראר־

סאָציאַליזם. אָבער לעניִן האָט אָנגעהויבן שטעלן אַ ווידערשטאַנד דערהדאָזיקער סאָציאַליזאַציע. ווי ספּירידאָנאָווא האָט שפּעטער מיטגעטיילט אויף איר פּאַרטיי־קאָנגרעס, איז דערדאָזיקער ווידער־שטאַנד באַשטאַנען שוין בעת דעם 3־טן ראַטן־קאָנגרעס אין יאַנואַר. „די מערהייט פּויערים, וואָס האָבן מיט באמת רעליגיעזער התלהבות געשטימט פאַר דער ערד־סאָציאַליזאַציע, האָבן קיין אָנונג נישט געהאַט וועגן די אַלע שטרויכלונגען, וואָס מען האָט געלייגט אין וועג דעמדאָזיקן געזעץ". דער ווידערשטאַנד איז שטאַרקער געוואָרן נאָכדעם, ווי די ל. ס. ר. האָבן פאַרלאָזן דעם ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן. „איצט מאַכט מען אונז אַפילו פינאַנסיעלע שוועריקייטן. די פּויערים־סעקציע האָט נאָך נישט באַקומען די סומעס פאַר פעברואַר־אַפּריל". דאָס איז נישט געווען קיין צופאַל: דער באָלשעוויזם האָט אָנגענומען דאָס געזעץ וועגן ערד־סאָציאַליזאַציע בלויז צוליב פּאָליטיש־טאַקטישע טעמים. אינדערהאמתן האָט לעניִן געשטרעבט צו שטעלן די ערד אין רשות פון דער מלוכה, שאַפן גרויסע לאַנדווירטשאַפטלעכע באַטריבן מיט פאַבריקמעסיקער אַרבעט, אַוועקשטעלן איבער די פּויערים ווירטשאַפטלעך־אויסגעשולטע פאַרוואַלטערס. ווייל דער פּויער איז פאַר לעניִנען נישט געווען קיין טרעגער פון סאָציאַליזם: ער האָט אַפריער געמוזט פּראָלעטאַריזירט ווערן.

אויפן האָריזאָנט פון דער ראַטן־רעפּובליק האָבן זיך גענומען אָנצייכענען קאָנטורן פון אַן אויטאָריטערישער געמיינשאַפט. עס האָט געהאַלטן אין געגרינדעט ווערן אַ מלוכה לויט אַלטע אויסגעפּרווו־טע מוסטערן, מיט אַ צענטראַליסטישער רעגירונגס־מאַשין, מיט אַ פעסטער האַרנהאַנט איבער באַטריב און פעלד. און די דאָזיקע מלוכה האָט זיך געדאַרפט האַלטן פונדערווייטן פון אינטערנאַציאָ־נאַל־רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן, זיך באַשרענקען קודם־כל מיט זיינע נאַציאָנאַלע אויפבוי־צילן. צי איז דאָס אָבער געווען די אידייע פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע? די רעוואָלוציע האָט זיך געפונען אין אַן אויטאָריטערלישן צושטאַנד. פון איין זייט איז געווען דער שטראָם פון אַקטיווער שעפערישער אַרבעט און פרייד, וואָס האָט פולסירט אין די מאַסן; פון דער צווייטער זייט האָט זיך פאַר־פעסטיקט דער צענטראַליזם פון דער מלוכה־מאַכט און אַ כוואַליע

דעפרימירנדע שטימונגען האָט זיך אַ גאַנץ געטאָן אויפן לאַנד פון הויבן. צי זאָל דערדאָזיקער צושטאַנד ווערן אַ בלייבנדער?

די פּאַרטיי ל. ס. ר. האָט געשטעלט פאַר זיך דידאָזיקע פראַגע אין דער שאַרפסטער פאָרם. זייט די פּאַרטיי איז אַרויסגעטראָטן פון דער רעגירונג, האָבן די פּאָליטישע קעגנער געהאַלטן אין איין נביאות זאָגן, אַז זי וועט אײַנגיכן אונטערגיין. די אַנטוויקלונג האָט באַוויזן דעם קעגנטייל. זי איז באַדייטנד געוואָקסן אין אַלע פּראָווינצן פון לאַנד. אָבער די אָנפירונג פון דער ל. ס. ר. פּאַרטיי האָט דורכגעלעבט אַ אינערלעכן קריזיס. די מיינונגען האָבן זיך שאַרף פּאַנאַנדערגעטיילט ביים באַאורטיילן לעגינס ניי־געוויילטן וועג. ספּירידאָנאָוואַ האָט געהערט צו יענע, וועלכע האָבן באַטראַכט אַלס געפערלעכן פעלער, וואָס די פּאַרטיי איז מוותר געווען אויפן אָנטייל אין דער רעגירונג. זי האָט געשטויסן צו רעווידירן יענעם באַשלוס. די שטרייט־פראַגע האָט געדאַרפט אָנשיידן אַ פּאַרטיי־קאָנגרעס.

ווען ספּירידאָנאָוואַ האָט דעם 17־טן אַפּריל געעפנט דעם־דאָזיקן קאָנגרעס, האָט זי געפונען פאַר זיך העכער 100 דעלעגאַטן, וואָס האָבן פאַרטראָטן 64.000 אָרגאַניזירטע מיטגלידער פון דרייסיק גובערניעס. די פּאַרטיי איז אַלט געווען ערשט זעקס חדשים, אָבער אויפן דאָזיקן קאַמף־קאָנגרעס האָט זי שוין אַרויסגעוויזן אַ בולט פּנים און אַ פעסטן כאַראַקטער. ספּירידאָנאָוואַ האָט אָנגעהויבן דעם קאַמף, וואָס האָט זיך באַלד געפונען אינם צענטער פון דער גאַנצער עפנטלעכקייט פון לאַנד.

„וואָס איז דער עיקרדיקער פאַקטאָר פון דער רעוואָלוציע? עס ווערט אַלץ קלאָרער, אַז דער סאָציאַלער עיקרדיקער פאַקטאָר פון אונזער רעוואָלוציע איז די ערד, די אַגראַר־פראַגע. די באַוועגנדע קראַפט איז דאָס פּויערטום... דעריבער באַשטייט און בלייבט אונזער עיקר אויפגאַבע: פאַרווירקלעכן די ערד־סאָציאַליזאַציע. די באָלשעוויקעס איז פרעמד דער גייסט און די פּרינציפּן פון דער־דאָזיקער סאָציאַליזאַציע צוליב זייער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער נאַטור. אַלזאָ: מוזן מיר זי דורכפירן. אָבער ווי אַזוי, אויב מיר נעמען נישט אָנטייל אינם מלוכה־אַפּאַראַט''?...

„צי ווייסט איר, וואָסער ווירקונג עס האָט געהאַט פאַרן

פויערטום — אונזער ארויסטריט פון דער רעגירונג? איך וועל איך דאָס אָפן דערקלערן: דורך אונזער מותּר זיין אויף דער מלוכה־מאַכט האָבן מיר פאַרראַטן דאָס פויערטום. מען מוז שטיין אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט, כּדי צו שפּירן, ווי וויכטיק עס איז געווען פאַרן פויערטום אונזער איינפלוס אין דער רעגירונג. וואָס עס געשעט איצט מיט זיי, ווי זיי ווערן פאַרנאַכלעסיקט, ווי מען האָט בדעה אפילו צו ענדערן דעם געזעץ וועגן דער ערד, — וועגן דעם וואָלט מען אייך געקאָנט דערציילן אַ מעשה״...

„דער שלום איז אונטערגעשריבן געוואָרן נישט דורך אונז און נישט דורך די באָלשעוויקעס: ער איז אונטערגעשריבן געוואָרן דורך דער נויט, דורכן הונגער, דורכן אומווילן פון גאַנצן פאָלק, וואָס איז געווען צו מיד אויף צו פירן ווייטער קריג. יאָ, אונטערן יאָך פון הונגער און ווירטשאַפטלעכן כאַאָס איז דאָס רוסישע פאָלק נישט געשטאַנען אויף דער רעוואָלוציאָנערער הויך לגבי דעם דייטשישן אימפּעריאַליזם. אָבער איך פרעג מיינע קעגנער: צי וועלן זיי, פּנים אל פּנים מיט דער אַלגעמיינער מידקייט, איבער־נעמען די אחריות פאַר ברעכן דעם שלום־אָפּמאַך, דעם אָפּמאַך, וואָס איז אונז אַלע גלייך פאַרהאַסט״?

„אונזער רעוואָלוציאָנערע שטעלונג אין דער קריגס־פראַגע האָט נישט געבראַכט די מאַסן צו אונז: זיי זענען געבליבן ביי די באָלשעוויקעס. און איך דערקלער, אַז די באָלשעוויקעס זענען נישט געוואָרן אומטריי דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. זיי האָבן בלויז נאָכ־געגעבן צוזאַמען מיטן פאָלק, ווייל זיי האָבן נישט געזען קיין מעגלעכקייט צו פאַרטיידיקן די רעוואָלוציאָנערע פּאָזיציעס.

„אויב עס זאָל אמת זיין, אַז זיי פאַרראַטן, — דאַן מוז קו־מען אַ קאַמף אויף דער גאַנצער ליניע! דאַן —קיין שום קאָנצעס־יעס און קאָמפּראָמיסן!... אויב אָבער מיטן „פאַרראַט״ איז נישט אַזוי שרעקלעך, דאַן איז דאָ בלויז אַ בונד און ערלעך מיטאַרבעטן. אַזוי אַרום שטייט פאַר אַ סך פון אונז די פראַגע: ענטוועדער־אָדער... אויב דער קאָנגרעס וועט נישט געפינען קיין אויסוועג, דאַן הייסט עס שעדיקן די סאָציאַלע רעוואָלוציע. מיטן דאָזיקן געדאַנק וועלן נישט קענען שלום מאַכן די יעניקע, וועלכע האָבן

אויף אייביק פֿאַרבונדן זייער לעבן מיטן גורל פֿון דער רעוואָלוציע״.

ספּירידאָנאָווא האָט אַרויסגעזאָגט איר דראָאונג און איז אַראָפּ פֿון דער טריבונע. קאַמקאָוו און שטיינבערג זענען אַרויסגעטרעטן קעגן אירע מיינונגען. „עס איז אמת — האָט קאַמקאָוו דערקלערט, — אַז די עהרד־סאָציאַליזאַציע איז אין סכנה. אָבער עס וואָלט געהייסן צו פּרימיטיוו דענקען, ווען מען זאָל מיינען, אַז דער גורל פֿון דער סאָציאַליזאַציע איז אָפּהענגיק פֿון ביוראָקראַטישן צענטראַל־אַפּאַראַט אין מאָסקווע. דידאָזיקע עיקרדיקע פֿראַגע וועט געלייזט ווערן דורכן לעבן גופא אויף די ערטער. אויב זי וועט אָרגאַניש נישט שלאָגן קיין וואָרצלען אין לעבן, דאַן וועט נישט העלפֿן אויך אונזער אָנטייל אין דער רעגירונג... דער פֿאַנאַנדערפֿאַל הויבט זיך אָן אַ דאַנק דער אַרבעטסלאָזיקייט, דער צעשטערטער אינדוסטרי, דעם אָפּפֿלוס פֿון די אַרבעטער אין די דערפֿער. אונזער אויפֿגאַבע באַשטייט איצט צו פֿאַרפֿולן די רייען פֿון קלאַסנבאַוווסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט דורך צוציען דעם קעמפֿנדן פּויערטום. וואָס פֿאַר אַ שייכות האָט דאָס אָבער מיט אָנטיילנעמען אין דער רעגירונג?

דאַן איז קאַמקאָוו איבערגעגאַנגען צו ריידן וועגן „שלום״. „די „אַטעמפּויזע״ פֿירט דערצו, אַז די ראַטן־רעפּובליק וועט זיך פֿאַרוואַנדלען — אומאָפּהענגיק פֿונם ווילן פֿון דער הערשנדער פּאַרטיי — אין אַ דינער פֿון אימפּעריאַליסטישע מלוכות. מיר וועלן באַלד שטיין פֿאַר אַ ווידערלעכן פּאַראַדאָקס: פֿאַרן בונד פֿון אַ סאָציאַליסטישן לאַנד מיטן דייטשישן טריאומפֿירנדן אימפּעריאַליזם. זאָלן מיר מיטמאַכן דידאָזיקע טאָפּלזייטיקע פּאָליטיק? זאָלן מיר אָנטיילנעמען אין אַ רעגירונג, וואָס פּראָקלאַמירט די רויטע פֿאָן אַלס מלוכה־פֿאָן און וויכט גלייכצייטיק אַלץ מער אָפּ פֿון סאָציאַליזם״?

„קוקט זיך נאָר צו צו דער נייער פּאָליטיק אין לאַנד גופא! — האָט גערעדט שטיינבערג, ווענדנדיק זיך צו ספּירידאָנאָוואַן — אין דער אַרמיי, אין פֿלאָט, ביי די אייזנבאַנען ווערן איינגעפֿירט צענטראַליסטישע, אויטאָקראַטישע מלוכה־פֿאָרמען. מען פּראָקלאַמירט שוין אַ „געשעפֿטלעכע״ קאָאַליציע מיטן בירגערטום. מען

סוגערירט דעם פאלק פאליטישע אנמעכטיקייט, מען טיילט אפ די רעוואלוציע פון איר אינטערנאציאנאלער סביבה. ווי מען וואלט געקאנט מאכן די סאציאלע רעוואלוציע אין א טולער גובערניע אליין... אונזער אויפגאבע איז: נישט אויסשטרעקן די האנט נאך דער מלוכה־מאכט אינם צענטער. אונזער פלאץ איז צו בלייבן ביים פאלק, און אין זיין מיט פארווירקלעכן די סאציאליזאציע פון דער ערד, פון דער אינדוסטרי... און אויב ביי די מאסן זאל אפילו הערשן מידקייט, איז דאס פאר אונז נישט קיין בינדנד געזעץ. א רעוואלוציאנערע פארטיי גייט נישט נאך בלינדערהייט די מיהגעווארענע מאסן, נאר דערהייבט זיי צו אירע דרייסטסטע אידייען, צו די אויפגאבן פון דער סאציאליסטישער רעוואלוציע".

ספירידאנאווא איז נישט באפרידיקט געווען דורך די מאטיוון פון אירע קעגנער. אין איר ענטפער־רעדע האט זי באוויזן, אויף ווי ווייט זי איז געווען פעאיק צו דענקען ווייטער פון די ראמען פון פארטיי־ווענז. זי האט געוואלט זיין מער ווי א סאציאל־רעוואלוציאנערין.

„מיר פאדערן צוריק אריינטרעטן אינם ראט פון די פאלקס־קאמיסארן, און איר זאגט אונז: מיר מוזן גיין אין פאלק! ריכטיק ווי ביז איצט זענען מיר נישט מיט אים צוזאמען. אהער דענקט איר אפשר ביים דאזיקן גיין־אין־פאלק בלויז וועגן דער פארטיי־ארבעט. אבער א פארטיי־טעטיקייט אין די אלטע אומלעגאלע פאר־מען איז מער נישט מעגלעך. דאס לעבן טרייבט אונז צו א גאנץ נייער ארט פון פארטיי־טעטיקייט: צו דער שעפערישער סאציאלער ארבעט אין די ראטן. צי דען ווילט איר אוועקווארפן מיט ביטול די דאזיקע שעפערישע ארבעט, כדי זיך אומצוקערן אויפן וועג פון מיטינגען, פון געהיימע קרייזלעך? צו ווילט איר אויף אזא אופן שאפן טרייע סאדערם לינקע ס. ר.? דאס איז אן אוטאפיע אין דער תקופה פון פארביטערטן סאציאלן קאמף פון פאלק... און דאן — וועגן די קלאסן. מען האט דא גערעדט וועגן אן אנהויב פון פאנאנדערפאל־פראצעס אין פראלעטאריאט, וועגן צוציען דאס פויערטום. א, געוויס! דאס פויערטום איז א גרויסע סאציאלע קראפט. אבער מיר טארן נישט זאגן, אז עס וועט אונז תיכף־ומיד צושטעלן דעם אגראר־סאציאליזם. מיר שטרעבן דערצו, מיר טוען

אַלץ, כּדי נוצבאַר צו מאַכן זיין קאָלעקטיוויסטישן באַוווסטזיין, כּדי צו אָרגאַניזירן זיין ווילן אין דער ריכטונג צום סאָציאַליזם. דאָס אַלץ איז נאָך אָבער אין פּראָצעס פון ווערן. ווי אַזוי קענען מיר אונטערשעצן דעם פּראָלעטאַריאַט, אַרויסלאָזן אים פון אויג? מיר מוזן צוזאַמענהאַלטן בײדע קלאַסן.

אויב מיר וועלן איצט אַרויסרוקן אין פאָדערגרונט פון דער רעוואָלוציע די פּאַרטיי־ליניע, דעם גייסט פון סעקטאַנטישקייט, דאַן רייסן מיר זי אויף. איבעררייסן מיט די באָלשעוויקעס הייסט איבעררייסן מיט דער רעוואָלוציע. נאָר דורך צוזאַמענאַרבעטן מיט זיי קאָן מען ווידער גוטמאַכן זייער טאַקטיק".

דער קאַמף פון די מיינונגען האָט געדויערט דריי טעג. צו דריי רעדנער האָבן געהאַלטן רעפעראַטן וועגן יעדן שטאַנדפּונקט. דער גרייז־גראָער נאַטאַנסאָן האָט זיך געשטעלט אויף ספּירידאָנאָוואַס זייט. עס איז געווען אַ מאָמענט, ווען בײדע לאַגערס האָבן זיך שוין געוואָלט פאַנאַנדערגיין. דאַן האָט ספּירידאָנאָוואַ אויסגערופן אין דער היציקייט פון שטרייט: „נו גוט, לאָמיר מעסטן אונזערע כּחות! מיר וועלן לאָזן אויפלעבן אונזערע אַלטע טעג און זען, מיט וועמען דאָס פאָלק וועט גיין". דאָס איז געשען צום ערשטן מאָל, ספּירידאָנאָוואַ זאָל מרמז זיין אויף אירע רעוואָלוציאָנערע פאַרדינסטן... די ליבע צו דער פּאַרטיי און צום פאָלק, די ליידנשאַפטלעכע צוגעבונדנקייט צו דער רעוואָלוציע האָט ווידער צונויפגעפירט די פאַנאַנדערגעריסענע פליגלען. מען האָט זיך געאייניקט אויף אַ רעזאָלוציע, וואָס האָט געלאָזן אָפן אַ טיר פאַר דער צוקונפט. די רעזאָלוציע האָט געזאָגט: „דאָס אָפּוואַרפן דעם שלום־אָפּמאַך און דער אַרויסטריט פון דער רעגירונג זענען געווען ריכטיק... די אָביעקטיווע אַנטוויקלונג פון די געשעענישן פירט אָבער אומאָפּווענדבאַר צום אַנטשיידנדיקן צוזאַמענשטויס פון די האַרעפּאַשנע מאַסן מיט די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן אין קאַמף פאַרן סאָציאַליזם. די אָפּווייכונגען פונם וועג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, ווי זיי קומען צום אויסדרוק אינם אונטערשרייבן דעם שלום־אָפּמאַך און אין די נאָך אים אָנגענומענע באַשלוסן פון דער רעגירונג, וועלן דעריבער מוזן אַנולירט ווערן. ווען די פּאָליטישע לאַגע וועט זיך אַנטשפּרעכנדיק ענדערן, דאַרף דער

צענטראַל־קאָמיטעט אַנטיילגענומען אין דער צענטראַלער מלוכה־מאַכט. די אַלגעמיינע לאַגע איז אָבער אַזוי ערנסט, אַז אין דער קירצסטער צייט דאַרף צונויפגערופן ווערן אַ נייער קאָנגרעס פון דער פּאַרטיי".

דידאַזיקע רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַלע קעגן 5 שטימען. עס איז געווען קלאָר: דידאַזיקע פּאַרטיי פאַרמאָגט אַ איינהייטלעכע ליניע, וואָס קאָן מער נישט שטיין אונטער אַ ספק. די פּאַרטיי האָט שוין אויך פאַרמאָגט אויף אַזוי פיל קראַפט־באַוווסטזיין, אַז זי האָט זיך נישט אונטערגעגעבן אפילו ספּירידאָנאָוואַס און גאַטאַנסאָנס שטימען. ווי שטאַרק בײדע לאַגערס זאָלן נישט האָבן געשטריטן צווישן זיך, זענען זיי דאָך געאייניקט געווען, סיי אין נעגאַטיוון, סיי אין פּאָזיטיוון. בײדע האָבן געטראָגן אין זיך דעם גרויסן אידעאָלאָגישן אומצוטרוי צום באָלשעוויזם, בײדע האָבן געקעמפט פאַר די זעלבע צילן פון דער רעוואָלוציע. איינשטימיק איז אָנגענומען געוואָרן די נייע פּראָגראַם פון אַ סאָציאַלער ראַטן־רעפּובליק. איינשטימיק זענען אָנגענומען געוואָרן די פּרינציפּן פון פאַרגעזעלשאַפטלעכן די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט. „די קאָלעקטיווע אַרבעט אויף דער ערד דערציט אין יונגן פּויערים־דור די בעסטע מענטשלעכע געפילן פון סאָלידאַרישקייט, ברידערלעכקייט און גלייכהייט. אונזער פּאַרטיי דאַרף אונטערשטיצן און פּאַרטיפן אַלע פּראָצעסן פון פאַרגעזעלשאַפטלעכן, צוגעבנדיק זיי אַחוץ דער עקאָנאָמישער, אויך אַ גייסטיקע און מאָראַלישע באַגרינדונג". אין דאָזיקן צייכן האָבן זיך צעשיידט די חברים פון דער דאָזיקער אומפּרחמנותדיק שטרענגער פּאַרטיי.

## XIII.

# מלוכה־פאַרשווערונג און הונגער־נויט

נאָך אײדער די דעלעגאַטן האָבן צייט געהאַט צוריקצוקערן אין זייערע פּראָווינצן, זענען אין דער ראַטן־רעפּובליק פאָרגעקומען נייע וויכטיקע געשעענישן. דעם 29־טן אַפּריל האָט לענין געהאַלטן

אין פלענום פון דער ראטן־עקזעקוטיווע א כאראקטעריסטישע
רעדע. אויב ווערטער קאָנען זיין מעשים, האָט לענינס דאָזיקע רע־
דע באמת געהאט א היסטאָרישע באַדייטונג. זי האָט אין א סיס־
טעמאטישן געדאַנקענגאַנג בולט אָפּגעדעקט דעם גאַנצן כאראקטער
פון באָלשעוויזם, ווי אַזוי ער האָט זיך אַנטוויקלט אין די נאָנטסטע
יאָרן. די טעמע פון דאָזיקן רעפעראט האָט געהייסן — „וועגן די
אַקטועלע אויפגאבן פון דער ראטן־מאכט". לענין האָט אינגאנצן
געלאָזן אין א זייט די אויפגאבן פון א רעוואָלוציאָנערער אויסערן־
פאָליטיק: ער איז געשטאַנען פעסט אויפן באָדן פון בריסקער
שלום. דרויסן האָט געווילדעוועט דער קאמף פון די פיינטלעכע
אימפעריאַליסטן; ראטן־רוסלאַנד קאָן זיך אָבער באַטראַכטן אַלס
„אינזל", וואָס פאַרנעמט זיך מיט איר פרידלעכער אויפבוי־אַרבעט.
„אין דערדאָזיקער אָטעמפּויזע מוזן מיר לאַווירן, אָפּוואַרטן,
אָפּטרעטן. נאָר די וועלט־רעוואָלוציע קאָן אונז ראַטעווען". איצט
מוז מען זיך אינגאַנצן ווידמען די אינערלעכע אויפגאַבן פון לאַנד.
מען האָט דאָ געַנוג געזינדיקט. מען האָט זיך צופיל אָפּגע־
געבן מיט פריוואַט־אויסברוכן און פאָלקס־פאַרזאַמלונגען.
קליינבירגערלעכע סטיכישע כוחות, אַנאַרכיסטישע אומגעצוימטקייט
האָבן באַהערשט אויך די פּראָלעטאַרישע מאַסן. איצט מוז מען
שאַפן דיסציפּלין, אָרדנונג און לעבן, באַזונדערס אינם אויפבוי פון
דער ווירטשאַפט. כדי צו הויבן זיי מוז מען איינפירן אַקאָרד־אַר־
בעט, אויסנוצן דאָס גוטע פון דער טיילאָר־סיסטעם, צוציען די
בירגערלעכע ספּעציאַליסטן. „אָן דער אָנפירונג פון ספּעציאַליסטן
אין די פאַרשידענע געביטן פון וויסן און טעכניק, איז אוממעגלעך
דער איבערגאַנג צום סאָציאַליזם, ווייל סאָציאַליזם איז ווייטער־גיין
אויפן באַזיס, וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט דערגרייכט. אין באַטריב
מוז הערשן אַרבעטס־דיסציפּלין און די שטרענגסטע איינהייט
פון ווילן.

ווי אַזוי קאָן דאָס לעצטע דערגרייכט ווערן? דורך אונטער־
וואַרפן דעם ווילן פון טויזנטער אונטערן ווילן פון אַן איינציקן.
„ווייל יעדע מאַשינעלע גרויס־אינדוסטרי פאָדערט אומבאַדינגטע
און שטרענגסטע איינהייט פון ווילן, וואָס פירט אָן מיט דער גע־
מיינזאַמער אַרבעט פון הונדערטער, טויזנטער און הונדערטטויזנ־

טער מענטשן״. אויב די לינקע ס. ר. און די לינקע באָלשעוויקעס דערקלערן, אַז אַזאַ סיסטעם איז נישט אַנדערש, ווי אַ מלוכה־קאַפּיטאַליזם, איז דאָס ריכטיק. אָבער דער „מלוכה־קאַפּיטאַליזם איז פאַר אונז אַ טריט פאָראויס, אַ טריט, וועלכן נאָר קליינבירגער קאָנען באַטראַכטן אַלס פיינטלעכן״. און דאָ האָט צום ערשטן מאָל אָפן אויפגעבליצט די אידייע פון דער פערזענלעכער דיקטאַטור. „די דיקטאַטור פון איינצלנע פערזאָנען—האָט לענין דערקלערט,— איז אין דער געשיכטע פון רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען זייער אָפט געווען אויסדרוק, טרעגער, פירער פון דער דיקטאַטור פון רעוואָלוציאָנערע קלאַסן. די אומבאַשטרייטבאַרע דערפאַרונג פון דער געשיכטע זאָגט עדות דערויף. דעריבער עקזיסטירט גאָרנישט קיין פּרינציפּיעלע סתירה צווישן דער סאָציאַליסטישער דעמאָקראַטיע און דער דיקטאַטאָרישער מאַכט פון איינצלנע פערזאָנען״.

אָבער ווער דאַרף זיין דער טרעגער פון דער דאָזיקער דיקטאַטור? דאָס האָרעפּאַשנע פויערטום אָדער זיין פּאַרטיי, די לינקע ס. ר.? פאַר קיין פאַל! לענין האָט מיט דער גרעסטער שאַרפקייט אָנגעגריפן דעם דאָזיקן קלאַס און די דאָזיקע פּאַרטיי. „פערזענלעך מעגן זיי זיין רעוואָלוציאָנער, אָבער זייער סאָציאַלע באַזע איז דער קליין־אייגנטימער, וואָס איז ווילד געוואָרן דורך די קריגס־לײדן, דורך עלנט און הונגער־פּיין, וואָס זוכנדיק אַ רעטונג, וואַקלט ער זיך צווישן צוטרוי צום פּראָלעטאַריאַט און אויסברוכן פון פאַרצווייפלונג״. די האָרעפּאַשנע מאַסן קאָנען געפירט ווערן בלויז דורכן אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט. אָבער צי איז די אַרבעטערשאַפט אַליין נישט געווען אַרומגעכאַפּט פון די „קליינבירגערלעכע סטיכישע כוחות״? געוויס, אָבער לענין האָט געהאַט אין זינען די פּראָלעטאַריש - באָלשעוויסטישע פּאַרטיי, די דיקטאַטור פון די פּראָלעטאַרישע פירער...

אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעצייכנט מיט קלאָרע שטריכן יענע ראַטן־מלוכה, וואָס האָט פאַרגעשוועבט לענינען.

מלוכה־קאַפּיטאַליזם אַלס ווירטשאַפטלעכע סיסטעם פון דער ראַטן־רעפּובליק.

אייזערנע דיסציפּלין אין באַטריב און וואַרשטאַט. די פּראָלעטאַריער אַרבעטן אונטער דער פירונג פון בירגערלעכע, גוטבאַ־

צאָלטע ספּעצן. וויניקער איניציאַטיוו מצד די מאַסן, מער געהאָרכזאַם לגבי די פירער פון דער פּראָדוקציע.

צוריקגעשטויסענעס פּויערטום, ווייל צוליב זיין קליינבירגערלעכער נאַטור קאָן עס נישט זיין קיין באַזע פאַרן סאָציאַליזם.

פּראָלעטאַרישער צעזאַריזם, אונטער דער פאָרם פון פּאַרטייאון פּערזאָנען — דיקטאַטור, אַלס קרוין אָדער יסוד פון דער ראַטןמלוכה.

לענינס רעדע האָט זיך אָנגעשטויסן אין דער קעגנערשאַפט נישט נאָר פון די רעכטע סאָציאַליסטן; עס זענען שטרענג ארויסגעטרעטן קעגן אים אויך לינקע ס. ר., לינקע באָלשעוויקעס, מאַקסימאַליסטן און אַנאַרכיסטן. לענין האָט אפילו פאַר זיין רעזאָלוציע באַקומען אַ מערהייט אין דער עקזעקוטיווע, אָבער די ל. ס. ר. האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען. אויך ספּירידאָנאָוואַ האָט פאַרשאַרפט דאָס געהער נאָך דער האַזיקער רעדע. עס האָט ממשותדיק אויפגעטויכט פאַר איר דאָס געשפּענסט פון „באַרין", פונם ראַטןהער. זי איז אָקאָרשט נאָך גרייט געווען מותר צו זיין צוזאַמען מיט לענינען אויף אַ רעוואָלוציאָנערע אויסערן־פּאָליטיק. זי האָט דאָס אָבער נאָר געטאָן, כדי צו געווינען צייט פאַר אַ קאָנסעקווענטער סאָציאַליסטישער פּאָליטיק אין לאַנד גופא. אָבער וואָס האָט זי איצט ארויסגעהערט פון לענינס פּראָגראַם? דאָס צוריקשטעלן אין נייע פאָרמען אַ „אָרדנונג", וואָס דערמאָנט אַזוי שטאַרק אין דער פריערדיקער האַרן־אָרדנונג. אין באַטריב זאָל דער פּראָלעטאַריער ווידער ווערן אַ אַרבעטס־שקלאַף?... דאַן וועט זיך זיין אַרבעטסטאָג נישט פאַרבינדן אין אַ שעפערישער איינהייט מיט זיין איבעריקן לעבנס־טאָג. און די זלזולים אויפן חשבון פון די פּויערים, וועלכע האָבן ארויסגעטראָגן די רעוואָלוציע אויף זייערע אַקסלען? זענען זיי דען באמת נישט מער ווי מחנות קליינבירגער און פאַנאַטישע אייגנטימער? טאָ ווי אַזוי לאָזט זיך דערקלערן די ערדסאָציאַליזאַציע? און ווי אַזוי וועט זיך אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע קאָנען איינהאַלטן קעגן הונדערט מיליאָן אַזעלכע „ווילד־געוואָרענע" קליינבירגער? און וואָס באַדייטן די געהיימנישפולע זאַצן וועגן דער דיקטאַטור פון איינצלנע פּערזאָנען? דער אַלטער רוסישער „באַרין" פייערט זיין תחית־המתים שוין אין אַ יאָר ארום נאָך

זיין טויט? ספּירידאָנאָווא האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן עפּעס פיינטלעכערס, בעת זי האָט אומרואיק געטראַכט וועגן דער דאָזיקער נייער ווענדונג.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז פון אויסלאַנד געקומען דער גוואַלטיקער קלאַפּ. דאָס דייטשישע מיליטער האָט דעמזעלבן 29־טן אַפּריל דורכגעפירט אין קיעוו, דער הויפּט - שטאָט פון אוקראַינע, אַ מלוכה - איבערקערעניש. די צענטראַל - ראַדע, וואָס האָט געשלאָסן מיט די דייטשן אַ סעפּאַראַטן שלום און וואָס האָט זיי פאַרבעטן אין דער אוקראַינע, כּדי צו פאַרפעסטיקן איר מאַכט, איז דורך די זעלבע דייטשן אויף אַ ברוטאַלן אופן פאַנאַנדערגעיאָגט געוואָרן. אין זעלבן טאָג, ווען די דייטשן האָבן מיט מיליטער־געוואַלט פאַנאַנדערגעיאָגט די ראַדאַ, איז אין קיעוו פאָרגעקומען אַ קאָנגרעס פון די „כלעבאָראָבן", וואָס איז באַשטאַנען פון גרויסע פּריצים און פאַרמעגלעכע פּויערים פון אוקראַינע. זייער ערשטע זאָרג איז געווען אָפּצושאַפן דעם סאָציאַליזאַציע־געזעץ און צוריקשטעלן דאָס פּריוואַט - אייגנטום אויף ערד. דאַן האָבן זיי געשאַפן אַ נייע העכסטע מאַכט אין לאַנד און אַלס „העטמאַן" פון אוקראַינע באַשטימט דעם גענעראַל סקאָראָפּאַדסקי. סקאָראָפּאַדסקי איז געווען אַ גוואַרדיע - אָפיציר פון רוסישן צאַר און איינער פון די גרויסע אוקראַינער ערד - באַזיצער. אין אַ טאָג אַרום האָט זיך דער העטמאַן געווענדעט מיט אַ פּראָקלאַמאַציע צום פאָלק: „דערמיט דערקלער איך זיך אַלס העטמאַן פון אוקראַינע. די צענטראַל־ראַדאַ און אַלע ערד - קאָמיטעטן ווערן אויפגעלייזט. דאָס פּריוואַטן־אייגנטום, אַלס יסוד פון קולטור און ציוויליזאַציע, ווערט צוריקגעשטעלט אין דער פולער מאָס. אויפן געביט פוןווירטשאַפט און פינאַנצן ווערט צוריקגעשטעלט די פולע פרייהייט פון האַנדל, דער פּריוואַטער איניציאַטיוו און דעם אונטערנעמונגס - גייסט ווערט געגעבן פולע באַוועגונגס־פרייהייט. איך פאָדער אומבאַדינגטן געהאָרכזאַם לגבי אַלע רעגירונגס־באַפעלן און וועל פאַרזיכערן די אויטאָריטעט פון דער מלוכה־מאַכט מיט אַלע, אפילו די שאַרפסטע מיטלען".

דאָ האָט גערעדט מיט אָפענע ווערטער די פּאָליטישע און סאָציאַלע רעסטאַווראַציע. די דאָזיקע ווערטער האָבן געמאַכט אַן איינדרוק, ווייל הינטער זיי איז געשטאַנען די מאַכט פון דער דייטשי-

שער אַרמיי. דייטשלאַנד האָט נויטיק געהאַט אוקראַאינע אַלס ריזיקן ליפעראַנט פון ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן. אויב די ראַדאַ האָט נישט געקאָנט לייזן די דאָזיקע אויפגאַבע, ווייל זי האָט געוואָלט באַקומען דעם צוטרוי פון די מאַסן, האָט מען געמוזט שאַפן אַ נאָכגיביקערן אינסטרומענט. דאָס איז געווען דער העטמאַן, וואָס האָט אין זיין אוקראַאינישער קליידונג געדאַרפט דינען די אינטע־רעסן פון זיינע אויפטראַג־געבער. אָבער די מלוכה — איבערקערעניש אין קיעוו האָט געהאַט נאָך אַ טיפערן זין; דעם דאָזיקן שרעקלעכן זין האָט מען תיכף באַגריפן אין ראַטן־רוסלאַנד. די מיליאָנען פוד תבואה, וואָס מען וועט אַרויספירן פון אוקראַאינע, וועלן נישט נאָר צונוצקומען דעם דייטשן אימפּעריאַליזם, נאָר זיי וועלן אויך פעלן דער ראַטן־רעפּובליק. די מלוכה — איבערקערעניש האָט באַדייט רוסלאַנדס הונגער — בלאָקאַדע. די העטמאַנישע אוקראַאינע האָט גע־וואָלט ווערן אַ שפּרינגברעט פאַרן פּאָליטיש־מיליטערישן אָנגריף אויף רוסלאַנד. מען האָט אוקראַאינע איבערגעלאָזן אויף איר איי־גענעם גורל; איצט האָט דער זעלבער גורל געדראָט דעם „פּריוו־לעכן" געביט פון דער רעוואָלוציע. דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָנער סען־זשיסט האָט, ווייזט אויס, געהאַט רעכט, ווען ער האָט אַמאָל געזאָגט: „ווער עס מאַכט די רעוואָלוציע אויף דער העלפט, גראָבט פאַר זיך אַליין אַ קבר". מיט איין קלאַפּ איז די שפּייז — פראַגע געוואָרן רוסלאַנדס צענטראַל־פּראָבלעם. דעם 9 מאַי האָט דער פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר דערנערונג געהאַלטן פאַר דער צענטראַל — עקזעקוטיווע אַ שווידערלעכן רעפעראַט: „ווען מען זאָל באַשטימען פאַר אַ מענטשן אַ ברויט — פּאָרציע פון 25 פונט אַ חודש, קאָן מען האָפן בלויז אויף 16 פּראָצענט פון דער דאָזיקער הונגער־פּאָרציע! די לאַגע איז באמת קאַטאַסטראָפאַל"...

וואָס זאָל מען טאָן ביזן נאָענטסטן שניט? דער פאָלקס־קאָמיסאַר האָט, אין לעניִנס אויפטראַג, געמאַכט פאָרשלאָגן, וואָס האָבן איני־גיכן געפירט צו נאָך קאַטאַסטראָפאַלערע רעזולטאַטן. די פאָרשלאָגן זענען געווען: דיקטאַטור פון פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר דערנערונג, באַוואָפנטער קאַמף קעגן די קולאַקעס און ספעקולאַנטן, אַ ספּעציע־לע אָרגאַניזאַציע פון דער „דאָרף — אָרימקייט". קעגן די וואָרנוני־גען און דעם ווילן פון די ל. ס. ר. זענען די דאָזיקע פאָרשלאָגן

באַלד פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין פֿאָרם פֿון אַ דעקרעט. „דאָס לאַנד הונגערט — האָט געזאָגט דער אַריינפֿיר צום דעקרעט. — גרויסע זאַפּאַסן תבואה געפֿינען זיך אין די הענט פֿון דער דאָרף־בורזשואַזיע. די דאָזיקע זאַטע און רייכע בורזשואַזיע בלייבט טויב לגבי די קרעכצן פֿון הונגעריקע אַרבעטער און פּויערים. צו דער דאָזיקער עקשנות פֿון גיריקן דאָרף־קולאַק מוז געמאַכט ווערן אַ סוף. דעריבער ווערט פֿאַראָרדנט:

1) יעדער באַזיצער פֿון תבואה מוז תיכּף אָפּליפֿערן די מלוכה־אָרגאַנען זיינע זאַפּאַסן.

2) די יעניקע, וואָס ליפֿערן נישט אָפּ זייערע זאַפּאַסן, ווערן דערקלערט אַלס פֿיינט פֿון פֿאָלק, וועלן געשטעלט פֿאַרן רעוואָלוציאָנערן געריכט און פֿאַראורטיילט נישט ווייניקער ווי צו 10 יאָר תפֿיסה. זייער פֿאַרמעגן וועט קאָנפֿיסקירט ווערן און זיי גופֿא וועלן פֿאַרטריבן ווערן אויף אייביק פֿון דער דאָרף־געמיינשאַפֿט.

3) ווער עס איז מודיע די מלוכה־אָרגאַנען וועגן תבואה־זאַפּאַסן, וואָס ווערן געהאַלטן געהיים, באַקומט אַ העלפֿט פֿונעם געלט־ווערט פֿון דער באַטרעפֿנדער תבואה.

4) דער פֿאָלקס־קאָמיסאַר פֿאַר שפּייז־באַשאַפֿונג און זיינע פֿאַרטרעטער זענען באַפֿולמעכטיקט צו באַזייטיקן, אַרעסטירן, איבערגעבן צום געריכט אַלע לאָקאַלע אינסטאַנצן, אויב זיי שטערן.

5) אויב דאָס אָפּנעמען די תבואה וועט אָנטרעפֿן אויף אַ ווידערשטאַנד, דאַן זאָל מען באַנוצן באַוואָפֿנטע מאַכט".

דאָס איז נאָך נישט געווען גענוג. די תבואה־יעגער, וואָס זענען באַוואָפֿנט געווען מיט דער גאַנצער מאַכט, האָבן נאָך געזאָלט האָבן אַ שטיצע אין דאָרף גופֿא. דערצו האָט לענין געהאַלטן פֿאַר נויטיק אַריינצוברענגען „בירגער־קריג אין דאָרף". די אַזוי גערופֿענע דאָרף־אָרימקייט זאָל אָרגאַניזירט ווערן אין ספּעציעלע אָרגאַניזאַציעס, כּדי אָנצוהויבן אַ פּלאַנמעסיקן קלאַסנקאַמף קעגן דער דאָרף־בורזשואַזיע. די דאָזיקע קאָמיטעטן פֿון דער דאָרף־אָרימקייט („קאָמבעדי") האָבן צום דאָזיקן צוועק געזאָלט באַקומען וואָפֿן. און אַזוי איז טאַקע געשען; מאָסקווע האָט געמיינט, אַז זי האָט באַקומען די זיכערסטע שטיצע ביים אָנגעהויבענעם קריגס־מאַרש קעגן דאָרף.

— איר זייט אומגליק! איר זייט די זוימען פון פיינטשאפט אין דארף! — האבן געווארנט די ל. ס. ר. — איר, אין צענטר, קאנט נישט וויסן, ווער עס איז דארטן „בורזשואזיע”... דאס קענען וויסן בלויז די לאקאלע ראטן, די געוויילטע פארטרויאונגס־מענער פון פאלק... ווי וועט זיין, ווען באוואפנטע דיקטאטארן פון דער ווייט וועלן זיך אריינרייסן אין דאזיקן פיינעם געוועב פון סאציאלע באציאונגען מיט רעוואלווער און תפיסה! עס וועט מוזן קומען צו א מוראדיקן מעסער־קאמף אין דארף. און צו וואס דארף מען די „ארימקייטס ־ קאמיטעטן”? צי דען וועט מען זיי, אלס ליבלינגס־קינדער פון דער רעגירונג, אנטקעגנשטעלן די פויערים־ראטן? צי דען זיצט נישט אין די ראטן דאס הארעפאשנע פויער־טום, דאס זעלבע, וואס פירט דורך די ערד־סאציאליזאציע? צי דען קאן מען זיי פארדעכענען צו די קולאקעס? סארא אטמאספער פון עקלהאפטער מסירה און קעגנזייטיקער חשדישקייט עס וועט אריינדרינגען אין רעוואלוציאנער ־ באגייסטערטן פויערטום!... ווי וועט זיין, ווען די קליינע דיקטאטארן, די ווילד ־ געווארענע אדמיניסטראטארן וועלן קאנען קאמאנדעווען איבער די געוויילטע ראטן, אויפלייזן זיי, ארעסטירן, פארטרייבן!...

די דאזיקע געדאנקען האבן געפייניקט אויך ספירידאנאווען. די נייע דעקרעטן פון דער רעגירונג האבן אויף איר געווירקט ווי אליארם־סיגנאלן. די רעגירונג איז אפן געגאנגען אויף א צוזאמענשטויס מיטן הארעפאשנעם פויערטום. די פרייהייט פון די פויערים, זייער צוזאמענארבעט מיט די ארבעטער, די פרייהייט פון די ראטן,— אלץ האט געשיינט צו זיין אין גרויס סכנה. און אלץ לטובת א דאקטרין, אן אומגעצוימטן מאכט־געפיל? אין יענע טעג איז פארגעקומען א טיפע ענדערונג אין ספירידאנאוואס באציאונג צו די באלשעוויקעס.

אינצווישן האט די הונגער־סכנה ארומגעכאפט אלץ מער פראווינצן. דער ראט פון דער גרויסער באגאראדסקי ־ גלוכאווסקי ־ באטריב האט מיטגעטיילט, אז 32.000 ארבעטער הונגערן, און געבעטן צושיקן ברויט, כדי צו ראטעווען די ראטן־מאכט פון אויפשטאנדן. ענלעכע ידיעות זענען אנגעקומען פון א גאנצער ריי גובערניעס. איז אייניקע פון זיי זענען אויסגעבראכן הונגער־רע־

וואַלטן. אויך מאָסקווע האָט געשפּירט די הונגער־סכּנה. דער הונ־גער האָט שוין געדראָט פּעטראָגראַד. אַ פאַרצווייפלטע שטימונג האָט אַרומגעכאַפּט אַפילו די אַרבעטער פון די גרעסטע באַטריבן, וואָס האָבן געהאַט פאַר דער רעוואָלוציע די גרעסטע פאַרדינסטן. קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע האָט זיך שוין באַמיט אונ־טערצוגראָבן די רייען פון די פּראָלעטאַריער. דעם 14 מאַי האָט מען געטיילט צו אַכטל פונט ברויט און אַ האַלב פונט קאַרטאָפל פּראָ פּערזאָן. דער פּעטראָגראַדער ראַט האָט זיך געווענדעט מיט אַן אויפרוף צו אַלע אַרבעטער, רויטגוואַרדייער, עהרלעכע בירגער: „דאָס האַרעפּאַשנע פאָלק לעבט איבער אַן אומדערהערט־שווערע צייט. אַלע פיינט פון פאָלק באַמיען זיך אויסצונוצן פאַר זיך די דאָזיקע שוועריקייטן. אָבער דאָס לאַנד איילט צו אונז מיט הילף. פון אַרכאַנגעלסק, פון אָמסק גייען צו אונז באַנען מיט שפּייז. מאָס־קווע און קראָנשטאַט טיילן מיט אונז זייערע לעצטע ברעקלעך... מיר טוען אַלץ, וואָס מעגלעך, כּדי נישט צוצולאָזן, אַז די רייכע זאָלן באַקומען מער, ווי דאָס אָרימע פאָלק. חברים און בירגער! לאָמיר מוטיק דורכהאַלטן די דאָזיקע שווערע טעג!"

אויף די אייזנבאַנען האָט געהערשט אַ כאַאָס. דער המון איז געפאָרן הין־און־צוריק, נישט אָפּצוהאַלטן. מאַסן פויערים זענען געפאָרן פון די הונגעריקע גובערניעס קיין סיביר, כּדי זיך דאָרט צו באַזעצן. די אייזנבאַן־סטאַציעס זענען נישט געווען אימשטאַנד אויפצונעמען די ריזיקע מחנות. מידקייט און מוטלאָזיקייט האָבן אָנגעהויבן אַרומצוכאַפּן די מאַסן. די רעכטע סאָציאַליסטן האָבן ביי דער לאַגע געפונען ווילקע אויערן פאַר זייער פּראָפּאַגאַנדע. אין טולע איז זיי געלונגען אַרויסצורופן אַ שטרייק פון די גרויסע מעטאַל־פאַבריקן. אין פּעטראָגראַד האָבן זיי זיך געגרייט צונויפ־צורופן אַן „אויסעראָרדנטלעכע פאַרזאַמלונג פון באַפולמעכטיקטע פון די פאַבריקן און באַטריבן". זיי האָבן געוואָלט אַנטקעגנשטעלן די ראַטן אַ פּראָלעטאַרישן אָרגאַן, זיי האָבן אַפילו געטראַכט וועגן אַן ענלעכע אַלרוסישע קאָנפערענץ.

דערווייל איז ווייטער דורכגעפירט געוואָרן די פּלאַנמעסיקע איינקרייזונג פון דער ראַטן־רעפּובליק. די דייטשישע מיליטאַריסטן האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט אָקופּירן אוקראַינע: זיי זענען אַריינ־

געדרונגען אויך אין אנדערע פּראָווינצן רוסלאַנדס. קרים איז ענדגילטיק באַזעצט געוואָרן. אויף די שיפן פון שוואַרץ־ים־פלאָט, וואָס האָבן זיך געפונען אין סעוואַסטאָפּאָל, האָט מען אויפגעהויבן דייטשישע פענער, און די רויטע פענער זענען אַראָפּגענומען געוואָרן. די דייטשע חיילות האָבן אָנגעהויבן דעם מאַרש אויפן דאָן־געביט און אויף צפון־קאַווקאַז. דערמיט האָבן זיי צוגעגעבן מוט און געקרעפטיקט אַלע שיכטן פון דער קאַווקאַזער קאָנטר־רעוואָלוציע. כּל זמן ווי ראַטן־כּוחות האָבן געפירט מיט דער קאָנטר ־ רעוואָלוציע אין דאָן און קובאַן אַ דועל, זענען זיי געווען אומבאַזיגבאַר. די פּאַרטיזאַנער ־ אָפּטיילונגען, פאָרמירט פון אַרבעטער און פּויערים, שלעכט באַוואָפנט און אָן מיליטערישער אָנפירונג, האָבן באַזיגט די אָפיצירן און זעלנער פון קאָרנילאָוו, קאַלעדין, אַלעקסעיעוו. געפירט דורך רעוואָלוציאָנערע אידייען, זענען זיי געגאַנגען דורך שטורעם און ווינט, און אַרויסגעוויזן אַ העראָאיזם אָן אַ גרעניץ. זייט דער אינוואַזיע פון די דייטשן איז געוואָרן אַנדערש: דער בירגער־קריג האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רעגולערן מיליטערישן קריג. צו דער דאָזיקער ענדערונג זענען די מאַסן נישט געווען צוגעגרייט. איינע נאָך דער צווייטער זענען געפאַלן די שטעט ראָסטאָוו, נאָוואָטשערקאַסק אין דאָן־געביט, יעקאַטערינאָדאַר אין קובאַן, אין צפון־קאַווקאַז. דאָס האָט באַדייט אָפּגעשניטן צו ווערן פון די פּרוכטבאַרסטע קאָרנקאַמערס אין דרום. און הינטער דער וואַנט פון די דייטשע באַגנעטן איז אויפגעשטאַנען דער קאָזאַקן־גענעראַל קראַסנאָוו און האָט געבילדעט אַן אומאָפּהענגיקע דאָן־מלוכה. קראַסנאָוו האָט בדעה געהאַט נישט נאָר צו אָרגאַניזירן די רוסישע וואַנדייע; זיינע אַספּיראַציעס זענען געגאַנגען אַ סך ווייטער: ער האָט געוואָלט דורכפירן אַן אָרגאַניזירטן אָנגריף קעגן מאָסקווע פון מזרח און דרום. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט איבער דער אונטערשטער וואָלגע־געגנט צו די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן אין אוראַל און סיביר.

אויף דער רעוואָלוציע איז אַראָפּגעפאַלן אַ פרישער, אומפּאָראויסגעזעענער קלאַפּ. דאָס מאָל מצד די אימפּעריאַליסטן, רוסלאַנדס פריערדיקע פאַרבינדעטע. די אַמבאַסאַדאָרן פון פראַנקרייך, ענגלאַנד, אַמעריקע זענען אין משך פון די שטורמישע חדשים פאַר־

בליבן אין ראַטן־רוסלאַנד. זיי האָבן נאָכגעפֿאָלגט מיט דער שאַרפֿסטער און פֿײַנטלעכסטער אויפֿמערקזאַמקייט אַלע שריט פֿון דער ראַטן־רעגירונג, וואָס קאָנען ברענגען דעם מינדסטן נוצן זייער הויפּט־קעגנער — דײַטשלאַנד. זיי האָבן קאָנספּירירט קעגן דער רעגירונג. זיי האָבן אָנגעקניפּט באַציאונגען מיט די בירגערלעכע און רעכט־סאָציאַליסטישע קרײַזן אין רוסלאַנד, וואָס האָבן באַקעמפֿט דעם ראַטן־רעזשים. אין מערב זענען די אַרמייען פֿון דער אַנטאַנט געשטאַנען אין שווערסטן קאַמף מיט די דײַטשן. דעריבער האָבן די אַנטאַנט־אַמבאַסאַדאָרן געווענדעט זייער אויפֿמערקזאַמקייט אויפֿן צאָלרײַכן טשעכאָסלאָוואַקישן מיליטער, וואָס איז געבילדעט געוואָרן אין רוסלאַנד פֿון די געפֿאַנגענע און דעזערטירן פֿון דער עסטרײַכישער אַרמיי. ביז דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָבן זיי געקעמפֿט אויפֿן רוסישן פֿראָנט; נאָכן אויסברוך פֿון דער רעוואָלוציע האָט מען מיט זיי נישט געהאַט וואָס צו טון. פֿראַנקרײַך האָט דעריבער געוואָלט פֿאַרווענדן זייער קאַמף־קראַפֿט אויפֿן מערב־פֿראָנט און צו דעם צוועק זיי אַריבערטראַנספּאָרטירן פֿון רוסלאַנד איבער סיביר און דעם ווײַטן מזרח. די טשעכאָסלאָוואַקן האָבן באַקומען דעם צוזאָג, אַז מען וועט זיי לאָזן גרינדן אַן אייגענע מלוכה אויף די חורבות פֿון עסטרײַך־אונגאַרן, אויב זיי וועלן מיטהעלפֿן צום זיג פֿון דער אַנטאַנט. מיליטעריש באַוואָפֿנט און אויסמושטירט, האָבן זיי אָנגעהויבן זייער מאַרש צום מזרח. די ראַטן־רעגירונג איז גרייט געווען זיי דורכצולאָזן, נאָכן אָפּגעבן דאָס געווער. דער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען שווער, ווײַל אין סיביר האָבן די ווײַסע געשטעלט אין סכּנה די וועגן. מען האָט געמוזט טראַכטן וועגן ענדערן דעם מאַרשרוט. דאָס האָט אַרײַנגעבראַכט אַן אויפֿרעגונג אין די רייען פֿון די וואַנדערנדע קריגער. דאָס האָבן אויסגענוצט די אַנטאַנט־אַמבאַסאַדאָרן און אויפֿגעהעצט די טשעכאָסלאָוואַקן דורך פֿאַלשע קלאַנגען, אַז די ראַטן־רעגירונג האַנדלט אין הסכּם מיט די דײַטשן, אַז זי וויל זיי נישט אַרויסלאָזן פֿון לאַנד. אַזוי אַרום האָט די אַנטאַנט פּלוצלונג באַקומען אַן אָרגאַניזירטע קראַפֿט אויף צו באַקעמפֿן די ראַטן־מלוכה פֿון אינעווייניק. פֿון די קאָנפֿליקטן זענען געוואָרן באַוואָפֿנטע קאַמפֿן. טשעכאָסלאָוואַקישע פֿאָרמאַציעס האָבן באַזעצט שטעט,

פאנאנדערגעיאָגט ראטן, געשפילט די ראָל פון א מלוכה־מאַכט
טראָצקי, דער קריגס־קאָמיסאַר, האָט פארעפנטלעכט א דער־קלערונג: „די ראטן־מאכט האָט די פּריוואַטלעכסטע געפילן צו די אַרבעטער־ און פּויערים־זין פון טשעכאָסלאָוואַקישן פאָלק. זי קאָן אָבער נישט דולדן, אַז זיי זאָלן באַזעצן ראטן און באַגיין גע־וואַלט קעגן זיי. עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן א באַפעל, תּיכּף צו אַנטוואָפענען אַלע טשעכאָסלאָוואַקן און דערשיסן די יעניקע, וועל־כע וועלן שטעלן א ווידערשטאַנד מיט וואָפן אין דער האַנט. עס וועט געטון ווערן אַלץ, וואָס נויטיק, כּדי זיי געבן די מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן די גרעניצן פון רוסלאַנד". צו קיין באַרואיקונג איז נישט געקומען. די טשעכאָסלאָוואַקן זענען געווען איבערצייגט, אַז הינטערן רוקן פון דער רעגירונג שטייט דייטשלאַנד. דער מאַרש פון די טשעכאָסלאָוואַקן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א קריגס־מאַרש. חדשים־לאַנג האָבן געדויערט די קאַמפן. צוליב דעם, וואָס זיי האָבן באַזעצט די וויכטיקסטע קנופּ־פּונקטן פון דער גרויסער באַן — ליניע קיין סיביר, איז געשטעלט געוואָרן אין סכּנה די צו־שטעלונג פון תּבֿואה פון רוסלאַנדס לעצטער קאָרן־קאַמער — פון סיביר. דעם 8־טן יוני האָבן טויזנטער טשעכאָסלאָוואַקן פאַרנומען די שטאָט סאַמאַרא — און אונטער זייער שוץ האָבן די רעכטע סאָצ.־רעוו. געבילדעט דעם „קאָמיטעט פון דער נאַציאָנאַל־פאַר־זאַמלונג", די ערשטע קעגן־רעגירונג אויפן געביט פון צענטראַל־רוסלאַנד.

* * *

אין דער דאָזיקער סיטואַציע, אַרומגערינגלט פון הונגער און קריג, האָט זיך די באָלשעוויסטישע רעגירונג אַנטשלאָסן אויף אַן אַנטשיידנדיקן שריט. דעם 29־טן מאַי האָט זי דערקלערט אין מאָסקווע באַלאַגערונגס־צושטאַנד. לויט א באַשלוס פון דער ראַטן־עקזעקוטיווע איז באַשטימט געוואָרן א מאָביליזאַציע פון עטלעכע יאָרגענג פון דער אַרבעטערשאַפט אין דאָנער און קובאַנער גע־ביטן, אין סיביר, אין פּעטראָגראַד און מאָסקווע. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז די אַרבעטער ווערן מאָביליזירט צום קאַמף קעגן די אימפּעריאַליסטן פון אַלע לאַגערס. אָבער אינגיכן האָט זיך אַרויס־געשטעלט דער אמתער צוועק פון דער מאָביליזאַציע אין מאָסקווע

און פעטראָגראַד: די רעגירונג האָט זי געוועגדעט קעגן דאָרף. אין אַ אויפרוף צו די האָרעפּאַשניקעס פון דער ראַטן - רעפּובליק, איז דאָס אָפן געזאָגט געוואָרן: „עס מוזן מאָביליזירט און באַוואָפנט ווערן צענער טויזנטער אַרבעטער פאַרן תבואה - קריגס - מאַרש קעגן די קולאַקן, רויבער און מאַראָדערן... אויב מיר וועלן איצט צעשמעטערן דעם ווידערשטאַנד פון דער דאָרף - בורזשואַזיע און זיך פאַרזאָרגן מיט תבואה ביזן נייעם שניט, זענען מיר אומבאַזיג־באַר. צום וואָפן! צום מאַרש נאָך ברויט פאַר די הונגערנדיקע קינ־דער, פאָטערס און מוטערס! זאָל לעבן די ראַטן־רעפּובליק!״ פאַר לעניגען איז דער דאָזיקער אויפהעצנדיקער אויפרוף געווען בלויז דאָס לעצטע רינגעלע אין דער פויערים - פּאָליטיק, וואָס ער האָט שוין פון לאַנג אָנגעהויבן שמידן דורך די שאַרפע דעקרעטן קעגן דאָרף. איז דען דאָ אַן איינפאַכערע זאַך? די פּראָלעטאַריער הונ־גערן אין די שטעט, די דאָרף - קולאַקעס באַהאַלטן אויס זייערע תבואה - זאַפּאַסן, טאָ זאָלן די הונגערנדע און דאַרבנדע צונעמען ביי די רייכע און זאַטע די דאָזיקע זאַפּאַסן. צי איז דאָס פּאָליטיש און סאָציאַליסטיש נישט גערעכט?

דאָס איז געווען אַן אומגליקלעכע אידייע. אין קאַמף פאַר פרייהייט, שלום און ברויט זענען ביז איצט געשטאַנען צוזאַמען אַרבעטער און פויערים. איצט האָט מען זיי געשטעלט קעגנאַנ־דער אונטערן צייכן פון הונגער. הונגער, דער מעכטיקער אינסטינקט אין מענטשן, קאָן פירן צו די העכסטע אַקטן פון סאָלידאַריטעט. הונגער קאָן אָבער אויך פירן צו די שאַרפסטע און ווילדסטע פאַר־מען פון פיינטשאַפט צווישן איינענע. אויב דער ברוטאַלער קאַמף פאַרן שטיקל ברויט זאָל אויסגעקעמפט ווערן דירעקט צווישן די אַרבעטער און פויערים, מוז דאָס פאַנאַנדערפלאַקערן אין דאָרף אַ שנאה אָן גרעניצן צו די אַרבעטער. לענין האָט נישט בדעה גע־האַט צו פאַרוואַנדלען דעם מאַרש נאָך תבואה אין אַ רויב־קריג; ער האָט אָבער נישט געקאָנט נישט דערלאָזן, אַז דער מאַרש קעגן די קולאַקעס זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ עקספּראָפּריאַציע פון אַלע אין דאָרף, וואָס באַזיצן אַביסל תבואה, שפּייז און פאַשע. דאָס באַנוצן וואָפן האָט געמוזט פירן צו אַלגעמיינער בלוט־פאַר־גיסונג. די פּראָלעטאַריער אין מאָסקווע האָבן פאַראויסגעפילט די

ראַזיקע קאָנסעקווענצן. אויף די באַטריב־מיטינגען האָבן זיי כסדר דערקלערט, אַז זיי ווילן נישט עסן קיין ברויט, וואָס איז פייכט פון פויעריש בלוט. די רעגירונג האָט אָבער נישט געוווסט קיין אַנדערע מיטלען און זי האָט דורכגעפירט דיראַזיקע.

די ל. ס. ר. האָבן געפאָדערט אַן אַנדער פּראָגראַם צו ראַטע־ווען די לאַגע. זי איז באַשטאַנען פון דריי פּונקטן. דער ערשטער: קאַמף קעגן די אימפּעריאַליסטן, וואָס דערשטיקן די רעוואָלוציע. אַ קאַמף פאַר „באַדינגונגען פון דער נאָקעטער עקזיסטענץ פון פאָלק: פאַר שפּייז, קליידונג און ברענמאַטעריאַלן". דער צווייטער פּונקט: אַ סחורות־אויסטויש צווישן שטאָט און דאָרף. פאַר זיינע תבואה־פּראָדוקטן זאָל דער פויער באַקומען אינדוסטרי־פּראָדוקטן, אין וועלכע ער נויטיקט זיך. עס איז געווען אוממעגלעך צוצונעמען ביי אים די שווייסיק־פאַרהאָרעוועטע תבואה אויפן וועג פון קאָנ־טריבוציע. (אויך דער פּראָלעטאַריער האָט געפאָדערט אַ קעגנדינסט פאַר זיינע אַרבעטס־פּראָדוקטן). דאָס געלט, וואָס מען האָט גע־צאָלט, האָט כמעט קיין ווערט נישט געהאַט, אלזא: נישט וואָפן, נאָר אינדוסטרי־סחורות זאָל מען שיקן אין דאָרף! און דער דריי־טער פּונקט: פרייע ראַטן. נאָר די לאָקאַלע ראַטן, נישט דיקטאַטאָרן פון צענטער, זאָלן באַשטימען ווער עס איז אַ קולאַק, וועמען מען דאָרף עקספּראָפּריאירן, ווי גרויס עס קענען זיין די קרבנות, וואָס דער פויער מוז ברענגען דער רעוואָלוציע. די פויערים־ראַטן אַליין זאָלן זיך פאַרשטענדיקן מיט די פּראָלעטאַרישע ראַטן אין די שטעט. — די דאָזיקע פּראָגראַם איז נישט אָנגענומען געוואָרן, דעם רעוואָלוציאָנערן דאָרף איז באַשערט געווען אויסצוטרינקען דעם כוס ביזן סוף.

* * *

דעם 29־טן מאַי איז אין מאָסקווע דערקלערט געוואָרן באַ־לאַגערונגס־צושטאַנד. ער האָט געפירט צו אַ פאַרשאַרפטער פּאָלי־טישער דיקטאַטור פון דער רעגירונג. די גאַנצע בירגערלעכע און רעכטס־סאָציאַליסטישע פּרעסע איז אונטערדריקט געוואָרן. עס איז אַנטדעקט געוואָרן אַ ברייט־פאַרצווייגטע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע פאַרשווערונג. די רעגירונג האָט באַשולדיקט די רעכטס - סאָציאַ־ליסטן, אַז זיי האָבן אָנטיילגענומען אין איר. דעם 14־טן יוני האָט

די צענטראל־עקזעקוטיווע באשלאסן — קעגן די שטימען פון די ל. ס. ר. — אויסצושליסן פון איר באשטאנד אלע מענשעוויקעס און רעכטע ס״ר. דאס איז געווען א סיגנאל פאר די לאקאלע ראטן, אויסצושליסן זיי פון אומעטום. דאס איז געווען א קלאפ נישט נאר קעגן זיי, נאר אויך קעגן יענע שיכטן הארעפאשניקעס, וועלכע האבן זיי געוויילט. דער קריגס־קאמיסאר האט געמאלדן דורך א פראקלאמאציע: „ווער עס באהאלט אוים געווער, ווער עס באנוצט פאלשע דאקומענטן, ווערט תיכף דערשאסן. דער זעלבער גורל וועט טרעפן אלע רויבער, פאגראם־העלדן, אונטערצינדער, באאמטע־שוחדניקעס און אלע, וואס פאדערן אויף אראפצווארפן די ראטן־מאכט״. טויט־שטראף איז געווארן א אינסטרומענט פון רעגירן. כל־זמן די ל. ס. ר. האבן מיטגעארבעט אין טשעקא, האט אפילו די טשעקא נישט געקאנט באנוצן טויט־שטראף אלס שטענדיקן אינסטרומענט. ווייל דאס קאלעגיום, וואס טראגט ארויס אזעלכע אורטיילן, האט זיי געמוזט אננעמען איינשטימיק. די ל. ס. ר. האבן אבער קיינמאל נישט געטארט — לויט א באשלוס פון דער פארטיי — אפגעבן זייערע שטימען פאר א טויט־אורטייל. איצט האט געזאלט ווערן אנדערש. אויך איז געבילדעט געווארן א העכסטער רעוואלוציע־טריבונאל, וואס איז נישט געווען באגרענעצט אין שטראף־אויסוואל, ד. ה. ער האט געקאנט ארויסטראגן אויך טויט־אורטיילן, וואס ביז איצט האבן דאס די טריבונאלן נישט געטארט. דער העכסטער טריבונאל וועט גאר אינגיכן ארויסווייזן זיין בלוטיק פנים. דאס איז געשען אין פראצעס קעגן אדמיראל סטשאסטני, וועלכן די רעגירונג האט באשטימט אלס העכסטן קאמאנדיר איבערן באלטישן פלאט. לויטן נייעם דעקרעט פון די באלשעוויקעס, האט ער אליין גענראפט פארוואלטן מיטן באלטישן פלאט. ער איז אבער אין קורצן באשולדיקט געווארן אין צוגרייטן א קאנטר־רעוואלוציאנערע איבערקערעניש און אין מלוכה־פארראט, און איז געשטעלט געווארן פארן העכסטן טריבונאל. טראצקי, וועלכער איז ארויסגעטרעטן קעגן אים מיט דער באשולדיקונג, איז אויך געווען דער איינציקער עדות, וואס איז ארויסגעטרעטן פארן געריכט. ער האט פארגעשטעלט זיינע באווייזן און געפאדערט א טויט־אורטייל. דער אנגעקלאגטער האט

געלייקנט זיין שולד, אָבער זיינע עדות זענען נישט ארויסגערופן געוואָרן. מען האָט געוואָלט ווייזן אַן אַנשרעקנדיקן ביישפּיל. סטשאַסטני איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. די ל. ס. ר. האָבן אויפגעהויבן דעם שאַרפסטן פּראָטעסט קעגן איינפירן טויט־שטראָף אין סאָציאַליסטישן געריכט. מען האָט צונויפגערופן אַן עקסטרע־זיצונג פון ביורא פון דער ראַטן־עקזעקוטיווע, די באָלשעוויקעס האָבן נישט גענומען אין אכט דעם פּראָטעסט. אַדמיראַל סטשאַסטני איז דערשאָסן געוואָרן, די פּאַרטיי פון די ל. ס. ר. האָט אָפּגערופן אירע פאַרשטייער פון העכסטן טריבונאַל. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון אָפיציעלן בלוטיקן רעזשים.

## .XIV

# דער אַטענטאַט

עס איז געווען סוף יוני 1918. ספּירידאָנאָווא האָט קלאָר איינגעזען די האָפנונגסלאָזע פּאָליטישע סיטואַציע פון לאַנד. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז געווען אין גרויס סכנה פון אויסנווייניק און פון אינעווייניק. אין אוקראַינע, אין דאָן־געביט, אין צפון־קאַווקאַז, אין סיביר, אין די וואָלגע־פּראָווינצן — אומעטום זענען געשטאַנען פיינטלעכע מחנות. די אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציע האָט נישט געאיילט צו הילף. ספּירידאָנאָווא האָט איינגעזען, אַז די וועלט־רעוואָלוציע טאָר נישט אָפּגעוואַרט ווערן מיט פאַרלייגטע הענט, נאָר זי מוז אַקטיוו געשטויסן ווערן פאָראויס דורכן רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד. די פּראָלעטאַריער פון דער אייבעריקער טייל וועלט קאָנען נישט האָבן קיין מוט צו האַנדלען, בעת דאָס ערשטע לאַנד פון דער רעוואָלוציע גייט פון איין קאַפּיטולאַציע צו דער צווייטער. ווי אַזוי זאָלן זיך אַ הויב טאָן די פּראָלעטאַריער פון אייראָפּע, בעת ראַטן־רוסלאַנד לאָזט אויפן איינגענעם באַראַט די האַרעפּאַשניקעס פון זיינע אייגענע פּראָווינצן? פינלאַנד איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט אונטער די מוראַדיקע קלעפּ פון דער רעאַקציע. דאָרט האָט מען נישט נאָר אונטערדריקט דעם אַרבעטער־אויפשטאַנד, נאָר דער אַרבעטער־קלאַס איז דאָרט אין

פולן זין פון וואָרט פאַרניכטעט געוואָרן. אין אוקראַיינע האָבן די האַרעפּאַשניקעס געשמאַכט אונטערן טאָפּלטן יאָך פון די אָקופּאַנטן. ראַטן־רוסלאַנד האָט מיט קיין פינגער נישט גערירט, כּדי צו העלפן דידאָזיקע „שכנותדיקע פעלקער". איצט האָט זיך אַרויסגעשטעלט, ווי ענג עס איז פאַרבונדן דער גורל פון דידאָזיקע אַלע שכנים. די רעוואָלוציע האָט פאַרלוירן נישט נאָר ברויט, מעטאַלן און קוילן, — זי האָט אויך פאַרלוירן מיליאָנען קעמפנדע און פאַר איר באַגייסטערטע מענטשן. אָבער אויך איצט, ווען די פּויערים פון אוקראַיינע האָבן אָנגעהויבן צו רעבעלירן, ווען זיי האָבן געפירט אַ פאַרצווייפלטן קאַמף קעגן די מיליטערישע פאָרמאַציעס, — האָט זיך נאָך די ראַטן־רעפּובליק אַלץ קיין ריר נישט געטון. זי האָט אָפּגעהיט דעם שלום פון בריסק.

צו וואָס האָט געפירט דער שלום? אין בערלין איז געזעסן דער אַמבאַסאַדאָר פון די ראַטן — יאָפע, אָבער אין מאָסקווע איז געזעסן דער אַמבאַסאַדאָר פון דייטשלאַנד — גראַף מירבאַך. צי מען האָט געוואָלט צי נישט — די גאַנצע פּאָליטיק פון רעוואָציאָנערן לאַנד האָט זיך געמוזט רעכענען מיט די ווינטשן פונם גראַף מירבאַך. דאָס האָט פאַקטיש באַדייט אַ קאָאַליציע צווישן סאָציאַליסטישן רוסלאַנד און אימפּעריאַליסטישן דייטשלאַנד*).

---

*) עס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן, ווי אַזוי ראָזאַ לוקסעמבורג האָט אין סעפּטעמבער 1917 ענלעך באַאורטיילט רוסלאַנדס לאַגע: „איצט דראָט די באָלשעוויקעס דאָס שרעקלעכסטע, — אַ בונד מיט דייטשלאַנד. די רוסישע רעוואָלוציע וואָלט אויף אַזאַ אופן אַוועקגעשליידערט געוואָרן פון קריג אויפן קעגנפּאָל — פון דער אַנטאַנט אויף דייטשלאַנדס זייט... אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, וואָס זיצט אויף דייטשישע באַגנעטן, פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור אונטער דער שירמע פון דייטשישן אימפּעריאַליזם — דאָס וואָלט מאָראַליש געווען דאָס שוידערלעכסטע, וואָס מיר וואָלטן געקאָנט דערלעבן. און חוץ דעם וואָלט דאָס געווען — אַן אוטאָפּיע. דייטשלאַנד לויערט נאָר אויף דער געלעגנהייט... אַ סוף צו מאַכן צו דער באָלשעוויסטישער הערשאַפט"... (ספּאַרטאַקוס־בריוו, בערלין 1920. ז. 18).

עס איז אויך געווען באַקאַנט, אַז די דייטשישע אַמבאַסאַדע אין מאָסקווע איז געוואָרן אַ צענטר פאַר די פּאָליטישע אינטריגעס פון אַ טייל רוסישע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן. עס איז געווען באַקאַנט, אַז דער ליבעראַלער פירער מיליוקאָוו ווײַלט אין קיעוו, וווּ עס האָבן זיך פאַרזאַמלט די פון רוסלאַנד אָנגעלאָפענע קאַפּיטאַליסטן און פּריצים, און פּרוּוט פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן דייטשישן אַמבאַסאַדאָר מוס און דעם אויבער־קאָמאַנדיר אײכהאָרן. וווּ איז געווען די גאַראַנטיע, אַז מירבאַך וועט אין מאָסקווע נישט איבערחזרן די שפּיל פון גענעראַל אײכהאָרן אין קיעוו?

גלײַכצײַטיק מיט דער דראָזיקער רוסיש־דייטשישער קאָאַליציע, האָט אויך די אַנטאַנטע צוגעגרייט דאָס פאַלן פון דער ראַטן־רעפּובליק. יאַפּאַן האָט זיך באַזעצט אין וולאַדיוואָסטאָק, זייט דעם 27־טן יוני האָבן ענגליש־פראַנצויזישע כּחות באַזעצט מורמאַנסק (רוסלאַנדס צפונדיקן ים־ברעג). דאָס טשעכאָסלאָוואַקישע מיליטער איז אויפגעטראָטן אַלס הילפס־כּח פון דער אַנטאַנטע: דעם 11־טן יוני האָבן זייערע פאָרשטייער אין רוסלאַנד דערקלערט, אַז זיי האָבן גענומען די טשעכאָסלאָוואַקן אונטער זייער שוץ. מאָסקווע איז אַרומגעקלאַמערט געווען פון אויסן דורך אַ טאָפּלטן רינג פאַרשווערונגען.

און אין לאַנד גופא האָט זיך גענומען אײַנוואָרצלען אַ דיקטאַטור, וואָס האָט געטראָגן אין זיך די גרעסטע געפאַרן פאַר דער רעוואָלוציע. אַ דיקטאַטור אינם אויפבוי פון דער אַרמיי, אינם אויפבוי פון דער ווירטשאַפט. אַפילו דער הונגער, פאַר וועלכן די אויסערן־פּאָליטיק האָט געטראָגן די שולד, איז אויסגענוצט געוואָרן אַלס שפּרינג־ברעט פאַר אויפריכטן אַ דערנערונגס־דיקטאַטור. אין דאָרף איז אָנגעצונדן געוואָרן אַ בלוטיקער שטרייט. ספּירידאָנאָוואַ האָט מער פאַר אַלץ געשעצט דאָס הויבן די מענטשלעכע חשיבות פון האָרעפּאַשנעם פּויער, פון געקנעכטעטן רוסישן פאָלקס־מענטשן. זי האָט געוווּסט פון די צאַרישע צייטן, וואָס עס באַדייטן באַוואָפנטע שטראָף־עקספּעדיציעס אין רוסישן דאָרף. זי האָט געטראַכט מיט גרויל וועגן די נײַע ראַטן־עקספּעדיציעס. און דידאָזיקע שרעקלעכע מיסיע זאָל נעמען אויף זיך דער אַרבעטער, דעם פּויערס פאַרבינדעטער? וואָס וועט ווערן פון דער סאָלידאַרי־

טעט פון דידאָזיקע בידע ברידער־קלאַסן?... דעם 28 יוני איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער דעקרעט וועגן נאַציאָנאַליזירן די שווער־אינדוסטרי. אַלע וויכטיקע בערג־ווערק, מעטאַל־, עלעקטריציטעט־, און טעקסטיל־באַטריבן, האָלץ־, לעדער־, צעמענט־ און כעמישע פאַבריקן זענען דערקלערט געוואָרן אַלס מלוכה־אייגנטום. אָבער צי דען זאָלן די אינדוסטריען איבערגיין פון פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטישער בלויז אין מלוכה־קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט? און דאָן דער אָנהויב פונם אָפּענעם טעראָר. דער טויט־אורטייל איבער סטשאַסטני איז געווען אַ מאָראַלישער קלאַפּ פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס האָט אין מאָמענט פון איר געבורט אָפּגעשאַפט דעם יוסטיץ־מאָרד. ספּירידאָנאָווא האָט לײדנשאַפטלעך גע־שטעמפּלט די טויט־שטראָף בעת דעם קערענסקי־רעזשים, כּדי זי איצט ווידער צו באַגעגענען אינם ראַטן־רעזשים? ספּירידאָנאָווא האָט מער נישט געקאָנט דעקן דעמדאָזיקן רעזשים. זי האָט גע־מוזט אַרויסטרעטן קעגן אים. זי האָט דאָס געטון מיט דער זעל־בער אָפנקייט און שאַרפקייט, מיט וועלכער זי האָט זיך איינגע־שטעלט פאַר דער באָלשעוויסטישער רעגירונג ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק.

דעם 24־טן יוני האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די ל. ס. ר. געהאַט אַ זיצונג. פון דערדאָזיקער זיצונג, וואָס האָט אָנגענומען אַ וויכטיקן באַשלוס, איז פאַרבליבן אַ פּראָטאָקאָל, וועלכן אויך ספּירידאָנאָווא האָט אונטערגעשריבן. כּדי צו פאַרשטיין די ווייטערדיקע געשעענישן, מוז מען זיך באַקענען מיטן טעקסט פון דאָזיקן פּראָטאָקאָל.

„דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי ל. ס. ר. האָט באַטראַכט די איצטיקע פּאָליטישע לאַגע פון דער רעפּובליק און איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז עס ליגט אין אינטערעס פון דער רוסישער ווי פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע אַ סוף מאַכן צו דער אַזוי־גערופענער אָטעמפּויזע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורכן בריסקער שלום.

דער צענטראַל־קאָמיטעט האַלט פאַר מעגלעך און צוועקמעסיק צו אָרגאַניזירן אַ ריי טעראָריסטישע אַקטן קעגן די וויכטיקסטע פאַרשטייער פון דייטשישן אימפּעריאַליזם. כּדי אויסצופירן

דעמדאָזיקן באַשלוס, מוזן מאָביליזירט ווערן אויסגעפּרווטע קאַמף־כּוחות און עס מוזן אָנגענומען ווערן אַלע מיטלען, אַז דאָס פּויערטום און דער פּראָלעטאַריאַט זאָלן זיך אָנשליסן אין דאָזיקן אויפשטאַנד און אונטערשטיצן אַקטיוו די פּאַרטיי אין איר טעטיקייט. אויף אָנצופירן און פאַרטיילן אַלע פּאַרטיי־כּוחות ביים דורכפירן די אָנגענומענע באַשלוסן, ווערט באַשטימט אַ קאָמיסיע פון דריי פּערזאָן (ספּירידאָנאָווא, מאַיאָראָף, גאָלובאָווסקי).

נעמענדיק אין אַכט, אַז דידאָזיקע פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי קאָן ברענגען, קעגן איר ווילן, צו אַ צוזאַמענשטויס מיט דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, דערקלערט דער צענטראַל־קאָמיטעט פאָלגענדעס:

מיר באַטראַכטן אונזער טאַקטיק אַלס אַ קאַמף קעגן דער איציקער פּאָליטיק פון ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן, אָבער באין אופן נישט אַלס אַ קאַמף קעגן די באָלשעוויקעס גופא. היות עס איז אָבער מעגלעך, אַז די באָלשעוויקעס וועלן אַרויסטרעטן מיט אַן אַגרעסיווער קעגן־אַקציע קעגן אונזער פּאַרטיי, באַשליסן מיר איבערצוגיין אין דאָזיקן פאַל צו אַ באַוואָפנטער פאַרטיידיקונג פון די פאַרנומענע פּאָזיציעס. כּדי די פּאַרטיי זאָל אָבער נישט קאָנען אויסגענוצט ווערן אין דאָזיקן קאַמף דורך קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן, ווערט באַשלאָסן תּיכּף קלאָר און דייטלעך באַקאַנט צו מאַכן די שטעלונג פון דער פּאַרטיי און אָנהויבן פירן אין ראַטן־רוסלאַנד אַ פעסטע און קאָנסעקווענטע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע פּאָליטיק.

דאָס איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק".

דער זין פון דאָזיקן דאָקומענט איז קלאָר געווען טאָפּלט. די ל. ס. ר. פּאַרטיי האָט דורך אַ געוואַלט־אַקט געוואָלט ענדערן די פּאָליטישע לאַגע פון דער רעוואָלוציע, זי האָט אָבער נישט געוואָלט אַראָפּוואַרפן די באָלשעוויסטישע רעגירונג אָדער פּאַרטיי אַלס אַזעלכע. די ל. ס. ר. האָבן געוואָלט שאַפן אַ געשעענעם פאַקט. זיי האָבן געשטרעבט צו אַן אויפשטאַנד פון האָרעפּאַשנעם פאָלק קעגן זיינע קלאַסן־פיינט, אין אויסלאַנד, ווי אין אינלאַנד; אַן אויפשטאַנד, וואָס זאָל זיין „אינטערנאַציאָנאַל", ד. ה. אומאָפּהענגיק פון יעדן אימפּעריאַליסטישן איינפלוס. דער

צענטראַל־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן אָנצוווענדן זיין נייע טאַקטיק
אין דער ערשטער וואָך פון יולי, בעת דער סעסיע פון 5־טן ראַטן־
קאָנגרעס. דער גאַנג פון דאָזיקן קאָנגרעס האָט געדאַרפט באַשטי־
מען די פאָרמען פון דער דאָזיקער אַקטיוויסטישער טאַקטיק. כדי
צוצוגרייטן די פּאַרטיי צו די קומענדיקע געשעענישן, איז אָנהויב
חודש יולי צונויפגערופן געוואָרן דער פּאַרטיי־קאָנגרעס פון די ל.
ס. ר. מיט צוויי חדשים צוריק האָט די אָפּאָזיציע אַרום ספּירידאָ־
נאָוואַן געפאָדערט מען זאָל אים צונויפרופן, איצט האָט ער פאַר־
ענדיקט זיין אַרבעט אין שנעלע און איינשטימיקע זיצונגען. די
פּאַרטיי איז געווען געאייניקט, ווי נאָך קיינמאָל נישט; זי האָט
געגעבן דעם צענטראַל־קאָמיטעט די וויטגייענדיקסטע פולמאַכטן.
איצט איז אַלץ אָפּהענגיק געווען פונם באַשטאַנד פונם ראַטן־
קאָנגרעס. זייט דעם 4־טן קאָנגרעס אין מערץ האָט זיך די לאַגע
שטאַרק געענדערט. די צאָל אָנהענגער פון די ל. ס. ר. אין די פּראָ־
ווינץ־ראַטן האָט זיך בסדר פאַרגרעסערט אויפן חשבון פון די
באָלשעוויקעס. אַזוי איז געווען אין קורסק, אין סאָכאַטשאָוו, אין
ריאַזאַן און אין אַ גאַנצער ריי אַנדערע שטעט. די צאָל צייטונגען
פון די ל. ס. ר. איז געוואַקסן אויף 17. לענין האָט שאַרף אָנגע־
גריפן די ל. ס. ר. אין וואָרט און שריפט, אָבער דאָס האָט נישט
געשטערט אַלץ גרעסערע מאַסן צוצושטיין צו זיי. די דאָזיקע מאַסן
זענען אַלע געווען פאַר איבעררייסן דעם שלום פון בריסק. אויך
אַ טייל פון די באָלשעוויקעס איז גענייגט געווען צו דער דאָזיקער
איבערצייגונג. מען האָט שוין באַלד גערעכנט רעדן וועגן אַ רעוואָ־
לוציאָנערער מערהייט אינם ראַטן־לאַנד.

דעם 4־טן יולי איז אין גרויסן טעאַטער אין מאָסקווע גע־
עפנט געוואָרן דער 5־טער קאָנגרעס. אין די דיפּלאָמאַטן־לאָזשעס
זענען געזעסן די פאָרשטייער פון דייטשלאַנד און פון דער אַנ־
טאַנט. איבערן יום־טובדיק באַפּוצטן זאַל איז געלעגן אַ אומגע־
הויערע שפּאַנונג. עס זענען דערשינען ביי אַ 900 דעלעגאַטן, אין
די נאָענטסטע טעג וועט זייער צאָל וואַרשיינלעך איבערשטייגן
טויזנט. וויפל פון זיי זענען געווען לינקע ס. ר.? אין דער מאַנדאַט־
קאָמיסיע פון קאָנגרעס האָבן אויפגעפלאַמט שטרייטן וועגן דער־
גילטיקייט פון די אָדער יענע מאַנדאַטן. די מאַנדאַט־קאָמיסיע

האָט באַקומען אַ גאָר באַזונדערע פּאָליטישע באַדייטונג, ווייל עס איז געגאַנגען אין יעדער שטים; די באָלשעוויקעס האָבן געקעמפט פאַר דערהאַלטן די העגעמאָניע פון זייער פּאַרטיי. די ל. ס. ר. האָבן אָפיציעל געהאַט 40 פּראָצ. דעלעגאַטן אַלס זייערע פּאַרטיי־מיטגלידער אָדער סימפּאַטיקער; זיי האָבן אָבער פאַרזיכערט, אַז זייער צאָל איז אַ סך גרעסער. די באָלשעוויקעס האָבן האַרטנעקיק, מיט אַלע מיטלען, זיך באַמיט איינצוהאַלטן זייער מערהייט. זיי האָבן זי קינסטלעך געשאַפן דורך געבן שטימרעכט די פאָרשטייער פון די ניי־געבילדעטע, צופעליק צונויפגעשטעלטע „קאָמבעדי" (קאָמיטעטן פון דער דאָרף־אָרעמקייט). די ל. ס. ר. האָבן פּראָטעסטירט קעגן פעלשן דעם קאָנגרעס. דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן פון ערשטן מאָמענט אָן.

אַ וואָרט צו באַגריסן איז געגעבן געוואָרן דעם פאָרשטייער פון די אוקראַינער אומלעגאַל־ווירקנדע ראַטן, אַלעקסאַנדראָוו: „איך קום אָקאָרשט פון אוקראַינע, וווּ עס הערשן די בורזשואַזיע און סקאָראָפּאַדסקי, וואָס ווערט אונטערשטיצט אויך דורך די דייטשישע אימפּעריאַליסטן. איך בין געקומען אין לאַנד פון דער אייזערנער דיקטאַטור פון די אַרבעטער און פּויערים, וווּ עס ווערט אָבער גלייכצייטיק אויך געדולדעט די אָנוועזנהייט פון פאָרשטייער פון דייטשישן אימפּעריאַליזם, פון גראַף מירבאַך". די ל. ס. ר. האָבן באַגעגנט דידאָזיקע ווערטער מיט ברויזנדע בראַוואָס. „די דייטשן זענען געקומען קיין אוקראַינע, כּדי צו נעמען תּבֿואה. די פּויערים ווילן נישט אָפּגעבן זייער תּבֿואה, און ווען עס געלינגט שוין די דייטשן אָנצולאָדן אַ צוג מיט תּבֿואה, ווערט ער דורך אונז אויפגעריסן אין דער לופטן. אין נאָמען פון די אוקראַינישע אַרבעטער און פּויערים וויל איך אייך דערקלערן, אַז גאַנץ אוקראַינע געפינט זיך אין אויפשטאַנד קעגן עסטרייכיש־דייטשישן יאָך".

דאַן האָט זיך אַלעקסאַנדראָוו געווענדעט צו די בענק פון די באָלשעוויקעס: „איר האָט געשלאָסן דעם בריסקער שלום־אָפּמאַך פאַרן פּרייז פון אוקראַינעס פרייהייט. איך פאָדער אייך אויף צו העלפן אונז אין אונזער קאַמף. מיר זענען פעסט איבערצייגט, אַז איר וועט אונז נישט אָפּזאָגן דאָס וואָפן, וואָס מיר האָבן נויטיק, און אַז איר וועט נישט וואַרטן מיט דעם אויף מירבאַכס הסכּמה". די

ל. ס. ר. האָבן זיך אויפגעהויבן פון די פלעצער און גענומען וואָרפן אויסרופן: „נידער מיט דעם בריסקער שלום!‟ „נידער מיט מירבאַכן!‟ דעם זאַל האָט באַהערשט אַ שטורעם.

די ל. ס. ר. האָבן געפאָדערט, מען זאָל די אוקראַינער ראַטן געבן שטימרעכט אויפן קאָנגרעס. מען האָט אָפּגעשטימט: די ערשטע כוחות־פּראָמעסטונג. מיט 544 קעגן 400 האָט מען די אוקראַינער געגעבן בלויז באַראַטונגס־רעכט. די באָלשעוויקעס האָבן געהאַט אַ מערהייט. ספּירידאָנאָווא האָט געפאָדערט, מען זאָל שטעלן אויפן סדר־היום אַ נייעם פּונקט: באַריכטן פון די לאָקאַלע ראַטן. „ווייל עס איז נויטווענדיק צו הערן די מיינונגען פון די רעגירטע פון די לאָקאַלע ראַטן וועגן די לעצטע רעגירונגס־דעקרעטן‟... דער לינקער ס. ר. קאַרעלין האָט געפאָדערט, מען זאָל שטעלן אויפן סדר־היום די פראַגע וועגן אָפּשאַפן טויט־שטראָף, די שענדלעכע ירושה פון צאַריזם און קאָאַליציע‟. אויך די דאָזיקע פאָרשלאָגן האָט די מערהייט אָפּגעוואָרפן. דאַן האָט טראָצקי אַ־ייני געבראַכט אין דער דעבאַטע אַן אומגעהויערע פאַרשאַרפונג. ער האָט געבעטן דאָס וואָרט צו אַ דרינגענדער דערקלערונג. אַלס קריגס־קאָמיסאַר ליגט אויף אים די פליכט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פונם קאָנגרעס אויף דער ערנסטער לאַגע, וואָס איז אַנטשטאַנען אויף די דרום־גרענעצן פון דער רעפּובליק. דער בריסקער שלום איז נאָך אין קראַפט, מען האָט אין אוקראַינע פעסטגעשטעלט אַ דעמאַרקאַציע־ליניע מיט דער דייטשישער אַרמיי. דערהוויל קומען אָבער פאָר אויסטערלישע זאַכן: אַ גאַנצע ריי אַומפאַראַנטוואָרטלעכע פערזאָנען פירט אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פרישע רעקרוטן פון דער רויטער אַרמיי, פאַר אַ תּיכּפדיקן מאַרש קעגן די דייטשן. זאָל דער קאָנגרעס זיך אַרויסזאָגן, צי ער וויל דערלויבן יענע אומפאַראַנטוואָרטלעכע פערזאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן אונטערגראָבן די דיסציפּלין פון דער אַרמיי.

— קערענסקי! — האָט אַ וואָרף געטאָן טראָצקין אין פּנים אַריין דער פירער פון די ל. ס. ר. — קאַמקאָוו.

— קערענסקי האָט אויסגעפירט בלויז דעם ווילן פון דער בורזשואַזיע! — האָט אים טראָצקי געענטפערט.

— און איר פירט אוים מירבאכם ווילן! — האָט ער באַקומען אַלס ענטפער.

קאַמקאָוו איז אַרויף אויף דער רעדנער־טריבונע און האָט אין שטאַרקע ווערטער דערקלערט, אַז די ל. ס. ר. וועלן אויך ווייטער שטיצן דעם אויפשטאַנד קעגן די דייטשן אין אוקראַינע און אין רוסלאַנד, און פאַרגעלייגט דעם קאָנגרעס צו שיקן אַ הערצלעכן גרוס צו די רעוואָלוציאָנערע פאַרטיזאַנער־גרופעס. קאַמקאָוו האָט ווייטער גערעדט: „אויפן אוקראַינישן פראָנט האָבן מיר ניט צו טון מיט פּראָוואָקאַטאָרן און שיכּורע חיילות, נאָר מיט אַ געזונטער אידעאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע פון די יעניקע, וועלכע ווילן ניט הכנעהדיק צוקוקן, ווי די דייטשישע אימפּעריאַליסטן אונטערדריקן די אוקראַינישע פּויערים. איר, קאָמיסאַרן, ווילט רואיק זיצן דערביי און זיך האַלטן געבונדן אין די אָפּמאַכן. צי גלויבט איר אָבער, אַז אונזערע פּויערים־זעלנער אויפן דרום־פראָנט וועלן דערלאָזן, זייערע ברידער זאָלן געמאָרדעט ווערן דורך די אַגענטן פון דידאָזיקע באַרבאַרן?” דערביי האָט קאַמקאָוו געוואָרפן אַ בליק אויף דער לאָזשע, וווּ עס איז געזעסן דער פאָרשטייער פון דער דייטשישער אַמבאַסאַדע. די ל. ס. ר. זענען ווידער אויפגעשפּרונגען פון די ערטער און האָבן פול געמאַכט דעם זאַל מיט הויכע געשרייען: „נידער מיט דידאָזיקע מערדער!” בלויז עטיקעט־מאָטיוון האָבן אָפּגעהאַלטן די באָלשעוויסטישע דעלעגאַטן און קאָמיסאַרן פון אַנטיילנעמען אין דער דעמאָנסטראַציע.

טראָצקי האָט אַריינגעטראָגן אַ רעזאָלוציע, אַז „אַלע פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו קריג און שלום, ליגט אין דער קאָמפּעטענץ בלויז פונם ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן און דער צענטראַלער ראַטן־עקזעקוטיווע... אַלע טיילן פון דער רויטער אַרמיי מוזן זיך אונטערוואַרפן דער צענטראַלער מלוכה־מאַכט”. צום סוף איז ווידער געוואָרנט געוואָרן פאַר די אַגענטן, וואָס „באַמיען זיך ווידער אַריינצוּוואַרפן דאָס לאַנד אין אַ אימפּעריאַליסטישן קריג”. טראָצקי האָט צוגעגעבן, אַז די רעגירונג וועט מיט דער גרעסטער שאַרפקייט אַרויסטרעטן קעגן די „פּראָוואָקאַטאָרן און געדונגענע פון אימפּעריאַליזם”... די לינקע ס. ר. האָבן דערקלערט, אַז זיי

וועלן זיך נישט באַטייליקן אין דער אָפּשטימונג פון דער דאָזיקער רעזאָלוציע. אַלע דעלעגאַטן פון די ל. ס. ר. האָבן זיך אויפגעהויבן פון די ערטער און פאַרלאָזן דעם זאַל, זינגענדיק דעם אינטערנאַציאָנאַל. די רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן בלויז דורך די באָלשעוויסטישע דעלעגאַטן.

צומאָרגנס זענען אָפּגעגעבן געוואָרן די באַריכטן פון די העכסטע ראַט־אינסטאַנצן. פון דער פּויערים־סעקציע האָט גערעדט ספּירידאָנאָווא. זי האָט געהאַלטן אַ צוויי־שעהדיקע אָנקלאָג־רעדע קעגן נייעם רעזשים, וואָס וואָרצלט זיך איין אַלץ מער אין דער רע־פּובליק. זי האָט זיך דער עיקר קאָנצענטרירט אויפן אומרעכט און אויף די סכּנות, וואָס די פּויערים האָבן אויסצושטיין. זי איז דאָס מאָל געשטאַנען אַנדערש ווי פאַר די דעלעגאַטן פון 3־טן ראַטן־קאָנגרעס אין יאַנואַר פון זעלבן יאָר! דאַן — אַ אײנערלעך־פאַר־בונדענע געמיינשאַפט פון טויזנטער דעלעגאַטן פון ביידע פּאַר־טייען; איצט אַן אײנערלעך־געשפּאַלטענער קאָנגרעס, אַ קאַמף־גרייטקייט פון ביידע פּאַרטייען קעגנאַנאַנדער, אַ קאָנפליקט צווישן פּראָלעטאַריער און פּויערים. ספּירידאָנאָוואַס פּנים איז געווען בלאַסער ווי געוויינטלעך, און אירע אויגן האָבן געשפּריצט פונ־קען פון עמפּערונג און צאָרן. ספּירידאָנאָווא האָט געוווסט, פאַר וואָסער גורלדיקער שעה עס שטייען איצט די רעוואָלוציע, איר פּאַרטיי און זי גופא. האַלטנדיק אין טיפסטער לײדנשאַפט איר לעצטע רעדע פאַר אַ ראַטן־קאָנגרעס, האָט זי מערערע מאָל גע־קלאַפּט אין טיש מיטן קליינעם זילבערנעם רעוואָלווער, וועלכן זי האָט אַמאָל באַקומען אַלס מתּנה פון אירע פריינט.

ספּירידאָנאָוואַן האָט געענטפערט לענין, ער האָט זיך פאַר־טיידיקט קעגן ספּירידאָנאָוואַס באַשולדיקונגען, וועלכע ער האָט באַצייכנט אַלס פאַלש און אומבאַגרינדעט, הגם ספּירידאָנאָווא איז אַ מענטש, וואָס אין איר אויפריכטיקייט קאָן קיינער נישט ספקן. ער האָט איבערגעחזרט זיינע אַרגומענטן פאַר אויפהאַלטן דעם בריסקער שלום, די דערנערונגס־דיקטאַטור, די „קאָמבעדים", — די אַלע פּונקטן, וועלכע ספּירידאָנאָווא האָט צעשמעטערנדיק אָנגע־קלאָגט. די שפּאַנונג צווישן ביידע לאַגערן איז נישט באַזייטיקט געוואָרן.

* * *

צומאָרגנס, דעם 6־טן יולי, זענען דערשינען אַרום 3 נאָכמי־טאָג ביים גראַף מירבאַך צוויי הערן, וועלכע האָבן פאָרגעשטעלט דורך דער טשעקאַ אויסגעשטעלטע דאָקומענטן. דאָס זענען געווען די ל. ס. ר. בלומקין און אַנדרעיעוו. די פאָרשטייער פון טשעקאַ האָבן פאַרלאַנגט אומבאַדינגט צו רעדן מיטן גראַף מירבאַך פּער־זענלעך. ווען גראַף מירבאַך איז דערשינען, איז צווישן זיי פאָרגע־קומען פאָלגענדער קורצער שמועס:

בלומקין: מיר קומען אין דער אָנגעלעגנהייט פון אונגאַ־רישן אָפיציר גראַף ראָבערט מירבאַך און מיר גלויבן, אַז דער־דאָזיקער ענין אינטערעסירט אייך.

מירבאַך: איך האָב מיטן דאָזיקן אָפיציר קיין שום שייכות נישט. וועגן וואָס האַנדלט עס זיך?

בלומקין: מאָרגן וועט דער ענין איבערגעגעבן דעם טריבו־נאַל. איך קאָן אייך ווייזן איינציקע דאָקומענטן.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט בלומקין אַרויסגעצויגן אַ רע־וואָלווער פון זיין טעקע און אויסגעשאָסן אויפן גראַף מירבאַך. דער שאָס האָט נישט געטראָפן. אָבער דער צווייטער שאָס האָט אים אַנידערגעלייגט אַ טויטן. אין זעלבן אויגנבליק האָט אויפגע־ריסן אַ באָמבע, וואָס האָט דאָס גאַנצע הויז איינגעהילט אין רויך. די טעראָריסטן זענען אַנטלאָפן דורכן פאַרטער־פענסטער, אַריבער־געקלעטערט דעם פאַרקאַן און אַנטלאָפן מיט אַ צוגעגרייטן אווי־טאָ.*)

---

*) אויסטערליש איז בלומקינס גורל. נאָך אַ יאָר אויסבאַ־האַלטן זיך, האָט ער זיך פרייוויליק צוגעשטעלט צו דער ראַטן־מאַכט אין קיעוו און דערקלערט, אַז ער האָט חרטה אויף זיין טאַט. די ראַטן־רעגירונג האָט אים אַמנעסטירט. די פאַרטיי ל. ס. ר. האָט אים אויסגעשלאָסן פון אירע רייען. די באָלשעוויסטישע פאַרטיי האָט אים אָנגענומען אַלס מיטגליד. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז בלומקין זאָל ווערן טראָצקיס סעקרעטאַר, און זאָל רעדאַגירן זיינע שריפטן, וואָס באַהאַנדלען גראָד די יולי־געשעענישן פון 1918. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן סטאַלינס קאַמף קעגן טראָצקין, איז

דעם אויפרייס האָט מען געהערט אין גרויסע טיילן פון שטאָט. אַ שעה נאָכן אַטענטאַט זענען אין דער דייטשישער אַמבאַסאַדע געקומען לענין, טראָצקי, טשיטשערין און האָבן אויסגעדריקט מיטגעפיל דער דייטשישער רעגירונג. דזשערזשינסקי, דער פאָרזיצער פון טשעקאַ, איז אויך געווען אויפן אָרט און האָט תיכף געוווּסט, ווער עס האָט אָרגאַניזירט דעם אַטענטאַט. ער איז אַוועקגעלאָפן צום צענטראַל־קאָמיטעט פון די ל. ס. ר., כדי צו פאָדערן זיי זאָלן אַרויסגעבן די צוויי טעראָריסטן. „איך וועל לאָזן דערשיסן דעם גאַנצן צענטראַל־קאָמיטעט, אויב די מערדער וועלן נישט אַרויסגעגעבן ווערן“! אָבער דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט דערקלערט, אַז ער נעמט איבער די גאַנצע אחריות פאַרן אַטענטאַט. דזשערזשינסקי גופא איז דורך די ל. ס. ר. אַרעסטירט געוואָרן. אין יענעם מאָמענט איז קלאָר געוואָרן, אַז די באָלשעוויקעס וועלן נישט ענדערן זייער טאַקטישע ליניע לגבי דער דייטשישער מאַכט, אַז זיי וועלן גיכער איבערגיין צו אַן אַקטיוון אָנגריף קעגן די ל. ס. ר. עס איז געקומען דער מאָמענט, וועלכן עס האָט פאָרויסגעזען די רעזאָלוציע פון די ל. ס. ר. פון 24־טן יוני: מען האָט געמוזט איבערגיין צו אַ „באַוואָפנטער פאַרטיידיקונג פון די פאַרנומענע פּאָזיציעס“. די מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט האָבן זיך קאָנצענטרירט אין איין בנין, אונטערן שוץ פון די באַוואָפנטע גרופּעס פון די ל. ס. ר. פון דאָרט האָבן זיי פאַרעפנטלעכט פּראָקלאַמאַציעס צו די אַרבעטער־מאַסן פון מאָסקווע און רוסלאַנד. „האָרעפּאַשנע פּויערים און אַרבעטער! אייער רעגירונג האָט זיך פאַרוויקלט אין די נעצן פון די אינטערנאַציאָנאַלע אימפּעריאַליסטן... מיר שטרעבן נישט צו פאַרכאַפּן די מאַכט... אַלע פּרווון אַראָפּצוואַרפן די ראַטן־

---

אויך בלומקין פאַרפאָלגט געוואָרן דורך דער רעגירונג. אין יאָר 1930, ווען ער האָט געאַרבעט אין דער טשעקאַ, איז בלומקין געפאָרן קיין אויסלאַנד, וווּ ער האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט טראָצקין אין טערקיי. ער האָט זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד מיט אינסטרוקציעס פון טראָצקין, און איז דערשאָסן געוואָרן דורך דער „טשעקאַיי אַלס „פאַררעטער“. אַלס ל. ס. ר. האָט בלומקין אויסגעמיטן דעם טויט, אָבער אַלס טראָצקיסט האָט ער אים געפונען...

מאכט, וועלן מיר אומברחמנותדיק אונטערדריקן".

אָבער אין קורצן האָט זיך צווישן ביידע פאַרטייען פאַנאַנדער־געפלאַקערט אַ קאַמף אויף די מאָסקווער גאַסן. די רעגירונג האָט געהאַט אין איר רשות נישט קיין סך גרעסערע כּחות, ווי די ל.ס.ר. אַ געגנוי בילד פון יענע קאַמף־שעהן האָט שפּעטער געגעבן אין זיינע דערינערונגען וואַצעטיס, דער קאָמאַנדיר פון באָלשעוויסטיש־לעטישע חיילות, וואָס האָט געקעמפט אויף דער זייט פון דער רע־אַ געגנוי בילד פון יענע קאַמף־שעהן האָט שפּעטער געגעבן אין זיי־נע דערינערונגען וואַצעטיס, דער קאָמאַנדיר פון די באָלשעוויסטיש־שע פאַרטיי האָט זיך געקאָנט שטיצן. דער הונגער האָט אריינגע־בראַכט דאָס מיליטער אין אַ שלעכטער שטימונג. די פּראָפּאַגאַנדע קעגן די באָלשעוויקעס האָט געהאַט אַזאַ גרויסן איינפלוס, אַז די רוסישע פּולקן האָבן דערקלערט זייער נייטראַליטעט. אויף צו באַ־קעמפן דעם אויפשטאַנד פון די ל. ס. ר. האָבן די באָלשעוויקעס באַוויזן צו מאָביליזירן בלויז איין אינפאַנטעריסטן ־ שולע און צוויי באַטעריעס אַרטילעריע. אויך די מאָסקווער אַרבעטער האָבן אין דער מערהייט פאַרנומען אַ נייטראַלע פּאָזיציע. די פּאָליטיק פון די באָלשעוויקעס איז געווען אומפאַרשטענדלעך פאַר די ברייטע פאָלקס־מאַסן. מען האָט זיי געהאַלטן פאַר שולדיק אינם הונגער, אין דער דייטשישער אָקופּאַציע פון אוקראַינע, אין די רויבערישע קאָנטריבוציעס... מיט דער קאַמף־אַקציע פון די ל. ס. ר. האָט אָנ־געפירט פּאָפּאָוו. פּאָפּאָוו האָט אָנגעפירט מיטן מיליטער פון דער טשעקאַ, צווישן וועלכן עס האָבן זיך געפונען ביי 1000 מאַטראָזן, וואָס זענען געקומען נאָכן דערטרינקען דעם שוואַרציאַם־פלאָט אין נאָוואָראָסייסק. פּאָפּאָוו האָט געהאַט אין זיין רשות ביי אַ 1800 באַגנעטן, 48 קוילנוואַרפערס, איינינקע באַטעריעס אַרטילעריע און פּאַנצער־אויטאָס".

ווייטער שילדערט וואַצעטיס דעם צושטאַנד, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען די רעגירונג אין יענע קריטישע שעהן. „צוליב פאַרשידענע סיבות האָבן זיך די באָלשעוויקעס פאַרשפּעטיקט. דער אָוונט איז צוגעפאַלן, זיי האָבן זיך אָבער אַלץ נישט געקאָנט אַנט־שליסן, ווען אָנצוטרויען, אין דאָזיקן קריטישן מאָמענט, די קאָ־מאַנדע. ענדלעך האָבן זיי באַשלאָסן, אַז דעם אָפּעראַציע־פּלאַן זאָל

אויסאַרבעטן דער קאָמאַנדיר פון דער לעטישער דעוויזיע, אָבער די קאָמאַנדע איבערן מיליטער זאָל איבערנעמען אַ צווייטער. עס איז אָבער אוממעגלעך געווען צו געפינען אַ פּערזאָן, וואָס זאָל וועלן איבערנעמען די אחריות פאַרן קאַמף אין צענטער שטאָט. איך האָב דערקלערט, אַז איך וויל איבערנעמען די קאָמאַנדע. די רעגירונג איז מסכים געווען, זי האָט מיר נאָר צוגעגעבן צוויי קאָמיסאַרן. איך האָב געהאַט אין מיין רשות ביי 1440 מאַן, 10 קוילנוואַרפערס און 8 האַרמאַטן. אַרום 12 אַזייגער ביינאַכט האָט מען מיך אַרויסגערופן צו לעניגען אין קרעמל. די ערשטע פראַגע, וואָס ער האָט מיר געשטעלט, איז געווען:

— חבר, וועלן מיר זיך האַלטן ביז פרי?

איך האָב געבעטן אַ דערלויבעניש צו מאַכן אַ רייזע אַרום דער שטאָט. אין צוויי שעה אַרום האָב איך זיך צוריקגעקערט און דערקלערט לעניגען: „מאָרגן, ביז 12 בייטאָג, וועלן מיר באַהערשן מאָסקווע".

„צומאָרגנס, דעם 7־טן יולי אינדערפרי, איז געלעגן איבער מאָסקווע אַן אויסערגעוויינלעכער נעפל, אַזוי אַז אויף אַ מרחק פון עטלעכע טריט האָט מען נישט געקענט אונטערשיידן דאָס אייגענע מיליטער פון פרעמדן. אַ דאַנק דעמדאָזיקן נעפל האָבן מיר גענומען אין געפענגעניש אַ סך וואַכפּאָסטנס פון קעגנער. אַרום 5 אַזייגער פאַרטאָג האָב איך באַפוילן די לעטישע פּולקן צו מאַכן אַ קאָנצענטרירטן אָנגריף אויף די קעגנער. פּאָפּאָווס מיליטער האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און געקעמפט מיט באַגייסטערונג. די זעלנער פון אונזערער אַ באַטעריע איז געלונגען אַרויפצושלעפּן מיט די הענט אַ האַרמאַט אויף אַ בערגל, פון וואַנעט זיי האָבן געקאָנט באַשיסן פּאָפּאָווס שטאַב פון אַ מרחק פון 300 טריט. דערדאָזיקער האַרמאַט האָט געגעבן 17 שאָסן. איין קויל האָט אויפגעריסן אין אַ צימער פון שטאַב, נאָנט פון צימער, וווּ דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט זיך באַראַטן". די דראָענדע סכנה האָט געצוואונגען די פירער פון דער באַוועגונג צו פאַרלאָזן די געביידע גלייכצייטיק מיטן שטאַב. דאָס איז געווען דער סיגנאַל צו פאַרענדיקן דעם קאַמף. דאָס פעלד איז געבליבן פריי פאַרן באָלשעוויסטישן מיליטער. דער „אויפשטאַנד" איז געווען פאַרענדיקט

וואָס האָט געטון ספּירידאָנאָווא אין דערדאָזיקער שטורמי־ שער צייט? זי האָט זיך נישט געפונען אין יענעם בנין, וואָס איז באַשאָסן געוואָרן דורכן רעגירונגס־מיליטער. דעם 6־טן יולי, עט־ לעכע שעה נאָכן אַטענטאַט, ווען ספּירידינאָוואַ איז קלאָר געוואָרן, אַז די רעגירונג וועט אָנהויבן דעם קאַמף, איז זי אַוועק אין גרויסן טעאַטער, ווו עס איז פאָרגעקומען דער ראַטנקאָנגרעס. זי האָט זיך געשטעלט אַ ציל, וועגן וועלכן זי האָט נישט דערציילט אירע חברים אין צענטראַל־קאָמיטעט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז די באָלשעוויקעס וועלן פאַראַנטוואָרטלעך מאַכן פאַרן געשעענעם די פראַקציע פון די ל. ס. ר. אויפן קאָנגרעס, — און זי האָט באַ־ שלאָסן צו נעמען אויף זיך דעם ערשטן פאַרביטערטן קלאַפּ. אויב עס מוז שוין זיין אַ קרבן־חטאת, האָט זי געוואָלט, אַז זי זאָל דאָס זיין, כּדי צו באַשיצן מיט איר קערפּער די פּשוטע נישט - אינפאָרמירטע דעלעגאַטן פון שטאָט און דאָרף... אין קאָנגרעס - זאַל זענען אינצווישן געזעסן הונדערטער דעלעגאַטן און האָבן געוואַרט אין פיבערהאַפ־ טער שפּאַנונג אויף דער עפענונג פון דער זיצונג. ספּירידאָנאָוואַ איז דערשינען אויף דער טריבונע און האָט פאַרנומען איר פּלאַץ. זי איז געווען בלאַס, זי האָט אָבער באַהערשט איר אינערלעכע אויפרעגונג. די באָלשעוויסטישע פירער האָבן זיך פאַרזאַמלט אין נערוועזן ערנסט אין אַ נאָענטן צימער. ספּירידאָנאָוואַ האָט איבער־ געגעבן דעם סעקרעטאַר פון דער באָלשעוויסטישער פראַקציע אַ בריוו, אין וועלכן זי האָט דערקלערט, אַז איר פּאַרטיי נעמט איבער די אחריות פאַרן אַטענטאַט, און זי האָט געבעטן עפענען די זי־ צונג, כּדי אָפּצוגעבן דעם קאָנגרעס אַ דערקלערונג. די זיצונג איז נישט געעפנט געוואָרן. די באָלשעוויקעס האָבן געמיינט, אַז זייער פראַקציע וועט באַלד אַרעסטירט ווערן דורך די ל. ס. ר. דאָס איז אָבער נישט געווען די כּוונה פון די ל. ס. ר. עס זענען פאַרגאַנגען שעהן פון פיינפולסטן וואַרטן. אַרום 8 אַזייגער אין אָוונט איז אויף חער טריבונע דערשינען דער באָלשעוויסטישער קאָמענדאַנט פון טעאַטער און האָט אָפיציעל מיטגעטיילט וועגן די טאָג־געשע־ עניש. ער האָט צוגעגעבן, אַז קיינער פון די דעלעגאַטן פון די ל. ס. ר. טאָר נישט פאַרלאָזן דעם טעאַטער. אינצווישן איז דאָס

טעאטער ארומגערינגלט געווארן דורך לעטישע וואכן. דאס האט באדייט, אז די גאנצע פראקציע פון די ל. ס. ר. און זייערע סימפאטיקער זענען ארעסטירט. דאס זענען געווען פירהונדערט און פופציק דעלעגאטן. ספירידאנאווא האט מיט זיי פראכראכט די גאנצע נאכט. די מידע פון אויפרעגונג האבן זיך ערגעץ ווו צוגעלייגט שלאפן, אבער דער גרעסטער טייל חברים האט געוואכט אין צוטרוי און פעסטן גלויבן אין דער זאך פון דער רעוואלוציע. דורך איר רו און איבערצייגונגס־קראפט האט ספירידאנאווא צוגעגעבן מוט אלע דעלעגאטן. קיין איינער פון דיזאזיקע דעלעגאטן — און זיי האבן דא, אין קאנגרעס־זאל, פארטראטן אלע פראווינצן פון דער ראטן־רעפובליק! — האט אין דער דאזיקער נאכט נישט אויסגעדריקט קיין שרעק אדער צווייפל אין דער פאזיציע פון זייער פארטיי. דאס איז געווען אן איינציקע פאמיליע, וואס איז פארבונדן געווען אין אומדערשיטערלעכער טרייקייט. אין דער דאזיקער נאכט איז פארגעקומען אן אויסטערלישע שפיל פון דער געשיכטע... די ל. ס. ר. זענען ארעסטירט געווארן אין קאנגרעס־בנין, ד.ה. אנטוואפנט און מאכטלאז, אבער גלייכצייטיק האט זיך די באלשעוויסטישע רעגירונג געפילט אזוי אומזיכער אין קרעמל, אז זי האט זיך שוין גערעכנט מיט דער מעגלעכקייט צו מוזן אים פארלאזן. אויפן דאזיקן באל האט מען שוין געהאט אויסגעקליבן אלס נייע רעזידענץ די ניקאליי־קאזארמעס אין א מאסקווער פארשטאט. דער גורל פון דיביידע פארטייען איז געווען אומזיכער אין דער דאזיקער נאכט.

מיטן זונאויפגאנג האט זיך אנגעהויבן די אנטשיידנדע אקציע פון דער רעגירונג. די ווענט פון גרויסן טעאטער האבן געציטערט פון הארמאטן־קראכעריי. ארום 12 בייטאג האבן די באלשעוויקעס באקומען די אויבערהאנט. עס האט זיך אנגעהויבן די אפרעכענונג פונא יין פארטיי מיט דער צווייטער, דער באזיגטער ריוואלין. עס איז באשטימט געווארן אן אויסערארדנטלעכע אויספארשונגס־קאמיסיע, וואס האט אנגענומען דעם באשלוס צו ארעסטירן אלע מיטגלידער פון צענטראל־קאמיטעט פון די ל. ס. ר. דזשערזשינסקי, דער פירער פון דער טשעקא, האט קיין צייט נישט געהאט אפצווארטן די רעזולטאטן פון דער אויספארשונג. נאך דעמזעלבן 7־טן

יולי האָט ער זיך נוסם געווען אין יענע מיטאַרבעטער פון דער טשעקאַ, וועלכע ער האָט באַטראַכט אַלס מיטשולדיקע אין אַטענטאַט. ער האָט געלאָזט דערשיסן דרייצן לינקע ס״ר.־רעוו., בראש מיט אַלעקסאַנדראָוויטשן. דזשערזשינסקי האָט אים באַשולדיקט אָן אַ גרונט, אַז אַ דאַנק זיין מיטהילף האָבן די ביידע טעראָריסטן געהאַט די מעגלעכקייט צו לעגיטימירן זיך מיט דאָקומענטן, וואָס זענען בלומרשט אויסגעשטעלט געוואָרן דורך דער טשעקאַ. אַלעקסאַנדראָוויטש איז געווען יענער ס״ר.־רעוו., וואָס איז אַלס ערשטער פון זיין פּאַרטיי שוין אין מערץ 1917 אַרויסגעטראָטן אין פּעטראָגראַדער ראַט מיט די קאַמף־פאָדערונגען פון די לינקע. אין משך פון די רעוואָלוציע־חדשים איז ער געשטאַנען אין די ערשטע רייען פון סאָציאַליסטישן קאַמף. ווען די ל. ס. ר. האָבן באַשלאָסן צו שיקן זייערע חברים אין טשעקאַ, האָבן זיי אין אַלעקסאַנדראָוויטשן געפונען דעם מוטיקן און מאָראַליש־פעסטן פאַרשטייער פון זייער אידייע. דזשערזשינסקי האָט אים פון אייגענער איניציאַטיוו אויסגעוויילט אַלס שטעלפאַרטרעטער. איצט, אין דער ערשטער היץ פון קאַמף, האָט אַלעקסאַנדראָוויטש, צוזאַמען מיט 12 אַנדערע חברים, געמוזט פאַלן אַלס קרבן־חטאת פאַרן אימפעריאַליזם. די גאַנצע פראַקציע פון די ל.ס.ר. אויפן 5־טן ראַטן־קאָנגרעס איז ענדגילטיק דערקלערט געוואָרן אַלס אַרעסטירט און מען האָט זי אָפּגעפירט אין אַ קאַזאַרמע פון קרעמל. מיט בלייבע, אָבער אַנטשלאָסענע פנימער האָבן די רעוואָלוציאָנער־ן איבערגעוואַנדערט אויף זייער נייעם קאַמף־פּלאַץ, זינגענדיק דעם „אינטערנאַציאָנאַל“. צווישן זיי האָבן זיך געפונען ספּירידאָנאָווא און א־ז־מאַילאָוויטש. אַלעקסאַנדראַ איזמאַילאָוויטש, ספּירידאָנאָוואַס יאָרנלאַנגע מיטקעמפערין, האָט זיך אויך איצט, ווי מיט 12 יאָר צוריק, געפונען ביי איר זייט. אויך ווייטער וועלן זיי גיין צוזאַמען זייער לעבנסוועג.

פאַרוואָס איז דורכגעפאַלן דער אויפשטאַנד פון די ל. ס. ר.?

ווייל אין יולי 1918 איז גאָרנישט געווען קיין אויפשטאַנד פון די ל. ס. ר. קעגן דער רעגירונג. וואָלטן זיי וועלן אַראָפּוואַרפן די באָלשעוויסטישע רעגירונג, כדי צו פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט, וואָלטן זיי געוועזט אַנדערש האַנדלען. זיי וואָלטן דאַמאָלט

אויך געהאט אן אויסזיכט אויף דערפאלג. מיר ווייסן שוין, אז די שטימונג פון די ארבעטער און רויטארמייער אין מאסקווע איז געווען קעגן דער רעגירונג, לכל הפחות ניטראל. די ל. ס. ר. האבן געהאט זייערע פארשטייער אין די וויכטיקסטע מיליטערישע אינ־סטאנצן. אפילו דער מיליטערישער קאמענדאנט פון מאסקווע איז געווען א ל. ס. ר. ביידע באלשעוויסטישע קאמיסארן, וואס זענען אפקאמאנדירט געווען צו וואצעטיסן, האבן אפגעגעבן א באריכט לענינען און טראצקין: די מיליטערישע פארוואלטונג איז נאך נישט ארגאניזירט, די קאמאנדע ליגט אין אומדערפארענע הענט, די דיסציפלין איז שוואך. זיי האבן די מאכט געקאנט דעראבערן מיט איין קלאפ. אבער די ל. ס. ר. איז גאר נישט געגאנגען אין דעראבערן דעם מלוכה־אפאראט, נאר אין וועזנטלעכער ענדערונג פון דער ראטן־רעפובליק. זיי האבן מיט איין קלאפ געוואלט אפ־רוימען פון וועג יענע פאליטישע שטערונג, וואס האט פארמשפט די רעוואלוציע צו אנמאכט און אלץ מער פאנאנדער־געטיילט די ביידע פארטייען. די באלשעוויקעס אבער האבן די אקציע פון די ל. ס. ר. באטראכט אלס קאמף צו דעראבערן די פאליטישע מאכט, וואס איז דורך זיי באטראכט געווארן אלס וויכטיקסטע פאזיציע אין דער רעוואלוציע. דעריבער האבן זיי פארצווייפלט אנגעשטרענגט די כוחות, אונטערצודריקן די באוועגונג פון די ל. ס. ר. בעת די ל. ס. ר. האבן אין יענע יולי־טעג זיך באשרענקט מיט פארטיידיקן זייערע רעוואלוציאנערע פאזיציעס, זענען די באלשעוויקעס איבער־געגאנגען צו א אנטשיידענעם אנגריף קעגן זייערע ריוואלן. דער ווילן צו דער פאליטישער מאכט האט דאן באזיגט דעם ווילן צו סאציאליסטישער אידייע.

דערדאזיקער זיג איז נישט געווען קיין זיג פון דער אקטאָ־בער־רעוואלוציע. אין יולי 1918 האבן צום לעצטן מאל (פאר א לאנגער צייט!) אויפגעפלאמט די פרייהייטלעכע כחות פון די רו־סישע מאסן. עס איז אויפגעבויט געווארן א רויע צענטראליס־טישע מלוכה. נאך דעם ארעסט פון די ל. ס. ר. איז דער 5־טער ראטן־קאנגרעס געבליבן א פארקריפלטער קאנגרעס, וואס האט אין איינציקע זיצונגען אויסגעהערט מעכאניש די פארשלאגן פון דער רעגירונג און איז זיך פאנאנדערגעגאנגען. פון איצט אן וועט רע־

גירן אַן איינציקע פּאַרטיי. דעם אָרט פון פרייע מיינונגס־קאַמפן אין די ראַטן, וועלן פאַרנעמען ווילּיקע באַאַמטע. פּאַרטיי־דיקטאַטור אַנשטאַט סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. דער היסטאָרישער פאַרהאַנג איז געפאַלן איבער אַ העראָישער עפּאָכע, וואָס קערט זיך נישט אום צוריק. די גרויסע דראַמע פון דער רעוואָלוציע וועט זיך איצט אָנהויבן אין אַ נייער שמערצלעכער פאָרם.

צוזאַמען מיט דער דאָזיקער דראַמע פון דער רעוואָלוציע האָט זיך אויך אָנגעהויבן ספּיר־דאַנאָוואַס פּערזענלעכע דראַמע. אין דעם טאָג, ווען מען האָט זי אָפּגעפירט אין דער תּפיסה פון קרעמל, האָט זיך אָנגעהויבן איר צווייט מאַרטיריום, וואָס זיין סוף לאָזט זיך נאָך נישט פאָראויסזען.

# א י נ ה א ל ט:

## באנד II.

## ספירידאָנאָוואַ אין דער רוסישער רעוואָלוציע

י. נ. שטיינבערג

# מאריא ספירידאנאווא

## (איר לעבן און קאמף)

יידיש: י. ראפאפארט

III. באנד

צווייטע אויפלאגע

פארלאג ח. בושאזא, ווארשע, 1937

**I.**

# געפאַנגען אין קרעמל

„איך בין געקומען צו אייך פרייוויליק דעם 6־טן יולי, כדי איר זאָלט האָבן אין אייער מאַכט אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די ל. ס. ר., צו קאָנען אויסלאָזן אויף אים אייער גרימצאָרן און געבן דייטשלאַנד אַ סאַטיספאַקציע.

דאָס זענען געווען מיינע פערזענלעכע מאָטיוון, וועלכע איך האָב פאַרשוויגן פאַר מיין צענטראַל־קאָמיטעט, בעת איך האָב אים פאָרגעשלאָגן צו זיין פאַרשטייערין.

איך האָב געהאָפט, אַז מיר וועט געלינגען מער ווי וועמען נישט איז, צו באַשיצן מיט מיין לייב מיין פּאַרטיי און יענע פּויערים, אַרבעטער, מאַטראָזן, זעלנער, וואָס גייען נאָך איר".

„צי אַ צופאַל, צי אייער ווילן אָדער וואָס עס זאָל נישט זיין, — נאָר אַלץ איז געשען אַנדערש, ווי איך האָב גערעכנט. עס איז פאַרגאָסן געוואָרן דאָס אומשולדיקע בלוט פון יעמעליאַנאָוו, פון אַלעקסאַנדראָוויטש, פון די איבעריקע. דאָס בלוט פון די „מענער פון פאָלק", וועלכע האָבן נישט געקענט טראָגן קיין שום אחריות פאַרן אַטענטאַט אויף מירבאַכן. דאָס האָט געמאַכט כמעט זינלאָז אין מיינע אויגן מיין פרייוויליקן קומען צו אייך".

מיט די דאָזיקע ווערטער האָט זיך אָנגעהויבן דער באַרימטער „אָפענער בריוו פון מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ צום צענטראַל־קאָמיטעט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי", וואָס זי האָט געשריבן פון איר געפאַנגענשאַפט אין קרעמל. ספּירידאָנאָוואַ האָט איבערגע־לעבט ביטערע טעג אין איר נייער געפענגעניש. מען האָט זי נישט לאַנג געהאַלטן צוזאַמען מיט די איבעריקע חברים. מען האָט זי אײַנגיכן איזאָלירט אין אַ באַזונדערן צימער אין קרעמל. איזמאַילאָ־וויטש, וואָס איז דאַן אויך געווען אַרעסטירט, האָט אין יענע טעג

געמאַכט נאָטיצן, וואָס גיבן איבער די שטימונג פון בײדע פרויען.

„מיר זענען ווידער אין תּפיסה, — האָט זי געשריבן. — אַמאָל איז געווען אַן אויטאָקראַטישע מאָנאַרכיע, איצט איז עס אַ „סאָציאַליסטישע" רעפּובליק. די תּפיסה אָבער בלײַבט תּמיד דיזעלבע. אפשר נאָך אַביסל שמוציקער. נאָך אַן אונטערשייד איז דאָ. אונטערן צאַר האָט מען טיטולירט די תּפיסה־באַאַמטע מיט „הער" איצט זאָגט מען — חבר: „חבר קאָמענדאַנט", „חבר דעזשורנער". מיר ווילן אָבער נישט באַנוצן אין דאָזיקן אָרט דאָס הייליקע וואָרט „חבר". נישט לאַנג צוריק האָט מען אָפּגע־פירט פון דאַנען צום דערשיסן זעקס מאַן... אונזערע חברים זינ־גען דעם אינטערנאַציאָנאַל; דער וואך־זעלנער דערשײנט אין דער טיר. ער נעמט אַראָפּ דאָס היטל און טוט עס ווידער אָן ערשט נאָכן פאַרענדיקן דאָס ליד. אין אַ מערקווירדיקער צײַט לעבן מיר. אַרעסטאַנטן זינגען זייער הימן און די וואך דעקט אָפּ דעם קאָפּ. גלײַכצײַטיק האַלט מען די טרעגער פון אינטערנאַציאָנאַל הינטערן שלאָס".

דעם 13־טן יולי האָט איזמאַילאָוויטש פאַרצײכנט אין איר טאָג־בוך מיט גרויס אומרו: „הײַנט שפּעט אינאָוונט האָט מען פון אונז אַוועקגעפירט מאַרוסיאַן. מען זאָגט — אין אַן אַנדער צימער אין קרעמל. די לאַנגע עלף יאָר קאַטאָרגע האָבן מיר פאַרבראַכט אין איין צעלע. דאָ ווערט מען אַוועקגעפירט... עס איז טיפע נאַכט. ערגיצוווּ אין דער נאָענט קראַכן שאָסן. ווער ווייס, אפשר דערשיסט מען פונקט איצט —זי... בלויז איין שאָס פון אַ ביקס, און אַ בזיון פון מאַרך און נערוון, וואָס האָט אָנגעצונדן אַ פלאַם אין איר גוף און אין אַלע, וואָס האָבן זי געהערט און געזען, — דער־דאָזיקער בזיון וועט פאַרשפּריצט ווערן אַרום, ווי אַ פּיכמער שלוים, אויף די שטיינער, און זי וועט מער נישט זײַן... פּרובירט זשע דאָן, דורך אַלע אייערע „פּראַוודאַס", דורך דער גאַנצער עלאָקווענץ פון לענין און טראָצקי, — פּרובירט צו שאַפן אַזאַ פייערדיקע ליבע צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אַזאַ גרע־נעצלאָזע מאַכט פון גײַסט, ווי עס איז פאַראַנען געווען אין דאָזיקן בזיון, אין דעם דורך אייך צעשפּאָלטענעם שאַרבן... ניין, זיי וועלן זיך נישט דערוועגן זי צו דערשיסן".

דעם 17־טן יולי: „היינט איז אָנגעקומען אַ בריוול פון מאַ־
רוסיאַן. אפשר דאָס לעצטע אין איר לעבן. עס געפינען זיך דאָרט
פאָלגנדע שורות:

„היינט ביינאַכט האָב איך לאַנג נישט געקאָנט שלאָפן. איך
האָב געלייענט אין די צייטונגען וועגן די 13 דערשאָסענע. אַלעק־
סאַנדראָוויטשן וועלן צוגעשריבן די הויפּטראָל. דערביי האָט ער
זיך געזעצט מיט בלומקינען אין אויטאָ אַזוי שולדלאָז, ער האָט
קיין אַנונג נישט געהאַט, וווהין בלומקין איז געפאָרן".

„איך וווּנדער זיך אַליין, ווי גרייט איך בין צו שטאַרבן. איך
קאָן נישט זאָגן, אַז איך בין איצט גרייט צו שטאַרבן מיטן זעלבן
געפיל פון גליק, ווי אין 1906. דאָס וועט איצט געשען אַ סך
זאַכלעכער. אָבער ווען איך טראַכט וועגן אינטערנאַציאָנאַל און
וועגן דער ריינער העראָישער ליניע פון זיין קאַמף, דערוואַרימט
זיך מיין נשמה, ווי אין דער פריערער צייט".

ספּירידאָנאָווא איז געבליבן לעבן. דער באָלשעוויזם האָט זיך
נישט דערוועגט צו הויבן אויף איר זיין האַנט. זי האָט אָבער גע־
מוזט איבערלעבן דעם טויט פון יענע, וועלכע זי האָט געוואָלט
באַשיצן מיט איר קערפּער. זי האָט געזען, סאַרא מוראדיקע פאַר־
פאָלגונגען עס האָבן זיך אָנגעהויבן קעגן איר באַוועגונג. און זי
האָט זיך געשטעלט די פראַגע, צוואָס זי האָט זיך פרייוויליק איי־
בערגעגעבן אין די הענט פונם קעגנער. עס האָט זיך אָנגעהויבן
פאַר איר אַ צייט פון פיינפולער געפאַנגענשאַפט, וואָס איר דויער
איז נישט געווען פאָראויסצוזען. אַ געפאַנגענשאַפט, ווי דאָן אין
דער סיבירער קאַטאָרגע!

ניין, אַ סך ערגער, ווי דאָן! וויל צווישן די ביידע קאַטאָרגעס
זענען געלעגן 16 חדשים לעבן אויף דער פריי. ספּירידאָנאָוואַ פון
יאָר 1918 האָט מען נישט געקאָנט פאַרגלייכן מיט מאַרוסיאַן פון
1906. דאָן: אַ פאָלקס־קינד, וואָס איז זיך מקריב פאַר דער רע־
וואָלוציע, וואָס טראָגט נישט קיין שום באַזונדערע אחריות לגבי
די מאַסן; אַ באַשיידענע קעמפערין צווישן אַ סך טויזנטער, וואָס
דער גורל פון דער רעוואָלוציע איז דירעקט נישט אָפּגעהאַנגען פון
איר. איצט האָט ספּירידאָנאָווא געטראָגן די שווערסטע אחריות
לגבי דעם האָרעפּאַשנעם פאָלק, לויט איר וואָרט און עצה זענען

פויערים און אַרבעטער געגאַנגען אין די קאַמפן פאַר אַ נייער וועלט. איצט איז זי פּערזענלעך געווען אַ רעאַלע קראַפט פון אומגעהייערער ווירקונג אין דער באַוועגונג, אַ ממשותדיקע ,,שטיק רעוואָלוציע". ווי וויטאַקלעך עס מוז זיין פאַר איר אַרויסגעריסן צו זיין פון די קעמפנדע רייען אין דערדאָזיקער צייט פון סכנות פאַר דער רעוואָלוציע און איר פאַרטיי. אין איר האַרץ האָט געברענט אַ טאָפּלטער ווייטאָק.

ספּירידאָנאָווא געפאַנגען אין קרעמל — דאָס איז געווען אַ גרויזאַמע דיאַלעקטיק פון דער געשיכטע. יאָרהונדערטער לאַנג איז דער קרעמל געווען די פעסטונג פון קירכלעכער גלויביקייט און צאַרישער זעלבסטהערשאַפט. יעדן אָוונט פלעגט דער גרויסער קרעמל־זייגער אויסשפּילן דאָס קירכנליד: ,,ווי הערלעך טראָגט דער האַר". ווען די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז געקומען און האָט זיך באַזעצט אין זעלבן קרעמל, האָט דער זייגער ווידער געשפּילט אַ ליד: דעם ,,אינטערנאַציאָנאַל". דאָס רעבעלישע ליד האָט מאַכטפול געקלונגען פון די שפּיצן פון דער נאַציאָנאַל־רוסישער פעסטונג צו דער וועלט פון די האָרעפּאַשניקעס. איצט איז דער קרעמל געוואָרן אַ תפיסה פאַר רעוואָלוציאָנערן. אונטער די פייערלעכע קלאַנגען פון ,,אינטערנאַציאָנאַל" איז ספּירידאָנאָווא געזעסן הינטער די קראַטעס פון דער זיגרייכער פעסטונג פון דער רעוואָלוציע. זי האָט זיך צוגעהערט צו די קלאַנגען, — האָט זי אָבער אויך געקאָנט מיטזינגען די ווערטער פונם ליד, ווי אַמאָל אין מאַסנפאַרזאַמלונגען? דער ,,אינטערנאַציאָנאַל" איז געוואָרן אַ מלוכה־הימן, און ספּירידאָנאָווא האָט געשפּירט אויף איר אייגענעם גורל, פאַרוואָס אומאויפריכטיקייט עס האָט אָנגעהויבן אַרומצוהילן דאָסדאָזיקע ליד.

אומצאָליקע מאָל האָט זי דורכגעשריטן די צעלע און געטראַכט וועגן געשעענעם. איז זי — און איר פאַרטיי — באַגאַנגען אַ פעלער? זאָל זי האָבן פאַלש געהאַנדלט? ווי אַזוי איז עס מעגלעך געווען, אַז די ל. ס. ר. זענען אין יענע טעג באַזיגט געוואָרן? פאַרוואָס האָט זיך נישט אַ הויב געטון זי צו באַשיצן דאָס לאַנד, באַזונדערס דאָס דאָרף? ווי איז דאָס בכלל געשעען, אַז דער ריין־פּראָלעטאַרישער באָלשעוויזם האָט געקאָנט אַרויסגיין אַלס

זיגער אין רוסלאַנד? איצט, פון איר ענגער צעלע, האָט ספּירידאָנאָ־וואַ צום בעסטן געקאָנט אָפּשאַצן די לאַגע. די פּויערים איז פון תּמיד אָן שווערער געווען צו אָרגאַניזירן, ווי אין די באַטריבן צו־זאַמענגעשמידטע פּראָלעטאַריער. דערצו האָבן נאָך די רוסישע פּויערים יאָרהונדערטער לאַנג געלעבט אונטערן שווערסטן דרוק פון צאַר, פון די פּריצים, דער קירכע, די באַאַמטע. די רעוואָלוציע האָט געווירקט באַפרייענדיק, אָבער ווי לאַנג האָט דען געדויערט זייער פרייהייט? קוים 15 חדשים, נאָך יאָרהונדערטער פּאָליטי־שער און זעלישער קנעכטשאַפט. וואָס האָבן אַלץ געמוזט איבער־לעבן די פּויערים ווי די אַרבעטער, אין דאָזיקן איינציקן יאָר פריי־הייט! זיי האָבן געמוזט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם בלוטיקן יאָך פון קריג, זיי האָבן געמוזט ווי נישט־איז באַהערשן דעם ווירט־שאַפטלעכן קריזיס. און דאַן — די אַנטוישונגען! אַ פּאַרטיי, וואָס איז געשטאַנען צום נאָנטסטן צו די האָרעפּאַשניקעס פון רוסלאַנד, די סאָצ.־רעוו. פּאַרטיי, האָט געפירט צו מפּלות. אינמיטן קאַמף האָט מען זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דער דאָזיקער פּאַרטיי און שאַפן נייע אינסטרומענטן. צו אַ פעסטער אָרגאַניזאַציע פון מיליאָניקע מאַסן אינם לאַנד, וואָס איז אויפגעטרייסלט געוואָרן ביז צום גרונט, האָט נאָך גאָרנישט געקאָנט קומען... דעם באָלשעוויזם איז גאָרנישט געווען שווער צו באַזיגן די מאַסן. ער האָט זיי צוערשט געוווּנען דורך זיין קאַמף פאַר די העכסטע ווערטן פון פאָלק: שלום, פרייהייט, ראַטן, ערד! ערשט ביסלעכווייז האָט געקאָנט אויפקומען די דערקענטעניש פון זיין אמתער נאַטור...

און פאַרוואָס האָבן זיך די ל. ס. ר. געלאָזט איבערראַשן אומ־געריכט דורך די באָלשעוויקעס? — האָט זיך ספּירידאָנאָוואַ ווייטער געפרעגט. — זיי האָט דאָך נישט געדאַרפט פעלן די דאָזיקע דערקענטעניש?

...יאָ, די ל. ס. ר. זענען נישט געווען צוגעגרייט צו אַ קאַמף מיטן באָלשעוויזם. אַלע רוסישע סאָציאַליסטן האָבן אין קאַמף קעגן צאַריזם זיך אויסגעלערנט צו האַסן, צו פאַראַכטן די מלוכה. בלויז די באָלשעוויקעס האָבן אָפּגעלערנט פון דער מלוכה אירע מעטאָדן, איר ביטערקייט און דיפּלאָמאַטיע, איר געוואַלט און אומ־ברחמנותדיקייט. זיי האָבן זיך פון תּמיד אָן צוגעגרייט איבערצו־

נעמען די מאַכט, צו גרינדן אַ מלוכה. און ווען זיי זענען אריינגעטראָטן אין דער רעוואָלוציע אַלס געשלאָסענע פּאַלאַנקס, האָבן זיי בעסער ווי די אַנדערע געקאָנט באַהערשן די מאַסן. זיי האָבן דערקענט די געהיימניש פונם אַפּאַראַט אין דער רעוואָלוציע, און האָבן אים געשאַפן פאַר זיך — קעגן אַלע. דעריבער האָבן זיי שוין אַ טאָג נאָך דעם מירבאַך־אַטענטאַט געקאָנט מאַכן רעוויזיעס אין די וווינונגען פון במעט אַלע פירנדע ל. ס. ר., אַרעסטירן „חשובע חברים״. זיי האָבן זייט לאַנג שוין געהאַלטן אויף לאַגער די אַדרעסן פון דיזאָזיקע אַלע — ביז אַקאָרשט נישט לאַנג — חברים...

— — — הייסט עס — האָט זיך ספּירידאָנאָוואַ ווייטער געפרעגט — זענען די ל. ס. ר. באַגאַנגען פעלערן? האָבן זיי נישט געדאַרפט אָפּלערנען זיך פון די באָלשעוויקעס צו זיין פונקט אַזוי באַוואָפנט?... ניין! — האָט זיך ספּירידאָנאָוואַ דאַרויף געענטפערט — די דאָזיקע טוגנטן פון די באָלשעוויקעס טאָרן אויך איצט נישט דינען אונז אַלס מוסטער. מלוכה־נויטווענדיקייט, ביטערקייט און געוואַלט צווישן האָרעפּאַשניקעס, ברוטאַלע קלאַמערן זיך אין דער מאַכט — איז אָהן בלייבט פאַראַט לגבי דעם סאָציאַליזם. מיר בלייבן טריי אונזער אידייע, מיר זענען נישט באַגאַנגען קיין פעלערן...

אין די שלאָפלאָזע נעכט, אינם תמידן איבערפרווון די געזאַמלטע לערעס, האָבן זיך בלויז באַפעסטיקט ספּירידאָנאָוואַס איבערצייגונגען. אויך יעדע נייע דערפאַרונג האָט באַשטעטיגט איר איבערצייגונג. ספּירידאָנאָוואַ האָט געקוקט אויף דער וועלט דורך קראַטעס, אָבער דאָס געשעען אין לאַנד האָט זי באַטראַכט מיט אויפמערקזאַמע אויגן.

קודם כל דער פויערים־פראָנט. וועגן דער אַנטוויקלונג אין דאָרף האָט ספּירידאָנאָוואַ כסדר געהאַט אומטמיטלבאַרע ידיעות. נישט געקוקט אויף איר אָפּגעשלאָסנקייט, פלעגט זי באַקומען אומצאָליקע בריוו, אין וועלכע די פויערים פלעגן זיך נאָך אַלץ ווענדן צו איר ווי צו דער פירערין פון דער פויערים־סעקציע. די וואָך האָט נישט געקאָנט אָדער נישט געוואָלט איבערהאַקן איר קאָרעספּאָנדענץ מיט די חברים, וואָס האָבן געאַרבעט אויף דער פריי אומלעגאַל. די אויטאָריטעט פון אָט די געפאַנגענע האָט נאָך אומדערשו־

טערלעך געלעבט אינם באַוווסטזיין פונם פּאָלקס־מענטש. די ידיעות פון די פּויערים־בריוו זענען געווען גרוילִיק. דער שטורם־אָנגריף פון די רעקווויזיציע־אָפּטײלונגען אויף די דערפער האָט נאָך גע־דויערט. זיי האָבן געבאַלעבאַטעוועט ווי אין אַ פײנטלעך לאַנד. אין איר „אָפענעם בריוו צום צענטראַל־קאָמיטעט פון די באָלשעווי־קעס", האָט ספּירידאָנאָווא געבראַכט ציטאַטן פון דיזאָזיקע בריוו, וואָס זענען אָנגעקומען פון אַלע רוסישע גובערניעס. אין איינעם האָט מען געלייענט:

„ליבע לערערין, מען האָט אונז אויסגעשטעלט אין רייען, כמעט אַ דריטל פון אונזער באַצירק אין רייען, און אין דער אָנוועזנהייט פון די אַנדערע 2 דריטל האָט מען אונז באַאַרבעט מיט די פויסטן פון רעכטס אויף לינקס, און ווער עס האָט געמאַכט אַ פּרווו אָפּ־צוטראָגן זיך, איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער בייטש."

אין אַ צווייטן בריוו: „ביים דערנענטערן זיך פונם רעקווי־זיציע־ מיליטער, פלעגט מען אָנטון מערערע העמדער און אפילו פרויען־בלוזעס, כדי מען זאָל אַזוי שטאַרק נישט שפּירן דעם ווײ־טאָק ביים קריגן געשלאָגן. אָבער די רויטאַרמייער זענען געווען אַזוי געשיקט, אַז מיט איין קלאַפּ פלעגן זיי אַריינפּרעסן אין קערפּער פונם האַרעפּאַשנעם פיער צוויי העמדער. שפּעטער פלעגט מען זיי מוזן אָפּווייכן אין דער באָד, אָדער פּשוט אין טײך. אַ סך האָבן וואָכנלאַנג נישט געקאָנט ליגן אויפן רוקן. מען האָט אַלץ צוגע־נומען ביי אונז: ביי די פרויען אַלע קליידער און דעם גאַנצן לייוונט, ביי די מענער — רעקלעך, זייגערס, שטיוול, וועגן תבואה איז דאָך אָפּגערעדט".

אין אַ דריטן בריוו: „מוטערל, זאָג, צו וועמען זאָלן מיר זיך איצט ווענדן. מיר האָבן געהאַט אין דאָרף דריי קולאַקעס, האָבן מיר זיי שוין פון לאַנג עקספּראָפּריאירט; מיר האָבן נישט מער קיין בורזשואַזיע. אונזער אַקער־ערד איז צו האַלבע און פערטלען דעס־יאַטין אויף אַ נפש, קיין צוגעקויפטע ערד האָבן מיר נישט, און איצט האָבן זיי אַרויפגעלייגט אויף אונז אַ קאָנטריבוציע. מיר האָבן צעשלאָגן אונזער באָלשעוויסטישן קאָמיסאַר, ער האָט געטון אַ סך שלעכטס. האָט מען אונז געשמיסן, מיר קענען דיר גאָר נישט דערציילן, ווי שרעקלעך דאָס איז געווען. ווער עס האָט געהאַט אַ

מיטגלידס־ביכל פון די קאָמוניסטן, דעם האָט מען נישט געשמיסן. ווער וועט זיך איצט פאַר אונז איינשטעלן? די גאַנצע דאָרף־ערה פאַרניינט זיך פאַר דיר ביז צו דער ערד".

אין אַ פערטן בריוו: „אין אונזער געגנט איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז אויך דו נאַרסט אונז אָפּ, אַז דו פאַרייניקסט זיך מיט די באָלשעוויקעס, און דערפאַר באַפרייען זיי דיך פון תּפיסה. ניין, ניין, מיר לאָזן זיך מער נישט פאַרנאַרן דורך זיי. אין אונזער געגנט זענען זיי אויסגעקערט, ווי דורך אַ ווינט. מאַקסים וו. איז געקומען פון מאָסקווע און האָט דערציילט, אַז דו זיצט נאָך אין תּפיסה. אָבער דו, האַרציקסטע, פאַרליר נישט דעם מוט, האַלט פעסט אונזער פויערים־פאָן, לייד פאַר אונז, זייַ אָפּ דיין צייט. ביי אונז איז קיינער נישט פאַר דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. בלייב רואיק, מיר גייען אַלע מיט די לינקע".

אין אַ פינפטן בריוו: „מען האָט אונז געבונדן און געשלאָגן, איינעם, וואָס מען האָט אים נישט געקאָנט בייקומען, האָט מען געטויט, און דערדאָזיקער מאַן איז גאָר נישט געווען ביי די געדאַנקען. זיי האָבן אונז איבערגעלאָזן אַ סך פּלוגבלעטלעך און בראָשורן, מיר האָבן זיי אַלע פאַרברענט, אַלץ איז בלויז גענאַרעריי און פאַרפירעניש.יי

מיט שרעק און צאָרן האָט ספּירידאָנאָווא געליינט די בריוו. אַלץ, וואָס זי האָט פאַראויסגעזען ביי די קאַמפן מיט לעניגען אַרום דער דאָרף־פּאָליטיק, איז מקוים געוואָרן. עס איז געשען נאָך ערגער, ווי מען האָט זיך פאָרגעשטעלט. און דער שטראָם פון די גרויליקע בריוו הערט נישט אויף. אָט איז אַ נייער באַריכט:

„די אָרגאַניזאַציע פון די ל. ס. ר. איז צעשמעטערט. אַ סך פאַלן פון שמייסן, אַ קינד האָבן זיי געוואָלט אַרויפנעמען אויף די באַגנעטן, ווייל דאָס איז געווען דער זון פון פאָרזיצנדן פון דער לינקער ס.אָ.צ. - רעוו. אָרגאַניזאַציע. נאָר אַ דאַנק דער מוטיקער אַריינמישונג פון אַ פרוי, וואָס האָט דערקלערט, אַז דאָס איז איר קינד, איז געלונגען עס צו ראַטעווען. מען נעמט צו די קליידער, מען קוילעט דאָס פי, מען צעברעכט דאָס געשיר. אין גאַנצן באַצירק קאָראָטאָיאַק געשעען אומדערהערטע שענדלעכקייטן. אויף דער קאָנפערענץ פון זיבן געמיינדעס האָט מען באַשלאָסן אָפּצוגעבן

אַלע זאַפּאַסן תּבֿואה; מען זאָל אָבער נישט שיקן קיין רעקוויזיציע־מיליטער, נאָר פּשוט איינציקע שליחים. דאָס אַריינמאַרשירטע מיליטער האָט אָבער, אַנשטאָט אַן ערלעכער רעקוויזיציע, געטון גאַנץ אַנדערש, וועגן וואָס מיר טײלן דאָ שפּעטער מיט".

(עס קומען אונטערשריפטן פון דאָרף פּלאַטאָוו פון באַצירק סאַראַטאָיאַק.)

און ווײַדער: „מיר האָבן די תּבֿואה נישט אויסבאַהאַלטן, מיר האָבן לויטן דעקרעט איבערגעלאָזן ניין פּוד פּראָ נפש אויף אַ יאָר. האָבן זיי אונדז ווידער געשיקט אַ דעקרעט, נאָך צוויי פּוד אָפּצוגעבן. האָבן מיר אַזוי געטון. זענען דאַן געקומען באָלשעוויקעס מיט מיליטער־פאָרמאַציעס און אונדז פולשטענדיק אויסגערויבט. דאַן זענען מיר אַרויס אין קאַמף. אין באַצירק יוכנאָוו איז שלעכט, דאָרט האָט געשאָסן אַרטילעריע. די דערפער ברענען, די הײַזער זענען אויסגעגליכט מיט דער ערד. מיר האָבן אַלץ געוואָלט אָפּגעבן, אַלץ פרײַלעך געוואָלט דערלײדיקן, מיר האָבן דאָך געוווּסט: די שטאָט הונגערט. מיר האָבן זיך נישט געשווינט. די לינקע ס. ר. זענען אַרומגעגאַנגען און אונדז געלערנט: „באַהאַלט נישט אויס, גיט אַוועק".

און נאָך און נאָך: „אין סמאָלענסקער גובערניע, וועלישער קרײַז, זענען געשען פּײַניקונגען און בסדר — די בײַטש. געשמיסן האָט מען כּמעט אין אַלע גובערניעס פון מערבֿ־רוסלאַנד, אויך אין די גובערניעס ניזשני־נאָווגאָראָד, קאַזאַן, טווער, פּסקאָוו, וויאַטקאַ, טאַמבאָוו, יאַראָסלאַוול, קאַלוגאַ, טולאַ. מען האָט געשמיסן מיט ריטער, בײַטשן און שטעקנס".

ספּירידאָנאָוואַ זיצט אויפן בעט און לייענט די פּײַנלעכע בריוו. געשמיסן!... טאַמבאָוו!... אין איר זכּרון טויכן אויף בילדער פון 1906, דער בלוטיקער שאָטן פון לוזשענאָווסקין. זי דאַרף נאָר צומאַכן די אויגן, כּדי צו זען בולט יענע גרויזאַמע צײַט. דאַן האָבן „די פּויערים געברילט ווי די קי". האָט זיך דען יענע צײַט צוריקגעקערט?

„ביים אָנקומען אין אַ דאָרף... פּלעגן זיי (די שטראָף־עקספּעדיציעס. — דער איב.) צונויפפירן אַ פּויערים־פאַרזאַמלונג און פאָדערן תּיכּף אַרויסצוגעבן די „רעדל־פירער". גלײַכצײַטיק איז





אָן גרויסע מחזקות אויסגעפירט געוואָרן אַ שווידערלעכע עקזעקוציע — דאָס שמיסן. אויב די פאַרזאַמלונג פלעגט זיך אָפּזאָגן אַרויסצוגעבן די רעדל־פירער, אָדער אויב זי פלעגט אַרויסווייזן סימנים פון ווידערשטאַנד, — דאַן פלעגט מען געבן זאַלפּן דירעקט אין די פאַרזאַמלטע מאַסן. כדי שטאַרקער אָנצושרעקן, פלעגט מען אונטערצינדן דאָס דאָרף פון אַלע עקן, אָנגעהויבן פון די הייזער און שייערס ביים סאַמע דאָרף־ראַנד. די דערפער, וואָס האָבן באַקומען ידיעות פון דאָזיקן פעלד־צוג, פלעגן פרוון אָפּווענדן דעם צאָרן פון די באַשטראָפער דורך באַווייזן זייער הכנעה. די שווער־באַוואָפנטע ראָטע פלעגט אַריינרייטן אין איבערגעשראָקענעם דאָרף; זי פלעגט באַגעגנט ווערן דורך דער גאַנצער באַפעלקערונג אויף די קני. פאַר יעדער ראָטע זענען די פויערים געשטאַנען אויף די קני און דערלאַנגט די געסט, אַלס מתנה, ברויט און זאַלץ. אָבער בלויז זעלטן פלעגט דאָס ראַטעווען די דאָרף־איינוווינער פון אַ עקזעקוציע, וואָס פלעגט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גהינום״*).

אַזוי איז געווען אין דער צאַרישער צייט, ווען עס האָבן געווילדעוועט פריצים, גענעראַלן, קאָזאַקן. לוזשענאָווסקיס דאָזיקע העלדן־מעשים אין טאַמבאָוו האָבן דאַן געפירט דערצו, ספּירידאָנאָוואַ זאָל נעמען אין דער האַנט דעם רעוואָלווער. די רעוואָלוציע האָט פאַריאָגט יענע שאָטנס פון דער פאַרגאַנגענהייט, אַזוי האָט עס אויסגעזען. אָבער ספּירידאָנאָוואַס הענט האָבן געהאַלטן נייע באַריכטן פון די לעצטע טעג. „דאָס רעקוויזיציע־מיליטער, די מיליץ א. אַז. וו. האָבן מוראַדיק געפייניקט די האָרעפּאַשנע פויערים. עס זענען געשען מוראַדיקע זאַכן. מען האָט גערויבט, געשלאָגן, פאַרגוואַלטיקט. דאָס זענען תמיד געווען באַוואָפנטע, שכורע, מיט קוילנוואַרפערס. אין מיינע אויגן האָט מען די פויערטעס עקספּראָפּריאירט אויף דער סטאַנציע, אָנשטעלנדיק אויף זיי קוילנוואַרפערס. מען האָט צוגענומען ביי זיי יאַגדעס, קעז, פעטס. מען האָט באַטאַפּט זייערע קערפּערס. איך און נאָך אַ חבר האָבן זיך אַריינגעמישט; מען האָט אונז שיעור נישט דערשאָסן. אויך דעם סטאַנציע־קאָמיסאַר האָבן זיי געוואָלט צעשלאָגן, זיי האָבן געדראָט מיט אַ

*) זע ערשטער באַנד, ערשטע טייל.

שטיק פּאַפּיר, וואָס האָט זיי, ווי זיי האָבן געשריבן, געגעבן דאָס רעכט, „צו טון אַלץ, וואָס זיי געפעלט״. דאָס פּאַפּיר איז געווען אונטערגעשריבן דורך דעם „ציורופּאַ״ (פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר דערנערונג) און נאָך עמיצן, שיר נישט דורך לעניגען גופא. די פּאַרמאַציע איז געקומען פון מאָסקווע. איך בין נישט גענייגט צו שטאַרק צו באַשולדיקן דידאָזיקע באָלשעוויסטישע פּראָלעטאַריער, ווייל זיי האָבן פריער געהאַט רעקווירירט ספּירט. בעת די אַלע מעשים ־ תעתועים, האָבן זיי געבריִלט מיט ווילדע שטימעס: „וואָס? איר מאַכט דאָ קאָנטררעוואָלוציע?... איר ווילט אַזוי!.... מיר וועלן אייך, קולאַקעס, אַלע... אַזוי... צום וואַנטל... און אַ סוף דערצו!״ ווי איר זעט, זענען זיי אָביעקטיוו רעוואָלוציאָנער, מער נישט — שיכּור. ווי האָבן מיר אַלע זיך געפילט, די פּויערטעס, די פּאַסאַ־זשירן, די פּויערים! די פּויערים זענען אַריינגעפאַלן אין צאַרן. א מרידה איז געוואָרן פּסיכאָלאָגיש אומפאַרמײַדלעך. די פּויערים זענען געלאָפן צו אונז, די לינקע, און האָבן געפרעגט, וואָס זיי זאָלן טאָן. מיר האָבן געזאָגט: „פאַרטיידיקט זיך!״ איך האָב געוווּסט, אַז די מרידה וועט ווערן אונטערדריקט און די פּויערים וועלן נישט געפינען קיין גערעכטיקייט. אָבער וואָס וואָלט איר געוועזט זאָגן אויף אונזער אָרט? איצט הערשט אין דער געגנט טעראָר און ני־דערגעשלאָגנקייט״.

ווי ענלעך זענען געווען די בײדע באַריכטן: פון 1906 און 1918! דעמאָלט שטראָף־עקספּעדיציעס, איצט רעקוויזיציע־מיליטער, דעמאָלט — אויף לוזשענאָווסקיס באַפעל, איצט אויפן באַפעל פון שיכּורע קאָמיסאַרן. פאַר די געשמיסענע פּויערישע רוקנס, פאַר דער געשענדעטער מענטשלעכער חשיבות פון די האַרעפּאַשניקעס איז דאָס געווען אַלץ איינס. ספּירידאָנאָווא האָט געהערט דיזעלבע גע־שרייען, ווי דעמאָלט, דיזעלבע פאַרצווייפלטע הילפסגעשרייען זע־נען אַריינגעדרונגען אין איר תּפיסה פון די פאָלקס־טיפענישן. אָבער דאָסדאָזיקע פאָלק האָט שוין איינמאָל געהאַט מורד געווען אין זיין גאַנצער געוואַלטיקער הערלעכקייט. אין פּשוטתדיקע פאָלקס־פאַר־זאַמלונגען און אין פייערלעכע ראַטן־קאָנגרעסן האָבן די פּויערים און אַרבעטער פּראָקלאַמירט זייער אומבאַריקלעך רעכט אויף לעבן און פרייהייט. זיי האָבן סאָציאַליזירט די ערד, געפאָדערט דעם

וועלט – שלום, דערהויבן דעם אינטערנאַציאָנאַל צו אַ פּראָגראַם. און דידאָזיקע מענער און פרויען זאָלן ווידער דערנידעריקט און פאַרשקלאַפט ווערן? טעג, וואָכן, חדשים זענען פאַרגאַנגען אין דער אומאויסצודריקנדער פּיין פון מוזן פּאַסיוו איבערלעבן דידאָזיקע זאַכן. און ספּירידאָנאָווא האָט זיך געזאָגט מיט דער טיפסטער, לעצטער איבערצייגונג: קיינמאָל, קיינמאָל וועט זי נישט שלום מאַכן מיט אַזאַ רעזשים. עס מוז אַנדערש ווערן, פאַר יעדן פּרייז...

## II.

## דער אַטענטאַט אין קיעוו

דעם 1־טן אויגוסט האָט אין מאָסקווע געפּלאַצט, ווי אַ באָמבע, אַ וווּנדערבאַרע ידיעה. אין קיעוו, אויפן מיטן גאַס, איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך אַ באָמבע דער גענעראַל אייכהאָרן, דער אויבערקאָמאַנדיר פון דייטשישן מיליטער אין אוקראַינע. דאָס איז געווען אַ טריאומף־געשעעניש פאַרן גאַנצן ראַטנלאַנד. אַלעמענס אויגן האָבן אויפגעלויכטן אין געפיל פון דערלייכטערונג. די ידיעה האָט תּיכּף דערגרייכט אויך ספּירידאָנאָוואַס צעלע. ספּירידאָנאָווא איז פול געווען מיט שטאָלץ, ווייל זי האָט געוווּסט, ווער עס איז געשטאַנען הינטערן דאָזיקן אַטענטאַט, זי האָט פאַר זיך געזען די געשטאַלטן פון די רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן אויסגעפירט די טאַט: אירינאַ קאַכאָווסקאַיאַ און די חברים, וועלכע זענען אין מאַי מיטן דאָזיקן צוועק געפאָרן קיין קיעוו....

אוקראַינע האָט געקרעכצט אונטער אַ מוראדיקן דרוק. די דייטשישע אָקופּאַציע־אַרמיי האָט געהאַלטן דאָס לאַנד אין אייזערנע צוואַנגען. זי האָט פאַנאַנדערגעיאָגט די צענטראַל־ראַדאַ פון די אונטערטעניקע אוקראַינער און אוועקגעשטעלט אין דער שפּיץ פון לאַנד דעם אויטאָקראַטישן העטמאַן. העטמאַן האָט באַדיינט: צוריקגעבן און אָרגאַניזירונג פון די רוסישע פּריצים, קאַפּיטאַליסטן, באַנקירן, מיליטער־לייט. אונטערן שוץ פון די דייטשישע באַגנעטן זענען די פּויערים אכזריותדיק אויסגערויבט געוואָרן — פאַר די

צוועקן פון דייטשישער קריג־פירונג. גלייכצייטיק איז צוגעגרייט געוואָר; דער אָנגריף קעגן דער ראַטנרעפּובליק. גענעראַל אייכהאָרן איז געווען די אייזערנע פּאַרקערפּערונג פון אַט־דער סיסטעם. „אין די אויגן פון די אוקראַאינישע און רוסישע האָרעפּאַשניקעס — האָט שפּעטער געשריבן קאַכאָווסקאַיאַ — איז ער געווען דער אייגנט־לעכער תלין פון פּויערטום. קומענדיק קיין אוקראַאינע, האָט ער רווי באַהאַנדלט די רוסישע אינטערנאַציאָנאַל־איינגעשטעלטע קריגסגע־פאַנגענע זעלנער: ער האָט זיי געצוואונגען, אין די רייען פון זיין מי־ליטער, צו דערדריקן די אוקראַאינישע רעוואָלוציע. פאַר אָפּזאָגן זיך, פלעגן זיי דערשאָסן אָדער געהאָנגען ווערן. אויף די מאַרגינעזן פון א באַריכט וועגן אונטערדריקן א פּויערים־אויפשטאַנד אין איינעם פון די קרייזן, ווו עס זענען דערמאָרדעט געוואָרן 8500 מענטשן, ווו אין איין איינציקן דאָרף האָט מען אויפגעשטעלט 17 תליות, ווו די פּויערים האָבן געמוזט שטיין אין רייען און וואַרטן אויפגעהאָנ־גען צו ווערן, — אויף די מאַרגינעזן פון דאָזיקן באַריכט האָט אייכהאָרן געמאַכט די באַמערקונג „גוט". דעם שטרייק פון די אייזנבאַנער האָט ער אונטערדריקט דורך מאַסן־אַרעסטן און דער־שיסונגען. אין דער קורצער צייט פון זיין הערשאַפט אין אוקראַאינע, האָט ער דאָס בליענדע לאַנד פאַרזייט מיט תליות און נישט באַ־גראָבענע מתים".

די ל. ס. ר. האָבן אין מאָסקווע באַשלאָסן אָנצווענדן קעגן דאָזיקן רעזשים א חוץ מאַסן־אַקציעס אויך אינדיווידועלן טעראָר. לויט די מוסטערן אין דער צאַרישער צייט, האָבן זיי געבילדעט א קאַמף־אָרגאַניזאַציע און זי אַריבערגעשיקט איבער דער גרעניץ. מיט דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָבן אָנגעפירט צוויי פּערזאָן: אירינאַ קאַכאָווסקאַיאַ און באָרים דאָנסקאָי. קאַכאָווסקאַיאַן, ספּירידאָנאָוואַס לאַנג־יאָריק חברטע, קענען מיר שוין פון דער קאַטאָרגע, ווו זי האָט פאַרבראַכט אומצאָליקע ווינטער־נעכט אַריבערגעבויגן איבער ביכער. זייט דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע, שטייט זי אָן הפסקות אין די ראַדיקאַלע רייען פון קעמפנדן פּעטראָגראַדער פאָלק. א מענטש פון אומגעווייגלעכער נשמה־שיינקייט, פון קלאָרן לאָגישן פאַרשטאַנד און געוואַלטיקער קראַפט פון ווילן. קאַכאָווסקאַיאַ איז ווי זעלטן ווער געווען איבערגעגעבן די הומאַניסטישע אידייען פון

סאָציאַליזם. דעריבער איז זי אַזוי באַליבט געווען אין די פּראָלעטאַרישע קוואַרטאַלן פון פעטראָגראַד, צווישן די מאַטראָזן פון קראָנשטאַט און רעוועל. איר איצטיקער מיטאַרבעטער איז דאָנסקאָי. די בעסטע שילדערונג פון דאָזיקן וווּנדערבאַרן 24־יאָריקן קראָנשטאַטער מאַטראָז, אַ ריאַזאַנער פּויערים־זון, האָט געגעבן קאַכאָווסקאַיאַ: „מיר אַלע האָבן געהאַט וועגן דאָנסקאָיען דעמזעלבן איינדרוק פון אַ פּערזענלעכקייט מיט אַ שטאַרקן ווילן, פון ערנסטער שטילער מוטיקייט און צאַרטן, קינדיש־לעבנספרייידיקן כאַראַקטער. ביזן 15־טן לעבנסיאָר האָט ער געלעבט ביי זיין פאַמיליע אין דאָרף אונטער דער אַפּוטרופּסות פון זיין מוטער, וועלכע האָט אים זייער ליב געהאַט, און צו וועלכער אויך ער איז שטאַרק געווען צוגעבונדן. דער פאָטער איז געווען אַן אַלטגלויביקער, ער האָט אַריינגעבראַכט אין גאַנצן פאַמיליע־לעבן שטרענגע מאָראַלישע כּללים. ער האָט באַזוכט די דאָרפשולע און פּרובירט ווייטער בילדן זיך אויטאָדידאַקטיש. ערשט, ווען ער איז אָנגעקומען אין אַ פּעטערבורגער פאַבריק, אַלס אַרבעטער, האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקומען לייכטער ביכער. אין די ערשטע יאָרן פון זיין פּראָלעטאַריש לעבן איז ער געווען אַ באַגייסטערטער אָנהענגער פון טאָלסטאָיס לערע. ביי דער קריגס־מאָביליזאַציע איז ער אַריינגעפאַלן אין באַלטישן פלאָט. אויפן שיף „אַזיאַ" איז שוין דאָנסקאָי געווען טעטיק אין גייסט פון דער סאָצ. רעוו. פּאַרטיי. ביי זיין העכערער מאַכט האָט ער געהאַט אַ שלעכטן שם. מיט גרויס פיין פלעגט ער זיך דערמאָנען, ווי אַזוי מען האָט אים איינמאָל געשלאָגן מיט אַ פּאַטש אין פּנים, ווייל זיין טאָן איז נישט געווען גענוג יראת־הכּבֿודיק. צום סוף האָט מען אים אַרעסטירט, און עס האָט געוואַרט אויף אים דאָס ערגסטע. די רעוואָלוציע האָט אים באַפרייט פון דעם אַלעם. מיט גרויס לײדנשאַפט האָט ער זיך אָפּגעגעבן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט אין די רייען פון די ל. ס. ר. אַלס מיטגליד פון קראָנשטאַטער ראַט איז ער געווען זייער פּאָפּולער. גיען די קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט אים גערופן, האָט זיך דאָנסקאָי קיין מאָמענט נישט געוואַקלט".

אָנגעקומען אין קיעוו, האָט די קאַמף־גרופּע געמוזט לעבן אין טיפסטער אומלעגאַלקייט. די הויפּט־שטאָט פון אוקראַיִנישן העט־

מאן האט געווימלט פון אגענטן. די רעוואלוציאנערן האבן זיך איינגעשאפט מערערע וווינונגען, צווישן זיי א קליינע ווילע אין א געדיכטן גארטן אין א פארשטאט פון קיעוו. זיי האבן געקויפט א דראשקע מיט א פערד און דאנסקאי איז געווארן א דראשקאר. ער וווינט אין א קליין הייזל, וווּ מען פארגראבט דינאמיט און געווער. דארט ווערט אויך איינגעארדנט די איינפאכע לאבאראטאריע.

עס איז געווען כמעט אוממעגלעך צוצוקומען צום פעלדמארשאל אייכהארן. אלע מעטאדן, וואס די קאמף־ארגאניזאציע פון דער ס. ר. פארטיי האט אנגעווענדעט אין דער צייט פון צאריזם, איז דא אוממעגלעך געווען צו פארווענדן. אין דער גאס, וווּ אייכהארן האט געוווינט, זענען נישט געווען קיין גאסנהענדלער, קיין געשעפטן, זענען נישט געווען צו דינגען קיין וווינונגען און קיין צימערן. די גאנצע געגנט איז געווען א מיליטערישער לאגער. פאר יעדן הויז איז געשטאנען א וואך־זעלנער און עס האבן אומפארשעמט ארומגעשפאצירט שפיאנען.

נאך לאנגע, מיפולע באאבאכטונגען איז ענדלעך געלונגען פעסטצושטעלן, ווען דער גענעראל גייט פון זיין שלאס אין שטאב אריין, וואס ליגט מיט עטלעכע הייזער וויטער. כדי אויסצופירן דעם אטענטאט, האט מען געמוזט אויף דערדאזיקער שטיקל גאס צונויפטרעפן זיך מיטן גענעראל. באריס האט דאס גענומען אויף זיך.

דאנסקאי האט זיך געפילט גליקלעך, וואס ער וועט קענען אפגעבן זיין לעבן פאר דער באפרייאונג פונם פאלק. אבער דאך האט ער טיף ־ טראגיש איבערגעלעבט די נויטווענדיקייט צו טויטן א מענטשן. ווען ער זאל נישט האבן די מעגלעכקייט צו באצאלן פאר דאס אמאראלישע, וואס ליגט אין יעדן מארד, מיט זיין אייגענעם טויט, וואלט ער אפשר נישט געקאנט באגיין זיין טאט. קאבאווסקאיא און אנדערע חברים האבן דאס געוווסט, דאך האבן זיי געטון אלץ, כדי אים צו געבן די מעגלעכקייט צו אנטלויפן נאכן אטענטאט. באריס אבער האט זיך אפגעזאגט צו אנטלויפן און ער איז געווען אזוי פעסט אין זיין באשלוס, אז די חברים זיינע האבן זיך געשעמט מיט זייער זארג פאר אים... אין די לעצטע טעג פארן אטענטאט האט ער געשריבן צו זיין מאמען: „בענטש מיך, מאמע, און

באַדויער מיך נישט: מיר איז אַזוי גוט, ווי איך זאָל קוקן אין בלאָען הימל אריין". אין דאָנסקאָיען האָבן ווידער אויפגעלעבט די געשטאַלטן פון א סאַזאָנאָוו, פון א קאַליאַעוו.

דעם 30־טן יולי איז קיעוו דערשיטערט געוואָרן דורך א געוואַלטיקן אויפרייס. אייכהאָרן און זיין אַדיוטאַנט זענען געטויט געוואָרן. באָריס דאָנסקאָי איז פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דייטשישע זעלנער. גלייך ביים ערשטן פאַרהער האָט דאָנסקאָי געזאָגט: „נישט איך האָב געוואָלט אנטלויפן, נישט איך האָב זיך געוואָלט דערשיסן. ווען איך האָב געזען, אַז די באָמבע האָט אויפגעריסן, בין איך אָפּגעשטאַנען אין א זייט און זיך אונטערגעגעבן די אַנלויפנדיקע זעלנער. איך האָב געוואָלט אַרעסטירט ווערן, כדי מען זאָל זיך דערוויסן, צוליב וועלכע סיבות איך האָב געטויט אייכהאָרנען". אין דער תפיסה, ווו מען האָט דאָנסקאָיען אָפּגעפירט, האָט מען אים די הענט און פיס געבונדן מיט דראָט. מען האָט אים צוגעבונדן צו דער נאַרע, אונטערן קאָפּ האָט מען אים אונטערגעלייגט עטלעכע האָלץ־קלעצלעך. אין דערדאָזיקער לאַגע האָט מען אים געפייניקט ביזן 10־טן אויגוסט, ווען די תליה האָט א סוף געמאַכט צו זיינע ליידן.

ספּירידאָנאָווא האָט נישט געוווסט קיין שום איינצלהייטן פון אַטענטאַט, זי האָט אָבער באַגריפן דעם זין פון דער געשעעניש, וואָס איר באַדייטונג האָבן געמוזט אָנערקענען אויך די באָלשעוויקעס. בעת די באָלשעוויקעס האָבן אין צפון געפירט א פאַרניכטנדיקן קאַמף קעגן פויערטום, האָבן די ל. ס. ר. אין דרום געפירט דעם איינציקן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַרן אַרבעטס־פאָלק. און נאָך איינס: דאָס גרעלע ליכט פון דער עקספּלאָזיע אין קיעוו האָט געוואָרפן א שיין אויף די יולי־געשעענישן אין מאָסקווע. איצט האָט מען קלאָר איינגעזען, אַז זיי זענען נישט געווען קיין פאַרשווערונג קעגן דער ראַטנרעגירונג, נאָר א רינג אין דעם ברייט־פאַרטראַכטן פּלאַן צו באַקעמפן דעם אימפּעריאַליזם. די אָנקלאַגע פון דער רעגירונג האָט פאַרלוירן יעדן זין.

איין זאַך האָט ספּירידאָנאָווא פאַרשאַפט צער: קאַכאָווסקאַיאַס גורל. (א חבר, וואָס האָט זיך אריבערגעראַטעוועט פון קיעוו קיין מאָסקווע, האָט דערציילט ווען די טעג נאָכן אַטענטאַט).

די קאמף־גרופע האָט געהאַט אַן אַ שיעור אַרבעט, זי האָט געמוזט אויפרוימען אירע אַלע וווינונגען. זי האָט געפילט די סכּנה פון אַלע זייטן. קאַכאָווסקאַיאַ און נאָך דריי האָבן זיך אַנטשלאָסן אומצוקערן זיך אויף איין נאַכט אין זייער ווילע הינטער דער שטאָט.

„דער קערפּער האָט געפאָדערט רו“. ווען זיי זענען אין דער נאַכטפינסטערניש צוגעקומען צו דער וועראַנדע, האָט זיי באַגעגנט אַ קאַוואַלעריי פון אַ צענדליק ביקסן. אויף דער וועראַנדע זענען געווען אויסגעלייגט צען דייטשישע זעלנער. די צוויי אַנדערע האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן, קאַכאָווסקאַיאַ איז געבליבן. „זי איז וואַרשיינלעך געטויט געוואָרן ביים אַרעסט“.

קאַכאָווסקאַיאַ איז נישט געווען טויט. זי איז פון דער שיסערייבלויז באַטויבט געוואָרן. מען האָט זי אַרעסטירט. וועגן דעם, וואָס עס איז דערנאָך געשען, האָט זי אין יאָרן שפּעטער דערציילט אין אירע דערינערונגען. ווי קאַכאָווסקאַיאַ זאָל זיך נישט האָבן באַמיט צו לאָזן איר פּערזאָן אין שאָטן פון די געשעעניש, — טרעט זי דאָך אַרויס פאַר אונז אַלס אַ געשטאַלט פון געוואַלטיקער טראַגישער גרויסקייט.

„די נאַכט איז פאַרגאַנגען. אין גרויען פרימאָרגן זענען געקומען צוויי ציניש־גרויזאַמע און געמיינע רוסישע אָפיצירן פון דער דייטשישער שפּיאָנאַזש־אָפּטיילונג און האָבן מיך מיט אַן אויטאָ אַריבערגעפירט אין דער דייטשישער תּפיסה. דעם גאַנצן וועג האָבן זיי מיר דערציילט מיט הנאה, ווי מען האָט געפּייניקט באָריסן... אויפן צווייטן טאָג האָט מען מיך געשמידט אין שטייף־געשפּאַנטן דראָט“. מען האָט זי געפּייניקט ראַפינירט און גרויזאַם, זי זאָל אויסגעבן עטלעכע נעמען, אָבער אומזיסט. די אָפיצירן האָבן מיט דערשטוינונג געקוקט אויף דער 31־יאָריקער פרוי. „אָ, די דאָזיקע רוסישע פרויען. ווי גייסטיק שטאַרק זיי זענען!“ — האָבן די אָפיצירן גערעדט צווישן זיך, און ווייטער זי געפּייניקט.

דאָס געריכט איבער קאַכאָווסקאַיאַן איז פאָרגעקומען אין ביוראָ פון תּפיסה. דער דייטשישער פּראָקוראָר האָט געפאָדערט טויט־שטראָף. דער אָפיציעלער פאַרטיידיקער האָט עפּעס געשטאַמלט וועגן „דעם אידעאַליזם פון דיזאָזיקע מענטשן, וועלכע מען טאָר נישט באַטראַכטן אַלס איינפאַכע מערדער“. מען האָט זי פאַרמשפּט

צום טויט. די אויספירונג פון אורטייל איז אפגעהאלטן געווארן, ווייל דערצו איז גוויטיק געווען די באשטעטיקונג פון קייזער.

עס זענען פארגאנגען לאנגע וואכן פון ווארטן. אבער קאכאווס־קאיאס לעבן איז לייכטער געווארן.*)

# III.

## רויטער טעראָר

דעם 30־טן אויגוסט האט אין אן ארבעטער - פארזאמלונג אין מאסקווע פלוצלונג אפגעהילכט א שאס. דער קרעמל האט א ציטער געטון פאר שרעק, ווען ער האט באקומען די ידיעה. א פרוי האט געשאסן אויף לענינען. ווי איז עס דערגאנגען דערצו?

אין מאסקווע האט געהערשט שפייז־מאנגל, כמעט הונגער־נויט. צווישן די ארבעטער איז געוואקסן די אומצופרידנקייט; זיי זענען אלץ צוגענגלעכער געווארן פאר פראפאגאנדע מצד די רעוואלוציע־קעגנער. די באלשעוויסטישע פארטיי האט דעריבער באשלאסן, איין טאג אין דער וואך אפצוהאלטן פארזאמלונגען אין אלע באטריבן,—כדי אויפצוקלערן און אויפצומונטערן די מאסן. אויף איינעם פון דידאזיקע מיטינגס איז ארויסגעטרעטן לענין. ווען ער האט געוואלט פארלאזן די פארזאמלונג, און אין באגלייטונג פון זיינע פארטיי־פריינט זיך דערנענטערט צום ארויסגאנג, האט זיך צו אים צוגעשטופט אן אומבאקאנטע פרוי. זי האט אים דערלאנגט א בקשה און דאן געשאסן אויף אים. עס איז אנטשטאנען א קורצע מהומה, דאן איז די פרוי פארהאלטן געווארן. דער פארוואונדעטער לענין איז אין אייל־טעמפא אוועקגעפירט געווארן אין קרעמל אריין.

אין הען דידאזיקע פרוי געווען אן אריסטאקראטין, וואס האט

*) וועגן דאזיקן העראישן קאפיטל וועט דער לעזער געפינען גענויערס אין קאכאווסקאיאס הערלעכע דערינערונגען, וואס זענען דערשינען אין פארלאג פון ח. בזשאזא אונטערן נאמען: „אין שטורעם פון דער רוסישער רעוואלוציע". (דער איב.)

אויסגעפֿירט די שליחות פֿון איר אונטערערדישער קלאַס, אָדער אַ בירגערלעכע פּאָליטיקערין, וואָס האָט געהאַנדלט לטובת דער רעאַקציע? ניין, דידאָזיקע פֿרוי האָט תּיכּף דערקלערט ביים פֿאַרהער: זי איז אַ רעכטע ס.אַ.צ.־רעוו. און הייסט דאָראַ קאַפּלאַן. דאָראַ קאַפּלאַן? ווען דערדאָזיקער נאָמען איז דערגאַנגען צו ספּירידאָנאָוואַן, האָט, ווי אַ בליץ, אויפֿגעטויכט פֿאַר איר די קאַטאָרגע, די פֿרויען־תּפֿיסה אין מאַלצעוו. דאָרט, דאָס איז דאָך געווען די מאָדיסטקע פֿון אָדעס, וואָס איז נאָך אַ באָמבע־אויפֿרייס, אַלס 26־יאָריקע אַנאַרכיסטקע, פֿאַרמשפּט געוואָרן צו לעבנס־לענגלעכער תּפֿיסה. יאָרנלאַנג האָבן זיי געמיינזאַם פֿאַרבראַכט אין ליידן און בענקשאַפֿט נאָך דער קומענדיקער רעוואָלוציע. אונטערן אידעאָלאָגישן איינפֿלוס פֿון די חבֿרטעס איז דאָרע קאַפּלאַן געוואָרן אַ ס.אַ.צ. רעוו. „אַ באַזונדער אומגליק האָט זי דאָרט געטראָפֿן אין מאַלצעוו: זי איז כּמעט ווי בלינד געוואָרן. די גאַנצע ליבע פֿון די חבֿרטעס האָט איר נישט געקאָנט פֿאַרבייטן דעמדאָזיקן פֿאַרלוסט. איר אויסזען איז אָבער געוואָרן אַזוי אומבאַהאָלפֿן־רירנד, אַז אַפֿילו דער מיליטער־גובערנאַטאָר קיאַשקאָ האָט פֿאַראָרדנט, ביי זיין באַזוך אין דער קאַטאָרגע, מען זאָל זי אַריבערפֿירן צו אַן אָפּעראַציע אין דער שטאָט טשיטאַ. זי האָט ווידער באַקומען די ראיה.‟

דאָראַ קאַפּלאַן האָט אויסגעפֿירט דעם אַטענטאַט נישט אין שליחות פֿון דער ס.אַ.צ.־רעוו. פּאַרטיי, נאָר פֿון פּערזענלעכער איניציאַטיוו. די קאָמפּליצירטע לאַגע פֿון לאַנד, דערווירטשאַפֿטלעכער כאַאָס אין פֿאָלק, די אויפֿלייזונג פֿון דער נאַציאָנאַל־פֿאַרזאַמלונג, וואָס איז אין אירע אויגן געווען אַ מקום־מקלט פֿאַר דער דעמאָקראַטיע, — דאָס אַלץ האָט איר שווער געמאַכט צו באַגרייפֿן די רעוואָלוציע. אין איר פּאָליטישער בלינדקייט האָט זי זיך געכאַפּט צום רעוואָלווער. ספּירידאָנאָוואַ האָט געטראַכט מיט ווייטאָק וועגן איר פֿריערער ליידנס־חבֿרטע. סאַראַ טראַגיק, וואָס אַ רעוואָלוציאָנערין מיט אַ ריינער נשמה האָט געהאַלטן פֿאַר אַ מוז אויפֿצוהויבן אַ האַנט קעגן לענינען. און ספּירידאָנאָוואַ האָט מיט גרויל פֿאָראויסגעזען אויך די אַלגעמיין־פּאָליטישע רעזולטאַטן פֿון אַטענטאַט. די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי האָט זיך אַלץ מער אַנטוויקלט צו אַ פּאַרטיי פֿון אַ רעוואָלוציאָנערן פֿירער, צו לענינס פּאַרטיי.

פאַר די פאַנאַטישע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי איז לעניין געוואָרן די פאַרקערפּערונג פון דער רעוואָלוציע. דידאָזיקע פּערזאָניפיצירונג פון דער רעוואָלוציע האָט טראָצקי אויסגעדריקט דעם 2־טן סעפּטעמבער, אין דער זיצונג פון דער צענטראַלער ראַטן־עקזעקוטיווע. „די ידיעה וועגן אַטענטאַט האָט מיך דערגרייכט אויפן פראָנט ביי קאַזאַן. דער־דאָזיקער פּאַרטעטרישער קלאַפּ האָט געעפנט אַ נייעם פראָנט, דעם פראָנט, אויף וועלכן לעינינס לעבן קעמפט מיטן טויט. וואָסערע מפּלות מיר זאָלן נישט האָבן אויף דעם אָדער יענעם פראָנט, — קיין שום מפּלה וואָלט נישט געווען אַזוי טראַגיש און שווער פאַרן אַרבעטער־קלאַס פון רוסלאַנד און פון דער גאַנצער וועלט, ווי אַ פאַטאַלער אויסגאַנג פון קאַמף אויף יענעם פראָנט, וואָס גייט דורך דער ברוסט פון אונזער פירער״. מען האָט געמעגט מורא האָבן, אַז דער אַטענטאַט אויף לענינען וועט מצד דעם באָלשעוויזם אַרויסרופן אַ טעראָריסטישע כוואַליע פון נקמה און צאָרן.

דאָס וואָס איז דערנאָך געקומען, האָט איבערגעשטיגן די שוואַרצסטע אַנונגען. קודם כּל איז געחתמעט געוואָרן דער גורל פון דאָראַ קאַפּלאַן. מען האָט זי מערער מאָל פאַרהערט, אָבער די פּראָטאָקאָלן פון די פאַרהערן זענען קיינמאָל נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן. מען האָט נאָר געוווסט, אַז זי האָט נישט אָנגעגעבן קיין שום מיטשולדיקע, אַז זי האָט די גאַנצע שולד גענומען אויף זיך. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס לעניין איז גיך געקומען צו זיך פון דער וווּנד און עס איז נישט געווען די מינדסטע געפאַר פאַר זיין לעבן, איז דאָראַ קאַפּלאַן פאַרמשפּט געוואָרן דורך דער טשעקאַ צום טויט און דער אורטייל איז תּיכּף אויסגעפירט געוואָרן. דער רעגירונג איז גאָרנישט איינגעפאַלן אויסצונוצן איר רעכט צו באַגנעדיקן. דידאָזיקע דערשיסונג איז געווען דער אַריינפיר צום פּראָקלאַמירטן „רויטן טעראָר״. אין דער אויבנדערמאָנטער זיצונג פון דער ראַטן־עקזעקוטיווע פון 2־טן סעפּטעמבער, איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע: „די עקזעקוטיווע לאָזט וויסן אַלע קנעכט פון דער רוסישער און אַליאירטער בורזשואַזיע, אַז פאַר יעדן אַטענטאַט אויף די פירער פון דער ראַטן־רעגירונג און די טרעגער פון די אידייען פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, וועלן מיר פאַראַנט־

ווארטלעך מאכן אלע קאָנטררעוואָלוציאָנערן און זייערע אונטערהע־
צער". שוין דעם 3־טן סעפּטעמבער האָט דער פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר
אינערלעכע ענינים פאַנאַנדערגעשיקט פאָלגנדן טעלעגראַפישן באַ־
פעל צו אלע ראַטן: „די לאָקאַלע ראַטן מוזן תּיכּף אַרעסטירן אלע
רעכטע ס. ר., וואָס זענען זיי באַקאַנט אַלס אַזעלכע. פון די בור־
זשואַזע און אָפיצירישע קרייזן מוזן תּיכּף גענומען ווערן ערובני־
קעס אין אַ באַדייטנדער צאָל. ביי דער קלענסטער באַוועגונג אין
די רייען פון די ווייס־גוואַרדייער, מוז צוגעטראָטן ווערן צו אומ־
ברחמנותדיקע מאַסן־דערשיסונגען". די אַמטלעכע פּרעסע האָט
מיט בלוטדורשטיקע ווערטער אויסגעטייטשט די באַפעלן פון דער
רעגירונג. „טויזנטער פיינט מוזן באַקומען די שטראָף פאַרן טויט
פון אונזער קעמפער. פון איצט אָן וועט דער הימן פון אַרבעטער־
קלאַס זיין אַ הימן פון האַס און נקמה, שרעקלעכער נאָך פאַר יע־
נעם, וועלכן מען זינגט אין דייטשלאַנד קעגן ענגלאַנד".

די טעראָריסטישע ניגונגען פון די באָלשעוויקעס האָבן איצט
געפונען אַ געזעצלעכן יסוד. נאָך די זוערטער זענען געקומען מע־
שים. מיט דער אונטערשטיצונג פון פּחדנותדיקן ראַטן־סאָוונאַרקאָם
זינאָוויעוו, האָט די טשעקאַ אין פּעטראָגראַד דערשאָסן אין יענע
טעג פינף הונדערט מיט צוועלף מאַן פון די ערובניקעס. 512
מענטשן, וואָס האָבן נישט געהאַט די מינדסטע שייכות מיטן אַטענ־
טאַט אויף לעניינען (און דער גלייכצייטיקער דערמאָרדונג פון פּי־
רער פון דער פּעטראָגראַדער טשעקאַ), זענען דערמאָרדעט געוואָרן
אַלס שעיר־לעזאַזלס, כּדי אָפּצושרעקן. די אַלרוסישע טשעקאַ אין
מאָסקווע האָט — „אַלס ענטפער אויפן אַטענטאַט קעגן פירער פון
וועלט־פּראָלעטאַריאַט, חבר לעניין" — דערשאָסן הונדערט פינף
מאַן (צווישן זיי האָבן זיך געפונען אויך קרימינעלע פאַרברעכער,
וואָס האָבן בכלל נישט געהאַט קיין געמיינזאַמס מיט פּאָליטיק).
אויב מאָסקווע און פּעטראָגראַד האָבן דאָס געמעגט טאָן, — איז
שוין מער נישט געווען קיין אָפּהאַלט פאַר די פּראָווינץ־שטעט, וואָס
ליגן ווייט פון קאָנטראָל. מען האָט זיך בלויז געדאַרפט פאַררופן
אויף דעם אַטענטאַט.*) עס איז נישט מעגלעך געווען צוזאַמענצו־

*) זע גענויערס וועגן דעם אין י. נ. שטיינבערגס בוך „דאָס מאָראַלישע פּנים פון דער רעוואָלוציע", פאַרלאַג ח. בזשאָזע.

ציילן אַלע שטעט און אַלע קרבנות. איבערן לאַנד האָט זיך פאַנאַנ־דערגעגאָסן אַ פייערדיקע לאַווע פון קלאַסן־נקמה און פאַרטיי־האַס. די דערשיסונגען צוליב פּאָליטישע טעמים האָבן זיך פאַרבונדן מיט די גרויל־מעשים פון די ברויט־עקספּעדיציעס און די דערפער צו אַ מוראַדיקן קאַשמאַר. די טשעקאַ איז געוואָרן איינע פון די וויכ־טיקסטע אינסטיטוציעס, די טויט־שטראָף — דער וויכטיקסטער מאַכט־אינסטרומענט... מיט טיפסטן צער האָט ספּירידאָנאָווא אי־בערגעלעבט דעם פרישן אומגליק פון דער רעוואָלוציע. איר צאָרן קעגן טשעקאַ־טעראָר וועט ספּירידאָנאָווא באַלד ברענגען צום אויס־דרוק אין די אומפאַרגעסלעכע פלאַמענדע ווערטער פון איר „אָפע־נעם בריוו״.

* * *

עס זיינען פאַרגאַנגען וואָכן און חדשים: אויגוסט, סעפּטעמ־בער, אָקטאָבער. ספּירידאָנאָווא איז געשטאַנען ביים פענסטער פון איר צעלע און האָט אַרויסגעקוקט אין לאַנד. זי האָט געטראָגן אַ טאָפּלטע, אָפט אומדערטרעגלעכע לאַסט. איינמאָל — די זאָרג און דעם טרויער צוליב די געשעענישן דרויסן, און דאַן — איר צע־פּרעסנדיקע אָנמעכטיקייט, בעת אַלץ אין איר שרייט נאָך טאַט און אַריינמישונג. וואָס האָט זי געזען אין לאַנד? נאָך אַלץ דאָסזעלבע בילד. אין מאָסקווע האָט געהערשט אַ אַלץ־שאַרפערע מאַטעריעלע נויט. מיט דער גרעסטער מי האָט די שטאָט באַקומען די קנאַפּע שפּייז־פּראָדוקטן, די טשעכאָסלאָוואַקן האָבן נאָך אַלץ געהאַלטן אין זייערע הענט די וויכטיקסטע אייזנבאַנען פון מזרח. אין דאָרף איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען די ברוטאַלע קאָמפּאַניע פון די ברויט־עקס־פּעדיציעס און פון די סוווערענע „קאָמביעדים״. גלייכצייטיק איז פון טאָג צו טאָג שטאַרקער געוואָרן די עכטע קאָנטר־רעוואָלוציע. זייט זומער איז אין סאַמאַרע געווען אַ רעגירונג, וואָס איז געביל־דעט געוואָרן דורכן „מיטגלידער־קאָמיטעט פון דער נאַציאָנאַל־פאַר־זאַמלונג״ און איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די רעכטע ס. ר. אַ דאַנק איר מיליטערישער פאַרבינדונג מיט די טשעכאָסלאָוואַקן, האָט די דאָזיקע רעגירונג געהאַלטן אין אירע הענט די גרויסע צענט־רען, ווי אופאַ, קאַזאַן, סימבירסק. אירע אַספּיראַציעס זענען געגאַנ־

געזן אַ סך ווייטער: זי האָט זיך פאַרבונדן מיט די אַנטי־ראַטישע
קרייזן פון סיביר. דעם 8־טן סעפּטעמבער איז אין אופאַ פאַרגעקו־
מען אַ פייערלעכע מלוכה־באַראַטונג, וואָס איז באַשטאַנען פון
בירגערלעך־ליבעראַלע און מעסיק־סאָציאַליסטישע עלעמענטן. עס
איז געבילדעט געוואָרן אַ רוסישע רעגירונג־,,דירעקטאָריום''. ערשט
איצט האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע קאָנצענטראַציע פון די קאָנטר־
רעוואָלוציאָנערע כחות. דער בירגער־קריג, וואָס איז ביז איצט גע־
פירט געוואָרן ספּאָראַדיש, האָט אָנגענומען אָרגאַניזירטע פאָרמען.
אין צוויי חדשים אַרום וועט דער אַדמיראַל קאָלטשאַק אַרעסטירן
און אויפרייסן דעם דירעקטאָריום, און זיך גופא פּראָקלאַמירן אַלס
מלוכה־הערשער. די ראַטן־רעגירונג האָט דורכגעפירט אַלץ גרעסערע
מאָבאָליזאַציעס פון האַרעפּאַשניקעס. אין די שטעט האָבן אָפּגעקלונ־
גען זעלנער־טריט און וואָפנקלאַנג. די ביז צום טויט איבערגעשראָ־
קענע מאַסן האָבן קוים געקאָנט קומען צום וואָרט. ספּירידאָנאָוואַ
האָט זיך געפרעגט, צי איז נאָך דאָ ערגעץ אַ ליכטיקער פונקט.

אומדערוואַרט האָט ער זיך באַוויזן אין מערב. די וועלט־גע־
שיכטע האָט זיך דאָך ניט באַשרענקט בלויז אויף רוסלאַנד. סוף
סעפּטעמבער זענען קענטיק געוואָרן די ערשטע סימנים פון דייטש־
לאַנדס מפּלה אויפן מערב־פראָנט. זייט יענער צייט האָבן די פּאָ־
ליטישע געשעענישן אין דייטשלאַנד באַקומען אַ פילם־געשווינד־
קייט. דעם 4־טן אָקטאָבער איז דער סאָצ. דעמ. פירער שיידעמאַן
געזעסן אין דער אונטערגייענדער קייזערלעכער רעגירונג. די דייר
טשישע הויפּט־קוואַרטיר האָט געפאָדערט, מען זאָל תיכּף שליסן
וואָפנשטילשטאַנד. די פאָלקס־עמפּערונג איז געוואַקסן פון טאָג צו
טאָג. דעם 23־טן האָט מען קאַרל ליבקנעכטן געמוזט באַפרייען פון
געפענקעניש. דעם 2־טן נאָוועמבער איז געקומען דער מאַטראָזן־
אויפשטאַנד אין קיל. עס איז קיין ספק נישט געווען: די איינצלנע
רעבעלישע באַוועגונגען אין אַלע טיילן פון דייטשלאַנד האָבן זיך
צוזאַמענגעגאָסן אין אַ מעכטיקער גאַנצקייט — אין דער דייטשי־
שער רעוואָלוציע!

דייטשישע רעוואָלוציע! סאַראַ צויבערקלאַנג עס איז געלעגן
אין די דאָזיקע ווערטער פאַרן אויער פון רוסישן רעוואָלוציאָנער!
איז די האָפענונג און דער גלויבן פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע

פּאָרט נישט אָפּגענאַרט געוואָרן. דאָס ווערק פון דער רוסישער רעוואָלוציע וועט פּאָרט אַרויסגעטראָגן ווערן אין דער ברייטער וועלט, וועט ענדלעך אַרומכאַפּן די גאַנצע אַרבעטנדע מענטשהייט. סאַראַ גוואַלטיקע שטאַרקונג פון סאָציאַליזם, אויב עס באַטייליקט זיך אויך דער דייטשישער פּראָלעטאַריאַט, מיט זיינע שטאַרקע אָרגאַניזאַציעס, מיט זיין פעאיקייט צו דיסציפּלין און עקשנותדיקן אויפבוי. און ווען דייטשלאַנד וועט האָבן דערגרייכט די ערשטע נצחונות פון סאָציאַליזם, וועלן זיך דען די רעוואָלוציע־כוואַליעס נישט איבערקייקלען קיין פראַנקרייך, בעלגיע, איטאַליע, ענגלאַנד?...

אויך ספּירידאָנאָווא איז פאַרכאַפּט געווען פון פרייד־געפילן, דאָך האָט זיך אין איר פרייד צוגעמישט אַ געפיל פון אומרו. די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד איז דאָך געווען אַ רעזולטאַט פון מיליטערישן צוזאַמענברוך; טאָ וואָסער ווירקונג וועט ער האָבן אויף די דייטשישע פאָלקס־מאַסן?

די באָלשעוויקעס האָבן געיובלט און געגלויבט לענינס פּאָליטישע קלוגשאַפט, וואָס האָט אויסגעקעמפּט אין בריסק אַן אָטעמפּויזע פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע. „זעט איר — האָבן זיי זיך באַרימט, — מיר האָבן דורך דער אָטעמפּויזע גאָרנישט פאַרלוירן, און אַלץ געוווּנען. אין משך פון דידאָזיקע אַכט חדשים איז רייף געוואָרן די דייטשישע רעוואָלוציע!“ איז זי דען באמת רייף געוואָרן, וועט זי דען באמת ווערן אַ סאָציאַלע און סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע? דעמאָלט, אין יאַנואַר 1918, ווען אין בערלין איז אויסגעבראָכן דער גרויסער אַמוניציע־שטרייק, ווען גאַנץ עסטרייך האָט געפלאַקערט אין רעוואָלוציאָנערן פייער, — דעמאָלט האָט דער דייטשישער פּראָלעטאַריאַט געקאָנט רייף ווערן, אין אייגענעם סאָציאַלן קאַמף, צו דער רעוואָלוציע. ווען עס וואָלט אין מערץ נישט אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער „שלום־אָפּמאַך“ מיט רוסלאַנד, ווען די רעוואָלוציע וואָלט ווייטער געוויירן אין דער באַפעלקערונג, וואָלט דער דייטשישער מיליטאַריזם נישט געווען באַקומען די מעגלעכקייט אָנצוהייבן אַ נייע אָפענסיווע. די דייטשישע פּראָלעטאַריער און אַרבעטער אין זעלנער־רעקלעך וואָלטן אפשר דאַן אויף אייגענער אחריות אַ סוף געמאַכט צום קריג, און דורכדעם וואָלטן זיי אָנגעשפּאָרנט צום קאַמף אויך די פראַנצויזישע, ענגלישע און

בעלגישע זעלנער־ברידער. מיט די אויגן געווענדט צו ראטנרוס־לאנד, וואלטן דאן די דייטשישע ארבעטער, אין באוווסטזיניקער אקטיוויטעט, געוועזט אויסקעמפן א רעוואלוציע, א סאציאלע רעפובליק. אין נאוועמבער 1918 איז אנדערש געשען. די ארמייען פון דייטשישן פאלק האבן געליטן מפלות אויפן קריגס־פלאץ. די מאנארכיסטיש־מיליטערישע מלוכה איז איינגעפאלן. די ביז־איצטיקע הערשנדע שיכטן האבן אין כאאס פארלאזן זייער פלאץ און אים געלאזט פריי פאר די סאציאליסטישע פירער און פארטייען. די ארבעטער האבן נישט דעראבערט פאזיציעס אין דער מלוכה אוןווירטשאפט אקטיוו, נאר זיי באקומען אין די הענט אין רעזולטאט פון אלגעמיינעם נאציאנאלן צוזאמענברוך. גרויסע מאסן פון פאלק זענען אריינגעצויגן געווארן אין דער רעוואלוציע פאסיוו, א סך אויך מיט א שמערצלעך־פארוונדעטן געפיל פון פאטריאטיזם. מען האט געמוזט מורא האבן, אז אזא רעוואלוציע וועט נישט אויפוועקן די מאסן פון די אנטאנט־פעלקער פון זייער זיגער־רויש און שאוויניזם. און פונדעסטוועגן איז די דייטשישע רעוואלוציע א פאקט! — האט ספירידאנאווא כסדר געטראכט מיט א היים הארץ וועגן דער געוואלטיקער געשעעניש אין מערב. מיט הארציקער פארבונדנקייט האט זי געטראכט וועגן די דייטשישע ארבעטער, פויערים, האנטוועריקער, זעלנער, וואס האבן זיך דערוועגט צום ערשטן מאל ארויפצוטרעטן אויפן רעוואלוציאנערן וועג. הלוואי זאל זיי געלינגען אפצוהיטן די רעוואלוציע פון די באלשעוויסטישע וועגן. הלוואי זאלן זיי אויסנוצן פאר זיך די גאנצע דערפארונג פון דער רוסישער גלגולתא־רעוואלוציע. הלוואי זאלן זיי מיט זייער פרישער אומפארברויכטער רעוואלוציאנערער ענערגיע העלפן אויך רוסלאנד צוריקצוקערן צו די אקטאבער־פרינציפן!

* * *

ווי לאנג זאל איינגטלעך ספירידאנאווא פארבלייבן אין תפיסה? די רעגירונג האט אנגענומען א באשלוס א סוף צו מאכן דורך א פראצעס צו דער אומנמעגלעכער לאגע. אן אויספארשונגס־ריכטער האט פארפאסט א באשולדיקונגס־אקט, וועלכן מען האט איבערגעגעבן ספירידאנאווען. דער פראצעס וועגן די ילגי־געשעענישן איז

באשטימט געוואָרן אויפן 27־טן סעפּטעמבער, אין העכסטן רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל. ספּירידאָנאָווא האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען דעם באַשולדיקונגס־אַקט, ווי אויך אָנטיילצונעמען אין פּראָצעס. כּדי אויפצוקלערן איר שטעלונג האָט זי געשריבן צום קרעמל א „אָפענעם בריוו צום צענטראַל־קאָמיטעט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי", וואָס איז געווען א פלאַמענדע אָנקלאַגע קעגן רעזשים. אין דאָזיקן דערשיטערנדיקן דאָקומענט האָט זי געבראַכט צום אויסדרוק אַלץ, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אין די פּאַר־גאַנצע חדשים, איר גאַנצן צאָרן און איר גאַנצע עמפּערונג, איר ליבע צו די מאַסן און די באַגייסטערונג פאַר זייער אידייע. דאָס איז געווען נישט נאָר א דאָקומענט פון דער צייט; עס איז געוואָרן א פּראָגראַם פאַר דער צוקונפט.

## IV.

# דער אָפענער בריוו

„איך בין געקומען צו אייך פרייוויליק דעם 6־טן יולי, כּדי איר זאָלט האָבן אין אייער מאַכט א מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די ל. ס. ר., צו קאָנען אויסלאָזן אויף אים אייער גרימצאָרן און געבן דייטשלאַנד א סאַטיספאַקציע... צי א צופאַל, צי אייער ווילן אָדער וואָס עס זאָל נישט זיין, נאָר אַלץ איז געשען אַנדערש, ווי איך האָב גערעכנט... דאָך האָט מיך געלאָקט די האָפענונג אויסצונוצן אַלס טריבונע דעם טריבונאַל, פאַר וועלכן איר האָט מיך געוואָלט אָנקלאָגן. איר האָט אונז אַזוי געוויסנלאָז אינסיגואירט, אייער פעלד־צוג קעגן אונזער פּאַרטיי, ביים גלייכצייטיקן הערשטיקן אונזער פּרעסע, איז געווען אַזוי אומדערהערט שענדלעך, אַז די מעגלעכקייט צו פירן א עפנטלעכן קאַמף קעגן אייך האָט מיר געשיינט צו זיין נויטווענדיק אַפילו פאַרן טייערן פּרייז — אָנטיילצונעמען אין אייער ליגנערישן געריכט.

נאָך קיינמאָל האָט די העצע קעגן קעמפער נישט דערגרייכט אַזא מדרגה פון ציניזם, ווי אייער העצע; איר האָט איבערגעשטיי־

אפילו די קאָרומפּירטסטע פּאַרלאַמענטן, אפילו די פאַרקויפטע פּרעסע פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט. דערבײַ איז די דידאַזיקע העצע געפירט געוואָרן דורך סאָציאַליסטן קעגן זייערע נאָענטסטע חברים און מיטקעמפער, וועלכע האָבן זיך, אמת, פאַרזינדיקט קעגן דער לאָיאַלקייט צום דײַטשישן אימפּעריאַליזם, אָבער נישט קעגן זיך און שוין זיכער נישט קעגן דער רעוואָלוציע און דעם אינטער־נאַציאָנאַל.

באַרעכנט נאָר: איך האָט אונז פאַרפאָלגט מיט אַ באַזונדערן גרימצאָרן אין דערזעלבער צײַט, ווען די ל. ס. ר. זענען געשטאַרבן אויפן טשעכאָסלאָוואַקישן און אויף די אַנדערע פראָנטן אין די רייען פון די ראַטן־פאָרמאַציעס, ווען די ווײַס־גוואַרדייער האָבן געקוילעט אונזערע חברים אין יאַראָסלאַוול און קאַזאַן; ווען אונזע־רע חברים זענען, נאָכן אַטענטאַט אויף איכהאָרנען, געוואָרן פּריי־רוויב אין אוקראַאינע. בײַ די ברייטע מאַסן, וואָס זענען געשטאַנען הינטער די ל. ס. ר., האָט מען צונעררייבט די ראַטן־רעכט: מען האָט אין די גובערניעס פאַנאַנדערגעיאָגט אין די צענדליקער געווײַלטע ראַטן און קאָנגרעסן. דאָס גאַנצע פּויערטום, וואָס איז טרײַ געווען די ראַטן, איז דערדריקט, געפּלאָגט, געהעצט געוואָרן; מען האָט עס געשמעלט אונטער דער קאָמאַנדע פון קריגס־רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן און פון טשעקאַ. אין די טשעקאָס האָט מען געטויט ל. ס. ר., ווײַל זיי האָבן נישט געוואָלט פאַרראַטן זייער באַוועגונג. אין קאָטעלניטשי, למשל, האָט מען געטויט בלויז פאַר זייער לינקן ס. ר.־נטום צוויי חברים, מאַכנאָוו און מיסונאַ, מיטגלידער פון דער צענטראַלער ראַטן־עקזעקוטיווע און פון דער צענטראַלער פּויערים־עקזעקוטיווע. מיר האָבן שטאָלצירט מיט זיי. זיי זענען געווען קינ־דער פון דער איצטיקער פאָלקס־רעוואָלוציע, זיי זענען אַרויסגעקו־מען פון איר, געוואַקסן אין דער הויך און האָבן אַזוי געאַרבעט, אַז אין דער געגנט האָבן זיך וועגן מיסונאַן געבילדעט לעגענדעס. אומפּערקלעכע העלדן, אויף וועמעס רוקן מיר מיט איך האָבן אַרויפגעהויבן די גאַנצע אָקטאָבער־רעוואָלוציע. מיסונאַ האָט טיי־ער באַצאָלט פאַר אָפּזאָגן זיך צו גראָבן מיט אייגענע הענט זײַן קבר. מאַכנאָוו האָט מסכּים געווען, מיטן תנאַי, מען זאָל אים דער־לויבן צו רעדן פאַרן טויט. ער האָט גערעדט און זײַנע לעצטע ווער־

טער זענען געווען: „זאָל לעבן די סאָציאַליסטישע וועלט־רעוואָלו־ציע!“ און דאַן האָט מען אים דערמאָרדעט. וויפל אַזעלכע אונטער־געגאַנגענע מיסונאָם און מאַכנאָווס זענען איצט דאָ אין ראַטן־רוסלאַנד! וויפל זענען דאָ אַזעלכע אומבאַקאַנטע, נאָמענלאָזע, אין זייער גייסטיקער פעסטקייט גרויסע העלדן! נישט געקוקט אויף דער גאַנצער פיין פון לעבן, זעען די מאַסן די אומעטום — לויערנדע סכּנות און זיי טראָגן געדולדיק די אומדערהערטע לאַסט. זיי זענען אָבער רעוואָלוציאָנער, זיי ווילן אַליין רעגירן איבער זיך, זיי ווילן די מאַכט פון די ראַטן. ווי אַזוי האָט איר די חוצפּה בלוטיק צו אונטערדריקן די אַזוי־גערופענע אויפשטאַנדן, אַנשטאָט צו באַפרי־דיקן די גערעכטע פאָדערונגען פון די האָרעפּאַשניקעס? עס איז אויך נישט די שולד פון די מאַסן, וואָס זייערע פאָדערונגען זענען ענלעך צו אונזערע לאָזונגען. דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן געלערנט דעם פאָלק יאָרצענדליקער לאַנג און וואָס עס האָט זיך ענדלעך אויסגעלערנט דורך בלוטיקער דערפאַרונג — נישט זיין קיין קנעכט און זיך קענען שיצן, — דאָס אַלץ ווילט איר איצט אויסברענגען פון זיין נשמה דורך ליידן און שמיץ. און גיט נאָר אַ קוק, וואָס עס קומט דערנאָך. אין די אומרוען בליצן אויף אַלץ אָפטער באמת קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען: נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, בירגער־לעך־דעמאָקראַטישע רעפּובליק, — אַלץ געשפּענסטער, וועלכע איר אַליין האָט פונסניי באַשאַפן. קיינמאָל, קיינמאָל וואָלט רוסלאַנד נישט געווען אַריינפאַלן אין די אָרעמס פון די סאָציאַל־פאַררעטער און פון דער רעאַקציע, ווען נישט אייער פּאַרטיי. ווייל די מאַסן פון דאָזיקן רוסלאַנד האָבן זיך באַגליקט און זיכער געשטעלט אויפן וועג פון מאַקסימאַליזם, און ביי אַזאַ טיפער רעוואָלוציאָנערער עקס־פּלאָזיע, איז נאָר דער דאָזיקער וועג גערעכט און פאַרשטאַנדיק. אייער פאַרטיי האָט געהאַט געוואַלטיקע אויפגאַבן און איר אָנהויב־אַרבעט איז געווען העררלעך. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אין וועל־כער מיר זענען מיט אייך געגאַנגען צוזאַמען, האָט געמוזט אַרויס מיט נצחון, ווייל אירע יסודות און לאָזונגען זענען פאַרוואָרצלט געווען אין דער היסטאָרישער ווירקלעכקייט און אַלע האָרעפּאַשנע מאַסן האָבן זי סאָלידאַר אונטערגעשטיצט. דאָס איז באמת געווען אַ רעוואָלוציע פון די מאַסן, און די הערשאַפט פון די ראַטן האָט באַ־

זירט בוכשטעבלעך אין זייערע טיפענישן. זי איז געווען אומדער־שיטערלעך, און קיין שום זאך, קיינע פארשווערונגען און אויפ־שטאנדן האבן זי נישט געקאנט אפשוואכן. די רעכטע סאציאל־רע־וואלוציאנערן און די מענשעוויקעס זענען צעקלאפט געווארן נישט א דאנק די זעלטענע רעפרעסיע־מיטלען און דעם אומדרייסטן דרוק, נאר א דאנק זייער פריערער קאמפראמיס־פאליטיק. די מאסן האבן זיך באמת אפגעקערט פון זיי. די ראטן־קאנפערענצן פון די קרייזן און פון די גובערניעס פלעגן זיך צונויפקומען ספאנטאן, מען פלעגט זיי נישט פונאנדעריאגן און נישט ארעסטירן, עס איז גע־ווען א פרייער קאמף פון מיינונגען און א שטרייט פון פארטייען. די וואל־רעזולטאטן האבן אומעטום באוויזן די פאראכטונג פון די מאסן צו די רעכטע סאציאליסטן. זיי זענען אויסגעלאשן געווארן אין דער פוסטקייט. עס איז געווען איבעריק אנצווועגדן טערא־קעגן זיי. און אזוי וואלט עס אויך איצט געווען, ווען דער קורס פון אייער פאליטיק וואלט געבליבן א ריכטיקער, ווען איר וואלט נישט געווארן אומטריי צו די פרינציפן פון סאציאליזם און אינטערנא־ציאנאל.

אייער פאליטיק האט אביעקטיוו גענארט די מאסן. אנשטאט סאציאליסטישער אינדוסטרי — מלוכה־קאפיטאליזם אדער קאפי־טאליסטישע מלוכה. די צוואנגארטיקע עקספלואטאציע־סיסטעם בלייבט עקזיסטירן בלויז מיטן קליינעם אונטערשייד בנוגע דער פראפיט־פארטיילונג. איך זאג „מיטן קליינעם אונטערשייד”, ווייל אייער צאלרייך באאמטנטום וועט ביי דער־אזיקער סיסטעם אויפ־פרעסן מער, ווי די קליינע הייפלעך בורזשואזיע. אנשטאט דער ערד־סאציאליזאציע, וואס איז מיט יובל דעקרעטירט געווארן אויפן דריטן ראטן־קאנגרעס, ווארפט איר אונטער דעם פויערטום — אפן אדער געהיים, מיט כיטרעקייט אדער געוואלט, — די ערד־נאציא־נאליזאציע. און וואס איז דען דאס? דאסזעלבע מלוכה־אייגנטום ווי אין דער אינדוסטרי. אין דער פראגע פון קריג האט איר גע־שלאסן א שלום, וואס חערשטיקט שווין אפשר אונזער רעוואלוציע. דערביי האט איר דעם אומגלויבלעכן מוט צו פארזיכערן דעם פאלק, אז אייער פאקטירן מיטן דייטשישן אימפעריאליזם, אז אייער־„אטעמפויזע” האט אונז געבראכט גרויסארטיקע רעזולטאטן. וואס

האָט זי אונז דען געגעבן?! זי האָט פאַרקריפּלט אונזער רעוואָלו־ציע, זי האָט אויפגעהאַלטן אויף אַ האַלב יאָר די דייטשישע רעוואָ־לוציע, זי האָט פאַרערגערט די באַציונג פון די ענגלישע און פראַנ־צויזישע אַרבעטער צו אונז... ווייל אַלע מיליטערישע כּחות דייטש־לאַנדס, וועלכע מיר האָבן פריי געמאַכט, האָבן זיך אַ וואָרף געטון אויף די מערב־פראָנטן, און דאָס האָט צוגעטריבן בײַ די מערב־פעלקער הונדערט־טויזנטער לעבנס. זי האָט געגעבן די מעגלעכקייט דער ענגלישער און פראַנצויזישער רעגירונג אַרײַנצומישן זיך אין אונזערע ענינים, — מיט דער שטילער מאָראַלישער סאַנקציע מצד דער מערהייט פון זייערע פעלקער, אונטער די קראַפּטלאָזע פּראָ־טעסטן פון זייער מינדערהייט. בריסק האָט אונז אָפּגעשניטן פון די קוואַלן פון ווירטשאַפטלעכער דערנערונג. צוליב דעם — אין דער ערשטער ליניע — גייט צו גרונט אונזער רעוואָלוציע.

בריסק האָט איבערגעענטפערט די אוקראַינישע רעוואָלוציע דעם דייטשישן אונטערדריקער. מיר האָבן „אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם" אין הונגער, קעלט, פאַנאַנדערפאַל, בעת די פּראָלעטאַריער פון פינ־לאַנד זענען גלײַכצײַטיק געקוילעט געוואָרן, בעת די פּויערים פון ווײַס־רוסלאַנד און אוקראַינע זענען פאַרשמיסן געוואָרן צום טויט, בעת ליטע און לעטלאַנד זענען דערשטיקט געוואָרן. און דאָס ערג־סטע: אַ דאַנק בריסק האָבן מיר באַקומען די לאַסט פון ענגליש־פראַנצויזישן פראָנט, — אַ נײַעם קריג, וואָס איז גרויזאַם אַרויס־געטרעטן קעגן אונז מיט אַלע שרעקן פון דער נײַער מיליטער־טעכ־ניק: מיטן הוראַגאַן־פײַער און מיט טאַנקן, וואָס צעטרעטן טויזנ־טער מענטשן, ווי פליגן. אונזער פּרוּוו אויפצורייסן דעם בריסקער שלום איז געווען אַ פאַרצווייפלטער פּרוּוו צו אַפּעלירן צום רעוואָ־לוציאָנערן מאָמענט פון דער געשיכטע, אויפן סמך פון אונזער גע־מיינזאַמער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. איר זענט אָבער האָפנונגסלאָז פאַרבליבן בײַ אײַער אָפּהענגיקייט פון דייטשישן אימפּעריאַליזם, וועלכער האָט אײַך איבערגעשראָקן. די שנעל־אָרגאַניזירטע קאַמף־כּחות און דעם רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם האָט איר פאַרשוועגדעט פאַר דער פאַרטיידיקונג פון צפון. דער פראָנט בײַם אוראַל איז אין פּעריאָד פון אײַער שלום מיט דייטשלאַנד געווען אַן אָפּן־אימפּעריא־ליסטישער פראָנט, און קעמפנדיק מיט די ענגלענדער, האָט איר אָב־

יעקטיוו געפירט קריג פאַרן דייטשישן אימפּעריאַליזם. ווי איר זאָלט זיך נישט דרייען — אַזוי איז דאָס.

איצט רעקאָמענדירט איר די רעוואָלוציאָנערע מאַטראַזן אין קיל און קאַרל ליבקנעכטן אַ לינקע סאָצ. רעוו. טאַקטיק: אָפּוואַרפן דעם שלום פון ווילסאָנס חסד. איצט שטעמפּלט איר שיידעמאַנען דערפאַר, וואָס ער גיט איבער דעם אימפּעריאַליסטישן קענגער דעם דייטשישן פלאָט. פאַרוואָס אָבער זענט איר גופא געקראָכן אויפן בויך פאַרן אימפּעריאַליזם, פאַרוואָס האָט איר גופא אויסגעליפערט דעם פלאָט פון שוואַרצן ים? זיי, די לינקע ס. ר., האָבן ריזיקירט די גרעסטע נאַציאָנאַלע קרבנות פאַרן טריאומף פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע, דעריבער האָבן זיי דאָס רעכט אויפצופאָדערן אויך דייטשלאַנד צו אַזאַ העלדישער טאַט. אָבער וואָס האָט איר דאָ צו זאָגן אַ דעה? איר האָט געהאַנדלט פונקט ווי שיידעמאַן און איצט פאָדערט איר פון דייטשלאַנד נאַציאָנאַלע קרבנות אין נאָמען פון אייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן.

אייער אַרמיי, איר אויפבוי, די קאָמאַנדאָ־סיסטעם פון טראָצקי, וועלכער האָט נישט נאָר ווי קערענסקי איינגעפירט אויפן פראָנט טויט־שטראָף, נאָר פירט זי אויך אויס אין אַ שווידערלעכן פאַרנעם (צו וואָס קערענסקי איז נאָך נישט דערגאַנגען), די אַלטע מעכאַנישע דיסציפּלין, די שטראָפן, ביז שמייסן די זעלנער פון אַ סאָציאַליסטישער אַרמיי, דער ספּאָנטאַן־וואַקסנדער האַס קעגן טראָצקין און די פירער — וואָס באַדייט דאָס אַלץ? איז דאָס דען נישט אַ צוריקקער צו די אַלטע צייטן? צי בויט איר דען נישט אַליין צוריק אויף די אַלטע אַרמיי, וואָס פלאַסטערט דעם וועג פאַר אַלע מעגלעכע היימישע באָנאַפּאַרטעס? איר מאַכט פון דער אַרמיי אַ מעכאַנישע קראַפט, וואָס זאָל, אין קאַמף קעגן דער קאָנטר־רעוואָלוציע, פאַרבייטן די מאַסן; און דאָך באַשטייט די ראַזיקע אַרמיי פון די מאַסן, וועלכע איר האָט אָפּגעשטויסן פון דער רעוואָלוציע.

דורך אייער ציניִשער באַציאונג צו די ראַטן, דורך דער הפקרות פון די פון אויבן־באַשטימטע באָלשעוויקעס, האָט איר זיך אַליין אוועקגעשטעלט אין לאַגער פון די מורדים קעגן דער ראַטן־מאַכט. די הערשאַפט פון די ראַטן איז ביי זייער גאַנצן אויסערלעכן כאַאָס אַ גרעסערע און טיפערע דעמאָקראַטיע, ווי וואָסער

נישט איז פארלאמענט. דער ראט איז אן אפאראט פאר דער זעלבסט־רעגירונג פון די מאסן, ער שפיגלט פיין אפ זייער ווילן, זייערע שטימונגען און באדערפענישן. ווען יעדע פאבריק, יעדער באטריב און יעדעס דארף באזיצט דאס רעכט צו ווירקן אויף דער טעטיקייט פונם מלוכה־אפאראט דורך איבערוויילן זייערע ראט־פארשטייער און זיך אזוי ארום פארטיידיקן אלס גאנצעס און טייל, — דאן איז דאס באמת זעלבסטרעגירונג. יעדער אקט פון הפקרות און יעדער אקט פון געוואלט, יעדע זינד, וואס זענען אזוי באגריפלעך ביי די ערשטע שריט פון דער מאסע, — דאס אלץ לאזט זיך היילן, ווייל דער פרינציפ פון דער שארפסטער פאלקס־קאנטראל גיט די מעגלעכקייט צו פארבייטן דעם טויגעניכטס אויף א בעסערן און ערלעכערן. און אויב דאס ארבעטנדע פאלק ברעכט אן די ביינער זיין ראט־דעלעגירטן פאר שווינדל און גנאריי, האט עס רעכט אויך דאן, ווען יענער איז א באלשעוויק. ווען איר שיקט אבער אין דארף ארייַן ארטילעריע, כדי צו באשיצן אזעלכע אויסוורפן, דאן זענט איר געפאנגען ביי דיבירגערלעכע באגריפן פון מלוכה־אויטאריטעט, דאן באווייזט איר, אז אדער איר באגרייפט נישט די הערשאפט פון די הארעפאשניקעס, אדער איר ווילט זי נישט אנערקענען. און אויב די מאסע פון א דארף אדער א פאבריק שיקט אלס זייער פארשטייער א רעכטן סאציאליסט, איז דאס זייער רעכט; דאס איז אומזער אומגליק, וואס מיר האבן נישט געקאנט געווינען זייער צוטרוי. דעריבער האבן מיר געקעמפט קעגן אייך, ווען איר האט אנגעהויבן ארויסצווארפן די רעכטע סאציאליסטן פון די ראטן און פון דער צענטראל־עקזעקוטיווע. די ראטן זענען נישט נאר פאליטיש־ווירטשאפטלעכע ארגאניזאציעס, זיי זענען אויך א גאנץ־באשטימטע אידעאלאגישע פלאטפארם: פארניכטן אלע יסודות פון דער בירגערלעך־פעאדאלער געזעלשאפט. און ווען די רעכטס־סאציאליסטישע ראטן־דעלעגירטע וואלטן געפרווט אויפצוהאלטן אדער צו שיצן דידאזיקע געזעלשאפט, וואלט זיי צעשמעטערט אדער די נאטור פון די ראטן גופא אדער דאס פאלק גופא (און נישט איר ערע טשעקאס!) וואלט זי פארטריבן פון זיינע רייען, אלס פאררעטער פון זיינע אינטערעסן.

... ווי, ווי זאלן מיר איצט קומען צו די ארבעטנדע און ברע־

דיקן א קלאסן־הערשאפט? זיי וועלן דאך פרעגן: „די הערשאפט פון וואסער קלאס?'' איר האט דערהויבן צו א סיסטעם דאס ארויסווארפן ארבעטער צוליב פאליטישע סיבות. איר האט אויפגעלייזט די ווארשטאטן פון דער קורסקער אייזנבאן אין מאסקווע דערפאר, ווייל זיי האבן הארטנעקיק געוויילט אלס זייער ראט־דעפוטירטן — מיך. און ווי איר שפארנט דאס אונטער די ארבעטער צום קאריעריזם און עגאאיזם מיט אייערע קארטן אויף שוכווארג, וויינונגען א א. וו., וועלכע איר פארטיילט אין דער ערשטער ריי צווישן די באלשעוויקעס! אין די אפיציעלע ציימונגען האט איר אומפארשעמט פארעפנטלעכט: „דאס און דאס הויז ווערט אפגערייניקט, אין דער ערשטער ריי ווערן איינקווארטירט ארבעטער־קאמוניסטן''. און ארבעטער־מענשעוויק ארויסווארפן אויף דער גאס און איינקווארטירן אין דער זעלבער וווינונג אן ארבעטער־באלשעוויק, — איז דען דאס קלאסן־הערשאפט? אפזאגן פון דער פאבריק א ל. ס. ר. א פאמיליענמענטש און אויף זיין ארט צונעמען א בחור א קאמוניסט, — איז דאס דען קלאסנהערשאפט? דערשיסן ארבעטער, שמייסן פויערים — איז דאס דען הערשאפט פון פראלעטארישן קלאס? „אויב מיר שיקן אין ראט א פויער, וועלכער סימפאטיזירט מיט די ל. ס. ר., וועלן מיר נישט באקומען קיין אינווענטאר־קרעדיטן, קיין זריעה. לאמיר־זשע בעסער שיקן אין ראט א באלשעוויק, הגם מיר קענען אים נישט לײדן; דורך אים וועלן מיר עפעס ארויס באקומען פון דער עקזעקוטיווע'', אט וואס מען שרייבט מיר.

דאס פארבייטן די אינטערעסן פון די הארעפאשניקעס אויף די אינטערעסן פון א פארטיי, דאס שאפן א מין נייעם רוימישן פלעבס, — פירט צו דעגענעראציע די לעבעדיקע קראפט פון דער רעוואלוציע. די מאסן באגרייפן אלץ, געדענקען אלץ, געדענקען בעסער ווי מיר. די סאציאלע פארבינדונגען זענען נאך קיינמאל נישט געווען אזוי לויז, נאך קיינמאל האט נישט געהערשט אזוי מעכטיק קליינבירגערלעכער עגאאיזם, אייגננוציקייט, ספעקולאציע, דאס עובר זיין אויף געזעצן, וואס דארף נישט דערלאזן די עקספלואטאציע פון מענטשן,—ווי איצט אונטער אייער סעקטאנטישער פארטיי־מלוכה. אויפן ארט פון היסטאריש־פילאזאפישן באגריף פון קלאסנקאמף האט איר נישט נאר אוועקגעשטעלט דעם מארקסיסטישן באגריף פון קאמף

צווישן 2 עקאָנאָמישע לאַגערס, נאָר ממש דעם קאַמף פון וועלף צווישן זיך. אַרבעטער מאַרשירן קעגן פויערים, כדי נישט צו שטאַרבן פון הונגער, און נעמען ביי זיי אַפּ דאָס לעצטע שטיקל ברויט. עס איז פאַרזייט געוואָרן אַ מוראַדיקע שנאה צווישן די צוויי אומטיילבאַרע ברידער, די ערד- און מאַשינען־אַרבעטער, — אַ שנאה, וואָס וועט אַזוי שנעל נישט פאַרשווינדן. עס איז פאַרזייט געוואָרן אַ שנאה צווישן נאַציעס, ווייל בעת דער דיקטאַטור פון לעבנסמיטלען, האָט מען באַנוצט דייטשישע קריגס־געפאַנגענע.

... און היינט די טשעקאַ! אין נאָמען פון פּראָלעטאַריאַט, אין נאָמען פון פויערטום האָט איר דורכדעם אַנולירט אַלע מאָראַלישע דעראָבערונגען פון אונזער רעוואָלוציע. ווען אייערע אייגענע רייען האָבן זיך גענומען הערן אומדרייסטע שטימען, וואָס האָבן זיך דערלויבט צו פּראָטעסטירן קעגן אייערע עקסצעסן, האָט איר זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז אין די טשעקאָס זענען נישטאָ קיין ספּקדיקע עלעמענטן, נאָר — דורכאויס קאָמוניסטן. אויב אַזוי איז ערגער פאַר אייך! פון די פּראָווינץ־טשעקאָס, פון דער אַלרוסישער טשעקאַ זענען אונז באַקאַנט הימלשרייענדע פאַקטן. אַ בלוטיקער חוזק איבער דעם מענטשנס נשמה און קערפּער. פּייניקונג און שווינדל, אַ אַלץ צעפרעסנדיקער שוחד־סיסטעם און דאָן — מאָרדן, מאָרדן אָן אַ צאָל, אָן אַן אויספאָרשונג, לויט איין וואָרט, לויט אַ מסירה, וואָס איז נישט באַוויזן, נישט באַשטעטיקט געוואָרן. אין נאָמען פון אַרבעטער - קלאַס געשעען אומדערהערטע גרויליקייטן קעגן דיזעלבע אַרבעטער, פויערים, מאַטראָזן און צום טויט־איבערגעשראָקענע בירגער. וועמען וואָלטן דען געקאָנט באַדראָען אייערע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע פאַרשווערונגען, ווען איר גופא וואָלט זיך נישט אַזוי שווינדלעך פאַרברידערט מיט דער קאָנטער־רעוואָלוציע? דעמאָלט, ווען די ראַטנמאַכט האָט נאָך באַזירט אין די פאָלקס־טויפענישן, האָט דזשערזשינסקי פאַר דער גאַנצער צייט געלאָזט דערשיסן בלויז איניקע שרעקלעכע מערדער. און דאָס אויך — מיט וואָסער טויט־בלאַסן פּנים, מיט וואָסער נשמה־פּיין!

ווען די ראַטנמאַכט איז אָבער געוואָרן אַ באָלשעוויסטישע מאַכט, ווען איר סאָציאַלע באַזע און איר פּאָליטישער איינפלוס זענען געוואָרן אַלץ ענגער און ענגער, דאַן האָט מען פאַר לעניגען גע־

מוזט שאפן א באזונדערס וואכזאמע ליבגווארדיע פון לעטישע שיסער, ווי פריער ביים צאר די לייב־קאזאקן און ביים סולטאן — די יאניטשארן. דאן איז נויטווענדיק געווארן דער אזויגערופענער רויטער טעראר. ווען מען האט פארווונדעט לעניגס לינקן אקסל דורך א שאס, האט מען אינגאנצן פארלוירן דעם קאפ און געטויט טויזנטער מענטשן. מען האט געטויט אויף רעכטס און אויף לינקס אין היסטערישן אנפאל, אן געריכט און אויספארשונג, אן דעם מינדעסטן שאטן פון א רעכטלעכן, שוין אפגערעדט פון מאראלישן יסוד. יא, לענין איז גערא‏טעוועט, עס וועט זיך מער נישט אויפהויבן אויף אים א איינזאמע, פאנאטישע האנט. אבער נאך יענער העקאטאמבע שעיר לעזאזלם, האט דער לעבעדיקער גייסט פארלאזן די רעוואלוציע. עס וואלט געווען א סך בעסער פאר לעניגען צו לעבן אין אומרואיקייט, דערפאר אבער אויפהיטן דעמדאזיקן לעבעדיקן גייסט! און ווי איז עס מעגלעך געווען, אז איר, וולאדימיר אילאיטש, מיט אייער גרויסן פארשטאנד און אייער פערזענלעכער אומאיינגנציקייט, זענט נישט געפאלן אויפן געדאנק נישט צו לאזן טויטן דארא קאפלאן! עס וואלט נישט נאר געווען שיין, איידל און ווייט פון די צארישע זיטן; עס וואלט געווען ממש לעבנסנויטווענדיק פאר אונזער רעוואלוציע, אין דער דאזיקער צייט פון אלגעמיינעם ווילדעווען און מענטשנהאס, ווען מען הערט בלויז צייןקריצעריי, געשרייען פון ווייטאק, פון שלעכטסקייט און שרעק, און... קיין איינציקן קלאנג, קיין איינציקן אקארד פון ליבע!

דעמאלט, ווען עס זענען פארגעקומען איינצלנע דערשיסונגען אין טשעקא, האט זיך דזשערזשינסקי געבראכן דעם קאפ, ווי אזוי צו שיצן פעטראגראד און מאסקווע פון די ווילדע גאסנרויבערס, נישט ווערנדיק דערביי קיין תלינים, דעמאלט פלעגט אלעקסאנדראוויטש, א טויט־בלאסער, בעטן זיך רחמים ארויסצונעמען אים פון טשעקא נאך היינט, תיכף ומיד. דער הערלעכער מאטראז יעמעליאנאוו האט געשיכורט, ווי א משוגענער, און כסדר געטענהט: „טויט מיך בעסער, איך הויב שוין אן צו שיכורן... איך קען נישט מער... מען מארדעט... באפרייט מיך פון דער טשעקא״. אט אזא איז געווען די אטמאספער ביי די ערשטע פרוון פון רעגירונגס־טעראר. היות די ל. ס. ר. פלעגן איינם „דרייליגג קאלעגיום״ פון דער טשע-

קאַ פּרינציפּיעל תּמיד שטימען קעגן די דערשיסונגען, האָבן די באָלשעוויקעס זיי פאַרגעלייגט אַרויסצוטרעטן פון קאָלעגיום. דאָס איז געשען. אָבער פּונקט ווי בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז שווער געווען נאָר דער אָנהויב, אַזוי האָט אויך די אַנטוויקלונג פון באָלשעוויסטישן טעראָר אין רוסלאַנד איבערגעשטיגן אונזערע ערגסטע דערוואַרטונגען.

דידאַזיקע נאַכטיקע דערמאָרדונגען פון געשמידטע, אומבאַוואָפנטע, אומשעדלעך - געמאַכטע מענטשן, דידאַזיקע פאַרבאָרגענע דערשיסונגען מיטן רעוואָלווער אין נאַקן, די תּיפּדיקע קבורה פון דעם ביז צו דער העמד באַרויבטן, נישט תּמיד איינגאַנצן טויטן, אָפטמאָל נאָך קרעכצנדן קערפּער אין אַ מאַסן-קבר, — דאָס אַלץ קאָן נישט באַצייכנט ווערן מיטן וואָרט — טעראָר. וואָס איז דאָס פאַר אַ טעראָר?

מיטן דאָזיקן וואָרט איז אין משך פון דער רוסישער רעוואָלוציע-געשיכטע געווען פאַרבונדן נישט נאָר דער באַגריף פון נקמה, אָדער אָפּשרעקונג (דאָס איז דאָס סאַמע לעצטע אין אים), אויך נישט נאָר דער ווילן, אָדער די נויטווענדיקייט פיזיש צו פאַרניכטן איינעם פון די פאָלקס-תּלינים. ניין, דער ערשטער און כאַראַקטעריסטישער עלעמענט אין טעראָר איז דער פּראָטעסט קעגן דרוק פון דעספּאָטיזם, דאָס דערוועקן אַן עקל אין דער נשמה פון נעטראַטענעם מענטשן, דאָס אָנצינדן דעם געוויסן אין דער נשמה פון יענע, וואָס שווייגן פּנים-אל-פּנים מיט דערדאָזיקער דערנידעריקונג. דאָן איז טעראָר אויך אַ פּראָפּאַגאַנדע-מיטל דורך טאַט, אַן אָנשוילעכע לעקציע פאַר די מאַסן דורך אָנרעגן זייער פאַנטאַזיע. אָט אַזוי, נישט מורא האָבנדיק פאַר קיין שום קאָנסעקווענצן, אומדערשראָקן און שטאָלץ, פלעגט דער טעראָריסט אַרויסטרעטן קעגן זיין פיינט. און כמעט תּמיד פלעגט דער טעראָריסט פאַרבינדן מיט זיין טאַט דעם פרייוויליקן קרבן פון זיין לעבן, פון זיין פרייהייט. נאָר דורכדעם, דאַכט זיך מיר, איז מעגלעך געווען צו רעכטפאַרטיקן דעם טעראָריסטישן אַקט פון רעוואָלוציאָנער.

ווו אָבער קענט איר געפינען דידאָזיקע אַלע עלעמענטן אין די פּחדנישע טשעקאַס, אין דער אומגלויבלעכער זעלישער אָרעמקייט פון זייערע פירערס?

אויב איר באַשיצט זיך (זיך, נישט דעם אַרבעטער־קלאַס!) דורכן דראַזיקן אָרגאַן, ווי משוגע־ווילדע, טאָ טאָרט איר נישט האָבן די העזה צו רײדן אין נאָמען פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום. די רעוואָלוציע באַזיצט אירע אייגענע זעלבסטשוץ־מיטלען. שוין די נאַטור אַליין פון אַ מאַסנאויפשטאַנד שטעלט אויף פאַר זיך גאַנץ אַנדערע געזעצן פון קאַמף, ווי די, וועלכע איר האָט אים אונטערגעוואָרפן. דאָס באַנוצן ראָבעספּיערישע פראַזן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס איז פאָרגעקומען מיט 150 יאָר צוריק אין אַ גאַנץ אַנדערע סביבה, איז נישט קיין אַרגומענט און נישט קיין רעכטפאַרטיקונג. און ראָבעספּיער גופא האָט דורך זיין טעראָר אונטערגעגראָבן און שווער געשעדיקט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע. אונזער פאַנטאַזיע קאָן זיך גאָר נישט אויסמאָלן, ווי גרויזאַם דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס פּויערטום (נישט איר!) וועלן מוזן באַצאָלן פאַר אייער דיקטאַטור מיט זייער לעבן און ערע. אויב עס זאָל אַמאָל צייטווייליק זיגן די נאַציאָנאַלפאַרזאַמלונג און עס זאָל זיך אָנהויבן דער טעראָר פון דער בורזשואַזיע, וואָס וועט דאַן דער געשלאָגענער און געשמידטער פּראָלעטאַריאַט קאָנען אַנטקעגנשטעלן דער רעאַקציע אַ חוץ באַנגעדריקונגס־געשרייען? צו וועלכע אידייען פון מאָראַל און הומאַניטעט וועט ער דאַן קאָנען אַפּעלירן? מען וועט אים שליידערן אין פּנים אַריין די זעלבע ברוטאַלע, נקמה־דורשטיקע, טריאומפירנדע ווערטער, וועלכע איר — איר, נישט דער פּראָלעטאַריאַט! — באַנוצט אין אייערע צייטונגען און פאַרזאַמלונגען, בעת איר האָט פיזיש די אויבערהאַנט. שוין צוליב דעם אַליין מוז דער אַרבעטער־קלאַס אייך פאַרבאָטן צו ווילדעווען אין זיין נאָמען, צו מיסברויכן דעם גרויסאַרטיקן באַגריף פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור פאַר די צוועקן פון אייער רויטן תלינעטום. די אַרבעטער און פּויערים מוזן הויך לאָזן הערן זייער רוף „נידער מיט דער טשעקאַ!“, — זיי וועלן עס נישט נאָר אויסרופן, זיי וועלן די טשעקאַס צעשמעטערן!

... דער אַרבעטער־קלאַס האָט ביז איצט דורכגעפירט זיין רעוואָלוציע אונטער דער אומבאַפלעקטער רויטער פאָן, וואָס איז רויט געווען פון זיין אייגן בלוט. אין זיין ליידן פאַר די העכסטע אידייען פון דער מענטשהייט איז געלעגן די גרויסע מאָראַלישע אויטאָרי־

טעט און הייליקייט פון זיין רעוואָלוציע. דער סאָציאַליסטישער גלויבן האָט זיינע וויסנשאַפטלעכע יסודות, אָבער קודם כּל האָט ער זיינע אידעאַליסטישע און איראַציאָנאַלע וואָרצלען. גלויבן אין סאָציאַליזם הייסט גלייכצייטיק גלויבן אין דער אידעאַלער צונויפ פון דער מענטשהייט, אין גוטסקייט, אמת און שיינהייט, אַז עס וועלן אָפּגעשאַפט ווערן אַלע פאָרמען פון געוואַלט, גלויבן אין ברידערלעכקייט אויף דער וועלט. און איצט האָט איר גענומען און דעמדאָזיקן גלויבן, וואָס האָט אָנגעצונדן ווי נאָך קיינמאָל נישט די נשמה פונם פאָלק, האָט איר פאַרוווּנדעט אין זיין וואָרצל. ווי איר וואָלט אַ שפּיי געטון אין אַ קינדער־נשמה.

איך פרעג, איך פרעג אייך, וואָס האָט איר געמאַכט פונם גרעניצלאָזן צוטרוי פון די מאַסן, וואָס איר האָט אַזוי גליקלעך צוזאַמען מיט אונז פאַרמאָגט אין 1917, ווי נאָך קיין שום רעגירונג אין דער וועלט? דערמאָנט אייך נאָר אינם 3־טן ראַטנקאָנגרעס, וואָס איז זיך צונויפגעקומען נאָכן פאַנאַנדערלאָזן די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. די האָרעפּאַשניקעס האָבן אָפּגעוואָרפן די עלנטע פרווון פון פאַרלאַמענטאַריזם — מיט דער טיפער רואיקייט פונם גלויביקן. זיי האָבן זיך אונז אָפּגעגעבן, ווי דאָס קינד גיט זיך אָפּ דער מוטער. צווישן אייך זענען דאָ גרויסע טאַלענטן און קעמפער פון טיפער איבערצייגונגס־קראַפט. און דאָך האָט איר פאַרראַטן די מאַסן, איר זענט באַגאַנגען אַ איינציקאַרטיקן פאַרראַט לגבי דער פּסיכאָלאָגיע פון די מאַסן! פאַרן ביסל גערעכטיקייט, וואָס איר האָט געוויזן דעם פאָלק און געהאָלפן פאַרווירקלעכן, האָט איר זיך גענומען אַן אומהיימלעכע מאַכט, האָט איר געפאָדערט, ווי דער גרויסאינקוויזיטאָר, די אַבסאָלוטע הערשאַפט איבער דער נשמה און דעם קערפּער פון די האָרעפּאַשניקעס. און ווען זיי האָבן אייך גענומען אַראָפּוואַרפן, האָט איר זיי געשמידט אין קייטן, כּדי צו באַקעמפן די כּלומרשטע „קאָנטר־רעוואָלוציע".

די מאַסן זענען כּמעט קיינמאָל נישט קאָנטר־רעוואָלוציאָנער. זיי זענען נאָר אָפט הונגעריק און באַליידיקט. אָבער אויך איצט וואָלטן זיי געקאָנט איבערטראָגן הונגער און קעלט און נאָך גרעסערע גרוילן פון דער אימפּעריאַליסטישער און ווייס־גוואַרדיסטישער בלאָקאַדע, האָפנדיק אויף בעסערע טעג, ווען די איראַציאָנאַלע

וואַרצלען פון זייער באַוועגונג וואָלטן נישט אונטערגעהאַקט געוואָרן. ווי גוט מען האָט דאָס געפילט גלייך נאָכן אָקטאָבער־חודש! די מעכטיקע קלעפּ פון דער פריִיִגעוואָרענער פאָלקס־סטיכיע האָבן צעשמעטערט אַלע שטערונגען פון דער מלוכה. אין דעם באַפרייִונגס־שטורעם פון די האַרעפּאַשניקעס האָט מען באמת אַרויסגעהערט שטימען פונם אורשפּרינגלעכן „אַלטן כאַאָס". בנאמנות, עס איז אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן די נייע געבורט פון דער מענטשהייט, א געבורט אין פרייהייט און קאַמף.

אין דער צייט צווישן מיין פריערער קאַטאָרגע און דעם איצטיקן אַרעסט, האָב איך געזאַמלט מאַטעריאַל וועגן דער פּאַרטייִ־אָנגעהעריקייט פון פּויערטום. אין דער פּויערים־סעקציע פלעגן קומען צו מיר טעגלעך א 30, 40, 50 פּויערים. און איך האָב באַמערקט, אַז אין די רייען פון די ל. ס. ר. זענען געגאַנגען די אָרימע און די אָרימסטע פּויערים, חוצדעם אויך גאַנצע דערפער פון רעליגיעזע סעקטאַנטן. א זייער כאַראַקטעריסטישער פאַקט. דער אינהאַלט פון די סאָציאַלע קאַמפן פון דער מענטשהייט איז דער קאַמף פאַר דער פרייהייט פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט. עס איז דעריבער נישט קיין צופאַל, וואָס די רעליגיעזע סעקטאַנטן, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט די פרייהייט פון זייער געוויסן מיט אומענדלעכע פּייניקן, קעמפן איצט אין אונזערע רייען. און אָט־די פּאַרטייִ ווילט איר פאַרניכטן מיט אַלע מיטלען. נאָר דערפאַר, ווייל מיר דענקען אַנדערש, ווייל מיר פאַרטיידיקן דאָס רעכט פון די מאַסן צו דענקען אַנדערש. זאָל די קאָנטער־רעוואָלוציע מאַרשירן, זאָל די בלאָקאַדע שליסן אַרום אונדז א רינג, וואָס גייט אייך דאָס אָן? איר וועט אַלץ מער פאַרקלענערן די צאָל פון די „אייגענע", איר וועט פּיבערהאַפט זוכן הכנעהדיקע, און אַלץ, וואָס איז פון אייך אומאָפּהענגיק, אָבער מיט דער רעוואָלוציע פאַרוואַקסן, וועט איר זיך באַמיען צו פאַרניכטן. ווער ווייס, אפשר געפינען מיר זיך איצט ערב ערנסטע אָדער נאָר אומדערהערט־פרייִדיקע געשעענישן אין אייראָפּע און אַזיע. איר אָבער שטעלט אַרויף אויפן סדר־היום פון דער רעוואָלוציע דעם פּראָצעס איבערן צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטייִ ל. ס. ר. און איבער מיך.

דעמאָזיקן פּראָצעס וואַרף איך איצט אָפּ, אפילו אַלס טריבונע

פאר אונזערע אידייען. אין די פארגאנגענע חדשים האט איר זיך אנטפלעקט אין דער גאנצער קראפט און פראכט. דעם געריכט פון אייער פארטיי איבער אונז און איבער מיך אנערקען איך נישט. אויב מיר מוזן שטיין פאר א טריבונאל, טא זאל ארויסטראגן דעם אורטייל איבער אונז דער דריטער אינטערנאציאנאל און די געשיכטע. אייער טריבונאל באשטייט פון פארטייליייט. אין נאמען פון פארטיי־דיסציפלין וועט ער דארפן באשטעטיקן דאס אלץ, וואס אייער פארטיי האט באשלאסן נאך אין יולי. איך ווייס, אז אין יולי האבן מיר נישט געוואלט ארויסווארפן די באלשעוויקעס, נאר אויספירן אן אקט פון אינטערנאציאנאלער באדייטונג. איך ווייס, עס איז דעמאלט נישט געווען קיין אויפשטאנד, נאר טיילווייז א סטיכישע זעלבסטפארטיידיקונג פון רעוואלוציאנערן קעגן דער פון צארן פארבלענדעטער רעגירונג. איך ווייס אבער אויך, אז דאס פארטיי־דיסציפלינירטע געריכט טאר נישט גלויבן דידאזיקע אלע פאקטן. אויב א טריבונאל וועט איצט נישט פעסטשטעלן אין אונזער אקציע קיין אויפשטאנד קעגן אייך, וועט ער דערמיט פאראורטיילן אייער צענטראל־קאמיטעט. גיכער וועלן טייכן צוריקשטראמען, איידער דאס וועט געשעען!

עס וועט קומען א צייט — און אפשר איז זי גאר נישט אזוי ווייט, — ווען אין אייער אייגענער פארטיי וועט זיך אויפהויבן א פראטעסט קעגן א פאליטיק, וואס דערשטיקט דעם לעבעדיקן גייסט אין דער רעוואלוציע. עס וועט קומען צו א קאמף אין דער פארטיי גופא. מען וועט ארויסזעצן די קארומפירטע מאכט־פארשיכורטע פירער, און עס וועט קומען צו א רייניקונג, צו אן אויפשטייג. און איך ווייס, אז מיט אזא באנייטער באלשעוויסטישער פארטיי וועלן מיר ווידער מארשירן אקסל ביי אקסל אין קווענקלעניישן.

איצט אבער וויל איך נישט אנטיילנעמען אין דער געריכטס־קאמעדיע, וואס איר איינסצעניזירט. אייער טשעקא קאן מיך שטעלן פאר אייער געריכט מיט צוואנג, זי איז אבער נישט אימשטאנד צווינגען מיך אנטיילצונעמען אין אים. איך האב צו לאנג פארבראכט אויפן טיפסטן גרונט פון לעבן, איך האב צו שטארק ליב די רעוואלוציע מיט אלע כחות פון מיין הארצן, איך זאל נאך קאנען מורא האבן פאר וואסער פיין עס איז און אפילו פארן טויט. נאר דורכן

טויט קאָנט איר באַזייטיקן מיך און מיין פּאַרטיי פון דער רעוואָלו־ציע. זי געהערט אונז, ווי מיר — איר. ווי די יידן באַזיצן נישט קיין אַנדער היים, אחוץ די, וו זיי זענען געבוירן געוואָרן, גוו זיי לעבן און שאַפן,אזוי באַזיצן אַניך מיר קיין אַנדער היים, ווי אין דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. ווי מען האָט באַשמוצט און פאַרפאָלגט די יידן, אזוי באַגייט איר זיך מיט אונז. אָבער פונקט ווי אין די נשמות פון די יידן האָט אויסגערייפט די צוקונפט פון דער מענטשהייט, אזוי רייפט אין אונזער באַוועגונג די באַניי־אונג פון סאָציאַליזם. די לינקע ס. ר. איז די איינציקע קאָנסעקווענ־טע און שטאַנדהאַפטיקע פּאַרטיי פון אינטערנאַציאָנאַליזם. א באַ־וועגונג פון ראַטן, וואָס זענען פריי געוויילט געוואָרן דורך פויערים און אַרבעטער. א באַוועגונג פון אומקאָמפּראָמיסלעכן קאַמף קעגן די רייכע און אונטערדריקער פון אַלע לענדער. א באַוועגונג, וואָס האָט זיך נישט באַפלעקט דורך קיין שום קאָאַליציעס מיט וואָסער ס'איז אימפּעריאַליזם, וואָס האָט זיך נישט באַשמוצט דורך קיין שום אָנווענדן דעם אַלטן געוואַלט־אַפּאַראַט פון דער בירגערלעכער מלוכה. דערדאָזיקער באַוועגונג פון לויכטנדן, מעכטיקן גלויבן אין סאָציאַליזם און אינטערנאַציאָנאַל — געהער די צוקונפט.

**מ. ספּירידאָנאָווא.**

קרעמל. נאָוועמבער, 1918

## V.

## אין האַלבער געפאַנגענשאַפט

דעם 27־טן נאָוועמבער איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס אין העכסטן טריבונאַל. ספּירידאָנאָווא איז דערשינען פאַרן טריבונאַל, זי האָט אין אָנהויב פון פּראָצעס אָפּגעגעבן א דערקלערונג. זי אָנערקענט נישט דאָסדאָזיקע געריכט פון איין פּאַרטיי איבער דער צווייטער; דער שטרייט פון די ל. ס. ר. מיט די באָלשעוויקעס קאָן אַנטשיידן ווערן בלויז דורכן דריטן אינטערנאַציאָנאַל. נאָך דער דערקלערונג האָט זי פאַרלאָזן דעם געריכטס־זאַל. דער אורטייל איז

ארויסגעטראָגן געוואָרן אין איר אָפּוועזנהייט: אַלע מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט (ווי קאָמקאָוו, פּראַשיאַן, מאַיאָראָוו און אַנדערע) זענען פאַרמשפט געוואָרן צו דריי יאָר תּפיסה מיט צוואַנג־אַרבעט, ספּירידאָנאָוואַ אָבער, „נעמענדיק אין אַכט אירע פאַרדינסטן פאַר דער רעוואָלוציע", צו איין יאָר תּפיסה.

אָבער די רעגירונג אַליין האָט געפילט, אַז אַ היסטאָרישן פּראָצעס קאָן מען נישט באַזייטיקן דורך אַן אורטייל פון געריכט. גלייך נאָכן פאַרענדיקטן געריכט, האָט זי באַשלאָסן אָנצוהייבן אַ שלום־אַקציע. זי האָט דאָך אינצווישן געהאַט דורכגעפירט צוויי באַדייטנדע מלוכה־אַקטן, וואָס זענען, לויט איר מיינונג, אַנטקעגנגעקומען ספּירידאָנאָוואָס פאָדערונגען. דעם 9־טן נאָוועמבער, בעת דער סעסיע פונם 6־טן ראַטנקאָנגרעס, האָבן די באָלשעוויקעס אָנגענומען אַ דעקרעט וועגן אויפלייזן די „קאָמבעדיס". די „קאָמבעדי", וואָס האָבן אַריינגעבראַכט דעם ברודערקריג אין די רייען פון האָרעפּאַשנעם פויערטום, וואָס האָבן דעם פאָלק געקאָסט אַזוי פיל בלוט און טרערן, האָבן שוין נאָך פינף חדשים דערפאַרונג געמוזט אויפגעלייזט ווערן. דעם 13־טן נאָוועמבער האָט די צענטראַלע ראַטנעקזעקוטיווע באַשלאָסן צו אַנולירן דעם אָפּמאַך פון בריסק. דידאָזיקע אַנולירונג האָט שוין אייגנטלעך דורכגעפירט נאָך פריער די דייטשישע רעוואָלוציע און די מיליטערישע מפּלה. אין מאָסקווע האָט מען אַנולירט בלויז אַ שטיקל פּאַפּיר. די רעגירונג האָט געגלויבט, אַז באַזייטיקנדיק די ביידע שטרייט־פראַגן, וועט זי קענען שאַפן אַ נייעם איינהייטס־פראָנט. צי וועט זי אָבער אויך קענען באַזייטיקן די פאַרוויסטנדיקע רעזולטאַטן פון יענע פעלערן?

ווען ספּירידאָנאָוואַ איז אָנהויב דעצעמבער באַפרייט געוואָרן פון תּפיסה, האָט זי דערזען פאַר זיך אַ פולשטענדיק פאַרענדערט בילד פון דער פּאַרטיי. די פּרעכטיקע הייזער און ברייטע רוימען, וואָס די פּאַרטיי האָט פריער געהאַט אין איר רשות, זענען מער נישט געווען. די ברייט־פאַרצווייגטע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט פון פריער איז איינגעשרומפּן געוואָרן ביז אויף עטלעכע האַלב־לעגאַלע צענטרען. די גרויסע טאָג־צייטונג אין מאָסקווע איז מער נישט דערשינען. מיט גרויס מי האָבן די פּראָווינץ־אָרגאַניזאַציעס אויפגעהאַלטן דעם קאָנטאַקט צווישן זיך. די פּאַרטיי איז ווי געשפּאַלטן

געוועז אויף אומצאָליקע זעלבשטענדיק־לעבנדע און אַטעמדיקע קערפּערס.

אינערלעך אָבער זענען זיי נאָך געווען פאַרבונדן. עס איז געגאַנגען די ידיעה, אַז ספּירידאָנאָווא איז פריי, כּדי אַריינצובלאָזן אין דער באַוועגונג נייעם מוט און ווילן צום קאַמף. ווי אַ פייער האָט זיך די דאָזיקע ידיעה פאַרשפּרייט אויך איבער אַלע מאָסקווער פאַבריקן און באַטריבן. ספּירידאָנאָוואָס ענערגיע, וואָס איז געווען געפּענטעט זייט חדשים, איז אויסגעבראָכן מיט טאָפּלטער קראַפט. אין אַן עלנטער וווינונג, אויפן פינפטן שטאָק, אין אַ פאַרוואָרפענעם עק שטאָט, איז איינקוואַרטירט געוואָרן דאָס ביוראָ פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. פון אַלע טיילן שטאָט, פון אַלע פּראָווינצן אין לאַנד האָבן זיך גענומען ציען פעדים צום דאָזיקן צענטער, ווו זיי זענען צונויפגעפלאָכטן געוואָרן אין אַ פעסטער פּאַרטיי־נעץ. דאָ, אין דער איינזאַלמער וווינונג, האָט אויסגעזען אומגעמיטלעכער, ווי אין קרעמל, אָבער ספּירידאָנאָוואָס אויגן האָבן געלויכטן פון פרייד און שטאָלץ. זי האָט געזען, ווי לעבעדיק עס איז די אונטערערדישע באַוועגונג. זי האָט אויפגענומען צענדליקער חברים, פּויערים — דעלעגאַציעס, מיליטערישע שליחים, שוץ־באַדערפטיקע. זי האָט אויסגעהערט באַריכטן וועגן דער לאַגע, זי האָט געפאָדערט דין־וחשבון פאַר דער פאַרגאַנגענער צייט, זי האָט זיך באַראַטן וועגן דער אַרבעט אויפצובויען די פּאַרטיי, זי האָט אַרויסגעגעבן דירעקטיוון, געטרייסט, געמונטערט. זי איז נישט געווען אַליין אין דער פיבערדיקער אַרבעט; זי איז געשטאַנען אינמיטן אַ קעמפער־גרופּע, וואָס האָט זיך געפונען אין צושטאַנד פון אַ פּערמאַנענטער זיצונג,

כּדי צו לייזן די שפּע אויפגאַבן, האָט מען געמוזט פאַרטיילן די וויכטיקסטע חברים איבער די פּראָווינצן פון לאַנד. אין דער ערשטער ריי זענען געשטאַנען יענע געביטן, וואָס האָבן זיך אָקאָרשט באַפרייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. קיין מינסק איז געפאָרן איזמאַילאָוויטש, וואָס האָט אָנגעהויבן אין יענער שטאָט איר רעוואָלוציאָנער לעבן. קיין ווילנע, קאָוונע זענען געפאָרן אומלעגאַל אַ ריי פירנדע חברים מיט קאַמקאָוון בראש. אין גרעסערע גרופּן זענען די ל. ס. ר. צעגאַנגען קיין אוקראַינע, ווו עס האָבן זיך אָפּ־

געשפילט וויכטיקע געשעענישן. נאכדעם ווי די דייטשן האבן פא־
פרייט דעם באזעצטן געביט, האבן זיך געמאלדן צוויי פרעטענדענטן
אויפן צוטרוי פון די מאסן. פון דרום האט מארשירט פעטליורא
מיט א סאציאליסטישער פראגראם, און פון צפון דער באלשעוויזם
מיט א סאציאל־דיקטאטארישער. די ל. ס. ר. האבן געאיילט קיין
אוקראינע, כדי אפצוראטעווען די ראטנאידייע פון פארקריפלונג,
כדי צוזאמען מיט די מאסן אויפצובויען פריע סאציאליסטישע
ראטן. זיי האבן געוואלט פארשפארן די אוקראינישע, ליטווישע און
ווייסרוסישע מאסן די ביטערע דערפארונג גרויס־רוסלאנדס.

עס איז געגרינדעט געווארן א פארלאג און א צייטשריפט; מען
האט געפלאנט און ארגאניזירט א טאג - צייטונג. פון די מלוכה־
אינסטאנצן האט מען מער נישט באקומען קיין איין גראשן, — די
געלט־מיטלען האבן געמוזט פרייוויליק שאפן די ארבעטער. דאס
וויכטיקסטע איז אבער געווען: צונויפרופן א פארטיי - ראט. אין
דעצעמבער איז זיך צונויפגעקומען די קאנפערענץ אינם אייזקאלטן
פארטיי־ביורא. 55 פארשטייער פון כמעט אלע רוסישע גובערניעס
האבן זיך בעראטן וועגן נייעם אפשניט פון דער רעוואלוציע.

עס איז געווען א שרעקלעך־שווערע לאגע. אין צענטראל־
איראפע האט ווייטער געפלאקערט דאס פייער פון מרידה, צי איז
דאס אבער געווען דער פלאם פון דער וועלט־רעוואלוציע? דער
דייטשישער פראלעטאריאט, געשפאלטן אין דריי פארטייען, האט
זיך געפונען אונטערן שווערסטן דרוק פון זיין לאנגער רעפארמיס־
טישער פארגאנגנהייט. דערהאזיקער דרוק, פארבונדן מיטן דרוק פון
די זיגער־מלוכות, האט אויפגעהאלטן דעם רעוואלוציאנערן שוואונג פון
די דייטשישע ארבעטער. ביי דער אנטאנט־ארבעטערשאפט האט גע־
הערשט דער נאיווער גלויבן אין די הומאניסטישע פראזעס פונם פעל־
קער־בונד און פון דער ווילסאן־פראגראם. די דורכגעפירטע וואלן אין
ענגלאנד האבן דער סאציאלער און פאטריאטישער רעאקציע געגעבן
אויך אן איינערלעכן נצחון. די אנטאנט האט זיך געגרייט צו פאר־
ניכטן ראטנרוסלאנד דורך אן אינטערווענץ. דאס האט געשטארקט
דעם פראנט פון דער אינערלעך־רוסישער קאנטר־רעוואלוציע. זי
האט זיך געקליבן צו מאשירן פון סיביר. מען האט איר געמוזט

אנטקעגנשטעלן אן אינערלעך־געפעסטיקט און פריי־ראטן־רוסלאנד.
ווי אבער האט עס אויסגעזען אין לאנד?

דער ראט פון די ל. ס. ר. האט נאכאמאל אונטערגעשטראכן זיין אומדערשיטערלעכן גלויבן אין דער וועלט־רעוואלוציע, אבער געווארנט פאר „פאלשע אילוזיעס" אויפן ראזיקן געביט. דער עיקר אויפגאבע ליגט נאך, ווי פריער, אין רוסלאנד, דא מוזן אריינגעטראגן ווערן קארדינאלע ענדערונגען. איינשטימיק זענען אנגענומען געווארן פאלגנדע פאדערונגען:

צוריקשטעלן די פרייע ראטן! ווײלן אויפסניי אלע ראטנבאאמטע פון אונטן ביז אויבן! אפשאפן טויט־שטראף און די טשעקאס! פולע פרייהייט פון ווארט, שריפט און פארזאמלונגען פאר רעוו. סאציאליסטן! פארווירקלעכן און קאמפראמיסן די סאציאליזאציע פון דער ערד! סאציאליזירן די פאבריק־אינדוסטרי! אפשאפן דאס רעקוויזיציע - מיליטער אין די דערפער! אומקאמפראמיסלעכער קאמף קעגן אימפעריאליזם פון אלע לענדער! אפשאפן די קאזארמע־סיסטעם אין דער רויטער ארמיי! פרייהייט פון שעפערישן גייסט אין דער שולע, וויסנשאפט און קונסט! עס זענען ניי פארמולירט געווארן די ווירטשאפטלעכע פראגראמען פאר לאנדווירטשאפט און אינדוסטרי. סאציאליזאציע האט פון איצט אן געדארפט באדייטן: איבערגעבן די פראדוקציע פון די הענט פון דער ראטן־מלוכה אין די הענט פון די אינדוסטרי־פארבאנדן (אין דער שטאט) און די פויערים־פארבאנדן (אין דארף). א פעדעראטיווע צענטראלע פון פארבאנדן דארף פארבינדן אלע פראדוצענטן פון לאנד אין איין הארמאנישער איינהייט. דער קאנסום, די פארטיילונג פון די פראדוקטן, זאל דורכגעפירט ווערן בלויז דורך קאאפעראטיוון, וואס דארפן פאראייניקט ווערן אין איין פעדעראטיווע צענטראלע פון אלע קאנסומענטן אין לאנד. דער קאנסום און די פראדוקציע זענען אין סאציאליסטישן לאנד גלייך וויכטיק, און זיי מוזן דעריבער באהערשן די ווירטשאפט אין א פארבונדענער איינהייט. דא פריי־פראדוצירנדע און קאנסומירנדע פאלק וועט זיך ביסלעכוויז באפרייען פונם דרוק אויך פון א ראטן־מלוכה.

אבער די ראזיקע מלוכה האט עקזיסטירט, און די ל. ס. ר. האבן געשפילט אויף יעדן שריט און טריט איר לויערנדיקן בליק.

זיי האָבן געזען, אַז זיי האָבן נישט קיין ריכטיקע לעגאַליטעט, ווייל די מאַכט־מיטלען זענען געלעגן ביי די באָלשעוויקעס. דעריבער האָט זייער פּאַרטיי־ראַט דערקלערט: „אונזער באַוועגונג ווערט נאָך אַלץ אומבארחמנותדיק פאַרפאָלגט. מיר מאַכן דעם לעצטן פּרוּוו צו זיכערן אונזערע רעכט אויף פרייער עקזיסטענץ. מיר אַפּעלירן צו די אַרבעטער־מאַסן פון רוסלאַנד און אייראָפּע. אויב אונזערע רעכט וועלן ווידער פאַרגוואַלטיקט ווערן, דאַן מוז דער נאָנטסטער פּאַרטיי־ראַט געפינען נייע וועגן פון זעלבסטשוץ".

דורך באַגנעדיקן ספּירידאָנאָוואַן האָט דער באָלשעוויזם נישט דערגרייכט די קאַפּיטולאַציע פון די ל. ס. ר. פּאַרקערט: זיי האָבן זיך געפילט זעלבשטענדיקער ווי ווען־נישט־איז. פּאַקטירן מיט די באָלשעוויקעס דירעקט פון פּאַרטיי צו פּאַרטיי, נישט מאַכנדיק זעלבשטענדיק און מאַכטפול די מאַסן, וואָלט געהייסן שטאַרקן די עקזיסטירנדיקע סיסטעם און אָפּנאַרן די מאַסן. דער באָלשעוויזם איז געווען שטאַרק אַ דאַנק די מאַכט־מיטלען פון דער מלוכה; די דאָזיקע מאַכט־מיטלען דאַרפן אומגעקערט ווערן די האָרעפּאַשניקעס גופא, כדי די ראַטן־פּאַרטייען זאָלן קאָנען שליסן צווישן זיך נייע אָפּמאַכן. די ל. ס. ר. האָבן אוממענטשלעך געליטן נישט צוליב דעם, כדי ווידער צו שטיצן די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי־דיקטאַטור אָדער אויפצוריכטן אַן אייגענע דיקטאַטור. איז אויך געווען דער זין פון ספּירידאָנאָוואַס „אָפענעם בריוו".

* * *

און דאַן האָט זיך אָנגעהויבן יענע באַרימטע מיטינג־קאַמפּאַניע, וואָס האָט וואָכנלאַנג געהאַלטן מאָסקווע אין דער גרעסטער שפּאַנונג. איניקע באַטריבן האָבן געבעטן ספּירידאָנאָוואַן צו ריידן פאַר זייער אַרבעטערשאַפט. אירע ווערטער און איר אַרט ריידן זענען באַקאַנט געוואָרן אין גאַנצן פּראָלעטאַרישן מאָסקווע. אינגיכן האָבן אומצאָליקע גרעסערע און קלענערע פאַבריקן און באַטריבן באַוואָרפן ספּירידאָנאָוואַן מיט בקשות אַרויסצוטרעטן ביי זיי. זי האָט מער נישט געהאַט קיין איין פרייען אָוונט. די פאַבריק־קאָמיטעטן פלעגן שיקן צו איר די אויטאָס פון די פאַרוואַלטונגען, כדי זי זאָל צוברענגען שנעלער אין די ווייט־אָפּגעלעגענע פאַבריק־

בנינים, ווו עס האָבן געוואַרט אויף איר טויזנטקעפּיקע פאַרזאַמלונ־
גען. די אַרבעטער־שליחים האָבן זי גערופן נישט „חברטע ספּירי־
דאָנאָווא״, נאָר אינטימער און האַרציקער: מאַריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ.
דאָס איז געווען מער ווי פּאָליטישע סאָלידאַריטעט. דאָס איז געווען
ליבע און כמעט ווי קינדישע צוגעבונדנקייט. ספּירידאָנאָווא האָט
נישט אָפּגעזאָגט קיין איין פאַרזאַמלונג. די טעמע פון אירע מוטיקע
און אָפענע רעדעס איז געווען דער אינהאַלט פון איר „אָפענעם
בריוו צו די באָלשעוויקעס״. זי האָט נישט באַקומען קיין אָפיציעלן
ענטפער אויפן בריוו, זי האָט אויך נישט געקאָנט אַרויסטרעטן אין
די העכסטע ראַטן־אינסטאַנצן, האָט זי איבערגעטראָגן איר שטרייט
פאַר דער רעוואָלוציע אין די מאַסן־פאַרזאַמלונגען, ווו זי פלעגט
אַרויספאָדערן די פאַרשטייער פון דער רעגירונג. זאָלן זיי זיך פאַר־
ענטפערן פאַר די מאַסן.

דאָס זענען געווען אומפאַרגעסלעכע פאַרזאַמלונגען. טויזנטער
מענער און פרויען פון מאָסקווער פּראָלעטאַריאַט הערן אויס מיט
דער טיפסטער אויפמערקזאַמקייט ספּירידאָנאָוואַס רעדעס. ספּירי־
דאָנאָווא שילדערט די פאַקטן און פּראָצעסן, וואָס שפּילן זיך אָפּ
אין לאַנד. זי האַלט אין די הענט ציַיטונגען, באַריכטן, דאָקו־
מענטן. זי רופט אָן די גובערניעס, קרייזן, דערפער, ווו דאָס
פאָלק ווערט כסדר באַעוולט. זי גיט אָן נעמען פון איינצלנע קאָ־
מיסאַרן און טשעקאָס, ווו עס ווערן באַגאַנגען די ערגסטע פאַר־
ברעכנס קעגן דעם קערפּער און דער נשמה פון די האָרעפּאַשני־
קעס. זי רופט אָן די שטעט, ווו מען „האָט דורכגעפירט וואַלן אין
די ראַטן דורך שוחד אָדער דורך אַרעסטירן קאַנדידאַטן.״ זי
רופט אָן נעמען, דאַטן, פאַקטן, און פאָדערט אויף די אָנוועזנ־
דיקע באָלשעוויקעס צו קאָנטראָלירן אירע מיטטיילונגען. דער
זאַל ציטערט פון אויפרעגונג און וויַיטאָק ביים אויסרעכענען די
פאַקטן, וואָס בילדן צוזאַמען אַ שוידערלעך בילד. פון פאַקטן
מוזן געמאַכט ווערן אויספירן. ספּירידאָנאָווא שטעמפּלט דעם
רעזשים, וואָס פאַרקנעכטעט די ברייטע מאַסן אונטערן צייכן פון
אַ ראַטן - מלוכה. איז דען דאָס סאָציאַליזם?.. איז דען דאָס
רעוואָלוציע?.. איר קליינע געשטאַלט שיינט צו וואַקסן פאַר
אַלעמען אין די אויגן, אירע פויסטן באַלן זיך צונויף, איר שטים

דונערט דורכן זאַל מיט אומדערהערטער קראַפט. ווי אַ סאָוואָנאַ־ראָלאַ שטייט זי אויף דער טריבונע און דערקלערט אַן אומקאָמ־פּראָמיסלעכן קאַמף קעגן אַלע אָפענע פיינט און אַלע פאַלשע פריינט פון אָרעמען פאָלק.

דאָס פייער, וואָס ברענט אין איר, וואַרפט זיך אַריבער אויפן זאַל. נישט געקוקט דערויף, וואָס די פאַרזאַמלונג איז פול מיט טשעקיסטן און געהיים־אַגענטן, באַגלייט זי ספּירידאָנאָוואַן מיט יובל.די פירנדע באָלשעוויקעס זיצן מיט פאַרצערטע פּנימער. זיי מעלדן זיך צום וואָרט, כּדי אָפּצוּווערן דעם געוואַלטיקן אָנגריף. זיי האָבן אָבער קיין גליק נישט, די אַרבעטער הערן זיי קוים אויס. בוכאַרינען, דעם רעדאַקטאָר פון „פּראַוודאַ'', סמידאָוויטשן, פאָר־זיצער פון מאָסקווער ראַט, הערט מען נישט אויס. מען גיט זיי אַ קורצע צייט צום רעדן, אָבער מען ליאַרעמט און מען פּראָטעס־טירט כּסדר. זיי מוזן אַוועקגיין מיט גאָרנישט. איינער פון די באָלשעוויסטישע פירער דערשיינט אין דער אוניפאָרם פון אַ רויט־אַרמייער־אָפיציר און טרעט אַרויס קעגן ספּירידאָנאָוואַן. ווייל דורך איר קריטיק פון דער קאַזאַרמע באַליידיקט זי „אונזער העלדישע אַרמייי. פול עמפּערונג ענטפערט איר ספּירידאָנאָוואַ: איר זענט שוין אַזוי ווייט פאַרקראָכן, אַז איר באַנוצט שוין אַפילו דעם דאָזיקן סקאַרבאָוון סטיל פון אַלטן רעזשים! אירע ווערטער פאַלן אין זאַל, ווי קלעפּ, דער זאַל נעמט זי אויף מיט יובל...

ספּירידאָנאָוואַ פלעגט פאַרלאָזן די מיטינגען אין דער באַ־גלייטונג פון צאָלרייכע אַרבעטער. אירע אויגן פלעגן גלאַנצן פון שטאָלץ איבער די איבערגעלעבטע שעהן. דאָך איז געלעגן איבער דידאָזיקע מיטינגען אַ געפיל פון טרויער. עס איז געווען קלאָר: אין די פאַרזאַמלונגען ווערן די פראַגן נישט געלייזט. ספּירידאָ־נאָוואַ אַפּעלירט צו די מאַסן און די מאַסן זוכן ביי איר שוץ. די אמתע מאַכט ליגט אָבער אַנדערשוווּ.

נישט תמיד זענען דאָס געווען שטורמישע מיטינגען. עס זענען אויך געווען שטילע צונויפטרעפונגען. די נאַכט אויפן נייעם יאָר (1919) האָט ספּירידאָנאָוואַ פאַרבראַכט מיט אייניקע פריינט צווישן ל. ס. ר.־אַרבעטער און זייערע פאַמיליעס. מ׳זי איז

געזעסן אין אַן אַרבעטער - שענק אין עק שטאָט. ווען עס האָט געשלאָגן די שעה פון ניי־יאָר, האָט מען ספירידאָנאָוואַן אויפגעפאָדערט צו רעדן. זי איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן שאַנק־טיש. דאָ זענען נישט געווען קיין פּאָליטישע קעגנער, קיין דעבאַטן. זי האָט גערעדט נישט וועגן פּאָליטיק, נאָר וועגן זיטלעכן יסוד פון סאָציאַליזם... עס זענען דאָ אַ סך, זייער אַ סך סאָציאַליסטן, אָבער וויפל פון זיי גיבן זיך אָפּ אַ דין־וחשבון, וואָס עס פאָדערט פון זיי דאָס וואָרט זיין אַ סאָציאַליסט... „מענטשנברידער", מענטשן זאָלן לעבן ווי ברידער. אָבער מיר לעבן דאָך אַלע צווישן זיך, ווי די חיות, ערגער ווי חיות... מיר קעמפן פאַר ווילשטאַנד, פאַר מאַטעריעלע צוועקן, אָבער איז דען דאָס דער צוועק פון סאָציאַליזם? וואָס באַדייט פאַר אונז דאָס מאַטעריעלע גליק, ווען עס שטייט נישט הינטער אים דער גרויסער גייסט פון מענטשנליבע?.. מיר באַקעמפן די אונטערדריקונג פונם אַרבעטער דורכן קאַפּיטאַל. און ווי אָפט און שמערצלעך דערנידעריקן און פאַרפאַלגן מיר דעם אַרבעטער אין אונזערע רייען? קיין שום רעוואָלוציע וועט אונז נישט העלפן, אויב מירן נישט פלעגן אין זיך מער פריינטשאַפט, מער אויפמערקזאַמקייט און פעאיקייט מוחל צו זיין... מען מוז אָפטמאָל צונויפנעמען אַלע כחות פון דער נשמה, כדי נישט צו פאַרצווייפלען אין אונזער זאַך... ווער ווייס, אפשר ליגט אויף אונז, די רוסישע נאַראָדניקעס, די מיסיע צו באַנייען די דאָזיקע אידייע אינם וועלט־סאָציאַליזם. מיר וועלן דאָרט, אין דער גרויסער וועלט, זיכער שטיין איינזאַם, אָבער עס לוינט זיך... מיר האָבן פיל געליטן, פיל באַגריפן... דאָס נייע יאָר וועט פון אונז אויך אַ סך פאָדערן...

אין צימער האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, ווען ספירידאָנאָוואַ האָט געענדיקט. די קליינע געמיינדע האָט זיך געפילט נאָך מער פאַרבונדן ווי פריער. מען איז געבליבן צוזאַמען אַ גאַנצע נאַכט, מען האָט זיך געזעגנט מיטן געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל". די ווינטער־נאַכט איז שוין פאַריבער, אויף די לייד־יקע גאַסן האָט געשטראַלט דער ווייסער מאָרגן־שניי. דער גייסטער נומער „פראַוודאַ", וואָס די חברים האָבן גענומען אין די הענט, האָט אַנטהאַלטן די פּראָגראַם פון דייטשישן ספּאַרטאַקוס - בונד.

וווּנדערבאַרע ווערטער, פול מיט עכטן סאָציאַליסטישן גייסט. „אין די בירגערלעכע רעוואָלוציעס איז בלוט־פאַרגיסונג, טעראָר, פּאָליטישער מאָרד געווען דאָס נויטווענדיקסטע געווער אין די הענט פון די אויפשטייגנדע קלאַסן. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע נויטיקט זיך נישט פאַר אירע צילן אין קיין שום טעראָר, זי האַסט דעם מענטשנמאָרד, עס עקלט איר פון איסיי. דאָס האָבן געשריבן קאַרל ליבקנעכט און ראָזאַ לוקסעמבורג. זעגען די לינקע ס. ר. פאָרט נישט געשטאַנען אַליין אין דער וועלט.

דידאָזיקע טיפע פאַרבינדונג פון רעוואָלוציאָנערן האָט געזאָלט אינגיכן פאַרטיפט און אויסגעברייטערט ווערן: עס איז געפּלאַנט געוואָרן א בריוו צו קאַרל ליבקנעכטן. דער 15־טער יאַנואַר האָט א סוף געמאַכט צו דידאָזיקע פּלענער: די ביידע העראָען פון סאָציאַליזם זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורכן בירגערלעכן טעראָר.

* * *

סוף יאַנואַר איז דערשינען אין מאָסקווע דער ערשטער נומער פון דער לינקער סאָצ.־רעוו. צייטשריפט „זנאַמיאַ“, וואָס איז רעדאַגירט געוואָרן אויך דורך ספּירידאָנאָוואַן. אירער אַן אַרטיקל האָט געטראָגן דעם נאָמען: „ראַטעוועט אירינאַ קאַכאָווסקאַיאַן!“ קאַכאָווסקאַיאַס לעבן איז נאָך אַלץ געווען אין סכּנה. דאָס דייטשישע מיליטער האָט געמוזט פאַרלאָזן אוקראַינע; אין דער שפּיץ פון מורדישע פּויערים איז פּעטליוראַ אַריין אין קיעוו. קאַכאָווסקאַיאַ אָבער איז נישט באַפרייט געוואָרן. זי איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער לוקיאַנאָווער תּפיסה, אין רשות פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעגירונג. אין דערדאָזיקער תּפיסה איז געווען א בונטע געזעלשאַפט: אָנהענגער פון אַטאַמאַן סקאָראָפּאַדסקי, רוסישע פּאָגראָם־העלדן, צאַרישע שפּיאָנען, באָלשעוויקעס, לינקע סאָצ.־רעוו. די פּעטליורישע זעלנער זענען געווען אויסערגעוויינלעך פיינטלעך געשטימט קעגן אַלע אַרעסטירטע. „פאַר דער טיר פון אונזער צעלע — האָט שפּעטער געשריבן קאַכאָווסקאַיאַ — האָבן מיר אויסגעמעקט די אויפשריפט „פּאָליטישע“, און אויפגעשריבן „קרימינעלע“. אַזוי איז

געווען בעסער פאר אונז, ווייל אוונטציייט פלעגן זיך ארייגרייסן אין די קארידארן מחנות זעלנער און ברילן: „מיר וועלן זיי ווייזן א העמדאן און ראטן!"

די ארבעטערשאפט האט פארשטאנען קאכאוווסקאיאס גע־פערלעכע לאגע. אין די קיעווער באטריבן האבן זיי געפאדערט איר באפרייאונג. דער אלאוקראאינישער פויערים־קאנגרעס האט געפא־דערט דאסזעלבע. אין איר אליארם־ארטיקל האט ספירידאנאווא געשריבן: „דער רוסישער פראלעטאריאט מוז אויפהויבן זיין שטים צו קאכאוווסקאיאס שוץ. עס וואלט געווען אן אומאויס־לעשלעכע חרפה פארן רוסישן, דייטשישן און אוקראאינישן פרא־לעטאריאט, ווען די פארטרעטער פון זייערע וויכטיקסטע אינטע־רעסן וואלטן געמארדעט געווארן דורך די תליינים פונם ארץ־פגנע־וואריפענעם אימפעריאליזם!"

סוף יאנואר, ערב דער באלשעוויסטישער דערארבערונג פון קיעוו, איז קאכאוווסקאיא נאך לאנגער מי באפרייט געווארן דורך אירע פריינט, וואס זענען ספעציעל צוליב דעם ארײַנגעקומען אהין... אין אפריל 1919 זענען פארן רעוואלוציאנערן טריבונאל אין קיעוו געשטאנען דאנסקאיס תלין און די איבעריקע אנטייל־נעמער אין דער עקזעקוציע איבער אים. דאס באלשעוויסטישע געריכט האט דעם תלין פארמשפט צום טויט. די לינקע ס. ר. האבן ענערגיש פראטעסטירט קעגן דערשיסן א נעבעכדיקן ארעס־טאנט, וואס האט געהאנדלט אויפן באפעל פון דייטשישן מילי־טער. אין א פלוג־בלאט האבן זיי דערקלערט, אז דערדאזיקער נקמה־אקט פון א מלוכה שענדעט דאנסקאיס אנדענקען.

* * *

סוף יאנואר האט די באוועגונג איבערגעלעבט א שווערן קלאפ: פראשיאן איז געשטארבן. דערדאזיקער גליענדער רעוואַ־לוציאנער האט אויסגעפירט די העכסטע פונקציעס זייט דעם אויסברוך פון דער אקטאבער־רעוואלוציע. ער איז געווען פאלקס־קאמיסאר; ער איז געווען אין יענעם פינפער־קאלעגיום, וואס האט איבערגענומען די אנפירונג פון לאנד אין די שווערע טעג פון בריסק; ער האט געהערט צו די גרינדער פון דער פרייוויליקער

רויטער ארמיי. צווישן די לינקע ס ר. איז ער געווען דעריעניקער, וואס האט אמאמייסטן געארבעט פאר דערנענטערן זיך — און אפילו צונויפגיסן זיך — מיט די באלשעוויקעס. אבער די יולי־געשעענישן האבן אים איינגאנצן געענדערט. אין דער שטעלונג פון די באלשעוויקעס צום אימפעריאליזם, אין דער טעראר־פאליטיק, האט ער איינגעזען א פארראט קעגן סאציאליזם. מיט דערזעלבער קראפט, מיט וועלכער ער האט פריער מארשירט צוזאמען מיט די באלשעוויקעס, האט ער איצט אנגעהויבן א קאמף קעגן זיי. ער האט מוותר געווען אויף אלע באקוועמלעכקייטן, וואס ער האט נאך אקארשט גענאסן אלס פירנדער מאן אין דער רעפובליק און אין דער פארטיי. ער האט זיך אראפגעלאזן אין די טיפענישן פון די מאסן, כדי אויפצוועקן זיי צום שוץ פון דער רעוואלוציע. ער האט אומלעגאל אויסגעמאסטן דאס לאנד אין דער לענג און אין דער ברייט, אין די שווערסטע באדינגונגען, אפטמאל אן א באן־בילעט, אנגעטשעפעט אין די בופארן, ער האט זיך אומעטום צוגעהערט צו די רייד פון די פויערים און ארבעטער און פול מיט באגייסטערונג געשריבן צו ספירידאנאוואן: „די רעוואלוציע לעבט, מארוסיא, זי לעבט אינם הארץ פון הארעפאשניק. נישט געקוקט אויף קעלט, הונגער און פארביטערטקייט, באגרייפן זיי אלץ און וועלן זיך נישט אנטרויען דעם חסד פון דער נאציאנאל־פארזאמלונג. זיי האבן ליב די אידייע פון די ראטן און זיי ווייסן, וואסער לעבנס־פארם זיי ווילן אויסבויען פאר זיך. ווי ליב איך האב זיי און סארא געוואלטיקן צושטראם פון ענערגיע זיי שענקען מיר!"

אלס מיטגליד פון צענטראל־קאמיטעט פון די לינקע ס. ר. האט אים דער העכסטער טריבונאל פאר די יולי־טעג 1918 פארמשפט אויף דריי יאר תפיסה מיט צוואנגס־ארבעט. צוריקקומענדיק קיין מאסקווע האט ער געלעבט אין טיפסטער אומלעגאליטעט. הגם שוין אנגעגריפן אין געזונט דורך די שווערע רייזעס, האט ער דאך אומדערמידלעך געפירט די פראפאגאנדע־ארבעט פון דער פארטיי. דעם טראמוויי האט ער וואס ווייניקער געוואלט באנוצן, פלעגט ער זיך דעריבער שלעפן צו פוס פון איין עק שטאט אין דער צווייטער. אין יענעם ווינטער איז געווען ביטער

קאַלט, אָבער פּראָשיאַן, וואָס האָט געהאַט אין זיינע הענט געגוג פּאַרטיי־געלטער, האָט זיך נישט דערלויבט צו קויפן אַ וואַרעמען מאַנטל. ביז ער איז געפאַלן אַ קרבן פון אַ טיפוס־אינפעקציע. אונטער אַ פאַלשן נאָמען האָבן אים חברים אַוועקגעפירט אין אַ אָרעמען שפּיטאָל. זיינע ליידן זענען געווען שרעקלעך. אַלע באַמיאונגען פון די דאָקטוירים און פריינט האָבן נישט געהאָלפן. די לעצטע טעג איז ער נישט געווען ביים פולן באַוואוסטזיין. נאָך אין די לעצטע שעהן האָט ער אַרויסגעגעבן פון זיך קלאַנגען פון אַ רעוואָלוציאָנער ליד. און דאַן איז ער געשטאָרבן אַ 35־יאָריקער, וואָס האָט געלעבט נישט איין לעבן — נאָר דריי. עס איז אוממעגלעך געווען צו באַגרייפן דעם געדאַנק, אַז עס לעבט שוין נישט מער דערדאָזיקער מענטש, וואָס איז פול געווען מיט אומגעצווימטן האַס קעגן טיראַניע און אומגעצווימטער ליבע צו מענטשן, וואָס איז פול געווען מיט צאַרטקייט און קראַפט.

די פּאַרטיי פון די לינקע ס. ר. האָט זייער ווייטאָקדיק איבערגעלעבט פּראָשיאַנס טויט. דאָס איז געווען דער ערשטער שווע־רער פאַרלוסט אין די רייען פון אירע יונגע פירער. דורך פלוגבלעטער האָט זי געמאָלדן די טרויעריקע ידיעה דער מאָסקווער אַרבעטערשאַפט. די רעגירונג האָט זיך געהאַלטן אין אַ זייט. לעניז האָט אין טאָג פון דער קבורה פאַרעפנטלעכט אַ הספד אין דער „פּראַווראַ”. אין דאָזיקן אַרטיקל האָט ער געלויבט פּראָשיאַנס רעוואָלוציאָנערע פאַרדינסטן און פאַרענדיקט מיטן באַדויערן, וואָס צום סוף פון זיין לעבן האָט ער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קעגנער פון די קאָמוניסטן, דער „איינציק־רעוואָלוציאָנערער” פּאַרטיי. פּראָשיאַן וואָלט געוועזט אָפּגעוואָרפן דידאָזיקע שבחים. ער איז געווען אַן אומקאָמפּראָמיסלעכער סאָציאַלער מורד און ער האָט עס באַוויזן דורך זיין קאַמף און זיינע ליידן אונטער דריי רעזשימען: אין דער צאַרישער קאַטאָרגע, נאָך די יולי־טעג אין דער קערענסקי ־ צייט, נאָך די יולי ־ טעג אין דער עפּאָכע פון באָלשעוויזם. פּראָשיאַן האָט געהערט צו אַ אידייען־וועלט, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט פאַרמישן מיט דידאָזיקע אַלע רעזשימען.

אין טאָג פון דער לוויה האָט אין די גאַסן פון מאָסקווע געברויזט אַ וויכער. אַ אייזיקע קעלט האָט דורכגעדרונגען די מאַסן

חברים און פּאַרטיי־לאָזע אַרבעטער, וואָס זענען געקומען באַגלייטן פּראָשיאַנען. די גאַסן זענען געווען פּוסט, די רעגירונגס־פּאָליציי האָט זיך באַהאַלטן אין שאָטן. נאָר די טענער פון רעוואָלוציאָנערן טרויער־מאַרש האָבן כּסדר געשאַלט פריש און טראָציק פון די רייען פון טרויער־צוג. דער ווינט האָט פאַרצווייפלט געשוואָיעט און ווי געריסן אין שטיקער די פענער. דער טאָג האָט געהאַלטן אין פאַרגיין, ווען מען האָט פּראָשיאַנען אַריינגעלייגט אין קבר. ספּירידאָנאָווא, וואָס האָט פאַרלאָרן אין אים מער ווי אַ פּאַרטיי־פריינט, האָט געהאַלטן די געזעגנונגס־רעדע מיט אַ אומגעווייַנלעך־קלאָרער שטימע: „מיר האָבן אין אים פאַרלאָרן אַ קראַפט פון אומגעהויערן ווערט. אַ פאַרשטאַנד, איניציאַטיוו און פאַרנעם, דרייסטקייט פון דענקען און האַנדלען. נאָך דער צעשמעטערונג פון דער פּאַרטיי איז ער אַזוי אָפט געווען איר איינציקער פּאָליטישער פירער און ער האָט באַוויזן וווּנדער. די אידעישע פעסטקייט פון דער פּאַרטיי איז געווען באַזונדערס זיין פאַרדינסט. ער האָט אונז כּסדר געוואָרנט נישט צו פאַרווישן אונזערע פּרינציפּיעלע חלוקי־דעות מיט די באָלשעוויקעס. אַנישט וועלן די מאַסן פאַרלאָזן נישט נאָר אונז, נאָר אויך די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע. עס מוז עקזיסטירן אַן אומאָפּהענגיקע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, כּדי ווייטער צו טראָגן אומבאַפלעקט די פאָן פון סאָציאַליזם. פּראָשיאַן האָט געדינט דער באַפרייאונג פון דער ליידנדער מענטשהייט ווי ווייניקע צווישן אונז. לאָמיר אים ווערט זיין. שלאָף, טייערער!״

דער שטורמווינט איז שטיל געוואָרן, ווען די חברים זענען געגאַנגען צוריק פון קבר. אין יענער טרויער־שעה ביים קבר האָבן זיי געשעפּט נייעם מוט צו די קרבנות, וואָס די צוקונפט וועט פאָדערן פון זיי. ווייל זיי האָבן געוווסט: די רעגירונג שטרעקט אָפּן אויס איבער זיי איר באַוואָפנטע האַנט. זי איז געווען טיף באַאומרואיקט פון די מיטינגען פון די לינקע ס. ר. אין מאָסקווע, פונם ווידעראויפבוי פון דער פּאַרטיי אין לאַנד. זי האָט געוואַרט אויפן מאָמענט, ווען זי וועט קענען דערלאַנגען דעם קלאַפּ.

אין דער נאַכט אויפן 14־טן פעברואַר האָט די רעגירונג דערלאַנגט דעם קלאַפּ. ספּירידאָנאָווא איז שפּעט אין אָוונט

אַרעסטירט געוואָרן אין איר וווינונג דורך טשעקאַ־אַגענטן. גלייכ־ציטיק מיט איר זענען אַרעסטירט געוואָרן, לויט אַ פֿאָראויס אויסגעאַרבעטן פּלאַן, צענדליקער פֿירנדע לינקע ס. ר. אין מאָס־קווע, הונדערטער פּאַרטיי־מיטגלידער אין לאַנד. צוזאַמענגעס איז די רעגירונגס־פּרעסע דערשינען מיט דער אַלאַרמירנדער ידיעה: „אויפגעדעקט די פֿאַרשווערונג פֿון די לינקע סאָצ. רעוו.! ספּירידאָנאָוואַ, שטיינבערג און חברים אַרעסטירט!” נאָך אַ נאַכט אין דער טשעקאַ איז ספּירידאָנאָוואַ ווידער אַריבערגעפֿירט גע־וואָרן אין קרעמל.

VI.

# ספּירידאָנאָוואַ אַנטלויפֿט פֿון קרעמל

דעם 25־טן פֿעברואַר איז ספּירידאָנאָוואַ ווידער געשטאַנען פֿאַר אַ רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל, דאָס מאָל פֿאַרן מאָסקווער, נישט פֿאַרן העכסטן. דאָס מאָל האָט די רעגירונג געוואָלט שנעל נקמה נעמען. זי האָט גאָרנישט געוואַרט ביז זי וועט גלייכצייטיק קענען שטעלן פֿאַרן געריכט אַלע אָנטיילנעמער אין דער „פֿאַר־שווערונג”. דער אורטייל קעגן ספּירידאָנאָוואַן האָט געדאַרפֿט אַזוי פֿאָרמולירט ווערן, אַז ער זאָל זי דערנידעריקן אין די אויגן פֿון דער אַרבעטערשאַפֿט. אין איר צעלע איז געשיקט געוואָרן אַ אויספֿאָרשונגס־ריכטער, ער זאָל זי „אויספֿאָרשן” און פֿאַר־טיק מאַכן אַ באַשולדיקונגס־אַקט. ספּירידאָנאָוואַ האָט ווידער אָפּגעוואָרפֿן דידאָזיקע יורידישע שפּיל־כּללים אין פּאָליטישן קאַמף. זי האָט פֿון אַרעסט געשריבן אַ בריוו צו אירע פֿריינט: „איך האָף, אַז בעתן פּראָצעס וועט מיר געלינגען אייך איבער־צוגעבן דעמדאָזיקן צעטל. דעריבער שרייב איך אויף יעדן פֿאַל.

קודם־כּל זאָלט איר זיך נישט וווּנדערן, וואָס איך זע נישט צו גוט אויס, און מאַכט נישט דערפֿון קיין אויספֿירן. עס פֿעלט מיר דאָ עסן, איך האָב נישט קיין גוטע באַדינגונגען, — נישט קיין לופֿט, נישט קיין וואַרעמקייט, נישט קיין רואיקער שלאָף און

אַז וו. די גאַנצע סביבה — אָפּן נקמה־דורשטיק.

איך האָב דאָס געפֿיל, אַז די באָלשעוויקעס גרייטן צו קעגן מיר אַ באַזונדער מין חזירײַ. טויטן מיך איז שווער, פֿאַרשפּאַרן אין תּפֿיסה אויף לאַנגע יאָרן — איז אויך נישט קיין מיטל, אַרײַנלייגן אין אַ פֿאַרפּעסטעטן תּפֿיסה־באַראַק — וואָלט אויך געהייסן אַ סוף מאַכן מיט מיר אין משך פֿון איין וואָך. און דאַן וואָלט פֿון הינטער די דעקלאַראַציעס פֿון אַ סאָציאַליסטן־רעגירונג פּלוצלינג אַרויסגעקוקט, אָפֿן פֿאַר אַלע, דער אומפֿאַר־שעמט־שטשירנדער פּרצוף פֿון אַ קלעמאַנסאָ, אַ לאָיד־דזשאָרדזש. אומבאַשטימטע ידיעות, וואָס דרינגען אַרײַן צו מיר, לאָזן אַנען עפּעס יעזואיטישעס. זיי ווילן מיך דערקלערן אַלס משוגע. אַרײַנ־געבן אין אַ פּסיכיאַטרישער קליניק — און ענלעכעס.

זיי ווילן מיר געבן אַ מאָראַלישן קלאַפּ. עס איז כאַראַקטע־ריסטיש, אַז וואָס מער עס וואַקסט אין זייערע רייען די פּאַניק, די טיראַנאָמאַניע, די חשדישקייט און די פּחדנות, — אַלץ טיפֿער זינקען זיי מאָראַליש. אויף צו ראַטעווען זייער לאַגע כאַפּן זיי זיך אָן אין אַלע מעגלעכע מיטלען, נאָר נישט אין די עכטע מיטלען פֿון אַ רעגירונג, וואָס וויל זײַן רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטיש.

אין 1858 האָט די בירגערלעכע רעגירונג אין פּאַריז דער־פֿונדן דאָס געזעץ וועגן די חשודע. עס איז אַרויסגעגעבן גע־וואָרן אַ באַפֿעל אָפּצורייניקן פֿון זיי פּאַריז. מען האָט גערייניקט. דערזועלביקער באַפֿעל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער פּראָ־ווינץ. מען האָט פֿאַראָרדנט צו „אַנטדעקן” אין יעדן דעפּאַרטאַ־מענט פֿאַרשווערונגען פֿון נישט ווייניקער ווי צו צען פּערזאָן, פּאַרמישן אין די פֿאַרשווערונגען די אויסגעשפּראָכענע פֿיינט פֿון דער קייזער־מלוכה און שטעלן זיי אין רשות פֿון מיניסטער. דער מיניסטער ווידער פֿון זײַן זײַט האָט די מענטשן פֿאַרשיקט אָן אַ פּראָצעס, אָן אַ אויספֿאָרשונג, אָן דער מינדסטער קאָנטראָל. מען האָט אינערגעץ נישט געקאָנט אַפּעלירן, פּראָטעסטירן, גע־פֿינען שוץ. קבר־שטילקייט. די רעגירונג פֿון נאַפּאָלעאָן דעם 3־טן האָט געמוזט טעראָריזירן, ווײַזן דער גאַנצער וועלט, אַז זי וועט זיך פֿאַר קיין שום זאַך נישט אָפּשרעקן...

איצט טוט די רעגירונג פֿון לענין עט קאָמפּ. דאָסזעלבע.

בוכשטעבלעך דאָסזעלבע. מען האָט אויסגעטראַכט גאַנצע הויפנס פאַרשווערונגען פון רעכטע ס. ר. און מענשעוויקעס. ווען איך בין נאָך געזעסן צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס, פלעג איך אָפט זיך אַמפּערן מיט זיי, אַז אַלע זייערע פאַרשווערונגען זענען אויסגעזויגן פון פינגער דורך געריצטע היסטעריקער. שפּעטער, אָן אונז, האָבן דידאָזיקע פאַרשווערונגען אָנגענומען די פאָרם פון מאַסן־דערשיסונגען. זיי פלעגן שוין נישט אַנטשטיין אין דער פאַנטאַזיע פון דער פּאַניק, נאָר פּלאַנמעסיק פאַבריצירט ווערן. דער בעסטער באַווייז דערפאַר איז די סאַמע נייעסטע „פאַרשווערונג פון די לינקע ס. ר.". אפילו פון זייער אָפיציעלן טעקסט איז קלאָר, אַז אַלץ איז שקר וכזב."

אין איינעם אַ פרימאָרגן איז ספּירידאָנאָווא אונטער אַ שטאַרקער שמירה אָפּגעפירט געוואָרן אין ענגן רוים פון מאָסקווער רעוואָלוציע־טריבונאַל. איין בליק איז ספּירידאָנאָוואַן גענוג געווען אויף פעסטצושטעלן, אַז די ריכטער און באַשולדיקונגס־עדות זענען אידענטיש מיט די רעדנער, וואָס פלעגן אַרויסטרעטן קעגן איר אויף די מיטינגען. געוויס, דאָ, אונטערן שוץ פון באַגנעטן, הינטערן רוקן פון אַרבעטער ־ פאָלק, איז לייכטער געווען פאַרטיק צו ווערן מיט איר. ספּירידאָנאָווא האָט זיך אָפּגעקערט פונם ריכטער־טיש. אין צוהערער־צימער האָבן געמעגט זיין אַנוועזנד בלויז ווייניק מענטשן. פלוצלונג אַ פריידיקער אויסגעשריי: „מאַרוסיאַ!".. „אירינאַ!"... קאַכאָווסקאַיאַ האָט זיך דורכגעטראָגן ווי אַ שטורעם דורך די וואַך־זעלנער, און ביידע פריינדינס האַלטען זיך שוין אַרומגענומען. קיינער אין זאַל דערוועגט זיך נישט צו שטערן די אויסטערלישע באַגעגעניש פון ביידע רעוואָלוציאָנערינס. קאַכאָווסקאַיאַ סערט זיך אום אויף איר פלאַץ, כדי ביזיין דעם פּראָצעס. זי, וואָס האָט זיך אָקאָרשט אומגעקערט פון די תפיסות פון דער רעאַקציע, מוז צוזען, ווי ספּירידאָנאָווא ווערט אַרומגעשלעפּט איון די תפיסות פון דער רעוואָלוציע.

די יוסטיץ ־ מאַשין אַרבעט מעכאַניש. עדות, פּראָקוראָר, פעסטשטעלונגען, פּראָטאָקאָלן. ספּירידאָנאָווא הערט זיך קוים צו, ווען עס ווערט אַרויסגעטראָגן דער אורטייל:

„היות היום באַשטימען די שטראָף וויל נישט דער טריבונאַל

נעמען נקמה אין די פיינט פון דער רעוואָלוציע, היות ער וויל נישט פאַרשאַפן ספּירידאָנאָוואַן קיין איבעריקע פּיין... האָט דער מאָסקי-ווער רעוואָלוציע - טריבונאַל באַשלאָסן: באַזייטיקן מאַריאַ ספּירי-דאָנאָוואַן פון פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן און זי איזאָלירן אין אַ סאַנאַטאָריע, ווו זי זאָל האָבן די מעגלעכקייט צו פאַרנעמען זיך מיט געזונטער פיזישער און גייסטיקער אַרבעט".

* * *

די רעגירונג האָט דערקלערט דורכן טריבונאַל, אַז זי וויל שטעלן אין ספּירידאָנאָוואַס רשות, צוליב איר אייגענעם נוצן, אַ סאַנאַטאָריע. זי האָט אָבער געשאַפן פאַר איר אַ רעזשים, וואָס האָט, לויט דער פּיין און צביעות, געשטעלט אין שאָטן אַלץ, וואָס עס איז ביז דאַן געשען. וועגן דאָזיקן אייגנאַרטיקן סאַנאַטאָריע-רע-זשים גיבן אָפּ אַ דערשיטערנדיקן באַריכט יענע קורצע אויליקע צע-טעלעך, וואָס ספּירידאָנאָוואַ איז געווען אימשטאַנד איבערצוגעבן פון דער געפענגעניש אירע פריינט.

3 מערץ (1919).

...שיקט מיר, כ'בעט אייך, אַ טערמאָמעטר. מיט יעדן טאָג פיל איך זיך ערגער. מען וואָלט אייגנטלעך געדאַרפט אַ סך ליגן, אָבער די בעט איז שרעקלעך, מען קאָן אויף איר נישט ליגן מיט אַ קראַנ-קער זייט און אַ קראַנקן רוקן.

דער טובערקולאָז שפּילט זיך אָפּ ווי לויט נאָטן. עס איז אומ-דערהערט, וואָס איך גיב זיך אַזוי שנעל אונטער. די בעט איז פון שטאַנגען און דראָטן, אָן ברעטער; אַ קליינער מאַטראַץ — שמו-ציקע, דינע שמאַטעס, אַזוי, אַז אַלץ שניידט זיך איין אין קערפּער. איך וואָלט דעם מאַטראַץ געוועזט לייגן אויפן דיל און שלאָפן אויף אַ גלאַטן אָרט, אָבער דער שטיינערנער דיל איז פייכט און זייער קאַלט.

איך באַוועג מיך די גאַנצע צייט זייער לאַנגזאַם און שטרענג אָן מיינע גאַנצע כחות צו אָטעמען גלייכמעסיק. אָבער די שטעכע-ניש אין זייט דערלאָזט נישט. די דאָזיקע פאַרשאַרפונג נעמט זיך פון דער טונקלעקייט, דער פייכטקייט און דער זייער שלעכטער לופט. אין דער דאָזיקער עלנטער קאַנורע קומען אַריין ביינאַכט שלאָפן

איניקע פון דער וואך. דא, ביים אויוון, איז זיי ווארים און לוסטיק. א לופט — דערשטיקט צו ווערן. איך דעק איבער דעם קאפ מיטן פעלץ און אטעם אריין אין אים.

באזונדערס קאן איך נישט פארטראגן דעם געמיינעם טאבאק. איך פאר״אכט זיך גופא פאר דער דאזיקער אנטי־דעמאקראטיש־קייט. אמאל האב איך אים אפילו ליב געהאט, און איצט צעהוסט איך זיך ביז אויסשעפונג.

בחות פארמאג איך נאך א סך, אבער צו וואס זיי צוועקלאז פארלירן? גוט, וואס איר שיקט מיר שפייז. דורכן עסן גלייך איך אוים דעם מינוס פון די איבעריקע זאכן.

4 מערץ.

אין דער ציימונג, אין וועלכער עס איז איינגעוויקלט געווען דער שפייז - פאקעט, האב איך דערזען „ספירידאנאוואס פראצעס". פון איר האב איך ארויסגעלייענט דעם אורטייל, וועלכן איך האב דאן, אין געריכט, שלעכט געהערט. עס איז געווען קאמיש צו לעזן. אומפארשעמטע!...

די ארבעטער האבן אויף מיין מיטינג אויסגעפייפט בוכארינען און — מען קאן זאגן — אים פאריאגט. ווערעניעוון האט מען גע־טריבן פון די מיטינגען אדער אים געגעבן איין מינוט מיט פייף־באגלייטונג. סמידאוויטשן האט מען געגעבן 15 מינוט ביי א כסדר־דיקן ליארעם. און פונקט די דאזיקע נישט - אנערקענטע פאלקס־פירער און רעגירונגס - רעדנער מיט דער באליידיקטער אמביציע האבן מיך געמשפט. א „געדעכט געריכט".

עס איז זיי אפילו נישט איינגעפאלן ווי־נישט־איז צוצודעקן זיך כאטש מיט א פייגנבלאט. ניין, זיי גייען שוין ארום גאנץ אויס־געלאסן, נאקעט.

בוכארין און די אנדערע העגונציאנטן פארזיכערן, אז איך האב נישט געהאט קיין שום באווייזן פאר מיינע מיטטיילונגען, אבער דער זעלבער בוכארין האט געמוזט צוגעבן, אז בעת די מי־טינגען האט איך כסדר אויפגעפאדערט „צו נאמירן", אז איך האב קיין מורא נישט געהאט פאר אויספארשונגען... און ווען איך האב געערדט וועגן דער רואינירטער פויערים - ווירטשאפט, וואס נאר זי קאן הויבן דעם מצב פון לאנד און אים העלפן באקומען

ברויט און סאָציאַליזם, ווען איך האָב גערעדט וועגן דער געשעג־
רעטער מאַכט פון די ראַטן, וועגן דער באַשפּיגענער און אייגגע־
שראָקענער פערזענלעכקייט פון די אַרבעטער און פּויערים, וועגן
פאַרשמיסענעם רוקן פון מוזשיק, וועגן דער קאָנטר ־ רעוואָלוציע,
וואָס די קאָמיסאַרן פאַרפלאַנצן אין דאָרף, — יאָ, דאַן בין איך
אויף אַן אמת געווען „עמאָציאָנעל'', דאָ האָב איך געשריגן מיט
„אַן אומאויפהערלעכן געשריי'', ווייל די דאָזיקע שאַנדטאַטן... גע־
שעען דאָך נישט אונטער אַ צאַרישער דעספּאָטיע, נאָר אונטער דער
דעספּאָטיע פון לענין און בוכאַרין, און דאָס איז נאָך ביז איצט
פאַר מיר אַן אונטערשייד, — און דעריבער „שריי'' איך. אין אַ
צאַרישער דעספּאָטיע וואָלט איך נאָר רעאַגירט מיט מעשים. עס
איז נישט קיין וווּנדער צו ווערן עמאָציאָנעל, ווען מען רעדט וועגן
טויזנטער צעשאָסענע פּויערים...

עלנטע צבועקעס און יעזואיטן... אין זייערע פּאָליציי־צייטונ־
גען קלאָגן זיי איבער ראַדעקן, וועלכער איז אין דייטשלאַנד גע־
שמידט אין קייטן, און ווייסט, וואָס זיי, די סאָציאַליסטן, טוען.
מיר וואָלט שוין ליבער געווען קייטן אויף די הענט, פיס און האַלז,
איידער מיין איצטיקע לאַגע. איך דערצייל דאָס אַלץ צוליב דער
כאַראַקטעריסטיק פון אונזער קאָמוניסטישער רעגירונג, — אָבער
נישט, ווייל איך זאָל נישט קאָנען אריבערטראָגן מיין לאַגע.

דעם 15־טן פעברואַר האָט מען מיך אַריבערגעפירט אין קרעמל
אין דער וואַך ־ שטוב, — מסתמא מיטן צוועק מיך צו דערציען
און היילן אָדער אפשר כדי מיך צו ברעכן. איך לעב, איך ווין אין
אַן ענגער קאָנורע ביי דער וואַך ־ שטוב, ווו עס געפינען זיך
130—100 רויטע אַרמייער, מייסטנס קאָמוניסטן. פון דער וואַך־
קאַזאַרמע טיילט מיך אָפּ אַ צימער. שמוץ, ליאַרעם, פּייפעריי, שיסע־
ריי און אַלדאָס איבעריקע, וואָס צייכנט אויס אַ טאָג־ווי־נאַכט
וואַכנדע קאַזאַרמע. מיין „רוים'' איז צעטיילט דורך אַ ווענטל,
וואָס גרייכט נישט ביזן פּולאָפּ, אויף צוויי קעמערלעך, וואָס זענען
לאַנג פון דריטהאַלבן ביז דריי טריט.

אין מיין קעמערל איז דאָ אַ פענסטער, דאָס שכנותדיקע איז
טונקל. שטיינערנע געוועלבן, וואָס הילכן שטאַרק אָפּ, שטיינערנע
ווענט, כמעט דריי הונדערט יאָריקע, און אַ שטיינערנער פּיכטער

דיל. הינטערן ווענטל צוויי, מיט ביקסן באוואפנטע, רויט־ארמייער, וואס לאזן יעדע ווײַלע קנאקן די ביקסן ־ צינגלעך. איין וואך־זעלנער שטייט תמיד ביי דער טיר און קוקט אפט אריין. דער צווייטער קוקט אריין דורך א פענסטערל, וואס איז אויסגעשניטן אין ווענטל. זיי ביידע, צוזאמען מיט די כסדרדיקע באזוכער (אין איצטיקן מאמענט זענען זיי צוזאמען זאלבעפינפט), שטופן זיך אן אויפהער צו די לעכער איינם וועגטל און גלאצן מיך אן נייגעריק. פריער האב איך געמיינט, אז דאס איז צייטווייליק... איצט זע איך, עס איז א סיסטעם. און היות אלץ איז צענטראליזירט, שטאמט דאס פון די העכסטע פירער. שוין די דריטע וואך ווי איך שלאף אנגעטועטערהייט, און בין זייער מיד. מיר דאכט, אז איך שפיר מער נישט מיין קערפער. איך קאן מיך נישט וואשן, כ'קאן נישט רואיק לעזן, שרייבן, עסן, טראכטן, בעת איך בין א כסדרדיקער אביעקט פון באטראכטונגען מצד די דאזיקע „כרובים''... איר ווייסט דאך, וואס עס באדייט פאר א פריערדיקן לאנגיאריקן קאטארזשניק צו וואנדערן נאכאמאל און ווידעראמאל אין תפיסה אריין! אבער אזוי האבן אונז אפילו די צארישע תליינים נישט באהאנדלט.

— געננוג שוין! — שריי איך צו זיי, — גע ־ נוג געגלאצט... שעמט איר זיך נישט?..''

— אזוי איז דער באפעל... — ענטפערן די וואך־זעלנער, אמאל מיט פארלעגנהייט, אמאל פרעך.

יא, אויב מען האט באפוילן, איז אומזיסט דאס אפעלירן צום געוויסן. דאס נאכקוקן און דאס שפיאנירן זענען באזונדערס פארשטארקט געווארן, ווען איינער פון מיין וואך איז דורכגעפאלן מיט א בריוו פון אונזערע פריינט צו מיר. א פראפא, איך האב פארלארן דעם צוטרוי צום דאזיקן „בריוונטרעגער''. עסווארפט זיך אין די אויגן: אים געלינגט דורכצושמוגלען דאן, ווען די אנדערע קאנען נישט. חוץ דעם איז פארלארן געגאנגען אייער בריוו, וואס ער האט פאר מיר איבערגעלאזן אויפן אפגערעדטן ארט. די תפיסה־פארוואלטונג האט זיך נישט געשעמט מיך צו פראוואצירן. זי האט פארארדנט א וועקצוליינגן צוריק אויפן זעלבן ארט דעם איבערגעכאפטן בריוו, כדי צו באקומען אין דער האנט מיין ענטפער. היות איך האב אבער אין די באשטימטע טעג דארט גארנישט געפונען

און איך האָב פון אייך קיין שום צייכן נישט געהאַט, איז מיר די זאַך געוואָרן חשוד און איך האָב דעם בריוו געלאָזט ליגן. האָבן זיי אים צוגענומען אָן מיין ענטפער... מען קאָן מיינען, א גאַר וויבטיקער מלוכה - ענין — כאַפּן ספּירידאָנאָוואַס א צעטל. אָבער איצט, ווען איך האָב שוין דאָס נויטיקסטע מיטגעטיילט און איך ווייס, אַז די פּאַרטיי - אַרבעט איז נישט איבערגעריסן געוואָרן, קאָן איך אויסקומען אָן קאָרעספּאָנדענץ.

נאָכדעם ווי עס איז איבערגעכאַפּט געוואָרן יענער בריוו, האָבן זיי גענומען לײדנשאַפטלעך אויסשפּיאָנירן, פּליסטערן, באַדינען ווי די לאָקייען. עס מעלדן זיך שוין פּריווויליקע. גוטע, זויבערע מענטשן, כמעט קינדער, האָבן זיי באַשמוצט, געמאַכט פאַר זשאַנדאַרמען. מען טויט אָפּ אין די רויט - אַרמייער דאָס טיפסטע — זייער נשמה... פאַר מיינע אויגן קומען אויף ווידער די רייען פון אונזערע וואַך - זעלנער אין דער קאַטאָרגע. עס איז דאָס זעלבע: מעגן די „ראַטן - פירער” זיך דרייען אויפן בויך און גבלען מיטן מויל וויפל זיי ווילן, — תּליינים בלייבן תּליינים און א זשאַנדאַרם איז תּמיד זשאַנדאַרם.

נישט מיט די דאָזיקע מיטלען וועט דאָס פאָלק זיגן און אויסקעמפן דעם סאָציאַליזם.

נאָר אין ווידערשטאַנד קעגן די דאָזיקע מיטלען וועט עס זיגן.

כדי צו כאַראַקטעריזירן די זאָרג פון די באָלשעוויקעס וועגן מיין געזונט, וויל איך צוגעבן נאָך עפּעס וועגן דער אויסערלעכקייט פון מיין „סאַנאַטאָריום”.

קיין אויוון איז אין צימער נישטאָ; מען הייצט הינטערן ווענטל און דאָס צימער ווערט ווייניק אָנגעוואַרעמט. א קעלט, זעלבסטפאַרשטענדלעך...

איך האָב כסדר פיבער, איך הוסט פון דער דאָזיקער ווילדער ווינטונג... ווען מען הייצט, זיץ איך שעהן לאַנג ביים טיש אָדער איך באַמי מיך צו ליגן אויף מיין אוממעגלעכער בעט. איך פּרוּוו גובר זיין דאָס האַמערן אין די שליפן, דאָס האַרצקלאַפּן א. אז. וו. יערן טאָג אַזא פאַרגיפטונג.

איך האָב זיך נאָכגעפרעגט וועגן שפּאַצירן, — אָפּגעזאָגט.

איך האָב געפרעגט וועגן די צייטונגען — אָפּגעזאָגט.

מיט מי האָב איך באַקומען זייף.

איצט פֿרעג איך שוין מער גאָרנישט.

אין קלאַזעט מוז מיך פֿירן אַ וואַך־זעלנער. אויך דער קלאָזעט פּאַסט זיך צום אַלגעמיינעם סטיל. דער וועג צום קלאָזעט פֿירט דורך דער וואַך־שטוב, פֿאַרביי די ווילד ־ נייגעריק גאַפֿנדע זעלנער. זיי לויפֿן גלייכצייטיק אין זייער שכנותדיקן גרויסן קלאָזעט מיט גלע־זערנע טירן. אַזוי, אַז איך ווין צוזאַמען אין איין צימער נישט נאָר מיט 2—4 מענער; איך טייל בכלל דאָס לעבן און זיין גאַנצע פּראָזע מיט הונדערט רויט־אַרמייער.

די וואַך ווערט געביטן יעדע צוויי שעה. יעדע האַלבע שעה — אַ קאָנטראָל פֿון העכערע באַאַמטע. מען היט אָפּ. ביינאַכט — רעש פֿון דער טיר, הויכע שמועסן, געווער ־ קלאַפּעריי, און דאָס ווידער־לעכע קוקן אויף מיר, אַ צוגעדעקטע מיטן מאַנטל. אַזוי יעדע צוויי שעה, יעדע גאַנצע, יעדע האַלבע שעה.

אַזוי האָט מען אונז נישט באַהאַנדלט אפילו אין דער קאַטאָר־גע. שוין אָפּגערעדט וועגן די קליינע, אומענדלעכע שיקאַנעס...

אין דער טשעקאַ זיצט איצט אַרעסטירט אַן אַנאַרכיסט, דער רויט ־ אַרמייער באָריסאָוו, ווייל ער האָט געוואָלט באַזאָרגן אַ ברייוול מיינעם. אין דער פֿינסטערער הונדערט יאָריקער געשיכטע פֿון באַנגעט און קראַטע פֿלעגן זיך תּמיד געפֿינען אַזעלכע וואַך־זעלנער. די באָלשעוויקעס וועט נישט געלינגען צו באַשמוצן די פּאָעזיע און שיינקייט פֿון דאָזיקן זשעסט. אַזעלכע זשעסטן פֿון מענטשלעכקייט באַגלייטן יעדן אַרעסט, יעדע באַשעפֿעניש, וואָס איז געשמידט אין קייטן, וואָס וועקט אויף דעם מיטלייד פֿון דער וואַך.

און פֿאַרן דאָזיקן מיטלייד זיצט געפֿאַנגען סערגיי באָריסאָוו, אונטער דער סכּנה דערשאָסן צו ווערן דורך די תּליינים פֿון דער טשעקאַ!

בוכאַרין, לענין, טראָצקי קאָנען זיין צופֿרידן: זיי האָבן זיך נוקם געווען. אויב די באַליידיקטע פֿירער האָפֿן אָבער צו פֿאַרפּייניקן מיך צום טויט, האָבן זיי אַ טעות. די צאַריסטיש ־ פּריצישע קאַ־טאָרגע איז נישט געווען קיין שפּאַס, פֿונדעסטוועגן האָבן זיך גע־פֿונען כּחות זי גובר צו זיין. זיי וועלן זיך געפֿינען אויך דאָ.

אייגנטלעך באַשעפֿטיקט מיך גאַנץ ווייניק די דאָזיקע פֿראַגע.

עס באַשעפּטיקט מיך אָט וואָס: ווי איז מעגלעך, זיי זאָלן דאָס אַלץ אָפּטאָן, זיי זאָלן זיך נישט שעמען, זיי ווייסן דאָך, אַז די ל. ס. ר. זענען אַ ריינע פּאַרטיי, אַז זי איז נאָך נישט קאָרומפּירט דורך דער מאַכט. זיי לאָזן די דאָזיקע פּאַרטיי נישט ווירקן. אונזער ווידער־שטאַנד, אונזער קאַמף קעגן זיי פאַר אונזער לעבן, פאַרן לעבן פון דער רעוואָלוציע, איז אַזוי נאַטירלעך... זיי באַגרייפן דאָס. נאָר אונטער דער בייטש פון אונזערע דעמאַסקירונגען און פאָדערונגען האָבן זיי זיך אַביסל איינגעצוימט. דורך אונזער קאַמף קעגן זיי דינען מיר דער רעוואָלוציע צען מאָל מער, ווי ווען מיר וואָלטן פאַרשוויגן זייערע פאַרברעכנס.

אָבער ווען זיי זאָלן אפילו גאָרנישט ווייסן וועגן אונזער מהות, ווען זיי זאָלן אונז אויף אַן אמת האַלטן פאַר „פיינט פון דער ראַטן־מאַכט", — אויך דאַן וואָלטן זיי זיך געדאַרפט אַמאָל דערמאָנען, אַז זיי זענען סאָציאַליסטן. איך ציטער ביים געדאַנק: אויב די פּאַ־טענטירטע, עכטע באָלשעוויקעס אין קרעמל גופא, — מען קאָן זאָגן: אין שוים פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, — קאָנען מיך אַזוי באַהאַנדלען, טאָ וואָס דערלויבן זיך שוין אין דער פּראָווינץ די קלענערע, די צוויי־ אָדער דריי־חדשימדיקע באָלשעוויקעס. די דאָזיקע מפילעך פון דער דעגענערירטער רעוואָלוציע און פון אַ פּאַ־קריפּלטער רעוואָלוציאָנערער מאָראַל!

פון די דערפאַרונגען, וואָס מיר אַלע האָבן באַקומען אין די בירגערלעך ־ צאַרישע תפיסות, האָבן דאָך די באָלשעוויקעס גע־דאַרפט אַרויסטראָגן די לערע, אַז אין די אייגענע תפיסות טאָר זיי נישט קוועלן, פאַרקריפּלען, דערנידעריקן די מענטשלעכע פּערזענ־לעכקייט, ווי שולדיק איר טרעגער זאָל נישט זיין. די באָלשעוויקעס האָבן אויך דאָס נישט געלערנט, דעריבער פאַרזינקען זיי אַלץ טי־פער אין זומפּ פון דער אַלטער מלוכה און אין דער בלאָטע פון זייער דעגענעראַציע.

איך שרייב אייך דאָס אַלץ נישט דערפאַר, כדי איר זאָלט ווערן אומרואיק און אָנהויבן קריכן אין די הויכע קאָרידאָרן מיט בקשות, מיט תחנונים וועגן מיר. מען דאַרף די איינגעבילדעטע טיראַנען נישט צוגעווינען דערצו, אַז רעוואָלוציאָנערן קריכן פאַר זיי אויף די בייכער. זאָל עס גיין ווי עס גייט!.. ווען איך וועל זען,

אַז איך בין טויט־מיד און אַז עס איז סיי ווי נישטאָ וואָס צו פאַרלירן, וועל איך אָננעמען מיטלען, וואָס ווערן פּראַקטיצירט ביי פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, ווען עס גייט אין אויסקעמפן די מעגלעכקייט פרייער צו אָטעמען.

מיר מוזן פונדאָסניי אָנהויבן צו פאַרטיידיקן אונזער פּער־זענלעכקייט אין די תּפיסות און שאַפן תּפיסה־טראַדיציעס. אינ־טערנאַציאָנאַליסטן, ווי מיר זענען עס, אָנהענגער פון דער מאַכט פון די האָרעפּאַשניקעס, נישט פון דער פּאַרטיי־מאַכט, וועלן נאָך לאַנג מוזן שמאַכטן אין די תּפיסות פון די קוואַזי־סאָציאַליסטי־שע רעגירונגען פון אַלע קאָלירן. מיר זענען דער אָנהויב פון דער־דאָזיקער נייער מענטשן־כוואַליע אין די תּפיסות און מוזן אויך אויפנעמען דעם קאַמף פאַר אַ ווירדיקן מענטשלעכן רעזשים''.

ספּירידאָנאָוואָס געזונט איז אין משך פון דאָזיקן חודש אויף אַזוי פיל ערגער געוואָרן, אַז די רעגירונג איז געצוווּנגען געווען אַריבערצופירן זי אין אַ שפּיטאָל. בלויז איין וואָך האָט מען זי געהאַלטן אין מענטשלעכע באַדינגונגען. מען האָט זי בלויז גע־לאָזט אָפּכאַפּן אַביסל דעם אָטעם, כּדי זי באַלד ווידער אַריינצו־זעצן אין אַ „נאָרמאַלער'' תּפיסה־צעלע. צוויי בריוועלעך מיט ספּירידאָנאָוואָס האַנטשריפט גיבן אַ כאַראַקטעריסטיש בילד פון די־דאָזיקע ווייניקע טעג.

14 מערץ.

דעם 9־טן מערץ האָט מען מיך אַריבערגעפירט אין שפּיטאָל פון קרעמל.

מיר איז געוואָרן זייער שלעכט. שוין אין די ערשטע טעג פון מיין וויינען אין יענער קאָנורע בין איך קראַנק געוואָרן, אַרום 5־טן מערץ האָב איך אָנגעהויבן שפּייען מיט בלוט אַזוי שטאַרק, ווי אין די יאָרן 8—1906. איך פלעג מיך אַריבערבויגן איבערן שטינקענדיקן קובל, און עס האָט ממש געגאָסן פון מיר. איך פלעג כּסדר אַרומגיין, הגם עס האָט מיר געדרוישט אין קאָפּ און איך האָב מיך געפילט שלעכט. איך האָב נישט געוואָלט נאָכגעבן דער שוואַכקייט.

איין נאַכט איז געווען קריטיש. איך האָב מיך אויפגעכאַפּט מיטן געפיל — אָט דאָס איז עס! עס הויבט זיך אָן... די גאַנצע

קישן, דאָס האַלז־טיכל, דער האַנטוך זענען פול געווען מיט בלוט. אַ צושטאַנד פון גאַנצן טויט. מיט איינמאָל האָב איך דערפילט, אַז איך קאָן מיך מער נישט באַהערשן, „עס" איז געקומען...

איך וויל רופן דעם וואַך־זעלנער, ער זאָל מיך אַביסל אויפהייבן — די שטים קלינגט נישט. איך באַמי מיך צו קלאַפּן — די האַנט וויל זיך נישט רירן.

אָפּווישן דאָס בלוט פון די ליפּן, פונעם מויל און פון די באַקן, — די הענט הייבן זיך נישט אויף.

ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגן ווייס איך נישט.

ווען עס איז געוואָרן טאָג, האָב איך געפונען כּחות און אָנגעהויבן צו ברענגען זיך אין אָרדענונג.

עס איז געווען זייער אינטערעסאַנט, די געדאַנקען זענען געווען אַזוי איינגנטימלעך. קיין שום עמפּערונג, וואָס דער טויט דערנענטערט זיך, ווי ס'שיינט. קיין שום עמפּערונג.

איך האָב בּסדר געטראַכט וועגן דעם, וואָס איך האָב נאָך נישט פאַרענדיקט אין לעבן, און אַזאַ הכנעה אין האַרצן. אַזוי שטיל, שטיל. איך בין געלעגן און האָב געוואַרט.

אין יענער נאַכט האָב איך שרעקלעך געפרווירן. איינדערפרי האָב איך געהאַט אַזאַ אויסזען, אַז אַפילו די וואַך־זעלנער זענען אויפגערודערט געוואָרן. נישט געקוקט אויף מיינע בקשות און פּראָטעסטן האָבן זיי אָנגעהויבן צו קלינגען, אַרויספאָדערן זייערע עלטסטע און אַ פעלדשערין. אויף אַלע אירע דערעסנדיקע פאַרגן, האָב איך בלויז געזאָגט: „איך דאַרף גאָרנישט".

די פעלדשערין האָט פאַרלוירן געקוקט אויף די לויכטנדיקע פלעקן — ווי אָפענע וווּנדן, — אויף די ווענט, אויפן גאַנצן אַרום און געזאָגט: „לאָזט מען אייך דאָ נאָך איין נאַכט, וועט איר שטאַרבן".

דער דיזשורנער אָפיציר האָט דערקלערט: „מיר האָבן דאָס רעכט נישט נעמען אין אַכט די ווונטשן פון די קראַנקע. קראַנקע געפינען זיך אין רשות פון דאָקטאָר, מען וועט זי פּשוט טראָגן אויף די הענט".

איך האָב אויפגעהערט צו אַמפּערן זיך, ווי נישט ניחא מיר

איז געווען צו גיין אין שפיטאל, ווי צום אויספירן זייער יעזור־איטישן אורטייל.

מען האט מיך געוואלט אוועקלייגן אויף א טראג־בעטל; דאס וואלט שוין אבער געווען צו עפעקטפול. ביסלעכווייז בין איך גע־קומען צו זיך און אזוי זענען מיר מיט מי געקראכן, באגלייט דורך א גרויסער סוויטע.

מיין פאראויספילן אין די ערשטע טעג נאכן ארעסט האט זיך ארויסגעוויזן אלס ריכטיק. איך בין נאנט געווען צום טויט.

דא אין שפיטאל האב איך זיך כמעט ווי דערהאלט. די הענט ציטערן, אין קאפ רוישט, אבער עס זענען שוין דא פחות. דא זענען פון מיר ארויסגעפלאסן 8—6 גלעזער בלוט. איך טונק איין א שפיץ פון מיין נאזטיכל אין גלאז, — עס קומט ארויס א ווונ־דערבארע, העלע און פורפור־רויטע פאן.

דא איז מיר גלייך געווארן בעסער. איך האב א קרעפטיקן ארגאניזם. די ווונד וועט זיך ווידער פארציען און איך וועל נישט שטארבן. ווען דער בלוט־שטורע האט זיך אפגעשטעלט, האט מען מיך אויסגעבאדן אין א וואנע. ריינע וועש, א בעט, אויף וועל־כער מען קאן נישט נאר ליגן, נאר אויך פילן זיך גוט. א קישן איז דא, נישט מער א פעקעלע פון עפעס שמוציקס און שפענער־ארטיקס. דא טו איך זיך אויס און לייג מיך נארמאל שלאפן. דער וואך־זעלנער לויערט נישט אויף מיר, נאר היט בלויז די איינגענג און אויסגענג, ווי עס באדארף צו זיין.

אינטערעסאנט זענען געווען די וואך־זעלנער אין יענער בודע אין די צוויי לעצטע טעג. זיי פלעגן מוזן אוועקשטעלן זיי־ערע באגנעטן אין ווינקל פון צימער, כדי מיך אריינצולייגן אין בעט, צוצודעקן, ארומטערלייגן עפעס אונטערן קאפ. זיי זענען גע־ווען אויפגעבראכט: „דא קאן מען האלטן ארעסטירט א באנדיט, נישט אזא מענטשן!".

20־טן מערץ.

מען האט מיך אריבערגעפירט פון שפיטאל אין דעם אזוינע־רופענעם גוס־אייזערנעם קארידאר.

אין א אומגעהייצטן צימער, וואס שמעקט מיט שימל, מיט טונקל־רויטע טאפעטן, מיט שטיינערנע געוועלבן, איינמאל האט

מען עס געהייצט לויט די פאָדערונגען פון דער וואך. אזוי זענען זיי וויניק געגייגט דערצו. איך ציטער, זעלבסטפארשטענדלעך, פון קעלט, פונדעסטוועגן געפעלט מיר די צעלע, הילצערנער דיל, דריטער שטאָק, די צעלע איז לאנג און שמאָל. עס איז גוט ארומ־צוגיין אין א צעלע פון 10—9 טריט.

היינט האט מען אויסגעמאָסטן די פענסטער. מען וועט מאכן קראטעס. אלזא, אנשטאט א סאנאטאָריום, אָרדענען זיי איין אויף א יאָר איינס פון די קרעמל־צימערן אין א תפיסה. זייער גייסט־רייך.

אויסגעשריבן פון שפיטאָל אלס געזונט האט מיך א „קאָמי־ניסטישער" דאָקטאָר און עכטער תפיסה־באאמטער. ווען ער פלעגט מיך טרעפן ביים שרייבן, פלעגט ער תיכף אויפמערקזאם מאכן די וואך: „גיט אכטונג, זי זאָל נישט שרייבן און איבערגעבן א „גריפּסל".

ער האט מיך אויסגעשריבן אלס געזונט, ווייל ער האט דאס צימער נייטיק געהאט פאר זיינע קרובים. איך האב אים דערקלערט מיין פראָטעסט.

— אויב מען וועט מיך צוריקשיקן אין דער פריערדיקער קא־רע, וועל איך פּראָטעסטירן, — האט דאס אין זינען.

— עס גייט מיר גאָרנישט אָן, ווו מען וועט אייך לאָקירן...

ווי כאראקטעריסטיש: אויך די דאָקטוירים זענען פּאַפּוּאַסן...

* * *

ספּירידאָנאָווא איז אין געפענקעניש נישט געבליבן קיין יאָר צייט. אירע חברים פון דרויסן האבן געזאָרגט, אז צו דער שענד־לעכער געפאנגענשאפט זאָל געמאכט ווערן א סוף. דעם 27־טן מערץ האט דער אומלעגאלער צענטראַל־קאָמיטעט פון די ל. ס. ר. באטראכט די לאגע פון די ארעסטירטע און אנגענומען דעם פאָל־גענדן באשלוס:

„דער געזונט פון דער חברטע ספּירידאָנאָווא איז אָן שום ספק אין סכנה, ווייל מען דארף מורא האבן, אז מען וועט לגבי איר ווידער אָנווענדן יענעם „סאנאטאָריום־רעזשים", אונטער וועלכן זי האט געליטן פון 15־טן פעברואַר ביזן 9־טן מערץ.

ספירידאָנאָוואס לעבן איז אומבאַדינגט נויטיק פאַר דער פאַרטיי אין איר רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן קאַמף. דעריבער באַשליסט דער צענטראַל־קאָמיטעט צו אָרגאַניזירן דער חברטע ספּירידאָנאָ־וואַס אַנטלויפן, און איר מודיע זיין וועגן דעם.

וואָס נוגע דעם לעבן פון די איבעריק חברים, — מיטגלידער פון דער לינקער סאָצ. רעוו.־פאַרטיי, — וואָס זיצן אין איצטיקן מאָמענט אין די רוסישע תפיסות און ווערן דערקלערט דורך דער טשעקאַ אַלס ערובניקעס, — וואָרנט דער צענטראַל־קאָמיטעט די אַלרוסישע טשעקאַ, אַז זי וועט טראָגן די אחריות פאַרן לעבן פון יעדן אַרעסטירטן לינקן סאָצ. רעוו״.

דערדאָזיקער באַשלוס פון דער פאַרטיי איז שוין אויסגעפירט געוואָרן דעם 2־טן אַפּריל (1919).

איינער פון די וואַך־זעלנער, דער 22־יאָריקער פויער פון דער ריאַזאַנער גובערניע, נ. מאַלאַכאָוו, האָט אַרויסגעפירט ספּירידאָ־נאָוואַן פון קרעמל אונטער דער גרעסטער פערזענלעכער געפאַר. ווי אַלע וואַך־זעלנער, איז מאַלאַכאָוו געווען אַ באַאַמטער פון דער אַלרוסישער טשעקאַ, וואָס האָט געדאַרפט שטרענג אויסבאַ־האַלטן ווערן פון ספּירידאָנאָוואַן. נישט געקוקט דערויף, וואָס די טשעקאַ־לייט זענען דורך דער רעגירונג קאָרומפּירט געוואָרן דורך אַלע מעגלעכע פּריווילעגיעס, האָט מאַלאַכאָוו שוין לאַנג געפּלאַנט דאָס געוויסן צוליב זיין דינסט. ספּירידאָנאָוואַס אָנוועזנהייט, אי־רע צופעליקע שמועסן מיט אים האָבן אים אינגאַנצן געענדערט. ער האָט באַשלאָסן מיט איין קלאַפּ איבערצורייסן זיין זאַט לעבן און שטעלנדיק יעם אין סכנה באַגיין אַ „גערעכטע טאַט״: באַ־פרייען ספּירידאָנאָוואַן. ער האָט בכיוון געוויילט יענעם פּלאַן פון אַנטלויפן, וואָס האָט טאַקע באַדראָט זיין אייגן לעבן, דערפאַר אָבער געהאַט די גרעסטע אויסזיכטן אויף דערפאָלג. ספּירידאָנאָוואַ האָט זיך באַמיט אים אָפּצורעדן פון דאָזיקן פּלאַן, האָט אים אָפּ־געוואָרפן. פונדעסטוועגן האָט מאַלאַכאָוו אין לעצטן מאָמענט אויסגעפירט זיינס. אין שפּעטער נאַכט - שעה האָט ער זי דורכגעפירט פאַרביי דער וואַך און אַרויסגעפירט פון קרעמל, צווערשט פון בנין, דאַן פון איינעם פון די קרעמל־טויערן. אַ גע־היימע שטאָט־קוואַרטיר האָט זי תיכּף אויפגענומען — און ספּי־

רידאָנאָווא איז ווידער געווען פריי. דעם 3־טן אַפּריל האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט אין אַ פלוג־בלאַט מיטגעטיילט מיט טריאומף דאָס געשעענע: „די חברים ספּירידאָנאָווא און מאַלאַכאָוו געפינען זיך אין איצטיקן מאָמענט מחוץ יעדער סכנה. ספּירידאָנאָווא איז תּיכּף צוגעטרעטן צו דער פּאַרטיי־אַרבעט, נישט געקוקט דערויף, וואָס איר געזונט איז שווער צעטרייסלט דורכן סאַנאַטאָריום".

**.VII**

# אומלעגאַלקייט

ספּירידאָנאָווא האָט אונטערגעטויכט אין דער אומלעגאַלקייט, אין וועלכער זי האָט געלעבט די יאָרן 1919 און 1920. טיף אונטער דער אויבערפלאַך פון עפנטלעכן לעבן האָט זיך אָפּגעשפּילט דאָס אומלעגאַלע לעבן פון מאָסקווע.

אין די דאָזיקע יאָרן האָט אין ראַטנרוסלאַנד געהערשט די רויע סיסטעם פון אַזוי־גערופענעם קריגס־קאָמוניזם. דאָס לאַנד האָט אָנגעשטרענגט אַלע כּחות, כּדי צו פירן דעם בירגער־קריג קעגן די אַרמייען פון דער קאָנטררעוואָלוציע, די גענעראַלן קאָלטשאַק און דעניקין. דאָס געוואַלטיקע לאַנד מיט אַלע זיינע שטעט און 23 מיליאָן פּויערים־ווירטשאַפטן, איז ווי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַלאַגערטער פעסטונג. היות עס האָבן אַבסאָלוט געפעלט שפּייז־פּראָדוקטן און אינדוסטריי־סחורות, היות די גאַנצע קראַפט איז פאַרווענדט געווען אויף אויסשטאַטן און באַוואָפנען די רויטע אַרמיי, איז די גאַנצע באַפעלקערונג געשטעלט געוואָרן אונטער אַ קאַרטן־סיסטעם. דער קריג האָט דער רעגירונג געגעבן אַן אויסרייד און אַ מעגלעכקייט נאָך צו פאַרברייטערן איר ביז דאַן אויך גרענעצלאָזע מאַכט. די דאָזיקע קריגס־און טעראָר־געוואַלט האָט זי באַנוצט, כּדי צו דערקלערן אַלס קאָמוניסטיש די פאָלקס־ווירטשאַפט, וואָס געפינט זיך אונטער אַ קאַרטן־סיסטעם.

אַלע בירגער פון לאַנד, אָן שום אויסנאַם, זיינען געווען אונטערגעוואָרפן אין שטרענגער היעראַרכיע דער קאָמוניסטישער מלו-

כה. אלע האָבן געמוזט דינען דער מלוכה און אויסגעהאַלטן ווערן בלויז דורך איר. אַלע זענען גלייכצייטיק געווען באַאַמטע און סטי־פּענדיאַנטן פון דער מלוכה. קיין שום איניציאַטיוו פון די מאַסן איז נישט געדולדעט געוואָרן. פּלעגט עמיץ קומען מיט פאָרשלאָגן, וואָס זענען דער רעגירונג נישט ניחא געווען, איז ער באַצייכנט געוואָרן אַלס „אַגענט פון דער אַנטאַנט!“, אַלס „אַגענט פון דער בורזשואַזיע!“. עס האָט רעגירט אַן אַלמעכטיקע ביוראָקראַטיע, וואָס האָט זיך באַצייכנט אַלס קאָמוניסטיש און געהאַנדלט מיליטעריש. אַלע באַטריבן, פאַבריקן, וואַרשטאַטן, פּויערים־ווירט־שאַפטן, פּריוואַט־וווינונגען האָבן זיך געפונען אונטער דער צענט־ראַליסטישער פירונג פון די מאַכט־אָרגאַנען. און די מאַכט־אָרגאַ־נען האָבן זיך געפונען אונטער דער שאַרפסטער פירונג פון צענט־ראַלסטן צענטר אין מאָסקווע. אָן דער דערלויבניש פון דער מלוכה האָט נישט געטאָרט אויסגעאַרבעט ווערן אַפילו אַ מעטער טוך אין אַ וואָסער־נישט־איז פּראָווינצער פאַבריק. דאָס איז אומ־מעגלעך געווען צו דערגרייכן אין אַ טויזנט־פאַך דיפערענצירטן לאַנד, וואָס איז דערצו כסדר פונאַנדערגעריסן געוואָרן דורכן ביר־גער־קריג.

דאָס וואָס זי האָט יאָ דערגרייכט איז געווען אַ צוואַנג־געמיינ־שאַפט, ווו מען האָט נישט געאַרבעט, געשראָקן זיך איינער פאַרן צווייטן און פאַרשאָלטן די מלוכה.

כדי צו באַהערשן די בייזע אומשטאַנען, כדי צו האַלטן אין אויג אויף די אומצאָליקע באַאַמטע, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קאָנטראָל־סיסטעם. מען האָט קאָנטראָלירט, שפּיאָנירט פון אויבן אויף אונטן, פון איינעם צום צווייטן, מען האָט איינגע־פירט אַן אומענדלעכע פּאַפּירענע ווירטשאַפט. מאַנדאַט, באַשייני־גונג, באַפולמעכטיקונג — דאָס זענען געוואָרן די איינציק־ווירק־זאַמע מיטלען פון לעבנס־קאַמף. דורך פּאַפּירן איז מען אַריינגע־דרונגען, איז מען זיכער געווען פאַר אחריות, האָט מען געזיכערט די אויגנבליקלעכע עקזיסטענץ. עס איז נישט געווען קיין וווּנדער, וואָס די גויט פון די מאַסן איז כסדר געוואַקסן. עס האָט געשיינט — עס איז נישטאָ קיין אויסוועג פאַרן יחיד פון קרייז, וואָס הייסט: קריג, הונגער, טעראָר.

און דאָך איז געווען אַזאַ אויסוועג — דאָס אומלעגאַלע לעבן פון די רעוואָלוציאָנערן. אונטער דעם היפּש ־ אָרגאַניזירטן, פון טויזנט אויגן באַוואַכטן מלוכה־רעזשים, איז אָנגעגאַנגען דאָס נישט־אָרגאַניזירטע לעבן פון אומלעגאַלקייט, אַ לעבן, וואָס האָט אָפּגעלאַכט פון אַלע נאָרמען און דעקרעטן. אַן אומגלויבלעך, פאַנטאַסטיש לעבן, וואָס איז גאָרנישט מעגלעך געווען צו פאַרגלייכן מיט דער אומלעגאַליטעט אין דער צאַרישער תקופה. דעמאָלט זענען געווען ברייטע ליבעראַל־בירגערלעכע קרייזן פון דער באַפעלקערונג, וואָס זענען גרייט געווען — צוליב האָס קעגן צאַריזם — העלפן די רעוואָלוציאָנערן, איצט זענען די דאָזיקע קרייזן כמעט אינגאַנצן געווען אויסגעראָטן ווירטשאַפטלעך און פּאָליטיש; חוצדעם וואָלטן זיי שוין קיינמאָל מער נישט אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו העלפן סאָציאַלע רעוואָלוציאָנערן. דעמאָלט איז דער פּאָליטישער שונא געווען מעכטיק און כיטרע, ער איז אָבער געווען הינטערשטעליק לגבי דעם רעוואָלוציאָנערן לאַגער, פון וועלכן עס האָט אים אָפּגעטיילט אַ וועלט. איצט אָבער איז דער פּאָליטישער קעגנער געווען דער באָלשעוויזם, וואָס האָט ביז נישט לאַנג אָנגעווענדט אַלע שפּיצלען פון דער רעוואָלוציאָנערער אַקציע און האָט גוט געקענט די אַטמאָספער פון אומלעגאַלקייט.

פאַר אַן אומלעגאַלן זענען געשטאַנען אומגעהייערע שוועריקייטן. קודם כל האָט געמוזט אויסגעלאָשן ווערן זיין נאָמען, מען האָט זיך געמוזט איינשאַפן אַ נייעם פּאַס מיט אַ גוט קלינגענדיקן נאָמען. מען האָט געמוזט שפּילן אַ נייע ראָל, נישט פאַרראַטנדיק זיך מיט אַ פאַלשן, ד. ה. עכטן זשעסט פאַרן מיליציע־קאָמיסאַריאַט, פאַרן הויז־קאָמיטעט, ספּירידאָנאָווא, למשל, איז געוואָרן אַ אַנופריעוואַ, אַ באַשיידענע פויערטע פון אַ פאַרוואָרפענער גובערניע. האָט מען שוין גליקלעך געהאַט אָפּגעפּטרט דעם פּאָליציי־קאָנטראָל, זענען אָנגעשטאַנען וווינונגס־זאָרגן. מאָסקווע איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן, אַ צימער האָט מען געמוזט באַקומען דורכן קאָמוניסטישן וווינונגס־אַמט. דאָס באַקומענע צימער האָט זיך געפונען אונטער דער שאַרפער קאָנטראָל פונם הויז־קאָמיטעט, דורך וועלכן די טשעקאַ האָט געהאַלטן אַן אויג אויף די איינוווינער. מיט פּריוויליקע און אומפּריוויליקע שפּיאָנען איז פול גע־

ווען די איינוווינערשאַפֿט פֿון יעדן הויז, דער אומלעגאַלער איז טאָג־ווי־נאַכט נישט זיכער געווען פֿאַרן אומגעריכטן וויזיט פֿונם הויז־קאָמיטעט. און דאָן די דערנערונגס־זאָרגן... דאָס איז נישט געווען, ווי אונטערן אַלטן רעזשים, ווען דער אומלעגאַלער האָט אומבאַמערקט געקאָנט באַפֿרידיקן זיין ווירטשאַפֿטלעכע באַדער־פֿעניש. מאָסקווע האָט געליטן פֿון מאַנגל אין שפּייז־פּראָדוקטן. אָן אַ קאַרטע אויף ברויט, מילך, קוילן איז שווער געווען אויסצו־קומען. דירהאַזיקע קאַרטע פֿלעגט מען באַקומען פֿון הויז־קאָמיטעט. כּדי זי אויסצונוצן, פֿלעגט מען שעהנלאַנג שטיין אין אַ ריי. דער אומלעגאַלער רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט נישט געהאַט, ווער סע זאָל אים פֿאַרבייטן אין דער ריי, האָט געמוזט אויסהאַלטן אויף זיך אומצאָליקע בליקן פֿון דער גאַס.

ווי שווער עס איז געווען צו שאַפֿן אַ „קאָנספּיראַטיווע דירה", וווּ די אומלעגאַלע זאָלן זיך קאָנען צונויפֿקומען אויף באַראַטונגען. אַן אונטערערדישע באַוועגונג האָט געמוזט האָבן אַ סך אַזעלכע דירות, אין אַ סך טיילן פֿון דער שטאָט, כּדי נישט צו וואַרפֿן זיך דער טשעקאַ אין די אויגן. דיראַזיקע וווינונגען האָבן געמוזט בלומרשט זיין באַוווינט, אָבער די רעוואָלוציאָנערן האָבן נישט געדאַרפֿט ריזיקירן דערביי מיט זייער פּערזאָן. האָט מען דיראַזיקע ליידיקע צימערן געמוזט מאַסקירן פֿאַר די שכנים און דער מאַכט מיט אַ פּאָר טישן און שטולן. און נישט דער ערך שווערער איז געווען אין דאָזיקן מאָסקווע איינצואָרדענען אַן אומ־לעגאַלע דרוקעריי אויף אַרויסצוגעבן רעוואָלוציאָנערע שריפֿטן און פֿלוגבלעטער. אַ שטענדיקע סכּנה האָט געלויערט אויפֿן אומ־לעגאַלן אין גאַס, אין טראַמוויי, אין קראָמען. אַגענטן און שפּיאָ־נען פֿון דער טשעקאַ האָבן געהיים נאָכגעקוקט די דורכגייער. די הויפּט־אַגענטן פֿון דער פּאָליציי האָבן פֿאַרמאָגט בילדער פֿון די וויכטיקסטע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע מען האָט געוואָלט כאַפּן. האָט מען געמוזט פֿאַרענדערן דאָס געזיכט, בייטן די קליידונג. אמת, ביי דער אַלגעמיינער פֿאַראָרימונג און ניוועלירונג אין יענער צייט איז נישט שווער געווען צו פֿאַרקליידן זיך אַלס אַרבעטער, פּויער, ראַטן־באַאַמטע. פֿלעגט מען אָבער ציען אויף זיך דעם חשד פֿון אַ אַגענט און ער פֿלעגט אָנהויבן צו פֿאַרפֿאָלגן דעם

„דורכגייער", ־דאן האט דער רעוואלוציאנער געמוזט אויסנוצן אלע רעזערוון פון זיין כיטרעקייט און זעלבסט באהערשונג. עס איז אבער נישט געגוג געווען ארויסצודרייען זיך פון דידאזיקע אלע שפיצלעס; אויף די גאסן האט געלויערט אן אנדער געפאר. מען האט תמיד געקאנט אנטרעפן באקאנטע באלשעוויקעס, מיט וועלכע מען איז פריער פארבונדן געווען דורך געמיינזאמער ארבעט אדער דורך דעם פאר־רעוואלוציאנערן קאמף. דידאזיקע פלעגן אפט פרייוויליק נעמען אויף זיך טשעקא־פליכטן און פארראטן דעם פריערן חבר. דער אומלעגאלער ס. ר. מאראזאוו האט באגעגנט אויף א מאסקווער בולוואר א פריינד באלשעוויק, מיט וועלכן ער האט יארנלאנג צוזאמען פארבראכט אין צארישער פארשיקונג. יענער האט דערקענט דעם מאסקירטן מאראזאוו, איז צו אים פריינטלעך צוגעגאנגען און האט געזאגט: חבר, נעם מיר נישט פאר אומגוט, אבער איך מוז דיך לאזן ארעסטירן! ער האט מאראזאוון איבערגעגעבן אין די הענט פון אנגעלאפענע טשעקאליט, — אין נאמען פון דער פראלעטארישער דיקטאטור.

די רעוואלוציאנערן האבן זיך באמיט נישט נאר אויסצומיידן די תפיסה, אויסבאהאלטן זיך פאר דער פיינטלעכער מלוכה. זיי האבן געשטרעבט צו אקטיווער טעטיקייט צווישן די מאסן. זיי האבן געבויט קעמערלעך אין די פראלעטארישע באטריבן און ווארשטאטן. אבער אין דידאזיקע פעסטונגען פון דער רעגירונג האבן זיי אנגעטראפן די גרעסטע שטערונגען. אן מאנדאטן און באשייניקונגען האט מען דארט נישט געטארט אריינגיין און נישט ארויסגיין, זיי האבן זיך באמיט צו פארלאזן מאסקווע, קומען אין די דערפער, ביי מאסקווע, וווּ מען האט זיך געקאנט פרייע באוועגן. זיי האבן זיך געגעבן מי אוועקצופארן אין אנדערע שטעט פון לאנד, כדי צו פירן פראפאגאנדע. אבער ווי שווער עס איז געווען, כמעט אוממעגלעך, צו באקומען באן־בילעטן, דאס אייזנבאן־ וועזן האט זיך געפונען אונטער דער שארפסטער קאנטראל פונם מיליטער. צען מאל פלעגט מען דורכזיפן די צאל פערזאנען, וואס פלעגן באקומען א בילעט. די טשעקא איז באזונדערס וואכזאם געווען אויף די וואקזאלן. אן אומלעגאלער, וואס איז געשטאנען נאך א בילעט אין דער אומענדלעכער ריי, איז אויסגע־

שטעלט געווען אויף די בליקן פון טשעקא־לייט. פאַר רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פאַרבינדונגען צווישן אייזנבאַנער, זענען די וואָקזאַלן געווען די ערגסטע פּאַסטקעס.

טאָ ווי־זשע האָבן זיי זיך געקעט האַלטן אין דערדאָזיקער אומדורכדרינגלעכער נעץ פון מאַנדאַטן, קאָנטראָל־אָרגאַנען און לעגיטימאַציאָנעס? די רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך געהאַלטן גראָד אַ דאַנק דערדאָזיקער אומגעהייערער פּאַפּירענער ווירטשאַפט. קיינער אין לאַנד איז נישט געווען אימשטאַנד נאָכצוקאָנטראָלירן דעם מבול פון פּאַפּירן. דעריבער האָבן אויך די אומלעגאַלע געקאָנט אויספּאַרטיקן פאַר זיך שטרענג־לעגאַלע דאָקומענטן פון אַלע מינים, מיט אונטערשריפטן און חתימות, און זיי באַנוצן. איז נויטיק געווען, האָבן זיי זיך אויסגעגעבן אַלס באַאַמטע. אויף אַזאַ אופן האָבן זיי זיך באַוועגט אין אונטערערדישן רוים פון מאַסקווע אומבאַמערקט דורך דער מיליטעריש־קאָמוניסטישער אָרדענונג.

אין דערדאָזיקער אונטערערדישער וועלט האָבן געלויערט נאָך מער סכנות. דער באָלשעוויזם האָט געהאַט אַלס קעגנער נישט נאָר די ל. ס. ר., עס האָבן אים באַקעמפט קאָנטררעוואָלוציאָנערן פון מאָנאַרכיסטישן און בירגערלעכן שניט, פּונקט ווי די מעסיקע סאָציאַליסטן. אויך זיי זענען פאַראורטיילט געווען אויף אומלעגאַלקייט; אין דער מיליאָנען־שטאָט האָט געווימלט פון מענטשן און גרופּן, וואָס זענען געווען פיינטלעך צום רעזשים. אין אָט דער רומפּיקער, האַלב־טונקעלער אַטמאָספער פון געהיימען לעבן, האָבן געשיינט אָפּטמאָל מעגלעך צו זיין קווער־פאַרבינדונגען צווישן פאַרשיידענע „גלייך־געזינטע" קרייזן. די ל. ס. ר. האָבן מיט אָנטשיידנקייט אָפּגעוואָרפן אַזעלכע מינים פאַרבינדונגען, אויך אין דער טיפסטער אומלעגאַלקייט האָבן זיי נישט געלאָזט פאַרטושירן זייער אידעאָלאָגיש פּנים, זייער פּאָן, זייער פּראָגראַם — פון אַ סאָציאַליסטישער וועלט־רעוואָלוציע און פרייע ראַטן. עכטע „אַגענטן פון דער אַנטאַנט", אָדער פון דער בורזשואַזיע האָבן נישט געהאַט די העזה דערנענטערן זיך צו זיי. כדי אונטערצוגראָבן די רייען פון די ל. ס. ר., האָט די טשעקאַ אָנגעווענדט אַלע מיטלען: זי האָט אַריינגעשיקט צו זיי שפּיאָנען אונטער דער מאַסקע פון ל.ס.ר. בלומרשטעט ל.ס.ר. מיט קעמפערישע רעדעס פלעגן זיך אָנ־

בעטן דער פּאַרטיי־אָנפירונג מיטצואַרבעטן. אָפטמאָל פלעגן זיי קומען פון דער פּראָווינץ מיט רעקאָמענדאַציעס פון לאָקאַלע פּאַרטיי־גרופּעס, מיט מאַנדאַטן. די מאַנדאַטן זענען אָבער געווען געפעלשט. דער רעזשים האָט געמוזט אָנווענדן פעלשונגען, כדי אַריינצודרינגען אינם לאַגער פון די רעוואָלוציאָנערן. דאָס זענען געווען געפּערלעכע שפּיאָנען, ווייל זיי זענען געקומען פון דער באָלשעוויסטישער שולע, — ד. ה. פון אַ קאַמף־געמיינשאַפט, וווּ סאָציאַליזם און רעוואָלוציע איז געווען די טעגלעכע שפּראַך.

די אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע האָט, נאַטירלעך, נישט געקאָנט זיין צאָלרייך. חוץ דעם זענען אירע רייען כסדר שיטערער געוואָרן דורך אַרעסטן. די אויגן פון די קעמפנדע זענען כסדר געווענדט געווען צו די תפיסות, וווּ די חברים זענען געזעסן פאַרשפּאַרט. דאָס אונטערערדישע מאַסקווע איז פאַרבונדן געווען מיט די תפיסות דורך פאַרשידנאַרטיקע באַציאונגען. די אַרעסטירטע האָט מען געמוזט צושיקן שפּייז, קליידונג, ווייל מיט די הונגער־פּאַרציעס פון די תפיסות האָבן זיי נישט געקאָנט אויסקומען, מיט די אַרעסטירטע חברים האָט מען זיך געמוזט באַראַטן — אויף וויפל דאָס איז מעגלעך געווען — וועגן די פראַגן פון טעגלעכן קאַמף. די אומלעגאַלע האָבן געהאַלטן אין איין אויסאַרבעטן פּלענער, צו באַפרייען די אַרעסטירטע חברים, צוצוגרייטן זייער אַנטלויפן. עס קלינגט פּאַראַדאָקסאַל, אָבער עס איז אַ פאַקט: די אומלעגאַלע, וואָס האָבן געזען אויסצומיידן יעדן קאָנטראָל פון דער מלוכה, האָבן זיך ענג פאַרבונדן מיט דעם אָרט, וווּ די קאָנטראָל איז געווען צום שאַרפסטן קאָנצענטרירט. די ביידע פיינטלעכע לאַגערס: דער רעזשים און די רעוואָלוציע, האָבן זיך צוגעצויגן ווי מיט אַ מאַגישער קראַפט.

ווי שווער ס'איז געווען צו פאַרזאָרגן די אַרעסטירטע מיט שפּייז! וווּ האָט מען געזאָלט נעמען פאַר זיי ברויט, ווען עס זענען נישט געווען הונדערטער פונטן? דאָס וואָלט טאַקע געווען אוממעגלעך, ווען מאָסקווער בעקער וואָלטן נישט געאַרבעט איבער אונזער ענין. זיי האָבן געליפערט אומלעגאַל דאָס בעסטע און שענסטע ברויט. אָבער ווי שטעלט מען עס צו אין די תפיסות? עס איז געבילדעט געוואָרן אַ „רויטער סרייץ" פון דער פּאַרטיי פון נישט־

אקטיווע אָדער בלויז סימפּאַטיזירנדע פרויען, מייסטנס פּרויען. די מיטגלידער פון „רויטן קרייץ" האָבן מיט מסירת־נפש דורכ־געפירט די אַרבעט. די ווינטער־חדשים האָבן אין מאָסקווע גע־הערשט אייזיקע פרעסט. די טראַמווייען האָבן נישט פונקציאָנירט צוליב מאַנגל אין ברען־שטאָף. דאָס געשענקטע שפּייז האָט מען געמוזט פירן אויף האַנט־שליטעלעך אין דער אָפּגעלעגענער תּפיסה. דאָרט פלעגן זיי זיך שטעלן אין דער וואַרטנדער ריי ביי דער תּפיסה־קאַנטאָר. סאַראַ טראַגיש בילד ס'האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך די דראַזיקע רייען פאַר די תּפיסות! פרויען, מוטערס, טעכטער פון אַלערליי אַרעסטאַנטן, פון וויס־גוואַרדייאַישע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן ביז צו די ל. ס. ר. און אַנאַרכיסטן. מען איז געשטאַנען שטיל און מען האָט געשוויגן, אפילו וועגן די ווירטשאַפטלעכע זאָרגן, ווייל אין דער ריי זענען געווען וואַכזאַמע שפּיאָנען. ווי אָפט האָט מען דאָ געציטערט פאַרן לעבן פון אַרעסטאַנט, צו וועלכן מען איז געקומען. מען האָט אים עפּעס מיטגעבראַכט, כּדי צו באַקומען פון דער צעטל דאָס צעטעלע מיט די פּאָר ווער־טער: „אַ דאַנק, באַקומען"! דאָס איז געווען די איינציקע אונטערשריפט פון געליבטן, פון פאָטער, פון זון. די פּנימער פלעגן ווערן פרייידיקער, און פול האָפנונגען פלעגן זיך די פרויען אומקערן אין דער ווינטער, אונטער שניי באַגראָבענער שטאָט.

* * *

אין אָט דער וועלט פון סכּנות, קאַמף און העראָאיזם האָט ספּירידאָנאָוואַ געלעבט אַכצן חדשים. זי גופא האָט אין אַ גרוי־סער מאָס אויסגעבויט די דאָזיקע אונטערערדישע וועלט און זי באַ־לעבט מיט איר גייסט. כּדי מען זאָל זיי נישט דערקענען, האָבן זיך ספּירידאָנאָוואַ און איזמאַילאָוויטש (וואָס איז פאַרשוינט גע־וואָרן דורך די פעברואַר־אַרעסטן) פאַרוואַנדלט אין פּשוטע פּויער־טעס. „מעשאָטשניקי" האָט מען דאַן גערופן אַזעלכע פרויען. דאָס זענען געווען פּויערטעס פון ברויט־רייכע דערפער, וועלכע פלעגן טראָגן אַ קליין ביסל שפּייז אין זייערע זעק און עס פאַרקויפן אין שמוגל־האַנדל. זיי האָבן געהאַנדלט אומגעזעצלעך, אָבער אין יע־נער הונגער־צייט האָט מען זיי אומעטום באַגעגנט מיט סימפּאַטיע.

ספּירידאָנאָווא און איזמאַילאָוויטש האָבן, ווי יענע פּויערטעס, געטראָגן שאָפּענע פּעלצן, געוויקלט די קעפּ אין דיקע טיכער, כּדי צו פֿאַרדעקן דאָס פּנים, געשלעפּט אויף די רוקנס נישט קיין גאַר שווערע פּעק מיט ברויט. די דאָזיקע „מעשאָטשניקי" מיט די קרעמעריש־לוסטיקע אויגן האָבן געהאַט די מעגלעכקייט אַרומצוּוואַנדערן איבער די גאַסן און מאַרק־פּלעצער. ספּירידאָנאָווא האָט זיך באַזונדערס שטאַרק געמוזט היטן אין מאָסקווע, וווּ מען האָט זי גוט געקענט, ווו זי האָט אויף יעדער טריט און שריט געקאָנט באַגעגענען פּרייַנט און פֿייַנט. עס איז געלעגן אַן אומגעווייגלעכע טראַגיק אין דעם, וואָס אין דער שטאָט, ווו עס האָבן זי נישט לאַנג צוריק געליבט און געפֿייערט טויזנטער, מוז זי אַרומלויפֿן פֿאַרשטעלט און פֿאַרדעקט, אויסווייַכן יעדעס באַקאַנטע פּנים. ספּירידאָנאָווא גופֿא האָט ווי נישט באַמערקט די דאָזיקע טראַגיק, זי האָט קיינמאָל נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט וועגן דעם.

די ביידע קליינע פֿרויען שניידן דורך די שטאָט אין אַלע ריכטונגען. זייערע אויגן באַאָבאַכטן שאַרף יעדן מענטשן, וואָס איז ענלעך צו אַ טשעקאַ־אַגענט. איזמאַילאָוויטש האָט איינמאָל געזאָגט, אַז אין משך פֿון דאָזיקן האָזן־לעבן, האָט זיך אין זיי אַנטוויקלט אַ ספּעציעלער זעקסטער חוש, דער שפּיאָנען־חוש. נישט תּמיד פֿלעגט זיי געלינגען אויסצומיידן די באַגעגעניש מיט די טשעקיסטן. אָן אַטעם פֿלעגן זיי דאַן זוכן אַ באַהעלטעניש. איינמאָל האָט דער גורל געשפּילט מיט ספּירידאָנאָוואַן אַ געפֿערלעך שפּיל. מיט איר ברויט־זאַק אויף די אַקסלען האָט זי געוואַנדערט איבער אַ מאַרק־פּלאַץ. פּלוצלינג האָט די טשעקאַ אָפּגעצוימט דעם פּלאַץ און גענומען אַרעסטירן די הענדלער און ברויט־שפּעקולאַנטן. ספּירידאָנאָווא איז אַרייַנגעפֿאַלן אינם הוי־האַ פֿון די איבעריקע „מעשאָטשניקעס". זי האָט זיך געוואָרפֿן אין אַלע זייטן, כּדי אַרויסצוקריגן זיך פֿון דער פּאָליציי־נעץ. עס איז אָבער געווען אוממעגלעך: אַלע עקן פֿון פּלאַץ, אַלע טויערן פֿון די הייזער זענען אַרומגעשטעלט געווען מיט פּאָליציי־קייטן. צוזאַמען מיט אַ מחנה שרייַענדע און רחמים־בעטנדע מענטשן איז זי אָפּגעפֿירט געוואָרן אין דער טשעקאַ. זי האָט געזען די שרעקלעכע גע־

פאר, אין דער טשעקא, ביים פאַרהער, האָט מען זי געמוזט דער־
סענען. וואָס האָט זי געקענט טון? אין לעצטן מאָמענט פאַלט איר
איין אַ רעטנדער געדאַנק. די איבערגעשראָקענע מחנה ווערט
אַריינגעטריבן אין טשעקא ־ בנין, ווי אַ טשערעדע שאָף. מען
הויבט אָן אויסצופרעגן די מענער און פרויען. מיטאָמאָל דער־
הערט זיך אַ האַרצרייסנדער געשריי, אַ קליינע פרוי מיט אַן אָפּ־
געצערט פּנים פאַלט אום אויף די קני, האַלט זיך מיטביידע הענט
קאָנוואָלסיוו פאַרן בויך. די מענטשן־מחנה ווערט דערשראָקן,
טיילט זיך פאַנאַנדער, זי זעט, אַז די מעוברתע פרוי וועט אָט־אָט
גיין צו קינד. אויך די טשעקא־באַאַמטע זענען צעטומלט, וואָס
קענען זיי — מענער — טון אין אַזאַ לאַגע. זיי וואָלטן וועלן
פּטור ווערן פון איר, פון דער פרוי, וואָס דערלייזדיקט אירע פרי־
וואַטע ענינים פּונקט אין בּיורא פון דער העכסטער פּאָליציי־
מאַכט... די טשעקא איז דאָך נישט קיין קינפּעטאָרן־אַנשטאַלט...
ספּירידאָנאָווא ליגט נאָך אַלץ אויפן שמוציקן דיל. זי דרייט זיך
אין ווייען אין אַלע זייטן און וואָיעט, אויפן פויערישן שטייגער,
שטיל און יאָמערלעך. ווייכהאַרציקע פרויען בויגן זיך שוין אי־
בער איר. די טשעקא־באַאַמטע באַפוילן תיכּף צו באַפרייען די דאָ־
זיקע פרוי. מען פירט זי מיט גרויס פאָרזיכט צו דער טיר, מען
לאָזט זי אַרויס. מען וואַרפט איר נאָך צו איר ברויט־זאַק....

ווען די טשעקא און די רעגירונג וואָלטן געוווסט, וועמען זיי
האָבן געהאַלטן אין די הענט! ספּירידאָנאָווא האָט געמאַכט עטלע־
כע טריט פון דער טשעקא־געבּיידע, פאַרנומען זיך אין אַ ראָג און
ווי אַ ווינט זיך געטראָגן צו אַ קאָנספּיראַטיווער וווינונג. זי האָט
כּסדר געמוזט אָנשווילעך ווייזן די אַנטציקטע חברים, ווי אַזוי זי
האָט דורכגעפירט איר גלאַנץ־ראָלע אין דער לייבּנגרוב. זי אַליין
און די חברים האָבן שיר נישט געפּלאַצט פון פרייִדיקן לאַכן. אין
דער אונטערערדישער וועלט איז אַזוי זעלטן געווען די געלעגנהייט
צו לאַכן. דערדאָזיקער טאָג איז געווען אַ טריאומף־טאָג.

יעדע זיצונג פון אומלעגאַלן צענטראַל־קאָמיטעט איז פאַר־
בונדן געווען מיט סכּנות. די אָנטיילנעמער פלעגן זיך צוזאַמענ־
קומען פון אַלע עקן שטאָט, טיילווייז אויך פון דער פּראָווינץ.
ערגיצוו אין אַ פאַרוואָרפן הויז, אויפן העכסטן שטאָק. פון אונטער

ריסן טונקל טויכן אויף ספירידאָנאָווא און איזמאַילאָוויטש. זיי פירן ביידע און רייבן זיך לוסטיק די הענט. זיי ליגן אָפּ די זעק אין אַ ווינקל. זיי טוען אויס די קאָפּ־טיכער און אָט קוקן שוין אַרויס כיטרע די אויגן. אַזוי זעט אויס ספירידאָנאָווא עכט און נאַטירלעך. די אויפרעגונג פון געפערלעכן שפּאַציר איז נאָך נישט אָפּגעשטאָרבן אינגאַנצן. מען האָט אָקאָרשט אויסגעקעמפט אַ קליינעם נצחון אינם שטענדיקן פּאַרטיי־זאַנער־קריג מיט די קליינע אַגענטן פון דער רעגירונג. אַ חוץ דעם גרויסן קאַמף פאַר אידייען און דער רעוואָלוציע, מוז מען נאָך כסדר באַזיגן די טשעקאַ און די מלוכה־אָרגאַנען... אַ טוץ מענטשן זעצט זיך האַרט נעבנאַנאַנדער. די פּאַרהאַנגען אויף די פענסטער ווערן אַראָפּגעלאָזן. פון אַלע קעשענעס און קליידער־פאַלדן ווערן אַרויסגענומען דאָקומענטן. רעזאָלוציע ־ פּראָיעקטן, ביוראָ, פלוגבלעטער. די ערנסטע זיצונג הויבט זיך אָן. זי קאָן דויערן אַ סך שעהן. עס ווערן באַהאַנדלט גרויסע און קליינע פראַגן, פּאָליטישע פּראָבלעמען, פּראָגראַם־פּונקטן, טעכנישע זאַכן פון פּאַרטיי־אַפּאַראַט. עס איז נישט לייכט צו זאָגן, וואָסערע פראַגן אין אַן אומלעגאַלן פּאַרטיי־וועזן עס זענען קליין אָדער גרויס. נעמען שטעלונג צו די נייע דעקרעטן פון דער רעגירונג איז פּונקט אַזוי וויכטיק, ווי זיכער'ן די געהיימע וווינונגען, פעסטשטעלן דעם טעקסט פון אַ פלוגבלאַט איז פּונקט אַזוי וויכטיק, ווי דעמאַסקירן אַ שפּיאָן. מען הערט אויס באַריכטן פון פּראָווינץ־באַטריבן, מען באַראַט זיך וועגן ענטפער־בריוו און מען פאַרטיילט זיי צווישן די אָנוועזנדע צום שרייבן. ספּירידאָנאָווא שרייבט די גרעסטע צאָל בריוו. מען באַשטימט פּראָפּאַגאַנדע־עמיסאַרן פאַר די פּראָווינץ־געגנטן, מען שטעלט פעסט די רייזע־קאָסטן, די פּאַראָלן... מען מאַכט אַ פּויזע, מען טרינקט טיי, מען פאַרטיילט זיך אויף קלענערע אינטימערע גרופּן, וווּ מען שמועסט שטיל וועגן אומפּאָליטישע זאַכן. מען הערט זיך אויפמערקזאַם צו צו יעדן קלאַנג פון דרויסן... ווידער צו דער זיצונג. ידיעות פון די תפיסות. בייזע, דאָס בלוט ־ אויפקאָכנדע ידיעות וועגן פּייניקונגען און דראָאונגען. מיט דער אונטערשריפט פון העכסטן טשעקאַ־מייסטער דזשערזשינסקי איז אין רעגירונגס־אָרגאַן „איזוועסטיא" (פון 1־טן מערץ 1919) געגע־

דרוקט א קורצע דערקלערונג: „די ארעסטירטע לינקע ס. ר.־ן און מענשעוויקעס וועלן באטראכט ווערן אלס ערובניקעס. זייער גורל וועט אפהענגיק זיין פונם פארהאלטן זיך פון די בײדע פארטייען". ארעסטירטע, פון אקטיוון לעבן אפגעריסענע רעוואלוציאנערן זאלן פאראנטווארטלעך זיין מיט זייער לעבן פאר האנדלונגען, וואס געשעען ערגיץ קעגן דער רעגירונג!

דער אלטער אנארכיסט קראפאטקין האט אין יענער צייט געשריבן צו לעניגען א פערזענלעכן בריוו. „האט זיך צווישן אייך באמת נישט געפונען קיין איינער, וואס זאל אויפמערקזאם מאכן, אז אזעלכע מיטלען, וואס שטעלן פאר מיט זיך דעם צוריקקער צו דער ערנסטער צייט פון מיטלאלטער און פון די רעליגיעזע מלחמות, זענען נישט פאסיק פאר מענטשן, וואס האבן זיך אונטערגענומען אויפצובויען א נייע געזעלשאפט אויף קאמוניסטישע יסודות. האט זיך קיינער פון אייך נישט ארײנגעטראכט אין דעם, וואס עס איז אזוינס אן ערובניק? דאס הייסט, אז מען האלט איינעם געפאנגען, כדי מיט זיין טויט צו דראען די קעגנער. איז דאס נישט דאס זעלבע, ווי פירן א מענטשן יעדן טאג צו דער עקזעקוציע און דערנאך צוריקפירן אים אין תפיסה מיט די ווערטער: „ווארט נאך צו! הײנט נאך נישט!"

דער צענטראל־קאמיטעט פון די ל. ס. ר. האט אויף דעראזיקער דראאונג געענטפערט מיט א קעגנדראאונג אין אן אומלעגאלן פלוגבלאט. די סיסטעם פון ערובניקעס איז נישט אנגעווענדט געווארן. אבער די חברים זענען געשטאנען אין די תפיסות פאר הונגער־שטרייקן. זיי האבן געליטן פון הונגער און קעלט, זיי האבן קיין אנדערע קאמף־מיטלען נישט געהאט. אויב די שטרייקן וועלן אויסברעכן, וועט די פארטיי מוזן אויפוועקן די סימפאטיעס פון דער ארבעטערשאפט, כדי צו צווינגען די רעגירונג נאכצוגעבן. ווי שווער דאס וועט זיין!...

איין טעמע בײט אפ די צווייטע. די צייט פארגייט אומבאמערקלעך, דער אוונט איז שוין לאנג איבערגעגאנגען אין נאכט. שאטנס פון מידקייט ליגן זיך אוים אויף די פנימער. מען שליסט די זיצונג, מען איז צופרידן, וואס עס איז אפגעטון געווארן א שטיק ארבעט. מען הויבט זיך אן פאנאנדערצוגיין. מען טוט זיך

ווידער אָן מיט גרויס קונסט, מען וויקלט אַרום טיכער אויף די קעפּ און פּנימער, מען דריקט זיך פעסט די הענט. ווער ווייס, צי דאָס נאָנטסטע מאָל וועלן ווידער אַלע זיין? איינציקווייז, ביי אויסגעלאָשענע לאָמפּן, גייט מען זיך פונאַנדער און מען פאַר־שווינדט אין דער נאַכט.

* * *

מיט גאָר גרויס מי איז אָנגעקומען אַפּצוהאַלטן אַן אומלעגאַ־לע פּאַרטיי־קאָנפערענץ. עס האָבן זיך געדאַרפט צונויפקומען פאָר־שטייער פון אַלע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס פון דער ל. ס. ר. אין לאַנד. די צייט פון די אָפענע יום־טובדיק־רוישפולע פּאַרטיי־קאָנגרעסן איז פאַריבער, איצט האָט מען געמוזט זיך באַראַטן אין דער גרעסטער שטילקייט און באַשיידנקייט. ווען אַזאַ קאָנ־פערענץ וואָלט אַנטדעקט געוואָרן דורך דער טשעקאַ, וואָלט עס געווען אַ גוואַלטיקער קלאַפּ פאַר דער פּאַרטיי. דעריבער האָט מען זי איינגעאָרדנט הינטער מאָסקווע, אין אַ זומער־וווינונג. אַ „דאַטשע" מיט געשלאָסענע לאָדנס, פאַרשטעקט טיף צווישן קוסטעס, איז געוויילט געוואָרן אַלס קאָנפערענץ - לאָקאַל. עס איז געווען גוט, וואָס דער באַשטימטער טאָג איז געווען אַ רעגנדיקער, וואָס די ערד איז צעקראָכן אונטער די פיס, וואָס פון אַלע ביימער האָט געטראָפט. אין אַזאַ וועטער וועט מען אַ הונט נישט אַרויסיאָגן אין גאַס. די קאָנפערענץ־אָנטיילנעמער זע־נען געקומען פון אַלע ריכטונגען צופוס. די באַן־סטאַציעס האָבן זיי אויסגעמיטן, ווייל אויך דאָרט האָט מען געקאָנט טרעפן אַ טשעקיסטן־געשטאַלט...

מען האָט זיך לאַנג געזאַמלט, מען האָט זיך לעגיטימירט דורך זאָגן די פּאַראָלן. דערנאָך האָט מען זיך פולשטענדיק אָפּגע־שלאָסן פון דער אויסערלעכער וועלט אויף עטלעכע טעג און נעכט. טויער און טיר זענען געשלאָסן געוואָרן, קיינער האָט נישט געטאָרט פאַרלאָזן דאָס הויז. די קוימענס האָבן נישט גע־רויכערט, הגם צענדליקער מענטשן האָבן דאָ גענעסן. די לאָדנס זענען געבליבן פאַרמאַכט, כדי עס זאָל נישט אַרויסדרינגען אין דער נאַכט אַ שימער פון אַ ליכט. אין הויף און ביי די איינגענג

זענען געשטאַנען מיטגלידער פון דער באַוואָפנטער קאַמף־גרופּע פון דער פּאַרטיי, גרייט אָפּצוּווערן אַן איבערפאַל. אינעווייניק אין הויז האָט געהערשט אַ שטאַרק־פּולסירנדיק לעבן. מען האָט געדאַרפט לייזן שווערע פּאָליטישע פּראָבלעמען.

מערערע זיצונגען איז אָנגעגאַנגען אַ וויכטיקע דעבאַטע, וואָס האָט אָנגערירט די יסודות פון דער פּאַרטיי־וועלטאָנשויאונג. איין טייל פון די ל. ס. ר. האָט געשטעלט די פראַגע, צי עס וואָלט נישט געווען ריכטיקער ארויסצופירן די פּאַרטיי פון דער אומלעגאַלער לאַגע. דורך דעם אויסשליסלעך־אונטערערדישן כאַראַקטער פון איר טעטיקייט שליסט זי זיך אָפּ פון די מאַסן. זאָל מען אפשר פּרוּוון אויסצוברייטערן אָדער לויזער צו מאַכן די קאָנספּיראַטיווע פאָרמען פון דער באַוועגונג? ספּירידאָנאָוואַ איז קעגן דעם ארויסגעטראָטן מיט איר גאַנצער קראַפט. מיט אַ שטילער אָבער ליידנשאַפטלעכער שטים האָט זי אויפגענומען דעם קאַמף.

— מיר זענען אונטערערדיש? נאַטירלעך. אין דאָזיקן צושטאַנד געפינט זיך דאָך דאָס גאַנצע פאָלק. מיר ווערן פאַרפאָלגט, מען פאַרשפּריט וועגן אונז אינסינואַציעס, מען העצט קעגן אונז, אָבער אין גאַנץ רוסלאַנד לעבן די מאַסן אין דערזעלבער אומלעגאַליטעט... אויב מיר זאָלן היינט ארויסגיין אויף דער אָפיציעלער פּאָליטישער אַרענע, וועלן מיר מוזן פאַרלירן די קאָמפּראָמיסלאָזע קלאָרקייט פון אונזערע אידייען. די מאַסן וועלן אונז באַטראַכטן אַלס פאַרבינדעטע פון די באָלשעוויקעס...

— עס האַנדלט זיך — האָבן געזאָגט די קעגנער — נישט נאָר וועגן די באָלשעוויקעס. ראַטן־רוסלאַנד פירט דעם היסטאָרישן בירגער־קריג קעגן דעניקינען, קעגן דער וועלט־בורזשואַזיע. אַזוי צי אַזוי — די מאַסן געפינען זיך אין דאָזיקן גערעכטן קאַמף. צי דאַרפן מיר דען בלייבן שטיין אין אַ זייט, אים איבערלאָזן פאַר דער רעגירונג אַליין?

— איך קען דידאָזיקע סאָציאַל־פּאַטריאָטישע שטימונגען. צוליב מורא פאַר דעניקינען פאַרערט מען צו דולדן דידאָזיקע ראַטן־רעגירונג, ווייל „דעניקינס רעגירונג איז נאָך שרעקלעכער“. אָבער צי קענט איר אויך די געדאַנקען־צעטומלעניש, וואָס דער באָלשעוויזם רופט ארויס? די מאַסן זעען אַלץ ווייניקער אין דעם

אונטערשייד צווישן דעם דעניקינישן לאגער און דעם באָלשעוויס־ טישן! ביידע עקספּלואַטירן גלייך דעם האַרעפּאַשנעם קלאַס, מער נישט וואָס די קאָמוניסטן באַפרייען פון דער עקספּלואַטאַציע א טייל פּראָלעטאַריאַט. ביידע דערגרייכן זייערע צילן און רווחים דורך צעטרעטן די מענטשלעכע פרייהייט. ביידע באַנוצן זיי אַלע מאָדערנע אינסטרומענטן פון דער בירגערלעכער מלוכה, כדי צו אונטערדריקן די האַרעפּאַשניקעס, וואָס געפינען זיך אין זייער רשות. דאָס בלוט פון די אַרבעטער, וואָס דער תלין דעניקין פאַר־ גיסט, שרייט פונקט אַזוי צום הימל, ווי דאָס בלוט פון די אַרבע־ טער, און באַזונדערס פון די פויערים, וואָס לענין לאָזט פאַרגיסן... יאָ, האָט איר דען פאַרגעסן די געשעענישן אין אַסטראַכאַן, דעם אויפשטאַנד פון די האַפן־אַרבעטער? דאָרט האָט געהערשט אַן אמתער הונגער און דער געוואַלט־רעזשים פון דער טשעקאַ. א שוידערלעכער, לעגענדאַרער רעזשים. די קאָמוניסטן האָבן דאָרט סקרופּולאָז פאַרטיידיקט זייער מאַכט. אין משך פון דאָזיקן יאָר, בעת אַלע אויפשטאַנדן און מרידות, האָבן זיי קיין איינציק מאָל נישט געפּרוווט באַזייטיקן די אומרועַן אויף אַ פרידלעכן אופן: דורך נייע וואַלן אין די ראַטן אָדער דורך באַזייטיקן די באַאַמטע. אַזוי איז אויך געווען אין אַסטראַכאַן. טויזנטער פּראָלעטאַריער זענען געטויט געוואָרן. גלייכצייטיק האָט דעניקין אין יעקאַטערי־ נאָסלאַוו דערשאָסן אַרבעטער חמרימוויי. דאָרט טויט מען סתם אַזוי, דאָ — „אין נאָמען" פון עפּעס. סאַראַ צעטומלעניש דאָס ברענגט אַריין אין באַוווּסטזיין פון פאָלק! —

— דאָס הייסט דאָך נישט, אַז מיר דערקלערן זיך פאַר נייט־ ראַל אין דאָזיקן קאַמף? אויב מיר וועלן בלויז פירן דעם אינער־ לעך - פּאָליטישן קאַמף, וועט מען אונז דען נישט דערקלערן אַלס אָנהענגער פון יענעם לאַגער? די אינסינואַציע - מאַשין אַרבעט אויסגעצייכנט און מיר זענען אומלעגאַל. ווי אַזוי קאָנען מיר קלאָר מאַכן די מאַסן אונזער טאַקטיק?

— דורך דער טאַט! — האָט ספּירידאָנאָוואַ אויסגעשריגן.— דורך דעם אומדערמידלעכן קאַמף קעגן דעניקינען. אויב מיר טרעטן נישט אַרויס אין די אָפיציעלע מלוכה - ראַמען, דאַרפן מיר דערפאַר טאָפּלט וועקן, אָרגאַניזירן, אָנפירן די פּאַרטיזאַנער־

באוועגונג אין פאלק. זעלבסטשוץ פון די מאסן אחן — אטענטאטן קעגן די קעפ פון דער קאנטר־רעוואלוציע. דאס איז אונזער אופן פון קאמף.

— אונזער שארפע קריטיק פון די פארברעכנס און געמיינ־קייטן איז בארעכטיקט. אבער מיר שטויסן זיך בסדר אן אויף דער איינוועגדונג פון די קאמוניסטן: די פעלערן זענען בלויז ציטווייליק, נאר בעתן בירגער־קריג. שפעטער וועט אנדערש ווערן...

— איך קען די דאזיקע ארגומענטן, — האט ספירידאנאווא געענטפערט מיט פארביטערונג. — זיי זענען פאלש. דאס, וואס מיר זעען, איז א סיסטעם. אט דאס איז טאקע דיקטאטור. די דיקטאטור פון מענטשן, וואס קלאמערן זיך אין דער מאכט. וואס קומט דא פאר? אנשטאט א לעבעדיקער רעוואלוציע — א צע־שמעטערונג פון דער רעוואלוציע אין נאמען פון אן ענגהארציקער דאגמע. און היות דער היסטארישער פראצעס קומט פאר אנדערש, היות די רעוואלוציע שטייט אין פולער סתירה צו דער דאגמע, אנטשטייט א ווילדע, אומדערהערטע געוואלט, וועלכע מען באנייט קעגן די הארעפאשניקעס און דער רעוואלוציע, קעגן דער געשיכ־טע און אלע הייליקע האפענונגען פון פאלק... געווים, נישט פאר אונזער גאנצער פיין טראגן די באלשעוויקעס די שולד, אבער, גאט מיינער, פאר וויפל פיין זיי, נאר זיי, טראגן די שולד... מען זאגט: „פעלער פון די אינסטאנצן". ניין, דאס זענען שוין מער נישט קיין צופעליקע פעלערן... פאר אונזערע אויגן בילדעט זיך אויס א נייער הערשנדער קלאס. ער באשטייט, ערשטנס, פון דער קאמו־ניסטישער פארטיי; צווייטנס, פון דער „ראטן" - ביוראקראטיע, וואס דינט איר; דריטנס, פון יענעם קליינעם טייל פראלעטאריאט, וואס איז פארפרעמדט געווארן פון באטריב און איז געווארן פאר־באאמטעט. דער דאזיקער קלאס, וואס איז ווירטשאפטלעך מעכ־טיק, וואס באזיצט די ערד, די פאבריקן, דעם מלוכה - אפאראט, — ער קלאמערט זיך מיט הענט און פיס פאר דער מאכט.

— דאס ליקנט קיינער נישט פון אונז! אבער דאס, וואס מיר האבן דערקענט, ווייס נישט דאס אויסלאנד. די אויסלענדישע פראלעטאריער זענען בלויז פאראינטערעסירט אינם גורל פון

אונזער רעוואָלוציע. ווי אַזוי קאָנען מיר זיי דערציילן וועגן אונ־ זערע אַנטוישונגען, אויב מיר ווילן זיי נישט אַנטוישן אין דער וועלט ־ רעוואָלוציע? אויב די דאָזיקע דערקענטעניש וועט אַריינ־ דרינגען אין נייעם אינטערנאַציאָנאַל, וועט ער זיך פאַנאַנדער־ פאַלן...

— יאָ, די באָלשעוויקעס האָבן איבערגענומען די ראָל פון פאַנאַנדערבלאָזער פון דער וועלט ־ רעוואָלוציע. זאָלן זיי שפּילן די דאָזיקע ראָל אין אייראָפּע, קיין שום ערלעכער רעוואָלוציאָנער טאָר זיי דאָ העלפן נישט צוהעלפן. דאָס האַרץ שטאַרבט מיר אָפּ אין דער ברוסט פאַר שרעק, ווען איך שטעל מיר פאָר אויף איין אויגנבליק, אַז די גאַנצע וועלט וועט דורכמאַכן די עטאַפּן פון אונזער רעוואָלוציע, לויט לעניננס פּלאַן! די ראַטן ־ רעפּובליק אין אונגאַרן, וואָס איז אַזוי שנעל צעקלאַפּט געוואָרן, צי איז זי דען נישט קיין וואָרנונג? און ווען די דאָזיקע אַלע דעקאָראַציעס פון דער „ראַטן ־ מאַכט”, די דאָזיקע גאַנצע רויטע שמינקע און די גענאַרעריי פון די מאַסן וועט זיך אַמאָל ענדיקן מיט אַ נאָך קיינ־ מאָל אין דער וועלט נישט געוועזענער ווילדער רעאַקציע, — אי ווי מיינט איר, וועט דאָס דען דאַן נישט דערלאַנגען דער וועלט רעוואָלוציע דעם ערגסטן קלאַפּ?

ספּירידאָנאָווא האָט איבערגעריסן די אַנטשטאַנענע שט־ קייט:

— אַפילו נאָך איצט וואָלט געקאָנט געשען אַ וווּנדער, ווע מען שטעלט ווידער אויף די ראַטן, ווען מען שאַפט אָפּ די פּאַ ראָם ־ פּאָליטיק קעגן די פּויערים, און דעם טשעקאַ ־ רעזשי קעגן די האָרעפּאַשניקעס. די רעוואָלוציע וואָלט געראַטעוועט גע וואָרן. עמיצער מוז דאָס אָבער זאָגן אָפן די מאַסן. וואָלטן מיר, די ל. ס. ר., נישט געווען, וואָלט דאָס געמוזט טאָן אַן אַנדער פּאַר־ טיי, וואָס פאַרקערפּערט אין זיך די לעבנס ־ רעשטלעך פון דער רעוואָלוציע... ווי אַזוי קאָן אָבער די דאָזיקע מיסיע דערפילט ווערן לעגאַל, מיטן ווילן פון דער רעגירונג? ווי אַזוי קאָנען מיר מוות־ זיין אויף דער אומלעגאַליטעט?

די דעבאַטע איז געווען אַ העפטיקע. זי איז פאַרענדיקט ג וואָרן. די לענאַליסטן האָבן נישט געזיגט. אַ קאָמיסיע פון פּ

שטייער פון בײדע שטאַנדפּונקטן האָט זיך אָפּגעזונדערט אין אַ צווייטן צימער, כּדי אויסצואַרבעטן די רעזאָלוציע. די בײדע לאַגערס האָבן פאַנאַנדערגעטײלט נישט קײן פּרינציפּיעלע, נאָר טאַקטישע חילוקי־דעות.

די קאָנפערענץ ־ אַנטײלנעמער פאַרגינען זיך אָביסל רו. מען זיצט צוזאַמען בײם עסן, דער סאַמאָוואַר זידט ווי בײ אַ געמיטלעכן פאַמיליע ־ טיש, די יונגע חברטעס באַדינען, די מיטגלידער פון דער קאַמף־גרופּע זיצן מיט זײער געווער לעם זיך אויפן טיש. דאָס באַוווסטזיין פון דער געפאַר שמידט אַלע נאָך ענגער צוזאַמען. ספּירידאָנאָווא ליגט מיד אויף אַ קאַנאַפּע און קוקט אויף די חברים. אירע אויגן קוקן מוטערלעך און שטאָלץ. אַלע חברים, אָן אונטערשייד פון ריכטונג, זענען איר גלייך ליב און טייער. זייערע פּנימער זענען מאָגער און אומרואיק, אָבער פול מוט און אומדערשיטערלעכן גלויבן. מען לאַכט און שפּאַסרייען פילן אָן די לופט. ספּירידאָנאָווא ווײס: אויב אפילו אײניקע פון די האָזיקע מענטשן זענען געצייכנט דורכן טויט, — די באַוועגונג, וואָס זיי פאַרטרעטן, וועט לעבן. מען וועט זי מיט קײן שום מיטל נישט אויסראָטן.

אַזוי זענען פאַרגאַנגען טעג און נעכט אין זיצונגען. אומגעשטערט דורך די מאַכט ־ האָבער, האָט זיך די קאָנפערענץ אויפגעלייזט. דאָס הויז מיט די צוגעמאַכטע לאָדנס איז אויף אַן אמת פאַרלאָזן געוואָרן דורך די מענטשן.

## .VIII

## דער הונגער־שטרײק

שלעכטע ידיעות קומען פון די תּפיסות. סוף יאָר 1919 זענען קאָנצענטרירט געווען אין דער מאָסקווער בוטירקי ־ תּפיסה בײ 130 ל. ס. ר. מען האָט זיי געהאַלטן אין באַדינגונגען, וואָס האָבן באַדײט אַן אומאויפהערלעכן חוזק פון זײער רעוואָלוציאָנערער און מענטשלעכער חשיבות. די דערשטיקנדיקע אַטמאָספער

פון מאַכטלאָזיקייט און רעכטלאָזיקייט איז געוואָרן אַלץ אומדערטרעגלעכער. דערצו איז די דערנערונג אויף אַזוי פיל ערגער געוואָרן, אַז מען האָט געקאָנט חושד זיין אַ בכיוונדיקע סיסטעם „אויסצוהונגערן" די געפאַנגענע. מען האָט זיי בוכשטעבלעך געגעבן עסן אָפּפאַל. פוילע קאַרטאָפל - שאָלעכץ איז שוין באַלד געווען אַ לוקסוס. די צעלעס זענען נישט געהייצט געוואָרן; הונגעריקע און קראַנקע רעוואָלוציאָנערן האָבן פאַרבראַכט טאָג ווי נאַכט אין דורכגעפרוירענע צעלעס.

אין די הערצער פון די געפאַנגענע איז אַלץ מער געוואַקסן דאָס געפיל פון פּראָטעסט. דעם 1-טן מאַי פון 1919 האָבן זיי געפייערט דעם סאָציאַליסטישן יום-טוב אין תפיסה דורך אַן איינטאָגיקן הונגער - שטרייק. עס איז געווען קלאָר, אַז די עמפּערונג וועט ביי דער ערשטער געלעגנהייט אויסברעכן אין אַ גוואַלטיקער פאָרם. די דאָזיקע געלעגנהייט האָט זיך געמאַכט דעם 26-טן נאָוועמבער, ווען מען האָט די אַרעסטירטע דערלאַנגט צום מיטאָג אַ זופּ, פול מיט ווערים. אויך די נישט - איבעדרקליבערישע זענען געוואָרן אויפגערעגט, און די „זופּ" איז אויסגעגאָסן געוואָרן אויף די טרעפּ.

די תפיסה - באַאַמטע האָבן דאָס געשעענע דערקלערט אַלס מרידה, אַראָפּגעבראַכט באַוואָפנטע זעלנער אין די קאָרידאָרן און געשטעלט די אַרעסטאַנטן אַן אולטימאַטום: אָדער איר וועט תיכף ריין-מאַכן די טרעפּ, אָדער איר וועט באַקומען צו פאַרזוכן דעם שטרענגסטן רעזים! דאָס דערקלערן אַ הונגער-שטרייק איז געוואָרן אומפאַרמיידלעך. דער שטרייק איז באַשלאָסן געוואָרן איינשטימיק. מען האָט אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען צו דער רעגירונג. די גרייטקייט צום קאַמף, די חברישע סאָלידאַריטעט זענען געווען אַזוי גרויס, אַז אפילו די שווער - קראַנקע האָבן געפאָדערט, מען זאָל זיי איינשליסן אין די רייען פון די שטרייקנדע. אָבער די תפיסה - ביוראָ פון די ל. ס. ר. איז באַשטאַנען אויף זיין באַשלוס, וואָס פאַרבאָט די קראַנקע אָנטיילצונעמען אינם שטרייק. אַלע אָנטיילנעמער פון שטרייק האָבן זיך פאַרפליכטעט: נישט נאָר נישט אינדיווידועל צו פאַרענדיקן דעם שטרייק, נאָר אפילו די פראַגע וועגן דעם נישט אַרויסשטעלן אַן

דעם וויסן און ווילן פון דער „דריילינג - קאָמיסיע“, וואָס איז געוויילט געוואָרן אָנצופירן מיטן שטרייק. יעדער איינער, וואָס וועט אַליין, אָן דער צושטימונג פון דער קאָמיסיע און פון די חברים, איבעררייסן דעם שטרייק, וועט דערקלערט ווערן אַלס פּראָוואָקאַטאָר. רייכערן און טרינקען וואַסער איז דערלויבט געוואָרן. אויב די פאָדערונגען פון די אַרעסטאַנטן וועלן נישט באַפרידיקט ווערן אין משך פון דריי טעג, וועט דער שטרייק אויסברעכן 12 אַזייגער בייַנאַכט, דעם 30־טן נאָוועמבער. די פאָדערונגען זענען געווען: פאַרבעסערן די דערנערונג; באַהייצן די צעלן און געבן וואַרימע קליידונג; שפּאַצירן צוויי מאָל א טאָג; א וואַרימע וואַנע מיט זייף איין מאָל א וואָך; די מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן שולעס און רעפעראַטן פאַר אַלע ל. ס. ר. אין דער תפיסה.

די דריי טעג זענען פאַרגאַנגען, און די מאַכט האָט אפילו נישט רעאַגירט. אין באַשטימטן טערמין איז דער שטרייק אויסגעבראָכן. גלייכצייטיק האָבן די אַרעסטאַנטן אַוועקגעשיקט א דערקלערונג צו דער צענטראַלער ראַטן - עקזעקוטיווע: „אַלע אונזערע פאָדערונגען זענען ביז איצט געבליבן אָן אַן ענטפער, אינצווישן פאַרשפּרייטן זיך דאָ טיפוס־ און אינפלוענציע - עפּידעמיעס. דער גרעסטער טייל חברים ווערט פאַראורטיילט צו א לאַנגזאַם שטאַרבן. אין צוועלפטן קאָרידאָר, וווּ מיר זיצן אַרעסטירט, איז דערקלערט געוואָרן באַלאַגערונגס־צושטאַנד. מער זענען געצוווּנגען צו דערקלערן א הונגער - שטרייק“. די העכסטע רעגירונגס - אָרגאַנען זענען אַזוי אַרום געווען אינפאָרמירט. די ל. ס. ר. און די באַפרייַנדעטע אַרבעטער - אָרגאַניזאַציעס אויף דער פרייַ איז מיטגעטיילט געוואָרן אויף אַן אומלעגאַלן וועג וועגן אָנהייב פון קאַמף.

די טשעקאַ האָט אויפגענומען דעם קאַמף. קודם־כּל האָבן זיי באַשלאָסן צו צעטיילן די פאַראייניקטע אַרעסטאַנטן. זי האָט אָנגעווענדעט קריגס - כיטרעקייט. אין צווייטן הונגער - טאָג האָט מען די מיטגלידער פון דער „דריילינג - קאָמיסיע“ גערופן אין תפיסה - ביוראָ, צו פירן כּלומרשט אונטערהאַנדלונגען וועגן איבעררייסן דעם שטרייק. דאָרט האָט זיי די וואַך מיט געוואַלט

פֿאַרשלעפּט אין פּאָליציי־טורעם. די הונגעריקע האָבן אַזוי אַרום באַדאַרפֿט בלייבן אָן אַ פֿירונג. אָבער דער דאָזיקער געוואַלטאַקט האָט זיי נאָך מער אויפֿגעבראַכט. „מיר דערקלערן — האָט געזאָגט די נייע מעלדונג צו דער טשעקאַ, — אַז מיר וועלן דעם הונגער־שטרייק דורכפֿירן און מיר וועלן נישט פֿירן קיין אונטערהאַנדלונגען, כּל זמן מען וועט אונדז נישט צוריקגעבן אונדזערע חברים". די רעגירונג האָט דערויף געענטפֿערט מיט נייע געוואַלט־אַקטן. אין 12־טן קאָרידאָר איז ווידער אַרייַנגעפֿירט געוואָרן אַ באַוואָפֿנטע וואַך. מיט געוואַלט האָט מען געכאַפּט אַרעסטאַנטן און זיי פֿאַרשלעפּט אין אַנדערע תּפֿיסה־בנינים, ווו מען האָט זיי אַרייַנגעזעצט צו 2—3 מאַן אין איינצל־צעלעס. איצט האָט מען געדאַרפֿט גובֿר זיין יעדן פֿון זיי באַזונדער.

18 רעכטע סאָצ. רעוו. אַרעסטאַנטן פֿון דערזעלבער בוטירקי־תּפֿיסה האָבן מער נישט געקאָנט צוזען, ווי מען פּייניקט די הונגערנדיקע סאָציאַליסטן. „דאָס געפֿאַנגענען נעמען די „דרייליניג־קאָמיסיע" — האָבן זיי דערקלערט אין דריטן הונגער־טאָג — איז אַ מיטל, וואָס מוז אומבאַדינגט פּראָוואָצירן אין תּפֿיסה אומרוען, אפֿשר אויך קרבנות. מיר פֿאָדערן תּיכּף אַרויסצוגעבן די פֿאַרשטייער פֿון די ל. ס. ר., אַנישט טרעטן מיר אויך מאָרגן אַרויס אין הונגער־שטרייק". אַזוי אַרום איז די צאָל הונגערנדיקע נישט קלענער געוואָרן, נאָר — געוואַקסן. די עפֿנטלעכקייט איז געוואָר געוואָרן וועגן די דאָזיקע געשעענישן. די ל. ס. ר. פּאַרטיי פֿלעגט טעגלעך באַקומען גענויע באַריכטן וועגן דעם פֿאַרלויף פֿון הונגער־שטרייק... גראָד אין יענע טעג איז פֿאָרגעקומען דער 7־טער ראַטן־קאָנגרעס, וואָס איז אינגאַנצן באַהערשט געווען דורך די באָלשעוויקעס. עס איז נישט געלונגען פֿון דער טריבונע מיטצוטיילן די קאָנגרעס־דעלעגאַטן וועגן הונגער־שטרייק. זינאָוויעוו און טראָצקי האָבן נישט דערלאָזן צו באַהאַנדלען די דאָזיקע פֿראַגע. אָבער די אַרבעטער־מאַסן האָבן זיך דערוווּסט. אין אַ גאַנצער ריי באַטריבן האָבן זיי געפֿאָדערט פֿון דער רעגירונג צו ליקווידירן דעם הונגער־שטרייק און אפֿילו — באַפֿרייען די סאָציאַליסטן.

די רעגירונג האָט געשוויגן. די תּפֿיסה־פֿאַרוואַלטונג האָט

אַלץ געטאָן, כּדי צו ברעכן דעם שטרייק. מען האָט פאַרשפּרייט פאַלשע קלאַנגען, אַז די אָדער יענע גרופּע האָט אויפגעהערט צו שטרייקן. אין די צעלעס פון די הונגערנדיקע האָט מען אַריינגע־בראַכט פרישן ווייסן ברויט און בוליאָן, כּדי צו רייצן דעם אַפּע־טיט. אָבער קיין שום שפּיצלעך האָבן נישט געהאָלפן ביים אומ־בויגזאַמען ווילן, ביי דער סאָלידאַריטעט פון די רעוואָלוציאָנערן. דערווייל איז די צאָל שטרייקנדיקע געוואַקסן. אויך די שווער־קראַנקע, מיט 40 גראַד היץ, וועמען דער דאָקטאָר און די „דריי־לינג ־ קאָמיסיע" האָבן קאַטעגאָריש פאַרבאָטן אָנטיילצונעמען אין קאַמף, האָבן דערקלערט אַ הונגער־שטרייק.

דאָן איז געשען אַ וווּנדער: די רעגירונג האָט זיך אַנטשלאָסן אָנצוהייבן אונטערהאַנדלונגען. צוערשט האָט זיך געמאָלדן דער קאָמענדאַנט פון דער תּפֿיסה: ער וואָלט גרייט געווען אויף איי־גענער אחריות צו דערפילן עטלעכע פונקטן פון די פאָדערונגען. ער האָט באַקומען אַלס ענטפער, אַז מען וועט קיין שום אונטער־האַנדלונגען נישט פירן, כּל ־ זמן די „דריילינג ־ קאָמיסיע" וועט נישט צוריקקומען. ענדלעך האָט די טשעקאַ אַרויסגעוויזן סימנים פון לעבן און איבערגעגעבן די הונגערנדיקע אַן אָפיציעלע דער־קלערונג. זי איז גרייט צו דערפילן אַכט פון די דרייצן פונקטן. די פראַגע וועגן אַ בעסערער דערנערונג און שפּאַצירן זענען אויס־געמיטן געוואָרן. אַ שולע און רעפעראַטן וועלן דערלויבט פאַר אַלע אַרעסטירטע ל. ס. ר. „מיטן תּנאַי, זיי זאָלן נישט שטיין אין סתּי־רה צו דער סאָציאַליסטישער מלוכה ־ אָרדנונג". היות אַ רייע פאָדערונגען זענען געבליבן אומבאַפרידיקט, האָט די טשעקאַ באַ־קומען אַ שריפטלעכן ענטפער: דער הונגער־שטרייק דויערט ווייטער.

אין פינפטן הונגער־טאָג איז די לאַגע פאַרשאַרפט געוואָרן. אַ טייל פון די אַקטיווערע חברים האָט דערקלערט, אַז אויב די פאָדערונגען וועלן ביז מאָרגן נישט דערפילט ווערן, וועלן זיי, אַלס פּראָטעסט, באַגיין זעלבסטמאָרד. די טראַגעדיע אין די צע־לעס איז געווען מוראדיק. ווי אין שטיינערנע קברים זענען אין אומגעהייצטע צעלעס געלעגן אומבאַוועגלעך (אַ סך פון זיי אויפן נאַקעטן דיל) צענדליקער אָפּגעמאָגערטע, דורך דעם לאַנגן אַרעסט און הונגער־שטרייק אויסגעשעפּטע מענטשן. אויך די אָפּטיילונג

פאַר קראַנקע, ווו די אויסערלעכע באַדינגונגען זענען בעסער גע־
ווען, האָט שווידערלעך אויסגעזען. די גריפּע - קראַנקע זענען גע־
לעגן מיט הויכער היץ, די האַרצלײדנדע האָבן געליטן פון אָנפאַלן
די טובערקולאָזע האָבן אָפט באַקומען בלוט - שטורצן. עס האָט
געשיינט, אַז דער קאַמף האָט קיין אויסזיכט נישט אויף דערפאָלג,
ווייל קענען די שוצלאָזע רעוואָלוציאָנערן איז אין פולער מאַכט
געשטאַנען דער גאַנצער אַפּאַראַט פון דער מלוכה. ...אָבער אויפן
זעקסטן טאָג איז געקומען דער נצחון. צוערשט האָט מען צוריק־
געקערט צו זייערע חברים די מיטגלידער פון דער „דריילינג־קאָ
מיסיע". אַרום 12 ביינאַכט האָט די טשעקאַ נאָכגעגעבן אַלע פאָ־
דערונגען. די ל. ס. ר., וואָס זענען פאַרשפּאַרט געווען אין די
איינצל - צעלעס, האָבן זיך אומגעקערט אין זייער 12־טן קאָרי־
דאָר. די אויסגעהונגערטע, אָבער פריידיק - געשטימטע שאָטנס,
זענען אויפגענומען געוואָרן מיט טריאומף דורך דער גאַנצער
תּפיסה - באַפעלקערונג. הורא - אויסרופן און דער „אינטערנאַ־
ציאָנאַל" האָבן אָפּגעקלונגען אין דער געשטיקטער לופט פון בו־
טירקי.

דאָס איז געווען אַ „זיג" פון דער פרייהייט אין דער גע־
פאַנגנשאַפט. אַ קליינער, נישט קיין אַנטשיידנדיקער זיג. דאָרט,
ווו דאָס לאַנד איז באַזיגט געווען דורכן רעזשים, האָט נישט גע־
קאָנט בליען קיין פרייהייט אין די תּפיסות. די ל. ס. ר. און אויך
די איבעריקע סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן זענען אין איניקע
חדשים אַרום מיט ברוטאַלער געוואַלט אַרויסגעריסן געוואָרן פון
בוטירקי און מען האָט זיי פאַרשלעפּט אין די תּפיסות פון גרויס־
רוסלאַנד. די טשעקאַ האָט נישט מוחל געווען איר געליטענע מפּלה.

* * *

פאַר די אַקטיווסטע רעוואָלוציאָנערן איז תּמיד געבליבן אַק־
טועל די פראַגע וועגן אַנטלויפן פון דער תּפיסה. אויך מאַיאָראָוו,
דער פריערדיקער פאָלקס - קאָמיסאַר פאַר לאַנדווירטשאַפט, האָט
זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון דאָזיקן געדאַנק. ספּירידאָנאָווא
האָט פלייסיק געאַרבעט אויף צוצוגרייטן דאָס אַנטלויפן פון מאַ־
יאָראָוו, וועלכער איז געווען איינער פון די פירער אין דער אומ־

לעגאַלער טעטיקייט. אויף אַ מאָסקווער גאַס, בעת אַפּטראַנספּאָר־טירן אַרעסטירטע, האָבן איניקע אומלעגאַלע חברים געדאַרפט פּרוון באַפרייען עטלעכע ל. ס. ר. היות די צוגרייטונגען זענען געווען שווער, האָט זיך מאַיאָראָוו אַנטשלאָסן אויף אַ זעלבשטענ־דיקן פּרווו.

דעם 22 מערץ 1920 האָט מען פון בוטירקי־תפיסה גע־שיקט זעקס פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, אונטער דער אויפזיכט פון צוויי אויפזעער, צו ברענגען מילך פאַרן תפיסה־שפּיטאָל. צווישן זיי האָבן זיך געפונען פינף ל. ס. ר. זיי האָבן פאַרמאָגט איין רעוואָלווער קעגן די 2 פון דער וואך. די גאַסן, דורך וועלכע מען האָט זיי געפירט, זענען געווען פּיכט. אויף אַ ראָג גאַס האָבן די אַרעסטאַנטן אַנטוואָפנט די אויפזעער און זיי געצוווּנגען צו שטיין מיט אויפגעהויבענע הענט אַזוי לאַנג, ביז זיי וועלן פאַרשווינדן פון זייערע בליקן. די רעוואָלוציאָנערן זענען זיך צעלאָפן אין צוויי ריכטונגען. גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז די ביידע וועכטער מיט די אַנגעלאָפענע מיליציאָנערן האָבן גענומען נאָכיאָגן מאַיאָראָווס גרופּע. דער ל. ס. ר. סטעפּאַנאָוו איז דערביי דערשאָסן געוואָרן, מאַיאָראָוו, וואָס האָט בעתן לויפן באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק, איז געכאַפּט געוואָרן. אַנדרעי סטעפּאַנאָוו איז געווען אַ וויכטיקער קעמפער פון דער פעברואַר־ און אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אין דער רעוואָלוציאָנערער האַפּן־שטאָט רעוועל איז ער געווען אַ מיטגליד פון ראַט, רעדאַקטאָר פון דער מאַטראָזן־צייטונג. בעתן אָנגריף פונם דייטשישן מיליטער האָט דער יונגער סטעפּאַנאָוו אַלס לעצטער פאַרלאָזן די באַדראָטע שטאָט. איצט איז ער גע־לעגן טויט אויף דער גאַס. אונטער דער זידלעריי פון די טשעקאַ־ליִיט זענען סטעפּאַנאָווס קערפּער און דער לעבעדיקער מאַיאָראָוו צוריקגעבראַכט געוואָרן אין דער בוטירקי־תפיסה. דער קאָמענ־דאַנט פון דער תפיסה האָט זיי באַגעגנט מיט די ווערטער: „פאַר וואָס האָט איר אים נישט דערשאָסן אונטערוועגס?״.

טויט־דערשיטערט האָט מאַיאָראָוו געשריבן פון דער שטרענ־גער צעלע, וווּ ער איז פאַרשפּאַרט געוואָרן: „אַנדריי איז טויט. סאַראַ סך אונזער באַוועגונג האָט אין אים פאַרלאָרן... ער איז געווען אַ פּשוטער שלאָסער, אָבער סאַראַ גרויסער פאַרשטאַנד,

סאַראַ זיטלעכע שיינקייט! סאַראַ איבערגעגעבנקייט דער רעוואָלוציע און די האַרעפּאַשניקעס!... ווען מיר זענען אַנטלאָפן פון דער וואַך, איז ער אומגעפאַלן אַ פאַרוווּנדעטער. זיינע לעצטע ווערטער: „ליבע חברים, זייט געזונט" קלינגען מיר אומאויפהערלעך אין די אויערן. איך זע פאַר זיך זיינע קלוגע גרויע אויגן, זיין גרויסן, הערלעכן שטערן... ווען איך בין פאַרביי אים דורכגעלאָפן און האָב געהערט זיינע לעצטע ווערטער, האָט מיר גענומען שווינדלען אין קאָפּ און כ'האָב זיך קוים געקאָנט איינהאַלטן נישט אַריבערצובויגן זיך איבער אים פאַר אַלעמען אין די אויגן און אים אַ קוש טאָן. איך האָב זיך אָבער גענומען אין די הענט און אויסערלעך רואיק פאַרבייגעגאַנגען. אין פינף מינוט אַרום האָט מען מיך געכאַפּט. איך האָב נישט געהאַט קיין רעוואָלווער, און ווען צוויי טשעקיסטן האָבן אָנגעשטעלט אויף מיר צוויי רעוואָלווערן, האָב איך זיך אונטערגעגעבן. איינער האָט צוויי מאָל געשאָסן אין מיר, אָבער ער האָט נישט געטראָפן. אפשר האָט אים געפעלט מוט צו טייטן אויף דער גאַס, פאַר אַלעמען אין די אויגן, אַן אומבאַוואָפנטן ל. ס. ר. אינצווישן האָב איך געפירט פּראָפּאַגאַנדע צווישן עולם און כ'האָב זיי אויפגעקלערט וועגן אונזערע כּוונות. דאַן האָט מען מיך אָפּגעפירט אין דער אַלטער תּפיסה... דערווייל זענען רואיק און באַגליקט פאַרשוווּנדן אין דער קעגנגעזעצטער ריכטונג די אַנדערע פיר חברים. איך ווייס נישט, צי מען קאָן באַצייכענען אונזער אַנטלויפן אַלס געלונגען. עס איז געווען אימפּראָוויזירט, אָבער דאָך דורכגעפירט פאַרנונפטיק. אויב עס איז מיר נישט געלונגען אַרויסצורייסן זיך פון בוטירקי, איז דאָס געשען נאָר דערפאַר, ווייל „אויף דער פריי" הערשט נאָך אַן ערגערע בוטירקי, ווי דאָ. (און אפשר אויך דערפאַר, ווייל אַנדריי האָט נישט געשאָסן אין זיינע פיינט, נאָר זיי אָנגעשראָקן). עס וואָלט אויסגעזען גאַנץ אַנדערש, ווען מען וואָלט אונז געהאָלפן פון דרויסן!"

די דאָזיקע טרויעריקע ווערטער האָבן פאַר ספּירידאָנאָוואַן געקלונגען, ווי אַ פאַרוואורף. דאָס בילד פון די חברים, וואָס ווע־ן געיאָגט און באַשאָסן אין די גאַסן, ווי די וועלף, האָט זי לאַנג געקוועלט. זי האָט געוווּסט פון דער דערפאַרונג, וואָס עס באַדייט

ווידער צו פאַרלירן די פרייהייט, וואָס איז נאָך אָקאָרשט געווען
אַזוי נאָנט.

* * *

פאַר ספּירידאָנאָוואַ איז די צייט געוואָרן אַלץ שווערער. די
רייען פון די קעמפער אַרום איר זענען אַלץ שיטערער געוואָרן.
אויך איזמאַילאָוויטש איז אַרעסטירט געוואָרן אויף דער גאַס. די
בלויז זענען יעדעס מאָל פאַרפולט געוואָרן דורך נייע חברים פון
די אַרבעטער - קרייזן. אָבער די זיכערסטע פילאַרן פון דער באַ-
וועגונג זענען כסדר אַרויסגעריסן געוואָרן. ספּירידאָנאָוואַ האָט
געפילט, ווי דער רינג אַרום איר שליסט זיך אַלץ ענגער און ענ-
גער. האָט זי דערריבער איבערגענומען אומצאָליקע פליכטן. זי
האָט געוווינט אין אַ קליינעם צימער אויפן זעקסטן שטאָק. אין
צימער איז אָפט געווען קאַלט, ווייל עס האָט געפעלט האָלץ, ווייל
זי האָט נישט געקאָנט דערמאָנען איר באַלעבאָסטע. מען האָט
געמוזט לעבן וואָס מער אין שאָטן. ספּירידאָנאָוואַ איז ביינאַכט
געשלאָפן אומרואיק, זי האָט אומבאַוווסטזיניק פאַרנומען יעדן
פאַרדעכטיקן גערויש. זי האָט געפּרווירן, אָפט געהאַט פיי-
בער, ווייל דער טובערקולאָז האָט זי קיינמאָל נישט געלאָזט צו רו.
אין דאָזיקן צושטאַנד האָט זי אונטערגענומען איינציקע קירצע
רייזעס אין דער פּראָווינץ. זי האָט מיט אַ כיוון אויסגעקליבן די
אָרימסטע וואַגאָנעס, כדי זיך צוצוקוקן צום פאָלק. זי האָט אָנ-
טיילגענומען אין איינציקע בייטאַכטיקע פויערים - קאָנפערענצן אין
פאַרשידענע גובערניעס, באַזונדערס אין דער היימישער, טאַמבאָ-
ווער. זי פלעגט אומבאַמערקט צוריקקערן קיין מאָסקווע און זיצן
נאַכט ביי נאַכט, אָפטמאָל מיט פיבער, און שרייבן. זי האָט גע-
שריבן אַרטיקלען פאַר דער אומלעגאַלער פּרעסע און בריוו. זי
האָט פאַנאַנדערגעשיקט בריוו אָן אַ צאָל, אָן אַ סוף, אין אַלע עקן
לאַנד. מיט איר מיקראָסקאָפּישער, קוים לעזבאַרער האַנטשריפט
האָט זי באַדעקט צענדליקער בויגנס פאַפּיר, וואָס וועלן זיך אויפ-
היטן אין די געהיימע קעשענעס פון די שליחים אין לאַנד. דאָס
זענען נישט געווען קיין צירקולאַרן, נאָר יעדעס מאָל גאַנץ-אינ-
דיווידועלע בריוו, צוגעפּאַסט צום כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט

פון אדרעסאט... אין אירע בריוו, וואס זייער באדייטונג איז איר באקאנט געווען, האט זי ארייגנעלייגט אזויפיל באגייסטערונג פאר דער אידייע און ליבע צו די חברים, אז זיי האבן געמוזט צינדן און מיטרייסן. פאר אומצאליקע חברים, וואס זענען געווארן וואקלדיק אדער צעטומלט דורך דער אנטוויקלונג פון דער רעוואלוציע, זענען אירע בריוו געווארן דער שטארקסטער מאראלישער אנהאלט אין יענער ביטערער צייט. צו אירע חברים אין אויסלאנד האט זי געשריבן: „מיר מוזן אלץ טון, כדי מען זאל אונז קענען, כדי מען זאל אונזערע ווערטער איבערזעצן אין אנדערע שפראכן. זאלן די אויסלענדישע ארבעטער דערקענען אונזער אפגרונט - טיפע פארשידנקייט פון דער רעאקציע און פונם באלשעוויזם. אויב מיר ווען אמאל זיגן אלס אידעאלע קראפט, וועלן מיר דאן ווערן אויך א פאליטישע קראפט אין דער וועלט־אנטוויקלונג". אן אומדערשיטערלעכע רו, וואס קומט פון גלויבן, האט באהערשט ספירידאנאוואס וועזן. יעדער טאג און יעדע ידיעה פון דרויסן האט איינגעשניטן א רונצל אין איר נשמה, זי איז אבער געבליבן פול מיט גלויבן און לעבנס־פרייד.

עמא גאלדמאן, די באקאנטע אמעריקאנער אנארכיסטין, האט אין יענער צייט געהאט א געלעגנהייט צו באזוכן ספירידאנאווען אין איר קאנספיראטיווער היים. אין איר אויטאביאגראפישן ווערק האט זי געשילדערט די דאזיקע באגעגעניש. „אויפן זעקסטן גארן... אין א צימער, וואס איז נישט געווען גרעסער, ווי מיין צעלע אין דער מיסורי - תפיסה, האט מיך ווארטלאז און צערטלעך ארומגענומען א קליינע פרוי. דאס איז געווען מאריא ספירידאנאווא. א טובערקולאזע רויטקייט האט באפארבט איר אפגעמאגערט פנים, אירע אויגן האבן געהאט א פיבערדיקן גלאנץ. איר גייסט אבער איז געבליבן אומגעענדערט פריי, אדרבה, ער האט נאך דערגרייכט א העכערע מדרגה פון אומבויגזאמען גלויבן... אלץ, וואס איך וואלט אין דאזיקן מאמענט געקאנט זאגן, וואלט געווען קלינגען באנאל. איך האב זיך נישט דערוועגט צו רעדן. אבער אירע הענט, וועלכע מיינע האבן געדריקט, האבן מיר צוגעגעבן מוט, און די שטילקייט ארום אונז האט געווירקט בארואיקנדיק, ווי איר צערטלעכע באריר ונג. מאריא האט גערעדט און איך האב צוגעהערט

מיט אָנגעשפּאַנטע נערוון. איר טאָן איז געווען רואיק, איר גייסט
קלאָר, איר אופן פון אויסדריקן זיך — שאַרף. אירע באַריכטן
זענען געווען אומספּקדיק און באַגרינדעט דורך הויפנס פּויערים־
בריוו פון אַלע עקן רוסלאַנד. (די דאָזיקע אָרימע בריוו, געשריבן
אויף שטיקלעך פּאַק־פּאַפּיר, זענען געשמוגלט געוואָרן צו איר מיט
גרויסע שוועריקייטן). זיי האָבן געשריבן צו איר און געבעטן
הילף. זיי האָבן נישט באַגריפן, וואָס עס איז געשען, און זיי האָבן
נישט געהאַט קיינעם, וועמענס ווערטער זיי וואָלטן געקאָנט גלויבן.
עס איז זיי געבליבן בלויז די מאַרוסיאַ, וועלכע האָט קיינמאָל נישט
געשפּילט מיט זיי קיין פאַלש שפּיל... בעת אירע לאַנגע באַריכטן,
האָט ספּירידאָנאָווא קיין וואָרט נישט גערעדט וועגן זיך גופא,
וועגן איר פאַרפאָלגט זיין אָדער איר קראַנקהייט. אירע פּערזענ־
לעכע ווונשן זענען פאַרזונקען אין דעם בריטן מענטשלעכן ים,
וואָס יעדע שטרעמונג זיינע, — האָב איך געפילט, — פליסט צו־
ריק צו איר אַלץ - אַרומנעמענדיק האַרץ".

.IX

# קעגן דעניקינען

ארום מיטן 1919 איז די געפאַר מצד די קאָנטר־רעוואָלוציאָ־
נערע חיילות פון גענעראַל דעניקין געוואָרן באַזונדערס דייטלעך.
די ל. ס. ר. פּאַרטיי האָט געהאַט באַשלאָסן גלייכצייטיק מיטן אונ־
טערשטיצן די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג פון די מאַסן קעגן די ווייסע,
אויך אָנווענדן דאָס וואָפן פון אַטענטאַט. דעניקין איז אין יענער
צייט געווען דער צענטראַלער עקספּאָנענט פון דער מאַרשירנדיקער
רעאַקציע. קעגן אים האָט געדאַרפט געווענדעט ווערן דאָס דאָזיקע
געווער. איירינאַ קאַכאָווסקאַיאַ האָט גענומען אויף זיך — ווי מיט
אַ יאָר צוריק — צו בילדן די קאַמף־גרופּע. אין לאַנגע באַראַטונ־
גען מיטן צענטראַל־קאָמיטעט און באַזונדערס מיט ספּירידאָנאָוואַן,
האָט קאַכאָווסקאַיאַ פעסטגעשטעלט אַלע דעטאַלן פון דער נייער
געפערלעכער אונטערנעמונג. די צוגרייטונגען זענען אָנגעקומען

זייער שווער. מען האָט געמוזט אָפּהיטן טאָפּלטע קאָנספּיראַציע. מאָסקווע איז פול געווען מיט ווייס־גוואַרדייאישע שפּיאָנען, וועל־כע האָבן וועגן יעדער באַוועגונג פון די רעוואָלוציאָנערן מודיע געווען אין דעניקינס הויפּט־קוואַרטיר. אָבער אויך פאַר דער טשע־קאַ האָט מען זיך געדאַרפט היטן: זי האָט נישט געטאָרט זיך דער־ווייסן, אַז די פאַרפאָלגטע ל. ס. ר. זאַמלען צונויף פאַלשע פּעסער, וואָפן און דינאַמיט.

קאַכאָווסקאַיאַ האָט צונויפגעשטעלט איר קאַמף־גרופּע פון זיבן חברים. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען מיכאַיל זשוקאָוו, א יונגיטשקער סטודענט מיט א גרויסער טעכנישער באַגאַבונג. אײַנ־מיטן דער צוגרייטונגס־אַרבעט, זענען די דאָזיקע טאָפּלטע קאָנספּי־ראַטאָרן געכאַפּט געוואָרן אין מאַי דורך די טשעקאַ־אַגענטן. ביי א רעוויזיע האָבן זיי צופעליק אָנגעטראָפן אויף א יונגער פרוי, קאָוואַלעווסקאַיאַ, וועלכע האָט געהאַט אין איר צימער א גאַנצן לאַ־גער מיט פאַלשע פּעסער, דעניקינישע באַנקנאָטן און מאַטעריאַלן אויף אויסצואַרבעטן באָמבעס. מען קאָן זיך פאָרשטעלן, ווי אײַ־בערראַשט און דערשראָקן די אַגענטן זענען געשטאַנען פאַר אזא געפינס. זיי האָבן געגלייבט, אַז זיי האָבן אַנטדעקט די שפּורן פון א טעראָריסטישער אַנטי־ראַטישער אָרגאַניזאַציע. ווען מען האָט קאַכאָווסקאַיאַ, זשוקאָוון און א דריטן געבראַכט אין דער טשעקאַ איז קאַכאָווסקאַיאַ גלייך דערקענט געוואָרן דורכן אויספאָרשונגס־ריכטער ר. „ווי קומט איר — האָט ער דערשטוינט געפרעגט — צו א פאַלשן פּאַס פון א קאָוואַלעווסקאַיאַ? וואָס האָט איר בדעה צו טאָן? קעגן וועמען דער דינאַמיט?“.. קאַכאָווסקאַיאַ האָט צו־ערשט נישט געגעבן קיין שום דערקלערונגען. אָבער פון די דאָ־קומענטן און בריוו, וואָס מען האָט ביי איר צוגענומען, האָט די טשעקאַ געקאָנט זען דעם צוועק פון אירע צוגרייטונגען. די באָלשעווי־סטישע רעגירונג האָט גוט געקענט די דאָזיקע העלדישע רעוואָ־לוציאָנערין. פונדעסטוועגן האָט מען זי, צוזאַמען מיט אַלע חב־רים, אַריינגעזעצט אין בוטירקי־תפיסה. וואָכנלאַנג האָט זיך קאַ־כאָווסקאַיאַ געקוועלט, צי זי זאָל מיטטיילן דער טשעקאַ דעם צוועק פון אירע צוגרייטונגען. עס איז איר געווען אומענדלעך שווער צו פאַרווירקלעכן דעם רעוואָלוציאָנערן פּלאַן פון איר פּאַרטיי נישט

זעלבשטענדיק, נאָר אונטער דער קאָנטראָל פון דער רעגירונג, וואָס פאַרפאָלגט איר פּאַרטיי. אויך האָט זי מורא געהאַט, אַז דורך די טונקעלע קאַנאַלן פון דער טשעקאַ קאָן דערגיין די ידיעה וועגן איר פּלאַן אין הענגיקינס ממשלה. מיטן יונגי האָט זי אָנגעהויבן אונטער־האַנדלונגען מיט די טשעקאַ־מעכטיקע. די רעגירונג האָט אויסגע־דריקט איר גרייטקייט דורכצולאָזן זי מיט איר גרופּע אין יענעם פּיינטלעכן לאַגער. פאָרעסטוועגן האָט זי זי באַטראַכט אויפן באָדן פון דער ראַטנרעפּובליק אַלס קעגנערין. און די רעגירונג האָט געשלאָסן מיט אַ רעוואָלוציאָנערין — אפשר דעם ערשטן מאָל אין דער געשיכטע — אַן אָפּמאַך פון אומדערהערטן אינ־האַלט. דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט גענומען ביי קאַכאָווסקאַ־יאַן אַ צוזאָג, אַז אויב זי וועט זיך צוריקקערן קיין ראַטנרוסלאַנד „אַ גאַנצע", וועט זי פרייוויליק זיך אומקערן אין תּפיסה. קאַכאָוו־סקאַיאַ, וועלכע האָט זיך געקליבן צום דריטן מאָל אין וועג צו דער גלגולתּא, האָט מיט אַ שמייכל געגעבן די הבטחה.

אין אויגוסט זענען זיי אָפּגעפאָרן קיין קיעוו. עס איז נויטיק געווען אָנצוקומען דאָרט נאָך איידער דעניקין פאַרנעמט קיעוו, כּדי צו מאַכן אַלע נויטיקע צוגרייטונגען און שאַפן קאָנספּיראַ־טיווע פאַרבינדונגען. לאָמיר איצט לאָזן רעדן קאַכאָווסקאַיאַן גופא*).

דעם 10־טן אויגוסט, פּונקט אין יאָרצייט פון באָריס דאָנ־סקאָיס עקזעקוציע, זענען מיר אָנגעקומען קיין קיעוו. די ראַטנמאַכט האָט אייליק אָפּגערוימט די שטאָט. טעגלעך האָט מען דערוואַרט דעניקינס אַריינמאַרש. ענדלעך, אַרום 20 אויגוסט, אין אַ ווונ־דערבאַרן זומער־אָוונט, האָט אויפגעריסן דער ערשטער שראַפּנעל איבערן צענטער שטאָט. מיטן אָנברוך אויף טאָג איז אין דער שטאָט אַריין פּעטליורעס אַרמיי. דאָס זענען מער נישט געווען די גוטמוטיקע, דעמאָקראַטישע אוקראַאינישע יונגען. מערסטנ־טיילס זענען דאָס געווען קאָזאַקן... די רעאַקציאָנערע בירגער האָבן

*) געניי וועגן דאָזיקן פאַרכאַפּנדיקן רעוואָלוציאָנערן פּילם אין קאַכאָווסקאַיאַס: „אין שטורם פון דער רוסישער רעוואָלוציע". פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ.

איצט געקאַנט אַן מורא אויסהדיקן זייער באַגייסטערונג. די גאַסן זענען ממש פאַרשאָטן געווען מיט בלומען.

די נייע מאַכטהאָבער זענען נישט אָפּגעטרעטן פון זייער אַק־ציע־פּראָגראַם און האָבן אָנגעהויבן די פּאָגראָם־אַגיטאַציע. די ציי־טונגען האָבן טעגלעך רעגיסטרירט צו 70—60 דערמאָרדעטע פון יידישער אָפּשטאַמונג...

אין די ערשטע טעג פון דעניקינישער אָקופּאַציע זענען מיר פון די״אַ אַלע איינדרוקן געווען אַזוי דערשיטערט, אַז מיר האָבן בלויז זעלטן פאַרלאָזן אונזער הויז, כּדי נישט צו פאַרראַטן זיך דורך אַן אויסרוף פון עמפּערונג. מיר האָבן זיך באַמיט צו פאַר־שאַפן אונזערע יידישע חברים פּאַפּירן און פאַר אונז אַלע — גיפט...

פונדעסטוועגן איז אונז געלונגען אין אַ וואָך אַרום צו האָבן אַ צונויפטרעף אין וואַלד ביי קיעוו. מיר זענען געווען זאַלבעפינף און מיר זענען תּיכּף צוגעטראָטן אָרגאַניזירן דעם אַטענטאַט. צום באַקוועמסטן איז געווען אויסצופירן אים אין קיעוו, ווו דער אויי־בערקאָמאַנדיר וועט זיכער קומען אין די נאָענטסטע טעג. אָבער אומדערטרעגלעך דריקנדיק איז דער געדאַנק, אַז דער אַטענטאַט קאָן ברענגען צו אַ יידן־פּאָגראָם. מעגן מיר נעמען אויף זיך די אַחר־יות פאַר טויזנטער מענטשלעכע לעבנס?

אַזוי שטעלן מיר, מאָסקווער, די פראַגע. די לאָקאַלע חברים אָבער, צווישן זיי אַ יידישער חבר פון אונזער גרופּע, וואָס האָבן שוין איבערגעלעבט צענטליקער פּאָגראָמען, וואַרפן אָפּ אונזער פראַגע. דער פּאָגראָם האָט זיך שוין סיי־ווי אָנגעהויבן, ער קאָן אויסברעכן אַזוי אָדער אַנדערש, אויב נישט היינט, איז מאָרגן, אונזער טאַט קאָן מען באַטראַכטן אַלס שוץ פאַר די יידן קעגן דאָזיקן פּאָגראָם, ס׳מוז דערלאַנגט ווערן אַ קלאַפּ דער סיבה, דעם אינספּי־ראַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר פון דער פּאָגראָם־כוואַליע, — דער ווייי־סער אַרמיי...

מיר זענען שוין לאַנג גרייט, אָבער דער אויבערקאָמאַנדיר וויל בשום אופן נישט קומען... מיר ווילן איבערגיין צו אַן אָפענסיווע, פאָרן קיין ראָסטאָוו אָדער טאַגאַנראָג, דער רעזידענץ פון גע־נעראַל״...

זיי האָבן פאַראויסגעשיקט דריי חברים קיין כאַרקאָוו. זיי האָבן מיט זיך נישט מיטגעפירט קיין שום אומלעגאַלעס; זייער אויפגאַבע איז געווען צוצוגרייטן די אַרבעט. מיכאַיל און קאַכאָווסקאַיאַ האָבן געדאַרפט אַרויספאָרן די לעצטע און אויסגראָבן פון אַ וואַלד נעבן קיעוו געלט, דינאַמיט און פאַלשע פעסער. אין דאָזיקן וואַלד איז איצט צעלייגט געווען דעניקינס מיליטער. פאַרקליידט אַלס פויערים, מיט גרויסע זעק אויף די רוקנס, ווי זיי זאָלן זוכן שישקעס און אַרונטערגעפאַלענע צווייגן, זענען זיי פאַרבייגעגאַנגען די געצעלטן. זיי איז געלונגען אַלץ צו געפינען; זיי האָבן דאָס באַהאַלטן אין זייערע מיט צווייגן אָנגעשטאָפּטע זעק און פאַרבייגעטראָגן פאַרביי די וואַך־זעלנער עטלעכע פונט דינאַמיט און דאָס איבעריקע...

נאָך אַ לאַנגער קייט טראַגישע און פאַנטאַסטישע פּאַרלוּיפעניש, וועלכע קאַכאָווסקאַיאַ שילדערט מיט גרויס מייסטערשאַפט אין אירע אויבנדערמאָנטע דערינערונגען („אין שטורם פון דער רוסישער רעוואָלוציע”) האָט זיך די גרופּע ווידער געפונען צוזאַמען אין ראָסטאָוו, ווו דעניקין פלעגט קומען צופאָרן איינמאָל אַ וואָך צו די זיצונגען פון אויבערשטן ראַט. דורך אַ צופאַל האָבן זיי זיך דערוווּסט, אין וואָסער הויז עס קומען פאָר יעדן דינסטיק די זיצונגען. זיי האָבן באַשלאָסן צו באַאָבאַכטן דאָס הויז ביזן נאָנטסטן דינסטיק.

„מיר האָבן געמוזט — שרייבט קאַכאָווסקאַיאַ — אויפשטעלן פיר פּאָסטנס, און אָנגרייפן דעם גענעראַלס אויטאָ דורך צוויי מענטשן גלייכצייטיק. אויב די ערשטע באָמבע וועט צעשטערן בלויז דעם אויטאָ, דאַן זאָל די צווייטע טרעפן די פּאַסאַזשירן. דינסטיק האָט מיכאַיל געטראָפן דעם דורכפאָרנדיקן דעניקינען גאָר נאָנט, איצט האָט מען געמוזט צוגרייטן די באָמבעס, צעשטעלן דעם נאָנטסטן דינסטיק די פּאָסטנס און — האַנדלען.. פּלוצלונג איז אונז געשען אַן אומגליק. צוויי חברטעס, וועראַ און לענאַ, זענען קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. פונדעסטוועגן האָבן מיר באַשלאָסן, פאַר יעדן פּרייז אויסצופירן דעם אַטענטאַט דעם נאָנטסטן דינסטיק. פרייטיק פרי איז מיכאַיל געקומען ווי געוויינלעך, כדי ביי מיר צו אַרבעטן: ער איז אָבער געווען שטאַרק

קראַנק און געהאַט אַ הויכע טעמפּעראַטור. מיכאַיל האָט געוווינט
אין אַ וואַנעצימער און איז געשלאָפן אין וואַנע. דריי טעג האָט
ער זיך געקוועלט אין שטוב, אין זיין וואַנעצימער, און נישט
געוואָלט גלויבן, אַז ער איז קראַנק אויף טיפוס... אָבער אויפן
פערטן טאָג האָב איך אים געמוזט, אַלס טיפוס־קראַנקן, אַוועק־
פירן אין שטאָטישן שפּיטאָל און פון דאָרט אין די הינטערשטאָ־
טישע באַראַקן. דאָרט זענען די קראַנקע געלעגן אויפן דיל און
אויף די נאַרעס; אויסגעמישט לעבעדיקע מיט טויטע, אָן שום
פלעגע און מעדיצינישע הילף. אין אַכט טאָג אַרום איז געלונגע־
אים אַריבערצופירן אין אַ פּריוואַטע קליניק. איצט האָב איך
אַליין אויסגעאַרבעט די באַמבעס, דאָך זענען מיר דינסטיק געגאַנ־
גען אָן באַמבעס, ווייל יעדער פון אונז האָט דאָך כאָטש איינמאָל
געמוזט זען דעניקינען. די זיצונגען פון ראַט פלעגן איצט פאָר־
קומען יעדן טאָג, אָבער יעדעס מאָל אויף אַן אַנדער אָרט. זאָל־
בעדריט פלעגן מיר אַרומלויפן גאַנצענע טעג איבער דער שטאָט
באַאָבאַכטן יעדן פאַרדעכטיקן פּונקט, אָבער די זיצונגען זענען
באַשיינפערלעך געהאַלטן געוואָרן שטרענג געהיים... מיר האָבן
נישט געקאָנט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז אונזער גאַנצע מי, פאַר־
שווענדונג פון פאַרטיי־געלטער און צייט זענען געווען אומזיסט
דערצו איז נאָך קראַנק געוואָרן אונזער חבר קאָסטיאַ... מיר זענען
איבערגעבליבן זאַלבעצווייט, אונזער געלט האָט געהאַלטן ביים
אויסגיין. די קראַנקהייט פון די חברים האָט פאַרשלונגען אַלץ
גרעסערע סומעס. מיר האָבן ביסלעכווייז גענומען פאַרקויפן אונ־
זערע זאַכן אויפן אַלטוואַרג־מאַרק. נאָך קאָסטיאַס קראַנקהייט האָבן
מיר זיך כמעט ווי אָפּגעזאָגט פון אַטענטאַט, בפרט אַז די אָפּענסי־
ווע פון דער רויטער אַרמיי האָט אַלץ אָנגעהאַלטן און מען האָט
שוין גערעדט וועגן דעם, אַז דעניקינס אַרמיי טרעט אָפּ פון דאָן
געביט. די אַרמיי האָט געזאָלט צוריקטרעטן קיין קאַווקאַז. מיר
וואָלטן אים געקאָנט נאָכפאָרן, אָבער מיר האָבן קיין געלט נישט
געהאַט און פיר פון אונז זענען געלעגן קראַנק. מיר האָבן בלויז
מורא געהאַט קראַנק צו ווערן. דאָס וואָלט געווען אַ קאַטאַסטראָפע
ווייל עס וואָלט קיינער נישט געווען, ווער עס זאָל באַזייטיקן די
אומלעגאַלע זאַכן און זאָרגן פאַר די חברים״.

אינגיכן איז ראָסטאָוו פאַרנומען געוואָרן דורך די רויטע. אינצווישן האָט מען מיכאַילן אַרויסגעלאָזן פון שפּיטאָל. נישט ער און נישט קאַכאָווסקאַיאַ האָבן נישט געקאָנט אומקערן זיך אין זיין אַלטער וווינונג, ווו מען האָט זיי געהאַלטן פאַר ווייסגוואַרדייער און פאַנאַטישע מאָנאַרכיסטן. זיי האָבן זיך אַריינגעצויגן צו קאָסטיאַן און לענאַן און געלעבט זאַלבעפערט אין אַ קליינער קאָנורע. זייער לאַגע איז נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. ווייסגוואַרדייאישע פּעסער, אונטערן בעט—דינאַמיט, כמעט אַן געלט און דערצו אומעטום — מאַסנהאַפטע הויזרעוויזיעס. זיי האָבן נישט געוואָלט פאַרניכטן זייער טעכנישן אַפּאַראַט און זיך לעגיטימירן, ווייל עס איז מעגלעך געווען דער צוריקקער פון די ווייסע. ענדלעך איז אַריין אין שטאָט די רויטע אינפאַנטעריע און דערמיט איז די ווייסע געפאַר געווען באַזייטיקט. קאַכאָווסקאַיאַ און די חברים האָבן אַריינגעוואָרפן אין אַ שטאָטישן קאַנאַל זייער דינאַמיט, וואָס זיי האָבן מיט אַזויפיל מי געהיט ביי זיך אין משך פון חדשים, זיי האָבן זיך געקאָנט לעגיטימירן פאַרן ראָסטאָווער רעוואָלוציע־קאָמיטעט. זיי האָבן באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אַ געוויסע צייט אין ראָסטאָוו, כדי אויפצובויען די ל.ס.ר.־אָרגאַניזאַציע. ס'איז זיי געלונגען אָפּצוהאַלטן איניקע לעגאַלע עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און זיך ווענדן צו דער באַפעלקערונג מיט אַן אויפרוף, וואָס האָט געטראָגן אַ ריין־פּראָגראַמאַטישן כאַראַקטער. אין די אַרבעטערקרייזן איז געווען גרויס דער אינטערעס פאַר דער דאָזיקער באַוועגונג. אָבער אינצווישן זענען אָנגעקומען פירנדע באָלשעוויקעס פון מאָסקווע, מיט שטרענגע דירעקטיוון אויך בנוגע די ל. ס.ר. אַזוי אַרום האָבן זיי זיך ווייטער געמוזט צוזאַמענקומען אומלעגאַל און זייערע רייען זענען קאָנטיק שיטערער געוואָרן. ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָבן קאַכאָווסקאַיאַ און מיכאַיל פאַרלאָזן.
־אָסטאָוו און געפאָרן קיין מאָסקווע.

* * *

אין דער צייט, וואָס אין דרום האָבן זיך אָפּגעשפּילט דידאַוויקע געשעענישן, האָבן די חברים אין מאָסקווע נישט געהאַט קיין שום ידיעות וועגן קאַכאָווסקאַיאַן און איר קאַמף־גרופּע.

בלויז קאכאווסקאיאס אלטע מוטער, וואס איז געזעסן א געלימטע אין א שטול, האט געהאט אירן אן אייגענעם צייכן, אז איר אירינא לעבט. צום געבורטנטאג פון איר טאכטער, וואס האט זיך געלאזט אין דער געפערלעכער רייזע, האט זי געקויפט הארטענזיעס. זי האט זיי זארגעוודיק אפגעהיט און אפגעמאכט ביי זיך, פל־זמן דידאזיקע בלומען וועלקן נישט, לעבט אויך מיין טאכטער! און די הארטענזיעס האבן נישט געוועלקט. שפעט אין אוונט, דעם 28־טן פעברואר 1920, האט ביי א לעגאלן ל. ס. ר. אין מאסקווע געקלונגען דער טעלעפאן. א חבר האט האסטיק גערעדט פון וואקזאל. דאס איז געווען מיכאיל זשוקאוו, ער האט געהאט איבערצוגעבן עפעס וויכטיקס. ער איז אריבערגעקומען און דערציילט, אז נאך א שווערער פיל־וועכנטלעכער רייזע, איז ער נארוואס אנגעקומען מיט קאכאווסקאיאן קיין מאסקווע, זי ליגט א טיפוס־קראנקע, מיט הויכער טעמפעראטור, אויפן וואקזאל, מען קאן זי דארט נישט לאזן. זי ליגט מיט א סך אנדערע אויפן דיל פון וואקזאל און זי קאן יעדן מאמענט דערקענט ווערן דורך די טשעקיסטן. עס וואלט געווען א משוגעת זי איצט איבערצוענטפערן אין די הענט פון דער טשעקא. אלזא: מען מוז געפינען א שפיטאל, וווּ קאכאווסקאיא זאל קאנען אריינגעגעבן ווערן אונטער א פאלשן נאמען... נאך די זעלבע נאכט איז געלונגען די זאן צו דערלײדיקן. דער לעגאלער חבר האט זיך געווענדעט צום באזיצער פון א פריוואטער קליניק, א מוטיקן דאקטאר, און געפרעגט: „וואלט איר גרייט געווען אויפצונעמען א קראנקע רעוואלוציאנערין אונטער איער פערזענלעכן שוץ? פרעגט נישט איר נאמען, אבער איר וועט אמאל שטאלצירן, וואס איר האט געראטעוועט איר לעבן”. דער דאקטאר האט מסכים געווען, נישט געקוקט אויף אלע באפוילן פון דער מאכט. קאכאווסקאיא איז געלעגן אין אן אפגעזונדערטן צימער, ביי די ליבלעכסטע באדינגונגען, דער באלעבאס האט זי באהאנדלט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט.

אין אנהויב פון דער קראנקהייט זענען געווען שווערע טעג. קאכאווסקאיא האט געשוועבט צווישן לעבן און טויט. זי האט זיך געווארפן אין פיבער און גערעדט פון היץ. איין איינציקע

טעמע האָט באַהערשט אירע היצרייד: זי האָט זיך געפילט שולדיק פאַר דער פּאַרטיי, פאַר דער רעוואָלוציע. זי האָט נישט אויסגעפירט די שליחות, וואָס איז איר אָנגעטרויט געוואָרן. זי האָט זיך געמאַכט ביטערע פאָרווורפן, געקרעכצט, געבעטן פאַרגעבונג... די חברים, וואָס פלעגן פאַרבלייבן אין איר צימער צו פּאָר מינוט, האָבן נישט געקאָנט הערן אָן טרערן דידאָזיקע געוויסנספּיין...

די קראַנקהייט האָט נאָכגעלאָזן. דער שטאַרקער אָרגאַניזם האָט גובר געווען די טויט־סכּנה. די נאָנטע מענטשן האָבן לייבטער אָפּגעאָטעמט. נאָר וויניקע האָבן זי געמעגט באַזוכן, צווישן זיי דערעיקר מיכאיל, מיט וועלכן קאַכאָווסקאַיאַ איז ברידערלעך געווען פאַרבונדן. עס איז געווען וואַרשיינלעך, דאָס די טשעקאַ איז אינפאָרמירט וועגן געהיימנישפולן קראַנקן אין דער קליניק, זי האָט זיך אָבער נישט דערוועגט צו באַשטיין אויף איר רעכט... קאַכאָווסקאַיאַ האָט שטאַרק געוואָלט זען ספּירידאָנאָוואַן, ריידן מיט איר. איינמאָל אין טיפער נאַכט האָט ספּירידאָנאָוואַ ריזיקירט און איז אַוועק צו אירינאַן. זי איז ביי איר געבליבן מערערע שעהן און האָט געהאָלפן דער געליבטער חברטע צו געווינען די גייסטיקע רו. ספּירידאָנאָוואַ איז געזעסן ביי איר בעט און זיך געפרייט מיטן לעבן, וואָס קערט זיך אום צו קאַכאָווסקאַיאַן. וואָס פאַר אַ לעבן איז דאָס געווען? ביידע רעוואָלוציאָנערינס זענען געווען פאַרפאָלגט און געיאָגט. וויניקע זענען געווען אַזוי פאַרבונדן מיט דער רעוואָלוציע, ווי זיי, אָבער נאָר וויניקע האָבן קיין הייט נישט געהאַט אין דער רעוואָלוציע, ווי זיי. ספּירידאָנאָוואַ איז געקומען צו קאַכאָווסקאַיאַן פון דער פריי און איר איינגעגעבן רו, זי האָט אָבער געוווּסט, ווי אומזיכער עס איז די אומלעגאַלע פרייהייט. זי האָט שוין אפשר געאַנט די שווערע טעג און יאָרן, וואָס וועלן זיך באַלד אָנרוקן אויף איר.

## X.

# לענין און ספּירידאָנאָוואַ

**דידאַזיקע** ביידע רעוואָלוציאָנערן האָבן געהאַט גרויס אַכטונג איינער פאַרן צווייטן. אפילו אין „אָפענעם בריוו צום צענטראַל־קאָמיטעט פון די באָלשעוויקעס", וואָס איז געווען אַ קאַמף־דער־קלערונג דעם באָלשעוויזם, האָט ספּירידאָנאָוואַ כאַראַקטעריזירט לענינען מיט ווערטער פול אַכטונג: „ווי איז דאָס מעגלעך געווען, אַז איר, וולאַדימיר איליאיטש, מיט אייער גרויסן פאַרשטאַנד און אייער פּערזענלעכער אומאייגנוציקייט, זאָלט נישט פאַלן אויפן געדאַנק נישט לאָזן טויטן דאָרא קאַפּלאַן!". אויך לענין האָט באַטראַכט ספּירידאָנאָוואַן אַלס מוסטער פון רעוואָלוציאָנערער טאַט־קראַפט. אין אַ שריפט זיינער קעגן די ליבעראַלן, געדרוקט אין 1906 און איבערגעדרוקט אין 1920, האָט ער דעם פאַל ספּירי־דאָנאָוואַ באַנוצט אַלס סימבאָל, כּדי קלאָר צו מאַכן זיין אידייע וועגן רעוואָלוציאָנערער געוואַלט. „שטעלט זיך פאָר — האָט ער זיך געווענדעט צו די ליבעראַלן, — אַז דער פּריסטאַוו אַוורעאַמאָוו פּייניקט ספּירידאָנאָוואַן און מאַכט זי פאַר אַ קריפּל. דאָס איז מי־ליטער־ און פּאָליציי - דיקטאַטור איבערן פאָלק. וואָס וואָלט גע־טאָן דאָס פאָלק, ווען דאָס פּייניקן ספּירידאָנאָוואַן וואָלט פאָרגע־קומען נישט אין תּפיסה? עס וואָלט אָנגעווענדעט געוואַלט קעגן אַוורעאַמאָוון און זיין חבריה.. רעוואָלוציע אין אוממיטלבאַרן זין פון דאַזיקן וואָרט איז אַ פּעריאָד, ווען דאָס פאָלק דערוואַכט און ווערט עמפּערט, כּדי זיך צו באַפרייען פון די אַוורעאַמאָווס. דאָס פאָלק באַפרייט אומצאָליקע ספּירידאָנאָוואַס פון די אַוורעאַמאָווס, ווענדט אָן געוואַלט קעגן זיי, פאַרכאַפּט די מאַכט איבער זיי"*). ווען לענין און ספּירידאָנאָוואַ האָבן זיך צונויפגעטראָפן אין דער רע־וואָלוציע, האָבן זיי זיך געפונען אויף איין־און־דערזעלבער היסטאָ־רישער מאַרש - ליניע. איינמאָל, נאָך אַ לענגערן שמועס מיט ספּי־רידאָנאָוואַן, האָט לענין געזאָגט: ער לעזט מיט ווידערווילן די

---

*) נ. לענין: „צו דער פראַגע פון דיקטאַטור".

פּאַרטיי - צייטונגען, ווייל ער קאָן תּמיד פּאַראויסזען זייער אינ־האַלט; אַ שמועס אָבער מיט ספּירידאָנאָוואַ גיט איִם יעדעס מאָל די אוממיטלבאַרע פרישקייט פון מענטשלעכן לעבן, פון פּויער־טום, וואָס גייט מיטן אייגענעם וועג. אַפילו אויפן 5־טן ראַטן־קאָנ־גרעס, ווען ער איז אַרויסגעטרעטן קעגן איר אומגעווייִנלעך־שאַרף, האָט ער דערקלערט: „ספּירידאָנאָוואַ איז אַ מענטש, וואָס נישט איך און נישט קיינער קאָנען ספקן אין איר אויפריכטיקייט''.

אָבער דער שטורמישער גאַנג פון דער רעוואָלוציע האָט ווייט און פיינטלעך פאַנאַנדערגעשיידט די דאָזיקעביידע מענטשן, וואָס אַן זיי איז זיך אוממעגלעך פאָרצושטעלן די אָקטאָבער - עפּאָכע. ווי אַזוי האָט דאָס געקאָנט, געמוזט געשען? קיינער, וואָס באַקענט זיך נענטער מיט די דאָזיקע צוויי רעוואָלוציאָנערע געשטאַלטן, וועט נישט קאָנען זאָגן: דער דאָזיקער קאָנפליקט איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך אַ צופאַל אָדער דורך פערזענלעכער געקרענקטקייט. לענין און ספּירידאָנאָוואַ זענען אַרויסגעקומען פון דער זעלבער סאָציאַלער און קולטורעלער שיכט פון דער רוסישער אינטעליגענץ; ביידע האָבן אין זיך אויפגענומען די טראַדיציע און בילדונג פון אָט דעם קלאַסנשיכט. ביידע זענען מיט דערזעלבער איבערצייגונגס־קראַפט און שטרענגקייט איבערגעגעבן געווען בלב ונפש דער מאַקסימאַליסטישער רעוואָלוציע. ביידע זענען געווען קאָמפּראָמיס־לאָזע שונאים פון קאַפּיטאַליזם און רעפאָרמיסטישן סאָציאַליזם. מיט וואָס דערקלערט זיך, וואָס צווישן זיי איז אויסגעבראָכן אַ ביטערער קאַמף?

די סיבה מוז געזוכט ווערן אין די ראַמען פון דער רעוואָלו־ציע גופא. אין רוסלאַנד האָט זיך אַרויסגעוויזן מיט אומגעהייערער קלאָרקייט, אַז די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע טראָגט אין זיך אומ־געאַנטע פּראָבלעמען. די רוסישע סאָציאַליסטן האָבן אין משך פון דורות געפירט אַ קאַמף קעגן צאַריזם. דער קאַמף איז פאַרבונדן געווען מיט די שווידערלעכסטע פיזישע פּייִנען, אָבער אין זיין גייסטיקן און זעלישן אינהאַלט איז ער געווען איינזייטיק - קלאָר. זייט 1917 האָבן די ראַדיקאַלע רוסישע סאָציאַליסטן געפירט אַ צווייטן קאַמף פאַר דער אידייע פון רעוואָלוציע: קעגן די מעסיקע, די רעפאָרמיסטן פון אַלע מינים. אויך דער דאָזיקער קאַמף איז

געווען געגנוג פאַרשטענדלעך. אָבער אויפן וואולקאַנישן באָדן פון דער אָקטאָבער - רעוואָלוציע האָט זיך גאָר גיך אַרויסגעשטעלט, אַז צאַריזם און רעפאָרמיזם זענען נישט די איינציקע און לעצטע קאַמף - פראָנטן פאַר סאָציאַליסטן. עס האָט זיך פאָרמירט אַ דריטער פראָנט צווישן צוויי ראַדיקאַלע לאַגערס: די באָלשעוויקעס און די ל. ס. ר.*). מען האָט זיך געאַמפּערט, אין וועלכער ריכטונג און מיט וועלכע מעטאָדן עס דאַרף ווייטער געפירט ווערן די רעוואָלוציע, צומאַרגנס נאָך דער גרויסער סאָציאַלער איבערקערעניש. לענין און ספּירידאָנאָוואַ האָבן געהאַט אַ סך חלוקי - דעות: ראַט אָדער פּאַרטיי - דיקטאַטור, צענטראַליזירטע מלוכה אָדער פרייע געמיינשאַפט, טעראָר אָדער געוואַלט, פּראָלעטאַרישע העגעמאָניע אָדער פּראָלעטאַריש - פּויערישע איינהייט, פאַרמלוכהשטע אָדער סאָציאַליזירטע ווירטשאַפט. אָבער הינטער די דאָזיקע אַלע טייל־פראַגן איז געשטאַנען איין איינציקע גרויסע און אַנטשיידנדיקע פראַגע: וואָסער ריכטונג מוז נעמען די רוסישע רעוואָלוציע, אויב זי וויל בלייבן טריי איר וועלט - באַפרייענדן זין. אַמאָל דער דריטער שטרייט איז געווען ניי, די סאָציאַליסטישע טעאָריע האָט אים נישט פאָראויסגעזען אין זיין שווערקייט און שאַרפקייט. די אומגעהויערע טראַגיק איז באַשטאַנען דערין, וואָס די כחות, וואָס האָבן געמיינזאַם דורכגעפירט די רעוואָלוציע, האָבן זיך געמוזט שיידן תיכף ביים נעמען פאָרמירן דאָס ניי - אויפבליענדע לעבן. די דאָזיקע טראַגיק איז אָבער כאַראַקטעריסטיש נישט נאָר פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע; זי קומט אויף אין יעדער רעוואָלוציע. אַזוי אַרום איז דער אידייען־קאַמף צווישן לענין און ספּירידאָנאָוואַ פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אַ ריין - רוסישן, אין אַן אַלגעמיין - מענטשלעכן, וועלט־היסטאָרישן קאַמף.

דער אינהאַלט פון דאָזיקן קאַמף וואָלט זיך קורץ געלאָזט פאָרמולירן אַזוי: פאַר לענינען איז געווען מאַסגעבנדיק די אידייע פונעם פּאָלקס־וויל, פון דער פּראָלעטאַרישער מענטשהייט, פאַר ספּירידאָנאָוואַן איז געווען מאַסגעבנדיק דער פּאָלקס־וויל, די

---

*) אין דאָזיקן קאַמף זענען אידעאָלאָגיש נאָנט געווען צו די ל. ס. ר. די רוסישע מאַקסימאַליסטן און אַנאַרכיסטן.

פראָלעטאַרישע מענטשהייט גופא. צווישן די דאָזיקע צוויי שיינלעך גלייכע פאָרמולעס ליגט אַ טיפער, וועלט - אַנשוילעכער תהום. לענין האָט געקעמפט פאַר אַן אַבסטראַקטער מענטשהייט, ספּירידאָנאָווא — פאַרן רעאַלן מענטש. לענין האָט כסדר געטראַכט, געשריבן און גערעדט וועגן פּראָלעטאַריאַט, וועגן די אַרבעטנדיקע מאַסן. אָבער דעם אינדיווידועלן און קאָנקרעטן פּראָלעטאַריער (איוואַן) האָט ער נישט געזען, נישט געוואָלט זען. די דאָזיקע מענטשן, וואָס לעבן אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפטלעכער סיסטעם, האָבן אים אויסגעזען צו זיין צו שוואַך, צו פאַרנאַרישט און צו קנעכטיש, כדי צו קאָנען אַליין פאַרווירקלעכן די היסטאָרישע מיסיע פון זייער קלאַס. אין זייער שפּיץ האָט זיך געמוזט שטעלן אַן אַוואַנגאַרד פון דאָזיקן קלאַס, אַ מעכטיקע פּאַרטיי, כדי זיי צו פירן. די מאַסן האָבן טאַקע דורכגעפירט די גרויסע רעוואָלוציע, אָבער דעריבער איז גאָר גרויס געווען די סכנה, זיי זאָלן זיך נישט פאַרבלאָנדזשען אויפן נייעם, אומבאַקאַנטן געביט. פאַרניכטונג פון קאַפּיטאַליזם איז נאָך ווייט נישט סאָציאַליזם. די מאַסן מוזן נאָך דורכמאַכן אַ לאַנגן „איבערגאַנגס - פּעריאָד" צום סאָציאַליזם, אַ פּעריאָד פון דער פּראָלעטאַרישער מלוכה, מיט אַרמיי, פּאָליציי, צוואַנגס - געוואַלט. די דאָזיקע מלוכה טרעט צוערשט אַרויס קעגן דער בורזשואַזיע, דאַן אָבער אויך קעגן די פּויערישע, אינטעליגענטישע און אפילו ריין - פּראָלעטאַרישע שיכטן. די מאַסן וואַנדערן דורך אַ מדבר, ביז זיי קומען אָן אין צוגעזאָגטן לאַנד פון סאָציאַליסטישער פרייהייט. אינם מדבר פון איבערגאַנגס - פּעריאָד מוז ביסלעכווייז אויסשטאַרבן די אַלטע גענעראַציע פון די בירגערלעך - פאַרדאַרבענע מענטשן, און עס וועט דערצויגן אַ נייע גענעראַציע קאָמוניסטישע מענטשן. אַלזאָ: אויך נאָך דעם נצחון פון דער רעוואָלוציע קאָן די ערשטע צייט קיין רייד נישט זיין וועגן פרייהייט און ריין - מאָראַלישע בינדונגען. אַן אייזערנע, דיקטאַטאָריש - הערשנדע מלוכה איז דער איינציקער היסטאָרישער וועג פאַרן פּראָלעטאַריאַט, וואָס פאַרקערפּערט אין זיך די איינצלנע פּראָלעטאַריער.

ספּירידאָנאָווא האָט אין זינען געהאַט נישט נאָר דעם באַפרייטן מענטשן צום סוף פון דער אַנטוויקלונג; איר אויסגאַנגס-

פונקט איז געווען דער אונטערדריקטער, ליידנדער און קעמפנדער
מענטש. אויב די וועלט - געשיכטע האט א זין און איר אנטוויק-
לונג גייט טאקע אין דער ריכטונג צום סאציאליזם — דאן ליגט
די גאנצע קראפט פון דער געשיכטע און פון רעוואלוציע - געניוכ
נישט אין אבסטראקטע קלאסן און קאלעקטיוון, נאר אייניציק־און-
אליין אין קאנקרעטן, היסטאריש - ווירקנדן מענטשן. די רעוואלו-
ציע האבן דורכגעפירט נישט קיין אנדערע, ווי די דאזיקע גאנץ-
קאנקרעטע איוואנס און פיאטרס, די אין יאר 1917 ארויסגעשווו-
מענע ארבעטער, פויערים און אינטעליגענטן. די רעוואלוציע האבן
געבוירן זייער פארשטאנד און זייער ענטוזיאזם; הייסט עס, אז
אויך ווייטער דארפן זיי זי פירן. די גרויסע צייט, וואס אנטשטייט
גלייך נאכן דורכגעפירטן רעוואלוציע - אקט, איז נישט קיין מדבר,
נאר שוין א שטיק פונם צוגעזאגטן לאנד. די כחות פון די מאסן,
וואס ליגן ביז דאן געפענטעט, רייסן זיך ארויס מיט אומגעאנטער
שעפערישער קראפט. די פרייהייט, וואס די הערשנדע קלאסן האבן
ביי זיי צוגערויבט אין משך פון יארהונדערטער, מוז זיי אפגעגעבן
ווערן אין דער פולער מאס. די רעוואלוציאנערע פארטייען, די סא-
ציאליסטישע פירער, די ראטן־רעפובליק, מוז זיי נאר העלפן שטיין
אויף די אייגענע פיס, פארמירן אליין דאס נייע לעבן. כדי די צו-
קונפטיקע גענעראציעס זאלן אמאל זיין פריי און גליקלעך, מוז
זיך שוין איצט פילן באפרייט און באגליקט די גענעראציע, וואס
טראגט אויס די רעוואלוציע אויף אירע אקסלען. אמת, זי וועט
מוזן דורכמאכן א מאטעריעל - שווערן איבערגאנגס - פעריאד, ביז
עס וועט זיין איינגעפירט די גערעכטע ווירטשאפטלעכע ארדענונג.
אבער שוין אין דאזיקן פעריאד דארפן די מאסן דערקענען די
פרייהייט און די מאראלישע ווערטן פון א נייי צוזאמענלעבן. אינם
ראט און אין באטריב, אין דער פאמיליע און אין דער שול, ביי
דער ארבעט, ביי די ווייטערדיקע קאמפן און ליידן, — אומעטום
דארפן זיי פילן דעם אטעם פון א פרייהייטלעכן לעבן, וואס האט
נאך ביז איצט נישט עקזיסטירט. זיי וועלן זיך אליין דערציען, זיי
וועלן אליין קארעגירן זייערע פעלערן, אליין באקעמפן די אפענע
און פארבארגענע קעגנער. קיין שום פראלעטארישע מלוכה און
קיין שום קאמוניסטישע דיקטאטור וועלן נישט גאראנטירן קיין

צוקונפט, אויב די קעגנווארט וועט נישט געשאפן ווערן דורך די מאסן גופא...

* * *

מיט עטלעכע וואכן פארן אויסברוך פון דער אקטאבער־רע־וואלוציע האט לענין פארעפנטלעכט א מערקווירדיקע בראשור, אונטערן נאמען: „וועלן די באלשעוויקעס קענען איינהאלטן די מלוכה ־ מאכט?" מיט א סך ארגומענטן האט ער אויפגעוויזן, אז זיין פארטיי וועט זיין ביכולת אנצופירן מיט דער מלוכה. איין ארגומענט האט געזאגט: „נאך דער רעוואלוציע פון 1905 האבן געהערשט איבער רוסלאנד 130.000 גוטבאזיצער; זיי האבן גע־הערשט איבער 150 מיליאן מענטשן, מיט דער הילף פון אומצא־ליקע געוואלט ־ מעשים, מיט דער הילף פון צווינגען די גוואלטיקע מערהייט צו שקלאפעריי ־ ארבעט און א הונגער ־ לעבן. איז מיינט איר טאקע אויף אן אמת, אז 240.000 מיטגלידער פון דער באלשעוויסטישער פארטיי וועלן נישט זיין אימשטאנד צו הערשן איבערן זעלבן רוסלאנד אין אינטערעס פון די ארימע קעגן די רייכע? די דאזיקע 240.000 האבן שוין איצט פאר זיך נישט ווי־ניקער ווי א מיליאן שטימען פון דער באפעלקערונג". ווי מען זעט האט לענין פון אנהויב אן זיך פארגעשטעלט די ראטן־מלוכה אלס פארטיי ־ הערשאפט פון ווייניקע איבער די מיליאניקע פאלקס־מאסן. אין א האלב יאר ארום, נאכן דערפאלג פון דער רעוואלו־ציע, האט לענין געגעבן א שארפערן אויסדרוק דעם דאזיקן גע־דאנק וועגן דיקטאטור. „די דיקטאטור פון איינצלנע פערזאנען — האט ער דערקלערט אין פלענום פון דער ראטן־עקזעקוטיווע, דעם 29־טן אפריל 1918 — איז אין דער געשיכטע זייער אפט געווען דער אויסדרוק, טרעגער און פירער פון דער דיקטאטור פון רעווא־לוציאנערע קלאסן. דעריבער איז נישטא קיין פרינציפיעלע סתירה צווישן דער סאציאליסטישער דעמאקראטיע און דער דיקטאטארי־שער מאכט פון איינצלנע פערזאנען". לענין פלעגט ריידן מיט דער גרעסטער באגייסטערונג וועגן דער נויטיקייט פון א קאנצענטריר־טער, אייזערנער, אומברחמנותדיקער מלוכה ־ געוואלט. „עס מוז זיין א רויע געוואלט פון דער רעוואלוציאנערער מלוכה. דערין

ליגט די מאכט פון קאָמוניזם... די דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט מוז עקזיסטירן נישט נאָר אין צענטר, נאָר אויך אויף די ערטער. דער וועג דערצו איז די ווירקלעכע פּראָלעטארישע דיסציפּלין, ביי וועלכער מען פילט אין פּאַרוואָרפנסטן ווינקל פון אונזער לאַנד די פעסטע און אייזערנע מאכט פונם קלאסנבאוווסטזיניקן ארבעטער".

אין די דאָזיקע אַלע שטעלן פאַרהערלעכט לענין דעם פּראָלע־טארישן קלאס, ער פּראָקלאמירט אים אַלס דעם איינציק־הערשנדן. ער האָט אָן אויפהער געלויבט די איניציאטיוו, דעם העראָאיזם, די שעפערישע קראַפט, וואָס ליגט אין די פּראָלעטארישע מאסן. ער האָט אָבער נישט געטראַכט וועגן דעם, אָנצוטרויען דעם פּראָ־לעטאריאט אַלס אַזעלכן די פולע מאכט איבער זיך און איבער דער פּראָלעטארישער מלוכה*). הינטער דעם „הערשנדן" פּראָלע־טאריאט דאַרף שטיין אַ רעגירנדיקע שיכט פון „די 240.000" און אָנפירן מיט דער הערשאַפט אין זיין נאָמען און אין זיינע אינטע־רעסן. אין נאָמען פון די מיליאָנען פויערים, האַנטווערקער, וועגן די אינטעליגענטן שווין אָפּגערעדט. קיין איין ארבעטער האָט נישט געטאָרט באַזיצן קיין שטים, קיין פּאָזיציע, קיין ביקס אין נאָמען פון זיינע אייגענע פּראָלעטארישע רעכט; זיינע רעכט האָט ער גע־מוזט באַקומען פון דער פּראָלעטארישער מלוכה, ד. ה. אויסשליס־לעך אונטער דער קאָנטראָל פון דער אָנפירנדער שיכט אין דער דאָזיקער מלוכה. זענען די דאָזיקע 240.000 געווען, לכל הפּחות,

---

*) אין יאָר 1919 האָט זיך לענין באַגייסטערט מיט די „קאָמוניסטישע שבתים", וואָס די אייזנבאַנער אין מאָסקווע פלעגן איינאָרדנען. אין זיין בראָשור: „די גרויסע איניציאַטיווי" האָט ער געשריבן: „די דאָזיקע הונגעריקע אַרבעטער גיבן איבערשעהן אָן שום געצאָלטס און דערגרייכן אַן אומגעהייערע הויך פון דער אַרבעטס־פּראָדוקטיווקייט, נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי זענען מיד, פאַרפּייניקט, אויסגעשעפּטי". די דאָזיקע איניציאַ־טיוו איז אַנטשטאַנען פרייוויליק אין אַ טייל פון די מאַסן. אָבער אינגיכן איז געקומען די מלוכה און אויך זיי געשטעלט אונטער איר צוואַנג. זי האָט „אָרגאַניזירט", רעגולירט און פאַרניכטעט די דאָזיקע שבתים.

פראָלעטאַריער, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט די האַרטע שול פון אַרבעטער - לעבן? ניין, אפילו לענין אַליין איז דאָס נישט געווען. אין יענער מערקווירדיקער בראָשור פון 1917 האָט דאָס לענין אויסגעזאָגט וועגן זיך אַליין. ער האָט זיך דאַן אויסבאַהאַלטן אין אַן אַרבעטער - פאַמיליע און געזען, סאַראַ ראָל דאָס ברויט האָט געשפּילט אין דער פאַמיליע. „אָבער איך, אַ מענטש, וואָס האָט קיין נויט נישט געקענט, האָב נישט געטראַכט וועגן ברויט. ברויט איז געקומען צו מיר, ווי פון זיך אַליין, ווי אַ מין נעבן־פּראָדוקט פון שריפטשטעלערישער אַרבעט". מוטיקע, אָבער כאַראַקטעריסטישע ווערטער! פונקט ווי לענין, זענען אויך געווען הונדערטער פירנדע באָלשעוויקעס. און די דאָזיקע שיכט — די 240 פון די 240.000 — האָט איבערגענומען אַליין און אומבּרחמנותדיק צו רעגירן מיט דער פּראָלעטאַרישער מלוכה. וואָסער גאַראַנטיע האָט געהאַט דער אַרבעטער - קלאַס, אַז פונקט אין דער דאָזיקער פירער־שיכט איז פאַרקערפּערט דאָס קאָלעקטיווע באַוווסטזיין פון דער רעוואָלוציע? און האָבן דען נישט באַוויזן די שפּעטערדיקע יאָרן פון דער דיקטאַטור, אַז די דאָזיקע שיכט גופא איז אינערלעך געווען צעשפּאָלטן און צעטומלט? טראָצקי קעגן לענינען, סטאַלין קעגן טראָצקין, בוכאַרין און טראָצקי קעגן סטאַלינען... ספּירידאָנאָוואַ האָט אַנטשידן אָפּגעוואָרפן דעם פירער - מאָנאָפּאָל: אין נאָמען פון פויערטום, ווי אין נאָמען פון פּראָלעטאַריאַט.

עס וואָלט געווען פאַלש פאָרצושטעלן זיך לענינען ווי אַ באַנאַלע הערשער - געשטאַלט פון די פריערדיקע מלוכות. לענין האָט אפילו אויף דער העכסטער מדרגה פון פערזענלעכער דיקטאַטור נישט פאַרלאָרן די איינפאַכע האַלטונג פון רוסישן רעוואָלוציאָנער. לענין איז געבליבן איינפאַך אין דער קליידונג, אין אַלע לעבנס־פאָדערונגען, אין באַהאַנדלען מענטשן אויך דאַן, ווען ער און זיין פּאַרטיי האָבן פון קרעמל רעגירט מיט אַ געוואַלטיקער מלוכה (אגב, די דאָזיקע איינפאַכקייט פון באַנעמונג איז כאַראַקטעריסטיש געווען פאַר דער מערהייט „שררות" פון דער רעוואָלוציע, אויך בעת דער קערענסקי - צייט). אָבער דער מהות פון הערשערטום באַשטייט נישט אין אויסערלעכן גלאַנץ. הערשער זענען אין דער געשיכטע געווען די אַלע, פאַר וועמען מענטש, נאַציע, פאָלק, קלאַס

זענען געווען בלויז אָביעקטן פאַר זייער רעגירן, פאַר ווייערע דינאַסטישע, קירכלעכע, פּאָליטישע, סאָציאַלע פּלענער. די הערשער מעגן זיך באַצייכענען אַלס „ערשטע דינער פון זייער פאָלק״ אָדער אַלס פאָרשטייער פון פּראָלעטאַריאַט, — זיי שטייען אָבער פאָרט קעגן די מאַסן, זיי פילן אַן אחריות בלויז פאַר זיך, פאַר זייער „געוויסן״ אָדער פאַר זייער אידייע. לענין האָט אין דער רעוואָלוציע נישט געזוכט פאַר זיך פּערזענלעך קיין שום נוצן, קיין שום מאַכט, אָבער אין זיין אומאייגננוציקער מסירת-נפש פאַר דער „אידייע פון פּראָלעטאַריאַט״, האָט ער פאַרגעשטעלט מיט זיך נאָך אַ מאַכטפולערע הערשער-געוואַלט. די דאָזיקע הערשאַפט איז צעמענטירט געווען פון אינעווייניק דורך אַ פאַנאַטישן גלויבן אין אַן אידייע, דאָס האָט איר געגעבן אַ גרעסערע קראַפט, ווי די בירגערלעכע און פעאָדאַלע מלוכות פון דער איבעריקער וועלט. דער ענד-רעזולטאַט איז געווען, אַז ער, וואָס איז אַזוי פאַרשמאָלצן געווען מיט דער אידייע, האָט געקעמפט פאַר זיין אייגענער מאַכט. נאָך מער: ער האָט געשאַפן אַ מאַכט-דינאַסטיע אין דער פאָרם פון זיין פּאַרטיי, וואָס האָט גאָר אינגיכן געמוזט דעגענערירן צו אַ נייער הערשנדער סאָציאַלער שיכט.

עס וואָלט אויך געווען פאַלש צו מיינען, אַז ספּירידאָנאָווא איז נישט געווען קיין פירער-געשטאַלט, אַז זי איז פּשוט אויפגעלייזט געוואָרן אין די מאַסן. ניין, ספּירידאָנאָווא האָט זיך געפילט, פונקט ווי לענין, אַלס אָנערקענטע און אומספּקדיקע פאָרשטייערין פון אונטערדריקטן, אַרבעטנדן פאָלק. זי האָט געפילט די דאָזיקע מיסיע און זי האָט געטראָגן די דאָזיקע אחריות דאַן, ווען זי האָט געאיילט אין באַשיידענעם קלייד דורך די קאָרידאָרן פון סמאָלני, פון פויערים-ראַט, פון טאַורישן פּאַלאַץ, און אויך שפּעטער — ווען זי האָט געלעבט אין דער אומלעגאַלקייט. גראָד אין דער אומלעגאַלקייט, אין איינער פון די קאָנספּיראַטיווע וווינונגען, פלעגט זי רײדן וועגן דער מיסיע פון איר פּאַרטיי און וועגן ווילן פון פאָלק מיט אַזאַ מאַיעסטעטישער חשיבות און זיכערקייט, ריכטיק ווי זי זאָל נישט זיין קיין געיאָגטע חיה. ספּירידאָנאָווא אין דער קאָנספּיראַטיווער דירה און לענין אין רעגירנדיקן קרעמל — ביידע זענען זיי געווען דער גורל פון רוסישן אַרבעטס-פאָלק. אויך ספּי-

ריזאַנאָווא האָט פאַרמאָגט די גרויסע אייגנשאַפטן פון אַ פירער: זי האָט נישט געהנפעט די מאַסן, זי האָט געהערט מיט זיי שטרענג, זי האָט ביי זיי געפאָדערט אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע. עס איז איר אָבער נישט געקומען אויפן געדאַנק אפילו זיך אַרויפצו־צווינגען דעם פאָלק, צו באַהערשן עס דורך דיקטאַטור, פערזענלעך אָדער פאַרטיי ־ מעסיק. זי האָט זיך נישט אויפגעלייזט אין די מאַסן, זי האָט זיך אָבער אויך נישט געשטעלט איבער זיי: זי האָט זיך געפונען צווישן זייערע רייען. „לאָמיר זיין פאָלק!" — האָט דאַנטאָן איינמאָל אויסגעשריגן אין דער פראַנצויזישער רעוואָלו־ציע. — אָט אויף דעם זעלבן אופן האָט ספּירידאָנאָווא געוואָלט „באַהערשן" דאָס האַרעפּאַשנע פאָלק. שטיין אינמיטן פון די האַ־רעפּאַשניקעס, מיטרייסן זיי דורך פלאַמיקע און ערנסטע ווערטער צו גרויסע מעשים, באַגייסטערן זיי דורך דעם אייגענעם ביישפּיל און מסירת־נפש, — אָט דאָס איז די אויפגאַבע פון פירער, וואָס ווילן באַפרייען די מענטשהייט, אָבער נישט באַצווינגען זי. עס איז נישט געווען קיין צופאַל, וואָס לענין האָט געהערשט אין קרעמל, בעת ספּירידאָנאָווא איז געווען אַרעסטירט אין קרעמל.

*   *

לענינס און ספּירידאָנאָוואַס וועגן האָבן זיך אַזוי אַרום גע־מוזט פאַנאַנדערגיין אין דער שווערסטער פראַגע פון יעדער רעוואָ־לוציע: וועגן אָנווענדן געוואַלט. פאַרן פאַנאַטיקער פון דיקטאַטור איז דאָס אָנווענדן טעראָר — צוערשט קעגן בירגערטום, דערנאָך קעגן די אַרבעטער — נישט געווען קיין פּראָבלעם. טראָצקי דער־ציילט אין זיינע דערינערונגען וועגן לענינען: „אין טאָג פון דער אָקטאָבער ־ רעוואָלוציע איז אָפּגעשאַפט געוואָרן קערענסקיס גע־זעץ וועגן טויט־שטראָף פאַר זעלנער. ווען לענין האָט זיך דער־ווּסט וועגן דאָזיקן ערשטן געזעצגעבערישן אַקט, איז ער געווען אויסער זיך פון עמפּערונג.

— נאַרישקייטן! — האָט ער פּסדר איבערגעחזרט. — ווי קאָן מען גאָר דורכפירן אַ רעוואָלוציע אָן דערשיסונגען? צי גלויבט איר באמת, אַז איר וועט זיך אָן עצה געבן מיט אַלע שונאים דורך אָנטוואָפענען זיך?"... ער האָט געפאָדערט תּיכּף אָפּצושאַפן דעם

רעקרעט. מען האָט אים אויפגעוויזן, אַז דאָס וועט מאַכן זייער אַ שלעכטן איינדרוק. עמיץ האָט געזאָגט, אַז מען וועט פּשוט דער־שיסן, אויב מען וועט קיין אַנדער אויסוועג נישט האָבן. אויף אַזאַ אופן האָט מען זיך סוף־כּל־סוף געאייניקט". לעניִן האָט גע־פּאָדערט טעראָר אַלס פּרינציפּ שוין אין אָנהויב פון יענער רעוואָ־לוציע, וואָס האָט אויף איר פאָן אויפגעשריבן דעם לאָזונג פון אָפּשאַפן טויט־שטראָף! לעניִן האָט בּסדר באַטאָנט דעם גערוּנק וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט פון טעראָר — זאָגט ווייטער טראָצקי. צו־וואָס, איינגעטלעך, די פּסדרדיקע באַטאָנונג? ווייל לע־ניִן האָט איינמאָל געזאָגט צו טראָצקין: „דער רוסישער מענטש איז גוט, פאַר אַנטשיידענע מיטלען פון רעוואָלוציאָנערן טעראָר פעלט אים אַ פּאַסיקע נאַטור. מען מוז דאָס אָבער פּרובירן".

די דאָזיקע ווערטער זענען אַן ערן־דיפּלאָם פאַרן רוסישן פאָלקס־מענטש, פאַרן כאַראַקטער פון זיין רעוואָלוציע. זיי דעקן אָפּ גלייכצייטיק דעם קינסטלעכן כאַראַקטער פון באָלשעוויסטישן טעראָר. דער געבּאָט פון באָלשעוויסטישער טאַט איז געוואָרן: אויפ־וועקן די בייזע אינסטינקטן פון די מאַסן, פאַנאַנדערבּלאָזן זייער קלאַסן־צאָרן. ווען דער בּירגער־קריג איז געקומען און טראָצקי האָט אין אַן אומגעהייערער מאָס אָנגעווענדט טויט־שטראָף, אַפילו קעגן קאָמוניסטן, איז אין באָלשעוויסטישן קריגסראַט אויסגע־בּראָכן אַ פּראָטעסט. ער האָט אָנגעקלאָגט טראָצקין פאַרן צענט־ראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, אָבער טראָצקי איז געבּליבּן זי־גער. ער האָט געוויזן אַ בּלאַנקאָ־באַפולמעכטיקונג, אונטערגע־שריבּן דורך לעניִנען, וואָס האָט אים אין פאָראויס געגעבּן דאָס רעכט אויסצופירן אַזויפיל טויט־שטראָפן, וויפל ער וויל נאָר. ווען דער טעראָר און די טשעקאַ־כוואַליע האָבּן שפּעטער זיך אויס־געשפּרייט איבּערן ראַטנלאַנד, ווי אַ הוראַגאַן, איז דאָס געשען נישט אָן לעניִנס וויסן און ווילן. עס זענען געווען אַזעלכע, אויך אין די רייען פון די ל. ס. ר., וואָס האָבּן געוואָלט האָבּן, אַז לעניִן וויים נישט וועגן די דאָזיקע טרויליקע מעשים, וואָס שענדן די רע־וואָלוציע. ספּירידאָנאָוואַ האָט געשריבּן וועגן דעם אַ בּריוו צו איינעם פון די דאָזיקע חברים, און דאָס איז געווען נישט קיין אַנ־דערער, ווי דער אַלטער נאַטאַנסאָן. „איר זאָלט נישט נאַכטון:

די ליבעראַלן, וואָס פלעגן תמיד זאָגן: יאָ, איינצל־פאַלן זענען מעג־לעך; ווען דער צאַר, ווען לענין וואָלט דאָס געוווּסט, וואָלט ער דאָס נישט דערלאָזן... דאָס איז דורכאויס פאַלש. דער צאַר האָט וועגן אַלעם געוווּסט, און לענין ווייס דריי מאָל מער. ער ווייס אַלץ, וואָס עס קומט פאָר. דאָס איז די סיסטעם פון דיקטאַטור. די ראָל פון איין מענטשן איז אומגעהויער. עס איז אומהיימלעך צו זען, וואָס פאַרא צרות איין מענטש קאָן אָנטאָן".

ווער ווייס, אפשר האָט לענין דערפאַר אַזוי שטאַרק פאַרהער־לעכט דעם טעראָר, ווייל ער פערזענלעך האָט נישט דורכגעמאַכט דעם גהינום פון לײדן בײם צאַריזם. זיין גורל האָט אים (פונקט ווי טראָצקין) פאַרשוינט פון קאַטאָרגע און דער סכנה פון טויט־שטראָף. ער האָט נישט געקענט פון פערזענלעכער דערפאַרונג די מענטשלעכע פּיין, ער האָט דעריבער אַבסטראַקט־טעאָרעטיש גע־קאָנט פּרעדיקן און פאַרווירקלעכן אַן אומגעצוימטן טעראָר. ספּי־רידאָנאָווא, וואָס האָט אין אירע אייגענע הענט געהאַלטן דעם שווערד פון געוואַלט און האָט אַליין אַזוי מוראדיק געליטן פון געוואַלט, — האָט געהאַט אַ גאַנץ אַנדער באַציאונג צו געוואַלט־אָנווענדונג. ווי אַלע רוסישע נאַראָדניקעס־טעראָריסטן, האָט אויך זי פּיינט געהאַט דאָס טויטן מענטשן, אפילו פון פּיינטלעכן סאָ־ציאַלן לאַגער. אין אַ פּריוואַטן בריוו האָט זי אויף דער דאָזיקער טעמע געשריבן כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „דער אַרבעטנדער מענטש איז שווין פון לאַנג אומפעיק צו זיין גרויזאַם, צו מאָרדן און פאַרגוואַלטיקן. די פּראָבלעם פון געוואַלט פאַרשאַפט דעם באַ־וווּסטזיין לײדן. דאָך האָב איך זיך מיט אַלע כּחות געצוווּנגען מער נישט צו גריבלען וועגן דעם, ווייל אַנישט הערט אויף יעדע מעג־לעכקייט פון אַ קלאַסן־אידעאָלאָגיע און אַ „קלאַסן־מאָראַל" (אונזער דאָזיקע העסלעכע סאָפיסטיק מחוץ די גרענעצן פון פאַר־שטאַנד און געוויסן), נאָכמער: עס ווערט צונענומען די מעגלעכ־קייט צו האַנדלען. און היות דער קעמפערישער טעמפעראַמענט ווערט פאָרט נישט אָפּגעטויט, איז די סתירה אומלייזבאַר... מיר, רעוואָלוציאָנערן, פאַרטיידיקן עפּעס אַזוינס, וואָס איז ווי אַ קליין קינד, און באַזיצן דורכדעם אַזאַ מין נישט־באַרעכטיקט רעכט, אָבער דאָך אַ רעכט אויף דער זינד פון געוואַלט". ספּירידאָנאָווא האָט

זיך אָבער געאײַלט צוצוגעבן: „יעדן טאָג און יעדע שעה אָבער
דאַרף מען דורכן בײַשפּיל פון אײגענעם לעבן און דורך דער טע־
אָריע אונטערשײדן צװישן דער זינד, װאָס איז דערלאָזבאַר אױס
נױט, און יענער, װאָס קאָן פאַר קײן פאַל נישט דערלױבט װערן.
דאָ מוז װירקן דאָס ליכט פון דער אידײע און דער רעגולירנדער
פאַרשטאַנד". פאַר ספּירידאָנאָװאַן איז געװען פּראָבלעמאַטיש אַפי־
לו געװאַלט קעגן קלאַסן ־ שונאים; שױן אָפּגערעדט, אַז זי האָט
אָפּגעװאָרפן דאָס אָנװענדן געװאַלט קעגן די האַרעפּאַשניקעס. די
רעװאָלוציע איז פאַרן פאָלק תּמיד אַ װעג צו דער גלגולתּא: עס
מוז באַצאָלן מיט הונגער, בלוט און טרערן. די מאַכן גײען מיטן
דאָזיקן װעג פרײַװיליק, געפירט פון אײגענעם באַװוסטזײַן. זײ
שטרעבן דערבײַ צו אַ הױכן ציל. װי שױדערלעך עס װאָלט גע־
װען, װען זײ װאָלטן אױפן דאָזיקן גלגולתּא ־ װעג געקעמפט אײ־
נער קעגן צװײטן מיטן װאָפן פון טעראָר!... טעראָר קעגן דער
מערהײט פון פאָלק װאָלט געהײסן פאַרניכטן דעם טיפסטן זין פון
דער רעװאָלוציע גופא. דער דאָזיקער זין באַשטײט קודם כּל אין
פרײַ מאַכן די חשיבות פון געקנעכטעטן מענטשן. דער רוסישער
מענטש, װאָס איז אַלס פּױער און אַרבעטער טױזנט ־ פאַך פאַר־
װוּנדעט געװאָרן אין זײַן חשיבות, האָט אין דער רעװאָלוציע צום
ערשטן מאָל דערװאָרבן דעם פולן באַװוסטזײַן פון זײַן פּערזענ־
לעכקײט. „אונזער ענדציל איז דאָך די מענטשלעכע פּערזענלעכ־
קײט — איז ספּירידאָנאָװאַ נישט מיד געװאָרן צו באַטאָנען. —
מיר שטרעבן דערצו, זי זאָל טריאומפירן און מאָראַליש דערהױבן
װערן". דער טעראָר אָבער פירט צו פרײשער פאַרקנעכטונג. דאָס
פאַרניכטנדיקע אין אים איז נישט בלױז די פיזישע פּײַן, דער
װירטשאַפטלעכער חורבן, נאָר קודם כּל דאָס אָנשרעקן דורך טױט
און דאָס פאַרניכטן די חשיבות פון סאָציאַליסטישן מענטשן. דאָס
באַדײַט, אַז דער רוסישער מענטש, אָקאָרשט באַפרײַט פון דער
צאַרישער און פעאָדאַל ־ בירגערלעכער שקלאַפערײַ, — איז אַרײַנ־
געפאַלן אין אַ פרײשע. דאָס באַדײַט, אַז ער האָט שױן װידער באַ־
קומען איבער זיך דעם „באַרין", אין אַ נײַער היסטאָרישער פאָרם.

* * *

באַפרײַען די מאַסן דורך דער רעװאָלוציע אָרער באַהערשן

די מאסן אין נאמען פון דער רעוואלוציע — אט דאס זענען די פארשיידענע וועגן פון ספירידאנאווא און לענין. הינטערן דאזיקן קעגנזאץ ליגט פארבארגן אויך א פארשיידענע אפשאצונג פון דעם ארבעטערס זעלישע כחות: לענין האט נישט געהאט קיין צוטרוי צו די מאראלישע טוגנטן פונם דורכשניטלעכן מאסן - מענטשן. דער פראלעטאריער, געבוירן אין דער קאפיטאליסטישער עפאכע און באלאסטעט מיט אלע פאראורטיילן פון קאפיטאליזם, — איז פאר לענינען נישט געווען דער פרייער טרעגער פון סאציאליסטישער איבערקערעניש. כדי אים דויערנדיק צוצובינדן צו דער רעוואלוציע, דארף מען מיט אים נישט ריידן וועגן ברידערלעכקייט, סאלידאריטעט און מענטשן-ליבע, נאר דער עיקר און קודם - כל באווייזן אים דעם מאטעריעלן נוצן פון סאציאליזם. דעריבער זענען געשאפן געווארן פריווילעגיעס פאר געוויסע שיכטן פון פראלעטאריאט און דער פארטיי; דעריבער האט מען זיך באמיט צו „פאראינטערעסירן" די פויערים אין סאציאליזם. די דאזיקע נייארגאניזירטע און באמת - נוצלעכע געזעלשאפט קאן אבער אויפבויען בלויז די דיקטאטארישע פארטיי - מלוכה. ערשט אין דער ווייטער צוקונפט קאן צושטאנדקומען אין דער קלאסנלאזער געזעלשאפט א סאלידאר צוזאמענלעבן פון מענטשן. — ספירידאנאווא האט נישט אנערקענט די דאזיקע פעסימיסטישע לערע. סאציאליסטישער אויפבוי האט פאר איר באדייט די גרעסטע אנשטרענגונג פון אלע זעלישע און עטישע כחות, וואס ליגן אין פאלק גופא. עס איז אמת, אז דער קאפיטאליזם האט קארומפירט און דערשטיקט די מאראלישע טוגנטן פון די פראלעטארישע מאסן. זיי זענען אבער דא, און מען דארף זיי אויפוועקן צו א נייע לעבן לטובת דעם סאציאליזם. די דאזיקע כחות קאן מען נישט פארבייטן דורך דער פיינסטער פארטיי - מאשינעריע און אויך נישט דורך אויסנוצן דעם עגאאיסטישן אינסטינקט. אין דער פראגראם פון די דייטשישע קאמוניסטן, וואס רויזא לוקסעמבורג האט פארפאסט אין יאר 1918, געפינען זיך פאלגענדע זאצן: „די פראלעטארישע מאסן מוזן ארויסווייזן פליים אין דער אונטערנעמער-בייטש, דיסציפלין — אן א יאך, ארדענונג — אן הערשאפט. העכסטער אידעאליזם לטובת דעם כלל, אמתער בירגערטום פון די מאסן, זענען

דער מאָראַלישער יסוד פון דער סאָציאַליסט[illegible]געזעלשאַפט, פונקט ווי עגאָאיזם און קאָרופּציע זענען דער מאָראַלישער יסוד פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט". ווי אַזוי־זשע קאָן אויסגעבויט ווערן אַזאַ סאָציאַליזם, אויב די מאַסן, זיינע טרעגער, זענען באמת נאָר קאַפּיטאַליסטיש קאָרומפּירט? ווי אַזוי קאָן אַנטשטיין העכסטער אידעאַליזם לטובת דעם כּלל, אויפן יסוד פון יחידים מאַטעריעלן נוצן? דעריבער איז ספּירידאָנאָוואַס געדאַנקען־גאַנג אַנטיפּאָדיש צו לעניס: נישט דורך נוצן צו סאָלידאַריטעט, נאָר דורך סאָלידאַריטעט און מענטשנליבע אין סאָציאַליסטישן שאַפן, — צום נוצן און מאַטעריעלן נצחון. דאָס באַדייט אָבער: אַרויסציען די רעוואָלוציע פון דער פּאַרטיי, פון די פירער, פון דער מלוכה און זי פאַרפלאַנצן אין דער מיט פון די לעבעדיקע, רעאַל־ווירקנדע מאַסן.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אויך לענין האָט אין לעצטן גרונט געמוזט אַפּעלירן צום אידעאַליזם פון די מאַסן. ער האָט געבויט אויפן מאָטיוו פון נוצן, אָבער דערדאָזיקער מאָטיוו האָט באַנקראָטירט יעדעס מאָל, ווען די רעגירונג האָט נישט געקאָנט געבן די מאַסן קיין שום נוצלעכס. הונגער, קעלט, בירגערקריג, צוואַנג־אָרדענונג, — דאָס אַלץ האָט זיי געמוזט פאָרקומען שעדלעך און פאַרדאַרבנדיק. דער „נוצן" האָט זיי נאָר געמוזט מאַכן פאַר שאַרפסטע קעגנער פון דער באָלשעוויסטישער מלוכה... דאַן פלעגט זיך לענין ווענדן צו די מאַסן מיט פלאַמענדיקע אויפרופן און פאָדערן פון זיי — קרבנות. די הונגעריקע און פרירנדע פּראָלעטאַריער פלעגט ער דערמאָנען אין די „פליכטן לגבי דעם פּראָלעטאַריאַט" אַלס קלאַס, אין דער „וועלט־רעוואָלוציע", אין דער קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט, אין די צוקונפטיקע דורות. איז דאָס דען נישט ריינסטער אידעאַליזם, אַן אַפּעל צו דער עטיק פון די אַרבעטער־מענטשן?

געוויס, אָבער דערדאָזיקער אידעאַליזם איז געווען גרויזאַם. ער האָט געפאָדערט פון מענטשן איבערמענטשלעכע קרבנות לטובת אַן אידייע, ער האָט זיי אָבער נישט געשאָנקען די פרייהייט צו דינען דערדאָזיקער אידייע פון אייגענער איניציאַטיוו. ער האָט אויפגעוועקט אין די פּראָלעטאַריער עטישע טוגנטן, כּדי צו שטעל[illegible]

זיי אין דינסט פון דער צוואַנגאַרטיקער פּראָלעטאַרישער מלוכה. לענין האָט עקספּראָפּריאירט נישט נאָר די מאַטעריעלע גיטער פון דער בורזשואַזיע, נאָר אויך די גייסטיקע פרייהייט פון פּראָלעטאַריאַט. אַזאַ פון אויסן פאַרגעשריבענע עטיק, האָט נישט געקאָנט ווערן קיין דויערנדיק געזעץ פאַר דער נייער געזעלשאַפט; די עלעמענטאַרע נויט־אינסטינקטן האָבן ווידער גענומען נעמען אויבערהאַנט איבערן מענטשן. דער סאָציאַליסטישער אידעאַליזם וואָלט אָבער אויסגעזען גאַנץ אַנדערש, ווען ער וואָלט פריי אַרויסגעשפּרודלט פון די מענטשן, ווען ער וואָלט זעלבשטענדיק רייף געוואָרן אין זייער געמיינזאַמען קאַמף און אויפבוי.

* * *

דער קעגנזאַץ צווישן מאַכט־פּרינציפּ און פרייהייטס־פּרינציפּ ביי לענין און ספּירידאָנאָווא — האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך געמוזט קומען צום אויסדרוק אויף אַלע געביטן פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט: ביי דער ערד־סאָציאַליזאַציע, פּונקט ווי בײַם אָרגאַניזירן די אַרבעט אין דער פאַבריק, בײַם אויפבוי פון די ראַטן, פּונקט ווי אין דער שול־דערציאונג, וויסנשאַפט און קונסט. ספּירידאָנאָווא האָט זיך אויף אַלע געביטן פון סאָציאַליסטישן שאַפן באַמיט נישט לאָזן אויפשטיין תחית־המתים דעם געשפּענסט פונם פריץ — פון „באַרין“. דעמאָקראַטישן קאַמף קעגן האַרנטום האָט זי געפירט אויך אויף אַ געביט, ווו מען האָט עס צוערשט קוים געקאָנט מערקן: אויפן געביט פון אינטערנאַציאָנאַל. ביידע, סיי לענין, סיי ספּירידאָנאָווא האָבן זיך באַגייסטערט פאַר אויסברייטן די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איבער די גרענעצן פון רוסלאַנד, פאַר צוזאַמענשמידן די האָרעפּאַשנע מענטשהייט אין איין בונד. אָבער ווי אַנדערש ביידע האָבן זיך פאָרגעשטעלט דעם אינטערנאַציאָנאַל! פאַר לענינען האָט ער געדאַרפט ווערן דער „גענעראַלשטאַב“ פון דער וועלט־רעוואָלוציע. אין אַלע לענדער זאָלן זיך בילדן אין מוסטער־גילטיקער אָרדענונג פּראָלעטאַרישע באַטאַליאָנען, לויט צענטראַליסטיש־אויסגעאַרבעטע פּלענער. אין זייער שפּיץ זאָל שטיין אידעאָלאָגיש און מיליטעריש מעכטיק־באַוואָפנטע פּאַרטייען. מיט צאָרנדיקע ווערטער האָט ספּירידאָנאָווא אָפּגעוואָרפן דעמאָקראַטישן באָלשעוויסטישן טרוים.

מיטן 1919 האָט זי געשריבן אַ בריוו צו אירע חברים ל. ס. ר. אין תפיסה. דאָס איז געווען די צייט, ווען עס איז אין מאָסקווע געגרינדעט געוואָרן דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל. איניקע פון די ל. ס. ר. האָבן געהאַלטן, אַז אַפילו ביי אַ נעגאַטיווער באַציאונג צום באָלשעוויזם, דאַרף מען אַריינטרעטן אין דאָזיקן אינטערנאַציאָנאַל. ספּירידאָנאָווא האָט דערווידערט, אַז דאָס איז אוממעגלעך, ווייל די באָלשעוויקעס וועלן נישט לאָזן אַריינעמען אַ פּאַרטיי, וואָס איז אומאָפּהענגיק פון זיי. „דאָס איז אָבער נישט דאָס אַנטשיידנדיקע. איך וויל גאָרנישט אַריינגענומען ווערן אין דערדאָזיקער האַרן־געזעלשאַפט. ווייל דאָ פאַרזאַמלען זיך האַרן, וועלכע פאַרטיילן צווישן זיך די גיטער פון פּראָלעטאַריאַט, וועלכע וואַרפן צווישן זיך גורל פאַרן מאַנטל פון פּראָלעטאַריאַט. און זיי וועלן זיין ערגערע האַרן, ווי די פון פעלקער־בונד. יענע הערן טוען אַלץ אָפן, הערבאַר פאַר דער גאַנצער וועלט. די דאָזיקע אָבער שווערן אין גאָטס נאָמען און פאַרנעמען זיך, ווי די אַנדערע, מיט מענטשן־פאַרניכטונג. עס וואָלט געווען נאַאיוו צו גלויבן, אַז עס איז מעגלעך צו דערהויבן צו די הויכן פון אידעאַליזם דידאָזיקע פּאַרטייען און דעם קלאַס קוואַליפיצירטע אַרבעטער, וואָס שטייט הינטער זיי. האָבן דאָך דידאָזיקע פּאַרטייען און קלאַסן, די פראַנצויזישע, די ענגלישע, די דייטשישע, רואיק געדולדעט אין משך פון יאָרצענדליקער די מענטשנשינדעריי. דער ענגלישער פּראָלעטאַריאַט האָט רואיק געלעבט אויפן חשבון פון די בלוטיק־עקספּלואַטירטע הינדוסן, דער פראַנצויזישער — אויפן חשבון פון די נישט־ווייניקער עקספּלואַטירטע קאַפערן.

...קיינמאָל, קיין איינציק מאָל האָט אין זיי נישט דערוואַכט אַ שטימע, אַ פּראָטעסט־געשריי, אַ ברענענד געפיל פון חרפּה אָדער געוויסן. עס האָט גאָרנישט דערוואַכט אין זיי אַ דאַנק די מאַטעריעלע באַדינגונגען פון זייער עקזיסטענץ, נישט נאָר פון דער בורזשואַזיע. און איך זע פאָראויס אַ לעניניזם אין וועלט־מאַסשטאַב. אַיין קלאַס האָרעפּאַשניקעס, וואָס הערשט איבער דעם צווייטן. אַ דיקטאַטור פון קוואַליפיצירטע אַרבעטער, פון פערטן שטאַנד איבער די איבעריקע געוואַלטיקע מאַסן אונטערדריקטע, קודם־כל די פּויערים. אַ קאָלאָניאַל־פּאָליטיק אין אַ מאַסקירטער פאָרם, גענאָ־

רעריי, שאַרלאַטאַנעריע, מלוכהשקייט, שמוץ, — דאָס אַלץ וועלן מיט דער צייט פּראַקטיצירן אַפילו די ספּאַרטאַקיסטן, וועלכע זענען איצט הייליק אין אונזערע אויגן און וועלכע מיר האָבן אומענדלעך ליב. זיי וועלן דאָס טון, ווייל זיי זענען אַלע מלוכה־פאַנאַטיקער. אַפילו דער ראַדיקאַלסטער און לינקסטער בונד פון דידאָזיקע סאָציאַל - דעמאָקראַטן וועט מוזן דעגענערירן צו איינער פון די ערגסטע אַרטן פון מענטשהייט־פאַרשקלאַפונג. אין דאָזיקן אינטערנאַציאָנאַל, אין דאָזיקן קאָנגרעס פון פּאַרטייען און נישט פון מאַסן, אין דאָזיקן קאָנגרעס פון פאַרשווערער, וואָס וועלן זוכן מיטלען ווי אַזוי צו „דעראָבערן" די מאַסן, כּדי זיי צו באַוועגן לויט זייערע דאָגמען און אויסצושפּילן זיי קעגנאַנאַנדער, — אין דאָזיקן האַרן־אינטערנאַציאָנאַל האָב איך קיין חשק נישט אויפגענומען צו ווערן".

דער אורטייל, וועלכן ספּירידאָנאָוואַ גיט אַרויס אויף די אייראָפּייאישע אַרבעטער, איז שווער. זי האָט אָבער אויך איר אייגענע באַוועגונג נישט געשוינט. אין זעלבן בריוו האָט זי אָפן דערקלערט: „אויך אונזער פּאַרטיי טייל איך נישט אויס פון דידאָזיקע אַלע האַרן. ווען מיר זענען געווען צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס, האָט עס זיך אַרויסגעוויזן. אין קרעמל־תּפיסה האָב איך אַ סך געטראַכט וועגן דעם. מיט שאַנד און פּיין דערמאָן איך זיך וועגן אונזערע אָפּמאַכן, וועגן דער טראַנזאַקציע פון אונזער אַריינטריט אין דער רעגירונג א. אַ. וו., הינטערן רוקן פון די מאַסן. איצט זענען מיר אַנדערש געוואָרן. מיר האָבן פאַרשטאַנען". הייסט עס דען, אַז ספּירידאָנאָוואַ זאָגט זיך אָפּ פון אַ אינטערנאַציאָנאַל? אַז די פאַרברידערונג פון די פעלקער איז פאַר איר אַ פּוסט וואָרט? ניין — האָט דערקלערט ספּירידאָנאָוואַ, — עס וועט אַמאָל קומען אַן אַנדער אינטערנאַציאָנאַל! און זי האָט אין נביאישע ווערטער געשילדערט אַ וויזיע פון אומגעהייערער קראַפט און שיינקייט. „איך זע פאַר זיך אַ שטראַלנד בילד, וואָס איך קאָן קוים באַשרייבן, ווייל ווערטער קאָנען עס בלויז טונקעלער מאַכן, ווייל מיין האַרץ ציטערט פאַר פרייד. איך זע אַ אינטערנאַציאָנאַל, וואָס באַשטייט גאָרנישט פון פּאַרטייען. עס זאַמלען זיך דאָ די מאַסן אַליין... די מאַסן מיט ווידלעס און העק, מיט ביקסן און קוילן־

וואַרפֿערס, אַלע אין פּולווער און רויך, אין בלוט און אין טרערן. זיי, די געוויילטע, די בעסטע פֿון די מאַסן, דער בונד פֿון אַלע האָרעפּאַשניקעס, דער ראַט פֿון די וועלט־דעפּוטאַטן. אינמיטן פֿון די אויפֿשטאַנדן און קאַמפֿן וועלן זיי איילן אונטערן שוץ פֿון דער פֿאָן פֿון אינטערנאַציאָנאַל, ווי אַמאָל אונטערן שוץ פֿון קרייץ. דאָ וועלן זיי זיך אויסרוען און ווערן איינס. דאָס וועט ווערן די פֿאַרברידערונג פֿון די אַרבעטנדע, דער בונד פֿון די פֿעלקער! יענעם בונד וועלן מיר זיך נישט דאַרפֿן אַרויפֿצווינגען. מען וועט אונז שיקן אַהין, די מאַסן וועלן אונז פּשוט שיקן, און מיר וועלן דאָרט זיין!".

* * *

לענין און ספּירידאָנאָווא זענען געשטאַנען איינער קעגן צווייטן. מען וואָלט געקאָנט שטעלן די פֿראַגע, ווער פֿון זיי ביידע האָט פֿאַרקערפּערט דאָס עכטע רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד. איז דען איינער פֿון די צוויי נישט געווען דער אָרגאַנישער פֿאָרשטייער פֿון די פֿאָראויסשטרעבנדע מאַסן, בעת דער צווייטער האָט פֿאַרטראָטן בלויז איין פּאַזע פֿון זייער קאַמף?

דאָס איז נישט אַזוי. סיי לענין און סיי ספּירידאָנאָווא רעפּרעזענטירן מיט דערזעלבער אָרגאַנישקייט דאָס רוסישע האָרעפּאַשנע, רעוואָלוציאָנערע פֿאָלק. מער נישט, דאָס דאָזיקע פֿאָלק האָט רעוואָלטירט אויף צוויי פֿאַרשידענע אופֿנים, און במילא געשאַפֿן צוויי גרונט־פֿאַרשידענע באַוועגונגען. יאָרהונדערטער לאַנג זענען די רוסישע פּויערים און אַרבעטער געשטאַנען אויף די קני פֿאַר די כּחות פֿון צאַר, פֿון קאַפּיטאַל, פֿון דער קירכע. אין משך פֿון אומצאָליקע יאָרן, אויסגעפּילטע מיט זעלישער און מאַטעריעלער פּיין, איז זייער באַוווסטזיין דאָך געבליבן וואַך. אין זייער נשמה האָט זיך געזאַמלט פֿאַרביטערטקייט און צאָרן קעגן די הערן. גלייכצייטיק האָט אין זייער האַרצן געלעבט אַן אומאויסלעשבאַר בענקעניש נאָך אַ ריינער און געהעכטער עקזיסטענץ. ווען עס איז געקומען די גרויסע רעוואָלוציע און דאָס פֿאָלק האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון די קני, האָט עס געקאָנט גיין מיט צוויי פֿאַרשידענע וועגן, ביידע לאָגיש און זעליש פֿאַרשטענדלעך. דער קלענערער טייל פֿון די אונטערדריקטע מאַסן האָט געפּלאַנט צו ווערן

איצט אַליין האַר איבערן לאַנד. דער אָקאָרשט נאָך שקלאַפּישער פֿאָלקס־מענטש, באַרוישט פֿון זיג, האָט געוואָלט פּרובירן דעם טעם פֿון לעבן, הערשן, געניסן פּונקט אַזוי, ווי די פֿריערע מאַכט־האָבער... אַלץ, וואָס זיי האָבן פֿריער געזען: די „פֿרײַהייט”, די מענטשנפֿאַראַכטונג און די מאַכט־גיריקייט, — האָבן זיי אין קינדישן קלאַסן־שטאָלץ איבערגענומען פֿאַר זיך. זיי האָבן צוערשט אָנגעווענדט זייער מאַכט קעגן בירגערטום, כּדי אײַנגיכן זיך אַ נעם טון צו די האָרעפּאַשניקעס. דער באָלשעוויזם האָט אין אַ גרויסן פֿאַרנעם אויסגענוצט פֿאַר זײַנע צוועקן דידאָזיקע פּסיכאָלאָגיע און „קלאַסן־אידעאָלאָגיע”.

אָבער דער גרעסערער טייל פֿון די פֿאַרקנעכטעטע מאַסן איז געקומען אין דער רעוואָלוציע מיט אַנטקעגנגעזעצטע געפֿילן. די אומממענטשלעכע פּײַן, וואָס יעֶר האָט אַזוי לאַנג געמוזט אויסשטיין, האָט אים געשאַרפֿט דאָס געוויסן, פֿאַרטיפֿט זײַן מאָראַלישן פּראָטעסט קעגן דער וועלט. ווען דידאָזיקע מאַסן האָבן זיך אַ הויב געטון און געפֿונען פֿרײַ די אַרענע פֿון זייער לאַנד, איז זייער ערשט געפֿיל געווען — פֿרייד און גוטסקייט. זיי האָט פֿאַרגעשוועבט נישט קיין בלויזער אַפּבייט פֿון קלאַסן, נישט קיין נייער הערשאַפֿט, נאָר פֿרײַהייט און גערעכטיקייט פֿאַר אַלע. ערד פֿאַר אַלע, וואָס ווילן זי באַאַרבעטן! שלום—פֿאַר אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט! אַרבעט און ראַטן—פֿאַר אַלע האָרעפּאַשניקעס! גראָד דערפֿאַר ווייל די דאָזיקע מאַסן האָבן פֿריער אַזוי מוראדיק געליטן, האָבן זיי מער נישט געוואָלט דערלאָזן קיין נײַע אומגערעכטיקייט. דעם מאַקסימאַליזם פֿון גרימצאָרן און נקמה האָבן זיי אַנטקעגנגעשטעלט מיט סטיכישער קראַפֿט דעם מאַקסימאַליזם פֿון מענטשנפֿרײַנטשאַפֿט. דער באָלשעוויק האָט נישט געוווּסט, וואָס מען הויבט אָן צו טאָן מיטן דאָזיקן כּאַראַקטער פֿון די מאַסן. פּראַשיאַן, ספּירידאָנאָוואַ, דאָנסקאָי און אומצאָליקע אַנדערע סאָציאַליסטן, ווי זיי, האָבן אָרגאַניש רעפּרעזענטירט דידאָזיקע עכטע מאַסן פֿון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

אַט אַזוי האָבן אין דער רעוואָלוציע מאַרשירט די צוויי טיפּן סאָציאַליסטן. שוין אין זייער פּנים האָט מען דערקענט די פֿאַרשידנקייט פֿון די כּאַראַקטערן. דער באָלשעוויק איז געווען ביטער,

איבערגעשפּיצט, ראַפינירט. ער האָט געפירט דעם קלאַסן־קאַמף
און דעם בירגער־קריג מיט שפּאָט און שאַרן־פרייד איבער די
קעגנער, מיט דער פויסט פון פאַרביטערטן און נקמה־דורשטיקן
מענטשן. ער האָט אַריינגעבראַכט אַ מין יאַגד־לוסט אין טראַגישן,
היסטאָרישן פּראָצעס פון קאַמף, — אין קאַמף צוערשט קעגן דער
בורזשואַזיע, דאַן קעגן די אַרבעטער, שפּעטער קעגן די קאָמוניסטן
גופא. דער נישט־באָלשעוויסטישער רעוואָלוציאָנער איז געווען גוט
און שטרענג קעגן זיך גופא. ער האָט וויניקער באַקעמפט די
פיינטלעכע מענטשן, ווי די פיינטלעכע אינסטיטוציעס. ער האָט
נישט חוזק געמאַכט, ווייל אפילו בעתן בירגער־קריג האָט ער נישט
אַרויסגעלאָזט פון אויג דעם ענדציל. — דער באָלשעוויק האָט אין
דער רעוואָלוציע נישט געקענט קיין שום מאָראַלישע סקרופּולן. ער
האָט געחוזקט פון די באַגריפן: זינד, חרטה, שולד־באַוווסטזיין פון
רעוואָלוציאָנער. קיין שום זאַך — האָט לענין בסדר איינגעהאַקט
אין די קעפּ — דאַרף נישט אָפּהאַלטן אויפן וועג, אויב דאָס פאַר־
דערט נאָר דער נוצן פון דער רעוואָלוציע. די רעוואָלוציע פאָר־
דערט דיסציפּלין און אָרדענונג; די פּראָלעטאַרישע אָרדענונג מוז
אויפגעשטעלט ווערן, פאַר וואָסער פּרייז עס זאָל נישט זיין. דער
ספּירידאָנאָוואַ־סאָציאַליסט האָט נישט נאָר געקענט די מאָראַלי־
שע סקרופּולן פון זיין באַוווסטזיין, נאָר זיך טאַקע צוגעהערט צו
זיי. סאָציאַליסטישע מאָראַל און פרייהייט פון די מאַסן מוזן האַר־
מאָנירט ווערן מיט די פאָדערונגען פון דער רעוואָלוציע. קיין שום
„פּראָלעטאַרישע אָרדענונג", אויב זי שרעקט אָפּ, פאַרשקלאַפט,
דעמאָראַליזירט די מענטשן פון דער נייער געזעלשאַפט! איין ביי־
שפּיל פאַר אַ סך: אין קיעוו ווערט געפאַנגען גענומען דער דייטשי־
שער זעלנער, דאָנסקאָים תּליון. די באָלשעוויקעס שטעלן אים פאַר
אַ געריכט, פאַראורטיילן אים צום טויט: „פּראָלעטאַרישע אָרדע־
נונג". די ל. ס. ר. פאָדערן צו שענקען אים דאָס לעבן; דער סאָ־
ציאַליזם פאָדערט נישט קיין נקמה!

ווער פון די ביידע רעוואָלוציאָנערע מענטשן־טיפּן איז אין
רוסלאַנד אָרגאַניש? אויף די יאָרהונדערטער פון צאַרישן דרוק
האָט רוסלאַנד געענטפערט מיט צוויי געוואַלטיקע דערשיינונגען:
לענין און ספּירידאָנאָוואַ.

פאַרוואָס האָט לענין באַזיגט ספּירידאָנאָוואַ?

ווייל דער טיף מענטש, וואָס לענין האָט רעפּרעזענטירט, איז געווען קרעפטיקער און אגרעסיווער, ווייל ער האָט ווייטער געצויגן דעם פאָדעם פון דער טראַדיציע און דער מענטאַליטעט פון דער בירגערלעכער וועלט. די נישט - באַלשעוויסטישע מאַסן האָבן מיט זיך געבראַכט אַ נייע רעוואָלוציאָנערע גייסט־איינשטעלונג, וואָס מוז זיך נאָך ערשט פאַרוואָרצלען. איידער זיי האָבן זיך נאָך צייט געהאַט צו פאַרפעסטיקן, זענען זיי שוין דורך די ערשטע באַזיגט געוואָרן אין שטורעם־אָנגריף. אויף אייביק אָדער אויף אַ היסטאָ־רישן צייט־אָפּשניט? די באַזיגטע פון היינט קאָנען נאָך ווערן די זיגער פון מאָרגן, וועגן דעם אַנטשיידעט די געשיכטע, וואָס איז נאָך נישט פאַרענדיקט.

## X.

## דאָס מאַרטיריום

ספּירידאָנאָוואַ האָט זיך אַ לענגערער צייט געפילט, אַז די טשעקאַ־אַגענטן האָבן זי שוין אויסגעשפּירט. איר אַרעסט איז גע־ווען אַ פראַגע פון דער נאָענטסטער צייט. זי האָט אויך געפילט, אַז זי ווערט מיט יעדן טאָג קראַנקער. אין טאָפּלטער אויפרעגונג האָט זי זיך פיבערהאַפט באַמיט אַזוי איינצוואָרדענען דעם פּאַרטיי־אַפּאַ־ראַט, די פאַרבינדונגען, אַז מיט איר פאַרשווינדן זאָלן זיי צו שטאַרק נישט ליידן. אירע אַלע באַמיאונגען גובר צו זיין איר קער־פער האָבן נישט געהאָלפן, זי האָט זיך געמוזט לייגן אין בעט. אַ געהעריקע פלעגע פון דער טיפוס־קראַנקער איז געווען אוממעג־לעך. דער אומלעגאַלער צושטאַנד האָט זיינע געזעצן, אויף וועלכע אַפילו די פאַרזאָרגטע חברים האָבן נישט געטאָרט עובר זיין.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז די מלוכה זאָל זיך אַריינמישן אין ספּירידאָנאָוואַס דאָזיקן צושטאַנד. די טשעקאַ האָט גענומען אויף זיך צו פלעגן די קראַנקע און האָט די פלעגע פאַרוואַנדלט אין אַ מאַרטיריום. פּונקט דריי יאָר נאָכן זיג פון דער אָקטאָבער־

רעוואָלוציע, אין דער נאַכט אויפן 26־טן אָקטאָבער (1920) איז ספּירידאָנאָװאַ אַרעסטירט געוואָרן צום דריטן מאָל. דאָס, וואָס איז דערנאָך געשען, האָט אַלעקסאַנדרא איזמאַילאָװיטש שפּעטער דערציילט. ספּירידאָנאָװאַס טרייע חברטע איז ווידער געשטאַנען ביי איר זייט, ווי מיט פערצן יאָר צוריק. זייט יענער צייט האָט זי ספּירידאָנאָװאַן באַגלייט אויף אַלע לעבנס־וועגן. ווי אַזוי זי האָט דערביי געלעבט, וואָס זי האָט מקריב געווען און געליטן, איז אַ בילד פון ביישפּיללאָזער ליבע און זעלישער שיינקייט, אַפילו אין דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע... אין מאָמענט פון ספּירידאָנאָװאַס אַרעסט איז איזמאַילאָװיטש געווען אין בוטירקי־תּפיסה. אין אַ טאָג אַרום האָט מען זי אַראָפּגעבראַכט צו ספּירי־דאָנאָװאַס קראַנקנבעט... די טשעקאַ האָט נישט געוואָלט טראָגן אַליין די אחריות פאַר ספּירידאָנאָװאַס לעבן.

„ספּירידאָנאָװאַ איז אַרעסטירט געוואָרן אין דער נאַכט אויפן 26־טן. גלייכצייטיק האָט מען אַרעסטירט קאַמקאָװן, וועלכער האָט אין יענער נאַכט געוואַכט ביי דער קראַנקער. לויט זיינע שילדע־רונגען איז דער נאַכטיקער איבערפאַל געווען גראַנדיעז. ווי עס שיינט, איז מאַרוסיאַס וווינונג נישט געווען גענוי באַקאַנט. אַיי־דער מען האָט זי אַנטדעקט, איז מען אַריינגעדרונגען אין פאַרשי־דענע וווינונגען פון גרויסן הויז (טווערסקאַיאַ 75) און אַרויס־געשלעפּט פון די בעטן עטלעכע אויף טויט דערשראָקענע פרויען מיטן אויסרוף: „איר זענט ספּירידאָנאָװאַ!" מיט האַנט־גראַנאַטן און אַרמיי־רעוואָלווערן זענען זיי געקומען, ווי קעגן אַן אמתער באַנדיטן־באַנדע.

ביי ספּירידאָנאָװאַן האָט זיך געהאַנדלט נישט נאָר אין אַ טי־פוס. עס זענען שוין צוגעפאַלן קאָמפּליקאַציעס פון נערוועזן כאַ־ראַקטער, אַרויסגערופן וואַרשיינלעך דורך דער האַלטונג פון דער קראַנקער אין אָנהויב פון איר קראַנקהייט. שוין אָנגעשטעקט מיט דער קראַנקהייט (דעזינטעריע און באַלד דערנאָך בויך - טיפוס), מיט 39 און שפּעטער 40 גראַד היץ, האָט זי זיך באַטייליקט אין לאַנגע פּאַרטיי־זיצונגען, געשריבן אַרטיקלען און איילִיק איבערגע־געבן די חברים שיפערס, אַדרעסן און ענלעכס. ביי נאָרמאַלע באַ־דינגונגען וואָלטן אפשר דיראַזיקע קאָמפּליקאַציעס שנעל באַזײ־

טיקט געוואָרן. אָבער דער אַרעסט און די תּפיסה, הגם אַ באַגילדעטע, האָבן געטראָגן די שולד דערפֿאַר, וואָס די קראַנקהייט האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן ניין חדשים נאָכאַנאַנד. מיך האָט מען אַראָפּגעבראַכט צו איר לויט קאַמקאָווס פֿאָדערונג. אים האָט מען באַלד אַרויסגעלאָזן אויף דער פֿריי און אים דערלויבט צו באַזוכן די קראַנקע צו יעדער צייט. אַ חודש צייט האָט זי די טשעקאַ געלאָזט אין שטוב־אַרעסט, אין איר אייגענעם צימער. די וואַך, — 5—6 טשעקיסטן — האָבן זיך געהאַלטן זייער קאָרעקט, זיי האָבן זיך באַמיט, די קראַנקע זאָל זיי נישט זען און הערן. קאַמקאָוו און איך האָבן נישט גערעדט מיט איר וועגן אַרעסט, זי אַליין האָט אויך ווייניק גערעדט וועגן דעם. כּמעט די גאַנצע צייט האָט זי געשוויגן מיט פֿאַרקלעמטע ציין, און האָט זי שוין יאָ גערעדט, איז אין פֿליסטער־טאָן, זי האָט די גאַנצע צייט געלעבט מיט איר אינערלעך קראַנקהאַפֿט לעבן, אין אַ קאָשמאַר, מחוץ דער ווירקלעכקייט. צומייסטנס האָט זי געדריקט די אומפֿרייהייט, די תּפיסה, דאָס באַוווסטזיין פֿון געוואַלט, וואָס ווערט באַגאַנגען קעגן איר און קעגן אַנדערע. ׳עס האָט זיך איר כּסדר געדאַכט, אַז עס רינגלען זי אַרום צאַרישע זשאַנדאַרמען, קאָזאַקן אָדער טשעקעסן.

אין דאָזיקן צושטאַנד האָט מען זי, מיט אונזער הסכּמה, אַריבערגעפֿירט פֿון איר וווינונג אין טשעקאַ־לאַזאַרעט. די אויסערלעכע באַדינגונגען זענען דאָ געווען בעסער, ווי אין איר צימערל. קאַמקאָוו און איך האָבן אַלץ געטאָן, כּדי צו פֿאַרשאַפֿן איר דעם איינדרוק פֿון פֿרייהייט. ער פֿלעגט קומען און אַוועקגיין, מיר פֿלעגן רואיק שמועסן לעבן איר, זיך באַמיען צו לאַכן, פֿאָרלייענען. זי פֿלעגט זיך נישט באַטייליקן אין אונזערע שמועסן, אָבער ליב האָבן צו זיצן דערבײַ און אונז אָנקוקן. איר פּנים פֿלעגט דאַן ווערן רואיקער, פֿון אירע אויגן פֿלעגט פֿאַרשווינדן דער שטענדיקער אויסדרוק פֿון טרויער אָדער שרעק. נאָך דרײַ חדשים שלאָפֿלאָזיקייט (מיר האָבן נישט געקענט באַגרייפֿן, ווי אַזוי אַ מענטש קאָן עקזיסטירן כּמעט אָן שטאַרקונג דורך שלאָף), האָט זי אָנגעהויבן שלאָפֿן 5—6 שעה אַ טאָג. עס איז אויפֿגעקומען אין אונז די האָפֿענונג, אַז די קראַנקהייט וועט פֿאַרבײַגיין, אויב די קראַנקע וועט

קאַנצן געניסן פון פרישער לופט און באַוועגונג. דאָ, ווי אין איר וווינונג, האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין וועגן באַוועגן זיך אויף דער פריי; מיר זענען העכער זיבן חדשים געזעסן איינגעמויערט צווישן די פיר ווענט.

אין פעברואַר (1921) האָט מען אָנגעהויבן ריידן וועגן מאַרוסיאַס באַפרייאונג. קאַמקאָוו איז אַפילו אַרויסגערופן געוואָרן אין טשעקאַ, ווו מען האָט אים געוויזן אַן אָרדער וועגן באַפרייען ספּירידאָנאָווע און די איזמאַילאָוויטש צוליב קראַנקהייט. עס האָט נאָר געפעלט די אונטערשריפט פון טשעקאַ שרהה טאַמסאָנאָוו, וועלכער איז געווען קראַנק. איך האָב שוין אָפּגעשיקט אונזערע אַלע ביכער און דאָס גאַנצע וועש אין דער וווינונג פון אַ חברטע. פעברואַר איז אַריבער, און אין מערץ איז געשען „פּונקט דאָס פאַרקערטע‟. ס'איז געקומען דער אויפשטאַנד פון קראָנשטאַט.

דער מאַטראָזן - אויפשטאַנד אין קראָנשטאַט איז געווען אַ וואָרנונג פאַרן הערשנדן רעזשים און אַ באַוויז פאַר דער אומגעבראָכענער רעוואָלוציאָנערער קראַפט פון פאָלק. ער האָט באַוויזן מיט דער שאַרפסטער קלאָרקייט, אַז די מאַסן פירן אַ טאָפּלט לעבן. בעת אויף דער געזעצלעכער אַרענע פון דער באָלשעוויסטישער מלוכה פירן זיי מלחמה קעגן די ווייסע, פירן זיי גלייכצייטיק אַן אומלעגאַלן קאַמף קעגן דערדאָזיקער מלוכה גופא. אויך בעתן אָפיציעלן בירגערקריג האָט דער קאַמף נישט אויפגעהערט אויף קיין איין מאָמענט. אָבער נאָכן פאַרענדיקטן בירגער־קריג איז ער אויסגעבראָכן מיט אַ גרעסערער קראַפט. די מאַסן האָבן געהאַט די האָפענונג, אַז נאָכן זיג איבער די רעאַקציאָנערע כחות, וועלן זיי ווידער באַקומען די אורשפּרינגלעכע פרייהייט פון דער רעוואָלוציע. זיי האָבן אָבער געזען, אַז די צוואַנג־מלוכה טראַכט גאָר נישט וועגן אומקערן זיך צום שלום־צושטאַנד. זי האָט זיך געקליבן שמידן זיי אין נייע קייטן.

די פויערים האָבן געקעמפט קעגן די געוואַלט־רעקוויזיציעס פון זייערע אַרבעטס־פּראָדוקטן אויף צוויי־ערליי אופנים: דורך אויפשטאַנדן און אַ ספּאָנטאַנעם, איבערן גאַנצן לאַנד אויסגעבריי־טערטן ברויט־שטרייק. זיי האָבן באַאַרבעט זייערע פעלדער, נאָר אויף אַזוי־פיל, אויף וויפל דאָס איז נויטווענדיק געווען צו באַ־

פרידיקן זייערע פרימיטיווסטע באַדערפעניש. אַלס ענטפער דע־רויף האָט די רעגירונג, אויף לעניִנס באַפעל, באַשלאָסן — דעם 14 דעצעמבער 1920 — אָנצונעמען נייע צוואַנג־מיטלען. „פּאַרזיי־קאָמיטעטן" זאָלן אויף אַ צוואַנגס־אופן באַשטימען, לויט אַ צענטראַליסטישן פּלאַן, וויפל און וואָסער אַרט תבואה עס מוז פּראָדוצירט ווערן אין די פּויערים־ווירטשאַפטן, דאָס האָט געהייסן — פּאַראייביקן דעם טעראָר. — גלייכצייטיק האָט טראָצקי גע־פּלאַנט איינצופירן די מיליטערישע אָרגאַניזאַציע פון בירגערקריג אינם שלום - צושטאַנד פון דער אינדוסטרי. ער האָט געוואָלט לאָזן עקזיסטירן די זעלנער - מאַסן אַלס צוואַנגסמעסיקע אַרבעטס־אַרמייען, כּדי אויסצופירן דורך זיי גרעסערע פּלענער פון ווירט־שאַפטלעכן אויפבוי. די דיקטאַטור האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין נייגונג לייכטער צו מאַכן די אומדערטרעגלעכע לאַסט.

די אומרוען אין דאָרף האָבן נישט אויפגעהערט; אָנהויב 1921 האָבן זיי אין טאַמבאָווער גובערניע אָנגענומען דעם כאַ־ראַקטער פון אַ גרויסן אויפשטאַנד. אין פּעטראָגראַד זענען די אַרבעטער געווען אויסגעהונגערט, ווי נאָך קיינמאָל נישט. אַרבע־טער און אַרבעטערינס פּלעגן ביים וואַרשטאַט פאַלן פון די פיס פון שוואַכקייט. סוף פעברואַר 1921 האָבן זיי דערמאָנט דעם פּעטראָגראַדער ראַט וועגן זייער רעכט איבערצוגיין איצט צו אַ בעסער לעבן. זינאָוויעוו, דער ראש פון דאָזיקן ראַט, האָט געענט־פערט מיט מאַסן־אַרעסטן. דאַן איז אין די פּעטראָגראַדער פאַ־בריקן אויסגעבראָכן אַ שטרייק. דער פונק פון אויפשטאַנד האָט זיך אַריבערגעוואָרפן אין קראָנשטאַט, דער הויפּטשטאָט פון די רעוואָלוציאָנערע מאַטראָזן. זיי האָבן געשיקט אַ דעלעגאַציע קיין פּעטראָגראַד, האָבן זיך איבערצייגט אין דער באַרעכטיקטקייט פון די פאָדערונגען, און האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין קאַמף. די מאַט־ראָזן, וואָס האָבן אין די רעוואָלוציעס פון 1905 און 1907 מאַר־שירט אין דער שפּיץ, וואָס האָבן געבילדעט דעם זיכערסטן שטיץ־פּונקט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, פון בירגער־קריג, — דיזאָ־זיקע מאַטראָזן האָבן זיך געהאַלטן פאַר באַרופן צו ריידן אין נאָ־מען פון פאָלק. פּויערים לויט זייער סאָציאַלער אָפּשטאַמונג, פּראָ־לעטאַריער לויט זייער באַרופלעכער אַרבעט, האָבן זיי פאַרקערפּערט

אין זיך רוסלאנדס בײדע הערעפּאַשנע קלאַסן. מען האָט זײ פאַר־וואָרפן מיט גרויליקע בריוו פון די הערפער, זײ האָבן געזען פין דער נאָנט די לײדן פון פּעטראָגראַד, — זײ האָבן נישט געקאָנט בלײבן רואיק.

אַ ספּאָנטאַנע באַוועגונג האָט ארומגעכאַפּט די מאַטראָזן פון די קריגסשיפן, די רויטאַרמײער פון גאַרניזאָן, די אַרבעטער פון דער שטאָט קראָנשטאַט. דעם 1 מערץ האָבן זײ אין אַ ריזן־פאַרזאַמלונג פון 16.000 מענטשן אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס איז געוואָרן זײער פּראָגראַם. דעם 2־טן מערץ האָבן זײ אויסגעוויילט אַ פּראָוויזאָרישן רעוואָלוציע־קאָמיטעט אויף אָנצופירן מיט זײער באַוועגונג. די פּראָגראַם האָט אַנטהאַלטן פאָלגנדע הויפּט־פּונקטן:

די איצטיקע ראַטן אַנטשפּרעכן נישט מער דעם ווילן פון די אַרבעטער און פּויערים; זײ דאַרפן גלײך פונסניי געוויילט ווערן אויפן יסוד פון געהײמער אָפּשטימונג און פרײער אַגיטאַציע.

פרײהייט פון שריפט און וואָרט פאַר אַנאַרכיסטן און לינק־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען!

פרײהייט פאַר די פּראָפאַרײנען און פּויערים־פאַרבאַנדן!

באַפרײען אַלע אַרעסטירטע סאָציאַליסטן, אַלע אַרבעטער או פּויערים, רויטאַרמײער און מאַטראָזן!

אָפּשאַפן אַלע תבואה־עקספּעדיציעס און אויסגלײכן די שפּײז־פּאַרציעס פאַר אַלע הערעפּאַשניקעס!

די ערד זאָל שטײן אין פולסטן רשות פון די פּויערים, אויב וויפל זײ באַנוצן נישט קײן פרעמדע אַרבעטס־קראַפט!

דיזאָזיקע פּראָגראַם איז אַרויסגעטראָטן בלויז קעגן די געוואַלט־מעשים פון דער פּאַרטיי־דיקטאַטור. די קראָנשטאַטער האָבן אין איר פאַרזיכערט זײער אומבאַדינגטע איבערגעגעבנקייט די אידייען פון דער אָקטאָבער ־ רעוואָלוציע. זינאָוויעוו, לענין און טראָצקי האָבן זיך אָבער לחלוטין נישט באַמיט אונטערצוהאַנדלען מיט די קראָנשטאַטער, ווי יענע האָבן דאָס געפאָדערט. זײ האָבן עפנטלעך דערקלערט די באַוועגונג אַלס „קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע", אַלס פּראָדוקט פון „פראַנצויזישן קאָנטר־שפּיאָנאַזש". טראָצקי האָט די קראָנשטאַטער געשטעלט אַן אולטימאַטום און קאָנצענטרירט קעגן זײ פּאַרטיי־טרײעס מיליטער. דעם 7 מערץ האָט ער

אָפּגעגעבן די ערשטע שאָסן קעגן קראָנשטאַט. קראָנשטאַט האָט צוליב זעלבסטפאַרטיידיקונג געמוזט אויפנעמען דעם טראַגישן קאַמף, וואָס האָט געדויערט צוועלף טעג נאָכאַנאַנד. אין משך פון דער דאָזיקער צייט איז דערשינען אין קראָנשטאַט יעדן טאָג דער אָרגאַן פון די רעבעלן: „ידיעות פון רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט״. אין אָט־די באַשיידענע צייטונגס־נומערן איז געקומען צום אויסדרוק די טיף־באַנומענע אידעאָלאָגיע פון דער רעוואָלוציע. „פאַר־וואָס קעמפן מיר? דער אַרבעטער־קלאַס האָט געהאָפט, אַז דורך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע וועט ער אויסקעמפן זיין באַפרייאונג. די מענטשן ווערן אָבער נאָך שווערער אונטערדריקט; נאָך עקל־האַפטער און פאַרברעכערישער איז דער מאָראַלישער יאָך, וועלכן די קאָמוניסטן האָבן געשאַפן. זיי האָבן אַרויפגעלייגט זייער האַנט אפילו אויף דער אינערלעכער וועלט פון די האַרעפּאַשניקעס, צווינגענדיק זיי צו דענקען בלויז לויט זייער מאַניער״. קראָנשטאַט, וואָס האָט זיך געפונען אין בלוטיקן קאַמף מיט די באָלשעוויקעס, איז נישט מיד געוואָרן צו דערקלערן זיין עקל צו דער בלוט־פאַר־גיסונג. „דער רעוואָלוציע - קאָמיטעט נעמט פון קיינעם נישט קיין נקמה. די האַרעפּאַשניקעס נויטיקן זיך נישט אין בלוט. נאָר גע־צוווּנגענערהייט וועלן זיי עס פאַרגיסן אין מאָמענט פון זעלבסט־פאַרטיידיקונג.״

איז דען דאָס געווען אַ פּאַרטיי־פּראָגראַם? ניין. אינם קראָנ־שטאַטער רעוואָלוציע־קאָמיטעט, אין זיין צייטונג האָט נישט גע־ווירקט קיין שום פּאַרטיי, אַלס אַזאַ. אָבער די אידייען פון אָט־דער באַוועגונג זענען געווען די אידייען פון די ל. ס. ר. ספּירידאָנאָוואַ האָט רעכט געהאַט, ווען זי האָט אין די געהיימע זיצונגען געשיל־דערט די שטימונג פון די מאַסן. זי און איר באַוועגונג מעגן זיין ווי שטאַרק אונטערדריקט, — די קראַפט פון די דאָזיקע אידייען ברעכט דורך פאַר זיך איינענע וועגן צו די האַרעפּאַשניקעס.

קראָנשטאַט איז געבליבן טריי זיין באמת־רעוואָלוציאָנערן מענטשנטום ביזן לעצטן אויגנבליק. אפילו אין די שעהן פון זיין מפּלה דעם 18־טן מערץ, ווען די פעסטונג איז געשטאַנען אין פלאַמען, האָבן זיך זיינע קעמפער נישט נוקם געווען אין די קאָ־מוניסטן, וועלכע זיי האָבן אַרעסטירט בעתן אויפשטאַנד. די באַ

וועגונג איז אונטערדריקט געוואָרן דורך די איבערוועגנדיקע כחות פון דער רעגירונג. די מלוכה האָט ווידער אָפּגעהאַלטן א נצחון איבערן פאָלק אין קראָנשטאָט און פּעטראָגראַד. די דערשיטערונג אָבער איז נישט פאַרייבער אָן א שפור. אונטערן דונער פון די האַר־מאַטן האָט זיך לענין אַנטשלאָסן אָפּצושאַפן דעם קריגס־קאָמו־ניזם, אָפּצובייטן אים דורך דער פּאָליטיק פון „נעפּ".

אויך פאַר ספּירידאָנאָוואַ איז דער אויסגאַנג פון דער קראָנ־שטאַט־באַוועגונג געווען פאַטאַל. די איבערגעשראָקענע און נקמה־דורשטיקע טשעקא האָט אָנגעהויבן א נייעם פעלד־צוג קעגן אַלע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן זיך נישט געבויגן פאַר איר. אויך קאַמ־קאָוו און קאַכאָווסקאַיאַ זענען אַרעסטירט געוואָרן. נאָכדעם, ווי קאַכאָווסקאַיאַ האָט זיך דערהאָלט פון איר קראַנקהייט, האָט זי זיך צוריקגעקערט צום פּאַרטיי־לעבן. די רעגירונג האָט זיך נישט דער־לויבט זי ווידער צו אַרעסטירן „לויטן אָפּמאַך". קאַכאָווסקאַיאַ האָט נישט גענומען קיין אַקטיוון אָנטייל אין פּאָליטישן קאַמף פון אירע פריינט, זי האָט זיך אָפּגעגעבן מיט באַדינען די אַרעס־טירטע חברים. מיט זעק לעבנסמיטל אויף די אַקסלען, האָט זי גע־וואַנדערט פון איין פאַרקראַטעוועטן בנין צום צווייטן. זי האָט גע־ליטן ווייטאָקן פון דער שטענדיקער אָדערן־אָנצינדונג, וואָס איז איר פאַרבליבן נאָכן טיפוס. אָבער איר געשטאַלט האָט קיינמאָל נישט פאַרלוירן די גוטמוטיקע רואיקייט און שטילע אַנטשלאָסנקייט מיט וועלכע זי האָט זיך פון תמיד אָן אויסגעצייכנט. פון צייט צו צייט פלעגט זי אויך ספּירידאָנאָוואַן באַזוכן אינם טשעקאַ־שפּיטאָל. „קראָנשטאַט" האָט איצט געגעבן די מאַכט ־ אָרגאַנען דעם אויס־רייד, אַרויפצולייגן זייער האַנט אויף קאַכאָווסקאַיאַן. אויך וועגן באַפרייען ספּירידאָנאָוואַן איז מער קיין רייד נישט געווען. „וואָ־סער גאַראַנטיע האָבן מיר, אַז נאָך דער באַפרייאונג וועט זי ווי־דער נישט ווערן געזונט?" — אַזוי האָט דזשערזשינסקי מאָטי־ווירט דאָס איבערלאָזן די קראַנקע אין תפיסה.

„דריי חדשים — האָט איזמאַילאָוויטש נאָטירט — האָבן מיר פאַרבראַכט אין פולסטער איזאָלירונג. מאָראַלישער צושטאַנד איז ערגער געוואָרן. דער אָנקומענדער פרילינג און דערנאָך דער זומער, וואָס זענען אַריינגעדרונגען צו אונז בלויז דורך דער ענ־

גער רוישיקער גאַס, האָבן די תפיסה געמאַכט אַ סך שווערער צו פאַרטראָגן, ווי אין ווינטער. אפילו מיר, אַ פיזיש און פסיכיש געזונטן מענטשן, איז אומענדלעך שווער געוואָרן דאָס שטענדיקע זיצן צווישן פיר ווענט, אָן ביכער, אָן דער האַלבער שעה שפּאַציר, וואָס ווערט געגעבן ביים שטרענגסטן תפיסה־רעזשים. פאַר איר אָבער, דער טובערקולאָזער און נערוונקראַנקער, איז דאָס געווען די סיבה פאַר אַ כסדר זיך אַנטוויקלענדיקער קראַנקהייט.

דעם פערטן יוני, ווען איך האָב געהאַט בדעה צו ליגן מאַרוסיאַן שלאָפן, האָבן מיך אַרויסגערופן פון צימער דער פון טשעקאַ געשיקטער אויספאָרשונגס־ריכטער מיט זיינע באַגלייטער און מיר געמאָלדן, זיי מוזן אונדז תיכף אַריבערפירן אין אַן אַנדער אָרט. איך האָב דערקלערט, אַז אַ פּלוצלונגע איבערטראַנספּאָרטירונג, נישט צוגרייטנדיק צו איר די קראַנקע, און אָן הילף מצד חברים, וועלכע זי קען און צו וועלכע זי האָט צוטרוי, קאָנען זייער שלעכט ווירקן אויף ספּירידאָנאָוואַן. איך האָב באַקומען דעם ענטפער: „די פאַראָרדענונג מוז איך נאָך היינט אויספירן".

איך האָב זיך געמוזט אונטערוואַרפן דער דראָאונג אַנצוווענדן געוואַלט. כדי צו ברעכן דעם מעגלעכן פיזישן ווידערשטאַנד פון דער קראַנקער, האָב איך איר איינגעגעבן אַ גרויסע דאָזע שלאָפמיטל. די איבערטראַנספּאָרטירונג איז פאָרגעקומען, ווי געוויינלעך, אין טשעקאַ־אויטאָ, וואָס דאָס אַליין האָט שוין אַרויסגערופן ביי ספּירידאָנאָוואַן שרעק און עקל. 2 אַזייגער ביינאַכט האָבן מיר זיך שוין געפונען אויפן נייעם אָרט, אין דער פסיכיאַטרישער תפיסה־אַנשטאַלט...

דאָס פיכטע, זייט לאַנג אומבאַוווינטע צימער, מיט די פעסט פאַרקלאַפּטע פענסטער, מיט דער דומפּיקער קעלער־לופט, האָט אונדז אויפגענומען נישט פריינטלעך. נאָך ביינאַכט האָב איך מיט אַ קליין קעשענע־מעסערל אויפגעעפנט ברייט דאָס פענסטער. מאַרוסיאַ איז יענע נאַכט נישט געגאַנגען שלאָפן, זי האָט אַרומגעבלאָנקעט אַ פאַראומערטע איבערן צימער. אין פענסטער האָבן אַריינגעבליקט ביימער, מען האָט געהערט דאָס געזאַנג פון נאַכטיגאַלן. אין אונדזער צעלע איז אַריינגעדרונגען הערלעכע לופט, פול מיטן גערוך פון טאָפּאָלן און בעריאָזעס. אָבער הינטער די ביימער

האָבן געשימערט ראַטנשטערנס אויף די היטלען פון די רויטאַר־מייער און טשעקיסטן, וואָס האָבן אונז באַוואַכט מיט ביקסן און רעוואָלווערן. פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ זינלאָזע שי־סעריי. מאַרוסיאַ האָט זיך אָנגעהויבן שרעקן פאַר פענסטער און טירן, ביים אַריינקום פון דאָקטוירים פלעגט זי זיך אויסבאַהאַלטן אין די טונקלסטע ווינקלען פון צימער.

אָבער נישט נאָר מיט דעם האָט זי רעאַגירט אויף דער נייער לאַגע. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו עסן און אַפילו צו טרינקען וואַסער. אַלע מיינע תּחנונים זענען געבליבן אָן דערפאָלג. זי האָט מיר נישט געזאָגט, פאַרוואָס זי עסט נישט. זי האָט בלויז עפּעס געפּליסטערט וועגן טשעקיסטן און זשאַנדאַרמען. איך האָב זיך געפונען אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג. די דאָקטוירים האָבן אָנגעהויבן ריידן וועגן קינסטלעכע דערנערונג. דאָס וואָלט פאַר איר באַדייט — דער טויט. דאָס, אויף וואָס זי איז דער עיקר קראַנק געווען — האָס און שרעק פאַר געוואַלט, וואָלטן ביים דאָזיקן געוואַלטאַקט געוועזן דערגרייכן אַזאַ מאָס, וואָס זי וואָלט עס ממש פיזיש נישט געקאָנט אַריבערטראָגן. זי וואָלט דעמדאָזיקן געוואַלטאַקט זיכער אַסאָציאירט מיט יענע ראַפינירטע פּייניקונגען, וואָס זי האָט אין 1906 געהאַט אויסצושטיין פון די צאַרישע זשאַנדאַרן און קאָזאַקן. איך האָב אַנטשיידן פאַרווערט אָנצווווענדן קינסטלעכע דערנערונג.

ביים זוכן אַ רעטונג האָב איך זיך דערמאָנט אין קאַמקאָוון. אפשר וועט ער, וואָס איז צוזאַמען מיט איר געווען ביי איר קראַנקנבעט פיר חדשים, — אפשר וועט ער קאָנען פּועלן ביי איר צו עסן. דעם 9־טן יוני, אינאָוונט פון פינפטן טאָג פון איר טרוקענעם (ד. ה. אויך וואַסערלאָזן) הונגערשטרייק, האָב איך געשריבן צו דער טשעקאַ, אַז עס איז נויטיק אַראָפּצוברענגען קאַמקאָוון. דעמזעלבן אָוונט האָט מען אים געבראַכט פון דער אינערלעכער טשעקאַ־תּפיסה. זי האָט אים דערקענט און פריינטלעך אויפגענומען. אָבער אונזער ציל איז נישט דערגרייכט געוואָרן.

האַרטנעקיק, מיט דער ציל־זיכערקייט פון אַ פולקאָם געזונטן מענטשן, האָט זי ווייטער געפירט איר הונגערשטרײַק. אויפן זעקסטן טאָג איז זי זייער שוואַך געוואָרן. אומבאַוועגלעך, מיט אַ

אָפּגעמאָגערט פּנים און טרויעריק פאַרשטאַרטע אויגן איז זי גע־לעגן און פסדר זיך געכאַפּט פאַרן הארצן. זי איז געשלאָפן ביז 3—4 שעה טעגלעך. דער פּולס איז געווען 120—130 און ביים דערשיינען פון דאָקטוירים ביז 160. איך פלעג איר טאָג ווי נאַכט לייגן קאַלטע קאָמפּרעסן אויפן הארצן, דאָס פלעגט איר קאָנטיק לייכטער מאַכן. קאַמקאַוון איז געלונגען זי צוויימאָל ארויסצופירן אין גאָרטן. גיין האָט זי מער נישט געקאָנט, ער פלעגט זי ארויס־טראָגן אויף די הענט און אוועקלייגן אויף אַ באַנק. זי פלעגט אָבער ליגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און ציטערן אויפן גאַנצן קער־פּער... מער האָט מען גאָרנישט געקאָנט טון, עס איז איר שווער געווען אפילו אַ ריר טון זיך אין בעט. אויפן זיבעטן טאָג פון איר הונגערן האָבן מיר זיך געווענדעט צום פּרעזידיום פון דער טשע־קאַ מיט דער פאָדערונג זי תיכּף צו באַפרייען: דער איינציקער מיטל, וואָס קאָן ראַטעווען מאַרוסיאַן.

דער ענטפער אויף דער ווענדונג איז געווען אויסערגעוויינלעך ציניש. צומאָרגנס האָט מען מיך ארויסגערופן אין הויף, ווו ביי אַ טיש זענען פייערלעך געזעסן צוויי פאָרשטייער פון טשעקאַ (די דאָקטאָרין פיינבערג און דער אויספאָרשונגס־ריכטער קאָזלאָווסקי) מיט אייניקע דאָקטוירים פון אַנשטאַלט. דער אויבער־דאָקטאָר האָט פאָרגעלייענט אַ בריוו פון טשעקאַ און מיך אויפגעפאָדערט אים אונטערצושרייבן. מען האָט דעם אויבער־דאָקטאָר פאָרגע־שלאָגן אָנצוווענדן ביי אָנופריעוואַן (ספּירידאָנאָוואַס אומלעגאַלער נאָמען) קינסטלעכע דערנערונג, אָבער נאָר מיטן הסכּם פון איר פּאַרטיי־פריינדין איזמאַילאָוויטש, וואָס דאַרף נעמען אויף זיך די אחריות פאַר די רעזולטאַטן.

איך האָב זיך נישט באַנוגנט מיט אונטערשרייבן מיין נאָמען, נאָר איך האָב אויך צוגעגעבן מיין מיינונג וועגן דער ליבנסוויר־דיקער האַלטונג פון דער טשעקאַ. בעת איך האָב געשריבן, האָבן די דאָקטוירים געמיטלעך געשמועסט צווישן זיך, וועגן איינאָרדנען אַן אַמבולאַטאָריום און ענלעכע פּריוואַטע, וואָכעדיקע זאַכן. פּלוצלונג איז אויפגעקומען אין מיר אַ ווייטע, כמעט אויסגעלאָשע־נע דערינערונג. איך נעפּין זיך אין רונדן טורעם פון דער מינסקער תּפיסה, כ'בין פאַראורטיילט צום טויט. איך לייען אַ צייטונג, וואָס

איז דערגאַנגען צו מיר דורך אַלע אָפּצוימונגען פון דער תּפיסה. עס איז די עפּאָכע, אין וועלכער די צאַרישע רעגירונג האָט זיך נוקם געווען אין דער רעוואָלוציע פון יאָר 1905. יעדן טאָג דער־ ציילן דידאָזיקע צייטונגען וועגן נייע עקזעקוציעס און יעדן טאָג צווישן דיזעלבע צייטונגען אויף זייער לעצטער זייט וועגן טעאַטער־פאָרשטעלונגען, אָפּערעס און באַלעטן. די סתּירה צווישן דעם צוווישערן און דעם מאַרטיריום האָט אַזוי שטאַרק דערשיי־ טערט מיין האַרץ, אַז איך האָב מיך אָפּגעזאָגט צו גלויבן אין דעם.

די זעלבע סתּירה האָט מיך איצט געטראָפן ווי אַ דונער. איי ניקע טריט פון דאַנען האַלט ביים שטאַרבן אַ מענטש, וועמענס גאַנץ לעבן איז געווען אין דינסט פון דער רעוואָלוציע. באַאַמטע לעזן פאַר איר טויט־אורטייל פאַר מיר, דעם נאָנטסטן מענטשן אירן, און פאָדערן פון מיר ליבנסווירדיק אונטערצושרייבן, אַז נישט זיי, נאָר איך טויט זי. אָבער וואַרטנדיק אויף מיין אונטערשריפט, שמועסן זיי גלייכגילטיק וועגן זייערע טעגלעכע ענינים.

צום סוף פון מיין דערקלערונג האָב איך געשריבן: „דער קאַטאַסטראָפאַל־שווערער צושטאַנד פון דער קראַנקער מ. א. ספּי־ רידאָנאָוואַ קאָן געבעסערט ווערן, לויט מיינער און קאַמקאָוום טי־ פער איבערצייגונג, נאָר דורך ראַדיקאַל ענדערן די לאַגע, ד. ה. דורך באַפרייען זי. די עיקרדיקע סיבה פון דער קראַנקהייט ליגט אין דעם פאַר איר פיינלעכן באַוווסטזיין פון געוואַלט און געפאַנ־ גענשאַפט. דאָס אָנווענדן קינסטלעכע דערנערונג וועט ביי איר אָן שום ספק פאַרשנעלערן די קאַטאַסטראָפע דורך אויפוועקן די דע־ רינערונג אין די אַמאָל איבערגעלעבטע געוואַלט־אַקטן. דעם אויס־ וואַל, וואָס מ'שטעלט מיר—אָנווענדן געוואַלטזאַמע דערנערונג אָדער נישט — איז פאַר מיר פונקט דאָסזעלבע, ווי מען זאָל מיך אויפ־ פאָדערן, צו באַשטימען די אַרט טויט - שטראָף פאַר דער קראַנ־ קער. איך וואַרף אַנטשידן אָפּ די קינסטלעכע דערנערונג און קלויב אויס פאַר איר דעם לאַנגזאַמערן אָבער ווייניקער פיינפולן טויט. גלייכצייטיק מאַך איך נאָכאַמאָל אויפמערקזאַם דערויף, אַז פאַר ספּירידאָנאָוואַס טויט וועלן טראָגן די אויסשליסלעכע אחריות רוסלאַנדס איצטיקע מאַכטהאָבער". ביים געזעגענען זיך האָב איך זיי „פאַרן איינגאַרטיקן ליבעראַליזם, וואָס פאַרטראָגט אונז צוריק

אין דער צייט פון סאָקראַטעסן, ווו מען פלעגט דעם צום טויט פאַראורטיילטן לאָזן אויסוויילן די אַרט טויטשטראָף''.

נאָך מיר איז געקומען קאַמקאָוו. עמפּערט איבערן ציניזם פונם משעקאַ־בריוו איז ער אַרויס מיט אַ גאַנצער רעדע. און ווי־דער אַן אַנאַלאָגיע. אין דער צייט פון צאַריזם, בעת די רעוואָלוציאָ־נערן פלעגן האַלטן זייערע לעצטע ווערטער פאַרן געריכט, פלעגט מען כמעט יעדע דריי מינוט בייטן אין געריכט־זאַל די וואַך, כדי זיי זאָלן נישט „קאַליע־ווערן''. אַזוי האָט מען אויך איצט, בעת קאַמקאָווס הייסער און אויפגערעגטער רעדע, אַוועקגעשיקט פון הויף אַלע וועכטער און שפּיטאָל־דינער, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער נאָענט. קאַמקאָוו האָט באַצייכנט אַלס אומגלויבלעכן ציניזם דאָס, וואָס די רעגירונג וויל אַריבערוואַרפן די אחריות אויף דער קראַנקערס נאָענטסטן מענטשן, וואָס האָט שוין פאַרלוירן דעם רעשט ביסל כחות און וועט אפשר נישט בכח זיין איבערצולעבן ספּירידאָנאָוואַס טויט. ער איז אָנגעפאַלן אויף די דאָקטוירים, וואָס זענען גרייט דורכצופירן אַ קינסטלעכע דערנערונג אויפן סמך פון פּאָליציי - באַפעלן.

— איך נעם אָן אייער אַרויספאָדערונג — האָט דער אויבער־דאָקטאָר דערקלערט. — אייערע אַרגומענטן וואָלטן געווען באַגרינדעט, ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ געזונטן אַרעסטאַנט. עס האַנדלט זיך דאָך אָבער וועגן אַ קראַנקן מענטשן, וועלכער טויט זיך דורך הונגער....

— אָבער איצט — האָט קאַמקאָוו דערווידערט, — ווען איר ווייסט שוין די נענטערע אומשטענדן פון דער קראַנקהייט און אירע סיבות, ווען איר ווייסט שוין די היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט פון דער קראַנקער, ווען איך זאָג אייך, אַז אַפילו אין דער צאַרישער קאַטאָרגע איז זי געווען „אומבאַזיגלעך'', ווען עס איז אמת, אַז די הויפּט־סיבה פון איר קראַנקהייט איז די תפיסה און די געוואַלט־אָנווענדונג קעגן איר... איצט וועט איר נאָך אויך ריידן וועגן דעם איינציקן אייל־מיטל, אַן איינשפּריצונג פון איי־געלכל? ענטפערט!.. ענטפערט!..

די דאָקטוירים זענען געזעסן שווייגנדיק מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. די דאָקטאָרין פיינבערג האָט אָנגעהויבן:

— מיר, אַלס דאָקטוירים...

— איר זענט נישט קיין דאָקטאָרין, איר זענט אַ טשעקיסטין! ווי האָט איר גאָר די חוצפּה אָנצורופן זיך מיטן ערלעכן נאָמען — דאָקטאָר? איר קענט אַלץ באַטראַכטן בלויז פון פּאָליציייִשן שטאַנדפּונקט, נישט אָבער פון שטאַנדפּונקט פון קראַנקנס אינטע־רעס. איך פרעג אָבער אייך און אַלע אַנדערע: וווּ איז אייער פּאָלי־טישער מוט, וואָס האָט אייך נישט פאַרלאָזן אין די יאָרן פון צאַ־רישן רעזשים? דאַן פלעגט איר האָבן מוט צו שיצן קראַנקע קעגן דער פּאָליציי. איצט זיצט איר ווי איבערגעשראָקענע הינטלעך און לאָזט צו אַן אָפענעם מאָרד...

קאַמקאָוו איז אַוועק, האָט זיך אָבער אומגעקערט פון האַלבן וועג.

— גיט מיר איזמאַילאָוויטשס ענטפער. אויך איך וויל אים אונטערשרייבן. לענין טויט ספּירידאָנאָוואַן, זאָל ער וויסן, אַז מיר וויסן דאָס!...

סאַראַ צושטאַנד פון אומבאַשרייבלעכער פּיין צוצוזען, ווי טאָג־נאָך־טאָג, שעה־נאָך־שעה פאַרשווינדט פון מאַרוסיאַן דאָס לעבן... און מען קאָן גאָרנישט טאָן. עס איז אויך נישטאָ קיין מעגלעכקייט מיטצוטיילן די חברים פון דרויסן, זיי זאָלן פון דאָרט פאָדערן איר באַפרייאונג. מיר זענען אַרומגערינגלט דורך טשע־קיסטן, שפּיאָנען אָדער אומגעווינלעך־פחדנותדיקע מענטשן....

אויפן צענטן טאָג פון הונגער איז קאַמקאָוו ענדלעך געלונגען איינצוגעבן מאַרוסיאַן צוויי שלוקן טיי. דאָס איז געווען דער אָנ־הייב פון נצחון. זייער ווייניק, צוויי מאָל אַ טאָג, פלעגט זי שוין עפּעס טרינקען. אָבער אונזער פּרווו איינצוגעבן איר טיי מיט צע־נומענעם איי־געלכל, איז נישט געלונגען, האָט אַרויסגערופן איר צאָרן און אַ פרישן אָפּזאָג צו טרינקען. מיר האָבן געמוזט ווערן פאָרזיכטיקער.

אויפן צוועלפטן טאָג, דעם 15־טן יוני, איז קאַמקאָוו פּלוצ־לונג צוגערויבט געוואָרן: מען האָט אים אַרויסגערופן און אין פינף מינוט אַרום איז מען געקומען נעמען זיין רעקל און פּאַפּיראָסן. עס האָט געפּאַסט, אַז אין צימער פון אַ שטאַרבנדיקער האָבן מיר געהאַט ברעה אויסצובויען באַריקאַדעס און נישט אַרויסצוגעבן

סאַמקאַוון. זיין פּלוצלונגן פאַרשווינדן, און איין געזעגנונגס־וואָרט צו מאַרוסיאַן, האָט געמאַכט אויף איר אַ דערדריקנדיקן איינדרוק. צוויי טעג נאָכאַנאַנד האָט זי אים געזוכט מיט די אויגן און גערופן אין פליסטער־טאָן: „באָריס, באָריס״... איך פלעג קענען פאַרלאָזן דאָס צימער בלויז אויף עטלעכע מינוט. זי פלעגט זיך שרעקן, מען זאָל מיך אויך נישט צונעמען, אַז מען האָט מיך שוין צוגענומען. די דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז זי גוססט שוין.

אויפן פערצנטן טאָג, אינאָוונט פון 17־טן יוני, ווען מאַרוסיאַ איז שוין אינגאַנצן געלעגן אָן כּחות, האָב איך איר, דורך די האַלבגעעפנטע ציין, איינגעגעבן אַ שלונג נאָך אַ שלונג אַ האַלבע גלאָז טיי מיט איי־נעלעכל. זי האָט עס אַראָפּגעשלונגען מיט פאַרמאַכטע אויגן. שנעל האָב איך געמאַכט נאָך אַזאַ פּאָרציע און געטאָן דאָס זעלבע, ווי פריער.

איך ווייס נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען. צו איז דאָס געווען אַ רעזולטאַט פון איר אָפּגעשוואַכטן ווילן אין שייכות מיטן צושטאַנד פון איר אָרגאַניזם. אָדער דער לעבנס־אינסטינקט האָט זיך דורכגעבראָכן אַ וועג צוערשט אין דער פאָרם פון ענדערן איר אורשפּרינגלעכן באַשלוס? וואַרשיינלעך דאָס לעצטע... די ערשטע צוויי, דריי טעג האָט זי געגעסן נישט מער ווי צו איין מאָל, אָבער דערשטוינלעך איז געווען די אויסהאַלטעוודיקייט פון איר אָרגאַניזם. נאָך 13 טעג און 8 שעה הונגערן, פון וועלכע זי האָט 10 טעג נאָכאַנאַנד אַפילו קיין וואַסער נישט געטרונקען, איז זי אויפגעשטאַנען, זיך אָנגעטון, גענומען אַרומגיין איבערן צימער, אמת, אַ סך לאַנגזאַמער ווי פריער, מיט קאָנטיקער גרויסער אָנשטרענגונג.

... איצט, ווען איך שרייב דאָס, איז שוין פאַרגאַנגען אָנדערטהאַלבן וואָכן זייטן ענדיקן דעם הונגער. איך זע נישט קיין שום טרייסטנדיקס אין דער נאָנטער צוקונפט. מאַרוסיאַ געפינט זיך כּסדר אין אַ צושטאַנד פון אומרואיקייט. די אומזיניקע שיסעריי, וואָס קראַכט זיך פאַנאַנדער פון צייט צו צייט אין איר נאָנטקייט, רופט אַרויס ביי איר דעם געדאַנק, אַז מען דערשיסט עמיצן גאָר נאָענט פון איר. זי גיט זיך אַ כאַפּ, כּדי איילן צו הילף דעם באַדראָטן. ווען איך האַלט זי אָפּ, וואַרפט זי מיר פאָר, אַז איך בין פּחדנותדיק, ווי אַלע אַרום...

אונזער פּיכט און טוכלע צימער קאָן נישט געבן קיין געזונט נישט דעם קערפּער, נישט דער נשמה. מאַרוסיאַ ווערט קראַנקער און קראַנקער... איך האָב געפירט מינדלעכע אונטערהאַנדלונגען מיט סאַמסאָנאָוון, דעם פּרעזידיום־מיטגליד פון דער טשעקאַ, מען זאָל שאַפן אַ געוויסן לעבנס־מינימום פאַר דער קראַנקער. אָבער די רעגירונגס־לייט זעען אין ספּירידאָנאָוואַן בלויז דעם געפערלעכן פּאָליטישן קעגנער. האָט דאָך דער זעלבער סאַמסאָנאָוו דערקלערט: „אויף אַ מלחמה, איז ווי אויף אַ מלחמה". דעם רעוואָלוציאָנערן ווידערשטאַנד, וואָס מאַרוסיאַ שטעלט זייער אונטערדריקונג, עמפינדן זיי אַלס פערזענלעכע באַליידיקונג און פאַרערגערן כסדר איר לאַגע. ווי עס שיינט, ווילן זיי פאָרט דערפירן צום פיינלעכן סוף. זיי ווילן נאָר, אַז די אויסערלעכע וועלט זאָל זיך גאָרנישט דערוויסן וועגן דידאָזיקע געשעענישן. איצט באַמיען זיי זיך מיט אַלע מיטלען פּטור צו ווערן פון מיר, דעם געפערלעכן עדות. דערויף וויזט דער נעכטיקער באַזוך.

עס זענען געקומען צוויי הויכגעשטעלטע טשעקיסטן. זיי האָבן געפאָדערט פון מיר עפּעס אַזוינס ווי אַן אונטערשריפט אָדער אַ מינדלעכן ערנוואָרט, אַז איך וועל מער נישט עובר זיין אויף די כּללים פון אַרעסט־איזאָלאַציע, ווי איך בין שוין עובר געווען אויף זיי „דירעקט און אומדירעקט". „דירעקט" — דערמיט מיינען זיי מיין איבערגעשיקטן בריוול, וואָס איז אַריינגעפאַלן צו זיי אין די הענט. „אומדירעקט" — דאָס מוז זיכער זיין יענע אויפשריפט, וואָס איך האָב מיט אַ בלייַשטיפט געמאַכט בעת מיין שפּאַציר אין גאָרטן אויף דער קאָרע פון אַ בעריאָזע: „מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ, אַ. איזמאַילאָוויטש, מיטגלידער פון דער פּאַרטיי ל. ס. ר.". אַגב האָבן שוין געהיימאַגענטן געהאַט אַראָפּגעריסן דידאָזיקע קאָרע.... מען האָט מיר דערקלערט, אַז אָן דידאָזיקע גאַראַנטיעס וועלן זיי זיין געצוווּנגען צו דערווייטערן מיך פון דער קראַנקער און פאַרבייטן דורך אַ צווייטער, למשל קאַכאָווסקאַיאַ.

די צווייטע פאָדערונג פון אַן אונטערשריפט איז אין איר צינישקייט ווירדיק געווען דער ערשטער. „קיינמאָל, — האָב איך זיי דערקלערט, — אונטער קיין שום רעגירונג, האָבן אַרעסטירטע רעוואָלוציאָנערן נישט געמאַכט קיין אָפּמאַכן מיט זייערע תּפיסה־

באַלעבאַטים, אַז זיי וועלן זיין נידעריקער פאַר גראָז און שטילער פאַר וואַסער, אַז זיי וועלן זיך אָפּזאָגן אָנצורופן דאָס שוואַרצע — שוואַרץ, און דאָס שענדלעכע — שענדלעך. וועגן וואָסערע נישט איז גאַראַנטיעס קאָן גאָר קיין רייד נישט זיין, וואָס שייך זייער כּוונה צו דערוויטערן מיך פון דער קראַנקער, זאָלן זיי וויסן זיין, אַז דאָס קאָן זי טויטן''....

דערווייל ווייס איך נישט, צי דאָס איז אַ וואָרנונג, אַ דראָ־אונג אָדער שוין אַן אָפענע קריגס־דערקלערונג. קאַכאָווסקאַיאַ האָט, נאַטירלעך, זיך אָפּגעזאָגט צו קומען אַהער אָן מיין הסכּם. איך בין צוגעגרייט צו אַלץ. מען קאָן מיך פאַרבייטן אויך דורך אַ טשעקאַ־סאַניטאַרין, דאָס וואָלט הייסן אָנטאָן מאַרוסיאַן אַזעלכע פּייניקונגען, לגבי וועלכע עס וועלן בלאַס ווערן אירע פיזישע עינוים פון 1906. דאָס וועט ווערן אַן אומגלייבלעך־ראַפינירטע, בסדרדיקע פאַרגוואַלדיקונג מצד אַ פרעמדן, ברוטאַלן און פיינטלעכן מענטשן, און מאַרוסיאַס ווידערשטאַנד קעגן דעראַזיקער פאַרגוואַלטיקונג וועט זיין פון זעלבסטצעשטערערישער קראַפט און עקשנות. און אויב די צאַרישע קאַטאָרגע האָט זי נישט געקאָנט אומברענגען, וועט דאָס איצט דערגרייכט ווערן''.

איזמאַילאָוויטש האָט דיזאָזיקע פאַרצווייפלטע ווערטער געשריבן דעם 29־טן יוני 1921. זי איז געשטאַנען הילפלאָז פאַר דער דראָענדער קאַטאַסטראָפע. אָבער אירע פריינט דרויסן האָבן נישט גערוט. אין יולי זענען אין באָלשעוויסטישן מאָסקווע פאָרגעקומען דריי אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־קאָנגרעסן. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, דער איטערנאַציאָנאַל פון רעוואָלוציאָנערע פראָפאַריינען און פון פראָלעטאַרישע פרויען. הונדערטער דעלעגאַטן פון אַלע לענדער האָבן אָנגעפילט די רויט־געצירטע זאַלן פון קרעמל, ווו עס זענען פאָרגעקומען די קאָנגרעסן. די דעלעגאַטן האָבן אַנטציקט אַרומגעשפּאַצירט דורך די גאַסן פון דער רויטער הויפּט־שטאָט, האָבן באַוווּנדערט די נצחונות פון דער ראַטן־מלוכה, דעם געענדיקטן בירגערקריג. בעת זיי האָבן מיט עכטער באַגייסטערונג באַטראַכט די פלענער פון דער וועלט־רעוואָלוציע און מיט יראת־הכּבוד געהערט די רעדעס פון לענין, טראָצקי, זינאָוויעוו, — האָבן זיך נאָנט פון זיי אָפּגעשפּילט

טראַגעדיעס. ספּירידאָנאָווא האָט מיט זי לעצטע כּחות געקעמפט פאַר איר לעבן, אין דער טשעקאַ־תּפיסה האָבן די אַנאַרכיסטן דערקלערט אַ הונגער־שטרייק „ביז צום טויט”. זיי זענען געזעסן זייט חדשים אָן אַן אָנקלאַגע, זייערע פּראָטעסטן זענען נישט גע־הערט געוואָרן. איצט האָבן זיי אויסגענוצט די אָנוועזנהייט פון אייראָפּעאישע אַנאַרכיסטן, אַלס דעלעגאַטן אויף די קאָנגרעסן, כּדי אויסצוקעמפן די אָנטשיידונג פון זייער גורל. די רעגירונג האָט געמוזט פירן אונטערהאַנדלונגען. די רעגירונג האָט ענדלעך נאָכגעגעבן די געפאַנגענע די דערלויבעניש צו פאַרלאָזן ראַטנרוסלאַנד. די רעגירונג האָט זיי געשענקט די פאַרשיקונג קיין אויסלאַנד, די פאַרטרייבונג פון געביט פון זייערע רעוואָלוציאָנערע קרבּנות און קאַמפן.

ווען די ידיעה וועגן דער דעפּאָרטאַציע איז דערגאַנגען צו די רעוואָלוציאָנערע קרייזן, האָבן די ל. ס. ר. באַשלאָסן אויסצונוצן דעמדאָזיקן הסד אויף פאַר ספּירידאָנאָוואַן. זיי האָבן זיך געווענ־דעט מיט אַ מעמאָראַנדום צו פאַרשידענע דעלעגאַטן פון די אינ־טערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן, — צו אַזעלכע, וואָס זייער דענק־פעיקייט איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן פאַרטשאַדעט דורכן באָל־שעוויזם. זיי האָבן דערציילט וועגן ספּירידאָנאָוואַס געזונט־צו־שטאַנד, וועגן דער דראָענדער געפאַר פון טויט און האָבן געפאָ־דערט פאַר איר און איזמאַילאָוויטשן אַ רייזע־דערלויבעניש קיין אויסלאַנד צו היילצוועקן. זיי האָבן זיך דערקלערט גרייט אַליין צו זאָרגן פאַר די נויטיקע פינאַנסיעלע מיטלען. זיי האָבן גע־ווּסט, אַז זיי האַנדלען קעגן ספּירידאָנאָוואַס ווילן, אָבער קיין אַנ־דער אויסוועג איז נישט געווען. עמאַ גאָלדמאַן האָט גענומען אויף זיך צו ריידן מיט די דעלעגאַטן פון פרויען ־ קאָנגרעס. „איך בין אַוועק — דערציילט זי אין אירע מעמואַרן, — צו קלאַראַ צעט־קין, דער באַקאַנטער סאָציאַל־דעמאָקראַטין, וועלכע וואָט געהאַט אַן איינפלוס אויף די קרייזן פון דער רעגירונג. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי אַרבעט פאַר צוזאַמענשמידן די פּראָלעטאַרישע פרויען פון אַלע לענדער לטובת דער וועלט ־ רעוואָלוציע. — גוט — האָב איך איר געזאָגט, — מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ האָט אָפּגעגעבן דער דאָזיקער זאַך דעם גרעסטן טייל פון איר לעבן. זי איז דער עכ־

טער סימבאָל פון דער דאָזיקער רעוואָלוציע. עס וועט זיין דער גרעסטער קלאַפּ פאַרן פּרעסטיזש פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אויב מאַריאַ וועט שטאַרבן אין דער טשעקאַ־תּפיסה — האָב איך בסדר איבערגעחזרט. עס דאַרף זיין קלאָר. צעטקינס פליכט צו ווירקן אויף דער רעגירונג, זי זאָל דערלויבן ספּירידאָנאָוואַן צו פאַרלאָזן רוסלאַנד.

צעטקין האָט צוגעזאָגט זיך משתדל צו זיין פאַר מאַרוסיאַן. אָבער ביים סוף פון קאָנגרעס האָט זי מיר צו וויסן געטון, אַז לע־נין איז צו קראַנק, כּדי אויפצונעמען באַזוכער. זי האָט גערעדט וועגן דאָזיקן ענין מיט טראָצקין, און דער קריגס־קאָמיסאַר האָט איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ איז נאָך אַלץ צו געפערלעך, מען זאָל זי באַפרייען אָדער אַרויסלאָזן קיין אויסלאַנד.

עס זענען פאַרגאַנגען וואָכן נאָך וואָכן. ספּירידאָנאָוואַס צו־שטאַנד האָט זיך נאָך מער פאַרערגערט. זי האָט נישט געהאַט קיין וואַרעמע וועש און קיין שיך, אַ חוץ דער קאַרגער שפּייז־פּאַר־ציע, האָט זי נישט געטאָרט באַקומען קיין שפּייז פון דרויסן. זי איז קראַנק געוואָרן אויף ביינערדיקן סקאָרבוט. די לאַגע איז גע־וואָרן אַזוי געפערלעך, אַז די טשעקאַ גופא איז דערשראָקן געוואָרן. עס איז נישט געלעגן אין אינטערעס פון דער רעגירונג, ספּירידאָ־נאָוואַ זאָל שטאַרבן אין איר תּפיסה. די טשעקאַ האָט זיך דערקלערט גרייט צו באַפרייען ספּירידאָנאָוואַן אונטער פּאָליציייִשן אויפ־זיכט, אויב אירע חברים, וועלכע לעבן לעגאַל אויף דער פריי, וועלן איבערנעמען פאַר איר די פּאָליטישע אחריות. זיי דאַרפן זיך שריפטלעך מתחייב זיין, אַז ספּירידאָנאָוואַ „וועט נישט טעטיק זיין פּאָליטיש אויף קיין שום אופן". נישט איזמאַילאָוויטש און נישט קאַכאָווסקאַיאַ האָבן זיך נישט געקאָנט אַנטשליסן אָנצונעמען אַזעלכע אומווירדיקע באַדינגונגען סיי פאַר ספּירידאָנאָוואַן, סיי פאַר די לעגאַלע חברים. אָבער די צייט איז געווען קורץ און זיי האָבן זיך געמוזט אַנטשליסן. סוף סעפּטעמבער האָט דער ל. ס. ר. סט., וועלכער האָט דאַן געלעבט לעגאַל אין מאָסקווע, באַקומען פון קאַכאָווסקאַיאַן אַ קורצן בריוו, צוגעשטעלט דורך דער טשעקאַ גופא. אין נאָמען פון די אַרעסטירטע האָט זי געגעבן איר הסכּם,

אַז די חברים אויף דער פריי זאָלן אָננעמען די באַדינגונגען פון דער טשעקאַ, ווייל אַנישט וועט מאַרוסיאַ שטאַרבן. די ל. ס. ר. סט. און ב. האָבן זיך תּיכּף געמעלדעט און אונטערגעשריבן אין דער טשעקאַ די געפאָדערטע גאַראַנטיע.

ספּירידאָנאָווא האָט געדאַרפט אַריבערגעפירט ווערן — „ביזן געזונט ווערן" — אין אַ פּריוואַטן הויז אין מאַלאַכאָווקאַ, אַ זומער־וווינונג ביי מאָסקווע. גלייכצייטיק מיט איר איז באַפרייט געוואָרן איזמאַילאָוויטש. דאָס איבערפירן די קראַנקע איז אויך נישט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע. ספּירידאָנאָוואַס אַ יונגער חבר, ש., האָט געשילדערט דאָס אַריבערפירן אין זיין גאַנצער טראַגיק.

„אירע פיס זענען געווען געשוואָלן, עס איז געווען בייזוויליקער סקאָרבוט. דאָס הוסטן מיט בלוט האָט נאָר־וואָס געהאַט אויפגעהערט.

קיין מאַלאַכאָווקאַ איז געווען ווייט. אַריבערפירן זי מיט דער באַן וואָלט געווען אַ משוגעת. דערצו האָט מען נאָך געמוזט פאָרן מיט אַ דראָשקע ביזן באַן. איך האָב טעלעפאָנירט צו אַלע אינסטאַנצן און געבעטן אַן אויטאָ. אומעטום האָט מען מיר געענטפערט, אַז אויטאָס ווערן געגעבן מחוץ דער שטאָט בלויז צוליב „אָפּעראַטיווע" צוועקן. עס איז געווען זונטיק, פון די שפּיצן האָט מען קיינעם נישט געקאָנט באַקומען.

ענדלעך האָט דער אויספאָרשונגס־ריכטער באַוויליקט אונז אָפּפירן צו דער באַן. מיר זענען איינגעשטיגן זאַלבעדריט. קאַמקאָוו און קאַכאָווסקאַיאַ האָט מען נישט געלאָזן מיטפאָרן. מען וועט זיי באַלד צוריקפירן אין תּפיסה.

נישט ווייט פון וואָקזאַל איז דער אויטאָ קאַליע געוואָרן. מיט מאַטערניש זענען מיר איינגעשטיגן אין אַ דראָזשקע. זי טרייסלט. מאַרוסיאַ ליידט קאַנטיק, שווייגט אָבער און איז אפילו צופרידן. דער טשעקיסט איז געבליבן ביי זיין אויטאָ, מיר זענען אַליין, „פרייהייט! פרייהייט!" פליסטערט איזמאַילאָוויטש מאַרוסיאַן אין אויער אַריין און אַ כּמעט באַגליקט שמייכל לויכט אויף אין אירע אויגן.

אַ ליאַרעם אויף די גאַסן. פלוצלינג טיילט זיך עמיץ אויס

פון דער מענטשן־מחנה און לויפט צו אונז. עפּעס א פויער.
„מאַרוסיאַ, סאָניאַ — טייערע!" ער האָט זיי ביידע דערקענט.
שנעל קושט ער מאַרוסיאַס האַנט און פאַרשווינדט אין המון.

מיר האָבן פאַרזאַמט דעם צוג. מיר מוזן וואַרטן אויפן צווייטן צוויי שעה. איך בעט, מען זאָל אונז אַרויסלאָזן אויפן פּעראָן, איך דערקלער, וועגן וועמען עס האַנדלט זיך. מען דערלויבט נישט... אינדרויסן, פּאַר א פאַרשלאָסענעם טויער, זיצט אויפן געפּעק מאַרוסיאַ. הינטער אונז א לאַנגע רייע מענטשן, וואָס וואַרטן „אַריינגעלאָזן" צו ווערן אין צוג...

— גיב די האַנט, מאַרוסיאַ, און געזעגן זיך — האָט איזמאַיילאָוויטש געזאָגט.

איך האָב מיך איינגעבויגן, כּדי א קוש צו טון די וואַקסענע האַנט. ערשט דאַן האָט מיך מאַרוסיאַ דערקענט, האָט מיך צוגעצויגן צו זיך און א קוש געטון. „סאָשאַ!... באַזוך מיך, ליבער!" אַלעמען איז לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן, מען האָט געפילט: אין דער פריי וועט מאַרוסיאַ געזונט ווערן!

דער קוטשער, וואָס האָט אונז צוגעפירט, איז אַראָפּגעשטיגן פון די קאָזלעס, זיך געזעגנט מיט א לאַנגן בליק. מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ האָט ער זיך געצלמט און אַרויסגעפּליסטערט: „גאָט זאָל זי באַשיצן!"

דאָס איינפאַכע הייזל איז געלעגן אין אַן אָפּגעלאָזענעם אָרט פון זומער־וווינונג־אָרט; נאָנט פון וואַלד. די טשעקאַ האָט אוועקגעשטעלט אירע פּאָסטנס אין דער אומגעגנט פון הויז, זיי באַפוילן צו טאָן זייער דינסט אוממערקלעך. די זעלישע רו, די שטילע איינזאַמקייט, די נאָנטקייט פון דער נאַטור האָבן געמוזט אינגיכן געזונט מאַכן ספּירידאָנאָוואַ. אין דער דאָזיקער אָפּגעשלאָסנקייט איז איר מיט אַלעקסאַנדראַ איזמאַילאָוויטש באַשערט געווען צו פאַרברענגען צוויי יאָר, 1921—1923.

# XII

## די יונגע ווי די אַלטע

אין לאַנד האָט געהערשט די נייע ווירטשאַפטלעכע סיסטעם: דער נעפּ (נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק). די נעפּ - סיסטעם איז איינגעפירט געוואָרן אונטערן דרוק פון קראָנשטאַט, אָבער זי האָט מיט גאָרנישט ניט באַפרידיקט די ווונטשן פון די קראָנשטאַטער און פון די רעוואָלוציאָנערע מאַסן. די מאַסן האָבן געקעמפט פאַר צוריקשטעלן די אַקטאָבער־פּרינציפּן, פאַר זייער פולער סאָציאַלער און גייסטיקער פרייהייט. לענין אָבער האָט אויסגעטייטשט דעם דאָזיקן שטורמישן דראַנג נאָך פרייהייט אַלס בלויזן שטרעבן נאָך מאַטעריעלן נוצן און וווילשטאַנד. ער האָט דערקלערט: די פּויערים, אין הסכּם מיט זייער קאַפּיטאַליסטישער נאַטור, שטרעבן צו פרייען האַנדל און פרייע מערק, צו באַזיצן זייערע פּראָדוקטן. מען דאַרף זיי אַנטקעגנקומען אין דאָזיקן פּרט, כּדי זיי צו „פּאַראַינטערעסירן" אין אויפהאַלטן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור. אויך אין דער אינדוסטרי מוזן ווידער איינגעפירט ווערן קאַפּיטאַליסטישע מעטאָדן, כּדי צו קעמפן קעגן דער מוראדיקער פאַראָרימונג פונם לאַנד און אַלערליי סחורות. די מלוכה - באַטריבן זענען איבערגעפירט געוואָרן אויף קאָמערציעלע יסודות. „מיר מוזן זיך אויסלערנען מסחרן" — האָט לענין פּראָקלאַמירט. אין געוויסע ראַמען דאַרפן צוגעצויגן ווערן צו מיטאַרבעט די פריערע קאַפּיטאַליסטן־שיכטן, און דעם קאַפּיטאַליסטישן אויסלאַנד דאַרף מען איבערגעבן קאָנצעסיעס. צי וועט אָבער די אָפּפרישונג פון דער אַלטער סיסטעם ניט פירן צו אַ רעסטאַוראַציע פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט?

ניין! — האָט לענין דערווידערט מיט אַ זעלבסטזיכערן שמייכל, — מיר וועלן האָבן די אויבערהאַנט, פּונקט ווי מיר האָבן די מלוכה - מאַכט. אין אונזערע הענט ליגט די אָנפירונג פון דער גרויס - אינדוסטרי, פון טראַנספּאָרט, פון די בענק. דער עיקר

אָבער בלייבט ביי אונז די אומבאַגרענעצטע פּאָליטישע דיקטאַטור: אַרמיי, פּאָליציי, אַדמיניסטראַטיווער אַפּאַראַט, מלוכה — געלטער. מיר וועלן רעגולירן די אַנטוויקלונג. מיר וועלן די קאַפּיטאַליסטישע כּחות אין לאַנד און אויסלאַנד צווינגען צו דינען דער זאַך פון קאָמוניזם.

אין ראַטנרוסלאַנד האָט אָנגעהויבן הערשן אַ טאָפּל-לעבן, וואָס האָט געדויערט יאָרנלאַנג. אויף איין זייט: אַן אומהיימלעכע פאַרפלעכטונג פון האַנדל, ספּעקולאַציע און אונטערנעמונגס-לוסט; אויף דער צווייטער: וואָרט — קאָמוניזם און מלוכה — צוואַנג. די קאַפּיטאַליסטישע לייַדנשאַפטן, וואָס זענען אויסערלעך געווען אונטערדריקט בעתן קריגס-קאָמוניזם, האָבן זיך אַ ריס געטון צום לעבן מיט אומגעהויערער קראַפט. די באַוועגלעכע און אינדרייסערישע שיכטן פון בירגערטום האָבן אויפגעכאַפּט די לאָזונגען פון דער רעגירונג — פאַרמערן דעם רייכטום פון דער ראַטן-מלוכה. אונטערן שוץ פון דער פּריינטלעך-געשטימטער דיקטאַטור, אַ דאַנק דער טיפער קאָרומפּירטקייט פון די באַאַמטע און פון די „קאָמוניסטישע סוחרים", האָבן זיי ביסלעכווייז ווידער אויפגעבויט אַן אָרדנונג פון אָפענעם עגאָאיזם, פון ברוטאַלער קאָנקורענץ, פאַרשווענדונג און לוקסוס. אין די פאַבריקן זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן די רעשטלעך פון דער פריערער זעלבסטפאַרוואַלטונג לטובת די קאָמערציעל-ווירטשאַפטלעכע „רויטע דירעקטאָרן", מען האָט איינגעפירט אַ שוויצ-סיסטעם, אויבער-שעהן, אַקאָרד-לוינען, כּדי צו פאַרגרעסערן דעם „פּראָפיט" פון די באַטריבן. אין די אַרבעטער-רייען האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָנקורענץ, וואָס האָט געטראָט צו צעברעכן יעדע סאָלידאַריטעט. אין דאָרף האָט זיך געלאָזט מערקן דער קולאַק, דער אונטערנעמונגס-לוסטיקער פּויער. ער האָט געהערט דעם רוף „באַרייכערט זיך!" פון מויל פון פירנדע קאָמוניסטן און האָט אים געוואָלט פאָלגן. אויפן סאָציאַליסטישן באָדן האָט ער ווידער געלאָזט שאַפן רייכטום מיט פרעמדער מוסקול-קראַפט.

די-האָזיקע ניי-אויפקומענדע אָרדנונג פון סאָציאַלער אומגלייכקייט איז געשטאַנען אין אַ שרייענדיקער סתירה צו דער אָפיציעלער אידעאָלאָגיע פון דער מלוכה. דער רעזשים האָט זיך נישט

אויפגעהערט צו באצייכענען אלס קאמוניסטיש, אלע זיינע טריט האט ער נישט אויפגעהערט צו באגרינדן מיט קאמוניסטישע טעאריעס. אין דער פרעסע, אין יעדער פאליטישער פארזאמלונג האט מען אויסגעלאכט און פאראכטעט די בירגערלעכע אייראפע (אמת, אין דער זעלבער צייט האט זיך די רעגירונג געיאגט נאך אלערליי אפמאכן מיט דער בירגערלעכער אייראפע). אין די שולן איז די יוגנט דערצויגן געווארן אין שטרענג באלשעוויסטישן גייסט. די סתירה צווישן אידעאלאגיע און ווירקלעכקייט האט זיך נישט געלאזט פארדעקן, די יוגנט האט זי געזען אויף טריט און שריט. די באלשעוויקעס האבן אבער געזען די מאכט פון פראלעטאריאט דער עיקר אין דעם דורך זיי באהערשטן מלוכה־אפאראט, איז די יוגנט דערצויגן געווארן אין שטרענג ־ באלשעוויסטישן פאשנע בירגער, די קאנטראל איבער זייער אינערלעכער וועלט, איז אומגעמינערט איבערגענומען געווארן פון דער קריגס־קאמוניסטישער עפאכע.

אלץ האט זיך געענדערט אין דער נעפ־צייט. איינס בלויז האט זיך נישט געענדערט: די לאגע פון די סאציאליסטן. יא — האט לענין דערקלערט, — מיר גייען מיטן וועג פון קאנצעסיעס, אבער די קעגנערישע סאציאליסטן וועלן מיר האלטן פארשפארט אין תפיסה, ווי ביז איצט. דווקא דערפאר, ווייל מיר נעמען אונטער א שווערן היסטארישן מאנעוור, וואס גייט אויסערלעך אין זייערע וועגן, וועלן מיר זיי אלע באזייטיקן... אויך די טויט־שטראף האט געפייערט איר תחית־המתים. אין יאנואר 1920, נאך די ערשטע אנטשיידנדיקע נצחונות איבער די ווייסע, האט טאקע דער שעף פון דער טשעקא, דזשערזשינסקי, פארעפנטלעכט א פארארדנונג, לויט וועלכער עס ווערט אפגעשטעלט דאס אנווענדן טויט־שטראף. אבער מיט א נאכט פריער, איידער די פארארדנונג איז אריין אין קראפט, האבן זיך די טשעקאס אין גאנצן לאנד צוגעאיילט צו „דערליידיקן" הונדערטער געפאנגענע. די רעגירונג האט זיך געלאזן פרייע הענט דורכדעם, וואס זי האט אויסגעשלאסן פון הערדאזיקער פארארדענונג די קריגס־פירנדע געגנטן. און דעם 15 אפריל פון זעלבן יאר האט די טשעקא פאנאנדערגעשיקט פאלגנדן צירקולאר: „צוליבן אפשאפן די טויט־שטראף, זאלן די פערזאנען,

וואָס פאַרדינען טויט, אַריבערגעפירט ווערן אין קריג־באַדראָטע געגנטן, ווו דער דעקרעט וועגן אָפּשאַפן טויט־שטראָף איז נישט גילטיק". דאָס דאָזיקע געהיימע פּראַקטיצירן טויט־שטראָף איז אָבער איינגיכן פאַרביטן געוואָרן דורך אַן אָפּענעם. דעם 24־טן מאַי 1920 איז זי ווידער אָפיציעל איינגעפירט געוואָרן אין שייכות מיטן רוסיש־פּוילישן קריג, און זינט דאַן איז זי שוין מער נישט אָפּגעשאַפט געוואָרן.

דער נעפּ איז די מאַסן דערשינען אַלס פאַרלייכטערונג בלויז אין זיינע ערשטע חדשים. באַלד אָבער האָבן זיי איינגעזען די טאָפּלטע שלעכטס, וואָס שטאַמט פון דער דאָזיקער ווירטשאַפטלעכער אָרדענונג: געשמוגלטער קאַפּיטאַליזם און דיקטאַטאָרישער באָלשעוויזם. זיי האָבן פריער באַקעמפט די קריגס־קאָמוניסטישע אָרדענונג, נישט כדי צו באַקומען די צוויי־זייטיקע סיסטעם פון נעפּ. עס איז געווען אַ דריטער וועג, — דער וועג פון קאָלעקטיוון סאָציאַליסטישן שאַפן, אויפן יסוד פון פרייע ראַטן, באַטריבן און פעלדער. דעמדאָזיקן וועג אָבער האָבן לענין און זיין פּאַרטיי מיט שפּאָט אָפּגעוואָרפן, ווייל דאַן וואָלט געשטעלט געוואָרן אונטער אַ פראַגע־צייכן זייער פירער־מאָנאָפּאָל און זייער מאַכט־מאָנאָפּאָל. זיי וואָלטן זיך דאַן געוועזט מוזן באַגנוגענען מיט איין פּאָזיציע צווישן די אַנדערע סאָציאַליסטישע כחות. דעריבער האָט לענין, אונטערן דרוק פון קראָנשטאַט, געמאַכט דעם קאַרק־ברעכערישן שפּרונג פון קריגס־קאָמוניזם צום נעפּ.

* * *

פאַר די ל. ס. ר. האָט זיך גאָרנישט געענדערט מיט דער נייער סיסטעם. זייער וועלט־אַנשויונג האָט זי אַנטשידן אָפּגעוואָרפן. די מלוכה האָט זיי ווייטער פאַרפאָלגט. די יאָרן פון נעפּ זענען פאַר זיי אויסגעפילט געווען מיט קאַמפן און לידן, ווי די פריערע יאָרן. הונגערשטרייקן, פּראָצעסן, אַנטלויפונגען, אומלעגאַלקייט.

דעם 1־טן אַפּריל 1922 איז פאָרגעקומען דער הונגערשטרייק פון די 42 ל. ס. ר. אין איינער פון די מאָסקווער תפיסות. זיי האָבן אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג דער צענטראַלער ראַטן־עקזעקוטיווע. „זינט מיטן 1918 האָט די ל. ס. ר. פּאַרטיי אויסצושטיין אומגלויבלעכע, בסדרדיקע פאַרפאָלגונגען מצד דער קאָמוניסטישער

פּאַרטיי. אין משך פון דידאָזיקע בלוטיקע יאָרן איז איין טייל פון דער פּאַרטיי פיזיש פאַרניכטעט געוואָרן. ביים אַנדערן טייל איז דער געזונט פולשטענדיק צעשטערט דורך יאָרן־לאַנג שמאַכטן אין תּפיסה, דורך שלעכטער דערנערונג און פּסדרדיקע הונגער־שטרייקן. די אונטערגעשריבענע 42 חברים האָבן אין משך פון דער דיקטאַטור פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צוזאַמען פאַרבראַכט אין תּפיסה 87 יאָר מיט 9 חדשים, און 510 טעג אין הונגער־שטרייק. זיי אַלע זיצן אַרעסטירט אָן שום געריכטלעכער אונטערזוכונג. דעם 6־טן פעברואַר ה. י. איז די טשעקאַ אָפּגעשאַפט געוואָרן, מען האָט זי פאַרביטן דורך דער ג. פּ. או. (פּאָליטישע מלוכה־פאַרוואַלטונג). דערדאָזיקער טריט האָט געזאָלט גאַראַנטירן די בירגער געוויסע עלעמענטאַרע רעכט. אין דער אמתן איז אַלץ געבליבן ביים אַלטן. דער דעקרעט, ווי ס'שיינט באַשטימט פאַרן עקספּאָרט ווערט אין לאַנד גופא נישט אָנגעווענדעט. אדרבא, עס ווערט אַלץ ערגער.

דעריבער דערקלערן מיר א הונגער־שטרייק און פאָדערן: 1) תיכף באַפרייען אַלע אין לאַנד אַרעסטירטע ל. ס. ר., 2) פרייע רייזע קיין אויסלאַנד פאַר יענע, וועלכע די רעגירונג וויל נישט באַפרייען".

מאַיאָראָוו, קאַמקאָוו, קאַכאָווסקאַיאַ, טרוטאָוסקי, צאַן, יעליסעיעוו, גאָלאָווינאַ, מ. זשוקאָוו, סאַמאָכוואַלאָוו, סורקאָוואַ, פּאָפּאָוו, סאָלאָוויאָוו, מאַרטינאָווסקי און חברים.

ניין טאָג האָט געדויערט דער הונגער־שטרייק. דעם 9־טן אַפּריל, נאָך דעם צוזאָג באַפרייען אַ טייל פון די אַרעסטירטע, איז דער שטרייק פאַרענדיקט געוואָרן. דעם צוזאָג האָט די רעגירונג נישט געהאַלטן.

די ל. ס. ר. האָבן מיט אַלע מיטלען זיך באַמיט אַנטלויפן פון די תּפיסות. איוואַן שאַבאַלין האָט דערביי אַרויסגעוויזן אומגלויבלעכע דרייסטקייט. שאַבאַלין איז געווען אַן עלטערער מאַטראָז, וועלכער האָט נאָך אין 1905 אָנטיילגענומען אין אויפשטאַנד פון די קראָנשטאַטער מאַטראָזן. ער האָט יאָרנלאַנג פאַרבראַכט אין שליסלבורגער און פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונגען אַלס „מלוכה־פאַרברעכער". נאָכן אָפּקומען די קאַטאָרגע־שטראָף, איז ער געוואָרן

אַ פירנדער מאַן אין רעוואָלוציאָנערן פּלאַט. אַ לײַדנשאַפטלעך־אַקטיווע נאַטור, האָט ער גלײַכצײַטיק געפילט אַ נײַגונג צו וויסנשאַפטלעכער היסטאָרישער אַרבעט. עס האָט אים געלאָקט די אויפגאַבע צו שרײַבן די געשיכטע פון רעוואָלוציאָנערן פּלאַט. זינט דרײַ יאָר איז ער שוין געזעסן אין דער באָלשעוויסטישער תּפֿיסה. אין קאַמף מיט דער טשעקאַ איז ער געווען אומבויגזאַם. דעם 9־טן אַפּריל האָט ער — פון דער פּעטערבורגער טשעקאַ — אַרויסגעשיקט אַ געהײמען בריוו מיט אַ דערשיטערנדיקער שילדערונג פון די האַרטיקע פאַרהעלטענישן. דעם 16־טן איז ער צוזאַמען מיט נאָך 3 ל. ס. ר. טראַנספּאָרטירט געוואָרן, אונטער אַ שטאַרקער שמירה, קיין מאָסקווע. אונטערוועגס, 50 ווייאָרסט פאַר מאָסקווע, האָט ער באַקומען די דערלויבניש צו גיין אין קלאָזעט. בעת דער וואַך־זעלנער איז געשטאַנען פאַר דער טיר, האָט שאַבאַלין צעבראָכן די שויב און זיך אַרויסגעוואָרפן פון וואַגאָן אין פולן גאַנג פון צוג. מען האָט געשלאָגן אַליאַרם, מען האָט אָפּגעשטעלט דעם צוג. די טשעקיסטן האָבן געעפנט אַ שיסערײַ פון ביקסן און רעוואָלווערן. שאַבאַלין האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון פּלאַנט און זיך אויסבאַהאַלטן אין טונקל פון דער נאַכט. אינגאַנצן אויסגעשעפּט, מיט אַ צעבראָכענער האַנט, אָן אַ היטל איז ער געקומען אין מאָסקווע צופוס. נישט געקוקט אויף אַלע זוכענישן פון דער טשעקאַ, וואָס איז געקרענקט געווען אין איר ערע, איז ער אויף אַ לאַנגע צײַט פאַרשוווּנדן אין מאָסקווע.

אין אַ אויגוסט־נאַכט פון 1921 זענען 6 ל. ס. ר. געמיינזאַם אַנטלאָפן פון דער מאָסקווער טאַגאַנקאַ־תּפֿיסה. בעת אין דער תּפֿיסה איז פאָרגעקומען אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, זענען די זעקס אַראָפּ אין הויף, צוגעגאַנגען צום הויפּט־טויער און אָנגעקלאַפּט פון אינעווייניק. ווען דער תּפֿיסה־אויפזעער האָט געעפנט פון דרויסן די טיר, האָבן זיי צו אים און צום צופעליק־אַנוועזנדן תּפֿיסה־דירעקטאָר אַ געשריי געטאָן: „די הענט אין דער הויך!" „קיין פּיפּס נישט!" — האָבן זיי אַנטוואָפנט, פאַרשפּאַרט אין דער וואַך־שטוב, געעפנט מיטן אָפּגענומענעם שליסל דאָס טויער און פאַרלאָזט די תּפֿיסה... אָבער אין דער צווייטער נאַכט זענען דרײַ פון די אַנטלאָפענע ווידער אַרעסטירט געוואָרן אין אַ קאָנס־

פּיראַטיוער וווינונג. צוזאַמען מיט זיי האָט מען אַרעסטירט נאָך פיר ל. ס. ר., וועלכע מען האָט געטראָפן אין דערזעלבער וווינונג.

סוף יוני 1922 זענען דיראַזיקע זיבן לינקע ס. ר. פינף יונגע מענער און צוויי מיידלעך, געשטעלט געוואָרן פאַרן מאָסקווער העכסטן טריבונאַל. דאָס איז געווען דער ערשטער און איינציקער פּראָצעס פון איינפאַכע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי. זיי האָבן זיך געהאַלטן מיט אַ באַוווסטזיניקייט און אַ אומדערשראָקנקייט, וואָס האָט אפילו בײַ די קעגנער אַרויסגערופן אַכטונג. צוויי טעג האָט געדויערט די געריכטס־זיצונג. בײַ אַ טיש, באַדעקט מיט רויטן טוך, זענען געזעסן די ריכטער, הינטער זיי, אויף דער וואַנט, איז געהאַנגען לעונינס בילד. די באַשולדיקונגס־באַנק מיט די יונגע „מלוכה־פאַרברעכער" האָט אַרומגערינגלט אַ באַוואָפנטע וואַך. דער עלטסטער אָנגעקלאָגטער, ס. גאַן, איז אַלט געווען 26 יאָר. אַלע זענען זיי געווען אַרבעטער אָדער פּויערים, בלויז איין יונג מיידל, די 18־יאָריקע לידיאַ גאַלאָווינאַ, איז געווען פון אַריסטאָקראַטישער אָפּשטאַמונג. „טאָכטער פון אַ אַדעליקן" — האָט דער באַשולדיקונגס־אַקט געזאָגט וועגן איר מיט גרינגשעצונג. גאַלאָווינאַ אָבער איז געווען אַ ליבלעכע שוועסטער פון מיכאַאיל זשוקאָוו, דעם העלדישן מיטקעמפער פון קאַכאָווסקאַיאַן. גאַלאָווינאַ האָט זיך באַטראַכט אַלס אַריסטאָקראַטין אין עכט־רעוואָלוציאָנערן זין... די יונגע מענטשן זענען האָפערדיק, אָבער זייערע פּנימער — ערנסט. נישט דערפאַר ווײַל מען באַשולדיקט זיי אין שווערע פאַרברעכנס: באַוואָפנט אַנטלויפן, באַוואָפנטער ווידערשטאַנד בײַם אַרעסט, געהיימע פּראָפּאַגאַנדע אין לאַנד; נאָר זיי ווילן וואָס ווירדיקער פאַרטיידיקן פאַרן טריבונאַל די אידייען און די ערע פון זייער פּאַרטיי.

אין נאָמען פון אַלע אָנגעקלאָגטע לייענט איינער פאָר אַ דערקלערונג: זיי אַנערקענען נישט דעם טריבונאַל אַלס געריכט פון אַרבעטער און פּויערים... דער פּראָצעס איז בלויז אַ נייער רינג אין דער אַלטער קייט הפקרות און געוואַלט... זיי וועלן זיך פונדעסטוועגן באַטייליקן אין פּראָצעס, כדי בײַ דער דאָזיקער געלעגנהייט קלאָר אַרויסצוברענגען די אידייען פון די ל. ס. ר. גאַן ווערט אויסגערופן אַלס ערשטער. ער דערציילט זיין ביאָגראַפיע

אין דער צאַרישער אַרמיי — אַ פעלדפעבל, אין דער רעוואָלוציע, אויפן ראַדיקאַלסטן פליגל. בעת די יולי־טעג פון 1917, נאָך די דעמאָנסטראַציעס קעגן קערענסקיס קריגס־פּאָליטיק, איז ער געזעסן אין פּעטראָגראַדער טורמע פאַר „אינטערנאַציאָנאַליזם״. באָלשעוויקעס, צווישן זיי דער איצטיקער אויבער־פּראָקוראָר קרילענקאָ, זענען געזעסן אין דער זעלבער תּפיסה. נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז גאָן ראַט־פירער און קריגס־קאָמיסאַר אין זיין היימשטאָט. זייט 1919 — אין באָלשעוויסטישן אַרעסט. אינצווישן — איינמאָל אַנטלאָפן פון טשעליאַבינסקער תּפיסה, איצט — פון דער מאָסקווער.

— איר זענט אַרעסטירט געוואָרן אין טאַמבאָוו, בעת דער דאָרטיקער פּויערישער אויפשטאַנד־באַוועגונג?

— ניין, איך האָב נישט אָנטיילגענומען אין דער דאָזיקער באַוועגונג. אָבער אין טאָג פון מיין אָנקומען אהין, אין סעפּטעמבער 1920, האָב איך געלייענט אַ מעלדונג פון דער דאָרטיקער ראַט־עקזעקוטיווע, וואָס איז צעקלעפּט געווען איבער פּלויטן און ווענט: „פאַר אַ פּרוּוו צו סאַבאָטירן די שפּייז־קאַמפּאַניע זענען צעשטערט געוואָרן דורכן פייער די דערפער וועריכנע ספּאַסקאָיע (10.000 איינוווינער), קאַנסירי (6000) און נאָך פיר אַנדערע. הונדערטער פּויערים זענען דערשאָסן און זייער פאַרמעגן קאָנפיסקירט געוואָרן״. צומאָרגנס האָט מען מיך אַרעסטירט. איך האָב שפּעטער געהערט, אַז די פאָרשטייער פון דער טאַמבאָווער עקזעקוטיווע זענען געמשפּט געוואָרן פאַר „פּראָוואָצירן די פּויערים־אומרוען״. ס׳איז מעגלעך — האָט גאָן ווייטער גערעדט מיט אַ ציטערנדער שטים, — אָבער בעת מיין האַלביאָריקן זיצן אין דער טאַמבאָווער טשעקאַ האָט זיך פאַר מיר אָפּגעוויקלט אַ שוידערלעך בילד, ווי אַזוי דאָס פּויערטום ווערט רואינירט און פאַרניכטעט...

טאַמבאָוו איז יענע גובערניע, ווו ספּיר־דאָנאָוואַ האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט. פאַרן טאַמבאָווער קריגס־געריכט האָט זי אויסגעדריקט איר אומדערשיטערלעכן גלויבן: „עס וועט קומען אַ צייט, ווען די אידייען פון ברידערלעכקייט און פרייהייט וועלן נישט זיין קיין פּוסטער קלאַנג, נאָר — רעאַליטעט!״ סאַראַ בילד

ס'האָט איצט פאַרגעשטעלט מיט זיך דידאָזיקע צום סימבאָל געוואָרענע גובערניע!..

דער 23־יאָריקער יעליסעיעוו דערקלערט מיט שטאָלץ, אַז ער איז פון געבורט אָן אַן אַרבעטער. זיין זיידע און זיין פאָטער — פעטראָגראַדער שמידן. אין 1919 זענען אויסגעבראָכן אַרבעטער־שטרייקן. אים, אַלס פאָרשטייער פון אַ גרויסער פאַבריק, האָט מען געשיקט אין די פוטילאָווער־באַטריבן אויסצופאָרשן די פאַרצווייפלטע לאַגע פון די אַרבעטער. דערפאַר איז ער אַרעסטירט געוואָרן. נאָך 15 חדשים האָט מען אים באַפרייט, אָבער נאָך די קראָנשטאַטער געשעעניש — ווידער אַרעסטירט.

— ווי אַזוי האָט איר אין 1919 געקאָנט שטרייקן, ווען די ווייסע האָבן אונז באַדראָט, — פרעגט האָם געריכט.

— מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע מיטלען צו דערציילן אונזער נויט... און ווי מען האָט אונז אין אַרעסט געשלאָגן!. דערביי איז דער פעטראָגראַדער פּראָלעטאַריאַט די וויכטיקסטע קראַפט, ער האָט דורכגעפירט די רעוואָלוציעס פון פעברואַר און אָקטאָבער. ביי יעדער געלעגנהייט פאַררופט איר זיך אויף אונז, די פעטראָגראַדער...

דאַן רעדט ער וועגן דער דעמאָנסטראַציע, וואָס עס האָבן נישט לאַנג צוריק געהאַט איינגעאָרדנט בלומרשטע אַרבעטער, און געפאָדערט טויט־שטראָף פאַר די רעכטע סאָצ רעוו.*) „איך ווייס, מיט וואָסערע מיטלען איר האָט די אַרבעטער צוזאַמענגעפויקט. אָבער ביי דערדאָזיקער דעמאָנסטראַציע זענען נישט געווען יענע פעטראָגראַדער און מאָסקווער אַרבעטער, וועלכע האָבן בעת דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע געטראָגן פענער מיט די לאָזונגען: „נידער מיט דער טויט־שטראָף אויפן פראָנט און אין לאַנד!“, וועלכע האָבן מיט זייער בלוט אויסגעקעמפט דידאָזיקע לאָזונגען...

— ווי איז אייער באַציאונג צום קראָנשטאַטער אויפשטאַנד?

---

*) אין יוני איז פאָרגעקומען דער באַקאַנטער גרויסער פּראָצעס קעגן די פירער פון די רעכטע ס. ר. אין מאָסקווע, בעת וועלכן מ'האָט אַרויסגעטראָגן 12 טויט־אורטיילן.

— שטעלט דער געריכטס־פּאָרזיצער יעליסעיעוו אַ אינקוויזיטאָרישע פראַגע.

יעליסעיעוו וויכט נישט אויס די פראַגע. „איך גלויב, אַז אין קראָנשטאַט איז פאָרגעקומען אַן אויפשטאַנד פון האַרעפּאַשניקעס קעגן זייערע אונטערדריקער. אויב דערדאָזיקער אויפשטאַנד איז קאָנטררעוואָלוציע, דאַן איז די גאַנצע אָקטאָבער־רעוואָלוציע געווען קאָנטררעוואָלוציע. איך אונטערשטיץ די קראָנשטאַטער אַלס חבר, וועלכער האָט צוזאַמען מיט זיי געקעמפט אויף די באַריקאַדן פון 25־טן אָקטאָבער".

די רייע קומט צו לידיאַ גאַלאָווינאַ.

— איך בין אַ מיטגליד פון דער ל. ס. ר. פּאַרטיי און בין גרייט צו טראָגן די אחריות פאַר דער גאַנצער טעטיקייט פון דער פּאַרטיי, — דערקלערט זי מיט אַ פעסטער, הגם האַלב־קינדישער שטים.

— צי קענט איר גוט די פּראָגראַם פון אייער פּאַרטיי?

— געוויס.

— האָט איר דען תמיד געהאַט די זעלבע פעסטע איבערצייגונגען? האָט איר דען נישט געזאָגט פריאָר, אַז אייערע איבערצייגונגען זענען נאָך נישט פעסט?

— אַזוי איז טאַקע געווען. אָבער נאָך אַ יאָר ארעסט אין אייערע תפיסות זענען זיי געוואָרן פעסט.

די ריכטער באַמיען זיך אָפּצושוואַכן די קלעפּ פון דערדאָזיקער צאַרטער האַנט. זיי פרעגן אויס גאַלאָווינאַן וועגן איר סאָציאַלער אָפּשטאַמונג. איז איר פאָטער געווען אַ גוט - באַזיצער? וויפל מאָרגעס ערד האָט ער פאַרמאָגט? וווּ זענען אירע צוויי ברידער? אין דער ווייסער אַרמיי מסתמא?

— איר פאַראורטיילט מיך פאַר מיין אָפּשטאַמונג? יאָ, מיין פאָטער איז געווען אַ פּריץ. אָבער צו 14 יאָר האָב איך איבערגעריסן מיט מיין פאַמיליע און זייט דאַן לעב איך פון זעלבשטענדיקער אַרבעט. סאָפיאַ פעראָווסקאַיאַ איז אויך געווען אַן אַדעליקע.

...די יוסטיץ־מאַשין אַרבעט ווייטער. לויט דער ריי נאָך ווערן אויסגעפרעגט די פיר אַנדערע אָנגעקלאָגטע. זיי נעמען אַלע אויף זיך די פולע אחריות פאַר דער פּאַרטיי. די רעדעס פון די אַדוואָ־

פֿאַטן זענען פֿאַרענדיקט. אין צענטר פֿון דער געריכטס־פּראָצע־דור שטייען די לעצטע ווערטער פֿון די אָנגעקלאָגטע, וואָס פֿאַר־מאָגן אַ באַזונדערע איבערצייגונגס־קראַפֿט. דער פּראָצעס איז פֿאַר זיי בלויז אַן עפּיזאָד, זיי גלייבן, אַז נישט צום לעצטן מאָל רעדן זיי. גאַן דערקלערט: „מען באַשולדיקט מיך אין צוויי פּרוּוון צו אַנטלויפֿן. אָבער אַנטלויפֿן פֿון תּפֿיסה איז די פֿליכט פֿון אַ רעוואָ־לוציאָנער. צוזאַמען מיט קרילענקאָ, האָבן מיר ביידע געפּלאַנט צו אַנטלויפֿן. ווען דזשערזשינסקי האָט זיך דערוווּסט וועגן אונ־זער אַנטלויפֿן, האָט ער דערקלערט: אייער זאַך איז צו אַנטלויפֿן, אונזערע — אייך האַלטן פֿעסט... ווי קענט איר אונדז באַשולדיקן אין געהערן צו אַ „געהיימער אָרגאַניזאַציע''? די ל. כ. ר. פּאַרטיי פֿרעדיקט עפֿנטלעך אירע אידעאַלן, מער נישט איר פּאַרטרייבט אונדז מיט געוואַלט אין דער אומלעגאַליטעט''.

יעליסעיעוו דעקט פֿלוצלונג אָפּ אַ שוידערלעך בילד.

„צי ווייסט איר, ווי אַזוי מען האָט מיך באַהאַנדלט אין מערץ 1921 נאָכן אַרעסט? מען האָט מיך איינגעשלאָסן אין דער אי־נערלעכער תּפֿיסה פֿון דער טשעקאַ, דעם ערגסטן אָרט. איך האָב געפֿאָדערט, מען זאָל מיך איבערפֿירן אין בוטירקי און דערקלערט אַ הונגער־שטרייק. אויפֿן 5־טן טאָג האָב איך אָנגעהויבן ברעכן שווייבן אַלס אָבסטרוקציע. האָט מען מיך אַראָפּגעשלעפּט אין קע־לער, וווּ דער שניי איז נאָך נישט געווען צעגאַנגען. דאָרט האָב איך געפֿונען דעם צעשלאָגענעם אַנאַרכיסט קאַשירין, וועלכער איז איינגאַנצן אַ נאַקעטער געלעגן אויף דער ערד. איך האָב אים אָפּ־געגעבן מיין פּאַרציע ברויט און דעם מאַנטל. דאַן זענען געקומען צו מיר דער קאָמענדאַנט דוקעס און זיין געהילף אַדאַמזאָן. איי־נער האָט מיך געשלאָגן אין דער רעכטער באַק, דער צווייטער אין דער לינקער. דער קעלער איז געווען ענג, איך האָב פֿינף טעג גע־הונגערט און איצט דיזאָזיקע קלעפּ. איך האָב פֿאַרלוירן דאָס באַ־וווּסטזיין. קומענדיק צו זיך האָב איך דעם וואַך־זעלנער געבעטן עפּעס צו טרינקען. ער האָט געזאָגט: „איך טאָר דיר נישט געבן קיין וואַסער'', און געבראַכט אַן אייז־ליכטל. צומאָרגנס איז ווידער געקומען דוקעס און געזאָגט: „וויזז דיינע הענט''. ער האָט גע־וואָלט זען צי איך האָב נישט קיין קעגנשטאַנד צו ווערן זיך, און

ער האָט מיך ווידער געשלאָגן. ערשט אויפן זיבעטן טאָג האָט מען מיך געפירט צום פאַרהער. וואָס איך האָב אונטערגעשריבן, ווייס איך נישט. דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט צוגעזאָגט מיך אַריבערצופירן אין בוטירקי. איך האָב איבערגעריסן דעם שטרייק, מען האָט מיך געבראַכט אין אַ וואַרעמער צעלע, וווּ עס איז אויך געזעסן ד״ר דובראָווין (אַ באַרימטער פּאָגראָם־העלד פון דער צאַרישער צייט). און ער האָט מיר געגעבן — האָט יעליסעיעוו געענדיקט צוגעגעבן — זיין פונט ברויט. ווען עס וואָלט געווען נאָך מער ברויט, וואָלט איך אויך אַלץ אויפגעגעסן... איך האָב געפּרוּווט רופן דעם פעלדשער. איז געקומען דוקעס און דערקלערט: „היינט איז דער יאָרטאָג פון דער פּאַריזער קאָמונע, אַלע דאָקטוירים געפינען זיך אויף דער פייערונג“. עס איז געווען דער 18־טער מערץ. אין אַ חודש אַרום האָט מען מיך געבראַכט אין דער טאַגאַנקאַ – תּפיסה, פון וואַנען איך בין אַנטלאָפן. און ווי אַזוי זאָל איך נישט אַנטלויפן פון אייערע תּפיסות — רופט יעליסעיעוו אויס ליידנשאַפטלעך. — איר ווילט מיך פאַראורטיילן פאַרן אַנטלויפן, פאַרוואָס אָבער משפּט איר נישט דוקעסן און אַדאַמזאָנען? אויב איר וועט מיך ווייטער האַלטן אין אַזוינע באַדינגונגען, וועל איך ווייטער תּמיד פּרוּוון אַנטלויפן“...

יעליסעיעוו האָט געענדיקט. אַלע אין זאַל, אָן אויסנאַם, זענען דערשיטערט. די לעצטע רעדט גאַלאָווינאַ. אין דער־אָזיקער פייערלעכער שעה ברענגט זי צום אויסדרוק איר ליבסטע אידייע. „איר פאַרזיכערט, אַז עס מוז זיין דיקטאַטור, מען טאָר די סאָציאַליסטן נישט געבן קיין פרייהייט פון וואָרט. טאָ הערט וואָס עס האָט געזאָגט וועגן דעם ראָזאַ לוקסעמבורג“. און גאַלאָווינאַ לייענט דורך פון פּאַפּיר די באַרימטע זאַצן פון לוקסעמבורגס בראָשור וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע. „פרייהייט נאָר פאַר די אָנהענגער פון דער רעגירונג, נאָר פאַר די מיטגלידער פון איין פּאַרטיי — ווי צאָלרייך זיי זאָלן נישט זיין — איז נישט קיין פרייהייט. פרייהייט איז תּמיד פרייהייט פון דעם אַנדערש־דענקענדן... יאָ: דיקטאַטור! אָבער די־אָזיקע דיקטאַטור באַשטייט אין אופן פון אָנווענדן די דעמאָקראַטיע, נישט אין אָפּשאַפן זי“. גאַלאָווינאַ ענדיקט איר רעדע: „און הגם איר האָט ראָזאַ לוקסעמבורג

אריינגעפירט אין איער פאנטעזיע, אונז אבער זידלט איר מיטן נאמען „קאנטררעוואלוציאנערן", שטייט זי דאך אין אונזער לא־גער!... איער געריכט־אורטייל אינטערעסירט אונז ווייניק, איך בעט אבער, נישט האבן אויף מיר קיין אינטערעסניש צוליב מיין יוגנט".

הינטער דעם רוקן פון די ריכטער איז געהאנגען דאס בילד פון לענין, אבער הינטער די אנגעקלאגטע רעוואלוציאנערן איז אומגעזען געשטאנען ספירידאנאווא.

דער אורטייל פון געריכט: גאן, יעליסעיעוו און פילאטאוו — צו דריי יאר תפיסה. גאלאווינא און די איבעריקע — א יאר תפי־סה על תנאי און תיכפדיקע באפרייאונג. דורכפירן אן אויספאר־שונג וועגן שלאגן יעליסעיעוון.

דוקעסן און די אנדערע האט נישט געדראט קיין שום שטראף, דאקעגן זענען די אלע „באפרייטע" רעוואלוציאנערן גאר אין קורצן ווידער ארעסטירט געווארן. זייט צען יאר ווי זיי זיצן כסדר אין תפיסה.

* * *

אין דער פארטיי ל. ס. ר. האט זייט 1920 עקזיסטירט א בא־דייטנדיקע גרופע מיטגלידער, וואס האבן געלייגט גרויסע האפע־נונגען אויפן „לעגאלן" אויפבוי פון דער פארטיי. זיי האבן פאר־עפנטלעכט א דעקלאראציע, וואס האט, ביי דער גאנצער טרייקייט צו די גרונט־פרינציפן פון זייער וועלט־אנשויאונג — אויסגע־דריקט דעם ווונטש, צו ווירקן לאיאל אין די ראמען פון דער עק־זיסטירנדער מלוכה. די לעגאליסטן האבן דורכדעם געהאפט ווי־דער צו באקומען דאס רעכט אויף ווארט, שריפט, פארזאמלונגען. אין יארנלאנגע באמיאונגען האבן זיי דאס נישט דערגרייכט. די לאקאלע מאכט־ארגאנען פון די ראטן האבן נישט געלאזט ארויס־טרעטן עפנטלעך אויך די לעגאלע גרופן פון די ל. ס. ר. מען האט זיי געיאגט ווי די מענשעוויקעס, ווי די רעכטע ס. ר., ווי די אנאר־כיסטן. אין מאסקווע איז זיי דערלויבט געווען צו האבן א נע־בעכדיקן לאקאל, אבער פריי קומען אין די פראלעטארישע פאר־זאמלונגען און פאבריקן האבן זיי נישט געקאנט. מיט גרויס מי א־ איניקע פון זיי געלונגען געווייזלט צו ווערן, אלס דעפוטאטן,

אין מאָסקווער ראַט. אָבער די באַטריבן, וואָס האָבן זיי געוויילט, זענען דערפאַר שיקאַנירט געוואָרן דורך דער מאַכט. די ל. ס. ר. דעפּוטאַטן פלעגן אין ראַט קומען צום וואָרט בלויז זעלטן, צו 10—15 מינוט. זייער „פראַקציע" האָט געהאַט פאַר זיך אַ וואַנט פון טויזנטער קאָמוניסטן און „פּאַרטיילאָזע" דעפּוטאַטן, — אַ וואַנט, וואָס איז מיט קיין שום רעדע נישט מעגלעך געווען דורכצועקבערן. דער פּרעזידיום, וו עס האָבן געגלאַנצט קאַמעניעוו, טראָצקי, בוכאַרין, האָט זיי באַהאַנדלט מיט שפּאָט און פיינטשאַפט. עס איז גענוג געווען, אַ ל. ס. ר. דעפּוטאַט זאָל פון דער טריבונע ציטירן די ווערטער פון ראָזאַ לוקסעמבורג איבער דער פרייהייט פון די אַנדערש־דענקענדע אַרבעטער, — עס זאָל אויסברעכן אַ שטורעם פון פיינטשאַפט אויף די בענק אונטן און אין די פאַטעלן אויבן. די פירער אין פּרעזידיום האָבן דעמאָלט קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז זיי אַליין וועלן אין אַ קורצער צייט אַרום זיין איינזאַם אין ראַט און וועלן מוזן אַפּעלירן צו דער פרייהייט.

די לעגאַלע ל. ס. ר. האָבן געמעגט אַרויסגעבן אַן אייגענע צייטשריפט „זנאַמיאַ" (די פאָן). דאָס האָט געזאָלט זיין אַ אַקאַדעמישע מאָנאַטשריפט, וואָס ווענדט זיך נישט דירעקט צו די מאַסן. זי האָט פאַרעפנטלעכט אין אירע דרייצן נומערן טעאָרעטישע און קינסטלערישע אַרבעטן, זי האָט אָבער געמוזט אויסשטיין אַ שטרענגע צענזור פון דער פּאָליטישער מאַכט. די צענזור האָט געפירט דערצו, אַז דאָס אַרויסגעבן די צייטשריפט איז שווערער געוואָרן פון חודש צו חודש. וועגן רעגלמעסיקייט איז נישט מעגלעך געווען צו טראַכטן. דער צענטער נומער האָט געהאַט אַ שווער מזל. די טשעקאַ, וואָס איז געשטאַנען הינטער דער צענזור, האָט קאָנפיסקירט דעם נומער, נאָכדעם ווי ער איז שוין געווען אין פאַרקויף אַ וואָך צייט. אַלע אינטערווענצן ביי דער העכסטער מלוכה־מאַכט האָבן נישט געהאָלפן. די טשעקאַ האָט פאַרברענט 1500 עקזעמפּלאַרן פון דער „זנאַמיאַ". דאָס פיינפולע לעבן פון דער אָרגאַניזאַציע איז כסדר איבערגעריסן געוואָרן דורך הפקרדיקע אַרעסטן און דעפּאָרטירונגען. די דראַזיקע פּאָליטיק האָט דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פּונקט אין דער אַקציע פון דער רעגירונג נאָך דער פייערלעכער פאַרזאַמלונג לכבוד לאַווראָוו דעם

15־טן יוני 1923. נאָך מערערע יאָרן שווייגן האָבן די לעגאַלע ל. ס. ר. באַשלאָסן צונויפצורופן אַן עפנטלעכע פאַרזאַמלונג, כּדי צו פייערן דעם אָנדענק פון גרויסן טעאָרעטיקער פון רוסישן נאַראָדנישן סאָציאַליזם — פּ. לאַווראָוו. מען האָט באַקומען די דערלויבניש פון דער מאַכט, דעם פאָרזיץ האָט איבערגענומען די גרייז־גרויע ווערע פיגנער, די קעמפערין און צייט־חברטע פון דער לאַווראָוו־עפּאָכע*). די רעדנער האָבן זיך באַגנוגנט מיט מאָרלייענען פאַר די מאַסן (עס זענען פאַרקויפט געוואָרן מער ווי 1300 בילעטן) פראַגמענטן פון לאַווראָווס שריפטן און זיי צו קאָמענטירן. זיי האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון דירעקטע רמזים אויפן הערשנדן רעזשים. אָבער דאָס פרייהייטלעכע דענקען פון א. לאַווראָוו, זיינע פלאַמענדע ווערטער קעגן טיראַנען בכלל זענען גענוג געווען, כּדי אַרויסצורופן די באַגייסטערונג פון די צוהערער און דעם צאָרן פון דער רעגירונג. אין די נאָענטסטע טעג זענען די רעדנער און די אָרגאַניזאַטאָרן פון יענער פאַרזאַמלונג אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן. די אָרגאַניזאַציע גופא האָט זייט דאַן אַלץ ווייניקער געקאָנט אויסהאַלטן די שיקאַנעס, זי איז איינגיכן צעשטערט געוואָרן. אַזוי אַרום האָט די רעגירונג גופא אוממעגלעך געמאַכט יעדן פּרוּוו פון א לעגאַלער טעטיקייט פון די ל. ס. ר. זייט יענער צייט האָט די גאַנצע ל. ס. ר. באַוועגונג געלעבט אין דער אומלעגאַליטעט.

* * *

ספּירידאָנאָוואַס געזונט האָט זיך פון וואָך צו וואָך געבעסערט אין דער איינזאַמקייט פון מאַלאַכאָווקאַ. זי האָט פאַרבראַכט די צייט נאָר מיט אַלעקסאַנדראַ איזמאַילאָוויטש, וועלכע האָט באַקומען די דערלויבניש צו פאָרן פון צייט צו צייט קיין מאָסקווע, כּדי איינצוקויפן. די אויפזיכט פון דער טשעקאַ האָט זיך באַמיט נישט צו זיין צודרינגלעך, דאָך האָט זי פון ביידע געפאַנגענע נישט אָפּגעלאָזן קיין אויג. די איבערגעשפּיצטע באַאָבאַכטונג האָט

*) געאָרגט לעדעבור און רודאָלף ראַקער האָבן געשיקט באַגריסונגס־טעלעגראַמעס, וואָס זענען פאָרגעלייענט געוואָרן אויף דער פאַרזאַמלונג.

איינמאָל געפֿירט צו אַן אומגעהויערער קאָמפּראָמיטאַציע פֿון דער טשעקאַ. אין אָוונט פֿון 11־טן יאַנואַר (1922) איז אומדערוואַרט דערשינען אַ טשעקאַ־פֿאָרמאַציע אין דער וווינונג פֿון לעגאַלן ס. ר. יסט. זי האָט ביי אים דורכגעפֿירט אַ גרינטלעכע רעוויזיע, דערביי האָט זי מיט באַזונדערן אינטערעס אויפֿגעכאַפּט יעדן צעטל מיט ידיעות וועגן אייזנבאַן־פֿאַרבינדונגען. אויף סט. אַלע פֿראַגעס האָט מען געענטפֿערט מיט געהיימנישפֿולן שווייגן. נאָך דער רעוויזיע האָט מען סט. אַפּגעפֿירט אין דער אינערלעכער תּפֿיסה פֿון טשעקאַ. נאָך די זעלבע נאַכט איז ער געשטעלט געוואָרן פֿאַרן אויספֿאָרשונגס־באַאַמטן פֿון דער טשעקאַ — אַנדרעיעוואַ, אַן עלטערע פֿרוי, אַ פֿאַנאַטישע באָלשעוויסטין, וואָס האָט מיט טעמפּערעמענט פֿליכט־טרייהייט געטון איר טשעקאַ־אַרבעט... סט. האָט געפֿרעגט, וואָס מען וויל פֿון אים.

— אין איר פֿרעגט נאָך? שפּילט נישט קיין קאָמעדיע!

— אָבער צוואָס די געהיימנישפֿולקייט?... האָט סט. געפֿרעגט.

— ווייסט איר טאַקע נישט, וואָס עס איז געשען?

— ניין!...

— ספּירידאָנאָוואַ איז היינט ביינאַכט אַנטלאָפֿן!

סט. האָט לייכטער אָפּגעזיפֿצט. ער האָט פֿרייַלעך זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט. „דאָס איז דאָך זייער פֿיין!"

— איר וועט שוין אויפֿהערן צו לאַכן... אויב איר האָט אַפֿילו נישט צוגעגרייט דאָס דאָזיקע אַנטלויפֿן, וועט איר פֿאָרט טראָגן די אחריות!...

— וואָס הייסט?

— איר האָט גאַראַנטירט פֿאַר ספּירידאָנאָוואַן... מיר וועלן פֿון איצט אָן נעמען זייער ערנסט די דאָזיקע ערבֿותן...

— און וואָס וועט איר טאָן?

— מיר וועלן אייך אַזוי לאַנג האַלטן אַרעסטירט, ביז מיר וועלן ווידער כאַפּן ספּירידאָנאָוואַן.

— מיינט איר אין ערנסט — האָט סט. ווידער געמוזט לאַכן, — אַז אויב ספּירידאָנאָוואַן איז געלונגען צו אַנטלויפֿן, וועט זי צוריקקערן, כּדי מיך צו באַפֿרייען? אָדער אַז איך וועל זי בעטן וועגן דעם?

-- דאן וועט איר לאנג זיצן הינטער די קראטעס, — האט אנדרעיעווא געזאגט מיט גרימצארן.

— וואס אייגנטלעך האט איר זיך פארגעשטעלט אונטער „ער־בות"? אפשר, אז איך וועל אוועקשטעלן מיינע אייגענע וואכן, כדי אכטונג צו געבן אויף ספירידאנאוואן?... איך האב זי דעמאלט געוואלט ראטעווען פון טויט, אבער נישט נעמען אויף זיך פאלי־צייפונקציעס.

— איר האט געגעבן אייער אונטערשריפט..

דער פארהער איז פארענדיקט, סט. זיצט צוריק אין זיין צעלע אין ווייניקע שעהן שפעטער, אין פריען מארגן, האט מען אי[ן] באפרייט, פונקט אזוי פלוצלונג ווי —ארעסטירט... די טשעק[א] האט זיך אומזיסט דערשראקן. ספירידאנאווא האט נישט געטראכ[ט] וועגן אנטלויפן. זי האט קוים געקאנט גיין. מען האט זי פארבית[ן] מיט אן אנדערער פרוי, וואס איז ארויף אויפן באן אין מאלא־כאווקא. אין דער זעלבער נאכט האט די טשעקא דורכגעפירט [?] ביז גאר פיינלעכע רעוויזיע ביי איר אין הויז. דאס אריינדרינגע[ן] פון דער טשעקא האט ווידער שטארק פארערגערט איר געזונט־צושטאנד.

די מאכט האט זי מער נישט געלאזט צורו. די באאבאכטונג א[ן] געווארן צודרינגלעך. די לאגע איז געווארן אזוי אומדערטרעגלעך אז איזמאילאוויטש האט אין יוני 1922 געמוזט דערלאנגען [?] בקשה דעם „רויטן קרייץ", וואס איז איינציקארטיק אין א[ו]טראגישקייט. דער זין פון דער דאזיקער בקשה איז געווען:

בעסער תפיסה איידער „פרייהייט.

„איך האב שוין מערערע מאל מיטגעטיילט דעם רויטן קרייץ, אז די באלעבאטים פון דער וווינונג, וווּ איך לעב מיט ספירידא־נאווא אין מאלאכאווקא, האבן אויסגעדריקט אין די לעצטע חד־שים דעם ווונטש צו שיידן זיך מיט אונז. ס'איז קיין ספק נישטא, אז די סיבה דערפון איז די אפענע באוואכונג פונם הויז און די אפטע באזוכן פון די אפענע און מאסקירטע טשעקא־אגענטן. די באדינגונגען פון צוזאמענלעבן זענען צוליב דעם איצט אזוי שווער געווארן, און אונזערע באציאונגען זענען אזוי געשטערט, אז אונ־זער פארבלייבן דא געשעט אונטער דירעקטן צוואנג. אויסערדעם

האָב איך אַ גרונט אָנצונעמען, אַז אַגענטן פון טשעקאַ האָבן זיך
לעצטנס באַזעצט אין הויז אַלס קוואַרטיראַנטן, און אַז די הויז־
באַלעבאַטים זענען אַליין אויך געוואָרן אַגענטן פון טשעקאַ. ווי
נעווינלעך, האָט עס ספּירידאָנאָווא באַמערקט פריער, ווי איך. איר
געזונט־צושטאַנד האָט זיך תיכּף פאַרערגערט.

די לאַגע וועט זיך נישט ענדערן (זי וועט זיך אדרבא נאָך
פאַרערגערן), ווען מיר וועלן זיך אַריינציען אין אַן אַנדער
וווינונג, ווייל יעדע ענדערונג פאַרגרעסערט בלויז ספּירידאָנאָוואַס
קראַנקהאַפטן צושטאַנד. חוצדעם, וועט די טשעקאַ אומעטום, אין
מאַלאַכאָווקאַ, אין מאָסקווע צי אין אַ סאַנאַטאָריע, שאַפן דיזעלבע
באַדינגונגען, דורך אָנשיקן אויף אונז אירע אַגענטן.

מיין בקשה, וואָס איך האָב דערלאַנגט דעם רויטן קרייץ וועגן
אַ אויסרייזע־דערלויבעניש פאַר ספּירידאָנאָוואַ, וועט ווארשיינלעך
אויך דאָס מאָל ניט באַפרידיקט ווערן, ווייל די טשעקאַ הילט זיך
איין אין שווייגן. דורך דעם ווערט אונזער לאַגע אַזוי שווער, אַז
דער בעסטער אויסוועג וואָלט געווען אַ פשוטע תפיסה, ווו אַלץ
איז קלאָר און איינדייטיק. דאָ איז תפיסה־באַאַמטער—תפיסה־באַ־
אַמטער, דאָקטאָר — דאָקטאָר און חבר — חבר. דאָרט איז נישטאָ
אַזאַ שווידערלעכע מאָראַלישע אַטמאָספער, ווי מיר האָבן דאָס אי־
בערגעלעבט אין שפּיטאָל, וואָס איז געווען פאַר ספּירידאָנאָוואַן
אַ ראַפינירטע טאָרטור־קאַמער, און ווי מיר לעבן עס איצט ווידער
איבער אין אונזער מאַלאַכאָווקער וווינאָרט.

אין הסכם מיט דעם קלאָרן ווונטש פון דער קראַנקער און
מיט מיין אייגענער איבערצייגונג, בעט איך דעם רויטן קרייץ אומ־
באַדינגט אויסצופועלן, מען זאָל מיך און מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַן
אַריבערפירן אין דער טאַגאַנקאַ־תפיסה. דאָרט וועלן מיר זיך גע־
פינען אין אַ נאָרמאַלער סביבה פון געפאַנגענע חברים, מיט וועל־
כע מיר וועלן קאָנען פריי קומען אין באַרירונג, אָן שפּיאָנאַזש און
דערלויבענישן. דורך דער דאָזיקער פּסיכישער אַנטלאַסטונג וועט
פאַר דער קראַנקער אין אַ גרויסער מאָס נייטראַליזירט ווערן דע־
דערדריקנדער אָנבליק פון קראַטעס און אַנדערע סימנים פון גע־
פאַנגענשאַפט. די פריהייטס־באַדינגונגען פון דער טשעקאַ זענען

א חוזק און א שאָדן פאַר אונז און פאַרשאַפן דער רעגירונג אומ־
גערעכטערהייט דעם שם פון „הומאַניטאַרישקייט".

11־טן יוני 1922, א. איזמאַילאָוויטש

די רעגירונג האָט חדשים — לאַנג נישט רעאַגירט אויפן דאָ־
זיקן דאָקומענט, אפילו דאָן נישט, ווען ער איז פאַרעפנטלעכט
געוואָרן אין אויסלאַנד. ערשט אין מאַי 1923 האָט זי א סוף גע־
מאַכט צום חוזקדיקן „שטוב־אַרעסט" פון ספּירידאָנאָווא און
איזמאַילאָוויטש. מען האָט זיי פּלוצלונג אַרעסטירט און אין
גרויס איילעניש ערגעץ־ווי אַוועקגעפירט. איר אויפהאַלט־אָרט איז
א לאַנגע צייט געהאַלטן געוואָרן אין געהיים. שפּעטער האָט מען
זיך דערוווּסט, אַז זיי ווערן געהאַלטן אין א גוט פון דער טשעקאַ
ביי מאָסקווע. אָנשטאָט אין טאַגאַנקאַ־תפיסה האָט מען זי גע־
בראַכט אין א אָרט, וווּ ספּירידאָנאָווא האָט מער נישט געקאָנט קו־
מען אין באַרירונג מיט אירע חברים. מען האָט בלויז געהאַט קלאַנ־
גען, אַז אין יאַנואַר 1925 האָבן זיי דאָרט דורכגעפירט א פּיל־
טאַגיקן הונגער־שטרייק. דאָסדאָזיקע גוט איז אָבער נאָר געווען
א דורכגאַנגס־פּונקט. אָנהויב 1925 זענען ספּירידאָנאָווא און איז־
מאַילאָוויטש פאַרשיקט געוואָרן — צוערשט אויף 3 יאָר — קיין
סאַמאַרקאַנד אין מיטל־אַזיע.

## XIII

# אין דער היץ פון פאַרשיקונג

פאַר ספּירידאָנאָוואַן האָט זיך איצט אָנגעהויבן א נייע צייט,
א יאָרצענדליק פון פאַרשיקונג. אין די דאָזיקע יאָרן האָט זי גע־
קאָנט לעבן אין שיינבאַרער פרייהייט, באַוועגן זיך אויף דער גאַס,
אויספירן געוויסע נוצלעכע אַרבעטן. זי האָט אָבער, זעלבסטפאַר־
שטענדלעך, נישט געקאָנט און נישט געטאָרט אַנטוויקלען א פּאָליטישע
אַקטיווקייט. אין די יאָרן 1917—18 זענען אַלע אירע טעג אויס־
געפילט געווען מיט די גרעסטע געשעענישן פון דער רעוואָלוציע,
אין די אומגליקלעכע יאָרן איז קיין אייין וואָך נישט פאַרגאַנגען אַז



ספּירידאָנאָוואַ, קאַכאָווסקאַיאַ, איזמאַילאָוויטש, מאַיאָראָוו
און אַנדערע אין סאַמאַרקאַנד

דערשיטערנדיקע איבערלעבענישן. איצט, אין דער צייט פון פארשיקונג, זענען פארגאנגען יארן נאך יארן, אין וועלכע ספירידאנאווא האט געמוזט בלייבן אין א זייט פון דער שטורמישער אנטוויקלונג פון איר לאנד. ספירידאנאווא איז נישט געשטאנען פאסיוו קעגנאיבער דער ראזיקער אנטוויקלונג פון דער רעוואלוציע. פונקט ווי אין די קאטארגע־יארן 1906—17, האט זי אויך איצט רעאגירט מיט איר גאנצן וועזן אויף יעדער געשעעניש אין דער ראטן־רוסישער אדער אויסלענדישער פאליטיק, אויף יעדער באדייטנדער דערשיינונג אין דער קונסט און ליטעראטור. אבער פונקט ווי אין די קאטארגע־יארן, האט זי אויך איצט נישט געקאנט באווירקן אויף דאס מינדסטע דיזאזיקע געשעענישן.

הגם דיזאזיקע יארן זענען פאר ספירידאנאוואן געווען ארעם אין געשעענישן, האט זי דאך אן אויפהער געדינט דעם סאציאליזם און איר אידייע פון דער רעוואלוציע: דורכן ביישפיל פון איר לעבן, דורכן אומדערשיטערלעכן גלויבן אין דער צוקונפט, דורך איר טרייסקייט די חברים אין גאנצן לאנד. פונקט ווי זי איז דאן, אין די תפיסות פון אקאטוי און מאלצעוו, געווען דער מאראלישער און פאליטישער שטיצפונקט פאר טויזנטער חברים אין פיין, אזוי האט זי אויך איצט געשטיצט די געפלאגטע און געהעצטע מיטגלידער פון איר פארטיי און זיי צוזאמענגעהאלטן. ווי שווער עס איז נישט געווען דער גורל פון די חברים ל. ס. ר. אין מאסקווע אדער כארקאוו, אין די סיבירער אייזזוויסטענישן אדער אויף די סאלאווקי־אינזלען, — דער באוווסטזיין פון ספירידאנאוואס אנוועזנהייט האט זיי געגעבן גלויבן און מוט.

ספירידאנאווא האט געלעבט אין סאמארקאנד ביז סוף 1928, צוערשט אין דער געזעלשאפט פון איזמאילאוויטש און מאיאראוו, און זייט אויגוסט 1925 אויך פון קאכאווסקאיאן. די רעגירונג האט זיי כמעט נישט געגעבן קיין שום אונטערשטיצונג, אלס „פרייע בירגער דארפן זיי זיך אליין שאפן מיטלען צום לעבן".*) זיי האבן אנגענומען יעדע ארט ארבעט, וואס איז נאר מעגלעך גע־

---

*) די פאליטישע פארשיקטע באקומען פון דער טשעקא אלס אונטערשטיצונג 6.25 רובל א חודש.

ווען צו באַקומען אין וויסטן טורקעסטאַן. מאַיאָראָוו האָט געהאַט די מעגלעכקייט מיטצואַרבעטן אין אייניקע אַרטיקע אומפּאָליטישע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. זיינע פעיקייטן און קענטעניש, וועלכע ער האָט פריער, אַלס פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר לאַנדווירטשאַפט, געשטעלט אין דינסט פון דער גאַנצער ראַטן־רעפּובליק, האָט ער איצט גערן געווידמעט די האָרעפּאַשנע מאַסן פון טורקעסטאַן. ער איז טעטיק געווען אַלס באַאַמטער ביים דורכפירן די אַגראַר־רעפאָרם. איזמאַילאָוויטש האָט געלערנט מיט די קינדער פון דער היימישער באַפעלקערונג... ספּירידאָנאָוואַ האָט צוערשט באַקומען פון אַ ראַטן־אַמט שריפטלעכע אַרבעטן, וואָס זי האָט געקאָנט אויספירן אין שטוב. זי האָט געאַרבעט 13—14 שעה טעגלעך, אָבער דער לוין איז געווען שרעקלעך קליין. ער האָט קוים געקאָנט קלעקן פאַר ספּירידאָנאָוואַס באַדערפעניש, אָבער ער האָט נישט געגעבן קיין שום מעגלעכקייטן צו העלפן דער מאַסע חברים, וואָס האָבן געלעבט אין נויט. דאַן האָט זי אָנגענומען אַ קליינע שטעלע אין אַ ראַטן־אַמט, שפּעטער אַפילו צוויי שטעלעס, וואָס האָבן פאַרשלונגען איר גאַנצן טאָג און אָוונט. די צייט איז אויסגעפילט געווען מיט אַמט־פליכטן און אומצאָליקע קליינע זאָרגן אין שטוב. אין סאַמאַרקאַנד האָבן געלעבט אין פאַרשיקונג פאַרשידענע אַנדערע גרופּן סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן. אָבער די טשעקאַ האָט אַכטונג געגעבן, אַז צווישן זיי און דער ספּירידאָנאָוואַ־גרופּע זאָלן נישט אָנגעקניפּט ווערן קיין רעגלמעסיקע באַציאונגען. אין דער געצוווּנגענער איינזאַמקייט האָבן זיך ספּירידאָנאָוואַ מיט אירע פריינט נאָך מער קאָנצענטרירט אויף זייער אייגענעם אינערלעכן לעבן.

ספּירידאָנאָוואַס בריוו זאָגן עדות דערויף. איר קאָרעספּאָנדענץ איז זעלבסטפאַרשטענדלעך אונטערגעוואָרפן געווען אַ צענזור. דאָך האָט זי געפונען די מעגלעכקייט צו שילדערן אין אירע בריוו די סביבה, נעמען שטעלונג צו געוויסע פראַגן, אָנבאָטן אירע פריינט עצות און הילף. מיט וואָסער פרישקייט און לעבעדיקייט האָט ספּירידאָנאָוואַ געשילדערט אין יאָר 1925 דאָס עקזאָטישע לאַנד פון מיטלאַזיע, וווּ זי איז פּלוצלונג פאַרוואָרפן געוואָרן. אויך דאָ האָט זי זיך נישט געפילט באָדנלאָז, האָט זי זיך באַמיט

צו שלאָגן וואָרצלען. אפשר האָט דאָ אויך געשפּילט א ראָל דאָס, וואָס ספּירידאָנאָווא האָט ביז דאַן געהאַט ווייניק געלעגנהייט צו דערקענען רוסלאַנד. טאַמבאָוו — סיבירער תּפיסות — פּעטראָגראַד און מאָסקווע — איינציקע אײליקע רייזעס בעת די פּאָר יאָר פרייהייט — דאָס איז אַלץ! האָט זי דעריבער אומעטום געקוקט אויף דער וועלט מיט יונגע נייגיריקע אויגן.

„די שטאָט סאַמאַרקאַנד פאַרמאָגט פיל אינטערעסאַנטס פאַר א טוריסט. אין אירע רואינען און ליים־כאַטקעס האָט זי אויפגעהיט א סך אוראַלטע חכמה. זי עקזיסטירט זייט דעם 7־טן יאָרהונדערט. די שטאָט איז פול שמוץ און אינזעקטן, די גאַסןווימלען מיט הונגעריקע הינט. אָבער איבער די באַלעבאַטע מארק - קראָמען מיט זייערע אַזיאַטישע אומגעניסבאַרע נאַשערייען, אינמיטן שטויב און ליאַרעם פון אומאויפהערלעכן האַנדל־וואַנדל, אינמיטן געדראַנג פון קעמלען, אייזלען און הערלעכע שלאַנקע פערד, — וואַקסט פּלוצלונג אויס איבער אונזערע קעפּ אין פייערלעכער שטילקייט א ריזיקע מאָשעי־חובה. מען קאָן זי קוים באַצייכענען אַלס חורבה, אַזוי גוט האָבן זיך דערהאַלטן אירע קאָנטורן און ליניעס, און די פּרעכטיקע הימל־בלויע עמאַלירונג גלאַנצט אייך אַנטקעגן. זקנים, שלאַנק און ווירדיק, מיט ביבלישע פּנימער, ווייסע בערד און פייערדיקע אויגן, געקלײדט אין פאַרביקע געוואַנטן, גייען איבער די גאַסן. טונקעלע געזיכטער, קוילנשוואַרצע ברעמען, מאָנגאָלישער טיפּ — אוזבעקן; אַרישע געשטאַלטן פון גרויס שיינקייט און ליניען־ריינהייט — טאַדזשיקען. די פרויען, איינגעהילט אין שלייערן, גליטשן זיך פאַרביי ווי שאָטנס, — אונטערן שלייער פּנימער, באַמאָלט מיט פוקסין און טוש ווי האָניקלעקעך אויפן יאָרמאַרק. א נידערטרעכטיקע עקזיסטענץ: האַרעם, אונטערגעוואָרפנקייט, א לעבן פון א געצערטלטער הויז־חיה. דער הייסער אָטעם פון רעוואָלוציע איז נאָך צו זיי נישט דערגאַנגען. בלויז אין שטאָט לאָזט זיך שפּירן עפּעס פון אָקטאָבער. אויפן לאַנד לאָזט מען אים דורכדרינגען מיט גרויס פאָרזיכט און געדולד ערשט איצט. די קישלאַטשניקי, די היגע פּויערים, אונטערשיידן זיך פון די רוסישע דורך גרעסערער אָפּגעשטאַנענקייט (זייער וואָרט־אוצר איז זייער אָרים) און פאַרמאָגן א טיף־פאַרוואָרצלטע באַזיץ־פּסיכאָלאָגיע. דע־

ריבער וועט דאָ אָנקומען אַ סך שווערער צו פאַרווירקלעכן דעם סאָ־ציאַליזם, ווי אין אינערלעכן רוסלאַנד. די קישלאַטשניקי זענען דערשרעקנדיק־ווייניק אויפגעטרייסלט געוואָרן זייט דעם 7־טן אָדער 10־טן יאָרהונדערט. לעבנסאַרט, געשיר, אַרבעטס - מכשירים — אַלץ הונדערטיאָריק, טויזנטיאָריק, פונקט ווי עס איז טויזנטיאָריק די סמאַליעדיקע היץ אויף די אויסגעברענטע סטעפעס און בערג־לעך, וואָס זענען אַזוי ענלעך צו דער ביבלישער פאַלעסטינע. ווי אָפט קומט אויף דער געדאַנק, אַז גראָד דאָ מוז זיין דער אורשפרונג פון דער מענטשהייט. דאָ זענען דאָ אַזעלכע פאַרמבולדיקע זשוקעס און אינזעקטן, וואָס מ׳קאָן זיי נישט טרעפן אינערגיץ. און ווען מען זעט אַזאַ ביבלישן זקן פאַרביירייטן אויף אַן אייזל מיט אַ קרוג אין דער האַנט, קוקט מען אויפן דאָזיקן בילד צוערשט מיט יראת־הכבודיקער פאַרוואונדערונג, דערנאָך אָבער מיט אַ געפיל פון עמ־פערונג. יאָ, דידאָזיקע וועט מען מיט קיין שום זאַך נישט דערשי־טערן״.

אין זעלבן בריוו פון יולי 1925 גיט ספּירידאָנאָוואַ אין ווייַ־ניקע ווערטער אַ בילד פון איר לעבן. ,,סאַניאַ (איזמאַילאָוויטש) האָט זיך איינגעשניטן אַ פינגער, באַקומען אַזאַ בלוט־פאַרגיפטונג, אַז מ׳האָט געמוזט דורכפירן אַן אָפעראַציע. בלאַס און שטאַרק אָפּ־געמאָגערט ליגט זי אויך איצט אין בעט. נישט געקוקט אויף אונ־זערע פּראָטעסטן, גיט זי, ליגנדיק אין בעט, לעקציעס. אונזער לעבן איז אויף אַ קינסטלעכן אופן פאַרענגט געוואָרן. מיר זענען איינ־געשלאָסן אין דער קליינער אינטערעסן־ראַם פון אונזערע נאָנטע. מאַטעריעלע און פאַמיליען־פראַגן הערן אויף צו זיין פראַגן פון צווייטן ראַנג. דער חבר ס. האָט דאָ אַ פינפיאָריק ייִנגעלע, אַזאַ קרענקלעכס, אַז עס זעט אויס ווי אַ צוויייאָריקס. דער פאָטער איז כמעט אָן אַרבעט, דאָס קינד האָט קיין קליידונג נישט. מיט אונזער קומען איז אים געוואָרן לייכטער. פאַר מ. איז אָבער שווער צו דערנערן אַ גרויסע פאַמיליע מיט זיין פאַרדינסט״.

אין אַ חודש אַרום צייכנט ספּירידאָנאָוואַ דאָס בילד ווייטער.

,,די לעצטע חדשים זענען פאַר מיר פאַרגאַנגען אין מוראדיקער אייַלעניש און גרויסער אָנשטרענגונג. סאַניאַ איז געווען קראַנק, קאַכאָווסקאַיאַ איז אָנגעקומען, און דאָ האָב איך טאָג־ווי־נאַכט גע־

האט די אקארד־ארבעט, און וועלכער איך האב מיך איינגעשפאנט. כדי צו הויבן א ביסל אונזער לאגע. מיט סאניאס האנט (נישט גאר מיטן האפונגסלאזן פינגער) איז נישט גוט. איר רעכטע האנט האט זיך צונויפגעצויגן און עס געלונגט נישט פאר קיין פאל זי צו ברענגען אין ארדענונג. דערמיט איז שווער שלום צו מאכן. זי איז געווינט צו פיזישער ארבעט, זי קען גאר נישט אויסקומען אן איר. דער פארלוסט פון א האנט איז פאר איר טאפלט שווער, ווי פאר א צווייטן. — קאכאווסקאיא איז קראנק. זי האט אדער טראמי־באזע אדער נעווראלגיע, נאך דעם טיף. דאס איז אפשר פיינלעך און קאמפליצירט, אבער נישט טויטלעך און דאס לאזט צו פער־ספעקטיוון. אירע פיס טוען וויי, אמאל באוועגט זי זיי מיט מי. דאן לאזן די שמערצן אביסל נאך און זי באוועגט זיך ווידער פריי. יעדער דאקטאר שטעלט אן אנדער דיאגנאז. מיר ווייסן נישט וואס מיר זאלן אננעמען, און מיר ווילן „גלויבן", אז דאס איז נישט קיין טראמבאפלאביט. אין דאזיקן וויסטן ארט וועט מען זי קוים קאנען אויסהיילן. נישט קיין גוטע דאקטוירים, נישט קיין שפיטאלן. איצט וויל זי נאך אראפברענגען איר אלטע מוטער, וועל־כע האט קיין היים נישט. מיר פראטעסטירן נישט קעגן דעם...

נישט לאנג צוריק האבן מיר באקומען א בריוו פון אלטע פריינט, וועלכע מיר האבן אינגאנצן געהאט פארלוירן פון אונזער בליקפעלד אין דידאזיקע יארן. ק., מ., ג. און שאבאלין האבן פארבראכט צוזאמען אומגעפער דריי יאר פארשיקונג אין קראסנא־יארסק. מען האט זיי אפט געיאגט פון איין ארט צום אנדערן. מ. האט זיך נאך ארומגעשלעפט מיט א 5 פודיקן זאק ביכער און א מיקראסקאפ. ער באגייסטערט זיך פאר וויסנשאפטלעכער מע־דיצין און וויל אפילו, אויפן סמך פון זיינע דערפארונגען, דיסקוטירן מיטן פראפ. פאוולאוו. גליקציטיק האט ער אויפגעשריבן צוויי סאנאטעס פאר קלאוויר. א טאלאנטירטער יונג, אבער אזוי אויס־געשעפט און בלוטאריס. דערווייל ווערן זיי אלע פארשיקט אין דער געגנט פון טורוכאנסק (סיביר). זייער פארשיקונגס־צייט דער־נענטערט זיך צום סוף, נעמט מען און מען פארשיקט זיי אין אן אנדער ארט. דאס איז איצט לידער אן אלגעמיינע דערשיינונג. ווי אזוי וועלן זיך דידאזיקע בחורים איינארדנען? מיר שיקן זיי אביסל

געלט. עס איז שרעקלעך צו טראכטן אין דער היגער היץ וועגן דער דארטיקער קעלט. דא איז אויף דער זון א היץ פון 50־55 גראד. מיר אלע, א חוץ קאכאווסקאיא, פארטראגן גוט די היץ. בלויז מיינע אויגן און מיין קאפ פארטראגן זי נישט. פארבינד איך דעם קאפ אין ווייסן קאמישן פאנאמא־הוט און בין גליקלעך".

פון פערזענלעכע ענינים גייט ספירידאנאווא באלד איבער צו אלגעמיינע. זי מוז דערציילן וועגן די פויערים, וועגן זייערע נויטן און זארגן. „די היגע פויערים האבן זיך אומגעוויינלעך צוגעפאסט צום קלימאט. זיי גייען ארום האלב־נאקעט אין בונטע ציצענע הויזן אדער קליידן זיך אין לאנגע וואטענע כאלאטן. דא איז א געמיש פון פעלקער; גאנץ מיטלאזיע, ניין — גאנץ אזיע האט אהערגעשיקט אירע זין. פון דער פעלקער־פארמישונג וואקסן דא אויף אומגעוויינלעך שיינע קינדער. יעדעס קינד ציט אויף זיך די אויפמערקזאמקייט: די אויגן, די ברעמען, דער אוואל פון פנים, דער בליק הינטער די געדיכטע שווארצע וויעס. די פויערים זענען זייער ארים, דוואינירט, מעסיק אין זייערע באדערפענישן. זיי קענען לעבן מיט א הויפן רייז אדער אוגערקעס און מעלאנעס און דערביי טאן די שווערסטע ארבעט. דא עקזיסטירן גלייכצייטיק אלע ארטן ווירטשאפטלעכע סיסטעמען. גלייכצייטיק מיט א זייער אינטענסיווער ווירטשאפט, ווערט געפירט א גאנץ פרימיטיווע. ביים ווייץ, בוימוואל, רייז ארבעט מען מער ווי א האלב יאר, — דאס פלעגן, די זארג, די קענטעניש — אלץ זאגט עדות אויף א הויכער איינטענ־זארג, סיוויקייט און קולטור. און דערלעבן ווארפט מען פשוט ארייין איז שלעכט - אויפגעגראבענעם באדן קערנער, נישט צודעקנדיק זיי אפילו... ווען מען וואלט דא די ערד ווי געהעריק באוואסערט (דא עקזיסטירט א זייער אלטע קאמפליצירטע באוואסערונגס־סיסטעם), וואלט דא אויפגעבליט אן ערדישער גן־עדן.

אין אלע אנדערע געביטן הערשט דא פינסטערניש, אפגעשטאנענקייט, 95 פראצ. אנאלפאבעטן, די מולאס און די באיען (רייכע) האבן די מאכט. ביי די פירער־שפיצן, וואס שטייען אפיציעל אין די רייען פון דער קאמוניסטישער פארטיי, — שאוויניזם. דער פויער אינטערעסירט זיך קוים מיט פאליטיק, די מיטינג־רעדנער רופט ער „אפנארער", אבער די באיען האבן זיך צוגעפאסט און געהערן

צו די מאכט־האָבער. אַזאַ זעלבסטזיכערקייט ביים אַריינדרינגען אין אַלע ערטער האָט מען אין רוסלאַנד קיינמאָל נישט געזען... געוויסע קולטור־אינסטיטוציעס, ווי למשל, די קאָאָפּעראַציע, באַקומען אַ גאַנץ לאָקאַלן קאָלאָריט און דינען די אינטערעסן פון די אַזוי אויך מערכטיקע קרייזן. און פונדעסטוועגן ווייס נישט דער היגער פּויער פון אַזוי פיל פיין און עלנט, ווי דאָס איז דער טייל פון רוסישן פּויער אַפילו נאָך איצט. די נאַטור איז דאָ זייער רייך. דער אָרעמ־סטער בעטלער קאָן זיך אוועקזעצן ביי איר טיש און דערנערן זיך אַפילו מיט זיינע רעשטלעך נישט שטאַרבנדיק פון הונגער און סקאָרבוט, — אָדער דאַרפן אוועקוואַנדערן אין די שטעט אַלס אַר־בעטסלאָזער״.

אָן אויפהער באַשעפטיקט זיך ספּירידאָנאָווא אין אירע בריוו מיט דער לאַגע פון דער פרוי אין טורקעסטאַן. זי פילט זיך ווי פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר טרויעריקן גורל, זי וויל איר העלפן: „די פרויען זענען דאָ אומגלויבלעך אונטערדריקט. איך קאָן נישט קוקן אָן אויפרעגונג אויף די שוואַרצע נעצן, וואָס באַדעקן האַרט און שמוציק, ווי מעטאַלענע קראַטעס, זייער׳ע קרענקלעכע און פאַר־אומערטע, אָבער תמיד רויט־ און שוואַרץ־ געפאַרבטע פּנימער. זיי נעמען אויף ביז גאָר פריינטלעך רוסישע פרויען, וואָס אינטערעסירן זיך מיט זיי, לאָזן זיך פון זיי לערנען און היילן.... האָט איר גע־לייענט „טאַמילאַ״ פון פערדינאַנד רישעז, אַ שילדערונג פון לעבן פון די אַראַבישע און קאַבילישע פרויען (אין די פראַנצויזישע קאָ־לאָניעס)? דאָס איז בוכשטעבלעך אויך די עפּאָפּיע פון די היגע פרויען, באַזונדערס פון די אוזבעקינערינס. סאַראַ טרויעריק און אונטערדריקט לעבן, סאַראַ יאָך פון אָפּגעשטאַנענקייט, עקספּלואַ־טאַציע און אונטערדריקונג עס ליגט אויף זייער שלאַנקן רוקן. ווען איך זע פאַר זיך אַ דינע, פון קאָפּ ביז די פיס איינגעהילטע פיגור, וואָס שלייכט זיך פאַרביי די ווענט, — דאַן שטייט פאַר מיר יענע טאַמילאַ... ביזן 11־טן אָדער 12־טן לעבנס־יאָר גייען די מיידלעך אַרום מיט אָפענע, מייסטנס פון שיינקייט און ליבלעכקייט שטראַלנדע פּנימער. פון 11־טן יאָר אָן פאַרבעט מען זיי, און שוין זענען זיי כּלות און קאָנען יעדן אויגנבליק פאַרקויפט ווערן צו אַ מאַן, וואָס איז צוויי, דריי מאָל עלטער פאַר זיי. די פרויען־

אָפּטיילונג פון ראַט באַמיט זיך אַריינצודרינגען אין לעבן פון די הײמישע מיט איר אויטאָריטעט און איר רעכטלעכן שוץ, אָבער סע געלינגט איר ביז איצט זייער ווייניק. היימישע פרויען, וועלכע טרעטן אריין אין דער פרויען־אָפּטיילונג, ווערן אַמאָל דערמאָרדעט, יעדנפאַלס תמיד געשלאָגן און פאַרטריבן. דאָ אַרבעטן נאָר יתומות, אַלמנות אָדער (זייער זעלטן) אַזעלכע, ביי וועמען די גאַנצע פאַמיליע איז ראַטיש געשטימט און איניקע פאַמיליע־מיטגלידער זענען קאָמוניסטן".

נישט נאָר דאָס לאַנד און זיינע איינוווינער אינטערעסירן די פאַרשיקטע רעוואָלוציאָנערן. מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט און זאַכקענטעניש פאַרפאָלגן זיי די סאָציאַלע פּראָצעסן, וואָס שפּילן זיך דאָרט אָפּ. ספּירידאָנאָווא רעדט איינמאָל וועגן דער אַגראַר - רעפאָרם אין טורקעסטאַן, און זיט דאָן פאַרשווינדט שוין נישט דידאָזיקע טעמע פון אירע בריוו. „איצט ווערט דאָ דורכגע־פירט די אַגראַר־רעפאָרם. דאָס קומט פאָר אין אַ סך אַ באַשיידענע־רער פאָרם ווי אין רוסלאַנד: דאָס אייגנטום פון לעבעדיקן און טויטן אינווענטאַר ווערט אַנטשעדיקט, די ערד ווערט עקספּראָפּרי־ירט בלויז ביי יענע, וועלכע באַזיצן מער ווי 10 דעסיאַטין. יעדע נייס דרינגט דאָ דורך מיט דער גרעסטער מי... דאָס פאָלק נעמט אויף גאַנץ אויבערפלעכלעך די פאָדערונגען פון דער העכערער מאַכט... די דערנענטערונג צו דער מאַכט, וועקט אויף אין פּרימי־טיווסטן און נאַיווסטן מענטשן־מין דעם ווונטש אויסצוקעמפן פאַר זיך דעם בעסטן אָרט ביי דער פעטער שיסל. דער קאַמף קעגן דאָ־זיקן שלעכטס קאָן דאָ, צוליב פּאָליטישע סיבות, נישט תמיד אָנ־נעמען יענע אומברחמנותדיקע פאָרמען, ווי אין רוסלאַנד. די היגע ציטונגען זענען פול מיט מעלאַנכאָלישע באַריכטן וועגן זייער כאַ־ראַקטעריסטישע שלעכטע הערשונגען, וועלכע ווערן נישט תמיד ריכטיק באַקעמפט".

ספּירידאָנאָוואַס אינטערעס איז געווענדט נישט נאָר אויף טור־קעסטאַן. זי פילט זיך נאָנט מיט דער גאַנצער וועלט, זי וואָלט באַ־זונדערס געוואָלט הערן, וואָס עס קומט פאָר אין אייראָפּע. רוס־לאַנדס אָפיציעל פּרעסע, אויף וועלכער זי איז אָנגעוויזן, גענישט זייער ווייניק איר צוטרוי. זי וויל זיך דערוויסן פון אַן אומאָפּ־

העגגיקער קוועלע, וואָס הערט זיך מיט דער אַרבעטערשאַפט, מיט דער קולטור מיט דער קונסט אין מערב.

„עס איטערעסירט אונז זייער צו וויסן, וואָס עס טוען איצט די אויסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן... די צוציאונגס־קראַפט, וואָס די רעפאָרמיסטן האָבן אויף דער מערהייט אָרגאַניזירטע און דענקנדיע פּראָלעטאַריער, איז אומפאַרשטענדלעך. צי האָט דער דאָ־וועס־פּלאַן עפּעס אויפגעטון, געזינטער געמאַכט די ווירטשאַפט און דעם אַרבעטער מיט עפּעס געהאָלפן? וועגן אַפילו יאָ, צי קאָן דען אַ קלאַס צוגעבונדן ווערן צו זיינע פירער דורך מאָמענטאַנע דע־־פּאָלגן פון דער פּאָליטיק? קומט אָן אין אייראָפּע אַן ערנסטע סטאַ־ביליזאַציע?

די ביכער וועגן דער דייטשישער רעוואָלוציע (פון שיידעמאַן, בערנשטיין, שטרעבעל) האָבן מיר געלייענט מיט אינטערעס. זיי האָבן אַלע פאַרשלאָפן, פאַרפּאַסט די נאָוועמבער־רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אַזוי הערלעך אַנטוויקלט!

אַ דאַנק פאַר רייגאָלס הערלעכער דראַמע „דער קבר אונטער דער טריאומף־אַרקע״. איך וואָלט עס וועלן איבערזעצן צוזאַמען מיט קאַכאַווסקאַיאַ אויף רוסיש, פאַרן מלוכה־פאַרלאַג. מיר האָבן אָבער מורא, אַז דער „מיסטישער״ סוף פון דער דראַמע וועט דעם ענין קאַליע מאַכן און מען וועט עס דאָ נישט אַרויסגעבן. דאָס ווערק אָבער איז זייער שטאַרק און שיין. עס איז קאַנטיק, אַז די קינסטלערישע ליטעראַטור אין אויסלאַנד איז ענערגיש איבערגע־גאַנגען צו פּרעדייקן עקל צום וועלט־קריג״.

אינצווישן איז ספּירידאָנאָווא געוואָרן באַאמטין. אין אָקטאָ־בער ־ נאָוועמבער 1925 שרייבט זי:

„איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַ ווירטשאַפטלעכער אינ־סטיטוציע. די אַרבעט באַפרידיקט מיך ווייניק, אָבער דער פאַר־דינסט איז געווען נייטווענדיק. דער פּאָסטן נעמט אָפּ דעם טאָג און דעם אָוונט. דעם רעשט צייט מוז מען אָפּגעבן אויף אויפצו־האַלטן די אָרדנונג אין הויז אָדער זאָרגן פאַר אַזויפיל מענטשן. די טעג פאַרגייען אויסערגעוויינלעך שנעל און לאָזן איבער נאָך זיך נישט מער ווי מידקייט, אומבאַפרידיקטקייט און אַ פאַרלאַנג אויס־צושלאָפן זיך... מיר וועלן זיך ביי אַ געלעגנהייט פאָטאָגראַפירן.

איר וועט זען, סאַראַ אַלטע פֿרייען מיר זענען געוואָרן. מאַיאַראָוו האָט נאָך אַ שווערערן פּאָסטן. האָט ער אַמאָל אַ פֿרייען אָוונט, זיצט ער אין שטוב ביז שפּעט ביינאַכט, שרייבט באַריכטן, צייכנט טאַבעלעס און אַז. וו.

אירא (קאַכאָווסקאַיאַ) לעבט באַזונדער מיט איר מוטער. זי האָט אָנגעהויבן אַרבעטן צווישן היימלאָזע קינדער. עס איז דאָ געעפנט געוואָרן אַן אינטערנאַט, וווּ עס זענען אָנגעקומען גלייך 60 קינדער. איראַס אינסטינקט צו מקריב זיין זיך וועט דאָ קאָנען באַפרידיקט ווערן אין אַ גרויסער מאָס. זי האָט זיך אָפּגעגעבן דער דאָזיקער אַרבעט מיט ליב און לעבן. די העלפט פון איר פאַרדינסט גיט זי אָפּ, אַליין עסט זי כמעט נישט. זי ווערט מאָגערער פון טאָג צו טאָג, ווייל אויך דאָס אַרומגיין אַרום איר קראַנקער מוטער קאָסט אַ סך כּחות’’.

סוף 1925 איז געקומען די ידיעה, אַז דער דיכטער יעסענין האָט זיך אין פּעטראָגראַד גענומען דאָס לעבן. סערגעי יעסענין האָט געהערט צום גלענצנדיקן דיכטערישן דריילינג פון ראַטן־רוסלאַנד: אַלעקסאַנדער בלאָק, מאַיאַקאָווסקי, יעסענין. זיי אַלע האָבן באַזונגען און געפייערט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, זיי אַלע האָבן שפּעטער נישט אויסגעהאַלטן דעם אייזקאַלטן אָטעם פון דער נייער צוואַנג־מלוכה. בלאָק האָט געהערט צו דער עלטערער גענעראַציע דיכטער, אַלס איינער פון די ווייניקע האָט ער ,,פאַרנומען די מוזיק פון דער צייט. ,,וואָס האָט די רעוואָלוציע בדעה צו טאָן? — האָט ער געשריבן. — זי האָט בדעה אַלץ צו ענדערן, אַזוי איינצואָרדענען, אַז אונזער ליגנעריש, שמוציק, לאַנגווייליק, העסלעך לעבן זאָל ווערן גערעכט, פריילעך, און שיין’’. זיינע ,,צוועלף’’ רויטגוואַרדייער האָבן סימבאָליזירט דעם מעטאַלענעם מאַרש אין דאָזיקן נייעם לעבן אַריין. די יאָרן פון צוואַנגס־קאָמוניזם, די פאַרשטוינונג פון די מאַסן האָבן אים געפירט צו ביטערער אַנטוישונג. ער איז שווער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין יאָר 1921. — מאַיאַקאָווסקי איז געווען דער דיכטער פון פּראָלעטאַריאַט, מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. מיט זיין ליד האָט ער באַגלייט די באַטאַליאָנען צום בירגער־קריג. די שפּעטערדיקע סטאַביליזירונגס־יאָרן, די פאַרשטאַרונג פון דער פּאַרטיי־מלוכה האָבן אים

מער קיין פרייד נישט פארשאפט. אין 1929 האט ער פרייוויליק א סוף געמאכט צו זיין לעבן. — סערגעי יעסענין איז געווען דער יונגטלעכער דיכטער פון רעוואלוציאנערן פוירטום. פון זיין אויפגערודערטן דארף האט ער זיך אין 1917 מיט שטורעם א לאז געטון אין דער רעוואלוציע מיט רעליגיעזער התלהבות, מיטן יובל־געשריי פון פריי־געווארענעם מענטשן האט ער געזונגען זיינע לידער. ער האט דערקלערט קאמף דער אלטער וועלט, דעם אלטן גאט. ער האט געשטורעמט דעם הימל, ער האט געפאדערט די באפרייאונג נישט נאר פון מענטשן, נאר אויך פון דער גאנצער קרעאטור. „גלאקנקלאנג איבער רוסלאנד, דעם קרעמלס וועגט ווייגען ביטער, ווי דער גרויסער פיאטר אמאל, שטעל איך דיך אויף די הינטערשטע פיס, דו מענטשן־ערד! — — — זאל לעבן די רעוואלוציע — אויף דער ערד און אין הימל”. רוסלאנד — ערד — רעוואלוציע — די דאזיקע דריי באגריפן האבן זיך ביי יעסענינען פארשמאלצן אינאיינעם.

אויך פארן דאזיקן פייקלער פון דער גרויסער צייט איז איינגיכן געקומען די ביטערע אנטוישונג. דאס דארף איז געווען פארי׳אכט, א מעכטיקער מלוכה־בנין האט דערדריקט די מענטשן. פאר יעסענינס לידער פון אומגעצוימטער פרייהייט איז מער קיין פלאץ נישט געווען. אין 1920 האט ער דערקענט זיין איינזאמקייט, א נייער טאן האט גענומען קלינגען אין זיין דיכטונג. „פריינט! א, פריינט! סארא ריס אין אונזער לאנד, סארא טרויער איגם לוסטיקן ברויזן! — — — אט גלאנצט ער, דער לענין־קאלענדאר אין דער היים פון מיינע שוועסטערן, אין זייער היים, נישט ביי מיר... פאר מיר איז אויך לענין נישט קיין הייליק בילד”. אין פארצווייפלונג האט ער צוגעווארפן דעם פאלק הארטע ווערטער: „דאסדאזיקע רוסלאנד וועט ווייטער אזוי לעבן, וועט ווייטער טאנצן, וויינען הינטערן פלויט”... מיט זיין אייגן בלוט האט ער געשריבן די לעצטע געזעגענונגס־ווערטער און א סוף געמאכט צו זיין לעבן.

גאנץ ראטנרוסלאנד האט געטרויערט נאכן פארשטארבענעם דיכטער. א טרויער האט ארומגעכאפט די אין פארשיקונג צעשפרייטע ל. ס. ר., וועלכע האבן יעסענינען געציילט צווישן זייערע

חברים. אין זייער טרויער האָט זיך צונעמישט א פּאָרוואורף קעגן דעם פריינט. ספּירידאָנאָווא האָט געשריבן וועגן אים:

„יעסענינס טויט האָט געפונען א גוואַלדיקן, אומגעהייערן אָפּקלאַנג אין די הערצער. סאַראַ אומענדלעכער שאָד מאַרן דאָזיקן דיכטערישן כּח. אַנדערע מיינען, אַז אונזער האַרטע און גרוזאַמע עפּאָכע דולדעט נישט קיין ליריק. סערגעי יעסענין אָבער איז געווען דער גרויסער ליריקער, וועלכער האָ פּול אויסגעדריקט רוסלאַנדס לאָקט, ווייל זיי „וואָלטן זיך אַזוי גערן ,צוריקגעקערט קיין רוס־לאַנד". זיי זענען פאַרבליבן אין סאַמאַרקאַנד. עס זענען פאַרגאַנגען נשמה. עס איז אוממעגלעך שלום צו מאַכן מיטן דאָזיקן טויט. איך האָב אים געהערט און געזען אין 1917, ווען ער איז געווען זייער יונג, מיט גאָלדענע לאָקן"....

און אין א צווייטן בריוו:

„.... די לעצטע טעג געפינען איך מיך כּסדר אונטער דעם איינדרוק פון יעסענינס זעלבסטמאָרד. אין דער פּעטראָגראַדער פּרעסע הערן מיר ביטערע און אויפריכטיקע טענער. די נייע — איינגעבירגערטע זייטן האָבן פאַר די יונגע שרייבער, באַזונדערס פאַר אַזעלכע דיכטער פון גאָטס גנאָד ווי יעסענין, געשאַפן אויסערגעוויינלעך שווערע באַדינגונגען. אָבער דאָך קאָן איך נישט רואיק אָננעמען דעם דאָזיקן טויט. אַזאַ הפקרות, בוכשטעבלעך מיט אייגענע הענט באַגראָבן אין דער ערד זיין יונגן, ערד־זאַפטיקן טאַלענט! האָט אים באמת געפעלט פשוטע גדולד? ער איז דאָך געווען דער איינציקער ווירקלעכער פאָלקסדיכטער רוסלאַנדס. סאַראַ שאָד!..."

* * *

דאָס יאָר 1925 איז געווען פאַרענדיקט. די משעקאַ האָט דער־לויבט ספּירידאָנאָוואַן און אירע פריינט, צו ענדערן זייער וווין־אָרט, אָבער נאָר אין מיטלאַזיע. דער פאָרשלאַג האָט זיי נישט גע־ערט, אָבער נאָר אין מיטלאַזיע. די יאָרן 1926, 1927, 1928. פון ספּירידאָנאָוואַס בריוו הערן מיר וועגן דיזעלבע לעבנס־לאַסטן, דיזעלבע זאָרגן וועגן חברים, דיזעלביקע גייסטיקע אינטערעסן. „סורקאָווא איז געוואָרן שווער שווינדזיכטיק אין דער פאַרשיקונג. זי האָט געבעטן א ביסל וועש און קליידער. מיר שיקן איר דאָס...

די אַגראַר־רעפאָרם קומט פאָר ביי אונז ווייטער. 70.000

ווירטשאַפטן האָבן באַקומען נייעם באָדן. די רעפאָרם קומט דאָ פאָר ביי באַדינגונגען, ביי וועלכע זי איז דורכגעפירט געוואָרן אין קאַווקאַז אין די 60־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. טאָלסטאָי האָט עס דאָן אויסגעצייכנט געשילדערט. עס איז געלונגען דורכצופירן די עקספּראָפּריאַציע פון באָדן און דעם אויסקויף פונם אינווענטאַר אָן דערשיטערונגען און געוואַלט־מיטלען. דאָס האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך אָפּגעקאָסט אַ ים מיט געלט, — ווייל 75 פּראָצ. ווירטשאַפטן האָט מען געמוזט באַזאָרגן מיט פי און אינווענטאַר. אָבער דער דערפאָלג איז באַדייטנדיק.

מיט גרויס אינטערעס פאָלגן מיר נאָך דעם ענגלישן גענעראַל־שטרייק. דאָס, וואָס מען האָט אים איבערגעריסן, האָט אונז פאַרשאַפט גרויס עגמת־נפש’’.

אין יוני 1926 אַ בריוו פול מיט אַרבעטספרייד און געהיימען טרויער:

„....דיזעלבע רעפאָרם ווערט צוגעגרייט פאַר די אַנדערע געביטן פון טורקעסטאַן. אונזער גרופּע וועט קאָנען אַקטיוו אָנטיילנעמען אין דער אַרבעט.... אַלץ ביי אונז בליט און איז דופּטיק, אויפן טיש — רויזן מיט אַ מחיהדיקן אַראָמאַט. אָבער דאָס אַלץ גיט אַזוי ווייניק פרייד און שיינט ווי פאַרוועלקט’’.

אַ גרויסע מידקייט שפירט זיך אין נאָנטסטן בריוו. „מ. און נאָך צוויי חברים, וועלכע זענען אָפּגעזעסן די תפיסה־שטראָף, ווערן פאַרשיקט קיין אָבדאָרסק, סיבירס צפונדיקסטע שטאָט. אומפאַרשטענדלעך, צוואָס מען טרייבט אַזעלכע מענטשן אין מדבר. דו קוקסט זיך אַרום און עס טויכט אויף די דערינערונגען וועגן אַלטן סיביר. די סיבירער גובערנאַטאָרן, די מוראַוויאָווס און די קאָרסאַקאָווס פון מיטן 19־טן יאָרה., זענען געווען פאַרשטאַנדיקער פאַר די מאַכטהאָבער פון 20־טן י. ה. זיי האָבן פאַרשטאַנען ווי אויסצונוצן די מענטשלעכע ענערגיע, און דאָס איז געווען פּראָדוקטיווער. עס איז ווייטאָקדיק צו טראַכטן, ווי אַזוי די חברים וועלן זיך דאָרט איינאָרדנען.

דאָ איז אַלץ ביים אַלטן, מיר זענען אַזוי איבערגעאַרבעט, אַז מען האָט גאָרנישט קיין פרייע צייט. כאַראַקטעריסטיש, אַז די דאָזיקע דערשייַונג לאָזט זיך שפירן אומעטום אין לאַנד. דעריבער

אזא הויכער פראצענט נערוועזע און זעליש־קראנקע צווישן די „פאראנטווארטלעכע" פונקציאנארן, דערייבער די מידע און פאר־ביטערטע פנימער פון די ראטן־באאמטע. יעדן אוונט קערן מיר זיך אום זייער שפעט פון צווייטן ארבעטס־פלאץ. לייענען קאן מען בלויז ביינאכט, אויב מען האט נישט קיין קאפווייטאק. אירא אר־בעט כסדר אירע 18—20 שעה, ווייל ביינאכט מוז זי נאך וואכן ביי איר מוטער. עס איז שרעקלעך צוצוזען, ווי דער דאזיקער ענערגי־שער, טאלענטפולער, הערלעכער מענטש גייט צום גרונט.

...ווי פיינלעך עס שלעפט זיך דער ענגלישער שטריק. מיט וואס לאזט זיך דערקלערן די ערגער ווי גלייכגילטיקע באציאונג פון די ענגלישע פראפאראיין־פירער צו זייערע שטרייקנדיקע חברים?"

אין א בריוו פון נאוועמבער 1926 הערן מיר וועגן קאכאוו־סקאיאס פיינפולן לעבן.

„איך האב געלייענט ראמען ראלאנס הערלעכע דראמע „די שפיל פון ליבע און טויט". בכלל גענומען האב איך נישט ליב די פראנצויזישע דראמע. זי ציט איר ליניע פון קארנעלן און ראסי־נען, און דאס איז נישט סימפאטיש דעם רוסישן גייסט. אבער יענע דראמאטישע דיאלאגן וועגן קריג („דער קבר") און דאסדאָ־זיקע שטיק ראלאנס וועגן דער רעוואלוציע אקצעפטיר איך אינ־גאנצן.

אונזערע נייעס זענען נישט דערפרייענדיק. איראס מוטער איז געשטארבן. איראן גופא האט מען באזייטיקט פון קינדערהיים. איר טרויער איז פונקט אזוי גרויס, ווי דער קומער פון די 67 היימלאזע קינדער, וואס זענען בארויבט געווארן פון איר שוץ. איצט גיט אירא א פאר לעקציעס, פילט זיך ווי אויסגעווארצלט. אויך סאניא גיט לעקציעס. זי איז זייער, זייער געעלטערט... פארוואס האבן די מערב־איראפעאישע פראלעטאריער אזוי ווייניק געהאלפן די ענגלישע קוילנארבעטער? איז זייער אייגענע לאגע אזוי שלעכט?"

אין א בריוו פון 1928 טיילט זי מיט: „איך ארבעט נישט מער, מען האט מיך רעדוצירט". די רעגירונג האט איר מער נישט פארגונען די קארגע פרייד פון ארבעט. אויך דער דרוק פון די

טשעקאַ איז שווערער געוואָרן. „מיר זענען געזונט, נאָר די מאַכט דריקט אונז העפטיק צו... באַזונדערס שווער איז די יונגערע חברים... דאָס לעבן ווערט דערטרונקען אין פאַרמאַטערנדע קלייניקייטן. אַלץ קאָנצענטרירט זיך אויף די לויף־ און דערנערונגס־פראַגן". ספּירידאָנאָוואַן און איר פריינט האָט ארומגעכאַפּט אַ פאַרלאַנג צו בייטן דעם וווין־אָרט. זיי האָבן געוואָלט פאָרן אין גרעסערן טאַשקענט. די טשעקאַ האָט נישט געגעבן קיין ענטפער, זי האָט אָפּגעשלעפּט, זיי האָבן געמוזט וואַרטן אין אומזיכערקייט.

און דאָך פאַרלירן נישט די דאָזיקע מענטשן זייער מוט און גלויבן אין דער צוקונפט. זיי זענען די „אַלטע", און מיט וואָסער שטאָלץ רעדן זיי וועגן דער נייער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע. „דערפאַר וואַקסט אויף אַ הערלעכע יוגנט — קלוג, מוטיק, ערנסט, אַ יוגנט, וואָס לערנט אַ סך און איז איבערגעגעבן דער אידייע". די אַלטע זענען גערעכט. אומצאָליקע בריוו פון רוסישע רעוואָלוציאָנערן פון די תפיסות און פאַרשיקונגס־ערטער זאָגן עדות וועגן אַ העראָאיזם, אַ שטאַנדהאַפטיקייט און לעבנס־קלוגשאַפט, ווי זיי טרעפן זיך זעלטן אין דער געשיכטע. פון די דאָזיקע באַריכטן ווילן מיר נאָר ציטירן איין יונגע רעוואָלוציאָנערין, וועלכע מיר קענען שוין. לידיאַ גאָלאָווינאַ, וועלכע איז געשטאַנען פאַרן טריבונאַל, לעבט זייט יאָרן אין פאַרשיקונג. אַ חוץ טובערקולאָז, האָט זי נאָך באַקומען אַ שווערע מאָגן־קראַנקהייט.

„...ווי מיר גייט? זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איך האָב נישט קיין פּאָסטן. דאָס גילט ביי אונז אַלס לוקסוס. עס הערשט דאָ אַ בייזע קעלט. זייט ניי־יאָר הערשט דאָ אַ טעמפּעראַטור פון 36—40 גראַד אונטער זעראָ. איך בין פון דעם אינגאַנצן קראַנק. איך קאָן זיך נאָך אַלץ נישט צוגעוווינען צום קלימאַט, הגם איך געפין זיך שוין דאָ אַ גאַנץ יאָר... סאַראַ סך אינטערעסאַנטעס עס איז איצט דאָ אויף דער וועלט. דער קריזיס אין ענגלאַנד, די געשעענישן אין כינע און אַז. וו. דאָס אַלץ זאָגט אָן אַ נייעם אויפשוווּנג אין קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, אַ אויפשוווּנג פון רוסישן אָקטאָבער. עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם, ווען מען טראַכט וועגן די רעזולטאַטן פון די דאָזיקע גרויסע געשעע־

נישן. אז דער קאפיטאליזם איז פארמשפט אונטערצוגיין, דערין קאן מען נישט ספקן. איך פרווו נאכצופאלגן די נייעסן אין דער קונסט. די קונסט איז נישט בכח ארויסצוקריכן פון קריזיס פון דער אינהאלטס־ארעמקייט. עס זענען דא א מאסע נייע נעמען, אבער אזוי ווייניק אמתע קינסטלער, און אויך דידאזיקע לאזן זיך פירן בלויז אין אויסנאם־פאלן דורך קינסטלערישע אימפולסן. און די ליריק? ווער קען שרייבן געדיכטן, נאכדעם ווי בלאק איז געשטארבן און אויך יעסענין איז מער נישטא?... יא, כדי נישט צו פארגעסן: איך האב נויטיק ליטעראטור וועגן קריזיס פון דער נאך־מלחמה־צייט, מיט סטאטיסטישע טאבעלן. וועגן דער באוועגונג פון די תבואה - פרייזן, וועגן די פארזיי־פלאכן און דאס גל. די שפראך איז מיר אלץ איינס".

פון אירן א צווייטן בריוו:

„אין די לעצטע חדשים האבן מיר געהאט איינעם נאכן צווייטן שווערע פארלוסטן. היינט שרייב איך שוין רואיק דער־פון... ווען מען וואלט זיך געלאזט באהערשן פון דער ביטערקייט פון די פארלוסטן, וואלט מען נישט געקאנט לעבן, ווען איך וואלט אבער געוווסט, ווי שווער עס ווערט, ווען דער נאענטער פאלט צו דר'ערד און מען איז נישט בכח אים צו העלפן. עס איז יעדנפאלס גוט, וואס די יעניקע, וועלכע פאלן, זענען צוזאמענגעבראכן, נישט בויגנדיק זיך. גרעגאר איז משוגע געווארן, ער האט געמאכט צוויי פרווון צו באגיין זעלבסטמארד. ער געפינט זיך אין שפיטאל, אבער עס איז נישטא קיין אויסזיכט ער זאל געזונט ווערן. עס איז אגב לעכערלעך צו האפן דארויף ביי דידאזיקע באדינגונגען.

עס זענען דא נאך א סך זארגן... מיינט אבער נישט, אז אלץ איז אזוי פינסטער... אויב עס גייט מיר היינט שלעכט, וועט מארגן דאס גליק שמייכלען צו אן אנדערן. און דאן קומען בסדר צו נייע פריינט, טרייע און שטאנדהאפטע. די, וועגן וועלכע איך רעד, זענען אזוי יונג, אז אונזער אייגענע יוגנט ווערט אין זיי לעבעדיק. זייער פעסטקייט, זייער גליענדער גייסט, וואס שפרינגט אויף ווי א כפרוזשינע, וועקט פרייד אין די נאענט־שטייענדע. עס איז צו באגריסן, וואס די לעבנס־אומשטענדן האבן אונז אריינ־געשפארט אין דיזעלבע ראמען. די שולע איז יעדנפאלס הארט,

שוין צו וואָס. אָבער כּל זמן מען שטייט פעסט אויף ביידע פיס איז מיטלייד נישט פּאַסיק. עס זענען נוייטיק אייזערנע מענטשן, אויף וועלכע דאָס איצטיקע לעבן זאָל צעברעכן די ציין. מען קאָן נישט בייקומען אַזעלכע, ביי וועמען דאָס אַלץ איז נישט בלויז איין לעבנס־אינהאַלט צווישן אַנדערע, נאָר אַן אומשטערבלעכע, טיפע, העלע לעבנס־רעליגיע. וועגן די אויסוווּרפן לאָמיר בעסער שווייגן, אויך זיי זענען אומפּאַרמיידלעך... ווי איר זעט, בין איך אָפּטימיסטיש, ווי תמיד. איך האָב אין די לעצטע יאָרן געזען טאָפּלט אַזוי פיל, ווי אין מיין גאַנצן פריערדיקן לעבן. אינטערעסאַנטס און קומערפולס. אָבער אַזוי איז דאָס לעבן און אַזוי זענען אויך מיר".

## .XIV

# צוועלף יאָר — און וואָס ווייטער?

אין דער צייט, ווען טויזנטער רוסישע סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן האָבן יאָרנלאַנג פאַרבראַכט אין אַרעסט, איז דאָס לעבן פון דער באָלשעוויסטישער מלוכה זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט געשטאַנען אויף איין אָרט. אין ראַטן־רוסלאַנד האָבן זיך אין די דאָזיקע יאָרן אָפּגעשפּילט גרויסע געשעענישן. אין 1924 איז געשטאָרבן לענין. שוין בעת זיין קראַנקהייט איז אָנגעגאַנגען אַ פאַרביטערטער קאַמף צווישן די פּרעטענדענטן אויף דער מלוכה־מאַכט. די פראַקציע סטאַלין־זינאָוויעוו־קאַמעניעוו האָט זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער פאַר טראָצקיס. נאָך לענינס טויט זענען די קאַמפן אָפן אויסגעבראָכן. די שווערע אַלגעמיינע לאַגע אין דער מלוכה און אין דער ווירטשאַפט האָט צוגעגעבן אַ באַזונדערע שאַרפקייט די דאָזיקע מאַכט־פּאָליטישע קאַמפן. די גאַנצע פירערשאַפט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט זיך איינגעטיילט אין גרופּעס, באַקעמפנדיק אומברחמנותדיק איינע די צווייטע. קודם כּל האָבן די דריי „לעגיטימע" יורשים פון לענינען געמאַכט אַ פאַרשווערונג קעגן טראָצקין און אים פאַריאָגט פון אַלע זיינע פּאָזי־

ציעס. דאַן האָבן זינאָוויעוו און קאַמענעוו פאַרלאָזן די פאַרשווע־רער־גרופּע, כּדי צו פאַרבינדן זיך מיט טראָצקין — אין לענינס נאָמען. אינמיטן קאַמף איז פון אַ האַרץ־שלאַג געשטאָרבן דזשער־זשינסקי. אַ דאַנק דעם פּאַרטיי־ און מלוכה־אַפּאַראַט, וועלכן ער האָט דורך יאָרן ענערגישער אַרבעט קאָנצענטרירט אין זיינע הענט (די מאַסן האָט מען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, נישט גע־פרעגט!), האָט סטאַלין באַזיגט טראָצקין און זיינע אָנהענגער. שפּעטער האָט סטאַלין באַקומען אַ פרישן קאַמף־פראָנט, וועלכער האָט אים אָנגעגריפן פון רעכטס: בוכאַרין, ריקאָוו, טאָמסקי, אויך זיי זענען אויפגעטראָטן אַלס די געטרייסטע שילער פון לע־נינס לערע. סטאַלין האָט אויך זיי באַזיגט און האָט זיך פעסט באַזעצט אין שפּיץ פון דער פּאַרטיי־מלוכה אַלס איינציקער פאַר־טרעטער פון לענינס זאַך. אַלע זיינע פּאַרטיי־קעגנער פון רעכטס און לינקס זענען דערקלערט געוואָרן אַלס קאָנטר־רעוואָלוציאָ־נערן, מען האָט זיי פאַריאָגט, איבערגעענטפערט אין די שטראָפנ־דיקע הענט פון דער טשעקאַ. אַלע פאַרפאָלגונגען, וואָס די מלו־כה־אָרגאַנען האָבן אין די פריערע יאָרן אָנגעווענדט קעגן סאָציאַ־ליסטן און אַנאַרכיסטן, זענען איצט אָנגעווענדט געוואָרן קעגן די מורדישע קאָמוניסטן גופא. טראָצקי, וועלכער האָט אין 1921 נישט געוואָלט אַרויסלאָזן ספּירידאָנאָוואַן קיין אויסלאַנד, איז אַליין אַהין פאַרשיקט געוואָרן.

בעת דידאָזיקע קאַמפן איז צו גרונט געגאַנגען אַ פירנדע אי־דייע פון באָלשעוויזם: די אידייע פון דער פּאַרטיי־דיקטאַטור. לע־נין האָט געפאָדערט פאַר זיין פּאַרטיי (און פאַר זיך) אַן אומבאַ־גרענעצטע דיקטאַטור, ווייל ער האָט זי דערקלערט אַלס היסטאָ־ריש־באַרופענעם אַוואַנגאַרד פון פּראָלעטאַריאַט. אין דאָזיקן אַוואַנגאַרד איז פאַרקערפּערט דער איינהייטלעכער רעוואָלוציאָנע־רער פאַרשטאַנד פון פּראָלעטאַרישן קלאַס; ער אַליין מוז פירן די מאַסן. מיט לענינס טויט און דעם טיפן ריס אין זיין פּאַרטיי איז פאַרניכטעט געוואָרן אַפילו דידאָזיקע באָלשעוויסטישע רעכט־פאַרטיקונג פון דער דיקטאַטור. ווען די פּאַרטיי איז צעפאַלן גע־וואָרן אין קאָנקורירנדע גרופּעס, וואָס יעדע פון זיי האָט פּראָ־קלאַמירט, אַז נאָר זי פאַרמאָגט דעם פאַרשטאַנד פון לענינען און

פון פראָלעטאַרישן קלאַס, — האָט שוין נישט געקאָנט זיין קיין ריד וועגן אַ „איינהייטלעכן" אַוואַנגאַרד. עס איז נישט געווען קיין שום גרונט אָנצונעמען, אַז גראָד דער זיגערישער סטאַלין רע־פּרעזענטירט דעם פאַרשטאַנד פון דער פּאַרטיי, פון קלאַס, פון דער רעוואָלוציע. פאַרוואָס־זשע זאָל מען אויסשליסן, קען באַשטימען דעם גורל פון לאַנד די גרויסע מאַסן פון אַרבעטנדן פאָלק, די אַנ־דערש־דענקענדע סאָציאַליסטן, די ראַטן? אויב די פּאַרטיי־דיקטאַ־טור איז שוין געווען — דעגענעראַציע פון דער רעוואָלוציע, איז די דיקטאַטור פון אַ פראַקציע שוין געווען דעגענעראַציע אַפילו פון דער פּאַרטיי־דיקטאַטור. דידאָזיקע נייע פערזאָנען־ און גרופּן־הער־שאַפט האָט נישט געהאַט קיין אידעאָלאָגישע באַרעכטיקונג, זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נאַקעטע הערשאַפט איבער די מאַסן.

וואָס איז אינצווישן פאָרגעקומען אין לאַנד? ווו האָט עס דערפירט די הערשנדע סיסטעם פון נעפּ? מיר האָבן נישט נויטיק צו געבן אַן אייגענע קריטיק. די קריטיק — אין דער שאַרפסטער פאָרם — האָבן געגעבן די אָפּאָזיציאָנעלע קאָמוניסטן גופא. ספּי־רידאָנאָווא האָט אין 1918 פאַראויסגעזאָגט אין איר „אָפענעם בריוו": „עס וועט קומען אַ צייט, ווען אין אייער פּאַרטיי גופא וועט זיך אויפהייבן אַ פּראָטעסט קעגן אַזאַ פּאָליטיק, וואָס דער־שטיקט דעם לעבעדיקן גייסט פון דער רעוואָלוציע. עס וועט קומען צו אַ קאַמף אין דער פּאַרטיי גופא, עס וועט קומען אַ רייניקונג". יענער גרויסער רייניקנדער שטורעם, אויף וועלכן ספּירידאָנאָווא האָט געהאָפט פאַר דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז נאָך נישט געהאַט געקומען, ווייל טראָצקי און די אַנדערע האָבן געשטרעבט בלויז נאָך רעפאָרמען אין און לטובת דער פּאַרטיי־דיקטאַטור, קעגן דעם פרייען שאַפן פון פאָלק. און דאָך האָט די פון לעבן אויסגעשלאָסענע ספּירידאָנאָווא געקאָנט קוקן מיט באַפרידיקונג אויף דידאָזיקע קאַמפן. די פירער פון די קאַמפן האָבן אַרויסגע־זאָגט זייער אַ סך פון דעם, פאַרוואָס עס האָבן זיך יאָרן־לאַנג איינגעשטעלט די אַנטי־באָלשעוויסטישע סאָציאַליסטן. הגם אין אַ נישט־גענוגענדער פאָרם, האָבן זיי דאָך געבראַכט צום אויסדרוק דעם פאָלקס שרייענדע נויטן, וואָס האָבן עס דערדריקט. אַזוי אַרום איז ווידעראַמאָל גערעכטפאַרטיקט און ניי־באַגרינדעט גע־

וואָרן דער פריערער קאַמף פון ספּירידאָנאָוואַן און אירע פריינט. דאָס בילד, וואָס עס האָבן געצייכנט זינאָוויעוו, טראָצקי, סאָפּראָנאָוו, איז אידענטיש מיטן בילד, וואָס עס האָבן געצייכנט די ל. ס. ר.

„זענען דען — האָט זינאָוויעוו געשריבן — אין אונזערע מלוכה־טרעסטן, אין דער אַרבעטס־סיסטעם נישטאָ קיין עלעמענטן פון קאַפּיטאַליזם? פילן דען נישט די אַרבעטער דעם גאַנצן שווינדל, ווען מיר קומען צו זיי מיט זיסלעכע פראַזן און פאַרזיכערן, אַז דאָס איז ווירקלעך סאָציאַליזם?" „און די באַציאונגען צווישן פאַבריק און אַרבעטער, די פאָרמען פון אַרבעטס־לוין, די אַקאָרד־אַרבעט, צי איז דאָס דען אַלץ ווי אין אַ סאָציאַליסטישער פאַבריק?" „אין באַטריב פאַרפעסטיקט זיך די אומבאַשרענקטע מאַכט פון דער פאַרוואַלטונג. אַנשטאָט דערציען דעם אַרבעטער אָנצופירן מיטן באַטריב, ווערט פאַרשטאַרקט די מעכאַנישע דיסציפּלין. די אינערלעכע באַציאונגען אין דער פאַבריק זענען ענלעך צו די פון פאַר דער רעוואָלוציע". „דער פאַרקויף פון בראָנפן האָט געבראַכט דער אַרבעטערשאַפט דעם גרעסטן שאָדן. דער נידעריקער אַרבעטס־לוין און די פאַרשאַרפטע אַרבעטס־געשפּאַנטקייט שאַפן די בעסטע באַדינגונגען פאַרן אַלקאָהאָליזם. די מלוכה־הכנסות וואַקסן אויפן חשבון פון אַרבעטערס געזונט און לוין".

„אין דאָרף איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער לאָזונג „באַרייכערט זיך". דאָס האָט געבראַכט צום באַנייטן וווקס פון קולאַקנטום, פון קאַפּיטאַליסטישע פּויערים. די רעגירונג איז זיי אַנטקעגנגעקומען, אַרויסגעבנדיק צוויי געזעצן, וואָס האָבן אונטערגעבראָכן די ערד־סאָציאַליזאַציע. די קולאַקעס מעגן פאַכטן די ערד, וואָס די אָרעמע פּויערים קאָנען נישט באַאַרבעטן. זיי מעגן אויך אָנדינגען פּויערים אַלס לוין־אַרבעטער אין זייערע וואַקסנדע ווירטשאַפטן. עס שיינט, אַז דאָס דאָרף נעמט אָן צוריק דאָס פּנים פון פאַר דער רעוואָלוציע. די פּויערים ווערן אין אַ שנעלן טעמפּאָ פאַראָרעמט. אין יאָר 1925 האָבן די אונטערשטע שיכטן פון פּויערטום געהאַט אין זייער באַזיץ בלויז 2,7 פּראָצ. פון באַאַרבעטן באָדן, די אויבערשטע שיכטן דאַקעגן — 42,6 פּראָצ. זינאָוויעוו האָט געמאַכט

אויפמערקזאַם, אַז 42 פּראָצ. פּויערים האָבן נישט קיין פּערד פאַר דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט. „פאַרגלייכט נאָר די עקאָנאָמישע מאַכט און די פּאָליטישע באַדייטונג פון דער ערשטער און צווייטער גרופּע אין דאָרף, און איר וועט מוזן זאָגן, אַז די ראָלע פון די קולאַקעס איז געוואַלטיק". די פּויערים, וועלכע האָבן נישט געפונען קיין אַרבעט, האָבן אָנגעהויבן פּלאַנלאָז אַרומצוּוואַנדערן איבערן לאַנד, ווי אין די צאַרישע צייטן. דאָס איז געווען אַ חוזק פון דער גרויסער אַגראַר־רעוואָלוציע, פון דעם דורך איר פּראָקלאַמירטן רעכט אויף אַרבעט.*)

„דער ביוראָקראַטישער רעזשים פרעסט זיך איין ווי זשאַווער אינם לעבן פון יעדער פאַבריק. דער פאַרוואַלטער, וועלכער האָט אין דער פּאַרטיי פאַרבינדונגען, שיצט זיך פאַר יעדער קריטיק. די אַרבעטער דערוועגן זיך נישט אָפן אַרויסצוטרעטן קעגן מיסברויכן, אויב זיי ווילן נישט פאַרטריבן ווערן פון דער אונטערנעמונג" (טראָצקי). „די זעלבסטצופרידענע באַאַמטע, וועלכע טאַנצן לויטן פייפל פון די העכערע באַאַמטע, די קליינבירגער, וועלכע האָבן דעראָבערט די פירנדע פּאָסטנס און קוקן גאַווהדיק אויף די מאַסן, — פילן אַלץ מער באָדן אונטער די פיס, פאַררייסן אַלץ העכער דעם קאָפּ", — האָבן דערקלערט 2000 באָלשעוויקעס אין אַ מעמאָראַנדום צום צענטראַל־קאָמיטעט אין אויגוסט 1927. „אונזערעווירטשאַפטלעכע אָרגאַנען דערווייטערן זיך פון די מאַסן און שליסן אַ בונד מיט די נעפּלייט און קולאַקעס". „די עיקר־דיקע סיבה פון דעם כסדר זיך פאַרשאַרפנדיקן קריזיס אין דער פּאַרטיי איז דער ביוראָקראַטיזם, — האָבן דערקלערט טראָצקי, קרופּסקאַיאַ (לענינס אַלמנה) און זייערע אָנהענגער. די אומצופרי־

---

*) אין פאַרביטערטן, דעמאַגאָגיש־געפירטן קאַמף קעגן סטאַלינען, האָבן אים זיינע קעגנער פאָרגעוואָרפן, אַז ער פירט דורך אין דאָרף מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַס פּראָגראַם. „מיר זעען איצט, אַז איינִיקע פאַרטרעטן דאָ די ל. ס. ר., וועלכע געפינען זיך נישט אויף דער היסטאָרישער אַרענע". עס איז איבעריק צו זאָגן, ווי ווייניק געמיינזאַמעס עס האָבן ספּירידאָנאָוואַס אידייען איבער סאָציאַליזם אין דאָרף מיט סטאַלינס צוואַנגס־פּראָגראַם.

דענע אָרער ספּקדיקע האָבן מורא אויפצוהויבן זייער שטים אין פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען. אַלע רעזאָלוציעס ווערן אָנגענומען „איינשטימיק". די באַדייטונג פון איינצלנעם פּאַרטיי־מיטגליד איז גלייך זעראָ. אַלע ברענענדיקע פראַגן ווערן נישט באַהאַנדלט אין פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, נאָר אומלעגאַל, אין פאַרבאָרגענע ווינקלען, ביי אַ כּסדרדיקער געפאַר".

אויב אַזוי איז דער גורל פון פּראָלעטאַריער, מיטגלידער פון דער הערשנדער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן, וואָסערע דערפאַרונגען עס מאַכן אונטערן דאָזיקן רעזשים די איינפאַכע נישט־פּריווילעגירטע אַרבעטס־מענטשן. דער טעראָר קעגן אַלע אַנדערש דענקנדע האָט ווייטער געהערשט אין גאַנצן לאַנד. אין אַלעמענס זכרון איז געבליבן איינגעקריצט אַ שוידערלעכע טאַט פון יענעם פּעריאָד. דעם 19־טן דעצעמבער 1923 איז געמאַכט געוואָרן אַ בלוטבאָד אויף די סאָלאָוועצער אינזלען, וווּ עס איז געווען אַן איזאָלאַציע־לאַגער פון סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן. די וואַך האָט געשאָסן אויף די אומבאַוואָפנטע רעוואָלוציאָנערן בעתן שפּאַציר, האָט 6 געטויט און 2 פאַרווונדעט. צווישן די טויטע האָבן זיך געפונען 2 פרויען. זייט דאַן איז „סאָלאָווקי" געבליבן דער סימבאָל פון רעזשים.

סטאַלין האָט זיך שאַרף אָפּגערעכנט מיט דער אָפּאָזיציע, אָבער אויך ער האָט געזען די טראַגישע לאַגע פון לאַנד און די וואַקסנדע אומצופרידנקייט פון די מאַסן. אין 1928 האָט ער באַשלאָסן אָפּצושאַפן די נעפּ־סיסטעם. מיט איין קלאַפּ האָט מען געדאַרפט פּטור ווערן פון קולאַקנטום און קאַפּיטאַליזם. מען האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, ווי אַזוי דאָס לאַנד זאָל כּאַציאַליזירט ווערן אין משך פון 5 יאָר. אין שטאָט זאָל אין פיבער־טעמפּאָ אויסגעבויט ווערן אַ גרויסאינדוסטרי, אין דאָרף זאָל דאָס גאַנצע פּויערטום קאָלעקטיוויזירט ווערן. ביידע פּראָצעסן — אינדוסטריאַליזירונג און קאָלעקטיוויזירונג — האָבן געדאַרפט דורכגעפירט ווערן מיט אַלע מיטלען פון דער מלוכה־ און טשעקאַ־אַפּאַראַט... גאַנגען. עס איז געווען קלאָר: די נייע פּראָגראַם איז אין תּוך געווען אַ צוריקקער צום קריגס־קאָמוניזם. די „אַרבעטס־אַרמייען", וועגן וועלכע טראָצקי האָט אַמאָל געטרוימט, האָבן געפירט זייי־

ער געפּורט. דאָס איז געווען דאָס כאַראַקטעריסטישע אין באָלשעוויזם, וואָס ער האָט זיך געוואַקלט צווישן נעפּ און קריגס־קאָמוניזם. אָפּקערנדיק זיך פון די קאַפּיטאַליסטישע נעפּ־מעטאָדן, איז ער תּיכּף איבערגעגאַנגען צו די מיליטאַריסטישע, נישט צו די פּריי־סאָציאַליסטישע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערער פּעריאָד פון דער מלוכהס מאַכט־אַנטוויקלונג און פון פאָלקס אומגעהייערן ליידן.

* * *

סוף 1928 האָט די טשעקאַ נאָכגעגעבן ספּירידאָנאָוואַס פאַרלאַנג. זי, קאַבאָווסקאַיאַ, איזמאַילאָוויטש און מאַיאָראָוו זענען איבערגעפירט געוואָרן קיין טאַשקענט, דער הויפּטשטאָט פון טורקעסטאַן. צוערשט איז דאָס געווען אַ פאַרלייכטערונג פאַר די געפאַנגענע. „די שטאָט איז גרויס — האָט ספּירידאָנאָוואַ געשריבן.... — עס פעלן דאָ נישט קיין ביכער, געבילדעטע מענטשן“. אינגיכן אָבער האָבן זיי אויך דאָרט באַקומען צו שפּירן די קלעפּ פון לעבן. אַ חוץ מאַיאָראָוון, האָבן זיי קיינער קיין אַרבעט נישט געהאַט. עס איז נישט געווען קיין אויסזיכט אויף אַרבעט.... דאָס שווערסטע איז געווען, וואָס זיי זענען געבליבן אומפריי, ווי פריער. אַרום זייער וווינונג האָבן גאַנץ אָפן אַרומגעשפּאַצירט שפּיאָנען און זיי אומעטום באַגלייט. עס איז געווען פאַרשטענדלעך, אַז זיי און די חברים האָבן זיך נישט געקאָנט באַזוכן. ספּירידאָנאָוואַ האָט געשריבן: „מיר קומען נישט אין קיין שום באַרירונג מיט דער שטאָט. עס איז דאָך באַקאַנט, וואָס פאַר אַ מאַן (רעזשים) איך האָב. ער איז פון דער נאַטור אַ מאַן פון מאַלאַכאָווקאַ (ספּירידאָנאָוואַ האָט מרמז געווען אויף די באַדינגונגען פון איר הויזאַרעסט אין דער זומערוווינונג ביי מאָסקווע). אַזוי איפּערזיכטיק, אַז ער פאַרביטערט אונז אַלעמען דאָס לעבן. אָט אַזוי וועגעטיר איך, ביז אַמאָל, אין אַ שווערער שעה, קאָן מיט מיר עפּעס פּאַסירן. די גייסטיקע באַדערפעניש ווערן ניט באַפרידיקט, ווייל ער באַגלייט מיך אומעטום, ער לאָזט מיר נישט אָנקניפּן קיין באַציאונגען מיט מענטשן און מאַכט מיר כּסדר פאַמיליען־סצענעס“...

די פאַרשאַרפונג פון דער טשעקאַ־אויפזיכט איז זיכער נישט געווען קיין צופאַל. דאָס איז פאַרבונדן געווען מיט די שאַרפע

פֿראַקציע־קאַמפֿן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די פֿאַרפֿאָלגונג פֿון די אָפּאָזיציאָנעלע קאָמוניסטן האָט געמוזט פֿירן צו א טאָפּ־טער פֿאַרפֿאָלגונג פֿון די שוין פֿריער געפֿאַנגענע רעוואָלוציאָנערן. שוין אין סאַמאַרקאַנד האָט זיך ספּירידאָנאָווא געקלאָגט איבער דעם אומדערטרעגלעך־ווערנדן רעזשים. אין טאַשקענט איז בסדר שווערער געוואָרן צו לעבן. אויך די ידיעות, וואָס זענען געקומען פֿון און וועגן חברים, זענען געווען טרויעריק. „מ. איז פֿאַרמשפּט צו פֿירן א לעבן פֿון א הייל־מענטשן. נ. און די אַנדערע זענען אויף לאַנג פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אין א בערן־נאָרע. זיי טרייסטן זיך דערמיט, וואָס אמאָל־אמאָל האָבן דאָרט אויך געלעבט די פֿאַרשיקטע צאַר־פֿאַוואָריטן, ווי פֿירשט מענשיקאָוו, למשל. זייער טראַגישער גורל פֿילט מיך אָן מיט שווערער זאָרג... קאַמקאָוו האָט פֿאַרענדיקט א בוך וועגן דער פּאַריזער קאָמונע. ווען וועט עס דען אמאָל דערשיינען? איצט האָט ער בדעה צו שרייבן א ווערק וועגן די גרעניצן פֿון אָנווענדן נאַטורוויסנשאַפֿטלעכע מעטאָדן אויף די גייסט־וויסנשאַפֿטן... ר. איז באַשעפֿטיקט געווען מיט אַנטראָפּאָלאָגישע אונטערזוכונגען, וואָס ער האָט געמאַכט אויף טשערעמיסן, טאָטערן און אַנדערע מאָנגאָלישע שטאַמען, מען האָט אים אָבער איבערגעריסן זיין ליבלינגס־באַשעפֿטיקונג. אומזיסט האָט ער גע־בעטן אים כאָטש אָפּצוגעבן די צוגענומענע מאַטעריאַלן".

אין דער זעלבער צייט האָט ספּירידאָנאָווא איבערגעלעבט דעם שווערן פֿאַרלוסט פֿון א נאָנטע חברטע. טאַניא ראַיעווסקאַיאַ האָט אין דעצעמבער 1928 א סוף געמאַכט צו איר לעבן אין דער פֿאַרשיקונג אין צפֿון־רוסלאַנד. א פּראָלעטאַריערין פֿון דער גרויסער פּעטראָגראַדער פֿאַבריק „טרעאוגאָלניק", האָט ראַיעווסקאַיאַ גענומען אן אַקטיוון אָנטייל אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. זייט 1919 איז זי אָן אויפֿהער פֿאַרפֿאָלגט געוואָרן. אין שווערן פּעריאָד פֿון אומלעגאַליטעט איז זי טריי געשטאַנען לעם ספּירידאָנאָוואַן. די לעצטע יאָרן האָט זי פֿאַרבראַכט אין דער אייז־קאַלטער פֿאַרשיקונג. אָנהויב 1929 האָט זיך געדאַרפֿט ענדיקן איר דריי־יאָריקער טערמין, זי האָט אָבער געוווּסט, אַז די טשעקאַ וועט זי מער נישט אַרויסלאָזן אויף דער פֿריי. די שרעקלעכע איינזאַמקייט, די „ביטערע קעלט" האָבן געטריבן די 35־יאָריקע ראַיעוו־

סקאיא צום פאטאלן אנטשלוס. זי האט זיך אויפגעעפנט די אדערן און זיך אויפגעהאנגען. דער וויטאק, וואס דערדאזיקער זעלבסט־מארד האט פארשאפט אירע חברים און ספירידאנאוואן, איז געווען טיף.... און מיט א יאר פריער האט דער יוגנטלעכער ל. ס. ר. לאגאטשאוו געמאכט א סוף צו זיין לעבן אין חער נאנטער תפיסה ביי טאשקענט. אלס פראטעסט קעגן שיקאנעס פון דער טשעקא האט ער זיך באגאסן מיט פעטראלעאום, זיך אנגעצונדן און איז געשטארבן נאך צוויי טעג פון א פיינלעכער גסיסה .

אין הארבסט 1929 איז ספירידאנאווא שווער קראנק געווארן אויף טיפוס. צוערשט האט זיך די קראנקהייט נארמאל אנטוויקלט, אבער באלד זענען צוגעפאלן קאמפליקאציעס. צום סוף פון דער אכטער וואך איז ספירידאנאווא שטארק אפגעשוואכט געווארן; זי האט פארלוירן 40 פונט אין געוויכט. דער דאקטוירים־קאנסוליום האט באקומען ספקות אין דער דיאגנאזע: טיפוס, און איז גענייגט געווען אנצונעמען, אז עס האנדלט זיך וועגן אן ערנסטער קראנקהייט פון די קישקעס (א געשווירקע אנטצינדונג פון דער שליימהויט פון מאגן און פון די קישקעס). די סיבות: די שלעכטע דערנערונג פון די לעצטע יארן, דער קלימאט פון טאשקענט. די לאגע פון דער קראנקער איז אנערקענט געווארן אלס ערנסט... די ידיעה וועגן ספירידאנאוואס געפערלעכן צושטאנד איז דערגאנגען אין אלע ערטער, ווו עס זענען געזעסן ל. ס. ר. אלעמען האט ארומגעכאפט אן אויפרעגונג און א גרעניץ. זיי האבן שטורמיש געפאדערט, מען זאל אנווענדן אלע מיטלען, כדי צו ראטעווען מארוסיאן פון דער סכנה. מען זאל זי אריבערפירן פון טאשקענט קיין מאסקווע. ווידער האט זיך ארויסגעוויזן, ווי ליב אלע חברים האבן ספירידאנאוואן.

אויך די רעגירונג איז געווארן אומרואיק. ווי תמיד, ווען ספירידאנאווא פלעגט זיך געפינען אין לעבנס־געפאר, איז די רעגירונג דערשינען אין לעצטן אויגנבליק, כדי צו פארהיטן דאס ערגסטע. טאשקענט האט זיך פארשטענדיקט מיט מאסקווע, — און עס איז געקומען דער באפעל: אריבערפירן תיכף ספירידאנאוואן אין דער הויפט־שטאט צו א מעדיצינישער אונטערזוכונג. אנהויב 1930 איז זי צוזאמען מיט איזמאילאוויטשן אריבערגע־

פירט געוואָרן קיין מאָסקווע. די פּראָפעסאָרן, איינגעלאָדן דורך דער רעגירונג, האָבן קאָנסטאַטירט ספּירידאָנאָוואַס שווערן צו־שטאַנד, האָבן אָבער געלייגט דעם טראָפּ אויף איר טובערקולאָז און פאַראָרדנט איבערצופירן זי קיין קרים. אויך איזמאַילאָוויטש, וועלכע איז פּרינציפּיעל תמיד געבליבן אין שאָטן, האָט זיך גע־נויטיקט אין אַ גרינטלעכע דערהאָלונג נאָך אַזויפיל יאָרן פאַרשי־קונג... ביידע חברטעס האָבן זיך געפרייט מיט דער רייזע. אין יענער געבענטשטער געגנט פון רוסלאַנד האָט זי דערוואַרט אַן אמתע דערהאָלונג, אַ היילונג. פאַר ספּירידאָנאָוואַ איז דאָס אוי־סערדעם געווען אַ באַגעגעניש מיט אַ ניי שטיק ערד פאַר איר, מיטן שוואַרצן ים.

יאַלטאַ, די שיינע שטאָט פון קרים, די נאַטור, די רו און די פלעגע איז זיי וווּיל באַקומען. זיי האָבן אָנגעהויבן גענעזן.

דער מלוכהשער אינסטיטוט פאַר טובערקולאָזע, וווּ ספּירידאָ־נאָוואַ און איזמאַילאָוויטש זענען איינגעאָרדנט געוואָרן, האָט זיי באַהאַנדלט ווי פּריוואַטע פּאַציענטן. ביידע האָבן געמוזט פון אייגענע מיטלען צאָלן דעם געוויינלעכן פּרייז. די רעגירונג, וואָס האָט יאָר־יערלעך געהיילט אויף איר חשבון צענער טויזנטער ראַטן־באַאַמטע, האָט נישט געהאַלטן פאַר גענוג וויכטיק אונטער־צושטיצן דיזאָזיקע צוויי רעוואָלוציאָנערינס. זיי האָבן געדאַרפט צאָלן 150 רובל אַ חודש פּראָ פּערזאָן, אַ חוץ די קאָסטן פאַר רפואות. ווו האָבן זיי גענומען דיזאָזיקע אומערגרייכבאַרע סומעס? די חברים אין לאַנד זענען נישט געווען בכח צו צאָלן אַזוי פיל און רעגלמעסיק. מען האָט זיך געמוזט ווענדן צו ספּירי־דאָנאָוואַס פריינט אין אויסלאַנד. אויך פון דאָרט איז געקומען דאָס געלט מיט גרויס מי. „דאָס אויפהאַלטן זיך אין קרים האָט אונזערע חברטעס געקזועלט דורך די שטענדיקע געלט־פאָדערונ־גען". — האָט אַ חבר געשריבן וועגן יענער צייט.

מיטן 1930 האָט זיך אין דייטשלאַנד געבילדעט אַ פּרויעק־קאָמיטעט „פאַר מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ", צו וועלכן עס האָבן גע־הערט קעטע קאָלוויץ, מאַריאַנאַ וועבער, מאַריאַ באָום, ריקאַרדאַ הוך. זיי האָבן זיך געווענדעט צו דער דייטשישער עפנטלעכקייט מיט אַן אויפרוף, ווו זיי האָבן געשריבן: „מאַריאַ אַלעקסאַנדראָוואַ

ספירידאָנאָווא, די העראָאישע קעמפערין קעגן צאַריזם, שמאַכטעט שוין פופצן יאָר אין די תּפיסות און פאַרוואָרפענע פאַרשיקונגס־ערטער פון ראַטנרוסלאַנד. אונטער די מאַכטהאָבער פון דער אַלטער און נייער מלוכה האָט זי מקריב געווען צענדליקער יאָרן פון איר לעבן פאַר דער באַפרייאונג פון איר פאָלק. איר געזונט איז איצט אַזוי צעשטערט, אַז זי איז נישט לאַנג צוריק געווען אין לעבנס־געפאַר. עס איז אַ געבאָט פון מענטשלעכקייט צו מאַכן דעם פרוּוו אָפּצוראַטעווען די העלדישע פרוי פון אונטערגאַנג. זי זאָל וויסן, אַז מענער און פרויען פון פאַרשידנאַרטיקער פּאָליטישער איינשטעלונג, דערשיטערט דורך איר טראַגיש לעבן, ווילן מאַכן אַ פרוּוו איר צו העלפן". דער אויפרוף האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער עפנטלעכקייט פון אייניקע לענדער. מאַריאַנאַ וועבער, די באַקאַנטע דעמאָקראַטישע שריפטשטעלערין, האָט אין דערזעלבער צייט פאַרעפנטלעכט אַ רוף צו דער „קולטור־וועלט", וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט פאָלגנדע ווערטער: „מאַריאַ ספּירידאָנאָווא וואָלט לייכט געקאָנט שאַפן פאַר זיך אַן אַנדער גורל, זי וואָלט בלויז געדאַרפט געבן איר הסכּם צו די הערשאַפטס־מעטאָדן פון די הייַנטיקע רוסישע מאַכטהאָבער. דאָס, וואָס זי טוט עס נישט נאָך דעם אַלעם, וואָס זי האָט דורכגעליטן, דאָס, וואָס זי בלייבט טריי איר באַזונדערן עטאָס און איר אידייע פון סאָציאַליזם, — איז אַ באַווייז פון מענטשלעכער גרויסקייט און ריינקייט פון זעלטענעם פאַרנעם"... און העריעטע ראָלאַנד־האָלסט, האָלאַנדס גרויסע דיכטערין און רעוואָלוציאָנערין, וועלכע האָט נאָך אין 1906 פאַרפאַסט געדיכטן לכּבוד ספּירידאָנאָוואַן, האָט פאַרעפנטלעכט אַ וווּנדערבאַרן אַרטיקל. „...ספּירידאָנאָווא איז סימבאָל פון אַ גענעראַציע מסירת־נפשדיקע קעמפער, וועלכע זענען יעדע מינוט גרייט געווען צו גיין אין טויט אַריין. סימבאָל פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אויך אַלס פויערים־רעוואָלוציע, וואָס האָט געדינט אַלס תּחית־המתים פאַר יאָרהונדערטער־לאַנג אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע מאַסן. אויך דער סימבאָל פון אַ סאָציאַליזם, וואָס ניט געקוקט אויף זיינע שוואַכקייטן אין געוויסע הינזיכטן, פאַרקערפּערט ער דאָס טיפסטע און העכסטע שטרעבן פון דער רוסישער פאָלקס־נשמה". ראָלאַנד האָלסט האָט פאַרעפ

דיקט איר אַרטיקל מיט אַ מאָטיקאָ ווידוי: „ליבע און פאַרערונג צו די רוסישע העלדינס, פאַר ברעשקאָווסקאַיאַן, ווערא פיגנער, ספּי־רידאָנאָוואַן האָט אָנגעפילט מיין האַרץ זייט די טעג פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. אין מיין „יום־טוב פון זכרון" געפינט מען שורות, אין וועלכע איך האָב געפרוווט איבערגעבן אַנדערע עפּעס פון יענער ליבע און פאַרערונג....

לײדער אָבער האָב איך נישט געקענט אַרויסגעוויזן דיזאַזיקע געפילן. אין יולי 1921 האָט זיך ספּירידאָנאָוואַ געפונען אין תּפיסה־שפּיטאָל אין מאָסקווע. איך גופא בין דאָרט געווען אַלס דעלעגאַט אויפן 3־טן קאָנגרעס פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. וועגן די שרעקלעכע באַדינגונגען פון איר אַרעסט האָב איך גאָרנישט נישט געוווסט, כ'האָב אָבער יאָ געוווסט וועגן דער געפאַנגע־נשאַפט גופא. מען האָט צו מיר אַפּעלירט, איך זאָל זיך משתדל זיין ביי טראָצקין וועגן באַפרייען זי. איך האָב דאָס אויך געוואָלט טאָן, אָבער שוואַכקייט און מורא פאַר מענטשן האָבן מיך אָפּגע־האַלטן דערפון, יעדנפאַלס האָב איך דאָס נישט געטון מיט יענער אַנטשידנקייט, וואָס איז דאָן און דאָרט נויטיק געווען....

איך האָב זיך דערמאָנט אין דערהאַזיקער שוואַכקייט ביים לעזן וועגן די מאָראַלישע טאָרטורן, וואָס די טויט־קראַנקע קעמ־פערין האָט געהאַט אויסצושטיין אין דיזעלבע וואָכן, ווען מיר, די אַנדערע, זענען אַרומגעלאָפן שטאָלץ און זעלבסטזיכער איבער די זאַלן פון צאַרישן פּאַלאַץ אין קרעמל. דאַן האָב איך דערקענט מיט טיפער חרפּה, וואָס פאַרא טרויעריקע „באַוווסטזיין־פאַרענ־גונג" די פּאַרטיי־דיסציפּלין האָט אַרויסגערופן אויך ביי מיר".

* * *

דאָס אויפהאַלטן זיך אין יאַלטאַ איז ספּירידאָנאָוואַן וויל באַקומען. „עס שיינט, — האָט זי געשריבן, — אַז מיין געזונט־צושטאַנד ווערט בעסער, הגם איך שפּיר דאָס נאָך נישט אַזוי שטאַרק. ביי יעדער אונטערזוכונג שטעלט מען פעסט ווייניקער באַ־ציל. איך פאַרליר נישט מער אין וואָג, אָבער איך אָטעם נאָך מוזט שיידן פון איזמאַילאָוויטשן. איזמאַילאָוויטש האָט פאַר קיין פאַל מער נישט געוואָלט בלייבן אין קרים. איך האָב מיך שוין אויסגעשלאָפן, כ'האָב זיך אויסגערוט, כ'בין מער נישט מיד, —

האָט זי דערקלערט דער חברטע. אינדערעמתן האָט זי מער נישט געוואָלט מען זאָל פאַר איר באַצאָלן אַזוי פיל געלט. מיטן יונג האָט זי זיך אומגעקערט קיין טאַשקענט אין פאַרשיקונג. ספּירידאָנאָוואַ האָט זי איבערגעלאָזן אין יאַלטאַ מיט דער האָפענונג, אַז זי וועט שוין מער נישט געצוווּנגען זיין אומצוקערן זיך אין געפערלעכן טאַשקענט. מען האָט געהאָפט צו קענען אויספּועלן ביי דער מאַכט, אַז ספּירידאָנאָוואַ מיט איר קליינער פאַמיליע זאָלן קאָנען וווינען אין אַ צענטראַל־רוסישער שטאָט, ווו זיי זאָלן קענען פאַרדינען אויפן לעבן און איבערטראָגן דעם קלימאַט. ספּירידאָנאָוואַ האָט זיך וווּיטער געהיילט, אירע געדאַנקען אָבער זענען תמיד געווען ביי אירע פריינט אין טאַשקענט. „סאָניאַ רייזט „אַהיים". מיך פאַרהאַלטן די דאָקטוירים. דאָס אַלץ קאָסט שווער געלט, מען האָט שוין אַזוי פיל פאַר מיר אויסגעגעבן. דאָס פאַרשאַפט מיר אַזויפיל זאָרג און אויפרעגונג, אַז עס ווירקט אַפילו אויף מיין אָביעקטיוון צושטאַנד. איך ווער גרויער פון טאָג צו טאָג. פון אונזער קליינער פאַמיליע איז מאַיאָראָוו פאַרבליבן דער איינציקער פאַרדינער. איך בין זייט 10 חדשים אויסגעשלאָסן פון דערדאָזיקער ערנהאַפטער קאַטעגאָריע... אין טאַשקענט איז אַלץ ביים אַלטן.... אירא לאַנגוויליקט זיך אַן אַרבעט און שטייט אין די רייען.... באַזונדערס פאַרמאַטערט דאָס שטיין נאָך נאַפט. מען שטייט צוויי טעג נאָכאַנאַנד. דאָ נישט לאַנג האָט מען מיט אַ נאַפט־קאַן געטויט אַ פרוי. אָט ווי אוממענטשלעך מען ווערט אין דער ריי, אָט ווי זאָאָלאָגיש עס איז געוואָרן דאָס לעבן". ספּירידאָנאָוואַס אַלע בריוו זענען פול צערטלעכקייט צו די ביידע חברטעס. זי באַוווּנדערט זיי און טרויערט אויף זייער גורל.

„סאָניאַ טיילט מיט איראַן איר גורל. זי און סאָניאַ זענען אמתע טאַלענטן אויפן געביט פון פּעדאַגאָגיק, זיי שאַפן וווּנדער מיט די קינדער. צו סאָניאַן, קיין סאַמאַרקאַנד, זענען געקומען אויף באַזוך אירע שילער, מיט וועלכע זי האָט געלערנט אין 1900 אין טורקעסטאַן. בעררדיקע חתונה־געהאַטע מענער מיט זייערע קינדער... בעת אונזערע לעצטע יאָרן אין סאַמאַרקאַנד האָבן זיך די שילער אַזוי צוגעבונדן צו איר, אַז דריי פון זיי זענען געפאָרן קיין טאַשקענט זי באַזוכן. מיט די קינדער ווערט זי גופא אַ קינד, און

דערמיט דערקלערט זיך די קראַפט פון איר השפעה... און ווי הערלעך האָט אירא געאַרבעט אין קינדערהיים פון סאַמאַרקאַנד, ביז מען האָט זי, נאָך א יאָר אַרבעט, רעדוצירט. אין דאָזיקן יאָר האָט זי פון די היימלאָזע קינדער, פון מערדער און גנבים, פון כוליגאַנעס און אַנאַשיסטן (עפּעס ענלעכס צו אָפּיום־רויכערער), געמאַכט א שיינע געמיינשאַפט פון קינדער, וואָס זענען זעליש געזונט, דיסציפּלינירט, פול מיטן באַגער צו לערנען... עס איז זייער טרויעריק, וואָס אירע לעבנס־באַדינגונגען זענען אַזעלכע, אַז אַפילו איר דאָזיקער טאַלענט קאָן זיך נישט אויסלעבן. איצט בענקט זי, ווי נאָך קיינמאָל נישט, נאָך גייסטיק לעבן, אָבער לייענען קאָן זי קוים נאָר ביינאַכט, ווען זי איז שוין אינגאַנצן אויסגעשעפּט, — און דאַן שלאָפט זי איין, זיצנדיק ביים טיש’’.

אין יוני (1930) זענען ספּירידאָנאָוואַס בריוו געווען רואיק און פול מיט האָפענונג. „די פריינט פון טאַשקענט — האָט זי געשריבן — פאַרווערן מיר קאַטעגאָריש זיך אומצוקערן אַהין. דאָרט בושעוועט אין דאָזיקן חודש אַן עפּידעמיע פון קראַנקהייטן. דאָ לייד איך... א סך זעלטענער, נאָר דאַן, ווען איך קאָן נישט האַלטן די דיעטע צוליבן דערנערונגס־קריזיס. דעריבער האָף איך, אַז איך וועל מער נישט מוזן אומקערן זיך קיין טאַשקענט, כּדי צו באַקומען נייע ווערים אין די קישקעס, נאָר איך וועל קאָנען פאַרבלייבן ערגעץ אין רוסלאַנד. הגם עס איז מיר א שאָד צו שיידן זיך פון אַזיע. סאַרא סך אָפּענעם און פאַרבאָרגענעם צויבער עס פאַרמאָגט נאָך דאָס דאָזיקע לאַנד! קרים ווייזט אַרויס א סך מער קרובישע שטריכן מיט רוסלאַנד, ווי מיטלאַזיע, הגם אויך קרים פאַרמאָגט איר אייגענע עקזאָטיק און זייער א סך איסלאַמישעס.

...דער אויבער־דאָקטאָר האָט מיך אונטערזוכט, גיט מיר האָפענונגען, אַז אויך די לונגען וועלן באַלד זיין אין אָרדנונג. „איר זענט אַזוי שווער קראַנק געווען, די גענעזונג קאָן נישט געשען אַזוי שנעל’’. אָבער די נייע פאָטאָגראַפיע האָט געוויזן, אַז די פאַנאַנדערלייגונג קומט ווייטער פאָר. עס שיינט, אַז די פילגערימטע גענעזונג וועט אַזוי שנעל נישט קומען’’. ספּירידאָנאָוואַ האָט מיט פולער קראַפט גענאָסן די שיינקייט פון דער נאַטור. „דער וועטער איז תּמיד וואַרעם. דער רעגן פרישט אָפּ די ערד. דער ים פונקלט

בלוי און זילבערן, מיט אַלע מעגלעכע פאַרבן און שאָטנס. די בערג און דער הימל ליציטירן זיך מיט אים אין שיינקייט. ביינאַכט, אין שיין פון דער לבנה ווערט דאָ אַלץ אַזוי צויבערהאַפט, אַז מען קאָן נישט איינשלאָפן. מיר שלאָפן אויף דער וועראַנדע און איך פאַרליר אָפט דעם שלאָף, ווען איך קוק אַריין אין דער צויבערלעכער נאַכט און הער דאָס דומפע רוישן פון די בלעטער און פון ים״.

אָבער אין אויגוסט איז ספּירידאָנאָווא אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַן אומרואיקייט, וואָס איר סיבה איז לייכט איינצוזען. זי וועט ווידער מוזן פאָרן קיין טאַשקענט. ,,...מיינע פריינט בעטן מיך רחמים נישט צוריקצוקערן פאַרן סוף הארבסט. דאָרט אין טאַשקענט איז אַ היץ, אַ שטויב און אַ עפּידעמיע פון געדערים־קראַנקהייטן. די היגע דאָקטוירים האַלטן פאַר נויטיק, איך זאָל בלייבן דאָ, לכל־הפּחות, ביזן 1־טן נאָוועמבער. די היץ דאָ (32 אין שאָטן) ווירקט שלעכט אויף מיר: טעמפּעראַטור 38 בלוטשפּײַען און ווידער באַ־צילן 4—6—10. דערפון מאַך איך אַן אויספיר, ווי אַזוי עס וואָלט אויף מיר געווירקט די היץ אין טאַשקענט, וווהין מען האָט מיך אויפגעפאָדערט זיך אומצוקערן אויף נאָך אַ יאָר. דאָסדאָזיקע איין יאָר איז ביי אונז זייער אַ לאַנגס, עס ציט זיך שוין זייט 1925״...

די שווערע האַנט פון רעזשים האָט זיך ווידער געלייגט אויף ספּירידאָנאָוואַן, ווי אַ משא... מען האָט זי צוריקגעבראַכט קיין מאָסקווע. אַן אומדערוואַרטע כוואַליע פאַרפאָלגונגען האָט אַ פלייץ געטון קעגן אַלע סאָציאַליסטן. ספּירידאָנאָווא איז, פּונקט ווי קאָמ־קאָוו, אַריינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה. זי איז אַ צייט לאַנג גע־בליבן זיצן אין מאָסקווע, — און דאַן פאַרשיקט געוואָרן קיין אופאַ. דאָ האָט זי געטראָפן אירע ליבסטע פריינט: איזמאַילאָוויטש, קאַכאָווסקאַיאַ און מאַיאָראָוו. אַנשטאָט טורקעסטאַן — אוראַל. דאָ זענען זיי געהאַלטן געוואָרן אין ,,פרייער״ געפאַנגענשאַפט, פול־שטענדיק אָפּגעשניטן פון זייערע דרויסנדיקע פריינט. אויף וויפל יאָר? ווער ווייסט? זייט טאַשקענט זענען פאַרגאַנגען די יאָרן: 1929, 1930, 1931, 1932, 1933, 1934, 1935. פאַר ספּירידאָ־נאָוואַן איז דאָס יאָר 1935 דאָס פופצנטע יאָר פון איר צווייטן מאַרטיריום.

* * *

באַטראַכט מען ספּירידאָנאָוואַס לעבן אין זײַן גאַנצער פולקייט און פאַרשידנאַרטיקייט, מוז מען נישט־ווילנדיק שטעלן די פראַגע: איז דאָס דראַמאַטישע לעבן אַ לעגענדע אָדער אַ ווירקלעכקייט?

איז דען נישט קיין לעגענדע אַ מענטשלעך לעבן, וואָס וויקלט זיך דראַמאַטיש פאַנאַנדער אין משך פון 80 יאָר? אַ לעבן, ווו טריאומף און מאַרטירויום בײַטן כסדר אָפּ איינס דאָס צווייטע?

צו 20 יאָר — דער ערשטער גרויסער קרבן פאַר דער רעוואָלוציע. דאָן די איבערמענטשלעכע ליידן, דאָס שטאָלצע אויסהאַלטן. דאָן — די לײַדנשאַפטלעכע באַוווּנדערונג און בענטשונג מצד די מאַסן, דאָס פאַרשווינדן אין דער קאַטאָרגע. עלף יאָר שווײַגן און אָפּשטאַרבנדיקן פיזישן לעבן. דאָן — אויסלייזונג פון דער קאַטאָרגע, — ספּירידאָנאָוואַ וואַרפט זיך אין ברויזנדן ים פון דער רעוואָלוציע. איר וואָרט טראָגט זיך ווײַט, פון די העכסטע טריבונעס פון לאַנד, צו די מאַסן פון אייגענעם פאָלק, צו דער וועלט. דאָן אָקטאָבער 1917, די פּויערים־קאָנגרעסן, זייער פאַרשמעלצונג מיטן פּראָלעטאַריאַט אין סמאָלני. דער טרוים פון איר לעבן איז פאַרווירקלעכט. ווי מען פײַערט זי אויפן 3־טן ראַטנקאָנגרעס פון די אַרבעטער און פּויערים! עס ווערט פּראָקלאַמירט די עוזר־סאָציאַליזאַציע!... און דאַן — דער פּלוצלונגער פאַל! דער אַרעסט אין קרעמל. געכטן נאָך איינע פון די ערשטע אין לאַנד, היינט אין דער מאַכט פון דער וואַך. באַפרייאונג, מיטינגען, ליידן פון אָנמעכטיקייט, ווידער אַרעסט. דאָס אַנטלויפן פון קרעמל. אומצאָליקע חדשים פון צעשטערנדיקן אומלעגאַלן לעבן, געהעצט און געיאָגט דורכן רעזשים. דאַן — ענדגילטיקע געפאַנגענשאַפט. קראַנקהייטן און טויט ־ נאָנטקייט. און דאַן ווידער ענדלאָזע יאָרן פון שטומקייט און אָרימען לעבן. איז דען נישט וווּנדערבאַר, וואָס דער גייסט פון דאָזיקן מענטשן בלײַבט לעבעדיק?

און דאָך איז דאָס דאָזיקע לעבן — רעאַליטעט, רעאַלער פאַר אַ סך אַנדערע אין דער וועלט. ספּירידאָנאָוואַ איז אַלט 50 יאָר, מיר הערן אירע ווערטער, מיר זעען איר פּנים. ווי אַנדערש עס דערשײַנט איר פּנים אויף די פאָטאָגראַפיעס פון 1906 און 1930. און דאָך איז דאָס דערזעלבער מענטש, וועלכן מיר קענען זײַט

1906 און באַריסאָגלעבסק. אַ דירעקטע נישט איבערגעריסענע ליניע פירט פון יענער מאַרוסיאַ צו מאַריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ ספּירידאָנאָוואַ פון אונזערע טעג. ווי דאַן, ווי אין אַלע יאָרן פון קאַמף, איז זי אינערלעך אומפאַרענדערט, אומקאָמפּראָמיסלעך - שטרענג אין פליכט, אומבויגזאַם - שטאָלץ, מענטשנפריינטלעך און לעבנספרידיק און פול מיט גלויבן אין דער אידייע. אין 1906 האָט זי געשריבן פון תפיסה אין טאַמבאָוו צו אירע חברים: „איך קאָן זייער אַ סך אַריבערטראָגן, איך האָב נישט מורא פאַר קיין פּיין און נויט... ווייסט איר דען נישט, אַז איך געהער צו יענע, וואָס לאַכן אויפן קרייץ? איך וועל לאַכן אויך אין דער קאַטאָרגע־תפיסה. מען ליידט דאָך פאַר אַן אידייע, און די אידייע איז אַזוי הערלעך, אַזוי דערהויבן, אַז אַלע פּערזענלעכע עמפּפינדונגען ווערן בלאַס לגבי איר". די דאָזיקע ווערטער זענען גילטיק פאַר ספּירידאָנאָוואַן איר גאַנץ לעבן.

* • *

ספּירידאָנאָוואַ איז נישט איינזאַם אין לאַנד פון דער רוסישער רעוואָלוציע. זי איז אַרומגערינגלט דורך העלדן, מענער און פרויען, וועלכע זענען מקריב זייער לעבן און פרייהייט מיט דער טיפסטער איבערצייגונג פאַר דער גרויסער זאַך פון דער מענטשהייט. אין דאָזיקן בוך האָט פאַר אונז פאַרביימאַרשירט אַ מחנה ל. ס. ר. קעמפער. מיר האָבן זיך באַקענט מיט איזמאַילאָוויטש און קאַכאָווסקאַיאַ, קאַמקאָוו און מאַיאָראָוו, פּראָשיאַן און דאָנסקאָי, יעליסעיעוו און גאַלאָווינאַ, סטעפּאַנאָוו און ראַיעווסקאַיאַ; אַרבעטער, פּויערים, אינטעליגענטן; אַלטע און יונגע, לעבעדיקע און טויטע. אין די דאָזיקע אַלע מענטשן איז געווען און עס איז פעסט פאַרוואָרצלט דער גייסט פון עכטן סאָציאַליזם, ד. ה. דער גייסט פון דער רעוואָלוציע און הומאַניטעט. דאָס העלדנטום פון די דאָזיקע מענטשן איז נאָך גרעסער צוליב דעם, וואָס זיי ווערן קוים פאַרשטאַנען דורך די אַרבעטס - ברידער אין אויסלאַנד, וואָס זיי מוזן קעמפן איינזאַם אויפן ברייטן פעלד פון אינטערנאַציאָנאַל. אינמיטן פון די דאָזיקע מענטשן שטייט ספּירדאָנאָוואַ.

אין רוסלאַנד אָבער שטייען אויך די דאָזיקע העלדן נישט איינגאַנצן איינזאַם. ביי זייער זייט קעמפן — יעדערער אויף זיין

אַרט און אופן, אָבער נישט ווייניקער דרייסט — די אַנדערע סאָ־ציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע ריכטונגען. אויך זיי ברענגען די שווערסטע קרבנות, אין משך פון לאַנגע יאָרן, פאַר זייער אידייע. נאָך מער: די רוסישע רעוואָלוציע קען נישט נאָר אײַנצלנע הע־ראָישע געשטאַלטן, נאָר אויך אומצאָליקע העלדישע מאַסנמענטשן. די דאָזיקע מאַסנמענטשן אין שטאָט און דאָרף טראָגן אין זייער האַרץ זייער וויזיע פון באַפרייאונג און קאַפּיטולירן נישט פאַר דער הערשנדער מלוכה. פאַר וויפל נסיונות דאָס ראַטנלאַנד שטעלט זיי אוועק! צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע קאָן דער פּראָלעטאַר־יער און דער פּויער, דער קליינער פאָלקס־מענטש, פאַרנעמען די בעסטע פּאָזיציעס. ער קאָן ווערן מעכטיק און געזיכערט, קאָן באַ־פוילן, הערשן איבער אַנדערע. ער מוז זיך בלויז אונטערוואַרפן דער הערשנדער סיסטעם, ער מוז זיך אָפּזאָגן פון געוויסע זאַכן, וואָס ביי אים איז דאָס מאָראַל און אמת. און די דאָזיקע שוועל, וואָס פירט זיי צו מאַכט און וווילשטאַנד, ווילן טויזנטער און אָבע־טויזנטער אַרבעטס־מענטשן אין ראַטנרוסלאַנד נישט אריבער־טרעטן. זיי פאַרבלייבן ליבערשט אין דער מאַסע פון די מיליאָנען אונטערטאַנען און טראָגן מיט הערָאישער באַשיידנקייט זייער שווערן גורל. זענען דען די דאָזיקע אַנאָנימע מענטשן אין לאַנד פון יאָרהונדערט־לאַנגער שקלאַפעריי נישט קיין העלדן?

זענען די דאָזיקע אַלע מאַסן און רעוואָלוציאָנערן בלויז צו־פאַל־דערשיינונגען, וואָס קאָנען נישט אָפּפרעגן די רעאַליטעט פון באָלשעוויזם? ניין. דאָ קומען צום אויסדרוק סטיכישע כּחות פון פאָלק קעגן אַ מלוכה, וואָס זענען פּונקט ווי זי — רעאַליטעט. די דאָזיקע מלוכה מעג אויסאַרבעטן און דורכפירן פינפיאָר־פּלע־נער. זי מעג שאַפן אינדוסטריע־גיגאַנטן, ווי דניעפּרבוי און מאַגניטאָגאָרסק, זי מעג שאַפן הונדערט־טויזנטער אויפגעצוווּנ־גענע „קאָלכאָזן” (קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן). די דאָזיקע מלוכה מעג זיין געפּאַנצערט אין שטאָל און אייזן. דאָך בלייבט אומבאַ־צווינגבאַר די סטיכישע קראַפט פון פּראָטעסט, וואָס לעבט און ווירקט אין די מאַסן. זיי זעען, ווי דאָס פאָלק לעבט ווייטער אין אָרימקייט און עלנט, זיי פילן יעדן טאָג ווי עס ווערט פאַרניכטעט שעפערישע פרייהייט און סאָלידאַריטעט. און זיי שטעלן אַ ווי־

פערשטאנד דער דאזיקער סיסטעם — אין נאמען פון זייער וויזיע וואס האט אין אקטאבער 1917 געהאלטן אין ווערן ווירקלעכקייט.

ספירידאנאווא איז דער סימבאל פון די דאזיקע עלעמענטארע כחות פון רוסישן רעוואלוציאנערן פאלק. זי האט אריינגעבראכט אין דער רעוואלוציע דעם גייסט פון גערשוני און סאזאנאוו. א דאנק איר און איר באוועגונג איז ער געבליבן לעבעדיק אויף אין דעם נייעם צייטאלטער פון דער רעוואלוציע. מיטן דאזיקן גייסט אטעמט אויך דער בריוו, וועלכן זי האט נאך דא־נישט־לאנג געשיקט צו די פרויען אין אויסלאנד. דאס איז גלייכצייטיק איר רוף צו דער גאנצער וועלט.

„...איך האב תמיד געטראכט: סאציאליזם און פעלקער־פאר־ברידערונג וועלן ערשט דאן ווערן א פעסט - פארוואָרצלטע פאלי-טיש - ווירטשאפטלעכע רעאליטעט מיט נייע לעבנס - פארמען, מיט א נייער פרייער מאראל, — ווען די פרויען וועלן אין א סך א גרעסערער צאל, ווי ביז איצט, זיך אנשליסן אין דער סאציא-ליסטישער באוועגונג און זיי וועלן די רעוואלוציע שטעלן העכער פאר אלץ.

אין מיין יוגנט - צייט האט מיין סרעדא איינגאנצן באזירט אויף אן אידעאליסטישער איינשטעלונג, וואס איר גרעסטער טייל איז נאטירלעך געווען א געפילסמעסיקער. אין רייפערן עלטער טרעט ארויס אין דער באגרינדונג אלץ דייטלעכער און אינטענסיווער דער וויסנשאפטלעכער מאמענט. די נעגאציע פון יענע אלע באַ-דינגונגען, פון וועלכע עס אנטשטייען מלחמות. מיין פארשטאנד (און אויך אלע מיינע געפילן) עמפערן זיך קעגן א לעבנס - סדר, וואס מוז פירן, דורך זיין גאנצער אנטוויקלונג, צו מלחמות און אונטערדריקן די שוואכערע.

ווען מען פאלגט נאך פון דאנען, לויט אונזערע צייטונגען, די וועלט - געשעענישן, האט מען דאס געפיל, אז אויף אלע פונקטן פון דער ערד וואקסט אומהיימלעך די גרויזאמקייט, אז אומעטום הערשט א פאר - שטורעם - פארנעקייט, אז גלייכצייטיק מיט די הארמאטן זענען גרייט א לאז צו טאן זיך אין קאמף חיהשע אינסטינקטן. די נאציאנאלע קאמפן, די קלאסנקאמפן און אלע אנ-דערע קאמפן שפילן זיך איצט אפ אומעטום אין פארמען פון אוי-

סערסטער אוממענטשלעכקייט. איז דען מעגלעך, אז אפילו דאָס
זאָל נישט אויפוועקן די פרויען פון זייער דרימל און זיי נישט
טרייבן צו שטעלן זיך אין די פאָדערשטע רייען פון די צוקונפטי
פיאָנערן? די רעדער פונם געשיכטע - מולך צעקוועטשן דאָך זייע
רע קינדער, מענער און ברידער. אַך, ס׳איז שוין לאַנג צייט, אַז די
פרוי זאָל דערוואַכן און זיך אַ וואָרף טון אין געדיכטסטן פלאַנטער
פון מענטשלעכע קאַמפן, ליידנשאַפטן און ליידן, פון שמוץ און
בלוט, — אָבער מיטן אומבאַצווינגלעכן ווילן צו זיגן, מיטן אומ
שטילבאַרן שטרעבן גובר צו זיין...״

# אינהאלט:

## באנד III.

### מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ אונטערן באָלשעוויזם: